# MITNNACHT IN VARSHE

Shea Tenenboym

•





שיע טענענבוים

# מיטנאַנאַכט אין וואַרשע

דערציילונגען
עסייען
זכרונות

פאַרלאַג „ציקאָ", ניו־יאָרק

# SHEA TENENBAUM
# MIDNIGHT IN WARSAW
ESSAYS
STORIES
MEMOIRS

**Address of the author:**
Shea Tenenbaum
45-35 44th Street
Long Island City, N.Y. 11104
U. S. A.

מען קען דאָס בוך באַשטעלן ביים:
„ציקאָ" ביכער־פאַרלאַג:
CYCO Publishing House
and Distribution Center
25 East 21th Street
New York, N.Y. 10010

דאָס שער־בלאַט האָט געצייכנט דער
וועלט־באַרימטער סקולפּטאָר און מאָלער
חיים גראָס

ניו־יאָרק, 1987

# מירעלעס קופערט

איך דערמאָן זיך ווי אַרום פרילינג־צייט, מיטן אָנפלי פון די באָטשאַנעס מיט זייערע לאַנגע שנאָבלען און הויכע פיסלעך, פלעגט מיין שוועסטער מירעלע עפענען די אייזערנע דעק פון דעם שווערן און מאַסיוון קופערט. אַ גאַנץ יאָר האָב איך מיט מיינע פינגערלעך אָנגעקלאַפּט אין דעם אייזערנעם בלעך פונעם קופערט וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרצייטישער געקאָוועטער קאַסטן פון פיראַטן אין וועלכן עס זיינען געלעגן פאַרבאָרגן די אָנגערויבטע אוצרות פון באַזיגטע שיפן אויפן ים, אין וועלכע קעניגינס און פרינצעסינס זיינען געפאָרן איידער די שיפן זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן פון די ים־רויבערס. איך האָב געהאַט אַ קינדישע נייגיריקייט צו וויסן וואָס אַזוינס עס געפינט זיך אינעם קופערט, איבער וועלכן מירעלע פלעגט אויסשפּרייטן אַ פּרעכטיקן טישטוך אָדער אַ קאָלדערע צי גאָר אַ גאָבעלין, וואָס איז געווען צוזאַמענגענייט פון די שטיקלעך סחורה וואָס פלעגט אָפּפאַלן פון זינגערס ניי־מאַשינען, בשעת מיינע ביידע עלטערע שוועסטערן מירעלע און חיהלע האָבן פאַרטיק געמאַכט די מלבושים פאַר די ווייבער און דינסטמיידלעך פון שטעטל פילעוו. איך פלעג אָנקלאַפּן אין דעם אייזערנעם קופערט מיט דער האָפענונגלאָזיקייט פון אַ נאָענטן מענטש וואָס קלאַפּט אָן אין אַ קבר און ער גראָבט זיך איין מיט זיינע הענט אין דער ליימיקער ערד, רירט אָן דעם קאַלטן גראַניט פון דער מצבה און האָט אַ פאַרלאַנג אָנצוטאַפּן דאָרט די ביינער און גלידער פון דעם געליבטן מענטש...

אָבער בלויז איין מאָל אין יאָר, געווני אין דעם חודש אַפּריל, ווען די יידישע הייזער און היימען ווערן געקאַלכט; ווען די טאָפּל־פענצטער ווערן אַראָפּגענומען און אַריינגעשטעלט אויפן גאַנצן זומער אין דער ספּיזשאַרקע (זייטיקער קאַמער); ווען די פאָרהאַנגען ווערן געוואַשן און אויסגעהאָנגען אויפן היימישן פּלויט כדי די זון זאָל זיי אויסטרוקענען; און ווען די פענצטער ווערן ברייט אויפגעפּראַלט צום פרייען, פרישן און לופטיקן דרויסן; ווען דער טאַטע שטעלט אַרויס זיינע ספרים צום איבערלופטערן זיך, פלעגט מירעלע עפענען דעם קופערט וואָס האָט געהערט בלויז צו איר אַליין, ווי איר פערזענלעכער אוצר. זי האָט זיך נישט געאיילט. זי האָט עפּעס אַזוי ווי טיף הנאה געהאַט פון דער פאַוואָליעדיקער אָפּעראַציע. פון אינעווייניק האָט היימלעך אַ שלאָג געטאָן דער ריח פון נאַפטאַלין. ווי אַ דינער שניי איז דער נאַפטאַלין געווען אויסגעשפּרייט אויף די זאַכן אַזוי ווי צעהאַקטער קרישטאָל אָדער ווי דראָבנע שטיקלעך זאַלץ. דורכן אָפענעם פענצטער האָט ברייט אַריינגעלויכטן די זון, די נייע זון פונעם נייעם יאָר, און האָט אַוועקגעשטעלט אין שטוב אַ דורכזיכטיקן קאָלום פון געפוצטע זילבערנע

אַטאָמען, ווען מען האָט גרינג געקענט זען און עס איז טאַקע געווען שווער אַוועקצוכאַפּן די אויגן פון דעם צויבערהאַפטן זייל מיט קליינינקע טיילן ליכט וואָס האָבן זיך אינערלעך באַוואויגן ווי אין אַ טאַנץ. דער פרילינג האָט איידל אויפגעשפילט זיין ליד אויף מירעלעס שמאָלע און בלייכע הענט. די ווייבלעך־סענסיטיווע פינגער אירע האָבן געציטערט פון אינערלעכער אויפרעגונג... עס האָט אַזאַ יינג און אָרעם יידיש מיידל דאָ ברייט געעפנט איר גאָלדענעם חלום, דאָס זייד פון אירע אינטימע פאַרלאַנגען, דעם שטילן ציטער פון אירע פאַרבאָרגענע ווייבלעכע האָפענונגען. די גאַנצע הייליקע וועלט פון געפילן, פון ליבע און פון אירע ראָמאַנטישע דערוואַרטונגען. איך האָב זיך צוקוקנדיק פון אַ ווינקל אויס, איינגעהאַלטן דעם אָטעם. איך האָב שטילערהייט אָבסערווירט ווי אַזוי מירעלע ציילט און צערטלט דעם דינעם שטאָף פון אירע קליידלעך; די איידעלע בלוזקעס פון אַ פיינעם געניייעכץ; דאָס דינע און שניי־קלאָרע וועשוואַרג; די שפּיצערייען און דאָס זיידנוואַרג; דאָס געלע און האַלב־אויסגעקראָכענע גאָלד פון עפּעס אַן איינגעדרימלט חיהש פוטערל וואָס האָט נאָך טיף געחלומט דעם גייסט פון וואַלד, די הויכע בוימער פול באַזעצט מיט פייגל, שמעטערלינגען און כלערליי אינזעקטן, און דאָס רוישן און מורמלען פון די בלעטער. דאָס מיידלשע אָרעמקייט האָט דאָ רייך אויפגעשטראַלט מיט פּאָעזיע. דאָס אומעטיקע און נאָבעלע קבצנות האָט דאָ שטיל און ציכטיק געבלענדט ווי אַן אמתער אוצר אין דעם חלום פון אַ מיידל וואָס שלאָפט און פאַנטאַזירט אינמיטן נאַכט, אין דעם אָפּשיין פון אַ גאָלדענער לבנה, וואָס לויכט ווי בגנבה אַריין דורך די שויבן פון די פענצטער...

מירעלע האָט יעדעס מאָל אַרויסגענומען פון דער טיפעניש אָדער פונעם תהום פון דעם קופערט אַ קעניגלעך קלייד ווי פון אַ לעגענדאַרער מלכה; אַ צוגעוויאַנעט מלבוש מיט פּערלמוטערנע קנעפּ און אַזעלכע ליכטיקע ווי פּערל אין זייער געהיימער העלקייט; אַ דין ווייבעריש העמדל אָן אַרבל אויף צו פאַרפעסטיקן מיט דראָטענע העקעלעך; אַ שעמעוודיקע גרינע האַלקע פון איידעלן סאַמעט; אַ לייוונטענעם סטאַניקל; אַ גאָרסעט מיט פישביין צו קאָנטראָלירן די פיגור פונעם מאָדעל; אַ חנעוודיק היטעלע פון אַזאַ מין מיסטעריעזן רויטלעכן פוטער וואָס איז געווען פאַרשטאָכן מיט גילדערנע בראָשקעס וואָס זיינען נישט געווען צוגעוואוינט צום שאַרפן ליכט פון דער ערב פסחדיקער זון. זי האָט ציטערנדיק אָנגערירט זיידענע נאָז־טיכלעך מיט מאָנאָגראַמען און האָט איצט ווידער אָנגעמאָסטן די ווייכע הענטשקעס פון זעמשענער לעדער. יאָ, עס איז אַלץ דאָ געווען זאָרגפעלטיק איינגעפּרעסט און כמעט ווי באַלזאַמירט פאַר אַ יאָר טויזנט לאַנג... דורך אַ גֿעטרייער האַנט איידל און ציכטיק אַוועגעלייגט און כמעט פאַרבאָרגן פאַרן גליקלעכן מאָמענט ווען דער וואויל־באַשערטער זיידענער יינגערמאַן וועט זיך ענדלעך באַווייזן, און אַז איינס זאָל חלילה דאָס אַנדערע נישט ווי טאָן. עס זיינען דאָ אויך געווען אינעם קופערט

באַהאַלטן קליינע פֿאַנטאָפּלעך מיט שלייפֿלעך אָפּגעפּאַרבטע מיט בראָנדז־קאָליר. אויך אַלטמאָדישע האַנטבייטלעך וואָס פּאַסן זיך פֿאַר די הענטלעך פֿון פּאַרצייטישע גראַפֿיניעס. יאַפּאַנעזישע פּעכערס וואָס האָבן וואויל דערמאָנט אין פּוטשיניס אָפּעראַ „מאַדאַם בוטערפֿליי". ווי אויך יאַפּאַנישע זון־פּאַראַסאָלן פֿון געפּאַרבטן זייד. אַ קליינטשיק מופּטעלע פֿון אַמאָליקע צייטן אין וועלכן מירעלע האָט געוואַרעמט אירע קליינע הענטלעך ווינטערצייט, שפּאַצירנדיק פֿאַרביי די פֿאַרשנייעטע אַלייען אין דעם פּרינץ אַדאַם טשאַרטאָריסקיס היסטאָרישן פּאַרק. אַ יידיש קינד האָט פֿון די סאַמע ערשטע יאָרן אירע זיך שטילערהייט געזאַמלט אַן אוצר, אַן אויסשטייער, אַן איידל און ציכטיק, קבצניש פֿאַרמעגן. אַלץ איז געווען זשעדנע אויסגערעכנט אויפֿן מאָמענט פֿון גליק און דערפֿילונג פֿון אַלע באַגערן, האָפֿענונגען און חלומות. ווען די אויסגעטרוימטע צייט וועט קומען און פֿון דער צייט, ווי פֿון דער טונקעלער טיפֿעניש פֿון אַ פּריצישער קאַרעטע אָדער קאָטש, וועט אַרויסגיין ער אַליין, דער געטלעך־באַשערטער, דער זיווג פֿון הימל, דער גאַלאַנטער פּאַצעט. ער וועט זי באַגריסן, דער חתן, מיט די שענסטע ווערטער פֿון דעם יידישן בריוונשטעלער, מיט דער פּרומסטער איידלקייט, מיט פֿיינסטן בויג און ריטערלעכן פֿאַרנויג ביז צו דער ערד. ער וועט רעדן צו מירעלען מיט אַ לשון פֿון ריינער ליבשאַפֿט און פֿאַרערונג. אָ, די טעג און נעכט פֿון גליק וועלן קומען און די אַלע דאָ פֿאַרזאַמלטע און דורך די יאָרן אָפּגעהיטענע זאַכן אינעם קופֿערט וועלן געניצט ווערן מיט נחת און פֿרייד.

זיי וועלן ענדלעך קריגן זייער תיקון... ווי קליינטשיק איך בין געווען, האָב איך שוין אָבער געפֿילט די ערנסטקייט פֿונעם מאָמענט פֿאַר קרובים און נאָענטע פֿריינט, פֿאַר די מענטשן פֿון אונדזער סביבה. שלאָג חלילה נישט איבער די שטילקייט און דעם חלום פֿון דער ראָמאַנטישער פֿרוי מיטן מינדעסטן חוזק־וואָרט אַפֿילו. דערצערן נישט דיין חנעוודיקע שוועסטער מיט אַ נאַרישן אויסדריק, וואָס אַפֿילו קינדער קענען אַמאָל אַרויסזאָגן ווען זיי חזרן איבער ווי אַ פּאַפּוגייער דאָס וואָס עס רעדן אָפּט דערוואַקסענע מענטשן. עס איז דאָך אַזוי גרינג ווייַ צו טאָן דיין ליידנדיקע און סענסיטיווע שוועסטער. זי איז שוין, וואָס אַן אמת, אַ היפּשע כלה־מיידל. אָבער דאָס שטילע און נאַאיווע קינד פֿלאַטערט נאָך אין איר ווען...

מירעלע איז בלייך אויפֿן נאָבעלן פּנים. אירע נאָז־פֿליגלען ציטערן צאַרטע און דינע. איך קען נאָך איצט זען די קלאָרע בלייכקייט פֿון אירע קליינע הענט אין וועלכע עס זעען זיך איידל אָן אירע בלויע אָדערן. עס איז אפֿשר באַנאַל צו זאָגן, אָבער איך קען זיך פּאָרט נישט צוריקהאַלטן: אַ מאָלערישער מייסטער האָט זי שוין אפֿשר ווען עס איז פֿריער געמאָלן. ער האָט שוין אַמאָל די דאָזיקע הענט אַרויסגעבראַכט אויף אַ מאָלעריי און זיי געשאָנקען צו איינער אַ געטלעכער פֿרוי; צו אַ פּרינצעסן מסתמא, פֿאַר

ווערמענס געשטאַלט עס האָט אַוודאי פּאַזירט אַ פּראָסטע מיידל פון דעם באַשיידענעם פאָלק...

ווי מאָדנע, נאָר מירעלע ברענגט אויך אַרויס פון דעם דנאָ פונעם קופערט עטלעכע יידישע ביכלעך. יאָ, יידישע פאַרגעלטע בראָשורן. עס איז געווען די צייט, עטלעכע יאָר ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פּרץ האָט נאָך געקעניגט צווישן דער יידישער אינטעליגענץ אין וואַרשע; ווען שלום אַש מיט זיינע שוואַרצע און גליענדיקע אויגן; ווען אברהם רייזען און נאָמבערג האָבן שטאָלצע געשאַפן זייערע געבענטשטע ווערק פאַר דער יידישער יוגנט איו פוילן. מירעלע האָט אין איר פרייער צייט וואויל געלייענט יידישע ליטעראַטור. צווישן די דאָזיקע אויסגעפּרעסטע ביכלעך האָב איך געזען פּרצס פּאָפּולערע „יום־טוב־בלעטלעך"; מענדעלעס „דאָס ווינטש־פינגערל"; שלום עליכמס „סטעמפּעניו"; זוסמאַן סעגאַלאָוויטשס „די גאָלדענע פּאַווע". אויך וויקטאָר הוגאָס באַרימטן ראָמאַן „ דער גיבור אין קייטן"; אַלעקסאַנדער דיומאַס (דער פאָטער): „דער גראַף פון מאָנטע קריסטאָ"; זשול ווערנס ראָמאַנען „שוואַרצע דיאַמאַנטן"; „אינדיאַנער־פירשט"; און „אַ רייזע אַרום דער וועלט אין אַכציק טעג", ווי אין יעקב דינעזאָנס „אבן־נגף אָדער אַ שטיין אין וועג". עס זיינען אויך געווען אין מירעלעס קליינער ביכער־זאַמלונג רוזשנע נאָוועלן וועגן קעניגלעכע הייף אין אייראָפּע, דאַכט זיך פון אבנר טאַנענבוים. אויך מרדכי ספּעקטאָרס פּאָפּולערע יאָרביכער „דער הויז־פריינד" וואָס האָט פאַרעפנטלעכט איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור: קורצע דערציילונגען פון קנוט האַמסון, הערמאַן באַנג, סטרינדבערג און אפשר אויך, אויב איך געדענק ריכטיק, רייזע־באַשרייבונגען פון סוועג העדין. מירעלעס צאַרטע און ציכטיקע הענט האָבן געמישט די בלעטלעך מיט זשעדנעקייט. ווי שטאַרק עס ציט מיך שוין אַריינצוקוקן אין די דאָזיקע זעלטענע ראָמאַנען. ווי עס ווילט זיך זיי אויסבאָרגן ביי מיין ליבער שוועסטער. אָבער, וואָס אַן אמת: ווי גרויס מיין באַגער זאָל נישט זיין צום לייענען די ביכער וועגן יידן און וועגן דער גרויסער וועלט, שטילנדיק און זעטיקנדיק אַביסל מיין הונגער צו וועלט, מענטש און אוניווערס, קען איך נאָך דעמאָלט רעכט נישט לייענען קיין יידיש אות. די ביכלעך מוזן האָבן געדולד... זיי וועלן וואויל און געדולדיק וואַרטן ביז איך וועל ווערן עלטער. ביז איך וועל שוין זיין אימשטאַנד זיך צו פאַרטיפן אין זיי און אַפילו צו פאַרשטיין וואָס עס איז געשריבן אין זייערע קאַפּיטלעך. אויך וויל איך אויסמיידן צו הערן די איבערגעחזרטע רייד פון מיין עלטערן ברודער שלמה וואָס האָט מיך פיינט און ער חזרט איבער ביי יעדער געלעגנהייט: שיעלע פאַרשטייט נישט וואָס ער לייענט. עס וועט נאָך דויערן לאַנגע יאָרן ביז ער וועט קענען פאַרשטיין אַ ראָמאַן. ער וועט לייענען און לייענען און צום סוף גאָרנישט באַגרייפן וואָס ער האָט געלייענט... אַזעלכע ווערטער פון מיין ברודער שניידן מיין האַרץ ווי מיט אַ מעסער. ביינאַכט, ווען איך ליג אויף מיין געלעגער און אַלע מיינען

אַז איך בין פעסט איינגעשלאָפן, רעדט שלמה אָפענערהייט מיט שנאה און באַליידיקונג קעגן מיר. ער וויל זיי רק איבערצייגן אַז איך ווייס נישט און פאַרשטיי גאָרנישט... דער ריינער אמת איז אַז ער אַליין איז אַ פּוסטער פראַנט, אַ שטיקל פּאַצעט. ער גייט שוין אויס מיט מיידלעך אויך. אָבער איך האָב אַ באַשטימט געפיל אַז ער וועט נישט אויסוואַקסן קיין טיפער און דענקענדיקער מענטש. ער קוקט אַריין צוזאַמען מיט זיינע חברימלעך אין די אָפענע אויסשטעל־פענצטער פון די קליינשטעטלדיקע געשעפטן. ער לויבט די גלאַנציקע שיך אין די וויטרינעס. אָבער איך האָב אים נאָך נישט געזען שטיין נעבן אַ בוכהאַנדלונג און לייענען די צויבערהאַפטע טיטולן פון די אויסגעשטעלטע ביכלעך...

מירעלע האָט אויך ליב צו לייענען דיקע ראָמאַנען וועגן ליבע. זי וויל היפּטזעכלעך לעזן דעם סוד וועגן איר אייגן לעבן, וועגן איר ליבשאַפט און צוקונפט. זי האָט דאָך תמיד געשמאַכט צו וויסן אין פאָראויס ווי אַזוי עס איז פון הימל אויס אָנגעצייכנט געוואָרן דער פּלאַן פון איר לעבן...

מיין עלטערע שוועסטער שרהלע דערציילט מיר מיט יאָרן שפּעטער אַז מירעלע האָט שוין פון קליינערהייט אָן געהאַט אַ מינדערווערטיקייטס־געפיל. זי האָט פון זיך אַליין גאָר ווייניק געהאַלטן. זי איז געווען אַזאַ בילד־שיינע און צעבליטע פרוי. אָבער זי האָט זיך אומזיסט איינגערעדט אַז זי איז אַ מיאוסע. זי האָט פאַרמאָגט אַ שלאַנקע פיגור פון אַ געבוירענער טענצערין. אָבער זי האָט זיך געפילט דערשלאָגן ווי זי וואָלט געווען אַ קריפּל. זי האָט אויסגעזען, וואָס אַן אמת, אומנאַטירלעך בלייך, און זי האָט געטראָגן אירע לאַנגע און בלאָנדע האָר אויף אַ גייסטערהאַפטן אופן אַזוי ווי אַ גרויסער גאָלדענער פליגל וואָלט לופטיק געשוועבט איבער איר שמאָלער פּלייצע. זי האָט פאַרמאָגט די לענגסטע האָר פון אַלע מיידלעך אין שטעטל. זיי זיינען געווען איר נאַטירלעך צירונג. מיין שוועסטער שרהלע, ווי שוין דערמאָנט, געדענקט ווי אַזוי מירעלע פלעגט ליב האָבן צו פלוידערן האַלב אין שפּאַס, אָבער נאָך מער און טיפער אין ערנסט:

— איך בין גאָרנישט ווערט. איך ווייס דאָס אַליין זייער גוט. איך פאַרמאָג נישט קיין לייטישן נדן ווי אַנדערע מיידלעך פאַרמאָגן. וועלכער משוגענער חתן וועט חשק האָבן מיך צו נעמען פאַר אַ ווייב אָן אַ נדן? איך בין אַפילו גרייט חתונה צו האָבן מיט אַ לאָמען שוסטער אָדער מיט אַ טויבן גביר, מעג ער שוין זיין אַן אַלמן און האָבן אַ פולע שטוב מיט קליינוואַרג. אַז גאָט וועט מיר צושיקן אַ הויקערדיקן וואַסער־טרעגער, אַ בלינדן בעטלער אָדער אַ שלאַף חסידל, וועל איך נישט וואַגן אָפּצוזאָגן זיין אָנבאָט און נישט אָנצונעמען זיין האַנט. איך בין אַפילו גרייט צו שטעלן אַ חופּה מיט אַ ווילד־פרעמדן ייִד, אַבי אַ מאַנצפּאַרשוין זאָל מיך נעמען אין זיין שטיבל און ער זאָל מיך קריינען מיט זיין נאָמען און מיר אָנטאָן אויפן פינגער אין דער חתונה־נאַכט דאָס גילדערנע חופּה וקידושין־רינגל. איך שעם זיך פּשוט פאַרן שפּיגל צו שטיין מיט מיין הוילער און וויסטער

איינזאַמקייט. איך קוק בייַנאַכט, ווען קיינער זעט מיך נישט, אַריין אין שפּיגל און איך זע אַ ווייַנענדיק פּנים, כאָטש איך האָב גאָרנישט געוואוסט אַז איך וויין אין מייַן האַרצנס־טיפעניש מיט ביטערע טרערן. איך האָב אַפילו חשק צו אַנטלויפן אין וואַלד אַריין פון מייַן אייגענעם נאָמען: מירעלע. איך וויל בעסער זייַן דאָס חתונה געהאַטע ווייב פון אַ וואַסערטרעגער אָדער באַלד נאָך דער חתונה זאָל איך חלילה ווערן די אלמנה נאָך אַ מלמד, אַ קראַנקן זקן אָדער אַ מידן און אַלטן קוימענקערער. אַבי נישט צו ווערן פאַרזעסן אַלס אַן אַלטע מויד מיט אַ גרייז־גרויען צאָפּ און עס זאָל מיך גריזשן די איינזאַמקייט שפּעט בייַנאַכט, ווען די פאַרפּלעקטע לבנה שיינט אַריין דורך די פענצטער. דאָס ערגסטע איז צו זיצן ביים ביטערן טאַטן אין שטוב, צו הערן ווי ער שעלט דער מאַמען מיט טויטע קללות און טאָג און נאַכט צו נייען די קליידער און סאַקן פאַר פרעמדע ווייבער און דערנאָך אַרויסגיין אויפן גרויסן הויף, זיך אַוועקצושטעלן ביים הילצערנעם פּלויט און נאָכצוקוקן מיט קנאה די פּאָרלעך וואָס גייען גליקלעכע און שמייכלענדיקע פאַרביי, און איך אַליין וואָס איך בין זיכער נישט מיאוסער פון די יינגע ווייבלעך און כלות, זאָל אויסגיין פון קריינקונג, און איך זאָל כסדר גענעצן און שליקעכצן פון לאַנגווייליקייט...

מירעלע האָט אפשר אַזוי גערעדט מיט אַן איבערגעטריבענעם סאַרקאַזם, שטעכנדיק ווי מיט אַ שאַרפן נאָדל אין איר אייגענעם האַרצן. וואָרים זי האָט באַזעסן חכמה און וויץ. אָבער וויפיל אומגליקלעכער אמת בלענדט אין אירע איראָנישע רייד...

מירעלע האָט חשק געהאַט אַריינצוקוקן אין דער לאַנדשאַפט פון איר צוקונפט מיט געוואַלד. זי האָט חשק געהאַט פאָרויסצוזען די לעבנס־צייט פון שטערבלעכע מענטשן. זי האָט אַפילו באַוויזן אָפּצושפּאָרן קופּערנע צווייערס און זילבערנע גולדענס פאַר די ציגאַנקעס. זי האָט זיך געלאָזט לייגן קאָרטן פון אַלערליי אָפּגאַרערס און שווינדלערס. זי האָט בגנבה געזוכט באַשייד ביי פאַרשידענע מכשפות און באַבקעלעך. זי פלעגט זיך בעטן מיט טרערן אין אירע גראָז־גרינע און לויטערע אויגן:

— טייערע מענטשן, איך בעט אייך: זאָגט מיר פאָרויס מייַן צוקונפט. לייענט די געהיימענישן פון מייַן לעבן. קוקט אַריין אין די סודות פון מיינע קומענדיקע יאָרן. עפנט פאַר מיר אויף כאָטש אַ קליינטשיק פענצטערל צו מיינע צוקונפטיקע טעג. ווייזט מיר די ליכטיקע פּנימלעך פון מיינע קינדערלעך וואָס גאָט האַלט נאָך פאַרבאָרגן אין זיינע פאָטערלעכע אָרעמס איידער ער שיקט זיי אַרויס מיט די באָטשאַנעס צו די קוימענעס פון מייַן שטיבל. איך בעט אייך, מיינע טייערע! איך חלש פּשוט אַוועק פונעם ברענענדיקן באַגער צו דערקענען באַצייטנס מייַן גורל. דערציילט מיר וועגן מייַן פאַנטאַסטישן לעבן וואָס באַדאַרף זייַן פול מיט נחת, ניגונים, סעודות, יום־טובים און פייערלעכקייטן. האָט רחמנות און אַנטשלייערט פאַר מיר די טונקעלע געהיימענישן און סודות פון מייַן מזל.

איך פרעג אייך אָפן און איר מעגט מיר פריי אַנטפּלעקן דעם ריינעם אמת: איז טאַקע אָנגעברייט אין הימל נחת און פרייד פאַר די יאָרן וואָס וועלן מיר אַנטקעגנגיין? פאַרמאָגט די גענעדיקע צייט אין איר שויס דאָס גאָלד פון פריינדשאַפט פאַר אַן אָרעמער יידישער טאָכטער וואָס האָרעוועט שווער און ביטער פון אירע פריע און קינדערישע יאָרן אָן? צי ווייסט איר אויב עס איז פאַר מיר אָנגעצייכנט ליבשאַפט און גוטס פון אַ לייטישן און בכבודיקן מאַנצביל? צי איז מיר באַשערט גליק און פרייד אין דער צוקונפט?...

דער לינדער פרילינג אַרום ערב פּסח שפּילט רייך און איידל אויף מירעלעס הענט ווי אויף צוויי דינע און גאָלדיקע פליטן. מירעלע געפינט אין קופערט אַ טעשל קאָרטן. באַלד עפנט זי אויף די קאָרטן און זי לייגט זיי זיך אַליין פאָרזיכטיק אויס אויף אירע קניעס. די היימישע זון קומט צו גאַנץ נאָענט און זי באַלויכט שטיקלעך קאָרטן וואָס שטראַלן אָפּ מיט היימלעכן אָנזאָג. וועט אפשר מאָרגן באַלד אין דער פרי דער פּאָטשט־טרעגער פאַן וולאַדיסלאַוו שרעדני ברענגען אַ בריוו פון גאָדלען, פון דעם ווייטן אַמעריקע? וועט פילייכט באַלד אויך אָנקומען די פון לאַנג שוין אויסגעבענקטע שיפס־קאַרטע, און זי וועט אַזאַ גליקלעכע פאָרן קיין נעוויאָרק מיט דעם ריזיקן אָקרענט וואָס האָט פיר הויכע קוימענס, פון וועלכע עס בושעוועט דער שוואַרצער רויך ווי זיידענע זיילן מיט געדיכטן קאָפּעטש...

מירעלע, זע איך פון מיין באַהעלטעניש־אויס אונטער אַ קאַמאָד, לייגט זיך די קאָרטן מיט נערוועזע פינגער. איך בין נאָך קליינטשיק. אָבער עס איז שוין וואַך אין מיר, ווייזט אויס, דער געהיימענישפולער אָבסערוואַטאָר. איך פאַרשטיי שוין דעם פאַטאָס פון אַ יינגער פרויס רירנדיקן הונגער צום לעבן, צום גליק. עפּעס דערקען איך זיך שוין באַצייטנס אויף דער גרויסער און טראַגישער פּאָעזיע פון לעבן. דאָס איז דאָך אייגנטלעך די זעלביקע פּאָעזיע וואָס האָט אַדורכגעדרונגען אַלע ראָמאַנטישע כאַראַקטערן אין דער וועלט־ליטעראַטור. דאָס איז דאָך דער פיינלעכער הונגער אויפצוהייבן אַביסל דעם נאַכטיש־פינצטערן פאָרהאַנג פון צייט און צוקונפט, און וואָס האָט קראַנק געמאַכט דר. פאַאוסט און האָט שיכור געמאַכט דעם העלד פון לאָרד בייראָנס דראַמע „מאַנפרעד", און האָט וואַקלענדיק געמאַכט דעם איינזאַמען פּרינץ האַמלעט און אָנגעטאָן אין אַ מאַנטל פון זון־אונטערגאַנג דעם מרה־שחורהדיקן ריצערזש דאָן קיכאָט. דאָס איז דער זעלביקער הונגער פונעם מענטש פּאָרויסצוזען דעם גורל פון שטעט, לענדער און פעלקער, און וואָס האָט אויך געגריזשעט ווי דער שנאָבל פון אַ רויב־פויגל דאָס אומרואיקע האַרץ פונעם נביא יונה און האָט אים געשליידערט ווי אַ שפּענדל גרינג אין די מוראדיקע תהומות און אָפּגרונטן פון ים. מכלומרשט וועלנדיק אַנטרינען פון דעם הימלס שליטה, איז דער נביא אַריינגעפאַלן אין גאָטס אימהדיקער פויסט און זיך געקאָרטשעט פון יסורים און ווייטיקן...

* * *

מיין שוועסטער מירעלע איז געווען, ווי דער געשעצטער לייענער קען איינזען, אַ דורכאויס ראָמאַנטיש און סענטימענטאַל געשטאַלט. זי איז געווען ליטעראַטור נאָך איידער איך האָב איר נשמה געפּרואווט אָנטאָן אין דעם לויטערן גוף פון וואָרט. מיין מומע געניע האָט זי אָפּט געזען אין וואַרשע בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. זי האָט גערן געהאַט צו דערציילן מיט אַ סך יאָרן שפּעטער וועגן מירעלעס פאַרבאָרגענע כישוף־סעאַנסן. זי פלעגט אינמיטן נאַכט פלוצלינג דערוואַכן פון איר אומרואיקן שלאָף. זי פלעגט פאַרהענגען אין שוואַרצן די שויבן פון די פענצטער, די פאַרטויטע שפּיגלען אויף די ווענט און אַריינדרייען די קנויטן פון די גרויסע לאָמפּן. זי האָט ליב געהאַט אָנצוצינדן אינמיטן שטוב סטעריגענע ליכט און זי האָט זיי אַריינגעשטעלט אין הויכע און זילבערנע לייכטער. זי האָט זיך אָנגעטאָן אין דעם שענסטן קלייד ווי די קייסערינע פון שבא ווען זי איז דאָס ערשטע מאָל געקומען צום וועלט־באַרימטן חכם שלמה המלך. מירעלע האָט זיך געוואָנדן מיט מאָדנע שפּרוכן צו די גייסטער. זי האָט געפּרואווט אויפצואוועקן די נשמות פון די געשטאָרבענע פעטערס און מומעס. זי האָט שפּעטער פאַרזיכערט אַז עס איז איר געלונגען צו קאָמוניקירן מיט די פאַרבאָרגענע כוחות פון „יענער וועלט"; אַז זי האָט פאַרשוואוירן די מיסטעריעזע עלעמענטן איר צו ליפערן סודות און אויפצולייזן רעטענישן, און אַז געוויסע מלאכים זיינען אירע געטרייע און געשוואוירענע „שפּיאָנען" פון די הימלישע רעגיאָנען און מרחקים...

מיין קוזין משה גראָסמאַן, דער שרייבער, וואָס איז געווען אַ זון פון מיין מאַמעס איינציקן ברודער יעקב, וואָס איז יינגערהייט אַוועק פון דער דאָזיקער וועלט צו אַן אַנדערער, אפשר אַ בעסערער וועלט, האָט מירעלען אויך באַגעגנט אין וואַרשע בשעת די מלחמה־יאָרן, ווען זי האָט אינגאַנצן געמוזט בלויז אַלט זיין אַ יאָר זיבעצן אָדער אַכצן. ער האָט זי שוין קיינמאָל מער נישט געקענט פאַרגעסן. אויך אים האָט זי דערציילט אַז זי פאַרנעמט זיך מיט ספּיריטיסטישע סעאַנסן. אַז זי באַשווערט איבערערדישע כוחות אַז זיי זאָלן פּותר חלום זיין אירע חלומות און האַלוצינאַציעס. מירעלע אַליין, האָט מיין ערשטער קוזין מיר דערציילט, האָט אויך עפּעס אויסגעזען ווי אַ גייסט וואָס יאַוועט זיך פלוצלינג פון „יענער וועלט". אַ גייסט אַזאַ וואָס טראָגט נאָך אַלץ אויף זיין פּנים די יסורים און דעם פּחד פון זיין מענטשלעכער אַגאָניע, זיין ליבשאַפט צו דעם אייגענעם גוף אין וועמענס טיפענישן ער האָט פאַרבראַכט אַ היפּשן פענעץ מיט לעבן, און ער איז פּשוט מענטשלעך צוגעוואוינט געוואָרן דורך די פולע יאָרן צו זיינע וואונדן און וויטיקן, צו זיינע פריידן און ליידן, זיך אויסצודריקן אויף אַ היימישן און פאַלקסטימלעכן שטייגער...

מירעלע פלעגט ביי מיין קוזין פלוצלינג אָנכאַפּן די האַנט און אַריינקוקן מיט אַ פאַרגרעסער־גלאָז וואָס מיין טאַטע דער זייגער־מאַכער

פלעגט באַנוצן ביים אַריינקוקן אין די קאָמפּליצירטע מעכאַניזמען פון די זייגערלעך־געווערגן און אויך אין די צייכנס פון זיינע אייגענע הענט־פּאַלמס ווי אין פּאַרצייטנס געצייכנטע מאַפּעס פון אומבאַקאַנטע לענדער, אָקעאַנען און אינדזלען. און פּלוצלינג האָבן אירע ליידנשאַפטלעך־אויסדרוקספולע ליפּן געגומען רעדן אין אַ רייכער און פּאַבלהאַפטער שפּראַך מכוח די קומענדיקע פּאַסירונגען אין זיין לעבן. זי האָט פון די אינעווייניקסטע צייכנס אין זיין האַנט־פּאַלם ווי פון די רחבותדיקע בלעטער פון אַ באַלזאַקישער אָדער דיקענסעס אַ נאָוועלע אַרויסגעלייענט עפּיזאָדן, דראַמעס און געשעענישן אויף אַן עפּישן און דראַמאַטישן שטייגער און פּאַרנעם. זי האָט דרייסט און געוואַגט אויפגעוויקלט אַ בונטע פּאַנאָראַמע פון דער געשיכטע פונעם מענטש וואָס איז געווען ווי אַן אַנטפּלעקטע לאַנדשאַפט אין דעם גרויסן אויפשטראַל פון דער זון שטייענדיק אינמיטן הימל. זי האָט מיט אַזאַ אומפּאַרגלייכלעכער פּאַנטאַזיע פריי אַרויסגעלייענט זיין בונטע און דראַמאַטיש־רייכע צוקונפט פונקט ווי דער קייסער פון די שדים, אַ פּאַרשיכורטער פון זיינע אייגענע איבערנאַטירלעכע קרעפטן, וואָלט עס איר שטרענג, אָבער פריינדלעך, דיקטירט. זי האָט דעם געפּאַנגענעם בעל־דבר, דעם אָרעמען אייגנטימער פון דער ציטערנדיקער האַנט, געמאַכט צו צאַפּלען און אויפצולויכטן פון אַנגסט און איבעררּאַשונג. זי האָט זיך פּאַרטיפט אין דעם גהינומדיקן אָפּגרונט פון בלויז איין און איינציק מענטשלעך לעבן, וועמענס נאַקעטע און שוידערנדיקע האַנט זי האָט געהאַלטן פעסט ווי דאָס דינע צווייגל פון אַ בוים, און זי האָט ממש נביאיש אויסגעשעפּט ביזן אָפּגרונט פון דער דנאָ אַלע זיינע אָנקומענדיקע טעג און נעכט; גאָר די סצענעס און די פּאַסירונגען וואָס די צייט האָט אומפּאַרמיידלעך געהאַלטן אָנגעגרייט פּאַרן דאָזיקן איינציקן איבערגעשראָקענעם נפש. זי האָט עס אומברחמנותדיק אויסגעשעפּט ביזן פינצטערן און קאַלטן דנאָ. און ווען זי האָט שוין ענדלעך געענדיקט לייענען איר נביאות, אַן אָפּגעשוואַכטע און באַפּרייטע פון איר פּיבערנדיקן טראַנס, זיינען שוין ביידע, זי און דער בעל־דבר, וועמענס סודות און צוקונפט זי האָט ערשט געהאַט מיט אַזאַ קלאָרקייט און זיכערקייט אַנטפּלעקט און אַפילו אויך דעמאַסקירט זיינע מעשים, געבליבן זיצן בלייכע, איינזאַמע און דערשלאָגענע, אַזוי ווי די געמיינזאַמע אָנשטרענגונג וואָלט זיי ביידע געהאַט אויסגעשעפּט נאָך אַ לאַנגן תענית. זיי זיינען ביידע ווי געהאַט געווען אויף אַן אומהיימלעכער רייזע אינעם אומבאַוואוסטן און פּאַנטאַסטישן, דאָרטן וואו די בייזע כוואַליעס פון אַ פינצטערן ים ברויזן אומפריינטלעך און דראָענדיק, און וואו די זון איז שוואַרץ ווי די נאַכט און וואו גאָט האַלט אין אַ ריזיקן שפּייכלער אָנגעברייט די ברוטאַלע געשעענישן און לוסטיקע דערפּאַרונגען פון אַלע נאַקעטע מענטשנזעלן...

מירעלע האָט געבענקט נאָך נס און מאַגיק. זי האָט געלעבט און גערעדט אין טראַנס פון כישוף און פּאָעזיע. צום סוף האָט זי זיך ווי עפּעס

אַליין פאַרכישופט אין אַ טונקעלן, אומהיימלעכן און פאַרשאָלטענעם צויבער, פון וועמענס אייזערנע נעצן און מעכטיקן שפּינגעוועבס זי האָט זיך מער נישט געקענט באַפרייען...

* * *

דער אָוונט טונקלט שוין מיט פינצטער און פייערדיק אַלטגאָלד איבער די קליינשטעטלדיקע הייף און ווייטער אַוועק צו דער ווייסל. מירעלע איז שוין אַביסל מיד און אויסגעשעפּט אויך. זי האַלט שוין איצט אין צוריקלייגן אַלע אירע מיידלשע זאַכן אינעם קופערט. איינס ווערט געלייגט אויפן אַנדערן מיט גרויס פאָרזיכטיקייט אַז עס זאָל זיי נישט ווי טאָן, און אַז זיי זאָלן חלילה נישט צעקנייטשט ווערן אין דער קעגנזייטיקער ענגשאַפט. ווי די זעלטענע, ביזאַרע און אַפילו היסטאָרישע קאָסטיומען פון אַ באַרימטן שוישפּילער וואָס האָט געשפּילט די העלדישע ראָלעס פון קייסאָרים, גענעראַלן, מיניסטאָרן און ריטערס אין שעקספּירס ווערק, צום ביישפּיל, גייען שוין איצט אַלע אוצרות פון מיין שוועסטער מירעלע ווידער שלאָפן אויף אַ גאַנצן און לאַנגן יאָר אינעם טונקעלן קופערט וואו זיי וועלן חלומען זייער צוקונפט... אָט טוט נאָך מירעלע אַ סענטימענטאַלן קוש דאָס זיידענע קליידל; דאָס האַרבסטיק־געלע פוטערל וואָס גייט נאָך אַלץ שפּאַצירן צווישן די בוימער אין וואַלד בשעת איר ביינאַכטישן חלום. דאָס דינטשיקע העמדעלע פון גלאַנציקן זייד וואָס זי האָט געטראָגן ווען זי איז געווען אַ קליינטשיק מיידעלע. זי קושט און דריקט צום האַרצן די קליינע מופּטע און די ווייכע פוטערנע האַנטשו (הענטשקעס). זי וועט זיי אַלע ווידער אָנטאָן און אָנמעסטן אויף איר פיגור ווען די אויסגעבענקטע צייט וועט קומען... דאָס דאָזיקע באמת הערלעכע קלייד איז באַשטימט פאַר איר חתונה; דאָס זיידענע העמדעלע וועט זיין פּאַסיק פאַר דער גליקלעכער חופּה־נאַכט; און דער קעניגלעכער מאַנטל פאַרן שפּאַציר מיטן אידעאַלן חתן דורך די צעבליטע פּאַרק־אַלייען און פאַרביי די נאַכטישע גאַסן פון שטעטל; און דאָס דאָזיקע פינקלענדיקע צירונג וואָס שיינט אַפילו אין דעם חושך פון מיטננאַכט האָט זי אַליין באַשטימט פאַרן באַל פון די סטודענטן אין די מיליטערישע קאָשאַרן וואָס שטייען ביים סוף פונעם שטעטל פּילעוו. די גאַלאַנטע רוסישע אָפיצירן וועלן ממש אויסגיין אין אַנטציקונג פאַר איר מיידלשן רייץ. די אַקאַדעמיקער וועלן גאַלאַנטע און העפלעכע זיך בוקן און בויגן פאַר איר ביז צו דער ערד. מירעלע קושט נאָכאַמאָל און זי דריקט צו איר הייסער ברוסט אַלע טייערע זאַכן וואָס זי האָט זיך אָנגעזאַמלט פאַר דער גליקלעכער צייט נאָך דער חתונה מיט אַ שיינעם און גוטהאַרציק מאַן. אָ, ווי איר בלויזער באַריר פון די אַלע קליידער, מאַנטלען, בלוזקעס, וועש און שיכוואַרג טוט איר שרעקלעך וויי... אַלע איידעלע מלבושים און דינע זיידענע וועשוואַרג ווי שפּינגעוועבס מאַכן איר אַזוי סענטימענטאַל און פאַרבענקט פונעם בלויזן באַרירן זיי... די קאָסטבאַרע שטאָפן; די שטיקלעך פלוש, אַטלעס און גאָלדיקער סאַמעט טוען איר עפּעס אַזוי

מאָדנע ווײ... דאָס גאַנצע ייִנגע און צאַרט־מיידלשע לעבן טוט איר שטאַרק ווײ...

און באַזונדערס טרויעריק ווערט מירעלע ווען זי פאַרמאַכט דעם קופּערט און זי דעקט ענדלעך איבער די דעק מיט אַ פּילקאָלירטער קאָלדרע וואָס טראָגט אויף זיך די אַריינגעוועבטע פיגור פון אַ שלאַנקן און גראַציעזן טיגער וועמענס אויגן לויכטן ווי צוויי לבנהס אינמיטן פון דער פינצטערער נאַכט... (איך האָב געזען אַזאַ מין איבערדעקן, אַזאַ סאָרט צומאַכן אַ קעניגלעכן אָרון מיט אַ הערלעך פּנים אינעווייניק. מיט די ביינער פון אַ פּילגעליבטער פּערזאָן. בלויז די האָר אירע זיינען געווען אַזעלכע פרישע און שמעקעדיקע ווי ביים לעבן...)

גיי שלאָפן, מיין שטילער מיידלשער חלום אויפן גאַנצן לאַנגן ווינטער. איך וועל ווידער קומען אין דער צייט פון פרילינג און איך וועל אייך און אַלע עקזיסטענצן אַרום אייך, אויפוועקן פונעם רואיקן שלאָף, און אפשר דעמאָלט וועל איך אייך אַלע שוין מער נישט צוריקקלייגן צום רוען שטומע און שווייגנדיקע אין דער טיפעניש פונעם קופּערט כדי צו חלומען מיין ראָמאַנטישן חלום פון דער חתונה און פון דער חופּה־נאַכט; פון דעם באַל און פון דעם שפּאַציר מיטן געראָטענעם חתן אין דער טונקעלער דראָשקע מיט ברוינע קאַשטאַנאָווע פערד געשפּאַנטע, שטיל־שטיל טענצלדיק איבער דעם מאַרמאָר־גלאַטן אַספאַלטענעם שאָסיי, בשעת די לבנה שיסט אַרונטער מיט שניי־ווייסע רויזן, וועלכע ווערן צעדריקט און זיי פאַרבלוטיקן אונטער די פערדישע קאָפּיטעס און די גומענע רעדער פון דער דראָשקע...

איך האָב פון אַ ווינקל אויס אַלץ אָבסערווירט, אָנגעקוקט און באַטראַכט אין דעם סאַמע האַרצן און אין פּנים אַריין. איך האָב געזען ווי אַזוי אַ מאַטע, מידע און שוין אויסגעשעפּטע לייגט זיך מיין שוועסטער מירעלע אַנידער אויף איר געלעגער אינעם אַלקערל. זי איז געווען שווער פאַרמוטשעט פון דער קורצער נסיעה אין דער צוקונפט, אויספּאַקנדיק די אַלע שיינע און פּאָעטישע זאַכן פון איר אייזערנעם קופּערט. די שקיעהדיקע זון האָט מיטן אומעטיקן גאָלד געשפּילט אויף איר שוואַרצן זיידענעם קלייד; האָט צערטלעך וויברירט איבער אירע לאַנגע און דינע הענט ווי צווייגלעך פון אַן ערשט־צעבליטן בוים אין פרילינג שפּילן מיט זייערע דינע שאָטנס אויף אַ פעלד מיט בלומען...

## פּאַן פּאַסוויעס חלום

שרייבנדיק לעצטנס מיינע זאַכן וועגן פאַרשידענע שריפטשטעלער און קינסטלער צו וועמענס לעבן און שאַפן איך האָב זיך צוגעקוקט אין משך פון די יאָרן, האָב איך אויך געטראַכט, כאָטש שוין נישט דאָס ערשטע מאָל, וועגן עטלעכע פּעריאָדן אין מיין אייגענעם לעבן וואָס זיינען אפשר נישט געווען די סאַמע וויכטיקסטע, אָבער דאָך האָבן זיי אויפגעגעסן מיינע יאָרן. דאָס טראַכט וועגן די אַלע מענטשן פון די פאַרגאַנגענע צייטן

אַ מענטש וואָס איז שוין אַריבערגעגאַנגען די געבענטשטע מעטע פון די זיבעציקער יאָרן און וואָס זיצט אַליין אין די באַגינענס פון אַרום פינף צענדליק יאָרן ביים קליינעם שרייב־טישל מיט די פערלמוטערנע פאַרצירונגען ביי וועלכן מיין פאָטער פלעגט אויך זיצן בשעת די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, און ער האָט מסתמא אויך געפּראוווט מאַכן דעם חשבון הנפש און סך־הכול פון זיין אייגענעם לעבן. נישט יעדער מענטש האַלט אַ פּאָרכטיקע פעדער אין זיין האַנט, ווען עס קומען אָן אַזוי ווי פּלוצלינג די עלטערע יאָרן אויף אים, כאָטש אין דער אמתן זיינען אַדורכגעגאַנגען גענוג רעגנס, שנייען, שטורעמווינטן און הוראַגאַנעס...

גענוג שטאַרק האָבן זיך איינגעוואָרצלט אין מיינעביינער די מענטשן פונעם היימישן שטעטל פּילעוו, ביי דער זילבערנער ווייסל, וואו געלע זאַמדיקע אינדזלען שטאַרטשן אַרויס פון די פּליטקע טיפענישן. זיי זיינען אַריין אין מיין געדעכעניש און געדענקעניש פון דער סאַמע קינדהייט אָן מיט אַזאַ מין אומבאַשרייבלעכן כישוף און אַוודאי שיינקייט אויך. אומעטום, איבער דער גאַנצער וועלט, אין אַלע דיינע וואַנדערונגען, טראָגסטו זיי אַרום אין דיין האַרצן. זיי שטאַרבן, די דאָזיקע דעמביקע יידן, קיינמאָל נישט אָפּ אין דיר, כאָטש היטלערס רוצחים האָבן זיי אומגעבראַכט. זיי ווערן, אויב דו ביזט געבוירן אָדער פאַרשאָלטן געוואָרן צו זיין אַ שרייבער, די כאַראַקטערן פון דיינע מערסטע דערציילונגען. זיי לעבן „אייביק" אין דיין דמיון. ביינאַכט, איידער דו שלאָפסט איין, און די לבנה שטייט גרויס און געל אונטערן הימל און זי קוקט דיך אָן מיט עפּעס אַ זייער וואַרם געפיל און עפּעס מיט אַן אַלטער פריינטשאַפט, אַזוי וויניקסטנס דאַכט זיך דיר, וואַנדערסטו אַרום אין די איצט שוין טויטע געסלעך פון דיינע קינדישע יאָרן. (טויטע געסלעך ווייל אָן די יידן און זקנים, איז די וועלט דאָרטן וויסט און לער. די טויטע יידן האָבן מיטגענומען די וועלט מיט זיך). יאָ, דאָרטן זיינען געווען דיינע ערשטע זעאונגען פון די יידן אין דעם אַלטן בית המדרש, וואו זיי זיינען געפאַלן כורעים מיט אַזאַ ממש עקסטאַט־שן גלויבן, וואָס האָט אויף מיר, זיך צוקוקנדיק צו דער איינדרוקספולער סצענע, אָנגעיאָגט אַן אימה. עס שטייען אין מיין געמיט די געדענקענישן וועגן דער גרויסער און אימפּאָזאַנטער שוהל וואו עס האָבן ביינאַכט, ערב יום־טוב, פייערלעך און פּאָרכטיק געלויכטן די בראָנדזענע קאַנדעליאַברעס, ממש די שענסטע לאָמפּן ווי די זונען, באַשיינענדיק די פּנימער פון די יידן וואָס האָבן געטראָגן אויף זיך די גרויסקייט און די אייביקייט פון אוראַלטע דורות, באַקרוינטע מיט די קרוינען פון גלויבן, האָפענונג, בטחון, ליידן און מאַרטירערשאַפט...

אינעם שטעטל, זייענדיק אַליין אַזוי יינג, האָסטו מיט אַ סך בענקשאַפט נאָכגעקוקט די יינגע מיידלעך וואָס זיינען געווען שענער ווי די מיט גאָלד און פערל געצירטע מאַרקיזינס און גראַפיניעס אויף די מאָלערייען. די דאָזיקע יינגע שיינקייטן האָבן דיך באַגייסטערט מיט זייער

מאָלערישער פרישקייט און פילפאַרביקייט, מיט זייערע שלאַנקע פיגורן מיט וועלכע זיי האָבן געצירט די ברעגעס פון דער ווייסל, די אַלייען אין די פאַרקן, די לאַנדשאַפטן פון טייכן, וועלדער און לאָנקעס, די געסלעך אין די שטעטלעך. דאָס זיינען געווען די כלה־מיידלעך וואָס זענען געווען די צוקונפטיקע מאַמעס פון יידישע קינדער, פון די דורות וואָס וועלן ווייטער טראָגן אין אַ פיינטלעכער גויאישער וועלט דעם עול פון דער יידישער משפחה; זיי וועלן געטריי און ערנסט טראָגן דאָס שווערע לעבן פונעם פאָלק אין דער יידישער געשיכטע...

אין שטעטל האָסטו אויך אָנגעקוקט די רויע פנימער פון די פּאָלאַקן, אַ פאָלק מיט וועמען דיינע פריערדיקע דורות האָבן צוזאַמען געלעבט יאָרהונדערטער לאַנג, און זיי האָבן קיינמאָל זיך נישט געקענט קעגנזייטיק דערנענטערן ווי שכנים און פריינט וואָס ווערן געשלאָגן פון די זעלביקע שנייען, האָגלען, רעגנס און ווינטן אין ווינטערצייט און פון די זעלביקע היצן אין זומערצייט, צוזאַמען מיט די טיפישע שרפות, טרוקענישן און מגפות. די אינסטינקטיווע שנאה פון די פּאָלאַקן האָט פאַרברענט אַלע בריקן פון מעגלעכער קעגנזייטיקער פריינדשאַפט מיט די יידן. דאָס לאַנד פוילן און זיין געאָגראַפיע; זיין נאַטור און לאַנדשאַפט; זיין ווייסל־ברעג און זיינע וועלדער; זיינע שווערע ווינטער־שטורעמס און די מאָלעריש־רייכע האַרבסטן; וואָס די יידישע שרייבער, מיטן געבענטשטן שלום אַש בראש, האָבן באַשריבן אין זייערע ווערק מיט אַזאַ עפּישער ברייטקייט, רחבות און שיינקייט; זיינע צויבערהאַפטע פרילינגען און שפעדיקע זומערן, ווען די שלאַנקע באָטשאַנעס און אַנדערע שיינע פייגל האָבן זיך אַרום פסח־צייט צוריקגעקערט פון די וואַרעמע דרום־לענדער, זיינען ביי דיר זינט דער קינדהייט אָן געבליבן שטיין איינגעבאַקענע מיט ליבשאַפט און מיט טיפן סענטימענט אין האַרצן. די אַלטע און היימישע לאַנדשאַפט פון פרוכטיקע סעדער און בלאָטיקע „פוילישע וועגן" וואָס פירנדיק איבער אַלערליי שטעטלעך און דערפלעך צו אַלץ ווייטערע ישובים און פייזאַזשן — דאָס אַלץ בליט און גליט מיט אַלע זיינע יאָר־סעזאָנען אין דיין דמיון שוין אויף תמיד, אַריבער דיין אייגענעם באַגרענעצטן און מענטשלעך־קורצן דויער. אַזוי לאַנג ווי דו וועסט האַלטן מיט עקשנות די פעדער אין דיין האַנט, וועסטו שטענדיק צוריקקומען אינמיטן פון דער נאַכט און אינמיטן פון דיינע חלומות און קאָשמאַרן אונטער דער שיינענדיקער לבנה, צום קליינטשיקן שטעטל וואו דיין וויגל איז אַמאָל געשטאַנען און וואו דיינע שוועסטערן און דיין זיסע מאַמע האָבן דיך איינגעוויגט מיטן האַרציקן קינדער־געזאַנג און פאָלקסליד, און וואו די יידישע מלאָכים וואָס זיינען אַראָפּגעשטיגן פון די נידעריקע וואָלקנס, האָבן געשוועבט איבער דיר און דיך באַשיצט מיט זייערע געטרייע און זיסע פליגלען...

אַ נאַכט פריער איידער איך בין אויפצומאָרגנס אַוועקגעפאָרן פון מיין שטעטל פילעוו קיין פּאַריז, אין דעם יאָר 1924, האָט מיין יוגנט־חבר אַבא

גאָלדשטיין, וואָס האָט געלערנט אין אַ פוילישער גימנאַזיע, צו מיר געזאָגט:

— שיעלע, איך קען דיר נביאות זאָגן אַז דו וועסט בענקען נאָך פּילעוו. ערשט אין דעם גרויסן כרך פּאַריז, אין צענטראַל־אייראָפּע, וועסטו זען און געוואויר ווערן וואָס פּילעוו האָט פאַר דיר געמיינט. דו וועסט זיך דערמאָנען די יאַרידן אין שטעטל און די אָנפּאָרנדיקע פויערים וואָס האָבן געבראַכט אויפן מאַרק גאָר די שפע פון זייערע רייכע פעלדער: די זיסע פּירות פון די געדיכטע סעדער; די געשמאַקע עפּל, באַרנעס, פלוימען און קאַרשן; די גרינע אוגערקעס, בוריקעס, מערן און קאַרטאָפל; און ערשט די רויטע טרוסקאַווקעס וואָס וואַקסן אַזוי באַשיידענע אין דער נידער צווישן די פלאַנצן און גראָזן אויף די זון־באַגאָסענע פעלדער. דו וועסט זיך היימלעך דערמאָנען אין די היימישע שוואָמען וואָס וואַקסן פאַרבאָרגענע צווישן די קוסטעס אין די וועלדער, און ערשט די באַשיידענע יאַגדעס ווי אָפּגעפּאַרבטע איבער נאַכט מיט די שוואַרץ־בלויע טינט־פענדזלען פון מלאָכים. דו וועסט געדענקען די קריסטלעכע חגאות און די מאַסן בעטלערס און גרייז־גרויע זקנים; די דזשיאַדעס פון די פוילישע דערפער וואָס קומען אָן מיט די פורן און הויכע דראַבינאַסטע וועגענער, געפירטע פון קרעפּטיקע פערד וואָס זיינען אויסגעקנאָטענע ווי די אָגערס וואָס שטייען געהאָרכזאַם דורך די הונדערטער יאָרן אונטער די מאָנומענטן פון גענעראַלן. דו וועסט גוט געדענקען יאַצעקס וויינשענק אין וועלכער עס זיצן די פויערים אויף די באַקוועמע טאַבורעטקעס און לאַנגע בענק, און זיי גיסן אין זיך אַריין די בריענדיקע געטראַנקען, און זיי שעלטן די יידן וואָס האָבן אומגעבראַכט זייער „גאָטס־זון" און זיי זינגען די אַלטע פּאַטריאָטישע פוילישע לידער וואָס זייערע זיידעס האָבן געזונגען בשעת דער העלדישער פּאָווסטאַניע אין יאָר 1863, איידער מען האָט זיי געפירט צו די מעכטיקע דעמבעס כדי אויפגעהאָנגען צו ווערן אויף די דיקע צווייגן. דער היסטאָרישער פּאַרק פון דעם פוילישן פירשט אַדאַם טשאַרטאָריסקי וועט דיר נאָכגיין אין דיין לעבן ביז פּאַריז און ביז ווערסיי; זיינע אַלטע דעמבעס און ברייטע ליפּעס וועלן דיך געטריי באַגלייטן שווער באַלאָדענע מיט צייט און מיט אַלערליי וועטערן אין זייערע אַלטע און באַטאָגטע גלידער. די בוימער אין פּאַרק וואָס פוילן פון זייער טיפער אַלטקייט און וואָס שלאָפן טיף געזעטיקטע מיט געשיכטע, וועסטו קיינמאָל נישט פאַרגעסן. און די זקנים פון פּילעוו וואָס לאָנדן אַלע מיט צייטן און דורות אויפן קליינעם בית עולם, נישט ווייט פון דיין היים און הויז וואו איר וואוינט בלויז אין איין שטוב אויפן דריטן שטאָק, און זיי ווערן פאַרוואַנדלט צו ווייסע סקעלעטן, וועסטו אויך קיינמאָל נישט אויסטאָן פון דיינע געהירן. דו וועסט קיינמאָל נישט פאַרגעסן די אוראַלטע אָרעמקייט פון די פּילעווער יידן; פון די בעטלערס און בעטלערינס; און אויך נישט די שטענדיקע יידישע משוגעים וואָס רעדן מיט פּאַטעטישע רייד ווי די אָנגעצונדענע נביאים אין די זיידענע בלעטער פון תנ"ך און

וואָס שפּילן רייך אויס די געשטאַלטן, הויכע און אימפּאָזאַנטע ווי די זיילן פון מאַרמאָר אין בית המקדש. דו ווערסט אויך נישט באַפרייען פון דיין זכרון די אַלע לעבנס, די ליבעס, די מלחמות, די לעגענדעס און די רוזשנע מעשׂיות פון די העלדישע יידישע מלאָכים וועמענס ריזיקע קרוינען וואָס טוען ווי מיט זייער גאָלדענער שווערקייט זייערע שאַרבנס, בלישטשן יעדן פּאַרנאַכט אין דעם פּילעוודער זון־אונטערגאַנג איבער דער זילבענער ווייסל. טויזנט שיכורע מלאָכים מאָלן די פייערדיקע זון־שקיעה מיט פּענדזלען וואָס זיי טונקען איין אין פּעסער מיט פאַרבן און אין גאָנשערס מיט הייסן וויין...

מיין חבר אַבא גאָלדשטיין וואָס איז שפּעטער מיט יאָרן אומגעקומען אין מאַידאַנעק, ווי פּילעוודער לאַנדסלייט האָבן מיר דערציילט, האָט רעכט געהאַט. אַן אייביקע בענקשאַפט און ליבשאַפט צו מיין ליבן שטעטל פּילעוו מיט אירע האַרציקע יידן ברייט ווי אַ רויע וואונד וואָס קען זיך שוין קיינמאָל נישט פאַרהיילן אין מיין האַרצן...

* * *

שפּעטער, צווישן די יאָרן 1924—1934, האָב איך זיך באַקאַנט מיט אַ סך מענטשן אין בעלגיע. דו קוקסט דאָרט אָן די מענטשן פון דער גרויסער וועלט, פון צענטראַל־אייראָפּע. שעפער פון קונסט, מאָלעריי, ליטעראַטור, געשיכטע, קולטור און לעבן. דו קוקסט זיך צו אין משך פון די יאָרן צום לעבן פון דעם פלעמישן פאָלק וואָס פרייען זיך מיטן פיזישן גענוס, מיט דער זינלעכער לעבנס־לוסטיקייט וואָס איז באַזונדערס אייגן און טיפּיש צו אַ פאָלק וואָס לעבט אין רעלאַטיווער זיכערקייט אויף זיין ערד, אויף זיין לאַנד, אין זיין וואַלד און געבערג, ביי זיינע פרישע, שמעקעדיקע קוואַלן און בשעת די רעגנס און שנייען דורך די סעזאָנען פונעם יאָר; און וואָס טרינקט די געשוואָלענע גאָנשערס מיט וויין פון זיינע אייגענע ווייגערטנער און וואַרעמט זיך בשעת די לאַנגע זומער־חדשים אין דעם אָפּשיין פון זיין אייגענער פלעמישער זון וואָס שיינט תמיד אויף זייער פערזענלעכן פענעץ ערד. און טראָץ די אָפטע נעפּלדיקע טעג און וואָלקנדיקע נעכט, טאַנצן זיי באַזויפענע און אָנגעטרונקענע מיט וויין, ווייב און געזאַנג בשעת זייערע קערמעסן (קאַרנאַוואַלן), וואָס דער מיטלאַלטערלעכער מאָלער ברויגל האָט געמאָלן מיט אַזאַ ראָסקאָש, מיט אַזאַ געזונטער פולקייט און זאַטקייט פון פאַרבן, פאַראייביקנדיק דעם הילכיקן יום־טוב און די לוסטיקע לעבנס־סעודה פונעם פולבלוטיקן פאָלק.

אמת, דאָס בעלגישע לאַנד ווערט דורך די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער ברוטאַל אָקופּירט דורך פרעמדע אַרמייען. עס ווערט באַהערשט און אונטערדריקט דורך אַלערליי רויבערישע מלוכות און אימפּעריעס, אָנפאַנגנדיק מיט די לעגיאָנען, מיט די רוימער פון יוליוש צעזאַרס צייטן אין יאָר 79 פאַר דער נייער צייט; מיט די שפּאַניער פון קעניג פיליפּ דעם צווייטן; מיט די האָלענדער, און שפּעטער מיט די גערמאַנער פון דעם קייזער ווילהעלם בשעת דער ערשטער וועלט מלחמה; מיט די תלינים פון

היטלער און גערינג. אָבער די אייגענע געטרייע ערד שלינגט סוף כל סוף איין די פוילנדיקע מתים פון די געמיינע שונאים און אויך די סקעלעטן פון די אייגענע קרבנות וואָס שטאַרבן אויס פון הונגער, מגפות און אונטערדריקונג. אין פרילינג ווען די ערד ווערט ווייך און די צווייגן פון די בוימער באַדעקן זיך כמעט איבער נאַכט מיט די פּאָנקעס (קנאָספּן) וואָס הויבן אָן צו גרינען מיט גרויס איידלקייט, קומען צוריק פון די ווייטע און זוניקע דרום־לענדער די באָטשאַנעס מיט זייערע דינע, הויכע פיס און שפּיציקע שנאָבלען, און זיי קרייזן אַרום די דעכער פון די הייזער און פון די הויכע און שלאַנקע ציפּרעסנבוימער אויף וועמענס צווייגנשפּיצן עס וואַרטן אויף זיי די אַלטע נעסטן וואָס זיי האָבן מיט פּיצלעך פּייכטן ליים, מיט צעבראָכענע שטרויעלעך און מיט אויסגעטרוקנטע בלעטער אויפגעבויט און געטריי צוזאַמענגעשטעלט פאַר זייערע קומענדיקע דורות. די מענטשלעכע הערשער, די אַרמייען און די שונאים שטאַרבן אויס. זיי ווערן פאַרגעסן און זייערעביינער ווערן מיט דער צייט פאַרלוירן אין שטויב. די ערד גרינט ווידער מיטן אומשטערבלעכן גראָז און דאָס פאָלק פאַרגעסט אויך זיינע נאַציאָנאַלע טראַגעדיעס אין דער וויינשענק אויף די ברעגעס פון טייכן און אין די טיפענישן פון די וועלדער און אין די פּרעכטיקע אַרדענענבערג און ווייך־גרינע טאָלן...

דו אַליין ביסט נאָך דעמאָלט יינג און היציק. דו מיינסט אין דיין נאַאיוויטעט אַז דו מוזט דווקא איבערענדערן דעם גאַנג און די סטרוקטור פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. דיין לעבן, אַזוי דוכט זיך דיר, הויבט זיך ערשט אָן און שיינט צו זיין גרויס פאַר דיין קליינעם אויג. די צוקונפט עפנט זיך אויף ברייטערהייט ביי דיינע קוים זעכצן יאָר אין בעלגיע ווי אַ פרישע און נאָך פייכטגעמאָלטע לאַנדשאַפט וואָס איז באַשאָטן מיט רויטע מאַקוואוקעס און מיט אָפּגעבראָכענע ברעקלעך זון ווי בראַנדז — טאַקע ווי יענע גרויסע לאַנדשאַפטן וואָס דו זעסט אויף די מאָלערייען בשעת דיינע באַזוכן אין די אַנטווערפענער, בריסעלער און ברוגער מוזעאומס. מיר דאַכט זיך אַז קיין שום פאָלק האָט קיינמאָל נישט געמאָלן אַזוי פיל טויזנטער מאָלערייען פון זייער באַליבטן לאַנד, פון זייער שטילע, רואיקע, אידילישע און פאַרטראַכטע פּאַנאָראַמעס, ווי די געבענטשטע פלעמישע לאַנדשאַפטס־מאָלערס. פון פלאַנדערנס נאַטור זיינען דיר שטיין געבליבן אין זכרון, און מעג איך צוגעבן: אויך אין האַרצן, יענע נעפּלדיקע פאַרנאַכטן וואָס פלעגן אַזוי טיף אַריינגיין אין מיין נשמה און מיך אַזוי אומעטיק מאַכן, און אויך אַזוי גליקלעך און פאָעטיש־רייך. איך פלעג שפּאַצירן אין די פאַרקן און פּילן ווי דער אָוונט נידערט איבער די טייכן און טאָלן, און אויף די בונטע בייטן מיט בלומען. יאָ, איך חזר איבער: דער פאַרנאַכט אין בעלגיע, באַזונדערס אין דעם מער אידילישן טייל פון פלאַנדערן, וואָס איז געבליבן שטיין אַזוי נישט־מאָדערן און דווקא אַלטפרענקיש און היסטאָריש ווי אין די צייטן פון רובענס און וואַן דייק, ציט מיך נאָך ביז היינט מיט אַזאַ מין שטאַרקער נאָסטאַלגיע...

יאָ, דו ביסט באַהערשט פון אַ רעוואָלוציאָנערן אימפּעט, ווי פריער געזאָגט, ממש איבערצובויען די וועגט פון דער וועלט; אַוועקצושטעלן אַ נייע רושטאָוואַניע; אַריינצושטעלן ברייטע פענצטער אין די הייזער און קאַמעניצעס ווען מענס קלאָרע שויבן זאָלן זיך עפענען ווי טעלעסקאָפּן צום קאָסמאָס, כדי איינצובייסן די ווייטסטע דיסטאַנצן. און דאָס אַלץ זאָלסטו רעאַליזירן מיט אַן אימפּעט ווי פון אַראָפּגעקומענע באַשעפענישן פון אַנדערע קאָסמישע ספערן, כאָטש דיין אייגענער לעבנס־דויער איז באַגרענעצט ביז צו די געבענטשטע שבעים, און איידער־וואָס און ווען ביסטו שוין אַן אַלטער ייד, אויב דער וואָס לעבט אייביק און לעבט איבער אַלע זיינע באַשעפענישן און באַשאַפונגען, און וואָס האָט טאַקע פאַר זיך גענומען די גאַנצע און גאָרע אייביקייט אונטער די שטערן, האָט מיט אַ סך גענאָד פאַר דיר באַוויליקט אַ לאַנג לעבן, בשעת ער לאָזט אומקומען אַ שלל מיט מענטשן יינגערהייט; בשעת מאַסן גאונישע נשמות מיט קרעפטיקע טאַלאַנטן, ממש אמתדיקע מעטעאָרן, ווערן אכזריותדיק אומגעבראַכט אין די פאַשיסטישע און קאָמוניסטישע תפיסות און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, געשאַפענע דורך נייע דיקטאַטאָרס און הענקערס און דורך כלערליי סאַדיסטישע קנעכט און נישטיקע אויסוואורפן וואָס זיינען גרייט פאַר אַ ביין אומצוברענגען גאונים און מענטשלעכע שטערן...

יאָ, דאָס לעבן איז טראָץ דער מענטשלעכער קורצקייט, זייער לאַנג און גרויס. אַזוי פילסטו בשעת דיינע שפּעריש מאָמענטן, און דו צווייפלסט קיינמאָל נישט דערינען. און כאָטש עס באַפאַלן דיך מיט דער צייט פאַרשידענע קראַנקהייטן וואָס באַדראָען ממש דיין פיזישע עקזיסטענץ און דו ביסט טאָג און נאַכט באַהערשט פון פחד פאַרן סוף פונעם מין מענטש, און דו זעסט אַרום דיר ווי עס פאַלן אום ווי די קלעצער אומצייליקע העלדן און אַפילו שטאַרקע כאַראַקטערן, און דו באַגלייטסט צו זייערע קברים אַ סך מענטשן וואָס זיינען געווען דיינע נאָענטע פריינד און פיל שטאַרקערע פון דיר. אָבער דו אַליין ביסט פאָרט געבליבן מוטיק און באַוואָפנט מיט גלויבן אינעם מענטש, און צוזאַמען מיט דיין גוטן שר מיט ווען מענס ליבשאַפט יעדער מענטש איז באַשאָנקען פון זיין גורל, שטייסטו אין שטוינונג פאַר די כוחות פון דער וועלט. אָט אַזאַ מין שיכורע אילוזיע פאַרמאָגט דאָס נאַאיווע באַשעפעניש וואָס איז באַקרוינט מיט יוגנט, און וואָס איז די רייכסטע פּאָעזיע אין דער נאַטור. נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק האָט דעם דאָזיקן געדאַנק צום שענסטן אויסגעדרוקט אַ גרויסער גריכישער חכם, אַריסטאָטעל: „פון גאָר די וואונדוירים אין דעם אוניווערס, איז די סאַמע גרעסטע דער מענטש...״

און דערנאָך שפרייזטו אַריבער דעם אַטלאַנטישן ים מיטן פערצנטאָניקן ריזנשיף „וועסטערנלאַנד״ בשעת דעם סוף פונעם יאָר 1934. דו זעסט ווי אַזוי יינגע מענטשן און אַפילו מיטליאָריקע פירן זיך אויף לויט זייערע פרייע געפילן, זייערער אינסטינקטן, זייערע

לײדנשאַפטן, װען די כװאַליעס פון ים שענקען זײ אויף אַ קורצע צײַט די אילוזיע אַז זײ זײַנען באַפליגלטע באַשעפענישן און אויך אויפגעבונדן פון אַלע פאַרבאָטן און באַגרענעצונגען. בײַם סוף פון דײַן נסיעה ביסטו שוין װידער מיד, טרויעריק און דערשלאָגן. אַפילו דאָס קלײנע דאַך־שטיבל מיט דער לבנה צוקאָפּנס האָט דיר געשאָנקען חלומות און פרײַהײט צו שרײַבן, צו לעבן דײַן אײגן לעבן. דו זעסט װידער דײַנע עלטערן נאָך גאַנצע צען יאָר אָפּװעזנקײט אין אײראָפּע. דו זעסט דײַן פאַמיליע װאָס איז געװאָרן עלטער. דײַנע טאַטע־מאַמע, דײַנע ברודער און שװעסטער נײגן זיך צו דער זײַט פונעם זון־אונטערגאַנג. אַזױ װי דיך האָט דער גורל אָדער גאָט אויסדערװײלט צו זײַן דער ײנגסטער פון דײַן משפּחה, לעבסטו זײ מיט צײַט און זון אַלעמען אַריבער און דו זאָגסט קדיש דער סאַמע לעצטער איבער זײערע קברים בשעת זײערע לװיות. אַגב דערקענסטו נישט אין פיונעראַל־הײם דײַנע אײגענע. זײ זײַנען פאַרװאַנדלט געװאָרן צו עפּעס געלע, אַלטע און פרעמדע מענטשן. נישט טראַכטנדיק אַז יענע װאָס פאַרלאָזן דאָס פיזישע לעבן, ענדערן זיך מוראדיק גיך, און זײ קריגן פּורפּורענע קאָלירן, פלעג איך זײַן זיכער אַז מען האָט פאַרטױשט די גופים פון מײַנע קרובים װאָס גײען אַהײם צו גאָט אין גן־עדן. איך רוף צו אַ חברה־קדישא באַאַמטן און איך װײַז אים אָן מיט ערנסטן זאָרג אַז מען האָט אויסגעטױשט דעם גוף פון מײַן ברודער, פון מײַנס אַ שװעסטער, פון אַ שװעגערין, פון דער מאַמע. אַ סימן: זי טראָגט נישט מער די גאָלדענע אױרינגלעך װאָס זי האָט געטראָגן בשעת איר גאַנצן לעבן, זינט איר חתונה אָן. און אויב עס איז שוין דװקא יאָ מײַן מוטערס טײַערער גוף, װי דער באַאַמטער פאַרזיכערט מיך, טאָ װער האָט צוגעגנבעט אירע אײדעלע און אַלטמאָדישע אױרינגלעך װאָס זי האָט נאָך געטראָגן בײַ דער חתונה מיטן טאַטן אין דעם יאָר 1881, װען די פּאַנאַטישע רעװאָלוציאָנערן האָבן דערהרגעט אין פּעטערבורג דעם סימפּאַטישן און ליבעראַלן צאַר אין רוסלאַנד, אַלעקסאַנדער דעם צװײטן, װאָס האָט אָפּגעשאַפן „פּאַנשטשיזנע" (קנעכטשאַפט) און האָט געחלומט פון רעפאָרמען פאַרן אָרעמען רוסישן פאָלק...

יאָ, דו בלײַבסט שטײן אין דער װעלט אינגאַנצן אַלײן. אָבער דו ביסט פאַרקאָכט אין דעם הײסן שרײַבן דײַנס. ײדיש גײט נישט מער באַרג אַרױפּצו, זאָגן דיר דײַנע קאָלעגן װאָס זײַנען מיט רעכט באַזאָרגט אָעגן דעם אומעטיקן מצב פון דער ײדישער קולטור. אָבער דו אַלײן ביסט פול באַלאָדן מיט עפּעס אַזאַ מוראדיקן אימפּעט אין דײַן שפּעט־בײַנאַכטישע שרײַבן אַפילו פאַר גרױע שאָטנס, אַפילו פאַר גײַסטער. דו האָסט ממש גאָרנישט קײן צײַט צו טראַכטן װעגן דער טראַגישער צוקונפט פון אַ קולטור אויף װעמענס מזבחות גרױסע פערזענלעכקײטן האָבן מקריב געװען זײערע קעפּ. שעפערישע מענטשן זײַנען בלויז אימשטאַנד ממש בלידערהײט צו שאַפן. אָבער זײ זײַנען נישט אימשטאַנד צו טראָגן אויף זײערע שװאַכע פּלײצעס די ריזיקע משא פון זײערע שאַפונגען. דו ביסט

איינציק און אַליין באַצוואונגען און באַזעסן פונעם אומגעוויינלעכן דראַנג צו שרייבן, צו דערציילן, צו פאַרצייכענען אַ שטראָם מיט זכרונות, אַ וואַלד מיט מענטשן, אַ ים מיט איבערלעבענישן, אַ שלל מיט געדאַנקען, רעפלעקסן און שטימונגען. דיין גאַנץ שרייבן איז איין לאַנגער טאָג־בוך, אין וועלכע די נאַכט־שעהן דאָמינירן. בייטאָג זעסטו און קוקסטו אָן די וועלט, מאַסן מיט פיגורן און פנימער וואָס גייען פאַרביי פאַר דיר אויף קיינמאָל ווידער נישט אָנצוקוקן אין דיין לעבן, סיידן אפשר אויף יענער וועלט, כדי ביינאַכט ווען די שעהן פון שרייבן קומען צו גיין צו דיר מיט אַזאַ מין הונגער און מאַכט, ווען זיי צו טראַכטן, און די מער־איינדרוקספולע מענטשן אַריינצושטעלן אין דיין זכרון אָדער גייסטיקן מוזעאום, פון וועלכן דו וועסט זיי אפשר ווען עס איז ווידער אַרויסנעמען, ווען זיי וועלן צייטיק ווערן קינסטלעריש צו באַהאַנדלען. יאָ, ביינאַכט ביסטו דער קעניג פון דיין וואָרט. דיין ביינאַכטיש שרייבן איז איין אומענדלעכע אימפּרעסיע פון געשעענישן, פאַרזאַמלונגען, אויסשטעלונגען אין קונסט־סאַלדאַטן; פון מאָלצייטן אין רעסטאָראַציעס, פאָרשטעלונגען אין טעאַטערן; רוישיקע גאַסן, עווענייוס און בולוואַרן וואו מאַסן מענטשן מאַרשירן אַהין און צוריק ווייל דער גרויסער כישופמאַכער: דער פרילינג האָט זיי אַרויסגעגאַרט מיטן זון־גלאָק פון די שטיבער, פון די בעטן, פון די שרייב־טישן. די פרויען ווערן בייז פאַרוואָס די מאַנצלייט מיט די קינדער האָבן זיי געפאַנגען און אַרעסטירט אויף אַ גאַנץ לעבן און זיי ממש געקאָוועט אין קופערנע קייטן. בייטאָג איז דיין שפּאַציר אויף דער מעדיסאָן אָדער פינפטער עווניו, לענגאויס די צירונג־געשעפטן און דעם ראָמאַנטישן צענטראַל־פּאַרק, צוזאַמען מיט די מאַסנפּראָצעסיעס פון ממש גאַנצע מענטשהייטן, אַן אַנטלויף פון די געלייענטע ביכער דורכן לאַנגען קאַלטן ווינטער; אַ ויברח פון דערקענטעניש, באַנקעטן, דעמאָנסטראַציעס און צייטונג־קיאָסקן מיט די מלחמה־נייעסן און טעראָר־גרוילן. דו שפּאַצירסט מיט אַן אימפּעט פון דעם גרויסן און שטורמדיקן לעבן צוזאַמען מיט אַזעלכע טויזנטער מענטשן ווי דו אַליין; אינדיווידן וואָס זיינען אין איילעניש אַרויסגעלאָפן פון דער דזשאָנגלדיקערווירקלעכקייט אין קאָסמאָס אַריין צום פרילינג וואָס קישט דיך מיט וואַרעמע ליפּן וואָס שעפּטשן: ליבע! ליבע! ליבע!

און דערנאָך וואַקסן אויס סנאָפּעס מיט מאַנוסקריפּטן. זיילן פון דיינע שאַפונגען, וואָס זיינען הייס פון דעם אימפּעט מיט וועלכן דו האָסט איינגעשטילט אויף אַ ווייַלע דעם הונגער און דאָרשט פון דיינע טויזנטער שורות... דו ווילסט פאַרעפנטלעכן דיינע ווערק וואָס וועלן אפשר אַמאָל שטיין אויף די פּאָליצעס פון פּריוואַטע היימען און הייזער; וואָס וועלן צירן מיט דיין נאָמען און טיטולן פון די ביכער די ביבליאָטעקן, און זיי וועלן זאַמלען שטויב. ערשט אויף דער עלטער הויבן דיך אָן צו פּייניקן די פּראָבלעמען פון דיין פאָלקס־קולטור און דער רייכער ליטעראַטור. דו דערקענסט אויך אין די ליטעראַרישע קיבעצאַרניעס די סביבה פון

שרייבער מיט אַלע זייערע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן; מיט זייער עגאָצענטרישקייט און יחידישקייט; מיט זייערע בלינדקייטן צו די אייגענע פעלערן און זייער קנאה צו די מעלות פון אַנדערע קאָלעגן. דו וואונדערסט דיך אויף זייערע באַגער צו רום, צו כבוד, צו קריגן לויבנדיקע רעצענזיעס; זייער אימפּעט און אַמביציע איבערצושטייגן איינער איבערן אַנדערן. אָבער דאָס אַלץ, זען זיי נישט איין, איז בלויז אַן אילוזיע; אַ בית עולם וואו עס שלאָפן אין די קברים פעסט פאַרקאָוועט אונטער פאַרטרוקנטע פלאַסטן מיט ליים און אונטער גראַניטע מצבות די פאַרלוירענע האָפענונגען, ווי עס זאָגט זיך אומגעפער אין אַ שפּריכוואָרט. ווען דו ווערסט מיד און אַלט, ערשט דעמאָלט פאַרטראַכסטו דיך אין דעם אָוונטיקן טונקל פון דיין לעבן לעבן וועגן דעם גורל פון דיינע בערג מיט שאַפונגען. דו ווערסט מרה־שחורהדיק געשטימט טראַכטנדיק וועגן דעם פערזענלעכן אומפאַרמיידלעכן אומקום און וועגן דעם פאַרוואַנדלט ווערן פון אַ לעבעדיקער קולטור אין געלע און אין פאַרטרוקנטע שיימעס און „דאָקומענטן" פון אַן עפּאָכע פאַרן ווײלבאַקאַנטן „קומעדיקן היסטאָריקער" וואָס וועט מסתמא קיינמאָל נישט קומען אַזוי ווי משיח אײלט זיך נישט צו קומען...

דו לייענסט שפּעט ביינאַכט אין דעם ספר קהלת און דו טראַכסט אַזאַ אומעטיקער: יענער קייסער איז באמת געווען דער סאַמע קלוגסטער מענטש אין דער גאַנצער וועלט. ער האָט נאָך מיט עטלעכע טויזנט יאָר צוריק אָנגעשריבן אַ קליינטשיק ספרל וואָס איז דער גאָרער סך־הכול פון דעם לעבן פון אַלע מענטשן, פון פילע פעלקער, דורות און צייטן. עס איז דער קווינט־עסענץ פון דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור. און יענער קייסער האָט, פאַרשטייט זיך, דיך אויך אינזינען געהאַט. יענער מלך האָט דיך ממש גרינטלעך און אינטים געקענט. ער האָט אַריינגעקוקט טיפער ווי זיגמונד פרויד, ווי אַרטור שאָפּנהויער און ווי אָטאָ ווייניגער אין דעם פינצטערן תהום פון דיין נשמה. ער האָט געזען דיינע טריט און דיין גאַנצן גאַנג איבערן פלאַנעט דורך צייט און זון. ער האָט טאַקע דיך אַליין געטרי אַריינגעשריבן ממש ווי מיט בלוטיקן טינט אין זיין ספר. ער האָט צו דיר גערעדט פון זיין קליינעם בוך אַרויס מיט אייזערנע, מיט פּירכטערלעכע אמתן...

שפּעטער קומען דיינע דריי יאָר צייט פאַרברענגען אין ספּיוואַק־סאַנאַטאָריע, אין דענווער. ווי לייוויק האָסטו אויך געוואָלט אָנשרייבן אַ גאַנצן און גרויס בוך וועגן אַלע יענע פּאַציענטן, דאָקטוירים, דענטיסטן, קראַנקנשוועסטערן, פריינד, געסט, באַדינערס, קוכאַרזשעס און אַ סך אַנדערע מענטשן אין ספּיוואַק. און שפּעטער קומסטו צוריק קיין ניו־יאָרק און דו זיצט יאָרנלאַנג אין „קאַפע מילער" און איבערהויפּט אין דעם „קאַפע ראָיאַל". דו זעסט אַ סך יידישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען. דו קומסט צו הונדערטער קולטור־פאַרזאַמלונגען. דו באַקענטסט זיך מיט כמעט די מערסטע יידישע שרייבער. אַזוי פיל מענטשלעכע פּנימער און

פּערזענלעכקייטן גייען אַריין אין דיין זכרון, אין דיין האַרץ און נשמה. מיטן גאַנג פון די יאָרן האָסטו געזען דאָס אויפגיין און אונטערגיין פון ממש אַ גאַנצער יידישער וועלט. און וועגן יעדער פון די דערמאָנטע פריאָדן אין דיין לעבן קענסטו אָנשרייבן גאַנצע בענדער מיט זכרונות. און ערשט נאָכדעם שטייסטו ווידער ביים סאַמע אָנהויב. און דער בריענדיקער אַפּעטיט צום לעבן און צום שאַפן ווערט קיינמאָל אין דיר נישט איינגעשטילט...

מיט די פאַרצייכענונגען אין מיין איצטיקן בוך האָב איך קוים אָנגערירט ווי בלויז מיטן נאָגל אַ נישטיקן טייל פון מיינע געדענקענישן וועגן די מענטשן פון מיינע פריערדיקע טעג, שפּעטע נעכט און אַלטע יאָרן. און פּונקט ווי לייוויק, וועל איך שוין אויך דאָס בוך וועגן דעם ספּיוואַק־סאַנאַטאָריום, וואָס לייוויק האָט אָנגערופן „לידער פון גן עדן", מסתמא מער נישט אָנשרייבן. דער אַפּעטיט, ווי שוין געזאָגט, צום שרייבן איז גרויס און נאָך אַלץ סאַדיסטיש־שטאַרק. אָבער די פּעדער איז שוין אַביסל מידלעך. זי האָט ווייזט אויס שרייבעריש אַ סך געזינדיקט. דו האָסט אַרומגעטראָגן אַן אוצר און דו האָסט מיט אים אפשר ווילדערהייט געשפּילט אין אַלע ווינקעלערן און קרעטשמעס. איז דען נישט בעסער אָנצושרייבן בלויז איין און איינציק בוך ווי סערוואַנטעס, ווי געטע, ווי שאַרל באָדלער, אָדער טאַקע ווי דער קעניג קהלת, און צו בלייבן אומשטערבלעך ?!

שרייבנדיק וועגן די דאָזיקע ענינים וואָס גייען אונדז שטאַרק אָן באַזונדערס דעמאָלט ווען מיר שפּאַצירן אַריין אין די שפּעטע יאָרן פון אונדזערע לעבנס, דערמאָן איך זיך אַ געוויסן פאַן פאַסיווע, אַן עלטערן מענטש וואָס פלעגט אַריינקומען צו אונדז בשעת די ביינאַכטישע שעהן כדי מיט אונדז צו שמועסן און געמיטלעך צו טרינקען טיי. ער איז געווען פון פראַנצויזישער אָפּשטאַמונג, און וועמענס זיידע און באָבע זיינען געקומען קיין פּוילן צוזאַמען מיט זייערע קינדער בשעת דעם אויסברוך פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אַנטלויפנדיק מיט זיין פאַמיליע פון דער גיליאָטינע. מיט דער צייט האָט זיך דער פאַן פאַסיווע פּאָלאָניזירט. אָבער ער האָט נאָך אַלץ געלייענט און שטודירט די פראַנצויזישע שרייבער, און ער איז בכלל געווען אַ מענטש פון דער ברייטער וועלט, פאַרמאָגנדיק קולטור און אַ הונגער צו פאָרשן, זוכן און טאָג און נאַכט צו לייענען קלאַסישע ליטעראַטור. ער פלעגט אַ סך דערציילן פון זיין אייגענעם אַוואַנטוריסטישן לעבן און וועגן דעם לעבן און די סביבה פון זיינע עלטערן און אַריסטאָקראַטישע זיידעס וואָס זיינען באַגראָבן געוואָרן אָן זייערע חשובע און ווייס־פּאַרוקירטע קעפּ...

איינמאָל אין אַן אָוונט, געדענק איך, נאָכן האָבן אויסגעטרונקען עטלעכע גלעזער טיי מיט ציטרין, און מסתמא אויך אַ פּסחדיק באַגילדעט בעכערל מיט ניינציקער ספּירט (בראָנפן), האָט ער אונדז דערציילט וועגן איינעם אַ וואַנדערער וואָס האָט אין משך פון זיין גאַנצן לעבן געזוכט

געווינסן, געפינסן און אוצרות. עס האָט נעמלעך געטראָפן אַז גייענדיק איינמאָל איבער אַ ווילדן און פאַרוואַקסענעם וועג האָט ער ווירקלעך געפונען אַלערליי שטיקלעך צירונג וואָס איינער אַ פירשט מיט זיינע דאַמען זאָל האָבן מסתמא פאַרלוירן, פאָרנדיק מיט זיין קאַרעטע בשעת אַ שטורעם. דער וואַנדערער איז געגאַנגען אַן איינזאַמער און ווי פאַרכישופטער אויפן דאָזיקן וועג דורך דער גאַנצער נאַכט אין אָפּשיין פון דער לבנה וואָס האָט העל באַלויכטן זיין אַליייניקן גאַנג און זיינע פאַנטאַסטישן געפינסן. ער איז שוין אָבער געוואָרן שרעקלעך מיד פונעם כסדרדיקן זיך איינבויגן צו דער נידער און קלייבן די אוצרות. די קשענעס פון זיינע אַלטע בגדים זיינען שוין געווען שווער ווי זיי וואָלטן באַלאָדן געוואָרן מיטן קופּער און אייזן. צום סוף איז ער געבליבן ליגן נעבן אַ ברונעם און צופוסנס פון אַ דיקן אַלטן דעמב מיט שווערע און געדיכטע צווייגן, און ער איז אַ גליקלעכער איינגעשלאָפן פונעם געדאַנק וואָס ער האָט באַוויזן דורך דער נאַכט אָנצוזאַמלען אַזויפיל פאַנטאַסטישע אוצרות...

אין דעם גאָר פריען באַגינען ווען דער פלוצלינג רייך־געוואָרענער וואַנדערער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין טיפן און שווערן שלאָף, האָט שוין די זון געשפריצט מיט פייער. די שפיצן פון די בוימער זיינען באַלויכטן געוואָרן און די גאַנצע נאַטור איז אויפגעגאַנגען רייך און דערפרישט מיט נייע כוחות. דער וואַנדערער האָט זיך איצט ווידער אַרומגעטאַפּט כדי אָנצורירן מיט פרייד זיין געפונענעם עשירות. ערשט ער זעט צו זיין דערשטוינונג און פחד ווי די ווערם קריכן אַרום אויפן וועג און איבער די אַרומיקע פעלדער. אויך זיינע קעשענעס זיינען געווען אָנגעשטאָפּט מיט ווערם. די אינסעקטן האָבן אים אויך צעביסן דאָס לייב. דער בעטלער וואָס איז ביינאַכט געוואָרן אַזוי רייך ווי דער לעגענדאַרער קייסער מידאַס איז שוין איצט געווען דער אָרעמסטער מענטש אין דער גאַנצער וועלט. ער האָט אָנגעהויבן צו לויפן ווי אַ משוגענער, זוכנדיק אַנטרינען צו ווערן פון די מאַסן ווערם וואָס זיינען געווען הונגעריק. אַגב האָבן אים די ווערם געגעסן ווייל זיי זיינען אויך געווען אין אים, אין זיין לייב און געדערים. ער האָט פון די ווערם נישט מער געקענט אַנטרינען. ער איז געוואָרן זייער פאַטאַלער קרבן...

פאַן פאַסוויע מיט דער געלבלעך אָפּגעצויגענער און זיידענער הויט אויפן פנים, אויסזעענדיק ווי אַ נזיר, אַן אַסקעט, האָט געזופּט די טראָפּנס פון דעם זיסן גלעזל טיי, האַלטנדיק אונטערן צונג דאָס קלעצל צוקער. ער האָט סיי געוויינט און סיי גליקזעליש געשמייכלט. די רוסישע אַרמיי, פאַרלאָזינדיק פוילן, האָט אים געהאַט מיטגעפירט מיט אירע אַרמיי־אָבאָזן אַזש ביז מאָסקווע. ער האָט געהאַט אַ פרוי מיט קינדער. זיי זיינען אָבער אַלע אויסגעשטאָרבן פון הונגער, טיפוס און אַנדערע מגפות בשעת די וואַנדערונגען אין דעם לעצטן פעריאָד פון דעם צאַרישן רוסלאַנד. ער אַליין איז קוים צוריקגעקומען מיט די בעבעכעס, שוין אַ קראַנקער און עלנטער מענטש. שפּעט ביינאַכט, זיצנדיק ביי אונדז, האָט ער פאַרענדיקט

צו טרינקען דאָס גלעזל טיי. אַ לעצטער טראָפּן ווײַן איז נאָך פּינקלענדיקערהייט געשטאַנען אויפן דנאָ פונעם גלעזערנעם כוס ווי אַ גאָלדן אויג... דאָס קלעצל צוקער איז שוין זינט לאַנג געהאַט צעגאַנגען אונטער זײַן צונג. ער האָט נאָך דערצו אַ סך געררויכערט און נאָך יעדער ציגאַרעט איז געבליבן ליגן אינעם זילבערנעם טעצעלע דאָס גרויע אַש וואָס ער פלעגט אָפּשאָקלען פונעם בורשטיניקן פּאַפּיראָס־האַלטער. בשעת ער האָט אַזוי אָפּגעקלאַפּט דאָס אַש פונעם פּיטעם, האָב איך באַטראַכט זײַנע דינע פינגער וואָס זײַנען געווען פּאַרפלעקט מיטן זשאַווער פון זײַן שפּעטער עלטער. מיר האָט זיך געדאַכט אַז אין איינער אַ נאַכט וועט ער זיך פּשוט און מענטשלעך צעפאַלן נאָך אַלץ זיצנדיק בײַ אונדז אין שטוב אין דער אַלטער און לעצטער פּאָטעל וואָס איז איבערגעבליבן פון אונדזער גאַנצן מעבל און פאַרמעגן ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט צו אונדזער געוועזענער היים נאָך די מלחמה־יאָרן אין 1918...

יאָ, פּאַן פּאַסוויע וועט זיך אינגאַנצן צעפאַלן און זיך אויסשיטן אין אַש איבער דער פּאָדלאָגע. אינעם בערגעלע מיט אַש וועלן זיך איצט בלויז אָנזען די גילדערנע סיגנעטן פון זײַנע פינגער. די בראָנדזענע קייט מיטן „זעניט"־זייגערל וועט ווייטער גיין און קלאַפּן מיט צייט און מיט נאַכט. דער דורכזיכטיקער בורשטין פונעם פּאַפּיראָסן־האַלטער וועט לבנהדיק לויכטן אין אָפּשײַן פונעם לאָמפּ. מ'סיע פּאַסוויע וועט מער נישט קומען אינמיטן נאַכט צו אונדז מיט דער פאַרשנייטער פּלייצע פונעם פּוילישן שניי־שטורעם, און ער וועט אויך מער נישט דערציילן זײַנע פאַנטאַסטישע מעשיות וועגן דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע: ווי אַזוי די איידעלע שאַרלאָט דע קאָרדיי האָט דערשטאָכן דעם פאַנאַטישן מאַראַט אין דער וואַנע און ווי די קייסערינע מאַריאַ אַנטואַנעט האָט גייענדיק צום טויט געלאָזן אָפּרינען אויף די טרעפּלעך פונעם עקזעקוציע־געשטעל איר יורין אויס פּחד פאַרן בלויען מעסער פון דער גיליאָטינע...

פּאַן פּאַסוויע האָט זיך מיט אונדז פרײַנדלעך געזעגנט און מער האָבן מיר אים נישט געזען פאַר אונדזערע אויגן. ער האָט ווייזט אויס פון די ווערם, פּונקט ווי יענער וואַנדערער, אויך נישט געקענט אַנטרינען. ער האָט אונדז אייגנטלעך דערציילט בשעת די שפּעטע נאַכט־שעהן די געשיכטע פון זײַן אייגן לעבן, אויב נישט פון יעדן איינציקן מענטשנס לעבן וואָס ווערט סוף כל סוף פאַרוואַנדלט צו אַש און שטויב...

## מענטשן און מעוון בײַם ים

ווען קאַרמען די קובאַנערין רעדט אַזאַ אויפגערעגטע, איז זי דווקא רייצנדיק שיין. זי באַגלייט אירע הייסע רייד מיט עראָטישע באַוועגונגען ווי אַ שמאַראַגדענע שלאַנג, און זי איז עפּעס פול מיט אַ זעלטענער פּאָעזיע. געוויינלעך איז זי אַ פּרימיטיווע פרוי, די טאָכטער פון אַ אָרעמער שפּאַנישער פאַמיליע אין האַוואַנאַ. דער פאָטער, אַ סטאָלאַרזש, האָט בשעת די נעכט אויפגעקלאַפּט טרומנעס. בייטאָג האָט ער געאַרבעט אין אַ

ווערקשטאַדט. קאַרמענס ערלעכקייט שטראַלט אָפּ פון איר פּנים ווי דער אמת אַליין, ממש אַ פּויערישע ערלעכקייט. איך קוק נאָך אירע זשעסטן, איר חנעוודיקע קאָקעטישקייט. יעדעס מאָל ווען איך באַגעגן זי ביים ברעג פון ים, טראַכט איך אויפדאָסניי: ניין, איך האָב זי ביז איצט נישט געקענט. זי ענדערט אירע שטימונגען ווי דאָס וועטער ביים ים ווען די זון גייט אויף אָדער ווען זי גייט אונטער צווישן די גרויע וואָלקנס. זי טוישט אירע חנדלעך ווי די פאַרבן פון די ווייבערישע קליידלעך און בלוזקעס. זי דערשיינט יעדעס מאָל ווי אַן אַנדערע פרוי, אַן אַקטריסע אַזאַ אינעם לעבנס־טעאַטער. זי טראָגט אין זיך, ווייזט אויס, עטלעכע קאַרמענס. זי טוישט די ווייבלעכע קאָקעטקעס אין זיך שנעל און געשווינד, לויטן טיף פון די מאַנצלייט וועלכע זי באַגעגנט. אָט דאַכט זיך מיר אַז זי איז אַ נאָבעלער כאַראַקטער, פול מיט מיטלייד צו די אָרעמע און קראַנקע מענטשן. איך בין איבערצייגט אַז זי האָט ליב מענטשן. זי ברענגט צו די עלטערע און מידע פרויען מתנות פון שטאָט. זי וואַרפט זיך מיט זיסקייטן, מיט נאַשוואַרגן צו די קינדער פון די קבצנים. אָבער אָט קומט זי אַרויס פון איר שטוב אַזוי שטאַרק, ממש שטייניק־האַרט ווי אַ פעלדז. זי פאַרמאָגט נישט, אַזוי זאָגט זי אַליין, קיין שום רחמנות אויף יענעמס בלוט־טריפנדיקע וואונדן. זי קישט זיך מיט יעדער פרוי וועמען זי באַגעגנט. אָבער נאָכן אָפּרעדן, אָפּלאַכן און אָנפּלאָטקעווון אויף אירע שכנים, קאָרטשעט זי זיך איין אין זיך. זי לויפט אַוועק צו די נאָענטע פעלדזן וואָס שווייגן שוין זינט מיליאָנען יאָרן. זי לייגט זיך אַוועק און ווערט ממש אַ פעלז, ווי איינע פון זיי. כמעט אַ שטיק קאַלטער גראַניט וואָס ווערט פאַרפרוירן און פאַרגליווערט אין אַ רגע, ווי זי וואָלט מיד געוואָרן פון די שלאַקס־רעגנס, הוראַגאַנען און שטורעמס ביים ים זינט צען מיליאָן יאָר... זי איז מיד צו זיין פרוי, פאַרפירערן, די רייצנדיקע קראַמען אין דער געזעלשאַפט פון שמוגלערס, רויבערס און אָפיצירן. די גרופּע נאַקעטע פעלדזן זיינען איר אמתדיקע געזעלשאַפט. זי איז איינע פון זיי...

נעכטן פאַרנאַכט נאָכן רעגן ביים ים איז פּלוצלינג צוריק אויפגעגאַנגען די זון אַזוי ווי גאָרנישט וואָלט געשען. זי האָט אָנגעטאָן אין גאָלד־שאַלן אַלע כוואַליעס וואָס האָבן אָבער דער זונס אוצרות אַראָפּגעטראָגן צום אָפּגרונט און נייע כוואַליעס זיינען אויפגעקומען כדי צו טרינקען דער זונס אָפּגעקילט און בין־השמשותדיק פייער אַזוי ווי שאַמפּאַניער. עס לאָזט זיך אויס לויט קאַרמענס גיכע און נערוועזע רייד, ענלעך צו דעם שיפּן פון אַ פלאַשער שלאַנג אַז איר איצטיקער יידישער מאַן מיט וועמען זי איז אַגב לעצטנס דערשיידט, אָבער מיט וועמען זי באַגעגנט זיך פונדעסטוועגן יעדן זונטיק, ווען ער איז פריי פון דער אַרבעט אין זיין גאָלדשמידערײ־געשעפט, איז אַ שלימזל, אַ היפּשער טויגעניכטס, אַ פוילער „פּעיפּער", אַ קאַרגער פּאַסאַזשיר, אַ בעל־כעסן און דער עיקר — אַ היפּשער דאָן זשואַן אויך. זי דערציילט מיר אַז אָפּטמאָל, ווען עס

באַפאַלט אים די ניכפּה, שלאָגט ער זי, שעלט זי דווקא אויף לשון־קודש. ער פאַרמאָגט אַ גאַנצן וואָקאַבולאַר אָדער אַן אוצר מיט געגנוג שטאַרקע און אַלטמאָדישע קללות וואָס ער האָט געירשנט פון זיין עלטער־באָבע, און זי אַליין, פאַרקויפנדיק פאַלשע צירונגען אין אַ באַזאַר פון איסטאַנבול, האָט זי געירשנט פון אירע באָבעס און פון אַנדערע ווייבער פון די פריערדיקע דורות. אָבער זי, קאַרמען, קומט נישט אָפּ חלילה מיט שהי־פּהי. פאַרקערט: זי שלאָגט אים יעדעס מאָל צוריק און זי ווערט זיך פון זיינע פעסטע פויסטן און מעכטיקע קללות. זי שטייט אַוודאי נישט אָפּ וואָס שייך די געשליפענע שפּראַך פון שעלטן אים, און פאַראייניגט אויף זיין פריערדיק ווייב, אויף שפּאַניש. אירע קללות שניידן ממש דאָס לייב ווי מיט מעסערס. דאָס זיינען קללות וואָס ממש גאַנצע דורות אין זייערע היימען, אויף די באַזאַרן, אין די געוועלבן און מאַרק־פּלעצער פון באַגדאַד, קאַיראָ און אַפילו פון ירושלים האָבן אויסגעהעמערט און גלענצנדיק געשליפן, אַזש ביז צו ליטעראַרישער מייסטערשאַפט. אויך ווער איך געוואויר פון אירע רייד אַז אַזוי גיך ווי איר מאַן, דער ספרדי פון סאַלאָניקי, צעקריגט זיך מיט איר, מיט קאַרמען, רופט ער תיכף אָפּ אויפן טעלעפאָן זיין יידישע מוטער, און דאָס עלטערע מאַמעלע, אַ קליינס אַזאַ, אַן איינגעהויקערטס, מיט בראַסלעטן אויף אירע הענטלעך וואָס זיינען נישט מער ווי הויט און ביין, קומט באַלד אָנצולויפן אַזש פון די בראָנקס כדי מכלומרשט צו מאַכן שלום צווישן דעם פּאָרפאָלק און דער עיקר: צו פאַרטיידיקן איר איינציקן זון. אָבער ער, דער ספרדי מנשה בן יצחק, לאָזט שטיין אינמיטן נאַכט ביידע ווייבער, ווי אויך דעם פלאַפּלענדיקן רויטן קאַנאַרעק אין שטייג וואָס מישט זיך מיט זיין קוויטשיקן קול אַריין אין דער קריגעריי, און ער לויפט צוריק אַוועק צו זיין פריערדיקן ווייב וועמען ער האָט נאָך אַלץ ליב און וואָס איז ביי אים אויך נישט געווען די ערשטע, אַזוי זאָגט קאַרמען מיט שוים אויף אירע שטאַרק־געראָזשטע ליפּן...

כמעט יעדן זונטיק טרעף איך אָן איר מאַן ביים ים. ער הייסט, ווי שוין געזאָגט, מנשה בן יצחק, און ער שטאַמט אָפּ, אַזוי פאַרזיכערט ער, פון ספאַרדישע יידן וואָס האָבן איינגעוואַנדערט קיין סמירנאַ, גריכנלאַנד, נאָך אין דער צייט פון דער שפּאַנישע אינקוויזיציע. זיינס אַן עלטער־זיידע האָט געלאָזט גיסן די גאָלדענע מטבעות פאַרן קייסער אַליין, וואָס האָט געהאַט גרויס צוטרוי צו אים און צו די מענטשן אין זיין מינצעריי, אויך יידן אַזש פון די צייטן און דורות פון דוד המלך. אַגב שעמט ער זיך נישט מודה צו זיין אַז דער עלטער־זיידע זיינער איז געווען אַן אָנהענגער און חסיד פון דעם פאַלשן משיח שבתי צבי. מנשה אַליין איז אַביסל אַ שטומער, אַ כבד־פּהניק. קוים מיט צרות וואָס ער באַוויייזט אַדורכצושטופּן אַ לייטיש וואָרט מיט זיין געשלאָגענער צונג דורך די גאָל־פּוילנדיקע ציין, באַזונדערס ווען ער איז אויפגערעגט. אָבער ער מאַכט אויף מיר דווקא איין איינדרוק פון אַ שטילן, רואיקן און ערלעכן מענטש. קאַרמען דאַקעגן

איז גרייט צו שווערן מיט אַ האַרבע שבועה אַז ער האָט גאַנצע צוויי געליבטע, אויסער זיין ערשטן ווייב, מאָניקאַ, אַ פראַנצויזיקע פון באַסקישער אָפּשטאַמונג, צו וועמען ער גיט אַוועק דעם גרעסטן חלק פון זיינע וועכנטלעכע פאַרדינסטן. איך גלויב עס קוים אויף אים, אויף דעם דווקא שטילינקן מענטשל. אַצינד גייען זיי ביידע, קאַרמען און מנשה, זיך באָדן אין ים אַריין, בשעת זי, איצט אַזאַ גוטמוטיקער און דאַנקבאַרע צו איר געשיידטן מאַן, שלאָגט אים, קנייפּט אים, רייסט פון אים ממש שטיקער, מכלומרשט גוטמוטיקערהייט, שוין אַפילו ווען זיי זיינען ביידע אַרומגערינגלט פון די שוימיקע כוואַליעס. ער רעדט לשון־קודש און פראַנצויזיש אויך ווי די מערסטע ספרדישע יידן. מיט קאַרמען לעבט ער שוין זינט אַ פינף אָדער זעקס יאָר. קיין חופּה האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, נישט געשטעלט. ער האָט זיך נישט געשמדט און זי האָט זיך נישט מגייר געווען. אָבער וואָס טויג עס אַז זי קאָכט נישט, באַקט נישט, רייניקט נישט דאָס הויז; זי וואַשט נישט אויס קיין לייטיש העמד פון איר מאַן; זי פאַרצירעוועט קיינמאָל נישט קיין מלבוש אָדער כאָטש אַ זאָק. גיב איר רק אַ גאַנצן הונדערטער־באַנקנאָט, וועט זי חלילה נישט צונייען קיין קנאָפּ צו זיין פּאַלטאָן בשעת אין דרויסן ווערט מען געפרוירן פון קעלט און דער שניי שיט פון מיטננאַכט ביז מיטנגאַכט. דורכן גאַנצן זומער, ווען די זון פּאַליעט אָן רחמנות, און אַפילו שוין דורך די קורצע טעג אין האַרבסט און נאָענט צום ווינטער, און ביזן צופאַלן פונעם אָוונט, זיצט זי אַזוי אָפּ ביים ברעג פון ים און זי מוטלט מיט די ווייבער וועגן דאָס און יענץ. זי האָט טאַקע ניין מאָס רייד. אין איר קוישל, וואו זי האַלט געוויינלעך עפּל, באַרנעס, פלוימען און אַנדערע פירות, ווי באַנאַנעס און טייטלען, האַלט זי אויך אַ לאַנגן און שאַרפן מעסער ווי אַ יאַפּאַנישע שווערד פון אַ גענעראַל, כדי זיך צו קענען פאַרטיידיקן קעגן אָנפאַל פון די כוליגאַנעס, דעגענעראַטן און שיכורים וואָס פאָרן זיך כסדר אַרום ביים סרעג פון ים ווי די משוגעים פון אַנדערע פלאַנעטן, און זיי זוכן און טשאַטעוון אויף זייערע קרבנות. קאַרמען עסט שאָקאָלאַדע, קייט די נאַשוואַרג און טרינקט קאָקאַקאָלאַ און אַנדערע לעמאָנאַדעס. אָדער אין אָוונט, ווען מנשה בו יצחק קומט אַהיים מיט פאַרברודיקטע הענט פון זיין גאָלד־מלאכה און מיט סאַזשעס אויף זיין העמד און בגד, עסן מאַן און ווייב זייערע מאָלצייטן מערסטנס אין די רעסטאָראַציעס אין די זייטיקע גאַסן ביים ברעג פון ים, אין קוני איילאַנד...

מיט יאָרן צוריק, דערציילט מיר קאַרמען, איז זי געווען גאַנצע צען יאָר אַ נאָנע אין אַ קאַטוילישן קאָנווענט, אין האַוואַנאַ. אַ גלח איז געווען פאַרליבט אין איר און ער האָט זי אויסבאַהאַלטן אין זיין קאָשטשאָל. אָבער זי איז פון דאָרטן אַנטלאָפן קיין מעקסיקע, מחמת איר מוטער, וואָס איז נישט געווען קיין צנועה, איז דאָרטן געשטאָרבן און מען האָט זי באַגראָבן אויף אַ בעטלערס פעלד, צווישן די מאַסן קברים פון זינדיקע און איינזאַמע. קאַרמען האָט ממש איינגעלייגט וועלטן כדי מען זאָל איר לאָזן

אַריבערפירן איר מוטערס ביינער קיין האַוואַנאַ, כדי זי זאָל ליגן אויף דער קרקע פון איר פאַמיליע, נעבן אירע עלטערן. קאַרמען האָט זיך ממש מקריב געווען און זי איז אַפילו קראַנק געוואָרן פון דער גרויסער אָנשטרענגונג כדי צו פאַרוויקלעכן איר אידעאַל: צו שענקען אַ ווירדיק קבר פאַר איר אומגליקלעכער מוטער וואָס איז אויסגעגאַנגען יינגערהייט... קאַרמען איז אַרויס פון איר קאַמף כדי צו געווינען אַ בכבודיק קבר פאַר איר מוטער אין האַוואַנאַ אַלס אַ קראַנקע פרוי. זי ליידט אויף „בראָנקיאַל אַסטמאַ”. בשעתן רעדן מיט איר מאַכט זי נערוועזסע מינעס און האַוואַיעס וואָס קענען פשוט קראַנק מאַכן ווען מען קוקט זיך צו צו איר. זי איז, ווי שוין געזאָגט, גאַנץ פּרימיטיוו, נישט געבילדעט, און פון איר זייט אויך אַ נישקשהדיקע בעל־כעסניצע. זי פאַרמאָגט אַ טעמפּעראַמענט וואָס שטאַמט אָפּ, ווייזט אויס, פון איר מין, נאָך פון דער אורמוטער חוה. אָבער זי איז אויך איר אייגענער אַדוואָקאַט. זי קען זיך פאַרטיידיקן. יעדעס מאָל וואָס איך הער זי רעדן, קוק איך זי אָן מיט שטוינונג. איך בין פשוט איבערראַשט ווי ווייניק איך האָב זי ביז איצט געקענט. איך אַנטדעק אין איר אַלץ נייע שטריכן פון כאַראַקטער; פרישע חנעוודיקייטן אויך. זי קען זיך טאַקע מאַכן הערלעך־שיין און גראַציעז. זי קען אויך תמיד אַרויסרופן רחמנות צו זיך. זי מאַכט כסדר דעם איינדרוק אַז זי די שוואַכע, די באַעוולטע, די געשלאָגענע, דער קרבן פונעם ברוטאַלן מענלעכן מין. דאָס איז איר כוח, איר געהיימע קראַפט, איר ווייבלעכער כישוף. אַזוי שפּילנדיק כסדר די ראָלע פונעם אומבאַהאָלפענעם באַשעפעניש וואָס פאַלט מכלומרשט פאַרן פאַרפירערישן מאַנספאַרשוין, טראָגט זי אַריין יעדע וואָך געלט אין דער באַנק, זאַמלט זיך אָן אַ פאַרמעגן כדי צוריקצופאָרן קיין האַוואַנאַ און שטעלן אַ גרויסאַרטיקע מצבה אויף איר יונג־פאַרשטאָרבענער מוטערס קבר. זי האַלט, ווי שוין געזאָגט, אין איין וויינען און זיך באַקלאָגן אויף די פאַרעטעטערישע מאַנצלייט וואָס ברענגען איר פונדעסטוועגן גאַנץ לייטישע מתנות און זיי צאָלן איר יעדן חודש נישקשהדיקע געלט־מזומנים...

קאַרמען לעשט כסדר אין ים, טיילמאָל אַפילו גאַנצע צען צי צוועלף מאָל דורכן טאָג איר הייס בלוט, אירע לוסטן און ליידנשאַפטן, זיך באָדנדיק מיט עפּעס אַזאַ אָרגיאַסטיש שיכרות, אַזאַ מין ווילדקייט און עקסטאַטישקייט. זי גיט זיך עפּעס איבער צו די אימפּעטיקע און רויבערישע כוואַליעס וואָס שענדן זי ממש, קושן איר, נעמען זי אַריין אין זייערע הייסע שויסן און שלײדערן זי מיט עפּעס אַזאַ עראָטיש־רעליגיעזן התלהבות. זי דינט צו די כוואַליעס, צו דער גאַנצער אומענדלעכער ים־אימפּעריע מיט אַן אויסערגעוויינלעכער געטריישאַפט און קרבנות־גרייטקייט. זי איז משוגע־פאַרליבט און איבערגעגעבן צום ים. זי ברענגט אים יעדן טאָג און אָפטמאָל ביז שפּעט אין דער נאַכט איר שיינעם גוף ווי פאַר אַ קרבן אויף זיין מזבח...

זי איז אויך, וואָס אַן אמת, זעלטן שיין, מיט אַזאַ רונדיקן און ראָזעווען פּנים וואָס שטראַלט אָפּ מיט עפּעס אַזאַ עקסטאַטיש פייער פון אַ לילית, אַ שדיכע; מיט אויגן ווי סאַפּירן וואָס לויכטן אין אָוונט מיט אַ לויטערן אָפּשיין. זי פאַרמאָגט ווייכע און ווייבלעכע שטריכן וואָס מען קען נישט פאַרגעסן. זי איז נישט קיין דאַרע, קען מען זאָגן, און אויך נישט קיין איבעריק פעטלעכע. זי האָט גערן צו טראָגן זונטיק, ווען זי קומט אַרויס כדי צו באַגעגענען איר ספרדישן מאַן, פּילפאַרביקע קליידער. זי איז דעמאָלט באַזונדערס פריינדלעך געשטימט צו יידן, ווי איר פריינדין, די סימפּאַטישע בריטישע בערנאַדעט. אָבער דווקא די גויים ווייכן געוויינלעך פון איר, ווי אויך פון בערנאַדעטן. די גויים פאַרטראָגן נישט וואָס איינצלנע קריסטן, די מיטגלידער פון זייער ראַסע, זענען סימפּאַטיש געשטימט צו יידן. זיי באַטראַכטן עס ווי אַ סאָרט הערעזיע, אַ מין באַליידיקונג צו זייער רעליגיע, צו זייער אייגענער אינסטינקטיווער יידנשנאה. עס קרענקט זיי וואָס איינע א שיינע פרוי שענקט אַוועק איר פריש און עראָטיש גאָלד צו די פרעמדע און פאַרהאַסטע יידן וואָס האָבן מכלומרשט געקרייציקט זייער „גאָט״.זיי שעמען זיך, די גויים, וואָס זייער „דערלייזער״ איז גאָר געווען אַ ייד... דאָס האָט עפּעס אַן עלעמענט פון ציניזם. און כדי נאָך צו פאַרשטאַרקן דאָס דאָזיקע חרפּה־געפיל, קרענקט זיי וואָס דער „זון״ פון גאָט איז ממש אַריבערגעוואַקסן זיין „טאַטן״, וואָס ער פאַרשאָטנט ממש זיין פאָטער, עאָט אַליין, און ער פאַרנעמט זיין הויפּט־פּלאַץ אינעם הימל, אין גן־עדן, וואו די טויטע שיכורים רוען זיך אָפּ אַ ביסל פון זייער שטענדיקן טרינקען...

פרעדי סיימאָנס איז אַ האַלב־אינטעליגענטער און אַסימילירטער ייד פון לאָנדאָן וואָס האָט פיינט זיין אייגן ווייב וואָס וואוינט מערסטנס אין פלאָרידע און זי שרייבט בריוולעך צו אים יעדן ערשטן טאָג פונעם חודש, מאָנענדיק היפּשע סומעס געלט פאַר אירע הצטרחותן. פרעדי קומט שוין דאָ, צו די פעלזיקע סקאַלעס ביים ים, זינט שיינע יאָרן. און שוין זינט לאַנג אויך ווי ער האָט זיך פאַרליבט אין קאַרמען. אַנומלט, שוין שפּעטלעך אין האַרבסט, ווען איך בין געקומען צום ים־ברעג און די קאַלטע ווינטן יאָגן איבערן ים מיט רוגזה, זיי דרייען ממש איבער די שניי־ווייסע כוואַליעס וואָס „גייען״ אויפן ים און אַלץ נאָענטער צום ברעג ווי אַן אַרמיי וואָס איז אָנגעטאָן אין ווייסע מונדירן, האָב איך זיך אַוועקגעלייגט אויף די פעלזן און געוואָלט האָבן רואיקייט און שטילקייט. אָבער פרעדי קומט באַלד צו צו מיר, קלעטערנדיק אויף די אוראַלטע שטיינער וואָס געדענקען מענטשלעכע דורות וואָס האָבן דורך די טויזנטער זומערן פאַרפּלייצט די פלאַזשע מיט זייערע נאַקעטע גופים. פרעדי רעדט אַזוי הויך אַז די אַש־גרויע מעוון הויבן זיך אויף, שפּרייטן אויס זייערע פליגל און שוועבן אַוועק פון אובדז. פרעדי פּרואווט איילנדיק זיך אַראָפּצורעדן פון האַרצן. ער טוט דאָס אַגב גאַנץ אָפט און ער שטערט מיר צו טראַכטן, צו אָבסערווירן, צו שווייגן. ער הויבט אָן:

— דו ווייסט דאָך אַז איך בין „אינטים״ מיט דער פּאַרשאָלטענער קובאַנערין. אָבער די ליבע קאָסט מיך כמעט יעדער וואָך קאַרגע הונדערט טאָלער. איך עס מיט איר מאָלצייטן אין קאָסטבאַרע רעסטאָראַציעס. זי האָט געֶרן צו טרינקען בראָנפן אויך אָנשטאָט לעמאָנאַדע. די פלעשער מיט ווייַן קאָסטן מיך אָפּ אַ „מאַיאָנטעק״. זי איז דערצו נאָך ערנסט קראַנק אויך. איר שיינער גוף איז צעשניטן און צעטרייבערט פון פאַרשידענע אָפּעראַציעס. אָבער דווקא דער אַפּעטיט איז ביי איר אַן אויסגעצייכנטער, אויף מיין חשבון פאַרשטייט זיך. זי זאָגט אַז עס פעלט איר אַ האַלבער מאָגן וואָס איז געווען קאַנסעריש און דאָקטוירים האָבן אים באַזייטיקט. אָבער מיטן אַנדערן געזונטן און האַלבן מאָגן עסט זי מער ווי פאַר דער אָפּעראַציע. אירע דאָקטוירים און מעדיצינען אין די אַפּטייקן קאָסטן מיך אָפּ ממש מיט גאָלד צוגלייך. מיט יעדן דענטיסט פירט זי אַ ראָמאַנס און באַצאָלט אים נישט, פאַרשטייט זיך, פאַר די אַריינגעשטעלטע ציין. דערצו קויפט זי איין אַלערליי „טראַנקווילייזערס״ וואָס ווערן אַנאָנסירט און שטאַרק געלויבט אין די בולוואַר־צייטונגען און טעלעוויזיע־רעקלאַמעס.

זי האָט אויך אַ הויכן בלוט־דרוק און זי ליידט אויף גאַל־שטיינער. זי האָט אויך אַ טומאָר אין אירע אינטימע אָרגאַנען. זי האָט מערסטנס אירע שלעכטע שטימונגען לויטן וועטער. זי זאָגט פאָרויס אַ רעגן ווען די זון שיינט העל מיט אַ וואָך פריער, און זי טרעפט שטענדיק. אין באַשטימטע טעג ווען די זון לייכט גראָד נישט, האָט זי אַזאַ מאָדנע טבע מיך אינגאַנצן נישט צו דערקענען. אָבער ווען דער הימל איז בלוי און אויסגעלייטערט, און די וואָלקנס גייען צוריק אַריין אין הימל, דעמאָלט איז זי גוט געשטימט און זי האַלט מיך אין איין קושן און גלעטן ווי חוה האָט געצערטלט אדמן אין גן־עדן, נאָכן פאַרזוכן פונעם עץ הדעת... זי קען אויך קיינמאָל נישט איינזיצן אין דער היים, כאָטש לאַד איין אַ מחנה מיט מוזיקאַנטן זיי זאָלן פאַר איר שפּילן שפּאַנישע טאַנגאָס. זי איז נאָר אימשטאַנד צו לעבן און צו אָטעמען ביים ים, זי איז אַזאַ סאָרט פיש. ווען זי געפינט זיך ביים ים, ערשט דעמאָלט לעבט זי אויף, שרייט זי ווי אַ משוגענע, טומלט זי. זיך פּלוסקנדיק אין די כוואַליעס, זינגט זי אַזאַ גליקלעכע קובאַנישע מעלאָדיע פון וועלכע עס ווײנט עפּעס אַרויס אַן אַלטער יידישער טרויער וואָס דערמאָנט אין די תפילות וואָס מען פלעגט הערן אין די בתי־מדרשים און שוהלן אין די פּוילישע שטעטלעך. זי און דער ים זיינען דאָס אמתדיקע צווילינג. ממש אַ זיווג פון הימל, איך האָב דעם איינדרוק, אַז זי וועט אין אַ באַשטימטן טאָג אַוועקשווימען ווייט פון ברעג און זי וועט שוין קיינמאָל מער נישט צוריקקומען צו איר געזעצלעכן מאַן, דעם ספרדי; אויך נישט צו מיר, איר געליבטן; און נישט צו די ווייבער מיט שוואַרץ־אָפּגעברענטע לייבער פון דער זון און מיט אויסגעטרוקנטע פאַרעלטערטע פּנימער פון ווינט און פון די בריענדיקע שטראַלן. זיי זיצן, אַגב, שטענדיק ביים ברעג, זיינען פויל אַריינצוגיין אין וואַסער און זיי מאַטלען, באַרעדן אַלעמען מיט פּלאָטקעס, אינטריגעס און וואולגאַרע רייד. די מעוועס שטייען נישט ווייט

און זוכן ראַקעס, וואָס פאַרגראָבן זיך טיף אין די זאַמדן. אָבער די מעוועס האָבן שטאַרקע שנאָבלען און אַ חוש הריח. יעדע פּאָר מינוט ציט אַ מעווע אַרויס פונעם געלן זאַמד אַ ראַק וואָס באַוועגט פּאָוואָליעדיק זיינע פּיסלעך. ער פילט בחוש אַז זיינע טעג האָבן זיך געענדיקט. די מעווע פליקט שטיקער פון איר לעבעדיקערהייט, ממש אבר מן החי, מיט איר שנאָבל. אויפן ברייטן פעלד פון זאַמד בלייבן ליגן זיינע צעבראָכענע פיסלעך, דאָס שיריים פון זיין לעבן...

פרעדי רעדט אַזוי אין מיר אַריין גאַנצע שעהן. איך האָב נישט קיין ברירה, און איך מוז אַלץ אויסהערן. ער רעדט ווייטער:

— איך האָב אַ חשד, אַז זי איז גאָרנישט קיין נאָרמאַלער מענטש. נייערט עפּעס אַ מין מאָדנע וואַסער־מיידל, מיט פערלמוטערנע שיפּן, מיטן עק פון אַ פיש. זי שליידערט זיך אַריין אין די ים־כוואַליעס ווי די לעגענדאַרע זינדיקע פרויען פון דער געשיכטע, ווי צעזאַראָ באָרזשיאַס שוועסטער לוקרעציאַ, וואָס פלעגט אינמיטן נאַכט אויסגיין אין די רוימישע באָרדעלן און זיך איבערגעבן צו די רויבער און מאַטראָזן אין די וויינשענק און געמבלינג־קעלערן. פאַר דעם מאַנטשיקל אירן, דעם ספרדישן ייד פון סמירנאַ, האָט זי אַנומלט אַליין געדונגען אַ חדר ביי עפּעס אַ גריכישער אלמנה, אין דער געגנט פון קוני איילאַנד, וואו עס וואוינען מערסטנס אָרעמע נעגערישע פאַמיליעס, אויך פּאָרטאָריקאַנער און גריכן. ער איז אַנומלט פּלוצלינג געקומען צו מיר. ער האָט געוויינט און געקלאָגט אַז זי גייט אים נעבעך פאַרלאָזן. איך האָב חשק פון איר אינגאַנצן אַוועקצוגיין. איך האָב זי מער נישט ליב. איך ווייס אייגנטלעך נישט וואָס אַזוינס זי וויל האָבן פון מיר. זי האָט מיך בלויז דעמאָלט ליב ווען זי טרינקט שנאַפּס פאַר מיין געלט. דערנאָך, ווען זי שלאָפט זיך איבער און זי ווערט צוריק ניכטער, קוקט זי מיך אָן אַזאַ פרעמדע; פול מיט שנאה און פאַראַכטונג אין אירע טיגעריש־שיינע אויגן. איך פיל עפּעס אַ מאָדנע געפיל: אַז זי וואָלט מיך אויפגעגעסן מיט די ביינער ווי יענע שפּין וואָס הייסט טאַראַנטולאַ, אָבער רופן רופט מען זי „די שוואַרצע אלמנה״, און וואָס פאַרצערט איר אָרעמען און אויסגעשעפּטן געליבטן נאָכן „אַקט״. אגב, דו זעסט די אַלע ווייבער וואָס זיצן דאָ אָפּ דורכן גאַנצן זומער ביי די גרויע פעלדזן, אויפן ברעג פון ים? זיי זיינען שרעקלעך פאַלש איינע צו די אַנדערע. אין די אויגן אַריין זאָגט מען זיך זיסע רייד, מען דערלאַנגט זיך פעטע קאָמפּלימענטן. מען האַלט זיך קעגנזייטיק אין איין לויבן, כאָטש די מערסטע פון זיי זיינען ממש אויסגעטרוקנטע סקעלעטן, מיט שטיקער רוזש אויף די באַקנביינער ווי רויטע פלעקן. אָבער דערנאָך באַרעדט מען זיך מיט די ערגסטע רייד. יעדער איינע האַלט די אַנדערע פאַר אַ „זינדיק שטיק״, פאַר אַן אויסגעלאַסענע נקבה. אין סך־הכל גייען זיי ממש אויס פון וויסטער איינזאַמקייט ווי די מעוון בשעת די קילע און רעגנדיקע וועטערן אין האַרבסט, ווען די זון איז ממש אַנטלאָפן פונעם הימל אויף אורלויב און זי האָט אַרויסגעיאָגט די וואָלקנס פון הימל זייער נידעריק צו דער ערד.

דאָס לעבן האָט זיי מערסטנס אויסגעשפּיגן ווי טויטע פיש, וואָס פוילן אין וואַסער. טייל פון זיי האָבן קיינמאָל נישט חתונה געהאַט. זיי זיינען געבליבן איינזאַם און פאַרזעסן ביזן גרויען צאָפּ אַריין. אַנדערע זיינען געבליבן אלמנות אין אַ פאַרהעלטעניסמעסיק־פריצייטיקן עלטער. כמעט אַלע אַנטלויפן זיי פון זייערע היימען. זיי האָבן פיינט צו רייניקן די שטיבער, צו קאָכן די טעפּ מיט גריץ, צו שקראָבן די פּאָדלאָגעס, צו זיין צוגעבונדן צו אַ קראַנקן מאַן, וואָס הוסט דווקא ביינאַכט ווען דאָס ווייב זיינס וויל איינשלאָפן און פאַרגעסן אירע זאָרגן... פאַקטיש זיינען די מערסטע ווייבער געוואָרן דרויסנדיקע באַשעפענישן. דער געזאַלצענער ריח פון ים האָט זיי געפאַנגען און ער קילט זייערע נערוון. דער ריח פון ים איז זיסער און געשמאַקער ווי ווײַן, אַפילו ווי שאַמפּאַניער. דער שוים פון די כוואַליעס איז ווי שניי וואָס קושט זיי און גלעט זיי. זיך אַריינצוואַרפן אין דעם שנייאיקן שוים איז עפּעס ווי אַן אָרגאַזם, אַן „אַקט", בשעת וועלכן די ווייבער קענען גרינגערהייט זיך דערטרונקען ווי שיכורים אין ים...

פרעד רעדט צו מיר אָן אַ סוף ממש. ער רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן. איך זאָג אים נישט קיין איבעריק וואָרט. איך האָב מורא אַז ער וועט שפּעטער אַלץ אויספּלוידערן פאַר קאַרמען.

איך וויל מיט איר נישט האָבן צו טאָן. זי קען מיר נאָך אַמאָל שלאָגן אויך. זי איז ווי אַ קאַץ, וואָס קען מיר חלילה אויסגראַטשן די אויגן. סיי ווי זיצט זי דורך גאַנצע טעג פונדערווייטנס אויפן הייסן זאַמד צופוסנס פון די גרויע פעלדזן־שטיקער און זי ווערט שיער נישט צעפּענקעט פון פאַרדראָס פאַרוואָס פרעדי רעדט צו מיר אַזוי לאַנג. זי ווייסט וואויל מיט איר געניטן פּרויאישן חוש, ווי אַ חיה, ווען פרעדי רעדט און באַקלאָגט זיך מכלומרשט...

אָבער ווען פרעדט דערווייטערט זיך אַביסל און ער לייגט זיך צו נעבן איר, כאָטש ער איז מכלומרשט ברוגז מיט איר, קומט זי צו צו מיר און זי הויבט אָן צו רעדן מיט אַ זיסלעך קול. מכלומרשט מאַכט זי זיך צורעכט בשעת מעשה דעם רויטן זיידענעם קאָסטיום וואָס קלעפּט צו איר רייצנדיק לייב אַדאַנק דעם וואַסער אין וועלכן זי האָט זיך ערשט געפּלוסקעט און געוואָרפן ווי אַ היסטערישע פרוי, אָבער זי מאַנעווורירט אַזוי אַז איך זאָל אָנקוקן אירע בריסטן וואָס דעקן זיך ממש אַליין אָפּ... זי קען זיך אַפילו אויסטאָן אינגאַנצן נאַקעט בשעת זי זשליאָקעט פונעם פלעשל בראָנפן ווי אַ דורשטיקע קאָבילע בשעת אַ ברענענדיקער היץ:

— איך ווייס גענוי. ער האָט דיר אַוודאי דערציילט ווי ער האַלט מיך אויס; ווי אַזוי ער פירט מיך אין די רעסטאָראַציעס, קינאָס און טעאַטערן; ווי ער פונדעוועט מיר ווײַן מיט וואורשט, און וואָס נישט? אָבער עס איז אַלץ אַ בלאָף. ער איז דער ערגסטער ליגנער וואָס איך האָב ווען עס איז געקענט אין מיין לעבן. ער זאָגט דיר אַוודאי אַז ער „לעבט" מיט מיר אויך. דער ריינער אמת איז, אַז איך האָב פיינט דעם אַלטן זינדיקער און

ווייבערניק. אין דער אמתן איז ער גאָר אימפּאָטענט. צוליב דעם טאַקע האָט זיין ווייב אים איבערגעלאָזט. זי זיצט אין פלאָרידע און צאַפּט פון אים די חודשלעכע טשעקן. אַנומלט זאָגט צו מיר מיין אָפּגעפּרעמדטער מאַן, נאָכדעם ווי איך האָב אים פאַרזיכערט אַז עס פאַלט מיר אַפילו נישט איין מיט פרעדין צו האָבן וועלכע עס איז אינטימע עסקים: „דו, וואָס דו שלאָפסט נישט גערן אַפילו מיט מיר, דיין געזעצלעכן מאַן, וואָס גיט דיר יעדער סוף־וואָך אָפּ כמעט זיין גאַנץ פאַרדינסט, וועסט גיין אין בעט אַריין מיט אַזאַ אַלטן היצעלי? עס האָט מיך טאַקע שטאַרק געוואונדערט...״

קאַרמענס אויגן לויכטן מיט צאָרן. זי רעדט מיט אַזאַ היץ, ווי יעדעס וואָרט אירס וואָלט געווען דער ריינער אמת און עס וואָלט געקומען פון סאַמע האַרצנס טיפעניש. קלאָר, אַז זי איז אַ געניטע אַקטריסע אינעם קלאַסישן לעבנס־טעאַטער:

— ער איז דאָך רייך ווי קורח. אָבער ער צווינגט מיך ממש פאַר אים צו קאָכן, צו באַקן און צו פּוצן זיינע שיך אויך מיטן געלן כאָמילין. ער איז ברוטאַל און קאַרג אויך. ער נוצט מיך שוין אויס זינט שיינע יאָרן. ער באַגנבעט מיך און נעמט צו ביי מיר דאָס גאַנצע צירונג וואָס חתנים, פריינד און מיינע פאַרערער האָבן מיר דורך די יאָרן געשאָנקען. ער נעמט אַפילו אַלץ אַרויס פון מיין האַנט־בייטל ווי נאָר איך פאַרגעס זיך און איך כאַפּ אַ דרימל אָדער איך טו זיך ערגעץ־וואו אַ ריר פון אָרט, און איך לאָז איבער אויפן זאַמד אָדער אין מיין אַלקער דעם דאַמענטאַש. ער טוט מיך אויס ממש אינגאַנצן נאַקעט. ער פאַרקויפט צו די זונות מיין העמד, מיין קלייד, מיינע פאַנטאָפל, אַפילו מיינע שיך מיט די זיידענע שנוראָוואַדלעס. ער פאַרמשכונט מיינע פוטערנע מאַנטלען וואָס איך האָב געבראַכט פון מעקסיקע, פון האַוואַנאַ, וואו איך האָב געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט... ער וויל מיך טרייבן צו פראָסטיטוציע אויך, כדי איך זאָל אים אָפּגעבן דאָס געלט... אָבער איך שלאָג אים שיער נישט אַ מינוט צום טויט. איך האָב נישט קיין מורא. איך קען זיך פאַרטיידיקן פאַר אַזעלכע הויט־שינדערס און שאַרקס... (זי ווייזט אָן אויפן קוישל וואָס שטייט אויפן זאַמד נעבן פרעדין, וואָס שלאָפט איצט מכלומרשט, און אין וועלכן עס ליגט דער שאַרפער האַטשעט מיט וועלכן זי פילט זיך שטאַרק און זיכער קעגן אויסוואורפן, וואָס דרייען זיך אַרום אויף דער פליאַזשע טאָג און נאַכט...).

יאָ, ווי איך האָב געזאָגט אין אָנהויב פון מיין דערציילונג: וואָס העכער קאַרמען שרייט, בייזערט זיך, קאָכט זיך און בלאָפט אַלץ רייצנדיקער איז זי. דער כעס מאַכט זי אויסצוזען ווי עפּעס אַ בייזע געצין אין אַ פאַרצייטישן געצנדינערישן טעמפּל. זי גלויבט אירע אייגענע רייד און זי מיינט באמת אַז זי איז די מאַרטירערין. די פלעגמאַטישע מעוועס וואָס קענען נישט וויינען און נישט לאַכן אַזוי ווי מענטשן, שטייען ווי פאַרפרוירענע באַשעפענישן ביים אומהיימלעכן ים וואָס שמעקט שוין מיט ערב־ווינטער. עס דאַכט זיך אַז זיי הערן זיך צו צום טומל און רויש פון מענטשלעכע רייד. אָבער די ברויזנדיקע כוואַליעס שרייען פאַקטיש

אַריבער אַלע רייד, אַלע מאַנצלייט פון די ווייבער, אַלע ווייבער פון די מאַנצלייט, אַלע וועלדער מיט מענטשן און אַלע דורות אויך. וואָס זיינען און וואָס מיינען דען מישטיינס געזאָגט די אַלע פוסטע ווערטער און חכמות אַנטקעגן דעם גרויסן און אַלטן ים? אַנטקעגן דעם מעכטיקן רויש פונעם ווינט? נישטיקייט און פאַרגענגלעכקייט! זיי זיינען פלעווועס אין קאָסמאָס. אורמענטשן זיינען דאָ געשטאַנען ביים ים זינט אייביקייטן פריער... און די נישטיקייט פון מענטשן, אַרמייען, קריגערייען און מלחמות זעט זיך אָן ביים ים נאָך שטאַרקער ווי אומעטום...

אַנומלט, בשעת אַזאַ גרוילעכן טאָג אין דעם אָנהויב פון חודש נאָוועמבער, האָב איך זיך שטאַרק פאַרבענקט צום איינזאַמען און אייביקן ים. איך בין אַהין אָנגעקומען שוין אַרום נאָכמיטאָג־צייט. די כוואַליעס זיינען געווען ווייס־צעשוימטע און האָבן ממש מיט זייער אימפּעט געשלאָגן דעם אייביקן ים ווי לייבן און לעמפּערטן. פרעדי האָט געטראָגן אויפן קליינעם און גרוילעכן קעפל זיינעם עפּעס אַ רויטלעך היטעלע, וואָס האָט אים געמאַכט אויסזען ווי א פּאַיאַץ אין צירקוס. ער האָט אויך געטראָגן אַן ענגן און גרינעם „סוועטער״ (לייבל). ער האָט כסדר געגנערט דאָס הונגעריקע פייער מיט די פייכטע און צעפוילטע שטשאַפּעס האָלץ, וואָס דער ים וואַרפט תמיד אַרויס פון זיינע פינצטערע טיפענישן, דערציילנדיק אויף זיין אייגענעם לשון פון צייט און געשיכטע, פון שיפן וואָס זיינען דערטרונקען געוואָרן צוזאַמען מיט זייערע מאַנשאַפטן, מיט מאַטראָזן און פּאַסאַזשירן. קאַרמען איז געווען אַזוי גליקלעך וואָס איך בין עפּעס אַזוי פּלוצלינג געקומען צוגאַסט, אין אַזאַ אומהיימלעכן טאָג. זי האָט זיך געכאַפּט מיך צו קושן. דער ליפּסטיק (פאַרב) פון אירע רוזשירטע ליפּן איז געבליבן „בלוטיק״ שטיין אויף מיינע באַקן. אירס אַ פריינדינע, ליזאַ, מיט אַ קאָפּ אינגאַנצן ווייסע האָר ווי שניי, אַזאַ מין איינזאַמע ווי אַ הונגעריקע חיה אין וואַלד, האָט זיך אַרומגעפּאָרעט אַן אַנטוישטע איבער דער ברייטער און פוסטער פּליאַזשע ווי עפּעס אַ צעמישטע פרוי. זי האָט אויך כסדר צוגעטראָגן צום פייער וואָס האָט געקנאַקט און געשאָלטן ווי אַ שיכורער כוליגאַן, שטיקער האָלץ, אַלערליי אָפּפאַל, דרענגער און לייסטן. דאָס פייער האָט אַלץ פאַרצערט, אַלץ אויפגעפרעסן און אויפגעגריזשעט ווי עפּעס אַ ריזיקער פיסק מיט אייזערנע ציין פון אַן אור־חיה, אָן שום דיסקרימינאַציע. נישט ווייט פון זיי איז געשטאַנען די לאָנדאָנער לערערין בערנאַדעט אין דער געזעלשאַפט פון איר איצטיקן „פּאַרערער״, אַ הויכער און עלטערער, אָבער נאָך קרעפטיקער ייד, דער פאַרגויאישטער „סעם דער מאַטראָז״, ווי מען רופט אים דאָ. פון אַלע מכלומרשטיקע פריינד, פון די אויסגעטראַכטע גבירים, רייכע געליבטע און לאָרדן־חתנים, מיט וועלכע בערנאַדעט באַרימט זיך אָפּט פאַר די יידענעס דאָ, איז בערנאַדעטן בלויז איבערגעבליבן דער דאָזיקער איינזאַמער און עלטערער ייד. די הויט פון זיין פּנים, פון זיין גאַנצן ריזיקן גוף, זעט אויס ווי קאָרע פון דעמבעס. פון דער טעריטאָריע פונעם ים איז געגאַנגען אַזאַ וויסטער און שוין

ווינטערדיקער אומעט. עס האָט געיאָגט אַזאַ קאַלטער ווינט, וואָס האָט ווי אָנגעזאָגט צו דעם הייפעלע מענטשן, צו די לעצטע מאָהיקאַנער וואָס האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט, אַ גאַנץ לאַנגן און שווערן ווינטער. אָבער בערנאַדעט, אַליין אַזאַ מרה־שחורהדיקע, און וואָס קיינער ווייסט נישט ווער זי איז, פונוואַנען זי קומט, וואָס זי וויל און וועמען זי האָט חשק אייגנטלעך צו פאַרפירן אָדער צו פאַרלירן, האָט פּלוצלינג אַ וואָרף אַראָפּ געטאָן פון זיך דעם רויטן קאָסטיום מיטן ברוסטן־העלטער, און האָט זיך אַ מוטער־נאַקעטע אַ לאָז־געטאָן צום ים. אַלע מענטשן זיינען צוגעלאָפן צו די שוימענדיקע כוואַליעס וואָס זיינען זיי אַנטקעגן געקומען. די די מאַנצלייט האָבן הנאה געהאַט צו קוקן ווי בערנאַדעט טונקט זיך אָפּ טיף אינעם וואַסער און הויבט זיך אויף העכער מיט די כוואַליעס איבערן שטראָם. אָט ווייזנדיק אַ וואונדערשיינעם גוף ווי אַ קרישטאָלענע סטאַטוע פון ראָדען, און זי טיקט זיך ווידער אונטער ביז מען זעט קוים איבערן ים־אויבערפלאַך אירע זשאַווערנדיק־רויטע האָר. ווען זי שטייגט אַרויס פון ים, שטייט דאָס געפאַנגענע מענערטום, יינג און אַלט, ווי פאַרכישופט און פאַרגליווערט. זי כאַפּט דעם קאָסטיום און זי לאַכט אַזאַ גליקלעכע און פאַרשייטע. זי האָט אַלעמען צו נאַרן געמאַכט. זי האָט מיט איר ווייבלעכער שיינקייט געבראָכן די מעכטיקע מאָנאָטאָניע פון ים; זי האָט געבראַכט עטלעכע רגעס פון אַ בורלעסק־טעאַטער צום ברעג. מיר דאַכט זיך אַז די מעוועס מיט צעשפּרייטע פליגלען זיינען אויך געווען איבערראַשט און עפּעס ווי משוגע און אַנטציקט...

קיין סך מענטשן האָבן זיך שוין איצט נישט מער באַוועגט אויף דער הילצערנער שפּאַציר־פּלאַטפאָרם. הונגעריקע הינט זיינען נאָך דאָ און דאָרטן פריי אַרומגעלאָפן. זיי האָבן זיך יעדער ווײַלע אָפּגעשטעלט ביי אַ קופּע מיט מיסט, ביי שטיקער צעקנאָדערטע צייטונגען אויף וועלכע אַלע אותיות האָבן זיך צוזאַמענגעמישט און אויסגעגאָסן אין איין טרויעריקער מעשה פון דער מענטשהייט, און האָבן מיט זייערע פּיסקעס נידעריק געניוכעט ביי דער ערד. צומאָל האָט זיך דאָ פּלוצלינג אַראָפּגעלאָזט אַ גרינגער און שטילער רעגן וואָס האָט געפּליוכעט אַ ווײַלע, און האָט באַלד ווידער אויפגעהערט, איבערלאָזנדיק די פליאַזשע אַ נאַסע. די גרויע און שווערע וואָלקנס האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט זייער נידעריק ווי זיי וואָלטן נישט געהאַט קיין שוואונג און קיין איבעריקע כוחות זיך אויפצוהויבן אַ קאַפּעטשקע העכער אין דער סטראַטאָספערע. די מעוון, געווײנלעך אויסמיידנדיק אינסטינקטיוו זיך חלילה נישט צו פאַרטשעפּן מיטן מין מענטש, קומענדיק געווײנלעך צום ברעג אַרום פאַרנאַכט־צייט, ווען די מענטשן גייען שוין אַהיים, זיינען איצט געקומען אָנצופליען מאַסנווייז און זיך געשטעלט האַרט ביים ים כדי אָפּצוואַרטן אויף ראַקעס, און אַנדערע ברואים וואָס די צעיושעטע כוואַליעס טראָגן אָן און לאָזן שטיין אויפן פייכטן זאַמד ווען זיי זינקען צוריק אַריין, שוין צעבראָכענע און צעגאָסענע, אין אָפּגרונט פון ים. אַלץ וואָס דער ים שפּייט אַרויס פון זיינע

אימהדיקע און געהיימענישפולע תהומות און טיפענישן, ווערט אָדער פֿאַרצערט דורך דער חיה, פֿיש, פֿויגל און מענטש, אָדער עס פֿאַלט צוריק אַריין אין די טיפֿענישן. יאָ, דאָס איז, ווייזט אויס, דער ריינער אמת: דער ווינטער האָט זיך היי־יאָר עפּעס גאַנץ פֿרי געשטעלט. עס איז מיר פּלוצלינג קלאָר געוואָרן, אַז עס וועט נאָך דאָ אַ סך רעגענען, האָגלען און שנייען אויך, ביז די זון וועט ענדלעך אין פֿרילינג ווידער אויפֿשיינען פֿאַר די מענטשן, וואָס קענען ממש נישט לעבן אָן דעם ים. און איך בין איינער פֿון די מענטשן־קנעכט וואָס זיינען סיי פֿאַרליבט אינעם גוטן און ברוטאַלן ים און סיי שיכור פֿון אים ווי אַ שיכורער פֿון וויין אָדער בראָנפֿן. וואָרים איז עס דען נישט ריינער משוגעת ביים סוף פֿונעם חודש דעצעמבער צו קומען צום אַטלאַנטישן ים אין קוני איילאַנד?!...

---

אָבער די זון איז שוין איצט אַזאַ בלוטיק־רויטע געזונקען אין ים אַריין. עס וואָלט געוועזן אַן אומעטיקער ענין זיך צו גיין געזעגענען אויפֿן גאַנצן ווינטער מיטן קליינען און ליבן עולם. האָב איך זיך שטילערהייט ווי אַ שולדיקער גנב דערווייטערט פֿון דער גרופּע מענטשן וואָס זיינען מיר עפּעס פֿאָרט געוואָרן אַזוי טייער דורכן גאַנצן זומער. איך האָב זיך יעדער ווײַלע אויפֿדאָסניי אומגעקוקט. איך האָב נאָך געקענט זען ווי קאַרמען לויפֿט אַרום אַ באַרוויסע איבערן נאַסן זאַמד און זי שלעפּט נאָך אַלץ צוזאַמען שטיקער האָלץ און אַנדערע ברען־מאַטעריאַלן פֿאַרן שרייענדיקן פֿייער, וואָס ווערט ממש צעפּענקעט פֿון נחת, ווי אַ גרופּע הינט מיט אַן אוצר פֿון עטלעכע מאַרך־ביינער. פֿרעדי שטייט ביים פֿייער אַזאַ בלויער פֿון דער קעלט; אָבער ער נערט דעם הונגעריקן פֿייער־פּיסק מיטן פֿוילנדיקן אָפּפֿאַל וואָס ער קלייבט צוזאַמען. די גרויע ליזאַ לויפֿט אַרויס פֿון די כוואַליעס אין וועלכע זי האָט זיך געהאַט איילנדיקערהייט אָפּגעטונקען, און זי ווישט אַרום מיטן האַנטוך, אַזאַ ציטערנדיקע, איר אַלט און פֿאַרוועלקט לייב. בערנאַדעט האַלט אין איר קינדיש־ווייכער האַנט דאָס גילדערנע צלמל וואָס הענגט צווישן אירע פֿולע ברוסטן אויפֿן דינעם קייטעלע, און זי מורמלט עפּעס שטילערהייט, מיט בלוי־ציטערנדיקע ליפּן, אַ „פּאַטשערזש״ (געבעט), בעטנדיק פֿאַר אַ ביסל ליכט און פֿרייד אין די קומענדיקע אומהיימלעכע טעג פֿון דעם גרויסן ווינטער אין ברוקלין. וואָס מער איך האָב זיך דערווייטערט פֿון דער דאָזיקער מאָדנער מענטשנגרופּע, מיט אַלע זייערע פֿעלערן און פֿאַרקריפּלטקייטן, אַלץ שטאַרקער האָב איך זיי ליב געקראָגן. אַ בענקשאַפֿט צו זיי האָט מיך שוין באַצייטנס באַהערשט און פּשוט פֿאַרקלעמט ביים האַרצן. פֿון מיינע אויגן האָבן וואַרעם געטריפֿט מיינע הייסע טרערן... איך האָב גאָר אַליין נישט געוואוסט ווי שטאַרק איך בין געוואָרן צוגעבונדן צו זיי דורכן לאַנגן זומער... אַ מאַגנעטיש געפֿיל האָט מיך באַהערשט צוריקצולויפֿן צו זיי איידער זיי צעגייען זיך, און זיי אַלעמען פֿעסט אַרומצונעמען און דריקן צום האַרצן... עס האָט מיך געגלוסט צו רעדן צו זיי: „אָ, טייערע און אַלטע פֿריינדינס

מיינע, עס גלוסט זיך מיר שוין דאָ אויף אייביק צו פֿאַרבלייבן מיט אייך. אייך קיינמאָל מער נישט צו פֿאַרלאָזן...

## דער שטערנזעער איגאָר שוואוואַלאָוו

פּירשט איגאָר שוואוואַלאָוו, ווי מען האָט גערופֿן דעם געשטופּלטן און הויך־געוואוקסיקן אַסטראָלאָג און מאָלער אין די קרייזן פֿונעם דענוווער־סאַנאַטאָריום, איז שוין געהאַט אויסגעלעגן לאַנגע יאָרן, פּאַקטיש זינט זיין יוגנט אָן, אין פֿאַרשידענע הייל־אַנשטאַלטן און שפּיטעלער. מען האָט אים שוין געהאַט אָפּערירט אַ סך מאָל, אויסשניידנדיק פֿון זיין ברוסט־קאַסטן און פּלייצע אַ צאָל ריפּן; מען האָט אים אויך געהאַט איינגעשפּריצט גאָלד אין די אָדערן אָדער דירעקט אין זיינע קראַנקע לונגען. ער האָט געליטן אויפֿן האַרץ און געהאַט דיאַביטיס. אויסערדעם איז ער געווען טויב ווי די וואַנט. אין זיין „פּרייער צייט״, צווישן איין אָפּעראַציע און דער אַנדערער, האָט ער זיך פֿאַרנומען מיט שטערנזעערײַ און ער האָט אויך געשריבן און אַרויסגעגעבן בראָשורן וועגן אָקולטיזם און אַ ביאָגראַפֿיע וועגן דעם לעגענדאַרן אַסטראָלאָג און שטערנזעער, וואָס האָט פֿאָראויסגעזען די היסטאָרישע געשעענישן אין דער וועלט אויף אַ שטרעקע פֿון פֿינף אָדער זעקס טויזנט יאָר. ער האָט געהייסן נאָסטראַדאַמוס און האָט אָפּגעשטאַמט פֿון יידן. פּירשט איגאָר שוואוואַלאָוו, ווי מען האָט אים גערופֿן, איז געווען אַ הויכער מאַן מיט אַ ריזיקן קאָפּ וואָס האָט אויך פֿאַרמאָגט אַ סך שכל און דערפֿאַרונג ווי אַזוי אומצוגיין מיט געוויינלעך אַבערגלויבישע מענטשן וואָס גלויבן גרינג אין אַלערליי פֿאַנאַטיקער און שאַרלאַטאַנען. און צו יינגע און כאַראַקטערשוואַכע מענטשן; צו לייכט־גלויביקע סטודענטן און גימנאַזיסטן; צו רעליגיעזע עקסטאַטיקער און בכלל צו די אָפּגעשראָקענע פּאַציענטן אין די שפּיטעלער וואָס קעמפֿן ממש מיט זייערע לעצטע כוחות כדי זיך אָנצוהאַלטן ביים לעבן ווי די פֿאַרמשפּטע שקלאַפֿן וואָס טרייבן אַ זיך וואַקלענדיקע שיף אויפֿן שטורעמדיקן ים, פֿלעגט ער פֿאָראויסצוזאָגן כמעט די גענויע דאַטעס ווען זיי וועלן שטאַרבן, האַלטנדיק זייערע ציטערנדיקע דלאָניעס אין זיינע גרויסע הענט. ער פֿלעגט אויך לייענען די געהיימע צייכנס וואָס זיינען מכלומרשט אָנגעשריבן פֿון זייער געבורט אָן וועגן דעם גאַנג און די געשעענישן פֿון זייערע לעבנס. פּירשט איגאָר שוואוואַלאָוו האָט אַ סך גערעדט וועגן עטיק, מענטשלעכקייט, מאָראַל און רעליגיע. אָבער ער אַליין האָט אייגנטלעך אויסגעפּירט זיינע מאַכט־אַמביציִעס פֿון אַ שוואַכלינג איבער די נאָך מער שוואַכערע פֿון אים דורכן פֿאָרויסזאָגן אומגעבעטענערהייט די מזלות פֿון די יינגע מענטשן. בשעת די נעכט ווען עס פֿלעגן פֿאָרקומען קאָנצערטן, מאַסקנבעלער און אַנדערע פֿייערלעכע אָוונטן וואָס האָבן אין דער אמתן געהאַט די גוטע כוונה מצד די הויפּט־פּירער פֿונעם סאַנאַטאָריום צו דערפֿרייען און דערמוטיקן די געמיטער פֿון די געוויינלעך אומעטיקע פּאַציענטן, פֿלעגט

ער פּלוצלינג דערשיינען אין דעם העל־באַלויכטענעם זאַל פונעם סאָלאַריום ווי עפּעס אַ גייסט, אַ פּערסאָנאַזש פון אַן אַנדערן פּלאַנעט אין ביזאַרער און גראָטעסקער קליידונג און פּרוואוון צו איבערראַשן און אָפּצושרעקן די יינגע מענער און פרויען, וואָס פלעגן קומען צו די דאָזיקע אָוונטן פון זייערע חדרים און בעטן וואו זיי פלעגן אויסליגן יאָרן לאַנג, און ער פלעגט זיי דערצערענען מיט זיינע פּאָרויסזאָגונגען און נביאותן. ער פלעגט אַליין באַשטימען אויף אַן אכזריותדיקן אופן דעם טערמין פון זייערע לעבנס־יאָרן וואָס זיינען דאָך ביי גאָט אין דער האַנט און קיינער האָט נישט קיין רעכט, אויב ער פאַרמאָגט נאָר אַ ברעקל טאַקט און אַ טראָפּן מענטשלעכקייט, צו באַשטימען עמעצנס לעבנס־טערמין. דאָס ליכט פון די עלעקטרישע זשיראַנדאָלן וואָס העגנען אַרונטער ווי קליינע זונען, פלעגט פלייצן איבער די קעפּ פון די איינזאַמע פּאַציענטן. אָבער דער פירשט איגאָר זעט אויס גרויזאַם און פינצטער ווי ראַספּוטין וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון דער סלאַווישער נאַכט און פון די וועלדער און סטעפּעס. דער אַסטראָלאָג עפנט אויף ביי די איינזאַמע מענטשן וואָס האָבן געלאַנדעט אין קאָלאָראַדאָ כדי זיך צו ראַטעווען פון דעם געוויינלעך פּריציייטיקן טויט דורך די שווינדזוכט־באַצילן, זייערע עקשנותדיק־פאַרשלאָסענע הענט און די פאַרקלעמטע פינגער וועלכע זיי קענען שוין איצט נישט עפענען גרינגערהייט. זיי גיבן זיך נישט געדרן איבער צו די מכלומרשט העכערע עלעמענטן, וואָס שלומערן אין דעם דאָזיקן יידיש־רוסישן מענטש, וואָס אָפּערירט מיט געוויסע געהיימע קרעפטן, וועלכע זיינען מסתמא נישט ערלעך, און די לעצטע נוצן אויס דעם פּחד און די אומזיכערקייט פון די אומגליקלעכע, וואָס קלאַמערן זיך מיט זייערע לעצטע כוחות ביים לעבן אַפילו ווי טרויעריק עס זאָל נישט זיין. אָבער דווקא צו יענע וואָס שרעקן זיך פאַרן אָנזאָג פון אַ פריען טויט, זאָגט ער פאָרויס זייער אונטערגאַנג. ער שפּילט די ראָלע פון אַ הייליקן, פון איינעם וואָס פאַרמאָגט געהיימע באַציונגען סיי מיט גאָט און סיי מיטן שטן...

עס איז קענטיק פאַראַן אין דעם פירשט איגאָר שוואוואַלאָוו אַ סך שלעכטס. ער פאָזירט ווי ער וואָלט פאַרמאָגט פאַרבאָרגענע כוחות. ער קען געניסן די שוואַכקייטן פון זיינע קרבנות. ער פאַרשטייט מענטשלעכע שרעק און גריזשנדיקע ספקות. ער באַזיצט די נאַטור פון אַ הונגעריקער חיה, וואָס ווען עס קומט אָן די צייט פון איר זעטיקן דעם הונגער, קריגט זי ממש איבערנאַטירלעכע כוחות. זי שטייט אויף פון איר נאָרע און זי טשאַטעוועט אויף דעם שוואַכסטן באַשעפעניש פון דער טשערעדע כדי עס נאָכצויאָגן ביז פולקאָמער אויסשעפּונג, און דעמאָלט אַטאַקירט זי מיט אַזאַ אומגעוויינלעכער קראַפט און זי בייסט איין זיין האַלדז, און דער קרבן בלוטיקט אויס זיינע קרעפטן אין דעם גרויזאַמען לייבס אָדער לעמפּערטס אייזערנע לאַפּעס, אין די ציין און נעגל פונעם אכזר...

פירשט איגאָר שוואוואַלאָוו איז מער רוס, מער סלאַוו ווי ייד. פון דעם יידישן גייסט איז זייער ווייניק אָנצוזען אין אים. דער ייד זוכט נישט גאָט.

ער האָט אים געפונען נאָך אין די אורצייטן און ער פרייט זיך מיט אים. פון זיינע היסטאָרישע קלעפּ, פון זיינע נשמהדיקע וואונדן, פון זיין גאַנץ צעוויטיקטן געביין פרייט ער זיך מיטן געפונענעם גאָט. ער נויטיקט זיך נישט אין געצן, אין סימבאָלן, אין כאַלוצינאַציעס און חלומות. ער איז שטענדיק שיכור מיטן אויבערשטן. ער איז אין אַן אייביקן עקסטאַז מיט גאָט. אָבער דער פירשט שוואוואַלאָוו האָט כסדר געזוכט צו פירן וויכוחים, צו שלאָגן זיך פאַר זיין גלויבן, צו שעדיקן אַנדערע כדי זיי איבערצוצייגן. דער ייד וויל קיינעם נישט איבערצייגן. אין זיין נשמה שטייט גאָט אַזאַ גאַנצער, גרויסער און פירכטערלעכער. גאָט איז דער זייל וואָס באַלויכט זיין לעבן און ער זיצט גרויס אין זיין האַרץ און נפש...

אין אַ רויטער ציגל־מויער פון דער שטאָט, אין אַ פּיטשינקן חדרל, אויף אַ הויכן גאָרן, וואוינט זיין פרוי. זי קומט צו אים צוגאַסט איינמאָל אין דער וואָך, פרייטיק. זי האָט נישט קיין מורא פאַר קיין שלעכטע וועטערן. זי קען זיך אַפילו שלאָגן, אויב עס איז נויטיק, מיט ווינטן, מיט שנייען, מיט האָגלען, מיט שלאַקסרעגנס וואָס פאַרפלייצן די ערד ווי די איינזאַמע טייכן וואָס ווערן מיד פון צייט און אייביקייט. זי איז אַזאַ הויכע און שטאַרקע פרוי. ווען זי גייט אַנטקעגן דעם שניי, דעם ווינט און האָגל וואָס שלאָגט די קעפּ פון מענטשן און שליידערט ווי מיט קיזלשטיינער פון די הימלען בשעת די ווינטערדיקע טעג און אומהיימלעכע נעכט, דאַכט זיך אַז די נאַטור־עלעמענטן האָבן פאַר איר מורא און דער שטורעם אַנטלויפט אַוועק אין געבערג, כדי זיך צו באַהאַלטן אין די פעלדזיקע היילן. דער שניי מיידט איר אויס און ער הערט ממש אויף צו שנייען איבער איר קאָפּ מיט געפלאָכטענע צעפּ ווי פון אייזן. מען זאָגט אויף איר, אַז זי ליגט אויס די מערסטע צייט פון איר לעבן ערגעץ אין אַ פּראַוואָסלאַוונער צערקווע, קושנדיק פרומערהייט די גאָלדיקע פיס פון די ברוינע ליימיקע מאַדאָנעס און קניענדיק פאַר זיי מיט וויינענדיקע געבעטן. זי כאַפּט אָן זייערע קילע הענט מיט די געלע און טונקעלע קרעלן צווישן זייערע פאַרקראַמפּטע פינגער און זי באַדעקט זיי מיט הייסע קושן. אַנדערע מענטשן זאָגן אַז זי פאַרברענגט אויך בשעת די שפּעט־באַנאַכטיקע שעהן אין אַ בירשענק אין דער אָרעמער געגנט פון שטאָט, אויפן ברעג פון דעם געלן און שטייענדיקן סטאַוו. עס ציען אין דעם פאַרדעכטיקן הויז אַריין און אַרויס בשעת די נעכט אַלערליי מאַנצלייט: גלחים און גענגסטערס; משוגעים און קאָרטנשפּילערס; סאָלדאַטן און בעטלערס; הענדלערס און פישערס; מאַטראָזן און שיכורים...

אַנדערע לייט דערציילן אַז ווען זי קומט צוגאַסט פרייטיק צו איר מאַן, דעם פירשט שוואוואַלאָוו, גיט ער איר מתנות און אַפילו קליינע געלט־סומעס וואָס ער פאַרדינט ביים מאָלן די פּאָרטרעטן פון די פּאַציענטן וועלכע קומען ביי אים אַרויס ווי סלאַווישע הייליקע. זיינע מאָדעלן דערקענען זיך קיינמאָל נישט אויף די מאָלערייען ווער זיי זיינען אייגנטלעך, פונקט ווי זיי וואָלטן זיין שיכורים. זיי קוקן אויף די

פּאָרטרעטן און זיי פרייען זיך מיט זיי ווייל זיי זעען אויס אינגאַנצן אַנדערש ווי זיי זיינען אין דער אמתן. אָבער ווער ווייסט באמת ווי אַזוי זיי זעען אויס? זייערע אייגענע פּרצופים וואָס גאָט האָט זיי אָנגעטאָן און געשאָנקען ווי מתנות אָדער נדבות צו בעטלערס, האָבן זיי פיינט. זיי גייען אָפּטמאָל אַריין אין די שרפות פון אַלטע הייזער און האָטעלן כדי פּינצטער צו מאַכן מיט סאַזשעס און קאָפּעטש זייערע פּנימער פון רוצחים. אַנומלט האָט זיין אייגענע פרוי טעאָדאָראַ פאָזירט פאַר אים אַ גאַנצע נאַכט, כאָטש די זון לייכט נישט ביינאַכט און דאָס עלעקטרישע ליכט איז געווען פאַרלאָשן אין דעם גאַנצן סאַנאַטאָריום. אַ חלבדיק ליכטל האָט איינזאַם געטריפט מיט אַזאַ גוססדיק פלעמל דורך די לאַנגע שעהן פון דער נאַכט. זיין ווייב איז שוין געווען מיד און זי איז איינגעשלאָפן ווי אַ מומיע. אָבער ער האָט איר געמאָלן שלאָפנדיקערהייט. זיינע פינגער זיינען געווען אינגאַנצן פאַרשמירטע פון די רויטע פאַרבן וואָס האָבן זיך אויסגעמישט און צוזאַמענגעשמאָלצן אין דער פּאַלעטע. מען האָט אים גרינג געקענט באַשולדיקן אין האָבן באַגאַנגען אַ מאָרד. אין די דאָזיקע געגנטן וואו די באַפעלקערונג איז נאָך געוואוינט צו לינטשן נעגערס און אינדיאַנערס, קען ער ווערן פאַרמשפּט צו דער תליה אויב מען לינטשט אים נישט פריער. ווען דאָס ווייב האָט זיך ענדלעך אויפגעכאַפּט אין באַגינען, איז דער פירשט געלעגן אַן איינגעשלאָפענער ווי אַ מצרישע מומיע אין בריטישן מוזעאום. אָבער דער פּאָרטרעט איז געווען פאַרטיק. און נישט קיין שום סימן פון זיין ווייב איז געווען אָנצוזען, נייערט עפּעס אַ מאָנגאָלישע פרוי מיטן פּנים פון אַ הייליקע. די אויגן זיינען ביי איר געווען גרויסע און ליכטיקע. זיי האָבן געלויכטן מיטן איידעלן גלי פון פּאָספאָר. יאָ, אַלע האָבן איבערגעחזרט אַז עס איז דער שענסטער פּאָרטרעט וואָס ער האָט ווען עס איז געמאָלן אין זיין לעבן פון אַ פרוי. אָבער עס איז אין דער אמתן געווען דער פּאָרטרעט פון אַ מאַרטירערין. טעאָדאָראַ איז געווען גליקלעך מיטן דאָזיקן קונסטווערק. זי האָט דעם קאַנוועז אַריינגעלייגט אין איר קוישל און זי איז אין דער פרי שטילערהייט אַוועקגעגאַנגען איבערן אויסגעטראָטענעם וועג אינעם קלאָרן שניי וואָס איז געפאַלן גנעדיק פונעם הימל ווי מילך פאַר די אָרעמע קינדער...

אין אַרום אַ וואָך שפּעטער איז זי ווידער געקומען צו גאַסט. איר פּנים איז געווען געפאַרבט און ווי גרימירט ביי אַן אַקטריסע זיך גרייטנדיק צו שפּילן אַ ראָלע אין טעאַטער. די אויגן אונטערגעהאַקטע. האָבן איר שיכורים אָדער מלאכים געשלאָגן אין אַ קלייפּע צווישן די זינדיקע? האָבן איר אפשר די פּרעכע סאָלדאַטן געשענדעט אינעם אַלטן הויז ביים שטייענדיקן וואַסער, וואו די פיש און די פרעש פוילן צוזאַמען און אויף וועמענס פלאַך אַלטע שוואַנען ווי פון פּאָרצעליי שטייען פאַרגליווערטע זינט די פאַרגאַנגענע הונדערט יאָר? דער יידישער פירשט האָט איר אויפּדאָסניי געמאָלן מיט זיינע סענטימענטאַלע קאָלירן ווי אַן איקאָנע־בילד. זי האָט אים דאָס איצטיקע מאָל איבערגעלאָזן אַ פענעץ

רויטן אַרבוז; גרויסע אָפּגעפּאַרבטע עפּל ווי לעבעדיקע באַשעפענישן; פלוימען מיטן בלוי־זילבערנעם טוי אויף זייערע זיידענע הויטן; לענגלעכע באַרנעס וועמענס דינע און געפּלאַצטע שאָלן האָבן נישט געקענט מער איינהאַלטן אין זיך דאָס אָנגעזאַמלטע זיסקייט אַזוי ווי געדיכטן און אויסגעשטאַנענעם האָניק, ווי אויך אַלערליי געטרוקנטע פּירות ווי פון גלחס גאָרטן. אַביסל געקנייטשטע באַנקנאָטן האָט זי אים אַריינגעשטופּט אין דער הויזן־קעשענע וואָס זי האָט דורכן טאָג פאַרדינט. אָבער ווען זי גייט אַוועק שוין נאָענט מיטן צופאַלן פונעם פלושענעם אָוונט, און ווען דער מידער שניי האָט שוין דאָסמאָל דווקא פּרי אויפגעהערט צו פאַלן, און די זון איז פּלוצלינג צוריק אַרויסגעקומען פון אונטער די גרויע שטיקער וואָלקנס און האָט פריינטלעך באַגריסט ווי עס רופט זיך אַן אַקטריסע וואָס בויגט זיך און בוקט זיך אין איר זיידענעם קלייד און אין דעם לאַנגען גרינעם שאַליק צום פּובליקום וואָס זי זעט נישט אין דער פינצטערניש, און זי זינקט אַראָפּ אונטער דער ערד ערגעץ ווייט ביים סוף פון די שטאָט־מויערן, און זי רירט שוין אָן מיט אירע קאַרגע ווינטערדיקע שטראַלן דעם אייראָפּייאישן קאָנטינענט, און זי לייכט שטילערהייט אָפּ אין דעם שטעטל באָבריניק וואו איך בין געבוירן געוואָרן, דעמאָלט גנבעט זיך ערשט דער פירשט שוואַלאָוו אַרויס פון דעם סאַנאַטאָריע־מויער, און ער גייט פאַמעלעך אין שטאָט אַריין. ער שלייכט איבער די טונקל־באַלויכטענע געסלעך ווי דער איינזאַמער און זייער הויכער קייסער שאול וואָס האָט פאַרמאָגט אַזוי פיל מאַכט, און דאָך האָט ער זיך ווי אַ הילפלאָזער בעטלער געבעטן באַשיידענע פון זיין גורל און צוקונפט ביי דער מכלומרשטער אַלטער מכשפה וואָס דערקענט אים תיכף, אָבער זי מאַכט זיך נישט וויסנדיק, און זי פאַרשווייגט איר דערקענטעניש פונעם מרה־שחורהדיקן קייזער...

דער פירשט שוואַלאָוו לייענט די רוסישע ליטעראַטור אין אָריגינאַל. די בלעטלעך פון זיינע אַלטע ביכער זיינען געלע און זיי ברעכן זיך בשעת ער מישט מיט זיינע לאַנגע פינגער און די ווערק פון טשעכאָוו, קופּרין, גאָרקי און אַלעקסאַנדער בלאָק. אָפטמאָל גייט ער אַרונטער פונעם בעט אין זיינע וואַרעמע און וואָלענע פאַדזשאַמעס וואָס זיין ווייב האָט אים געשאָנקען, און ער הויבט אָן צו דעקלאַמירן מיט אימפּעט די הייסע שורות פון פּושקינס פּאָעמע ״דער קופּערנער רייטער״. כאָטש איך קען ווייניק רוסיש, שטראַלט אויף פאַר מיינע אויגן פּושקינס טאַלאַנט און גאָר זיין סטיכישער קראַפט און מייסטערשאַפט, וואָס מיינט פשטות, געצוימטן כוח, ברייטן שוואונג און פּערפעקטע טעכניק. די פערזן פון זיין שטאַרקער פּאָעמע גליען מיט עפּעס אַן אומגעוויינלעכער שיינקייט. איך זע פאַר מיינע אויגן בערג מיט מאַנוסקריפּטן אין וועלכע דער סלאַווישער גאון מיטן נעגערישן פּנים און הייסן בלוט אין זיינע אָדערן, האָט געשריבן, געמעקט און נאַכט נאָך נאַכט ווידער איבערגעשריבן, און געבראַכט אַזוי אַרום זיין דיכטונג צו אַבסאָלוטער קלאָרקייט ווי מייסטערהאַפט־זוניקער

טאָג פון וועלכן גאָט אַליין שעפּט נחת. ווי די בלעטער אין אַ גרויסן גאָרטן בשעתן חודש אָקטאָבער ווייעט עס מיט די קאָרעקטורן פון דעם דאָזיקן עפּישן ווערק וועמענס מחבר האָט זיך געלערנט פּשטות ביים פילאָזאָף וואָלטער, און מערסטנס ביי דער נאַטור אַליין, דאָס הייסט ביים רבונו של עולם. עס איז ווי אַ פינצטערער הימל בשעת אַן אימהדיקער נאַכט אין די רוסישע סטעפּעס וואו קיין לעבעדיקע מענטשלעכע נשמה איז נישט מעגלעך צו געפינען אויף מיילן און מיילן פאָרויס. אָבער אין דעם קאָסמישן חושך וואו עס וואוינט אין זיין איינזאַמקייט דער באשעפער פון די וועלטן, בלישטשן די ממש וואַנזיניקע שטערן ווי געהיימע קבלה־אותיות פון אַ געוואַלטיקן ספר. אין דעם אָפּשיין פון די דאָזיקע אותיות שרייבט דער גאָט־געבענטשטער גאון...

פירשט איגאָר דערשיינט טראָץ זיינע לאַנגע יאָרן פון קראַנקהייטן און זיין פאַרברענגען אין פאַרשידענע שפּיטעלער און סאַנאַטאָריעס, גרויס און שטאַרק בשעת זיין דעקלאַמירן פּושקינען און לערמאָנטאָוון. ער קריגן דעמאָלט עפּעס אַ באַזונדעיר מאַכט און משפּט ווי אַ שטרענגער שופט. ער שפּרייזט ווידער מיט גאָר זיין אימפּעט איבער די אומענדלעכע קאָלאָראַדער לאַנדשאַפטן, וואָס ווערן אין זיין דמיון פאַרוואַנדלט אין פייזאַזשן פון זיין יוגנט, ווי אין יענע געגנטן וואו דער פּאָעט פּושקין איז אַלס יוגנט געגאַנגען שפּאַצירן און געכלומט פון זיין גרויסער צוקונפט און פון זיין אייביקייט אויך. ער האַלדזט זיך או קושט זיך ממש און ער נעמט אַרום מיט זיינע אָרעמס אין ברודערשאַפט די אוראַלטע דעמבעס. ער שפּאַנט אין זיין פאַנטאַזיע ווי אַ גיבור איבער די רוסישע סטעפּעס. אַליין אַזאַ מיז קראַנקער מאַן, שענקט אים אַפילו די שווינדזוכט־קראַנקהייט פיבער און אילוזאָרישע כוחות. אין דער דיכטונג פון אַ גאון ווערט ער אַליין אויך פאַרוואַנדלט אין אַ גיבור. ער אומפּראָוויזירט סלאַווישע ליטעראַטור פון אַ הויכער מדרגה. ער דעקלאַמירט פּאָעמען וופס זיינע וקיינמאָל פריער נאָך אין ערגעץ נישט געוועזן געדרוקט. ער אמפּערט זיך מיט אַלערליי מענטשן, וואָס האַלטן זי דאין איין קריגן און זיי פירן וויכוחים וועגן גאָט, וועגן דעם מענטשנס פליכטן און זיין גורל. ער רעדט וועגן זינד און תשובה. ער איז אַליין א נאָך קיינמאָל נישט אָנגעשריבן קאַפּיטל אין אַ מיסטעריעזן ראָמאַן. דער געדיכטער רויך אין אַן אָרעמען טיי־הויז, שפּעט ביינאַכט, קען בשום אופן נישט פאַרטונקלען זיינע מחשבות. פאַרקערט: אין דער סביבה פון וויין, ווייב און געזאַנג ווערט זיין מוח קלאָרער און ער אימפּראָוויזירט אַזוי רייך מיט שיינקייט, חכמה און ליטעראַטור, ווי ער וואָלט דאָס אַלץ אַרויסגעלייענט פון עפּעס אַ גליענדיקער שריפט אויף דער פאַרקאַלכטער וואַנט פון אַ פאַרצייטישן קעניגלעכן שלאָס, אַ חורבה, אין וועלכער די שטערן פאַלן אַריין אינמיטן נאַכט ווי גיגאַנטישע ברילִיאַנטן, און זיי גייען אויס פאַרחלשטע אין דער פינצטערניש...

פירשט איגאָר איז אַליין אויך אַ פּאָעט. אָבער מבינים זאָגן אַז ער

שרייבט איבער פון אַלטע אינדישע ספרים אין סאַנסקריטישן לשון. אויך פון די פּאַרצייטישע בודיסטישע חכמים. דער שטאַט קאָלאָראַדאָ איז כמעט זיין פּריוואַטער גאָרטן, אַזאַ ווי די פּריצים האָבן פּאַרמאָגט בשעת די פעאָדאַלע צייטן, ווען וויאָרסטן און מיילן מיט פּאַרצייטישע נאַטור־לאַנדשאַפטן; מיט בוימער, ווילדע גראָזן, בלומען און קרזשאַנקעס האָבן אַרומגערינגלט די פּאַלאַצן פון די איינזאַמע אַריסטאָקראַטן. פּירשט איגאָר האַלט טאָג און נאַכט אין דערציילן וועגן די גייסטער וואָס וואוינען אויף דער לבנה. ווען די מענטשן גייען אויס אויף דער ערד, שוועבן תיכף זייערע נשמות צו די פּלאַנעטן. דער גאַנצער הימל איז לויט זיין צעשויבערטער פאַנטאַזיע באַוואוינט מיט די נשמות פון די מענטשלעכע דורות...

פּירשט איגאָר קען אויסגעצייכנט שפּילן אין קאָרטן. זיינע קאָרטן, זאָגט מען, פּאַרמאָגן געווגג געהיימע צייכנס. ווען ער גייט אַרויס שפּעט ביינאַכט נאָך אַזאַ קאָרטן־פּאַרזאַמלונג, זיינען זיינע צעריסענע קעשענעס פול מיט באַנקנאָטן וואָס די נערוועזע פינגער פון די קאָרטנשפּילער האָבן צעקנייטשט און צעבראָכן. ער פּאַרמאָגט דעם כוח צו טראָגן די זילבערנע מטבעות וואָס וועגן שווערע פונטן. אָבער אין דער זעלביקער נאַכט וואָס ער שפּילט און ער פּאַרוואַנדלט רייכע מענטשן אין פּלוצלינג געוואָרענע קבצנים ווי מיט כישוף, בשעת ער אַליין געווינט ממש גאַנצע זשמעניעס מיט גאָלד, ווערט ער אַליין אויך באַגנבעט. די גנבים און שאַרלאַטאַנען ווייסן שוין געווי וואו ער באַהאַלט זיינע געוואונענע אוצרות. זיי ברעכן אויף זיינע קאַמערן; זיי שליסן אויף מיט גנבישע שליסלען די קאַסעס און זיי ליידיקן אויס אַלץ וואָס ער טראָגט אָן ווי לאָבוזעס וואָס גנבענען אַרויס דאָס אָנגעזאַמלטע שווערע האָניק פון די בינשטאָקן. אָבער עס אַרט אים גאָרנישט. ער באַקלאָגט זיך קיינמאָל נישט אויף זיינע פּאַרלוסטן. ער קען פּערזענלעך די גנבים, פּאַרשטייט זיך. ער ווייסט געווי ווער עס באַגנבעט אים אינמיטן נאַכט סיי ווען די לבנה שיינט ליכטיק ווי א לאָמפּ און סיי ווען עס איז פינצטער אין דער וועלט ווי אין אַ וואַלד. ער גיט זיי מכלומרשט עצות ווי אַזוי צו פּאַרשווענדן זיין געלט אין וויינקעלערן, טאַנץ־זאַלן און באַרדעלן. ער גייט אויך מיט זיי שפּאַצירן בשעת די שפּעטע נעכט און פריע באַגינענס, און ער פּאַרברענגט צוזאַמען מיט זיי פּאַרן גאָלד וואָס זיי האָבן פון אים געגנבעט אין די קנייפּעס פון דענוווער...

פּירשט איגאָר פּירט ליבעס מיט די פּאַציענטקעס פון דער פּרויען־אָפּטיילונג און מיט די קראַנקנשוועסטערן, וועלכע וואַרטן אויף אים אין די ביליקע שטאָטישע האָטעלן, אין די קעלערן־רעסטאָראַנען ביי די איטאַליענער וואו מען טרינקט וויין און מען עסט שפּאַגעטי. ער מאָלט זייערע פּאָרטרעטן, וועלכע ער פּאַרקויפט דערנאָך צו די טוריסטן, צו די געסט און באַזוכערס אין סאַנאַטאָריום. אַ צאָל אויל־מאָלערייען און אַקוואַרעלן צעשענקט ער אומזיסט צו די מענטשן וואָס רעדן צו אים פריינדלעכע רייד און זיי לויבן זיינע קונסטווערק. ער איז נישט פריי פון

דער געוואוינטשאַפט צו חניפה. מען קען גרינג אָפּקויפן זיין נשמה מיט אַ גלעזל בראָנפן. ער אַליין איז אַ מייסטער און דעמאַגאָג פון זיסע און שמייכלענדיקע רייד, וואָס פאַנגען די הערצער פון די פרויען. אָבער זיין צונג איז אַ געהאַקטע און געטאָפּלטע ווי די זשמיע פון אַ שלאַנג: ער קען דערהרגענען אַן אומשולדיקן מענטש מיט אַן איינציק וואָרט. ער איז אימשטאַנד צו שעלטן מיט מייסטערהאַפטע קללות וואָס זיינען שטעכיק ווי סקאָרפּיאָנען, און ער קען אומברענגען מענטשן ווייל די "פּאַסאַזשירן" אין די קראַנקענהייזער זיינען גייסטיק נאָענט צו משוגעת און פיזיש זיינען זיי שוואַך ווי קליינע קינדער. וועגן אים איז ריכטיק דער זאָג פון די חכמים: החיים והמות ביד הלשון...

פירשט איגאָר זינגט מיט אַ ריזנשטימע, מיט זיין הייזעריקן באַס די אַמאָליקע צאַרישע לידער וואָס די אָפיצירן און סאָלדאַטן האָבן געזונגען ווען דער צאַר ניקאָלאַי האָט נאָך געלעבט און געהערשט איבער דער סלאַווישער אימפּעריע. איך געדענק אַזאַ נאַכט אין דענווער. זי שטייט אין מיין זכרון ווי אַ פאַנטאַסטישע אָפּעראַ, ווי סטראַווינסקיס "פּיעטרושקאַ": פירשט איגאָר און אַ גרופּע פריינט, מערסטנס ווייסגוואַרדיער וואָס האָבן זיך געפונען אַלס פּאַציענטן אין סאַנאַטאָריום, און וואָס זיינען געווען עלטערע און ערנסט־קראַנקע מענטשן, שוין זינט לאַנג שפּייענדיק מיט בלוט פון זייערע שווינדזוכטיקע לונגען, האָבן געזונגען אַ גאַנצע נאַכט אויפן דאַך פון דער געביידע אַזוי לאַנג ביז זיי זיינען אַוועקגעפאַלן מידע און אויסגעשעפּטע. עס איז דעמאָלט געווען אַ גרויסאַרטיקע נאַכט פון אַ סך שטערן אויפן הימל וואָס האָבן זיך ממש געוואַלגערט אין קאָסמאָס ווי בערג מיט צירינג וואָס מלאכים וואָס ליידן אויף קלעפּטאָמאַניע האָבן מסתמא אַוועקגעוואָרפן אַנטלויפנדיק פון דער פּאָליציי, פון די צאַרישע סטראַזשניקעס, וואָס האָבן זיי נאָכגעיאָגט און פאַרפּאָלגט. עס איז אויך געווען אַ נאַכט פון מענטשלעכע בענקשאַפטן און נאָסטאַלגיעס אין איינזאַמע הערצער. יעדער איינער פון די סלאַווישע פּאַציענטן צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען טשערקעסן, קאָזאַקן, אוקריינער און אַפילו קירגיזן און אַלערליי מאַנגאָליער וואָס די מלחמות האָבן אַרויסגעשליידערט פון זייער גרויסער ערד, פאַרטריבענע דורך אַלערליי אַוואַנטורעס, רעוואָלוציעס און בירגער־מלחמות איבער די שטעט און לענדער פון אייראָפּע, פון דעם באַלקאַן, פון כינע, יאַפּאַניע און אַמעריקע, האָבן אין זייערע ברייטע סטעפּישע נשמות געטראָגן נאָסטאַלגיע, דערשטיקטע חלומות און ראָמאַנטישע ליבעס...

אויפן ברייטן באַלקאָן פון דער „אַטענישער געביידע״, וואו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אַרום זיבעציק פּאַציענטינס אין דעם עלטער פון כמעט נאָך יינגע מיידלעך ביז אין די עלטערע יאָרן פון זקנה, זיינען בשעת די לאַנגע שעהן פון דער צויבערהאַפטער נאַכט, ווען גאָט האָט זיך ממש באַרימט מיט זיין פּאָרשטעלונג פון מאַסן פיבערישע שטערן, געשטאַנען די פרויען, טייל פון זיי בלאָנדע ווי גאָלד און אַנדערע שוין גרוי־געוואָרענע

ווי אַש, מיט צעבליטע און שפּיציקע ברוסטן ווי באַרנעס ביי די יינגערע קראַסאַוויצעס, ווי אויך מיט מידע, געלע און אַראָפּהענגענדיקע בוזעמס ביי די עלטערע און שווער־הוסטנדיקע פרויען. זיי האָבן זיך אַלע צוגעהערט מיט אַנטציקונג צו די ברייט־פּאַרנעמיקע געזאַנגען פון די טרויעריקע סלאַוון ווי צום כאָר פון אַ גאַנצן פאָלק, וואָס ווײנט און זינגט אויס מיט עפּעס אַזאַ טראַגישן פּאַטאָס זיינע גרויסע עפּישע לידער, פאַרטריבענע צו די טייך־ברעגעס פון אַ פרעמדן גלות־לאַנד. די דאָזיקע סצענע האָט אַוודאי צוגעגעבן נישט ווייניק קוראַזש און ענטוזיאַזם צו די קראַנקע זינגערס, וואָס זיינען אָבער מיט יעדער רגע געוואָרן אַלץ מידער און פאַרשמאַכטער. זיי האָבן זיך איצט ממש געשעמט פאַר די פרויען אויפצוהערן זינגען זייער גוואַלטיקע זינגעריי פון יענע מעכטיקע לידער מיט וועלכע די רוסישע מחנות, מערסטנס פויערישע יונגען פון אַלע קאַנטן פון דעם ריזיקן לאַנד האָבן זיך ווייט און ברייט אַוועקגעלאָזט מיט זייערע לאַנגע אָבאָזן איבער די אומענדלעכע שטחים פון פוילן, גאַליציע, אוקראַינע, פּרייסן און אַריינזינקענדיק אין די געפערלעכע זומפּן און טרינקענדיק ביז צום טויט פון די ברודיקע און שטייענדיקע וואַסערן; איבערלאָזנדיק זייערע גופים מיט די מיליטערישע מלבושים און שינעלן; מיטן געווער און מיט גאָר זייערע קאַנאָנען, וועגענער און פערד אין די תהומיקע טיפקייטן פון פרעמדע און אומבאַקאַנטע טייכן, וואָס האָבן אונטער די בלעטער פון די בוימער און מיט קוסטעס פאַרדעקטע זיך פאַרבאָרגן און זיך בלויז אַזוי ווי פּלוצלינג געעפנט כדי איינצושלינגען אין זייערע אָפּגרונטן גאַנצע אַרמייען. יאָ, דאָס איז געווען אַ נאַכט צום געדענקען אויף אַ סך צייטן פאַר יענע, וואָס זיינען ניצול געוואָרן פונעם מאַסנטויט אינעם וואַסערדיקן מדבר...

דער דירעקטאָר דר. לודוויג שוואַט, דער הויפּט־דאָקטאָר, האָט אינמיטן נאַכט געמוזט קומען פּערזענלעך, אַן אויפגעוועקטער פון זיין טיפן שלאָף, און באַפעלן די שיכורע און עקזאַלטירטע זינגערס זיך פאַנאַדערצוגיין און אוועקצולייגן זיך וואָס גיכער אויף זייערע ווייסע בעטלעך אין די פאַרשידענע זאַלן פון דער ציגל־געביידע. זייער עקסטאַז האָט געקענט קאָסטן זייערע לעבנס...

אין דער פרי זיינען זיי אַלע געלעגן אויסגעשטרעקטע און פאַרשמאַכטע אויף די שמאָלע אייזערנע בעטלעך ווי די מתים. דער פירשט איגאָר אַליין איז קוים מיט צרות אויפגעשטאַנען אַזאַ בלייכער און צעבראָכענער מאַן, וואָס האָט געהאַט אַ פּנים ווי אַלט ליים פון אַ פאַרוואָרלאָזטן קבר. ער האָט זיך איצט איינציקווייז גענומען צום באַזוכן די חדרים וואו עס זיינען געלעגן ווי געהרגעטע גיבורים, די ביינאַכטיקע זינגערס, און ער האָט זיי אויסגעדריקט מיטגעפיל און באַוואונדערונג פאַר זייער מעכטיקן געזאַנג. יאָ, די נאַכט זייערע איז געווען גרויס ווי אַן אָפּעראַ פון גראַנדיעזן פאַרנעם. די אַרמייען פונעם צאַר ניקאָלאַי און פון זייער הויכן און שלימזלדיקן פעטער ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש זיינען אויף

ריזיקע אָגערס גערינטן אין די וועלדער אַריין צו דער שלאַכט מיט די קרעציקע געראַנצעס. די העלדישע טשערקעסן מיט זייערע פוטערנע פּאַפּאַכעס און לאַנגע אייזערנע שווערדן, מיט פולעס (קוילן) אויף זייערע ביידע זייטן ברוסט־קאַסטנס, זיינען געפלויגן ווי די רוחות. אָבער דער פירשט איגאָר, שוין אַ טויטלעך־מידער, ווי ער וואָלט פאַרוואונדעט געוואָרן אין אַ שלאַכט, איז צוריקגעגאַנגען צו זיין בעטל. ער איז ערשט איצט פעסט איינגעשלאָפן און ער האָט שווער געכראָפּעט ווי אַ גענעראַל וואָס האָט נאָך אַ בלוטיקער שלאַכט לאַנג געוויינט און האָט דערנאָך אויסגעטרונקען שיער נישט אַ האַלבן פאַס מיט בראָנפן...

ווען איך האָב זיך געגרייט צו פאַרלאָזן דאָס סאַנאַטאָריום, איז דער פירשט שואוואַלאָוו שוין געווען אין אַ טרויעריקן מצב: זיינע נערוון האָבן ממש געברענט. עס איז געווען די צייט ווען אין אייראָפּע איז שוין שווער געהאָנגען די סכנה פונעם נאַצישן שטורעם איבער די יידן. פירשט איגאָר איז געווען סענסיטיוו צו סאָציאַלע קאַטאַסטראָפעס. ער האָט איצט פאַר מיר געהאַלטן רעדעס וועגן דעם קומענדיקן אויסראָט פון די יידן אין אייראָפּע דורך היטלערס האָרדעס און הונען. דער רוח פון נבואה און עפּעס אַ משוגעת האָט אין זיין מוח הייס געבריט. איידער איך האָב פאַרלאָזט די שטאָט דענווער, בין איך געגאַנגען זיך געזעגענען מיט אים. אין זיינע פרעמדע אויגן איז געשטאַנען דער טויט. איך האָב גוט געקענט פון מיין דערפאַרונג מיט קראַנקע מענטשן אין די שפּיטעלער די דאָזיקע אומהיימלעכע פאַרענדערונג אין אַ מענטשנס אויגן, וועמענס שטאַרע בליקן בלייבן שטיין אין זכרון שוין אויף תמיד. זיי דערציילן שוין פון אַנדערע אומבאַקאַנטע רעגיאָנען, וואו עס הערשט די אייביקע נאַכט. איבערהויפּט איז צו אים צוריקגעקומען פון דער ווייטער קינדהייט דער ייד, וועלכן ער האָט דורך די מערסטע יאָרן פון זיין לעבן געזוכט צו פאַרטרייבן פון זיך ווי אַ משוגענעם הונט. דאָס אַלטע יידישע לשון; דער מאַמעס וואַרעמע רייד; אַ שוועסטערס יידיש ליד וואָס זי האָט געזונגען נעבן זיין הילצערנעם וויגעלע; די היימיש־אידישע מלאכים ווי פון אַלטן בראָנדז וואָס האָבן געשוועבט איבער זיין קעפּל ווען ער איז נאָך געווען אַ קליינטשיק קינד; די שיר המעלות׳ן, וואָס האָבן באַקלעפּט די ווענט אַרום אים; די פּנימער פון זיינע ערשטע מלמדים, וואָס האָבן מיט אים געלערנט עברי און דערנאָך חומש; דאָס טייערע און זיסע פּנים פון אַ האַרציקער און הונדערט־יאָריקער באַבע; דאָס פירן אים מיט די הענט פון אַ היימישער מומע דורך שניי און ווינט בשעת עפּעס אַ פריען פרימאָרגן פון זיין יינגן לעבן אין חדר אַריין; דאָס מעשהלע וועגן חוני המעגלס זיבעציק־יאָריקן שלאָף וואָס אַ שטילער און איידעלער פעטער מיט אַ רויט־קופּערנער באָרד האָט אים אַמאָל אַרויסגעלייענט פונעם קליינעם בענטשערל; דאָס אַלץ איז איצט אַזוי זיס, טרויעריק און היימלעך צוריקגעקומען צו אים, און טראַכטנדיק וועגן דעם אַלעם, האָט זיך צו אים דערנענטערט דער ייד וואָס איז דורך לאַנגע צייטן געווען פון אים אָפּגעפרעמדט. ער אַליין האָט איצט

געקראָגן דאָס רירנדיקע פּנים פון אַ ליבן זיידן, ווי אַ יידישער מאָלער וואָלט ביינאַכט צו אים געקומען פון גן־עדן און וואָלט עס פּאַר אים אויסגעמאָלן כדי צו טראָגן דאָס פּנים פון עפּעס אַ פּאַרצייטישן נביא. טעג און נעכט ערב זיין מיתה איז אָפּגעטאָן געוואָרן פון אים דער פאַלשער סלאַווישער פירשט איגאָר שוואָוואַלאָוו און ער האָט זיך איצט געהייסן רופן מיט זיין אמתדיקן יידישן נאָמען: אברהם שופר...

פירשט איגאָר, ווי איך האָב שפּעטער שוין נאָך מיין אַוועקפאָרן פון קאָלאָראַדאָ געהערט פון פריינט און געוועזענע פּאַציענטן פון עטלעכע שפּיטעלער און סאַנאַטאָריומס, וואו ער האָט זיך אויפגעהאַלטן בשעת פאַרשידענע יאָרן פון זיין לעבן, האָט אַליין פאַרענדיקט זיין לעבן אויף דער תליה, נאָכדעם ווי ער האָט זיך געפּרואווט צו דערשטעכן. ווען דאָס בלוט זיינס איז דינערהייט גערונען פון זיין וואונד, נישט האָבנדיק דערגרייכט מיטן שפּיץ פונעם קינזשאַל דאָס אָפּגעפרעמדטע סלאַווישע האַרץ, איז ער געבליבן הענגען גאַנצע צוויי וואָכן צייט אין דעם אָרעמען האָטעל־חדרל. קיינער האָט זיך נישט נאָכגעפרעגט וואו עס איז אַהינגעקומען דער פירשט. אַלע זיינע מכלומרשטע פריינט זיינען געווען טויטלעך שיכור. ווען דער האָטעל־באַדינער האָט אים ענדלעך געפונען הענגען אַ פאַרשטייפטן אויפן גאַלגן, האָט ער שוין אויסגעזען ווי אַ זקן. זיין באָרד איז דורך דער צייט געוואַקסן און איז געוואָרן ווייס ווי אַ פרישער שניי, וואָס איז אָט־ערשט אַראָפּגעפאַלן פון די הימלישע שניי־אוצרות. אָבער זיין יידישער גוף האָט שוין איצט געפוילט און האָט זיך שוין געגרייט צעפאַלן צו ווערן אויף שטיקער. בלויז זיין דינער סקעלעט איז נאָך אַזאַ מיזעראַבעלער געהאָנגען אויף דער פּעטליע. ער איז איצט געווען אַ זייער אַלטער יידישער סקעלעט, וועמענס נשמה איז צוריקגעבראַכט געוואָרן צווישן יידן אין הימל. נאָך איידער מען האָט אים רעכט קובר געווען אויף אַ יידישן בית עולם, זיינען זיינע קרוכלע ביינער ווי צעפאַלן געוואָרן פאַר די אויגן פון די חברה קדישא־לייט. די באַגראָבערס האָבן פּשוט געשטוינט. אַזוינס איז נאָך קיינמאָל מיט זיי נישט געהאַט געשען: זיי האָבן מער נישט געהאַט וואָס און וועמען צו באַגראָבן. זיי האָבן אַריינגעשטעלט אינעם תהום פונעם קבר כמעט אַ ליידיקן ארון. אינעווייניק איז בלויז געווען שטויב, שפּינגעוועבס און אַ שאַרבן מיט עטלעכע שטיקלעך צעפּליקטע שייטלעך האָר...

פירשט איגאָר האָט מיך געהאַט געבעטן אין זיינס אַ בריוו צו פאָרן אין די בראָנקס און אָנצוזאָגן ווען זיין קינפטיקער פּטירה צו דער שוועסטער. אַזוי האָב איך געטאָן. עס איז אין יענעם מיטניאַנוואַרישן פרימאָרגן געגאַנגען אַ געדיכטער רעגן, דערנאָך איז אַ שניי שווער געפאַלן צו דער ערד. עס האָט אויך אויסגעבראָכן אַ שטורעם בשעת די הימלען האָבן געעפנט אַלע פייערן און די בליצן האָבן ווי מיט רויט־אָנגעגליטע זעגן געזעגט און געבראָכן די צווייגן פון די אַלטע ביימער מיט וועלכע די יידישע בראָנקס־געגנט מיט אירע ערטערווייז נאָך

דאָרפּישע איבערבלייבענישן פון די אַמאָליקע צייטן איז געבענטשט. איך בין געפאָרן ביז צום סאַמע סוף פון די בראָנקס, שוין נאָכן גרויסן און געדיכטן פּאַרק. איך גיי ממש מיט מיינע לעצטע כוחות צו איינער אַן אומבאַקאַנטער פרוי כדי אָנצוזאָגן די איוב־בשורה וועגן איר ברודערס טויט. ענדלעך קום איך אָן אַהין אַן אויסגעווייקטער ביזן העמד פון דעם ווילדן געפּלייץ פונעם צאָרנדיקן רעגן, מיט די בליצן שוין אַריינגערעכנט אינעם חשבון. אַ נידעריק הייזל שטייט זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַ טעאַטער־דעקאָראַציע נעבן אַ קריסטלעכן צמענטאַרזש. איך קלאַפּ אָן אין אַ טיר וואו עס הענגט אַ מזוזה אין אַ בלעכענעם שיידל. אַן עלטערע פרוי, שוואַרץ ווי אַ נעגערטע, קוקט אַרויס דורך אַ שפּעלטל פון דער געעפנטער טיר. זי זאָגט מיר אַז דער פירשט איגאָר איז פאַקטיש געווען איר מאַן. זי איז זיך מודה פאַר מיר אַז זיין צונג איז געווען ווי אַ יאַפּאַנישע שווערד מיט צוויי שאַרפן, און אַז מיט זיינע אַסטראָלאָגישע נביאותן, לייענענדיק די דלאָניעס פון די מענטשלעכע הענט, האָט ער געזוכט צו הערשן איבער אומבאַהאָלפענע נשמות. ער האָט זיך פרייוויליק אויסגעוויילט דעם וועג צו זיין אַ נביא פון שלעכטס צו די סענסיטיווע און אָפּגעשראָקענע פּאַציענטן אין די הייל־אַנשטאַלטן, וואו ער האָט פאַרבראַכט די מערסטע יאָרן פון זיין לעבן, וועלכע האָבן אין אים געזען זייער קברן. זי האָט אויך צוגעגעבן, אַז אַ צאָל קראַנקע מענטשן וועמענס האַנט־צייכנס ער האָט מכלומרשט געלייענט און פאָרויסגעזאָגט זייער פריען סוף, זיינען טאַקע אויסגעשטאָרבן פון פּחד ווי בשעת אַ מגפה. פירשט איגאָר שוואַלאָוו האָט אין זיין לעבן אַ סך שלעכטס געטאָן צו אָרעמע און איינזאַמע מענטשן, און ער איז געווען אַ שותף צום שטן, וואָס האָט אים גענוצט אַלס זיין תלמיד און לערנייִנג. אָבער ער האָט אויך פאַרמאָגט איבערנאַטירלעכע כוחות. ווי שוין דערציילט, האָט ער דעם חורבן פון די יידן אין פּוילן געמאָלן פאַר מיר מיט אַן עפּישן כוח, מיט גענויע שילדערונגען אַזוי ווי ער וואָלט אַליין געהאַט געזען מיט דער גאונות פון אַ געטלעכן נביא וואָס זעט מיט די אויגן פון זיין נשמה די סצענעס און געשעענישן וואָס שטייען אין גאָר זייער שוידער אָנגעגרייט אין די פאַלבן פון צייט און געשיכטע. ווען פירשט איגאָר האָט געשילדערט די מאָרבידע סצענעס פונעם חורבן, האָב איך אויפגעשוידערט. ער האָט געהאַלטן פאַרשלאָסן זיינע אויגן. איך האָב געהאַט דאָס געפיל אַז ער לייענט אַלץ אַרויס פון די ברייטע און לעבעדיקע בלעטער פון אַן אומגעהויערן ספר, וואָס אַ מלאך האָט געהאַט אָנגעשריבן מיט די שילדערונגען פון אַ שיכורן נביא...

## נאַטאַשאַ

דער היסטאָריקער דערציילט מיר אַז די פאַמיליע ח. האָט געוווינט ביים זיין געצוואונגען צוליב זייער נויט און אָרעמקייט צו פאַרקויפן זייער פּאָטערס אַ מאָלעריי. איינמאָל האָט טאַקע געטראָפן, אַז דער קינסטלער האָט פאַרקויפט זיינס אַ בילד צו אַ רייכן ייד פאַר גאַנצע פינף טויזנט

טאָלער. אָבער נאָכדעם ווי די טראַנזאַקציע איז דורכגעפירט געוואָרן, האָט די פֿאַמיליע שטאַרק באַדויערט. עס האָט זיך ממש געטאָן חושך אין הויז, ווי זיי וואָלטן געזעסן שבעה נאָך אַ געליבטן קרוב. מען האָט הויך געוויינט און באַקלאָגט דעם פֿאַרלוסט פֿונעם שוין אויף אייביק פֿאַרלוירענעם אוצר. ווען דער מעצענאַט האָט אַרויסגעטראָגן דאָס קונסטווערק פֿון זייער היים, זיינען אַלע מיטגעגאַנגען אַ גרויס שטיק וועגס איבער די פֿעלדער און לאָנקעס ווי באַגלייטנדיק צום בית עולם אַ זעלטענעם מיטגליד פֿון דער משפּחה. אַהיימקומענדיק פֿונעם טרויעריקן דרויסן, וואו עס איז פֿאָרגעקומען די לוויה פֿונעם אויל־בילד וואָס איז געווען אָרעם איינגערעמט ווי אַן ערשט־אָפּגעהובלעוועטע טרוימענע פֿאַר אַ בעטלער וואָס קרובים פֿירן צום צמענטאַרזש, האָבן זיי תיכף אָנגעהויבן צו טראַכטן ווי אַזוי צוריקצוקויפֿן די מאָלעריי: אַ זעלטענע לאַנדשאַפֿט אין מעקסיקע, איינגעטונקען אין רויט און שוואַרץ־געפֿלעקטע פֿאַרבן פֿונעם האַרבסט. זיי האָבן אָבער נישט פֿאַרמאָגט אַזאַ גרויסע סומע געלט כדי צוריקצוצאָלן פֿאַרן בילד, ווייל מיטן געלט פֿונעם קונסט־זאַמלער האָבן זיי געקענט אויסצאָלן אַ קליינעם טייל פֿון זייערע שווערע חובות, וואָס זיי זיינען שולדיק געבליבן צו פֿאַרשידענע פֿריינד, קרובים און צו די שוין נערוועז געוואָרענע קרעמערס פֿון די שפּייז־געוועלבן, וואו זיי האָבן געבאָרגט די סאַמע נויטיקסטע שפּייזן כדי צו שטילן זייער הונגער. איצט האָבן זיי אָנגעהויבן אַרומצולויפֿן צו די נאָענטע מענטשן און פֿאַרערער פֿון דעם פֿאָטערס גרויסן טאַלאַנט. זיי האָבן זיך אין אַ קורצער צייט אַרום אויפֿדאָסניי אָנגעבאָרגט ביז איבערן קאָפּ אַריבער אין די שכנותדיקע קראָמען, און זיי האָבן נאָך די אַלע אָנשטרענגונגען און מאַטערנישן פֿאָרט באַוויזן דאָס נס צוריקצוקויפֿן די מאָלעריי פֿאַר אַ גרויסער סומע געלד ערשט נאָכדעם ווי דער מעצענאַט איז געהאַט געשטאָרבן און זיין פֿאַראָרעמטע אלמנה האָט זיך גענויטיקט אין געלד, און זי האָט צוריק אויסגעקויפֿט די קונסט־אוצרות, וואָס איר מאַן האָט אין משך פֿון לאַנגע יאָרן אָנגעזאַמלט מיט היפּשע שוועריקייטן. די פֿאַמיליע צ. האָט צו דער אלמנה אויסגעצאָלט פֿאַרן בילד אַ גרעסערע סומע געלד, אפשר אַ סך מער וויפֿל זיי אַליין האָבן פֿאַר דעם געקראָגן באַצאָלט. אָבער זיי זיינען שוין איצט אַוודאי געווען גליקלעכער פֿון דער טראַנזאַקציע ווי פֿריער. באַלד דערנאָך האָבן זיי איינגעאָרדנט אַ באַנקעט צום אָנדענק פֿון דעם נאָבעלן גביר אויס דאַנקבאַרקייט וואָס זיי זיינען געווען אַזוי גוטהאַרציק צוריק צו פֿאַרקויפֿן צום מאָלער זיין באַליבטע מאָלעריי. מען האָט ביים קינסטלער אין דער היים געטרונקען אַ גאַנצע נאַכט קאָסטבאַרע געטראַנקען און געגעסן געשמאַקע סענדוויטשעס, ביז צום אויסלעשן זיך פֿון די שטערן אינעם פֿרימאָרגן. מען האָט זיך אַפֿילו משמח געווען מיט שאַמפּאַניער וואָס דער ווייַנהענדלער האָט ווי דורך אַ נס אויסגעבאָרגט צו דער פֿאַמיליע, און דאָס אַלץ פֿאַר גרויס שמחה פֿון האָבן צוריק אַריינגעקראָגן דעם קינסטלערישן אוצר וואָס האָט זיי לגמרי נישט אויסגעפֿעלט צום מעבל אין

הויז, וואָס איז געווען ממש אַ קעניגלעך מוזעאום, אָנגעשטאָפּט אין אַלע שטיבלעך און ספּיזשאַרקעס פון אונטן ביז אַרויף צום פּולאָפּ מיט קאַנוועזעס. אָבער דאָס צוריקגעקויפטע ווערק אַליין איז איצט געהאָנגען אויף דער וואַנט אין דער ריזיקער סטודיאָ און ווי אָנגעהויבן מיט גרויס שמחה אַליין אויך צו פלאַמען ווי אַ זון־אונטערגאַנג אין אַ ווינטישן טאָג וואָס צעטראָגט ברייט דעם רייכן און ראָסקאָשנעם אָפּשיין. די מאָלערײַ האָט איצט געקראָגן עפּעס אַזוינס ווי פריש לעבן אין דער היים פון איר געטרייען מאָלער און פון זײַן פאַמיליע וואָס האָבן תמיד מיט גרויס גליק און געטריישאַפט אויסגעפירט די סאַמע מינדעסטע וואונטשן און באַגערן פון דעם מייסטער און הערשער אין הויז. זיין וואָרט איז געווען געזעץ. די פאַרבן אינעם ריזיקן אויל־בילד וואָס האָט פריער, אין דער מעצענאַטס הויז כמעט געוויינט און געטרויערט, בענקענדיק נאָך דער סטודיאָ פון איר מייסטער און מאַכער, צוגעבנדיק חשיבות צו זיין טאַלאַנט און געשטאַרקט די אנערקענונג פון זיין געניוש ביי די באַזוכנדיקע געסט און פאַרערער, האָבן איצט, ווערנדיק צוריקגעבראַכט אין דעם מאָלערס היים און אין זיין אייגענער סטודיאָ, ממש אויפגעלויכטן מיט אַ נייעם פלאַמיקן קאָליר, וואָס איז געווען געמישט מיט נאַכטישער שטילקייט און מיסטישער טונקלקייט. דאָס בילד איז געוואָרן שיכּור ממש צוזאַמען מיט די מערסטע אָנטיילנעמער אויף דער מאָדנער שמחה. הויך, אויפן ברוקלינער הימל, ביים ים, איז געשטאַנען אַ בלייכער שפּליטער פון אַ קוים מערקלעכער לבנה וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ צעבראָכענער כוס, פון וועלכן אויך די מלאכים אין הימל האָבן געהאַט געטרונקען אַ סך היימישן און אַלטמאָדישן מעד, אָנטיילנעמענדיק אין דעם מאָדנעם באַנקעט לכבוד דעם צוריקגעקומענעם אָדער ווידער דעראָבערטן און ממש באַפרייטן בילד פון דער פרעמדער געפאַנגענשאַפט...

נאַטאַשאַ, דעם מאָלערס יינגערע מיידל און טאָקע דעם טאַטנס שטאַרק באַליבטע טאָכטער, ליגט כמעט אָפּ איר גאַנצן לעבן אין דער ריזיקער סטודיאָ, וואָס איז גרויס און רחבותדיק ווי אַ פריצישער סאָד אין צאַרישן רוסלאַנד, פון וואַנען די פאַמיליע איז טאַקע יינגערהייט געקומען קיין אַמעריקע אין דעם אָנפאַנג פון דעם איצטיקן יאָרהונדערט. נאַטאַשאַ אַליין שלאָפט אויף איר טאַטנס ממש הייליקע לייוונטן און אויף די שטיקלעך נישט־געענדיקטע סקולפּטורן: קעפּ, טאָרסאָס, פיס און אָרעמס ווי יעקב אבינו אויף די שטיינער אין באר שבע, אָדער ווי משה רבינו, אַזאַ מוראדיק־מידער, האָט איינגעדרימלט אויף די שפּליטער־פעלדזן פון זיינע צעבראָכענע לוחות.

דער מאָלער האָט אגב אַ טבע, וואָס שייך זיינע סקולפּטורישע קונסט־ווערק, זיי בלויז אָנצוהויבן צו קנעטן פון קליי, און דערנאָך צו האַקן, צו קלאַפּן און צו ברעכן. אָבער ער פאַרענדיקט זיי נישט. ער האָט זיין טעאָריע אַז די סקולפּטור־קונסט איז אַ מין פאָרם פון עוואָלוציע אין דער נאַטור, וואָס האַלט זיך ערשט אין אַנטוויקלען, און באַדאַרף דעריבער

נישט פֿאַרענדיקט ווערן. דאָס רויע, דאָס עקספּערימענטאַלע אין דער קונסט איז וויכטיקער ווי דאָס מכלומרשט פֿאַרענדיקטע, וואָס נעמט צו דעם וואַרעמען און לעבעדיקן אָטעם פֿונעם ווערק. בכלל איז אויך, לויט אים, מאָלעריי און ליטעראַטור, אַפֿילו טעאַטער און די באַלעט־קונסט, אין דעם פּראָצעס פֿון פּערמאַנענטער אַנטוויקלונג און אין קעגנזייטיקער באַווירקונג, אין דער אייביקער מלחמה פֿון די פֿורעמס און פֿאָרמען. אַפֿילו גאָטס לוחות, וואָס משה רבינו האָט אַראָפּגעבראַכט פֿון הימל אויפֿן באַרג סיני, זיינען געבליבן שטיין אַלס אומפֿאַרענדיקטע מאָנומענטן, אַלס שטיקער רויער חומר, אַרויסגעבראָכענע פֿון די איינזאַמע בערג...

בשעת נאַטאַשאַ שלאָפֿט אַזוי אַ מוטער־נאַקעטע אין דער סטודיאָ אויפֿן טאַטנס לייוונטן און לוחות, ווערן זיי אָנגעוואַרעמט ווי מיט גאָטס שכינה. די קאַנוועזעס בלוטיקן ממש אויף אַזוי רויט מיטן טאַטנס וואַרעמע און טרויעריקע פֿאַרבן ווי ער וואָלט געמאָלן דעם היימישן אָקטאָבער־חודש פֿון דעם בראָנקסער גרויסן גאָרטנפּאַרק, וואו די בלעטער פֿליען און פֿלאַטערן אַרום צוזאַמען מיט די שוועבנדיקע פֿייגל און זיי זעען אויס, אָדער זיי זיינען טאַקע, פּאָעטישע בריוו געשריבן אין דער שפּראַך און מיט די הייליקע אותיות פֿונעם זוהר. די סטודיאָ אַליין איז ווי אַן אויסגעשניטן שטיק רוימלעכקייט אין קאָסמאָס וואָס האָט זיך מיט דער צייט ממש פֿאַרוואַנדלט אין אַ מין הייליקן טעמפּל, וועמענס ווענט זיינען אויסגעשטעלט פֿון עק צו עק מיטן קינסטלערס שטיקער קאַנוועז ווי מיט רייך־אילומינירטע פּאַרמעטן פֿון אַלטע ספרים אין צפֿת, פֿון דער עפּאָכע פֿון די קבליסטן, און פֿון פֿייערדיקע ספרי תורות, וואָס שטעלן פֿאָר האַרבסטיק־רויטע לאַנדשאַפֿטן פֿון מעקסיקע, קאַנאַדע און פֿון דעם ים אין אונזער היימישן קוני איילאַנד. נאַטאַשאַ איז אין דער דאָזיקער סטודיאָ וואָס איר פֿאָטער האָט מיט יאָרן צוריק, נאָך ערב דעם געבורט פֿון זיינעביידע טעכטער געלאָזט אויפֿבויען, די מרה־שחורהדיקע און פֿאַנאַטיש־געטרייע וועכטערין מיט איר גלויביקן האַרצן, פֿול מיט אַן אומגעוויינלעכער ליבשאַפֿט צו איר טאַטנס מאָלערישע שאַפֿונגען. זי לעבט אָפּ כמעט איר גאַנץ לעבן אין דעם דאָזיקן פֿאַנטאַסטישן קונסט־טעמפּל. זי טוט תפֿילה צו די הייליקע פּאַרמעטן וואָס זיינען צוגעקלאַפּט מיט אייזערנע טשוועקעס צום ברוינעם טינק פֿון די הויכע און אימפּאָזאַנטע ווענט, ווייל זיי פֿאַרמאָגן נישט קיין לייטישע ראַמען, אין דעם ריינעם טונקל־גאָלד פֿונעם שוין פֿאַרשפּעטיקטן האַרבסט אין די בראָנקס, וואָס שמעקט נאָך מיט אַלט־יידישקייט פֿון פּוילן, ליטע און רוסלאַנד. מיטן גאַנג פֿון די יאָרן ווערט די נאַטאַשאַ ממש פֿאַרגרינט, פֿאַרזשאַווערט ווי אַ שטיק אייזערנער יויז פֿון דער „מאַטקע באָסקע”. זי ווערט אויך פֿאַרדאַרט און פֿאַרצערט צוליב איר קנאַפּן עסן און טרינקען, און איר קאָפּ מיט שיטערע האָר דורך וועלכע מען זעט אַרויס, ווי אין אַ וואַלד מיט וויניקע בוימער, ליידיקע שטיקלעך געלע שאַרבן־שטח, איז שוין אויך גרוי ווי די קעפּ פֿון די זקנים וואָס וואוינען אין דער געגנט ביים

ים און וועלכע קומען בלויז אַרויס אויף דער לופט ווען די זון רייסט אַדורך די גרויע וואָלקנס און זי באַשיינט די ים־לאַנדשאַפטן. נאַטאַשאַ איז עפּעס ווי געבוירן געוואָרן אין צייכן פון אַ שטערן וואָס האָט איר סיי פאַרשאָלטן און סיי געבענטשט צו זיין אַן אייביקע שקלאַפין פון איר טאַטנס קונסט־שאַפונגען, וועלכע זי שטעלט אויס אגב זייער זעלטן, פונקט ווי זי וואָלט נישט פאַרגינען דעם פרעמדן און אומבאַקאַנטן פובליקום אויף אַמאָל הנאה צו האָבן פון זייער אומהיימלעכער שיינקייט...

אַנומלט, נאָך אַ סך יאָרן פון איינזאַמקייט, האָט זי זיך פלוצלונג אַרויסגעריסן אויף עפּעס אַזאַ ווייטער און אויסטערלישער נסיעה אַזש קיין סאָוועט־רוסלאַנד, וואו עס איז מיט אַן אַרציק אָדער נײַנציק יאָר צוריק געשטאַנען איר פאָטערס וויגעלע. דאָרטן האָבן די רוסן דווקא אויסגעשטעלט זיינע ווערק. דאָרטן קען מען זיך וואויל אויף דעם געניוש פון איר פאָטער, זאָגט נאַטאַשאַ. ח. איז אין יענע צייטן געווען אַפילו מער אָנגענומען ווי מאַרק שאַגאַל. די צאַרישע גבירים האָבן נאָך לאַנג ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה געהאַט גענוג שכל און חוש אָפּצוקויפן אין פאַריז די ערשטע שאַפונגען פון די אימפּרעסיאָניסטן פאַרן "ערמיטאַזש"־מוזעאום. די צאַרן האָבן פאַרן דאָזיקן צוועק אויפגעהאַלטן אין די פאַריזער האָטעלן גענוג דערפאַרענע אַגענטן און קונסט־ספּעציאַליסטן. ח., וואָס איז געווען אַן אויסגעצייכנטער פּייזאַזשיסט, איז געשטאַנען אונטערן איינפלוס פון דער מאָדערנער פראַנצויזישער מאָלעריי, באַזונדערס פון די אימפּרעסיאָניסטן...

ווען נאַטאַשאַ איז אָנגעקומען אין דעם שטעטל וואו איר פאָטער האָט דערזען די ליכטיקע שיין, האָט מען לכבוד איר איינגעאָרדנט אַ באַנקעט. מען האָט אויפן רוסישן שטייגער געטרונקען גענוג וואָדקאַ, לויבנדיק די „טיפּיש־סלאַווישע פּייזאַזשן", ווי די רעדנערס האָבן געשילדערט, פון איר געניאַלן פאָטער. מען האָט אויך אַ סך געטרונקען בשעת דער דערעפענונג פון דער אויסשטעלונג, רעדנדיק מיט גרויס פּיעטעט וועגן זיין פּערזענלעכקייט און זיין געטריישאַפט צום לאַנד פון זיין געבורט. דאָרטן, אין דעם לאַנד וואו סטאַלין האָט אויסגעמאָרדעט אין די שקלאַפנלאַגערן ממש וועלדער מיט מענטשן און אויך מאַסן ייִנגע, אויפגייענדיקע טאַלאַנטן, און מסתמא אויך זשעניען וואָס וואָלטן אין פרייהייט געקענט שאַפן גרויסע ווערק, האָט מען מיט רעכט אָפּגעשאַצט איר טאַטן אַלס אַן עכטן רוסישן קינסטלער, אַזוי דערציילט נאַטאַשאַ...

די שענסטע אויסשטעלונג איז פאָרגעקומען אין פּעטערבורג, וואו דער גרויסער רוסישער פּאָעט איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט אויף אַ פעלד בשעת זיין דועל מיטן פאַרדאָרבענעם דאַנטעסן, דעם פראַנצויזישן נאָבלמאַן און אַוואַנטוריסט. נאַטאַשאַ קען אויסגעצייכנט רוסיש און זי דעקלאַמירט פריי פּושקינס מעכטיקע דיכטונג. ווען זי רעדט און טראָגט פאָר פון אויסנווייניק פּושקינס פּאָעזיע, ציטער איך ממש אויף. אַגב דערציילט מיר נאַטאַשאַ, אַז די שטאָט פּעטערבורג האָט זי טאַקע

באַזונדערס ליב געהאַט. איר פֿאָטער האָט דאָרטן פֿאַרבראַכט זיינע יוגנט־יאָרן, לערנענדיק אין אַ קונסט־שולע. זי איז איינמאָל שוין אין דער שפּעטער נאַכט אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירן אויפֿן ברעג פֿון דער נעוואַ. דאָס סודותדיקע וואַסער האָט עפּעס באַזונדערס אין יענער נאַכט אומרואיק געשטורעמט ווי די כוואַליעס וואָלטן מיט ברייט־אויפֿגעריסענע מיילער דעקלאַמירט פּושקינס פּאָעזיע לכּבֿוד איר. די לבֿנה איז געגאַנגען ווי אַ פֿירשטין איבער די גרויע וואָלקנס ווי אויף די צעבראָכענע טרעפּ פֿון אַן אַלטן חרובֿדיקן פּאַלאַץ. פּושקין האָט ליב געהאַט די נעוואַ. זי רוישט נאָך און זינגט איר גרויסע סלאַווישע מעלאָדיע ביזן היינטיקן טאָג מיט אירע שטאָלצע כוואַליעס, ווי זיי וואָלטן דערציילט צו דער נאַכט אַז זיי זיינען געווען דעם גרויסן דיכטערס פֿריינד, און וועמען ער האָט איינגעלאַדן אייביק צו שאַלן אין זיין מעכטיקער דיכטונג... ביים ברעג פֿון דער נעוואַ איז געגאַנגען אַ שטילן, אָבער מיט אַ פֿעסטן גאַנג אַ מאָנומענטאַל־הויכער מאַן, ענלעך צום קופּערנעם רייטער־דענקמאָל פֿון זיין פּאָעמע, מיט אַ טונקל און נעגעריש פּנים און גליענדיקע אויגן, וואָס האָט געטראָגן אַ גראָבן בוך ווי אַ ביבל מיט גאָלדענע אותיות אויפֿן רוקן, אין דער האַנט. ער האָט מיט דער רעכטער האַנט זיך צוגעהאַלטן ביי דער ברוסט וואו די טויטלעכע וואונד וואָלט ביי אים נאָך אַלץ געבלוטיקט פֿון דעם דועל מיטן פֿראַנצויזישן אַריסטאָקראַטישן דעגענעראַט און שאַרלאַטאַן. דער סלאַווישער ווינט האָט ברייט געקעמט זיינע צעפּלאָשעטע האָר. ער איז געווען, זאָגט נאַטאַשאַ, פֿון אַ געוואַלדיקן וואוקס. צאָרן איז געווען אויסגעדריקט אויף זיין נעגעריש־צעהיצטן פּנים, די אויגן זיינען ביי אים געווען שטיקער פֿייער, אָבער פֿאַרגאָסן מיט טרערן. דער רוסישער פּאָעט איז אַרויסגעגאַנגען פֿון זיין קבֿר אויף אַ שפּאַציר בשעת דער טיראַנישער רעזשים פֿון סטאַלין האָט געהערשט איבער דעם גרויסן סלאַווישן רוסנלאַנד פּונקט ווי אין דער צייט און עפּאָכע פֿון פּושקינס שונא, דעם צאַר ניקאָלאַי דעם ערשטן. פּושקין איז אַזוי שעהנלאַנג געגאַנגען נעבן זיין באַליבטן טייך נעוואַ און אויבן, אויפֿן הימל, האָבן אים מיט ליבשאַפֿט און פֿאַרערונג באַגלייט די שטערן, קושנדיק זיין פֿאַרשוויצטן שטערן... ווערטער און ריטמען האָבן זיך געהערט אין דער נאַכט פֿון זיין האַלדז און ליפּן... דאָס האָט דער פּאָעט אימפּראָוויזירט די קאָמפּאָזיציע פֿון זיין מעכטיקער פּאָעמע „דער קופּערנער רייטער" וואָס איז געווידמעט דעם אָנדענק פֿונעם טיראַן און צאַר פּעטער...

איך דערמאָן זיך, אַז איך האָב געזען דעם שוין עלטערן מאָלער ח. בשעת ער איז שוין געווען קראַנק אויף קאַנסער. איך האָב אים נאָך אַפֿילו געטראָפֿן בשעת זיינס אַן אייגענער אויסשטעלונג אויף דער זיבן און פֿופֿציקסטער גאַס. ער האָט עפּעס געפּרוּווט שמייכלען צו מיר מיט אַזאַ אומעטיקן פּנים. ער איז געווען צו־שטאָלץ צו אַנטפּלעקן זיין טרויער צו פֿריינד. ער האָט זיך פּאַקטיש געשעמט צו שטאַרבן. ער האָט מורא געהאַט אַז זיין פֿאַטאַלע שלאַפֿקייט וועט צעשטערן זיין ווירדע אין די אויגן פֿון

פריינד און פאַרערער. שיינע פרויען, עלטערע דאַמעס, רייך־געקליידטע פאַרערערינס האָבן אים קאָמפּלימענטירט מיט באַנאַלע רייד, מיט קאָמפּלימענטן פאַר זיינע בילדער וואָס זיינען שוין געווען געמאָלן מיטן אַקצענט פון טרויער, פון האַרבסט, פון מענטשלעכער געפאַלנקייט. ער האָט נאָך, פאַרשטייט זיך, טאָלערירט די בלומיקע שפּראַך פון די געסט. אָבער איך האָב דערקענט זיינע פיזישע יסורים וואָס האָבן אים פּריצייטיק אויפגעגעסן. ער האָט געקראָגן אַ געלן פּנים ווי עפּעס אַזאַ מין הייליקער סלאַווישער נזיר אויף אַ קופּערדיק־ברוינער און פאַרקאָפּטשעטער איקאָנע. זיין פּנים איז געווען ווי אַ שטיק אָפּגעבראָכענע לאַנדשאַפט פון זיינס אַ קאַנוועז, וואָס איז באַלייגט מיט טרויעריקע, אָבער אויך פינקלענדיקע פאַרבן. אין זיין טראַגישער אומבאַהאָלפנקייט און מיטן קענטיקן געדאַנק אין זיינע קלוגע אויגן אַז איך בין באַוואוסטזיניק געקומען צו זיין סאַמע לעצטער אויסשטעלונג אויס סימפּאַטיע און מיטלייד אין זיין איצטיקער סיטואַציע, האָט ער זיך פאַר מיר עפּעס ווי געפּרוּווט צו אַנטשולדיקן און ער איז גאָר געגאַנגען משתּין זיין. איך ווייס נישט פאַרוואָס: נאָר איך האָב געהאַט דאָס געפיל אָדער איינדרוק, אַז ער האָט דעמאָלט משתּין געווען מיט בלוט. ער איז געווען טויט אין אַ וואָך שפּעטער...

איך האָב זיך דערמאָנט ווען איך האָב געזען דעם מאָלער צום ערשטן מאָל: עס איז געווען ביים פאַרבנסוחר דאַניעלס, וועמענס עלטערער ברודער הערי דאַניעלס איז אויך געווען אַ מאָלער. דאַניעלס איז געווען דאָס וואָס מען רופט: אַ פּרימיטיווער מאָלער, בשעת ח. איז געווען אַ הויך־קולטורעלער און העכסט־ראַפינירטער קינסטלער. מיר זיינען געשטאַנען אין דאַניעלס פאַרבנגעשעפט אין דער געגנט פון גרעניטש ווילעדזש. דאַניעלס איז געווען באַשעפטיקט מיט די יינגע סטודענטן און קונסט־שילער, וואָס האָבן ביי אים געקויפט פאַרבן און מאַטעריאַלן. ער, דאַניעלס, איז געווען דווקא אָנגעטאָן אין ברודיקע קליידער. זיינע הענט זיינען געווען פאַרשמירטע מיט פאַרבן, מיט פאַרשידענע עליקסירן, בענזין און אויל. זיין פּנים האָט צו מיר אויסגעזען ווי אַ שטיין וואָס איז געוואָקסן אפשר אַ מיליאָן יאָר צייט צווישן פּאָליפן, גראָזן, ווערעם און ברודיקייט. ער האָט זיך נישט צוגעהערט צו די דריי קינסטלער־געסט וואָס האָבן גערעדט צווישן זיך אינטים, ווי ראַפינירטע מאָלערס. ח. האָט אויסגעזען ווי אַ רוסישער קופּיעץ וואָס פאַרמאָגט געגנוג געלט. ער האָט דערציילט אַ מעשה, אַן עפּיזאָד וואָס ער האָט אַדורכגעלעבט אין קאַנאַדע, אין די בערג, דאָרט פאַרברענגענדיק אין איינעם אַ זומער, איך האָב זיך, פאַרשטייט זיך, צוגעהערט:

ער איז געגאַנגען אין אַ זוניקן פרימאָרגן שפּאַצירן אין אַ פּרעכטיקער געגנט אין די בערג, צופוסנס פון אַ קליינטשיק דאַטשע־שטעטל. פּלוצלינג איז ער אויפמערקזאַם געוואָרן אויף אַ דינעם, זילבערנעם רויך וואָס טראָגט זיך פון אַ קוימען פון אַ געביידע אין דער הויך, צום הימל. עס איז

געווען אַן אויסערגעוויינלעך־איידעלער, דורכזיכטיקער און צאַרטער רויך, אַזאַ וואָרעם־ווייבלעכער רויך. דער קינסטלער איז געווען ווי צוגעשמידט צום דאָזיקן דינעם רויך, ווי דער גייסט פון אַ מענטש וואָלט אויסגערונען פּאַמעלעך און געשטיגן ווי אַ ספּיראַל אין דער לופט, צום הימל. אַזוי ווי עס האָט זיך נישט געפילט אין דער לופט דאָס מינדעסטע ווינטל, איז דער רויך נישט צערי־סן געוואָרן פון די כוואַליעס לופט. אָבער עפּעס האָט ער זיך נישט געפילט אויפגעלייגט צוליב דעם דאָזיקן רויך. ער איז געווען אַפילו באַאומרואיקט. עטלעכע מענטשן מיט טרערן אין די אויגן זיינען אין אַ ווײַלע אַרום אַרויסגעגאַנגען פון דער ציגל־רויטער געביידע. עטלעכע פרויען האָבן זיך געקושט. עס איז דעם קינסטלער ביסלעכווייז קלאָר געוואָרן אַז דאָ, אין דעם קרעמאַטאָריום, איז פאָרגעקומען עמעצענס פאַרברענען. ער איז געוואויר געוואָרן, אַז אַ יינגע פרוי, אַ קינסטלערין, איז דאָ קרעמירט געוואָרן און איר דינער און ליכטיקער רויך, איר גייסט, האָט אים ווייזט אויס אָנגערירט אַזוי צאַרט און נאָבל ווי עס איז געווען איר לעבן; ווי עס איז געווען איר שטאַרבן; ווי עס זיינען געווען אירע טראַכטונגען, אירע שטימונגען, איר שטילער אונטערגאַנג...

דעם דאָזיקן טראַגישן עפּיזאָד האָט ח. דערציילט מיט אַ סך געפיל, מיט עמאָציאָנעלער אויפרעגונג. מען האָט לייכט געקענט באַמערקן אַז דער זשאַלאָבנער איינדרוק פון דער פאַרברענונג פון אַ יינגער פרוי אין אַזאַ שיינעם און זוניקן באַגינען, אויפן הינטערגרונט פון אַ לויטערער לאַנדשאַפט פון בערג און טאָלן, האָט אין אים געלאָזן שטיין אַ טיפן אומעט, האָט אים געמאַכט צו טראַכטן פון זיין אייגענעם פאַרגיין...

דער עלטערער קינסטלער, הענעך גליצענשטיין, האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט. זייענדיק אַליין שוין מיד און אַלט, און נאָך אַ האַרצאַטאַקע, האָבן אין דעם קינסטלערס ציטערנדיקע הענט אויך געציטערט די פּרעכטיקע מאָלערייען וואָס ער האָט גרייט געהאַט כדי צו באַצאָלן דעם פאַרבנהענדלער דאַניעלס פאַר די פאַרבנמאַטעריאַלן וואָס ער האָט געוואָלט פון אים איינקויפן. די אָרעמע קינסטלער זיינען געווען סיי גליקלעך און סיי טרויעריק זיך צו קענען שיידן מיט זייערע קונסטווערק פאַר די פאַרבן, מיט וועלכע זיי האָבן געשאַפן נייע קונסטווערק... עס איז דעמאָלט אין לאַנד געשטאַנען אַ גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט. מענטשן האָבן נישט גערן געקויפט קונסט אין יענער אומעטיקער צייט. דער פאַרבנהענדלער דאַניעלס איז געווען אַ גאַנץ נישט דעליקאַטער מענטש. ער האָט זיינע קינסטלער־קונים וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין מאַטעריאַלן כדי צו מאָלן, נישט איידל באַהאַנדלט, בשעת ער אַליין האָט פאַרמאָגט אַ רייך, גוט־גייענדיק געשעפט, מיט אַ סך קונים, מיט סטודענטן־מאָלערס, ביי וועלכע ער האָט ממש געזשאָבט. גלינצענשטיין, שוין אַן עלטערער ייִד, איז געשטאַנען אַ טרויעריק־נאָכטראַכטנדיקער, און ער האָט נאָך אַלץ געזען אין זיין פאַנטאַזיע דעם

זילבערנעם רויך וואָס ציט זיך פּאַוואָליעדיק אין דער הויך, צו די זוניקע וואָלקנס, וועגן וועלכן ח. האָט דערציילט מיט אַ צייט צוריק...

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אויך געגאַנגען אויף איר וועג פון דער אייביקייט צו גאָט אין גן־עדן נאַטאַשאַס איידעלע מוטער, וועמען איר מאַן האָט אַגב פאַרראַטן מיט אַנדערע פרויען, און זי אַליין האָט, רעדנדיק איינמאָל מיט מיר וועגן דעם דאָזיקן ענין, זיך אויסגעדריקט אַז אַן אמתדיקער קיסטלער איז פריי זיך אַזוי אויפצופירן ווי עס גלוסט זיך אים לטובת זיין אינספּיראַציע צום שאַפן, און אַז אַרטיסטן קען מען בשום אופן נישט משפּטן מיט דער מאָראַלישער מאָס ווי געוויינלעכע מענטשן. שעפער, לויט איר, פאַרמאָגן אַ העכערע מאָראַל פון אויפפירונג, אָדער קיין שום מאָראַל נישט. קונסט איז אַזוי אַרום ביי דער דאָזיקער פאַמיליע געשטעלט געוואָרן אַלס דער העכסטער אידעאַל פון אַ מענטש און פון דער גאַנצער פאַמיליע, וואָס באַדאַרף זיך מקריב זיין מיט וואָס עס איז נאָר מעגלעך לטובת דעם געניוש אין דער געבענטשטער משפּחה. און אַז פרויען, באַזונדערס שיינע און יינגע, זיינען צו אַלע צייטן געווען די אינספּיראַציעס פון שעפערישע מאַנצלייט. איך אַליין האָב אַגב געקענט עטלעכע באָהעמישע פרויען, וואָס זיינען געווען דעם מאָלערס מאָדעלן און געליבטע אויך...

ווען פאָולין, די מוטער פון נאַטאַשאַן, איז אויסגעגאַנגען, האָב איך, נאַטירלעך, אויסגעדריקט פאַר איר מיין טיפן באַדויער. אָבער זי, די טאָכטער, האָט מיר גאַנץ „זאַכלעך" און פראָזאַאיש געענטפערט אַז „קיינער לעבט דאָך נישט אייביק". דאָס איז געווען געזונט פון אַ קלאָרער אָנדייטונג כדי מיר צו געבן צו פאַרשטיין אַז "ביי אונז" איז דער פאָטער, דער שעפער און מייסטער, געווען דער העכסטער אידעאַל, דער קעניג אין דער משפּחה. אונדזער מוטערס ראָלע איז בלויז געווען אויף דער עלטער, ווען זי איז נישט מער געווען יינג און רייצנדיק, צו ווערן זיין דינסט, אים צו באַדינען ווי אַ שקלאַפין; אויסצוואַשן זיינע העמדער; צו פּרעסן זיינע הויזן און זיין געלן באָהעמישן זשאַקעט; צו פוצן מיט שוואַקס זיינע קאַמאַשן; אָפּצושיילן די קאַרטאָפל; אָפּצוקאָכן יעדן טאָג אַ געשמאַקן מאָלצייט, און טאַקע גאָרנישט מער...

קונסט איז, לויט דער קאַלטער לאָגיק אָדער פילאָזאָפיע פון נאַטאַשאַ און אפילו אויך פון איר מוטער, געשטאַנען איבער יעדער מאָראַל, סענטימענט און מענטשלעכקייט. קונסט מוז זיין אכזריותדיק. מיך האָט דער דאָזיקער טיראַנישער קולט פון קונסט, פאַרשטייט זיך, שאָקירט. עס איז דערינען געווען עפּעס פון דער אַלט־אַצטעקישער רעליגיע מקריב צו זיין לעבעדיקע מענטשן אויפן מזבח לכבוד דעם בלוט־דורשטיקן געץ קוועטצאַלקאָאַטעל...

איך האָב אָנגעקוקט נאַטאַשאַן אין אָפּשיין פון דעם אַבאַזשור וואָס האָט באַלויכטן איר פּנים. דאָס דאָזיקע פּנים איז שוין איצט געווען פאַרעלטערט און געריזנצלט. די הויט אירע איז געווען ווי אָפּגעפאַרבט אין

אַ געלער פאַרב. די אויגן זיינען געווען גלאַנצלאָז, אָן לוסט, אָן דעם ווייבלעכן פינקל, אָן לעבן. זי אויך האָט זיך געדאַרפט מקריב זיין פאַרן געץ פון זייער הויז, וואָס איז טאַקע געווען אַ באַדייטנדיקער קינסטלער און אפשר שטאַרק געשעצט אין רוסלאַנד, כאָטש זיינע מאָלערייען זיינען געלעגן אין די קעלערן פון מוזעאומס ווי מוסטערן פון „בורזשואַזער קונסט". דער קרעדאָ פון דער פאַמיליע אַז דער קינסטלער איז דער געץ צו וועמען אַלע באַדאַרפן קנעכטיש צו דינען, האָט איר אויך געבונדן צום דינסט פון איר פאָטערס מעלאַנכאָלישע שאַפונגען. נאַטאַשאַ איז קיינמאָל נישט געווען קיין שיינע און תאווהדיקע פרוי. אָבער איך בין געווען געגנאַרט בנוגע איר אַזוי־געררופענער שיינקייט. עס איז געווען אין יאָר 1934, ווען איך בין געקומען פון בעלגיע קיין ניו יאָרק. איך האָב שטאַרק געוואָלט באַזוכן דעם פּאָעט און דערציילער אברהם רייזען. איך האָב אַ סך געבלאָנדזשעט בשעת דעם סאַמע ערשטן שבת פון מיין אָנקום קיין ניו־יאָרק. רייזען האָט געוואוינט אין די בראָנקס, אויף גיילס פּלייס. ווען איך בין ענדלעך אָנגעקומען אין דער געגנט פון די שלום עליכם הייזער, ווי מען האָט גערופן די גרופּע מיט הויכע קאַמעניצעס אין וועלכע עס האָבן געוואוינט יידישע שרייבער, פּעדאַגאָגן, לערער און מאָלער, האָב איך געמאַכט אַ טעות, און אנשטאָט אָנצוקלינגען אין רייזענס טיר, האָב איך גאָר געקלאַנדעט אין דער היים פון ח. עס איז געווען די זעלביקע ריזיקע סטודיאָ, ווי אַן אויסגעהאַקטע שטיינערנע גראָטאָ אין די בערג. נאַטאַשאַ האָט זיך אַרומגעפּאָרעט ווי אַן אומהיימלעכער גייסט אין דעם פּוסטן רוים פון דער סטודיאָ ווי אין אַ קאַטוילישער קאַלטער און לײדיקער קאַטעדראַלע, וואָס איז דעקאָרירט מיט קרייצן און צלמים פון שטיין, האָלץ און ליים. צוליב דער טונקלקייט אינווייניק האָב איך בשום אופן נישט געזען די קאָנטורן פון איר פּנים און פיגור. דער בין השמשות וואָס איז צוגעפאַלן פון דרויסן דורך די ריזיקע פענצטער און דיקע פאָרהאַנגען, האָט אַלץ פאַרוואַנדלט אין חלום, אין דעמער, אין אומעטיקער פאַנטאַסטיק. שטיקלעך זון־אונטערגאַנג האָבן ווי געבלוטיקט אין די ווינקלען און אויפגעפינקלט ווי צירונג. זי האָט גערעדט מיט אַ שטילן קול ווי אַ פידל. טיפּיש פאַרן דאָזיקן פאַרנאַכט איז פאַר מיר געשטאַנען אַ שיינקייט פון אַ פרוי, וואָס איז אָבער געווען בלויז אַ פאַרבלענדונג. די שיינע פרוי, די פּריסטערין פון איר פאָטערס קונסט אינעם טעמפּל פון דער ריזיקער סטודיאָ, איז אויך געווען אַן אימאַזש, אַ פאַטאַמאָרגאַנאַ. אַ באַהערשטער פון דער דאָזיקער אומגעוויינלעכער אַטמאָספערע האָב איך מסתמא געמאַכט אַן איינדרוק אויף נאַטאַשאַן מיט מיינע דערציילונגען וועגן פאַריזער מוזעאומס און טעאַטער־פאָרשטעלונגען; וועגן מיינע וואַנדערונגען אין צענטראַל־אייראָפּע; וועגן רעמבראַנדט, ווערמעער, רובענס און וואַנדייק, וועמענס מאָלערייען גליען אין אַנטווערפּנס „מוזעאום פאַר שיינער קונסט". איך בין געווען פול באַהערשט מיט אייראָפּע, און אין פּחד פאַר דעם אַמעריקאַנער רעאַליזם. די „מאַדאָנע"

וואָס נאַטאַשאַ האָט מיט זיך פֿאַרגעשטעלט אין דעם בין־השמשות פֿון דער גערוימער סטודיאָ, איז געווען אַ חלום וואָס האָט געדויערט בלויז עטלעכע שעה פֿונעם אָוונט. ווען איך האָב זי געזען פֿיר יאָר שפּעטער, צוריקקומענדיק פֿון די סאַנאַטאָריעס אין דענוועד און לאָס אַנדזשעלעס, איז שוין נאַטאַשאַ ווייט נישט געווען די זעלבע געמאָלטע מאַדאָנע פֿון דער שטיינערנער גראָטאָ־סטודיאָ, ווערמענס קינד איז געווען איר עלטערער און קראַנקער פֿאָטער, צו וועמען זי האָט הייס תּפֿילה געטאָן און געזונגען שבחים, בשעת איר געטרייער מוטער האָט זי רעכט נישט געקענט אָנקוקן... די מוטער איז דאָרטן געווען אַן איבעריקע פֿרוי, אַ זקנה פֿאַר איר צייט און אַ דינסט צו אַ מאַן, וואָס האָט צו איר נישט אויסגערעדט קיין איינציק וואָרט. איך גלויב נישט אַז ער איז כאָטש אין איין נאַכט פֿונעם גאַנצן יאָר אַהיימגעקומען כּדי צו שלאָפֿן. אויסער מיט זיינע גרויסאַרטיקע און יינגע פּרויעגנמאָדעלן, וואָס האָבן פֿאַר אים פּאָזירט אָן זייערע העמדער, איז ער העכסטנס געשלאָפֿן אינטים מיט יענעם ווייסן און בריליאַנטענעם שטראַל, וואָס איז אויפֿגעגאַנגען פֿונעם אויוון אויפֿן דאַך פֿונעם קרעמאַטאָריום... דער דאָזיקער ווייבלעכער רויך, ווי אַ גייסט וואָס איז איינגעהילט אין אַ וואָואַל, איז אפֿשר געווען זיין סאַמע לעצטע געליבטע...

אויסער נאַטאַשאַ, איז נאָך געווען אַן עלטערע שוועסטער, אָלגאַ, וואָס איז אויך געווען אַ מאָלערין און די פֿרוי פֿון אַן אָגראָדניק אין אַ פּריציִשן גאָרטן. זי איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד נאָך אַן אויסשטעלונג פֿון אירע בילדער, וואָס איך האָב באַזוכט בלויז מיט איין נאַכט פֿריער. מען האָט געשמועסט אַז זי האָט פֿאַרענדיקט איר לעבן נאָך אַן אונטערזוכונג ביי אַ דאָקטאָר וואָס האָט פֿעסטגעשטעלט אַז זי טראָגט אַ קאָנסערישן טומאָר אין איר ברוסט. מיין אייגענע אויסטייטשונג פֿון איר טויט איז געווען אַן אַנדערע: עס איז אין איר פֿאַמיליע נישט געווען קיין שום באַציונג צו דער טאָכטער אַלס קינסטלערין. עס האָט אין דער דאָזיקער פֿאַנאַטישער משפּחה נישט געטאָרט לעבן נאָך אַ קינסטלער אויסער דעם „צאַר" אַליין, דעם אַלמעכטיקן גאון וואָס איר פֿאָטער האָט מיך זיך פֿאָרגעשטעלט. אויב מיין פֿאַרדאַכט איז געווען אַ ריכטיקער, באַשטעטיקט עס נאָך מער די גרויזאַמקייט אין דער דאָזיקער פֿאַמיליע. אַ בלינדע און ברוטאַלע מאָראַל אָדער איינשטעלונג, וואָס דערמאָנט ווידער אין דער פֿאַרצייטישער אַצטעקישער געצנדינערייַ וואָס איז געווען פֿאַרבונדן מיט מענטשן־קרבנות אויף אַ גרויזאַמען אופֿן...

איינמאָל אין אַ טאָג האָט מיר דערציילט אַן אינטימער פֿריינד פֿון דער משפּחה, אַז די שוועסטער פֿון נאַטאַשאַ האָט זיך פֿרייוויליק גענומען איר יינג און אַפֿילו דערפֿאָלגרייך לעבן נישט צוליב דעם מכלומרשטן קאָנסער־דיאַגנאָז, וואָס עס זאָל האָבן געשטעלט דעם פֿאָטערס עלטערער ברודער, אַ דערפֿאָלגרייכער דאָקטאָר, נייערט צוליב דעם וואָס זי האָט באַטראַכט איר אייגענער קינסטלערישער שאַפֿונג אַלס אַ שטערונג, אַלס

אַן איבעריקע פּראָפּעסיע צו אַ פאַמיליע, אין וועלכער עס האָט בלויז געמעגט קעניגן איין און איינציקער קינסטלער: און דאָס איז געווען, פאַרשטייט זיך, איר גאָט־געבענטשטער פאָטער. אַפילו נאַטאַשאַס אייגענער מוטערס טויט האָט איר טאָכטער באַרעכטיקט, ווייל ווערנדיק אַלט און שוואַך האָט זי לענגער נישט געטאָרט לעבן און זיין נישט מער ווי אַ פּאַראַזיט, אַ לאַסט אויף אירע נאָענטסטע. מערקווירדיק איז געווען דאָס וואָס די אַלטע מוטער אַליין איז אויך געווען איבערצייגט, אַז זי טאָר נישט לעבן. אַז זי איז אַן איבעריקער פּערסאָנאַזש אין דער אומהיימלעכער און קאַלטער סטודיאָ. אַז זי פאַרמאָגט נישט קיין שום ראָלע אין דעם טעמפּל וואו עס ווערט בלויז געדולדעט איין מענטש: איר טאָכטער נאַטאַשאַ, וואָס איז די פּריסטערין פון איר מאַנס פאַרגעטערטע שאַפונגען. אין אַלע הינזיכטן איז די דאָזיקע פרוי געווען אַ גרויזאַם־איבעריקע. מיט איר עלטער און איר צעקלאַפּטן פּנים פון אַלטקייט און יסורים שטערט זי די קינסטלערישע שיינקייט און שלימות פון דער סטודיאָ.ביידע איינזאַמע פרויען, נאַטאַשאַ און איר טרויעריקע און פּאַסיווע מוטער, זיינען זיך געווען שונאים. יעדער פון די צוויי ווייבער האָט אומגעדולדיק געוואַרט אויפן טויט פון דער אַנדערער...

נאַטאַשאַ האָט אין אַ געוויסן פּעריאָד פון איר לעבן זיך יאָ באַוויזן מיט עמעצן צו באַקענען און צו האָבן נאָענטע באַציונגען. דאָס איז געווען דעמאָלט ווען זי איז שוין געבליבן אינגאַנצן אַליין און די איינציקע פון דער דינאַסטיע וואָס האָט זיך אָנגעהויבן און געענדיקט מיטן פאָטער. דאָס איז געווען איראַזוי־געראָפענער מאַן, וואָס איז געווען אַן אַדוואָקאַט. מען האָט זיי אָבער קיינמאָל נישט געזען צוזאַמען, ווייניקסטנס האָבן זיי נישט אַזוי געזען נאַטאַשאַס שכנים. נאַטאַשאַ פלעגט שפּאַצירן אַן איינזאַמע אין דעם גרויסן פּאַרק און געגנט אויף די זעלביקע וועגן וואו איר פאָטער האָט שפּאַצירט מיט זיינע געליבטע פרויען. זי איז געגאַנגען אויף די זעלביקע וועגן בשעת אַלע וועטערן פונעם יאָר, דורך שניי און ווינט, דורך וואַרעמקייט און קעלט; ווען די בוימער בליען און גרינען אין פרילינג און ווען די בלעטער פאַלן אַרונטער פון די צווייגן אין האַרבסט. ווען איך אַליין פלעג אַמאָל קומען צוגאַסט, האָט זי מיר דערציילט פון זייערע אַמאָליקע פריינדשאַפטן: פון דעם שריפטשטעלער יונה ראָזענפעלד, וואָס האָט זיך דערנענטערט צו זיי ווען ער איז געוואָרן קראַנק אויף קאַנסער. תמיד אַזאַ קליינער און דאַרער, האָט ער אויסגעזען ווי אַ קליינטשיק יינגל. אָבער יעדעס מאָל וואָס ער האָט זיך באַוויזן אין זייער סטודיאָ, האָט ער אַלץ מער אויסגעזען ווי אַ ליליפּוט, אַ קאַרליק וואָס וואַקסט אַריין און שטאַרבט אַריין אין אַ קינד. ער האָט נישט קיין סך גערעדט. אָבער דאָס וואָס ער האָט שוין יאָ אַרויסגערעדט, איז געווען זייער טרויעריק. ער האָט געגלויבט אַז ער קען זיך אַליין קורירן פון דער קראַנקהייט דורך באָדן זיך אין ים. וואוינענדיק אין קוני איילאַנד, פלעגט ער יעדן טאָג זיך באָדן עטלעכע מאָל. ער האָט זיך אַריינגעשליידערט אין ים מיט עפּעס אַזאַ

טראַגישער לוסט און ער האָט גענומען וואַרפן מיט זיינע דינינקע הענטלעך און פיסלעך, דאָ שלאָגנדיק דעם ים, דאָ האַלדזנדיק די שוואַרצגרויע כוואַליעס, וואָס אָט האָבן זיי אים איינגעשלונגען און אָט האָבן זיי אים מיט קראַפט צוריק אויסגעשפּיגן פון זייערע טיפע און קראָקאָדילישע פּיסקעס, וואָס האָבן אָפּענערהייט אַנטקעגנגעלויכטן דער זון מיט זייער רויטן פלייש און מיט די פילע קליינע ציינדלעך. יונה ראָזענפעלד האָט זיך ממש פּאַטעטיש געבאָדן אין ים, אים געטרויענדיק זיין גאַנצן פּיטשינקן גוף, אַלע זיינע גלידער, גאָר די ביינדלעך פון זיין סקעלעט. פאַרשטייט זיך, אַז ער איז טאַקע אַרויסגעשפּרונגען פון די כוואַליעס אַ שטאַרק־דערפרישטער. אָבער ער האָט קוים באַוויזן זיך אַהיימצושלעפּן ווי אַ פאַרוואונדעטער קלאָון וואָס האָט פאַר זיין קינדישן פּובליקום געהאַט אויסגעשפּילט, אויסגעקרומט און אויסגעוויינט זיין גאַנץ לעבן. דער ים האָט אים נישט אויסגעהיילט פון זיין פאַטאַלער קראַנקהייט. אין דעם אומגעהויערן רוים פון דער סטודיאָ האָט ער אויסגעזען ווי אַ קליין קינד. אַלץ קלענער און נישטיקער איז ער געוואָרן. נאַטאַשאַ האָט, שפּאַצירנדיק מיט מיר איבער די רואיקע און שטילע לאַנדשאַפטן פונעם ממש אומענדלעכן פאַרק, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ וואַלד, די גאַנצע צייט געהאַט עפּעס אַ מאָרבידע הנאה צו רעדן וועגן דעם יידישן שרייבערס יסורים. זי האָט זיך ממש געשפּילט מיט זיין טויט...

נאַטאַשאַס פאָטער האָט קיין סך פריינד אין ניו־יאָרק נישט געהאַט. נחום אַראָנסאָן, דער סקולפּטאָר, וואָס האָט בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה אָפּגעריכט גלות אין ניו־יאָרק מיט זיין פיל־יינגערער פרוי, איז אויך געווען אַ נאָענטער פריינד פון דער פאַמיליע. ביידע קינסטלער זיינען געקומען פון דער רוסישער לאַנדשאַפט, נאָך בשעת די צייטן פונעם צאַר. אַראָנסאָן איז אין פאַריז, ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, פיינלעך אַרויסגעקראָכן פון זיינע זעקס אימפּאָזאַנטע סטודיאָס. ער האָט בלויז מיטגענומען די קופערנע שליסלען און אַ פּאָרטפעל מיט די רעפּראָדוקציעס פון זיינע פּאָרטרעט־ביוסטן פון באַרימטע קינסטלער, דענקער, שרייבער און פירער פון אינסטיטוציעס. זיין היגע סטודיאָ איז געווען אַ גרויסאַרטיקע, אויף דער צוויי און זיבעציקסטער גאַס, אין מאַנהעטן. עס איז דאָרט נישט געשטאַנען קיין שום מעבלוואַרג. אַראָנסאָן האָט געהאָפט אַז ער וועט דאָ פאָרזעצן זיין קאַריערע. איך האָב געקענט אַ גרעסערע צאָל קינסטלער, וואָס האָבן אויך געהאָפט דאָ ווייטער אָנצופאַנגען צו שאַפן און קענען אָנגיין מיט דער הילף פון זייער אייראָפּייאישן רום. אָבער איידער וואָס און ווען זיינען זיי דערוייל אַלט געוואָרן. די זיקנה קומט גיכער און אינטענסיווער ווען דער מענטש איז איינזאַם און פאַרעלטערט. קיין שום קינסטלער קען נאָכאַמאָל זיך נישט אויפבויען אויף דער עלטער קיין קאַריערע אין אַ גלות־לאַנד. יעדער מענטש, אויב ער פאַרמאָגט טאַלאַנט, קען בלויז איין מאָל ווערן באַרימט און זיך פאַרשאַפן אַ חשוב קליענטל, קריגן פריינד וואָס זיינען אים געטריי און העלפן בויען

זיין קאַריערע. גאָט שענקט נישט צו דעם זעלביקן מענטש צוויי מאָל אָנצוגיין מיט הערקולעסישן כוח די מעגלעכקייט וואָס ער קען זיך יאָ פאַרשאַפן ביים ערשטן פענעץ פון זיין לעבן, ווען ער גייט אַרויס צו דער וועלט מיטן באַשלוס זיך פאָרצושטעלן פאַר דער געזעלשאַפט מיט זיינע ווערק און מנצח צו זיין. עס קומען צו אים פאַרערער און ענטוזיאַסטישע פריינד, גרייט אים צו העלפן פאַנאַנדערצושפרייטן ווי אַ פילפאַרביקן קאָבריץ זיין רום, איבערהויפּט קומט צו אים דאָס שיינע מין, דאָס ווייבעריי, די חנעוודיקע פרויען, וואָס ווילן פאָזירן פאַר זיין תאווהדיק־פינקלענדיקן אויג; וואָס ווילן אַריינגיין נאַקעטע, מיט גאָטס מתנות פון זייערע גראַציעזע גלידער, אין די מאָלערייען פון דעם קרעפטיקן קינסטלער; זיי ווילן שטיין בלייבן אויף אייביק אין די סקולפּטורן מיט זייער קערפּערלעכער פאָרם ווי די מאָדעלן וואָס האָבן פאָזירט פאַר די רענעסאַנס־קינסטלער, בשעת די געדונגענע קלעזמאָרים פון דאַ ווינטשי האָבן געשפּילט, כדי אַרויסצורופן אַ שמייכל אויפן זויערן פנים פון דער מאַדאַם דזשיאָקאָנדאַ, וואָס שטייט בלויז מיט איין האַנט, מיט ביידע ברוסטן אינעם „לוווער״־מוזעאום. זיי ווילן געמאָלן ווערן דורך דעם פּענדזל און דער מייסטערלעכער האַנט פון טיציאַן, וואָס האָט געמאָלן זיין אייגענע פּרעכטיקע טאָכטער, ווען איר יוגנט האָט רייך געשפּילט מיט גאָר אירע גראַציעס, פאָזירנדיק פאַר די מאָלערייען פון דער געצין ווענוס, בשעת טיציאַן און זיין פריינד פּיעטראָ אַרעטינאָ, דער לעבע־יינג, זשורנאַליסט, פּאַמפלעטיסט און לויב־שרייבער פון די פּרינצן פאַר קאָסטבאַרע געשאַנקען און באַדייטנדיקע געלט־סומעס, זיי לויבנדיק ביזן הימל אין זיינע פּערזן און אין זיין ראַפינירט־געשריבענער פּראָזע, האָבן קיינמאָל חלילה נישט געלאָזן קיין טראָפּן נישט־אויסגעטרונקענעם ווייַן אין די פלעשער, אין וועלכע די זון האָט אַריינגעלויכטן מיט דורשט...

צו דער לוויה פון דעם סקולפּטאָר זיינען קוים געקומען עטלעכע אַזוי־גערופענע פריינד פון נחום אַראָנסאָן, וואָס איז געווען אַן עלעגאַנטער מאַן, אַ שיינגייסט, אַן עסטעט און אַ גוטער מענטש בשעת די מערסטע יאָרן פון זיין לעבן. צווישן דעם געקליבענעם עולם אינעם לוויה־זאַל האָט מען אויך אָנגעזען נאַטאַשאַן מיט איר פאָטער וואָס האָט ווירדיק געשוויגן, נישט אַריינפאַלנדיק אין אַן אויסדרוק פון סענטימענט וואָס האָט חלילה געקענט אָנצינדן אַ טרער אין זיין רעכטן אויג אָדער אויסקרומען זיין אונטערשטע ליפּ... אָבער נאַטאַשאַס פאָטער און די גאַנצע פאַמיליע האָבן אין אַראָנסאָנען פאַרלוירן אַן ערלעכן פריינד, אַ קינסטלער מיט טאַלאַנט, געשמאַק, מאַניערן און מיט האַרץ, האָבנדיק גלייכצייטיק אַ סך געמיינזאַמעס אין זייערע לעבנס...

נאַטאַשאַס מאַן איז געווען שרעקלעך איינזאַם אין דער געזעלשאַפט פון נאַטאַשאַ, וואָס איז, ווי שוין געזאָגט, געווען די פּריסטערין אין דער ריזיקער סטודיאָ, און אויך די וועכטערין פון איר פאָטערס ווערק, וואָס זיינען צו איר געווען טייערער ווי לעבעדיקע מענטשן און אַפילו פון

פריינד. האָט ער באַשלאָסן אַריינצונעמען אין הויז זיין עלטערן ברודער, אַ האַלב־פּאַראַליזירטן מאַן, וועלכער האָט אויך געטיילט די סטודיאָ און דעם גרויסן גאָרטן אין שכנות.ביידע ברידער האָבן געשריבן איין ראָמאַן וואָס האָט געהייסן „אַטלאַנטידע״. דאָס איז, נאַטירלעך, געווען אַ פּיל־אויסגעגוצטע טעמע. איך האָב געקראָגן דאָס בוך פון ביידע מחברים מסתמא מיט דער כוונה, אַז איך זאָל וועגן דעם בוך אָנשרייבן אַן אַרטיקל. מיט יאָרן צוריק, נאָך זייענדיק אין מיין שטעטל פּילעוו, האָב איך אין שלמה שיינבערגס זעצעריי געהאָלפן אויסצוזעצן אַ בוך אויף דערזעלביקער טעמע. דער שרייבער איז געווען אַ פראַנצויז און האָט געהייסן פּיער בענואַ. איך געדענק שוין נישט דעם נאָמען פונעם איבערזעצער. צו יענער צייט האָט געבליט אין פּוילן די יידישע איבערזעצונג־ליטעראַטור. די יידישע יוגנט אין פּוילן האָט ממש געשמאַכט צו לייענען איבערזעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור. שלמה שיינבערג אַליין, דער דירעקטאָר פון דער זעצעריי, איז געווען אַ גלענצנדיקער שריפטשטעלער. ער האָט איבערגעטראָגן טאָלסטאָיס „מלחמה און שלום״; ד׳אַמיציס: „דאָס האַרץ״; די פּאָעטישע ווערק פון פּושקין און לערמאָנטאָוו. זיינע מיטאַרבעטער און זעצערס אין דער זעצעריי האָבן אויך איבערגעזעצט וויכטיקע ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור: שלמה ראָזענבערגס איבערזעצונג פון וולאַדיסלאַוו סטאַניסלאַוו ריימאָנטס „פּויערן״ איז געווען אַ גרויס געשעעניש, ווייל דער פּוילישער פּראָזע־מייסטער האָט גראָד דעמאָלט געקראָגן די נאָבל־פּרעמיע. איך געדענק דעם סאָד אין אַ נאָענטן דאָרף, וואו ראָזענבערג און שיינבערג האָבן אין שאָטן פון די געדיכטע צווייגן פון די פּעטע בוימער געאַרבעט אויף זייערע איבערזעצונגען. אין דער זעצעריי האָט אויך געאַרבעט מרדכי ניידין, וואָס האָט צו זיין קרעדיט די איבערזעצונגען פון גאָרקיס „קלים סאַמגין״, „דריי״ און די „מוטער״. דוד שיינבערג, שלמהס ברודער, האָט איבערגעזעצט צוזאַמען מיטן לובלינער בונדיסט און ליבן מענטש אברהם צימערמאַן: גאָגאָלס אַ באַנד וואָס איז דערשינען אין וואַרשעווער פאַרלאַג ש. גאָלדפאַרב אונטערן נאָמען „רוסלאַנד״. נאָך דער אַרבעט אין דער זעצעריי אויף קראַנצאָווע גאַס, הינטער פּילעוו, זיינען ביידע פריינד איבערגעבליבן און גענומען אַרבעטן אויף גאָגאָלן. ביידע זיינען געווען נאַטירלעכע מייסטער אין יידיש לשון; אָבער זיי האָבן אויך אויסגעצייכנט געקענט רוסיש. צימערמאַן האָט געהאַט צו זיין קרעדיט אַ באַנד אין יידיש פון ווערעסאַיעוו: „די ווידוי פון אַ דאָקטאָר״. דוד שיינבערג האָט געשריבן אַ דראַמאַטיש ווערק אויף אַן אַקטועלער טעמע: „די שמוגלערס״. ער האָט אַזוי לאַנג געשריבן און געאַרבעט אויפן דאָזיקן ווערק, ביז ער האָט זיך דערוואַרט צו זען די דערשיינונג פון אַ ניי ווערק, אַ ראָמאַן פון עוזר וואַרשאַווסקי אויף דער זעלביקער טעמע, וואָס האָט באַרימט געמאַכט דעם מחבר. אָבער דוד שיינבערג איז אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז אַן אַנטוישטער. מיט יאָרן

שפּעטער האָט ער, שוין נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, פּרייוויליק פאַרענדיקט זיין לעבן דורך זעלבסטמאָרד. מען האָט אים געפונען כמעט שוין אַ קערפּערלעך צעפאַלענעם אין זיין וואוינונג, האָבנדיק דאָרטן געהאָנגען אַ סך איינזאַמע וואָכן מיט די האָרענע ברילן איבער זיינע אויגן. די ביינער אין זיין סקעלעט האָבן זיך נאָך קוים צוזאַמענגעהאַלטן. די צינישע חברה קדישא־לייט, זייענדיק שיכור ווי געוויינלעך די לייט אין זייער אומהיימלעכער פּראָפעסיע, האָבן זיך געוויצלט אויף זיין חשבון...

נאָך אַ צייט פון עטלעכע יאָר זיינען ביידע ברידער, שוין מידע און געעלטערטע מענטשן, אַוועק פון נאַטאַשאַן און פון איר פאַנטאַסטישער סטודיאָ צוריק קיין זשענעוו, וואו זיי האָבן פריער געהאַט געוואוינט מיט זייערע עלטערן, וואָס זיינען אומגעקומען אינעם גרויסן חורבן אונטער היטלערן. ביידע ברידער האָבן זיך קיינמאָל נישט געקענט צעשיידן איינער פונעם אַנדערן אַפילו נאָך דער חתונה פון איינעם פון זיי יט דער פאַנאַטישער טאָכטער פונעם קינסטלער, אין ווענען נאַטאַשאַ איז אפשר געווען צום מערסטן פאַרליבט. זיי האָבן צוזאַמען געוואוינט און מסתמא זיך געמוטשעט אין לאַנגווייליקייט בלויז עטלעכע יאָר מיט דער שטרענגער מאַדאָנע אין דער דערמאָנטער סטודיאָ, וואָס האָט פאַרמאָגט די רחבות און די קילקייט פון אַ שטיינערנער קאַטעדראַלע מיט גראַניטענע זיילן, אין וועלכער עס האָט געיאָגט אַן אומפריינדלעכער סלאַוויש־סטעפּישער ווינט, טראָצדעם וואָס די ווענט זיינען געווען פאַרהאָנגען מיט די מרה־שחורהדיקע לאַנדשאַפטן, וואָס האָבן ערגעץ־וואו דערמאָנט אין אַן אַטמאָספערע פון האָניק־ברוינע איקאָנעס, וועמענס קאָפּעטש און וואַרעם גאָלד דער מייסטער פונעם הויז, דער פאַרשטאָרבענער מאָלער, האָט געהאַט קליינערהייט איינגעזאַפּט אין איינגעזויגן בשעת די יאָרן פון זיין קינדהייט. יאָ, אפשר איז די ביידע פריער דערמאָנטע עלטער־געוואָרענע ברידער דאָרט געווען איינזאַם און סמוטנע אין דער מאַנאָטאָנער געזעלשאַפט פון דער פאַנאַטיש־גלויביקער אָדער באַזעסענער פרוי, וואָס האָט בלויז געקענט דינען צו איין אידאָל און צו איין און איינציקן אָפּגאָט, דעם גרויסן און פאַרגעטערטן קינסטלער־פּייזאַזשיסט...

ווי שוין דערציילט: עלנט און אַליין פאַרברענגט דאָרט אין דער גערוימער סטודיאָ אָדער גראַניטענער גראָטאָ איר גאַנצן לעבן די לעצטע פּרינצעסין פון דער פאַמיליע ח. זי האָט טאַקע מיט דער צייט איבערגעלעבט אַלע מיטגלידער פון דער משפּחה. זי היט געטריי אָפּ ווי אַ פאַרשקלאַפטע אָדער פאַרשאָלטענע וועכטערין די קונסט־אוצרות פון איר פאָטער, וואָס האָט געציילט צווישן זיינע גלויביקע פּריסטערינס, ווי שוין דערציילט, עטלעכע יונגע פרויען. אַלע האָבן דערפון געוואוסט: אויך די פרוי פונעם קינסטלער אַליין, ווי אויך זייערע ביידע טעכטער. זיי האָבן אויך מסכים געווען צו זייער פאָטערס האַנדלונג בנוגע זייער מוטער, וואָס האָט וויי־קסטנס אויסערלעך נישט אַרויסגעוויזן קיין שום סימנים פון

אייפּערזוכט. ווער ווייסט: אפשר איז זייער פילאָזאָפיע געווען אַ ריכטיקע: די געצין פון קונסט איז אַ גרויזאַמע און זי מוז פאַרצערן אירע קרבנות. זי פאַרטראָגט נישט קיין שום קאָנקורענץ...

די דאָזיקע פּרטים וואָס מיר האָבן דאָ געפּרואווט צו פאַרצייכנען מיט ניכטערע ווערטער ווי אַ מין כראָניק, טראָגט עפּעס דעם כאַראַקטער און מיסטעריע פון אַ גריכישער טראַגעדיע, אין וועלכער די מערסטע העלדן קומען אום, פאַרמשפּטע און פאַרשאָלטענע דורך די געטער...

נאַטאַשאַ, ווי דער לייענער ווייסט, איז געווען די סאַמע לעצטע פון דער טרויעריקער פאַמיליע. זי האָט לאַנג געלעבט, ווי שוין דערציילט, כדי אָפּצוהיטן די 500 קונסטווערק פון איר גרויסן פאָטער. וועט זי דען קענען אייביק לעבן כדי צו בלייבן געטריי צו איר הייליק שליחות? וועט זי קענען אָפּהיטן איר שבועה?

נאַטאַשאַ האָט איינמאָל אין אַ האַרבסטיקן פאַרנאַכט שענהלאַנג געשפּאַצירט אין דעם ריזיקן און וואַלדישן פּאַרק וואו איר פאָטער האָט אַ סך יאָרן פון זיין לעבן געלעבט, געחלומט, געמאָלן און געדרימלט אונטער די מעכטיקע בוימער בשעת די שיינע און הייסע זומערן. וואו ער האָט זיך אויך אָפּגערוט און אַ סך געטראַכט בשעת זיינע שטילערע מאָמענטן, ווען די שעפערישע אומרואיקייט אין זיין בלוט האָט זיך אַביסל איינגעשטילט. נאַטאַשאַ האָט איצט געהאַט די געלעגנהייט איבערצוטראַכטן און אויפדאָסניי איבערצולעבן אַלע באַדייטנדיקע מאָמענטן אין איר לאַנגען לעבן, זינט איר קינדהייט אָן. זי איז עפּעס מיטאַמאָל געוואָרן שרעקלעך מיד און זי האָט זיך געזעצט אונטערן זעלבן בוים ווענמענס שאָטנס פון די שווער־באַבלעטערטע צווייגן האָבן אַזוי אָפט געקילט און דערפרישט איר פאָטערס שאַרבן בשעת די זומערדיקע פאַרנאַכטן. אָט איז טאַקע דערשינען איר פאָטער און האָט זיך מיט געגנעדיקייט צו איר דערנענטערט. זיין שמייכל האָט איר באַרואיקט. זיינע רייד האָבן זי איינגענומען און געגלעט איר נשמה ווי מאָצאַרטס מוזיק...

—„איך וועל דיך אַריינפירן אין גן־עדן" — האָט זי געהערט איר פאָטערס איידעלן קול. זי האָט זיך נישט געווערט. אַפילו אין די פייערן פון גהינום וואָלט זי אים אויך נאָכגעפאָלגט. ווען די לבנה איז אין אָוונט אויפגעגאַנגען, איז נאַטאַשאַ אויף אייביק איינגעשלאָפן אין איר פאָטערס גרינגע אָרעמס... כמעט דורך דער גאַנצער נאַכט, ביז איר אויסלעשן זיך אין פריען באַגינען, איז איבער זיי צוקאָפּנס געשטאַנען די לבנה און געוויינט...

## וועלכע אסתר זאָל ער ראַטעווען פון אומקום?

איך האָב דאָס שטיקל כראָניק פון בלויז אַ צענדליק שורות געלייענט אין אַן אַרגענטינער יידישער צייטונג — דאַכט זיך „די יידישע פּרעסע" — נאָך מיט יאָרן צוריק. אַ פרוי וואָס האָט איבערגעלעבט דעם גהינום פונעם אוישוויץ קאָנצענטראַציע־לאַגער האָט געשריבן און אָפּגעדרוקט

אירע טראַגישע דערינערונגען. איך האָב אָבער פאַרגעסן דעם נאָמען פון דער שרייבערין און אויך דעם טיטול פון דער לענגערער כראָניק. די קורצע שטעלע וואָס האָט מיך פאַרכאַפּט, האָב איך באַוויזן אין איילעניש אויסצושערן פון דער צייטונג און עס איז ביי מיר געבליבן ליגן צווישן פּאַפּירן, מאַנוסקריפּטן און בריוו אַזוי לאַנג ווי עס איז געוואָרן געל ווי זאַמד אין מדבר. אָבער דאָס וואָס איך האָב דערינען געהאַט געלייענט, האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. עס האָט געהערט צו יענע שטעלן וואָס זיינען פריער נישט געבראַכט געוואָרן דורך קיין שום מענטשלעך וואָרט מיט דער צונג און אויך נישט געשריבן געוואָרן דורך קיין מענטשלעכער האַנט מיט טינט, אויסער דורך דער צו מיר אומבאַקאַנטער פרוי וואָס האָט ווי אַ סך יידישע עדות אין אוישוויץ דאָס אַלץ געזען. יאָרנלאַנג האָב איך דאָס שטיקל צייטונג אַרומגעטראָגן אין זכרון און אין האַרצן. דער קורצער עפּיזאָד, ווען נאָר עס איז ווידער געקומען צו מיר אין זכרון, האָט ממש געבריט אין מיין נפש ווי אַ בלוטיק־טריפנדיקע וואונד. אין אַ באַשטימטן טאָג האָב איך געטראַכט, וועל איך וואַגן אָנצושרייבן אַ דערציילונג אויף מיין אייגענעם שטייגער פון דעם צענדליק שורות, כאָטש איך האָב דערביי געפילט אַ באַשטימטע שולדיקייט, מחמת איך האָב אין מיין גאַנצן לעבן, אויף וויפיל אַ מענטש קען וויסן, האָבנדיק אָנגעשריבן עטלעכע טויזנט דערציילונגען און זכרונות וועגן מענטשן און פּאַסירונגען, שטענדיק זיך באַמיט חלילה נישט צו שרייבן עמעצנס אַ וואָרט אָדער אַ שורה. אַזאַ מין וואָרט אָדער שורה וואָלט מיך געשטיקט און געוואָרגן אין דער קעל. פאַרקערט: קיין מאַטעריאַלן צום שרייבן האָבן מיר נישט אויסגעפעלט קיין איינציקע נאַכט אין מיין לעבן, ווען איך בין פאַרנומען מיטן שרייבן. איך האָב נאָר געזאָרגט אַז גאָט זאָל מיר שענקען לעבן און געזונט כדי איך זאָל מקיים זיין מיין חלום אָנצושרייבן געזונטערהייט דאָס וואָס איז מיין אייגנס און „וואָס מיין אויג האָט געזען", ציטירנדיק אַ זאָג פון ספר איוב... איז אָט האָב איך איינמאָל אין די אַפּריל־טעג פון דעם יאָר 1983, ווען יידן אין גאָר דער וועלט טרויערן אויפן דריטן חורבן, אָנגעשריבן די זאַך...

עס איז געווען די דערציילונג, ווי שוין געזאָגט, פון אַ געליטענער פרוי, איינע פון די טויזנטער יידישע פרויען, יידישע מאַמעס, וואָס האָבן אין זיך אַריינגענומען אַזוי פיל טרויער און אומגליק; ווען עמענס רויט־פאַרטרערטע אויגן פון שלאָפלאָזע נעכט האָבן מסתמא געזען אַ סך פרויען און מאַנצלייט, טייל אויסגעדאַרטע ווי די שפּענער אין וואַלד וואָס פאַלן ארונטער פון די בוימער בשעת אַ שטאַרקן ווינט, און טייל נאָך נאָרמאַל אויסזעענדיקע; אויך מיידלעך מיט יינגע בריסטן ווען עמענס זיסע מילך האָבן אין דער צוקונפט געקענט שטאַרקן זייערע קינדער, זייערע קומענדיקע עופהלעך. אָבער אין וועמענס אויסגעלאָשענע אויגן איז געווען שווער צו קוקן. און אויב מען האָט געוואַגט אין זיי אַריינצוקוקן, האָט מען זיי שוין קיינמאָל נישט געקענט פאַרגעסן, ווייל ווער קען

פאַרגעסן צאַרטע און בליענדיקע יידישע טעכטער וואָס טראָגן אין זייערע ווײנגאָלדענע שוואַרצאַפּלען די זון פון דער יוגנט און וועמענס אײדעלע פּנימער זײנען ווי די ערשטע רויזן אין פרילינג? מיידלעך וואָס האָבן געחלומט וועגן חתנים פון לייטישע יידישע משפחות און פון חתונות באַגלייט מיט מעלאָדיעס פון קלעזמאָרים; מיט בדחנים וואָס זאָגן סענטימענטאַלע ווערטער וועגן דער „ערנסטקייט פון דער היינטיקער נאַכט״ פאַר דעם גליקלעכן פּאָרפאָלק, די חתן־כלה; פאַר זייערע פאַמיליעס און פאַרן גאַנצן פאָלק, און וועלכע פליכטן עס שטייען פאָר חתן־כלה אין זייערע שפעטערדיקע יאָרן? ווער קען פאַרגעסן די זעלטענע דרשה־געשאַנקען וואָס די פאַמיליע־מיטגלידער האָבן געבראַכט און די בוקעטן מיט בלומען, און גאָר דאָס אַלטפרענקיש צירונג וואָס קליינע מאַמעס און ברייטע באָבעס האָבן אָנגעבראַכט מיט גרויס ליבשאַפט? ווער קען איבערהויפט פאַרגעסן די גרויסע נאַכט מיט מאַסן שטערן וואָס שטייען אויבן איבער דער חופה און זיי בענטשן ממש איבער אַ יידישער חתונה, און דעם גערויש פון די בלעטער אין די היימישע יידישע סעדער, וואָס כאָטש זיי האָבן אויסגעזען צו זיין אַזעלכע אָרעמע, האָבן זיי אָבער אין זיך געטראָגן די רייכקייט פון דער נאַטור, דאָס וויברירן פון די בלעטער אין דעם לינדן ווינט; דאָס ציטערן פון די בלומענפעטאַלן אין די קליינע גערטנדלעך נעבן די היימישע הייזער? ווער קען דאָס אַלץ פאַרגעסן אין דער פרעמד, ווען מען איז פלוצלינג אַרויסגעריסן געוואָרן פון דער דורותדיק־אַלטער סביבה אין די טויזנט־יאָריקע שטעטלעך און ישובים? דאָס וואָס עס איז געווען דורך יאָרהונדערטער לאַנג אַזוי נאַטירלעך און אידיליש מיט די טענער און קלאַנגען פון דער צוקונפט?! ווער קען פאַרגעסן די גייסטיקע רייכקייט, די אוצרות פון אַלטע דורות, אין דעם אָרעמען יידישן לעבן?!

אָבער דאָס אַלץ איז געווען אַ חלום פון פאַרצייטנס. און בשעת די פּראָצעסיע פון מוטער־נאַקעטע פרויען זײנען אין אַ לאַנגער רייע געגאַנגען אויפן שמאָלן וועג, צווישן די גראָזן און בלומען ווי אויף אַן אַלטן יידישן בית עולם מיט פאַרוואַקסענע קברים און מיט די „גליקלעכע״ מתים אין זיי וואָס זײנען אויסגעגאַנגען מיט ממש אידילישע קישן פון דעם אַלטמאָדישן מלאך המות כדי נישט דערשטיקט צו ווערן אין גאַז־קאַמערן, און די דייטשע חיות, די עס־עס רוצחים מיט די מעטאַלענע קאָקאַרדעס פון טויטנקעפּ אויף זייערע גלאַנציקע דאַשיקעס, האָבן זיי באַגלייט מיט אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן און מאַשינגעווער, איז עפּעס געשען אַזוינס וואָס די אָרעמע פרוי האָט מיט גאַנץ פּשוטע ווערטער פאַרשריבן מיט יאָרן שפּעטער, וועלכע איך קען נישט פאַרגעסן, ווי שוין געזאָגט, און איך ווער דורך די יאָרן אַלץ שטאַרקער געטריבן אָנצושרייבן כאָטש איין און איינציקן עפּיזאָד פון איר באַשרייבונג...

איינער אַן עלטערער ייד מיט אַזאַ עלנטן, געלן און ווי געליימטן פּנים וואָס איז געווען פאַרגליווערט און פאַרשטיינערט פון פאַרצווייפלונג,

וועמענס יינגע טאָכטער איז באַשטימט געוואָרן מיט אַ טאָג פריער דורך דר. מענגעלע צו גיין אין גאַז־קאַמער צוזאַמען מיט הונדערטער אַנדערע יידישע פרויען, איז פלוצלינג צוגעקומען אַזאַ פון גאָט אַליין געשלאָגענער צו אַ געשטאַפּאָ־וועכטער און אים אַריינגעשטופּט אין דער פויסט אַ גאָלדן חפץ, אַ בראַסלעט וואָס איז געווען באַזעצט מיט ברילליאַנטן, אים גלייכצייטיק בעטנדיק אין דעם שרעקלעך־טומלדיקן חלל פונעם גאַז־קאַמער, איבער די קעפּ פון די צום אומקום פאַרמשפּטע פרויען, און איידער די עקזעקוציע הויבט זיך אָן, אויסצושרייען דעם נאָמען אסתר פון זיין געליבט קינד און זי אַרויספירן פון דעם גהינום; אָפּצוראַטעוון אַזוי אַרום זיין לייבלעכע טאָכטער פאַרן פרייז פון דעם זעלטענעם חפץ אָדער צירונג וואָס זיינס אַ רייכער פעטער מיט דער מומע האָבן אים מיט זיין כלה, וואָס איז שוין אויך געהאַט אומגעקומען אין אוישוויץ, געשאָנקען אין יענער נאַכט ווען עס איז פאָרגעקומען אין שטעטל זייער חתונה...

עס איז שוין, וואָס אַן אמת, געווען גענוג שפּעט כדי צו קענען אויף אַ געלונגענעם אופן אַדורכצופירן דאָס דאָזיקע נס. דער נאַצישער וועכטער האָט שוין געהאַט אַריינגעלאָזט אין דער ריזיקער קאַזאַרמע מיט דער בעטאָנענער פּאָדלאָגע די באַשטימטע צאָל מענטשלעכע קרבנות ווי פּי כדי אומצוקומען אויפן מזבח לטובת דעם אָפּגאָט היטלער אָדער דעם פעטן געץ־גערינג, און ער האָט זיך שוין געגרייט צוזאַמען מיט די איבעריקע נאַצישע משרתים הערמעטיש צו פאַרהאַקן די אייזערנע טירן, און צוזאַמען מיט זיין סאַדיסטישער חברה נאָכן מאַסנמאָרד צו גיין אין ווײַנשענק מיט זיינע קאַמעראַדן כדי צו טרינקען וואָדקאַ און צו זשליאָקן פון די גרויסע פלעשער וויסקי און פאַרשידענע זעלטענע ליקערן וואָס זיי האָבן צוגערויבט פון די ערשט־אָנגעקומענע יידישע קרבנות פון אַמסטערדאַם, אַטען און נאָך אַנדערע שטעט, וואו יידן האָבן געלעבט זינט די פאַרגאַנגענע טויזנט יאָר. דער עלטערער ייד, דער פאָטער פון דער איינציקער טאָכטער אסתר וואָס איז געווען דאָס גאָלדענע אויג אין זיין קאָפּ, האָט געוויינט און געציטערט פון אַנגסט און שפּאַנונג ווי אַ שרעקלעכער ווינט וואָלט אים געהאַלטן אין זיינע פליגל. ער האָט זיך אַזאַ איינזאַמער געבעטן ביים וועכטער אויסצושרייען אַביסל העכער און הילכיקער דעם נאָמען פון זיין טאָכטער: **אסתר! אסתר!** אפשר וועט נאָך זיין געליבט, זיין איינציק און פאַרמוטשעט קינד דערהערן איר נאָמען און זי וועט זיך שטאַרקן מיט די לעצטע כוחות אירע, און אין דער סאַמע לעצטער מינוט נאָך באַוויזן אַדורכצורייסן זיך צום אַרויסגאַנג און אַזוי אַרום געראַטעוועט צו ווערן פונעם אומקום דורכן ציקלאָן־גאַז....

אָבער צום טאַטנס פאַרצווייפלונג באַווייזט זיך נאָך אַלץ נישט זיין געליבט קינד. אפשר איז שוין אסתר פאַרחלשט פון די מוראדיקע איבערלעבענישן אין דעם ווינט פון מענטשן וואָס יאָגן זיך צום טויט; וואָס קלעמען זיך אין די שרעקלעכע אַמפערנישן אומצוהאַלדזן דעם מלאך המות פון גאָט, דעם שליח פון דער הייליקער געטלעכקייט וואָס האָט כסדר דורך

דער יידישער געשיכטע באַוויזן זיינע מישטיינס געזאָגטע ניסים מיט די יידן פון מצרים, מיט די יידן פון דעם מיטלאַלטערלעכן דייטשלאַנד בשעת די קרייצצוגן ווען די פרומע קריסטלעכע אויסוואורפן, די הורניונגען, רויבערס, שיכורים, פּימפּס און פּראָסטאַקעס האָבן זיך געריסן צו גיין קיין ירושלים און איינצונעמען דאָס קבר פון זייער דערלייזער — דעם אָרעמען ייד וואָס די רוימער האָבן געקרייציקט; וואָס האָט באַוויזן ניסים אין הישפּאַניען און האָט אָפּגעראַטעוועט פון די פייערן פון אויטאָדאַפּעען און שייטערהויפנס די אומשולדיקע יידן וואָס זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין געהיימען אָפּריכטן דעם סדר און אין בלייבן געטריי צום אַלטן יידישן גאָט; אין דעם טומל און געשריי פון די פאַרמשפּטע צום גאַז־טויט פון דער מאַסע יידישע פרויען און קינדער; האָט שוין אסתר, אויב זי דערהערט שוין דווקא יאָ איר נאָמען, נישט קיין כוחות זיך אָפּצורופן אויפן וועכטערס רוף. זי מוז שוין אוודאי זיין זייער ווייט, ווייט און טיף פאַרשפּאַרט און פאַרזונקען אונטער שווערע מאַסן און מחנות מיט פאַרשמאַכטע פרויען און קינדער וואָס זיינען פונקט אַזוי ווי זי, אסתר, געוואָרן אויסגעשעפּט פונעם מוראדיקן געדראַנג פון די צום אומקום פאַרמשפּטע נפשות, און זיי זיינען געבליבן ליגן פאַרחלשטע און רעזיגנירטע. אסתר, פונקט ווי זיי און ווי אירע חברטאָרינס, האָט מסתמא מער נישט די איבערמענטשלעכע כוחות זיך אַרויסצודראַפּן פון דער פאַרקראַמפּטער מאַסע וואָס ווייסן שוין אוודאי אַז דאָס אַלץ מיינט זייער געמיינזאַמער אונטערגאַנג; זיי ווייסן שוין איצט אויך אַז די מערדערישע געשטאַפּאָ מיט די טויטנקעפּ אויף די גלאַנציקע דאַשיקעס האָט זיי אָפּגענאַרט, זיי געבנדיק אַ האַנטוכל מיט אַ שטיקעלע „יידנזייף", געמאַכט און פּראָדוצירט פון דעם פעטס פון גרויזאַם־דערהרגעטע יידן און אויסגעאַרבעט אין די טויט־לאַגערן דורך יידישע שקלאַפן וואָס זיינען אַלע פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג, און זיי רעדן איין די קרבנות אַז דאָס האַנטוכל און דאָס שטיקל „יידנזייף" אין דער האַנט איז באַשטימט כדי צו נעמען אַ שפּריצבאָד און שפּעטער צוריק אַרויסצוגיין מכלומרשט דערפרישטע און גערייניקטע פון דעם באָד אין דעם פייער פון גהינום....

אויפן איצט שוין פאַרצווייפלטן און שטאַרקן געבעט פון דעם אַלטן פאָטער וואָס האָט שוין געהאַט אָפּגעגעבן אין דער רויבערישער טויטנהאַנט פונעם וועכטער דאָס זעלטענע גאָלד־חפץ, רופט איצט דער נאַצי־יינגאַטש נאָך הילכיקער דעם נאָמען: אסתר! אסתר! ער רופט דעם נאָמען אַלץ העכער און נאָך שטאַרקער. ער שרייט ממש איבער וויסטע קעפּ פון די פאַראורטיילטע יידן צום גאַזיקן טויט. ער אַליין וויל שוין ענדלעך אויך דערזען די פאַרשאָלטענע יידנטאָכטער וואָס הייסט אסתר, און ער וועט ענדלעך פאַרשווינדן ווערן מיטן אַנטיקן בראַסלעט אין זיין הויזנקעשענע. עס איז זיכער נישט דאָס ערשטע שטיקל גאָלד וואָס ער קריגט באַלוינט פון די יידן פאַר אַזעלכע געוואַגטע אָפּעראַציעס. דער ייד, דער טאַטע וואָס איז אַליין נאָך פאַרהעלטענישמעסיק גאַנץ יינג, אָבער ער

איז שוין פּריצייטיק אַלט געוואָרן פון צרות און שרעק, גייט איצט שיער אויס פון אַנגסטן. עס איז שוין אַצינד גאַנץ קלאָר פאַר אים אַז ער וועט שוין זיין איינציקע און גרעסטענע טאָכטער וואָס האָט נאָך אָט־ערשט ערב דעם חורבן געדאַרפט גיין צו דער חופּה מיט איר אויסדערוויילטן חתן, אַ ניידענעם בחור און אַ העברייאישער לערער וואָס שרייבט אַליין שירים אין לשון קודש, מער נישט זען קיין לעבעדיקע. אָבער דער נאָמען אסתר וואָס דער געשטאַפּאָוניק שרייט נאָך כסדר אויס ווי ער וואָלט אַליין אויך משוגע געוואָרן פון דעם גהינומדיקן ספּעקטאַקל, און זיין אייגן קול קלינגט עפּעס אָפּ אַזוי פרעמד און הייזעריק ווי דאָס קול פון אַ דיבוק וואָס שרייט אַרויס פון די״ געדערים פון אַ צום טויט־פאַרמשפּטן, טוט פּלוצלונג אַ צינד אָן די אומגליקלעכע נשמה פון עפּעס אַן אַנדער געפּייניקטן יידיש קינד, אַ מיידל וואָס האָט שוין נאַטירלעך געהאַט פאַרלוירן פונקט ווי אירע פריינדינעס די סאַמע לעצטע מענטשלעכע האָפענונג צו בלייבן לעבן, טוט זיך מיט אירע לעצטע כוחות אַ רייס אַדורך דער ווילדער מאַסע מיט פאַרצווייפלטע, צעבראָכענע, צעשלאָגענע און קלאָגנדיקע יידישע פרויען מיט זייערע אין בלוט, אין סאַזשעס און אין קאָפּעטש איינגעריסטע פּנימער, וואָס אויב גאָט, דער יידישער גאָט, וואָס האָט מכלומרשט אויסדערוויילט זיין פאָלק פון אַלע פעלקער, און ער האָט זיי באַדאַרפט באַשיצן, באַשירעמען און אַרויסווייזן זיין רחמנות מיט וועלכער מען באַקרוינט אים אין אַלע תפילות וואָס דיכטער און פרומע לייט שרייבן אים צו, האָט זיי נישט געראַטעוועט און זיך נישט דערבאַרעמט איבער זיי, איז ער — נו, וואָס איז פאַראַנען צו רעדן און וואָס קען זיך שוין אַ בידנער יידישער שרייבער פון אונדזער צייט גיין קריגן מיטן רבונו של עולם?! דער דאָזיקער יידיש־שרייבער מוז דאָך איצט גיין אָפּלייקענען אַלע רייד פון די נביאים מיט זיין באַשרייבונג וועגן יידישע יסורים און יידיש־פאַרגאָסענעם בלוט דורך גאָטס פעלקער. ער מוז דאָך מיט זיינע פאַרקראַמפּטע פינגער און לאַנגע נעגל אויספּליקן אַלע פּאַטעטישע בלעטער פונעם תנ״ך מיט אַלע פּאָרכטיקע פּסוקים. ער מוז דאָך ממש גיין מיט געוואַלד אַרויסרופן אונדזער הייליקע מוטער רחל פון איר קבר, און ער מוז אַריינשרייען אין די אוראַלטע ארונות פון אברהם, יצחק און יעקב, און פון די אמהות אין דער מערת המכפלה, זיין פּראָטעסט...

די אַנדערע „אסתר" שטייט אין דעם אָפענעם חלל פון דער טיר וואָס דער נאַצישער וועכטער איז שוין גרייט צו פאַרהאַקן אפילו ווען זי זאָל פונעם קלאַפּ איבערגעהאַקט ווערן אין צווייען. זי שטייט אין דער דאָזיקער עפענונג צווישן איין טייל טיר און דער אַנדערער, אינגאַנצן אַ נאַקעטע און אַ ציטערנדיקע ווי אַ בלעטל אויף אַ צווייגל אין דעם לעצטן טאָג פון האַרבסט, איידער דער ווינטער קומט אָן מיט זיין אימפּעט. אַזאַ יידיש קינד וואָס איז אינגאַנצן אפשר זיבעצן אָדער אַכצן יאָר אַלט. אָבער זען זעט זי אויס ווי אַ גרייז־גרויע באָבע פון זיבעציק יאָר, אַן אויסגעמוטשעטע און אויסגעצערטע פון די איבערלעבענישן אירע. זי זעט

אויס צו זיין פון לויטער הויט און ביינער. די בריסטן זיינען ביי איר צוריק אַריינגעזונקען געוואָרן ווי מיט געוואַלד און איר ביינערדיקן ברוסט־קעסטל. דאָס בייכל איז ביי איר אינגאַנצן איינגעפאַלן. זי האָט שוין זינט וואָכן לאַנג און אפשר זינט חדשים נישט געפילט אין אירע געדערים קיין רעכטן טראָפּן גריץ. אירע הענט און פיסלעך זעען אויס ווי טרוקענע דרענגלעך אָדער צווייגלעך וואָס פאַלן אַרונטער פון די בוימער אין וואַלד נאָך שטאַרקע רעגנס און ווינטן. אָבער די אויגן — אָ, די אויגן אירע זיינען צוויי גרויסע און מוראדיקע יידישע תפילות! צוויי פאַרצווייפלטע געשרייען צום טויבן און פארפרוירענעם גאָט וואָס האָט זיך נישט געשעמט און האָט אַזוי ברוטאַל און גרוילהאַפט פאַרלאָזן זיין מכלומרשט אויסדערוויילטן פאָלק. אָ, איר שטורמווינטן פון אַלע זייטן פון דער וועלט! לאַכט הויך און הילכיק, שטשירעט מיט אייערע פאַרקרימטע ציין איבער דעם אויבערשטנס מישטיינסגעזאָגטן רחמנות אויף זיין אָרעמער און געפייניקטער טשערעדע, אויף זיין אַלטן פאָלק...

זי שטייט איצט, די אַנדערע אסתר, אַזאַ וויסטע און עלנטע ווי קיין שום יידישע מאַמע וואָלט איר גאָר קיינמאָל נישט געגעבן קיין מוטערלעכן געבורט. נייערט אַן איינזאַמער פעלדז וואָס ווערט געוואַשן און געשוואָנקען פון די ים־כוואַליעס אַ מיליאָן יאָר צייט האָט איר דאָס געבורט געגעבן. זי שטייט איצט, די צווייטע און אפשר „פאַלשע״ אסתר, אָבער אמתדיק געוואָרן דורך איר פּחד און יסורים פאַר גאָט אַליין. זי שטייט דאָרטן נאַקעט, באָרוועס און מוטלאָז ווי אַ שטיק גראַניט וואָלט איר געשאָנקען זיין געבורט בעת אַ שטורעמווינט אָדער בשעת דעם מבול וואָס האָט געפלייצט פערציק טעג און פערציק נעכט, ווען גאָט האָט מיט זיינע אייגענע הענט דערטרונקען אין די רויע וואַסערן עטלעכע דורות מכלומרשט זינדיקע און שיכורע יידן...

די קרייצטרעגערס מיט זייערע בלוטדורשטיקע פאַנאַטיקערס, רויבערס, פרויענשענדערס, פּיאַקעס און יידנמערדערס פון דייטשלאַנד, פראַנקרייך און פון נאָך אַנדערע קאַטויליש־רוצחישע און רויבערישע לענדער, האָט ער דאָך נישט געוואַגט אָנצורירן און צו צעברעכן מיט האָגלען ווי מיט שטיינער זייערע משוגענע קעפּ און זייערע רוקנביינער. ער האָט נישט געלאָזט אָנרירן דאָס מינדעסטע הערעלע אויף די קעפּ פון די שפּאַנישע אינקוויזיטאָרס וואָס האָבן פאַרברענט מאַסן יידן און האָבן אויך געירשנט זייערע פאַרמעגנס. די כמיעלניצקי־הײדעמאַקעס און די קאָזאַקן־באַנדעס פון קריוואָנאָסן האָט גאָט חלילה קיין שלעכטס נישט געטאָן פאַר זייער אויפשניידן די בייכער ביי די שוואַנגערנדיקע יידישע פרויען, אַריינפּאַקנדיק אינעווייניק הונגעריקע קעץ...

זיך אַ קאַפּעטשקע דערוויל פאַררעדט מכוח גאָטס מעשים טובים צו די פייניקערס און תלינים פון די יידן. איז, קיין איבעריקע צייט צו־לאַנג צו וואַרטן איז דאָך שוין מער נישטאָ. דער יידישער טאַטע ווייסט שוין איצט גאַנץ באַשטימט אַז זיין געליבטע טאָכטער איז שוין אויף אייביק

פאַרלוירן געוואָרן אונטער אַ באַרג פון פאַרטרערטע, פאַרשוויצטע, פאַרצוווייפלטע און היסטערישע פרויען און קינדער. אויב ער וועט לענגער וואַרטן אויף זיין טאָכטערס דערשיינונג, קען ער נאָך פאַרלירן די אומגעהויערע מצווה פון צו ראַטעווען כאָטש אַן אַנדער יידיש נפש פונעם אוישוויצער גאַז־קאַמער. דער דייטשער וועכטער וועט צונעמען דעם גאָלדענעם בראַסלעט מיט די אַריינגעפּאַסטע בריליאַנטן און ער וועט פאַרשוואונדן ווערן כדי ביינאַכט, נאָך דער פאַרגאַזונג פון עטלעכע טויזנט יידן, ווי שוין געזאָגט, צו זשליאָקן בראָנפן מיט זיינע קאָלעגן־הענקער אין אַ פוילישער ווײַנשענק נישט ווייט פונעם לאַגער. אָבער דער איינזאַמער טאַטע באַשליסט אינסטינקטיוו צו קויפן אַ יידישע נשמה פאַרן לעצטן שטיקל גאָלד־צירונג פון זיין משפּחה וואָס איז נאָך געבליבן אין זיין באַזיץ. דער נאַצי־יינג טוט דער „פאַלשער״ אסתר אַ שטופּ אַרויס פון דער פאַרצווייפלטער און צונויפגעקנוילטער מאַסע, און זי פאַלט אינסטינקטיוו אַריין אין דעם אַלטן יידנס אויסגעשטרעקטע און פאָטערלעכע אָרעמס פונקט ווי אַ פרומער ייד אין שטעטל פלעגט בשעת די שמחת־תורה־פּראָצעסיעס אין שול כאַפּן און טוליען מיט עקסטאַז די הייליקע ספר תורה אין זיינע אָרעמס; זי קושן אָן אויפהער אַזאַ מין הונגעריקער נאָך גאָט אַליין, און זי אַזוי שטאַרק דריקן צום יידישן האַרצן מיט זיינע אָפענע און פאָטערלעכע אָרעמס... אין זיין פלאַקערנדיקער ליבשאַפט און עקסטאַז צו גאָט...

און איצט, ממש אַ באַפרייטער פון זיין חוב צום ייד, פאַרהאַקט דער דייטשער היטלער־קנעכט ביידע שטאָלענע טירן פון דער גאַז־קאַמער. די פרוי וואָס רופט זיך אויך אסתר חלשט אַריין אין דעם אַלטן יידנס האַרצן. זי איז איצט געראַטעוועט געוואָרן אויפן חשבון פון אַן אַנדערן יידיש מאַרטירעריש לעבן. דער אַלטער ייד נעמט זי וואַרעם אַרום ווי זיין אייגן קינד אָדער אייניקל און פאַרוואַשט זי מיט אַ בריענדיקן שטראָם פון טרערן. זי ווערט אין איין איינציקן מאָמענט זיין געליבטע טאָכטער, זיין לייבלעך קינד, און טאַקע אויב נישט נאָך העכער: ער האָט בכלל געראַטעוועט אַ יידיש לעבן פון אַ מוראַדיקן אומקום. ער טוט אויס זיין מאַנטל כאָטש אין דרויסן יאָגט אַ מאַרצאָווע ווינט פונעם טייך וואָס נעמט אים אַדורך מיט אַ ציטער דורך די ביינער. ער וואַרפט די נאַקעטע אסתרן אַריין אין דעם ברייטן מאַנטל און ער זוכט מיט איר וואָס גיכער צו אַנטרינען פונעם דאָזיקן מוראַדיקן פלאַץ פון רציחה און מערדעריי צו גאָטס פאָלק...

די לייט פון דער „זאָנדער־קאָמאַנדע״ וואָס זיינען זיך מתעסק מיט די אומגעבראַכטע יידן און וואָס זיינען, פאַרשטייט זיך, נאָך איידער מען ברענגט זיי אַליין אויך אום, פינצטער און אַלט געוואָרן מיט טויזנט יאָר פון די איבערלעבענישן און פון זייער מאָרבידער אַרבעט, אָפּטמאָל אפילו געפינענדיק צווישן דער מאַסע פונעם אַררט און סיני־באַרג מיט פאַרגאַזטע יידן זייערע אייגענע ווייבער, קינדער, ברידער, שוועסטערן,

באָבעס, זיידעס, מאַמעס, טאַטעס, פעטערס, מומעס, דערנענטערן זיך איצט מיט אייזערנע שפּאַדלעס, מיט העק און צוואַנגען... זיי מוזן דאָך עפענען די טירן און לאָזן אויסלופטערן דעם גאַז־ריח פונעם קרעמאַטאָריום, און נאָך אַרום אַ פערטל שעה הויבן זיי אָן צו צעררייסן און מיט גרויס אָנשטרענג אָפּצוטיילן דאָס פלייש פונעם פלייש, די גלידער פון די גלידער, די קעפּ פון די קעפּ, די הענט און פיס פון דעם קנויל פון הענט און פיס: פון דעם איינציקן ריזן־קנויל פון אַ פּאַרטיע יידן וואָס האָבן נאָך מיט געציילטע וואָכן צוריק געלעבט אין זייערע אייגענע היימען אין האָלאַנד, בעלגיע, לוקסעמבורג, פראַנקרייך און גריכנלאַנד. אין טויט־אַנגסטן האָבן די אומגליקלעכע פּרויען געטראָטן איינע איבער די אַנדערע ווי אויף די אַקסלען פון יידישע מלאָכים מישטיינס געזאָגט, צום יידישן גאָט, צום כּסא הכּבוד...

דאָס איז געשען בשעת זיי האָבן דערשמעקט און דערפילט דעם ריח פון דעם טויטלעכן גאַז וואָס האָט אָנגעהויבן צו ווירקן און די אומגליקלעכע מענטשן האָבן זיך בלינדערהייט געדראַפּעט אַביסל העכער וואו די לופט איז מכלומרשט געווען עטוואָס ריינער, ווייניקסטנס נאָך אין דעם סאַמע אָנפאַנג פון דער מאַסן־פאַרגאַזונג, טרעטנדיק אויף מענטשלעכע בייכער, ברוסט־קאַסטענס, קעפּ, און פיס פון יענע וואָס זיינען שוין געלעגן אונטן און זיי זיינען געבליבן ליגן פאַרחלשטע, אויפשטייגנדיק אין זייערע אַנגסטן און גראַנגלען כדי צו דערגרייכן אַ העכערן שיכט און כדי, פאַרשטייט זיך, צו קריגן אַ טראָפּן אָטעם, אַ קרישקע זויער־שטאָף וואָס איז נאַטירלעך געווען אַן אילוזיע. וועגן דעם וואָס די דאָזיקע מענטשלעכע קרבנות האָבן געליטן און וועלכן שוידערלעכן טויט זיי האָבן אַדורכגעלעבט — וועגן דעם קען שוין קיין שום פעדער נישט שרייבן, סיידן ירמיהו הנביא. און אויך ער, דער באַקלאָגער פונעם חורבן ירושלים, איז צו־קליין כדי צו קענען שילדערן אַן איינציקן יידישן קינדס אומקום...

אָ, לאַכט אַריין אין דער פינצטערער נאַכט, יידישע אטעאיסטן, אפּיקורסים, ציניקערס, משוגעים, נאַראָנים, קבצנים, בעטלערס, אביונים און שדים! לאַכט אַריין אין דער שוואַרצער נאַכט אייער טייוולישן געלעכטער אַנטקעגן גאָט וואָס איז נישט אימשטאַנד אַריינצושיקן קיין דונערן און קיין בליצן כדי צו פאַרברענען די פּלאַטשיקע שאַרבנס און מערדערישע געהירנס פון די אכזריותדיקע דייטשע חיות; כדי צו פאַרשרפהן לעבעדיקערהייט די דייטשע דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן, אַדוואָקאַטן, גענעראַלן, מיניסטאָרן, שטאַטסמענער, טריבונען און פאַרלאַמענטאַריער. וואָס איז נישט אימשטאַנד אַריינצושיקן קיין בראַנד אין די טרייפענע הערצער פון דעם גאַנצן גערמאַנישן פאָלק אויף דער ווערמדיקער דייטשער ערד וואָס האָט פון אַלע אירע רציחות געוואוסט און האָט אַלע פאַרברעכנס געזען...

# דער דזשאָנגל ווײַנט

דאָס מעבלירטע חדרל אין בריסל איז געווען שמאָל און לענגלעך ווי יענץ פּאַרצייטיש שטיבעלע אין פּילעוו, אין וועלכן מײַנע ביידע צאַרטע שוועסטערן זײַנען געזעסן ביי זינגערס ניי־מאַשינען און זיי האָבן טאָג און נאַכט געניייט קליידלעך, בלוזקעס, האַלקעס, סטאַניקעס און אפילו סאַקן (מאַנטלען) פאַר די קלײנשטעטלדיקע רוסישע באַלעבאָסטעס, די ווײַבער פון די צאַרישע באַאַמטע, וואָס זײַנען געווײַנלעך ענלעך געווען צו די כאַראַקטערן פון טשעכאָוו, גאָרקי און קופּרין; ווי אויך פאַר די בלײכע פּוילישע פּאַניענקעס (פרײַלינס), די געליבטע פון די שקצים און כוליגאַנעס; ווי אויך פאַר אונדזערע היימישע כלות ערב זייערע אויסגעבענקטע חתונות מיט די שניידערישע געזעלן, שוסטער־יינגען און יינגע בונדיסטן און ציוניסטן, וואָס האָבן זיך געטראָפן אויף די געהיימע פאַרזאַמלונגען שבת נאָכן טשאָלנט, אין די זומערדיק־צעגרינטע וועלדער, און זיי האָבן געשאָלטן דעם צאַר ניקאָלאַי און זײַן מיניסטער סטאָליפּין און די אַנדערע טריפהנע רעאַקציאָנערן און אַנטיסעמיטן...

דאָס צימער אין בריסל האָט געהערט צו מײַן פראַנצויזישער הויז־אײגנטימערין מאַדאַם דעניז גאַראָ, וואָס איז געווען אַן אלמנה. איר מאַן, אַן אָנגעשטעלטער אין דער שטאָטישער תפיסה, איז מיט עטלעכע יאָר צוריק געשטאָרבן פון שיכרות. מען האָט אים געפונען אינמיטן נאַכט בשעת אַ שניי־שטורעם מיטן פלעשל בראָנפן אין זײַן רעכטער האַנט, עס האַלטנדיק פעסט צווישן די פאַרפרוירענע פינגער וואָס איינער פון זיי האָט אָפּגעלויכטן מיט אַ גאָלדענעם רינג און מיט אַ געשליפענעם סאַפירשטיין, אויסזעענדיק ווי דאָס בריענדיקע אויג פון אַ נביא, וואָס זעט גאָר די זינד פון דער מענטשהייט. מאַדאַם דעניז גאַראָ איז, ווי שוין געזאָגט, געווען מײַן באַלעבאָסטע. זונטיק אין דער פרי, אָנשטאָט צו גיין אין קאָשטשאָל, איז זי אַרײַנגעקומען צו מיר אַזאַ שווײַגנדיקע און אונטערטעניקע, אָן צו זאָגן אַפילו „באָן זשור" (גוט מאָרגן). זי האָט זיך אָוועקגעשטעלט ביים פענצטער און זי איז אַזוי שטילערהייט ווי אַן אומעטיקע טויב אונטערן בוים בשעת אַ רעגן, אָפּגעשטאַנען אַ לענגערע צייט. זי האָט גערעדט פראַנצויזיש אינעם ברעטאַנישן דיאַלעקט, פון נעבן דער געגנט ביים ים, וועמענס אײנוואוינער לעבן מערסטנס פון כאַפּן פיש אין די ברייטע וואַסערן פונעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, און זיי האָבן נישט איבעריקס ליב די גאוותדיקע פראַנצויזן פון פּאַריז. נאָכן אָפּשטיין אַזוי אַ שווײַגנדיקע אפשר אַ שעה צייט, האָט זי ענדלעך באַשלאָסן עפּעס צו זאָגן. זי האָט מיר יעדעס מאָל דערציילט די אייגענע מעשה ווי אַזוי זי פלעגט אינמיטן נאַכט, בשעת די שנייען, רעגנס און שטורעמס ביים צעיושעטן שניי־ברעג, אַהיימפירן פונעם ווײַנשענק איר שיכורן מאַן וואָס איז געווען שווער ווי אַ שטיינערנער דענקמאָל...

איך בין געלעגן אויף מײַן אייזערנעם און צעבראָכענעם בעטל נאָך

נישט אָנגעטועגערהייט, און איך האָב געוואָלט אַראָפּגיין כדי זיך צו ראַזירן די דראָטענע באָרד מיינע, וואָס איז אַלט געוואָרן איבער אַ וואָך; כדי זיך דערנאָך אָפּצוואַשן מיטן שמעקעדיקן זייף; כדי צוצוקוקן מיטן האָרענעם קעמל מיינע נאָך דעמאָלט בלאָנדע האָר, ווי אויך צו גיין עסן פרישטיק אין דעם נאָענטן רעסטאָראַנדל וואו אַ יינג פלעמיש מיידל פלעגט שמייכלען צו מיר, מיך באַדינענדיק מיט פרישטיק, מיט געשמאַקער קאַווע און מיר ווייזנדיק אירע קליינע און ווייסע ציינדלעך ווי די קלאָרע קלאַווישן פון אַ מיניאַטורנער פּיאַנאָ פאַר קינדער. אַ יינגערמאַן פון זיבעצן־אַכצן יאָר האָט געוויינלעך ליב יינגע מיידלעך פון זיין עלטער. אַן עלטערע פרוי מיט סימנים פון שוין אָפּגעגאַנגענער שיינקייט, אויב זי האָט עס אַמאָל פאַרמאָגט, אַפּעלירט צו אים ווייניק. אָבער די מאַדאַם גאַראָ האָט זיך פשוט נישט געריהרט פון אָרט... איר פעטע פיגור האָט מיך געמאַכט צו טראַכן אין דער הילצערנער סטאַטוע, וואָס שטייט שוין זינט לאַנגע יאָרן אין דעם קליינעם פּאַרקל, אין מיין געגנט, און זי זאַפּט איין דורך די יאָרן אַ סך שנייען און נעפּלען, און זי ווערט אַזוי ביסלעכווייז אַלץ מער געשוואָלן מיט די פלעמיש־פּייכטע נעכט און טריבע פרימאָרגנס. איר מאַסיווער גוף, וואָס האָט דערציילט פון איר איינזאַמקייט און מרה־שחורה, האָט צו מיר קיין פאַרגעניגן נישט אָנגעזאָגט. לויט מיין פאַנטאַזיע, און אַזאַ פיל אָנגעלייענטער מיט די פּרעכטיקע און אומעטיקע דערציילונגען פון דעם געניאַלן מייסטער גי דע מאָפּאַסאַן, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט אַז די מאַדאַם גאַראָ איז אין איינער אַ לבנהדיקער נאַכט, ווען עס האָט זיך איר פאַרבענקט נאָך לוסט און לעבן און נאָך דער געזעלשאַפט פון יינגע מאַנצלייט, אַרויסגעגאַנגען אַ פאַרטיקע, אין גאָר איר אלמנהשער איינזאַמקייט, פון דעם מייסטערס אַ בוך, און דאָרט אַהין, אין דער סביבה פון מאָפּאַסאַנס מרה־שחורהדיקע טיפן און כאַראַקטערן האָט זי טאַקע געהערט. זי האָט, לויט מיר, נישט מער געהערט צו דער וועלט פון די לעבעדיקע מענטשן. נאָכן אָנהערן זיך מיט די גרינגע מעלאָדיעס פונעם מעכאַנישן שפּילקאַסטן אין דעם וויינשענק, וואוהין זי איז געגאַנגען, לויט מיין פאַנטאַזיע און פאָרשטעלונג כדי צו פאַרברענגען די נעכט און געפינען אַ ביסל לוסט און פאַרגעניגן, האָט זי זיך אומגעקערט צו מאָפּאַסאַנס אימאַזשינערער און קינסטלערישער וועלט פון אַנטוישטע מענטשן...

אָבער פאָרט איז זי אַזוי שטילערהייט נאָך לאַנג געשטאַנען און זי האָט נאָך אַלץ געצויגן ווי אַן אומעטיקע מעלאָדיע אָדער ווי אַ לייט־מאָטיוו די זעלביקע מעשה וועגן איר רוסישן מאַן, מיכאַיל רעפּקאָוו, וואָס האָט געטרונקען וואָדקאַ ביז חלשות בשעת די מערסטע שנייען און רעגנס אין דער וויינשענקביים ברעג פון דעם אַטלאַנטישן ים, און אַזוי כסדר, ביז ער איז איינמאָל געבליבן ליגן אַ פאַרשטייפטער פון קעלט אין אַ טיפן גרוב ביים שאָסיי, וואָס איז געוועזן פאַרשאָטן מיט אַזאַ מין הימליש־אומשולדיקן שניי, וועלכן די טויבן פון די אַרומיקע דעכער האָבן די ערשטע

צעדעפּטשעט מיט זייערע דינע פּיסלעך און אים צעפּיקט מיט זייערע קורצע שנאָבלען. עס האָט אויסגעזען ווי זיי וואָלטן מיט די נעגל פון זייערע פּיסלעך געשריבן אויפן שניי עפּעס אַ דערציילונג מיט הערגליפישער שריפט, קאַפּירנדיק אַ בלעטל פון דעם אַלט־עגיפּטישן בוך פון טויט...

די מאַדאַם גאַראָ, ווי שוין געזאָגט, האָט בשום אופן זיך נישט געוואָלט אומקערן אין מאָפּאַסאַנס בוך און ווערן צוריק די העלדין פון אַ דערציילונג. זי האָט בכלל, ווייזט אויס, נישט בדעה געהאַט לעבעדיקערהייט, און נאָך גליענדיק מיט עראָטישע באַגערן, צו ווערן פאַרגליווערטע און קלאַסישע ליטעראַטור... וואָס אומרואיקער איך בין געוואָרן, ווילנדיק זיך אָנטאָן און גיין טרעפן ביים גאַר די מידי מיין פלעמישע פריינדין, די אַקטריסע, וואָס איז געווען סיי אַ ראַפינירטע קאָקעטקע און סיי אַ ליבע און געטרייע פּאָלקס־מיידל, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין אַ דאָרף, נישט ווייט פון אַנטווערפּן, אַלץ פאַרגליווערטער איז מאַדאַם גאַראָ געוואָרן, וואַרטנדיק אויף מיר...

אין מיין מעבלירטן שטיבל איז געווען ווייניק מעבל. אויסער אַן אַלטער און געלער שפּיגל אויף דער וואַנט, וואָס איז אפשר פריער געהאָנגען יאָרנלאַנג אין אַ ביר־שענק ביים ים און האָט מסתמא אָפּגעשפּיגלט און אַריינגעזויגן אין זיינע טיפענישן די נשמות פון אַ סך מענטשן, מערסטנס פאַרשטייט זיך שיכורים וואָס זיינען שוין געהאַט געווען אין גהינום אָדער אין גן־עדן, און וואָס האָט מסתמא אויך רעפלעקטירט בשעת די שפּעטע נעכט מאַדאַם גאַראָס שיכורן מאַן, וואָס האָט דאָרט געטרונקען אין דער שענק, איז אויף דער פּאָדלאָגע, נעבן מיין בעטל, בלויז געלעגן אַ געלע און שטויביקע לייבנפעל מיט אויסגעשפּרייטע פיס און מיטן שיינעם און העלדישן לייבנקאָפּ מיט לעכער אָנשטאָט זיינע אַמאָל פינקלענדיקע אויגן ווי גרויסע און לעבעדיק־לויכטנדיקע איידלשטיינער וואָס האָבן מסתמא מאַגנעטיזירט מיט פּחד די איבערגעשראָקענע הירשן און שעפּסן, וועלכע ער האָט נאָכגעיאָגט אין די מאָמענטן ווען דער הונגער איז אים באַפאַלן...

איך האָב עפּעס געהאַט אַזאַ מין פיינגעפיל אין מיינע באָרוויסע פיס, באַזונדערס אַרום ווינטערצייט, ווען איך פלעג געוויינלעך כאַפּן אַ ציטער פון קעלט איבערן גאַנצן לייב, צו טרעטן אויף דער תמיד וואַרעמער פעל פונעם פריינדלעכן לייב וואָס האָט נאָך אפשר געטראָגן אין זיך די וואַרעמקייט פון זיין ריזנהאַרץ אינעם אַפריקאַנישן דזשאָנגל, און אפשר אויך דאָס פייער פון זיין היציקן בלוט. איך האָב אין דעם לייב פשוט געפילט אַ פריינד, אַ מין מאַרטירער אויך. ביינאַכט, אינעם אָפּשיין פון דער קאַלכדיק־ווייסער לבנה וואָס האָט „זילבערן אַראָפּגעטריפט" ווי גאָטס גוואַלדיק אויג, ווי די דיכטער שרייבן אומגעפער, פונעם טונקעלן הימל וואָס איז געווען רחבותדיק־ברייט ווי אַ פאַשע־פעלד אין דאָרף און פול אָנגעשטאָפּט מיט שטערן ווי מיט וואָלענע שעפּסן אָדער גאָר ווי רויג

פון אַ רויטן קאָליר, האָט דער לייב אין מיינע חלומות און קאָשמאַרן מיר דערציילט וועגן זיין אומהיימלעכן טויט ווי דער טויט פון יעדן באַשעפעניש איז אומהיימלעך. די פרימיטיווע מענטשן פונעם דזשאָנגל האָבן איינמאָל מיט שפּאַנונג און פּאַמעלעך אים אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן פון די בושעס מיט זייערע שפּיזן, בומעראַנגען, שטיינער, העק און דרענגער. דער לייב האָט פּשוט נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג ווי אויסצוגיין מיטן טויט פון אַן איינזאַמער און פאַרפאָלגטער חיה אינעם מיליאָנעניאָריקן אורוואַלד, און וועמענס קריוודע קיינער וועט זיך פאַר אים נישט גיין אָננעמען. ער האָט פאַר מיר אין חלום געעפנט אַ שטרענג געריכט, אַ מין ספּראַווע, וועמענס געאַכפּערטע שופטים זיינען געווען לויטער אַלטע לייבן, די חשובע זקנים פון די אומענדלעכע דזשאָנגלען אין אַפריקע, וואָס האָבן זיך פאַרטיפט מכוח אַלץ וואָס עס איז געשען אין שייכות צום לייבס רוצחישן אומקום מצד די איינגעבוירענע מענטשן, וועמענס אייביקן הונגער די ריזיקע סטאַדעס מיט אַלערליי חיות האָבן אין משך פון טויזנטער יאָרן געדאַרפט צו שטילן, צו זעטיקן און דערנאָך, נאָכן האָבן פאַרצערט די רחבותדיקע מאָלצייטן, איבערצולאָזן גאַנצע בערג מיט ביינער און קנאָכנס אין די שטיינערנע היילן אַלס עדות פון זייער עקזיסטענץ. די ווילדע מענטשן האָבן אים, מיין געטרייען לייב, אַזוי מוראדיק צעשטאָכן אַזש דאָס בלוט איז ברייט געראונען פון זיינע וואונדן ווי פון פאָנטאַנען, און ער האָט פּשוט נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי אויסצוגיין פונעם שרעקלעכן בלוט־פאַרלוסט וואָס איז אַריינגערונען אין דער פעטער און טונקעלער ערד פונעם וואַלד און האָט דערנאָך געמאַכט קרעפטיק צו שפּראָצן די פלאַנצן, די קוסטעס, די גראָזן, די בלומען און די בוימערשע שטאַמען, און אויך צו זעטיקן מיט זיין קראַפט די חיות, די ווערם און די כלערליי אינזעקטן אינעם דזשאָנגל. דערנאָך, צו אָוונט צו, ווען די נאַכט האָט זיך פלוצלונג אַרונטערגעלאָזט פונעם הימל ווי אַ שוואַרצער וואָלקן, פּונקט ווי זי וואָלט כהרף עין אַרונטערגעפאַלן פון עפּעס אַן אומענדלעכער פינצטערניש, און ווען די זון איז נאָך פריער אַזאַ פייערדיקע געהאַט געזונקען ערגעץ־וואו ביים ברעג פון ים, דראָענדיק צו פאַרברענען די חשובע און שווערע בוימער פון דער אַלטער ערד, איז אויפגעגאַנגען הינטערן הימל אַזאַ רויטע און ריזיקע לבנה ווי אַ שטיק אָנגעגליט אייזן אָדער גיכער ווי גאָטס געוואַלדיק אויג וואָס קוקט אָן מיטן שוואַרצאַפּל זיינעם גאָר די עקזיסטענצן פונעם פלאַנעט...

די מענטשן מיט זייערע קופערנע לייבער האָבן דערנאָך אָנגעצונדן גרויסע שייטערס מיט די פאַרפוילטע צווייגן פון די בוימער, וואָס דער ווינט און רעגן האָבן דורך לאַנגן טאָג געהאַט אַראָפּגעבראָכן פון די בוימערישע שטאַמען. אין דעם אָפּשיין פון די שייטערס האָבן זיי מיט זייערע קאַלכדיק־ווייסע מאַסקעס אויסגעזען ווי וואָרע משוגעים אָדער ווי גראָטעסקע טייוואָלים. זיי האָבן אַזוי מוראדיק־ווילד געטאַנצט, געהאָפּקעט, געשפּרונגען, געשריגן, געזונגען און געוויינט ווי חיות איידער מען גייט זיי פאַרטיליקן, לויפנדיק אַרום די פייערן וואָס זיי האָבן

ממש מיט די בלויזע הענט געשלאָגן, און אין וועמענס היץ עס האָבן זיך ברייט געבראָטן די גליענדיקע זייטלעך פלייש, דעם לייבס לייבלעכע שטיקער אברים, אויפגעהאָנגענע אויף די צווייגן פון די בוימער, בשעת דאָס הייסע פעטס האָט געשפריצט און געשאָסן אין דער הויך ווי מיט פיילן און פונקען, אָדער ווי בשעת אַ בלוטיק געשלעג צווישן שיכורע סאָלדאַטן און משוגעים, אַנטלאָפענע פון אַ שפּיטאָל בשעת אַ שלאַכט אין דעם נאָענטן דאָרף. עס זיינען אַפילו איבערגעבליבן שטיקלעך צוגעברוינטע פלייש מיט פאַרסמאַליעטע, פאַרסאַזשעוועטע און פאַררויכערטע ביינער פונעם הונגעריקן פייער, וואָס האָט אַליין אויך געגנוג הנאה געהאַט פון דער אָרגיאַסטישער סעודה פאַר די ווערם אויף דער ערד; פאַר די שפּינען צווישן די גראָזן; פאַר די געלע זשאַבעס וואָס האָבן מכלומרשט געשאָלטן צווישן דער זילבערנדיק־גרויער פאָקשיווע; פאַר די שלימאַקעס און פאַר אַלערליי אַנדערע הונגעריקע ברואים און בלוטדורשטיקע פּיאַווקעס, סקאָרפּיאָנען און שרצים וואָס זיינען ממש גרייט אין זייער באַגער צום ווילדן פרעס און זויף אויפצוגריזשן די מערסטע לאַנדשאַפטן פון דער ערד מיט אַלע אירע דזשאָנגלען, וועלדער, פעלדער, גערטנער און סעדער, און אויסצוטרינקען אירע אַלטע און שטייענדיקע זומפּן און פאַרגליווערטע דזשיקעס, באַדעקטע מיטן גרינעם מאָך, און די פּלאַטשיקע לאָטאָס־בלומען ווי גילדערנע בעכערס. דאָ און דאָרטן האָבן נאָך געפלאַקערט די פאַרטונקלטע בלעטער פון די מעשה בראשיתדיקע בוימער אַזוי ווי צעבראָכענע הענט פון פאַרמבולדיקע גיבורים און מאַסטאָדאָנען...

„יאָ, דאָס איז שוין איינמאָל געווען אַ נאַכט פון סעודה, פרעס און זויף פון מיין מאַרטירערישן לייב!״ — האָט דער לייב אָפּגעקרעכצט אין מיין חלום, נישט דערציילנדיק פון זיינע אייגענע פאַרברעכנס, און וויפל הירשן מיט צעבראָכענע קרוינען; וויפיל אומשולדיקע קעלבער, קאָזעס, קי, באַראַנעס, לעמער און שעפסן, ווי אויך די מענטשן פון די וועלדער ער האָט צעפליקט און פאַרצערט אין זיין געיעג כדי צו זעטיקן זיין אייגענעם הונגער נאָך די אומענדלעכע לעבנס אין די וויסטענישן. דער לייב וואָלט בלויז געוועכט געוועכט פאַר אַ בית דין של מעלה פון ווילדע חיות וואָס שייך זיין אייגענעם גרויזאַמען טויט מצד די אור־מענטשן...

איך פלעג אַוודאי רחמנות האָבן אויף דעם קראַנקן און שוין לאַנג אומגעבראַכטן לייב. זיין פּילקאָלירטע פעל האָט ממש געוויינט אין זיין יעדער באַזונדערער האָר וואָס האָט גאָלדיק אָפּגעלויכטן אינעם אָפּשיין פונעם לאָמפּ. איך האָב געטראַכט, אַז אַפילו ביי אַ דין תורה וואָלט ער געוואונען זיין רעכט מצד די שופטים וואָס וואָלטן מסתמא אויף אים געהאַט גרויס מיטלייד. און ווען זיינע גערעכטע טענות וואָלטן פאַרגעבראַכט געוואָרן אַפילו פאַר אַ צאַרישן געריכט אָדער אין אַ הויכן „סאָנד״, וואָלטן זיך שוין געפונען לייטישע אַדוואָקאַטן מיט אַ געפיל פאַר גערעכטיקייט אין זייערע הערצער, וואָס וואָלטן ממש ווי די נביאים אויסגעפאָכטן זיין משפט. אָבער וואָס העלפן דען אַצינד די אַלע

רעטאָרישע רייד אַז דער מאָרד איבערן אָרעמען לייב איז שוין געהאַט געשען מיט אַ סך יאָרן צוריק, און זיין פלייש איז שוין זינט לאַנג אויפגעגעסן געוואָרן בשעת דעם דזשאָנגלדיקן מאַסנטאַנץ און זייער רייכער סעודה אין די אורוועלדער, און געבליבן איז בלויז די פעל זיינע, וואָס ליגט דאָ ביי מיר צופוסנס, און די מאַדאַם שטייט זיך אַזוי אומבאַוועגלעך ביים גרויסן פענצטער, וואָס עפנט זיך אויף ברייט און גרויסאַרטיק צום פענעץ קאָסמאָס אין דער הויך וואָס שטראַלט שוין מיט פרילינג, מיט זון און מיט טשאַטעס שיכורע פייגל, וואָס זיינען צוריקגעקומען פון די וואַרעמע מרחקים און מיט די באָטשאַנעס וואָס באַזעצן זיך ווידער אויף די אַלטע נעסטן זייערע פון פאַראַיאָרן, און וואָס זאָגן אָן מיטן קלאַפּן פון זייערע פליגל און מיטן שוואונגיקן שוועבן איבער די דעכער פון די הייזער, דעם נייעם פרילינג פון גליק און פרייהייט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, און אַפילו צו אונזער אייגענעם דערשלאָגענעם פאָלק, און צו מיר אַליין אויך, גרייפנדיק שוין ייִנגערהייט דעם טאַטנס פעדער מיט טינט און וועלנדיק עפּעס אָנשרייבן וועגן דעם וואָס איז נאָך נישט אינגאַנצן קלאָר צו מיר אַליין און וואָס וועט אפשר שוין קיינמאָל קלאָר נישט ווערן, אַפילו ווען און אויב גאָט וועט מיר באַשערן צו דערגרייכן די עלטער...

יאָ, וואָס זאָל איך טאָן אַז די מאַדאַם גאַראָ שטייט זיך אַזוי אָפּ שענהלאַנג ביים רחבותדיקן פענצטער אַזאַ שיכורע פונעם פרילינג און זי גיסט אַריין פרישע טראָפּנס וואַסער אין דער אויסגעטרוקנטער ערד פון די וואַזאָנעס וואָס טרינקען דורשטיקע דעם וויין פונעם הימל און זיי וועלן שפּעטער אויפבליען מיט זיידענע רויזן ווי מיט שטיקלעך פייער?! די אַלטע און גוטע ערד אין די ערדענע טעפּ טרינקט אַזאַ דורשטיקע דאָס דערפרישנדיקע וואַסער פון איר שמאָלער קרוג ווי שאַמפּאַניער. זי שטייט נאָך אַלץ און זי וואַרט אַז איך זאָל שוין ענדלעך אַרויסגיין פון מיין מאַמעס וואַרעמער קאָלדרע וואָס זי האָט מיר ממש מיט געוואַלד מיטגעגעבן אין דער פרעמדער און קאַלטער וועלט אַריין כדי עס זאָל מיר זיין וואַרעם מיט איר, מיט דער מאַמעס גרויסער מאַמעשער וואַרעמקייט, וואָס איז געבליבן שטיין אין אַלע מיינע אברים פון איר שוואַנגערשאַפט מיט מיר... די מאַדאַם גאַראָ וואַרט אַז איך זאָל שוין פאָרט אַרויסגיין פון בעט און זי נעמען ליידנשאַפטלעך קושן און צערטלען און זי צוריק אַריינפירן אין בעט אַריין ווי דוד המלך האָט באַהאַנדלט די שיינע מלכה שבא... אָבער מיר געפעלט בשום אופן נישט די אַלטע און געלע הויט פון דער פרוי וואָס איז, ווי שוין פריער סוגעסטירט, אַרויסגעגאַנגען אינמיטן נאַכט, אין דעם אָפּשיין פון דער לבנה, פון מאָפּאַסאַנס אַ ליריש־טרויעריקער דערציילונג. איר סאַמעטענער און ברייטער הוט אויפן שוין גאַנץ גרוילעכן קאָפּ מיט האָר איז פאַרשפּילעט מיט לאַנגע שפּילקעס מיט פּערלדיקע קעפּלעך. איך האָב אַ געפיל אַז די שפּילקעס האָבן זיך אַזש פאַרשטאָכן אין איר שאַרבן. די זון גייט אויף איבערן מיטנהימל און מיר דאַכט זיך אַז דאָס ליכט פון

דער פריינדלעכער זון איז דאָס בלוט וואָס רינט פון מאַדאַם גאַראָס צעשטאָכענעם מוח. איך ליג שוין אַגב זינט לאַנג אויפן בעט אַזאַ אומגעדולדיקער. איך וויל זיך ווי עס איז אָנטאָן מיינע מלבושים. איך וויל זיך אָפּוואַשן דאָס פּנים מיטן וואַסער, וואָס די באַלעבאָסטע האָט אָנגעגאָסן פאַר מיר נעכטן בייטאָג אין דער פּאָרצעלייענער קרוג, וואָס שטייט אויף מיין טישל. איך וויל איצט פריי ווערן פון איר, הגם איך האָב זי נישט דווקא פיינט. אָבער די עלטערע העלדינע פון איינע פון דעם מייסטער מאָפּאַסאַנס פּרעכטיקע און פּסיכאָלאָגיש־טיפע דערציילונגען איז דווקא נישט צו מיין גוסט און גייסט...

זי שטייט זיך אַזאַ מין טיף־דערשלאָגענע ביים פענצטער נעבן די וואַזאָנען, און זי חזרט איבער כסדר די זעלביקע לאַנגווייליקע רייד וועגן איר מאַן, וואָס האָט נאַכט נאָך נאַכט געשיכורט אין די וויינשענק ביים ברעג פונעם אַטלאַנטישן ים. ענדלעך נעמט זי פאַוואָליעדיק זיך באַוועגן. זי קוקט אויף מיר ממש מיט געבעט און מיט פאַרטרערטע אויגן, און מיט אַזאַ ווייבלעך־געקריינקטן פאַרדראָס צוליב מיין פאַסיווקייט, צוליב מיין פשוטן נישט וועלן פאַרברענגען מיט איר, און די טרערן רינען פון אירע טריבע אויגן וואָס האָבן אַמאָל־אַמאָל מסתמא פאַרכאַפּט די גאַלאַנטע מאַנצלייט אין מאָפּאַסאַנס שפּעריִשער פאַנטאַזיע. איך פיל זיך עפּעס אַזוי מאָדנע אומבאַקוועם און דער לייבנטעפּעך הערט נאָך אַלץ נישט אויף צו וויינען פאַר מיר מיט זיין צעפליקטן פּיסק צוליב דעם באַרבאַרישן טויט זיינעם אין דעם גרויסן און אוראַלטן וואַלד. עס איז נישט געווען קיין שום אויסוועג. זיי זיינען אים מאַסנווייז באַפאַלן ווי אַ מחנה משוגעים מיט זייערע שפּיזן און בומעראַנגען. זיי זיינען געקומען צו אים אַלץ נאָענטער און נאָענטער פון אַלע זייטן און ווינקלען פונעם אומענדלעכן דזשאָנגל. זיין הייס בלוט האָט גענומען שטראָמען פון זיינע וואונדן און צו שפּריצן געדיכטערהייט ביז דער טויט האָט אים ענדלעך אויסגעלייזט מיט גענאָד, ווי עס גייט דער באַקוועמער זאָג... דער יאָמער איז אַזש געבליבן שטעקן אין זיין שיינער פּעל ביזן היינטיקן טאָג. אין יעדער שפּעטער שעה פון דער נאַכט וויינט און יאָמערט ער אַרויס און לאָזט מיך נישט שלאָפן... דער גאַנצער דזשאָנגל העלפט אים יאָמערן אין דער נאַכט ביז אין דער פרי...

איך דערמאָן זיך פלוצלינג אין מיין ראַנדעוואו ביים גאַר די מידי מיט דער יינגער פלעמישער אַקטריסע זשוליעט, וואָס איז אַנומלט צוגעקומען צו מיין טישל אין דער קאַפּעטעריע ווען איך בין דאָרט גראָד נישט געזעסן און בין געגאַנגען נעמען שפּייז ביים בופעט. מיין הוט און פאַלטאָן איז געבליבן ליגן אויף אַ שטול ביים טישל. אָבער די אַקטריסע האָט עס מכלומרשט נישט באַמערקט. איך בין געווען איבערראַשט ווען זי איז צוגעקומען צום טיש מיט אַ טאַץ מיט שפּייז און האָט זיך פאַר מיר פריינדלעך פאָרגעשטעלט, זיך אַנטשולדיקנדיק פאַר איר „טעות”. איך האָב איר איינגעלאַדן צו זיצן נעבן מיר און רואיק צו געניסן פון איר מאָלצייט. איך האָב זיך גראָד געפילט אומעטיק און איינזאַם אין דער

גרויסער שטאָט בריסל, וואו איך האָב געקענט גאָר ווייניק מענטשן. פריילין זשוליעט איז געווען אַרום עטלעכע צוואַנציק יאָר יינג. מען האָט נישט געקענט מאַכן קיין טעות וועגן איר פריינדלעכקייט און ווייבלעכן חן. זשוליעט איז געווען אַ פרוי, אַ לייבלעכע שוועסטער פון חוהן, וואָס האָט פון איר געירשנט אַ געשניצט און רייצנדיק פנים מיט גרויסע אויגן, וואָס האָבן געקוקט אויף דער וועלט, אויף מאַנצלייט און פרויען און אויף קינדער מיט אַ סך איבערראַשונג. עס האָבן פון אירע אויגן אַרויסגעקוקט דאָס קינד, דאָס יינגע מיידל, די רייפע פרוי מיט גאָר דער עלעגאַנץ און „שיק" פון אַ יינגער פאַרפירערין און טאַקע מיט זשוליעטן האָב איך זיך געדאַרפט טרעפן אין צענטער פון שטאָט,ביים באָטאַנישן גאָרטן, וואו די זון אין פרילינג האָט אַרויסגערופן פון די טיפענישן פון דער ערד די ערשטע רויטע רויזן...

— שער מאַדאַם גאַראָ (טייערע) — האָב איך זיך פריינדלעך געוואָנדן צו דער שטילער און וואַרטנדיקער באַלעבאָסטע — איך מוז זיך איצט איילן צו אַ ראַנדעוואו ביים באָטאַנישן גאָרטן כדי עמעצן צו באַגעגענען. איך בעט אייך מיר פריינדלעך צו אַנטשולדיקן...

— איך שטער אייך דען? אַנטשולדיקט! איך האָב זיך עפּעס מאָדנע פאַרטראַכט וועגן די צרות וואָס מיין שיכורער מאַן האָט מיר פאַרשאַפט. יעדער נאַכט האָב איך געמוזט גיין מיט מיין געטרייער דינסט־מיידל איוועט פון מאַרסעל, כדי אים אָפּצוזוכן אין אַן אַנדערער וויינשענק און אים אַהיימצופירן אויף זיינע געליימטע פיס; אים אויסצוטאָן די פייכטע מלבושים און אַראָפּצוציען די שווערע קאַמאַשן פון זיינע געשוואָלענע פינגער, און אים אַריינצולייגן אין בעט אַזאַ פאַרזונקענעם אין שיכרות, און שלאָף, אין אַ מין געליימטקייט. אָבער דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים שוין נישט געקענט פירן. דער שווערער שניי, וואָס איז געפאַלן פון די אומהיימלעכע הימלען האָט אים פשוט ווי געהאַט דערוואָרגן און דערשטיקט מיט איר משא ווי אַ לייב אָדער ווי אַ הונגעריקער טיגער. בלויז איין פאַרקרומטע האַנט זיינע האָט אַרויסגעשטעקט פונעם באַרג מיט שניי ווי זי וואָלט זיך געוואָלט מיט מיר געזעגענען אויף תמיד. צווישן די פינגער פון זיין רעכטער האַנט האָט נאָך געשטעקט אַ האַלב־אויסגערויכערטער ציגאַרעט מיט וועמענס קליינעם פייערל צוזאַמען עס איז אויך אויסגעגאַנגען זיין לעבן. אויף אַ פינגער פון דער זעלביקער האַנט האָט אָפּגעלויכטן דער נאָבעלער סאַפּירשטיין וואָס זיין פאָטער און מוטער האָבן אים געהאַט געשאָנקען צו דער חתונה ווען ער איז געגאַנגען צו דער חופה מיט מיר. יאָ, דער שרייבער גי דע מאָפּאַסאַן איז געווען אַ גרויסער דערציילער... ער האָט דאָס אַלץ געוואוסט און געגנוי באַשריבן. איך האָב זיך מיט יאָרן צוריק באַקאַנט מים אים אין אַ שפּיטאָל וואו איך האָב געאַרבעט אַלס קראַנקנשוועסטער. איך האָב אים באַדינט און דערציילט פון מיין לעבן, פון מיינע עלטערן און פון דער סביבה אין ברעטאַניע, וואו איך האָב פאַרבראַכט מיינע יוגנט־יאָרן. מאָפּאַסאַן איז געווען אַזאַ נאָבעלער מענטש. ער האָט פאַרמאָגט די

גנעדיקע נשמה פון אַן אַריסטאָקראַט. ער האָט מער ווי יעדער אַנדערער פראַנצויזישער שרייבער באַשריבן די אַנשטוישונגען און יסורים פון די ליידנדיקע פרויען. איר קענט אויך לייענען אין איינע פון זיינע דערציילונגען וועגן מיר און וועגן אַנדערע מאַרטירערישע פרויען, וועמענס לעבנס זיינען געווען ענלעכע צו מיין לעבן, צו מיין אומעטיקן לעבן. איך האָב אים דערציילט פון מיין צוזאַמענלעבן מיט פראַנסואַ, מיין מאַן, וואָס האָט אַזוי פיל געטרונקען און האָט פאַרבראַכט זיינע טעג און נעכט אין די וויינשענק, בשעת די שטורעמדיקע כוואַליעס פון ים האָבן געשלאָגן די פעלדזן ביים ברעג און זיי זיינען אַליין אויך צעבראָכן געוואָרן אין געשלעג. מאָפּאַסאַן האָט מיך געדולדיק אויסגעהערט און מיט יאָרן שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען טויט, האָב איך אין זיינס אַ בוך מיט דערציילונגען געלייענט וועגן מיר און מיין מאַן. ער האָט אויף זיין מייסטערהאַפטן אופן באַשריבן מיין טרויעריק לעבן...

— מאַדאַם גאַראָ, איך דאַנק אייך פאַר אייער פריינדלעכקייט. אָבער אַ ליבע פריינדינע וואַרט אויף מיר ביים באַנהויף. איך האָב היינט אַ ראַנדעוואו מיט אַ יינגער און שאַרמאַנטער אַקטריסע. איך וועל איר דערציילן וועגן אייך... איך בעט אייך: זייט נישט אייפערזיכטיק. אויב זי וועט באַדאַרפן צו וואַרטן אויף מיר בלויז צען אָדער פופצן מינוט לענגער ווי מיר האָבן זיך אָפּגערעדט, וועט זי מיך מסתמא מער קיינמאָל נישט וועלן באַגעגענען. און נישט אַלע נאַכט געפינט מען אין בריסל אַזאַ צאַרטע און גראַציעזע מיידל וואָס שפּילט קלאַסישע ראָלן פון דעם וועלט־רעפּערטואַר. זי איז זייער אַ פריינדלעכע, אָבער אויך אַ קאַפּריזנע. אויב איך וועל קומען בלויז פינף מינוט שפּעטער...

מאַדאַם גאַראָ האָט אויפגעבראָכן פון זיך אַליין איר שטייפקייט און זי איז פּאַוואָליעדיק אַרויסגעגאַנגען פון מיין חדרל אַזאַ טרויעריקע, און מען קען זיך פאָרשטעלן: אויך אַ ביסל אַ באַליידיקטע. די זון האָט שוין איצט אַריינגעלויכטן דורכן אָפענעם פענצטער מיט גרויסע בוקעטן פרילינגדיקע שטראַלן ווי לופטיקע בלומען. איך האָב פאָרזיכטיק אַראָפּגעשטעלט אַ פוס איבערן ווייכן טעפּעך. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז דער אונטערטעניקער לייב בלוטיקט נאָך אַלץ אָפּ אין זיין שיינער און וויינענדיקער פעל און אַז מיינע פיס ווערן פייכט פון זיינע וואונדן...

איך בין אַרויסגעגאַנגען פון מיין ענגער שטוב אויף דער גאַס. איך בין אינסטינקטיוו געגאַנגען אין דער ריכטונג פון גאַר די מידי. די קליינע האַנט פון דער צאַרטער זשוליעט האָט פון דער ווייטנס געפלאַטערט צו מיר ווי אַ ווינט וואָלט געטראָגן אַ רויטע רויז אין דער לופט. זשוליעט איז געווען לייכט פאַרביטערט צוליב די עטלעכע מינוט וואָס איך האָב פאַרשפּעטיקט צו אונזער צוזאַמענטרעף. אָבער יוגנט היילט זיך גיך אויס פון גרינגע פאַרדראָסן און קאַפּריזן. די זון, די גוטע זון האָט באמת אין יענעם פרימאָרגן גרויסאַרטיק אויפגעלויכטן איבער דער וועלט. מיר זיינען איצטביידע געגאַנגען ווי צוויי פאַרכישופטע איבער די

פאַרגאָסענע גאַסן מיטן וויין פון דער זון... כאָטש איך בין געווען אַזוי אָרעם און מרה־שחורהדיק, ווי יוגנט איז געוויינלעך זינט די פאַרגאַנגענע פאָר טויזנט יאָר, איז געשטאַנען פאָרויס פון מיר אַ געוואַלדיקער פענעץ מיט צייט ווי אַ גרויסער רייצנדיקער האָניק־לעקעך אויף אַ רייך־געדעקטן טיש מיט פינקלענדיקע פלעשער וויין, און מסתמא אויך געמישט מיטן גיפט פון געפערלעכע שלאַנגען...

אָבער ווען צייט שטייט פאָרויס מיט אירע גאָלדענע טויערן כדי פריי אַריינצוגיין אין דער אומבאַקאַנטער צוקונפט, פאַרמאָגן מיר פּרעכטיקע אילוזיעס. אונדזערע נערוון זיינען געשפאַנט ווי מיר וואָלטן געזעסן אין דער טונקלקייט פון אַן אָפּערע־זאַל. באַלד וועט זיך אויפהויבן דער פלושענער פאָרהאַנג. אין דעם פאַרנעפּלטן הינטערגרונט וועלן אויפגיין ווייכע שאָטנס פון איידעלע געשטאַלטן. האָב נאָר געדולד, יינגער מענטש, און עס וועט ווערן אַלץ העלער און ליכטיקער די לאַנדשאַפט פון דער צוקונפט פאַר אונדזערע אויגן...

## מיטנאַכט אין וואַרשע

אין איינעם אַן אָוונט איז געשען אַן אינצידענט וואָס האָט אַלעמען שטאַרק אינטריגירט. צווישן די אָנגעפּאָרענע געסט אין דעם „האָטעל וואַרשע" איז אויך געווען איינער אַ סוחר פון בוקאַרעשט, וואָס האָט געהאַנדלט מיט צירונג און האָט פאַרקויפט גאָלדוואַרג צו די גרויסע יוּוועליר־געשעפטן אין אייראָפּע און אויך אין אויסלאַנד. זיין רום האָט דערגרייכט צו די קעניגלעכע הייף אין ווייטע מדינות און צו די שענסטע מלכות און פּרינצעסינס אין די לענדער, וואו עס זיינען נאָך געבליבן שטיין די קעניגלעכע טראָנען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס האָט געהאַט ליקווידירט דורך בונטן פון פעלקער, דורך רעוואָלוציעס און דורך די ניי־געגרינדעטע דיקטאַטורן, די מערסטע דינאַסטיעס און מאָנאַרכיסטישע רעגירונג־סיסטעמען. דער צירונג־סוחר האָט געהייסן ר' איציק פירשט. ער איז געווען אַ הויכער און פעסטגעבויטער ייִד, וואָס האָט פאַרמאָגט אַן אומהיימלעכע שפּיציקייט אין זיין פּנים און עפּעס פון אַ גראָטעסקן און ציינישן אויסזען אין זיין געשטאַלט. זיינע אויגן זיינען געווען ווי צוויי פינקלענדיקע דיאַמאַנטן, אפשר אַרויסגעגנבעטע פון דער קייסערינע שבאָס אַ בראָשקע וואָס איז נאָך געווען וואַרם פון דעם גלי פון איר לייב און פון דער ליידנשאַפט צום קעניג שלמה. אויפן קאַרק וואָס איז געווען רויט, איז ביי אים געווען אויסגעברענט ווי מיט אַן אָנגעגליטן אייזן אַ שאַרפער און צינישער צלם ווי ביי אַ קאַטאָרזשניק. אין פראָנט פון זיין מויל האָבן אָפּגעלויכטן צוויי שפּיציקע גאָלדענע ציין ווי ביי אַ פאַרצייטישן מצרישן געץ. ווען ער האָט זיך צעלאַכט פון עפּעס אַ יידנס דערציילטן אַנעקדאָט, האָט עס אָפּגעקלונגען ווי מענטשן וואָלטן אין אַ כאָר אַרויסגעהירזשעט פון דער טיפעניש פון אַן אַלטן און פאַרוואַקסענעם וואַלד מיט הונדערט יאָריקע דעמבעס, וואו שדים, מכשפות און אַנדערע

פאַרשאָלטענע ברואים פראַווען אָרגיעס בשעת דער וואַלפורגיס־נאַכט. די געסט אין האָטעל פלעגן זאָגן: דער גלאָק פון דער טומאה קלינגט אין פראַגע ווען איציק צעלאַכט זיך אין וואַרשע. זיין פּנים האָט אויסגעדריקט עפּעס פון דעם אומעט פון אַ סאָווע מיט העלע פּאָספאָריש־לויכטנדיקע אויגן אין חורבות פון פאַרצייטישע שלעסער און קרעטשמעס, וואָס האָבן נאָך געדענקט די היסטאָרישע מלכים און זייערע אימפּאָזאַנטע געמאַכן, אַרומגערינגלטע מיט לוסטיקע קעפּס־ווייבער און ציגאַנקעס, וואָס האָבן געוואָרפן קאָרטן אויף די מאַרמאָרנע טישן און אַרויסגעלייענט דעם גורל פון דעם מלך און פון זיינע מיניסטאָרן און יועצים.

עס פלעגט טרעפן אַמאָל אין אַ נאַכט אַז „וורוזשקעס" און טרעפעריגס פלעגן זיך אַריינרייסן צו די געסט אינעם האָטעל אויף די רוישיקע נאַלעווקעס, ווי פאַרצייטנס צו די קייסאָרים, און זיי פלעגן מישן די קאָרטן מיט פלינקע און נערוועזע פינגער, אָנזאָגנדיק צו ר׳ איציק פירשט אַז זיי זעען ווירטואַזשנע פאַר אים גרויסע געשעפטן אין די קעניגלעכע הייף, פלעגן זיינע שפּיציקע ציין זיך צעפינקלען ווי ביי אַ מצרישן שטיינערנעם געץ, אַרויסשטאַרטשנדיק פון זיין מויל ציניש און חוצפּהדיק ווי אייזערנע טשוועקעס. דער צלם אויף ר׳ איציקס פּעטן קאַרק האָט געקראָגן די פאַרב פון אייזן און זשאַווער. עס איז אויך געבליבן שטיין אַרום זיין האַלדז עפּעס אַ מאָדנער צייכן, אַ סיניאַק פון אַ תליונס גאַלגנשטריק, פּונקט ווי ער וואָלט זיך געהאַט אָפּגעריסן פון אַ תליה אַדאַנק זיין פיזישער שווערקייט וואָס האָט אים אַראָפּגעצויגן צו דער ערד מיט דער וואָג פון אַ פעלדזיקן שטיין, וואָס שטייט איבערן ים־פלאַך און טויזנט יאָר צייט קענען די כוואַליעס נישט אָפּברעכן פון אים אַפילו קיין קיזלשטיינערנעם שטויבעלע. עפּעס האָט עס אים כסדר געוואָרגן אין דער קעל און ער האָט ווי געזוכט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם און צו פאַרטרינקען זיין טרוקעניש אין האַלדז מיט גלעזער אָקאָוויט, כדי צו שטילן דעם דורשט אין זיינע בריענדיקע געדערים. ר׳ איציק האָט פאַרמאָגט אַ סאָרט איראָניע אין זיין אויסזען, אין זיינע פרעכע רייד וואָס האָבן דערמאָנט אין אַ סאַטיר. און גלייכצייטיק האָט ער אויסגעדריקט עפּעס אַן איינגעבוירענע מרה־שחורה אין זיין גאַנץ געשטאַלט פונעם גרויען און טרויעריקן קאָפּ אָן ביז צו זיינע שאַרפע ביינערדיקע קנעכלעך פון די דינע פיס וואָס מען פלעגט זען נאַקעטע ווען ער האָט זיך אין פריען באַגינען אָנגעטאָן אין די דיקע וואָלענע שקאַרפעטן...

בשעתן גאַנצן אָוונט איז ר׳ איציק געווען באַזונדערס בגלופנדיק, ממש שושן פורימדיק פריילעך און שיכורלעך. טראָצדעם וואָס נעבן אים איז געזעסן אַ גרויסאַרטיק ווייבספאַרשוין מיט אַ וואַרעמען שנירלפּערל ארום איר שניי־קלאָרן האַלדז, האָט ער זיך דווקא געחנדלט און געשאַרט צו דער באַלעבאָסטע פונעם „האָטעל וואַרשע", מאַדאַם פעליציאַ גראָמפּ, וואָס איז געווען מיין טאַטנס שענסטע שוועסטער פון דעם אַמאָליקן גבירישן הויז פון מיין זיידן, דעם פּאָדריאַטשיק פונעם דעמבלינער

צאַרישן פעסטונג, ר׳ לייבוש יואלקעס. ער, דער ציניקער און חוזקמאַכער וואָס האָט, ווי מען האָט גערעדט צווישן יידן אין שטעטל, געהאַנדלט מיט די שדים און ער האָט זיי ווי פאַאוסט געהאַט פאַרקויפט זיין נשמה פאַרן גהינום און ער האָט געקראָגן פון זיי פאַבלהאַפטע אוצרות מיט גאָלד און בריליאַנטן פאַר בחצי חינם, האָט דווקא חשק געהאַט זיך איינצובייסן מיט זיינע פאָדערשטע צעפוילטע ציין אין דער אַריסטאָקראַטיש־געשטאַלטנער יידישער גראַפיניע, וועמענס געלער פלאַם פון אירע האָר־צעפּ, פאַרפלאָכטענע ווי אַ גרעק אַרום איר קאָפּ, האָט דערציילט פון אירע לוסטן, פון אירע מיטנאַכטיקע תאוותשע באַגערן, און וואָס האָט דאָ געקעניגט אין איר, נאָך פון די אַמאָליקע גוטע צייטן לוקסוסדיקער סאַליע ווי אין אַ קעניגלעכן הויף, צוזאַמען מיט אירע זעקס טעכטער, וואָס זיינען געוועזן אויסנאַמלעכע שוינקייטן אפילו אין וואַרשע, וואָס האָט געשמט מיט יידישע פּרויענשוינקייטן. אָבער איצט האָט זי איר רייכע וואוינונג, זייענדיק אַ פאַראָרעמטע אלמנה, פאַרוואַנדלט אין אַ האָטעל אויף די רוישיקע נאַלעווקעס, די סאַמע טומלדיקסטע גאַס אין דער יידישער געשיכטע, וואו מען האָט דורך די לאַנגע טעג און אַ שטיק אין די נעכט געקענט אָנקוקן די צעהיצטע פּנימער פונעם גאַנצן פּוילישן יידנטום אין גאָר זייער פאַרצווייגטן האַנדל און וואַנדל; אין זייער רייכער תורה־יידישקייט און אויך אין דעם בונטן רענעסאַנס פון דער יידישער קולטור אין פּוילן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה...

איציק פירשט, וועמענס געלע באָרד איז געוואָרן אַלץ מאָגערער און שפּיציקער מחמת זיין טבע אויסצופליקן יעדן אָוונט, זיצנדיק ביים ברייטן טיש, גאַנצע קלאָמבעס מיט האָר, ווי וועלנדיק אַראָפּרייסן דאָס היימישע יידישע אויסזען פון זיין פּנים, אָפּשטאַמענדיק פון דורות מגידים, חזנים און שוחטים, וואָס האָבן דורך הונדערטער יאָרן באַדינט דאָס בעסאַראַבישע יידנטום, וואָס האָט זיך באַזעצט אין דער מדינה רומעניע נאָכן חורבן פונעם צווייטן בית המקדש, האָט געעפנט פאַר די אָנוועזנדיקע געסט לעדערנע פּאָרטפעלן, ווייזנדיק באַרימעריש זיינע לעגענדאַרישע אוצרות פון ביזשוטעריע צו דער יינגסטער טאָכטער פון מאַדאַם פעליציאַ גראָמפּ, צו פּראַצעשקאַן, וועמענס גרינע אויגן האָבן זיך ממש אָנגעצונדן ווי די איידלשטיינער וואָס איציק פירשט האָט דאָ אויסגעשטעלט, ווי מיט זיי קאָנקורירנדיק, און אָנקוקנדיק מיט קנאה דאָס פאַנטאַסטישע צירונג. אויך די אַנדערע אָנוועזנדיקע פרויען פון די אָנגעפּאָרענע געסט, די אַמאָליקע גרויסע סוחרים און חשובע פריינט זינט אַ סך יאָרן פון דער פאַמיליע, זיינען ממש אויסגעגאַנגען פון אַנטציקונג, קנאה און באַגער נאָך די זעלטענע קעניגלעכע אוצרות. אָבער יעדעס באַזונדערע חפץ וואָס ר׳ איציק האָט אַנטפּלעקט פון קונציקע שאַכטעלעך, פּודעלעך, בייטעלעך און שקעטעלעך מיט זיינע בלייכע הענט מיט שפּיציקע פינגער און מיט לאַנגע נעגל ווי אַ קונצנמאַכער אויף אַ טראַפּיז וואָס פאַרבלענדט די אויגן פונעם פאַרכאַפּטן פּובליקום זיצנדיק אין דער פינצטער, איז עפּעס תיכף טונקל

געוואָרן ווי אַלט אייזן וואָס ווערט רויט אָנגעצונדן פון זשאַווער אין זיינע טויטלעך־ווייסע הענט. דאָס גאַנצע גאָלדוואַרג איז עפּעס ווי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטויב, אין ווערם, שפּינגעוועבס און אינזעקטן וואָס לעבן טיף און בלינדערהייט אין די זומפּן פון דער ערד. „אַזוי איז אויך דאָס מענטשלעכע לעבן", האָט עפּעס איינער אַ שדכן, מכלומרשט אַ זייטיקער פאַרשוין, אויסזעענדיק ווי עמעצנס גראָטעסקער שאָטן אויף אַ פּוסטער קאַלכדיקער וואַנט אינמיטן פון דער נאַכט, אויסגעפּלוידערט שיכורערהייט מיט עפּעס אַזאַ שווער־הייזעריקן קול: יאָ, עס איז לויטער אייטל שטויב און שפּינגעוועבס. אינמיטן דעם לויטערן טאָג, ווען די זון איז גרויס און זי פאַרשיינט דעם גאַנצן הימל מיט דער ערד צוזאַמען, לייכט עס און פינקלט חוצפּהדיק אין קאָנקורענץ מיט די שטערן אין הימל וואָס צינדן אָן די וועלט מיט אילוזיע, האָפענונג און פרוכטבאַרקייט, אַרויסרופנדיק פון דער ערד וועלדער און פעלדער מיט דער נאַטורס רייכקייט און שפע, און ביינאַכט גייט אויף די לבנה, און מיט איר קאַלטן אָפּשיין שפּרייט זי אויס טרויער, פאַרגענגלעכקייט און נאָסטאַלגיע נאָך די אַוועקגעגאַנגענע דורות פונעם אומעטיקן נעכטן, וואָס פאַרצערט און בייסט זיך איין אין דעם לוסטיקן היינט מיט גאָר די אָנשטרענגונגען, אַרבעט און האָפענונגען פונעם גרויסן און מיפולן מענטשלעכן טאָג...

— יאָ, — האָט דער מאַן ווי אַ פּאָעט, ווי דער קייסער קהלת, כסדר גערעדט און איבערגעחזרט: מאָרגן ביינאַכט פאַרגייט אַלץ פונקט ווי די פון מייז צעגריזשעטע און צעלעכערטע לבנה, וואָס זעט אויס ווי דער שאַרבן פון אַ קייסער, וואָס פוילט אין קבר זינט לאַנגע יאָרהונדערטער, שפּאַצירט אַרום איבערן הימל, צווישן די מאַסן טונקעלע און פאָרמלאָזע וואָלקנס. דאָס ליכט צעקריכט ווי רויך און ווי סאַזשעס פונעם קוימען ווען דער בייזער ווינט רייסט און פליקט דאָס געלע שטרוי פון דעם דאַך פון דער אַלטער וויינקרעטשמע וואו מענטשן האָבן געטרונקען, געשיכורט, גערויכערט, געטאַנצט, געלאַכט און זיך אָנדערציילט לוסטיקע מעשות. דער שטורעם רייסט דעם דאַך פון דער וויינשענק: ער יאָמערט צווישן די משוגענע בוימער און פייפט אַריין אין דער קיך דורך דער געקאַלכטער קאַפּע...

דער לאַנגער טיש איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ יום־טובדיק טישטוך אין וואַרעמע פאַרבן. פלעשער מיט געטראַנקען זיינען געשטאַנען צוגעגרייטע כדי פאַרצערט צו ווערן, און יידן האָבן זיך טאַקע משמח געווען מיט מעד, ביר און מיט ניינציקער ספּירט. מען האָט פאַרביסן מיט האָניקדיק־געבאַקענע קוכנס, פלודנס, טאָרטן און אַנדערע לעקעכוואַרגן כדי צו פאַרגעסן די ביטערע צייטן פון דער מלחמה. די כוסות מיט וויין האָבן געטאַנצט אויף די טישן און אָנגעהייצט די געמיטער פון די עלטערע יידישע סוחרים און פאַבריקאַנטן מיט פרישע כוחות, אַרויסשלאָגנדיק פון זיי דעם אומעט פון די מוראדיקע איבערלעבענישן. צווישן דעם עולם אינמיטן פון דער נאַכט אין דעם „האָטעל וואַרשע" זיינען אויך געזעסן,

אַזוי האָט מען געשמועסט, אומגעזעענערהייט די שדים מיט פּנימער פון מתים און רוזשנע רוחות, וועמענס אָנוועזנקייט מען האָט פונדעסטוועגן גאַנץ שטאַרק געפילט. אָט האָבן זיי געדאַוונט, געזאָגט תהילים, געזונגען און זיך געשאָקלט ווי מאַנעקינס, און אָט האָבן זיי געלאַכט און געהירזשעט ווי די פערד וואָס מען לאָזט אין דער פרי פון אַ זומערדיקן טאָג אַרויס פון דער שטאַל. די שדים קענען דאָך פאָרט נישט טועם זיין פון די געשמאַקע מאכלים און זיי קענען נישט טרינקען די קאָסטבאַרע געטראַנקען. מיט זייערע האָריקע הענט ווי מיט אייזערנע צוואַנגען גרייפן זיי די פסחדיקע כוסות, אָנגעפילטע מיט וויין, מיט ראָם און קאָניאַק, און זיי גיסן אַלץ אויס אונטער די טישן, און עס ווערט אַזאַ שמעקעוודיקער טייך אויף דער פּאָדלאָגע וואָס מאַכט נאַס די שיך און די פיס פון די אָנגעפּאָרענע געסט אין „האָטעל וואַרשע". די רייכע און פילפאַרביקע טעפּעכער פון די אַמאָליקע גוטע צייטן זאַפּן איין די זעלטענע שנאַפּסן. דער היימישער גראַמאָפאָן קלינגט אָפּ מיט חזנישער מוזיק, מיטן האַרציקן ליטורגישן געזאַנג. סער מאָזעס מאָנטעפיאָרעס אויל־פּאָרטרעט הענגט אויף דער געקאַלכטער וואַנט אינעם זאַל צוזאַמען מיטן איינגערעמטן בילד פון דער כותל מערבי...

און בשעת דער עולם האָט זיך געהאַט פאַרגעסן אין די צרות פון דער מלחמה צווישן די גויאישע פעלקער וואָס האָבן געבראַכט אַזוי פיל אומגליקן צו די יידן און האָט צעשטערט זייערע מיט מיעניש אָנגעזאַמלטע פּאַרמעגנס; האָט חרוב געמאַכט זייערע הייזער; צעבראָכן זייער מעבל און אַלץ וואָס איז דורך זיי דעראָבערט געוואָרן מיט אַזוי פיל שוויס און טרערן אין משך פון לאַנגע יאָרן, איז עפּעס פּלוצלינג געקומען צו רייד וועגן עולם הבא, וועגן „יענער וועלט", וועגן השארת הנפש און וועגן דער פאַרגיטיקונג אין הימל צו אַלע יידישע נשמות וואָס האָבן אַזוי פיל געליטן אַזש זיי זיינען אויך געוואָרן ממש גרוי און אַלט אַזוי ווי צעבראָכענע מענטשלעכע גופים אויף דער עלטער. עס איז פאַר די שיכורע געסט אויפגעגאַנגען דאָס גיהנום און, דער עיקר, דאָס גן־עדן, וואָס איז אָנגעברייט צו יעדן יידן לויט זיינע אָפּגעטוענע מעשים ביים לעבן. איינער אַ ייד מיט אַ רויטער באָרד, וואָס איז עפּעס אַראָפּגעפאַלן ווי אינמיטן נאַכט פון אַ שטאַרקן בליץ בשעת אַ שווער־פּלייצנדיקן רעגן, האָט מיט אַ סך ביטערניש גערעדט וועגן די שלעכטע מעשים פון רבונו של עולם לגבי זיין מכלומרשט אתה בחרתנותדיקן פאָלק. אַן אַנדערער פאַרשוין, וואָס האָט געהאַנדלט מיט שניט־סחורה און ער איז געקומען קיין וואַרשע אַזש פון דאַנציק כדי איינצוקויפן סאַמעט, זיידנס און פּלושנס אויף אויפצונייען קליידער פאַר דער פּריצהטעס טאָכטער ראָמאַ צו איר חתונה, האָט אַריינגעוואָרפן אַן אומגעוויינלעך וואָרט אַז דער רבונו של עולם איז בכלל ניט קיין ייד. וואָרום ווען גאָט וואָלט טאַקע געווען אַ פּולבלוטיקער ייד, וואָלט זיין פאָלק נישט באַהאַנדלט געוואָרן אַזוי גרויזאַם דורך די אַנדערע רויבערישע פעלקער אין גאַנג פון דער לאַנגער און אַלטער יידישער

געשיכטע. מיר לעבן, האָט דער דאַנציקער שניט־קרעמער ר׳ זוסעלע בייער צוגעוואָרפן אַ ביטערן אויסדרוק, אין אַן אַנטיסעמיטישן קאָסמאָס. די דונערן שעלטן אונדז. די בליצן בילן און האַווקען אויף אונדז דורך די לאַנגע נעכט פון די יאָרהונדערטער ווי די משוגענע פוילישע הינט אין די אומהיימלעכע דערפער, זיך וואַרפנדיק ווילדערהייט אויף אַן אָרעמען ייד וואָס טראָגט צעלניק: נאָדלען, גאַרן, שפּיגעלעך, קעמעלעך, שערעלעך און קייטעלעך צו פאַרקויפן פאַר די פויערים. די געטלעכע שטורעמס און הוראַגאַנעס וואָס האָבן פאַרצייטנס „איבערגעשראָקן״ די נביאים, זעענדיק אין זיי גאָטס מוראדיקן כוח, ברומען און ברילן איבער אונדזערע קעפּ ווי די חיות רעות אין די אוראַלטע וועלדער און דזשאָנגלס. דער שניי האָט אונדז פיינט ווי אַ גוי, וואָס איז שיכור און ער טוט אונדז אָן לעבעדיקערהייט אין תכריכים. די שלאַקס־רעגנס שמייסן אונדז ווי מיט אייזערנע בייטשן און קופּערנע ריטער. דאָס פייער פון הימל גיסט זיך אויס אויף אונדזערע קעפּ ווי אַ רויטער מבול דורך דעם צאָרן פון די פעלקער. יאָ, אויך די מכלומרשט אומשולדיקע נאַטור האָט אונדז פיינט ווי מיר וואָלטן חלילה זיין קרעציקע הינט. אַפילו די מלאָכים אין הימל פאַרטראָגן אונדז ניט און זיי האָבן מסתמא געגעבן עצהס צום רבונו של עולם אונדז שלעכטס צו טאָן. מיר זיינען דעם הימלס חוזק און די קרבנות פונעם שטן. אויף אונדזערע לייבער און לעבנס ווערן אויסגעפּרואווט דעם שטנס אַדוואָקאַטישע אַרגומענטן וועגן דעם מענטשנס שוואַכקייט און אומגעטריישאַפט צו גאָט. אין דער גיהנומדיקער וועלט זיצן נישט קיין ליכטיקע מלאָכים מיט יידישע הערצער, וואָס טראָגן רחמים צו יידן, צו קליינע יידישע קינדער און זקנים. נייערט אומעטום לויערן אויף אונדז קריסטלעכע אינקוויזיטאָרס. די פּויפּסטן און קאַרדינאַלן; די קייסאָרים און פּרינצן; די צעזאַרס און צאַרן; די סולטאַנען און שאַכן; זיי אַלע האָבן הנאה פון פּייניקן אונדזער אַלטן פאָלק. מיר קעמפן אין זייערע מחנות; מיר שלאָגן זיך ביז בלוט אין זייערע זינלאָזע מלחמות; מיר שטעכן און דערהרגענען אונדזערע אייגענע ברידער צווישן די פּיינטלעכע אַרמייען; מיר צעשטערן דעם שונאס שטעט און מיר מאַכן אייגנהענטיק חרוב די יידישע הייזער און היימען; די סקלאַדעס מיט אָנגעזאַמלטע סחורות; די געוועלבער און פאַבריקן. אָבער נאָכן שליסן דעם ענדלעכן שלום פאַרגעסט מען אונדזערע קרבנות. מיר זיינען נישט קיין צד ביי די שלום־קאָנפערענצן. מיר זיינען מכלומרשט נישט קיין פאָלק ווייל מיר האָבן נישט דעראָבערט קיין אייגענע טעריטאָריעס פון פרעמדע פעלקער; ווייל מיר פאַרמאָגן נישט קיין באַרבאַרישע אַרמייען וואָס שעכטן אויס אין מלחמה־צייטן די ציווילע באַפעלקערונג פון באַזיגטע לענדער; מיר האָבן נישט קיין אַרסענאַלן מיט געווער און געוואַלט און קיין רויטע פאָן וואָס איז אַדורכגעווייקט מיט בלוט. מיט קעמפן העלדיש, ווי שוין געזאָגט, אין אַלעמענס אַרמייען. אָבער גלייכצייטיק ווערן מיר באַשולדיקט צו זיין די געפערלעכע שפּיאָנען וואָס גיבן געהיימע סיגנאַלן צום פּיינטלעכן

מיליטער בשעת די שלאַכטן גייען אָן, און מיר וועלן געהאָנגען אומשולדיקערהייט אויף די בוימער וואָס ווערן פאַרדאַרט מיט זייערע גרינע צווייגן נאָך די עקזעקוציעס, מחמת די נאַטור אַליין פאַרטראָגט נישט די געמיינע פאַרברעכנס און זי פּראָטעסטירט אינסטינקטיוו קעגן די שחיטות, פּאָגראָמען און שענדונגען קעגן די יידן. מיר אַליין האָבן נישט פאַרמאָגט קיין אייגענע ערד ווייל עס איז געווען פאַרווערט די יידן איינצוקויפן לאַנד, אויסער צו פאַראייגענען אַ באַגרענעצט שטיקל שטח פאַר אַ בית עולם כדי קובר צו זיין אונדזערע מתים און די קרבנות פון זייערע פּאָגראָמען אויף יידן. אָבער זייערע פעלדער בליען ממש מיט אַ שפע פון קאָרן, ווייץ, גערשטן און כלערליי גרינצייג נישט פאַר אונדז, נייערט פאַר די רוצחים וואָס האָבן זייער ערד פרוכטבאַר געמאַכט מיטן בלוט פון די פעלקער, וועמענס יינגע מענטשן זיי האָבן אומגעבראַכט צוזאַמען מיט אונדזערע משפחות. יאָ, מיר זייען קערנער אויף אונדזערע אייגענע פוסטע פעלדער און מיר שניידן אין ווינט בריענדיקע שנאה. ווען מיר וועלן אַמאָל צוריקקומען אין אונדזער אייגן לאַנד וואָס די בלוטדורשטיקע בבל און רוים האָבן חרוב געמאַכט מיט זייערע לעגיאָנען, און מיר וועלן מיט אַ סך מיעניש און שווייס באַזייטיקן די שטיינער פון די חורבות; די בערג און טאָלן מיט אייזן, קופּער און מעש פון די אויסגעשאָסענע קוילן אויף די פעלדער, און מיר וועלן פרואוון אויסצוטרוקענען די זומפּן וואָס זיינען פול מיט מענטשלעכע ביינער פון די שלאַכטן; און מיר וועלן ווידער אויפשטעלן שטעט, פאַבריקן, ציגעלניעס און מילן; און מיר וועלן פאַרפלאַנצן די זוימען פון פרוכטבאַרע בוימער אין די חרוב־געוואָרענע סעדער און גערטנער; און אונדזער תבואה־שפע וועט אויפגיין רייך ווי גאָלד אין דער זון, און אונדזערע פּאָמעראַנצן וועלן לויכטן ווי די שטערן אין די פּרדסים, דעמאָלט וועלן זיי ווידער קומען כדי אונדז צו שעכטן, צו רויבן, צו הרגענען אונדזערע מאַנצלייט, צו שענדן אונדזערע פרויען; אומצוברענגען אונדזערע אַלטע זיידעס און באָבעס; אונדזערע טאַטעס, מאַמעס, שוועסטער און ברידער; אונדזערע זין און טעכטער און קליינע קינדער. פאַר זייער וואַנזיניקער שנאה צו אונדזער פאָלק הענגט איבער די קעפּ פון די מדינות אַ בלוטיקע קללה פון אייביקער מלחמה, פאַרוויסטונג און טויט. אונדזערע נביאים האָבן מיט פייערדיקע רייד און וויזיעס פאַר די פעלקער געמאָלן אַ הערלעכע לאַנדשאַפט פון שלום און פרייהייט פאַר די פאַרקנעכטעטע. די רעוואָלוציעס פאַר גערעכטיקייט און יושר זיינען אונדזערע ווערק, אונדזערע מעשים. אָבער ביזן היינטיקן טאָג און נאַכט האָבן זיי פאַרשליידערט אונדזערע אידעאַלן און זיי זיינען פאַרבליבן נאָך מער ווילדע, עקשנותדיקע און גרויזאַמע הענקערס ווי פאַרצייטנס. דעריבער איז אונדזער איינציקער אויסוועג נקמה אין אונדזערע שונאים. מיר מוזן נקמה נעמען פאַרן טויט פון אַלע אונדזערע דורות. מיר מוזן זיין שטאַרק און מעכטיק. אויב נישט, וועלן מיר חלילה סוף כל סוף אומקומען ווי שאָף וואָס ווערן געפירט צו דער

שחיטה. אַפילו די גויאישע סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן האָבן זיך געגעבן די הענט מיט די נאַציס און פאַשיסטן אונדז צו פאַרניכטן. מיר טאָרן נישט דערלאָזן צו דער מאַסנשחיטה פון אונדזער גרויס און מאַרטירעריש פאָלק. מיר האָבן פּונקט אַזאַ רעכט צו לעבן, צו געניסן, צו שאַפן קולטור און קונסט און רומרייך פאָרויסצוגיין אין צייט און אייביקייט אַלס מענטשן, אַלס אַ גרויס און שעפעריש פאָלק. דאָס איז אונדזער גרויסער הייליקער אָנזאָג צו אַלע דורות פון אונדזער יידישן פאָלק...

דער ייד מיט דער רויטער באָרד און די גליענדיקע אויגן האָט די גאַנצע צייט גערעדט און שוים איז געשטאַנען אויף זיינע ליפּן. עס האָבן דורך אים גערעדט אַ סך יידישע דורות פון דער פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט. אויף זייערע מאַסיווע אויל־פּאָרטרעטן געמאָלן מיט שטאַרקע פאַרבן האָבן זיך צוגעהערט ווי לעבעדיקע מאַדאַם פעליציאַ גראָמפּס פאָטער ר׳ לייבוש יואלקעס און די מאַמע רייזל. עס האָבן זיך אויך צוגעהערט אַלע פאַרזאַמלטע סוחרים מיט אָפענע מיילער. אָבער פּלוצלינג רופט זיך אָפּ דער צירונג־הענדלער ר׳ איציק פירשט מיט רייד וואָס האָבן געפּרואווט צו ענדערן דאָס געמיט און צאָרן פון די אָנוועזנדיקע געסט, ווען דער ייד פון דאַנציק האָט ממש אָנגעצונדן און באַגייסטערט מיט עפּעס אַזוינס ווי אַ נאַציאָנאַלע און היסטאָרישע אַטמאָספערע. ר׳ איציק האָט אויף זיין אופן געפּרואווט צו מינערן דעם פּאַטאָס פון דעם דאַנציקער יידנס געקריינקטע רייד, הגם ער אויך האָט פּראָטעסטירט קעגן דער געוויסנלאָזיקייט פון דער וועלט, קעגן דאָס אכזריות פון די מענטשן, קעגן דער טויבקייט און שטומקייט פון די הימלען. ער האָט אָבער ווי אינגאַנצן פאַרלייקנט די עקזיסטענץ פונעם מאָראַלישן אימפּעראַטיוו אין דער נאַטור:

— יידן, איך זאָג אייך: נאַט אייך אַ קופּערנעם גראָשן פאַרן מכלומרשטן רחמנות פון דער העכסטער קאָסמישער אינסטאַנץ. דער גאַנצער הימל איז איין ביטערער חוזק אויף אונדזער בינדער יידישער עקזיסטענץ. יושר און גערעכטיקייט אין אַ ליצנות, אַ גרויזאַמע קאָמעדיע, אַ ווילד געלעכטער אין וועלכער מיר זיינען די איינזאַמע פּאַיאַצן און די מיט בלוט געפאַרבטע קלאַונען וואָס ווערן געהאָנגען, פאַרברענט און געשאָכטן צוזאַמען מיט אונדזערע ווייבער און קינדער, מיט אונדזערע וואַרעמע משפּחות. אונדזער גאַנץ לעבן, אַלע יידישע דורות וואָס בעטן זיך רחמים ביי די הימלען, רופט נישט אַרויס קיין שום עכאָ אין דער וועלט, פּראָוואָצירט נישט קיין שום ענטפער פון די אייזערנע הימלען. די קאָסמישע אָדער הימלישע עלעמענטן זיינען גלייכגילטיק צו אונדזערע געבעטן און תפילות. אונדזערע געשרייען בלייבן אַן אַ ווידערקול אין די ווייטסטע הויכקייטן. דער ציניש שער שטן פאַראַדירט הפקרדיק ווי ער וואָלט זיין דער קייסער פון דעם אוניווערס. ער זיצט אין דער אומענדלעכקייט אויף אַ גאָלדענעם טראָן. ער און זיינע שדים טרינקען אויס פעסער מיט וויין און ער איז מזנה מיט זונות. ער איז אויך דער

פּאָטער פון אַלע פּאָרנאָגראַפישע שאַפונגען, פון אַלע געצנדינערישע דענקמעלער און בראָנדזענע געשטאַלטן ביי די טויערן פון די פּאַלאַצן, מאוזאָלעאומס און פּיראַמידן וואו עס ליגן די שטאָלצע הערשער וואָס פוילן ווי טויטע הינט און קעץ בלויז אַ רגע נאָכן האָבן צוגעמאַכט זייערע לוסט פולע אויגן וואָס גאַרן נאָך ווילדע פאַרגעניגנס. איך פאַרקויף אייך מיין גאַנץ חלק עולם הבא פאַר צען נישטיקע זלאָטעס...

— איך בין גרייט אָפּצוקויפן אייער חלק עולם הבא. — האָט באותו רגע אונטערגעכאַפּט עפּעס איינער אַ ייד מיט אַ קרייענדיקן קול ווי אַ האָן, אַ סוחר פון חזיר־האָר, פון דעם שטעטל סקערניעוויץ. דאָס איז געווען איינער פון די געסט וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן קאָפּ מיט שניי־ווייסע האָר, כאָטש דאָס פּנים איז ביי אים געווען דווקא יינג ווי ביי אַ חתן־בחור וואָס שטייט ביינאַכט אונטער דער חופּה און מען פירט די בלייכע כלה אין אַ ווייסן זיידענעם קלייד און זי דרייט זיך אַרום אים גאַנצע זיבן מאָל ווי די לבנה אַרום אַ טונקעלן וואָלקן. דער דאָזיקער ייד האָט נישט געהאַט קיין נאָז מחמת זי איז ביי אים אָפּגעבערענט געוואָרן בשעת אַ שרפה. אַנדערע יידן האָבן געפּלוידערט אַז די היידעמאַקעס האָבן בשעת אַ פּאָגראָם אין שטעטל זי ביי אים אָפּגעשניטן מיט אַ בלאַנקער סאַבלע. דאָס האָט אים צוגעגעבן דעם אויסזען פון אַ מת וואָס פוילט שוין זינט לאַנגע צייטן אין אַ פייכטן קבר פון רויטן ליים און הונגעריקע ראַצן זאָלן ביי אים האָבן אַרומגעגריזשעט דאָס פּנים. די טונקעלע נאָז־לעכער אויף זיין מעליק־ווייסן מתים־פּנים האָבן אים צוגעגעבן אַ גראָטעסקן אויסזען. אָבער זיינע אויגן זיינען דווקא געווען רירעווודיקע און לעבעדיקע, טאַקע ווי ביי אַ פריילעכן חדר־יינגל. דער ייד איז אין דער אמתן געווען זייער אַלט, ממש ווי אַ דעמב אין וואַלד. אָבער פּאָרט האָט זיך די יינגשאַפט נישט אָפּגעטאָן פון אים ווי פונעם יידישן פאָלק וואָס קען נישט שטאַרבן פון קיין צייט און דויער, פון קיין צרות און עלטער, און אירע דורות זיינען אייביקע ווי די זון אין הימל און אומשטערבלעך ווי די געטלעכקייט אַליין.

עס איז נישטאָ קיין שום בייזער עלעמענט צווישן די ווינטן און שטורעמס, צווישן די תהומות פון די ימים און די אָפּגרונטן פון פינצטערע טייכן און פייער שפּייענדיקע וואולקאַנען וואָס זאָלן אונדזער פאָלק חלילה קענען אומברענגען. די עקזיסטענץ פון די יידן איז געבונדן ווי מיט אייזערנע קייטן צו דער עקזיסטענץ פון גאָט. און דעם יידנס גורל איז צו באַגלייטן די לוויהס פון די רויע און ברוטאַלע פעלקער אין זייער בלוטיקער כראָניק פון כסדרדיקע מלחמות און קעגנזייטיקן אומברענגג און זעלבסטמאָרד. די יידישע געשיכטע הויבט זיך אָן מיט די געבורטן פון די ערשטע פעלקער און זי וועט זיך ענדיקן מיט די לוויהס פון די לעצטע מדינות. מיר זענען עס באַשיימפּערלעך: קיין קללה נעמט עס נישט. קיין שום פייער פאַרברענט נישט אונדזער שווער־צעשטאָכענעם גוף. פון די בליצן ווערט נישט קיין אייטערדיקע וואונד אין אונדזער לייב. דאָס דאָזיקע פאָלק האָט זיך אָפּגעבראָכן ווי אַן עלעמענט פונעם תוהו ובוהו. דו קענסט צעברעכן זיין

גניק מיט אַ פּעטליע אויף דער תליה. דו קענסט מיט אַ קיזלשטיין פון אַ באַרג צעשמעטערן זיין רוקנביין. דו קענסט מיט אַ שווערד צעהאַקן זיין קאָפּ וואָס גליט מיט זיינע חלומות פון גאולה ווי דער עמוד האש. אָבער נאָך באַשטימטע צייטן שטייט עס ווידער אויף ווי דער פויגל פעניקס. עס שפּרייט אויס מאַכטפול זיינע פליגל ווי דער אָדלער איבער אַ האַלבער וועלט. עס פלאַטערט הויך און שטאַרק, און מיט זיינע פייערדיקע אויגן קוקט עס אַראָפּ אונטן צו די אָפּגרונטן און עס זעט די לוויה־פּראָצעסיעס פון די צום אונטערגאַנג פאַרמשפּטע ראַסן, פעלקער און שטאַמען; פון אימפּעריעס, מלוכות און קעניגרייכן, וועלכע גאָט משפּט און געפינט זיי פאַר שולדיק. די דאָזיקע קראַפט וואָס הערשט איבער די קאָנטינענטן און שפּרייט אויס זיין פירכטלעכע מאַכט איבער די אומציילִיקע פּלאַנעטן, זונען און שטערן־גאַלאַקסיעס אין די קאָסמישע מרחקים, באַשטראָפט אויך די רויבערישע פעלקער און דער עקשנותדיקער דזשאָנגל קומט צוגיין מיט זיין מעשה בראשיתדיקן כוח און ער צווינגט צו זינקען אין דער ערד די פּאַלאַצן פון די נאַרישע קייסאָרים און די גאָלדענע טורעמס פון זייערע טעמפּלען ווערן שוואַרץ ווי אייזן און זייערע דענקמעלער צום אָנדענק פון מלחמות און נצחונות ווערן אויף אייביק באַגראָבן אינעם זאַמד, אין די בלאָטעס, אין די טייכן, אין די היילן פון די אורוועלדער, אין די קברים און וואולקאַנען, און צווישן די חורבות פון דערטרונקענע אַטלאַנטידעס אויפן גרונט פון די ימים...

אָט אַזוי האָט דער ייד מיט דער פלאַמיקער באָרד גערעדט און אָט אַזוי זיינען געווען זיינע ווייטערדיקע רייד:

— ר׳ ייד! איר טראָגט דעם גאווהדיקן נאָמען פירשט. אָבער איר זענט נישט מער ווי אַ וואָרם וואָס אַנדערע ווערם וועלן אייך באַלד פאַרצערן ווי אַ געפּייגערטע חיה אין פעלד. איך גיב אייך די צען נישטיקע זלאָטעס פאַרן חלק עולם הבא איבער אייערע הונדערט מיט צוואַנציק יאָר.

אַזוי האָט דער ייד מיט דער קופּערנע באָרד געזאָגט, און זיין קול האָט געציטערט ווי דאָס קול פון דער שכינה וואָס האָט זיך קוים געהערט איבער די לאַנדשאַפטן פונעם באַרג סיני ביים „אַנטפאַנגען די תורה דורך די הענט פון משה רבינו. ער האָט דערנאָך אָפּגעציילט גאַנצע צען שווערע שטיקער געפּוצטע זילבערנע מטבעות פונקט ווי זיי וואָלטן נאָך געווען הייס און אָנגעגליט פון דעם קייסערס מינצערײַ, און ער האָט זיי אַ שליידער געטאָן איבערן רחבותדיקן טיש ווי רויע קיזלשטיינער פון וועמענס קלעפּ עס האָבן זיך צעבראָכן די פלעשער מיט שאַרפע געטראַנקען; די שווערע גאָנשערס מיטן איטאַליענישן וויין; די קרישטאָלענע פיליזשאַנקעס מיטן פסחדיקן ווישניאַק, וועמענס דינע ליפּן זיינען געווען געפאַרבט מיט גאָלד ווי די ליפּן פון רייצנדיקע פרויען...

אַ שווערע און טיפע שטילקייט איז איצט געבליבן שטיין אין דער אימפּאָזאַנטער סאַליע איבער אַלעמענס קעפּ. עס איז געווען אַן ערנסטער מאָמענט אין איינעם אַ הויז פון דער אַלטער יידישער שטאָט וואַרשע. די

מומע פעליציאַ איז געוואָרן ווייס ווי קרייד. אירע שיינע טעכטער האָבן זיך געטוליעט צו איר ווי צעשראָקענע שאָף צו די עלטערע קי אין וואַלד, בשעת זיי האָבן דערזען דעם פירכטערלעכן לייב, מאַיעסטעטיש אין זיין הונגער אָנצווזעטיקן זיינע געדערים. אין דער הויך, אונטערן פולאָפּ (סופיט), האָבן געלויכטן די גאָלדענע קאַנדעליאַברעס ווי די לאָמפּן אין גיהנום ווען די סאַדיסטישע מלאָכים שמייסן מיט שאַרפע ריטער און מיט לעדערנע ראַפּניקעס די נאַקעטע און בלוטנדיקע לייבער פון די זינדיקע מענטשן...

— און איר אַלע, אָנוועזנדיקע יידן, זענט די עדות וואָס זיצן דאָ היינט ביינאַכט! — האָט עפּעס איינער פון די געסט, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אַלטער פויגל וועמענס געדיכטע פעדערן זיינען אָפּגעזענקט געוואָרן פון אַ שרפה אין וואַלד, אויסגערופן. — ר׳ איציק פירשט האָט פאַרקויפט זיין חלק עולם הבא צו די שדים און נישט־גוטע, צו די בייזע רוחות, צו די מחבלים פון גיהנום...

דער צירונג־הענדלער האָט איצט אָנגעהויבן אַביסל צו שטאַמלען מיט דער צונג און מורא צו האָבן. ער איז פּלוצלינג געוואָרן בלייך ווי קאַלך. זיינע שפּיציקע קינבאַקן ווי ביי אַ סאַטיר אָדער ווי ביי אַ הונגעריקן וואָלף אינמיטן נאַכט, זוכנדיק צו שטילן זיין הונגער ביי די פּויערישע ווירטשאַפטן, זיינען געוואָרן נאָך שפּיציקער און געשפּאַנטער. זיינע נאָזפליגל האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן מיט קענטיקן פּחד פאַרן אומבאַוואוסטן. זיין שטערן האָט זיך גענומען באַגיסן מיט אייז־קאַלטע טראָפּנס שוויס וואָס האָבן אַרויסגעשפּראָצט פון דער הויט. זיין לאַנגע און דינע האַנט מיט די שאַרף־באַנעגלטע פינגער האָט גיריק, אָבער אומזיכער און ציטערנדיק, צוגעשאַרט צו זיך די צען גלאַנציקע זילבערשטיק, און ער האָט זיי באַהאַלטן אין אַ טייסטער וואָס איז געווען אויפגעניייט פון דעמרויטהאָריקן פוטער פון אַ סאָלדאַטסקן ראַניעץ. ער האָט איצט עפּעס הויך און אומגעלומפּערט געלאַכט מיט עפּעס אַ פרעמדן געלעכטער אין זיין גאָרגל ווי פון אַ דיבוק. אָבער דורכן דאָזיקן געלעכטער האָבן זיך אַדורכגעריסן שטאַרקע טענער פון אַנגסט און געוויין. אַ גרויס ליכט פונעם רערל פונעם זילבערנעם לייכטער וואָס האָט דורך דער גאַנצער צייט געטריפט מיט גליענדיקע טראָפּנס חלב, האָט זיך אַזוי ווי בכיוון אויסגעבויגן צו דער זייט פונעם דערשראָקענעם ייד וואָס האָט זיך געהאַט איינגעהאַנדלט אַן אַנדער יידנס חלק עולם הבא. זיין געשטאַלט איז פייערדיק באַלויכטן געוואָרן ווי מיט עפּעס אַ פאַרבאָרגענעם הימלישן פּראָזשעקטאָר. אַן אַנדערער פלאַם, ווי דאָס פייער פון גיהנום וואָס גריזשעט אין זיין קיינמאָל נישט געזעטיקטן הונגער דאָס טרויעריקע פלייש פון די רשעים, האָט איצט איינגעהילט דעם בלייכן און מרה־שחורהדיק געוואָרענעם צירונג־הענדלער, פון וועלכן די מערסטע אָנוועזנדיקע לייט האָבן זיך איצט מיט פאַראַכטונג און עקל אָפּגעקערט ווי פון אַ קרעציקן מאַן, און ער איז געווען אין דער דאָזיקער

נאַכט דער סאַמע איינזאַמסטער מענטש אונטער די שטערן; ממש ווי אַ פאַרמשפּטער צום אומקום וועמענס עקזעקוציע האָט באַדאַרפט פאָרקומען אין פריען באַגינען, ווען גאָטס שטערן שטייען נאָך אויפן הימל, אַריינגעשטעלטע אין אַן אומגעהויערער קאָסמישער מנורה...

איך בין געזעסן ביים רחבותדיקן טיש צוזאַמען מיט די אַנדערע יידן; מיט די אָנגעפּאָרענע אַמאָליקע פּריינט פון מיין מומע פעליציאַ, און מיט די מיטגלידער פון דער משפּחה גראָמפּ. איך האָב גענוי אָבסערווירט די פּנימער פון די אָנווועזנדיקע מענטשן וואָס האָבן געמאַכט אַלערליי גרימאַסן און הוויהס. איך בין געווען אַן עדות פון מענטשלעכן לוסט און פּחד. אין דער לופט, אונטערן בלוי־געפאַרבטן פּולאַפּ, האָבן באַשיימפּערלעך געשוועבט אַלטע מלאָכים מיט ביטער־פאַרקרימטע און צעקאַליעטשעטע פּנימער ווי געשלאָגענע מיט קיזל־שטיינער. איך האָב געזען ווי עס וויינען אין אַ ווינקל פונעם זאַל צוויי מאַיעסטעטישע געשטאַלטן, הויכע ווי די זיילן אין אַ טעמפּל: דוד המלך און זיין זון, דער קרוינפּרינץ שלמה, וואָס ווען ירשענען זיין פאָטערס אימפּאָזאַנטן טראָן. אַ ריזיקע קרוין האָט צוגעדעקט דעם גרויען און אומעטיקן שניי פון מלך דודס לאַנגע לאָקן. אַ סך יידן האָבן זיך דאָ עפּעס מאָדנע געשטופּט און געשטויסן, געטומלט און זיך געאַמפּערט. טויטע, צוזאַמען מיט לעבעדיקע און נערוועזע יידן, האָבן זיך געביסן די נעגל פון זייערע פינגער ביז בלוט. אַ טייל עלטערע יידן האָבן זיך איינגעריסן קריעה אין זייערע מלבושים. מען האָט באַשיימפּערלעך געפילט אַז אין דער מכלומרשטער געוויינלעכקייט פון אַ יידישן הויז אין וואַרשע איז אַריינגעטראָטן עפּעס אַן אָפּשיין פון אַ שטיק בליציקן קאָמעט אָדער אַ פונק פון אַן אַלטן שטערן וואָס וואַנדערט אומציילִיקע מיליאַסן יאָרן אין די הימלישע מרחקים, און האָט זיך אָפּגעריסן פון דעם וועג פון דער געטלעכקייט צו זיין אייגנטלעכן צוועק, און איך האָב געהערט זיין פינצטער און איינזאַם געוויין. מען האָט דאָ באַשיימפּערלעך דערפילט אַז די זינד און די מצוההס האָבן זיך אָנגערירט ווי בליצן מיט קאָמעטן. עס איז געווען אַ מאָמענט ווען רעאַליזם און מיסטעריע האָבן זיך געגעבן די הענט און אַז ביידע עלעמענטן האָבן זיך קעגנזייטיק אויסגעמישט. עס איז געווען אַ רגע ווען די געטלעכקייט האָט שטרענג ווי אַ שווערד אַ בליאַסק געטאָן מיט אַן אומגעוויינלעך ליכט וואָס האָט אַלעמען שיער בלינד געמאַכט. רוכטשע, די עלטסטע טאָכטער פון דער מומע פעליציאַ, האָט זיך אויפגעוועקט און אויסגעשריגן מיט איר מאַנצבילישן הייזעריקן קול:

— יידן, איר האָט נישט געטאָרט דערמוטיקן די דאָזיקע טראַנזאַקציע. עס איז געשען אַ שענדלעכער אַקט, אַ חילול השם אַז איין ייד זאָל געבראַכט ווערן צום פאַרקויפן אַן אַנדערן ייד דעם טייל עולם הבא וואָס דער רבונו של עולם האָט אים צוגעטיילט נאָך אין זיין מוטערס בויך בשעת איר שוואַנגערשאַפט און ערב זיין געבורט. דער ייד וואָס באַפּרייט זיך אויף אַ ציניש און פרייוויליקן שטייגער פון זיין שטול אין גן־עדן,

פאַרשעמט דעם שם פון גאָט און ער פאַרקויפט צום שטן זיין נשמה. ער טוט זיך אויס פון זיין יידישקייט. ער זאָגט זיך אָפּ פון זיין אינדיווידואַליטעט, פון זיין נאַציאָנאַל־היסטאָרישער פערזענלעכקייט, פון זיינע מעשים טובים. ער ווערט אויסגעטאָן פון זיינע טוגענטן און באַפרייט פון זיינע מצוותס, פון זיין יידישער עקזיסטענץ. ער ווערט אינגאַנצן אויס ייד. ער ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ פוסטן און טרויעריקן פלעק פון דער ערד. ער ווערט אַ שד, אַ ציניקער, אַ שאָטן פון אַ געשטאָרבענעם ייד. ער מוז זיך אומקערן צו אַ נייעם דור כדי אַן אַנדערע יידישע פרוי זאָל מיט אים ווידער שוואַנגערן און ער זאָל געבוירן ווערן אַלס ייד. יידן, איך שלאָג דאָ היינט בייַנאַכט פאָר אַז דער דאָזיקער שענדלעכער מסחר זאָל תיכף בטל ווערן. ר׳ איציק פירשט, קערט אום, זייט אַזוי פריינדלעך, די צען זלאָטעס צו — — —

עס האָט פון רוכטשעס האַלדז אַרויסגעצאָרנט אַן אומהיימלעך קול ווי פון אַ דיבוק אין אירע געדערים איבער די צעהיצטע און צעשראָקענע קעפּ פון די אָנוועזנדיקע יידן, רעדנדיק און שרייענדיק מיט עפּעס אַ מיסטיש און מיסטעריעז קול, און גלייכצייטיק באַנוצנדיק רייד אויף אַן אינטעליגענטישן שטייגער, לויט איר אַקאַדעמישער דערציאונג. אָבער די יידישע טאָכטער וואָס איז אַלט געווען ווי דער באַרג סיני מיט אַ שטיק הימלישער אייביקייט, האָט פון איר הילכיק אַרויסגערעדט...

דער דאַרער און שוין איצט אויסגעמוטשעטער סוחר פון צירונג האָט אַצינד נאָך שטאַרקער אויפגעציטערט. אַלע אין זאַל האָבן ציניש געשריגן, געחוזקט און זיך אויך אַמוזירט מיטן אומהיימלעכן ספּעקטאַקל, וואָס איז מכלומרשט געווען אומרעאַליסטיש און פאַנטאַסטיש. עס האָט אָנגענומען עפּעס אַזוינס ווי אַ סורעאַליסטישער סעאַנס. עס האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד מיט זיין מיסטישן אמת, מיט דער קראַפט און אומהיימלעכקייט פונעם הימלישן, פונקט ווי בשעת מיר לעבן איבער די דערשיינונגען פון אַ חלום וואָס איז אומפאַרגלייכלעך שטאַרקער ווי דער רויער רעאַליזם. אַלעמענס אויגן זיינען געווען אָנגעשטעלט און קאָנצענטרירט אויפן מכלומרשט אַטעאיסטישן איציק פירשט, וואָס האָט פאַר אַזאַ נישטיקער סומע, טאַקע פאַר אַ שיבוש, לייכטזיניקערהייט פאַרקויפט זיין חלק עולם הבא, זיין שטול אין גן־עדן איבער זיינע הונדערט מיט צוואַנציק יאָרן. ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין דאָקטאָר פאַאוסט, וואָס האָט פאַרקויפט זיין נשמה צום טייוול פאַר די פאַרגעניגנס פון לעבן, וואָס ער וועט אים באַדאַרפן צושטעלן. דער אַלטער מאַן פאַאוסט האָט אויסגעטוישט זיינע אָפּגעשוואַכטע פּאָטענצן און זיין גרויע עלטער פאַר דער זוניקער יוגענט צו וועלכער יעדער מענטש שטרעבט און בענקט אויף זיינע אַלטע טעג... אָבער פאַר וועלכע מישטיינסגעזאָגט אוצרות האָט איציק פירשט פאַרקויפט זיין הימלישע אייביקייט? אַלץ וואָס ער האָט איצט גערעדט, פלאָנטערנדיק מיט דער צונג, איז געווען מיט אַ ניגון פון געוויין, מיט אימה אין זיין קול, ווי איינער וואָס פילט אין זיינע ביינער דעם אָנקום פון

סוף. פון דעם דאָזיקן מכלומרשטן וויץ איז אויסגעוואַקסן עפּעס אַ סאָרט טראַגישער ערנסט. אומעטיקע האָבן די ליכט אין די זילבערנע און מאַסיווע לייכטער, דערמאָנענדיק די געסט און דער פאַמיליע גראָמפּ אין זייער אַמאָליקער רייכקייט און ראָסקאָשנעם פאַרנעם פון לעבן, געטריפט מיט הייסע טראָפּנס חלב. זיי האָבן אויסגעזויגן אין דער לאַנגער און שטורמדיקער נאַכט דאָס אייגענע חיות, איינזאַפּנדיק אין זיך די פינצטערניש און די אומהיימלעכקייט פונעם הימלישן אויף דער ערד. זיי האָבן אויסגעצערט פון זיך זייערע אייגענע פעטקייטן ווי עלטערע און שלאַבערישע מענטשן וואָס צאַנקען אין די קאַלטע פאַרנאַכטן פון זייערע לעבנס. שאָטנס האָבן געציטערט איבער די ברייטע און ווייס־געקאַלכטע ווענט, פאַרגרעסערטע און באַפליגלטע, פונקט ווי זיי וואָלטן געשריבן אין דער לופט גראָטעסקע אותיות מיט געהיימענישפולע שפּרוכן און שלעכטע נביאותן. אַלץ האָט איצט דערמאָנט אין אַ היסטאָריש־טעאַטראַלישער סצענע אויף אַ מאָטיוו פון תנ״ך. ערדישע ווירקלעכקייט און קאָסמישע פאַנטאַסטיק האָבן זיך דאָ ערגעץ־וואו אָנגעריהרט. דאָס מכלומרשט געוויינלעכע און אַלטעגלעכע צוזאַמען מיטן נערוועזן און אָפּשרעקנדיקן צום מין מענטש האָבן זיך איצט באַגעגנט אויף אַ זעלטענער ראַנדעוואו. דער טויט שרעקט אָפּ דעם מענטש פון זיין פריער יוגענט אָן, ווי נאָר ער ווערט געוואויער אַז אין דער אומבאַשטימטער צוקונפט וואַרט אויף אים דער סוף, דער פינאַל אינעם ממשותדיקן געשטאַלט פונעם מלאך המות. אָבער די אומבאַשטימטע אייביקייט אין הימל באַאומרואיקט אונדז אויך. מיר האָבן נישט ליב דעם הימל, וואָס אַן אמת. מיר פטרן אים אָפּ מיט אַ גיכער מחשבה און מיר גייען ווייטער אין לעבן. מיר מיידן אויס צו טראַכטן וועגן דעם הימלישן ווייל מיר ווייסן ווי אוממעכטיק מיר זיינען צו דערגרייכן זיינע געהיימענישן און אַריינצוגיין אין זיינע פּירכטערלעכע טויערן. דאָס הימלישע ברעכט זיך אַריין אין אונדזערע נשמות דורך חלומות און קאָשמאַרן אינמיטן נאַכט. מיר ווילן אייביק זיין די זעלביקע יידן וואָס מיר זיינען דאָ אויף דער ערד...

מיר כאַפּן זיך אויף אין שווערע אַנגסטן. מיר וואַשן גיך אָפּ אין דער פרי דעם שווייס פונעם פּחד. דאָס „נאָרמאַלע״ פונעם גרויען לעבן איז אונדז ליבער ווי דאָס מכלומרשטע גוטס פון „יענער וועלט״. די אמתע ווירקלעכקייט פון אַ „לעבן נאָכן טויט״ ווייזט אונדז דערוווייל דעם גרויל פון קברים. יאָ, איינער אַ סוחר פון פוילן האָט אינמיטן נאַכט פאַרקויפט צו עפּעס אַן אומבאַקאַנטן ייד, אפשר צום פאַרשטעלטן שטן אַליין, זיין חלק עולם הבא; זיינע אוצרות מיט מצוות; זיין גאַנץ אָנגעזאַמלט גאָלד און בריליאַנטן וואָס ער האָט געהאַלטן פאַרשלאָסן אין אַ הימלישער באַנק. פאַר צען נישטיקע זלאָטעס איז ער פרייוויליק פּטור געוואָרן פון זיין גייסט, זיין גלויבן, זיין צווייפל; פון זיין יידיש־היסטאָרישער ירושה פון דורות; פון די טראַדיציעס פון זיינע זיידעס און באָבעס; פון זיינע גאולה־וויזיעס און נאַציאָנאַלע האָפענונגען; פון זיין גאָלדענער קרוין

אויפן אייביק־יינגן קאָפּ ווען ער איז אַ מלך פּסח צום סדר; זיצנדיק און פּאַקטיש גאָרנישט טוענדיק אין גן־עדן, וואָס איז אַ מין געטלעכע מאָנאָטאָניע פון אייביקייט, ווייל זינדיקן קען מען דווקא מיטן שטערבלעכן גוף וואָס צעפאַלט נאָכן טויט, אָבער נישט מיט דער נשמה וואָס איז לויטער לופט און עטער, ממש געוועבט פון גאָרנישטיקייט. יאָ, איציק פּירשט איז מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין עפּעס אַ פּוסטן שאָטן וואָס ציטערט פון אימה אין אַן אייז־קאַלטן, פרעמדן און נישט־יידישן אוניווערס, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין שום זין און צוועק, און וואָס איז נישט מער ווי אַ שוואַרצע שטאָלערנע קאָנסטרוקציע, אין וועלכן די שטערן באַוועגן זיך ווי מעטאַלענע שפּינען און פלעדערמייז. די וואַמפּירישע באַשעפענישן זויגן אויס דאָס בלוט פון לעבן, פון גאָר די דורות. און עפּעס מוראדיקס גייט איצט געשען אין דער וועלט ווען איינער אַ ייד וואַגט אין אַ ציניש אן און פאַרשאָלטענעם מאָמענט זיך אויסצוטאָן פון זיין יידישקייט, פון זיין געטלעכקייט, פון זיין שליחות, פון זיין באַרעכטיקטן טייל אין הימל; פון דער געזעלשאַפט אָדער סביבה פון זיינע אָבות און מלאָכים; פון זיין אייגענער משפחה וואָס וואַרט אויף אים ממש אַן אומגעדולדיקע אין גן־עדן...

עפּעס איז אויף די מערסטע געסט פלוצלינג אָנגעפאַלן אַן אַנגסט. עס האָט ראַפּטאָם אַלעמען באַהערשט אַ פּחד און עס איז געקומען אַ געפיל פון טיפן אומרו און טונקעלער דערוואַרטונג, פון בפירושן פאָרויספילן דאָס אָנקומען פון עפּעס אַ שטורעם וואָס וועט חרוב מאַכן יידישע שטעט און לענדער; וואָס וועט מאַכן זינקען אין אַ פינצטערן תהום גענעראַציעס און לעבנס; מיט אַלטע און נייע קעניגרייכן, וואָס וועט פאַרוואַנדלען איינגעוואָרצלטע יידישע קהילות אין בערג מיט נאַקעטע, פון פייער און שוועבל אָפּגעגריזשעטע סקעלעטן און פאַרסמאַליעטע שאַרבנס און קנאָכנס; וואָס וועט אַרויסרייסן ווי אַ הוראַגאַן פון די שולן, בתי מדרשים, ישיבות און חדרים די מתפּללים, די ישיבה־בחורים, די קליינע יינגלעך און מיידלעך, צוזאַמען מיט די ספרי תורות, און וועט אויסשפּרייטן מיט אַ מוראדיקן אימפּעט זייערע הייליקע פאַרמעטן איבער די וועלדער און פעלדער, איבער די טייכן און שטראָמען אונטער חושכדיקע און אומהיימלעכע הימלען, און וועט שלאָגן די אותיות און זיי שענדן און פייניקן ביז בלוט, און ער וועט אויסלעשן די אָנגעצונדענע קאַנדעליאַברעס, די מנורות, די לייכטער און לאָמפּן אין די טעמפּלען, אין די פּאַלאַצן פון די גבירים; אין די הייזער און היימען פונעם גאַנצן פאָלק; אין די זומפּן און היילן פון די וואַנדערנדיקע בעטלערס, אָרעמעלייט און אביונים; און ער וועט די יאָרהונדערטער אַלטע מויערן און פעסטונגען חרוב מאַכן און צעשמעטערן ווי מיטן אימפּעט פון אַ שטורעמווינט. יאָ, די מערסטע אָנוועזנדיקע לייט האָבן געלאַכט און היסטעריש געהירזשעט ווי ווילד־געוואָרענע פערד אין די וועלדער און וויסטענישן, און זיי האָבן געחוזקט ביים רחבותדיקן און גרויסאַרטיקן משפּחה־טיש. דער שטן אַליין

איז פינצטער און פורכטבאַר באַפאַלן אונדזער פאָלק ווי אַ מוראדיקע אַרמײ פון אַן אומבאַקאַנטן ווייטן לאַנד. זיי זיינען געווען באַוואָפנט פון די קעפּ ביז צו די פיס זייערע אין אייזערנע פאַנצערס און אין קופּערנע שילדן. די נעגל פון זייערע פינגער זיינען געווען שאַרפע ווי באַגנעטן. זיי וועלן שטעכן, ווערגן, הענגען און אומברענגען דערוואַקסענע מאַנצלייט און פרויען, זקנים און קליינע קינדער...

עס האָט אָפּגעקלונגען הויל און היסטעריש אין דער נאַכט, און ביזן טונקעלן הימל הויך, אין וועלכן אַלע שטערן זיינען פּלוצלינג אויסגעלאָשן געוואָרן, אַ ציניש געלעכטער ווי נישט־גוטע און משוגענע אויסוואורפן, ווי שדים און שיכורים וואָלטן געוויינט, געקוויטשעט, געשריגן און געחוזקט פון דעם גורל פון אַ פאָלק און פון דעם חורבן פון אַ סך פעלקער און מדינות. און גלייכצייטיק האָט זיך געפילט אַן אָנשטרענגונג צו דערשטיקן טיף אין זייערע הערצער דעם פחד און גרויל, די אימה און די שרעקלעכע נבואה וואָס האָט מיט איר קראַפט און פינצטערן פאַרנעם אונטער די געשוואָלענע וואָלקנס, און ביי אַן אויסגעלאָשענעם הימל ווי די מלאָכים וואָלטן דאָרטן פּלוצלינג אויסגעשטאָרבן ווי די סאָלדאַטן פון סנחריבס אַרמײ וואָס זיינען געפאַלן ווי די פליגן אין איין און איינציקער נאַכט פון אַ טויטלעכער מגפה, און געמאַכט ציטערן אַלע לייבער און לעבנס צוזאַמען מיט זייערע קעניגן און עלטסטע...

דורך דער גאַנצער נאַכט האָט אויף זיין געלעגער אין חרטה און, פאַרשטייט זיך, און זיין גריזשנדיקן באַדויער, געצאַפּלט דער איינזאַמער סוחר פון חפצים וואָס האָט געהאַט פאַרקויפט דאָס נשמהדיקע צירונג זיינס, זיין אייגן גאָלד, זיין פּערזענלעכקייט און זיין יידישקייט. ער איז ווי געהאַט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שאָטן, אין אַן אומהיימלעכן ייד פון וואַלד וואָס קייט קרייטעכצער און גראָזן ווי נבוכדנאצר וואָס האָט אויסגעשאָכטן געדיכטע וועלדער מיט מענטשן און האָט אָנגעפילט די טייכן פון זיין לאַנד מיט די פוילנדיקע הרוגים פון די אומגעבראַכטע, און האָט פאַרוואַנדלט בליענדיקע בוימער אין תליות פאַר די העלדן. ער האָט דאָך היינט ביינאַכט פאַרשאַכערשט, פאַרהאַנדלט און פאַרשפּילט ביים טיש פון וויין און קאָרטן נישט נאָר דעם חלק עולם הבא וואָס האָט געהערט צו אים אַליין, נייערט אויך פון זיינע טאַטע־מאַמע, פון זיינע ברידער און שוועסטער אין הימל און אויף דער ערד; אַפילו פון די קליינע קינדער און פון דעם יידישן פאָלק אין דער פוילישער מדינה, וועמענס עקזיסטענץ האָט געדויערט גאַנצע טויזנט יאָר, און אויך פון די יידן אין אַנדערע לענדער אין אייראָפּע, וואו זיי זיינען געווען איינגעזעסן זינט אַ סך דורות, און זיי האָבן געהעמערט מיט זייערע לעבנס און מעשים דאָס קאָלעקטיווע נס פון דער לאַנגער יידישער געשיכטע...

איציק פירשט האָט זיך איצט, אַזאַ מגושמדיקער, ערדיקער און גאַנץ פּראָסטלעכער ייד, באמת דערשראָקן פאַר דאָס קאָסמישע. זיין אינסטינקט האָט אים דיקטירט דעם פחד פאַר גאָט, פאַרן הימלס געפערלעכע כוחות,

פאַר זיינע מעשים און זיין שטרענגן משפט. אין זיין פלוצלינגן שריט פון פאַרקויפן זיין חלק עולם הבא האָט ער נאַטירלעך גאַנץ אומבאַוואוסטזיניק און גאָרנישט טראַכטנדיק וועגן דעם גאַנצן „ענין", פאַרלייקנט דעם רבונו של עולם. אָבער דערנאָך איז אים באַפאַלן אַ פחד פאַרן הימלס גזר און נקמה. ער האָט דאָך געזען אין גאָט אַ „מענטש", אויף זיין פרימיטיוון שטייגער און פאַרשטעלונג, וועמען עס וועט סוף כל סוף פאַרדריסן זיין לייכטזיניקייט בנוגע דעם עיקר פון אַ יידנס לעבנס־באַנעם. „זע גאָט און שטאַרב!" — איז פאַראַן אַ זאָג אין תנך. פירשט האָט אין דער לוסטיקער געזעלשאַפט פון גוטע פריינט פשוט פאַרזען גאָט און, ער איז אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט אין ווינט און אין נאַכט...

איך בין אין יענער נאַכט אויך נישט געשלאָפן. פאַר מיינע אויגן זיינען פאַרבייגעגאַנגען ווי די אומענדלעכע כוואַליעס פון אַ צעשטורעמטן ים מאַסן יידישע נשמות פון אַלע דורות, פונקט ווי פאַר די אויגן פון אדמן איידער גאָט האָט אים אַראָפּגעשיקט אויף דער ערד כדי צו גרינדן די גאָרע מענטשהייט אויף מיליאָנען יאָרן פאָרויס. דאָס שרעקלעכע און פאַנטאַסטישע איז געוואָרן אַזוי נאָענט און רעאַל. אין דעם נאָך גאָר פריען וואַרשעווער באַגינען בין איך מיט רויטע אויגן אַראָפּגעגאַנגען פון מיין געלעגער. דורך דער שויב פונעם פענצטער האָב איך דערזען אַז דער מולד פון דער לבנה בלוטיקט אָפּ אין אַ קאַלוזשע מיט בלייכן בלוט. איך האָב זיך געפרואווט דערנענטערן צום איינזאַמען חדרל וואו עס האָט גענעכטיקט די לעצטע שעהן פון דער נאָך איבערגעבליבענער נאַכט דער אַפּיקורסישער סוחר פון ביזשוטעריע, וואָס ער האָט, ווי שוין געזאָגט, פאַרקויפט צו די פירשטנס און קעניגינס פון פאַרשידענע הייף. אָבער פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ געשריי פון דער פוילישער דינסט, פּאַננאַ ווידזשיניאַ: זי האָט געפונען ר' איציק פירשט ליגן אַ שווייגנדיקן אויף זיין געלעגער. אין זיין אָפענעם מויל איז געשטאַנען דער לעצטער קאַלטער אָטעם. זיין גוף איז געווען אינגאַנצן שוואַרץ ווי קויל וואָס איז פאַרברענט געוואָרן אין אַן אייזערנעם אויוון. עס האָט זיך פון אים ממש אָפּגעטאָן נישט בלויז דאָס לעבן אַליין, נייערט אויך די נשמה זיינע וואָס האָט פאַרלאָזט זיין זינדיקן גוף, ווי אויך זיין צלם אלוקים, דאָס סאַמע געטלעכע וואָס באַלויכט נאָך אפשר אַן אויסגעלאָשענעם מת, האָט זיך פון אים איצט געהאַט באַפרייט צוזאַמען מיט זיין אוראַלטער יידישקייט. דער מלאך המות האָט פון אים געהאַט צוגערויבט זיין יידישן פרצוף, זיין פייערדיקן גייסט. ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רויען און רויטן עשו. אויפן בעט איז בלויז געבליבן ליגן אַ זאַק מיט צעבראָכענעביינער וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ גרויען שטויב ווי מען זעט דאָס אין אויפגעגראָבענע פאַרצייטישע קברים, וואו בלויז דער מענטשלעכער קאָפּ ליגט נאָך אין זיין סקעלעטיש־גאַנצער פאָרם און פורעם, בשעת אַלע איבעריקע ביינער ליגן שוין צעשאָטענע און צעגריזשעטע פון ווערם און באַצילן עפּעס ווי אַ טונקעלער אָנזאָג, אַן אָנדייטונג אַז די זינד און די גהינומדיקע מעשים

צעבראָכט און צעגריזשעט די מענטשן און מאַכט חרוב זייערע נשמות; צעמאָלט און צערייבט; צעשטויבט און ווישט אָפּ ווי מיט ווינטן אין די וויסטענישן גאַנצע פעלקער; פאַרברענט און צעשמעטערט שטעט און מדינות ווי סדום ועמורה. זינד לעשט אויס אימפּעריעס און צעטראָגט ווי אַ צאָרנדיקער שטורעמווינט פאַרצייטישע קעניגרייכן וואָס זיינען אין זייערע צייטן געווען טרויעריק באַרימט מיט זייער פרעסעריי, טרינקעריי, שווינדלעריי, הורעריי, און געצנדינעריי; און וועמענס איינוואוינער האָבן אָנגעטאָן געגנוג צרות און אומגליקן צו די יסורימדיקע אַלמנות, צו די הילפלאָזע יתומים, צו די עלנטע אָרעמעלייט און צו די נאַקעטע אביונים וועמען מען האָט געשאָנקען נדבות מיט מטבעות אויף וועלכע די רייכע לייט האָבן געלאָזן אויסקריצן זייערע נעמען כדי זיי צוריק אָפּצונעמען ביי די אייגענע גוססדיקע בעטלערס ביים טויער פונעם בית עולם צו וועלכן זיי זיינען קוים געהאַט דערגאַנגען אין זייער הונגער און פאַרמוטשעטקייט...

אָבער דאָס פוילישע יידנטום איז ווייט נישט געווען זינדיק ווי די רשעים פון סדום. פאַרקערט: עס איז געווען באַלאָדן מיט מעשים טובים. זיי האָבן געטראָגן אויף זייערע רוקנס בערגער מיט מצוותס. דאָס פוילישע יידנטום איז געווען געטריי צו גאָט און צו מענטשן. טאָ פאַרוואָס האָט זיך אויסגעגאָסן גאָטס צאָרן ווי אַ קאָכעדיקע וואולקאַנישע לאַווע אויף די קעפּ פון די מאַסן יידן אין פוילן? פאַרוואָס איז אין פריען באַגינען אויפגעגאַנגען איבער די יידישע שטעט און שטעטלעך דעם מלאכס פייערדיקע און פאַרבלוטיקטע שווערד?...

די דאָזיקע שאלה איז געבליבן הענגען איבערן נאַכטישן פוילישן הימל ווי דאָס הילכיקע געשריי פון דעם נביא אין מדבר, שלאָגנדיק זיין קאָפּ און שאַרבן אין די פעלזן פון דעם געבערג אַרום גאָטס הייליקער שטאָט ירושלים, ווען די פלאַמען פון טיטוסעס פייער־שליידערערס האָבן העליש געשלאָגן פון די צעבראָכענע פענצטער פון אירע הייזער און פאַלאַצן, און ווען דאָס בית המקדש האָט געהעשעט ביזן הימל הויך מיט זיינע ווילדע פייערן. און אַזוי ביזן היינטיקן טאָג און נאַכט שטייען די שטערן אין הימל אויסגעשטעלט ווי רויטע וואונדן אָדער אויסגעגריזשעטע פראַגע־צייכנס מיט די ציין פון די טויטע מתפללים און וואויל־לערנערס אין די שולן, בתי־מדרשים און חסידים־שטיבלעך אין די פוילישע שטעטלעך, און זיי גיבן נישט קיין רו צום רבונו של עולם און זיי לעכערן די שטילקייט פון דער נאַכט מיטן אויסטערלישן געשריי און יאָמער אַריבער אַלע יידישע דורות אין דער מענטשלעכער געשיכטע: פאַרוואָס?!...

## „אומזיסט זוכסטו דיין פאַרברענטע כלה!"

טייערער פריינד, איך וויל דיר באַשרייבן אַן איבערלעבעניש, אַ ראָמאַנטישע באַגעגעניש אין בריסל וועלכע איז אומגלויבלעך און וואָס

האָט אין מיר אויפגערודערט די נשמה. איך בין פשוט צעטרייסלט פון אַ פאַסירונג אין מיין לעבן וואָס ווייזט וואָס עס קען אַלץ פּאַרקומען מיט אַ מענטש. נאָר אַז מען בלייבט לעבן, אַזוי ווי איך, נאָך אַלע מיינע וואַנדערונגען, גייסטיקע בלאָנדזשענישן, מאָדנע גלגולים און כלערליי יסורים, דערלעבט מען זיך פּאָרט צו אַביסל נחת, צו אַ טראָפּן פאַרגעניגן. יאָ, אַ גרויס גליק האָט מיט מיר לעצטנס געטראָפן וועלכעס האָט מיר געמאַכט צו פאַרגעסן גאַנצע אַכצן יאָר, איבערגעלעבטע אין אומגליקן און מאַטערנישן, אין הונגער און פּייניקונגען, ווען דער געשלאָגענער און פּיל־געפּרואווטער מענטש דערזעט אינעם אַנדערן מין מענטש, אין זיין פּייניקער, אַ ווילדע און משוגענע חיה וואָס טרינקט זיין בלוט און אויך דאָס בלוט פון אַלע יענע וואָס האָבן געהאַט דעם אומגליק אַריינצופאַלן אין די פינצטערע באַסטיליעס פון די אינקוויזיטאָרן, אין וועמענס ממש אוראַלטע קאַמערן און קעלערן די געפאַנגענע מענטשן פוילן און ווערן צעפאַלן אויף שטיקער, און זיי ווערן שפּייז פאַר די ווערם...

אין דיין ערשטן בריוו וואָס דו האָסט צו מיר פאַראַיאָרן געשריבן, נאָכדעם ווי איך בין ממש מיט די לעצטע כוחות מיינע צוריקגעקומען קיין בעלגיע, וואוהין איך בין אַ מאָל געקומען מיט מיינע עלטערן פון דער רוסישער האַפּנשטאָט אַדעס, ווען איך בין קוים אַלט געווען אַרום זיבן יאָר, האָסטו דערמאָנט אַ רייע פערסאָנאַזשן פון יענע יאָרן ווען מיר זיינען געווען אין אַנטווערפּן און מיר האָבן נאַאיווערהייט געגלויבט אַז די גאולה וועט קומען פון דער הייליקער מאָסקווע און אַז די אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז געווען דער ערשטער אַקט אין דער גראַנדיעזער דראַמע פון פעלקער־באַפרייאונג און באַזונדערס די גאולה פאַר יידן. איך האָב באַוואונדערט דיין גוטן זכרון. צווישן אַנדערע פריינד אונדזערע האָסטו זיך נאָכגעפרעגט: וואָס הערט זיך מיט דיין שיינער און צויבערהאַפטער געליבטע דאָראַ פון בריסל? צי איז זי געבליבן לעבן נאָך די אַלע געשעענישן מיט די יידן אין בעלגיע וועלכע מען האָט מאַסנווייז געכאַפּט אויף די גאַסן און פון זייערע פיינאַיינגעאָרדנטע היימען; פון די געשעפטן און ווערקשטאַטן וואו זיי האָבן געאַרבעט און מען האָט זיי אָפּגעשיקט קיין מעכעלין, און פון דאָרטן האָט מען זיי אין עטלעכע וואָכן שפּעטער, בשעת דער נאַצישער אָקופּאַציע, עקספּאָרטירט קיין אוישוויץ צו דער שחיטה...

מיטן נאָמען דאָראַ האָסטו געמיינט דאָס יידישע מיידל מיט וועלכע איך האָב זיך יאָרנלאַנג געקענט און מיר האָבן זיך, ווי דו ווייסט, ביידע שטאַרק ליב געהאַט. מיר האָבן זיך געקענט שוין פון קליינערהייט אָן מחמת אונדזערע עלטערן האָבן געוואוינט אין שכנותדיקע הייזער און איך האָב זיך מיט איר געשפּילט אויף איין הויף זינט אַ צאָל יאָרן. אָבער צוליב די אומשטענדן וועלכע זיינען דיר אַביסל באַקאַנט, האָב איך איר אויפגעגעבן אַלס מיין קינפטיקע פרוי, אָדער פּשוט מקריב געווען אַ וואונדערלעכע געליבטע, מחמת מיין דעמאָלטיקע איבערצייגונג, וויסנדיק פון די פאַרשידענע געפאַרן און פאַרפאָלגונגען וועלכע שטייען מיר פאַר

אַלס קעמפּער פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט, און גלויבנדיק דעמאָלט מיט אַזאַ פאַנאַטישן ערנסט אַז איך, אַלבערט שאַריטאָן, מוז זיין איינער פון דער גרויסער אַרמיי יינגע מענטשן וואָס מוזן אויסקעמפן די פרייהייט און דעם סאָציאַליזם פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, איינגעשלאָסן אויך, פאַרשטייט זיך, פאַרן תמיד געפייניקטן יידישן פאָלק. האָב איך דעריבער נישט געוואָלט אַז מיין געליבטע פריינדין מיט וועמען איך בין געווען באַפריינדעט, ווי שוין געזאָגט, פון מיינע יוגנט־יאָרן אָן, זאָל צוזאַמען מיט מיר טיילן מיינע ליידן. מיין האַרץ האָט מיר פאָרויסגעזאָגט אַז אין סאָוועט־רוסלאַנד, וואוהין די פאַרטיי אין בעלגיע האָט מיך באַשטימט צו פאָרן צוליב מיין אויסווייז פון דער פאָליציי, וועל איך באַדאַרפן אַדורכגיין שוועריקייטן און אַוואַנטורעס, ווייל אין מיין כאַראַקטער בין איך געווען אַ טיפּישער מערב־אייראָפּעאישער מענטש, אַ דענדי, אַן עסטעט און אַן עלעגאַנט וואָס איז געווען צוגעוואוינט צום ראַפינירטן אופן פון לעבן. איך בין אויך מיט דער צייט געוואָרן אין בעלגיע אַ באַקאַנטער און פּראָפעסיאָנעלער טענצער וואָס איז אויפגעטראָטן מיט באַלעט־טרופּעס איבערן לאַנד. מיינע עלטערן זיינען געווען רייכע לעדער־סוחרים. אָבער צו בלייבן וואוינען מיט דאָראַן אין בעלגיע אַלס אַן אומלעגאַלער אויסלענדער, טראָצדעם וואָס בעלגיע איז מיר געווען נאָענטער ווי דאָס באָלשעוויסטישע רוסלאַנד, איז געווען אַן אוממעגלעכע זאַך. איך האָב דעריבער באַשלאָסן זיך צו געזעגענען מיט דאָראַן אויף אייביק און צו פאָרן קיין כאַרקאָוו אויף אַ סאָוועטישער שיף וואָס האָט געהייסן „קראַסין" און וואָס איז אין אַ קורצער צייט אַרום אָפּגעשוואומען פון לע האַוורע, אין פראַנקרייך. דאָס געזעגענען זיך מיט מיין הייס־געליבטער דאָראַ איז געווען די טרויעריקסטע סצענע אין מיין לעבן. ווען דער צוג אין אַנטווערפּענער באַנהויף אויף דער קייזערליי, וואָס האָט מיך געדאַרפט פירן קיין פּאַריז, כדי אָפּצופאָרן פון דאָרט צום פּאָרט קיין לע האַוורע, האָט גענומען גיין און באַלד צו לויפן האַסטיק און האַסטיקער, איז דאָראַ אַ וויינענדיקע וויאָרסטנווייט נאָכגעלאָפן נאָך דעם וואַגאָן איבער די קאַלטע שינעס, וואו איך בין געשטאַנען ביים פענצטערל און געפאָכעט צו איר מיטן ווייסן זיידענעם טיכעלע וואָס זי האָט צו מיר געבראַכט אויפן וואָקזאַל צוזאַמען מיט אַנדערע מתנות און שפּייזן ווי וואורשטן, קאָנסערווירטע פלייש און סערדינקעס־שאַכטלעך פון סקאַנדינאַוויע; ווי אויך שאָקאָלאַדע, קיכלעך און עטלעכע פלעשלעך מיט עכט־פראַנצויזישן קאָניאַק און אַנדערע געטראַנקען. מיין האַרץ איז אין מיר שיער אָפּגעשטאָרבן פון טרויער און באַדויער, זעענדיק ווי דאָס אָרעמע און אומגליקלעכע מיידל לויפט מיר נאָך צוזאַמען מיטן צוג וואָס גאַלאָפּירט איבער די אָפענע און רחבותדיקע פעלדער און וועלדער הינטער אַנטווערפּן, וואו די שטאָט מיט אירע הייזער און קאָמעניצעס, מיט אירע קאַזאַרמעס און פאַבריקן, האָט אָנגעהויבן פאַרשוואונדן צו ווערן, און דער האָריזאָנט אין פאָרויס האָט זיך ברייט געעפנט. ווען איך וואָלט דעמאָלט

געהאַט די מעגלעכקייט, וואָלט איך אויפגעפראַלט די טיר פונעם וואַגאָן און אַרומגעכאַפּט מיט דער גאַנצער קראַפט פון מיין ליבשאַפט די פאַרצווייפלטע דאָראַ און וואָלט זי מער אין מיין לעבן נישט אַרויסגעלאָזט פון מיינע אָרעמס. איך בין אין מיינע אייגענע אויגן געווען אַן אַכזר, פאַרלאָזנדיק אַזאַ געטרייע פריינדין...

אָבער איר געלויף נאָך מיר און נאָך דעם וואַגאָן האָט זיך דאָך געמוזט ענדיקן... דאָראַ איז סוף־כל־סוף פאַרשוואונדן געוואָרן פון מיינע אויגן צוזאַמען מיט דער גאַנצער מאַסע מענטשן וואָס האָבן נאָך אַלץ פונדערווייטנס געפלאַטערט מיט זייערע ווייסע נאָז־טיכלעך צו זייערע אָפּפאָרנדיקע פריינד און קרובים, און וואָס זיינען פאַרשטייט זיך אַוועק פון דער באַן נאָך זייענדיק אינעם באַנהויף. ווען דאָראַ איז מסתמא ערגעץ אויפן פוסטן פעלד געבליבן ליגן אַזאַ פאַרשמאַכטע און פאַרחלשטע אָן אָטעם, האָב איך אָבער נאָך לאַנג, לאַנג געפילט איבער מיין קאָפּ און מיין גייסט פלאַטערן איר ריינע נשמה וואָס האָט געבריט מיט איר גרויסער ליבשאַפט צו מיר...

ביים פענצטערל פון וואַגאָן בין איך געבליבן שטיין אַ פאַרשטאַרטער, מיט אויסגעגלאָצטע גלעזערנע אויגן פאַרטיפטע אין דער ווייטקייט, זוכנדיק צו כאַפּן כאָטש אַ קליינטשיק פינטעלע פון דער פאַרשוואונדענער דאָראַ. די פעלדער און וועלדער פון דער שיינער און אידילישער לאַנדשאַפט אין פלאַנדערן וועמענס גרויסע מאָלער רובענס, וואַן דייק און ברויגל האָבן אַזוי גליענדיקערהייט געמאָלן, האָבן גענומען פאַרביילויפן פאַר מיינע מיט טרערן פאַרטריפטע אויגן און אין מיינע טריבע מחשבות. עס זיינען אויפגעגאַנגען און תיכף צוריק פאַרשוואונדן געוואָרן די קינדערישע יאָרן, פאַרבראַכטע צוזאַמען מיטן קליינטשיקן יידישן מיידל דבורהלע אין בעלגיע, אין האָלאַנד, אין פראַנקרייך; די אויספלוגן צוזאַמען מיט יוגנט־גרופּעס אין די פּרעכטיקע אַרדענען־בערג און פירענייאישע לאַנדשאַפטן ביי דער שפּאַנישער גרענעץ, ווי אויך אין די אַלפּן אין דער שווייץ... מיין גאַנץ לעבן איז פאַר מיינע טרערנפאַרטריפטע אויגן פאַרבייגעלאָפן ווי די בילדער פון אַ קלאַסישן און אַלטן קינאָ־פילם. און אַזוי פיל געמיינזאַמע און האַרציקע פריינד מיט וועלכע מיר זיינען אָפט צוזאַמען געפאָרן אויף נסיעות אין פאַרשידענע לענדער, ווי אויך קיין שפּאַניע, מאַראָקאָ, מצרים און ארץ ישראל וואו מיר זיינען געקומען און געגאַנגען אין די היסטאָרישע שפּורן פון אונדזערע אַלטע יידישע דורות; וואו מיר האָבן באַזוכט די בתי מדרשים, די סינאַגאָגעס, די פּאַרצייטישע שוהלן און ישיבה־געביידעס; די פּאַלאַצן, די היימען פון דעם רמב״ם, פון ר׳ שלמה בן גבירול, פון ר׳ אַברהם איבן־עזרא און ר׳ משה איבן עזרא וואָס איז געווען זיין גאַנץ לעבן טרויעריק פאַרליבט אין זיין רייצנדיקע פּלימעניצע רחל, מיט וועמען זיין עלטערער ברודער, דער גביר, האָט חתונה געהאַט, און ר׳ משה האָט

געוואַנדערט איבער די כישופדיקע לאַנדשאַפטן און געשריבן לידער צו איר מיט די טרערנטראָפּנס פון זיינע אויגן, נאָס מאַכנדיק די ערד...

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט מיך געשיקט קיין כאַרקאָוו, ווי שוין געזאָגט, כדי צו דינען אַלס „דאָלמעטשער" (איבערזעצער) אינעם האָטעל „אינטוריסט", וואו אַ סך טוריסטן און אויסלענדישע באַזוכערס האָבן זיך אָפּגעשטעלט. איך האָב פריי באַהערשט גאַנצע צען אייראָפּעאישע שפּראַכן, אויסער אונדזער אייגענעם וואַרעמען יידיש. איך האָב דאָרט געזען ווי כרושטשאָוו טרינקט גרויסע גלעזער מיט ניינציקער ספּירט אַזוי ווי וואַסער. איך האָב געזען, ווי אַזוי עס טרינקען, שיכורן, פרעסן, זויפן און עס לעבן אַ גוטן טאָג, און נאָך אַ בעסערער נאַכט, די קרעציקע פירער פון דער געפּעאו. איך האָב אויך געזען אייננמאָל אינמיטן ווינטער אָנקומען די הונגעריקע, פאַרפייניקטע און קראַנקע העלדן, די אויסלענדישע קאָמוניסטן, וואָס האָבן געקעמפט אין די לאָיאַליסטישע אַרמייען בשעת דעם שפּאַנישן בירגער־קריג. די סטאַליניסטישע הענקערס, די טשעקיסטן האָבן זיי אַלע תיכף אַוועקגעשיקט מיט זייערע פרויען און קינדער, וועלכע זיינען געווען שרעקלעך שלעכט באַקליידט און כמעט נאַקעטע, אין דעם אייזיקן גהינום פון סיביר. אויסגעהונגערטע זינט לאַנגע יאָרן און מוראדיק פאַרמוטשעטע צוליב זייער שוואַכער דערנערונג, זיינען זיי אין אַ קורצער צייט אַרום אויסגעשטאָרבן פון טיפוס, אינפלוענזיאַ, לונגגנאַנצינדונג, דיזענטעריע און שווינדזוכט, ווי אויך פון פאַרשידענע אַנדערע עפּידעמיעס. די שלעכט־דערנערטע און ממש נאַקעטע העלדנקעמפּערס זיינען געפאַלן ווי די פליגן אין די ווייט־מזרחדיקע פרעסט און שנייען. קיין שום מענטשלעכע נשמה האָט זיי נישט געטאָרט און נישט געוואַגט צו העלפן. יענע וואָס האָבן נישט געקענט ווידערשטעלן זיך זייער רחמנות, און זיי האָבן געפּרואווט צו העלפן די פאַרמשפּטע מאַרטירער מיט שפּייזן און קליידונג, זיי אויך אַריינגעמענדיק אין זייערע וואַרעמע כאַלופּעס (הייזלעך), כדי זיך אַביסל אָנצוואַרעמען ביי די אייזערנע אויוונס מיט לאַנגע רערן אין דער הויך, האָט מען מאַסנווייז אומגעבראַכט אַלס „שונאים פונעם פאָלק" (וואַראַגאַ נאַראָדאַ), פונקט ווי די געשטאַפּאָ פלעגט אומברענגען יענע געציילטע גוים וואָס האָבן געפּרואווט צו העלפן די יידן...

אַ קליינער עפּיזאָד וועט נישט זיין איבעריק צו באַשרייבן: אין אַנטווערפּן איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געווען באַגרענעצט צו איין און איינציקע גרופּע פון עטלעכע צענדליק מענטשן, מערסטנס „דאָק־אַרבעטער" (פּראָלעטאַריער וואָס אַרבעטן אויף די שיפן ביים שעלדע־קאַנאַל). אין דער דאָזיקער גרופּע האָבן מיר, די יידישע קאָמוניסטן, געלעבט אין די בעסטע פריינדשאַפט־באַציאונגען מיט אַ וואַלאָנישן קאָמוניסט, מאָריס, וואָס איז געווען אַ העכסט־סימפּאַטישער מענטש און אַ יידנפריינד, אַן אידעאַליסט. זייענדיק אַ וואַלאָנער, האָט ער מערסטנס גערעדט אויף דער פראַנצויזישער שפּראַך. און אַ צייט שפּעטער

האָט ער עמיגרירט קיין סאָוועט־רוסלאַנד. די וואָס זיינען געווען אַזוי נאַאיוו ווי איך צו פאָרן צום „קאָמוניסטישן גן־עדן" און צו וואַרטן אויפן אויסבראָך פון דער וועלט־רעוואָלוציע (לויט טראָצקיס טעאָריע פון דער „פּערמאַנענטער רעוואָלוציע"), זיינען קיינמאָל מער נישט צוריקגעקומען קיין צענטראַל־אייראָפּע. די בלוטדורשטיקע געציין פון דער „וועלט־רעוואָלוציע" האָט זיך אין זיי אַלע פאַרליבט ביזן טויט אַריין. דער אַכזריותדיקער דיקטאַטאָר סטאַלין האָט די אַלע העלדן און טרוימערס פון וועלט — און פעלקער־פרייהייט אויפגעגעסן און אויפגעגריזשעט מיט זייערע ביינער, און דער קופּערנע מאָגן פון דעם סטאַלין־מולך האָט זיי פאַרצערט און פאַרדייט אָן צו לאָזן פון זיי דעם מינדעסטן שפּור...

איז אָנקומענדיק בשעת יענע ערשטע יאָרן פון מיין אויסוואַנדערונג קיין סאָוועט־רוסלאַנד, האָב איך איינמאָל אויף אַ גאַס אין כאַרקאָוו באַגעגנט מיין יוגנט־פריינד מאָריס, דעם וואַלאַנישן קאָמוניסט. איך בין געווען איבערראַשט: ער איז אין בעלגיע געווען אַן עוג מלך הבשן פון אַ מאַנצביל. אָבער איצט האָב איך דערזען אַ מאַן וואָס איז געווען אויסגעדאַכט ווי אַ סקעלעט וואָס האָט שוין געהאַט פאַרזוכט די ביטערע פינצטערניש פון אַ ווערמדיקן קבר. מען האָט געקענט דורך די שמאַטעס וואָס ער האָט געטראָגן ווי אַן אַלטער בעטלער איבערציילן די ביינער אין זיין ברוסט־קאַסטן. די ריפּן זיינע האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט ווי באַגנעטן פון זיין קרעציקן און ליימיקן לייב. דערזעענדיק מיך, האָט ער מיך גלייך דערקענט. אָבער איך אים — נישט. ער האָט נאָך קוים געהאַט כוח אין זיין ברוסט־קאַסטן אויסצושרייען:

— אַלבערט, אין אונדזער אַנטווערפּן זיינען דאָך פאַראַן אַזוי פיל גאַלאַנטערי־געשעפטן. פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געבראַכט אַ מתנה כאָטש צוויי צי דריי לייוונטענע העמדער כדי איך זאָל דאָך אויסזען ווי אַ מענטש?!

איך האָב זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין און, פאַרשטייט זיך, פאַר אים אויך. אָבער ווי אַזוי האָבן איך געקענט וויסן אַז מאָריס געפינט זיך גאָר אין אַזאַ ביטערער „פּאָלאָזשעניע" (לאַגע)?

ווי פריער געזאָגט: די נאַאיווע קאָמוניסטן וואָס האָבן פאַרלאָזן צענטראַל־אייראָפּע און האָבן געהאָפט צו דינען געטריי דעם סאָוועטישן גן־עדן, זיינען מערסטנס אומגעקומען אין סאָלזשעניצינס גולאַג־לאַגערן, אין די פאַבריקן פון אומקום, אין די וועלדער פון הונגער, טיפוס און טויט. אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך איינגעפּאַקט מיינע צוויי אייגענע העמדער וואָס איך האָב געהאַט איינגעקויפט אין פּאַריז און איך האָב זיי אַוועקגעטראָגן צו מאָריסן אין זיין אָרעמען בעטלער־הייזל וואו ער האָט געפוילט צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע אויסלענדישע קרבנות אַזוי ווי ער אַליין. ווען איך בין אָנגעקומען צום דאָזיקן בעטלער־האָטעל, האָבן צוויי קברנים פונקט אַרויסגעטראָגן אין אַ ברעזענטענעם זאַק אַ קרבן פון טיפוס: דאָס איז געווען מאָריס וואָס איז אַנטווערפּן, ווי שוין געזאָגט, האָט

ער געבליט און איז אויסגעוואַקסן הויך ווי אַ בוים ביי אַ קלאָרן טייך וועמענס גליקלעכע צווייגן טאַנצן אין דער פרישער לופט הויך צו די שטערן... איצט האָב איך געזען ווי זיין טויטע נאָז שטאַרט שפּיציק אָפּ פונעם זאַק אַרויס ווי אַ פען... (דעם אויסדרוק האָב איך געגנבעט פון שעקספּירן...)

מיך אַליין און נאָך טויזנטער אַנטי־נאַצי־קעמפער האָט מען פאַרשיקט אין אַ פעסטונג־תפיסה וואָס איז אַמאָל געבויט געוואָרן אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע פאַר דער צאַרישער אַרמיי אַלס קאַזאַרמע בשעת דער הערשאַפט פון דער אימפּעראַטאָרשע יעקאַטערינאַ די גרויסע. מיר, די אַרעסטירטע און אומשולדיקע פאַרשיקטע, זיינען שוין איצט געווען אויסגעדאַרטע גופים מיט נאַקעטע ביינער. אָבער די ווערם און די לייז וואָס האָבן טאָג און נאַכט געגעסן די לעצטע פּיצלעך פלייש אויף אונדזערע סקעלעטן, זיינען געווען אומגעוויינלעך הונגעריק און זיי האָבן געפירט קעגן אונדז, די געפאַנגענע פון סטאַלינען וואָס זיינען געווען שוואַך ווי די פליגן, אַן אייביקע מלחמה. יעדן טאָג האָט מען פון די תפיסה־קאַמערן אַרויסגעטראָגן הונדערטער מתים וואָס זיינען דורך די נעכט אויסגעגאַנגען. מען האָט זיי אויסגעלייגט אויפן הויף אין גאַנצע בערגער. מען האָט זיי באַגאָסן מיט קעראָסין און אונטערגעצונדן. די פייערן האָבן געקנאַקט און צעשפּריצט די לעצטע טראָפּנס פעטס פון די קנאָכנס וואָס האָבן געשיינט צו בייזערן זיך, צו שרייען און צו שעלטן זייערע אונטערצינדערס. אינמיטן נאַכט זיינען אָנגעפלויגן מחנות טינט־שוואַרצע וורואָנעס און זיי האָבן געשלונגען דאָס הייסע אַש און צעבראָכן מיט זייערע קורצע שנאָבלען די לעצטע שטיקלעך קנאָכנס פון די אומגעבראַכטע מענטשן, צווישן וועלכע עס זיינען געווען מאַסן אַנטי־פאַשיסטישע העלדן וואָס האָבן געהאַט איבערגעלאָזט זייערע געטרייע פרויען און קינדער כדי שקלאַפיש צו דינען צו דער סאָוועטישער דיקטאַטור...

אין כאַרקאָוו, ווייסנדיק אַז איך בין שוין אויף אייביק אָפּגעריסן פון אייראָפּע און פון מיין געליבטער דאָראַ וועלכע איך וועל שוין קיינמאָל מער נישט זען קיין לעבעדיקע נאָך דעם אַריינמאַרש פון די היטלעריסטישע אַרמייען קיין בעלגיע און פראַנקרייך, האָב איך חתונה געהאַט מיט אַ יידיש מיידל פון אַדעס, אין דער שטאָט ביים שוואַרצן ים וואו איך בין געבוירן געוואָרן. אָבער בשעת דער נאַצישער אינוואַזיע אויף רוסלאַנד איז זי אויסגעגאַנגען פון הונגער און אויסצערונג. אַזוי אויך זיינען געשטאָרבן פון הונגער און אינפלוענציע אונדזערע ביידע קינדער. אַפילו אונדזער געטרייער הונט ניקאָלאַי וועלכער איז צוזאַמען מיט אונדז געווען אַ צאָל יאָרן אין כאַרקאָוו, איז אין אַ געוויסן טאָג געפאַלן אויף דער אייזיק־פאַרקאָוועטער גאַס פון קעלט און הונגער. אַ מחנה משוגעים און וואַגאַבאָנדן האָבן פון אים געשניטן פענעצן פלייש בשעת ער האָט נאָך געגוססט. אָבער דער קאַלטער ווינט האָט גיך פאַרפרוירן די לעצטע

פענעצן איבערגעבליבענע טיילן פון זיין גוף און געביין. ער איז געלעגן שטיקערווייז אין דעם עקשנותדיקן אייז וואָס האָט זיך נישט געוואָלט צעשמעלצן, און האָט אַזוי שטייפערהייט ווי אייזן „אַריינגעלעבט״ ביזן אָנפאַנג פון פרילינג, ווען די זון האָט אים ענדלעך אָנגעגריפן און ער האָט איצט גענומען גיך צו פוילן. אַצינד האָבן די הונגעריקע ראָבן און אָדלערס פון ים פאַרצערט זיינע לעצטע שטיקער פלייש...

ווען די מלחמה האָט זיך געהאַט געענדיקט און ווען די רויט־אַרמייער וואָס זיינען ניצול געוואָרן פון די שלאַכטן מיט די נאַצישע חיות, האָבן זיך איינציקווייז אומגעקערט צו זייערע שטעט און דערפער וואו זיי זיינען געהאַט געבוירן געוואָרן און פאַרבראַכט זייערע יינגע יאָרן, שוין האַלבע אין געוויכט; ביי אַ סך פון זיי האָבן געפעלט שטיקלעך הענט און גאַנצע פיס; מיט פאַרבאַנדאַזשירטע קעפּ און אָפּגעהאַקטע נעז און אויערן, און מיט צעבראָכענע און פאַרגאַזטע לונגען, בין איך ענדלעך באַפרייט געוואָרן פון די סאָוועטישע לאַגערן און תפיסהס, וואו איך האָב אָפּגעשמאַכט גאַנצע אַכצן יאָר, ווערנדיק באַשולדיקט דורך די סאַדיסטישע געפּעאו־אויספאָרשערס אין זיין אַ טראָצקיסט, אַ פאַררעטער פון דער רעוואָלוציע, אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, אַ שונא פון רוסישן פאָלק, אַ פוילישער שפּיאָן, אַ יידישער שפּעקולאַנט און אַן אַגענט פון דער געשטאַפּאָ. עס איז מיר איצט געוועזן שווער צו גיין. אַפילו דעם הילצערנעם שטעקן וואָס האָט מיר געדאַרפט העלפן זיך צו באַוועגן איבער די מאָסקווער און כאַרקאָווער גאַסן, וואוהין איך בין קוים מיט צרות צוריקגעקומען און האָב נישט דערקענט די גאַסן, די הייזער, די מענטשן און די הינט (די לעצטע האָט מען אגב געהאַט אָפּגעקאָכט, געפּרעגלט און אויפגעגעסן), האָב איך נישט געהאַט קיין כוח צו טראָגן. אָבער מעכטיק און אומגעהויער־גרויס זיינען די געפילן פון ליבע. די הייסע געפילן צו דאָראַ זיינען געבליבן גליען ווי לעבעדיקע פייערן טיף אין מיין האַרצן. אין פאַרלויף פון מיין געצוואונגענער עמיגראַציע פון בעלגיע; זיצנדיק פאַרשפּאַרט אַלס „טראָצקיסט און פאַשיסט״ אין אַ צאָל סטאַליניסטישע טורמעס און לאַגערן וואָס זיינען געוועזן טויטנהייזער פאַר אומצאָליקע געפאַנגענע, און שוין אויך האָבנדיק געוועזן דער מאַן פון אַ געטרייער פרוי און פאָטער פון צוויי גערעכטענע קינדער, איז נאָך אַלץ קיין שום ענדערונג אין מיינע הייסע געפילן פון ליבע צו דאָראַן נישט איינגעטרעטן...

נאָך מיין פאַרלאָזן בריסל אין יאָר 1933 אויפן וועג קיין סאָוועט־רוסלאַנד, האָט דאָראַ, פאַרשטייט זיך, שטאַרק געליטן. אָבער זי האָט געענוי פאַרשטאַנען אַז צו אונדזער ראָמאַנס איז געקומען אַ סוף. זי איז שוין איצט מער נישט געוועזן קיין יינגע פרוי. שוין זינט עטלעכע יאָר האָט איינער אַ מאַן וואָס האָט פאַרמאָגט אינטעליגענץ און וואָס איז אויך געוועזן פאַרמעגלעך, איר אָנגעבאָטן חתונה צו האָבן מיט אים. זי האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געהאַט פאַר אים קיין שום סענטימענטן. אָבער דאָך האָט זיך

צווישן זיי אַנטוויקלט אַ פּלאַטאָנישע פריינדשאַפט. ווען עטלעכע יאָר זינט מיין פאַרלאָזן בעלגיע זיינען אַדורך, האָט זי ענדלעך איינגעשטימט אָנצונעמען זיין האַנט. האַלטנדיק מיך פאַר פאַרלוירן אויף אייביק, האָט זי זיך פאַרבונדן מיט אים. ער איז געווען דער אייגנטימער פון אַ געשעפט וואָס האָט פאַר דער מלחמה געהאַנדלט מיט אַנטיקוואַריש מעבל. זיין ערשטע פרוי איז געהאַט געשטאָרבן פון קאַנסער נאָך מיט יאָרן צוריק. קיין קינדער זיינען נישט פאַרבליבן. זיין ליבשאַפט און געטריישאַפט צו דאָראַן האָט אויף איר געמאַכט אַן איינדרוק, ווי מען קען זיך פאָרשטעלן. אָבער אין דער צייט ווען די נאַציס האָבן אַקופּירט בעלגיע, איז דאָראַס מאַן געכאַפּט געוואָרן אויף פּלאַס דע ברוקער, אַ צענטראַלע גאַס אין בריסל, דורך דער געשטאַפּאָ. זיי האָבן אים געהאַלטן, ווי אַ סך אַנדערע יידן, עטלעכע טעג אין מאַלין און דערנאָך איז ער מיט אַ צוג וועמענס וואַגאָנען זיינען אָנגעשטאָפּט געווען מיט אומגליקלעכע יידן, דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ...

אויך דאָראַ האָט געשמאַכט עטלעכע יאָר צייט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אין פּוילן. ווען זי איז ענדלעך צוריקגעקומען קיין בעלגיע, איז זי שוין געווען אַ פיזיש־רואינירטע פרוי. און איצט האָט זי ווידער גענומען טראַכטן וועגן איר ערשטן און איינציקן געליבטן: וועגן מיר, פאַרשטייט זיך...

און איך? איך האָב מיין האָפענונג נאָך צו זען אַמאָל מיין יוגנט־געליבטע נישט פאַרלוירן. האָפענונג, ליבשאַפט, בענקשאַפט און גלויבן זיינען שטאַרקער אַפילו פון די מעכטיקסטע כוחות און עלעמענטן אין דער נאַטור. דער מענטשלעכער גייסט איז דער העכסטער כוח וואָס מאַכט הייליק און העראָאיש דעם מין מענטש...

טייערער פריינד, אין די סאַמע געפערלעכסטע מאָמענטן פון מיין לעבן; אין דער צייט פון די מוראדיקסטע ליידן, ווען די מענטשנחיות פון די סאָוועטישע גולאַגס האָבן מיר אָנגעטאָן פיזישע און מאָראַלישע יסורים; ווען מען האָט מיך רק געזוכט צו אַנטמענטשלעכן, מיך צו פאַרוואַנדלען אין אַ וויסטער און משוגענער חיה וואָס פאַרלירט אינגאַנצן איר חרפּה, איר געוויסן, איר האָפענונג; איר חוש און באַגער נאָך משפּחה, נאָך פריינד, נאָך שיינקייט און גוטסקייט אין לעבן, און בשעת איך האָב געשמאַכט יאָרנלאַנג אין די שרעקלעכע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אין די טיפענישן פון וועלדער וואו מען זעט כסדר, טאָג און נאַכט, דורך לאַנגע יאָרן, פייניקן, פאַרהונגערן, פאַרלייזיקן, פאַרברודיקן און אויסגיין אין יאוש גאַנצע וועלדער מיט מענטשן וואָס זיינען „אַמאָל" געווען אינזשיניערן, דירעקטאָרן, אַקטיאָרן, שרייבערס, מאָלערס, זינגערס און בויערס פון דער שיינער מענטשלעכער געזעלשאַפט, און אַליין אַ דערנידעריקטער צווישן געוועזענע מענטשן וואָס זיינען איצט געווען אַזוי ווי פי, ווי בהמות וואָס מען פירט צו דער שחיטה — האָב איך כסדר געטראַכט און געדענקט וועגן דער זון אין מיין לעבן — וועגן דאָראַן. איך

האָב געפינען אין זיך אַ פלאַמיקן פונק פון טרייסט אַז גאָט וועט מיך נאָך אויפהויבן הויך און שטאַרק פון די פינצטערע אָפּגרונטן און תהומות און וועט מיך אין איינעם אַ טאָג אַראָפּלאָזן אויף דער בעלגישער ערד און איך וועל גיין איבער אַלע הייזער און היימען וואו לעבעדיקע מענטשן וואוינען; איך וועל אַריינקוקן אין די פענצטער און עפענען אומבאַקאַנטע טירן; איך וועל זיך פרעגן ביי די קינדער און ביי די עלטערע לייט; ביי די אַלטע און יינגע פרויען און זייערע מאַנצלייט צי זיי קענען אַזאַ פרוי אין דער שטאָט בריסל ווי דאָראַ. צי האָבן זיי אפשר אַמאָל געהערט איר נאָמען. שוין דאָס רעדן, פאָרשן, זוכן און נאָכפרעגן זיך אויף מיין פריינדינס עקסזיסטענץ האָט מיך געהאַלטן געשפּאַנט און האָט אָנגעצונדן מיין האַרץ און מיין בלוט מיט הויכע אַספּיראַציעס. איך בין געווען שיכור מיט דער דאָזיקער פרוי וואָס האָט אפשר, ווער ווייסט, שוין נישט עקזיסטירט. איך בין איינגעשלאָפן שפּעט אין דער נאַכט זיך דערמאָנענדיק אונדזערע באַגעגענישן, אונדזערע אינטימע ליבע־סצענעס, אונדזערע בריענדיקע קושן און אומהאַלדזונגען. איך האָב ווידער געזען די אַלע איטאַליענישע אָפּעראַס, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, קאָמעדיעס פון מאָליער, טראַגעדיעס פון שעקספּיר; קינאָ־פילמען וואָס מיר האָבן צוזאַמען געזען דורך די יאָרן זינט אונדזערע יוגנט־צייטן אָן, אין די מוזעאומס, לענדער, שטעט און לאַנדשאַפטן וואָס מיר האָבן צוזאַמען באַזוכט צו פאַרשידענע צייטן פון אונדזער אָנגעצונדענעם ראָמאַנס...

דער געדאַנק ווידער אַנטקעגנצוגיין דאָראַן אין איינעם אַ הערלעכן טאָג אין מיין לעבן האָט מיר געגעבן מוט צו לעבן און איך האָב טאַקע אַ דאַנק מיין פאַנטאַסטישער האָפענונג געפּירט אַ פאַרביסענעם קאַמף מיט מיינע קראַנקהייטן און אַפילו, איך קען שווערן, מיטן סאַמעראָדענעם מלאך המות אַליין. דאָס טראַכטן פון דאָראַן האָט מיר געגעבן קראַפט און ענערגיע אויסצוהאַלטן די אַלע טראַגישע יאָרן. דאָס אַלץ וואָס איך שרייב צו דיר איצט, איז בלויז סטענאָגראַפיש אויסגעדריקט וואָס די דאָראַ האָט פאַר מיר געמיינט אין דער פינצטערסטער נאַכט פון מיין לעבן...

ווען מיר זיינען אין אַ צייט אַרום פאַרט אָנגעקומען קיין אַנטווערפּן נאָך אַ סך וואַנדערונגען, האָב איך געוויינט ווידער אָנקוקנדיק די צו מיר פון דער קינדהייט אַזוי גוט באַקאַנטע גאַסן, פאַרקן און אַלייען. איך בין ווי אַ פאַרכישופטער געגאַנגען איבער די גערטנער און הייף וואו מיר האָבן פאַרבראַכט נאָך אַלס קינדער און שפּעטער בשעת אונדזערע רייפערע יאָרן. איך האָב אין די וויסטאַוועס פון די הייזער און די קראָמען ווי אין פאַרטויטע שפּיגלען, געזען מיין פנים און נישט געגלויבט אַז איך זע זיך אַליין טאַקע נאָך אַ לעבעדיקן. איך בין שוין איצט אַזוי ווי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַנדערן מענטש. פון מיינע פריערדיקע הונדערט מיט אַכציק פונט האָב איך איצט געוואויגן קוים זיבעציק פונט מיט הוילע ביינער און קנאָכנס. ווען איך בין צוגעקומען צו אַ טראַמוויי כדי צו פאָרן אין דעם לאָקאַל וואו מען האָט סערווירט אומזיסטע מאָלצייטן פאַר די

צוריקגעקומענע מענטשן פון די לאַגערן, האָבן פּאַסאַזשירן רחמנות געקראָגן אויף מיר און זיי האָבן מיר געהאָלפן אַרויפצודראַפּן זיך איבער די צוויי אייזערנע טרעפּלעך...

איך מוז זיך איצט אָפּשטעלן אויף אַן איינציקער רגע כדי דיר צו שרייבן וועגן אַן עפּיזאָד וואָס איך האָב זיך ערשט דערמאָנט, שרייבנדיק צו דיר דעם בריוו: איינמאָל בייגאַכט, מיט עטלעכע יאָר צוריק, האָב איך באַגלייט דאָראַן, אַהיימפירנדיק זי פון אַ קאָנצערט וואָס מיר האָבן צוזאַמען געהאַט באַזוכט. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי אַן איינזאַמען און חרובדיקן הויז וואו מיר האָבן ביידע געפּרואווט איבערצווואַרטן דעם פּלוצלינגן רעגן וואָס האָט זיך אַרונטערגעלאָזט פון אַ נידעריקן וואָלקן מיט אַזאַ רוגזה דירעקט איבער אונדזערע ביידנס קעפּ ווי אַ פּערזענלעכע באַליידיקונג. אָבער ווען דער רעגן האָט נישט תיכף אויפגעהערט, האָב איך דאָראַן געגעבן מיין רעגנשירעם כדי אַהיימצוגיין. איצט, אַרום אַכצן יאָר שפּעטער, איז דאָס זעלביקע הויז דאָרטן געשטאַנען — אָבער שוין אַלס רואינע, אַ חרובדיק הויז מיט פאַרברענטע און אָפּגעשיילטע ווענט, אָן אַ דאַך, מיט פּוסטע און אויסגעבראָכענע פענצטער. פּלוצלינג, אַזוי איבערוואַרטנדיק דעם רעגן, האָב איך דאָרט אין אַ שפּאַרונע (שפּאַרע) צווישן די שטיינער געפונען אַ רעגנשירעם... איך האָב זיך דערמאָנט אַז איך האָב מיט יאָרן צוריק, באָרגנדיק בשעתן רעגן דעם שירעם צו דאָראַן כדי צו קענען אַהיימגיין אונטער זיין שוץ, אָפּגעמאַכט אַז זי זאָל אויפצומאָרגנס פאַרשטעקן דעם שירעם צווישן די ווענט און איך וועל אים פון דאָרט אַרויסנעמען צוריק אַהיימגייענדיק אינדער פרי... אָבער איך האָב דעמאָלט פאַרגעסן אַרויסצונעמען דעם שירעם פון צווישן די קרזשאַקעס. איך האָב איצט, אַכצן יאָר שפּעטער, געהאַלטן אויף מיין ציטערנדיקער האַנט דעם שירעם און אים געטוליעט צו זיך מיט אַ ליבשאַפט און סענטימענט ווי איך וואָלט געטוליעט דאָראַן צו זיך... און עפּעס האָב איך טאַקע אין דעם דאָזיקן מאָמענט געהאַט אַ פעסטן געפיל אַז איך וועל טאַקע אין אַ באַשטימטן טאָג טוליען צו זיך דאָראַן אין איר גוף, אין איר נשמה. איך האָב אין יענער נאַכט לאַנג געוויינט. איך האָב דעם שירעם געלאָזן צווישן די קזשאַקעס מיטן געפיל אַז איך וועל דאָ ווידער קומען מיט דאָראַן און צוזאַמען וועלן מיר אַרויסנעמען דעם שירעם... מעג עס אַפילו זיין ווי ליכטיק מיט אַ צעשטראַלטער זון אין גאָטס גרויסן דרויסן ווען קיין שום שירעם איז פאַר אונדז ביידע נישט מער נויטיק...

ווי פאַרמוטשעט איך בין איצט געווען, איז פאָרט מיין ערשטער געדאַנק, אָנקומענדיק קיין אַנטווערפּן, געווען אָפּצוזוכן מיין דאָראַ. אַלט, קראַנק, געענדערט אין איר פּנים; פאַרלוירן איר יוגנטלעכע שוינקייט; פאַרוויאַנעט אין אירע פאָספאָריש־בלאָנדע לאָקן און געקראָגן גרויע, פרעמדע האָר ווי פון אַ בעטלערין מסתמא; דאָס אַלץ וואָלט מיך אויף דאָס מינדעסטע נישט געאַרט, אַבי צו קענען הערן איר וואַרעמען קול, איר מעלאָדיש־ווייכע שטימע, אירע שטילע רייד. יעדעס איינציקע וואָרט פון

איר וואָלט געקלונגען איר מיינע אויערן ווי אַ ליד; ווי שובערט, ווי טשייקאָווסקיס אַ ליבע־מעלאָדיע...

ביים אומקערן זיך קיין בעלגיע, גלייך אין דעם יאָר 1945, איז מיין ערשטער געדאַנק נאָך אַלץ געווען אויפצוזוכן דאָראַן דורך פריינד אָדער אפשר ביי דעם קאָמיטעט פאַר צוריקגעקומענע פון די לאַגערן וואו מען האָט מיט אָנצייניקע מיילער געשלונגען די אומזיסטע מאָלצייטן; אויך צו גיין צום געשעפט וואו זי האָט פריער געאַרבעט אַלס פאַרקויפערין פון דאַמענקליידער כדי געוואויר צו ווערן וואָס עס איז געשען מיט איר אַליין און מיט איר פאַמיליע. איך בין דעמאָלט געגאַנגען איינגעבויגן אין דרייען ווי אַ „דזשיאַד" (בעטלער), און איך האָב קוים געשלעפט מיינע „פרעמדע" פיס איבער די נאַסע טראָטואַרן פון די גאַסן. אָבער אומעטום און יעדעס מאָל האָב איך געקראָגן בלויז איין און איינציקן ענטפער: דעם סטאַנדאַרטנעם „דעפּאָרטע!" (אויף פראַנצויזיש: דעפּאָרטירט). נישט צוריקגעקומען פון אוישוויץ, פון מאַידאַנעק, פון כעלמנאָ, פון בעלזשעץ. גייט אַהיים! לייגט זיך אַוועק! רוט זיך אָפּ די ביינער (דאָס איז אַלץ וואָס איר פאַרמאָגט נאָך: אַ הויפן מיט ביינער). אייער „דאָראַ", ווי איר רופט זי דאָרט, ליגט צוזאַמען מיטן טונקל־ברוינעם אַש פון אַ באַרג מיט פריער פאַרגאַזטע און דערנאָך פאַרברענטע גופים ערגעץ אין אַ טייך, אין אַ זומפּ אָדער אין אַן אייזערנעם אויוון וואו דער ווינט האָט אין זיין הונגער געשלונגען, געגעסן, געגריזשעט און געלעקט איר קאַלטן אַש — געלעקט ווי אַ הונט אירע שוואַרצע שטיקלעך אַשעס וואָס זיינען אַמאָל געווען אַ שיינע און רייצנדיקע פרוי; געווען אירע גרינע אויגן ווי אַמעטיסטן; געווען אירע ווייסע ציין ווי פּאָרצעליי; געווען איר שיינער און שטאָלצער קאָפּ מיט געקרויזלטע בלאָנדע האָר; געווען אירע זיידענע בריסטן; געווען אירע געשניצטע הענט און שלאַנקע פיס וואָס איך האָב געקושט מיט עקסטאַז; געווען אין איר געשטאַלט ווי די קייסערינע אסתר וואָס ווערט אויסגעוויילט אויף דער פורים־פייערונג און אָנגעטאָן אויפן קאָפּ אין אַ קרוין פון גאָלד־געפאַרבטן פאַפיר, און אויף וועמען די אָפּיצירן און סטודענטן אויף די נאַכטישע גאַסן דרייען אויס זייערע פאַרכאַפּטע קעפּ און זיי קוקן זיך אום אויף יענער פרעכטיקער יידישקע וואָס שטעלט פאָרויס איר רעכטן פוס ווי אַ פירשטין אין איר יינגן גאַנג ווי זי וואָלט שפּאַצירן אויפן סאַמע גלאָבוס פון דער ערד מיטן שטאָלץ פון יענער היסטאָרישער פורים־קייסערינע פון דער מגילה...

יאָ, דער ענטפער פון די באַאַמטע פונעם קאָמיטעט וואָס איז באַשטאַנען פון בלויז איין און איינציק וואָרט „דעפּאָרטירט", און מיט אַ צוגאָב־וואָרט: „נישט צוריקגעקומען". אויב דער באַאַמטער איז געווען אַ ציניקער אויך, האָט ער נאָך עפּעס צוגעגעבן: „און גייט אַהיים! פאַרדרייט נישט קיין קאָפּ! קומט דאָ נישט אַהער יעדן טאָג! און זוכט זיך אויס אַן אַנדערע דאָראַ! זייט נישט קיין יאָלד!" דער דאָזיקער ענטפער האָט מיך נישט איבערראַשט. איבערהויפּט איז דער ענטפער געווען אַ גאַנץ

נאָרמאַלער נאָכדעם ווי איך בין געוואויר געוואָרן אַז די געשטאַפּאָ־שלאַנגען האָבן דעפּאָרטירט פון מעכעלין (אַ שטעטל צווישן בריסל און אַנטווערפּן פול באַשטעלט מיט מיטלאַלטערלעכע קאָשטשאָלן, מיט מוזעאומס און מיט קריסטלעכע רענעסאַנס־קונסט: מאָלעריי, סקולפּטור און אַרכיטעקטור), גאַנצע זעקס און צוואַנציק טויזנט יידן פון וועלכע עס זיינען אינגאַנצן צוריקגעקומען עלף טויזנט מיט צוועלף יידן, דאָס הייסט: בלויז פינף פּראָצענט. און האָבנדיק אַן ענלעכע דערפאַרונג מיטגעמאַכט אין פאַרשידענע קאַצעטנלאַגערן, און אויך וויסנדיק אַז גאַנצע זעקס מיליאָן יידן זיינען אומגעקומען אין פּוילן, און אונדזער שטאַרק־אַקטיווער רבונו של עולם וואָס האָט אונדז מכלומרשט אויסגעוויילט פון אַלע אַנדערע פעלקער אַלס זיין סאַמע באַליבטן פאָלק, איז געוואַלדיק פאַרנומען מיטן גאַנג און טעטיקייט פון זיינע אומענדלעכע זונען, שטערן און כלערליי גאַלאַקסיעס פון הימלישע וועלטן, און ער האָט קוים צייט געהאַט אַ שמעק צו טאָן צום באַרג מיטן אַש און סאַזשעס וואָס זיינע געטרייע ווינטן און וואָלקנס האָבן געבראַכט צו טראָגן צו זיינע נאָז־לעכער פון אוישוויץ, און ער האָט דאָך מסתמא אויך געפונען אַ רגעלע צייט כדי אויפצונעמען פריינדלעך די אָפּגעסמאַליעטע נשמות פון אַ גאַנצן מיליאָן פאַרברענטע יידישע קינדער וואָס קענען קיינמאָל נישט אויפהערן צו וויינען אין דעם מכלומרשטן גן־עדן נאָכדעם ווי זיי האָבן וואויל פאַרזוכט די גערמאַנישע גהינומס...

און דאָך חזר איך כסדר איבער די פראַזע: און דאָך איז מיר געווען פיינלעך און אַפילו אומגעוויינלעך צו הערן יעדעס מאָל פונעם באַאַמטן דעם גוט־באַקאַנטן ענטפער: „דעפּאָרטירט!” אין דעם פאַל מיט מיין געליבטער דאָראַ האָט דאָס וואָרט בשום אופן נישט אַריינגעפּאַסט. ניין, די שיינע און צאַרטע דאָראַ וואָס איז געווען ווי אויסגעשניצט פון העלפאַנט־ביין און אַזאַ קלאָרע אויף איר לייב ווי קרישטאָל, האָט בשום אופן נישט געקענט זיין קיין קרבן פונעם געץ־מולך פון בבל צו וועמען די אַכזריותדיקע עלטערן האָבן געבראַכט זייערע קינדער כדי ער זאָל זיי פאַרצערן אין זיינע אייזערנע געדערים און שמעקן דאָס אַש פון זייערע פאַרברענטע גופימלעך...

יאָ, איך חזר איבער דעם זאָג. עס איז פאַר מיר געווען פיינלעך צו דענקען אַז דאָראַ געהערט טאַקע אויך צו די אומגעקומענע יידן וואָס האָבן אַמאָל געלעבט אין בעלגיע אַזאַ רואיק און גליקלעך לעבן, שיין איינגעאָרדנט, און זיי האָבן געהאַט פּרעכטיקע הייזער מיט ראַפינירטן מעבל, מיט געשמאַקע אויל־בילדער אויף די ווענט, מיט טעפּעכער אויף די פּאָדלאָגעס, און ווינטער־צייט האָבן די רויטע קוילן אין זייערע קאַפלאַנאָווע אויוונס געפינקלט ווי אַלט־גאָלד. איך האָב נישט געקענט גלויבן אַז דאָראַ איז טאַקע מער נישטאָ אין דער וועלט פון די לעבעדיקע. איך האָב ממש געשפּירט דעם פאַרפיומיקן ריח פון איר לייב. איך האָב געהערט ביינאַכט אין דרויסן דעם ווינט וואָס איז היימלעך געקומען פונעם

גרויען שעלדע־קאַנאַל; איך האָב געהערט איר קלינגנדיק קול ווי דאָס שפּילן פון דער פּיאַנאָ וואָס אַ גאוניטער קאָמפּאָזיטאָר, אַ ווירטואָז, האָט אויסגעשפּילט. איך האָב גערעדט צו איר ביינאַכט אין מיינע חלומות; רוף זיך אָפּ, דאָראַ! דערפריי מיין אויג מיט דיין ליכטיקן געשטאַלט! גיי אויף פאַר מיין אויג מיט דיין גרינגן און גראַציעזן גאַנג, מיט דיין מוזיקאַלישן געלעכטער, מיטן ציטער פון דיין שטימע...

וואו נאָר איך בין געגאַנגען, האָב איך געזוכט דאָראַן: ביי די סינעמאַ־הייזער; צווישן די געדיכטע מענטשנמאַסן וואָס קויפן זייערע בילעטן צו די קינאָס און טעאַטערן אויף דער ברייטער רי נעף; צווישן די שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך אין באָטאַנישן גאָרטן ביים וואָקזאַל; אין די שיינע זאַלן פון די גרויסע געשעפטן צווישן מאַסן פרויען האָב איך פון געוואוינטשאַפט וועגן געזוכט ווי אַ וואַנזיניקער מיין פריינדין. זיצנדיק אין דער טונקלקייט פון אַ טעאַטער־זאַל האָב איך זייטיק אָנגעקוקט די פרוי אין דעם געלן און רייכן פוטער־מאַנטל וואָס זיצט נעבן מיר לינקס. אַפילו בלויז אַ שוואַכע און ווייטע ענלעכקייט צו דאָראַן אויפן פּנים פון אַן אומבאַקאַנטער דאַמע האָט מיך אויפגעציטערט מיט האָפענונג און דערוואַרטונג. איך האָב אָבער לענגער אויף דער זעלביקער פרוי נישט געוואָלט מער קוקן כדי נישט פיינלעך אַנטוישט צו ווערן; כדי נישט געוואויר צו ווערן דעם אמת אַז עס איז טאַקע נישט מיין דאָראַ...

אַלץ הינטער מיר האָט דאַכט זיך געמורמלט: אידיאָט! אומזיס זוכסטו דיין פאַרברענטע כלה! דו באַגראָבסט דיין צייט, דיינע יאָרן, דיין גאַנץ לעבן! דו זוכסט אין געדיכטן וואַלד אַ געליבטן שאָטן פון אַ פרוי. יאָ, דאָראַ איז שוין זינט לאַנג בלויז אַ שאָטן, בלויז צעשאָטענער אַש אין אַלע פיר זייטן פון דער וועלט; זי איז ווי שטויב פון די בלומען וואָס די בינען זויגן אויס אין זונשיין כדי צו ברענגען זאַפט און זיסקייט פאַר זייער קעניגין...

און אַזוי, זוכנדיק דאָראַן, איז אַריבערגעגאַנגען אַ גאַנץ יאָר. איך בין אַביסל שטאַרקער געוואָרן. איך האָב צוריקגעקראָגן קראַפט אין די פיס צו קענען גיין לענגערע שטרעקעס און כסדר זוכנדיק דאָראַן. זוכנדיק דאָראַן... אַזוי שוין אויף אייביק און ביזן לעצטן טאָג פון מיין לעבן — זוכנדיק די פאַרלוירענע, די פאַרברענטע, די אויסגעמעקטע דאָראַ פון צווישן די לעבעדיקע קאָקעטקעס און ווייבלעכע ליאַלקעס. זוכנדיק און אינסטינקטיוו שמעקנדיק דאָס אַש פון דאָראַן... ניין, דעם גן־עדן פאַרפיום פון דאָראַן...

מיין ליבער פריינד, פאַראַכטאָגן מיטוואָך אין דער פרי בין איך געשטאַנען אַזאַ פאַרטראַכטער אויף דער פּלאַטפאָרם פון אַ טראַמווי־סטאַנציע און שוין רויכערנדיק אַביסל אין אַ בעסערן געמיט אַ פּאַפּיראָס. די זון האָט אָנגענעם אויפגעליבטן איבער די בריסעלער גאַסן און די מענטשן, איבער די הייזער און די גערטנער וואו די בראָנדזענע בינען האָבן געטריי געזויגן פון די בלומען דעם נעקטאַר פאַר זייער מלכה... איך האָב אָבסערווירט אַזוי פאַרטראַכטערהייט אַלע מענטשן, אַלע

זיך איילנדיקע פּאַסאַזשירן פון דער גרויסער שטאָט: זייער אויפשטייגן און אַראָפּשטייגן פון די טרעפּלעך אויף די טראַמווייען און אויטאָבוסן; די מוטערס טראָגנדיק זייערע קליינע קינדער וואָס קענען נאָך אַליין נישט גיין. פּלוצלינג הויבט אָן מיין האַרץ שטאַרק צו קלאַפּן: אַ דאַמע שטייגט אַריין אין דעם וואַגאָן פונעם טראַמוויי. איך זע נישט איר פּנים ווייל זי טראָגט אַזאַ ברייטן הוט מיט אַ טונקעלן ראַנד וואָס פאַרשטעלט טיילווייז איר געזיכט. אָבער איך נעם נישט אַראָפּ קיין אויג פון איר. איך שפּיר נאָך אינסטינקטיוו אַלע אירע רייצנדיקע באַוועגונגען וואָס דערמאָנען מיך אין דאָראַס עלעגאַנץ. איך זע ווי זי באַצאָלט דעם קאָנדוקטאָר פאַרן בילעט. מיטאַמאָל קערט זי זיך אום אין מיין זייט און זי טוט אַ ציטער, בשעת אַ שאַרפער און עפּעס אומבאַשרייבלעכער שוידער נעמט מיך אַדורך...

— דאָראַ! — שריי איך אויס מיט שרעק און מיט אַנגסט...

— אַלבערט! אָ אַלבערט! ביסטו עס טאַקע? מייו גאָט! אַז איך האָב דערלעבט דיך נאָכאַמאָל צו זען אין לעבן מיט מיינע אייגענע אויגן...

מיר כאַפּן זיך אַרום און שטייגן אַרויס צוזאַמען פונעם וואַגאָן. עס האָט געדויערט אַ גאַנצע שעה ביז מיר זיינען ביידע צו זיך געקומען און מיר האָבן קוים געקענט אויסרעדן די ערשטע ווערטער. אָבער מיר האָבן זיך נישט געקענט קלאָר אָנקוקן איינער דעם אַנדערן, מחמת די דיקע און שווערע שטיקער טרערן האָבן די גאַנצע צייט ווי הייסע שטראָמען פאַרגאָסן אונדזערע אויגן...

איך וועל דיר די ווייטערדיקע געשעענישן באַשרייבן אַן אַנדער מאָל. איך דאַנק דיר פאַר דיינע בריוו און די יידישע צייטונגען און זשורנאַלן פון ניו־יאָרק. ווי אַזוי גייט עס דיר מיטן געזונט? דאָראַ זאָגט מיר אַז זי געדענקט דיך פונקט ווי זי וואָלט דיך ערשט נעכטן געזען. זי גריסט דיך האַרציק. מיט מיינע וואַרעמע גריסן פון דיין אַלטן גוטן פריינד, אַלבערט שאַריטאָן...

## דער משוגענער פון פּילעוו

איינמאָל האָט געטראָפן אַז ווען די גבירישע משפחה האַלבערשטאַדט איז געזעסן ביים רחבותדיק־געגרייטן טיש פסח ביינאַכט צום ערשטן סדר, און פול זיינען אָנגעגאָסן געוואָרן די כוסות מיט וויין פון די וויינקעלערן אין ראשון לציון וואָס האָבן געהערט צו די באַרימטע ראָטשילדס, לכבוד אליהו הנביא, דער אייביקער שטראַלנדיקער גאַסט אין יידישע הייזער און היימען, און ווען דאָס יינגסטע אייניקל האָט געעפנט די טיר אין דער טיפער און בלויער נאַכט אַריין וואָס האָט אַנטפּלעקט ממש אַ ים מיט ליכטיקע שטערן, און דער פאַרבאָרגענער נביא ביי יידן, דער גרעסטער „שיכור" פון אַלע צייטן, האָט זיך געדאַרפט באַווייזן מיט זיין הערלעכער, אָבער צום באַדויערן אומזעבאַרער געשטאַלט, וואָס איז דורך אַזוי פיל יידישע דורות געוועזן באַליבט, האָט זיך פּלוצלינג אין דעם דאָזיקן שפּאַנענדיקן מאָמענט אַריינגעשלייכט מיט אַן אַנטשלאָסענעם אויסדרוק

אויפֿן רויטלעכן פּנים און גאָר אַן אָנזעעוודיקער צו אַלעמענס דערשראָקענע אויגן, דער משוגענער הענעך. אַלעמען, ווי געזאָגט, איז באַפֿאַלן אַ פּחד. שטאָלצערהייט ווי אַ פּאַרצייטישער קייסער פֿון די ייִדענע בלעטער פֿון תנ״ך, און מיט געלאַסענע טריט, דערנענטערט ער זיך צום יום־טובֿדיק־געגרייטן טיש. ער גרייכט אין זיין לייִמיק־געלער און בלוטיק־צעדראַפּעטער האַנט ווי ער וואָלט זיך געהאַט געראַנגלט מיטן מלאך, דעם פֿולן בעכער מיט וויין און ער טרינקט אים רואיק און אינגאַנצן אויס נישט איבערלאָזנדיק אויפֿן דנאָ קיין איינציקן רויטן טראָפּן. דערנאָך קוקט ער זיך רואיק אַרום אין שטוב. ער באַטראַכט מיט געלאַסנקייט אַלעמענס שטוינענדיקע פּנימער. ער בוקט זיך מיט אַ שמייכל צו דער גאַנצער משפּחה וואָס זיצן ווי פֿאַרגליווערטע מאָנומענטן, און ער מאַרשירט מאַיעסטעטיש אַרויס פֿון דעם ייִדישן הויז גלייך אין דרויסן אַריין וואו ער ווערט אויסגעלאָשן און ער פֿאַרשווינדט אין תהום ווי אַ שטערן אין דער פֿינצטערער נאַכט... אַלע מענטשן בלייבן נאָך אַ לענגערע ווײַלע זיצן פֿאַרציטערט...

דער משוגענער הענעך האָט אָן שום צווייפֿל וואויל געוואוסט פֿון זיין ראָלע אין שטעטל. ער האָט זיך באַוואוסטזיניק געהאַלטן אין זיין כאַלוצינירטן צושטאַנד, ווען די געהירן האָבן ביי אים געברענט, ווי אַ שליח, ווי דער שאָטן פֿון אַ נביא, ווי אַ נאַציאָנאַלער העלד וואָס שטראַלט אָפּ פֿון העכערע אינסטאַנצן. ער האָט דאָך אויסגעפּעלט צום סדר, צו דער שלימות פֿונעם שטעטל. ער האָט אויך געבראָכן די מאָנאָטאָניע פֿון דער קליינשטעטלדיקער סבֿיבֿה. און ווען ייִדן זיצן באַקוועם מיט זייערע גרויסע משפּחות ביי זייערע סדרים; ווען ייִדן זיינען ממש געקרוינטע מלאכים; ווען זייערע ווייבער זיינען גרויסאַרטיקע מלכות; פֿאַרוואָס זאָל דווקא ער, דער געפּאַטשטער און געפּלאָגטער פּאַריאַ, דער איינזאַמער און פֿאַרשאָלטענער ייִד וואָס וואוינט אין הקדש צוזאַמען מיט די חולא נופֿלדיקע און קרעציקע, אַרומוואַנדלען און אַרומבלאָנדזשען בשעת דער פּרילינדיקער נאַכט פֿון ערבֿ פּסח אָן אַ היים, אָן אַן אייגענעם יום־טובֿדיקן־געדעקטן טיש מיט זילבערנע לייכטער און מיט פֿולע פֿלעשער וויין און בראָנפֿן, און זיין פֿאַרשטויסן פֿון דער ייִדישער סבֿיבֿה און געזעלשאַפֿט? איז ער דען נישט פּונקט אַזוי ראוי ווי דער הייליקער אליהו הנבֿיא צו זופּן די זיסע טראָפּנס פֿון דעם בעכער וואָס איז פֿול אָנגעגאָסן מיט וויין? צי נייטיקט ער זיך דען נישט פּונקט ווי דער נבֿיא אליהו אין פֿרייד און ליבשאַפֿט מצד דער משפּחה, אין היימישן נחת און שמחה פֿונעם פֿאָלק?!...

איך געדענק ווי דער משוגענער הענעך האָט איינמאָל באַגלייט אַ פּול־בוזמדיקע און גרויסאַרטיקע פּריצה איבערן שאָסיי פֿון דער לובעלסקי גאַס דורכן גאַנצן שטעטל. די פּריצה איז אָנגעקומען פֿון דאָרף, איבער דער עסטרייכישער בריק, פֿון דער אַנדערער זייט ווייסל. זי האָט מסתמא געוואוינט ערגעץ אין אַן אַלטן שלאָס פֿון אַ פֿאַרצייטישער שלאַכציצקער

פֿאַמיליע. זי האָט עפּעס אַזאַ איינזאַמע שפּאַצירט אונטער די געדיכטע און שווערע צווייגן פֿון די אַלטע און מעכטיקע ליפּעס פֿון ביידע זייטן שאָסיי. דווקא אַזאַ צאַרטע און אַריסטאָקראַטישע דאַמע, דעם קאָפּ האָר אירע פֿאַרבונדן מיט ערשט־געפֿאַרבטע בלומען, מיט רויטע רויזן ווי מיט צירונג פֿון גאָלד און מיט קרענצלעך בעז פֿאַרשטעקט אין אירע געקרויזלטע האָר. זי איז אַרויסגעגאַנגען ווי פֿון אַן איקאָנע־מאָלעריי וואָס העגגט אין איר גערוימען פּאַלאַץ כדי צו אָטעמען פרישע לופֿט, פּויליש־פרישע און זומערדיקע לופֿט, און צו הערן ווי די פֿייגל זינגען מיט ממש נייע מעלאָדיעס, מיט גליקלעכע ניגונים. איבערן גאַנצן לאַנד איז געשטאַנען אַזאַ שיינער טאָג — אַ פֿאַרענדיקט מייסטערווערק פֿון גאָטס שפּייכלער פֿון געמייסטערטע טעג. און אַזוי ווי די בלייכע און שלאַנקע פּריצה וואָס איז ווי אַנטלאָפֿן פֿון שיענקעוויטשעס אַ נאָוועלע אַרויס, שפּאַצירט זיך איבער דער לאַנגער פּילעווער גאַס, קומט פּלוצלינג אָן ווי אַן ערשט־אויסגעוואַקסענער פֿון דער ערד אַרויס, דער משוגענער הענעך. ער גייט די גאַנצע צייט מיליטעריש אויסגעשטרעקט, שטייף און חלילה נישט געפֿאַלן ביי זיך. ער שפּאַצירט זייער קאַוואַלעריש ביי דער גרעפֿינס זייט און ער רעדט אַריין אין אירע קליינע אויערן וואָס זעען אויס ווי בלימלעך ערשט אַרויסגעוואַקסענע פֿונעם גרויסן שמעקעדיקן גאָרטן. ער רעדט מיט עפּעס אַזאַ שטאָלצן זשעסט און ברייטן פּאַרנעם אויף פּויליש. ער לויבט קודם כל, פֿאַרשטייט זיך, איר ווייבלעכע שוינקייט. אָבער ער דערציילט איר אַגב אַז אַדאַם מיצקעוויטש, דער גרעסטער פּוילישער באַרד, האָט דווקא ליב געהאַט יידן. אַז ער אַליין האָט גאָר אָפּגעשטאַמט פֿון די פֿראַנקיסטן און זיין נאָמען ווערט דערמאָנט אין זיין אייגן דראַמאַטישן מייסטערווערק „דזשיאַדי" (די זיידעס), אַלס דער מיסטישער ציפֿער „פֿיר און פֿערציק". ער פֿרעגט איר צי זי ווייסט ווער עס איז דער יאַנקל צימבאַליסט פֿון „פּאַן טאַדעאוש". פֿאַראיינוועגס רוימט ער איר איין אַ סוד אין אויער אַז גאַנץ פּוילן, שוין מיט דער ווייסל אַריינגערעכנט, געהערט פּונקט אַזוי צו די יידן ווי צו די פּאָלאַקן. ער דערציילט איר אַז בשעת אַ מאָמענט אין דער פּוילישער געשיכטע ווען די צדדים פֿון פּוילישן פֿאָלק האָבן זיך נישט געקענט אייניקן מכוח אַ נייעם קייסער, האָבן די פּריצים געשטימט פֿאַר אַ יידישן מלך וואָס זאָל הערשן מיט גערעכטיקייט איבער דעם פּוילישן לאַנד.

בלויז איין און איינציקע נאַכט האָט ער טאַקע געקעניגט. און נאָך עפּעס: אויב די פּאָלאַקן וועלן וואַגן צו מאַכן פּאָגראָמען אויף די יידן און די פּוילישע בעלי־מלאָכות וועלן קאָנקורירן מיט די יידישע האַנטווערקערס און אַרטיזאַנען, וועט גאָט אויסגיסן זיין צאָרן ווי אַ קעסל מיט פֿייער און סמאָלע אויף די פֿאַרכוואַטע און היציקע קעפּ פֿון די פּאָלאַקן...

די שלאַכטעטנע דאַמע איז נעבעך געוואָרן ווייס ווי קרייד. זי איז דערשראָקן געוואָרן אינעם האַרצן. און ווען זיי קומען ביידע צו „גראַף

אַלברעכטס גאָרטן", פֿאַרבעט איר דער משוגענער הענעך גאַנץ גאַלאַנט זיך אַװעקצוזעצן מיט אים צוזאַמען אויף דער ערשטער און בעסטער באַנק נעבן דעם מאַרמאָרענעם פּאָמניק (דענקמאָל) פֿון דעם גראַף אַלברעכט. ער זאָגט צו איר, פֿרעגנדיק:

— גענעדיקע שליאַכטשיצע, צי ווייסט איר פֿאַרוואָס אונדזער שטעטל דאָ ביי די ברעגעס פֿון דער ווייסל טראָגט דעם פּילבאַדייטענדיקן נאָמען „פּולאַווי"? — און ער וואַרט געדולדיק אויף איר ענטפֿער. אָבער די שיינע פּריצה איז נישט אימשטאַנד אים צו געבן דעם ריכטיקן טייטש...

— גרעפֿין, איך וויל אייך זאָגן די באַדייטונג פֿון דעם נאָמען „פּולאַווי": מיט אַרום הונדערט און פֿופֿציק יאָר צוריק, איידער די שטאָט האָט נאָך עקזיסטירט, איז אַ קליינטשיק באַבקעלע געגאַנגען אַן איינזאַמע און מידע איבער אַ ברייטן פֿעלד, נעבן אַ וואַלד. דער טאָג איז צוזאַמען מיט דער זון איבערן הימל געשטיגן מיט זיין היץ, און דאָס באַבקעלע האָט נישט מער געהאַט קיין כּוחות זיך צו שלעפּן איבער די פּוסטע פֿעלדער. אָבער דער וואָס לעבט אייביק, און וואָס לעבט טאַקע איבער אַלע זיינע באַשעפֿענישן און באַשאַפֿונגען, האָט אויף איר רחמנות געקראָגן און ער האָט צו איר צוגעשיקט אַן עלטערן ייד וואָס האָט געהייסן שמעון דער סטעלמאַך (סטאָלאַרזש) וואָס האָט געטראָגן אויף זיינע פּלייצעס אַן ערשט־אויסגעפֿאַרטיקטע באַנק. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן מידן באַבקעלע מיט זיין ברייטער, באַקוועמער און גלאַט־אָפּגעהובלעוועטער באַנק, זאָגנדיק צו איר:

— מאָיאַ קאָכאַנאַ (מיין טייערע), איך זע בפֿירוש אַז איר זענט שטאַרק פֿאַרמוטשעט פֿון אייער לאַנגן גאַנג און פֿון דער בריענדיקער היץ. דעריבער לאַד איך אייך פֿריינדלעך איין זיך צו זעצן אויף מיין ערשט־פֿאַרענדיקטער באַנק וואָס איך האָב נעכטן ביז שפּעט אין דער האַלבער נאַכט אויסגעפֿאַרטיקט פֿאַר מידע מענטשן וואָס גייען אויף אַ וויטן וועג, כּדי זיך אָפּצורוען...

און די עלטערע פֿרוי האָט זיך באַקוועם געזעצט אויף שמעון דעם סטעלמאַקס באַנק. נאָך אַ ווײַלע אָפּרוען זיך שטייט זי אויף אַ דערפֿרישטע און זי זאָגט צו שמעון:

— שימאָן, איך וויל דיר זאָגן נביאות: דאָ וואו מיר שטייען איצט וועט אין הונדערט מיט פֿופֿציק יאָר אַרום אויפֿשטיין אַ גרויסע שטאָט וואָס וועט הייסן פּולאַווי. ווייל דו ביסט געווען אַזוי פֿריינדלעך און האָסט מיר אָנגעבאָטן זיך אָפּצורוען אויף דיין האַלבע באַנק, און אַזוי וועט די שטאָט וואו יידן און פּאָלאַקן וועלן לעבן בשלום אין דער נישט־וויטער צוקונפֿט, הייסן „פּול־לאַוואַ" (האַלבער באַנק). און אַזוי וועט פֿון גאָט מקוים ווערן מיין נבֿואה...

דער משוגענער הענעך וויל נאָך עפּעס זאָגן צו דער פּוילישער פּריצה. אָבער ער שטייט אויף פֿון דער באַנק און ער זעט זי נישט מער. כּהרף עין איז זי פֿאַרשוואונדן געוואָרן פֿון פֿאַר זיינע אויגן. אָבער ער

מאַכט זיך נישט ווִיסנדיק און פאַרנייגנדיק זיך פאַר איר אומגעזעענעם געשטאַלט, בוקט ער זיך צו דער ערד אויף אַ העכסט־גאַלאַנטן אופן און ער גייט ווייטער זיין וועג אין דער יידישער אייביקייט...

דער משוגענער הענעך האָט אַגב אינסטינקטיוו געבענקט נאָך אַריסטאָקראַטישן פוילישן סאַלאָן; נאָך אַ ראָמאַנטישער פרוי; אין זיין הילוך אָדער קאָסטיום פון וואַנזין, אמתדיקן און געמאַכטן, קען ער זיך דערלויבן צו גיין אָן פחד ביי דער זייט פון אַ גראַפיניע אָדער אַפילו נעבן אַ פרינצעסן וואָס איז מסתמא אויפגעשטאַנען פון אַן אַלטן קבר. שפּאַצירנדיק אַ ווײַלע מיט דער פריער־באַשריבענער אַריסטאָקראַטקע, וואָס איז וואַרשיינלעך אַרויסגעגאַנגען אין איינער אַ נאַכט פון די טיפענישן פון דער ווייסל וואו עס שווימט אייביק אַרום, לויט דער לעגענדע, די פוילישע קייסערינע וואַנדאַ וואָס האָט זיך פרייוויליק דערטרונקען אין די כוואַליעס פון דער ווייסל מיט אַ סך הונדערטער יאָרן צוריק כדי נישט צו זיין געצוואונגען אָנצונעמען זיין אָנבאָט און חתונה צו האָבן מיט אַ גערמאַנישן פרינץ, האָט דער ייד הענעך פון יידישן געטאָ, דער טרוימער, דער בעל־החלומות פונעם שטעטל, אויסגעדריקט זיין אייגנטלעכע וועלט־טרוימעריי און וועלט־בענקשאַפט. משוגעת עפנט אַגב אויף טירן און טויערן צו ווייטע און פאַנטאַסטישע מיסטעריעס. פאַרשאָלטן און פאַרהאַסט ווי דער ייד איז געווען אין פוילן, און פאַרמשפּט מצד דער פוילישער געזעלשאַפט ווי אַ מצורע, אַ קרעציקער, קען ער כאָטש אַלס גייסטיק־קראַנקער זיין נאָענט צו שיינקייט, ראָמאַנטיק און צו פייערלעכע פּראָצעסיעס, צום פּילפּאַרביקן קאַרנאַוואַל... דער יידישער שאָטן פון מענטש אין שטעטל האָט דורך זיין משוגעת זיך געפילט פרייער און לוסטיקער. אין זיין זומפּ, אין זיין איינזאַמער הייל, איז ער דאָך געווען אַ מין קייסער אָדער אַפילו אַ נביא אין דער פאַנטאַזיע זיינער, וואָס האָט געמעגט טרינקען דעם גרויסן בעכער מיט וויין ביי די סדרים אַלס פאַרשטעלטער פאַרן אמתדיקן נביא וואָס איז דאָך אויך געווען אַן אויסגעטראַכטער, אַ יום־טובדיקער, אַ לעגענדאַרער און אומרעאַלער, מיט וועמען יידן האָבן זיך געפרייט אין טויזנטער יידישע היימען דורך לאַנגע יאָרהונדערטער. אַז ער האָט נאָכגעלאָזט די לייצעס און זיך דערפילט הפקרדיק, האָט ער אַפילו געקענט עסן פּירות אין גלחס גאָרטן... אין אַ זין איז ער אויך געווען אַ מין „טרוימער פון דער געטאָ", לויט ישראל זאַנגווילס פּאָפּולערן ווערק...

אין זיינע שטילערע צייטן איז דער משוגענער הענעך געווען אַ געטרייער און געהאָרכזאַמער מאַן וואָס האָט געפאַלענערהייט, אַזאַ געבראָכענער און פאַרשעמטער ייד, פּשוט געבעטלט אויף ברויט איבער די זייטיקע געסלעך פאַר זיך און פאַר זיין ווייב וואָס איז געווען אַ פּאַראַליזירטע און די טאָכטער פון אַ ייד אַ גיבור, אויך אַ בעטלער, וואָס האָט געהייסן טויטל און ער האָט מערסטנס געוואַנדערט איבער די פּוילישע, עסטרייכישע און רוסישע מדינות, בעטלענדיק. זייענדיק איצט

פּאַסיוו און צוריקגעצויגן, נידעריק ווי אַ שאָטן אויף דער קאַלעכדיקער וואַנט, דער סאַמע נישטיקסטער פּערסאָנאַזש אין דעם שטעטלס געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָט הענעך אָבער וואויל צוגעזען מיט אַ שאַרפן און ממש בליציקן פינקל פון זיין שוואַרצאַפּל וואָס אַלץ עס קומט פאָר אין דעם לעבן פון די יידן אין שטעטל. ער האָט אַלעמענס פּנימער געהאַט פאַרקריצט אין זיין אייזערנעם זכרון און פאַרשריבן מיט אַ בליציקער פּעדער אין דעם פאַרמעטענעם ספר פון זיין געוויסן. ער האָט גאַנץ שטרענג געוואויגן און אָפּגעשאַצט מענטשלעכע מעשים און האַנדלונגען אויף זיינע אייגענע וואָגשאָלן. עס איז געווען קענטיק אַז בשעת די חדשים פון זיין פּאַסיוון לעבן האָט זיך אין אים אָנגעזאַמלט אַ מאַסע ענערגיע, אַ סך באַהאַלטענע קריינקונג, אויך צאָרן און בייזע געפילן פון נקמה צו די פּוסטע גבירים און מזרח־וואַנט־יידן וואָס האָבן זיך געהילט אין טליתים מיט זילבערנע עטרות; האָבן געקראָגן און ממש געפּאָדערט עליות ווי רק מפטיר און ששי; האָבן געקויפט ביי קהל כבוד פאַר פאַרזשאַווערטע גראָשנס. אָבער זיי האָבן זיך באַצויגן צו אים און צו זיינס גלייכן מיט גרינגשאַצונג און באַליידיקונג. אין די צייטן פון זיין איינזאַמקייט, אָן דעם פייער און ברויזנדיקייט פון משוגעת אין זיין מוח, האָט ער געציילט נפשות און געמשפּט די שלעכטע מעשים פון די האַרטהאַרציקע און פאַלשע לייט, פון די בעלי־גאַווהניקעס. ווען עס איז מיט מזל אויסגעבראָכן ווי אַ שרפה דער חודש תמוז, איז ער שוין געווען גרייט און צייטיק צום קאַמף.
ער איז שוין דעמאָלט געווען פול אָנגעלאָדן מיט חשבון הנפש, מיט אַ הייליקן צאָרן ממש ווי אַ נביא פון תנ״ך. דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן פון די דעכער און באַלקאָנען פון חורבות פייערדיק צו שטראָפן, צו שעלטן, אָפּן און אַקטיוו אונטער דער מאַסקע פון משוגעת צו פאַראַכטן און צו דערמאָנען די זינד קעגן די אָרעמעלייט, קעגן די בעטלערס און וואַסערטרעגערס, קעגן די איינזאַמע עלטערע מיידלעך וואָס קהל האָט נישט געשאָנקען קיין נדנים כדי צו קענען כאָטש חתונה האָבן מיט קריפּלען; מיט האַלבע און גאַנצע משוגעים; מיט פּאַראַליטיקער; מיט בלינדע בחורים און הויקערס; מיט טרעגערס און מיט אַלערליי צעבראָכענע ברואים. ממש שדים און רוחות האָבן אים געטראָגן מיט אַ ווילדן אימפּעט איבער די זומערדיק־אָנגעהיצטע געסלעך וועמענס מויערן האָבן היציק געשפּריצט און געגליט מיט פייער. גייסטער האָבן אים געיאָגט איבער די פרייע און אָפענע פּלעצער פון שטעטל מיט זייערע אָנגעגליטע פליגלען. ער האָט איצט אָנגענומען די שטאָלצע פּאָזע פון אַ גענעראַל, אַ מלחמה־העלד וואָס פירט מיט זיינע אימפּעטיקע אַרמייען פון אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע יאַטן און וואַגאַבונדן, ממש אַ גאַנץ ערב־רב, אין שלאַכט אַריין. ער באַגייסטערט זיי מיט זיין העלדישן וואָרט און ברייטן זשעסט. ער טראָגט זיי ממש פאָרויס מיט רום און כבוד צו נצחונות. ער גייט שיער איינגעמען שטעט און גאַנצע לענדער...

די איבערגעשראָקענע מענטשן פונעם שטעטל פּילעוו, אַפילו די סאַמע אָרעמסטע און שפּלדיקסטע, די שוואַכע און אָפּטמאָל אויך די קליינע

ייִנגלעך און מיידלעך, האָבן אים איצט אָנגעהויבן צו פּייניקן, צו דענערווירן זיינע צערודערטע נערוון מיט זייערע געשרייען, מיט זייער ווילדן חוזק. זיי האָבן פּשוט אויף אים געשפּיגן ווי אויף אַ קרעציקן. זיי האָבן דעם אומגליקלעכן מאַרטירער געשלאָגן אויך. זיי האָבן אין זייער הילפלאָזיקייט נויטיק געהאַט דעם גלאַדיאַטאָר, דעם פאַרמשפּטן קרבן, דעם באַליידיקטן קבצן. זיי האָבן זיך לוסטיק געמאַכט ווען רויע ברואים, גנבים און אונטערוועלט־מענטשן האָבן אים געקלאַפּט און געשלאָגן איבער די פּלייצעס און אַקסלען מיט קיזלשטיינער. די גבירים ווען העגעך האָט באַגנבעט, געבראַכט שאָדן צו זייערע פאַרמעגנס, אָפּטמאָל אונטערגעצונדן זייערע סקלאַדעס, האָבן געדונגען בלאַטע ייִנגען וואָס האָבן ממש מיט שטיינערנע פויסטן געזעצט אין זיין ברוסטקאַסטן און אים אָפּגעקלאַפּט די לונגען. אים געמאַכט צו שפּייען מיט בלוט. זיי האָבן געלאַכט און הנאה געהאַט ווען מען האָט אים אונטערגעהאַקט די אויגן, צעבראָכן די נאָז און צעקאַליעטשעט זיינע שאַרפע קינבאַקן. זיי האָבן זיך געפרייט ווען מען האָט מיט די שטיוול וואָס האָבן געהאַט אויף די פּאָדעשוועס שפּיציקע נעגל, אים געטופּעט אין בויך אַריין. די מענטשן האָבן דאָך ליב צו זען, אַפילו ווען זיי אַליין זיינען אָרעמע, אונטערדריקטע און באַליידיקטע, ווי דער נאָך שוואַכערער פון זיי ווערט פאַרפאָלגט, ווערט דערנידעריקט און ער קאָרטשעט זיך איין פון ווייטיק און יסורים...

די קבצנים און די וואַנדערנדיקע בעטלערס זיינען זינט הונדערטער יאָרן געווען פאַרהאַסט אויף די רייכע בעלי־הבתים פון שטעטל. דער משוגענער העגעך האָט פאַקטיש אויסגעדריקט די שנאה און דעם פאַרלאַנג נאָך נקמה פון דעם המון, פון דעם פּראָסטן פעבל. צוליב דער דאָזיקער שנאה פלעגט העגעך אין זיין וואַנזיניקן צושטאַנד רעדן און פלוכן אין אַ ביטערן לשון גאַנץ ערלעכע און אומשולדיקע לייט. אָפּטמאָל פלעגט ער זיך דערלויבן אָנצוטאָן גרויס שאָדן צו יידישע אייגנטימער פון געוועלבער און לוקסוסדיקע וויסטאַוועס פון גרויסע געשעפטן. ער פלעגט אויסהאַקן די שויבן פון אויסשטעל־פענצטער ביי יידן וואָס האָבן דווקא געגעבן אַ סך צדקה, איינגעקויפט אין וואַרשע קאַנדעליאַבערס פאַר דער היימישער שוהל, אַריינגעפירט מיט גרויס פּאַראַד אַ ספר תורה צו חברה שניידערס און שוסטערס אין זייער שטיבל און געבראַכט וויין און קוכנס כדי זיך משמח צו זיין, צו פייערן מיט פרייד אַ סיום הספר. העגעך פלעגט אַזאַ געקריינקטער אונטערצינדן שפּייכלערס, הייזער פול מיט האָב און גוטס, מיט יידישע פאַרמעגנס. ער פלעגט דערביי זידלען די נגידים און זיי מאַכן מיט בלאָטע צוגלייך. ער פלעגט זיך אויך טיילמאָל אַוועקשטעלן ביי דער שוהל שבת אין דער פרי ווען יידן גייען צום דאַווענען, אָדער אַפילו בשעת די ימים־נוראים, ערב יום־כיפור צו כל נדרי ווען די מתפללים פלעגן פרומע און גאָטספאָרכטיקע זיך איילן אין שוהל אַריין אָדער צום בית המדרש כדי מתפלל צו זיין צום רבונו של עולם און צו בעטן אַז מען זאָל זיי מוחל זיין פון הימל אויס פאַר זייערע מישטיינסגעזאָגטע זינד. אָבער

דער אויפגעקאָכטער הענעך פלעגט עפּענען ממש אַ גהינומדיקע לאַנדשאַפט פון מכלומרשטע יידישע זינד און אויסגעטראַכטע חטאים, טאַקע מערסטנס בלויז פוסטע פאַנטאַזיעס פון אַ וואַנזיניקן מוח. ער פלעגט אַ מיש טאָן מיט זיינע הענט אין אַ ברענענדיקן קעסל אין וועלכן עס קאָכן זיך ממש מענטשלעכע נשמות; ער פלעגט אויפהויבן די דעק פונעם קעסל און אָפּדעקן נאַקעטערהייט די דיבוקים פון מענטשן און חשובע לייט; פון פרומע און ערלעכע; פון מאַנצלייט און ווייבער; פון רייכע און אָרעמע פונעם פאָלק. ער איז געווען דער מאַן וואָס האָט ווי אַ שלאָפלאָזער מלאך אין די וואַכעדיקע נעכט געזען און זיך דערמאָנט דאָס לעבן פון זיינע לאַנדסלייט, און אַצינד האָט ער זיך אַליין, לויט זיין אייגענעם משפּט און זיין פאַנאַטישער מאָראַל, פאַרוואַנדלט אין זייער מאָנסטערהאַפטן געוויסן, אין זייער אינקוויזיטאָרישן ריכטער, וואָס אורטיילט און משפּט זיי לויט זיין קראַנקער וויזיע און זיינע פאַרדאָרבענע חושים. אמת, זיין משוגעת האָט אים דווקא געשאָנקען העכערע כוחות און גייסטיקע אויגן וואָס האָבן אַדורכגעדרונגען דורך לעבנס, דורך לייבער און קנאָכנס פון די געוויינלעך שוואַכינקע מענטשעלעך וואָס חלומען און לעכצן נעבעך נאָך רייכקייט און שוואוילטאָג. ער האָט איצט פאַרמאָגט בליציקע שוואַרצאַפּלען וואָס האָבן ווי מיט ראַדיום אַדורכגעקוקט דורך מענטשלעכע מזלות אַזוי ווי מלאכים פון הימל. די שטאָטישע בעלי־הבתים האָבן ממש אויפגעשוידערט ווען זיי פלעגן הערן זיינע טריט און זיין גאַנג מיט דער גאַנצער סוויטע פון הענדום־פּענדומדיקע באַגלייטערס דורכשפּאַנען איבער די געסלעך אינמיטן נאַכט פאַרביי זייערע הייזלעך, און זיי פלעגן הערן פון זיין צונג דונערנדיקע פּראַזן, אַרויסגערעדטע מיט אַן אוממענטשלעכן קול ווי זיי וואָלטן קומען פון שוואַרצע קראַטערס פון פייער־שפּייענדיקע וואולקאַנען:

— דו, פּנחסל באַקצאָן, דו האָסט דיינע אייגענע קראַנקע שוועסטערן באַרויבט און באַגזלט כדי אָנצוזאַמלען רייכטום, אוצרות מיט גאָלד פון פאַרגליווערט מענטשלעך בלוט אין דיין קאַסע פון אייזן. דו האָסט זיי אויסגעטאָן מוטער־נאַקעטע ווי די מאַמעס האָבן זיי געהאַט אין די נעכט און ווי הורן זיי פאַרקויפט אויפן מאַרק צו אַלטע און רייכע לייט...

— און דו, בערעלע פויגל, דו האָסט אָנגעזעצט נדנים פון פאַריתומטע און פאַרשעמטע כלהס וואָס זיינען צוליב דיין ווערמדיקער נשמה פאַרזעסן געוואָרן און זיינען אויסגעגאַנגען פון קריינקונג. דו האָסט צוגערויבט גאָלדענע חתונה־רינגלעך, אויערינג און בראַנזאָלעטן פון איינזאַמע אַלמנות. דו האָסט געטרונקען און געזשליאָקעט ווי אַ דורשטיק פערד זומערצייט ביי די טייכן, ברייטע און טיפע בעכערס מיט בלוט און טרערן פון דיינע אייגענע ברידער און שוועסטערן. נאָך דיר און נאָך דיין געדעכניש וועלן יאָמערן פאַרוויסטע ווייבער, איינזאַמע עגונהס און פריערהייט גרוי־געוואָרענע כלהס. דו וועסט זיך אַ נאַקעטער באָדן אין די שרפהדיקע טאָלן פון גהינום. דו וועסט פלאַקערן ווי אַ שטורקאַץ וואָס

ווערט פון די ווינטן געטריבן און פון אָדלערס מיט די שנאָבלען געשפּיגן איבער די דעכער פון הייזער, פּאַלאַצן, פון חורבות און תפיסות...

— און דו, יאָקעלע הויקער, דיין האַרץ איז פאַרהאַרטעוועט ווי אַ קיזלשטיין ביים וואַסער. אַזוי שטייניק־האַרט און עקשנותדיק ווי עס איז דיין גראַניטענער הויקער אויף דיינע אויסגעקרומטע פּלייצעס. דו וואָלסט געקענט קאַלטערהייט צוקוקן, אָן אַפילו צו טאָן דעם מינדסטן פינטל מיטן שיקלדיקן אויג דיינעם, ווי אַזוי אַ הונגעריקער ייִד גייט אויס פאַר אַ כזית ברויט און דו וואָלסט אים אַפילו קיין צעבויגענע פּרוטה נישט געשאָנקען און אַוודאי אויך נישט קיין טראָפּן וויין כדי צו דערכאַפּן זיין אויסגעהונגערט האַרץ. דו ביסט אַ רוצח און אַן אַכזר. איך האָב געזען און באַטראַכט דיינע מעשים צו מענטשן און כ׳האָב דיך געפונען פעליק און שולדיק. גאָט אַליין האָט דיך געוואויגן אויף זיין אייזערנער וואָגשאָל און האָט דיך שטרענגערהייט געמשפּט. דיין שטראָף, דיין עונש הענגט פינצטער איבער דיין נאַקעטן שאַרבן ווי אַ שווערד פון פייער און שוועבל...

אין אַזעלכע מאָמענטן פלעגט הענעך זיין ענלעך צו אַ נביא. ער האָט אָנגענומען דאָס פּנים און געשטאַלט פון עפּעס אַ רעוואָלוציאָנערן טריביון וואָס שטורעמט אומדערשראָקענערהייט אַנטקעגן פאַרדאָרבענע הערשער און טיראַנען. ער האָט געשליידערט דעם רויען אמת אין די אויגן פון די פאַרריסענע און מאַכטגיריקע לייט וואָס זיינען פול מיט פּוסטער גאווה. עס איז קלאָר אַז דער קלאַס פון גאוותדיקע בעלי־הבתים און די אַרויפגעאַרבעטע פּאַרוועניוס האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן אַזאַ מין שניידנדיקע קריטיק. אַפילו נישט די ליפּן פון אַ משוגענעם ייִד וואָס האָבן געשליידערט אויף זייערע קעפּ שעדלעכע רייד, געוואָרפן צו זייערע פיס און אָנגעצונדן ביי זייערע אייגענע שוועלן און באַלקאָנען. זיי האָבן אויך נישט געליטן וואָס ער צעברעכט די פענצטער פון זייערע געשעפטן און ער צינדט אָן די דעכער איבער זייערע שלאָפצימערן. זיי האָט פאַרדראָסן וואָס ער ווייסט געגנוי ביי וועלכן גביר און פון וועמענס געוועלב אַרויסצוגנבענען סחורות און צו באַהאַלטן אין קעלער פון זיין חורבה־הייזל. זיי האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן וואָס ער ווייסט פון וועמען צו פאָדערן אַ נדבה מיט אַ האַרבן שטעל, און נישט גרינג אָפּצוטרעטן. די גבירים פלעגן דעריבער אונטערשיקן נישטיקע ברואים, אונטערגעקויפטע פאַרשוינען כדי אים צו שלאָגן. צוליב דעם וואָס דער אומגליקלעכער איז געווען אין אַ צושטאַנד פון כסדרדיקן עקסטאַז, נישט קענענדיק שלאָפן בשעת די הייסע נעכט פון חודש תמוז און ער האָט זעלטן געגעסן אַ לייטיש מאָלצייט, איז ער געוואָרן פיזיש אָפּגעשוואַכט און פאַרמוטשעט. ער האָט זיך נישט געקענט אַנטקעגנשטעלן די היימישע רוצחים און די ברוטאַלע שלעגערס, וועמענס הענט פון טרעגערס און שמידן האָבן פאַרמאָגט געוואַלדיקע שלאָג־קראַפט...

ווען דער משוגענער הענעך פלעגט צוריק מיושב ווערן בשעת די

פרי־האַרבסטיקע חדשים האָבן זיך דערנענטערט צוזאַמען מיט די ימים־טובים ראש השנה, יום־כּיפּור און סוכות, איז ער אויפדאָסניי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געוויינלעכן ייד וואָס האָט געטראָגן אַ לאַנגע און פרומע אַטלאַסענע קאַפּאָטע מיט אַ זיידענעם גאַרטל, און מיטן קליינעם רונדיקן היטעלע אויפן שפּיץ קעפּל וואָס די פּוילישע יידן האָבן געטראָגן זינט דעם מיטלאַלטער. ער האָט איצט שוין געהאַלטן פאַרשלאָסן זיינע ליפּן. ער האָט עפּעס טרויעריק געשוויגן אין שטאַרקן קאָנטראַסט צו זיין פריערדיקער שטורמדיקער ראָלע און צום מבול מיט הויכע געשרייען און חוצפּהדיקע רייד וואָס האָבן זיך געריסן און געפּלייצט פון זיין בריענדיקער צונג. ער איז שוין איצט געווען פאַרטיפט און איינגעגראָבן אין זיך ווי אַ שילדקרעט (מילדוואָרם) וואָס לויפט גיך און בלינדערהייט אַריין אין דער טיפעניש פון דער ערד ווען ער באַגעגנט אַ דערוואַקסענעם מענטש אָדער אַפילו אַ קינד. ער איז געווען, איך חזר איבער, עפּעס אינגאַנצן פאַרשטומט און דערשלאָגן פון יסורים, פון חרפּה און פון חרטה אויף זיינע נעכטיקע מעשים. ווייזט אויס אַז עפּעס אַ רוח צי אַ גייסט אָדער אַ שד האָט אים איינגערוימט אין אויער דאָס קלוגע וואָרט: „החיים והמות ביד הלשון”... ער איז איצט געווען אָפּגעזונדערט פון קהל און ווי אַ פאַרשטיינערטער אין זיין איינזאַמקייט...

איצט פלעגט דער שוין באַרואיקטער הענעך אַרבעטן ביים וועג. ער האָט צעקלאַפּט מיט אַ האַמער גרויסע שטיינער ביי דער בריק וואָס די עסטרייכישע אַרמיי האָט געלאָזט בויען אין דעם אָקופּירטן פּוילן איבער דער ווייסל. דערביי האָט עס אויסגעזען ווי ער וואָלט געשלאָגן דעם גראַניט וואָס גאָט האָט געלאָזט פריי וואַקסן אויפן פעלד אין דער היץ פון דער זון און אונטערן שניי אינמיטן ווינטער. בשעת די קאַלטע פרעסט, קורזשאַווע און האָגלען האָט ער געטראָגן שווערע הילצערנע נאָסעס מיט קיבלעס (עמערס) מיט וואַסער פון דער ווייסל, פון טייכן און אַפילו פון „וואָדיטשאָנג” פאַר די יידישע היימען. ער האָט אָנגעהאַקט האָלץ פון עקשנותדיקע פניאָקעס פאַר די אויוונס פון איינזאַמע אַלמנות און גלאַט אַזוי חולאוואַטע יידן. ער האָט שווער געהאָרעוועט ביי כלערליי פּראָסטע און שוואַרצע אַרבעטן. דער קליינשטעטלדיקער קברן, דער הויכער אייזיק, פלעגט אים אַ סך מאָל אויפוועקן אינמיטן נאַכט און באַשעפטיקן ביים פאַרענדיקן אַ היימישע לוויה כדי קובר צו זיין דאָס מת אינעם פריש־אויסגעגראָבענעם קבר, אָדער ביים צורעכט מאַכן איינגעפאַלענע מצבות אין פאַרוואַקסענע קברים מיט דערנער, מיט הויכע טרוקענע גראָזן און שטיינער; צי ביים איבערגראָבן אַ פאַרפלייצטע קרקע מיט וואַסער נאָך אַן אומגעוויינלעכן רעגן וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן פון עפּעס אַ שלעכטער כמאַרע אינמיטן העלן טאָג, צי ביים אויסרייסן בריענדיקע פּאָקשיווע פון עפּעס אַ קבר פון אַ געהאָנגענעם ווען זיינע קרובים האָבן געדאַרפט אָנקומען פון אַמעריקע צי אַפילו פון וואַרשע אָדער פון לובלין אויף קבר אָבות. דער משוגענער הענעך האָט איצט, ווינטערצייט, געטריי

מפרנס געוועז זיין אַלטער און קראַנקער מאַמען. אַרום האַרבסטצייט פלעגט ער פלייסיק אַרומבעטן די ווענט פון זיין אייגענער אָרעמער כאַטע ביי דער ווייסל מיט אַ סך טרוקענע און געלע בלעטער וואָס זיינען געדיכט געפאַלן פון די אַלטע בוימער, כדי עס זאָל זיין וואַרם אין די שטיבלעך ווען שניי און אייז באַדעקן די ערד. ער האָט אויך פאַרראָכטן דעם אָפּגעבלאַקירטן שטו־ויענעם דאַך. ער איז אין דער דאָזיקער צייט פון יאָר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם שטילסטן מענטש אויף דער ערד וואָס היט אָפּ יעדן טאָג און נאַכט דאָס צום אויבערשטן געטרייע דאַווענען מנחה־מעריב אין דעם אַלטן בית המדרש וואו שטילע און סודותדיקע יידן, מידע זקנים, וואַרטנדיק אויף משיחן און אויפן מלאך המות וואָס האָט אַגב גענוג צייט און ער איילט זיך נישט ביי זיי צוצונעמען זייער הייליקע נשמות, זיצן זיך באַזאַכט ביי די נידעריקע טישן אויף צעבראָכענע בענק און אָפּגעריבענע טאַבורעטקעס, האַלטנדיק זייערע געלע הענט אויף די ברייטע און פאַרגעלטע בלעטער פון ספרים וואָס האָבן אויך געדולד און זיי וואַרטן אַז אַנדערע, יינגערע יידן זאָלן פון זייערע טיפע ברונעמער לערנען תורה און חכמה. הענעך האָט איצט געטראָגן אויפן נאָך אַלץ פון פריער־צעשלאָגענעם לייב אַ ריין מלבוש וואָס די מאַמע זיינע האָט פאַר אים אויסגעוואַשן ביים ברעג פון דעם שטראָמיקן טייך וואו די פיש שווימען מיטן שוואונג פון פאַרכישופטע ברואים צום אייגענעם טויט. זי האָט אויפגעהאָנגען דעם מלבוש ביינאַכט צום טרוקענען זיך אויפן פלויט נעבן זייער כאַטקע וואָס איז גיכער געווען אַ קעלער מיט בלויז צוויי צי דריי קליינע פענצטער, נאָענט צו דער ערד. זי האָט אים אויך אויסגעוואַשן דעם לאַנגן טלית קטן מיט די זיידענע ציצית. ווי שוין געזאָגט: בשעת זיין ווינטערדיקער שטילקייט ווי אַ פעטער און אַלטער בער אין דעם וואַלד־געדיכטעניש, פלעגט ער איצט אַרומגיין אין די זייטיקע געסלעך, שטיל ווי אַ שאָטן און נישט טשעפּן אַפילו קיין פליג אויף דער וואַנט. דאָס היציקע לשון און די ווילדע פאַנטאַזיעס וואָס האָבן אים געפּייניקט בשעת די זומער־חדשים, האָט זיך פון אים איצט אָפּגעטאָן. אָן לשון, אָן וואָרט און אָן שרפה, מיט זיינע מידע און אויסגעלאָשענע אויגן, איז ער איצט שיער נישט געוועז געגליכן צו אַ מת...

דער פריערדיקער משוגענער הענעך איז שוין איצט, קענטיק, געוועז אַן אַנדערער מענטש, אַ פאַרענדערטער בריאה. אין אַ פאַרנאַכט איז ער אַריינגעקומען צו אונדז אין שטוב אַריין כדי צו בעטן אַ נדבה. איך בין געוועז איבערראַשט פון זיין שרעק, פון זיין שטומקייט, פון זיין בלייכקייט אויפן פנים און פון דער געפאַלנקייט פון זיין נשמה. אויסגעלאָשן איז איצט געוועז דאָס ווילדע פייער אין זיין האַרצן, אין זיין נפש. צעבראָכן איז געוועז די העלדישע פּאָזע, דער צעזאַרישער זשעסט, דער טריאומפאַלער שטעל. אויסגעלאָשענע זיינען איצט אויך געוועז זיינע אַמאָל רויטע אויגן. זיין מאָנומענטאַלע פיגור איז שוין אַצינד געוועז צעקלאַפּט און צעבראָכן ווי אַ דענקמאָל פון אַ גענעראַל נאָך אַ מלחמה, וועלכן הפקרדיקע סאָלדאַטן

צעשיסן מיט שראַפּנעלן אויפן סקווער, נאָכן האָבן זיך אָנגעטרונקען מיטן גראַבירטן ווײַן און ביר אין אַ פאַרלאָזענער קרעטשמע אָדער ווײַנשענק. עס איז אַצינד קוים געשטאַנען פאַר אונדז אַ קליינער און שלאַבעריקער ייִד אויף זײַנע ציטערנדיקע פיס. אַזאַ מין געפּאַלענער און פאַרשעמטער מענטש. אין אַלע זײַנע פריערדיקע העלדישע פּאָזעס איז דער משוגענער העַנעך קיינמאָל נישט געווען אַזוי פּאַטעטיש און נעבעכדיק ווי איצט. ער האָט געוועקט אין מיר אַ טיפן רחמנות. איך האָב זיך אַליין געפרעגט: איז דאָס דער אַמאָליקער גרילצנדיקער העַנעך וואָס האָט פאַרמאָגט אומגעווײנלעכע כוחות ווי פון אַ נאַטור־עלעמענט, זיך שלאָגנדיק ממש מיט ווינטן און הוראַגאַנען, מיט שנייען און מיט רעגנמבולס? איז דאָס יענער שטאָלצער און חוצפּהדיקער ייִד און בונטאַר וואָס האָט ממש דערקלערט מלחמה צו דער גאַנצער שטעטלדיקער געזעלשאַפט? וואָס האָט אין געבליץ און געדונער, אין שטורעם און געפלייץ זיך קיינמאָל נישט צוריקגעצויגן מיט פּחד פון דעם אָפּענעם דרויסן, פון דער הפקרדיקער גאַס, פון דעם געפערלעכן פּלאַץ פון געפעכט, פון דער ברייטער אַרענע, פון דעם אַמפיטעאַטער וואו ער האָט ממש געפאָכטן מיט אַ סביבה, מיט אַ גאַנצער וועלט פון טראַדיציע און עלטער, און ער האָט גלאַדיאַטאָריש פאַרבלוטיקט?!...

איך האָב זיך גאָר נאָענט צו אים דערנענטערט כדי אויפמערקזאַם אָנצוקוקן זײַן פורפורדיק פּנים ווי ס׳וואָלט געווען פאַרשמירט און אָפּגעפאַרבט מיטן בלוט פון זײַנע וואונדן. ער איז געווען אַזוי ווי אַן אַקטיאָר וואָס האָט אין דעם אָוונט פון זײַן לעבן, נאָכן פאַלן פונעם פלושענעם און גאָלדיקן פאָרהאַנג, אויסגעטאָן אַלע זײַנע גרימאַזשן, מאַסקעס, פּנימער און קאָסטיומען און אָן דעם פּראָזשעקטאָרישן ליכט, אָן דעם טעאַטראַלישן עקסטאַז, אָן דעם הייסן אַפּלאָז און ענטוזיאַזם פונעם פובליקום; אָן דעם אויפשפּיל פון פרעמדע, טראַגישע און שטורמישע לעבנס און פאַרוואונדעטע נשמות אין אים און אַרום אים, איז ער איצט געווען אַ פאַרלוירענער, אַן אויסגעלאָשענער וואולקאַן, אַ פוסטער און פינצטערער קראַטער וואָס חושכט אינמיטן פון דער אַלטער נאַכט. יענע מעכטיקע און אייזערנע האַנט וואָס האָט זיך געהויבן אין דער הויך אַזוי ווי צעזאַרס באַפעלנדיקע האַנט צו מאַסן לעגיאָנען און צו די שקלאַפן פון די אונטערװאָכטע פעלקער, האָט זיך איצט בעטלעריש אויסגעשטרעקט נאָך אַ נישטיקער נדבה, נאָך אַן אָפּגעריבענער קופּערנער פּרוטה. יאָ, דאָס איז שוין געווען די האַנט פון אַ געשלאָגענעם בעטלער אָן דעם שם המפורש אונטער זײַן צונג. ווען מען פלעגט אים שוין יאָ אַמאָל שענקען אַ זילבערנע מטבע, אַ גולדן אָדער אַ פערציקער, פלעגט ער ווי אַן אָפּגעבריטער גיך אָוועקכאַפּן די האַנט און שטילערהייט אַ מורמל טאָן:

— ווייס געלט נעם איך נישט!

מיטן אויסדריק „ווייס געלט״ האָט ער מסתמא געמיינט זילבערן געלט. שווער צו זאָגן פאַרוואָס ער האָט זיך דווקא געשראָקן פאַרן „ווייסן

געלט״. גענומען האָט ער בלויז אין זיין איינגעבוירענער אָרעמקייט אַ קנאַפּע קופּערנע מטבע: אַ פּרוטה, אַ צווייער אַ גראָשן. אָבער אַ זילבערנעם גילדן אָדער אַ פערציקער האָט ער שוין מורא געהאַט אָנצורירן. דערזעענדיק אַזאַ מטבע, האָבן זיינע אָרעמע הענט ממש גענומען ציטערן...

איינמאָל אין אַ טאָג גייט אַ שטייפער פּוילישער קאַפּיטאַן מיט זיין לאַנגע שווערד ביי דער זייט און מיטן בלייערנעם ראַפּניק אין זיין רעכטער האַנט. די זון שלאָגט זיך גאָלדיק אָפּ אין די מעטאַלענע קנעפּ פון זיין געפּאַסטן מונדיר. פון קאָפּ ביז צום גאַרטל איז ער דעקאָרירט און באַהאָנגען מיט פּילקאָלירטע טאַשמעס און מעדאַלן. ער טראָגט אויףביידע אַקסלען שטייפע עפּאָלעטן מיט מעשענע אותיות. ער איז אָנגעטאָן אין כלערליי מעטאַלענע דראָטן, שטריקלעך און בענדלעך. יידן אין שטעטל האָבן כל־ימיו געוויכט פון אַ מיליטער־מאַן, פון אַ ליאַדע סטראַזשניק און דינער פון מלכות. זיי האָבן תמיד געזוכט אויסצומיידן דאָס אָרגאַניזירטע שלעכטס, די רוצחישע און פּאַרריסענע מאַכט פון פּאַנצער און שטייפן קאָסטיום, זוכנדיק צו פאַרמאַסקירן דאָס פלייש פונעם מענטש, דאָס וואָס איז פאַרגענלעך און צייטווייליק. גיי אַריין אין דעם מוזעאום פאַר געשיכטע און קוק אָן די פּוסטע גאווה פון די אַלע בבלישע, אַסירישע, מצרישע, גריכישע און רוימישע קריגערס, מלחמה־העלדן פון אימפּעריעס וואָס דערמאָנען אין דער נאַטור־עפּאָכע פון מיליאָנען יאָרן ווען די דינאָזאַאורס האָבן באַטראָטן און באַהערשט דעם פּלאַנעט, און אַלע זיינען זיי אַראָפּ פון דער סצענע, אויסגעגאַנגען פון קלימאַטישע ענדערונגען, אומגעבראַכט געוואָרן דורך פאַרפּלייצונגען, קעלטן, עפּידעמיעס און הונגער. די יידן האָבן מיט זיי אַלע, די גרויסע אימפּעריעס, געהאַט צו טאָן אין פאַרלויף פון זייער אוראַלטער געשיכטע. יידן האָבן זיך מיט זיי פאַרמאָסטן אין דעם וואַלד פון היסטאָריע. יידן האָבן תמיד געזוכט ווי ווייט מעגלעך נישט צו פּראָוואָצירן קיין גוי. שטענדיק געלעבט אין פּחד ווי איינגעבעטענע, ווי קוים מיט צרות טאָלערירטע, אייביק לעבנדיק אין שאָטן, אין דער נאַכט פון געטאָ, אונטער פאַרשלאָסענע טויערן און ריגלען פון ענגע געסלעך, קליינע הייזלעך, פּיטשינקע פענצטערלעך און אַפילו זייערע שוהלן און סינאַגאָגעס האָבן תמיד געמוזט זיין נידעריקער ווי די קריסטלעכע קאָשטשאָלן. מיר האָבן שטענדיק זיך באַמיט אויסצומיידן אָפענע רייכקייט און לוקסוס. דאָס שרעקלעכע אויג פונעם בלוטיקן שונא האָט אונדז אינמיטן נאַכט אָנגעקוקט מיט שנאה און פאַראַכטונג, מיט געפילן פון נקמה און שוידער פון זייערע הייזער, קאַנצעלאַריעס, קירכעס, תפיסות, קאַזאַרמעס, פעסטונגען און מאַגיסטראַטן. מיר האָבן אַלץ געטאָן כדי נישט צו זיין גרויס אין די אויגן פונעם מיטלאַלטערלעכן המון. מיר האָבן געוואוסט אַז מיר לעבן בלויז צייטווייליק, רואיק און אומזיכער וויל מיר זיצן אויף קראַטערס פון וואולקאַנען וואָס קענען באַלד נעמען שפּייען מיט פייער אויף אונדזערע אָרעמע עקזיסטענצן. מיר האָבן זיך אייביק

באַמיט צו לערנען תורה, צו דערציִען אונדזערע ייִנגע דורות אין חדרים און ישיבהס. מיר האָבן זיך געגנערט און געטרייסט מיטן גייסט פון אונדזער מהר״ל, פון אונדזער נשמהדיקער ריינקייט און גערעכטיקייט...

און בשעת עס גייט אַזוי חוצפּהדיק און זעלבסטזיכער דער דאָזיקער שטאָלצער און פאַרריסענער קאַפּיטאַן מיט זיין אייזערנער שווערד וואָס באַמבלט זיך נעבן זיינע פיס, און אין דער האַנט האַלט ער דעם ראַפּניק מיטן מעטאַלענעם שפּיץ, גלייבנדיק אַז גאָט איז אַ גוי און אַז דער אוניווערס איז געשאַפן רק פאַר די גויים, און אַז די שטערן ביינאַכט שיינען בלויז פאַר די קריסטלעכע פאָרלעך כדי זיך צו קושן און צו ליבן זיך אין זייער אָפּשיין — ווער מיינט איר דערנענטערט זיך פלוצלינג צום גרויסן אָדון? אַוודאי: דער משוגענער הענעך. צוקומענדיק נאָענט צום קאַפּיטאַן טוט ער זיך אַ שטעל אַוועק אין אַ שטרענג־מיליטערישער פּאָזע אויף „באַטשנאָשטש״, און סאַלוטירנדיק פאַר אים מעשה אָפיציר, הויבט ער אָן אַזוי שטרענג צו רעדן מיטן גדול אין אַן אויסגעצייכנטן און קרעפּטיקן פּוילישן לשון, אַז דער קאַפּיטאַן האָט שיִער נישט געקראָגן די ניכפּה. הענעך דער משוגענער מאַכט פון אים פשוט חוזק. עס האָט אויסגעזען ווי אַנטקעגן דעם צאָרנדיקן צעזאַר מיט זיינע פון קאָפּ ביז צו די פיס באַוואָפנטע לעגיאָנען שטייט עפּעס אַזאַ פּראָסטער לץ וואָס קרימט אים אויס און לאַכט אָפּ פון זיין מיליטערישער שטייפקייט און פאַרוואַנדלט אים אין אַ נאַרישער קאַריקאַטור. עס קומט פאָר אינעם דאָזיקן צוזאַמענטרעף אַ מאָדנער געראַנגל צווישן צוויי סאָרטן וועלט־אָנשויאונגען, צווישן צוויי טיילן פון דער מענטשהייט וואָס באַדאַרפן פאַקטיש וואוינען אויף צוויי באַזונדערע פּלאַנעטן. הענעכס ציניש באַמערקונגען זיינען געווען אַן אַרויסרוף צום פּוסטן, גלענצנדיק־מונדירטן און געפּוצטן אָפיציר וואָס פאַרמאָגט נישט מער ווי מכלומרשטע מאַכט, פיזישע גבורה וואָס דויערט בלויז אַ מאָמענט אין צייט. דאָס האָט אַ פאַראַכטלעכער ייִד געוואַגט פרעכערהייט אַרויסצורופן אויף אַ דועל פון וואָרט און וויץ דעם אוראַלטן, מאַכטגיריקן מושל וואָס האָט איבער הונדערט יאָר געפּוצט די שטיוול פון די סלאַווישע און גערמאַנישע באַהערשער פון זיין לאַנד. אונטער מאַסקע און מאַנטל פון משוגעת האָט עפּעס אַזאַ געפּאַלענער ייִד מיט אַ רויטער באָרד זיך ציניש פאַרמאָסטן צו רעדן צום אויפגעקומענעם אָפיציר וואָס האָט ערשט נישט לאַנג צוריק פאַרטוישט זיין עסטרייכישן מונדיר פון אַ נישטיקן פעלדפעבל אויף אַ ניי־פּוילישן פּלאַשטש. דאָס האָט געוואַגט איינער, אין שמאַטעס געהילטער און וואַנזיניקער ייִד חוזק צו מאַכן פון דעם באַמבאַסטישן שפּיל אין הערשאַפט, אין וועלט־פּאָליטיק, אין מלוכה, אין אָנשטעל און אין פּוסטער פּאָזע פון אַן ערשט אויפגעקומענער מאַכט וואָס גייט אין די אַלטע היסטאָרישע וועגן פון מאָרד און פּאָגראָמען אויף ייִדן...

— איך, דער אייביקער ייִד, אָנגעטאָן אין צעפּליקטע מלבושים, מיט אָניטשעס אויף די פאַרוואונדעטע פיס מיינע, מיט וואונדן אויף מיין

יידיש־צעשלאָגענעם לייב, בין דאָך אייביקער ווי דו, חוצפּהדיקער קאַפּיטאַן מיט דיינע פּאַרדרייטע און גלאַנציקע וואָנסעס; געצירט אין בראָנדזענע קנעפּ מיטן פּוילישן אָדלער אין יעדן קנאָפּ און באַוואָפּנט מיטן איינגעקויפטן געווער פון פריינקרייך וואָס שטאַמט אָפּ פון דער צייט נאָך איידער די פראַנצויזישע רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן. מיין פאָלק האָט איבערגעלעבט און באַגלייט די לוויהס פון אַלע אייערע קעניגרייכן. אונדזערע נביאים האָבן געזען און געוואויגן אייערע בלוטיקע מעשים און זיי האָבן אייך געפונען שולדיק אויף דער אייזערנער וואָגשאָל. און די האַנט פון הימל האָט אויף אייערע פּאַלאַצנווענט, בשעת איר טרינקט און זינגט אייערע נצחון־לידער, און איר פרעסט און זויפט און זינדיקט מיט אייערע הורן, געשריבן דעם גזר און דעם סוף פון די קייסאָרים, פון אייערע פירשטן און פעלקערשאַפטן וואָס פאַרגיסן אומשולדיק בלוט און זיי גייען סוף כל סוף אין דער ערד אַריין און זינקען אויפן אָפּגרונט פון ים מיט אייערע אייזערנע רייטוועגן, עקיפּאַזשן, קאַנאָנען און מאַשינגעווערן...

איינמאָל בין איך געשטאַנען ווי געוויינלעך זייער נאָענט נעבן דעם משוגענעם הענעך. דאָס איז געווען נעבן אונדזער הויז, ביים ברייטן גאַנעק מיט די צוויי קופּערנע לייבן. דער משוגענער האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט און האָט זיך עפּעס פּלוצלינג פאַרקלערט, קוקנדיק צום שקיעהדיקן האָריזאָנט. איך האָב געוואַגט, גאָר נאָענט צוצוגיין צו אים כאָטש דאָס האַרץ האָט אין מיר געזעצט פון פּחד. איך האָב באַטראַכט פון דער נאָענט זיין צעשלאָגן פּנים ווי צעקלאַפּט מיט קיזלשטיינער, ווי צעהאַקט מיט האַקמעסערס. איך האָב תמיד געחלומט פון דער מעגלעכקייט צו קענען אים אַמאָל זען פון גאָר נאָענט. אַריינצוקוקן ממש אין זיין נשמה. צו שטיין זעליש נאָענט צו דער דאָזיקער ערד־ציטערניש פון אַ מענטש פּונקט ווי דער גריכישער פאָרשער פון דער נאַטור, פּליניוס, איז געשטאַנען נאָענט צום אויסבראָך און צו דער בריענדיקער לאַווע פונעם וואולקאַן וועזוויוש אין וועלכן ער האָט ממש אָנגערירט די הייסע געדערים פון דער ערד. הענעך איז געשטאַנען אַזאַ פאַרקלערטער און אַנגעלענטער מיט די עלנבויגנס אויף די פליגל פון די מיטאָלאָגישע לייבן. אפשר איז עס אויך געווען אַ מאָמענט פון קלאָרן באַוואוסטזיין אין זיין אַביסל אָפּגעקילטן מוח. ער האָט מיט זיינע צעקלאַפּטע הענט אָנגערירט דאָס מעטאַלענעם פלייש פון די חיות. עפּעס אַן אומבאַשטימט, אָבער פאָרט אַ גרויס געפיל פון אַ מין געוואויר ווערן האָט אַרויסגעשטראַלט פון זיין נפש. מיר האָט זיך געדאַכט אַז די שטיינערנע לייבן זיינען אויך געוואָרן סענסיטיוו צו זיין מענטשלעכן טרויער און ווייטיק. זיי האָבן עפּעס אויפגעלעבט פון זיין וואַרעמען און מענטשלעכן באַריר. מיטן פולסירנדיקן פייער פון זיין האַרצן האָבן די לייבן ממש אויפגעציטערט און אויפגעלויכטן מיט לעבן. איך האָב זיך דערמאָנט אין די געפאַנגענע יידישע פּרינצן און פירשטן וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן באַזיגטע און

באַליידיקטע אין רוימישן אַמפּיטעאַטער, אין דעם ריזיקן און אימפּאָזאַנטן קאָלאָסעאום וואָס איז געווען רוימס שלאַכטהויז פאַר די העלדן פון די באַזיגטע פעלקער. אָבער יענע היסטאָרישע העלדן און מאַרטירער האָבן געדאַרפט קעמפן מיט די צערייצטע און אויסגעהונגערטע לייבן און טיגערן פון די דזשאָנגלען אין אַזיע און אַפריקע. און זיי האָבן טאַקע העלדיש געקעמפט ביזן טויט, בשעת די דעמאָלטיקע רוימישע נאַציס, די צעזאַרס און זייערע פעטע ווייבער, האָבן זיך אַמוזירט מיטן יידישן טויט, מיטן העלדישן יידישן שטאַרבן...

פלוצלינג איז פונעם המון אַרויסגעשפּרונגען איינער אַ מאַן מיט אַ ציגל אין זיין רעכטער האַנט און ער האָט הענעכן אָנגעהויבן ברוטאַל צו קאַטעווון. עס איז געוואָרן אַ טומל. יידן האָבן געשריגן. דער משוגענער האָט זיך געפּרואווט אומגעלומפּערטערהייט צו ווערן, צו שרייען און צו אַנטלויפן. דער שלעגער אייזיקל דער פּערדס־גנב האָט אים מיטן רויטן ציגל געזעצט אין האַרצן, אין בויך אַריין, איבער זיין שוין פאַרבלוטיקטן מוח. הענעך האָט זיך באַגאָסן מיט בלוט און מיט טרערן. ער האָט איינגעזען אַזוי ווי תמיד אַז קיינער פון דער מאַסע יידן נעמט זיך נישט אָן זיין קריוודע; אַז ער שטייט אַזאַ פאַרלוירענער און איינזאַמער אַנטקעגן דעם גראָבן געוואַלד פונעם פעבל אין דעם געשטאַלט פון אַ רוצחישן גיבור, האָט ער פשוט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, אין אַ מענטשלעך־רירנדיק געוויין. עס האָט אין אים געוויינט אַ שטיק באַליידיקטע און אומגליקלעכע יידישקייט...

עס איז געווען אַ רירנדיקער מאָמענט: אָנצוקוקן אַן עלטערן ייד, עלנט און געפאַלן, מיט אַ קאָפּ רויטע האָר און אַ שרפהדיק־פאַרבלוטיקטער באָרד, ווי אין לויטערע פאַרבן געמישט מיט קויט און בלאָטע, און ווי אַזוי אַ ייד וויינט ביטער איבער זיין גורל. ווי אַן אוראַלטער נביא איז ער איצט געשטאַנען און געוויינט. דאָ האָט זיך מענטש פאַרבלוטיקט אין געשלעג מיט זיין גורל און ער האָט געיאָמערט ווי אַן אומבאַהאָלפענער גיבור. די נאַכט איז דערווייל צוגעפאַלן. די זון האָט אַזאַ רויט־צעגליטע זיך געזעצט אויף דער אַנדערער זייט ווייסל, איבער די גרינע דאָרפישע פעלדער און זי האָט אָנגעצונדן די באַרד פון הענעכן, שוין באַלויכטנדיק דעם אַנדערן קאָנטינענט. צו הענעכס פיס זיינען איינגעשלאָפן די רייך־געמאַלעוועטע בלומען ווי געבוירענע פון זיינע פאַרגאָסענע טרערן און פון די טראָפּנס פייער פון זיין באָרד, און זייערע איינדרימלענדיקע פנימער האָבן זיך געטוליעט צו די צעקנייטשטע מלבושים פונעם געשלאָגענעם ייד. ער איז געווען אַרומגענומען מיט אַ קראַנץ פון פייערדיקע, אין מענטשלעכע יסורים און אין טרערן געבאָדענע פלאַנצן און פּאָקשיווע. די גאַנצע נאַטור, האָט זיך מיר געדאַכט, האָט געהאַט מיטלייד מיטן געפאַלענעם מאַן, מיטן פאַרבלוטיקט־טריפנדיקן מענטשנמלאך צו וועמען איך האָב זיך דערפילט זייער נאָענט, ממש ווי אַ קליינער ברודער. מיין האַרץ האָט מיטגעוויינט מיט אים...

די קינדער וואָס האָבן אים נאָכגעפּאָלגט איבער די געסלעך פון שטעטל מיט געשרייען און חוזק, אויך וואַרפנדיק שטיינער און ברודיקייטן אויף אים, זיינען איצט אַוועקגעלאָפן צו זייער זייטיקע הייזער און היימען. די מאַמעס האָבן דערשראָקענע אויף זיי געוואַרט. זיי האָבן געוואוסט אַז עס ציט די קינדער צום דאָזיקן וואולקאַנאויסבראָך פון אַ מענטש. דער גהינומדיקער כישוף פון אַ פאַרשאָלטענעם ייד האָט זיי געהאַלטן געפאַנגען פון פריען אויפגאַנג פון דער זון ביזן זון־אונטערגאַנג, און אַז צוזאַמען מיט אים שפּאַנען זיי אין אַ זינלאָזער מלחמה איבער אַלע מיאוסע זומפּן און מיסט־פּלעצער פונעם שטעטל. אונטער אים האָט תמיד נאָכגעפאָלגט אַן אַרמיי אָדער אַ מחנה פון אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע חדר־יינגלעך און לאָבוזעס, געוויינלעך קינדער פון דער גרויסער יידישער אָרעמקייט. קיין ליבשאַפט און רחמנות צו הענעכן האָט קיינער נישט אַרויסגעוויזן. בלויז גלייכגילטיקייט און נייגעריקייט צו זיין דערשיינונג האָט אים נאָכגעפאָלגט...

די מענטשלעכע געזעלשאַפט האָט אין משך פון הונדערטער און אפשר טויזנטער יאָרן זיך באַצויגן ברוטאַל צו גייסטיק־קראַנקע לייט. מען האָט זיי באַהאַנדלט ווי חיות און מען האָט זייער הונגער נישט געשטילט. דאָך האָבן די יידן פאָרט אַרויסגעוויזן צו זיי מער רחמנות ווי אַנדערע פעלקער צו זייערע גייסטיק־צעדולטע מענטשן. יידן האָבן די צעמישטע און אומגליקלעכע אין די שטעטלעך טאָלערירט. די פרעמדע פעלקער, פון תמיד אָן געוואוינט צו פייניקן די געפאַלענע מענטשן, האָבן באַטראַכט זייערע גייסטיק־קראַנקע אַלס פאַרשאָלטענע און זינדיקע נשמות פון גאָט. מען האָט זיי געשלאָגן, סאַדיסטיש געפייניקט און געהאַלטן אָפּגעזינדערט אין קערקערס ווי געפאַנגענע חיות...

בלויז איך אַליין, אַן איינגעריסטער אין די סאַזשעס און פאַרפלעקט מיטן פינצטערן טינט פון אָוונט, בין נאָך אַלץ געשטאַנען נעבן הענעכן ווי אַ צוגעקאָוועטער צו זיין גורל. איך האָב זיך גאָרנישט געקענט זעטיקן אין מיין הונגער אָנצוקוקן די דאָזיקע מערקווערדיקע דערשיינונג פון אַ מענטש וועמען דאָס משוגעת האָט, ווערדליק מיר, דערהויבן צו טראַגישער שיינקייט. ער האָט מיר קיינמאָל חלילה קיין שום שלעכטס נישט געטאָן. ער האָט מיך בלויז לאַנג אָנגעקוקט מיט וואונדער און שטוינונג אין זיינע גוטע, בלויע און טרערנפאַרלאָפענע אויגן ווי ער וואָלט נאָך אַלץ געוויינט. ער האָט זיך מסתמא שטאַרק געוואונדערט וואָס איך וואַרף אויף אים נישט קיין שטיינער. יאָ, פּלוצלינג איז אויפגעגאַנגען טיפע פאַרשטענדעניש צווישן צוויי מענטשן: צווישן מענטשלעך משוגעת און קליין יינגל; צווישן פאַרשאָלטנקייט, פאַרפאָלגונג, נאַאיוויטעט און וואונדער. און אויך די קופערנע און לעבעדיק־געוואָרענע לייבן זיינען געווען אין אונדזער מיטן. זיי האָבן ממש אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די ראָלע פון צו זיין אייביקע שטומע און פּאַסיווע דעקאָראַציעס צום שטעטל און זיי האָבן אויפגעשטראַלט מיט אייגן לעבן, מיט אייגענעם וואַרעמען אָטעם, מיט

אייגענער עקזיסטענץ. אין זייערע קופּערנע מוחות איז ווי אויפגעגאַנגען שכל און באַנעם. און אויך פון די בוימער אַרום, אין די יידישע סעדער, האָט געאָטעמט מיט וואַרעמע געפילן. זיי האָבן זיך דערנענטערט צו אונדז און האָבן ממש גענומען גיין מיט מענטשלעכע שריט. זייערע גרינע צווייגן זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן צו וואַרעמע הענט און אָרעמס וואָס האָבן אפשר געשמאַכט זיך איינס דאָס אַנדערע אַרומצונעמען אין אַ מאַניפעסטאַציע פון קעגנזייטיקער ליבשאַפט און ברידערלעכקייט...

עס איז געווען אַ מאָמענט אין מיין לעבן ווען איך בין באַוואוסזיניק געוואָרן מיט דער ראָלע און באַדייטונג פונעם מענטש אין דער נאַטור. איך האָב אין דעם הענעכן, ווייזט אויס, דערשנאַפּט לעגענדאַרישן, היסטאָרישן, טעאַטראַלישן און ליטעראַרישן העלד. עס איז געבוירן געוואָרן אין מיר זין פאַר דראַמע און מיטאָס. איך בין דאָ געשטאַנען פאַר דער מיסטעריע פון דעם מענטשלעכן כאַראַקטער. ביז איצט בין איך נאָכגעלאָפן בלינדערהייט נאָך דעם געשלאָגענעם הענעך אַזוי ווי די מערסטע קינדער און פענטאַקעס. איצט בין איך אין דער נאַכט שטיין געבליבן פאַר דער נשמה פון דעם איינזאַמען ייד. עפּעס אַ טראָפּן פון באַשייד האָט גנעדיק אויפגעשטראַלט אין מיר. וואָס קומט דאָ אייגנטלעך פאָר? פאַרוואָס ווערט דער צעמישטער ייד פאַרפאָלגט און געשלאָגן פון דער געזעלשאַפט? וואָס מיינט אַזוינס פעבל, מאַסע, המון? פאַרוואָס קעפּן זיי און פאַרוואָס קרוינען זיי? וועלכע סאָציאַלע כוחות טרייבן די דאָזיקע הפקרדיקע גולמס אויף דער גאַס צו געשלעגן, צום שעלטן און בענטשן? אָנצוטאָן לאָרבער קראַנצן אויף די שטערנס פון דעספּאָטן און אויסטאָן נאַקעט און בלוטיק ביזן ביין נביאים און גאונים? וואָס אַזוינס האָב איך אין אים איצט פּלוצלינג דערזען? עפּעס אַזוינס ווי אַ געוואויר ווערן פון דעם סוד און מעכאַניזם פון וועלט־געשיכטע און אַן אויפשטראַל פון די גהינומדיקע געשעענישן אין דעם גאַנג פון צייט?!...

שפּעט ביינאַכט האָב איך זיך דערשראָקן פאַרן בלישטש פון די שטערן אין הימל. סאָוועס מיט פילאָסאָפישע פּנימער זיינען געשטאַנען צווישן די צווייגן פון די אַלטע בוימער. די לבנה, ווי דער נאַקעטער און פורפורנער שאַרבן פון אַ טויטן חכם, האָט באַלויכטן מיט שניי־לויטערע מחשבות די ערדיקע לאַנדשאַפטן. צווישן ביידע לייבן אַ באַשיצטער האָט געדרימלט דער צעשלאָגענער הענעך מורמלענדיק מיט די ליפּן און פאַראַטנדיק זיינע קאָשמאַרן. ער האָט קוים געדרימלט. אָבער מיר האָט זיך אויסגעדאַכט אַז זיין נשמה האָט געוואָגלט און געוואַנדלט איבער דער גאַנצער ערד. ער איז געווען וואַך מיטן מוראדיקן אויפגאַנג פון אַ ניי קאַפּיטל אין דער יידישער, אין דער וועלט־געשיכטע. ער האָט געזען די ביינער פון סקעלעטן און ער האָט געהערט דאָס טופּען פון די אייזערנע קאָפּיטעס פון די פערד וואָס רייטן שוין אין דער צוקונפט און זיי ווילן באַלד טראָגן חורבן און רציחה איבער דער פּוילישער ערד. ער האָט באַנומען די עקזיסטענץ פון אַן אַרמיי פון רוייבערס און מערדערס, פון יענע וואָס

קומען אין לאַנד אַריין כדי אומצוברענגען אַ גאַנץ פאָלק, כדי צו פאַרשפרייטן איבער דער ערד דאָס אַש פון מיליאָנען. כמעט אַלע יידן זיינען רואיק געשלאָפן. בלויז דער משוגענער הענעך איז געווען אַדורכגענומען מיט שוידער און אַנגסטן. מער ווי אַלע אַנדערע יידן אין די געדיכטע שטעט און דערפער אין פוילן האָט ער געזען אַז עפּעס שרעקלעכס און מוראדיקס גייט אויפן טויזנטיאָריקן יידישן ישוב. מען האָט דעמאָלט גאָרנישט פאַרשטאַנען אַז הענעך זאָגט אָן און שרייט אויס די גרויזאַמע סצענע פון עם אומפאַרמיידלעכן און אָנקומענדיקן חורבן וואָס ער זעט בחוש און נביאיש...

אין יאָר 1924 בין איך אויף אייביק אַוועקגעפאָרן פון מיין באַליבטן שטעטל פּילעוו. מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, נאָכדעם ווי די דייטשע מאָרד־רעגימענטן זיינען אַריינגעדרונגען קיין פוילן און זיי האָבן אויף אַ גרויזאַמען אופן פאַרטיליקט אונדזערע האַרציקע יידן, אונדזערע ברידער און שוועסטער, זיץ איך איינמאָל אין אַ ניו־יאָרקער האָטעל, אין דער געזעלשאַפט פון יידישע עמיגראַנטן, אָפּגעזונקטע לאַנדסלייט. זיי זיינען געווען צווישן די ווייניקע וואָס זיינען אַנטלאָפן פון דער מוראדיקער שרפה, און נאָכדעם ווי זיי דערציילן מיר פון דעם חורבן אין אונדזער שטעטל, און איך הער וועגן די יידן וואָס די דייטשן האָבן אומגעבראַכט אין מאַידאַנעק; וועגן די יינגע פרויען און מיידלעך וואָס האָבן אַרויסגעבליט אַזוי ווי הערלעכע בלומען פון דער אָרעמקייט פון שטעטל, פרעג איך זיך עפּעס אינסטינקטיוו וועגן דעם משוגענעם הענעך...

— דער משוגענער הענעך? ער האָט נאָך געלעבט לאַנגע יאָרן. אין אַ פרייטיק באַגינען פון דעם 1טן סעפּטעמבער איז אָפיציעל אויסגעבראָכן די מלחמה מיט דייטשלאַנד. די פּוילישע רעגירונג האָט זיך שוין מיט אַ וואָך שפּעטער געהאַט עוואַקואירט קיין רומעניע. דאָס שטעטל ווערט שוין אין דעם זעלביקן טאָג באָמבאַרדירט. די נאַציס ווייסן אַז אין גרויסן „האָטעל בריסטאָל״ שטייט איין די פּוילישע רעגירונג. דעמאָלט קומט אַ באַפעל אַז אַלע יידן זאָלן עוואַקואירן דאָס שטעטל. דאָס איז אַ שרעקלעכער מאָמענט: יידן מוזן איבערלאָזן זייערע הייזער, געשעפטן און פאַרמעגנס; דאָס מעבל און זייערע גאַנץ האָב און גוטס וואָס זיי און זייערע עלטערן און זיידעס האָבן אָנגעזאַמלט אין פאַרלויף פון צייטן און דורות. זיי מוזן נעמען דעם וואַנדערשטעקן אין דער האַנט. און ווען אַלע יידן פאַרלאָזן דאָס שטעטל, בלייבט איבער בלויז איין און איינציקער ייד: דער משוגענער הענעך וואָס איז פון פּילעוו נישט אַנטלאָפן. ער האָט זיך באַהאַלטן אין די אונטערערדישע טונעלן פון דעם פירשט טשאַרטאָריסקיס פּאַרק. ער האָט ווי אַ שאָטן אַרומגעוואַנדערט איבער די זאַלן פון די פּאַרצייטישע פּאַלאַצן. ער האָט זיך פאַרבאָרגן אין די טיפע היילן. ער איז געשלאָפן מיט די טויטע פּילעווער יידן אין זייערע שטילע קברים. ער האָט אַפילו אַליין קובר געווען דעם לעצטן קברות־מאַן און עלטסטן פון דער חברה־קדישא, דעם הויכן אייזיקן, וועגן וועמען מען האָט גערעדט אין

שטעטל אַז ער פֿאַרמאָגט אַ גאָלדענע מטבע פֿון דוד המלכס צייטן. הענעך האָט נישט פֿאַרלאָזן דעם פּלאַץ וואו ער איז געבוירן געוואָרן אין איינער אַ נאַכט צו אַ יידישער מאַמען וואָס איז אויס אָרעמקייט, פֿאַרשטייט זיך, געוועזן אַן אַם צו אַ סך ניי־געבוירענע קינדער. זי האָט אויך איר אייגענעם הענעכן אָנגעזויגן מיט יידישע מילך, מיט יידישקייט פֿון אַ יידישער מאַמען...

ביים סוף פֿון דער מלחמה ווען די רוסישע אַרמייען האָבן פֿאַרנומען לובלין און די אַרומיקע שטעטלעך, זיינען עטלעכע לעבנסגעבליבענע יידן צוריקגעקומען אין דעם פֿאַרברענטן שטעטל מיט דער נישט־אויסגעלאָשענער האָפֿענונג פֿאָרט צו געפֿינען אַ קרוב, אַן אַלטן טאַטן, אַ קראַנקער מאַמען, אפשר אַ ליבע שוועסטער, ברודער, אַ ווייב, אַ קינד. און ווען טרעפֿן זיי פֿון דער אַמאָליקער גרויסער יידישער באַפֿעלקערונג וואָס איז געווען אַ פּראַכט פֿון אַ קהל; וואָס האָט רייך געגעבן צדקה; אויסגעהאַלטן יידישע אינסטיטוציעס: אַ גמילת חסדים־קאַסע; הכנסת אורחים; הכנסת כלה; חברה ש״ס; חברה קדישא; וואָס האָט פֿאַרמאָגט שיינע ציוניסטישע און אַרבעטער־יוגענט; בונדיסטן, לינקע פּועלי־ציוניסטן, שומרים און חלוצים... יאָ, ווען טרעפֿן זיי אַרומגיין צווישן די אָפּגעברענטע חורבות פֿון גאַסן, קאַמעניצעס, הייזער און געוועלבער; צווישן בערג מיט אַש און שטויב פֿון אַן איינגעזעסענעם, יידיש־דורותדיקן לעבן? ווען באַגעגענען זיי צווישן די פֿאַרסמאַליעטע ווענט־ריפּן פֿון יידישע געבייען, חסידים־שטיבלעך, שוהלן און בתי מדרשים, און צווישן קופּעס מיט שוואַרצפֿאַרקאָפּטשעטע ציגל? אַן איינזאַמער אַזאַ פֿאָרעט זיך אַרום ווי דער פֿאַרצייטישער נביא ירמיה נאָכן חורבן בית המקדש דער משוגענער הענעך. דערזעענדיק זיינע לאַנדסלייט, בלויז עטלעכע געציילטע פֿאַרבליבענע פֿון די טויזנטער יידן, ברעכט ער אַרויס אין אַ יאָמערלעך געוויין. און אַזוי יאָמערנדיק ווי אַ פֿאַרוואונדעטע חיה אין וואַלד, לויפֿט ער אַרום איבערן אויסגעלאָשענעם און געשטאָרבענעם שטעטל, דער משוגענער הענעך, וואָס האָט אַלץ געזען, אַלץ אַריינגענומען אין זיך, אַלץ איבערגעלעבט: אַלע שלאַכטן, שחיטות, שרפֿות, גסיסות, גאָר דאָס לעבן און דאָס שטאַרבן פֿון זיין שטאָט און פֿון זיין פֿאָלק...

דער משוגענער הענעך איז שוין איצט געווען אַן אַלטער, גרייז־גרויער ייד, ווייס ווי אַ טויב. אין דער צייט ווען די יידן זיינען פֿאַרטריבן געוואָרן האָט ער דווקא אָנגעטראָגן פֿון אַ סך קעלערס יידיש האָב און גוטס, נישט חלילה פֿאַר זיך אַליין, נייערט כדי צו באַהאַלטן עס פֿאַר די זיך אומקערנדיקע יידן. ביינאַכט פֿלעגט ער לויפֿן הענדום־פֿענדום צו די אויפֿגעריסענע און צעראַבירטע געשעפֿטן דורך אונדזערע טויזנטיאָריקע שכנים: די פּאָלאַקן, און ער האָט נאָך געראַטעוועט וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט ראַטעווען. ער האָט נאָך אַרויסגעטראָגן פֿון דעם שטויב, קויט און ברוכוואַרג פֿון דער שוהל און פֿון דעם בית המדרש וואָס

זיינען געווען פֿאַרשרפֿהט, גאָטס געשענדעטע ספֿרי תּורות. די צאָרנדיקע לייבן מיט די גאָלדענע צונגען אויף די ספֿר־תּורה־מענטלעך און פּרוכתן האָבן געלעקט זייערע אייגענע וואונדן, געקושט די לשון קודשדיקע אותיות. אין זיין משוגעת אָדער נאַאיוויטעט האָט ער געגלויבט אַז די יידן וועלן באַלד צוריק אַהיימקומען און ער וועט זיין אימשטאַנד זיי אומצוקערן כאָטש אַ קליינעם טייל פֿון זייערע אָנגעוואוירענע פֿאַרמעגנס. אָבער צוריקגעקערט האָבן זיך בלויז געציילטע יידן, קראַנקע און צעבראָכענע. די דאָזיקע סקעלעטן פֿון די אַמאָליקע וואוילהאָבנדיקע יידן האָט הענעך אַריינגענומען אין זיינע קעלערן און ער האָט זיי באַקליידט, באַשוכט, באַהעמדט און באַשפּייזט... ער האָט די הונגעריקע יידן געזעטיקט מיט דער שפּייז פֿון דעם אייגענעם פֿאָלק, מיט די פֿאַרמעגנס פֿון די לעצטע יידן פֿון פּילעוו. עקשנותדיק האָבן איצט געשוויגן זיינע צעהאַקטע ליפּן. ער האָט זיך נישט מער געקריגט מיט זיין צעבראָכענעם פֿאָלק...

יאָ, זיין ווייב און זיינע קינדער האָבן געטיילט דעם גורל פֿונעם גאַנצן פּוילישן יידנטום. די נאַצישע הענקערס האָבן זיי פֿאַרגאַזעוועט און פֿאַרברענט אין מאַידאַנעקס קאָנצענטראַציע־לאַגער... אין טרעבלינקעס פֿאַבריקן פֿון טויט...

הענעך האָט געשוויגן. זיין אַמאָליקע פֿלאַמיקע באָרד איז שוין אַצינד געווען ווייס ווי שניי. די פֿויערים האָבן דערציילט אַז די דייטשע הענקערס האָבן עטלעכע מאָל געהאַט אויפֿגעהאָנגען הענעכן און זיי האָבן אים אויך געהאַט אָפּגעשניטן פֿון דער תּליה. ער האָט געזען פֿאַרן שטאַרבן עטלעכע מאָל זיין אייגענעם טויט; דעם טויט פֿון זיין ווייב און פֿון זיינע קינדער, דעם טויט פֿון פֿאָלק...

די פֿויערים האָבן דערציילט אַז איינמאָל איז געגאַנגען איבערן שאָסיי אַ דייטשער אָבאָז (קאַראַוואַן) וואָס האָט זיך אומגעקערט מיט פֿאַרוואונדעטע דייטשן פֿון דעם רוסישן פֿראָנט. הענעך איז פּלוצלינג ווי אַ נקמה־דורשטיקע חיה אַרויסגעשפּרונגען פֿון וואַלד און פֿאַר נחת און נקמה וואָס ער זעט ענדלעך פֿאַרבלוטיקטע דייטשע חיות, האָט ער אַ שליידער געטאָן זיין קליינטשיק יידיש היטעלע צו אַ גרופּע פֿאַרבאַנדאַזשירטע נאַצי־אָפֿיצירן. זיי האָבן אים געכאַפּט און געוואָלט דערשיסן ווי אַ הונט. אָבער איינער אַ פּויער האָט אָנגעוויזן אויף זיין קאָפּ, אַז ער איז נישט ביי די קלאָרע געדאַנקען. זיין משוגעת האָט אים פֿאַרהיטן פֿון טויט. אָבער זיין לעבן איז איצט געווען אַ סך מאָל ערגער ווי דער טויט: זיין גורל איז געווען צו בלייבן לעבן ביזן לעצטן מאָמענט פֿונעם שרעקלעכן חורבן און צוצוזען דעם טויט פֿון די מערסטע לאַנדסלייט...

דער גרויסער און אוראַלטער יידישער גאָט האָט שיער נישט געלאָזט אומקומען און פֿאַרברענט ווערן זיין גאַנץ פֿאָלק פֿון פּוילן אינעם ריזיקן פֿייער־אויוון פֿונעם נאַצישן קרעמאַטאָריום. נאָר די השגחה האָט געלאָזן שטיין הענעכן ווי אַ שטומען און פֿינצטערן עדות צופֿוסנס פֿון די שוואַרצע

און פאַרשרפהטע ווענט, ביי די פינצטער־אָפּגעזענקטע ריפּן און רואינען פון אַ שטאָט, פון אַ לאַנד און פון אַ גאַנץ פאָלק. ווייזט אויס אַז דער רבונו של עולם לאָזט פּאָרט איבער עפּעס אַן עדות, אַ באַשרייבער און עפּיקער. גאָט לאָזט איבער איינעם אַ שאָטן פון אַ מענטשנגעשטאַלט, כדי ביזן הימל הויך צו וויינען איבערן גרויסן פאָלקסבראָך, כדי אויסצושרייען און אַרויסצוברעכן אין אַ געוואַלדיק געשריי צו די הימלען און שפּעטער צו בלייבן ליגן פעלזיק־שטום, פאַרגליווערט און הייזעריק פון געוויין צווישן די פעלזן אין געבערג אַזוי ווי דער אומגליקלעכער נביא ירמיה. ווי דער נביא האָט אפשר דער משוגענער הענעך אויך געקאָנט זאָגן:

„ער האָט מיך אויף שטיקער צעריסן"...

## שמחהלע זיילערס לעצטע רייזע אויף דער פּריצישער בריטשקע

קליינערהייט פלעג איך זיך צוהערן צו די רייד פון דעם נאָענטן מענטשן ר' שמחהלע זיילער. אַזאַ נאָמען האָט ער געהאַט. זיין פיזיאָנאָמיע איז מיר געבלעבן שטיין לעבעדיק אין זכרון. ער פלעגט זיין אַן אַריינגייער צו אונדז נאָך זינט מיין געבורט. אויף די היימישע שמחהס, חתונהס, בריתן, שלום זכרס און פדיון הבנס פון אונדזער משפּחה פלעגט ער זינגען און טאַנצן מיט גרויס התלהבות. די שוואַרצע און זיידענע באָרד זיינע האָט געפלאַטערט אין ווינט פון זיין אייגענעם אימפּעט. ער האָט געהאַט טינט־שוואַרצע אויגן ווי אַ ווילדע פּוילישע וורענע. ער האָט גערן געהאַט ביי אונדז צו טרינקן אָנגעצוקערטע טיי מיט שטאַרקן סענץ און מיט רעפּטלעך ציטרין ווי רענדלעך פון גאָלד. ער האָט אויך גערן צוגעביסן שטיקלעך לעקעך און האָט דערנאָך אָפּגעלעקט די הויט פון זיינע שפּיצפינגער מיט דער איינגעשמירטער זיסקייט. ער האָט געקענט פריילעך מאַכן אַ סך יידן. פון פאַך איז ער געווען אַ שוסטער וואָס האָט אָבער קיינמאָל נישט אַריינגעצויגן אַ דראַטווע אין קיין פּזשיסווע פון קיין שיך און אויך נישט אַריינגעקלאַפּט קיין הילצערן פלעקל אין זוילן פון אַ קאַמאַש אָדער אין אַ הויכן ווייבערישן קנאַפּעל (אָפּצאַס). ער האָט ליב געהאַט צו זינגען רוסישע לידער ווי אַ שיכורער מאַטראָז פון אַדעס וואָס איז ערשט אָנגעקומען קיין שערבורג אָדער קיין האַמבורג מיט זיין שיף און ער פרייט זיך שוין באַצייטנס וואָס ער וועט בײנאַכט פאַרברענגען אין די הייזלעך פון לוסטיקע מיידלעך. שמחהלע איז טאָג און נאַכט געווען אַ פריילעכער ייד מיט עפּעס אַזאַ מיסטישער פרייד אין האַרצן. גענוי פונוואַנען די שמחה האָט זיך ביי אים גענומען, איז דווקא געווען שווער צו פאַרשטיין. זיין ווייב, די הויכע גיטעלע צלבהס, האָט איר מאַן נישט איבעריקס ליב געהאַט. זיי האָבן שוין זינט יאָרן נישט געוואוינט צוזאַמען. זי פלעגט קריגן פון די היימישע יידן קאָמפּלימענטן פאַר איר שיינקייט. אָבער איך געדענק נישט מיט וואָס אַזוינס זי איז דווקא געווען אַזאַ גערימטע יפת־תואר. זיי האָבן געהאַט צוויי דערוואַקסענע טעכטער וואָס

האָבן פֿאַראַדירט דורך די געסלעך פֿון שטעטל נישט דווקא מיט קיין חסידישע יינגעלייט. מען האָט גערעדט אַז די רוסישע אָפֿיצירן זיינען פֿאַרליבט אין די יידישע קראַסאַוויצעס ביז איבער זייערע אויערן, און אַז מען זעט זיי אָפֿט אין „האָפּמאַנס קינאָ״ נעבן די קאָשאַרן (קאַזאַרמעס). ביינאַכט, שפּאַצירנדיק איבער די געסלעך פֿון פּילעוו וואָס זיינען קוים געווען באַלויכטן מיט די קאַרגע לאָמפּן פֿון די עטלעכע אייזערנע לאַמטערנעס, האָט מען געהערט ווי זיי לאַכן מיט עפּעס אַזאַ אומגעוויינלעך שיקסעוואַטע געלעכטער. איך געדענק זייערע ברייט־ראַנדיקע היטן מיט לאַנגע שפּילקעס אין די שווערע לאָקן בשעת די פֿריילינגדיקע טעג. אָבער מיר האָט זיך אויסגעדאַכט אַז די שאַרפֿע שפּילקעס שטעקן טיף אין זייערע שאַרבנס. שפּעטער־צו זיינען זיי אַוועקגעפֿאָרן קיין וואַרשע כדי צו שטודירן אין אוניווערזיטעט. זיי האָבן וואָס אַן אמת שטאַרק אויסגעפּעלט אין דער קליינשטעטלדיקער סביבה. זייער געלעכטער האָט נישט מער אָפּגעקלונגען ביינאַכט אין שטעטל, שפּאַצירנדיק אַזעלכע לוסטיקע אין דער קאָמפּאַניע פֿון רוסישע אָפֿיצירן און פּוילישע סטודענטן...

אין דעם שמחהלע זיילער איז געווען אַן אָדער פֿון אַ לץ, אַ בדחן, אַ שדכן, אַ פּראָפֿעסיאָנעלער פֿריילעך־מאַכער אָדער אַ מין „סטאַנטשיק״ וואָס האַלט אונטער דאָס געמיט פֿונעם קייסער בשעת זיינע מרה־שחורהדיקע שעהן. ווי שוין געזאָגט, האָט ער געטאַנצט און געזונגען אויף יידישע שמחות און חתונהס. מען האָט אים טאַקע גערופֿן הערשעלע אָסטראָפּאָלער. אָבער דאָך האָט פֿון אים אַרויסגערעדט און אַפֿילו טיילמאָל אַרויסגעוויינט אַ דיבוק, אַזאַ איינזאַמער גייסט פֿון „יענער וועלט״, וואָס האָט אַזוי פֿיל געוואוסט וועגן דעם הימלישן לעבן פֿון דער מענטשלעכער נשמה ווי שמחהלע האָט געוואוסט וועגן דעם מענטשנס ערדישער עקזיסטענץ. אָבער ער האָט גערעדט, געלאַכט, דערציילט מעשיות, פֿאַרוויילט די היימישע לייט, געטראָגן פֿרייד און געזאַנג צו די יידן, צו די אָרעמעלייט, צו די שוסטערס און שניידערס פֿון זיין סביבה און צער. עס איז געווען קלאָר אַז שמחהלע איז אַליין עפּעס אַ סאָרט פֿאַרלוירענער טאַלאַנט, אַ מין גלגול פֿון אַ ניגון. עס פֿלעגט אויך טרעפֿן, ווי מענטשן האָבן פֿאַרציילט, אַז ווען קיינער האָט נישט געזען אויסער אפשר דאָס געהיימע אויג פֿון אַ מלאך, איז ער געשטאַנען אינמיטן נאַכט, אונטער אַ געדיכטן הימל מיט אומגעוויינלעכע שטערן ביי דער וואַנט פֿון דעם אַלטן בית המדרש און ער האָט עפּעס אַריינגעוויינט אין דער מויער, צווישן די שטיינער, אַזש ער האָט זיי נאַס געמאַכט מיט זיינע קאָכעדיק־הייסע טרערן. יידן האָבן מסתמא מיט רעכט אויסגעטייטשט אַז אין זיין פּערזענלעך לעבן איז ער נישט געווען איבערגליקלעך. זיין ווייב, די הויכע גיטעלע צלבה׳ס, און זייערעביידע טעכטער האָבן דעם פֿאָטער זייערן נישט אָפּגעגעבן דעם געהעריקן כבוד און אַוודאי האָבן זיי נישט אַרויסגעוויזן צום עלנטן טאַטן קיין איבעריק ליבשאַפֿט...

אָבער זיין איינציקער זון אליהו אָדער אַלי׳ האָט מיט יאָרן שפּעטער געקראָגן דעם נאָמען אַלעקסאַנדער אַקימאָף, גאָרנישט קיין יידישער נאָמען. ער איז שוין ייִנגערהייט ממש געוואַקסן אַלס לעגענדאַרער זינגער וואָס איז געשטיצט געוואָרן אין וואַרשע און שפּעטער אין פּעטערבורג דורך רייכע יידן וואָס האָבן אים געלאָזט שטודירן מוזיק אויף זייערע אייגענע הוצאות אין דער פּעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע. דער וועלט־באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר אַנטאָן רובינשטיין האָט אַרויסגעוויזן אינטערעס פאַרן יונגן זינגער. ער האָט יאָרנלאַנג געלערנט די סודות פון מוזיק און געזאַנג ביז ער האָט טאַקע דערגרייכט זיין צוועק. ער האָט שוין געהאַט געזונגען אין די זאַלן פונעם צאַר ניקאָלאַי און דער צאַריצע. שפּעטער איז ער שוין אויך אויפגעטראָטן אין דער פּעטערבורגער אָפּעראַ אַלס צאַר באָריס גאָדונאָוו מיט מוסאָרגסקיס מוזיק אין פּושקינס דראַמאַטיש ווערק. אין אים זאָל זיך אויך האָבן פאַרליבט אַ פּרינצעסין פון דער ראָמאַנאָוו־פאַמיליע וואָס איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין אַ קורצער צייט אַרום ווייל אַקימאָף זאָל האָבן אָפּגעזאָגט איר בקשה זיך צו שמדן אויף פּראַוואָסלאַוויע כדי מיט איר חתונה צו האָבן. די וואונדער־מעשה אָדער לעגענדע אַז ר׳ שמחהלע שוסטערס זון פון פּילעוו האָט געזונגען פאַרן צאַר ניקאָלאַי און דער צאַריצע מאַריאַ פיאָדאָראָוונאַ, האָט אים אָנגעטאָן ממש אַ קרוין אויפן קאָפּ. אָבער שפּעטער זיינען געקומען היסטאָרישע געשעענישן אין דער צאַרישער אימפּעריע. עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה אין וועלכע די רוסישע אַרמייען האָבן געליטן גרויסע מפּלות כמעט אויף די מערסטע פראָנטן אין פּוילן, גאַליציע און פּרייסן. די ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע איז אומגעבראַכט געוואָרן בשעתן אויסברוך פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע. איך האָב וואָס אַן אמת געהאַט אינגאַנצן פאַרגעסן אין דער עקזיסטענץ פון דעם אָפּעראַ־זינגער וואָס שטאַמט אָפּ פון אונדזער פּילעווער סביבה. אַגב איז ער אויך געווען אַ מיטגליד פון אונדזער משפּחה. איך האָב, ווי געזאָגט, אין משך פון אַ סך יאָרן נישט געהערט פון ר׳ שמחהלע זיילער און פון זיין באַרימט־געוואָרענעם זון, דעם צאַרס אָפּעראַ־זינגער...

ערשט מיט יאָרן שפּעטער נאָך דעם חורבן פונעם פּוילישן יידנטום, איז צוזאַמען מיט אַנדערע געראַטעוועטע יידן אויך געקומען קיין ניו־יאָרק מיינס אַ ווייטע קרובה, אַ מין דריי־קאָפּ, פונעם שטעטל פּילעוו. איך בין דורך איר געוואויר געוואָרן אַז דעם „קייסערס זינגער" וואוינט אין סאַן פראַנציסקאָ, אין אַן אַלטן שלאָס פון עפּעס אַ סלאַווישן פירשט, אַ ווייס־גוואַרדייאישן גענעראַל וואָס איז דורך קאָנסטאַנטינאָפּאָל אָנגעקומען צו די ברעגעס פונעם פּאַסיפיק און ער האָט זיך געראַטעוועט פון דער „טשעקאַ" וואָס האָט אים געהאַט פאַרמשפּט צום טויט. מיין ווייטע קרובה, ליזעט האָט זי זיך גערופן, איז געשטאַנען אין נאָענטע באַציאונגען מיט דעם שוין דעמאָלט אַלטן זינגער, און איינמאָל אין אַ טאָג האָב איך פון אים דערהאַלטן אַ לענגערן בריוו אין וועלכן ער האָט מיר געשריבן אין אַ

שלעכטן יידיש אַז ער איז שוין איצט אַן אַלטער און קראַנקער מאַן; אַז ער שרייבט בשעת זיינע שלאָפלאָזע נעכט די מעמואַרן פון זיינע פילע אַוואַנטורעס, רייזעס, ראָמאַנסן מיט אַריסטאָקראַטישע פרויען, און אַז ער שרייבט אויך וועגן זיינע איבערלעבענישן אינעם צאַרישן הויף, און אַז ער שילדערט אינטים און פולבלוטיק אַ גאַנצע רייע דראַמאַטישע פיגורן פון יענער צייט, פון דער עפּאָכע פון די ראָמאַנאָווס; פון די מיניסטאָרן און צאַרישע גענעראַלן וואָס האָבן אָנגעפירט מיט די שלימזלדיקע אַרמייען און מיט דער רוסישער פּאָליטיק בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה; און אויך וועגן דעם וועלט־באַרימטן בייליס־פּראָצעס וואָס האָט דעמאָלט אויפגערודערט די פּאָליטישע וועלט און האָט אַרויסגעבראַכט אַזעלכע פינצטערע פיגורן ווי דעם גלח פּרינייטוס און אַזעלכע ליכטיקע פּערזענלעכקייטן ווי דעם רב מאַז״ה און דעם אַדוואָקאַט אָסקאַר גרוזענבערג...

אין דעם קאָנווערט מיט אַלעקסאַנדער אַקימאָווס בריוו איז אויך געווען אַן אַנדערער פאַלגעלטער בריוו אין רוסיש בלויז אויף איין זייטל פונעם פּאַפּיר, וואָס איז געווען געשריבן נישט פון קיין אַנדערן ווי פון דעם באַרימטן פיאָדאָר שאַליאַפּין...

עטלעכע יאָר צייט האָט אַקימאָוו מיך געבעטן געניי איבערצוזעצן דעם בריוו פונעם רוסישן זינגער און אויך אָנצושרייבן אַ סאָרט סענסאַציאָנעלן אַרטיקל וועגן דעם אין אַ ניו־יאָרקער יידישער צייטונג. איך האָב צום באַדויערן קיין רוסיש נישט געקענט לייענען. דער בריוו איז טאַקע געווען געשריבן מיט שאַליאַפּינס האַנט. יעדער אות אין אים איז געווען שאַרף ווי אַ יאַפּאַנישע שווערד. דעם אינהאַלט פונעם מיסטעריעזן בריוו האָב איך געניי נישט געוואוסט. אָבער דורך די פילע יאָרן האָט אַקימאָוו מיר בייזערהייט געשריבן אין אַזאַ טאָן ווי דער דאָזיקער בריוו וואָלט געווען אַן ענטוזיאַסטישע אָנערקענונג פון דעם סלאַווישן ריזנבאַס פאַר זיין, אַקימאָווס סאָרט זינגען. לויט אַקימאָווס רייד איז אויסגעקומען אַז שאַליאַפּין שטעלט אים אַוועק אין איין רייע מיט די וועלט־באַרימטע זינגער...

איך האָב וואָס אַן אמת געהאַט ווייניק אינטערעס אויסצוגעפינען דעם אינהאַלט פונעם דאָזיקן בריוו. צומאָל פלעגט דער בריוו ביי מיר פאַרשוואונדן ווערן כמעט אויף לאַנגע יאָרן און טיילמאָל פלעגט ער זיך גאָר פלוצלינג באַווייזן צווישן מאַסן אַנדערע פּאַפּירן אין מיין אַרכיוו. טיילמאָל פלעגן מיך באַפאַלן מאָמענטן פון חרטה און באַדויער. פאַרוואָס טאַקע באַמי איך זיך נישט צו געפינען עמעצן וואָס לייענט רוסיש. אָבער איינמאָל אין אַן אָוונט האָב איך אין דער ניו־יאָרקישער קרעטשמע „קאַווקאַז״, אויף דער פערצנטער גאַס, געטראָפן אַן אַלטן רוסישן מאַן מיט אַ קליינער באָרד און מיטן פאַרמעט־בלייכן פנים פון אַ סלאַווישן הייליקן, ווי זיי ווערן פאָרגעשטעלט אויף די געלע און פאַרקאָפּטשעט־גאָלדיקע איקאָנע־מאָלערייען, אָנגעטאָן אין בראָנדז־קאָלירטע קליידער און מיט

קליינטשיקע אויגן וואָס האָבן געקענט זיין פון איינעם פון די אַזיאַטישע פעלקער וואָס באַוואוינען די ריזיקע סלאַווישע אימפּעריע. דער דאָזיקער מאַן איז געווען די שטילקייט אַליין. ער האָט מיט אַ באַזונדערער רואיקייט, אָבער מיט גרויס אַפּעטיט, געגעסן זיין אָוונטיקן מאָלצייט. דער הייסער שאַשליק אויף זיין פּאָרצעלייענעם טעלער איז געווען צוגעברוינט פונעם פייער אונטער דער אייזערנער פּליטע (אויוון), און דער אויסגעצייכנט־פינקלענדיקער וויין אין אַ ריזיקן כוס ווי פון די צערעמאָניאַלע כלים אין אַ צערקווע, האָט רייך באַלעבט דעם אַלטן מאַנס געמיט און האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַ פריינדלעכן מענטש, אַ טיפּישן און באַרעדעוודיקן סלאַוו. ער האָט מיר דערציילט אַז ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אַ פּראַוואָסלאַוונער פּאָפּ (גלח) אין אַ מאָסקווער צערקווע. צוליב דעם, וואָס ער האָט גלייכצייטיק געשריבן דערציילונגען וועגן דעם לעבן פון די רוסישע פּויערים, און זיין נאָמען אַלס נאָוועליסט איז געווען באַרימט איבער גאַנץ רוסלאַנד, איז ער געווען אַן אינטימער פריינד פון גראַף לעוו טאָלסטאָי און אַנטאָן טשעכאָוו. דער נאָמען זיינער איז געווען פונעם באַוואוסטן רוסישן גלח־שריפטשטעלער גוסיעוו־אָרענבורגסקי...

איך האָב דערציילט אָרענבורגסקין אַז ביי מיר אין דער היים געפינט זיך אַ בריוו פון זיין לאַנדסמאַן, דעם באַרימטן זינגער פיאָדאָר שאַליאַפּין וואָס האָט אַזוי מייסטערהאַפט געשפּילט די ראָלע פון דאָן קיכאָט אין דעם אומשטערבלעכן ווערק פון סערוואַנטעס. גוסיעוו־אָרענבורגסקי האָט מיך געהייסן קומען צו אים אַהיים און מיטברענגען דעם בריוו. איינמאָל, אין אַ רעגנדיקן אָוונט, האָב איך פּלוצלינג דערזען שאַליאַפּינס בריוו צווישן מיינע פּאַפּירן. אַזוי פיל יאָרן האָט ער זיך אַרומגעוואַלגערט ביי מיר, און איך האָב בשום אופן נישט געקענט געוואויר ווערן דעם סוד פון זיין אינהאַלט...

עס איז געווען אַ רעגנדיקע נאַכט. גוסיעוו־אָרענבורגסקי, וואָס האָט אָפּגעשטאַמט פון קאָזאַקן, האָט זינט לאַנגע יאָרן געוואוינט צוזאַמען מיט אַ רוסישער פאַמיליע וואָס האָט זיך גערופן סקריאַבין. זיי האָבן אויף אים אַכטונג געגעבן מחמת ער איז שוין געווען אַ זקן. דער עלטסטער פון דער פאַמיליע, אַ הויכער קאָזאַק, האָט געגעבן מוזיק־לעקציעס אויף דער פּיאַנאָ צו יינגע תלמידים. ווי געוויינלעך אַ רוסישער אינטעלעקטועלער מענטש, האָט ער אַ סך גערעדט ווי די כאַראַקטערן אין דאָסטאָיעווסקיס ראָמאַנען. סקריאַבינס ווייב, טאַטיאַנאַ, איז געווען אַ נישט נאָרמאַלע פרוי. קופּרין, דער מחבר פון דער דערציילונג „מומו", וואָס האָט געשילדערט אַן ענלעכע פרוי צו טאַטיאַנאַ, אָדער גאָרקי, וואָלטן געפונען אין איר גענוג מאַטעריאַל אויף צו שרייבן זייערע טיפּיש־סלאַווישע מעשיות. און פאַרוואָס טאַקע בלויז זיי? און וואו זיינען די שרייבער טורגעניעוו אָדער בונין? טאַטיאַנאַ איז געווען אומגעוויינלעך פעט. זי האָט געהאַט רויטע אויגן ווי אַ פיש, נישט חלילה פון אַ סך וויינען, נייערט דווקא פון

כסדרדיקן לאַכן. זי איז געווען שטענדיק הונגעריק און האָט פאַרשטייט זיך געגעסן אָן אַ גרענעץ, באַזונדערס דווקא יענע מאכלים וואָס האָבן איר געגעבן אַ סך פעטס. זי פלעגט בגנבה, ווען אַלע אין הויז זיינען געווען, ווי די שרייבער שרייבן „טיף פאַרזונקען אין אַ געשמאַקן שלאָף", אויפשטיין פון איר אייזערנעם געלעגער און אָנפאַנגען מיט גרויס אַפּעטיט אויסצולײדיקן דעם אייז־קאַסטן פון די מערסטע שפּייזן וואָס זיינען דאָרט געווען אָנגעזאַמלט פאַר עטלעכע סעודות פון דער פאַמיליע. אויף דער וואַנט איז געהאָנגען אַ מאָלעריי פון אַ לאַנדשאַפט הינטער מאָסקווע. אין דער לאַנדשאַפט איז געשטאַנען אַ ריזיקער דעמב וואָס האָט מיט זיינע שווערע צווייגן געטרונקען די שטראַלן פון דער זון ווי אַ שיכור טרינקט בראָנפן אָדער ביר. אין די נעכט ווען די לבנה האָט העל געשיינט, איז די לאַנדשאַפט געווען פריש און אָנגעצונדן ווי אין פרילינג. עס האָט אויסגעזען נישט ווי אַ מאָלעריי וואָס אַ מענטשלעכע האַנט האָט געמאָלן, נייערט ווי אַ נאַטירלעכער פּייזאַזש פון אַ געדיכטן וואַלד וואָס שטייט אין הינטערגרונט פונעם הויז. בשעת מאַדאַם טאַטיאַנאַ פּיעטראָוונאַ האָט אַזאַ הונגעריקע נאָך שפּייז צו מיר גערעדט און גלייכצייטיק געקייט מיט אירע געלע און צעפוילטע ציין די געשמאַקע מאכלים, און איך האָב שוין חשק געהאַט פון איר צו אַנטלויפן, נישט קענענדיק פאַרטראָגן אַזאַ געדיכטן מבול פון פּוסטע און וואַסערדיקע רייד, האָט מיך אָבער דער צויבערהאַפטער וואַלד געהאַלטן געשפּאַנט. די פרישע לאַנדשאַפט האָט מיך ממש פאַרכישופט מיט דער רוסישער אַטמאָספערע. איך האָב געהאַט אַ געפיל אַז איך בין אַ קליינטשיק יינגל און איך גיי שפּאַצירן אין דער פאַרגאַנגענהייט, אין די לאַנדשאַפטן פון מיין יוגענט, און איך קלייב יאַגדעס און שוואָמען אין דעם געדיכטן וואַלד אונטער מאָסקווע. ווען נישט דער כישוף פון דעם דאָזיקן וואַלד, וואָלט איך חלילה פון טאַטיאַנאַס רייד שיער אוועקגעחלשט...

אַזוי ווי עס איז געווען אַ גרויסער טומל ביי דער פאַמיליע סקריאַבין און די פּיאַנאָ האָט זיך כסדר געלאָזט הערן אונטער די סענסיטיווע פינגער פון דעם רוסישן פּיאַניסט־לערער וואָס האָט שפּילנדיק מוסאָרגסקין, רימסקי־קאָרסאַקאָף, טשייקאָווסקי און גלינקאָ מסתמא אויסגעיאָמערט זיין טרויעריקן פאַמיליענלעבן מיט דער צעמישטער און ווילד־טומלענדיקער טאַטיאַנאַן, אַזוי האָט אין דעם בוידעם־שטיבל פון זייער איינזאַמען קאָמוניק גוסיעוו־אָרענבורגסקי געהערשט ממש אַ טויטע שטילקייט. ער אַליין, דער גלח־שריפטשטעלער, האָט קוים אַרויסגערעדט אַ הויך וואָרט. זיין דאַך־שטיבל איז פאַקטיש געווען אַ קליינע צערקווע. אַלע ווינקלען, שענק און רעגאַלן זיינען געווען אָנגעשטעלט מיט געפאַרבטע פיגורן פון פּראַוואָסלאַוונע הייליקע. געלע און דאַרע מאַדאָנעס, ממש פאַרברענטע אין זייער בענקשאַפט צום „הימלישן פּרינץ" האָבן ווי געוויינט אין דעם זוניקן אָפּשיין, אָפּגעטונקענע ווי אין צעשמאָלצענעם גאָלד.

גוסיעוו־אָרענבורגסקי האָט לכבוד מיר דעדיקירט זיין ראָמאַן

„פֿאָטער און זון‟, וואָס איז געווען דער ערשטער באַנד פֿון אַ טרילאָגיע. ער האָט שוין אַפֿילו געהאַלטן אין שרייבן, כאָטש שטאַרק פּאַוואָליעדיק אָדער פֿאַמעלעך, צו באַנוצן אַן אַרכייאיש יידיש וואָרט, דעם צווייטן באַנד און ער האָט שוין געהאַט פֿאַרטראַכט דעם גענויען פּלאַן פֿון דעם דריטן באַנד אויך, פֿאַרשטייט זיך אין דעם רוסישן לשון, וואָס האָט שוין געדאַרפֿט שילדערן אויף אַ רעאַליסטיש־עפּישן שטייגער די אייניקלעך פֿון די זיידעס וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין דער רעוואָלוציע און זיי האָבן שוין געהאַט געקעמפֿט אין די באָלשעוויסטישע אַרמייען קעגן די באַנדיטן־אַטאַמאַנען און ווייסע גענעראַלן וורואַנגעל, קאָרנילאָוו, פּעטלוראַ און בולאַק־באַלאַכאָוויטש...

ווי שוין געזאָגט, גוסיעוו־אָרענבורגסקי האָט געאַרבעט זייער פּאַוואָליעדיק. די בענדער פֿונעם ערשטן טייל פֿון דער עפּאָפּעע זיינען פּאַקטיש געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע פֿון זיין חדרל און אויך אין די ווינקלעך פֿון די אַנדערע חדרים. זיי האָבן געזאַמלט שטויב אַזוי ווי יידישע ביכער וועמענס מחברים גיבן זיי אַרויס אויף די אייגענע הוצאות...

אויף דער פּערצענטער גאַס און ערשטער עוועניו איז פֿאַראַן אַן אַלטע ריזיקע צערקווע וואוהין גוסיעוו־אַרענבורגסקי גייט זייער אָפֿט צו די געבעטן און ער איז, פֿאַרשטייט זיך, דאָרט גוט באַקאַנט צווישן די מיטגלידער און באַזוכערס. אָבער דער רוסישער עלעמענט קויפֿט נישט זיינע ביכער. ווען דער גרויסער פּאָעט וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי איז געווען צו גאַסט אין ניו־יאָרק, האָט אַ לאַנדסמאַן אים געבראַכט אין דער היים פֿון טאָלסטאָיס פֿריינד גוסיעוו־אַרענבורגסקי. מאַיאַקאָווסקי האָט חשק געהאַט צו רעדן מיטן אַלטן גלח. אָבער דער לעצטער האָט אַרויסגעוויזן פֿאַראַכטונג צו די באָלשעוויקעס פֿונעם קרעמלין. מאַיאַקאָווסקי איז געווען זייער פֿריינדלעך צום סלאַווישן זקן און ער האָט ביי אים אפֿשר געקויפֿט עטלעכע עקזעמפּלאַרן פֿון דעם ערשטן באַנד „פֿאָטער און זון‟. דאָס אַלץ האָט מיר דערציילט אָלגאַ, סקריאַבינס טאָכטער, וואָס האָט געזונגען אין כאָר פֿון דער צערקווע...

ווען דער אַלטער שרייבער האָט מיר איינמאָל דערציילט דורך אָלגאַס איבערזעצונג אַז ער איז לעצטנס שטאַרק געענגט אין געלט צוליב די היפּשע הוצאות כדי אָפּצודרוקן גאַנצע טויזנט עקזעמפּלאַרן פֿון דעם באַנד „פֿאָטער און זון‟, האָב איך וועגן דעם דערציילט דער גרויסאַרטיקער דאַמע, ממש אַ פֿירשטין סיי לויט איר אויסזען און שלאַנקער פֿיגור און סיי לויט איר כאַראַקטער און גלענצנדיקן האַרץ, מאַדאַם מאַריאַן צ. קענבי וואָס האָט אָנגעפֿירט מיט אַ קאָמיטעט צו העלפֿן אימיגראַנטישע שרייבער אין ניו־יאָרק. זי האָט צו מיר אויסגעדריקט דעם פֿאַרלאַנג אים פּערזענלעך צו באַזוכן. אין אַ געוויסן אָוונט האָב איך די נאָבעלע פֿרוי פֿון הויכן יחוס, אַליין אַ דיכטערין און דאָס ווייב פֿון דעם דעמאָלט איינפֿלוסרייכן אַמעריקאַנער שריפֿטשטעלער און מחבר פֿון די ביאָגראַפֿיעס וועגן וואָלט

וויטמאַן און טאָראָ, הענרי זיידל קענבי, געבראַכט צום רוסישן שרייבער אויף דער אַכצנטער גאַס אין דעם אָפּגעלאָזענעם און אָרעמען הויז...

ווען איך האָב ענדלעך דערלאַנגט דעם בריוו פון שאַליאַפּין צו גוסיעוו־אָרענבורגסקין, האָבן זיינע ביידע געלע הענט באַדעקט מיט שוואַרצע אָדערן פון דער עלטער, געציטערט פון אויפרעגונג. ער האָט מיר דערציילט אַז ער האָט אויפן דאָזיקן בריוו געוואַרט אַ סך שלאָפלאָזע נעכט פון אומגעדולד אים צו לייענען נאָכדעם ווי איך האָב אים נאָך מיט יאָרן צוריק דערציילט וועגן דער עקזיסטענץ פון אַזאַ בריוו. אָבער צום באַדויערן איז שאַליאַפּינס בריוו געווען אַן אַנטוישונג: אַלץ וואָס ער האָט איצט באַוויזן צו לייענען אין דעם דאָזיקן „מיסטעריעזן בריוו", איז געווען דער נאָמען פון דעם הויז וואו שאַליאַפּין, דער ריזיקער באַס פון מוסאָרגסקיס אָפּעראַ „באָריס גאָדונאָוו", האָט געוואוינט: נעמלעך אין „האָטעל אַנסאָניאַ", אויף דער טומלדיקער בראָדוויי און די זיבעציקער גאַסן וואָס איז טאַקע אין מיינע צייטן ליקווידירט געוואָרן אַלס אינטערנאַציאָנאַלער האָטעל. אָבער איך געדענק די אימפּאָזאַנטע געביידע: עס איז געווען אַ מאַיעסטעטישער בנין פון אַ פּאַלאַץ. אין דעם קורצן טעקסט פונעם בריוו מיטן צוויי קעפּיקן צאַרישן אָדלער אַלס מאָנאָגראַם האָט שאַליאַפּין אין ווייניק שורות בלויז געהייסן קומען דעם דעמאָלט יינגן זינגער אַקימאָוו פאַר אַן אוידיציע. נאָכן אויסהערן אים וועט ער זיין אימשטאַנד צו זאָגן ווי איינדרוקספול זיין שטימע איז...

אַלעקסאַנדער אַקימאָוו האָט מיר קיינמאָל נישט געשריבן וואָס אַזוינס שאַליאַפּין האָט געזאָלט זאָגן וועגן דער קוואַליטעט פון זיין זינגען. מיר דאַכט זיך אַז ווען ער וואָלט אים געווען שטאַרק געלויבט, וואָלט ער זיך זיכער געווען באַרימט פאַר אַלעמען מיטן גרויסן זינגערס משפט און מבינות. אָבער אַזוי ווי ער האָט קענטיק געשוויגן אָדער זיך געהאַלטן רעזערווירט וועגן דעם אינהאַלט פונעם בריוו, האָב איך געהאַט אַ באַרעכטיקטן חשד אַז ער האָט אים ווייניק דערמוטיקט אין זיין מוזיקאַלישער קאַריערע. אַקימאָוו האָט מיך ממש מיט אַנגסט געבעטן אים צוריקצושיקן דעם אָריגינאַל פונעם בריוו. איך האָב אַזוי געטאָן. אָבער אין דער קומענדיקער נאַכט, בשעת אַ געדיכטן רעגן מיט בליצן און דונערן, בין איך צוגעפאָרן צום „האָטעל אַנסאָניאַ", און בשעת עס זיינען שוין געלעגן די בערג ממש מיט שטיינער און ציגל פון דעם צעבראָכענעם ריזנפּאַלאַץ, האָב איך פון אַן אימפּאָזאַנטער טיר וואָס האָט פאַרמאָגט שפּורן פון פאַרצייטישער גלאָריע ווען מיניסטאָרן, דיפּלאָמאַטן, אַמבאַסאַדאָרן, אינדוסטרי־מאַגנאַטן און שפּיאָנען זיינען איינגעשטאַנען אין די לוקסוסדיקע חדרים און געשפּילט דאָס שטורמישע לעבן מיט וויין, ווייב און געזאַנג, און וואו שאַליאַפּין האָט רעפּעטירט מיט זיין מאַכטיקער באַסאָווער שטימע אין די אַריעס פון דער אָפּעראַ „דאָן קיכאָט" צו וויטמאַן און טאָראָ, הענרי זיידל קענבי, געבראַכט צום רוסישן שרייבער סענטימענטאַלע שוואַכקייט, האָב איך אָפּגעבראָכן פון דער מאַסיווער טיר

אַ מעשׂענע קלאַמקע וואָס איך האָב שפּעט ביינאַכט, גייענדיק אַ ציטערנדיקער אונטערן שטאַרקן רעגן, אַהיימגעטראָגן פאַר אַן אָנדענק. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט אין מיין באַוואונדערונג פאַרן רוסישן גיבור פון אַ זינגער אַז די מעשׂענע קלאַמקע איז נאָך געווען הייס פון שאַליאַפּינס האַנט וואָס האָט מיט דער לאַנגער שווערד פון דאָן קיכאָט געפּאָכעט אין דער לופטן אַנטקעגן די בייזע עלעמענטן. עס איז געווען די פעסטע קלאַמקע פון אַ ריזיקער געביידע וואָס האָט, ווי מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, נאָך אַלץ געגליט מיט יאָרן שפּעטער נאָך זיין טויט מיטן זינגערס מאַסיווער האַנט, אַהיימקומענדיק אַ שיכורער פון די קרעטשמעס, טרינק־הייזער, ווינקעלערן, אָפּעראַ־פּאָרשטעלונגען און קאָנצערטן אין דער פינצטערניש פון די ווינטערדיקע ניו־יאָרקישע שניי־נעכט וואָס האָבן אים מסתּמא דערמאָנט אין פּושקינס און לערמאָנטאָווס מיטגנעכט אין מאָסקווער און פּעטערבורגער טשייניעס, און אין זייערע איינזאַמע שפּאַצירן ביי דער נאַכטיש־גרויער נעוואַ וואָס האָט רחבֿותדיק געפּלוסקעט מיט אירע אימפּעטיקע און ווייס־שוימיקע כוואַליעס אין כּבֿוד פונעם אומשטערבלעכן דיכטער און מחבר פון דער מעכטיקער פּאָעמע וועגן דעם דענקמאָל פונעם „קופּערנעם רייטער" וואָס איז געווידמעט צום צאַר פּעטער דעם גרויסן...

ווען איך בין געקומען פון בעלגיע קיין ניו־יאָרק, הגם עס איז געווען קעגן מיין אייגענעם ווילן, ווייל איך האָב נישט געוואָלט אויפגעבן מיין בחורישן אָדער באָהעמישן אופן פון לעבן אין אייראָפּע, און איך האָב זיך אויך נישט געוואָלט שיידן מיט מיינע מאַנסאַרדעס (דאַך־שטיבלעך) וואו איך האָב דורך די שלאָפלאָזע נעכט געשריבן ממש הונדערטער לידער און זיי אַוועקגעוואָרפן ווי דער האַרבסט וואַרפט אַוועק אין חודש אָקטאָבער זיינע בלוטיק־רויטע בלעטער אַזוי ווי אַלט־צירונג, האָב איך אַ קורצע צייט געוואוינט ביי מיינע עלטערן אין די בראָנקס. עס איז מיר געווען אומהיימלעך צו וואוינען צוזאַמען מיט אַנדערע מענטשן, ווען אַפילו מיט מיינע אייגענע טאַטע־מאַמע. אָבער איך האָב נישט געהאַט קיין ברירה. איינמאָל, אין אַ שבתדיקן נאָכמיטאָג, ווען איך האָב זיך אומגעקערט פון אַן אומעטיקן שפּאַציר אין דעם שכונותדיקן קראָטאָנאַ־פּאַרק וועמענס נאַקעטע און אָפּגעקראַצטע פעלדזיקע פלאַכן האָבן מיך אומעטיק געמאַכט, איז אין דער היים פון מיינע עלטערן געזעסן אַן עלטערער און פרעמדער ייד. עס האָט זייער לאַנג געדויערט ביז איך האָב געגומען טראַכטן אַז דער דאָזיקער ייד איז צו מיר עפּעס קענטלעך ווי פון ערגעץ אַ ווייטן און פאַרגאַנגענעם לעבן אויף אַן אַנדערער פּלאַנעטע. זאָל דאָס זיין דער אַמאָליקער פריילעכער שמחהלע זיילער וואָס האָט אין אַ סך יידישע הייזער געטראָגן ממש כוואַליעס מיט שׂמחה, ליד און טאַנץ? עפּעס איז ער ווי פאַרענדערט געוואָרן אויף אַן אַנדערן ייד, ממש אַ זקן. אָבער ווער האָט טאַקע אויסגעטוישט זיין אומעטיק געשטאַלט וואָס האָט אַמאָל געשוועבט ווי אַ מלאך אין יידישע היימען און הייזער? האָבן דאָס אפשר אָפּגעטאָן די

שדים וואָס האָבן צוגעגנבעט דעם טאַנצנדיקן יידישן טרובאַדור, ז״עם בדחן, שדכן און לץ, און זיי האָבן אים פאַרוואַנדלט אין אַן אַנדערן, פרעמדן און דערשראָקענעם „דזשיאַד״, זקן און בעטלער? יאָ, שמחהלע איז געוואָרן מענטשלעך אַלט. ער האָט מיך עפּעס אומפּריינדלעך אָנגעקוקט. אויך ער האָט זיך מסתמא געוואונדערט ווער איך בין און וואו אייגנטלעך ער האָט מיך מיט אַ סך יאָרן צוריק געזען? אפשר האָט ער זיך פאַרט דערמאָנט אַז איך האָב יינגערהייט געשריבן פאַר אים די בריוו צו זיין זון אַלעקסאַנדער, צום באַרימטן און ממש לעגענדאַרן זינגער נאָך אין פוילן, אין אונדזער שטעטל פּילעוו? איך האָב דעמאָלט נישט געהאַט קיין סך געדולד צו שרייבן דווקא דאָס וואָס שמחהלע האָט מיר דיקטירט. דער שרייבער אין מיר, דער פריער ראָמאַנטיקער האָט פאַרטוישט שמחהלעס רייד צו זיין זון, שרייבנדיק צום זינגער אַקימאָוו ערגעץ־וואו אין פעטערבורג, וועגן זיין מאַמען, די הויכע גיטעלע, און וועגן זיינע ביידע שלאַכעטנע (אַריסטאָקראַטישע) שוועסטערן וואָס קושן זיך מיט סטודענטן און טאַנצן מיט אָפיצירן אין די סאָלדאַטסקע קאַזאַרמעס וואו עס ווערן אַראַנזשירט די מיליטערישע פייערונגען, די קאָנצערטן מיט זייערע אָרקעסטערס און מיט די מוזיקאַלישע געסט פון וואַרשע, מאָסקווע און פעטערבורג. אָבער אין דער אמתן היט אָפּ די צאַרישע אַרמיי די פּאָלאַקן זיי זאָלן זיך חלילה נישט פאַרגלוסטן צו מאַכן אַ נייע „פּאָווסטאַניע״ (אויפשטאַנד) קעגן דעם צאַר. דער שרייבער אין מיר, ווען עס האָט געצויגן צו באַשרייבן דאָס לעבן אין שטעטל, די בענקשאַפט פון דער יידישער יוגענט צו דער גרויסער וועלט, די ראָמאַנסן צווישן די שיינגעקליידעטע אָפיצירן און די שיינע טעכטער פון אָרעמע יידישע קרעמערס, בעלי־מלאָכות און שוואַרצאַרבעטער, האָט אויסגעפילט אין די דאָזיקע בריוו גאַנצע קאַפּיטלעך מיט געדיכטע באַשרייבונגען פון דער היימישער סביבה. דער בעלעטריסט אין מיר, רעכט נישט וויסנדיק וואָס ער טוט, האָט אין די בריוו צו אַ וויטן און פרעמדן מענטש באַשריבן אויף זיין נאָך מסתמא אומבאַהאָלפענעם שטייגער וועגן די גרעאָטענע מיידלעך פון פּילעוו וואָס מאַכן מיך פּשוט משוגע מיט זייערע קאָקעטישע גענג אין די קעניגלעכע אַלייען פון פּאַרק. איך בין דעמאָלט געווען ממש אַ ברונעם אָדער אַ קוואַל פול מיט ענטוזיאַזם געגנוג צו שעפּן אויף לאַנגע צייטן. און ער, ר׳ שמחהלע, דער געטרייער הויז־פריינד פון אונדזער משפחה און דער לוסטיקער שוסטער האָט, ווייזט אויס, מיטן גאַנג פון די יאָרן, ביסלעכווייז אויפגעהערט צו זינגען, צו טאַנצן, צו שפּילן, צו שפּרינגען און צו האָפּקען אויף יעדער יידישער חתונה דאָס התלהבותדיקע מצווה־טענצל. אָבער מיך האָט שוין איצט געצויגן צו ליד, צו וואָרט און צו וויין. מיינע מכלומרשטע בריוו פון שמחהלען דעם פאָטער צו זיין זון דעם זינגער זיינען שוין געווען דעמאָלט מיינע ערשטע פּרוואוון פון ליטעראַרישע באַשרייבונגען וועגן ליבע, קאָנצערט, קאָנפליקט און ראָמאַנטיק אין שטעטל, ווי אויך אין מיין האַרצן וואו איך אַליין אין מיין

שיכורער יוגענט באַפּעל ממש די מלאָכים און די ווינטן צו טרייבן די פּלאַנעטן ווי קאָטשן און קאַרעטעס איבער די עליפּטישע וועגן אַרום דער זון מיט פייערדיקע בייטשן; וואו איך אַליין הערש און רעגיר און איך בין דער מלאך פון דעם קליינשטעטלדיקן יידישן אָפּעראַ־הימל...

דער שרייבער אין מיר האָט געשריבן צום זינגער וועגן זיין מאַמען און וועגן זיינעביידע שוועסטערן וואָס שפּאַצירן אַרום אין גראַף־טשאַרטאַריסקיס פּאַרק. איך האָב אים אויך געשריבן וועגן דעם „האָטעל בריסטאָל" וואָס איז אָפּגעברענט געוואָרן אין פּילעוו בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. איך געדענק דעם האָטעל פון זיינע גוטע צייטן ווען ער האָט פאַרכאַפּט דאָס מענטשלעכע אויג מיט זיין ריזנגעמאַך און אַרכיטעקטור. די טוריסטן פון גאַנץ פּוילן, די געסט פון צענטראַל־אייראָפּע, די פרעמדע מענטשן, די קינסטלער און דיכטער וואָס האָבן באַזוכט אונזער היסטאָריש שטעטל זיינען געוועזן אַנטציקט פאַר דער אימפּאָזאַנטער געביידע וואָס אַ רוימישער אַרכיטעקט האָט פאַרטראַכט און האָט מייסטעריש אויסגעפירט זיין גרויסן חלום לויט די פּאַלאַצן פון די פּריצים און פעאָדאַלן פון איטאַליע און פראַנקרייך. איך האָב אויך געדענקט ווי איך פלעג קליינערהייט מיטגיין מיט מיינע שוועסטערן נאָך אַלס קליין יינגעל אין דעם „אילוזיאָן" (קינאָ) וואָס איז געוועזן אין דער געביידע פונעם „האָטעל בריסטאָל". וואָס אַן אמת: איך האָב איבערהויפּט נישט געוואוסט וואָס איך זע אויפן עקראַן, אויסער מענטשן אין ווייסע קיטלען וואָס באַוועגן זיך אויסערגעוויינלעך גיך אַזוי ווי גייסטער און רוחות וואָס ווערן געיאָגט און געטריבן פון אומגעזעענע ווינטן. אויב איך געדענק ריכטיק האָב איך דעמאָלט שוין געזען די ערשטע קינאָ־פילמען אין וועלכע מענטשעלעך ציטערן, צאַפּלען און זיי לויפן גיך ווי די שדים און טייוואָלים. איך געדענק נאָך אַפילו די דעמאָלטיקע אַקטיאָרן עדיע פּאָלאָ, האַרי פּול, העראָלד לאָיד דעם קאָמיקער און טשאַרלי טשאַפּלין. אויך די אַקטריסעס ליליאַן גיש, קלאַראַ באָו און פּאָלאַ נעגרי. די שוישפּילערינס זיינען מערסטנס געוועזן ערשטקלאַסיקע שוינקייטן וואָס זיינען געבליבן שטיין אין מיין זכרון ווי פאַרפירערישע געצינס. תמיד, ווען איך זע איצט ווי אַ קוריאָז אַזאַ אַמאָליקע שוישפּילערין וואָס געהערט שוין זינט לאַנג צו אַן אַנדערער צייט און עפּאָכע, שטיי איך אין שטוינונג ווי אַזוי פרויען קענען אַזוי מוראדיק פאַרענדערט ווערן אין זייער פיזישן אויסזען. יענע, די יינגע ציגיינערינס, האָבן געהאַט גוטע נשמות, געשניצטע פּנימער און פיגורן. זיי האָבן געשמייכלט מיטן אויבערשטנס גוטסקייט און ליכטיקייט; מיט די שטראַלן פון ליבשאַפט. טייל עלטערע אַקטריסעס זעען איצט אויס צו זיין אַזעלכע בייזע און שרעקלעכע ווייבער, ממש מכשפות. די אַנטוויקלונג פון די דאָזיקע גיך־לויפנדיקע מענטשעלעך אויפן עקראַן האָט אין משך פון לאַנגע יאָרן דערגרייכט צו פאַבלהאַפטיקע הויכקייטן פון שוישפּיל און טעכניק. די „גאָלדענע עפּאָכע" אין דער פילם־קונסט אין האָליוואוד האָט געהאַלטן געשפּאַנט דאָס

וועלט־פּובליקום. אָבער דער באַרג אַרונטער פון דער זעלביקער קונסט אין אונדזער צייט באַליידיקט די עסטעטישע געפילן פון יעדן מענטש. די פילם־קונסט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שונד, אין בורלעסק, אין פּוסטע עלעקטראָנישע מאַכינאַציעס וואָס שענדן דאָס עסטעטישע געפיל פונעם פּובליקום, פונעם אינטעליגענטן מענטש, פון דער מענטשהייט. די עלעמענטן פון ליטעראַטור און שוישפּיל פון הויכער קוואַליטעט זיינען אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון דעם קינאָ־רעפּערטואַר...

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָב איך אָפּט ליב געהאַט צו זיצן אויף די אָפּגעשרפהטע סקעלעטן פון די חורבות און אויף די שטיינערנע שוועלן פון דעם אַמאָליקן „האָטעל בריסטאָל" וואָס האָט אין מיין פאַנטאַזיע אויסגעזען ווי דער קאָלאָסעאום אין רוים. אין די ליידיקע פענצטער איז געשטאַנען אַן אייביקע נאַכט. עפּעס אַזאַ אימהדיקע פינצטערניש האָט געהויערט פון די פּוסטע זאַלן און פון דעם גאַנצן חרוב־געוואָרענעם געמאַך מיטן אַנטיקן פאַרנעם און ראָסקאָש. זיין טויטע און פאַרגליווערטע פּראַכט האָט מיך אימפּאָנירט און גלייכצייטיק אָפּגעשראָקן. דער דאָזיקער האָטעל האָט איצט, פאַרברענטערהייט, אויסגעזען גרויסאַרטיקער און ברייט־פאַרנעמיקער ווי בשעת יענע פאַרגאַנגענע צייטן ווען אויף זיינע אייזערנע באַלקאָנען, אונטער ריזיקע וואַזאָנעס מיט אָריענטאַלישע געוויקסן, זיינען געזעסן טוריסטן פון אויסלאַנד; געסט פון די אייראָפּייאישע צענטראַלע שטעט; ערשטקלאַסיק־געקליידעטע דאַמעס אין ברייט־ראַנדיקע היטן כדי זיך צו באַשיצן קעגן דעם פייער פון הימל; פּריצים און פּריצהס וואָס האָבן געהאַלטן אין זייערע שיינע הענט וואָס זיינען געווען געצירט אין גאָלדענע און פּלאַטינענע בראַסלעטן מיט אַריינגעפּאַסטע עמעראַלדן און סאַפירן, זיידענע פאַראַסאָלן פון יאַפּאַנישער פּראָדוקציע כדי זיך צו באַשיצן קעגן דעם אָפּשיין פון דער זון וואָס האָט מיט פרייד און שטאָלץ באַשיינט די גאַנצע וועלט. דער „האָטעל בריסטאָל" איז געווען אַן אימפּאָזאַנטע געביידע ווי געבראַכט דורכן אַשמדאַי אַזש פון אַטען אָדער רוים, און ווערט צו ווערן באַשריבן און געשילדערט מיט דער ריזנפעדער פון אַ לאָרד בייראָן אָדער פּושקין, צי פון אַזעלכע מייסטער אין דער וועלט־פּראָזע ווי באַלזאַק און דיקענס. זיין איצטיקע טויטע פּראַכט האָט ווייט איבערגעשטיגן זיין אַמאָליקע היסטאָרישע גראַנדיעזקייט. בכלל איז מיט דער שרפה פונעם האָטעל־פּאַלאַץ פאַרברענט געוואָרן די הערלעכע עפּאָכע פונעם אָנפאַנג צוואַנציקסטן יאָרהונדערט ווען אין דער וועלט זיינען געשטאַנען ריזיקע אימפּעריעס וואָס זיינען טאַקע נישט געווען קיין גן־עדנס פאַר די אונטערייאָכטע פעלקער; אָבער זיי זיינען געווען שטאַרקע מאָנאָליטן אין וועלכע בלויז אַלטמאָדישע הערשער מיט קרוינען אויף די קעפּ האָבן געהערשט איבער פילע פעלקער און אַ סך קליינע מדינות. עס איז אין די דאָזיקע אימפּעריעס נישט געווען קיין פּלאַץ און קיין מעגלעכקייט פאַר קאַניבאַלן און דיקטאַטאָרס וואָס זאָלן אויסשעכטן אַלטע

פעלקער און שבטים כדי אָנצוהאַלטן זייער אייגענע פאַרברעכערישע מאַכט. עס איז פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיטן דאָזיקן האָטעל די עפּאָכע ווען אין אייראָפּע זיינען געשטאַנען די אימפּאָזאַנטע אָפּעראַ־הייזער וואו עס זיינען אויסגעזונגען געוואָרן די העלדנאַריעס דורך גראַנדיעזע זינגער פון דער וועלטס באַרימטע קאָמפּאָזיטאָרן. עס איז אויך דעמאָלט אויסגעזונגען געוואָרן אין די צענטראַל־אייראָפּייאישע שטעט דאָס שוואַנענליד פונעם אימפּרעסיאָניזם אין דער מאָלעריי מיט מאָנע, רענואַר, סיסלעי, סעזאַן, גאָגען, דעגאַ, פּיזאַראָ און אַ סך אַנדערע מאָלער־דיכטער און קאָלאָריסטן. עס איז געווען די צייט ווען אין דער וועלט־מוזיק האָבן פאַרקלונגען די לעצטע גרויסאַרטיקע טענער פון דער וועלטס גרויסע קאָמפּאָזיטאָרן. ווען אין באַלעט האָבן געניאַלע מענער אַריינגעפּירט פון פּעטערבורג קיין פּאַריז דעם „באַלע־רוס" מיט אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי דער עססטעט און דירעקטאָר דיאַגילעף און דער פּוילישער טענצער וואַסלאַוו ניזשינסקי וואָס איז אימשטאַנד געווען צו באַזיגן די ערדישע גראַוויטאַציע, די צוציונג פונעם מאַטעריעלן מענטשלעכן קערפּער צו דער ערד און ממש צו שוועבן ווי אַן אַלבאַטראָס אונטער דער באַגלייטונג פון מוזיק. די וועלט איז ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען רייך מיט די גאונים פון דער מענטשהייט. אין דער יידישער ליטעראַטור האָבן געקעניגט די דריי ליטעראַרישע שעפער: מענדעלע, פּרץ און שלום עליכם...

איך האָב זיך דערמאָנט די טריאומפן פון דעם דאָזיקן יאָרהונדערט בשעת שמחהלע איז געזעסן ביי אונדז אין שטוב, אין די בראָנקס, אַזאַ איינגעשרומפּענער און פאַרעלטערטער. ער האָט איצט שוין געהאַט פאַרלוירן דעם כּישוף וואָס ער האָט פאַרמאָגט נאָך ייִנגערהייט, ברענגענדיק נחת און פאַרגעניגן אין יידישע הייזער אויף די פליגלען פון זיין יוגנט; טאַנצנדיק אויף שמחות מיט די גרויסאַרטיקע פּרויען וואָס האָבן דערמאָנט אין די פאַרצייטישע פּירשטינס און גרעפינס אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל וועגן וועלכע איך האָב געהאַט געלייענט אין די היסטאָרישע ראָמאַנען פון יידישע נאָוועליסטן וואָס זיינען שוין דעמאָלט געווען פאַרגעסענע מחברים. שמחהלע איז איצט געזעסן אַזאַ שווייגנדיקער ווי אַ מידער אַלבאַטראָס וואָס איז צוריקגעקומען פון ווייטע מקומות וואוהין ער פלעגט שוועבן מיט זיינע ברייטע פליגל דורך כוואַליעדיקע ים־שטרעקעס און בריענדיקע מדבר־וויסטענישן. איצט האָט ער געשוויגן מיט זיינע גייסטיקע פליגלען אַרונטערגעלאָזטע ווי מידע זעגלען אין טרויער און געפאַלנקייט. זיין גלאַנציק־זיידענע באָרד וואָס איז בשעת זיינע ייִנגע צייטן געווען שוואַרץ ווי טינט און האָט אויסגעזען ווי די באָרד פון אַן אַסירישן קייסער אויף די פאַרצייטישע באַרעליעפן, וואָס זיינען בלויז ברעקלעכווייז געבליבן שטיין אויף די ווענט פון חרוב־געוואָרענע און צעשאָסענע פּאַלאַצן און טעמפּלען, איז איצט געווען ווייס ווי שניי...

שמחהלע האָט איצט אויסגעזען ווי אַ מאַרמאָרענע סטאַטוע פון אַ זקן וואָס האָט פאַרלוירן יעדן טראָפּן פרייד און ניגון. ער האָט איצט בלויז געהאַט זיין אייגנס אַן אָפּגעשפּאָרט קבר אין ברוקלין. זומער צייט, בשעת די שענסטע טעג פון חודש יולי אָדער אויגוסט, פלעגט ער אַזאַ מין איינזאַמער מיט דער סאָבוויי זיך שלעפּן קיין ברוקלין צום מאָנטעפיאָרע־בית־עולם וואו עס ליגן אויסגעלייגט אין די קברים די עמיגראַנטישע דורות מיט יידן, וואָס אַ צאָל פון זיי האָבן אין אייראָפּע געהאַט פאַרלאָזן אויף הפקר זייערע ווייבער און קינדער, און האָבן זיך דאָ פאַרליבט און חתונה געהאַט מיט פרעמדע פרויען און זיי געשאָנקען קינדער — עס הייסט: נייע דורות, וואָס זיינען מיט דער צייט אויך געגאַנגען זייער גאַנג צום טויטנשניט, און האָבן זיך אָוועקגעלייגט נישט ווייט פון זייערע טאַטעס און מאַמעס, וואָס האָבן שוין פון פריער אויך פעט געמאַכט די ערד פון ברוקלין. שמחהלע גייט דאָ פּאַוואָליעדיק מיט זיינע אָפּגעשוואַכטע פיס איבער די נומערירטע בייטן צווישן די קברים־בערגלעך, ווי ער וואָלט מורא געהאַט איבערצושרעקן די מתים אָדער זיי אויפצוועקן פון זייער טיפן שלאָף. הויך איבער זיין אַלטן קאָפּ און שאַרבן שוועבן די נאָך אַלץ יינגע און לוסטיקע פייגל, תמיד זאָרגלאָז ווי זיי וואָלטן וועלן דערמאָנען די מענטשן אַז גאָטס הימל און ערד זיינען גוט. ממש כי טוב! ענדלעך געפינט ער לויטן געניויען נומער אויף אַ קליינער טאַבליצע ביים זייט פון דער פיר־קאַנטיקער קרקע דאָס באַגרענעצטע און באַגראָזטע שטיקל ערד פון זיין פּערזענלעך קבר. ער זעט אַז דאָס גראָז איז דווקא רואיק, קיל און פייכטלעך, כאָטש דער טאָג איז אַ הייסער און די זון בריט שוין. ער זעצט אַריין אַ בלוט־רויטע רויז אין אַ ווינקל־ברעג פונעם קבר. יאָ, אַלץ איז זיינס... עס שטייט גרייט פאַר זיין גוף, פאַר זיינע געטרייע ביינער און גלידער אין אים וואָס וועלן נאָך זיין פּטירה זיך נעמען רואיק שיילן און טיילן מיט דער ערד זיין מאַרך, זיין פעטס און זיין פלייש. ער פאַרמאַכט זיינע אויגן: ער זעט זיין כלה, די הויכע גיטעלע, ווען איר אויג האָט נאָך געפינקלט און געשימערט מיט ליבשאַפט, און ווי זי האָט געשמייכלט צו אים ערב זייער חתונה מיט צוזאָג פון תאווה און געטריישאַפט. אין אָפּשיין פון דער זון שיינט אויף דאָס שנירעלע מיט פּערל אויף איר האַלדז, וואָס ער האָט איר געשאָנקען אַ מתנה נאָכדעם ווי ער האָט עס איינגעקויפט ביי ליבפעלדן דעם יוּוועליר, נעבן דער בריק איבער דער ווייסל, אין זיין קליינעם קרעמל פון יידישלעך צירונג פאַר באַשיידענע כלות וואָס האָבן זיך געגרייט צו גיין צו דער חופּה מיט אַ שיינעם און געראָטענעם חתן. ער געדענקט דעם יוּוועלירס ברייט מויל מיט זילבערנע ציין. ער זעט אויך זיינעביידע טעכטער, נאָך קליינערהייט, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן נאָך זיין חתונה מיט גיטעלן, און זיי זיינען גיך אויסגעוואַקסן צו שיינקייטן. ער האָט זעלטן געהערט פון זיי אַ וואַרעם וואָרט. די ביטערע גיטעלע האָט פאַרסמט זייערע הערצער מיט שנאה צום טאַטן...

שמחהלע זיילער זעט אויך זיינע טאַטע־מאַמע און גאָר די יידן פונעם דערפל בערקאָוויץ פונוואַנען ער שטאַמט. פלוצלונג קלינגט אויף אַ בראָנדזענע שטימע: דאָס זינגט זיין זון אַלעקסאַנדער אַקימאָף פאַרן צאַר אַליין. די אַרכיטעקטור פונעם ריזיקן זאַל איז אימפּאָזאַנט. אויף די באַלקאָנען זיצט אַ פּילפאַרביק פובליקום, וואָס ווערט באַלויכטן פון די קאַנדעליאַבערס אונטערן סופיט וואו גרינע שוואַלבן שוועבן אַזוי צניעותדיק אַרום. דער צאַר און די צאַריצע אַפּלאָדירן און זיי ווענדן זייערע בליקן צו דער ברייטער בינע. זיין זון בויגט זיך און בוקט זיך גאַלאַנט צו דער לאָזשע פונעם צאַר און זיינע באַגלייטערס. עס פאַלן בוקעטן מיט בלומען אויף דער בינע. דאָס פובליקום איז ממש ווילד פון ענטוזיאַזם. עס איז אַ גראַנדיעזער פינאַל: שמחהלע איז דערווייל עפּעס פלוצלונג איינגעשלאָפן זיצנדיק נעבן זיין אייגענעם קבר. די זון ווי אַן אָנגעצונדן ראָד פון אַ קעניגלעכער בריטשקע איז געזונקען אַזאַ פלאַמענדיקע צום אַנדערן קאָנטינענט קיין אייראָפּע. אָט גייט זי שוין אויף ביי די ברעגעס פון דער ווייסל, וואו שמחהלע האָט זיך מיט זיינע חברים אַמאָל געבאָדן. אָבער איצט זיצט ער אויף דער בריטשקע פון דער זון. די כוואַליעס פון דער ווייסל שפּריצן און פליוסקען אויף דער ווייסער באָרד פון שמחהלען. נעבן אים אויף דער בריטשקע זיצט זיין געליבט ווייב גיטעלע. זי שמייכלט אַזאַ גליקלעכע און גליקזעלישע. עס זיצן אויך זיינע ביידע טעכטער שוין מיט זייערע מאַנען און זייערע קינדער, מאָדנע! שמחהלע וואָלט געשוואוירן, אַז דאָס מאָדנע פאָרפאָלק וואָס זיצן אונטער אים און זיי האַלטן זיך ביי די הענט, איז דער שלאַנקער צאַר אַלעקסאַנדער וואָס האָט אין יאָר 1804 באַזוכט פּילעוו און צוזאַמען שפּאַצירט אין דעם היסטאָרישן גאָרטן מיט זיין אינטימען פריינד, דעם פירשט אַדאַם טשאַרטאָריסקי צו ווען די יידן פונעם שטעטל האָבן זיך גנעדיק געבוקט בשעת ער פלעגט שפּאַצירן איבער די געסלעך מיט זיין ווייב איזאַבעלאַ, די האָלענדישע פּרינצעסין (געבוירן פלעמינג). שמחהלע איז ממש איבערגליקלעך. זיין רייזע אויף דער בריטשקע מיטן גאָלדענעם ראָד אַזש קיין פּילעוו איז געווען געענדיקט. איבערן קבר און איבער זיין קאָפּ האָבן אין קרייזן געפלאַטערט די זשוקלעך, די פליגן, די מוקן. אַ גאָלדנפּלושענער שמעטערלינג איז געבליבן שטיין אויף אַ רייפער בלום, זויגנדיק זייער לאַנג דעם נעקטאַר פאַר זיין קעניגין... דערביי האָט ער מסתמא וועגן עפּעס געטראַכט...

## דער פויגל־מאַרק אין אַנטווערפּן

ווען איך בין געקומען פון מיין שטעטל פּילעוו אין פוילן קיין אַנטווערפּן, בין איך אַלט געווען זעכצן יאָר און הונגעריק נאָך פוילישער נאַטור און לאַנדשאַפטן. כאָטש אַנטווערפּן איז געווען אַן אייראָפּייאישע שטאָט וואָס האָט פאַרמאָגט אַ סך בוימער אויף די ברייטע עוועניוס און בולוואַרן, ווי אויך עטלעכע גרויסע פּאַרקן, זיינען זיי אָבער געווען ווייט

פון דער שטאָט. די זומערן זיינען געווען הייסע. איך האָב געאַרבעט אין אַ יידישער דרוקעריי פון דעם סאַמע ערשטן טאָג וואָס איך בין אָנגעקומען קיין בעלגיע. די דרוקעריי האָט געהערט צו דער פאַמיליע יאַקובאָוויטש וועמענס אייגנטימער איז געווען אַן אָרטאָדאָקסישער ייד, און דער לאָקאַל פון דער דרוקעריי איז אַמאָל געווען אַ שוהל וואו יידן האָבן יעדן טאָג געדאַוונט. אָבער מיך האָט פאָרט געצויגן צו דער נאַטור, צו גערטנער, צו בוימער און בלומען. איך האָב שטאַרק געבענקט נאָך מיין שטעטל פילעוו; נאָך פוילנס וועלדער, פעלדער און סעדער. איך בין געווען ממש פאַרצווייפלט...

אין איינעם אַ פרילינגדיקן טאָג פון דעם יאָר 1924, בין איך בשעת דער מיטאָג־שעה, מיטן לאַנגן פראַנצויזישן ברויט אין דער קעשענע, אַרויסגעגאַנגען פון דער דרוקעריי כדי אָנצושעפּן ליכט פון דער פרילינגדיקער זון און לופט פון דעם פרישן און לינדן ווינטל. איך בין אַזוי געגאַנגען, גאַס־אויס און גאַס־איין ווי איינער וואָס איז פאַרשיכורט, איבער די שטילע געסלעך פון דער שטאָט. צו־ווייט האָב איך נישט געוואָלט אַוועקגיין, ווייל איך האָב מורא געהאַט אַז איך זאָל נישט פאַרשפּעטיקן צוריקצוקומען אין דער דרוקעריי נאָך דער מיטאָג־שעה. אָבער פלוצלינג בין איך געוואָרן איבערראַשט פון אַ געוויסער פּאַסירונג: איך האָב זיך געזען שטייענדיק ביים אַריינגאַנג פון אַ פּאַרק, וואָס איז אַזוי ווי אין אַ חלום אויסגעוואַקסן פאַר מיינע איבערראַשטע אויגן. איך האָב דערהערט דעם געזונטן און קרעפטיקן רויש פון בוימער וואָס האָט צו מיר געקלונגען אַ סך מעלאָדיעזער ווי די שענסטע מוזיק פון אַן אָרקעסטער אָדער אַפילו פון אַן אָפּערע. איך בין געשטאַנען אויף אַ קליינער און שמאָלער בריק. אונטן איז געפלאָסן אַ שטילע דזשיקע וועמענס וואַסער־אויבערפלאַך איז געווען גלאַט פּאָלירט ווי אַ גלעזערנער שפּיגל. אָבער פון צייט צו צייט האָט די וויבראַציע פון דעם ווינטל פאָרט געשאַפן קוים־מערקלעכע כוואַליעס וואָס האָבן זיך גערינצלט און זיך כסדר פאַרטוישט ווי די מענטשלעכע דורות אין דעם אומזעבאַרן פלוס פון אייביקער צייט. די איידעלע ווערלבונגען האָבן זיך געטראָגן אין אַ באַשטימטער ריכטונג ווי די כוואַליעס אין אַ טייך. דאָס וואַסער פון דער דזשיקע אונטער דעם בריקל איז געווען ריין, ציכטיק און דורכזיכטיק. מען האָט געקענט זען וואָס עס טוט זיך אויפן גרונד פונעם וואַסער: דאָס איבערבלייב וואָס קינדער און שיכורים וואַרפן אַריין דורך די יאָרן און זיי גייען שלאָפן מיט דער צייט. איבערהויפּט האָט מען געקענט אָנזען קרוגן, צעבראָכענע פלעשער, טעפּ, גלעזער, ריינדלעך, בלעכענע קובלעס און אַנדערע מינים כלים און פּאַיאַנס. אַ ווייכער און גרינער מאָך האָט ערטערווייז באַדעקט דאָס צעבראָכענע געפעס און צעבויגענעם באַשטעק אויפן גרונד: ווייסע ליליעס ווי שניי און ברייטע לאָטאָס־בלומען ווי אַנטיטשנע טעלערס מיט זייערע פינקלנדיקע קאָלירן זיינען אויך ערטערווייז געשטאַנען און ווי געדרימלט, הנאה האָבנדיק פון דער

שיינקייט און לויטערקייט פונעם טרוימערישן פרילינג, וואָס האָט גלייכצייטיק אָנגעזאָגט אויפן שיינעם און פּאָעטישן יום־טוב פּסח ביי יידן אין גאָר דער וועלט וואו זיי האָבן נאָכן חורבן פונעם בית המקדש דורך די ברוטאַלע רוימישע חיילות מיט טיטוס הרשע בראש אַרויסגעשפּאַנט מיט דערשלאָגענע געמיטער, אָבער מיט גאָט אין זייערע הערצער, איבער דער גאַנצער וועלט...

צו־ווייט האָב איך אין דעם צו מיר אומבאַקאַנטן חלום פון אַ פּאַרק נישט געוואָלט פאַרגיין כדי נישט אויפצועסן דעם גאַנצן האָניק־לעקעך מיטאַמאָל, ווי אויך כדי איך זאָל טאַקע נישט פאַרבלאָנדזשעט ווערן אין זיינע זייטיקע וועגן און שטעגן וואָס האָבן צו מיר אויסגעזען ווי אַ מין כישוף וואָס מלאָכים האָבן פאַר מיר אויסגעשפּרייט אין דער פאָרם פון זעלטענע און נאָך קיינמאָל אין מיין יינגן לעבן נישט געזעענע טעפּעכער פון לאַנדשאַפטן. אויך איז מיר דאָס ממש אַנפּלעקטע שטיקל לאַנד כנען פון אַ פּאַרק געוווען אַזוי טייער אַז איך האָב זיך פּשוט נישט פאַרגונען, ווי אָט ערשט געזאָגט, אויף איינמאָל איינצובייסן אַ צו שפּאָרעוודיק־גרויסן פּענעץ פון זיין שיינקייט און צוזאָג אויף די קומענדיקע טעג און פאַרנאַכטן. ביי דעם גאַנצן נחת פון האָבן פלוצלינג געפונען אַן אָאַזיס אין דעם בריענדיקן מדבר פון מיין איינזאַמקייט אין דעם צענטראַל־אייראָפּייאישן לאַנד, האָב איך אויך נישט פאַרגעסן דאָס ריין־פּראָזאַאישע: חלילה זיך נישט צו פאַרלירן אין די לאַבירינטן פון מיין חלום: נישט אַריינצולאָזן זיך צו־ווייט צווישן די געדיכטע קוסטעס און געהיימע קרזשאַקעס, כדי נישט צו פאַרשפּעטיקן די צייט ווען איך האָב באַדאַרפט צוריקצוקומען אין דער דרוקעריי, וואָס האָט מיר צוגעזאָגט ברויט מיט מילך, אויב נישט אויך מיט האָניק, פאַר די קומענדיקע צייטן. אָבער איך האָב באַשלאָסן אויפצומאָרגנס, שבת, צוריקצוקומען געגנוי אויפן זעלביקן אָרט, וואָס עס מיינט: אויף דער שמאָלער בריק און אָנהויבן פאַמעלעך און פאָרזיכטיק אויסצופאָרשן ווי אַ געאָגראַף די גאַנצע גרינע טעריטאָריע, דאָס הייסט: דעם גאָרן פאַרנעם פונעם פּאַרק. פון דעם וואָס איך האָב על רגל אחת, מיט איין שפּרונג אַזוי צו זאָגן, באַוויזן צו זען פון דעם גאָרטן, בין איך געוווען איבערגליקלעך. פּשוט, איך האָב געפונען כמעט גרינגערהייט אַ קליינטשיק קעניגרייך, ממש אַ גאָטס גן־עדן פון אַ גאָרטן. דאָ וועל איך קענען זומערצייט פריי אָטעמען מיט פרישע לופט; גיין שפּאַצירן אין די פאַרבאָרגענע ווינקלען פון דער נאַטור־אַטמאָספערע; אַרויסקומען לויט מיין קאַפּריז אויף אומבאַקאַנטע און זייטיקע פּייזאַזשן און סטעצקעס; פּשוט אָנטאַפּן מיט מיינע הונגעריקע הענט און מיט די פליגל פון מיין נשמה, זיך אויסצודריקן מליצהדיק, די אַלטע און געשמאַקע קאָרע פון די ביימער וואָס וואַקסן צו גאָט אין דער הויך לויט זייערע אייגענע קאַפּריזן מיט זייערע צווייגן, אויסדריקנדיק זייער דאַנקבאַרקייט צום אַלמעכטיקן; אויך צו זיין אין דער וואַרעמער געזעלשאַפט פון כלערליי זיסע פייגל און צו פאַרנעמען זייער פאַרשידנאַרטיק געזאַנג כמעט מיט דער איידלקייט פון ראַפינירטער קאַמער־מוזיק; ווי אויך צו לייענען גוטע

ביכער, וואָס איך וועל זיך געווײנלעך מיטברענגען פון מײן דאַך־שטיבל פון וועמענס פענצטערל, אַזוי האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, איך בין דורך די נעכט נאָענטער צו דער לבנה ווי אַלע אַנדערע מענטשן פונעם פּלאַנעט, און אויך פון דער ביבליאָטעק, זיצנדיק באַקוועם אויף די ברייטע און רחבותדיקע בענק, אָפּגעפאַרבטע אויף דער גרינער פאַרב. איך וועל פון איצט אָן שוין מסתמא ווייניקער בענקען נאָך מײן שטעטל פּילעוו און פאַרברענגען מער צייט אין דעם קילן שאָטן פון די געדיכטע און פרײנדלעכע בוימער. דערווייל, ביים סאַמע אַרייננגאַנג צום פּאַרק, בלויז עטלעכע שריט פון דער פריער־דערמאָנטער בריק, זײַנען דאָ נישט געווען קיין שום מענטשן. אָבער מיטן וואַרעמער ווערן פון די וועטערן בשעת די זומער־חדשים, וועלן מסתמא קומען און דאָ שפּאַצירן יינגע פּרויען, אינטערעסאַנטע מאַנצלייט, אַ שלל מיט מענטשן און טוריסטן פון צענטראַל־אייראָפּע וואָס פאָרן אַרום און זיי זוכן צעשטרייאונג און אַנטפּלעקונג פון גאָטס גרויסאַרטיקער וועלט וואָס זאָגט צו ראָמאַנס, ליבע, אַמוזירונג און אַלערליי פאַרגעניגנס מיטן אינטערליוד אין דעם צו־אָפּט מאָנאָטאָנעם גאַנג פונעם מענטשלעכן לעבן...

ווען איך בין צוריקגעקומען אין דער דרוקערײ, האָבן די אַרבעטער תיכף באַמערקט אַן ענדערונג אויף מײן פּנים. איך האָב מסתמא אויסגעזען צו זײַן דערפרישט און גליקלעך. דאָס פּלוצלינגדיקע געפינען, ווי דער לייענער ווייסט שוין פון מײן באַשרייבונג, נישט ווייט פון דער דרוקערײ אַ פּאַרק וואו איך וועל קענען כמעט טעגלעך שפּאַצירן בשעת די זומערדיק־אידילישע פאַרנאַכטן און זיך גייסטיק קאָנצענטרירן אויף פאַרשידענע זאַכן און געשעענישן, האָט פּלוצלינג געעפנט אין מיר אַ קוואַל מיט פרישע כוחות און האָט געגעבן האָפענונג און קוראַזש צו מײן נשמה. איך האָב געקראָגן אַ שטראָם פון לעבן און קראַפט אין מײן גייסט און בלוט. מײן האַרץ האָט זיך געפרייט מיט דער אַנטפּלעקונג פון אַ מין אײנזאַמען אינדזל אין דער וויסטעניש...

איך וועל תיכף, איידער איך גיי ווייטער אין מײן דערציילונג פון די יוגנטלעכע יאָרן, אויסזאָגן דעם לייענער אַ סוד אַז איך האָב פאַרבראַכט אין דעם פּאַרק מײנע בעסערע שעהן און טעג אַזוי לאַנג ווי איך האָב געוואוינט אין די מאַנסאַרדעס (דאַך־שטיבלעך) פון אַנטווערפּן...

עס פּלעגט טרעפן, אַז ווען איך פלעג צו געוויסע צייטן אַוועקפאָרן אין אַן אַנדערער שטאָט פון בעלגיע אויף אַ קורצער וואַקאַציע, פלעג איך תיכף אָנהויבן צו בענקען נאָך אַנטווערפּן און טאַקע תיכף צוריקקומען. קיין צו־ווייטע נסיעה האָב איך קײנמאָל נישט געמאַכט. איך האָב געפילט אַ סאָרט פאַרפליכטונג גיך זיך אומצוקערן אויס בענקשאַפט צו מײן ליבן קיוויט־פּאַרק, ווי ער האָט געהייסן און ווי ער איז געווען פּאָפּולער אין שטאָט. מיט דער צייט האָב איך זיך דאָרטן באַקאַנט מיט אײנזאַמע אימיגראַנטן פון אַנדערע לענדער: מיט מענטשן אַזוי ווי איך וואָס זײַנען געקומען כדי צו זוכן די וועלט פון ליבע און גליק. אין דעם דאָזיקן קיוויט־פּאַרק, נישט צאָלנדיק קײנמאָל צו קײנעם קיין שום אָפּצאָל אָדער

דירה־געלט, האָב איך אָפּגעלעבט אַ שטיק יינגע צייט פון מיין לעבן: גאַנצע צען יאָר. אַרום זומער־צייט פלעג איך אָפּט ווערן שטאַרק מיד. די מערסטע מענטשן זיינען געהאַט אַוועקגעפאָרן צום ים אויף וואַקאַציע: צו די פיינע קורערטער ספּאַ, אָסטענדע, בלאַנקענבערג און קנאָקע. אין די אַלע דאַטשע־פּלעצער האָבן פאַרבראַכט אַ סך יידן. אָבער נאָך געציילטע טעג האָב איך זיך תמיד אומגעקערט קיין אַנטווערפּן. און באַלד מיט אַ סך בענקשאַפט און מיט עפּעס אַזאַ זעלטן געפיל וואָס איך קען נישט קלאָר דעפינירן און איך בין מאַכטלאָז עס צו באַצייכענען מיט ווערטער עס איז וואָרט און נאָמען, פלעג איך תיכף זיך איילן צוריקצוגיין צום פּאַרק מיט אַ געפיל פון שולדיקייט אין האַרצן פון מיין מכלומרשטן וואַגן צו פאַרלאָזן אים און ממש פאַראַטן, וואוינענדיק אין אַן אַנדער שטאָט און געגנט פונעם שיינעם לאַנד בעלגיע. איך האָב ממש אַ שולדיקער און פאַרליבטער געגלעט די קאָרע פון די בוימער מיט מיינע הענט און זיי פיזיש געפילט און ממש געקושט. איך פלעג זיך אַוועקזעצן אויף אַזאַ רחבותדיקער באַנק מיט אַ בוך אין דער האַנט און זיך פאַרלירן אין אַ זייטיקן ווינקל פונעם צו מיר טיף אין האַרצן איינגעבאַקענעם קיוויט־פּאַרק...

אין צענטער פונעם קיוויט־פּאַרק איז געווען אַ באַזונדערס ברייטער און מעכטיקער דעמב וועמענס שטאַרקע צווייגן האָבן געשאָנקען צו מידע און איינזאַמע פאַרבייגייער אַ סך שאָטן, קילקייט בשעת די הייסע טעג; אויך שטילקייט פון געמיט און די געוואונטשענע איינזאַמקייט; די באַשיצונג אונטער אַ רעגן וואָס האָט געדראָט מיט שטאַרקע אויסבראָכן פון דונערן און בליצן. געוויינלעך איז אָנגענומען אַז בשעת אַ רעגן איז אַ סכנה זיך צו באַהאַלטן אונטער די בוימער און צו זוכן זייער באַשיצונג פון דעם אומהיימלעכן פייער פון די בליצן און פון דעם הילכיקן קנאַלעריי פון די דונערן וואָס וואַרפן אָן אַ פחד אויפן אָרעמען מין מענטש. אָבער דאָך פלעגן אַפילו גאַנצע פאַמיליעס מיט זייערע קליינע קינדער בשעתן אויסבראָך פון אַ קראַכנדיקן רעגן זיך שטעלן אונטערן ריזיקן בוים. נישקשה, ער איז דאָך נישט קיין נאַצישער גענעראַל, און פשוט נישט קיין שלעכטער בוים לויט זיין נאַטור און באַציונג צו מענטשן. מוטערס מיט זייערע קליינע קינדער, ווי שוין געזאָגט, שטעלן זיך אונטער אים מיט אַ בפירושן געפיל ווי זיי וואָלטן זיך אָנגעטרויט מיט זייער לייב און נפש און מיט די איידעלע לייבער פון זייערע פיצלעך קינדער אונטער דער באַשיצונג פון גאָט. דער דעמב האָט טאַקע פאַרמאָגט, עס איז נישט קיין שום ספק דערינען, אַ ריזיק האַרץ, דאָס האַרץ פון דעם לאַנד פלאַנדערן ממש. ער ווערט וואויל זיך דערבאַרעמען אויף אַ בלאָנדזשענדיקן מענטש, אַ גאַסט פון דער ווייטקייט, אַן איינזאַמען טוריסט, אַ מידן מעדיטאַטאָר, וואָס האָט ליב זיך צו פאַרלירן אין מיסטישע מחשבות בנוגע לעבן און פאַרגיין, טראַכטנדיק וועגן דעם מעגלעכן צוועק פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ; וועגן גאָטס צילן ביים באַשאַפן די וועלט אויף וועלכער מענטשן טוען אָפּ אַזוי פיל שלעכטס, אָבער אויך אַזוי פיל גוטס...

איך בין נישט געווען דער איינציקער איינזאַמער מענטש וואָס האָט געזוכט זיינע פרייע צייטן צו פאַרברענגען אין שאָטן פון די געדיכטע צווייגן אונטערן ברייטן פאַטריאַרכאַלישן דעמב. יעדער טוריסט וואָס האָט נאָר באַזוכט דעם פאַרק, האָט דאָ געפונען זיין פלאַץ פאַר פיזישן אָפּרו און זיין אָרט פאַר פאַרטראַכטונג. דאָ האָט מען תמיד געטראָפן מענטשן פון אַזש מעבר לים: מענטשן פון אַמעריקע וואָס זיינען געבליבן אייביקע ליבהאָבער פון זייערע שטילע צייטן אין די היימלענדער, און וואָס האָבן געבענקט נאָך זייער יוגנט, זיינען דאָ אונטערן שטאַרקן זיידע־בוים אַזוי ווי צוריקגעקומען אַהיים אויף קבר אבות און ליב געהאַט צו גיין אויף די זייטיקע וועגן און שטעגן ווי אַמאָל מיט דער מאַמען וואָס האָט דיך געהאַלטן ביי דער האַנט מיט איר וואַרעמער מאַמעשער האַנט. איינער אַ מאַן האָט דאָ אויפסניי איבערגעלעבט זיין יוגנט־ליבשאַפט מיט אַן „ערשטער געליבטע”. אַ זקן איז דאָ מיט אַרום זיבעציק יאָר צוריק געזעסן אַלס קליינטשיק יינגל און איצט שטייט ער און גאַפט ווי גיך די צייט איז אַוועק, און ער פרוווט זיך דערמאָנען די אַלע פריינט און זיינע קרובים וואָס זיינען דאָ אַמאָל געזעסן און געשמועסט, זיך דערציילט מעשיות און אויך אַרומגעבראַוועט מיט מיידלעך. מען האָט דאָ געהערט לשונות און מעלאָדיעס מיט פאַרשידנשפּראַכיקע לידער, דערמאָנענדיק אין יענע מאַסן מענטשן וואָס האָבן געבויט דעם טורעם פון בבל. מענטשן פון לענדער וואָס האָבן געפירט בלוטיקע באַטאַליעס און געשלעגן צווישן זיך בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן זיך דאָ באַצויגן פריינדלעך און סאָלידאַריש איינער צום אַנדערן. דאָס גאַנצע פלאַץ אַרום דעם זיידע־בוים איז געוואָרן אַ מין גן־עדן וואו אַלע מענטשן האָבן דערקענט זייערע נשמות; זייערע יוגנט־איבערלעבענישן און ראָמאַנסן. יאָ, ממש די גאָרע מענטשהייט איז דאָ געקומען צום געגאַרטן שלום און אויסגעבעטענעם פרידן. בלויז פריינדשאַפט און ליבשאַפט האָט דאָ באַהערשט דעם אינטערנאַציאָנאַל פון פריער פרעמדע און קריגערישע מענטשן וואָס האָבן איצט געשלאָסן שלום... אָבער נישט אויף לאַנג...

אַנדערע מענטשן וואָס קומען ווידער באַזוכן אַנטווערפּן, שטייען איצט פאַרטרויערטע ביים פלאַץ וואו דער מעכטיקער דעמב, דער סימבאָל פון שלום, איז געשטאַנען און האָט אַמאָל געשאָנקען רואיקייט צו די געסט פון אויסלאַנד. די דייטשע חיות, די גערמאַנישע שלאַנגען מיט די טויטנקעפּ אויף זייערע מעטאַלענע העלמען און היטלעך, מיט די געקרייצטע צוויי מענטשלעכע ביינער פון מתים, האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן די געשיכטע און רום פון דעם גראַנדיעזן דעמב. זיי האָבן אים אין אַ טרויעריקן טאָג צעשאָסן מיט מאַשינגעווער און אונטערגעצונדן. ער האָט געברענט און געפלאַקערט, ווי מענטשן דערציילן וואָס האָבן פון זייערע בוידעמער אויף שפּאַקטיוון זיך צוגעקוקט צו זיין עקזעקוציע, גאַנצע דריי טעג. די דייטשע הענקער האָבן געזונגען דאָס „האָרסט־וועסעל־ליד”, געטאַנצט אַרום זיינע צווייגן וואָס האָבן

ברענענדיקערהייט געוויינט און געדונערט מיט קללות אויפֿן דייטשן פֿאָלק און זיי פֿאַרשאָלטן אויף אייביקע צייטן. די שטראָף פֿון דעם פֿאָלק און זיינע אָרגאַניזירטע באַנדעס וואָס האָבן געוואָלט פֿאַרטיליקן אַ גאַנץ יידיש פֿאָלק פֿונעם פּלאַנעט, וועט נאָך קומען. די שווערד און דאָס פֿייער גייען אויף אייך!

פֿון דאַנעט אויס וואו דער רחבותדיקער בוים האָט געשפּרייט זיין גרינע ברכה פֿון שפֿע פֿאַר דער גאַנצער מענטשלעכער באַפֿעלקערונג פֿון דער וועלט: פֿון אַלע יבשות, ימים, בערג און טאָלן, וועלדער און אינדזלען פֿון די נאָענטקייטן און ווייטקייטן, פֿלעגט מען זיך איבערגיין אַ קורצע שטרעקע ווייטער צום פֿויגלמאַרק וואו מען האָט געקענט קויפֿן אין אַלערליי לשונות די קלאַסישע ווערק פֿון שעקספּיר, דיקענס, טעקערי, וואָלטער סקאָט, לאָרד בייראָן, שעלי, רוסאָ, באַלזאַק, פֿלאָבער, אַנאַטאָל פֿראַנס, וויקטאָר הוגאָ, ווי אויף ריזיקע צוואַנציק טאָמיקע ענציקלאָפּעדיעס אין דייטש פֿון מייערס און בראָקהויז; די בריטישע ענציקלאָפּעדיע ווי אויף קאַזאַנאָוואַס דיק־בענדיקע מעמואַרן וועגן זיינע נצחונות איבער אַ טויזנט פֿרויען אַזוי ווי דער גרויסער קייסער פֿון תנ״ך. מען האָט דאָ געקענט קויפֿן פֿאַרצייטיש און אינדיאַניש צירונג; פּוילישע קרעלן פֿון טשענסטאָכאָוואַ; צירונג פֿון דעם אַלטן מצרים און בבל; מטבעות פֿון די רוימישע צעזאַרס וואָס זיינען געווען דיק און פֿעט אָנגעפּרעסן מיט זייערע גראָבע צעזאַרינעס סיי אין לעבן און סיי אויף די קופּערנע מאָנעטעס, וועמענס לייבער און גוידערס מען האָט ממש געקענט אָנטאַפּן אינעם אַלטן מעש און מעטאַל וואָס איז אַדורכגעגאַנגען די קרעמערישע און נגידישע הענט פֿון פֿאַרגאַנגענע פֿעלקער; אויך אַנטיטשנע מעבלוואַרג פֿון קעניגלעכע הייף ווי די פּאָטעלן, טישן, שענק, סאָפֿאָס, בעטן, קרעדענצן און פּיס־בענקלעך פֿון די פֿראַנצויזישע קייסאָרים ביז צו דער רעוואָלוציע און דער עקזעקוציע פֿון לואי דעם זעכצנטן און זיין ווייב, די קייסערינע מאַריע אַנטואַנעטע וואָס איז געווען די טאָכטער פֿון דער עסטרייכישער אימפּעראַטאָרשע מאַריאַ טערעזאַ וואָס האָט נישט אַריינגעטאָן די האַנט אין קאַלטן וואַסער כדי צו ראַטעווען איר תאווהדיקע טאָכטער פֿון דער עקזעקוציע אין פּאַריז צוזאַמען מיט איר פּעטלייביקן מאַן. אויך האָט מען דאָ געקענט איינהאַנדלען פֿאַר זשאַווערטע בריטוועס מיט וועלכע שלעכטע „באַרבערס״ האָבן פֿאַרבלוטיקט ביים גאָלן די גאָמבעס פֿון מאַסן מענטשן, איבערהויפּט בשעת די מאַרק־טעג ווען דער שערער האָט זיך געדאַרפֿט איילן כדי צו שערן און צו ראַזירן די פּויערים פֿון די דערפֿער און די שיכורים פֿון די ווינשענק. דאָ זיינען אויך געווען אויסגעשטעלט אָריגינאַלן און קאָפּיעס פֿון מאָלערייען אין אַלטע און פֿון מילבן צעלעכערטע ראַמען: פֿון די גענעיאַלע מייסטער פֿונעם רענעסאַנס פּעריאָד, מיטלאַלטער און דער נייער צייט. צווישן דעם פֿאַרשטויבטן אַלטוואַרג פֿון קונסט האָט מען אַמאָל אין אַ יובל געקענט צופֿעליק איינקויפֿן פֿאַר קליינגעלט אַ גאָלדיקן

רעמבראַנדט־פּאָרטרעט פון אַן אַלטער האָלענדישערווירטין וואָס האָט מענטשלעך באַדויערט אירע פאַרגאַנגענע יאָרן ווען בשעת די קאַרנאַוואַלישע נעכט אין אַמסטערדאַם האָבן שיכורע און בגילופינדיקע מאַנצלייט און מאַטראָזן פון די שיפן זי געקושט מיט פייכטע ליפן פון ווײַן און נאָך זיסע ליפן פון שאָקאָלאַדע. צווישן די זעלטענע און אויך באַנאַלע קונסטווערק האָבן ייִנגע און עלטערע פרויען אויך אײַנגעקויפט וואַזאָנען מיט קינסטלעכע בלומען וואָס האָבן ממש טויטערהייט געבליט מיטן כּישוף פון דער פרילינגדיקער זון וואָס האָט באַלויכטן די פּנימער, די וואָלענע שאַלן, די דינע בלוזקעס און די וואַרעמע קליידער פון די פאַרקויפערינס, ווי אויך די דיקע שפּענצערס און לײַבלעך פון זייערע מאַנצלייט, פישער פון די טײַכן און ים־ברעגעס וועמענס אויסגעשטעלטע פיש האָבן געגלאַנצט אין דעם אָפּשײַן פון דער זון און זייערע פינקלענדיקע שיפן האָבן אָנגעהויבן צו ווערן מאַט און זייערע געוויינלעכע ווײַכע הויטן האָבן איצט געטרוקנט און זיך פאַרוואַנדלט אין ממש האַרטער בלעך. מען האָט דאָ געזען אויף די סטראַגאַנעס און אויפגעשטעלטע טישן סטאַלקעס מיט פאַרזשאַווערטע פעדערס פון באַרימטע שרײַבערס; פון פלעמישע, האָלענדישע און רוסישע דיכטער; אויך פענדזלען און פאַלעטעס פון די ניַיע און מער מאָדערנע בעלגישע קינסטלער וואָס האָבן כסדר געמאָלן די מרה־שחורהדיקע נאַטור פון פלאַנדערן; די פאַרנאַכטן וואָס פאַלן צו איבער די ברייטע לאָנקעס, זיידענע טײַכן און פריינדלעכע שטראָמען מיט דער איידלקייט און ווייכקייט פון גראָז־גרינעם פליוש, פון שוואַרצן סאַמעט וועלכן עס גלוסט זיך צו גלעטן מיט די פינגער; פון רויטע טיכער און צאַרטן זיידנס וואָס פאַרמאָגט די איידלקייט פון די הויטן פון ייִנגע מיידלעך מיט לאַנגע לאָקן, וואָס לאַכן כסדר און שמייכלען מיט אייביקע שמייכלען אויף זייערע ליאַלקעוואַטע פּנימער וואָס ענדערן זיך בלויז דעמאָלט ווען זיי ווערן פאַרוואַנדלט אין משך פון אַ סך יאָרן פון טרויער און גליק אין קליינטשיקע זיקנות. אין יעדן ווינקל פונעם ריזיקן „פויגלמאַרק” קען מען זען די היימישע שטוב־זאַכן וואָס פאַלן אַרויס פון אויסגעליידיקטע שטיבער ווען זייערע אײַנוואוינער שטאַרבן און זיי גייען אַוועק ערגעץ־וואו פונוואַנען זיי קערן זיך שוין קיינמאָל מער נישט אום, ווי זיי וואָלטן פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן שוין אויף אייביק אין אומבאַקאַנטע רעגיאָנען און שטרעקעס פון וועלדער און וויסטענישן. צום בײַשפּיל: די ערשטע פעקלעך מיט שוועבעלעך; אַגראַפקעס און האָר־נאָדלען, קעמלעך, פלעשלעך מיט אַלערליי עליקסירן און אוילוואַרג; נאָדלען מיט גילדערנע לעכלעך צום נייען פאַר פלעמישע באַלעבאָסטעס; צום פאַרריכטן שפּעט בײַנאַכט דעם מאַנס אײַנגעריסענעם העמד אָדער לאַנגע גאַטקעס; צו באַשיצן די פיס פון די שטרענגע ווינטערדיקע קעלטן און ווינטן. מען זעט דאָ אויך גאָר ביזאַרע אַנטיקן פון דער געשיכטע: די מכלומרשט קינדיש־קליינע ציינדלעך פון דער קייסערינע קלעאָפּאַטראַ וואָס האָט לײַכט און גרינג אײַנגעביסן די הערצער און די ליפּן פון די

שיכורע און פֿאַרריסענע רוימישע צעזאַרס; אויך קעניגין וויקטאָריאַס האַנט־בייטל מיט די אייגנהענטיקע געשריבענע בריוו צו די גענעראַלן און מאַרשאַלן און צו איר מאַן, דעם דייטשן אַריסטאָקראַט; אויך די בריסט־העלטערס פֿון דער צאַרטער און שלאַנקער מאַדאַם באָוואַרי, מיט וועמענס כאַראַקטער און עראָטיק דער מייסטער פֿלאָבער האָט זיך געמאַכט באַרימט אין גאָר דער וועלט וואו מען האָט אָפּגעשאַצט גוטע ליטעראַטור און בשעת ער האָט געשריבן די נאָוועלע, האָט ער זיך נישט געשטיקט מיט קיין לאַנגווייליקייט און ער האָט זיך נישט גענויטיקט אין אַנדערע פּרויען... אויך האָט מען דאָ אויסגעשטעלט די ציכטיקע און ממש פֿינקלענדיק־ריינע אונטערוועש פֿון דער מאַדאַם דע פּאָמפּאַדור וואָ סאיז געווען די שאַרמאַנטע געליבטע פֿון דעם פֿראַנצויזישן קעניג לואי דעם פֿונפֿצנטן וואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק פֿאַרנומען מיט איר אַז ער האָט פֿאַרגעסן איינצולאַדן די אַריסטאָקראַטיע צו טראָגן דעם עול פֿון דער מלוכה, צו טראָגן כאָטש אַ טייל פֿון די פּאָדאַטקעס פֿאַר דער מלוכה־ווירטשאַפֿט, כדי דאָס פֿאָלק זאָל קענען גרינגער אָפּאָטעמען פֿון די כלערליי שווערע לאַסטן און במילא נישט צוויילן דאָס אויסברעכן פֿון דער רעוואָלוציע וואָס האָט געלאָזט קעפּן דאָס קעניגלעך פּאָרפּאָלק צוזאַמען מיט אַ סך גלחים, פּריצים און פּאַראַזיטן. מאַדאַם דע פּאָמפּאַדור איז אַגב געווען נישט בלויז אַ קליינשטעטלדיקע מעטרעסע פֿונעם קעניג, נייערט די טאָן־געבערין פֿון דער קולטור, טעאַטער, קונסט און מאָלעריי; אויך פֿון די קליידער מאָדעס פֿאַר פּרויען; פֿון צירונג און פֿון ווייבלעכן „שיק" און עלעגאַנץ אין ווערסיי, בראש מיטן פּלעמיש־פֿראַנצויזישן מאָלער אַנטואַן וואַטאָ וואָס האָט געמאָלן די חלומות פֿונעם ראָקאָקאָ־פּעריאָד; די צויבערהאַפֿטע דאַמעס וואָס ליבן זיך מיט די ריטערלעכע מאַנצלייט און פּרינצן אין די אומענדלעכע גערטנער און וועלדער ביז וואַנזין און עקסטאַז. וואַטאָ האָט אויך געלייגט זיין סטעמפּל אויפֿן קינסטלערישן מעבלוואַרג; אויף די מאָדעס וואָס האָבן פֿאַרוואַנדלט די פּרויען אין ראָמאַנטישע טרוימערינס, אין העלדינס פֿון נאָוועלן און פּאָעמען...

דער „פֿויגלמאַרק" וואָס פֿלעגט זיך עפֿענען פֿאַר די אויגן פֿון די געסט, טוריסטן פֿון אויסלאַנד, זוכער פֿון אַנטיקן, פֿאַנאַטישע זאַמלערס פֿון מאַרקעס, פֿון אַלטע און פֿאַרגעלטע פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון צעבראָכענע צירונג און שוין דערמאָנטע פּלעמישע פּייזאַשן אין אויל, געמאָלן פֿון די לאַנדשאַפֿטן אין די אַרדענענבערג; ווי אויך אַלערליי שאַרבנס און שיידלען פֿון היסטאָרישע רוצחים און פֿון די הענקערס וואָס האָבן געלאָזן פֿאַלן דאָס שטאָליקע און שווער־פֿונטיקע מעסער פֿון דער גיליאָטינע אויף די העלדזער פֿון מאַסן אומשולדיק־פֿאַרמשפּטע מענטשן. אויך האָט מען דאָ געקענט אָנקוקן די סקולעטנפּנימער פֿון באַרימטע אָפּעראַ זינגערס און פּאָפּולערע אַקטיאָרן; אויך די הויכע שטיוול פֿון דעם פּרייסישן הערשער פֿרידריך דעם גרויסן וואָס ער האָט געטראָגן בשעת ער איז צוזאַמען מיט

זיין סוויטע געריטן אין די וועלדער, בעת די יאַגד־עקספּעדיציעס, אויף אַן אויסגעפּאַשעט פערד ווי אַפּערגענומען פון אַ מאַרמאָרנעם פּאָמניק (דענקמאָל). אין ברודיקע פּאָרצעלייענע טעלערס מיט שטויב באַדעקט זיינען אויך געלעגן נאַפּעלעאָנס טאַבאַק־שקעטעלעך פון גאָלד וואָס ער האָט געשמעקט בשעת דער שלאַכט אין וואָטערלו! ווען די קוילן און די שפּיצן פון די באַיאָנעטן און שווערדן פון וועלינגטאָנס שלאַנקע אָפיצירן האָבן צעראַצט די פּרעכטיקע קאָסטיומען פון דעם קאָרסיקאַנערס, גרענאַדירן, אָנגעטוענע אין די עלעגאַנטסטע קאָסטיומען מיט גאָלדענע קנעפּ ענג פאַרקנעפּלטע. די גרויסע „ען" פון נאַפּאָלעאָנס נאָמען האָט מיט קליינע דיאַמאַנטלעך באַדעקט די פּלאַטינענע דעקלעך פון די שקעטעלעך. מען האָט דאָ אויך געקענט איינקויפן פאַר ווינציקע פראַנקן אָדער דייטשע מאַרקן כלערליי זעלנעריש קליידערוואַרג, פוטערוואַרג, סאָלדאַטסקע שטיוול און שיך מיט האַרטע פּאָדעשוועס, באַטשוועקלטע מיט אייזערנע נעגל, פון די זעלנער פון אַלערליי אַרמייען וואָס האָבן זיך געשלאָגן ביזן טויט פאַרן „אומבאַזיגבאַרן" אימפּעראַטאָר אין זיינע גאַנצע זעכציק שלאַכטן אין וועלכע ער האָט כסדר געזיגט און טריאומפירט און סוף כל סוף געלייגט זיין שווערד צו דער ערד אויף אייביקער רו, באַדעקנדיק דעם גלאַנציקן און נאַקעטן שאַרף מיט זיינס אַ גליענדיקער טרער...

און ווידעראַמאָל שטייען און ליגן די טויטנקעפּ, די שיידלען און די שאַרבנס פון פּרינצן, פּריצים און פּראַסטיטוקעס וואָס באַגלייטן די וועלט־באַרימטע אַרמייען ווי מעוון איבערן ים באַגלייטן איבער די ווייטע שטרעקעס די מעכטיקע אָקרענטן וואָס שווימען אָפּ צו ווייטע לענדער...

צוצוגיין אינמיטן אַ שיינעם פרילינג־טאָג פון מאַי אָדער שוין אין יוני־חודש צום פּאָפּולערן פויגל־מאַרק וואָס איז געווען ממש אַ נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע און צו באַווייזן אַהיימצוקומען נאָך איידער די נאַכט פאַלט צו, איז געווען אַן אונמעגלעכע אונטערנעמונג צו רעאַליזירן, מחמת אין טומל, געדראַנג, געשריי און גרילצעריי פון די גראַמאָפאָנען האָט מען פּשוט זיך פאַרגעסן ווער מען איז אַליין, וואוהין מען באַדאַרף זיך אומקערן, צו וועלכער פאַרשלאָסענער שטוב מען געהערט אייגנטלעך און וואו עס וואַרט דאָס איינזאַמע בעט אויף דיין גוף כדי אַוועקצולייגן דיינע גלידער; און אויך וואָס מען זוכט אַהיימצוברענגען פאַר דיין אייגענער איינזאַמקייט, אויב מען פאַרמאָגט אַ היים, אַ שטוב, אַ בעט, אַ טיש, אַ פּאָטעל צום אַריינוואַרפן זיך מיט דיין אייביקער מידקייט, און אַ שפּיגל צום שפּיגלען זיך איידער מען גיט זיך איבער צום נאָבעלן מלאך פון שלאָף וואָס קען אַמאָל זיין דער מלאך המות וואָס שלעפּערט דיך איין אויף אייביקע צייטן...

ווען מען איז ענדלעך אַהיימגעקומען שפּעט ביינאַכט, האָט מען געמוזט זיין שטאַרק פאַרמוטשעט אין אַלע אברים און אין דער נשמה אויך. מען האָט זיך געמוזט גיך אויסציען אויפן בעטל, קאַנאַפּע אָדער אינם אַלטן

גרינעם פּאָטעל און בלייבן זיצן ווי אַ מומיע אין מוזעאום דורך דער גאַנצער נאַכט פול מיט קאָשמאַרן פון דער וועלט־געשיכטע אין די צעיושעטע געהירן אונטער דעם מעטאַלענעם שאַרבן...

אָפטמאָל ווען מען איז צופעליק פאַרן שלאָפן גיין פאַרבייגעגאַנגען דעם אַנטיטשנעם שפּיגל מיט די זשאַווער־פלעקן אין די זילבער־לישייעס, האָט מען זיך פשוט נישט דערקענט אינעם אַנטקעגנאיבערדיקן הענגנדיקן זילבערנעם אָפּגרונט וואָס האָט שוין געוויזן אַן אַנדערן מענטש, מיט אַ מאַסקע אויפן פנים, מיט אַ סיבירישער עסקימאָסן־פּאַפּאַכע אויפן קאָפּ. מען האָט געפילט גיך צוריקצולויפן צום פויגל־מאַרק און זיך צו לאָזן פאַרקויפן קיין אינדיע אָדער פּערסיע, צי גאָר קיין מצרים ווי איינעם פון די ברידער פון יוסף הצדיק כדי צו ראַטעווען דאָס פרעמדע לאַנד פון הונגער...

## טראַגישער לאָרד

איינמאָל אין אַ גרויסאַרטיקן טאָג פון מיטנזומער ווען די זון האָט אונטערן ברייטן הימל געלויכטן מיט באַזונדערער גלאָריע און פריינדלעכקייט צו אַלע מענטשן וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק נאָך צו אָטעמען און צו זיין צווישן די לעבעדיקע פון דער אַלטער מענטשהייט, האָב איך געטראָפן זיצן אין פּאַרק ביים ריזיקן דעמבאָוון בוים אַ מענטש פון אַ געוואַלדיקער הויך און פאַרנעם ווי עוג מלך הבשן. איך וואָלט מיט אַזאַ גיבור נישט געהאַט קיין חשק צו גיין צוזאַמען אין אַ געדיכטן וואַלד אינמיטן נאַכט. לויט זיין קליידונג האָט מען זיך געקענט תיכף דערוויסן אַז ער איז נישט קיין היגער מענטש, נייערט אַז ער איז אַ טוריסט און אַז ער קומט אַהער נישט דווקא פון קיין צענטראַל־אייראָפּייאיש לאַנד, נייערט פון ערגעץ זייער ווייט, ווי פון די מדינות פון דרום־אַפריקע, אויסטראַליע, נייזעלאַנד אָדער גאָר פון ציילאָן צי פון אינדיע. ווי שוין געזאָגט: ער איז געווען נגידיש געקליידעט. זיינע מלבושים זיינען געווען קעניגלעכע אַפילו פאַר זיין קורצן און באַגרענעצטן שפּאַציר צו קיוויט־פּאַרק וואָס האָט נישט געקענט זיין צו־ווייט פון זיין היים מסתמא אין צענטער פון שטאָט וואו עס געפינען זיך די גרויסע האָטעלן פאַר אויסלענדישע געסט, וואו ער זאָל זיך האָבן באַזעצט. דער שטאַרק פּאָפּולערער זאָג אַז ער איז ממש געווען אַזוי הויך און ריזיק ווי עוג מלך הבשן, האָט אין זיין פאַל ניט געקענט זיין קיין איבערטרייבונג, כאָטש שפּריכווערטער זיינען אַמאָל באַרעכטיקט צו גוזמאות. דער מאַן האָט געהאַט אַ רויט און פעטלעך פנים דערציילנדיק פון איינעם אַ ריז וואָס האָט הנאה פון גאַנצע דריי מאָלצייטן דורכן טאָג; אויך אַז ער טרינקט הויכע קופּליעס מיט רהייניש ביר און בעכערס מיט נאָך אַנדערע געטרענק ערב די מאָלצייטן און נאָך די וויעטשערעס, אויב ער קען ביינאַכט נישט שלאָפן; ווי אויך אינמיטן נאַכט אפשר כדי צו פאַריאָגן זיינע שלעכטע חלומות און קאָשמאַרן. עס וואָלט אויך נישט געווען קיין נייעס צו הערן אַז ער רויכערט אויס אַרום צען

ציגאַרן דורכן טאָג; אַז זיין מוראדיקער דורשט צום טרונק־בראָנפן וועקט אים אויף יעדער פּאָר שעה אינמיטן פון דער נאַכט, אויב ער קען איבערהויפּט באַוויזן איינצושלאָפן. וואָס שייך זיין קליידונג ־ נו, וואָס וועל איך דאָ גיין שילדערן די קליידונג פון אַ פּולבלוטיקן בריטישן לאָרד ווי ער האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט נאָך איידער איך האָב פאַר אים אַנטפּלעקט מיין נייגעריקייט צו וויסן די פּרטים וועגן זיין פּראָוואָצירנדיק געשטאַלט און זיין ממש מיטאָלאָגישן פּאַרנעם...

עס וואָלטן מיר אויספּעלן אויף יידיש די נעמען און די באַצייכענונגען פון זיינע בגדים; פון דעם ווייכן פּילצענעם קאַפּעליוש אָן מיט דער ריינער רויטער פעדער פון אַ האָן וואָס פּלאַטערט אין דער הויך, איבער זיין קאָפּ, אָדער גיכער פון יענעם לעגענדאַרן אויערהאָן וואָס האָט געפּעלט ביי דער קרוינונג־סעודה פון שלמה המלך, ביז צו זיינע מלבושים פון דעם סאַמע פיינסטן סאָרט ענגלישער סחורה פאַר מאַנצבילישע אַנצוגן אין די בעסטע לאָנדאָנער קליידער־געשעפטן וואָס זיינען באַשטימט פאַר אַריסטאָקראַטן, דיפּלאָמאַטן, לאָרדן, מיליאָנערן, סאָוועטישע שפּיאָנען און פּאָליציי־אינספּעקטאָרן. און ערשט צו באַשרייבן מיט פּינצטערן טינט זיין האַנט־געפּאַרבטן קראַוואַט אויף זייער דינעם שטאָף און זיין ריזיקע פּערל פון אויסערגעוויינלעכער גרויס מיט אַ שפּילקע אַריינגעשטאָכן אינעם צאַרטן זייד; אויך זיינע כלערליי מעטאַלענע קנעפּלעך, ווי אויך זיינע פּילע ביינערנע, בראָנדזענע ביז גאָלדענע אָפּצייכנס אויף די לאַצן פון זיין אַנצוג און איבער זיין שניי־ווייסער וועסט. און אַזוי כסדר צו שילדערן ביז צו דער גלענצנדיקער קוואַליטעט פון זיינע געשטרייפטע שקאַרפּעטן און זיינע שוואַרצע שיך מיטן ריינעם גלאַנץ פון די לעדערנע פּרזשיסוועס אין וועלכע מען האָט זיך וואויל געקענט שפּיגלען און זיין זיכער אַז אַלץ אין אונדזער בעסטער פון די וועלטן לויט דעם פילאָזאָף לייבניצעס פאָרמולע, איז אין דער שענסטער אָרדענונג און געשמאַק איידער מען גייט אין אָוונט צו אַן אויפנאַמע פאַר דער קעניגלעכער פאַמיליע אין דעם בריטישן לאָרדנהויז וואו די העכסטע און באַרימטסטע פון דער ענגלישער אַריסטאָקראַטיע זיינען די אייביקע געסט און באַזוכערס...

דער אויסלענדישער מאַן האָט קענטיק געזוכט אַן אוידיענץ און ער האָט וואַרשיינלעך אויף פאַרמאָגט געגנוג סחורה: איך מיין מאַטעריאַל מיט וואָס צו אַמוזירן און אַפילו צו אינטריגירן מענטשן וואָס זיינען נייגעריק צו דערקענען די נשמות פון כלערליי ביזאַרע כאַראַקטערן אין דער געזעלשאַפט וואָס איז געבוי אַזוי רייך מיט אַלערלייאיקע מענטשלעכע פיגורן, טיפּן, אינדיווידן און פּערסאָנאַזשן, ווי דער אַטלאַנטישער ים איז רייך מיט פאַרשידענע מינים פיש און בכלל מיט גראָטעסקע באַשעפענישן אין די טיפענישן פון ים־אָפּגרונט. אויך אונדזער העלד האָט געזוכט און איז געווען הונגעריק נאָך אַ פּובליקום מיט אויערן וואָס זיינען גרייט אויסצוהערן און צו פאַרנעמען אין משך פון לאַנגע חדשים און יאָרן די מעשיות און די פאַרלויפענישן פון פאַרשידענע ברואים. און דערנאָך פאָרן

זיי ווידער ערגעץ אין אַן אַנדערער שטאָט און מדינה און זיי באַגעגענען אין די פּאַרקן, גערטנער, מענאַזשעריעס, אָפּעראַס, וויינקעלערן און קאַבאַרעטן נייע טיפּן און געשטאַלטן וואָס זיינען גרייט צו דערציילן פרישע געשיכטעס און עפּיזאָדן פון זייערע ביזאַרע און פאַנטאַסטישע לעבנס־איבערלעבענישן און פּאַסירונגען אַזוי ווי יענע מערקווירדיקע פּרינצעסין וואָס האָט באַוויזן דאָס נס אָפּצוהאַלטן דעם טויט־אורטייל אויף איר בליענדיק לעבן מצד דעם טיראַנישן קייסער שאַכריער וואָס פלעגט טויטן זיינע קעבס־ווייבער יעדן אינדערפרי נאָכדעם ווי ער האָט אַ גאַנצע נאַכט מיט זיי פאַרבראַכט. אָבער די צויבערהאַפטע שערערעזאַדע פלעגט אים אַזוי שטאַרק פאַראינטריגירן מיט אירע פאַנטאַסטישע מעשיות וועגן איר לאַנד און פאָלק און וועגן אַ שלל מיט רויבער, מערדער, מאַטראָזן, סוחרים, אַוואַנטוריסטן, כישופמאַכערס, שווינדלערס און דאָן זשואַנען, אַזוי אַז דער קעניג זאָל צוליב זיין מוראדיקער נייגעריקייט ענדלעך אויסצוהערן דעם סוף פון דער שפּאַנענדיקער געשיכטע, וועלנדיק וויסן דעם גורל פון אירע כאַראַקטערן און אַלערליי געפאַרן און אַוואַנטורעס וועגן וועלכע זי האָט אים געהאַלטן אין דערציילן, אַז ער האָט דער פּרינצעסין שעכערעזאַד געשאָנקען דאָס לעבן כדי זי זאָל פאַרענדיקן אין דער קומענדיקער נאַכט איר מעכטיקע דערציילונג. זי איז געווען קלוג גענוג צו שטילן זיין ברענענדיקע נייגעריקייט מיט אַ סך עפּיזאָדן, אָבער דאָך פאַרהאַלטנדיק וואָס לענגער דעם סאַמע סוף, כדי אַזוי אַרום אויסצומיידן דעם ענדלעכן פינאַל פון איר לעבן דורך זיין תליונס שאַרפער האַק...

דער ריזיקער טוריסט האָט זיין נאָמען אָנגעגעבן אַלס לאָרד רישאַרד סטענלי, אַ גאַנץ ווייטלעכער קרוב און אָפּשטאַמלינג פון דער בריטישער קעניגלעכער טודאָר־פאַמיליע. וואָס שייך זיין ווייב, האָט זי געהייסן אַננע, און זי פון איר זייט האָט אָפּגעשטאַמט פון דעם קייסער הענרי דעם אַכטנס געקעפּטן ווייב אַנאַ באָלעין. לאָרד רישאַרד סטענלי האָט געלעבט אַרום צען יאָר צייט אַ גליקלעכער אין דער אינדישער שטאָט קאַלקוטאַ וואו ער איז געווען טעטיק אין דער באַרימטע בריטישער טיי־געזעלשאַפט אין וועלכער זיינע זיידעס זיינען געווען אַקטיוו אַריבער צוויי הונדערט יאָר אין אינדיע. לאָרד סטענלי איז געווען הויך געאַכטעט אין דער ענגלישער קאָלאָניע אין קאַלקוטאַ. ער איז אויסגעוואַקסן צו אַ מאַן מיט רואיקע מאַניערן וואָס האָט אַלץ געטאָן און אויך גערעדט אויף אַ געלאַסענעם אופן. זיינע אָנגעשטעלטע זיינען געווען סיי אינדיער און סיי חשובע בירגער פון דער בריטישער געזעלשאַפט אין לאָנדאָן. ער איז אַזוי שטאַרק רעספּעקטירט געוואָרן פאַר זיינע שטאַטסמענישע מעשים לטובת די אינטערעסן און וואוילטעטיקייטן פון דער אינדישער באַפעלקערונג און פאַר זיינע קאָנסטרוקטיווע אויפטואונגען אין אינדיע בכלל, אַז ער איז אין איין צייט אַפילו באַטראַכט געוועזן ווי דער קונפטיקער הויפּט־פאָרשטייער פון ענגלאַנד אין אינדיע, און דאָס האָט געמיינט נישט ווינציקער ווי דער

העכסטער אַמט פון אַן ענגלישן בירגער: צו ווערן דער וויצע־קעניג פאַר די אינטערעסן אין ענגלאַנדס מעכטיקסטער קאָלאָניע וואָס מען האָט אָנגערופן: „די צירונג אין דער בריטישער קרוין"...

זיין פרוי אַננע איז געווען אַ שוינקייט פון דער ערשטער מדרגה צווישן די שענסטע פרויען־שיינקייטן פון דער לאָנדאָנער אַריסטאָקראַטיע. זי איז זייער הויך רעספּעקטירט געוואָרן אין דער געהויבענער געזעלשאַפט פון דער אינדישער שטאָט קאַלקוטאַ און איבערן גאַנצן לאַנד. זי האָט געטריי און מיט אַ סך טאַקט אויסגעפירט אין דער עפנטלעכקייט אַלע אָפיציעלע מיסיעס און מעשים טובים לטובת דעם וואוילזיין פון דעם אינדישן פאָלק, איבערהויפּט אין הויבן דעם מוט, די מאָראַל און די סאָציאַל־עקאָנאָמישע לאַגע פון דער אָרעמער באַפעלקערונג. זי האָט זיך אַפילו אויסגעצייכנט אין לערנען די געשיכטע, די ליטעראַטור און דעם גייסט פון אינדיע, פון די פילע סעקטעס, קולטורן און לשונות. זי האָט געקענט רעדן, לייענען און שרייבן אין סאַנסקריט, די הויפּט־שריפט, שפּראַך און ליטעראַטור פון לאַנד. זי אַליין האָט געמאַכט טיפע פאָרשונגען וועגן אינדיעס פאַרצייטישער געשיכטע און זי האָט אָנטיילגענומען אין אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען, אַרויסברענגענדיק פון די טיפענישן פון דער ערד פאַרצייטישע פּאַלאַצן, רעגירונגס־הייזער, טעמפּלען, ווי אויך מעבלוואַרג, געפעסן, צירונג, אינסטרומענטן און אַלץ וואָס דינט צום פאָלק אין גאָר זיינע הצטרכותן. זי האָט זיך נאָך יאָרן פון פּראָוואָצירנדיקע שטודיעס אין אינדיעס רייכער פאַרגאַנגענהייט געגרייט צו שרייבן אַ קולטור־היסטאָריש ווערק וועגן די דאָזיקע געביטן...

נאָך די אָפיציעלע שעהן אין זיין רעזידענץ וואו ער האָט אויפגענומען הויכגעשטעלטע לייט, וויכטיקע מלוכה־מענער און אַמבאַסאַדאָרן פון אַלערליי פריינדלעכע מדינות און פעלקער, צווישן זיי פּערזענלעכקייטן פון גרויס אָנזען וואָס האָבן געשפּילט אַ היסטאָרישע ראָלע אין דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער טעטיקייט פון זייערע לענדער; אין די באַציונגען צווישן אינדיע און דער דעמאָקראַטישער ענגלישער מדינה וואָס איז דאָך געווען אַ ריזיקע אימפּעריע אין לאָרד סטענליס צייטן, האָט ער געטריי צו זיין פרוי אַננע און צו זיין גאַנצער פאַמיליע פון דריי געראָטענע טעכטער און פיר זין וואָס יעדער פון זיי האָט זיך אויסגעצייכנט אין די הויכשולן פון קאַלקוטאַ, באָמביי און אין די אַנדערע גרויסע שטעט וואו זיי האָבן געלערנט מיט התמדה און פּערפעקציע אין די פאַרשידענע געביטן פון מלוכה־אָנפירונג, פאָלקס־בילדונג און סאָציאַלע פּראָבלעמען פאַרן לאַנד און פאָלק — האָט לאָרד סטענלי אין זיינע פרייע אָוונט־שעהן, ווען ער איז נישט געווען פאַרנומען מיט אויפנאַמעס פאַר געהויבענע געסט פון דער הויפּט־שטאָט לאָנדאָן; מיט טעאַטער־פאָרשטעלונגען, קאָנצערטן און שעקספּיר־פעסטיוואַלן; מיט באַנקעטן און רעפּעראַטן פון דער אַרכעאָלאָגישער געזעלשאַפט, אויך געשריבן אַ באַדייטנדיק ווערק וועגן דער געשיכטע פון דער בריטישער אימפּעריע,

אָנפּאַנגענדיק מיט דער גורלדיקער פּעריאָדע אונטער דער הערשאַפט פון דער אימפּעראַטאָרשע עליזאַבעט די גרויסע אין צוזאַמענשטויס מיט דער קאָלאָניאַלער מאַכט פון דעם קעניג פיליפּ דעם צווייטן פון שפּאַניע, וואָס איז ענדלעך באַזיגט געוואָרן דורך דער בריטישער ים־פלאָטע אינעם זעלביקן טאָג ווען די מאַכטיקע שפּאַנישע אַרמאַדע איז געשלאָגן געוואָרן דורך די העלדישע בריטישע קעמפער, ווי שוין געזאָגט, פון דער אַלצו־מענטשלעכער און ווייבעריש־קאַפּריזנער קייסערינע עליזאַבעט וואָס איז געווען אַ טיפּישע נקבה פון קאָפּ ביז צו אירע פיס...

נאָכדעם ווי לאָרד סטענלי האָט פאַרטיק געמאַכט זיין ווערק וואָס האָט געשילדערט אויף אַן עפּיש־קינסטלערישן אופן, אין אַ רייכער שפּראַך און מיט געניע און גוטקאָנטראָלירטע דעטיילן וועגן דעם לעבן פון טויזנט יאָר הערשאַפט פון די בריטישע קייסאָרים, איז ער איינגעלאַדן געוואָרן קיין לאָנדאָן. ער איז אויפגענומען געוואָרן אין דער הויכער ענגלישער געזעלשאַפט. זיין באַריכט וועגן דער פּאָליטישער עקאָנאָמישער, מיליטערישער און קולטורעלער לאַגע אין אינדיע, באַזונדערס אין שייכות צו די בריטישע אינטערעסן, האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אין לאָרדנהויז און אין פּאַרלאַמענט וואו מען האָט געלויבט זיין דיפּלאָמאַטישע חכמה, זיין טאַקט און וויזיע בנוגע די באַציאונגען צווישןביידע לענדער: אינדיע און ענגלאַנד. דער גרויסער מייסטער פונעם ענגלישן לשון, דער מעכטיקער סטיליסט און היסטאָריקער פון ענגלאַנדס שלאַכטן, מלחמות, עקספּעדיציעס איבער די ימים און יבשות און פּיאָנער פון פרייהייט און מלוכה, ווינסטאָן טשוירטשיל, וואָס האָט געמאַכט געשיכטע און געשריבן געשיכטע, האָט אים פּערזענלעך איינגעלאַדן צו זיין דער גאַסט אין זיין היים אין לאָנדאָן בשעת די דייטשע באָמבעס האָבן פאַרוואַנדלט גאַנצע לאָנדאָנער קוואַרטאַלן אין חורבות און יאָמער, און פאַרצווייפלונג און אַנטשלאָסנקייט צו קעמפן קעגן דער היטלעריסטישער דראַכע וואָס האָט באַהערשט די לאָנדאָנער באַפעלקערונג. ווינסטאָן טשוירטשיל האָט זיך באַנומען צו לאָרד סטענלי ווי מיט אַ גלייכן. זיי האָבן מערסטנס גערעדט וועגן בריטישער געשיכטע, וועגן די טראַגעדיעס און קאָמעדיעס פון וויליאַם שעקספּיר וואָס האָט אין זיינע שאַפונגען פאַקטיש אַרויסגעבראַכט אין דראַמאַטישע האַנדלונגען די גוטע און שלעכטע מעשים פון די ענגלישע הערשער. זיי האָבן אויך גערעדט וועגן דעם גורל און די צוקונפט פון ענגלאַנד אַלס אימפּעריע וואָס איז באַדראָט פון די נייע צייט־שטראָמען אין דער וועלט און פונעם פינצטערן אַשמדאַי, היטלער, וועמענס שאָטן פאַרדעקט אַ ריזנחלק פונעם פּלאַנעט. לאָרד סטענלי איז אויך איינגעלאַדן געוואָרן צו אַנדערע באַדייטנדיקע פּערזענלעכקייטן פון דער בריטישער געזעלשאַפט. גאַנץ ענגלאַנד האָט אים אין דעם מאָמענט פון פאַרצווייפלונג און אַנגסט אָפּגעגעבן גרויס כבוד...

נאָך אַ צייט האָט זיך לאָרד סטענלי אומגעקערט קיין קאַלקוטאַ. אויפן

ים פֿאָרנדיק האָט ער זיך דערפֿילט עפּעס שטאַרק אומרואיק. ביינאַכט האָט ער געהאַט שלעכטע קאָשמאַרן. די שיף האָט זיך שטאַרק געוואַקלט איבער די שטורמדיקע כוואַליעס וואָס האָבן זיך הויך אויפֿגעהויבן ווי ריזיקע מויערן פֿון אַלטע און אימפּאָזאַנטע פּאַלאַצן וואָס קראַכן און זיי זינקען שטיקערווייז אין די טיפֿענישן פֿונעם אָקעאַן. פֿון די צעבראָכענע כוואַליעס האָבן אַרויסגעקוקט פֿאַרמבולדיקע מאָנסטערס מיט מאַלפּישע פּנימער און צייטנווייז אויך מיט געזיכטער פֿון מענטשן וואָס זיינען פֿאַרפֿוילט געוואָרן אין די אָפּגרונטן, וויינענדיק און לאַכנדיק, ווי אויך מאַכנדיק גראָטעסטע גרימאַסן צום איבערגעשראָקענעם לאָרד. די זון האָט זיך זעלטן באַוויזן בשעת דער גאַנצער צייט פֿון זיין נסיעה איבערן אויפֿגעקאָכטן ים. די ריזיקע שיף וואָס האָט אויסגעזעען ווי אַ פּאַלאַץ פֿון אַ לעגענדאַרן פֿאַרצייטישן קייסער, האָט זיך געוואָרפֿן אויפֿן רוקן פֿון די כוואַליעס ווי אַ שפּענדל, דעמאָנסטרירנדיק די נישטיקייט פֿון דער בריטישער אימפּעריע. לאָרד סטענלי איז אָנגעקומען אַהיים אַ האַלבער אין זיין פּיזישן געוויכט. ער איז גרוי געוואָרן אויך ווי ער וואָלט פֿאַרבראַכט זיין גאַנץ לעבן אין אַ פֿינצטערן קערקער אָדער ער וואָלט געאַרבעט אין אַ קוילנגרובן, אויסגראָבנדיק מיט זיינע הוילע פֿינגער ווערלדער מיט קוילן. זיין ווייב האָט אים קוים דערקענט. ביים מאָלצייט און בשעת די קומענדיקע אָוונטן האָט זי אים אויסגעפֿרעגט איינצלקייטן פֿון זייער צוזאַמענלעבן, צווייפֿלענדיק אין זיין שייכות צו איר אַלס דער געזעצלעכער מאַן מיט וועמען זי האָט מיט אַן ערך פֿון אַ פֿערטל יאָרהונדערט צוריק חתונה געהאַט. זי האָט אים אויסגעפֿרעגט מכוח געוויסע טעאַטראַלישע פֿאָרשטעלונגען וואָס זיי זאָלן האָבן אַמאָל צוזאַמען געזען נאָך איידער זיי זיינען אָפֿיציעל געוואָרן מאַן און ווייב. ער האָט אויף אַלע שאלות איר געפּרוּווט ריכטיק צו ענטפֿערן. און דאָך האָט זי געצווייפֿלט אין דעם אמת פֿון זיינע זכרונות וועגן זייער פֿאַרגאַנגנהייט אַזוי ווייט אַז ער האָט גאָרנישט געדענקט ווער פֿון זייערעביידע משפּחות עס זיינען געווען ביי זייער חתונה־צערעמאָניע. עס איז איר פֿאַרגעקומען אַז איר מאַן, וואָס איז בשעת די ערשטע יאָרן פֿון זייער צוזאַמענלעבן געווען אַ מוסטער פֿון אַן אידעאַלן מאַן, אַ פֿערפֿעקטער דזשענטעלמאַן, אַ הייסער פּאַטריאָט און אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכער היסטאָריקער, איז עפּעס ווי פֿאַרענדערט געוואָרן אין זיין געשטאַלט. דאָס פּנים איז טאַקע פֿאָרט געווען פֿון איר מאַן. אָבער זיין גוף איז באַוואַקסן געוואָרן מיט דיקע חיהשע האָר. ווען ער האָט זיך ביינאַכט, אין אָפּשיין פֿון אַ זייער העלער לבנה ווי די זון וואָלט שיינען אינמיטן נאַכט, צוגערירט צו איר מיט ליידנשאַפֿט, האָט זי געהאַט דאָס מוראדיקע געפֿיל אַז אַ שלאַנג פֿונעם דזשאָנגל וואָלט זי באַפֿאַלן און זיך אַרומגעדרייט אַרום איר גוף. זי האָט אין אַזעלכע מאָמענטן זיך אַרויסגעריסן פֿון זיין תאוותדיקער אומאַרמונג, וויינענדיק שרעקלעך און פֿאַרגיסנדיק מיט טרערן זייער געלעגער. אויך זיין צונג איז עפּעס ווי געוואָרן פֿאַרקערט. זיין ענגליש לשון איז מער

נישט געווען די שפּראַך וואָס ער האָט באַנוצט אין זיינע מינדלעכע שמועסן מיט איר און אויך נישט דאָס לשון מיט וועלכן ער האָט זיך אַזוי רייך אויסגעדריקט און אויסגעצייכנט אין זיין היסטאָריע פון דער בריטישער אימפּעריע. זיין ענגליש האָט איצט געקלונגען מיט אַ סלאַווישן טאָן. ביינאַכט ווען אין דרויסן פלעגט פלוכן פון די הימלען אַזאַ בייזער מבולדיקער רעגן, האָט ער הויך גערעדט ווי צו אַ פאַרזאַמלונג פון פאַרצייטישע פּיראַטן פּרואוונדיק צו איבערצייגן די געוואַגטע ים־רויבערס אַז ער איז אומשולדיק אינעם פאַרברעכן אין וועלכן ער ווערט פאַלש באַשולדיקט. די פּיראַטן האָבן געהאַט חיהשע פּנימער מיט שטאַרנדיקע און שפּיציקע ציין. זיין פרוי איז געווען אונטערן איינדרוק אַז עס איז עפּעס פאַרגעקומען מיט אים ערגעץ־וואו אין אייראָפּע אָדער אויפן ים, אַהיימפאָרנדיק. ער פלעגט טיילמאָל פאַרשוואונדן ווערן אויף גאַנצע וואָכן. זייער זין זיינען אים נאָכגעגאַנגען דורך די נעכט אין די פאַרדעכטיקע קוואַרטאַלן פון דער אַלטער שטאָט לאָנדאָן. זיי האָבן אים געזוכט בשעת ווינט, רעגן, שנייען און שטורעמס אין ווייגקעלערן, געמבלינג־הייזער און באָרדעלן. אָט האָבן זיי אים געפונען און אַהיימגעבראַכט מיט גרויס שוועריקייטן. ער האָט זיך געוואַקלט אויף זיינע געשוואָלענע פיס. ער האָט געטראָגן פרעמדע מלבושים, כמעט שמאַטעס, פאַר וועלכע ער האָט אַוועקגעגעבן זיינע קליידער פון אַ מיליאָנער. ער האָט אויך נישט פאַרמאָגט קיין מטבע ביי דער נשמה. ער איז תמיד געווען הונגעריק ווי אַ וואָלף אין וואַלד וואָס עסט שניי און טרינקט בלאָטע. ער איז איצט יאָ און נישט געווען ענלעך צו זיינע זין. ער איז אַפילו נישט געווען ענלעך צו זיין אייגענעם פריערדיקן אויסזען. דער פריערדיקער שטאָלצער לאָרד, דער אינטימער פריינד פון קייסאָרים און מיניסטאָרן, אַן איינגייער אין זייערע פּאַלאַצן, דער אַריסטאָקראַט פון זיינע גלענצנדיקע יאָרן, איז איצט געווען קוים אַ שאָטן פון אַ מענטש. ער האָט זיך איצט אַפילו אין די בעסערע מאָמענטן אינגאַנצן אַנדערש באַצויגן צו זיין ווייב און צו די קינדער. ער האָט זי יעדן טאָג און נאַכט אָנגערופן מיט אַלערליי פרעמדע נעמען ווי זי וואָלט געווען זיין דינסט. ער האָט פּשוט נישט געדענקט איר ריכטיקן נאָמען. דאָס זעלביקע איז אויך געשען נישט נאָר צו זיינע זין און טעכטער, וועלכע ער האָט נישט דערקענט און זיי נישט געליבט, נייערט אויך זיינע פריינד וואָס פלעגן אים אָפּרופן, איינלאַדן אים און זיין פאַמיליע צו אַלערליי סואַרעס (אָוונט־שמחות), אים שיקן מתנות, האָט ער נישט געקענט און אויך נישט אַנערקענט. צו די חתונות פון זיינע אייגענע טעכטער, ווען זיי זיינען געוואָרן פּוליעריק, איז ער נישט געקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי און מיט די משפחות מיט וועלכע ער האָט זיך משדך געווען. ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טרעמפּ וואָס האָט צו אַלע צרות נאָך געהוסט מיט בלוט אויך. ער האָט ביינאַכט געקרעכצט בשעתן שלאָף. ער פלעגט אויפשטיין פון זיין געלעגער אינמיטן נאַכט, זיך גיך אָנטאָן די צעפליקטע בגדים אויפן פאַרוואָרלאָזטן

קרעציקן לייב און אַוועקוואַנדערן ווי אַן איינזאַמע חיה איבער די טונקעלע גאַסן צו פאַרדעכטיקע הייזער און קעלערן פון זינד, קנייפּעס און געמבלעריי...

עס זיינען אָפּטמאָל פּאָרגעקומען וויכוחים צווישן זייער מוטער און זייערע זין און טעכטער. די טעכטער האָבן נאָך אַלץ ליב געהאַט זייער פאָטער און זיי האָבן נישט געוואָלט מסכּים זיין מיט די דערקלערונגען פון די זין אַז זייער פאָטער איז נישט דער זעלביקער. אַז אַ פרעמדער מאַן פון דער הפקרדיקער גאַס אין לאָנדאָן, פּאַריז אָדער קאָפּענהאַגן וואו ער האָט וואָכנלאַנג פאַרבראַכט בשעת זיין נסיעה קיין אייראָפּע, האָט אומגעבראַכט זייער אמתן פאָטער, צוגערויבט זיין לעדערנעם פּאָרטפעל מיט דאָקומענטן און האָט זיך לעצטנס אַריינגעריסן אין זיין היים און ער רעגירט אויף אַ מאָדנעם און אומהיימלעכער שטייגער. זייער געלט ווערט פון טאָג צו טאָג ווינציקער. עס פעלן אין געוויסע טעג די שליסלען פון זייערע קאַסעס אין די בענק און זייערע אוצרות ווערן איבערנאַכט פאַרשוואונדן ווי שניי פון דער גאַס ווען די זון שיינט. זייער מכלומרשטער פאָטער באַגנבעט אויך זייער אייגענע היים און ער טראָגט אַרויס זעלטענע אַנטיקן אין די קוואַרטאַלן פון די אַנטיק־הענדלער און ער פאַרקויפט זיי אין אַנדערע פאַרדעכטיקע לאָמבאַרדן פאַר בחצי חינם כּדי צו קענען טרינקען און זשליאָקן שטאַרקע וויינגעטרענק אין די קרעטשמעס און ווינקעלערס ביז חלשות. אָפּטמאָל קומט ער אַהיים אינמיטן פון דער נאַכט אַ טויטלעך־שיכורער. ער וואַקלט זיך ווי אַ טרעמפּ אויף זיינע געשוואָלענע פיס. איין קאָלאַש זיינער איז גאָרנישט ענלעך צום אַנדערן. עס פעלט אים זינט לאַנג שוין, בשעת ער האָט זיך נאָך אומגעקערט פון אייראָפּע, די גאָלדענע בראָשקע מיט דער ריזיקער פּערל פאַרשטעקט אינעם זייד פון זיין בינדע אויפן האַלדז. ער ווייסט קיינמאָל נישט ווי שפּעט עס איז און עס פעלט אים שוין זינט לאַנג דער קאָסטבאַרער „אָמעגאַ"־זייגער מיט דער גאָלדענער דיוויסקע וואָס האָט געצירט זיין אַמאָליקן פלושענעם וועסט. ער שטייט אָפּ שעהנלאַנג ביים גרויסן שפּיגל וואָס איז איינגערעמט אין אַ זעלטענעם ווענעציאַנישן טשעליני־רעם וואָס דער שיכורער, אָבער געניאַלער גאָלדשמידט פון ווענעציע האָט אויסגעצירט מיט אָנגעצונדענע רויזן, און וואָס ער האָט אַנומלט אַהיימגעבראַכט פון אַן אַנטיק־הענדלער. אָבער דער שפּיגל איז געווען צעבראָכן. פון די רויטע לישייעס און שפּעלטלעך האָט ווי אַרויסגערונען מיט בלוט. ער האָט זיך, דער איינזאַמער לאָרד, שעהנלאַנג פאַרהאַלטן ביים שפּיגל און זיך אָנגעקוקט אַזאַ נייגיריקער ווי ער וואָלט זיך אַליין געפּאָרשט און זיך געפרעגט ווער ער איז אייגנטלעך. מען האָט אים געהערט רעדן צו זיך אַליין, זייענדיק זיכער אַז קיינער הערט זיך נישט אונטער און זעט נישט און געפינט זיך נישט אין זיין היים: צו בין איך טאַקע מער נישט דער לאָרד סטענלי, דער מחבר פון דער טויזנט־זייטנדיקער געשיכטע פון דער בריטישער אימפּעריע און דער פריינד פון דעם גרויסן היסטאָריקער און

ענגלאַנדס פרעמיער־מיניסטער ווינסטאָן טשורטשיל וואָס האָט גרעאַטעוועט פון אַ גרויסער מפּלה די בריטישע אימפּעריע און אויך גאַנץ איראָפּע ווען זייערע פונדאַמענטן האָבן זיך געוואַקלט ווי בשעת אַן ערד־ציטערניש אין אַ שטאָט ווען די קראַכנדיקע ווענט שלאָגן ממש ברוטאַל די אומגליקלעכע מענטשן און די אייגנטימער פון זייערע פּאַלאַצן, קאָמעניצעס און סאַלאָנען — אָדער בין איך גאָר טאָמאַס פון אַקווינאָס, דער קאַטוילישער טעאָלאָג פונעם מיטלאַלטער? טיילמאָל באַהערשט מיך אַ רעליגיעז געפיל: עס באַפאַלט מיך פלוצלינג אַ חשק צו בעטן מחילה ביי גאָט אין אַ טיפן וואַלד צווישן הויכע בוימער כדי ער זאָל מיר מוחל זיין מיינע זינד. איך בין דאָך געווען אַ פלאָטנאַדמיראַל. איך האָב אַליין געטריבן מיינע אַרמייען און מאַטראָזן אין די שיפן צום אומקום ביינאַכט. זיי זיינען דערטרונקען געוואָרן אין די ווילדע און ברויזנדיקע וואַסערן פונעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, דאָרטן וואו זיי האָבן איבערהויפּט נישט געדאַרפט זיין און קעמפן — קעמפן קעגן וועמען? קיינער האָט דאָך מיין פלאָט מיט שיפן נישט אַטאַקירט. די שרעקלעכע אַרמייען און די אומגעהויערע פלאָטעס מיט ריזיקע אָקרעטנטן, באַוואָפנטע מיט אומגעווייִנלעכע קאַנאָנען וואָס זיי האָבן געזען פונדערווייטנס דורך די שטאַרקע שפּאַקטיוון זיך מכלומרשט דערנענטערן איבערן ווילד־שטראָמענדיקן ים צום קעניגלעכן פּאַלאַץ, זיינען פאַקטיש געווען בלויז צעיושעטע וואַלקנס אויפן הימל וואָס דער ווינט האָט זיי מיט אימפּעט געטריבן בשעת דער זון־שקיעה וואָס האָט אָנגעצונדן ווי אַ שרפה די כוואַליעס. וואָס אייגנטלעך טוט זיך עס מיט מיר? געוואַלד און געשריגן! איך בין פאַרקערט געוואָרן צו אַן אַנדערן באַשעפעניש. איך קעמף אַנטקעגן זיך אַליין. איך בין דער גענעראַל פון אַ טויטער אַרמיי וואָס ליגט באַגראָבן אין די זומפּן פון די ווילדע וואַסערן. מיינע אַלטע זעלנער־סקעלעטן זיינען אָבער געבליבן געטריי צו מיר. זיי ווילן גיין אין דער באַטאַליע צו קעמפן פאַר מיר ביזן לעצטן טראָפּן בלוט אין זייערע צעבראָכענע ביינער אין וועלכע דער נביא באַדאַרף אַריינבלאָזן פייער און לעבן. זייערע ביקסן, שווערדן, באַגנעטן און קינזשאַלן ליגן צעשפּרייט אויפן גרונט פון ים. די פיש שווימען אַרום אין די היילן און לעכער פון די טויטע שיפן. מיינע געטרייע סאָלדאַטן, אָפיצירן און גענעראַלן זיצן אין די ריזיקע זאַלן פאַרגאָסענע מיטן געזאַלצענעם וואַסער און זיי שפּילן אין קאָרטן; זיי טרינקען פון די צעבראָכענע פלעשער דאָס גיפטיקע בלוט פונעם ים ווי ווייַן און ליקער. די פיש לעקן דעם רויטן זשאַווער וואָס וואַקסט אָן ווי שוואָמען אויף דעם קאַלטן שטאָל און אייזן פון די מאַשינען...

אָט אַזוי האָבן די זין און די טעכטער זיך אָנגעהערט זייער פאָטערס שפּעט־ביינאַכטיקע שיכורע רייד בשעת ער פלעגט שטיין אַ זיך וואַקלענדיקער נעבן די שפּיגלען, און ווען ער איז איבערגעבליבן אינגאַנצן אַליין, פלעגט ער זיך אָפּטמאָל אויסטאָן און לאַנגע שעהן

באַטראַכטן זיין אייגענעם גוף. צי איז עס טאַקע זיין גוף וואָס איז מיט גאָטס גענאָד און געדולד געוואַקסן ניין חדשים לאַנג אין זיין מוטערס גליענדיקן לייב? צי האָט ער נאָך די זעלביקע צייכנס און סימנים אויף זיינע אַלטע גלידער אַזוי ווי פריער?...

איינמאָל האָט לאָרד סטענלי דערציילט זיין ווייב שפעט ביינאַכט, נאָך אַ סעודה וואָס ער האָט נישט געקענט פאַרצערן מחמת משוגעים האָבן נישט קיין אַפעטיט צו שפייזן, אַז ער איז נישט מער קיין ריין ראַסיקער ענגלענדער, נייערט גאָר אַ ייד. ער האָט איר אַנטפּלעקט אַ סוד אַלס באַווייז פון זיין יידישקייט אַז ער איז געמלהט. און זיין מוהל איז געווען זיין אייגענער זיידע — אויך אַ ייד און אַ הייליקער רבי פון באַרדיטשעוו. די פרוי האָט אויסהערנדיק איר מאַנס פאַנטאַסטישע מעשה ממש געשטוינט און זיך שטאַרק געשעמט וועגן דעם צו דערציילן אירע קינדער. טראָץ זיין פרומקייט און זיין כסדרדיקן בעטן צו גאָט, פלעגט ער בשעת די שפּעטע נאַכט־שעהן זיך אַרויסגנבענען פון דער היים און פאַרשוואונדן ווערן אין די געסלעך פון די רויטע לאָמפּן, וואו זונות פון פאַרשידענע פעלקער פונעם פלאַנעט האָבן כמעט נאַקעטע גערופן די מאַנצלייט, שיכורים, גנבים, מאַטראָזן און גיפט־געברויכערס צו זינד. אַנדערע שיכורע מאַנצלייט האָבן אַלפאָנסן אַרויסגעוואָרפן פון די ווינקעלערן און באָרדעלן אויף דער גאַס, אָפטמאָל בשעת אין דרויסן פלעגט גיסן אַ מבולדיקער רעגן אָדער אַ שניי איז פאַמעלעך געפאַלן איבער די דעכער פון די הייזער, אויף די באַלקאָנען מיט פאַרבונדענע וואַזאָנעס און אויף די קרומע אייזערנע לאַמטערנעס, פאַרהילנדיק די לאָמפּן ווי מיט ווייסע אַבאַזשורן. לאָרד סטענלי האָט אַזאַ טויטלעך־שיכורער, אָן אַ גראָשן געלט אין זיינע צעלעכערטע קעשענעס, נישט געהאַט קיין סך כוחות צוריק אַהיימצוגיין אויף זיינע צעבראָכענע פיס. די פּאָליציי, זעענדיק אַז אַן אַלטער און באַטרונקענער מאַן וואַלגערט זיך אַרום אין די ברודיקע קאַלוזשעס איבער די צעגריזשעטע טראָטואַרן און אויף די בערגלעך מיט שניי וואָס איז געווען ווייס ווי דער שטאָף פון כלהשע חתונה־קליידער וואָס מען פירט צו דער חופּה, פלעגט אים אַרעסטירן און אַריינזעצן אין קאָזע אויף איבערצונעכטיקן די פּאָר קאַרגע שעהן וואָס זיינען נאָך איבערגעבליבן פון דער שפּעטער נאַכט און טונקעלן באַגינען. שפּעטער האָט די פּאָליציי געפּראוווט צו לייענען זיינע צעקנייטשטע און אָפּגעמעקטע דאָקומענטן, און זיך קוים דערוויסן ווי אַזוי ער הייסט און אַז ער איז טאַקע דער גרויסער לעגענדאַרער היסטאָריקער לאָרד סטענלי. דאָס פאַרמוטשעטע ווייב זיינס, די לאָרדיכע, וואָס איז שוין איצט ממש געווען אויס מענטש און גרוי ווי אַ טויב, איז געקומען מיט אַ באַדינער און אים אַהיימגעבראַכט מיט אַ טאַקסי. דערנאָך האָט מען אים געדאַרפט גאַנצע טעג און נעכט צו וואַשן, באָדן און צו רייניקן מחמת ער איז פאַרלייזיקט געוואָרן, און זיינע צעפליקטע בגדים זיינען געווען ברודיק ווי אַ בלאָטע. זיין העמד האָט נישט געהערט צו אים. אַלץ וואָס ער האָט

פריער פאַרמאָגט, האָט מען פון אים געהאַט צוגענומען. בלויז אים אַליין האָט מען קיינמאָל נישט באַוויזן צוצוגנבענען. אָבער ער האָט שוין סיי ווי נישט געטויגט פאַר מענטש און פאַר גאָט...

דריי יאָר צייט האָט לאָרד סטענלי דערנאָך פאַרבראַכט אין אַ היים פאַר גייסטיק־קראַנקע. זיינע זין, טעכטער און זיין אייגן ווייב פלעגן אים דורך די ערשטע צייטן רעגולער באַזוכן. אָבער ער האָט זיי נישט דערקענט און אויך נישט אָנערקענט פאַר זיינע אייגענע. דורך דער צייט האָט זיין געטרייע ווייב דורך אַלע יאָרן, שוין איצט אַ מידע און אַ קראַנק־געוואָרענע צוליב איר מאַן, דעם פאַרשאָלטענעם און וואַזיניקן לאָרד, אים פֿאַראַטן מיט אַ קלאָון. יאָ, אַ קלאָון אין צירקוס, אויך אַן ענגלענדער און אַפילו אַן ענלעכן צו איר מאַן ווען ער איז געווען איינער פון די גאַלאַנטסטע לייט אין קאַלקוטאַ, איז געוואָרן איר געליבטער. עס איז אָפּגעקומען, ווי שוין געזאָגט, אַ סך פון איר פריערדיקער שוינקייט. זי האָט פריער פאַרמאָגט אַ קאָפּ מיט גאָלד־בלאָנדע האָר. אָבער ווען זי איז געוואָרן די געליבטע פון דעם קלאָון שוין אויף אירע עלטערע יאָרן, האָט זי געקראָגן ווייסע האָר אויפן קאָפּ אַזוי ווי ריינער שניי. אויף איין אויג איז זי געוואָרן בלינד און דאָס אַנדערע אויג האָט געציטערט און געשיקלט. זי פלעגט כסדר גיין צו די געוועלבער פון צירונג כדי צו פאַרקויפן אַ טייל פון אירע אָנגעזאַמלטע אוצרות וואָס זיינען צו איר נאָך איבערגעבליבן פון די אַמאָליקע גוטע צייטן. זי פלעגט ביינאַכט זיך אַרויסגנבענען פון איר רייכער היים און אָנקלאַפּן אין די טירן און פענצטער פון די לאָמבאַרדס כדי צו פאַרזעצן דאָס גאָלד און בריליאַנטן וואָס איר מאַן, דער לאָרד, האָט איר געהאַט געשאָנקען בשעת די יינגע און זוניקע טעג פון זייער ליבשאַפט. נאָכן האָבן פאַרקויפט פאַר בחצי חינם און פאַרזעצט צו די לאָמבאַרד־רויבער, און אויך נאָכן האָבן פאַרקויפט און פאַרשאַכערט זייער פּאַלאַץ, מיט זייער אַנטיקוואַרישן מעבל, זייערע קאָסבאַרע קליידער, זייער זיידנוואַרג און פלושנס, האָט זי געלעבט פון די מאָגערע פאַרדינסטן פון דעם קלאָון אין צירקוס וואָס האָט דורך לאַנגע יאָרן אַמוזירט דעם פאָלקס־עולם אין די ענגלישע שטעט און אויך אין גאַנץ אייראָפּע. אָדער איינמאָל איז געשען אַן אומגליק: בשעת ער האָט אַדורכגעפירט זיינע אַקראָבאַטישע טענץ און קינצן אין צירקוס, טאַנצנדיק אין דער הויך אויף אַ טראַפּיז, איז ער אַראָפּגעפאַלן און ער איז שוין מער קיין לעבעדיקער נישט אויפגעשטאַנען. די געוועזענע לאָרדיכע, אַן אָפּשטאַמלינג פון דער קעניגלעכער סטיואַרט־משפחה, האָט איצט פשוט גענומען בעטלען אין די ביינאַכטישע גאַסן ווען קיינער האָט זי נישט מער געקנט דערקענען אַלס די געוועזענע דאַמע פון דער הויכער בריטישער געזעלשאַפט אין קאַלקוטאַ. ווען עמעץ פון די פאַרבייגייערס, אַן אַמאָליקער פריינד פון דער פאַמיליע, האָט זי דערקענט שפּאַצירנדיק אַן איינזאַמע אויף די ברודיקע גאַסן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, איז איר פּנים תיכף פאַרוואַשן געוואָרן מיט טרערן. זי פלעגט אין אַזעלכע

ביטערע מאָמענטן לויפן צו איינע פון די היימען וואו אירע קינדער האָבן געוואוינט. אָבער די דינסט האָט איר מכלומרשט נישט דערקענט און האָט זי אַוועקגעטריבן פון דעם רייכן הויז אַלס פשוטע אַלטע בעטלערין. זי האָט איצט פּאַקטיש געבעטן און געבעטלט גראָשנס כדי זיך אָננצוזאַמלען גענוג געלט צו קענען אַדורכצופירן די לוויה און צו קריגן אַ קבר ביים פּלויט אויף אַ זייטיקן בית עולם וואו מען איז מקבר אָרעמע אַקטיאָרן, בעטלערס און פּראָסטיטוטקעס, פאַרן שוין כמעט פוילנדיקן גוף פון איר געליבטן, דעם פּאָפּולערן קלאָון דאָדאָ, וועמענס גוף האָט „געדולדיק" געוואַרט אויף זיין באַגרעבעניש עטלעכע וואָכן צייט אינעם אייז־חדר פונעם פיונעראַל־הויז...

לאָרד סטענלי האָט מיט דער צייט אויך פאַרלוירן זיינע קינדער. איין טאָכטער, אַ גרעאָטענע און פּיל־געליבטע שוינקייט, האָט לעצטנס געשפּילט אויפן פידל אין אַ ביליקן טעאַטער־זאַל אין לאָנדאָן. זי האָט דורך אַן אויטאָממאָביל־אומגליק פאַרלוירן איר מאַן און האָט שפּעטער געלעבט מיט אַ ציגיינער וואָס האָט פאַרכישופט און פאַרשפּילט אין קאָרטנשפּיל דאָס געלט וואָס זי האָט קוים באַוויזן צו פאַרדינען ביים פידל־שפּילן ביז האַלבער נאַכט. זיינס אַ זון איז אויך געוואָרן אַ געמבלער. ער אַליין, לאָרד סטענלי, האָט לעצטנס געקראָגן אַן אויסשיט פון צרעת אויפן גאַנצן לייב. זיינס אַן אייניקל האָט זיך געשפּילט אין דער היים פון זיינע עלטערן מיט אַן אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער פון זיין פאָטער, וואָס איז געוועזן אַ וועכטער אויף אַ בית עולם פאַר הינט און קעץ וואָס האָבן געהאַט געהערט צו רייכע מענטשן און אָנגעזעענע אַריסטאָקראַטישע אַלמנות. דער פאָטער איז תיכף אומגעקומען פון זיין יינגעלס רעוואָלווער־קויל אין קאָפּ...

ווען לאָרד סטענלי איז ענדלעך אַרויס פונעם הויז פאַר גייסטיק־קראַנקע אַ מער־וויינקער באַרואיקטער, און ער האָט זיך גענומען אויפפירן מיט דער הילף פון דאָקטוירים אַביסל קאָרעקטער, איז אים גאָר איינגעפאַלן אַ מחשבה צו פאָרן קיין פּעטערבורג, כאָטש ער איז שוין איצט געווען עלטער ווי אין זיינע מיטעלע יאָרן, כדי צו דינען דעם צאַר ניקאָלאַי דעם צווייטן אַלס בריטישער אַריסטאָקראַט און בעל־יועץ. ער איז אויך אַדאַנק פּראָטעקציע אין די הויכע רעגירונג־קרייזן אין לאָנדאָן באַשטימט געוואָרן אַלס בריטישער אַמבאַסאַדאָר אין דער סלאַווישער אימפּעריע. אָבער עס האָט נישט לאַנג געדויערט ווען די רוסישע פעברואַר־רעוואָלוציע פון קערענסקין איז אויסגעבראָכן. שפּעטער האָבן די באַלשעוויקעס, ווי באַוואוסט, איבערגענומען די מאַכט, פאַרכאַפּט די צאַרישע פאַמיליע און זיי אומגעבראַכט אין יעקאַטערינאָסלאַוו. דורך קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז דעם לאָרד סטענלי קוים געלונגען זיך צו ראַטעווען פון דער נקמה פון די ־די נייע הערשער אין מאָסקווע...

לאָרד סטענלי האָט זיך איצט אומגעקערט קיין קאַלקוטאַ. אָבער ער האָט מער נישט געקענט אויפסניי אויפשטעלן אַ פאַמיליע און זיך

פֿאַרשאַפֿן אַ היים. די געטרײַסטע פֿרײַנד פֿון די אַמאָליקע צײַטן האָבן אים איצט אויסגעמיטן און געוויכט פֿון זײַנע טריט. בלויז אַ היימלאָזער הונט פֿון דער גאַס וואָס האָט אויך געהאַט פֿאַרלוירן זײַן היים, זײַן באַלעבאָס און זײַן בודע, האָט זיך צוגעטשעפּעט צו אים און אומעטום וואו לאָרד סטענלי איז געגאַנגען און האָט געפּרואווט בעטן הילף, איז ער אים געטריי נאָכגעגאַנגען. לאָרד סטענלי האָט איצט גוט פֿאַרשטאַנען ווי מיזעראַבל דער הונט פֿילט, און ער האָט פֿאַרגליכן זײַן לאַגע צו זײַן אייגענער סיטואַציע און צושטאַנד פֿון זײַן ממש אַ בעטלער אויף דער גאַס ווען דער רעגן רעגנט און פֿליוכעט, ווען דער שניי שנייעט, ווען דער קאַלטער ווינט בושעוועט דורך דער שטאָט, ווען אַפֿילו די בעטלערס און טרעמפּס מײַדן אים אויס און זאָגן זיך אָפּ פֿון זײַן אומהיימלעכער געזעלשאַפֿט...

איידער לאָרד סטענלי האָט פֿאַרלאָזט אויף אייביק זײַן היימשטאָט, איז ער אין איינעם אַ פֿרילינגדיק־שײַנעם טאָג ווען די זון איז געשטאַנען אינמיטן הימל־הויך און פֿאַרשווענדט ווי אַ וואַנזיניקע קייסערינע גאַנצע זשמעניעס מיט גאָלד און אויסגעגאָסן פּעסער מיט ווײַן איבער די גאַסן וואָס האָט רײַך געמאַכט די מענטשן מיט גליק און האָט אָנגעשיכורט מיט פֿרייד און לוסט די אומגליקלעכע לײַט, געגאַנגען מיט די לעצטע כּוחות צו אַ גורו, אַן אינדישן הייליקן מאַן, כּדי ער זאָל פּרוּווּן באַשיידן פֿאַר אים די סודות און די רעטענישן פֿון זײַן טרויעריקן גורל. ער האָט דערציילט דעם גורו זײַן לעבנס־געשיכטע פֿון אַלף ביז תּיו. ער האָט געעפֿנט ווי אַ פּילפּאַרביקן טעפּעך די דערציילונג פֿון זײַן גאַנצן לעבן, פֿונעם מאָמענט ווען דער באָטשאַן האָט אים אַלס פּיטשינקע מענטשעלע אַרײַנגעוואָרפֿן דורכן פֿאַרקאָפּטשעטן קוימען בשעת איינער אַ ווינטישער נאַכט אויפֿן בעט פֿון אַ גרעפֿין וואָס האָט מיט אים געשוואַנגערט ניין חדשים צײַט און האָט אים געטראָגן דורך לוסט און יסורים, דורך שמחות און ווייען, דורך מאַסקאַראַדן און טרויער, אַזוי לאַנג ביז זי האָט אים געגעבן געבוירט מיט דער הילף פֿון דעם ווײַסן און ליכטיקן פֿויגל וואָס פֿאַרמאָגט הויכע און דינע פֿיסלעך, שטאַרקע פֿליגל ווי אַן אַלבאַטראָס וואָס קעמפֿט מיט די ווינטן פֿליענדיק איבער שטראָמענדיקע טײַכן און ווילדע ימים, און אַ זייער שאַרפֿן און שפּיציקן שנאָבל מיט וועלכן ער האָט געטראָגן אַ פֿאַרבונדענעם אין אַ זײַדענעם שנירל דעם עמבריאָן פֿונעם קינפֿטיקן לאָרד גלײַך אין דעם וואַרעמען בעט פֿון זײַן מוטער, די אַריסטאָקראַטקע...

דער גורו האָט מיט אַ סך געדולד אויסגעהערט זײַן געשיכטע און לאָרד סטענלי האָט לאַנג געוואַרט אויף אַ תּשובֿה, אַ סאָרט אַנטפּלעקונג פֿונעם גורו פֿאַרוואָס גאָט האָט אים אַזוי שווער באַשטראָפֿט און אומהיימלעך אים געפּרוווט ממש מיט איובֿס צרות. דער גורו, אַן אינדיער אין זײַנע מיטעלע יאָרן, מיט שוואַרצע פֿינקלענדיקע אויגן, מיט לאַנגע, זײַדענע און געקרויזלטע האָר וואָס האָבן בײַ אים אַראָפּגעהאָנגען ביזן גאַרטל, און מיט אַ דיקער גילדערנער דיוויסקע (קײַט) אַרום זײַן

האַלדז, האָט אים אויסגעפּרעגט נאָך איינצלקייטן פון זיין מערקווירדיקן לעבן. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו לייענען זיין גאַנצע לעבנס־טעטיקייט כדי דערפון אַרויסצושלאָגן דעם מוסר השכל און דערגיין צום גאָלדענעם שליסל מיט וועלכן ער זאָל זיין אימשטאַנד אויפצושליסן דעם סעקרעט פון זיין שרעקלעכן עונש. פאַרוואָס האָט גאָט געשלאָגן דעם גוטן לאָרד סטענלי מיט אַזויפיל מוראדיקע קלעפּ? אָבער נאָכדעם ווי דער לאָרד האָט דעם נאָבעלן גורו דורך דער גאַנצער נאַכט דערציילט וועגן אַלע איינצלקייטן און געשעענישן אין זיין לעבן, איז דער גורו, שוין זייענדיק אַ שרעקלעך פאַרמוטשעטער מענטש, איינגעשלאָפן מיט אַ טיפן שלאָף און ער האָט געשנאָרכט אויך, וואָס דאָס איז געווען אַ צייכן פון זיין גייסטיקער אָנשטרענגונג כדי צו לייזן דעם לאָרדס פּראָבלעמען... אָבער טראָץ אַלע זיינע קריטישע מאָמענטן אין אַ לעבן פול מיט געפערלעכע אָפּגרונטן אויף אַ וועג פון שפּיציקע פעלדזן און טיפע גריבער, האָט זיין שאַרפער שכל געאַרבעט מעשים און ער איז נישט געווען קיין נאַר אויך, ווי דער לייענער קען שוין אַליין פאַרשטיין... ער האָט געזען אַז דער געשעצטער און פריינדלעכער גורו וועט שוין דעם קנופּ פון זיין גורל קיינמאָל נישט באַווייזן אויפצוקניפּן. ער וועט פון אים דעם קלוגן ענטפער פון אַן אמתן חכם וואָס איז שוין זינט אַ סך יאָרן וואויל געניט אין דער חכמה פון בודאַ און אין די ווייזע רייד פון זיינע דערהויבענע תלמידים נישט באַווייזן צו דערגיין. האָט דער איידעלער לאָרד שטילערהייט געעפנט די טיר און ער איז פון זיין באַשיידענעם שטיבל, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט מיט אַרום הונדערט געלע מאַרמאָרענע ביוסטן פונעם מעדיטירנדיקן בודאַ, אַרויסגעגאַנגען אין דער אָפענער און סאַמעטענער נאַכט אַריין וועמענס שטערן לייכטן שענער ווי די לאַמטערנעס און לאָמפּן פון די קעניגלעכע פּאַלאַצן און פּאַגאָדעס. ער האָט זיך איצט אַוועקגעשטעלט ביי אַ נישע וואו עפּעס אַ הויכע פיגור פון אַ נאַכטישן שיכור אין אַ לאַנגען שוואַרצן איבערציער (מאַנטל) איז כמעט שלאָפנדיקערהייט געשטאַנען, און ער האָט שטאַרק געוויינט פון הילפלאָזיקייט און פאַרצווייפלונג. ער איז אַזוי טרויעריקערהייט געגאַנגען דורך די אורהיילן פון דער נאַכט און דורכן חושך פון זיין גאַנץ לעבן וואָס האָט אויך געהאַט, וואָס אַן אמת, זיינע מאָמענטן פון גלאָריע און רום, מיט כבוד און מיט אָנזען אין זאַלן פון פּאַלאַצן און אין די הייזער פון די לייט פון מאַכט און געלויבטע מעשים טובים וואָס ווערן געריימט דורך די באַשיידענע בירגער אין די איינפאָר־טויערן פון דער שטאָט. געזאַלצענע טרערן האָבן כסדר געקאַפּעט פון זיינע אַלטע און טריבע אויגן. און נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויפסניי צעוויינט, איז ער איינגעשלאָפן אויף אַ שטיינערנער באַנק נעבן דעם נידעריקן הויז וואו עס האָט געוואוינט דער רבי ר׳ ברוך...

עס ווייזט אויס אַז דער רבי האָט געהאַט אַ לייכטן שלאָף און ער האָט דערהערט אַפילו אין דער שפּעטער שעה פון דער נאַכט דאָס געוויין און די

קרעכצן פון דעם אָרעמען לאָרד. ער האָט מיט דער האַנט אָפּגעווישט דעם טוי פון אַ שויב אין איינעם פון די פענצטער אין זיין הויז און ער האָט געזען אַז אַן עלטערער מאַן מיט גרייז־גרויע האָר זיצט אויף אַ באַנק און קוואַלן מיט טרערן פליסן ממש פון זיינע אויגן אָן אַ סוף. עס איז דעם רבין באַפאַלן, ווי מען קען זיך וואויל פאָרשטעלן, אַ טיף רחמנות אויף אַ קענטיק אומשולדיקן מענטש. אויב אַזאַ עלנטע נשמה וויינט אויף אירע עלטערע יאָרן, מוז ער אָן צווייפל זיין דער סאַמע אומגליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט. דער רבי האָט זיך אָנגעטאָן אין זיין פלושענעם שלאָפראָק און ער איז אַרויסגעגאַנגען צום דאָזיקן מענטש און האָט אים אַריינגעפירט צו זיך אין הויז אַריין. ער האָט אויפגעוועקט די רביצין און איר געבעטן אויפצוקאָכן וואַסער מיט סענץ כדי צו שטעלן אַ טאַץ מיט טיי און לעקעך פאַר אַ חשובן גאַסט, ווייל יעדער ליידנדיקער מענטש איז געווען חשוב ביים רבין פון דער יידישער קהילה אין קאַלקוטאַ, און אַ זכיה צו באַדינען דעם עלנטן מענטש מיט כבוד און רחמנות. און אַזוי איז געשען...

ווען דער לאָרד סטענלי האָט זיך דערוואַרמט סיי מיט דער זיסער טיי און מיטן נישט ווינציקער זיסן האָניק־לעקעך וואָס די רביצין אַליין האָט געהאַט פאַרקנאָטן און אָפּגעבאַקן, און איבערהויפּט פון דער איידעלער באַהאַנדלונג פון דעם נאָבעלן רבין מיט די רביצין, האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן די שרעקלעכע פּאַסירונגען פון זיין לעבן און וועלכע ליידן און אומגליקן ער איז אַדורכגעגאַנגען ביז צו דער איצטיקער שעה ווען ער האָט זיך אַזאַ וועלט־איינזאַמער געזעצט אויף דער באַנק וואָס איז געווען אַנטקעגן דעם רבינס הויז. דער רבי האָט אָבער אויך נישט געקענט קריגן קיין גרינגן באַשייד אויף דעם אַלעם וואָס דער לאָרד האָט אים דערציילט. אָבער ער האָט עפּעס געזען: פון דעם לאָרדס בגד־קעשענע האָט אַרויסגעסטאַרטשעט אַ געלער קאָנווערט. ער האָט פונעם ווידער איינגעדרימלטן לאָרד גענומען אין דער האַנט אַריין דעם קאָנווערט. אינעווייניק איז געווען אַ שטאַרק־צעקנייטשטער בריוו געשריבן אויף דיקן פּאַק־פּאַפּיר און מיט גרויסע אותיות. און דער לאָרד, נאָכן דערוואַכן פון זיין דרימל, האָט אַביסל אַ דערפרישטער גענומען דערציילן:

— דעם דאָזיקן בריוו האָב איך מיט אַ צאָל יאָרן צוריק דערהאַלטן פון אַ פאַמיליע אין אַנטווערפּן וואו איך בין מיט יאָרן צוריק געווען אויף אַ טוריסטנרייזע. דער בריוו איז געווען געשריבן מיט אַזאַ מיסטעריעזן כתב און לשון וואָס קיין שום הייליקער גורו אין גאַנץ אינדיע, קיין שום מיסטיקער ווי אויך נישט קיין שום חכם, און אַפילו נישט קיין שטערנזעער און פילאָזאָף איז בשום אופן נישט געווען אימשטאַנד אים איבערצולייענען. קיין סאַנסקריט האָב איך אויך נישט באַוויזן זיך אויסצולערנען צו רעדן און צו לייענען. צו וועלכן מענטש אין גאַנץ אינדיע וואוהין איך בין געפאָרן אין די אינטערעסן פון דער בריטישער

טיי־געזעלשאַפט און איך האָב געוויזן דעם זעלטענעם בריוו, האָט מען מיר געזאָגט אַז די שפּראַך אין דעם בריוו און זיינע אוצרות מיט געהיימענישן און סעקרעטן וועלן שוין פאַרבליבן אַן אייביקער סוד. עס איז נישט פאַראַן קיין מלאך אונטער די שטערן און קיין שום לעבעדיקער מענטש אויף דעם גאַנצן ערדישן פּלאַנעט וואָס זאָל זיין אימשטאַנד איבערצולייענען אָדער צו אַנטציפערן די זינט טויזנטער יאָרן אַלטע שריפט פון דעם דאָזיקן לעגענדאַרן בריוו. אונדזער עצה איז דעריבער: פאַרגעס אין דעם בריוו. פאַרגעס, אויב דו קענסט, אין די מערסטע צרות פון דיין לעבן. נעם אַ באָד פון פייער פאַר דיין נשמה און גיי מיט דיין זינדיקן גוף צו די ברויזנדיקע וואַסערן פונעם גאַנגעס־טייך בשעת דעם גאָר פריען אויפגאַנג פון דער זון אין באַגינען און ווער פאַרוואַנדלט אין אַן אַנדערן לאָרד. באַפריי דיך איבערהויפּט פון דיין שיקזאַל אין דיין איצטיקן גלגול אַלס מענטש. עס איז גאָרנישט קיין מענטשלעך גורל וואָס האָט זיך אַרומגעוויקלט אַרום דיין נפש ווי אַ גיפטיקע פּיטאָן־שלאַנג מיט איר מעטאַלענער הויט, נייערט אַ קללה. עמעץ, אַ זשאַבע פון טייך אָדער אַ וואָראָנע פון פּוילישן וואַלד, צי גאָר אַ פאַרגראָבענער סקאָרפּיאָן אין דעם זאַמד פונעם בריענדיקן מדבר אין סאַהאַראַ האָט דיך פאַרשאָלטן. עס איז נישטאָ אין דער גאַנצער וועלט קיין שום פאַרענטפער און קיין תשובה אויף דעם רעטעניש פון דיין ביטערן גורל. גאָט אַליין ווייסט דעם סוד פאַרוואָס דווקא אויף דיר איז אויסגעפאַלן דאָס גליק אַזוי פיל צו ליידן אויף דער דאָזיקער ערד: אַזש אין דעם ריזיקן אינדיע־לאַנד; אין דעם צאַרישן רוסענלאַנד אַנטלויפנדיק פון דער רעוואָלוציע; אויך אין די שטעט וויען, בערלין, לאָנדאָן און בריסל. פון איצט אָן באַמי דיך אויסצולעבן רואיק די לעצטע יאָרן פון דיין לעבן, און גיי זיך דיין וו עג אין פרידן...

דער רבי האָט געעפנט די טיר כדי אַרויסצולאָזן צוריק אין דער וועלט אַריין זיין געפאַלענעם גאַסט. אָבער איידער דער לאָרד האָט פאַרלאָזט זיין שטוב, האָט ער געפּרוּווט אַריינצוקוקן אין דעם צעקנייטשטן בריוו זיינעם. און ער האָט צו זיין איבערראַשונג דערזען אַז דער בריוו איז געשריבן געוואָרן אויף אַ פּשוטן יידיש. און אַז איינע אַ פרוי שרייבט צו איר ברודער קיין אינדיע, אַ סוחר פון בריליאַנטן און צירונג אין קאַלקוטאַ. זי מעלדעט אים אַז צוליב אַ שרפה פון זייער הויז און היים און פונעם מעבל וואָס איז אינגאַנצן אָפּגעברענט געוואָרן, זיינען זיי אַלע אין דער משפחה שטאַרק פאַראָרעמט; אַז אומגליקן און שלאַפקייטן האָבן באַהערשט די מיטגלידער פון איר משפחה. אָבער איין און איינציקע טאָכטער אירע, ברכהלע, וואָס איז די יינגסטע פון אירע קינדער, האָט ברוך השם געפונען איר זיווג: מיט אַ זיידענעם יינגערמאַן פון אַ חסידישער פאַמיליע וואָס לערנט אין דער באַרימטער ישיבה אין היידע, נישט ווייט פון אַנטווערפּן. אָבער עס איז נויטיק אַז אַ געטרייער פריינד פון דער משפחה זאָל זיי שיקן אַ סומע געלט כדי די טאָכטער זאָל קענען מתקן זיין צו איר חתן דעם נדן און מען זאָל בשלום אַדורכפירן די חתונה.

דער יינגערמאַן איז אַן איידעלער בחור, ווי געזאָגט, און אַ גוטע נשמה אויך. ער איז גרייט צו נעמען איר גראָטעסקע טאָכטער פאַר זיין ווייב מיטן אויבערשטנס הילף. אָבער ער וויל זיך אויך איינאָרדענען אַ באַשיידענע היים, אויפשטעלן אַ פאַמיליע, זיך איינקויפן אַ קראָם פון בשמים אין דער יידישער געגנט פון דער שטאָט, און כּדי דאָס אַלץ צו דערגרייכן און גליקלעך צו מאַכן איר טאָכטער, מוזן זיי קריגן הילף פון גוטהאַרציקע מענטשן: אַן ערך פינף הונדערט טאָלער. דעריבער ווענדט זי זיך, די מוטער, צו איר ברודער אין קאַלקוטאַ מיט דער בקשה איר צו העלפן. זי בעט אים מיט אַ תפילה אין האַרצן און מיט טרערן צו העלפן איר עלטסטע און גראָטעסנע טאָכטער מיט דער געלט־סומע כדי צו קענען צוזאָגן דעם נדן צום יינגערמאַן און אויך אַזוי אַרום אויפצוריכטן איר, דער מוטערס האַרץ, און דאָס גליק פון דער גאַנצער משפּחה...

...אָבער אָנשטאָט צום ברודער פון דער אַנטוורפּענער פרוי אין קאַלקוטאַ, האָט דער בריוו בטעות געלאָנדעט אינעם פּאָסט־קעסטל פון דעם טראַגישן לאָרד סטענלי. ער האָט אים מיט נאַכלעסיקייט אַרומגעטראָגן אַ סך יאָרן און נאָך אַלץ נישט באַוויזן אים איבערצולייענען...

דער לאָרד סטענלי, כאָטש שוין אַ פאַרמוטשעטער און גרייז־גרויער מאַן, האָט פונדעסטוועגן אויפגעלויכטן פון דעם רבינס ר׳ ברוך׳ס אָפּנבאַרונג אָדער אַנטפּלעקונג. ער האָט צוריקגענומען מיט ציטערנדיקע הענט דעם בריוו מיטן אַדרעס פון דער אָרעמער פרוי. ער האָט תיכּף באַשלאָסן מיט זיינע ממש לעצטע כוחות צו פאָרן קיין אַנטווערפּן מיט אַ מתנה פון גאַנצע טויזנט טאָלער כדי צו העלפן דער טאָכטער פון דער פאַרצווייפלטער מוטער כדי אַזאַ גליקלעכע חתונה צו האָבן מיטן חסידישן יינגערמאַן וואָס האָט זיך שוין באַצייטנס געקויפט אַן אַטלאַסענע קאַפּאָטע מיט אַ שטריימל אויך און ער, דער לאָרד סטענלי, האָט זיך טאַקע מיט אַ צייט שפּעטער, נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַגעגנט און אויך שטאַרק באַפריינדעט מיט דער פאַמיליע וואָס האָט געוואוינט אין אַן אַלטן הויז אויף דער גרויסאַרטיקער גאַס אין דעם אַנטווערפּענער בערכעם־קוואַרטאַל, די קאָגוסליי. די איידעלע יידישע פרוי, וועמענס מאַן, אַ חשובער דיאַמאַנט־סוחר, איז פּריצייטיק אָפּגעשטאָרבן, האָט אויפגענומען דעם לאָרד סטענלי מיט אויסערגעוויינלעכער וואַרעמקייט אין וועלכער ער האָט זיך שטאַרק גענויטיקט. מיט דער צייט האָט ער זיך אויך מגייר געווען און ער איז אַלץ בשלום אַדורכגעגאַנגען... ער וועט טאַקע אויך איינגיכן חתונה האָבן, אַזוי האָט מען געלאָזט וויסן פונעם רבינס קאַנצעלאַריע אין אַנטווערפּן, מיט דער איידעלער פרוי, די אויפגעריכטע מוטער פון דער גליקליכער טאָכטער. דער לאָרד האָט זיך שוין געהאַט פאַרבונדן מיטן אַנטווערפּענער רבין ר׳ ברוך בנוגע די פאָרמאַליטעטן... אויב אים, דער לאָרד, איז באַשערט נאָך צו לעבן עטלעכע יאָר, ווייל ער

אויסלעבן זיינע יאָרן אַלס כשרער גר צוזאַמען מיט זיין פיל־געליטענעם
ווייב יוכבד אין דער הייליקער שטאָט ירושלים...

## די לבנה איז גרויס אין דעם קליינעם שטעטל סקידעל

אין זיין בוך לידער „יציאת אייראָפּע״ וואס איז דער דריטער און לעצטער באַנד פון זיין עפּישער טרילאָגיע, איז פאראַן אַ פּאָעמע וואָס הייסט „אונזער קראָם״. אין אירע גליענדיקע שורות האָט דער פּאָעט יוסף רובינשטיין ווידער אויפגעמישט אויף זיין אייגנאַרטיקן אופן דאָס היימישע געדענקעניש פון זיינע עלטערנס קראָם אַרום וועלכן עס ציטערט און פלאַטערט אויף דעם קליינעם יינגלס לעבן, לעכצן, בענקען און חלומען פון דער גרויסער וועלט. עס גייט אויף אין „אונזער קראָם״ אַלץ וואָס לויכט, פינקלט, שימערירט און בלישטשעט: צירונג, גלאָזוואַרג, פאיאַנס, לאָמפּן, גלאָזוואַרג, טעפּ, כוסות, בעכערס און געשיר, ביזן באַשטעק פון זילבערנע און באַגילדעטע לעפל, גאָפּלען און מעסערס, ווי אויך פון כלערליי זיידנס, שפּיצן, סאַמעט, צויטן, טאַשמעס, פּאַסקעס און מלבושים. אַלץ איז געבאָדן און איינגעשמירט מיטן פליסיקן גאָלד פונעם האַרבסטיקן זון אונטערגאַנג וואָס דערמאָנט אין אונדזער קליינייִנגלשאַפט ווען מיר האָבן געכאַפּט אין דופטיקן פעלד אָדער אין דעם שבתדיקן סאָד אַ פּרעכטיק־געפאַרבטן שמעטערלינג און זיין בראַנדז איז געבליבן קלעפּן אויף אונדזערע פינגער, און מיר האָבן נישט געהאַט קיין חשק אָפּצווישן די רייכקייט פון דעם שמעטערלינגס פליגלען וואָס אַ שיכורער מלאַך האָט געמאָלן אין די ערשטע טעג פון דעם נייעם פרילינג. ווי געזאָגט: עס זשאַרט אויף אין דעם איצטיקן רייפן ניו־יאָרקישן מיטנטאָג פון דעם דיכטערס לעבן יענער יוגנטלעכער כישוף און חלום וואָס פאַרבלייכט שוין קיינמאָל נישט און ער קריגט זיין לעצטן תיקון אין דער גרויסער יידישער דיכטונג.

„אַ קיילעכדיקע זופּנוואַזע
אויסטערליש באַמאָלן
פול מיט גלוסטונגען באַהאַלטענע פון פרעס
פון עולם הזה
קוקט זיך צו אַ בייכיקע, צעשפּאַרט פון קנאה,
מיט אַ נישט־פאַרגינערישער מינע,
ווי צאַרט־געשליפענע איינפּיסיקע באָקאַלן,
אַדורכגעלופטיקטע מיט ליכט און שטראַלן,
מיט טאַליעס דורכזיכטיקע, דינטשיק־דינע —
טאַנצן אויף אַנטקעגן איר צעשטיפּט אַ קאָנטרעדאַנס״.

איינע אַ מיידל ציטערט אויף אומעטיק און זילבערנדיק מיט גאָר איר פרישקייט און פרילינגדיקייט וואָס קען אָנצינדן אין אונדז אַ שלל מיט אימאַזשן, פאַנטאַזיעס, ראָמאַנטישע עמאָציעס און די שענסטע חלומות פון

אונדזער יוגנט. בלויז פונעם שטאָף פון דעם מיידלס סאַמעטענעם קלייד ווי פון אַן אַלבאָם מיט פּאַרוויאַנעט־געלע פּאָטאָגראַפיעס, גייט אויף איר נאָבל געדענקעניש, איר צאַרט אויפגערודער אין אַ שוין איצט אַביסל עלטערן פּאָעטס געמיט:

„...כ׳פאַרנעם די וואונדערלעכע שפּראַך
פון אונזער קראָם, דעם שטומען וואונק פון יעדער זאַך;
דעם שמעקעדיקן אָטעם־שוים פון פלעשלעך פּאַרמיום,
וואָס זינגען שטום
אַדורך דעם גאַז־געשלייף
דעם ניגון אויס פון ריחות דאָרט פאַרבאָרגענע, דערוואָרגענע,
פון בעז, זשאַסמין און העליאָטראָפּ;
דעם פליסטער־ריח פון די שמעקעדיקע שטיקלעך זייף,
וואָס ווינקען פון די פּאָליצעס אַראָפּ,
פאַרשלאָסענע אין טאָוול־שאָלן,
פאַרחתמעטע, פאַרקלעפּט מיט באַנדעראָלן,
וואָס טראָגן אום באהאַלטן טיף אין זיך:
דעם ראָז פון אַ געזיכט,
דעם גאָלד־גלאַנץ פון אַ צאָפּ,
דעם פלאַטער פון אַ קליידל,
פון יענער וואונדערלעכער מיידל
וואָס איז צו אונדזער קראָם אַמאָל
פאַרנאַכט־צייט אין אַ קאָטש אַ גלאַנציקער פאַרפאָרן —
די ליכטיקע פּאַניענקע פון דעם טשעטווערטינסקי הויף.
זי איז אַוועק און הינטער זיך געלאָזן:
אַ קליידל־פאָך, אַ דורכזיכטיקן, ראָזן,
אַ שטיפערישן בליק
פול מיט זינגעוודיקן בלאָ,
וואָס שמייכלט אָפּ מיט איר נאָך אַלץ פון אַלע פאַרבן דאָ
און עכאָט אָפּ אין בלוט ביי מיר צוריק
מיט זיסן אומרו און מיט סודותדיקער פרייד,
וואָס ס׳האָט מיין האַרץ פאַר זיי נאָך דעמאָלט נישט געהאַט
קיין ענטפער, קיין באשייד״.

„אונזער קראָם״ עפנט אויף זכרונות פון די פנימער פון מענטשן, פון היימישע יידן וואָס זופן פון די גלעזער מיט זיסע טיי און בשעת מעשה רעדט מען וועגן פּאָליטיק. אין דער פּאָעמע גייט אויף אַלצדינג וואָס דאָס בונטע לעבן זאָגט צו צום שפּעטערדיקן רייפן און דערגאַנגענעם פּאָעט צום געשמאַקן ברונעם פון ליד. דורך אַ שלל מיט וואַנדערונגען און גהינום־סצענעס פון זיין לעבן גייט אופדאָסניי אויף די ערשטע איבערלעבעניש פון יענעם פרילינג, פון יענעם האַרבסט און פון יענע נאַטור־וואונדערס בכלל; דער ערשטער ענטוזיאַזם צו גאַר די זאַכן פון

היימישן געברויך וואָס פאַרמאָגן אַזאַ רייץ און ווירקונג; און וואָס שטראַלן אויף מיט אַזוי פיל קאָלירן אין אַ קינדערישן מוח, און זיי ווערן פאַרוואַנדלט מיט יאָרן שפּעטער צום אַלט־גאָלד אין אַ יידישן דיכטערס רייפן ליד; און זיי ווערן אפשר אויך איינס פון די שענסטע לידער אין אַ דיכטערס זכרונותדיקן בוך... די דאָזיקע פּאָעמע איז אַן אוצר פון די קליינע זאַכן אין די הייזער פון היימישע יידן; אַן אוצר פון די קינדישע און יוגנט־יאָרן וואָס ווערן פאַרוואַנדלט צו דיכטונג אַדאַנק אַ הויך־טאַלאַנטפולן דיכטער...

אין דער דאָזיקער קראָם האָט דער קליינער יוסף אפשר צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן דערזען יענע פּשוטע זאַכן וואָס האַבן געטריי געדינט די מענטשן בשעת אַ מער רואיקער וועלט און צייט, ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, און וואָס האָבן זיך שפּעטער מיט יאָרן צעלויכטן מיט אַזאַ מאַגישער שיינקייט אין זיין אָנגעצונדענעם דמיון; זיי האָבן אויך געקראָגן נייע דימענסיעס און זיי האָבן זיך אויסגעהאָנגען אין זיין רייפער און רייכער וועלט און סביבה ווי שטערן ביינאַכט אין א פינצטערן הימל. יענע אומבאַדייטנדיקע און קליינטשיקע זאַכן זיינען ממש געוואָרן צו ביזשוטעריע, צו גאָלד און שטערן אין זיין אוניווערס. ער האָט שוין אַפילו דעמאָלט אויך געלערנט צו באַוואונדערן, צו שעצן און פאַרכאַפּט צו ווערן אין אַנטציקונג פאַר די מערסטע פּשוטע זאַכן וואָס מאַכן אַזוי רייך און ראָמאַנטיש אונדזער סביבה, אונדזער דעמאָלדיקע מיניאַטורישע וועלט...

עס זשאַרט אויף אין מיטן פון דעם זונפאַרגאַנג פונעם דיכטערס לעבן אין דעם ריזיקן ניו־יאָרק דאָס אַמאָליקע וואַרשע מיטן געשטאַלט פונעם אייגענעם טאַטן; מיטן ליבן שטייגער־לעבן; מיטן גאַנצן יידישן פּוילן. איינע אַ „פּאַניענקע" קוקט אַראָפּ פון אַ פענצטער פון אַ וואַרשעווער טורמדיקן הויז:

„כ׳פלעג איינשלאָפן און ס׳פלעגט זיך מיר אַלץ דאַכטן
אין חלום שוין אַז ערגעץ אויף דער וואַך,
אַדורך אַ פענצטערל אַ זוניק־אויפגעמאַכטן,
אויף דעם העכסטן גאָרן פון דעם שענסטן וואַרשע־הויז,
מיט אַ פּנים אַזאַ שטיפעריש־צעלאַכטן —
די ליכטיקע פּאַניענקע קוקט צו מיר פון דאָרט אַרויס".

די פּאָעמע „אונדזער קראָם" איז טראָץ איר פאַנטאַסטיק אַן עכט־רעאַליסטישע און אויטאָביאָגראַפישע. זי דעמאָנסטרירט ווי אַזוי דאָס שפּינגעוועבס פון קינדישע איבערלעבענישן ווערט מיט צייט און יאָרן פאַרוואַנדלט צום רוי־מאַטעריאַל פאַר ליטעראַטור. די פּאָעמע שפּיגלט אויך אָפּ יוסף רובינשטיינס סענסיטיווקייט צו די מכלומרשט שטומע און אומבאַוועגלעכע זאַכן וואָס קריגן לעבן און ווערן אַפילו דראַמאַטיש דורך זיין אויסערגעוויינלעכער וואַכזאַמקייט און הייסן דמיון. אין אַ זין רעפלעקטירט עס דעם אינערלעך־שעפערישן פּראָצעס פון איבערלעבענישן בכלל וואָס קריגן פּאָעטישע פאָרם און תיקון אין דער

לאַבאָראַטאָריע פון יעדן באַדייטנדיקן שעפער און — „אַזוי האָט זיך די גרויסע וועלט אין האַרץ צו מיר פאַרקליבן, פאַרגנבעט זיך, פאַרנאַרט זיך אין מיין בלוט, אין מיין געמיט און איז אין מיר אויף שטענדיק שוין אַזוי פאַרבליבן — אין מיין געדאַנק און אין מיין ליד...״

די „גרויסע וועלט״ גייט אויף אין „אונדזער קראָם״. אָבער אויך דעם דיכטערס היימיש שטעטל סקידעל ציטערט זשעדנע אויף. און נאָר דער פּאָעט מאַכט זיך אַזוי נאַאיוו און נאָר ער, דער יידישער בירגער פון סקידעל, קען זיך אַ זאָג טאָן אַזוי מולטי־חנעוודיק אין אַן אַנדערן ליד פונעם זעלביקן בוך:

„נאָר אין מיין שטעטל האָט דער האַרבסט אַ גאַנצן יאָר געקעניגט...״

עס איז קיינמאָל נישט די גרויסע וועלט וואָס די דיכטער באַשרייבן. נייערט עס איז די געטרייע און קינסטלערישע שילדערונג פון זייערע אידיליש־קליינע סקידעלס וואָס מאַכן זייער וועלט גרויס אין דער יידישער און וועלט־ליטעראַטור. אין די קליינע סקידעלס איז די לבנה גרויס און רויט און דער האָריזאָנט איז אומענדלעך, און עס גייען פון אירע באַשיידענע הייזלעך אַרויס דיכטער וואָס פאַרגעסן קיינמאָל נישט יענע ערשטע פלושענע נעכט און די פרישע פרילינגס וואָס זיי פאַרנעמען ביים פריען וועקן זיך פונעם קינדישן דמיון...

## לעראַ און דער מאַסקנבאַל

### ווערטער וועגן יוסף רובינשטיין און זיין נאָבעלער פּרוי

איך האָב געהאַט דעם כבוד און פאַרגעניגן צו זיין נאָענט מיטן פּאָעט יוסף רובינשטיין. ער פלעגט מיך אָפּרופן טיילמאָל דריי־פיר מאָל דורך דער וואָך. אָפטמאָל האָט מיין טעלעפאָן אַפילו געקלונגען שפּעט ביינאַכט. איך גיי געוויינלעך שלאָפן אין די פריע שעהן פונעם אָוונט, מחמת דורכן לאַנגן טאָג פון שרייבן און לייענען ווער איך פשוט מענטשלעך מיד. שוין אַרום ניין אַזייגער ביינאַכט ליג איך אויסגעצויגן אויף מיין אייזערנעם בעטל ווי אונדזער אור־פּאָטער יעקב אבינו איז געלעגן אויף די שטיינער אין באר שבע און גאָט האָט געעפנט פאַר זיינע אויגן דעם גרויסן הימל מיט אַ ים מיט שטערן וואָס האָבן אָנגעזאָגט צו יעקבן די פרוכטבאַרקייט פונעם יידישן פאָלק ווי די זאַמדן ביים ברעג פון ים און ווי די שטערן אין דער הויכקייט פון די הימלען. קיין באַזונדער שייכות צווישן מיר און אונדזער אורפאָטער יעקב איז אפשר נישטאָ, אויסער די שייכות צווישן זיינע שטיינער און מיין געלעגער אָפטמאָל אויף קופּעס ביכער, מיינע אייגענע און אויך פון דער יידישער וועלט־ליטעראַטור. ווי ער, זע איך אויך די שטערן אין הימל. זיי האָבן זיכער נישט פאַרלוירן קיין איינציקן טראָפּן פון זייערע געטלעכער ליכטיקייט. אָבער פּאָרט צווייפל איך אַביסל צי גאָטס צוזאָג צו יעקב אבינו בנוגע זיין פאָלק וואָס וועט זיך מערן ווי די זאַמדן אויפן ברעג פון ים און ווי די שטערן אין הימל, איז נישט דווקא

מקוים געוואָרן אויף הונדערטפּראָצענט. די שחיטות אויף די יידן זיינען אַ סך שטאַרקער ווי די פאַרמערונג פון אונדזער פאָלק...

יוסף רובינשטיין, ווי שוין געזאָגט, פלעגט מיך אויפוועקן טיילמאָל אַפילו אינמיטן נאַכט, און איך האָב שוין נישט געקענט איינשלאָפן דורך די רעשטע שעהן פון דער נאַכט. דאָס פלעגט ער טאָן כדי זיך צו באַראָטן מיט מיר בנוגע אַ צווייפלהאַפטן אויסדרוק אין אַ ניי־אָנגעשריבענעם ליד וועמענס אותיות זיינען נאָך מסתמא געווען גלאַנציק פונעם פרישן טינט; צוליבן צווייפל וועלכן גראַם ביים סוף פון זיין מערסטנס מרה־שחורהדיקער שורה איז דווקא געווען פאַסיקער. ער האָט ליב געהאַט זיינע קליינע לידער פון מערסטנס אַכט שורות מיט אַ רירנדיקער ליבשאַפט. ער האָט וואויל געוואוסט אַז נאָך אַ מענטשנס עקזיסטענץ בלייבן איבער זייער ווייניק ממשותדיקע זאַכן, אויסער זיין גוטער שם, דאָס לעצטע לויבנדיקע וואָרט וועגן זיינע איידעלע מעלות, זיינע פּאָעטישע מעשים טובים ווען עס קומט צו רייד וועגן אַ דיכטער־פּערזענלעכקייט. און נאָך אים, דעם פּאָעט פון סקידעל, וועט איבערבלייבן דאָס קליינע ליד וואָס איז בלויז באַגרענעצט אין דער צאָל שורות און אין דער שמאָלקייט פון די פערזן, אָבער פילבאַדייטנדיק אין דער פּאָעטישער קוואַליטעט. מענטשן האָבן אים געחנפעט בנוגע זיין דריי־בענדיקער עפּישער טרילאָגיע, אַזוי צו זאָגן. ווען די איבערגעבליבענע דיכטער פון דער שארית הפליטה זיינען געקומען קיין ניו־יאָרק אַלס דעלעגאַטן פון פּאַריז צו דער היגער קאָנפערענץ פונעם אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס, זיינען צווישן אַן ערך די צען שרייבער און קולטור־מענטשן געווען באַזונדערס אָנזעעוודיק די צוויי דיכטער יוסף רובינשטיין און נחום באָמזע. יעקב גלאַטשטיין האָט זיך באַמיט אַרויסצוווייזן פריינדשאַפט צו יוסף רובינשטיין, כאָטש זיין פערז איז געווען געוואויגן און געמאָסטן, מיט קענטיקער קלאַסישער דיסציפּלין און שטרענגער פאָרם, בשעת גלאַטשטיינס לידער זיינען געווען לויזע און מערסטנס זאָגערישע, און זיי האָבן זיך בשעת זיינע לעצטע שעפערישע יאָרן אויסגעלעגט ווי קינות, ווי קלאָג־לידער אויפן חורבן פון די יידן אין פּוילן, וואָס האָט אויך איינגעשלונגען די יידן פון אַ צאָל אייראָפּעאישע לענדער. גלאַטשטיין האָט געשאָנקען אַ סך אינטערעס און שבחים צו רובינשטיינס אַזוי־גערופענער טרילאָגיע. דער אינזיכיסט גלאַטשטיין האָט געפילט אַ קרובהשאַפט צו רובינשטיינס פּאָעטישער שאַפונג. אָבער מאַני־לייב, דער גאָט־געבענטשטער ליריקער, האָט געגומען אונטער זיינע וואַרעמע פליגל דעם פּאָעט נחום באָמזע וואָס איז געווען אַ סובטעלער סאָרט ליריקער און ער האָט איבערגעזעצט אַ גרעסערע צאָל לידער פון דעם אַלט־כינעזישן פּאָעט לי־טאַי־פּאָ...

אין נחום באָמזע האָט מאַני־לייב, דער קעניג פון די לירישע דיכטער און פון דער הויך־טאַלאַנטפולער גרופּע „די יינגע", געפילט זיין קרובהשאַפט און נאָענטשאַפט. סיי רובינשטיין און סיי באָמזע זיינען

געווען ציניקער אין לעבן און זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט חכמה און סאַטירישע באַמערקונגען בנוגע מענטשן און קאָלעגן. רובינשטיין איז נאָך אַלע זיינע ביטערע איבערלעבענישן און וואַנדערונגען בשעתן חורבן איבער שטעט און לענדער, ליידנדיק הונגער און נויט, געווען אַ געזונטער מענטש, וויינקסטנס אַזאַ איינדרוק האָט מען דעמאָלט געהאַט וועגן אים. אָבער נחום באָמזע איז געווען האַרצליידנדיק. דער מאָלער אליהו שאָר וואָס האָט אויך געשאַפן צירונג און צערעמאָניאַלע כלי־קודש־זאַכן פאַר סינאַגאָגעס און שוהלן אין גאָלד און זילבער, און וואָס האָט אויך אַרויסגעוויזן אַ טיפע פריינדשאַפט צום פּאָעט, האָט מיר דערציילט אַז באָמזע איז תמיד געווען באַהערשט פון פּחד צוליב זיין אָפּגעשוואַכטן האַרץ.ביידע דיכטער האָבן אויך דעמאָלט, ביים אָנהויב פון זייער לאַנדן אויפן אַטלאַנטישן ים־ברעג אין ניו־יאָרק, געוואוינט אין דעם זעלביקן „בראָדוויי צענטראַל האָטעל״, וואָס עקזיסטירט שוין נישט מער. אויסער זייער שאַרפן און קריטישן קוק אויף מענטשן, זיינען זיי געווען צוויי גאַנץ פאַרשידענע כאַראַקטערן. רובינשטיין — אַן עקסטרעמער עקסטראָווערט און עקסהיביציאָניסט. באָמזע — אַן עקסטרעמער אינטראָווערט וואָס האָט זיין מינדלעכן חוזק אויסגענוצט כדי ווי ווייט מעגלעך צו פאַרגעסן און צו דערדריקן זיין פּערמאַנענטן פּחד פאַרן מלאך המות, וואָס איז אים אומעטום נאָכגעגאַנגען, אַפילו בשעת זיינע נסיעות אין די ניו־יאָרקער סאָבווייס.

איך האָב אים איינמאָל ביינאַכט געטראָפן, ערגעץ וואו אין אַ סאָבוויי־סטאַנציע אין ברוקלין. איך האָב אים קוים דערקענט: ער איז געווען די פאַרקערפּערונג פון עקסטרעמען טרויער און פּחד. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק אַז אַן איינזאַמע נשמה וואָס האָט ערגעץ אין אַ ווינקל איבערגעלאָזן זיין מידן גוף, וואַנדערט אַרום אינעם שאָטנלאַנד האַדעס, און וויפל ער זוכט אַרויסצוגיין און זיך צו באַפרייען פון די אונטערערדישע לאַבירינטן, אַלץ טיפער פאַרבלאָנדזשעט ער אין אומבאַקאַנטע רעגיאָנען. באָמזע איז מערסטנס געווען באַהערשט פון אַן אינערלעכן טרויער ווען ער האָט זיך געפונען בלויז אין זיין אייגענער געזעלשאַפט. אָבער צווישן מענטשן איז ער דווקא געווען גאַנץ באַרעדעוודיק און מונטער, עס האָט לענגער געדויערט ביז מען האָט געוואוינט פון באָמזען צוטרוי און פריינדשאַפט...

יוסף רובינשטיין, ווי שוין געזאָגט, פלעגט מיך אויפוועקן אין מיטן פון דער נאַכט מכלומרשט וועגן אַ פּאַסיקן גראַם, וועגן אַ געוויסן אויסדרוק אין זיינס אַ נייעם ליד אין וועמענס אותיות עס איז נאָך געשטאַנען דער פרישער גלאַנץ פון טינט, ווי שוין אויבן געזאָגט. אָבער ער פלעגט שוין דערנאָך רעדן לאַנגע שעהן. טיילמאָל פלעגט עס שוין פאַלן אַביסל שווער אויף מיין געמיט. אָבער ער איז מיר געווען ליב צום האַרצן, ווייל קיין שום פאַלשקייט און אָנשטעל איז נישט געווען אין זיינע רייד און ער האָט וועגן זיך אַליין קיינמאָל נישט גערעדט. איך פלעג טאַקע נאָך אַזאַ נאָקטיורנעם שמועס בלייבן ליגן אויף מיין בעטל אַ שווער

פאַרמוטשעטער. אָבער עס איז געווען מיט וועמען צו רעדן וועגן ליטעראַטור און נאָך מער אינטערעסאַנט צו רעדן וועגן די מחברים. זיין צונג איז געווען אַ „געהאַקטע" פון קליינערהייט אָן, ווי מע פלעגט זאָגן אין פוילן. זיין אופן פון רעדן איז געווען פאַרטיקע רעטאָרישע קונסט. זיין זכרון איז געווען אַ פענאָמענאַלער. אַפילו דורכן טעלעפאָן האָט מען געקענט אָבסערווירן זיין אַקטיאָרסטוואָ, זיין מימיק, זיין טוישן מאַסקעס און קאָסטיומען ווי אַ פלינקער קלאַון וואָס שטעלט פאָר אַלערליי מענטשן, מערסטנס נאַטירלעך קאָמעדיאַנטן, אַקטיאָרן און קלאונען. ער האָט אויסגעצייכנט געקענט כמעט די מערסטע וואַרשעווער יידישע שרייבער, זשורנאַליסטן און אַקטיאָרן. אַז איך האָב מיט אים גערעדט, האָב איך פאַקטיש געזען און אינטים געשמועסט מיטן יידישן פוילן, מיט די מערסטע שעפער פון „יענע צייטן", אָנהויבנדיק מיטן רענעסאַנס פון דער יידישער קולטור אין פוילן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, וועלכע לעבן שוין זינט לאַנג נישט; וואָס זיינען מערסטנס אומגעקומען מיט פאַרשידענע מיתהס, און וועמענס נשמות בליען אפשר אַרויס אין פרילינג פון דער פוילישער ערד ווי גרויסע פלאַמיקע בלומען וואָס וויינען און פאַרגיסן זייערע בריענדיקע טרערן אין דער פרילינגדיקער זון. ער האָט געשילדערט מיט שניידנדיקע שטריכן אין מינדלעכן וואָרט, און מיט גרויסער בילדלעכער קראַפט, די יידישע שרייבער אין סאָוויעט־רוסלאַנד וואָס זיינען ממש טאָג און נאַכט פאַרברענט געוואָרן אין אימה און אין פחד פאַרן אָנקלאַפּ אין דער טיר פון די ענקאַוועדע־לייט וואָס פלעגן קומען, פריער אָדער שפּעטער צו אונדזערע שענסטע מייסטער פון וואָרט און ליד, פון דראַמע און פּאָעמע, פון נאָוועלע און דערציילונג; מחברים פון גרויסע שעפערישע ווערק. פרץ מאַרקיש מיטן אַפּאָלאָ־שיינעם פנים ווי לאָרד בייראָן האָט גערעדט מיט פּאַטאָס און זיין גוף האָט געציטערט פון שרעק; דוד בערגעלסאָן איז שיער נישט פאַרברענט געוואָרן פון יסורים; משה בראָדערזאָן וואָס האָט אין די גוטע צייטן פונעם רענעסאַנס אין פוילן, כאָטש דער הונגער אונטער דער דייטש־עסטרייכישער אָקופּאַציע פון פוילן איז געווען מוראדיק און אַ טעלער מיט געפרוירענע קאַרטאָפל איז ממש געווען אַ קעניגלעכער מאָלצייט — איז אָנגעקומען קיין וואַרשע און לאָדזש אין יענע יאָרן; מיטן בינאָקל אין רעכטן אויג, מיטן פוטערל אַרויפגעוואָרפן אויף די פּלייצעס, האָט ער אויסגעזען ווי אַ פּרינץ; יוליאַן טובים, דער קעניג פון די פוילישע דיכטער, אַן אַסימילירטער ייד, איז געווען שטאָלץ מיט בראָדערזאָנס מיטאַרבעט אין דעם קליינקונסט־טעאַטער. ווען יוסף רובינשטיין האָט געשילדערט דאָס גאַלאַנטע און ראָמאַנטישע געשטאַלט פון קלאַראַ סעגאַלאָוויטש פאַר וועמענס גלאַנץ פונעם שיינענדיקן רעכטן אָדער לינקן אויג זוסמאַן סעגאַלאָוויטש איז שיער אויסגעגאַנגען, און אַ סך אַנדערע דאָן זשואַנען האָבן ממש געקראָגן די ניכפּה — האָט מען זי געזען פּאַראַדירן אויף דער בינע פון „טלאָמאָצקע דרייצן", בשעת די „סילוועסטער"־מאַסקאַראַד־אָוונטן, ווינטערצייט, ווען דער שניי האָט פאַרקאָוועט גאַנץ וואַרשע און די

לבנה איז געשטאַנען פונקט אין מיטן הימל ווי אַ רונדע גאָלדענע מטבע צוליב וועלכער אַ הונדערט פאַצעטן האָבן איינגעשטעלט זייערע אוצרות ביים געמבלערישן טיש כדי זי צו געווינען...

יאָ, איך האָב זיך ביי רובינשטיינען ממש געבעטן אָנצושרייבן אַ בוך מיט זכרונות וועגן די פאַסאַזשירן און פערסאָנאַזשן פון „טלאָמאַצקע דרייצן", וואו ער איז אָן גוזמא אויסגעזעסן ממש גאַנצע יאָרן און האָט געזען, געהערט, אָבסערווירט און באַטראַכט די מערסטע שרייבער, שוין אויך די עלטערע און אַנערקענטע וואָס האָבן געשריבן פאַר די בירגערלעכע יידישע צייטונגען; וואָס האָבן נישט שלעכט פאַרדינט און זיי האָבן נישט געקאַרגט די זילבערנע זלאָטע און וואָס האָבן זיך אויך וואויל פאַרגונען צו פאַרזוכן די רייצנדיק־אַפּעטיטנע און געשמאַקפולע שפּייזן און געטראַנקען ביים בופעט, און ווען עס האָט נישט געפייניקט דער „פאַרלוסט" פון די מיליאָנען אינפלאַציע־געלדטער. רובינשטיין אַליין, אַן ערשט־געקומענער פונעם קליינעם שטעטל סקידעל, האָט זיך אויסגעמישט און פאַרבראַכט מיט די יינגע טאַלאַנטן וואָס זיינען אויך „ערשט" געקומען פו די פוילישע פּראָווינץ־שטעטלעך, ווער מיט לידער אין די קעשענעס און ווער מיט סקיצן, עסקיזן, עטיודן, דערציילונגען און אפשר שוין אויך מיט דעם מער ראַפינירטן זשאַנער — איך האָב אינזינען: מיט עסייען (פּרוּוון) אינעם פאַרנאַס פון ליטעראַרישע שאַפונגען. די דאָזיקע פּראָווינציעלע יינגעלייט האָבן אָפט נישט געהאַט וואו איבערצונעכטיקן די ערשטע נאַכט פון זייער אָנקום אין דער גרויסער שטאָט וואַרשע. זיי האָבן געשמאַכט נאָך דער באַקאַנטשאַפט מיט באַרימטע שרייבער, צו ווערן מיט דער צייט אַנערקענט, צו קריגן סטאַזש און אָנזען, ווי עס איז געוויינלעך די טבע און די שטרעבונג פון אויפשפּראָצנדיקע טאַלאַנטן. (צו יענער צייט טאַקע איז דערשינען אין וואַרשע דער דינער זשורנאַל מיט די ערשטע שאַפונגען פון אַ גרופּע שרייבער וואָס האָט זיך גערופן „שפּראָצונגען...")

ווי שוין געזאָגט: איך האָב זיך ביי רובינשטיינען געבעטן אָנצושרייבן זיינע מעמואַרן. פריער אָדער שפּעטער טאָן עס די מערסטע שרייבער ווען זיי דערגרייכן מער־וויניקער די געבענטשטע שבעים יאָרן. עס ווילט זיך פּשוט אויפדאָסניי דורכצוגיין און ווידער איבערצולעבן די ערשטע און די מיטלסטע צוויבער־יאָרן פונעם אייגענעם לעבן, אין וועלכן עס זיינען פאַרפלאָנטערט די ערשטע חברים, די פּראַכטפולע מיידלעך וואָס גייען אויף פאַר אונדזערע אויגן מיט זייערע צאַפּלענדיקע מילך־ווייסע ברוסטן אינעם טריאומפאַלן גאַנג צום אויפבראָיז פונעם פילפאַרביקן און ראָמאַנטישן לעבן, איידער דערווינט פון האַרבסט קלאַפּט אָן אין דער טיר און די שויבן פון די פענצטער מיט זיינע אָקטאָבערדיק־רויטע בלעטער ווי מיט בריוו פונעם מלאך המות...

אָבער יוסף רובינשטיין איז צופיל געווען פאַרכישופט פונעם זייער קורצן, אָבער פּראַכטפולן ליד כדי חשק צו האָבן צו שרייבן פּראָזע. ער האָט זיי אַלע, זיינע לידער צוזאַמען מיט זייערע פּראָטאָטיפּן — די

נאַטור־מיראַזשן און די פרילינג־אימאַזשן — ממש מינדלעך געטראָגן אויף דער צונג. זיין זכרון האָט געאַרבעט מעשים ניכטערערהייט. ער האָט זיך נישט געצוויטיקט אין חלומות און אין דעם באַרויש פון ווייַן אָדער אָפּיום ווי באָדלער און ווערלען. ער האָט די הונדערט בוידן און וואַגאָנען מיט די פּאַסאַזשירן פון זיינע זיבעציק יאָרן לעבן יאָרנלאַנג ממש געכאָוועט אין זיין האַרצן און אין זכרון. זיי וואָלטן, ווען אָנגעשריבענערהייט, געווען אפשר פּונקט אַזוי שפּאַנענדיק, פּיקאַנט און גראָטעסקיש ווי די וועלט־באַרימטע זכרונות פון די ברידער גאָנקור וואָס האָבן פאַרצייכנט מיט געניוס שאַרפזין און איראָניע, מיט בייסיקן סאַרקאַזם און וויטריאָליש־שטרענגן אַנאַליז די פיגורן פון די פראַנצויזישע ליטעראַרישע סאַלאָנען; פון די וויינקעלערן און רעסטאָראַציעס וואו שאַרל באָדלער, אַלפרעד דע מיוסע, גוסטאַוו פלאָבער, זשאָרזש זאַנד, רענאָן, באַלזאַק, גאָטיע, סט. בעוו,ביידע דיומאַס, וויקטאָר הוגאָ, אָסקאַר ווײַלד, סאַנדאָ, ראַשעל, טורגעניעוו, און מאַסן אַנדערע שרייבער וואָס געהערן שוין איצט, איבער הונדערט יאָר שפּעטער, צו די אומשטערבלעכע מייסטער אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור פונעם מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט...

אָבער רובינשטיין האָט בשום אופן נישט געהאַט קיין חשק צו שרייבן זכרונות, אויסער אין זיינע עפּישע פּאָעמען אין וועלכע ער האָט זיך באַמיט צו פאַראייביקן די געשטאַלטן, כאַראַקטערן און טראַגעדיעס פון די יידיש־סאָוויעטישע שרייבער. ער האָט וועגן די וואַרשעווער דיכטער און דערציילער גיכער און אַ סך גערנער גערעדט ווי געשריבן. ער איז בכלל געווען אַ ווערבאַליסט. ער האָט זיי ממש שוישפּילעריש אויסגעשפּילט כאָטש דורכן טעלעפאָן אָדער ביים טישל אין „קאַפע ראָיאַל" און אין אַטראָן־הויז. אָבער גערעדטע רייד גייען פאַרלוירן ווי פלעווס אויפן ווינט...

יוסף רובינשטיין איז דאָ־הי נישט דווקא געווען צו אַלעמען פריינדלעך. ער האָט פיינט געהאַט ווען געוויסע מענטשן האָבן אים געחנפעט. ער פלעגט באַליידיקן מינדערווערטיקע שרייבער וואָס האָבן אים פאַרוואָרפן מיט קאָמפּלימענטן. ער האָט געוואוסט און געפילט אַז שרייבער זיינען גאָר אָפט נישט אויפריכטיק; מערסטנס טאַקע פאַלש און גאָרנישט ערלעך. איך אַליין האָב זיך באַצויגן צו אים מיט רעזערוואַציעס. וואָס אַן אמת: דווקא זיינע פיל־געלויבטע עפּישע פּאָעמען אין די דריי בענדער פון דער טרילאָגיע וואָס דר. שלמה ביקעל און יעקב גלאַטשטיין האָבן געלויבט אויף הויכע טענער, זיינען מיר נישט שטאַרק געפעלן. עס איז געווען אין זיי גאָר קנאַפּע פּאָעזיע און אַ סך רעטאָריק. זיינע פּאָעמען האָבן דערמאָנט אין זיין הויכן קול, אין זיין פּאָזעריש, הילכיקן און שרייערישן טאָן פון האַלטן אויפגעבלאָזענע דרשות; אין זיין אינערלעכן לעכצן נאָך לויב, כבוד און אנערקענונג מצד די באַדייטנדיקע קריטיקער,

טראָץ זיין מכלומרשטער גלייכגילטיקייט צו הויכגערעדטע לויב־רייד ביים ליטעראַרישן טיש אין דער קאַפעטעריע...

אָבער מיט דער צייט האָט זיך איינגעשטעלט אַן אויפריכטיקע פריינדשאַפט צווישן אונדז. ער האָט וואויל איינגעזען אַז איך שאַץ געטריי אָפּ זיין חכמה, זיין קלוגשאַפט ביז צו דעמאָניזם. איך האָב אָפּגעשאַצט זיין הויכע אינטעליגענץ, כאָטש ער האָט, ווי די מערסטע יידישע שעפער, נישט שטודירט אין קיין הויכשולן און אַקאַדעמיעס. זיין חכמה איז געווען אַ נאַטירלעכע. ער איז צו מיר געווען פריינדלעך ביז גאָר. איך האָב אויך מיט דאַנקבאַרקייט אָפּגעשאַצט זיין דזשענטלמענישקייט און וואַרעמע באַציונג, נישט דערוואַרטנדיק פון אים קיין איבעריקע קאָמפּלימענטן. ווי פריער געזאָגט: נישט פון יעדן איינעם שרייבער האָט ער אַקצעפּטירט קאָמפּלימענטן. דער מענטש האָט צו אים געמוזט זיין ליב כדי אים זאָל זיין צום האַרצן אָנצונעמען יענעמס אַ פריינדלעך וואָרט. ער האָט אָפּטמאָל צוריקגעוואָרפן שבחים מיט באַליידיקונגען צו אַנדערע וואָס זיינען נישט געווען קיין באַרופענע שרייבער, וואָס זיינען נישט געווען קיין באַזעסענע פונעם געטלעכן וואָרט אָדער פונעם קוואַל פונוואַנען די פאַרשאָלטענע פון פייער אָדער געבענטשטע מיטן וואָרט וואָס טריפט פון דער האַרצנס־וואונד מיט בלוט און מיט האָניק. ער האָט געקענט זיין אַזוי אויפריכטיק אַזש ביז ברוטאַליטעט. אָבער ער איז געווען אַבסאָלוט ערלעך. ערלעך ביז סאַדיזם. מסתמא, איך בין זיך עס משער, האָט עס אים אינמיטן דער שלאָפלאָזער נאַכט באַנג געטאָן און זיין אייגענע האַנט האָט אים געשלאָגן אויס חרטה. קיין שום מענטש איז נישט פון קופּער אָדער פון אייזן. בשעת די נאַכטישע שעהן קומט צו גיין דער מין מענטש, דאָס ביטערע געוויסן, די חרטה אויף שטרענג געזאָגטע רייד: מענטש, ווער דו זאָלסט נישט זיין, דו האָסט אומזיסטערהייט געטרונקען דאָס בלוט פון אַן אומשולדיקן מענטש. דו האָסט שווער געזינדיקט. דו האָסט נישט געגלויבט אין דעם האַרץ פון אַ מענטש. ווער ביסטו דאָס איינגאַנצן זיך צו מעגן וואַרפן מיט שטערבלעכע מענטשן?!...

יוסף רובינשטיין איז געווען אַ געבוירענער ליריקער. איך האָב געזען ווי פיינלעך ער זוכט דאָס וואָרט וואָס זאָל אמתדיק און געטריי דינען צו זיין האַרצן, צום געמיט און איך האָב אָפּגעשאַצט זיין פּאָעטישן טאַלאַנט. ער איז געווען צו מיר דווקא ליב אין זיין קליינעם און פערפעקטן ליד. אין דער פאָרם, ריין טעכניש, איז ער געווען דער אַבסאָלוטער מייסטער. ער האָט זיך, אויפבויענדיק אַ ליד ווי אַ מיניאַטור־פּאַלאַץ, געשלאָגן מיט אַ סך ווערטער און אויסדרוקן ביז ער האָט אויסגעוויילט דאָס געבענטשטע וואָרט און עס קישנדיק אַריינגעשטעלט אין זיין לידער־אוצר. יידיש האָט אים געטריי געדינט פון דער קינדהייט אָן ווען ער האָט זויגנדיק זיין מאַמעס ברוסט, זיך איינגעהערט צו זיין מוטערס יידישע רייד. יאָ, ער האָט געדינט צו יידיש אַזוי געטריי פון דער קינדהייט אָן ווי אַ קנעכט און ווי אַ האַר. ער האָט געקושט יעדעס באַזונדערע וואָרט

וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט פון זיינע נשמהדיקע טיפענישן. ער האָט מיט יידיש געבעטן, געדאַוונט, תפילה געטאָן, געזאָגט תהילים אונטער אָפענע הימלען בשעת זיינע וואַנדערונגען, בשעת ער איז געווען באַדראָט מיט יסורים און מיט דער פאָרכט פאַרן מלאך המות. ער האָט אויף יידיש באַזונגען די שיינקייטן פון פרויען, פון קינדער, פון בלומען: די ווייכקייטן און די באַשיידנקייטן פון גראָזן; די ברילי־אַנטענע ציטערנישן פונעם רעגן; די היילונגען פון דער זון און ווי מיט באַנדאַזשן פון אירע אינטימע שטראַלן; ער האָט אַרומגענומען גאָר די שטימונגען, די געמיטער, די ענדערונגען און די זאַפטיקייטן פון פלאַנצן, פון בלומען, פון בוימער, פון בלעטער, פון ווינטן און פון כלערליי ווידמונגען און וועטערן. ער האָט אויסגעדריקט זיין דאַנקבאַרקייט אין יידישן וואָרט צו דער נאַטור. ער האָט דורך יידיש געוויינט און אין וואַרעמען יידישן וואָרט געדאַנקט אַזוי רייך, אַזוי גאַלאַנט, אַזוי האַרציק. ער האָט פאַרן לעבן וואָס גאָט האָט אים געשאָנקען, צוריקגעגעבן זייער אַ סך שיינקייט, קינסטלערישע אַנטפלעקונג און נאָבעלן ליריזם צום מענטש, צו גאָט, צו די הימלען און צו די שטערן...

ווידער ווי שוין געזאָגט, וואָס איז אַגב אַ באַקוועם וואָרט זיך צו באַהעלפן ביי אַלערליי איבערחזרונגען: אין מיטן נאַכט פלעגט ער מיך אָפרופן. וואָס איז געשען, ברודער־יוסף? ער וויל זיך אַן עצה האַלטן מיט מיר בנוגע אַ וואָרט אין זיינס אַ פערז. ער האָט געוואויגן און געמאָסטן אויף גילדערנע וואָגשאָלן יעדער באַזונדערע שורה און יעדער איינציקע זילבע. אַפילו זיינע „קליינע" לידער זיינען פערלדיקע מייסטערווערק: לויטער שלימותדיקע שטיקלעך גאָלד־ציזעלירונגען, פון וועלכע עס שיינען אַרויס ווי איידלשטיינער: אויסדויער, געדולד, איידלקייט, גוטסקייט און צאַרטקייט. צו זיין סענסיטיווקייט אינעם וואָרט און פערז איז נישטאָ קיין גלייכן אין דער יידישער פּאָעזיע, כאָטש עס זיינען נאָך מיט אייניקע יאָר צוריק, אין אַלגעמיין, געווען אפשר גרעסערע דיכטער מיט ברייטערע האָריזאָנטן און מיט טיפערע וואָרצלען אין יידישקייט. ער האָט געשאַפן מיט עפּעס מער און טיפער ווי בלויז מיט זיינע פינף חושים מיט וועלכע ער האָט אויך באַוויזן וואונדוירים. ער איז אָבער געווען אַ נאַטור־דיכטער און ער האָט ממש געדענקט די אורצייט פון דער ערד. די מעשה בראשיתדיקע טעג האָבן נאָך געגליט אין אים מיט זייער הייסער פּאַרע, מיט זייער וואולקאַנישן אומרו און רויך און מיט גאָטס בראשיתדיקע שרפות. ער האָט געשפּירט דער נאַטורס ניואַנסן, די מינדעסטע וויברירונגען און שעפּטשענישן פון יענע איידעלע און שטילע לעבנס וואָס אָטעמען אין די באַהעלטענישן און אונטערערדישע היילן פונעם פּלאַנעט, פונעם אוניווערס. ער האָט געהערט און געטריי פאַרנומען אַ שעפּטש פונעם ווינט אין אַפּרילישן פרילינג: אַ ריר, אַ מורמל פון אַ בלעטל אין האַרבסט וואָס איז שוין צעלעכערט און איינגעביסן פון אינסעקטן און בלויז זיין נאָבל גאָלד שיינט נאָך אָפּ אין דעם אָפּשיין פון

דער פּאַרנאַכטישער זון אויפן צווייג פונעם בוים; אַ שאָרך פון אַ קליינעם פויגלס זיסן פליגל שוועבנדיק פּאַרביי דער נאַכטישער לופט און איידל אויפוועקנדיק די צווייגן וואָס דרימלען; דאָס דינע דריבלען פון אַ רעגן וואָס וויינט און קרעכצט, זיך שיידנדיק אויף תמיד מיט זיינע וואָלקנס וואָס ער גיסט אויס איבער די וועלדער און פעלדער, אין יעדן באַזונדערן שאַרפן אָפּהילך פון אַ טראָפּן; אַ געוואָי פון אַ ווינט אין דעם חודש אָקטאָבער ווי עמעץ וואָלט פּלוצלינג אַ ציטער געטאָן מיטן סמיטשיק אויף דער איינציקער הייזעריקער סטרונע פון אַ פידל און ער וואָלט צוריק אַוועקגעכאַפּט דעם סמיטשיק, מורא קריגנדיק חלילה אויסצוגיין פון מתיקות. אָט אַזאַ איז געווען, טראַץ זיינע מענטשלעכע שוואַכקייטן, דער איידלסטער פון די לירישע דיכטער, יוסף רובינשטיין פון דעם שטעטל סקידעל...

בשעת זיין לעצטן טאָג אין ניו־יאָרק, וואוינענדיק ביים איסט־ריווער, בלויז עטלעכע שעה פאַר זיין אָפּפליען מיטן עראָפּלאַן קיין תל־אביב צוזאַמען מיטן מאַרטירערישן גוף פון זיין פרוי לערא, וועלכע איך האָב אַגב אויך אָפּגעשאַצט, ווייל זי איז געווען זייער אַ קלוגע און זי האָט נישט וויניק געליטן, האָט יוסף רובינשטיין מיך אָפּגערופן, זאָגנדיק מיט אַן אָפּיציעלער און טרוקענער שטימע:

„טענענבוים, הערט זיך גוט צו צו מיר: היינט איז דער טרויעריקסטער טאָג אין מיין לעבן. איך קען אייך אָנזאָגן אַ שרעקלעכע בשורה: מיין ווייב איז היינט געשטאָרבן. איך קען לענגער נישט רעדן מיט אייך ווי בלויז נאָך איין סעקונדע. איך בין שרעקלעך צעטומלט. איך פלי צוזאַמען מיטן גוף פון מיין באַליבטער לעראַן קיין תל־אביב. ווען איך וועל צוריקקומען, וועל איך רעדן מיט אייך. זייט געזונט!"

איך האָב אין דעם מאָמענט נישט חושד געווען אַז ער געזעגנט זיך מיט מיר אינסטינקטיוו שוין אויף אייביק. איך האָב שפּעטער באַוויינט זייער ביידנס פּטירה שוין אויפֿן גאַנצן לעבן...

איך בלייב זיצן אַליין אויף דער שטול ביים טעלעפאָן־אַפּאַראַט. איך וויל מיט אים עפּעס ווייטער רעדן. איך וויל אים פּרוּוון זאָגן אַ וואַרעם, אַ געטריי, אַ ברידערלעך וואָרט פון מיין האַרצנס־טיפעניש. אָבער איך האָב עפּעס מורא פאַר אים. ער איז נישט מער אַצינד ביים פולן גייסטיקן קאָנטראָל. אין אַזאַ אומפּאַראַנטוואָרטלעכן מאָמענט קען ער אַרויסזאָגן עפּעס שלעכטס אויך. אַפילו אין בעסערע מאָמענטן איז מען נישט געווען אינגאַנצן זיכער מיט זיינע נערוון. ער איז געווען אַן ערלעכער מענטש, אָבער אָפּטמאָל אויך אויפגערעגט...

דערנאָך טראַכט איך: דאָס אָרעמע לעבן פון אַ ליידנדיקער פרוי האָט זיך ענדלעך, נאָך אַזוי פיל יסורים, פאַרלאָשן. זי איז תמיד געווען שלאַף מיט אפשר עטלעכע ערנסטע קראַנקהייטן, איבערהויפּט האָט זי געליטן אויף הויכן בלוט־דרוק. אָבער „אָפּיציעל" געקריינקט האָט דורך די אַלע יאָרן בלויז ער... זי האָט קיינמאָל נישט געטאָרט רעדן פון אירע יסורים:

פון איר דיאַביטיס־קראַנקהייט; פון אירע צעבראָכענע אברים,ליידנדיק אויף רעוומאַטיזם. דערצו האָט זי אים געמוזט באַדינען, נאָכן אַהיימקומען אין אָוונט נאָך אַ טאָג שווערער האָרעוואַניע, דאַכט זיך, אַלס פאַרקויפערין אין אַ קאָנפעקציע־געשעפט, מיט יעדער גלעזל טיי; מיט עטלעכע מאָלצייטן דורכן טאָג; מיטן פרעסן זיינע מלבושים; מיטן גיין מיט אים אין די שפּיטעלער ביזן לעצטן טאָג פון איר לעבן, ווייל אויסער זיינע, ווי שוין געזאָגט, אָפּיציעלע קראַנקהייטן, איז ער אויך גֿעווען אַ היפּאָכאָנדריאַק. ער האָט פון איר ממש אַרויסגעצויגן די נשמה. זי איז געווען זיין געבוירענע שקלאַפין. אויפן טעלעפאָן האָבן גוטע פריינד און פאַרערערס בלויז אים אַליין גערופן... ווען זי פלעגט אַמאָל פּרווון צו ענטפערן, אינסטינקטיוו צולויפנדיק צום הער־אַפּאַראַט נאָכן ערשטן קלונג, פלעגט ער גיך אויסכאַפּן פון איר שיינער האַנט דעם אַפּאַראַט מיט זיינע לאַנגע און דאַרע פינגער און שוין דערינען אַריינרעדן שעהנלאַנג, ווי האַלטנדיק אַ לאַנגע רעדע. לעראַ פלעגט צוריק אַ פאַרשעמטע און געקריינקטע אַריינגיין אין דער קיך, צום שווייגן און ווייטיקן מיט אירע ווייטיקן...

ווען איך פלעג אַמאָל קומען צו אים צוגאַסט אויף זיין איינלאַדונג, פאַרשטייט זיך, פלעג איך נישט קענען פאַרטראָגן ווי אַזוי ער האָט איר כסדר דערלאַנגט באַפעלן:

— לעראַ, דערלאַנג מיר דאָס. לעראַ, דערלאַנג מיר יענץ...

דערצו האָט זי נאָך געמוזט שווער אַרבעטן אויך, כאָטש ער האָט פאַרדינט גענוג זייענדיק אַן אָנגעשטעלטער ביים פאַרקויפן „באָנדס" פאַר ישראל. ער האָט אַליין אויך שווער געהאָרעוועט כדי אָנצוזאַמלען אַ פאַרמעגן „אויף דער עלטער". מען קען דאָס מענטשלעך פאַרשטיין: דער פחד אויף דער עלטער צו פאַרבלייבן אַן אָרעמאַן אין אַ לאַנד וואו אַלץ איז בראַנד טייער. ער האָט זיך און לעראַן דאָך געוואָלט פאַרזאָרגן פאַר דער צוקונפט. אָבער יעדן מענטשנס צוקונפט איז ביי גאָט אין די הענט. ער איז טאַקע געווען רייך אויך, מחמת ער האָט גוט פאַרדינט פאַר זיין שווערער אָנשטרענגונג. שבת און זונטיק אין די אָוונטן האָט ער מסתמא געמוזט אַרומוואַנדערן אין די סאָבוויס כדי צו דערגרייכן די פאַרזאַמלונגען אין עטלעכע צווייגן פונעם „פאַרבאַנד"; כדי צו האַלטן רעדעס אין פאַררייכערטע זאַלן און צו אָרגאַניזירן דאָס ציוניסטישע פובליקום צו זיין פּאַטריאָטיש לטובת די נויטן פון ישראל... אָבער מיט דער עלטער איז געקומען צו יוסף רובינשטיין מידקייט און קראַנקהייט. די עלטער האָט זיך גענומען מיט אירע אייזערנע ציין אייננבייסן אין זיינע ביינער נאָך לאַנגע יאָרן וואַנדערונגען, אַנטלויפנדיק פונעם היטלעריסטישן פוילן צום סטאַליניסטישן רוסלאַנד וואו מען האָט באַדאַרפט פאַרשליסן די צונג אויף אַן אייזערנעם שלאָס. און רובינשטיינס צונג איז דווקא געווען אַ לויזע און אַ שרייענדיקע. אין מאָמענטן פון עקסטאַז האָט ער דווקא פאַרגעסן זיין פּחד פאַר דיקטאַטורן און געלאָזט אין גאַנג זיין רייכע רעטאָריק. ער האָט פאַרמאָגט אַ סך רעטאָריק און ערשט נאָכן רעדן אין פאַרדעכטיקע קרייזן,

פאַר טונקעלע פאַרשווינען, איז אים באַפאַלן שפּעט ביינאַכט די מורא, דער פּחד פאַר „נאַטשאַלסטוואָ" וואָס איז געראָטן אין דער געטלעכקייט: זי קען אַנידערלעגן צו דער ערד מיליאָנען נפשות... און זיי מאַכן שטיל און שווייגנדיק ווי מצבות...

בשעת רובינשטיין האָט שוין ענדלעך געהאַלטן ביים אויפגעבן זיין שטעלע אין „פאַרבאַנד" האָט לעראַ מיך איינמאָל אָפּגערופן. זי האָט ביטער אַריינגעוויינט אינעם טעלעפאָן און זיך באַקלאָגט אַז זי וועט שווער ליידן צוליב זיין אַרומגיין אָן אַרבעט און אַז ער וועט מיט איר איצט כסדר קאָמאַנדעווען. ער וועט רעדן טאָג און נאַכט און זיך נישט אַרויסרירן פון דער היים. זי וועט זיך קיין אָרט נישט קענען געפינען מיט אים צוזאַמען אין איין קליינער וואוינונג. ער וועט טרינקען טיי פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט...

אַ שרייבער זאָגט מיר, קענענדיק לעראַן נאָך פון וואַרשע, אַז זי איז אַמאָל געווען אַ פּרעכטיק־שיינע פרוי. די הויט פון איר פּנים איז געווען ווייס ווי שניי. אירע אויגן האָבן געפינקלט מיט אַ גאָלדענעם פייער. איר שלאַנקע פיגור האָט געררייצט די מאַנצלייט בשעת די זומערדיקע טעג ביים ברעג פון דער ווייסל אין וואַרשע...

און ווען איך בין געלעגן אויף מיין אייזערנעם בעטל בשעת די נאַכט איז צוגעפאַלן צו דער ערד, האָב איך גאָרנישט מער געזען אין דער גאַנצער וועלט ווי אַ שוואַרצן עראָפּלאַן מיט ריזיקע פליגל ווי אַ ריזנמלאך טראָגט זיך אינעם רוים און שניידט די וואָלקנס, אָנמאַכנדיק לעכער און וואונדן אין זייער שניי־ווייסער לופטיקייט. אינעווייניק זיצט אַ הויכער און דאַרער מאַן מיט רויטע אויגן, אַ נישט אויסגעשלאָפענער און אָנגעשטרענגטער, און זיין שאַרף אָדלעריש אויג קוקט אַרויס דורך דער שויב צו דער קאַלטער און ליידיקער אומענדלעכקייט. און נעבן אים, אין־אַ זייטיקער קאַבינע, ליגט די פאַרפרוירענע פרוי מיט שטיקער אייז ווי מיט זילבערנע קוואַדראַטן באַלעגט. רובינשטיין זעט מיט פאַרמאַכטע אויגן זיין באַגעגעניש מיט איר אויף אַ יידישער פאַרזאַמלונג אין ליטעראַטן־פאַריין, אויף טלאָמאַצקע דרייצן. דערנאָך זעט ער זי ווידער אויף אַ מאַסקנבאַל וואָס פלעגט פאָרקומען יעדן ניי־יאָר אין דעם פאַריין פון די וואַרשעווער יידישע שרייבער. יידן האָבן נאָך דעמאָלט געטאַנצט אין פוילן, כאָטש אַ סך האָבן געהונגערט אונטער דער דייטש־עסטרייכישער אָקופּאַציע. עס איז געווען די אויפבליענדיקע צייט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די ערד האָט זיך געטרוקנט אין דער פרילינגדיקער זון, אַרום ערב פּסח־צייט, נאָך זייענדיק פייכט און פינצטער פונעם פאַרגאָסענעם בלוט נאָך די שלאַכטן. אַ מין פילפאַרביקער רענעסאַנס פון דער קולטור, פון נייע שטרעמונגען אין דער יידישער ליטעראַטור, צווישן זיי די „כאַליאַסטרע"־גרופּע מיט מלך ראַוויטש, אורי צבי גרינבערג, אלתר קאַציזנע, י.י. זינגער און פּרץ מאַרקיש בראש, וואָס איז געווען דער העראָלד פונעם נייעם ליד אין דער יידישער פּאָעזיע, און דער אָפּגאָט מיטן

פנים פון אַפּאָלאָ, ווי לאָרד בייראָן, ביי דער יידישער יוגנט אין פוילן, אין די שטעטלעך אויף דער פּראָווינץ. יוסף דערקענט לעראַס שלאַנקע און גראַציעזע פיגור, כאָטש זי איז פאַרשלייערט און פאַרבאָרגן אונטער אַ ביזאַרן קאָסטיום מיט אַ זיידענער מאַסקע אויפן פנים. ער דערקענט צום ערשט דעם גאָלדענעם פינקל אין אירע אויגן ווי פון אַ צאַרטער און אַש־גרויער טויב וואָס שטייט רואיק איינגעטוליעט און איינגעליולעט אין זיך נעבן די פיס פון אַן איינזאַמען פּאָעטס סטאַטוע אין דעם האַרבסטיקן פּאַרק. ער לאַדט זי איין צו אַ טאַנץ ווען דער אָרקעסטער אין זאַל הויבט אָן צו שפּילן די מעלאָדיע פון אַן אַרגענטינישן טאַנגאָ. דער זאַל איז ביזן סופיט אָנגעפילט מיטן זילבערנעם רויך פון ציגאַרעטן וואָס יינגע מענטשן רויכערן נערוועזערהייט. די קלעזמאָרים, עלטערע יידן, זיינען שוין אַביסל מידלעך. זייערע בערד זיינען גרוי געוואָרן מיט שניי דורך די יאָרן פון דער מלחמה. די צאַרטע מעלאָדיעס פון זייערע יידישע פידלען וויינען. אָבער מען פונדעוועט זיי צווישן איין טאַנץ און דעם אַנדערן כוסות מיט וויין, גלעזלעך מיט ניינציקער ספּירט, און אויף זילבערנע טאַצן גרויסע פּענעצן מיט האָניק־לעקעך, און זיי באַקומען פרישע כוחות. זיי שפּילן אויפדאָסניי אויף מיט אַזאַ פייער און מתיקות פרישע האַרציקע יידישע ניגונים און רוסישע מעלאָדיעס וואָס זיינען דעמאָלט, נאָך פריש מיטן ענטוזיאַזם פון דער רוסישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, געווען אַזוי פּאָפּולער, פאַרכאַפּנדיק די הערצער פון די יינגערע מענטשן, פון מאַסן יידישער יוגנט...

יוסף און לעראַ טאַנצן פּאַוואָליעדיק אַרויס צום שטילן גאָרטן וואָס איז באַלעגט מיט רויטע בלעטער. די שטערן שטייען אין אַ נאַכטיש־סאַמעטענעם הימל אַזעלכע גרויסע און נאָך פריש־אויסגעפּאַרבטע ווי שאַגאַלס אַ נאַסע מאָלעריי פון אַ קליינשטעטלדיקער לאַנדשאַפט וואָס שטעלט פאָר אַ בלאָווע־פלושענע נאַכט און דעם גרויסן, אומענדלעכן און טיולענעם הימל וואָס דעקט איבער ווי אַ חופּה זיין געבורט־שטעטל וויטעבסק וואו אַ קאָזאַק טאַנצט אַ „קאַמאַרינסקע" און ער טוליעט בשעת מעשה צום האַרצן אַ שיכור־איינגעבויגענע און קניענדיקע צערקווע מיט אַ בראַנדזענעם ציבעלע־טורם אויפן שפּיץ וואָס שטעכט מכלומרשט דורך אַ וואָלקן. די צווייגן אין גאָרטן רוישן שיכורערהייט אין דעם לינדן ווינט ווי אַ געשאַל פון שוועבנדיקע מלאָכים־פליגל וואָס זיינען ענלעך צום אַלבאַטראָס מיט ריזיקע פליגל אין שאַרל באָדלערס ליד. זיי שטעלן זיך אָפּ ביים אָפּגעהאַקטן שטאָם פון אַ בוים וועמענס צווייגן שוועבן איבער די פּלייצעס פון צדיקים — אָן קעפּ. יוסף נעמט צאַרט אַרום די איידעלע און שלאַנקע לעראַ און ער קושט זי מיט די ליפּן פון זיינע ניינצן אָדער איין און צוואַנציק יאָר. עס איז דער ערשטער קוש אויף זיין פריינדינע לעראַס בלייכן פנים. זינט יענעם מאָמענט איז אַדורכגעגאַנגען ווי אַ פּראָצעסיע פון פרייד און טרויער זיין גאַנץ לעבן. אַן אַלטער און טויטלעך־קראַנקער

חתן מיט אַ צעבראָכענעם פליגל אויפן רעכטן אַקסל פּירט איצט זיין טויטע כלה צו איר קבר אין דעם צוריקגעוואונענעם יידיש־לאַנד ישראל נאָך גאַנצע צוויי טויזנט יאָר וויסטעניש און איינזאַמקייט...

אָבער דער גאַלאַנטער פּאָעט וואָס דינט קאַוואַליעריש זיין טויטע כלה, ווייסט נישט אַז ער אַליין וועט זיך אויך נישט מער אומקערן קיין לעבעדיקער צו זיין באַשיידענער היים ערגעץ אין ניו־יאָרק ביים איסט־ריווער. ער וועט מער נישט אָנקוקן דורך טרערן מיט זיינע אָפענע אויגן דאָס קליינע חדרל וואו עס ליגן אין אַזאַ פּערפעקטער אָרדענונג זיינע מאַנוסקריפּטן מיט די לידער פאַר זיין קומענדיקן בוך „דערזעאונגען”, וואָס אַנדערע קאָלעגן וועלן סדרן, זיך מתעסק זיין דערמיט און עס אַרויסגעבן — די לידער זיינע סאַמע לעצטע צוליב וועלכע, ווי שוין דערציילט, ער פלעגט מיך אויפוועקן שפּעט ביינאַכט און זיך אָן עצה האַלטן מכוח אַ וואָרט, אַ גראַם, אַ ניואַנס, אַ האַלב־וואָרט און זיידענעם קנייטש... ער וועט זיך מער נישט אָנטאָן אין די באַגינענס און יעדעס מאָל טוישן זיינע ציכטיקע און שאַרף־געפּרעסטע מלבושים אין אָוונט. ער וועט נישט מער אַריינקלעפּן אינעם מאַסיוון אַלבאָם די רעצענזיעס וועגן זיינע בענדער מיט לידער וואָס זיינען דערשינען מיט אַזאַ פּראַכט און לוקסוס אין לאָנדאָנס דרוקעריי, איינגעבונדענע אין זייד און סאַמעט און אין זעמשענער לעדער מיט גילדערנע אותיות, וואָס אַז מען האָט דעם דינעם באַנד גענומען אין דער האַנט אַריין, זיינען געבליבן אָפּגעפּרעסט אויף די פינגער די ווייכע פאַרבן ווי ווען מען האַלט אין חודש סעפּטעמבער ביים ים די צאַרטע און דעליקאַטע שמעטערלינגען מיט ריזנפליגלען אין פאַרגלייך צו זייערע מיניאַטורנע גופימלעך — זיינען די קאָלירן געבליבן קלעפּן ווי אַ מאָלערס פאַרבן פון דער פּאַלעטע, אויף די פינגער. יאָ, איך בין נאָך נישט פאַרטיק מיט זיינע ביכער פון לאָנדאָנס דרוקעריי: זיי זיינען געווען געבונדן אין זעמשענער לעדער און מיט איידעלע אותיות. און ער אַליין, דער קליינטשיקער דרוקער לאָנדאָן מיט זיין פיל גרעסערער ווייב, האָט אויך אויסגעזען ווי אַ קאַנאַרעק־פויגל אין אַ פיל־געפאַרבטן אַנצוג ווי אַ קלאָון...

יאָ, ביים רבונו של עולם איז דאָך אַלץ מעגלעך: אָט פאַרלאָזט איינער אַ יידישער מענטש זיין באַשיידענע און ליבע וואוינונג וואָס לעראַ האָט טאָג און נאַכט געציכטיקט און געליכטיקט ווי עס וואָלט יעדן טאָג פונעם גאַנצן יאָר געווען ערב פּסח — כדי באַלד זיך אומצוקערן אַהיים קיין ניו־יאָרק פון תל־אביב, און ווייטער צו שרייבן אין די אָוונטן זיינע קורצע און אָפּגעהיטענע לידער. ער זאָרגט זיך שוין באַצייטנס: ער וועט טאַקע בשלום אַהיימקומען. אָבער ער וועט מער נישט אָנטרעפן לעראַן ביי דער טיר אַזאַ מין מכלומרשט־גליקלעכע און גאַסטפריינדלעכע. ער וועט זיך ווידער אַנידערזעצן אַזוי ווי תמיד און ווי געוויינלעך ביים נידעריקן טישל און נאָך אַ ווײַלע האָבן אָנגעשריבן אַ ניי ליד וועגן יענעם מאַסקנבאַל ווען די גאַנצע גרויסע יידישע ליטעראַטור אין פּוילן מיט אירע יינגע און

אויפגייענדיקע מחברים פון די פוילישע פראָווינץ־שטעטלעך זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער שיינער מוזע, אַזעלכע פאַרשיכורטע מיטן גרויסן חלום פון דיכטונג און פראַזע: פון ליד, נאָוועלעט, ראָמאַן, דראַמע און געשיכטע־ביכער. און ווען דער קליינגעוואוקסיקער ה. ד. נאָמבערג האָט דורך דער גאַנצער נאַכט געטאַנצט מיט עפּעס אַ זייער הויכער דאַמע, און ער האָט זיך נעבעך אומזיסט באַמיט צו וואַקסן, אויסצווואַקסן גרויס און הויך אין געציילטע שעהן; אַזוי הויך ווי זי, זיין מיסטעריעזע מיטטענצערין וועמענס שנירעלע פּערל אויף דער ווייסן האַלדז האָט אַזוי רייצנדיק מיטגעטאַנצט...

אָבער אויב זיין גורל איז אַזאַ און ער וועט זיך חלילה טאַקע מער נישט אומקערן אַהיים מיט דער טייערער לעראַ פונעם מאַסקנבאַל פון זיין לעבן, וועט ער זיין געצוואונגען וואויל צו געהאָרכן צום באַפעל פונעם אייזערנעם מלאך המות. ווי אַן אַמתער ריטער וועט ער זיך לעגן נעבן איר אויפן הר הזתים. ניין, ער וועט זי נישט איבערלאָזן מער אַליין. ער וועט זי פון איצט אָן אָפּהיטן בייטאָג און ביינאַכט מיט זיינע ביינער און קנאָכנס אויף אַן אייביקייט לאַנג. און שטילע, פייכטע בלומען, פייכט פון לעראַס און יוספס טרערן, וועלן אין פרילינג־סעזאָן אַרויסשפּראָצן פון זייערע ביידנס קברים, און זיי וועלן דערציילן פון צוויי יידישע מענטשן וואָס זיינען דאָך געקומען כדי זיך ענדלעך אַוועקצולעגן אין דער ערד פונעם הייליקן לאַנד — צוזאַמענגעבונדענע אין ליבע און אין טויט, ווי הערראַ און לעאַנדער וואָס זיינען דערטרונקען געוואָרן אין דעם טייך העלעספּאָנט בשעת אַ מוראדיקן שטורעם־ווינט, ווי עס ווערט דערציילט אין לייב ניידוס׳ס הערלעכער פּאָעמע וועגן דעם פאַרליבטן פּאָרל, וואָס זיינען אגב אַריינגעגאַנגען טויטערהייט אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור. ער האָט אפשר בשעת אויפגערעגטע מאָמענטן זיך טאַקע, ווי שוין דערציילט, אַמאָל געקריגט מיט איר. ער האָט זי אפשר אַמאָל נישט ריכטיק באַהאַנדלט. נערוועז געווען און מיד אויך. איר פאַרשאַפט צער און פאַרדראָס. אָבער, ווי אַן אמתער ריטער, האָט ער זי נישט פאַרלאָזן אין איר סאַמע לעצטער שעה, בשעת דעם סוף פון זייער ביידנס לעצטער לעבנס און טויטלעכער רייזע איבערן אַטלאַנטישן ים קיין אייראָפּע און פון דאָרטן קיין ארץ ישראל, צום לאַנד פון די אבות. זיך קעגנזייטיק צוגעשוואוירן אייביקע ליבע בשעת יענער ראָמאַנטישער נאַכט פונעם אָנגעהיצטן מאַסקנבאַל אינעם פאַררויכערטן זאַל פונעם ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־פאַריין אויף טלאָמאַצקע דרייצן אין דער יידישסטער שטאָט וואַרשע — צווישן די ערשטע בוימער אין גאָרטן זיך געקושט — און צוזאַמען זיך געלעגט אין דער הייליקער ערד פונעם לאַנד פון די נביאים און די טייערע אבות...

# לעצטע שמועסן מיטן יידישן מאָלער עמנואל ראָמאַנאָ־גליצענשטיין

29 נאָוועמבער, 1980: ערשט, באותו רגע האָב איך גערעדט מיטן מאָלער עמנואל ראָמאַנאָ, דער זון פון דעם סקולפּטאָר הענעך גליצענשטיין. ער האָט מיר דערציילט אַז ער האָט אָנגעשריבן אַרום צוויי הונדערט זייטן מיט אויטאָביאָגראַפישן מאַטעריאַל וועגן זיין פאַמיליע. ער זאָגט צו מיר:

— איך בין דער לעצטער און איינציקער פון די גליצענשטיינס וואָס זיינען איבערגעבליבן. איך קען נישט גיין קיין איינציקן טריט אויף מיינע קראַנקע פיס. איך האָב געקראָגן אַ בלוט־שטורץ ווען מיין שוועסטער בעאַטריטשע איז געשטאָרבן. זינט דעמאָלט, שוין אַזוי פיל יאָרן, בין איך כסדר קראַנק...

איך זאָג:

—ווען בעאַטריטשע וואָלט געוואוסט אַז דו וועסט אַזוי שטאַרק ליידן צוליב איר טויט, וואָלט זי קיינמאָל נישט געשטאָרבן. זי וואָלט דעם קרעציקן מלאך המוות גאָרנישט צוגעלאָזט צו זיך. ווער־ווער, אָבער זי האָט געקענט האָבן דעם קוראַזש אָנצוכאַפּן מיט אירע דינע, אָבער שטאַרקע הענט, דעם מלאך המוות פאַרן האַלדז און אים שטיקן אין גאָרגל...

— און דו, שיע, ביסט דער איינציקער פריינט פון די גליצענשטיינס וואָס איז נאָך געבליבן גטרייַ צו אונדז. אַלע, אַלע אָן אויסנאַם זיינען אַוועק, אָפּגעפּרעדמט געוואָרן אָדער אויסגעשטאָרבן — אויסער אונדזער געטריי־איבערגעבליבענער יוסף לעפּטוויטש אין לאָנדאָן...

— ריכטיק. איך האָב פאַרשריבן טויזנטער זייטן מיט מאַנוסקריפּטן וועגן דער גליצענשטיין־משפחה. אָבער איך וואָלט אפשר געדאַרפט אַרבעטן בלויז אויף דעם דאָזיקן מאַנוסקריפּט דורך די יאָרן און אויסגיסן אַ מאָנאָליטישן בראָנדז־מאָנומענט פון מיין גליצענשטיין־ביאָגראַפיע. אָנשטאָט דאָס צו טאָן, ווי איך פאַרשטיי עס היינט צו טאָג, האָב איך דערויף געאַרבעט בלויז פון צייט צו צייט, און איך האָב וויניק אויפגעטאָן, הגם איך האָב אָפּגעדרוקט אַ גרעסערע צאָל אַרבעטן אין ביכער, זשורנאַלן און צייטונגען וועגן דער גליצענשטיין־משפחה. אָבער עס איז פאַקטיש נול (זעראָ) אַנטקעגן די אויסגעצייכנטע מאַטעריאַלן וואָס איך האָב געהאַט אָנגעזאַמלט און געוואָלט אויסנוצן פאַר מיין אַלגעמיינער ביאָגראַפיע. אויך בין איך נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער קונסט־קריטיקער. צו פאַרשטיין קונסט ווי מאָלעריי און סקולפּטור, האָבן בלויז באַוויזן צו קענען אַזעלכע גרויסע פּאָעטן און עסייאיסטן ווי שאַרל באָדלער, היינריך היינע, ריינער מאַריאַ רילקע, דער סעקרעטאַר פון דעם גרויסן ראָדען, וואָס האָט טאַקע וועגן דעם מייסטער־סקולפּטאָר אָנגעשריבן אַ גלענצנדיקע מאָנאָגראַפיע. אַגב ווייס איך נישט צי ראָדען האָט טאַקע

פּאַרטריבן רילקען פון זיין סטודיאָ, ווי דו זאָגסט. מסתמא האָט ער געהאַט גענוגנדיקע סיבות, כאָטש עס איז שווער צו פאַרשטיין אַזאַ זאַך. אָבער די מאָנאָגראַפיע וואָס רילקע האָט אָנגעשריבן וועגן ראָדענס מעכטיקער שאַפונג, איז די סאַמע בעסטע וואָס איך האָב ווען עס איז געלייענט אין מיין לעבן. די פּראָזע פון רילקען וועגן דעם סקולפּטאָר זיינען טאַקע אַזוי ווי אויסגעהאַקט מיט אַ סקולפּטאָרס דלאָט אין גראַניט...

5 אַפּריל, 1981: ערשט ווידער גערעדט מיט עמנואל ראָמאַנאָ דורכן טעלעפאָן. ער זאָגט מיר אַז ער איז שוין זינט אַכט חדשים אין דער דאָזיקער מכלומרשטער היים, פאַר אומהיילבאַרע מסתמא. ער קען קיינמאָל נישט אַרויסגיין אין דרויסן, רעדן מיט מענטשן, גיין צו אַ פאַרוויילונג, באַזוכן אַ פאַרזאַמלונג פון קינסטלער, זען אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג. הער דרייפוס, זיין שוואָגער, דער געוועזענער מאַן פון זיין פאַרשטאָרבענער שוועסטער בעאַטריטשע, באַהאַנדלט אים גוט. אָבער טעכניש קען ער גאָרנישט טאָן פאַר אים, ווי איינאָרדענען אין אַ גאַלעריע אַן אויסשטעלונג פון זיינע מאָלערייען, ווייזן זיינס אַ ניי ווערק צו זיינע פריינט, פאַרקויפן אַמאָל זיינס אַ זאַך. אין אָנפאַנג פלעגן מענטשן קומען אים באַזוכן אין דער „היים". אָבער איצט האָט ער אַ פאַרלאַנג קיינעם נישט צו זען. מסתמא מאַכן אים די באַזוכערס מיד אָדער זיי רעדן אַ סך, צי זיי פאַרשטייען נישט די סיטואַציע אין וועלכער ער געפינט זיך. זיינע מאָלערייען, זאָגט מיר ראָמאַנאָ, ווערן כסדר פאַרלוירן. ווי איך פאַרשטיי, טראָגט מען זיי אַרויס אומבאַמערקט פון זיין שוואָגער דרייפוסעס שטוב אָדער פון זיין חדרל אין דער „היים". ער איז שוין איצט אַלט 83 יאָר. ער איז אַן אומגליקלעכער מענטש. יענע מענטשן וואָס לעבן לאַנג, האָבן אַ געלעגנהייט זיך צוצוקוקן, אויב זיי זיינען נאָך נישט בלינד, צו זייערע אייגענע טראַגעדיעס, און זיי קענען זיך נישט העלפן מיטן מינדעסטן. זיי זיינען פּולקאָם אומבאַהאָלפן, ווי זיי וואָלטן זיין פאַראַליזירטע...

15 אַפּריל, 1981: עמנואל ראָמאַנאָ זאָגט צו מיר:

— בעאַטריטשע, מיין שוועסטער און איך זיינען מיר געווען צוויי מענטשן מיט איין נשמה...

ער דערציילט מיר אַז זי האָט געליטן אויף קאַנסער. זי האָט געהאַלטן אין שרייבן אַן עסיי וועגן זייער פאָטערס סקולפּטורן. אין דעם לעצטן טאָג פון איר לעבן, זאָגט זי:

— איך וואָלט נאָך געוואָלט לעבן בלויז דריי געציילטע טעג כדי צו קענען פאַרענדיקן מיין עסיי וועגן אונדזער פאָטערס קונסטווערק...

— אָבער גאָט האָט מיט איר דווקא נישט איינגעשטימט. גאָט איז טיילמאָל זייער אַ קאַרגער מענטש. ער לאָזט לעבן אויף דער וועלט מאַסן קאַניבאַלן, פּאַראַזיטן, משוגעים, רויבערס, דיקטאַטאָרס, הענקערס, רוצחים און בלוט־זויגערס. אָבער ער האָט די דריי פאַטאַלע טעג נישט געוואָלט שענקען בעאַטריטשען כדי צו פאַרענדיקן איר עסיי וועגן

אונדזער פּאָטערס סקולפּטור־ווערק. זי שטאַרבט אין דעם זעלביקן טאָג, אין פאַרנאַכט... די זון האָט אין יענעם טאָג שטאַרק געבלוטיקט בשעת איר שקיעה ווי מיט מיין שוועסטערס בלוט. און איך האָב געקראָגן מיין בלוט־שטורץ בלויז אַ פּאָר מינוט נאָך איר טויט, בשעת איך בין צוגעפּאַלן צו איר טויטן גוף און זי געוואָלט קושן און מיטגיין מיט איר אין דער ערד אַריין. איך בין פּאַקטיש מיטגעשטאָרבן מיט איר, כאָטש איך מוטשע זיך נאָך זינט אונדזערע ביידנס „פּטירהס״ אין אַרום צען זקנים־הייזער. ביינאַכט וואַרפט מיך דער פּאָרטאָריקאַנער קנעכט (באַדינער) אַריין אין בעט ווי איך וואָלט געווען אַ שטיינערנע גאַרגוילע, אַן אָפּגעבראָכענער פונעם דאַך פון דעם נאָטר־דאַם־קאָשטשאָל. יאָ, גאָט איז מיין סקולפּטאָר. ער אימיטירט מיין גרויסן פּאָטערס סטאַטועןְ: ער האָט מיך אויסגעקנאָטן פון ליים און ער האָט מיך פאַרשטיינערט צו אַ לעבעדיקן גראַניטענעם מת. אָבער גראַניט פוילט נישט. און איך וועל נאָך האָבן די פּריווילעגיע נאָכן טויט צו פוילן אויך. אַז מען שמועסט אַז גאָט איז אַ טאַטע...

16 נאָוועמבער, 1981: ווידער גערעדט טעלעפאָניש מיט עמנואל ראָמאַנאָ. ער רעדט מיטן שוואַכן און קוים־הערבאַרן קול פון אַ קליינטשיקן קינד וואָס איינע אַן אומגליקלעכע און הונגעריקע מוטער האַלט געטריי ביי איר ליידיקער ברוסט, אָן מילך:

— איך זיץ יעדן טאָג פון פערצן ביז אַכצן שעה אין דער שלעפּשטול. ביינאַכט, ווען איך בין שוין טאַקע אינגאַנצן פאַרשטייפט, נעמט מיך אַ וועכטער, געוויינלעך אַ רויער און גאַנץ ברוטאַלער פּאָרטאָריקאַנער, אַרויס פון דער שטול און „דאָמפּט״ (שליידערט, וואַרפט) מיך אַריין ווי אַ שטיין אין בעט אַריין. ער זערגעט מיך אַריין אויף אַזאַ גראָבן און ברוטאַלן אופן ווי איך וואָלט טאַקע שוין געווען אַ פאַרפרוירענער מת וואָס מען נעמט אַרויס פון אַ מעטאַלענעם קאַסטן אינעם „קיל־שטיבל״. אָבער אַפילו אַ גאָרנישט־פילנדיקן מת באַהאַנדלט מען פּאָרט איידעלער ווי אַ נאָך זשיפּענדיקן אינוואַליד, אַ קינסטלער, וואָס פאַרמאָגט נאָך אַ טראָפּן לעבן, אַ פונק פייער, אין זיין קאַלטן געביין. מען האָט נאָך פּאָרט מורא פאַר גאָט... אָבער זיי באַדאַרפן מיך נישט צו שרעקן: מחמת גאָט שלאָפט מיטן שלאָף פון שטיינערנע בערג אָדער פון סטאַגלאַמיטן אין אייזיק־פּינצטערע גראָטעס...

ווען איך ענדיק רעדן מיט עמנואל ראָמאַנאָ, זאָג איך אים נישט אַז די „ווילטשעיר״ (שטול מיט רעדער) איז פּאַקטיש אַ מין „עלעקטריק־טשעיר״ וואו מען ווערט נישט תיכף פאַרברענט...די שריפה וואָס גרייכט צום האַרצן דויערט מוראדיק לאַנג...

29 נאָוועמבער, 1981: אין קעגנזאַץ צו זיינע מערסטע באַקלאָגענישן וואָס זיינען טיפּיש פאַר יעדן איזאָלירטן מענטש אין אַ קראַנקנהויז, האָט ראָמאַנאָ מיר היינט געזאָגט אַז ער פילט זיך „אויסגעצייכנט״. דאָס האָט געקלונגען גאַנץ איראָניש. אָבער אויסער דעם ווייס איך דאָך אַז ער פילט זיך מיזעראַבל; אַז ער זיצט אין דער שלעפּ־שטול גאַנצע אַכצן שעה דורכן

טאָג. דערנאָך, ווי שוין פאַרצייכנט, וואַרפן אים די וועכטער, וואָס זיינען מערסטנס נעגערס און פאָרטאָריקאַנערס מיט ברוטאַליטעט, ווי ער וואָלט זיין אַ טויטער קערפּער, אַריין אינעם בעט. איך דענק אַז די סיבה פאַרוואָס ער האָט מיר געזאָגט אַז ער פילט זיך „אויסגעצייכנט״, איז ווייל ער געפינט זיך מיט נאָך פיר פאַראַליזירטע פּאַציענטן אין איין נישט איבעריקס געראַמיקן חדר, ווי מען קען זיך פאָרשטעלן. ער האָט פּשוט מורא צו זאָגן דעם אמת ווי מיזעראַבל עס איז כדי זיי זאָלן אים נישט מסרן פאַר „נאַטשאַלסטוואָ״... (אַז מען איז אין אַן אינסטיטוציע, וואו עס זאָל נישט זיין, איז געזינטער צו זיין פאָרזיכטיק מיט דער צונג...)

איך האָב גראָד גערעדט מיט ראָמאַנאָ וועגן ראָדענס דענקמאָל פון באַלזאַק, וועלכן איך האָב פאַרשטייט זיך געלויבט ווייל אין דעם דענקמאָל האָט דער סקולפּטאָר געפּרואווט צו געבן אויסדרוק צו דעם „באַרג״ מיט שעפערישקייט וואָס עס איז געווען באַלזאַק, דורכן מאַסנאָנוואורף פונעם פיזישן מאַטעריאַל וואָס זאָל פאָרשטעלן דעם שעפערישן גיבור. אָבער ראָמאַנאָ, צו מיין גרויסער איבערראַשונג, זאָגט גאָר אַז דער דאָזיקער מאָנומענט איז אַ גאַנץ אויבערפלעכלעך ווערק. דאָס איז ווייט נישט מיין מיינונג. ראָמאַנאָ זאָגט אַז ראָדען פאַרמאָגט שוין דווקא בעסערע ווערק וועגן באַלזאַקן אין בראָנדזענע שטיקער...

ראָמאַנאָ זאָגט מיר היינט נאָכאַמאָל אַז ראָדען האָט פיינט געהאַט דעם „דייטש ריינער מאַריאַ רילקע״. אַז ער האָט אים פּשוט אַרויסגעוואָרפן פון זיין סטודיאָ. איך וואונדער זיך שטאַרק אויב דאָס קען טאַקע זיין אמת. ווייל אויב ראָדען האָט פיינט געהאַט רילקען צוליב זיין דייטשער אָפּשטאַמונג, האָט אָבער נאַציאָנאַליטעט און ראַסע, לויט מיין מיינונג, נישט תמיד קיין דעצידירנדיקע ווירקונג אויפן כאַראַקטער פון דעם אמתדיקן געניוש. געניאַלישקייט איז אוניווערסאַל. אָבער נאָכדעם וואָס די דייטשן האָבן אָפּגעטאָן מיט די יידן, קען איך נישט פאַרטראָגן אַפילו קיין געניאַלע דייטשן, אויסער געטען. עס איז פּשוט קעגן אַ יידנס נאַטור און כאַראַקטער צו קענען פאַרליידן די עקזיסטענץ פון דייטשן וואָס זיינען באַגאַנגען אַ סך גרעסערע רציחות אויף די יידן ווי די רציחות פון פאַרשידענע אַנדערע פעלקער וואָס זיינען ביז לעצטנס באַגאַנגען געוואָרן אין דער געשיכטע. עס מוז אויף די גערמאַנישע מאָנסטער־מערדערס סוף כל סוף קומען, אין וועלכן דור עס זאָל נישט זיין, אַ קאָסמישע קאַטאַסטראָפע. אַ הימלישער נאַטור־עלעמענט מוז זיי אַרויסברעכן פון דעם פּלאַנעט, אָדער פּשוטער גערעדט: זיי אָפּשפּאַלטן פון זייער געאָגראַפיע. זאָל זייער ציוויליזאַציע און ראַסע פאַרוואַנדלט ווערן אין עפּעס אַ שטיק פאַרסמטן און געפרוירענעם קאָמעט וואָס טראָגט זיך אַן איינזאַמער אין די קאָסמישע מרחקים אָן אַ ציל און צוועק ווי אַ ריזיקער שיכור, אַ בר־מינן. אָדער אינעם גרוב וואָס עס איז אַמאָל געווען דאָס מערדערישע דייטשלאַנד זאָלן פלוצלינג אָנלויפן ווילדע וואַסערן פון אַלע טיפענישן פון דער ערד און עס זאָל ווערן אַן אָקעאַן אַזוי גרויס ווי דער

אַטלאַנטישער ים אין וועלכן אַלע נאַציס אָן אויסנאַם זאָלן דערטרונקען און איינגעזונקען ווערן מיט זייערע טויטע גופים. פונקט ווי דער בעלגישער פּאָעט עמיל ווערהאַרן, שעם איך זיך נישט מיט מיין שנאה צו די רוצחים...
אויב נישט אַלע דייטשן זיינען געווען מאַסנמערדער, זיינען אָבער די מערסטע פון זיי געווען גלייכגילטיק צום מאָרד איבער די מיליאָנען אידן. זיי האָבן געוואוסט און געשוויגן...
18 יולי, 1982: עס איז מערקווירדיק וואָס דער מין מענטש איז! אין דעם שרעקלעכן צושטאַנד אין וועלכן עמנואל ראָמאַנאָ געפינט זיך: אַלט און קראַנק; פּאַראַליזירט אויףביידע פיס און זיצנדיק אין דעם קראַנקנשטול אַרום אַכצן שעה דורכן טאָג, טראַכט ער, מאָלט ער, לייענט ער אינטערעסאַנטע ביכער און ער וואַגט נאָך צו חלומען וועגן דערגרייכן פּערפעקציע אין זיינע שאַפונגען. ער זאָגט צו מיר היינט:
— שיע, איך באַמי זיך צו מאַכן מיין קונסט שלימותדיק. דו זעסט: צו שאַפן און אויך צו זוכן כדי צו דערגרייכן פולקאָמענקייט זיינען צוויי באַזונדערע ענינים. לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי האָט געזוכט צו געבן שלימות צו זיין באַרימטן פּאָרטרעט פון מאָנאַ ליזאַ. אָבער ער האָט עס נישט דערגרייכט ביזן סוף פון זיין לעבן. נאָך גאַנצע דריי אָדער פיר יאָר אַרבעטן ביים פּאָרטרעט, איז ער ערשט געבליבן נישט פּאַרענדיקט, ווייל דאַ ווינטשי איז געשטאָרבן. דער אידעאַל פון גרויסער קונסט אונדזי רעאַליזירונג פון דער דאָזיקער קונסט אויף אַ פּערפעקטן שטייגער זיינען צוויי פאַרשידענע זאַכן...
איך זאָג: גאָטע האָט דעריבער רעכט געהאַט ווען ער האָט געזאָגט: „פולקאָמענקייט איז געטלעך. די שטרעבונג צו פולקאָמענקייט — איז מענטשלעך"...
21 אָקטאָבער, 1982: עמנואל ראָמאַנאָ האָט מיך היינט דערמאָנט אין זיין פּאָטערס צוויי צייכענונגען פון מיין מוטער. דאָס איז געווען אין דעם יאָר 1940. גליצענשטיין איז געהאַט געקומען איינמאָל אין אַ פּרייטיק נאָכמיטאָג צו אונדז אַהיים כדי מיר איבערצוגעבן מינדלעכע זכרונות פאַר מיין ביאָגראַפישער אַרבעט וועגן אים. אָבער מיר האָבן נישט געהאַט קיין טעלעפאָן אין אונדזער היים, און איך האָב במילא נישט געוואוסט אַז ער קומט. איך בין דעריבער נישט געווען אין דער היים כדי צו וואַרטן אויף אים. מיין מוטער, ווי עס איז געווען איר טבע, האָט אים דווקא שיין אויפגענומען. זי האָט פאַר אים געשטעלט אויפן פיינגעדעקטן טיש מיטן שבתדיקן טישטוך זיסע פיש, פרישע חלה און אַ קאַראַפינקע מיט ווייַן. אָבער טאַקע נאָכדעם ווי ער האָט אַביסל געזעטיקט זיין פיזישן אַפּעטיט, (ער איז שטענדיק געווען הונגעריק ווייל זיין קראַנקע און נערוועזע ווייב האָט אים קיינמאָל נישט צוגעגרייט קיין עסן), האָט דער קינסטלער חשק געקראָגן צו פאַרברענגען מיט יינגערע פרויען. אָבער נישט האָבנדיק קיין אַנדערן אויסוועג, און וועלנדיק אויסוואַרטן ביז איך וועל דערווייל באַווייזן אָנצוקומען פון מאַנהעטן, האָט ער זי דערווייל גענומען צייכענען.

מיין מוטער, זייענדיק אַזאַ פרומע און וויסנדיק וועגן דעם פאַרבאָט ביי ייִדן נישט צו מאַכן קיין מענטשלעכע פּרצופים, וואָס איז לויט דער טראַדיציע ביי אונדז ווי געצנדינערייִ, האָט זיך געפילט אַז זי באַגייט אַ זינד קעגן דעם אויבערשטן זיך לאָזנדיק צייכענען, וואָס איז דאָך קעגן דעם ייִדישן דין. זי האָט זיך דעריבער געפּרוּווט צו דערוויטערן פון דעם קינסטלער. אָבער גליצענשטיין האָט בשום אופן נישט נאָכגעלאָזט. ער האָט זיך געבייזערט, געשריגן און איר געדראָט אַפילו מיטן שטעקן אויב זי וועט זיך נישט אַוועקזעצן אויפן שטול כדי קנעכטיש פאַר אים צו פּאָזירן. די אָרעמע פרוי האָט זיך שטאַרק דערשראָקן פאַרן אויפגערעגטן און ממש באַזעסענעם קינסטלער, און זי איז שוין געזעסן פאַר אים שטומערהייט און ממש ווי אַ געבונדענע און שטאַרק צעקלעמטע אפשר איבער אַ שעה צייט. צום סוף האָט זי ווידער פאַר אים געשטעלט וויין מיט לעקעך. שפּעטער האָט זי אים אויך מהנה אָדער מכבד געווען מיט אַ טעלערל זיסן פלוימענקאָמפּאָט וואָס האָט נאָך וואַרם געשמעקט. ער איז געווען צופרידן און ער איז דערנאָך פון אונדזער שטוב, אַ געשטאַרקטער פונעם געשמאַקן מאָלצייט, נאָך געפאָרן צו גאַסט צו זיין פריינט, דעם העברייאישן שריפטשטעלער און רעדאַקטאָר מנחם ריבאַלאָוו...

ווען איך בין אַהיימגעקומען אין אָוונט, האָט די מאַמע מיר געוויזן די „געצנדינערישע" בילדער, וועלכע זי האָט מורא געהאַט אָנצורירן. איך האָב דערזען ממש צוויי רעמבראַנדטישע מייסטערווערק פון מיין מאַמען. זיי זיינען געווען געצייכנט מיט אַ טונקעלער בלייפעדער און אויך צוגעפאַרבט מיט אַ שטאַרקן צונטער־רויט. אין די צייכענונגען איז געזעסן ממש ווי אַרעסטירט אַן עלטערע און מוראדיק־דערשלאָגענע פרוי, וואָס האָט בשעת איר גאַנץ לעבן און ביטערער אָרעמקייט געדינט צו איר אומפריינדלעכן מאַן, צו אירע הונגעריקע קינדער און אויך צום רבונו של עולם וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום רחמנות אויף די אָרעמע און באַליידיקטע מענטשן, איבערהויפּט אויף די ייִדן וואָס האָבן געהערט צו זיין מישטיינס געזאָגטן אויסדערוויילטן פאָלק — אויסגעוויילט און פאַרשאָלטן צו דער עקדה...

און איצט דערציילט מיר עמנואל אַז די צוויי צייכענונגען מיט נאָך אַ טויזנט פּאָרטרעט־סקיצן פון גליצענשטיין, וואָס ער האָט געצייכנט פון אַלערליי מענטשן אין די גאַסן, פאָרנדיק אין די סאָבוויים; זיצנדיק אין די שטאָטישע פּאַרקן; ביים ברעג פון ים אין קוני איילאַנד; מידע און איינגעשלאָפענע אין די קאַפעטעריעס און־אומעטום וואו ער האָט באַמערקט אַ מענטשלעך פּנים; אַ מאַסקע פון אַן אַקטיאָר; אַ קלאון צי אַ נעגערישע דינסט אָדער זונה שפּאַצירנדיק שפּעט ביינאַכט איבער די גאַסן אויף טיימס סקווער; דער דאָזיקער אוצר מיט קונסט־צייכענונגען געפינט זיך אין אַ געביידע וואָס איז באַשיצט פון פייער. ער אַליין, עמנואל, געפינט זיך אין דער היים פאַר אומהיילבאַרע, ווי דער לייענער ווייסט שוין פון פריער. זיינע ביידע פיס קענען זיך מער נישט באַוועגן. דאָס

פאַרגליוווערטע בלוט שלאָפט אין די אָדערן. ער זיצט, ווי שוין דערציילט, אין דער קעניגלעכער טראָן־שטול דורכן גאַנצן טאָג און טיילמאָל אויך אַ שטיק אין דער נאַכט אַריין, מחמת די שיכורע נעגערישע אָדער פּאָרטאָריקאַנישע קנעכט זיצן ערגעץ־וואו אונטער די טרעפּ, טרינקען וויסקי פון גרויסע פלעשער און שפּילן שיכורערהייט אין קאָרטן. פאַרגעסן זיי אָפּטמאָל צו גיין אַרויסנעמען פון דער שטול דעם פאַרגעסענעם קינסטלער וואָס וואַרט אויף זיי טיילמאָל איינגעשלאָפענערהייט ממש לאַנגע שעהן פון גאָטס שיינער נאַכט מיט זיינע לויטערע שטערן וואָס דאַרפן פאָרשטעלן די מענטשלעכע מזלות...

ביי אַזאַ לאַגע ווי אַזוי קען מען גיין אָפּזוכן די צוויי מייסטערהאַפטע צייכענונגען פון מיין מאַמען, וועלכע איך וואָלט גערן אַריינגענומען אין מיינס אַ בוך? איך בין מאַכטלאָז. נאָך אונדזער פיזישער עקזיסטענץ וועט שוין קיינער נישט וויסן ווער די עלטערע פרוי איז געוועזן ווען זי האָט נאָך געלעבט. מען באַדאַרף נאָר בעטן צו דעם וואָס לעבט אייביק, און וואָס האָט אַ מאָדנע טבע אַלע לעבנס איבערצולעבן, אַפילו פון זיינע געטרייסטע מתפּללים און תהילים־זאָגערס, ער זאָל נישט דערלאָזן צו קיין אַטאָמישע מלחמה כדי נישט נאָר זאָלן לעבן בלייבן די מיליאָנען מענטשן פונעם פּלאַנעט, נייערט אויך דער אוצר מיט די סקיצן און פּאָרטרעטן פון מאַסן מענטשן, זאָלן נישט פאַרברענט ווערן צוזאַמען מיט דער גאַנצער ערד...

21 נאָוועמבער, 1982: איך האָב ערשט גערעדט מיט עמנואל ראָמאַנאָ: באמת, איך פאַרשטיי זייער וויניק וואָס ער רעדט מיט מיר. איך האָב עפּעס אַזאַ מאָדנעם איינדרוק אַז זיין צונג איז צוגעקלעפּט צום גומען. און אַז ביידע זיינען זיי סיי געליימט און סיי צעבראָכן. ער זאָגט מיר אַז ער לייענט אַ בוך וועגן דעם פּאָעט אַרטור רעמבאָ. אָבער איך האָב פון זיין שוואַכן און קינדישן קול קוים געקענט הערן דעם נאָמען פונעם פּאָעט. ענדלעך, ווען איך האָב זיך געכאַפּט אַז ער מיינט טאַקע אַרטור רעמבאָן, האָב איך אים געזאָגט אַז גראָד לייען איך לעצטנס אויך אַ ביאָגראַפיע וועגן דעם פּאָעט. סיי ער און סיי מיין ווינציקייט זיינען מיר ביידע באַגייסטערט פאַרן גרויסן פראַנצויזישן געניוש וואָס האָט, לויט מיין מיינונג, אין זיין פּאָעמע „די שיכורע שיף" אפשר געשריבן די שענסטע פּאָעמעס אין דער וועלט־פּאָעזיע ביי זיינע זעכצן יאָר, און ער האָט זיך מוראַדיק־גיך ווי אַ בליץ געעלטערט און זיך אויסברענט אויף אַש יינגערהייט. ראָמאַנאָ שטעלט העכער רעמבאָ איבער זיין פריינט פּאָל ווערלען. איך זאָג צו ראָמאַנאָן:

— רעמבאָ איז געווען אַ פייערדיקער שטורעם. ווערלען איז געווען אַ באַטרונקענטער, גרייז־גרויער און פריצייטיק אַלט־געוואָרענער מאַן, פּאַקטיש אַ מיד „יינגעל", אָן שום ווילן און כאַראַקטער. רעמבאָ האָט געלעבט פאַנטאַסטישע און אַוואַנטוריסטישע פּאָעזיע. ווערלען האָט אויסגעוויינט זיין לעבן אין זייער קלוגע, באַדאַכטע און מענטשלעכע

לידער.ביידע זיינען זיי געווען מלאכים מיט פֿאַרשידענע און קעגנגעזעצטע כאַראַקטערן. רעמבאָ איז טאַקע געווען אַ פּיזישער גיבור. אָבער ער איז אויך צו־פֿרי אַלט און קראַנק געוואָרן. ער האָט זיך ווי אַ קאָמעט פֿון פֿייער און אייז אַליין געטריבן צו זיין פֿאַרניכטונג. ער איז פֿאַקטיש פֿון זיין געבורט אָן פֿאַרמשפּט געווען צו זיין אַ זעלבסטמערדער...

ראַמאַנאָ, רעדנדיק צו מיר וועגן ירושלים און צפֿת, וואו ער האָט פֿאַרמאָגט אַן אייגענע סטודיאָ, פֿרעגט מיך פּלוצלינג צי איך קען פֿערזענלעך דעם פּאָעט אברהם סוצקעווער. איך ברעך ממש אַרויס מיט אַ סימפּאַניע פֿון לויב וועגן אברהם סוצקעווער און זיין פּאָעזיע. איך וויל אָנהויבן מיט אים צורעדן וועגן סוצקעווערס שאַפֿונגען. אָבער איך פֿאַרשטיי פֿאָרט נישט ראַמאַנאָס „לשון”. זיינע ווערטער, זיינע צעבראָכענע רייד קומען אַרויס ווי פֿון אַ ליימיק־פֿאַרקלעפּטן מויל וועמענס אויסגעטרוקנטע צונג און אַלטע ציין ברעכן זיך ממש און קרישלען זיך ווי מאָך. זיינע ווערטער פֿאַלן אַרויס פֿון זיין מויל, אַזאַ מין איינדרוק קריג איך, ווי צעבראָכענע שטיקלעך אַלט־ליים. ממש טאַקע אינגאַנצן צעמאָלטע און צעהרגעטע. ער רעדט עפּעס וועגן סוצקעווערס טאָכטער לאַראַ. אויך וועגן דעם דיכטערס פּרוי פֿרווּוט ער צו זאָגן עפּעס זייער שיינס. אָבער ער שטעלט זיך אָפּ ווי ער וואָלט אינעווייניק אין זיין מויל מיט גרויס אָנשטרענגונג צונויפֿגענומען די כלים מיט וועלכע ווייטער צו קענען רעדן. אָבער ווי עס זאָל נישט זיין, פֿאַרשטיי איך דערווייל נישט קיין איינציק וואָרט. ער רעדט פֿאַקטיש מיטן צעמישטן לשון פֿון יענע בויערס פֿונעם טורעם פֿון בבל וועמען גאָט האָט פֿאַרשאָלטן און באַשטראָפֿט מיט אפֿשר גאַנצע זיבעציק לשונות. אָבער פֿאָרט פֿיל איך די היץ פֿון זיין נשמה: זי ברענט און בלוטיקט...

נעכטן שפּעט ביינאַכט, דערציילט ער מיר, האָבן די באַדינערס נישט באַוויזן אים אַריינצוואַרפֿן ווי אַ שווער פֿעלדזיקן שטיין אין בעט אַריין. איז ער געלעגן אין דער קראַנקנשטול ביז איינס אַזייגער ביינאַכט און האָט דורך דער גאַנצער צייט געוויינט ווי אַ קליינטשיק קינד. אָבער ווי לאַנג קען אַזאַ אָפּגעשוואַכטער מענטש וויינען? אַפֿילו די דאָזיקע פּריווילעגיע שענקט נישט גאָט צום קינד אָדער זקן. מיר זען דאָך ווי אינמיטן דעם געוויין פֿון אַ קינד אַנטוויקלט עס מסתמא אויף אַן אינסטינקטיוון אופֿן זיין אינערלעכע חכמה מיט וועלכן עס איז געקומען אויף דער וועלט, און עס הערט טאַקע פּלוצלינג אויף צו וויינען און זיין פּיצלדיק פּנימל וואָס איז ווי אַן עפּל די גרויס, צעשיינט זיך ווי די זון נאָכן רעגן...

עמנואל זאָגט צו מיר אויף זיין צעבראָכענעם לשון:

— מיין סאַמע העכסטער גליק וואָלט איצט געווען ווען איך זאָל קענען אַרויסגיין אויף דער וועלט כדי צו זען אַ בוים, צוצופֿאַלן צו אַ פֿריינטלעכן בוים וועמענס רוישן און שאָרשן מיט זיינע לעצטע בלעטער קלינגען אין מיינע אויערן נאָך שענער ווי מוזיק; צו זען אויך אַ קליין

מיידעלע וואָס שפּילט זיך מיטן באַלעם (פּילקע). איך וואָלט וועלן האַלטן אַ נאַסן פּענדזל מיט פאַרבן אין דער האַנט און מאָלן אַ גרין שטיקל לעבן אין פּאַרק, אַ בוקעט מיט באַליידיקטע בלומען וואָס איינע אַ האַרצלאָזע פרוי האָט אַריינגעוואָרפן אין מיסט־קאַסטן. צו זען אַ בוים — מיין גאָט! דאָס שיינט מיר צו זיין דאָס העכסטע גליק אָדער נס וואָס עס קען געשען צו אַ מענטש וואָס האָט נאָך די פּריווילעגיע צו זיין צווישן די לעבעדיקע. איך וואָלט פאַרן דאָזיקן איינציקן און שוין לעצטן מאָמענט באַצאָלט מיט מיינע רעשטע יאָרן, אויב דער וואָס לעבט אייביק האָט זיי פאַר מיר נאָך באַשערט און ער האַלט זיי פאַר מיר גרייט ווי גילדערנע שטאַבעס אין זיין פּריוואַטער באַנק — כדי צו קענען אַדורכלעבן די פרייד און צו שטילן מיין שרעקלעכע בענקשאַפט צו קענען פון דער נאָענט אָנטאַפּן און אָנקוקן אַ צעשטראַלטן, טיף־גרינעם און מיט לעבן אָטעמענדיקן בוים. צו מאָלן זיינע סענסיטיווע צווייגן וואָס וואַקסן איינגעבויגענע צו אַלע פיר זייטן פון דער וועלט לויט זיין אייגענעם פרייען ווילן און קאַפּריז. צו מאָלן זיינע בלעטער וואָס ווערן מיט יעדן טאָג אַלץ בראָנדזענער. אָבער דאָס קען שוין קיינמאָל צו מיר נישט געשען...

ראָמאַנאָ בעט מיך האַרציק צו גריסן אברהם סוצקעווערן און זיין פרוי, מיט זייערעביידע ליבע טעכטער, די פיינע קינסטלערינס. ער האָט אגב, דערציילט ער מיר, געמאָלן אַ פּאָרטרעט פון סוצקעווער און געצייכנט אַ סקיצע פון דעם פּאָעט פאַרן גליצענשטיין־מוזעאום אין צפת...

ווי שוין געזאָגט: איך ווייס ווייניק וואָס גליצענשטיינס זון רעדט. אָבער יעדעס באַזונדערע וואָרט, פיל איך, איז שווער און ווערטיק ווי גאָלד. עס זיינען די לעצטע ווערטער פון אַ טראַגישן קינסטלער. ראָמאַנאָ טראָגט אויף זיך ווי אַ ריזנהויקער אַ גרויסן באַרג וואָס איז אָנגעשטאָפּט מיט קולטור, מיט פּאָעזיע, מיט שפּראַכן, מיט קאָלירן, מיט זכרונות פון דעם אַלטן אייראָפּע, מיט דרייסיק יאָר לעבן צוזאַמען מיט זיינע עלטערן און מיט זיין שוועסטער בעאַטריטשע אין דער וועלט־שטאָט רוים. ער איז אַ נאַציאָנאַל געשטימטער ייִד. ער האָט געלעבט עטלעכע יאָר אין צפת. ער קען אינטים אַ סך ייִדישע קינסטלער און שרייבער פון ישראל. ער פאַרמאָגט אַ גרויסן קינסטלערישן טאַלאַנט. אָבער זיין וועלט־באַרימטער פאָטער הענעך גליצענשטיין איז געקומען פריער אויף דער וועלט. ווי אַזוי וואָלט די וועלט געקוקט אויף רעמבראַנדטס ייִנגען זון טיטוס ווען ער וואָלט געמאָלן? נאָך רעמבראַנדטן דעם פאָטער קען קיין שום זון, ווי גרויס ער זאָל נישט זיין, קריגן וועלט־אַנערקענונג. די סיבות זיינען נאַטירלעכע און זעלבסטפאַרשטענדלעכע. גליצענשטיין דער טאַטע האָט גענומען פאַר זיך דעם גאַנצן וועלט־רום. ווי הויך דער פאָטער האָט אָפּגעשאַצט זיין זונס טאַלאַנט, האָט ער דאָך זיך אַליין נישט געקענט פאַרמינערן אָדער אויסמעקן פון דער געשיכטע פון קונסט אין דער וועלט... ווי ביאַליק איז גליצענשטיין געקומען מיט זיינע נאַציאָנאַל־אוניווערסאַלע שאַפונגען מיט איבער הונדערט יאָר צוריק ווען דר. הערצל האָט פּראָקלאַמירט ארץ

ישראל אַלס די צוקונפטיקע נאַציאָנאַלע היים. ביאַליק און גליצענשטיין זיינען געווען אין דער יידישער געשיכטע די סימבאָלן פון יידישער באַפרייאונג. אין די פעלזן פון דעם אַלטן ארץ ישראל האָבן די נביאים געלאָזט שטיין זייערע טריט מיט פייער אונגלויבן אין אַ יידישער צוקונפט. צו דער ערשטער ציוניסטישער קאָנפערענץ מיט דר, הערצל און מאַקס נאָרדוי בראש האָט גליצענשטיין געבראַכט זיין סטאַטוע „משיח אין קייטן" — אָבער מיט אומגעהויערן געדולד...

דער איינציקער באַזוכער: אַן אָדלער

28 מערץ, 1983: איך האָב היינט אָפּגערופן עמנואל ראָמאַנאָ. ער זאָגט מיר אַז ער האָט אַן אויסשטעלונג פון זיינע מאָלערישע ווערק אין קאָרידאָר פון דער היים פאַר אומהיילבאַרע וואו ער געפינט זיך שוין זינט איניקע יאָר. אָבער קיין נשמה באַווייזט זיך נישט ביי דער אויסשטעלונג. דאָך איז אַנומלט עפּעס געשען אַ נס: אַ גרויסער שוואַרצער אָדלער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אָפענעם פענצטער־ראַם און האָט לאַנג און אָנגעשטרענגטערהייט געקוקט מיט זיינע שאַרפע אויגן אויף די שיינענדיקע בילדער. גראָד האָט ראָמאַנאָ לעצטנס געמאָלן אַ בילד פון אַן אָדלער מיט ריזיקע צעשפּרייטע פליגל וואָס שטייען ווי צוויי שטייפע שווערדן אין דער הויך. דער אָדלער האָט בשום אופן קיין חשק נישט געהאַט אַוועקצופליען פונעם פענצטער. ער איז ווי פאַרכישופט געוואָרן פון דעם פּאָרטרעט פונעם אָדלער וואָס ראָמאַנאָ האָט געמאָלן פון זיינע יוגנט־געדענקענישן אין די גערטנער פון רוים...

ווען ראָמאַנאָ האָט געזען אַז דער אָדלער וויל בשום אופן נישט אַוועקשוועבן פונעם פענצטער און כסדר זיינען זיינע טינט־שוואַרצע שוואַרצאַפּלען קאָנצענטרירט אויפן פּאָרטרעט פון זיך אַליין, האָט ער אָפּגערופן גוטע פריינד און זיי געפרעגט צי זיי ווילן האָבן אַן אָדלער אין זייער היים. אָבער אַלע האָבן זיך אָפּגעזאָגט. ער האָט אויך טעלעפאָנירט צו אַ צער־בעלי־חיים־געזעלשאַפט און זיי געבעטן צו קומען נעמען דעם אָדלער. אָבער אויך זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט. ענדלעך איז דער אָדלער אַוועקגעפלויגן, פריער אָנרירנדיק מיט זיין שטאַרקן פליגל ראָמאַנאָס אַקסל ווי אויסדריקנדיק צו אים זיין דאַנקבאַרקייט און סימפּאַטיע פאַרן מאָלן „זיין" פּאָרטרעט...

איידער ער איז צוריק אַרויסגעפלויגן צום פרייען רוים, האָט ער ווידער אָנגערירט מיט זיין פליגל דעם קאַנוועז מיטן פּאָרטרעט פונעם אָדלער, וואָס איז נאָך געווען פייכט פון די פאַרבן...

ראָמאַנאָ לייענט לעצטנס דעם ראָמאַן „יוסף אין מצרים" פון טאָמאַס מאַן. אָבער אין תנ"ך, זאָגט ער מיר, איז די מעשה שיין, קורץ און פּשוט, בשעת טאָמאַס מאַן איז דער מייסטער פון שווערקייט און לאַנגווייליקייט, כאָטש ער איז פּאָרט אַ ריזנשריפטשטעלער...

ראָמאַנאָ זאָגט מיר אויך אַז ער וואָלט כאָטש אויף איין און איינציקן טאָג געוואָלט פאָרן אין דאָרף אַריין כדי צו קענען מאָלן אַ גרינעם בוים

און אָנצורירן מיט זיינע אַלטע און מידע הענט דאָס גרינע און טוי־פּייכטע גראָז... שוין דריי און אַ האַלב יאָר זינט ער איז געווען אין מאַנהעטן. ער האָט, זאָגט ער, שוין פאַרגעסן ווי אַזוי די וועלט זעט אויס...

— איך בין איצט בלויז אַ שאָטן אין האַדעס! — זאָגט ער צו מיר. — איך האָב נישט מער מיין אייגן פּנים. איך ווייס שוין מער נישט ווי אַזוי איך האָב אויסגעזען. יאָ, איך האָב פאַרגעסן דאָס אויסזען פון מיין אייגן פּנים. אפשר געדענקסטו, שיע, די שטריכן פון מיין אַמאָליקן פּנים ווען דו האָסט מיך אָפט געזען אין סאָניסאַיד בשעת אונדזערע ייִנגערע טעג און יאָרן? איך האָב נישט געדאַרפט פאַרלאָזן ישראל. איך האָב געהאַט אַ הויז אין צפת. האָב איך עס פאַרקויפט פאַר אַ שיבוש כדי צו קומען צוריק קיין ניו־יאָרק. איך האָב זיך בעסער געדאַרפט איבערצושניידן די אָדערן פון מיינע ביידע הענט איידער צוריקצוקומען אַהער, וואו קיין פויגל שמעקט נישט אַריין. און איידער איך בין באַגאַנגען אַזאַ פאַרברעכן, צו פאַרלאָזן מיין היים און די הייליקע שטאָט. יידן זיינען געקומען צו מיר אין סטודיאָ. זיי האָבן געזען מיינע בילדער און מיך געלויבט אויך. דאָ בין איך עלנט ווי אַ שטיין. איך ליג דאָ מיט נאָך דריי געליימטע מענטשן, נישט קיין יידן, אין איין חדר. דריי שאָטנס — אָבער אָן פּנימער. צוזאַמען זיינען מיר גאַנצע פיר שאָטנס — אויך אָן פּנימער. אונדזערע פּנימער זיינען שוואַרץ ווי רויך וואָס שטראָמט פונעם קוימען בשעת אַ שטאַרקן ווינט אין דרויסן. פינצטער ווי גאָטס נאַכט אינמיטן נאַכט, ווען אַפילו די לבנה איז ערגעץ־וואו געשטאָרבן אָדער אויסגערונען...

— עמנואל טייערער, אַלע מענטשלעכע פּנימער זיינען פינצטער ווי די נאַכט אינמיטן נאַכט, און שוואַרץ ווי דער רויך וואָס ציט אין דער הויך פון דעם קוימען; פון די פאַרקאָפּטשעטע קוימענס זיך ציענדיק אין באַגינען צו דער זון אָדער צו דער לבנה ביינאַכט. אונדזערע פּנימער, ווען מיר זיינען נאָך געווען ייִנג, זיינען שוין איצט ביי גאָט אין די הענט. עס איז גאָט וואָס באַהאַלט אונדזערע ייִנגע פּנימער. אויך די פּנימער פון אַלע מענטשן. אַפילו פון די קינדער באַהאַלט ער אין זיין שטיינערנער קאַסע, אָדער אין זיין באַנק פון לעבן...

## די פּטירה פון עמנואל ראָמאַנאָ

דעם זיבעצנטן יאַנואַר, 1985, האָט די „ניו־יאָרק טיימס" געבראַכט די איוב־בשורה אַז דער „מאָלער עמנואל ראָמאַנאָ איז געשטאָרבן אינעם טיפן עלטער פון 87 יאָר, אינעם סט. לוקס שפּיטאָל אין מאַנהעטן. דער איינציקער זון פונעם וועלט־באַרימטן סקולפּטאָר און מאָלער ענריקאָ (הענעך) גליצענשטיין, איז געבוירן געוואָרן אין רוים. אין דעם עלטער פון צוועלף יאָר האָט ער געהאַט זיינע ערשטע אויסשטעלונגען פון צייכענונגען אין מינכען, דייטשלאַנד. ראָמאַנאָס קינסטלערישע ווערק געפינען זיך אין די פערמאַנענטע קאָלעקציעס פון מעטראָפּאָליטאָן מוזעום אין ניו־יאָרק; אויך אין באָסטאָנער מוזעאום פון פיינער קונסט, ווי אויך

אין אויסלענדישע מוזעאומס. ער איז געקומען קיין ניו־יאָרק מיט זיינע עלטערן אין יאָר 1927. ראָמאַנאָ האָט אויך געשאַפן האָלצשניטן, פרעסקאָס און גראַווירן. ער האָט אילוסטרירט מיט האָלצשייכענונגען די פּאָעטישע ווערק פון ט. ס. עליאָטס פּאָעמע „וויסט לאַנד" און סעמועל בעקעטס „וואַרטנדיק אויף גאָדאָ". ראָמאַנאָ האָט אויך געשאַפן אילוסטראַציעס פון תנ"ך און פון יידישן פאָלקלאָר.

עמנואל ראָמאַנאָ האָט אַ צאָל יאָרן געוואוינט אין ישראל. ער האָט געהאַט זיין סטודיאָ אין צפת, שאַפנדיק אינעם מיסטישן גייסט פון די קבליסטן. ער האָט אויך געמאָלן סצענעס פונעם יידישן לעבן אין ישראל. די סאַמע לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער פאַרבראַכט אין אַ ניו־יאָרקער היים־אינסטיטוציע, זייענדיק אין אַ מיזעראַבלען צושטאַנד. נאָך מיט ווינציקע טעג פאַר זיין פּטירה האָבן מיר מיט אים גערעדט טעלעפאָניש. ער האָט פּאַקטיש געשאַפן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. ער איז געווען אַ גרויסער יידישער קינסטלער, ווי אויך אַ פּערזענלעכקייט מיט הויכער קולטור, תמיד באַלויכטן מיטן העלדישן גייסט פון דער יידישער געשיכטע. דאָס לעבן פון אַזאַ קינסטלער ווי עמנואל ראָמאַנאָ שטייט אין צייכן פון אַ שעפערישער עפּאָכע אינעם יידישן לעבן פון אייראָפּע...

## מיטן אַש פון זיינע קינדער

### (די זכרונות פון יעקב צבי לעמל פון אַנטווערפּן)

יעקב צבי לעמל איז געגאַנגען פאַזע דעם אַטלאַנטישן ים־ברעג אין דעם בעלגישן קוראָרט אָסטענדע. די שוואַרצלעך־רויטלעכע כוואַליעס האָבן מיט ווינט און צאָרן אַרויסגעשליידערט פון די טיפענישן פון ים שטיקער צעבראָכענעם מעבל; קאַנאַפּעס, פּאָטעלן, טירן מיט זאַוויאַסעס; שטולן, קרעדענצן מיט זילבערנעם און גילדערנעם געשיר; אויך שענק מיט גאַנצע ביבליאָטעקן; מיט פיינגעבונדענע ראַמשן פון די קלאַסיקער צום לייענען און שטודירן פאַר די רייזנדיקע פּאַסאַזשירן; ווי אויך גלאַט אַזוי פאַרזשאַווערטע און צעבויגענע כלים, טעפּ, קרוגן, פענדלעך און ריינדלעך וואָס האָבן געדינט פאַר באַנקעטן און פייערונגען וואָס מען האָט איינגעאָרדנט אין די אָוונטן פאַר די גליקלעכע סטודענטן און אַלערליי פּראָפעסיאָנאַלן, סוחרים, לערערס און פּראָפעסאָרן וואָס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט בשעת די זומער־חדשים קיין אייראָפּע און אויך צו אַנדערע לענדער. לעמל האָט געטראַכט פון זיינע אָפּגעגאַנגענע טעג און נעכט; זיינע וואָכן, חדשים און יאָרן וואָס זיינען גיך אָוועק ווי אַ ווינט איבערן ים וואָס מישט די כוואַליעס ווי בלעטער פון אַ ריזיקן בוך, אַ ספר, וואָס דערציילט פון דעם לעבן פון פעלקער. ער האָט באַטראַכט אַזאַ פאַרקלערטער דאָס באַשטעק מיט פּלאַטינענע לעפל, גאָפּלען, מעסערס און נאָך אַנדערע אָביעקטן וואָס באַדינען מאַסן מענטשן וואָס האָבן אין משך פון אַ סך יאָרן געוואַנדערט פון ניו־יאָרק, שיקאַגאָ און לאָס־אַנדזשעלעס

קיין לאָנדאָן, פּאַריז, און פון פאַרשידענע שטעט פון אַמעריקע קיין אייראָפּע, צו די ברעגעס פון לע האַוור אין פראַנקרייך, ווי אויך צו די האַפנשטעט אין אַמסטערדאַם, אַנטווערפּן, האַמבורג און ברוגע...

דער גאַנצער אָקעאָן אין אָסטענדע, בלאַנקענבערג, קנאָקע, ספּאַ און אויף די ווייטערע שטרעקעס אַזש ביז האָלאַנד איז נאָך אַלץ באַלעגט געוואָרן מיטן ברוכוואַרג; מיט אַלט און פאַרפוילט געהילץ פון מעבלוואַרג וואָס האָט אַמאָל דעקאָרירט גאַנצע סאַלאָנען מיט פריצישע היימען; מיטן רייכטום פון פּאַלאַצן און פעאָדאַלע אימעניעס פון פאַרצייטישע פּרינצן, פירשטן און אַריסטאָקראַטן. און איצט, נאָכדעם ווי עס איז מתסמא נאָך הונדערטער יאָרן איינגעזונקען געוואָרן און געררוט אין די אָפּגרונטן פון ים, און זיך האָבנדיק געווייקט אין די זומפּן און אילוואַרגן, האָט עס זיך ווידער באַוויזן אויף דער אויבערפלאַך אַדאַנק די ווינטערדיקע שטורעמס, און עס האָט זיך געוויגט מיט די שטראָמען און כוואַליעס ווי אויף גאָטס באַראָט. עס איז געווען אַן אומגעוויינלעך בילד צו קוקן דערויף מיט די אויגן פון אַ פילאָזאָף; צו טראַכטן און זיך צו דערמאָנען מיט די מחשבות פון אַ נאָוועליסט וואָס דער גורל טוט אַלץ אָפּ מיט די מענטשן און ווי אַזוי זי שליידערט זיי אַרום ווי שפּענדלעך אין ווינט...

אָבער צו דער זעלביקער צייט איז אין מערב־זייט די זון רואיק פאַרגאַנגען ווי נישט איר וואָלט מען געמיינט מיטן גאַנצן אינערלעכן שטורעם פון אָקעאַן. דער קליינטשיקער יעקב צבי לעמל מיטן געשטופּלטן פּנים וואָס איז געווען דער קלאַסישער צייכן פון זיינע קינדישע פּאָקן ווען ער איז נאָך געווען אַ קליינטשיק יינגעל, כאָטש איצט איז ער שוין געווען געננוג אַלט און דערפאַרן מיט שטיקער לעבן ווי אַן אמתער זקן פון גאַנצע הונדערט יאָר, האָט געזען ווי פון דער זייט פונעם פּיינגעמאָלטן זון־אונטערגאַנג ווי אַ פּערפעקטע אויל־מאָלעריי פון דעם ענגלישן מייסטער־מאָלער פון ים־לאַנדשאַפטן און פון אָקעאַנישע שטימונגען, טוירנער, איז אַרויפגעשוואומען איבערן ברייטן שטיק בראָנדזענעם ים שוין אַ פאַרהילטע מיט שטיקער צופּאַלנדיקן אָוונט ווי מיט טונקל־בלויען פלוש, אַ ריזיקע שיף וואָס האָט זיך דווקא געטראָגן מיט באַלויכטענע מאַסטן פון דער פאַרגייענדיקער זון, ווי אָנמאַכנדיק לעכער און וואונדן אין דעם צוגעפּאַלענעם אָוונט. פונעם ברייטן דעק פון דער שיף און פון די אָפענע קאַיוטע־פענצטערלעך האָבן זיך געהערט די טענער פון אַן אָרקעסטער וואָס סטודענטן, גליקלעך באַפרייטע בשעת זייערע וואַקאַציעס, האָבן אויסגעשפּילט אויף זייער קלעזמערישע אינסטרומענטן. יוגנטלעכע בחורים און מיידלעך מיט ברייטע היטן ווי פּאַראַסאָלן האָבן געטאַנצט און געזונגען צום טאַקט פון פלייטן, פּייפּיאָלן, פידלען און מאַנדאָלינעס. די יוגענט, אַזאַ אומבאַקאַנטע, פרעמדלעכע און מיסטעריעזע, האָט הייס גערעדט, געשריגן, געשטורעמט און האָט אויסגעדריקט עפּעס אַן אומגעוויינלעכע סימפּאָניע פון פרייד. אָבער פאַר לעמלען האָט איצט אַלץ אויסגעזען צו זיין געמישט מיט מרה־שחורה ווי

עס וואָלט געווען בלויז אַ חלום. און ווירקלעך האָט עס מסתמא געמוזט זיין אַן אויסדאַכטעניש פון זיין צעהיצטן דמיון...

יעקב צבי לעמל האָט זיך דערמאָנט אין אַזאַ אויספלוג מיט יאָרן צוריק צוזאַמען מיט די מענטשן פונעם יידישן קולטור־פאַריין אין אַנטווערפּן. די געדונגענע שיף „מאַזשעסטיק" וואָס איז גאָרנישט געווען אַזוי טיטאַניש אין פאַרנעם כדי צו באַרעכטיקן איר אַריסטאָקראַטישן טיטול, האָט פאַרלאָזן דעם ברעג פון שעלדע־קאַנאַל אין אַנטווערפּן און זיך געלאָזן צו די ברעגעס פון דעם שכנותדיקן לאַנד האָלאַנד, שווימענדיק צום ים־שטעטל פליסינגען. אויפן דעק פון דער דאָזיקער לוקסוס־שיף האָבן אויך פאַרבראַכט זיין יינגע פרוי זינאַ מיט זייערעביידע קינדער, צוויי באַטעמטע מיידלעך וואָס האָבן ממש געגאָסן יעדער רגע פול מיט זון, וויין און סאָק פון דער דאָזיקער זומערדיק־זיסער נסיעה. לעמלס קליינע משפחה האָט זיך באַטייליקט צוזאַמען מיט דער גאַנצער מאַסע מענטשן, מערסטנס יינגע יידן פון „בונד"; עטלעכע רעכטע און לינקע פועלי־ציוניסטן; ווי אויך אַ פּאָר לינקע, צווישן וועלכע עס זיינען געווען פוילישע קוילנגרעבערס פון סעריין און פון די אייזנגיסערייען אין קאָקערילס פאַבריקן אין דער געגנט פון דער גרויסער אינדוסטרי־שטאָט ליעזש, ווי אויך גלאַט אַזוי אַ צאָל אָנגעפּאָרענע אימיגראַנטן פון פוילן, יוגאָסלאַוויע און טשעכאָסלאָוואָקיי וואָס האָבן שטאַרק געגאָסן די לוסטיקע טענץ און געזאַנגען, ווי אויך די פּאָליטישע רעדעס און דיסקוסיעס אויפן דעק פון דער „מאַזשעסטיק"...

בלויז יעקב צבי לעמל האָט מיט אומעטיקע אויגן זיך צוגעקוקט צו דער הילכיקער פרייד פון די יינגע מענטשן, צו די לוסטיקייטן פון די קינדער. ער האָט געהאַט עפּעס אַ זייער שווערן פאָרגעפיל. ער האָט געאַנט בשעת די לעצטע צייטן אַז עס וועט בקרוב אויסברעכן אַ מלחמה. די דייטשע סובמאַרינען טשאַטעווען שוין אין די נאָענטע וואַסערן אויף די אויסלענדישע שיפן. פון די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן אין די יידישע רעסטאָראַציעס אין אַנטווערפּן, אין דער געגנט פונעם דיאַמאַנטן־האַנדל אויף דער פעליקאַנסטראַטע דונערן די גרילציקע שטימעס, פול מיט שנאה צו יידן, פון היטלער און געבעלס. זיי שפייען פון זייערע היפּאָפּאָטאַמישע פּיסקעס מיט צאָרן און בלבולים אויף דער „פיינטלעכער יידישער ראַסע". זיין האַרץ האָט אים פאָרויסגעזאָגט אַז די צייט איז נאָענט ווען די נאַציס וועלן פּלוצלינג אין אַ שיינעם זוניקן פרימאָרגן וואָס וועט זיין אַ פינצטערער טאָג פאַר די יידן און פאַרן גאַנצן לאַנד, אַטאַקירן די בעלגישע ישובים און דערנאָך אויף גאַנץ צענטראַל־אייראָפּע. די יידישע קינדער אויפן דעק פון דער שיף האָבן נישט קיין שום פאַרדאַכט וואָס עס קען חלילה געשען אין געציילטע חדשים אַרום. אָבער עס איז טאַקע עפּעס מוראדיקס פאָרגעקומען. לעמל האָט יאָ פאָרויסגעפילט וואָס עס וועט זיין מיט די דאָזיקע פריילעכע יידן ווי יונה הנביא, מיט טויזנטער יאָרן צוריק, האָט געזען און געפילט טיפער און ווייטער ווי די מאַטראָזן, פישער־לייט

און שיכורים אויף דער שיף וואָס איז געשוואומען אויפֿן ים, וואָס האָט גענומען ווערן פֿינצטער און שטורעמדיק. יונהס האַרץ איז געווען אומרואיק...

בשעת די ערשטע צייטן פֿון זייער אָקופּאַציע האָבן זיך די נאַצישע רוצחים אין די בעלגישע שטעט און דערפֿער מכלומרשט אויפֿגעפֿירט קאָרעקט, וויסנדיק אַז די דייטשע אַרמייען בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, פֿאַרכאַפּנדיק בעלגיע, צעשטערנדיק דאָס לאַנד, טויטנדיק מאַסן אומשולדיקע מענטשן, האָבן זיך דערוואָרבן אַ שטאַרקע שנאה מצד דער פֿלעמישער און וואַלאָנישער באַפֿעלקערונג. אָבער באַלד דערנאָך האָבן זיי אָנגעהויבן צו רודפֿן די יידן. עס איז אָנגעקומען די געשטאַפּאָ וואָס האָט תיכף באַוויזן אירע טיגערישע ציין. אין מאַלין [מעכעלין], אַ מיטלאַלטערלעך שטעטעלע האַלב־וועגס צווישן אַנטווערפּן און בריסל, וואו די פֿלעמישע מאָלערס און אַרטיזאַנען (פֿאָלקס־קינסטלער) האָבן געלאָזן שטיין אַן אימפּאָזאַנטע ירושה פֿון אויל־מאָלערייען און סקולפּטורן פֿון די פֿיגורן פֿון דער עוואַנגעליע און די קאָשטשאָלן (קירכעס) און מוזעאומס; מערסטנס פֿון דער פֿאַרצייטישער גאָטישער און רענעסאַנס־קונסט, ווי אויך פּריצישע פּאַלאַצן און פּרעכטיקע היסטאָרישע געביידעס, האָבן די נאַציס אויפֿגעשטעלט אַ סטאַנציע וואו זיי האָבן געהאַלטן געפֿאַנגען די געכאַפּטע און אויף די גאַסן אַרעסטירטע בעלגישע יידן, וועלכע זיי האָבן אין כסדרדיקע באַן־טראַנספּאָרטן אָפּגעשיקט קיין אוישוויץ כדי אומגעבראַכט צו ווערן אין די דייטשע גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס...

יעקב צבי לעמל האָט איינמאָל, אַהיימקומענדיק פֿון דער גאַס אין בריסל, געטראָפֿן זיין הויז און היים ליידיק: זיין פֿרוי איז פֿאַרהאַלטן געוואָרן אויף אַ טראַמוויי דורך דער געשטאַפּאָ. וואָכנלאַנג האָט ער צו איר געטראָגן מלבושים און שפּייזוואַרג אין לאַגער אַריין, טרייסטנדיק איר אַז זי וועט זיך בקרוב צוריק אַהיימקערן. אָבער, ווי שוין געזאָגט, ער האָט פֿאָרט געאַנט שווערע צייטן: מען האָט געשמועסט אַז די געשטאַפּאָ פֿאַרשיקט אירע יידישע קרבנות קיין פּוילן. זיי ווערן איינגעזעצט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. עס געשעט נישט קיין גוטס מיט זיי. פֿונדעסטוועגן האָט מען געפּרוּווט צו פֿאַרטרייבן די דאָזיקע אומהיימלעכע חשדים...

די סכנה איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען אַ גענוג שרעקלעכע און באַגלויבלעכע. דאָך איז לעמל, דער טאַטע פֿון זיינע ביידע טעכטערלעך, באַגאַנגען אין זיין נאַרישקייט אַ שוידערלעך פֿאַרברעכן קעגן זיך אַליין וואָס ער האָט זיך מער קיינמאָל אין די נאָך איבערגעבליבענע טעג און יאָרן פֿון זיין מיזעראַבלען לעבן נישט געקענט מוחל זיין אָדער פֿאַרגעסן. ער האָט זיך נעמלעך קוים געקענט אַן עצה געבן מיטן באַדינען זיינע ביידע קינדער. ער האָט בשום אופֿן נישט געקענט פֿאַרטראָגן די כסדרדיקע געוויינען פֿון די מיידלעך וואָס זיינען שיער נישט

אויסגעגאַנגען בענקענדיק נאָך זייער מוטער. פון די געזאַלצענע טרערן זײַנען זייערע אויגן געווען תמיד רויט און זייערע שוואַרצאַפּלען זײַנען שיער פֿאַרברענט געוואָרן ווי עס ווערט דערציילט אין תנ״ך וועגן דעם נביאס אויגן, און זײַן געוויין, אָנקוקנדיק די חורבות פון דער פֿאַרברענטער ירושלים. עטלעכע מאָל האָט דער פֿאַרמוטשעטער און פֿאַרצווייפלטער פֿאָטער זיי געדאַרפט זוכן איבער דער גאַנצער שטאָט, אין אַלע געסלעך און איבער אַלע זומפּן און בלאָטעס, וואו זיי פלעגן פֿאַרבלאָנדזשעט ווערן, זוכנדיק בלינדערהייט די שפּורן פון זייער פֿאַרלוירענער מאַמען. זיי האָבן זיך טראָץ דער גרויסער סכנה געכאַפּט צו ווערן אין די גאַסן דורך דער געשטאַפּאָ נישט געוואָלט אויפהאַלטן ביים טאַטן אין דער היים. און איינמאָל אין אַ טאָג אַזאַ, שוין זייענדיק שטאַרק פֿאַרצווייפלט, איז אים איינגעפאַלן אַ מוראדיקער געדאַנק: ער האָט געלאָזט אָנטאָן זײַנע בײדע מיידלעך אין די שענסטע מלבושים און זיידנס. ער האָט זיי אויך באַצירט און באַלאָדנט מיטן איבערגעבליבענעם צירונג פון דער מוטער. און אַזעלכע רייצנדיקע קליינע דאַמעס, האָט ער זיי צוגעפירט מיט אַן אויטאָבוס קיין מעכעלין אין דער פֿאַרשאָלטענער קירכע פונוואַנען די נאַציס האָבן, ווי שוין דערציילט, כסדר טראַנספּאָרטירט מאַסן יידן קיין אוישוויץ. דער נאַאיוועער לעמל איז געווען זיכער אַז ער טוט זיי אַ פֿאָטערלעכע טובה: ער ברענגט זײַנע קינדער צו זייער מוטער כדי זי זאָל כאָטש עטלעכע טעג אויף זיי „אַכטונג געבן״...

יאָ, אין אַ קאָסמאָס פון נאַציש־דייטשן יידנמאָרד, פון וועלכן גאָט דער מכלומרשט־יידישער איז אַנטלאָפן, איז איינער אַ ייד מיטן נאָמען יעקב צבי לעמל געגאַנגען ברענגען זײַנע בײדע קינדער צום מזבח ווי אברהם אבינו האָט געוואַגט אויסצופירן גאָטס באַפעל און פירן אין באַגינען זײַן זון יצחק צום באַרג מוריה, כדי אים צו בינדן און רואיק אַוועקצולייגן אויפן מזבח...

איך חזר איבער: דער צעמישטער און פֿאַרצווייפלטער לעמל, וואָס איז געווען דער איינציקער זון פון אַ שוחט אין זײַן שטעטל, האָט נישט געוואוסט אָדער ער האָט אַפילו גאָרנישט חושד געווען אַז ער אַליין, דער טאַטע, טראָגט זײַנע בײדע טעכטערלעך צום בלוטדורשטיקן מולך, וואָס וועט זיי איינשלינגען לעבעדיקערהייט אין זײַן קופּערנעם מאָגן. מיט בלויז איין טאָג שפּעטער האָבן די אכזריותדיקע געשטאַפּאָ טראַנספּאָרטירט די באַן פון מעכעלין, וועמענס וואַגאָנען זײַנען געווען אָנגעשטאָפּט מיט געכאַפּטע יידן, אַלע פֿאַרמשפּטע צום אומקום דורך גאַז און צום פֿאַרברענט ווערן אין דער אוישוויץ־קרעמאַטאָריע. און צווישן דעם דאָזיקן טראַנספּאָרט מיט יידן איז אויך געווען יעקב צבי לעמלס ווייב זינאַ, אַזאַ ווילד־ספּאַזמירנדיקע, דריקנדיק צו איר צעווייטיקטן האַרץ אירע בײדע קינדער...

מער האָט זיך, פֿאַרשטייט זיך, לעמל אין די נאָך איבערגעבליבענע טעג, חדשים און יאָרן פון זײַן לעבן, נישט געקענט מוחל זײַן דאָס

פאַרברעכן וואָס ער איז אַליין, מיט זיינע אייגענע הענט, באַגאַנגען קעגן זיך, קעגן זיין געליבטער פרוי און קעגן זייערע קינדער... אין אַ דינעם יידישן ביכל, באַשרייבנדיק זיינע איבערלעבענישן אין בעלגיע בשעת דער נאַצישער אָקופּאַציע, האָט ער ערב זיין פּטירה אַליין באַשריבן דאָס אומגליק. ער איז נאָכדעם ווי ער האָט „דאָס" אָפּגעטאָן, שטיין געבליבן אין דער וועלט אַלס דער סאַמע עלנטסטער ייד אין גאָרן אוניווערס מיט אַזאַ פינצטערן געוויסן. זיין קאָפּ איז שוין געווען פאַרשאָטן מיטן אַש ביז צו זיינע לעצטע טעג — מיטן אַש פון זיין געליבטער פאַמיליע...

יעקב צבי לעמל האָט יאָרנלאַנג געשריבן דערציילונגען און סקיצן. וואַנדערנדיק איבער די פלעמישע דערפער, האָט ער זיך צוגעקוקט צום לעבן פון די אָרעמע פויערים. עס האָט אין אים ביינאַכט, אַהיימקומענדיק פון די „שטויביקע וועגן", ווי עס גייט דער זאָג, געווירן אַ בענקשאַפט צו דערציילן די געשיכטע פון זיין לעבן. ער איז שוין נישט געווען מער קיין יונגערמאַן. ער האָט פאַרטאַכלעוועט זיין לעבן אין נאַרישקייטן, זוכנדיק חיונה און ווענלדיק העלפן זיין אָרעמע מוטער און אירע קינדער וואָס זיינען איבערגעבליבן יתומים נאָך זייער יינג־פאַרשטאָרבענעם פאָטער, האָט ער זיך דערמאָנט די מעשיות און די לעגענדעס וועגן די זיידעס און באָבעס וואָס זיינען אויך געווען אַזעלכע וואַנדערער און דאָרפסגייער איבער די פּוילישע דערפער ווי ער, לעמל, אין פלאַנדערן. ער האָט זיינע מאַנוסקריפּטן נישט איבערגעשריבן. ער האָט אין זיין נאַאיוויטעט געהאַלטן אַז די דערציילונגען האַלטן אויס די אַכצן קאַראַטיקע גאָלד־פּראָבע; אַז כמעט איבער נאַכט איז ער געוואָרן אַ פאַרטיקער מייסטער אין דער קונסט פון שרייבן פּראָזע, כאָטש אין דער אמתן זיינען זיינע שריפטן געווען רויע און פרימיטיוו אָנגעשריבן. מיר געבנדיק איינמאָל אַזאַ מאַנוסקריפּט איבערצולייענען, האָב איך תיכף דערזען אַז ער פאַרמאָגט נישט קיין שום שולונג פון שרייבעריי. ער האָט דערנאָך געפרעגט מיין מבינות און איך האָב אים געזאָגט אַז ער באַדאַרף נאָך אַ סך צו אַרבעטן כדי זיינע שרייבערייען זאָלן ווערן צו קינסטלערישע שאַפונגען, אויב ער האָט טאַקע אַ טראָפּן אָדער מער ווי אַ טראָפּן טאַלאַנט. ער האָט מיין ערנסטע מיינונג נישט פריינדלעך אָנגענומען. איך האָב אים געפּרוווט צו טרייסטן מיטן זאָג וואָס אַפילו אַזאַ ריז ווי דער דייטשער קלאַסיקער געטע וואָס איז אין זיין צייט, בשעת דעם אַכצנטן יאָרהונדערט, געווען וועלט־באַרימט און אָנגענומען ווי אַ דענקער, אַ וויסנשאַפטסמאַן, אַ טעאַטראָלאָג, אַ מיניסטער, אַ דראַמאַטורג, אַ פּאָעט און דער שעפער פונעם מייסטערווערק „פאַאוסט", האָט פונדעסטוועגן זיך דערלויבט צו זאָגן: „פולקאָמענקייט איז געטלעך. בלויז די שטרעבונג צו פולקאָמענקייט (שלימות) איז מענטשלעך". לעמל האָט אויף מיינע אַרגומענטן וועגן דעם אַז דאָס שרייבן איז אַ הויכע קונסט, אויב נישט די סאַמע העכסטע, מחמת דער שרייבער באַדאַרף צו אָפּערירן מיטן מין מענטש וואָס איז אַן אויסערגעוויינלעך באַשעפעניש, פול מיט רעטענישן, פּסיכאָלאָגישע

קאָמפּליקאַציעס, וואָס קען ליב האָבן שטאַרק און פּונקט אַזוי שטאַרק פיינט האָבן ביזן וועלן יענעם פּשוט אומברענגען; אַז צו באַוועגן מיט מענטשלעכע געשטאַלטן און כאַראַקטערן אויף אַ בינע פון טעאַטער איז זייער אַ שווערער ענין, און בלויז אַזאַ דראַמאַטורג ווי שעקספּיר האָט זיך קוים געקענט אַן עצה געבן מיטן שילדערן די קייסאָרים און ריטער, די מאַנצלייט און פרויען, די גזלנים און די פּאַרלירער אין שלאַכטן, אין דועלן, אין געמבל און אין ראָמאַנס, אין ליבע און אין טאַדל; אין אויסשפּילן פאַלשע געפילן און אין מאַכן פאַלש געלט; אין אימיטירן דעם צדיק און אויף אַ געלונגענעם אופן צו פאַרמאַסקירן אין זיך מיט כלערליי אייזערנע מאַסקעס דעם רשע, און אויך פאַרצושטעלן דעם גאַלאַנטן מענטש...

אָבער לעמל האָט נישט געהערט און נישט קיין חשק געהאַט צו גלויבן אין דעם וואָס איך האָב אים געזאָגט. ער האָט מיר איינמאָל אין אַן אָוונט אין רעסטאָראַציע וואו מיר האָבן זיך געטראָפן, געמאָלדן אַז ער האָט געבראַכט צו י. ב. ציפּור אַ פּעקל מיט מאַנוסקריפּטן און וועט וואַרטן אויף זיין מיינונג און משפּט וועגן זיין שרייבעריי...

דר. י. ב. ציפּור האָט געוואוינט אין מאַנסאַרדעס (דאַך־שטיבלעך) אין בריסל ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה ווען די נאַציס האָבן פּלוצלינג אַריינגעמאַרשירט קיין בעלגיע. ער האָט אָנגעפירט מיט אַ גרופּע אַמאַטאָרן וואָס האָבן געדאַרפט אויפפירן זיין דראַמאַטיש ווערק „דער אויפשטאַנד" וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויף אַ היסטאָרישער קאַנווע וועגן דעם לעבן פון די יידן אין פוילן. ער האָט טאָג און נאַכט שווער געהאָרעוועט. זיינע שילער אין דער יידישער שול, ווי אויך די אַמאַטאָרן פון טעאַטער מיט וועלכע ער האָט רעפּעטירט זיין פּיעסע, האָבן אים תמיד געזען אַן איינגעהילטן אין רויך פון זיינע ציגאַרעטן. ער איז געווען אַן איינזאַמער מאַן, אַ געגטער אָדער בלויז אַ געשיידטער פון זיין פרוי וואָס איז געווען די טאָכטער פון דעם וואָלאָצלאַווקער רב, הרב זלאָטניק. געקומען קיין אַנטווערפּן און שפּעטער קיין בריסל איז דר. י. ב. ציפּור פון דער שטאָט פּאַריז. ער איז געווען אַ הויך געלערנטער מאַן, סיי אין אייראָפּייאישער קולטור און ליטעראַטור און סיי אין תורה און חכמה. זיין פּנים האָט לויט זיינע נערוועזע שטריכן און זיין כמעט שטענדיקער אומהיימלעכקייט און מעלאַנכאָליע אויסגעדריקט אַן אומהיילבאַרן בייראָניסטישן אומעט, אַ מין געשפּאָלטענע פּערזענלעכקייט. מען האָט אים אויך נישט געזען פאַרברענגען אין דער געזעלשאַפט פון פרויען. די פּאָר דעמאָלטיקע יידישע שרייבער אין בריסל ווי אויך אין אַנטווערפּן האָבן ווייט נישט פאַרמאָגט דר. ציפּורס קולטור־ניוואָ און אויך נישט זיין שריפטשטעלערישן טאַלאַנט...

פון דר. ציפּורס נעגאַטיווער מיינונג וועגן זיינע אַזוי־גערופענע דערציילונגען און סקיצן איז לעמל נישט דווקא געווען צופרידן. פאַר קיין גראַפאָמאַן, אַ שווער־איינגעבילדעטן אין זיך און אין זיינע ליטעראַרישע פּראָדוקציעס זיינען נישט פאַראַן קיין גענוגנדיקע אויטאָריטעטן וואָס זאָלן אימשטאַנד זיין אָפּצושוואַכן זיין גלויבן, זיין איינבילדונג בנוגע זיין

„טאַלאַנט״. דר. י. ב. ציפור, זישע באגיש און נאָך עלטערע לאָקאַלע בריסעלער שרייבער זיינען ליידער אומגעקומען אין דעם מוראדיקן חורבן. צוזאַמען מיט דר. ציפור זיינען אויך געגאַנגען צום אומקום דורך די נאַציס אַ סך פון זיינע פריינט, זיינע תלמידים אין דער יידישער שול, ווי אויך זיינע טעאַטער־סטודיאַנטן... דער שוואַרצער רויך וואָס האָט זיך געצויגן צו גאָט אָדער צו די יידישע מלאכים אין הימל, האָט אויסגעלייזט דר. ציפורס שוואַרצע, פאַרקאָפּטשעטע לונגען פון זיין אייגענעם שטיקנדיקן ציגאַרעטן־רויך וואָס האָט אים נישט פאַרלאָזן בייטאָג און ביינאַכט...

בשעת עס איז געוואָרן אין בעלגיע קריטיש די פּאָליטישע לאַגע אונטער די נאַציס, איבערהויפּט פאַר די איינגעוואַנדערטע יידן וואָס האָבן זיך פריער שיין אויסגעלעבט אין די בעלגישע שטעט ביזן אָנקום פון די דייטשע הונען, האָבן זיך אַ סך יידן געראַטעוועט קיין ענגלאַנד אויף שיפן; אויך קיין פראַנקרייך און אין די שווייץ. האָט לעמל, נאָך אַלץ גלויבנדיק אַז ער איז אַ גרויסער שריפטשטעלער, איבערגעגעבן די מאַנוסקריפּטן פון זיין אומרייפער פעדער אין די הענט פון אַ באַקאַנטן גלח וואָס האָט זיכער נישט געוואוסט אַז ער באַהאַלט אויס פון פאַרניכטונג גאָר אַ צווייפלהאַפטן ליטעראַרישן אוצר. אָבער ער האָט געהערט, ווייזט אויס, צו דעם קליינעם קרייז פון ערלעכע קריסטלעכע חסידי אומות העולם, גלויבנדיק אַז ער ראַטעוועט לעמלס באַדייטנדיקע כתבים פון פאַרניכטונג. נאָך דער מלחמה האָט דער גלח אומגעקערט די מאַנוסקריפּטן צו לעמלען. לעמל האָט זיך בלויז געזאָרגט אַז דער שטילער און איידעלער גלח וועט זיך פאַראייגענען זיינע ווערק בשעת ער, דער אמתער מחבר, וועט מסתמא אומקומען אין דעם נאַצישן גהינום, און דער גלח וועט אַדאַנק זיינע געגנבעטע ווערק ווערן אַ באַרימטער שרייבער... אָבער, ווי געזאָגט, דער גלח איז געווען אַן אמתער אוהב ישראל און ער האָט אים אומגעקערט די כתבים, באַפעלנדיק זיין געטרייע דינסט צו שטעלן אַ פלאַש מיט בראָנפן און אַ טאַץ מיט לעקעך לכבוד דעם יידישן מחבר וואָס האָט באַוויזן דאָס איבערמענטשלעכע נס צו בלייבן לעבן נאָכן מוראדיקן חורבן פון די יידן אין זייער געשיכטע...

מיט איין מאַנוסקריפּט האָט זיך לעמל באַזונדערס שטאַרק געפרייט. ער האָט אים מיר געגעבן צום לייענען. דאָס דאָזיקע שרייבעריי זיינס איז געווען פונקט אַזוי אומבאַהאָלפן ווי די אַנדערע זאַכן זיינע. דאָך האָט די דערציילונג פון אויטאָביאָגראַפישן כאַראַקטער אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק...

אין איר האָט לעמל דערציילט וועגן זיין פאָטער וואָס איז געשטאָרבן אין אַ פאַרהעלטענישפולן יינגן עלטער. און זיין פטירה איז געקומען דורך אַ שרעקלעכער איבערלעבעניש: זיין פאָטער איז געווען אַ שוחט אין שטעטל וואו לעמל איז געבוירן געוואָרן. עס איז געווען אַ פינצטערע און ווינטערדיקע נאַכט בשעת דער פאָטער איז פאַרבייגעגאַנגען אַ זייטיקע

גאַס וואו קיין מענטשן גייען געוויינלעך נישט מחמת עס איז דאָרט געשטאַנען די חורבה פון אַן אַלטן שעכט־הויז וואָס איז געווען איינגעהילט אין שנייי פון אויבן אויפן דאַך ביז אַרונטער די טרעפּ און די שוועלן. פּלוצלינג, אַזוי גייענדיק אַזאַ פאַרטראַכטער אין דער הוילער פינצטערניש האָט ר׳ זלמן לעמל, זיין פאָטער, דערהערט פון אינעווייניק פונעם שעכטהויז אַ געיאָמערײי ווי פון קליינע קינדער. דאָס האָט דעם אומגליקלעכן שוחט אַריינגעוואָרפן אין אַ ווילדן פּחד. זיין נשמה האָט אויפגעציטערט. עס וואָלט געווען נישט אויפריכטיקע שפּעקולאַציע צו גיין באַשאַפן אַלערליי טעאָריעס וועגן ר׳ זלמן לעמלס פּחד: צי איז עס געווען אַן עכאָ, אַ מין חרטה־געפיל, אַן אויסגעשריי פון די אָרעמע עופות קעגן דעם שוחט וואָס האָט פאַרענדיקט די לעבנס פון די אומשולדיקע באַשעפענישן מיט זיין שאַרפן חלף וועלכן ער האָט אַ סך מאָל אויסגעפּרוווט מיט זיין נאָגל. ווער קען בכלל באַשטימען דעם כאַראַקטער פון דעם ביינאַכטישן געוויין און געקלאָג פון אפשר טויזנטער הינער, הענער און יינגע קעלבלעך; פון די קי, קאָזעס און שעפּסן, וועמענס אָרעמע העלדזער ר׳ זלמן האָט איינגעשניטן און זיי האָבן זיך דערנאָך געוואָרפן אויף דער ערד אין זייער אייגענעם שטראָמענדיקן בלוט און זיך געראַנגלט און געוואָרגן מיט זייער אימהדיקן טויט...

ר׳ זלמן האָט אין יענער שניי־ווייסער און אימהדיקער נאַכט אין זיין לעבן מסתמא דערזען די גאַנצע ריזיקע מחנה פון גאָטס באַשעפענישן וועלכע ער האָט צום טויט געבראַכט. ער האָט זיך קוים ערשלעפּט צו דער שוועל פון זיין היים און ער איז שווער אַוועקגעפאַלן אין חלשות. ער האָט געקראָגן האַרצווייטיקן און ער איז אַזוי אָפּגעלעגן דורך דער גאַנצער נאַכט אין האַלב־חלשות און קאָשמאַרן. אין דער פרי, ווען די מוטער איז אַרויסגעגאַנגען מיטן שקאָפעק כדי אויסצומעלקן די קו אין שטאַל, האָט זי געפונען איר מאַן אין אַ שווערן צושטאַנד. ער איז טאַקע מיט עטלעכע שעה שפּעטער אויסגעגאַנגען. לעמל איז שוין קליינערהייט געבליבן אַ יתום...

נאָכדעם ווי דער צוג איז אָפּגעפאָרן פון מעכעלין קיין אוישוויץ און זיינע טייערסטע זיינען דאָרט אומגעקומען, האָט לעמל זיך אויפגעהאַלטן ביי זיינע באַקאַנטע פלעמער אין די בעלגישע דערפער. ער האָט גוט געקענט די דאָזיקע פלעמער מחמת זיין פּראָפעסיע איז געווען אַזאַ וואָס האָט אים פּסיכאָלאָגיש דערנענטערט צו דער באַפעלקערונג. ער האָט אין משך פון לאַנגע יאָרן אָנגעקלאַפּט אין די טירן און פענצטער פון די דאָרפישע הייזער, זיך פאָרשטעלנדיק אַלס אַ סאָרט קונסט־פאָטאָגראַפיסט וואָס רעפּראָדוצירט, פאַרגרעסערט און לעבט ממש אויף די פאַרשטאָרבענע משפּחה־מיטגלידער פון די דאָרפישע איינוואוינער אויף די בילדער. אין די מערסטע הייזער האָבן זיך פאַרוואַלגערט אַלטע פאָטאָגראַפיעס, צעקנייטשטע בילדלעך מיט אָפּגעמעקטע פנימער פון טויטע קרובים. טיילמאָל פלעגן די פויערים אים פירן אויף די

צמענטאַזשעס וואו זייערע אייגענע האָבן געפוילט אין די קברים. אָבער אויף די שטיינערנע מצבות און דענקמעלער זיינען געהאָנגען בילדער פון יינגע און עלטערע מענטשן וואָס דאָס גלאָז אָדער צעלולאָיד־פּאַפּיר האָט באַשיצט פון די רעגנס, שנייען, האָגלען און נעפּלען וואָס אַלערליי צייטן און וועטערן האָבן געבראַכט. די קרובים האָבן דערלויבט לעמלען אַראָפּצונעמען די דאָזיקע בילדער און נאָך אַ צייט האָט לעמל צוריקגעבראַכט די אָריגינאַלן צוזאַמען מיט פאַרגרעסערטע פאָטאָגראַפיעס. די טויטע קרובים וואָס זיינען שוין נישט געווען צום דערקענען, זיינען „אַהיימגעקומען" ממש יינג־געוואָרענע און „לעבעדיקע". מען האָט זיי איינגערעמט ווי אויל־מאָלערייען און זיי זיינען ליב געוואָרן ווי מיטגלידער פון דער היימישער משפּחה...

און איצט, ווען ער איז געווען עלנט און איינזאַם, אַ פאַרפאָלגטער ייד וואָס האָט אַליין, מיט זיינע אייגענע פאַרשאָלטענע הענט געפירט זיינע קינדער צום נאַציש הענקער, פלעגט ער ליגן אויף די ביידעמער פון די דאָרפישע הייזער. די פלעמישע פויערים, זייענדיק זיכער אַז ער איז דער סאַמע לעצטער איבערגעבליבענער ייד אין פלאַנדערן פון די מאַסן יידן וואָס האָבן פריער באַוואוינט דאָס לאַנד, האָבן צו אים אַרויפגעטראָגן טעפּלעך מיט אָפּגעקאָכטע עסנוואַרגן; מיט קאַווע, טיי, וויין און אַנדערע געטראַנקען. אָבער זיי האָבן אים נישט געקענט פריילעך מאַכן. זיי זיינען נישט געווען אימשטאַנד צו הויבן זיין געמיט. ער איז געווען נערוועז און קריגעריש געשטימט. אָנשטאָט צו זיין דאַנקבאַר צו די פויערים פאַרן איינשטעלן זייערע לעבנס צוליבן באַהאַלטן אין זייערע הייזער אַ ייד, וואָס די דייטשן האָבן פאַר אַזאַ פאַרברעכן באַשטראָפט מיטן טויט פון דער גאַנצער משפּחה, האָט זיי לעמל באַשולדיקט אַז זיי גנבענען אַראָפּ אַ העלפט אין דער וואָג פון דעם פערטל פונט פּוטער וואָס ער האָט ביי זיי באַשטעלט. ער האָט זיך באַקלאָגט אויף דער שלעכטער קוואַליטעט פון די שפּייזן. ער האָט בשום אופן נישט אָפּגעשאַצט די גוטסקייט, די טובות און די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די פלעמער לגבי אים, אַ ייד וואָס איז געווען אויסער דעם געזעץ פון לאַנד און וואָס טראָגט אין זיך מיט זיין לעבן דעם טויט פאַר זיינע באַשיצער. דאָס גאַנצע ביכל מיט זכרונות וואָס ער האָט געשריבן און געלאָזט אָפּדרוקן נאָך דער מלחמה, איז אַ פאַלשער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן יענע פלעמער וואָס האָבן דווקא אַרויסגעוויזן פריינטשאַפט און זאָרג פאַר אַ יידנס גורל. הלוואַי וואָלטן די פּאָלאַקן געהאַנדלט אַזוי ווי די דאָזיקע פלעמער אין באַציונג צו די יידן, וואָלטן אַ סך מער יידן געבליבן לעבן אין דעם פיינטלעכן פּוילן...

כדי צו פאַרטרייבן די „פרייע צייט" וואָס האָט געמיינט עקסטרעמע איינזאַמקייט, זאָרג און מאָנאָטאָניע, הערנדיק אינסטינקטיוו בשעת זיינע שלאָפלאָזע נעכט די לעצטע געשרייען פון די פאַרמשפּטע יידן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן; אין די נאַסע, שנייִקע און ווינטיקע וועלדער, וואו יידן זיינען געיאָגט געוואָרן ווי די משוגענע הינט און הונגעריקע

וועלט, און ווען לעמלס איינציקע לעבעדיקע „געזעלשאַפט” אויף די ביידעמער און אין די קעלערן וואָסער האָט געטווישט אַלע מאָנטיקס און דאָנערשטיקס, אויס מורא אַז די נאַציס זאָלן נישט אויסגעפינען זיין באַהעלטעניש און אויך צוליב זיין אייגענעם ווילן צו טווישן די באַהעלטענישן און צו געפינען אַ בעסערע הייל און „היים” פאַר זיין מידן נפש, — זיינען געוועזן ראַצן און מייז וואָס האָבן, ווי ער אַליין, געוואַנדערט פון הויז צו הויז. כדי די נאַציס זאָלן אים אין איינעם אַ טאָג אָדער אין אַ מיטנגאַכט נישט געפינען ערגעץ־וואו אין אַ שטאַל, אין אַ סטאָדאָלע פול מיט היי אָדער אויף אַ בוידעם, האָט ער זיך געפרווווט צו פאַרגעסן, לייענענדיק די פלעמישע ליטעראַטור. אין זיין בוך מיט זכרונות פון דער דאָזיקער שרעקלעכער צייט באַשרייבט ער געגנוי דעם אינהאַלט פון די ביכער וואָס ער האָט געלייענט אין משך פון עטלעכע יאָר צייט.

קיין ראַפינירטער ליטעראַטור־קענער איז יעקב צבי לעמל נישט געווען. זיינע באַשרייבונגען וועגן דער פלעמישער ליטעראַטור זיינען נאַאיווע. ער גיט בלויז איבער דעם אינהאַלט פון די ראָמאַנען, דערציילונגען און סקיצן פון די אָפטמאָל אומבאַהאָלפענע שרייבער וואָס די פויערישע באַפעלקערונג האָט געלייענט און אָפגעשאַצט, לויטן גראַד פון זייער קולטור־ניוואָ. די פלעמישע ליטעראַטור האָט וואָס אַן אמת אַרויסגעגעבן עטלעכע באַדייטנדיקע טאַלאַנטן אויפן געביט פון פּראָזע, געשיכטע און דראַמע. אָבער אַ צאָל פון די דאָזיקע שעפער האָבן געשריבן אויף פראַנצויזיש ווי דער וועלט־באַרימטער דראַמאַטורג, עסייאיסט, פּראָזע־מייסטער און מיסטיקער מאוריץ מעטערלינק, וועמענס דראַמאַטישע ווערק ווערן נאָך איצט, כאָטש זעלטן, געשפּילט אויף דער אייראָפּייאישער טעאַטער און אָפּערע־בינע. באַרימט איז זיין דראַמאַטיש ווערק „פעלעאַס און מעליזאַנדע” וואָס איז אַ קלאַסיק, און אויב איך מאַך נישט קיין טעות, איז עס אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָפּעראַ. שטאַרק פּאָפּולער איז זיין אויסגעצייכנט בוך וועגן דעם לעבן פון די בינען. זיינע עסייען וועגן ליטעראַטור, פילאָזאָפיע און עסטעטיק ווערן נאָך איצט געלייענט און געלערנט אין די אייראָפּייאישע אוניווערזיטעטן. אויך דאַ קאָסטאַס פאָלקלאָריסטיש ווערק פון די מעשהלעך וועגן דעם לעגענדאַרן העלד טיילאוילנשפּיגל איז געשריבן געוואָרן דורך אַ פלעמער, אָבער אין דעם פראַנצויזישן לשון. זיין הויפּט־העלד טיילאוילנשפּיגל געהערט צו דער אַלט־גערמאַנישער פאָלקלאָריסטישער זאַגע. דאַ קאָסטאַ האָט צום דאָזיקן כאַראַקטער געשאָנקען אַ קינסטלערישע באַהאַנדלונג און עס איז שטאַרק פּאָפּולער אין דער נידערלענדישער ליטעראַטור...

פלאַנדערן (דאָס פלעמישע בעלגיע) האָט אַרויסגעגעבן דזשאָרזש ראָדענבאַך, דעם באַרימטן לירישן פּאָעט וואָס האָט געוואוינט אין דער אַנטיקוואַרער בעלגישער שטאָט ברוגע, וואָס ווערט אָנגערופן דאָס פלעמישע ווענעציע צוליב אירע קאַנאַלן. ברוגע איז אין די צייטן פונעם

מיטלאַלטער געווען אַ שטאַרק־אַקטיווער פּאָרט אין אייראָפּע. דער גרויסער דייטשער פּאָעט און היסטאָריקער פרידריך שיללער האָט געשריבן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דער ראָלע פון ברוגע אינעם מיטלאַלטער אַלס האַפנשטאָט. ברוגע איז געבליבן שטיין ביזן היינטיקן טאָג אין איר טויטער שטילקייט, מיט אירע פּאַרצייטישע קאָשטשאָלן, מוזעאומס און קונסט־קאָלעקציעס. דזשאָרזש ראָדענבאַך, דער אויבנדערמאָנטער ברוגער פּאָעט וואָס איז אַגב יינגערהייט געשטאָרבן, האָט געשאַפן אַ מייסטערווערק וועגן ברוגע וואָס איז באַקאַנט מיטן נאָמען „די טויטע שטאָט". מיט עטלעכע הונדערט יאָר צוריק האָט געלעבט אין האָלאַנד אַ באַוואוסטער דראַמאַטורג הערמאַן פאָנדל, וואָס ווערט אָנגערופן „דער פלעמישער שעקספּיר". ער האָט זיינע ווערק געשריבן אין נידערלענדיש (פלעמיש). אין מיינע אייגענע צייטן, ווען איך האָב געוואוינט אין בעלגיע, איז געווען פּאָפּולער דער דראַמאַטורג הערמאַן הייערמאַנס, פון יידישער אָפּשטאַמונג. לאָדע זילענס האָט געשריבן אַ ראָמאַן „שלעכט בלוט". די נאַציס האָבן אים דערשאָסן בשעת דער אָקופּאַציע פון לאַנד. אָבער דאָס פאָלק האָט אין אַנטווערפּן אויפגעשטעלט אַ דענקמאָל לזכרון דעם פלעמישן נאָוועליסט. עס איז אויך געווען פּאָפּולער אין מיין צייט די פּאָעטעסע און באַרימטע סאָציאַליסטישע פּערזענלעכקייט הענריעטאַ ראָלאַנד האָלסט. איך פלעג, וואוינענדיק אין אַנטווערפּן אַרום צען יאָר, און באַזוכנדיק פאַרזאַמלונגען וואו עס פלעגט אויפטרעטן דער מנהיג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין בעלגיע, וואַן דע ועלדע, אָפטמאָל הערן מאַדאַם הענריעטאַ ראָלאַנד האָלסט פּאָרלייענען אירע לידער און אויך האַלטן עפנטלעכע רעפעראַטן. אויב איך מאַך נישט קיין טעות, איז זי געווען פון יידישער אָפּשטאַמונג...

קאַמיל הויזמאַנס, דער וועלט־באַרימטער סאָציאַליסטישער מנהיג און בירגערמייסטער פון אַנטווערפּן, איז געווען שטאַרק באַליבט ביים פלעמישן פאָלק. דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב אים געזען, איז געווען ביי דער לוויה אין אַנטווערפּן פון אַ באַדייטנדיקער פּערזענלעכקייט. ער האָט אויף איינעם פון זיינע שמאָלע און הויכע אַקסלען געהאָלפן טראָגן דעם ארון פון אַ וויכטיקן פאַרשטאָרבענעם עסקן. קאַמיל הויזמאַנס סעקרעטאַר איז געווען נאָך ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה דער יינגער סטודענט אין בעלגיע — דער געזעלשאַפטלעכער עסקן, דענקער און שעפער אַלס היסטאָריקער פון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור: בער באָראָכאָוו...

ווען איך בין איינמאָל אין אַן אָוונט געזעסן אין דער סאָציאַליסטישער קאַפעטעריע „קאָאָפּעראַטעאור" אין אַנטווערפּן, אויף דער הויפּט־גאַס: די קייזערליי, און איך האָב גראָד געהאַלטן אין שרייבן אַ דערציילונג פאַר דער וואַרשעווער בונדישער „פאָלקס־צייטונג" איז גראָד פאַרבייגעגאַנגען קאַמיל הויזמאַנס. ער איז געווען אַ שטאַרק באַליבטער פאָלקס־עסקן. צוקומענדיק נאָענט צו מיין טיש, האָט דער שלאַנקער און הויכער מנהיג

זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ ווײַלע אַ שווייגנדיקער, נישט וועלנדיק מיר שטערן אין שרייבן. אָבער ער האָט זיך ערנסט צוגעקוקט ווי אַזוי איך שרייב יידיש. גראָד האָב איך טאַקע געשריבן אַ סעריע רעפּאָרטאַזשן וועגן דעם פּלעמישן סאַנאַטאָריום סט. אַנטאָניוס, אין ברעכט, נעבן אַנטווערפּן, וואו איך בין איבער אַ יאָר צייט געווען אַ פּאַציענט. באַלד דערזעט קאַמיל הויזמאַנס ליגן אויפן טיש די וואַרשעווער פּאָלקסצייטונג אין וועלכער איך האָב דעביוטירט מיט מיינע ערשטע דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן. נאָכן אויספרעגן מיך אויף אַ העכסט־פריינדלעכן אופן, פאַרשטייט זיך, וואָס איך טו אין לאַנד, האָט ער גענומען די „פּאָלקסצייטונג" אין זיין איידעלער האַנט. איך בין געווען מער ווי איבערראַשט צו הערן ווי ער האָט געלייענט אַ פליסיקן יידיש. דער גאַרסאָן, אַ ייד, איז צוגעקומען און געפרעגט מיט וואָס ער קען דינען דעם גאַסט. הויזמאַנס האָט באַשטעלט צוויי הויכע גלעזער „באָק" (דעם נאַציאָנאַלן ביר־געטראַנק אין בעלגיע), און זיך גרייטנדיק צו טרינקען האָט ער נישט פאַרגעסן אָנצוקלינגען זיין הויכע קופּלע מיט ביר אין מיינער בשעת די שוימען פוןביידע גלעזער מיט ביר האָבן זיך פאַרייניקט, און אויסרופנדיק „לחיים"... איך בין געבליבן זיצן נאָך זיין פריינטלעכן אָנווינטשן, און זיך געזעגענדיק מיט מיר ביים אַוועקגיין אין דער נאַכט אויף אייביק, ווייל מער אין מיין לעבן האָב איך דעם דאָזיקן הערלעכן מענטש נישט געזען, אַ שטאַרק געריוטער. איך האָב דעמאָלט געניי געוואוסט אַז עס איז געווען אַ גרויסער מאָמענט אין מיין לעבן: פשוט, איך האָב געהאַט די זכיה צו זיין אין דער געזעלשאַפט פון אַ העכסט־וואַרעמער און ליכטיקער פערזענלעכקייט פונעם אייראָפּייאישן סאָציאַליזם, און איינער פון די באַדייטנדיקסטע פּאָלקלאָריסטן אין דער פלעמישער קולטור...

אין דער זעלביקער קאַפּעטעריע האָב איך אויך צו פאַרשידענע צייטן באַגעגנט און בין פאָרגעשטעלט געוואָרן פאַרן דייטשן סאָציאַליסט ברייטשייד און דעם פראַנצויזישן פירער פאָל פאָר, ווי אויך פאַרן דיקן אַנטווערפּענער בירגערמייסטער אייקעלעס. אָבער צו דער ציכטיקער און ליכטיקער פערזענלעכקייט פון קאַמיל הויזמאַנס, מיט זיין איידלקייט און פריינדלעכקייט, מיט זיין הויכער און שלאַנקער פיגור און דינעם האַלדז ווי ביי אַ שוואַן, האָט זיך קיין איינציקע פּאָליטישע פיגור נישט געקענט פאַרגלייכן, סיידן אַזאַ פּרינץ פון אַן אינטעלעקטועלער און ליטעראַרישער פערזענלעכקייט ווי לעאָן בלום, דער יוגנט־פריינד פון דעם געניאַלן שריפטשטעלער מאַרסעל פּרוסט. אַפילו נישט וואַן דע וועלדע, וועגן וועמען לעאָן טראָצקי, אין זיין בוך „די געשיכטע פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע", דריקט זיך נישט אויס באַזונדערס סימפּאַטיש, אָדער מיט איבעריקן לויב. אָבער וואָס שייך טראָצקי, האָט ער זיך כמעט וועגן קיין שום אַנדערן אַרבעטער־פירער און מאַרקסיסטישן טעאָרעטיקער, ווי צום ביישפּיל קאַרל קאַוטסקי צי אָטאָ בויער, אויב ער

איז נאָר נישט געווען קיין קאָמוניסט, זיך קיינמאָל נישט אויסגעדריקט מיט קיין באַזונדערע שבחים...

יעקב צבי לעמל האָט ליב געהאַט בשעת די זומערדיקע פאַרנאַכטן צו שפּאַצירן אַן איינזאַמער ביים ברעג פון ים אין אָסטענדע. ער האָט, ווי שוין באַשריבן, נישט געקענט פאַרגעסן און זיך אַליין פאַרגעבן זיין גרויזאַמע האַנדלונג, אָפּפירנדיק אַליין זיינעביידע געליבטע טעכטערלעך צו דער אומגליקלעכער מוטער וואָס האָט צוגעזען זייער אומפאַרמיידלעכן אומקום. ער האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן אַז ער פירט זיינע ביידע קינדער צום מלאך המות, זיי מקריב זייענדיק צום מולך וואָס שלינגט זיי איין לעבעדיקערהייט און פאַרצערט זיי אין זיין אייזערנעם מאָגן. זיין פאָטערלעך געוויסן האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן געפליקט שטיקער פון זיין האַרץ און נשמה. קומט ער צום ים בשעת די פאַרנאַכטן, ווען דער אימפּעט פון די כוואַליעס שליידערט אַרויס איבערן ברוינעם זאַמד־ברעג דעם אָפּפאַל פון די טיפענישן, דאָס געברעך פון די אונטערגעגאַנגענע שיפן, דאָס פאַרזשאַווערטע געווער פון פאָרגעקומענע שלאַכטן אויפן ים; די רייטוועגן, די סקעלעטן פון די פערד; די פיילנבויגנס, די שפּיזן און די לאַנצעטן פון די אַרמייען וואָס האָבן נאָך בשעת דעם אַלטערטום און דעם מיטלאַלטער געקעמפט אין בעלגיע, אין די צייטן ווען יוליוש צעזאַר איז באַפאַלן מיט זיין רוימישער אַרמיי פון שטאַרקע מחנות לעגיאָנען די שטעט אין פלאַנדערן און ער האָט מנצח געווען איבער די פלעמישע קעמפער וואָס האָבן זיך געשלאָגן ווי די לייבן. (אויף דער בעלגעליי גאַס אין אַנטווערפּן איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ מאַסיווער דענקמאָל וואָס איז געווידמעט צו די פלעמישע העלדן וואָס האָבן אין יאָר 79 פאַר דער נייער צייט געקעמפט קעגן יוליוש צעזאַר. אין זיין היסטאָריש ווערק „די גאַלישע מלחמות" לויבט צעזאַר די דאָזיקע גאַלאַנטע פלעמישע קעמפער...)

לעמל הערט זיך איין שטילערהייט מיט זיינע ביידע אויערן אין דעם שרעקלעכן ווינט וואָס שיינט צו קומען פון די סאַמע טיפענישן פונעם ים. ער הערט זיך צו צו דעם געפליייץ פונעם רעגן. און ער הערט אויך ווי זיינע קינדער שרייען, זינגען און טאַנצן ווי ייִנגע מיידלעך טאַנצן געוויינלעך און זיי דריקן אויס זייער יוגנטלעכע שמחה... יאָ, אויף דער שוועל פון דער תליה, אויף די פּאָר טרעפּלעך צום עשאַפאָט, ווייסן נאָך אַלץ נישט די פאַטאַל־פאַרמשפּטע קינדער, בלויז געציילטע שעהן ערב זייער אומקום, אַז זיי דערנענטערן זיך צוזאַמען מיט זייער מוטער און מיט נאָך הונדערטער אומשולדיקע בעלגישע יידן צום גאַז־קאַמער אין אוישוויץ...

לאַנג האָט שוין לעמל נישט געקענט לעבן מיטן געדאַנק פון דעם שרעקלעכן אומקום פון זיין ווייב און קינדער אין אוישוויצער גאַז־קאַמער. ער האָט ווי עס איז קוים צונויפגעשטעלט אין די בלעטלעך מיט זכרונות די פּרטים פון זיין לעבן. אויף די בוידעמער און אין די קעלערן ביי די בעלגישע פּויערים וואו ער האָט זיך אויפגעהאַלטן בשעת

דער נאַצישער אָקופּאַציע אין די דערפער, האָט ער, ווי שוין דערציילט, געלייענט די פּלעמישע ליטעראַטור וואָס די קינדער פון די פּויערים האָבן אַרויפגעוואָרפן אויף דעם אַלטוואַרג און אויף די קלאָגעס פון די משפחה־הייזער וועלכע ער האָט, ווי שוין דערציילט, גאַנץ אָפט געטווישט צוליבן פחד נישט געכאַפּט צו ווערן אָדער צוליבן געפינען אַ בעסערע פאַמיליע און אַ מער זיכערן פּלאַץ, מיט אַ באַקוועמערער באַדינונג. ער האָט אין זיין אַזוי־גערופענער אויטאָביאָגראַפיע פאַרצייכנט דעם אינהאַלט פון די דאָזיקע ביכלעך און פאָלקס־מעשיות. ער האָט אויך פאַרשריבן עטלעכע קאַרגע עפּיזאָדן פון זיין לעבן, ווי אויך וועגן דעם ראָמאַנס מיט אַ יינגער פרוי וועלכע האָט זיך אויך אויסבאַהאַלטן אין די דערפער און האָט נאָך דער מלחמה געפּעדלט מיט זאַכן פון ערשטן געברויך פאַר דער באַפעלקערונג. דאָס איז געווען גאָר אַן אָרעמער ראָמאַנס. בלויז אין אומעטיקע באַדינגונגען, אָן פרייהייט און אָן פריינדשאַפט צווישן מענטשן, לעבענדיק אין כסדרדיקן פחד פאַר דער משוגענער חיה וואָס האָט געהייסן „דייטש", און וואָס האָט געלויערט אויפן ייד אין אַלע ווינקעלעך פונעם לאַנד, באַדראָענדיק די יידישע נפשות, האָט אַ פרוי געקענט איינוויליקן צו האָבן וועלכע עס איז עסקים מיט אַזאַ קאַרגלעך מענטשל מיט וועמען עס איז געווען שווערלעך אויסצוקומען, אַזוי אַז אַפילו די פּלעמער וואָס האָבן אים אויסבאַהאַלטן אין זייערע הייזער, סטאָדאָלעס און שטאַלן, ווי שוין דערציילט, איינשטעלנדיק זייערע לעבנס, האָבן אים געמוזט פאַרטראָגן מיט אַלע זיינע קאַפּריזן, פאַרגעסנדיק אין זיין חוב פון דאַנקבאַרקייט צו זיי...

דר. ב. קובאָוויצקי, דער בעלגישער ציוניסטישער עסקן און שפּעטערדיקער אַמבאַסאַדאָר פון ישראל אין רומעניע, האָט געהאָלפן לעמלען פינאַנציעל אַרויסצוגעבן זיין ביכל מיט אָרעמע פאַרצייכענונגען, ווי שוין געזאָגט, וועגן אַ טרויעריקער צייט פאַר די יידן אין בעלגיע. דאָס בוך האָט בלויז וועלכן עס איז ווערט אַלס אַ היסטאָרישער דאָקומענט פון דעם לעבן פון די בעלגישע יידן בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע, ווען דער גאָרער קיום פונעם יידישן פאָלק האָט געדראָט צו ווערן אויסגעריסן מיטן וואָרצל פון זיין סאַמע עקזיסטענץ. נאָכן דערשיינען פון דעם בוך, פון וועלכן דער מחבר האָט געהאַט ווייניק נחת מחמת מען האָט עס קריטיקירט אָדער אינגאַנצן פאַרשוויגן, וואָס דאָס לעצטע האָט אויך שטאַרק געקריינקט דעם מחבר, איז יעקב צבי לעמל אַוועקגעשטאָרבן. לעמל האָט פּשוט פאַרטאַכלעוועט אַ גרויסע היסטאָרישע טעמע וועגן דעם לעבן פון די יידן אין בעלגיע אונטערן ברוטאַלן נאַצישן רעזשים מיט אַן אָרעמער און אומבאַהאָלפענער פעדער...

לעמל האָט שפּעטער ווידעראַמאָל חתונה געהאַט און זיין פרוי האָט אים געבוירן, אויב איך מאַך נישט קיין טעות, עטלעכע קינדער, מיט וועלכע ער האָט מסתמא ווידער נישט געהאַט קיין כוחות זיך צו שפּילן

אָדער אַרויסצוהעלפֿן זיין שוואַכער פֿרוי אין איר שווערער האָרעוואַניע. אָבער סיי ווי האָט קיין שום פֿרוי מער נישט געקענט פֿריילעך מאַכן דאָס וויסטע האַרץ פֿון דעם אומגליקלעכן מעמואַריסט...

## דער קאָמפּאָזיטאָר פֿונעם פֿילם „גראַניטשנע גאַס"
### לעצטער באַזוך ביי הענעך קאָן

איך בין היינט צוגעפֿאָרן צוזאַמען מיט דער זינגערין רחל רעליס און איר מאַן בן־באַרדאַך צום קראַנקן און עלטערן קאָמפּאָזיטאָר פֿון יידישער נגינה, הענעך קאָן, וואָס איז געווען קינסטלעריש פֿאַרבונדן מיטן יידישן טעאַטער, מיט דער יידישער קולטור בשעת דעם אַזוי־גערופֿענעם רענעסאַנס אין פּוילן צווישןביידע וועלט־מלחמות, און ער איז אויך געווען אַ נאָענטער פֿריינד פֿון דעם פּאָעט און טעאַטראַל משה בראָדערזאָן און פֿון אַ סך יידישע שרייבער און מאָלער אין זיין געבורט־שטאָט לאָדזש...

עס האָט לאַנג געדויערט ביז די טיר פֿון זיין וווינונג אויף ריווערסייד דרייוו האָט זיך געעפֿנט. הענעך קאָן איז געגאַנגען מיט דער פֿאַוואָליעדיקייט פֿון אַ פֿליג אין שפּעטן האַרבסט ווען זי האָט שוין מער נישט די יוגנטלעכע כוחות... דערנאָך האָט געדויערט ביז ער האָט ענדלעך באַוויזן דאָס נס צו עפֿענען אַלע שלעסער וואָס זיין פֿריינד, דער מאָלער הערי דאַניעלס און דער אייגנטלעכער אייגנטימער פֿון דער וווינונג, האָט אָנגעקלאַפּט אויס פּחד פֿאַר איינברעכערס. ענדלעך האָבן מיר דערזען אַן אַלטן דזשיאַד ווי די דזשיאַדעס און בעטלערס ביים טויער פֿון אַ קאָשטשאָל אין אַ פּוילישן שטעטל. אַן אַלטער ייד איז געשטאַנען פֿאַר אונדז נישט אָפּגעשוירענערהייט זינט חדשים; נישט אָפּגעגאָלט די ווייסע באָרד זיינע. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פֿאַרפֿלעקטן און צעריסענעם העמד און אין צעפֿליקטע הויזן דורך וועמענס לעכער מען זעט אַרויס די דאַרע ביינער פֿון זיין אויסגעמאָגערטן גוף ווי ביי אַ נזיר וואָס פֿאַסט תעניתים זינט גאַנצע יאָרן. אָבער ווען ער טרינקט אויס אַ קענדל ביר, בלישטשעט פֿלוצלינג אויף זיין איינציק אויג ווי ביי האָמערס אַ ציקלאָפּ. דאָס אַנדערע אויג זיינס איז בלינד און פֿאַרמאַכט ווי ביים קראַנקן פּאָעט היינריך היינע, ווי ער ווערט געשילדערט און באַשריבן אין די זכרונות פֿון צייט־קאָלעגן, ווי בערליאָז. אָבער דאָס איינציקע בליציקע אויג מיטן לעצטן פֿונק פֿון לעבן אין אים ווערט פֿלוצלינג פֿול מיט חכמה און כיטרעקייט. ער פֿאַרגעסט נישט זיינע מישטיינס געזאָגטע געשעפֿטן, מחמת ער אויטאָגראַפֿירט שוין באַצייטנס עפּעס אַ בראָשורל מיט זיין מוזיק צו יידישע פֿאָלקסלידער פֿאַרן אַקטיאָר ק. וואָס איז אויך אָנגעקומען מיט זיין בלאָנדער פֿרוי, די אַקטריסע ש. כדי אים מבקר חולה צו זיין. קאָן מאַכט פֿאַרשטייט זיך דעם אָנשטעל אַז ער וויל מכלומרשט נישט קיין איינציקע פּרוטה פֿאַר זיין אויטאָגראַפֿירטן בראָשורל. אָבער ער פּאַקט שוין ווי עס איז אַריין דעם שטייפֿן צענער־טאָלער־באַנקנאָט אין אַ

נידעריקן קעשענקעלע פון זיינע צעפליקטע הויזן. שפּעטער אַ ווײַלע קומט ער צום שׂכל אַז מען דאַרף נישט פאַרפּאַסן די געלעגנהייט און אויך אָנשרייבן פאַר ש. אַן אַנדער ביכעלע מיט אַ ווידמונג צו איר ווי געוויינלעך אין געגראַמטע פערזן, ווי ער איז זיך נוהג ביים פאַרשפּרייטן זיין ליטעראַטור. ש. איז דווקא נישט פון די האַרציקע נאַטורן. זי קוקט אָן בייזלעך דעם אַלטן קאָמפּאָזיטאָר. עס דויערט גאַנץ לאַנג ביז זי באַשליסט וויפיל איר צו געבן פאַרן דינטשיקן ביכעלע מיט נאָטן פון די לידער וועלכע זי זינגט אגב גאַנץ אָפּט. הענעך קאָן נעמט ביי איר ווידער עטלעכע אַלטע און צעקנייטשטע איינציקע טאָלערס אַזוי מכלומרשט נישט ווילנדיקערהייט און אַפילו פּראָטעסטירנדיק פאַר איר „חוצפּה״ אים צו באַצאָלן. אירע פאַר באַנקנאָטן, וועלכע זי צעקוועטשט מיט די פינגער ווי זי וואָלט געהאַלטן פרייסן אין די הענט, זיינען מסתמא ווייניקער ווי איר מאַנס, מחמת זי איז היפּשלעך קאַרג און די גאַנצע געשיכטע געפעלט איר עפּעס נישט. זי איז כמעט זיכער אַז זי וועט איר גאַנצן פאַרמעגן, מיטן געלד, מיטן צירונג, מיטן זיידנוואַרג און פעלצוואַרג אַוועקפירן אויף אַ דראַבינאַסטן וואָגן אין סאַמעררעדנעם גן־עדן אַריין. אָבער וואָס שייך די באַנקנאָטן פונעם אַקטיאָרישן פאָרפאָלק וועט דערנאָך די שוואַרצע מויד, הענעך קאָנס פריינדין, ביי אים צונעמען, פונקט ווי זי טראָגט אַרויס פון דעם אַלטן קאָמפּאָזיטאָר די מערסטע עסנוואַרגן וואָס פאַרשידענע מענטשן, גוטע פריינד און פאַרערערס פונעם איינזאַמען און אַלטן קאָמפּאָזיטאָר ברענגען צו אים. פונקט ווי זי, די פריינדין ווי געזאָגט, סיי פון הענעך קאָן און סיי פון איר אָפּיציעלן נעגערישן מאַן וואָס האָט אויך אַ באַשיידענע וויינשענק אין אַ האַרלעמער קעלער, וועלכע זי פירט אַגב אָן אין די מערסטע הינזיכטן און פליכטן, האָט אויפגעגעסן אַנומלט די זיבן גלאַנציק־פעטע קאָטלעטן מיט געלער מושטאַרדע באַשמירט; אויך די זיבן גרויסע קאַטשענע אייער; ווי אויך די זעקס איטאַליענישע ברויטלעך, ווייסע ווי ווייצנמעל; וגם דעם היפּשן סלאָי מיט רויטן כריין אויף פּסח וואָס רחל האָט באַצייטנס צוגעגרייט; און וגם דעם קילאָ געלן צוקער אין אַ גלעזערנעם קלאָש; און נישט צו פאַרגעסן דעם טאָפּ מיט אָפּגעקאָכטע זיסע מערן וואָס שמעקן מיט האָניק און זאַפּראַן; ווי אויך די פרישע קילעריבן און די ווייסע פּיעטרישקע וואָס אַ געהיימעניש־פולע פאַרערערין פון דעם מוזיקער האָט אַנומלט צו אים געבראַכט, קומענדיק צוגאַסט מיט איר חשובן און פּראָמינענטן מאַן, דעם פעטן אייגנטימער פון אַ האַלבן טאַנצזאַל און רעסטאָראַציע, וואָס טראָגט צוויי באַזונדערע סאָרטן הענטשקעס,ביידע מסתמא אויסגעבאָרגטע פון דער גאַרדעראָבע אין זיין אייגענעם רעסטאָראַן אָדער פאַרגעסענע פון די געסט...

הענעך קאָן האָט וואויל פאַרמאָגט אין עטלעכע בענק אַרום פינף און צוואַנציק טויזנט טאָלער. דאָס איז די סומע וואָס זיין געטרייער פריינד הערי דאַניעלס גיט אָן אומאָפּיציעל. אָבער פון אַנדערע קוואַלן ווערט דער חשבון פון זיין קאַפּיטאַל פאַרגרעסערט אָדער גאָר פאַרקלענערט. הענעך

קאָן האָט זיך דאָס דאָזיקע געלט פֿאַראיבעריקט אין משך פֿון לאַנגע יאָרן ביים באַגלייטן יידישע זינגערס און זינגערינס אויף דער פּיאַנאָ בשעת די מערסטנס שבת־צו נאַכטיקע קאָנצערטן ביי יידישע קלובן, חברהס, „סאָסייעטיס" און צדקה־פֿאַרזאַמלונגען, ווי אויך ביי פּייערלעכע אָוונטן פֿון דעם „פֿאַרבאַנד" און פֿון אַרבעטער־רינג. ער האָט זיך ממש יאָרנלאַנג איינגעשטעלט דאָס בידנע לעבן זיינס, אַהיימפֿאָרנדיק פֿון די קאָנצערטן און פֿון אַלערליי אויפֿטריטן אין ברוקלין, אין בראָנקס, אין האַרלעם, אין ניו־דזשוירזי, געוויינלעך שפּעט ביינאַכט, בשעת אַלערליי ווינטערדיקע וועטערן ווען די געזעלשאַפֿטלעכע אַקטיוויטעטן אין ניו־יאָרק זיינען אויף דער העכסטער הויך, און ווערנדיק אַ סך מאָל באַלעסטיקט אין די טונקעלע געסלעך, אויף די אייזיקע וועגן, ווען דער שניי ווערט פֿאַרוואַנדלט אין וואַסער און דער פֿראָסט פֿאַרפֿרירט די שאָסייען צו גליטשיקע און גלעזערנע נעצן. דעמאָלט ווערן די קוים־זשיפּיענדיקע זינגער, אַקטיאָרן און פּיאַניסטן באַלעסטיקט און טיילמאָל אויך באַפֿאַלן אין די סאָבווייס און אַפֿילו אין דרויסן נעבן די נאַכט־קלובן פֿון גנבים, שיכורים, קליינע גענגסטער און אַלערליי פֿאַסקודנע פֿאַרשוינען. אָבער ווער וועט עס האָבן דאָס אייזערנע האַרץ און גיין חלילה ירשענען פֿון דעם אַלטן פּיאַניסט דאָס בלוטיק־אָנגעזאַמלטע פֿאַרמעגן, וואָס ער טראָגט דאָך נישט מיט זיך?!...

אין דעם פֿראַמפּאָלער זקנים־הויז וואו ער איז ענדלעך אַריינגעגאַנגען, שוין זייענדיק אַ חולה מסוכן, האָט מען ביי אים אַלץ אויסגעבאָרגט בשעת דעם סאַמע ערשטן טאָג פֿון זיין נעבעכדיקן „אַריינמאַרשירן" אַהין מיט געשוואָלענע און געבראָכענע פֿיס דורך דעם הויפּט־אַריינגאַנג אָדער קאָרידאָר וואו די סטאַטוע פֿון דר. חיים ווייצמאַן האָט דעם דערשלאָגענעם קאָמפּאָזיטאָר געטרייסט און געגעבן די אילוזיע פֿון זיין רואיקן אויסלעבן זיך די רעשטע יאָרן וואָס דער אויבערשטער האָט אים נאָך באַשערט אין דער דאָזיקער נאָבעלער און „בעסטער פֿון אַלע וועלטן", לויט דעם דייטשן פֿילאָזאָף לייבניצ׳ס פֿעסטשטעלונג — און אין דער גוטער אינסטיטוציע פֿון פֿראַמפּאָל נאָך צו זען פֿריילעכע טעג, אויב אַזאַ זאַך איז מעגלעך...

ווען הענעך קאָן האָט זיך אין אָוונט, ביים אונטערגאַנג פֿון דער שיינער זון, אַוועקגעזעצט אויף אַ דווקא גרויסאַרטיקער פֿאָטעל אין דער „לאַבי" פֿון דער גוטער אינסטיטוציע, האָט ער זיך דערמאָנט אַז ער איז כמעט פֿלוצלינג, ווי איבערנאַכט, געוואָרן אַ פֿאָלנער קבצן אין זיבן פֿאָלעס. זיין אָנגעזאַמלט פֿאַרמעגן אין משך פֿון לאַנגע, שווערע און מיזאַמע יאָרן איז געגאַנגען צום טייוול. ער האָט איצט אינגאַנצן געהאַט זיין אייגנס די פֿינף און צוואָנציק טאָלער וואָס ער האָט פֿאַראיבעריקט פֿאַר די ביידע מוזיק־בראָשורן מיט נאָטן וואָס ער האָט אַזוי כיטרע און געשיקט פֿאַרקויפֿט צום אַקטיאָרן־פֿאָרפֿאָלק ווען ער האָט זיך נאָך געפֿונען אַלס אורח אין לייבקעס „האָטעל"... אָבער ווען ער האָט איצט חשק געהאַט אָנצוטאַפּן די פּאָר באַנקנאָטן אין זיין הויזנקעשענע, האָט ער זיך

דערמאָנט אַז ער האָט יענע הויזן אין וועמענס קעשענע ער האָט באַהאַלטן די באַנקנאָטן, איבערגעלאָזט טאַקע אין לייבקעס אכסניה, און מסתמא שוין אויף אייביק, מחמת זיין גוטער חבר לייבקע האָט אַ מאָדנע טבע כסדר צו זשעברעווען מיט זיינע פינגער אין הענעך קאָנס אַלטע מלבושים...

אַלזאָ: ווען ער האָט פונדעסטוועגן נאָכאַמאָל אַ טאַפּ געטאָן די אונטערשטע קעשענע פון זיינע שוין אַנדערע, אָבער געענדערטע הויזן וואָס ער האָט געקראָגן פון דער אינסטיטוציע ווי אַ מתנה צו אַ נייעם סאָלדאַט אין דער אַרמיי, טראַכטנדיק אַז אפשר פאַרט זיינען די פּאָר באַנקנאָטן פון די אַקטיאָרן מגולגל געוואָרן אין זיינע איצטיקע פרישע הויזנקעשענעס, איז אים ערשט איצט קלאָר געוואָרן אַז ער האָט אינגאַנצן געהאַט זיין אייגנס אפשר אַ קנאַפּן טאָלער אין קליינגעלט. זיין גאַנצע האָפענונג במנוחה זיך אויסצולעבן זיינע לעצטע יאָרן אין רואיקער און שעפערישער איינזאַמקייט, איז צערונען געוואָרן ווי אַ חלום אינמיטן פון אַ זומערדיקער נאַכט... זיינע פּלענער נאָך צו באַזוכן זיין שוועסטער אין פּאַריז און צו טרינקען אַ גלעזל ווייַן ביי זייער טיש; צו מאַכן אָדער צו קאָמפּאָנירן מוזיק פאַר אַ פילם אין וואַרשע, נאָכדעם ווי זיין קאָמפּאָזיציע פאַרן וואַרשעווער פילם „אוליצאַ גראַניטשנאַ" וואָס האָט אויסגענומען אין דער גאַנצער וועלט, האָט אים פאַרשאַפט אַ סך פריינד; צושטעלן זיין אָפּעראַ אויף אַ תנכישער טעמע אין תל־אביב — דאָס אַלץ איז פּלוצלינג צערונען געוואָרן ווי אַ חלום...

אין אָוונט האָט העניעך קאָן פון זיין פיטשינקלן חדרל אַרויס געזען דורכן פענצטער ווי עס לויכטן די אותיות פון אַ רעקלאַמירטן פילם אין אַ באַשיידענעם קינאָ־הויז אויף אַ זייטיקער גאַס אין דער געגנט. ער האָט קוים געקענט מיט זיינע האַלב־בלינדע אויגן איבערלייענען דעם נאָמען פונעם פילם אין די נעאָניש־לויכטנדיקע אותיות אין דער נאַכט: „גראַניטשנע גאַס". צום קינאָ ציען די אָרעמע מענטשן וואָס וואוינען געווינלעך אין דער זעלביקער געגנט: כינעזער, יאַפּאַנעזער, קאָרעאַנער, הינדוסן, נעגערס און אַנדערע קרוע בלועדיקע, אָריענטאַלישע און אַזיאַטישע ברואים. יידן וואָס האָבן דאָ אַמאָל געוואוינט לרוב נאָך פון די צייטן פון די ערשטע אימיגראַנטישע יאָרן, בשעת דער גרויסער איינוואַנדערונג פון די מערסטנס פוילישע און רוסישע יידן, געדרודפּטע פונעם צאַר און איבערגעשראָקענע דורך די פּאָגראָמען וואָס דעם צאַרס קליקע האָט אָרגאַניזירט, וואוינען שוין דאָ ווייניקע. עס איז בלויז געבליבן שטיין אין עפּעס אַן אָפּגעבראָכענעם הויז אַן אַפּטייק מיט אַ ברייטן שילד אין וועלכן די רעגנס און שנייען האָבן אָפּגעמעקט די פאַרבן, די אותיות און די עמבלעמען פון דעם דאָקטאָרס מעדיצינען — אַ פּאָר מעשענע וואָגשאָלן. אין דער אַפּטייק שטייט נאָך אַלץ אויף אירע געשוואָלענע פיס די אלמנה פונעם יידישן אַפּטייקער, אַ האַלב־בלינדע יידענע פון וויטעבסק. איר מאַן האָט אויסגעבאָרגט אַ שלל מיט מעדיצינען

צו דער אָרעמער באַפעלקערונג, וואָס זיינען מערסטנס אַוועקגעגאַנגען מיט צייט און יאָרן אין גאָטס גן־עדן צוזאַמען מיט די חובות צום אַפּטייקער...

הענעך קאָן האָט, ווי שוין דערציילט, גוט געקענט און געדענקט דעם פילם „גראַניטשנע גאַס". מיט געציילטע יאָרן צוריק איז ער געווען אין וואַרשע, און דאָרטן האָט ער טאַקע פאַרפאַסט די מוזיק פאַרן דאָזיקן שטאַרק־רירנדיקן פילם, וועלכן איך געדענק נאָך און איך זע ממש פאַר די אויגן זיינע אומעטיקע סצענעס... ווי גליקלעך וואָלט ער איצט געווען צו מעגן אַרויסגיין פונעם זקנים־הויז און באַזוכן דעם אַלטן „אולוזיאָן". אַן איינזאַמער צו זיצן אין דער טונקלקייט צווישן דעם אָרעמען עולם, צווישן די כינעזער, יאַפּאַנעזער, נעגערס, פּאָרטאָריקאַנער, קאָרעער, סיאַמעזער און אפשר אויך עטלעכע היימישע יידן פון פוילן, און הערן זיין אייגענע שיינע און נאָסטאַלגישע מוזיק... זיצן דאָרט גאַנצע טעג, גאַנצע וואָכן און חדשים און סוף כל סוף אַריינצוגיין אין דעם פילם, זיין צווישן דעם פאָלק פון וואַרשע, צווישן די טייערע ברידער־אַקטיאָרן און שוועסטער־שוישפילערינס; יאָ, שוין אויף אייביק בלייבן זיצן אין דער פינצטערניש פונעם קינאָ, און כסדר דרימלען, שלאָפן אין דעם כישוף פון זיין וואַרשעווער יידישן פאָלק...

פון גרויס קריינקונג איז הענעך קאָן צומאָרגנס געשטאָרבן, נאָכן האָבן דערציילט צום פאַרבייאיילנדיקן דאָקטאָר פרענקל עפּעס אַ היימישן וויץ פונעם אַקטיאָרישן לעבן. ווען דער דאָקטאָר האָט קוים געהאַט פאַרענדיקט דעם לעצטן אַקאָרד פון זיין הילכיקן געלעכטער נאָכן האָבן געהערט פון דעם קאָמפּאָזיטאָרס ליפּן דעם געשמאַקן וויץ, איז הענעך קאָן אויסגעגאַנגען מיט אַ קורצן קרעכצעלע ווי אַ קינד וואָס פאַרקייכט זיך. אגב פלעגט ער אַליין תמיד ליב האָבן צו דערציילן ביים גלעזל ווייַן אין אַ יידישן הויז אַז אַלע זיינע זיידעס זיינען געשטאָרבן מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, דערציילנדיק אַ היימישן פאָלקס־וויץ. זיי האָבן חלילה קיינמאָל קיין טרער נישט פאַרגאָסן אַפילו בשעת גאַנץ ביטערע טעג אין זייערע לעבנס. זיי זיינען אויסגעגאַנגען שמייכלענדיק, ווי הייליקע לייט, ווי אמתע צדיקים... און אַזוי איז אויך הענעך קאָן אויסגעגאַנגען...

בשעת אַ זונטיק אין דער פרי בין איך געגאַנגען צום קאָמפּאָזיטאָרס לוויה אין דעם קליינעם פיונעראַל־הויז אויף דער זיבעטער גאַס און ראָג צווייטער עוועניו. דאָרט זיינען אויך מיט יאָרן צוריק פאָרגעקומען די לוויות פון מיינע טאַטע־מאַמע און פון מיינע עטלעכע ברידער און זייערע ווייבער. דאָרטן האָב איך אויך דורך די יאָרן געהערט די הספדים נאָך אַלערליי יידישע שרייבער, שוישפּילער, לערער, קולטור־טוער, עסקנים, שדכנים, בדחנים און בעטלערס וואָס פלעגן קומען מיט אויסגעשטרעקטע הענט אין דער נאָענטער „קאַפע ראָיאַל" וואו שלום אַש און זיין פרוי מאַדזשיע פלעגן אַמאָל אין אַ יובל אַראָפּקומען פונעם אָלימפּוס בשעת אַ זומערדיקער נאַכט. אַש פלעגט זיצן ווי אַ קייסער אָדער אַ כראַביע ביים

ברייטן טיש און נעבן אים זיינען געזעסן זיינע מקורבים מיט אברהם רייזען בראש... און אונטער אַש׳ס טרויעריקע אויגן זיינען דורך דער צייט אָנגעוואַקסן שטיקלעך פעטס און אַ גרויסע שוואַרצע פליג האָט דווקא זיך געטשעפּעט צו זיין פעטן און טרויעריקן פּנים. באַזונדערס האָב איך דאָרטן, אינעם פיונעראַל־הויז, דורך די צייטן געזען ליגן אין די דינע הילצערנע ארונות פונעם יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד די שטייפע פיגורן פון יידישע אַקטיאָרן וואָס האָבן אויסגעזען ווי אויסגעקנאָטענע פון גומע. אָט, מיטן מינדסטן באַריר אויף זייערע באַקן קען מען זיי ווידער אויפוועקן צום לעבן, צום טרינקען וויין, צום עסן לעקעך אויף ווערמענס גילדערנע קרישקעס וואָס פאַלן אַרונטער פון זייערע נערוועזע פינגער עס וואַרטן אומגעדולדיק די פליגן און די מוראַשקעס. מען קען זיי דאַכט זיך צוריק אויפוועקן צום דערציילן צווידייטיקע וויצן, צום הילכיקן געלעכטער, צו די קינדישע יאָרן ווען זיי זיינען צום ערשטן מאָל אַרויפגעשפּרונגען אויף די ברעטער פון דער בינע און דערזעענדיק אַן עולם מיט לעבעדיקע יידן, וואַרטנדיק אויף די אַקטיאָרישע רעפּליקעס, זיינען זיי שיער אומגעקומען פון פּחד, האָבנדיק פאַרגעסן זייער גאַנצע אויסגעלערנטע פּראָזע...

יאָ, אונדזער טייערער פריינד הענעך קאָן וואָס האָט מיט זיין קרעפטיקן הומאָר אונטערגעהאַלטן אַ וועלט מיט יידן אין די קיבעצאַרניעס פון גאָר דער וועלט, איז איצט, אין אַ זונטיק אין דער פרי, געלעגן אין דעם קליינטשיקן ארונדל ווי אַ קינד, ווי אַ טייגענע ליאַלקע. איך בין צוגעגאַנגען גאַנץ נאָענט צו אים, כאָטש דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט נאָך מער ווי תמיד, ווייל טיילמאָל פלעגט ער זיך פלוצלינג טאָן אַ רעג אויף און אַרויסלאָזן אַזאַ הילכיקן געשריי און אַ זעץ טאָן מיטן גלאָז ביר אינעם טיש. איך האָב אין אַזאַ פאַל מורא געהאַט אַז ער זאָל חלילה נישט קריגן קיין אַפּאָפּלעקציע. אָבער איצט האָב איך זיך געמאַכט נאַאיוו און געטראַכט: אפשר פאָרט וועט ער אויסרעדן כאָטש אַן איינציק וואָרט, אַזאַ קליינטשיקס, אַ פּינטשינקס, אַזאַ שטילטשיק וואָרט צו מיר, צו זיין פריינד און פאַרערער. איז עס טאַקע אַ תכלית אַזוי שווייגנדיקערהייט אַוועקצורוקן זיך פון דער וועלט, פון דעם גאַנצן רעש און טומל מישטיינס געזאָגט? און באַזונדערס טאַקע ער אַליין, הענעך קאָן, וואָס האָט נאָך דער סאַמע ערשטער כוסה אויף אַ היימישע סעודה אין אַ פריינדלעך יידיש הויז שוין גערעדט ממש שעהנלאַנג און האָט כסדר אונטערגעהאַלטן די בייזיצנדיקע פּאַסאַזשירן אָדער „סוחרים״, ווי ער האָט זיי גערופן, מיט מעשיות, הומאָר, וויצן און אַנעקדאָטן פונעם יידישן טעאַטער־לעבן אין פוילן; מיט רוזשנע און פּיקאַנטע עפּיזאָדן פון זיין לאַנגן און רייכן לעבן, זינט יענע ערשטע יאָרן פון זיין קאַריערע, ווען ער פלעגט אַזוי אָפט באַזוכן דאָס הויז פון דעם גרויסן פּרץ אין וואַרשע, אויף צעגלאַנע גאַס נומער איינס... און פּרץ׳ס האַנט איז געווען גרויס און הייס און וואַרעם דריקנדיק די הענט פון די אָפּטמאָל איבערגעשראָקענע געסט וואָס פלעגן

קומען פון ווייטע שטעט און שוין גייענדיק איבער די שטיגן האָבן זייערע הערצער געציטערט ווי באַטרעטנדיק די טרעפּ אין דעם פּאַלאַץ פון אַ כראַביע, אַן אויפגערעגטן און שיכורן פריץ...

הענעך קאָן איז איצט געלעגן אַפילו אָן אַ קאַפּל אינעם ענגלעכן ארון וואָס האָט קוים־קוים געפּאַסט פאַר זיין מאָגערן און יינגלשן גוף. די חברה קדישא־לייט האָבן מסתמא פאַרגעסן אים אָנצוטאָן דאָס גלאַנציקע אַטלאַסענע קאַפּעלע אויפן קליינטשיקן קעפל. הענעך קאָן האָט זיך חלילה נישט געמאַכט קיין צער דערפון. סיי ווי איז ביי מיר רעכט געוועזן פון זיין ליגן אַזוי היימישלעך און אינטימעסיק אינמיטן זאַל, כמעט ווי ער וואָלט געוועזן נאָך איינער פונעם לעבעדיקן עולם, און עפּעס אַזוי פּשוט און נאַטירלעכמעסיק, אַז ער וועט זיך טאַקע באַלד אויפהויבן פונעם „קעסטל" און זיך נאָרמאַל אַוועקזעצן צווישן „פּובליקום". עס איז דאָך מכלומרשט אָדער סוף כל סוף נישט אַזוי מוראדיק וויכטיק אַז ער זאָל דווקא ליגן באַזונדער אין טאַקע אָפּגעטיילט און אָפּגעזונדערט פונעם עולם וואָס וואַרט שוין אגב אומגעדולדיק אַז די מאָדנע לוויה וואָס זעט אויס ווי אַ שלעכט־אויסגעשפּילטע פּורים־שפּיל זאָל זיך שוין ווי עס איז פאַרענדיקן און זיי זאָלן שוין קענען אַביסל אַרויסגיין אויף דער פרישער לופט און בכלל שטילן דעם אַפּעטיט מיט אַ לייטישן פלייש־סענדוויטש און מיט אייז־קאַלטן ביר אָדער „קאָקאַ קאָלאַ" און אַ זייטיקן רעסטאָראַנדל אויף סעקאָנד עוועניו...

די זינגערין רחל רעליס, דווקא נישט קיין נאָענטע קרובה פונעם באַרימטן קאָמפּאָזיטאָר, האָט זיך געבעטן ביי די פיונעראַל־גבאים עפּעס אַ שטיקל קאַפּל, כאָטש אַ פּאַפּירענע יאַרמלקע, כדי צו פאַרדעקן הענעך קאָנס קליינעם און קינדערישן שאַרבן אָן אַן איינציק הערעלע אַפילו אויף אַ רפואה, איידער מען האָט אים געפירט צום ערשטן מאָל ווי אַ גראַף ממש אין אַן אויטאָמאָביל מיט אַן איטאַליענישן שאָפער, וואָס האָט געהייסן דזשאָע רוסאָ, אין אַ שוואַרצן און גלאַנציקן אָנצוג, און איידער מען האָט אים געלאָזט אַריינזינקען אין אַ געשאָנקענעם קבר, וואָס עפּעס איינער אַ לאָדזשער לאַנדסמאַן האָט פאַר אים פריינדלעך באַוויליקט, מחמת זיין קראַנק ווייב האָט בשום אופן נישט קיין חשק געהאַט צו שטאַרבן און אויסצופילן מיט איר גוף דעם פינצטערן חלל פון איר קרקע. זי האָט מסתמא געהאַט אַ פאָרגעפיל אַז קיין איבעריק נחת און קיין סך פאַרגעניגן וועט זי שוין דאָרטן נישט געניסן. די געלע און ליימיקע ערד האָט געגומען פאַלן ווי פעטע פּענעצן פאַלשע לעקעך פון די אייזערנע רידלעס, פון פאַרזשאַווערטע שפּאַדלעס און לאָפּעטעס. די גוטע ערד, ווי מען רופט זי, האָט זיך צוגעכאַפּט צום קליינטשיקן ארון און צו זיין גוף אינעווייניק ווי צו אַן אמתדיקן הייליקן. זי האָט חלילה נישט געמאַכט קיין טעות...

זי האָט אים, די גרויסע און גוטע ערד אַריינגענומען אין איר שויס ווי אַ געטרייע מוטער גרייט זיך וואַרם און געטריי אויסצוטראָגן דעם כשרן יידישן עמבריאָן, כדי עס זאָל אפשר אַרויסקומען פון דער טיפעניש אַ

נייער „גוטער ייד". אָבער איך האָב דאָך געוואוסט אַז דאָס איז אַ פּוסטער חלום. אַז אויב אַזאַ „גוטער ייד" ווי הענעך קאָן ווערט באַגראָבן, וועט שוין קיין אַנדערער ייד פון דאָרטן מער נישט אַרויסגיין. די ערד און די גאַנצע נאַטור איז בלוטיק און בלאָטיק־ערנסט. בלויז דער מין מענטש, און דער עיקר דער ייד, אַזאַ ווי הענעך קאָן, ווי שלום עליכם, משה נאַדיר, און אויך ווי היינריך היינע, איז פעיק און באַשאַנקען פון דעם שרעקלעך ערנסטן רבונו של עולם, נאָך אַלע שחיטות, שלאַכטן, פּאָגראָמען, וואַנדערונגען און גילגולים, צו הומאָר...

## נאָטיצן וועגן מאַקס ליבערמאַן, לעסער אורי און וואָלטער ראַטענוי

ביי דער דערעפענונג פון גליצענשטיינס אויסשטעלונג אינעם שילדטע־הויז איז אויך אָנוועזנדיק געווען דער דייטש־יידישער אומפּרעסיאָניסט מאַקס ליבערמאַן. דער לעצטער לאַדט איין דעם דערפאָלגרייכן יינגען סקולפּטאָר אין זיין סטודיאָ. ווען גליצענשטיין קומט צום באַרימטן קינסטלער, ווייזט ער אים זיינע ווערק. צווישן אַנדערע: די פּאָפּולערע מאָלעריי „די שפּינערין", וואָס געפינט זיך אין האָלאַנד. אויך „די גענדזנפליקערין" — איצט אין בריסל. אויך אַ סך אַנדערע באַרימטע מאָלערייען פון דעם שאַרפזיניקן דייטש־יידישן קינסטלער מיט וועלכן די בעסערע און אויפריכטיקערע דייטשע געזעלשאַפט האָט זיך געגרויסט. ליבערמאַן דערציילט גליצענשטיינען וועגן זיינע ערשטע קינסטלערישע אָנהויבן און דערפאַרונגען מיט קינסטלער אין דייטשלאַנד. אָבער שפּעטער פאָרט ער קיין פראַנקרייך און ער געפינט דאָרט זיין קינסטלערישן תיקון...

מאַקס ליבערמאַן האָט לאַנגע יאָרן געאַרבעט איבער זיין קינסטלערישע שלימות. זייענדיק אַ זון פון פאַרמעגלעכע עלטערן, זיידנוואַרג־פאַבריקאַנטן, האָט ער געהאַט די מעגלעכקייטן, פּונקט ווי פּאָל סעזאַן, צו טאָן וואָס און ווי אַזוי ער האָט געוואָלט און בכלל צו קענען שאַפן אָן מאַטעריעלע זאָרגן. דעגאַ, דער פראַנצויזישער אימפּרעסיאָניסט און פאַרבנמייסטער, ווערט זיין וועגווייזער. ליבערמאַן פאָרט אויך שפּעטער קיין האָלאַנד וואו ער פאַרפולקאָמט ווייטער זיין קונסט. פראַנץ האַלס, דער ענערגישער און מעכטיקער האָלענדער, גיט אים זיין טעמפּעראַמענט, זיין קראַפט און ענערגיע. דער דייטש־האָלענדישער רעאַליזם, דער געזונטער נאַטוראַליזם, איז פאַקטיש געווען אין ליבערמאַנס נאַטור און כאַראַקטער. די פראַנצויזישע אימפּרעסיאָניסטן און די האָלענדישע זשאַנר־מאָלער האָבן שטענדיק געשאַפן זייערע קונסטווערק אַרום דעם לעבן. מאַקס ליבערמאַנס „פערד ביים ים"־בילדער, אין שעווענינגען; „די אַלטע פרוי מיט דער ציג", וואָס הענגט אין מינכענער פּינאַקאָטעק; „די וואַנדערער" און אַנדערע פון זיינע רייפע ווערק זיינען אין יענער צייט שוין געווען באַרימט מיט דער

שטאַרקער לעבהאַפּטיקייט און שאַרפקייט, ווי שוין געזאָגט, פון די פראַנצויזישע אימפּרעסיאָניסטן און מיטן טעמפּעראַמענט פון די האָלענדער...

מיט דער גרויער פאַרב; מיט דער מעלאַנכאָליש־פלעגמאַטישער גרויקייט און רויקייט, דערמאָנט ליבערמאַן אין איזראַעלס, דעם גרויסן האָלענדישן פּייזאַזשיסט, וואָס איז געווען זיינס אַ פריינד. אָבער דער לעצטער, אין זיינע „אינטעריערס״, מאָלט מיט מער וואַרעמע קאָלירן...

אַזוי אַרום האָט מאַקס ליבערמאַן, דער סאַטירישער ייד, געשאַפן קאָמפּעטיציע צום שטייפן גערמאַנישן קייזער ווילהעלם דעם צווייטן. ליבערמאַנס אויסשטעלונגען, און באַזונדערס זיינע אינטערעסאַנטע און מאָדערנע קונסט־טעאָריעס, ווערן די דעמאָלט־הערשנדיקע קונסט פון דער דייטשער נאַציע, אין קעגנזאַץ צום קייזערס באַגרענעצטע, שאָוויניסטיש־נאַציאָנאַליסטישע אַספּיראַציעס, וואָס האָבן געפּרוווט צו האַמעווען דעם פרייען שוואונג און די אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער קונסט אין דייטשלאַנד. מאַקס ליבערמאַנס מאָלעריי איז שאַרף אין דער כאַראַקטעריסטיק; ברוטאַל אין אויסדרוק. און ער האָט אויך לענגער אויסגעהאַלטן ווי דער דייטשער קייזער מיט די פּאַרריסענע וואָנסעס, וואָס איז מער געזעסן אויפן זאָטל פונעם פערד ווי געגאַנגען אויף זיינע אייגענע פּיס. אין ליבערמאַנס פּערזענלעכקייט איז געווען קלאָרקייט, פּראַקטישקייט און געזונטקייט. ער איז נישט געווען קיין טרוימער און קיין סענטימענטאַליסט. ער איז אגב געווען אַלע יאָרן דירעקטאָר פון דער בערלינער אַקאַדעמיע, אַפילו דעמאָלט ווען דער שטאָלצער קייזער איז שוין געווען אַ לעגענדאַרער „האָלצהעקער״ אין דאָרן, האָלאַנד; און ער איז געווען אַן אָפּענע פיגור פאַר קאַריקאַטוריסטן און זשורנאַליסטישע וויצלער און פּאַמפלעטיסטן אין דער וועלט־פּרעסע ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה...

גליצענשטיין באַקאַנט זיך אויך מיטן קאָנקורענט פון ליבערמאַנען, דעם דייטש־יידישן מאָלער לעסער אורי, וואָס איז געווען אַן איינזידלער (אימיגראַנט) אין בערלין. ביידע יידן, ער און ליבערמאַן, קומען פון דער מענסלישער שולע. לעסער אורי איז געווען דער ראָמאַנטיקער, דער וויזיאָנער און שטאַרק־דעקאָראַטיוו. ליבערמאַן, זיין אַנטיפּאָד, איז געווען פּיקאַנט, ציניש און נערוועז. ליבערמאַנס לירישע מאָטיוון, ווי זיין „שמשון און דלילה״, האָבן געשמעקט מיט וואולגאַריטעט און ברוטאַליטעט. ער איז געווען אוסיגעצייכנט אין זיינע פרייע קאָמפּאָזיציעס. דאַקעגן איז ער געווען אומקינסטלעריש, ציניש און וואולגאַר אין זיינע תנ״ך־בילדער. ווען דער מין מענטש וויל זיך דווקא איבערשטייגן, און זיך זעלבסט באַצווינגען ביים איבערטרייבן זיינע מעגלעכקייטן, דעמאָלט פאַלט ער... דאַקעגן איז לעסער אורי געווען אַ שטילער, רואיקער און עפּעס ווי געהיימעניש־פולער מענטש, פול מיט מיסטעריע און אַן אינערלעכער יום־טובדיקייט. ער איז געווען אַ

פריינדלעכע נאַטור. עפּעס אַ טיפֿער, אַ טויטלעכער און מרה־שחורהדיקער צויבער האָט אין אים געהויערט און געדריקט זיין פאַרבאָרגענעם ווען און פסיכע. גייסטיק איז ער עפּעס געווען אומנאָרמאַל. „עפּעס טיף־ערנסטעס און מאָנומענטאַלס איז אין אים געווען", ציטיר איך גענוי גליצענשטיינס כאַראַקטעריסטיק פון לעסער אורי'ס נשמה. ער איז געשטאָרבן אין זיינע פונפציקער יאָרן, „זיך זעלבסט פאַרניינענדיק". ביי זיין בעט האָט מען געפונען בלויז איין און איינציק בוך: דעם תנ"ך, פון וואַנען ער האָט אייגנטלעך געשעפּט זיין נאַציאָנאַל־גאולהשע אינספּיראַציע.

מאַקס ליבערמאַן האָט געהאַט אַ פרוי און אַן איינציקע טאָכטער. זיין הויז איז געשטאַנען ביים בראַנדענבורגער טויער, אין בערלין. גליצענשטיין פלעגט אָפט ווערן אַהין איינגעלאַדן, און אַזאַ וועלט־באַרימטע און איינפלוסרייכע פערזענלעכקייט ווי מאַקס ליבערמאַן האָט פאַרן יינגערן קינסטלער מיט יידיש־פוילישע מאַניערן ווי אין דעם פריערדיקן יאָרהונדערט, אין דער סביבה פון מאָזעס מענדעלסאָן, דער קליינשטעטלדיקער יידישער דענקער שלמה מיימון, האָט געקענט זיין פון געוואַלדיקן נוצן פאַר זיין קינסטלערישער קאַריערע. אָבער צום באַדויערן, ווי אין די מערסטע פאַלן און ברילִיאַנטענע געלעגנהייטן בשעת זיין גאַנץ לעבן, האָט ער נישט געוואוסט ווי אַזוי אויסצונוצן די גלענצנדיקע געלעגנהייטן. סיי גליצענשטיין און סיי שלמה מיימון זיינען ביידע פאַרבליבן טיפּישע געטאָ־יידן דורך זייערע גאַנצע לעבנס. מאַקס ליבערמאַן, זיכער מיט זיין גרויסן קינסטלערישן טאַלאַנט אין דער דייטשער געזעלשאַפט פון זיין צייט און פאַרמאָגנדיק גלייכצייטיק אַ פעסטן און אַגרעסיוון כאַראַקטער, איז מערסטנס געווען אַן עקסצענטרישע נאַטור, וואָס האָט זיכער געמוזט שאָקירן דעם אַזוי אויך שעמעוודיקן און באַשיידענעם גליצענשטיין. אגב דערמאָנט טאָקע דער לעצטער אַ סך מאָל אַז לעסער אורי איז געווען אַ שטילער און פריינדלעכער מענטש, און פאַרשטייט זיך מער צום האַרצן ווי מאַקס ליבערמאַן. אָבער ליבערמאַן האָט געקענט זיין, פאַרשטייט זיך, אַ סך מער אינסטרומענטאַל פאַרן וואוילזיין און דער קינסטלערישער קאַריערע פון הענעך גליצענשטיין אין דער הויכער און געווייגלעך סנאָביש־פאַרריסענער געזעלשאַפט סיי פון דער ריין־דייטשער און סיי פון דער דייטש־יידישער סביבה, צו וועמען גליצענשטיין האָט געדאַרפט אָנקומען, זייענדיק אַ יינגער קינסטלער און אַ גרויסער אָרעמאַן נאָך דערצו...

מאַקס ליבערמאַן שטאַרבט אין טיפן עלטער, אַ זאַטער אין יאָרן, אין רום און אין כבוד, אויב אַ מענטש, נאָך דערצו אַזאַ אומרואיקע און אומגעזעטיקטע נאַטור ווי ליבערמאַן, קען בכלל זיין זאַט אין יאָרן און אין רום. ער גייט אַוועק אין דער אייביקייט בשעת אַ זייער טרויעריקער צייט פאַרן יידישן פאָלק. ווען דער היטלעריסטישער האַקנקרייץ שטעכט זיך

שפּינאַרטיק אַריין אינעם פלייש און גייסט פון די יידן אין דייטשלאַנד און אין גאַנץ אייראָפּע. אַן אַסימילירטער ייד, ווייט פון דעם יידישן לעבן און פון זיינע קאַמפן און נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס, דערמאָנט ער אין פאַרשידענע באַדייטנדיקע יידישע פּערזענלעכקייטן, פאַר וועמען עס באַקוועם אין די מער־וויניקער בעסערע צייטן צו שווייגן מכוח זייער יידישקייט. אָבער מאַקס ליבערמאַן, דער סאַטיר און דעמאָן, האָט זיך דאָך אין זיינע לעצטע יאָרן געמוזט דערמאָנען אין זיין יידישן אָפּשטאַם, ווי איזאַקאָוו וואַסערמאַן, ווי עמיל לודוויג, ווי אַלפרעד דעבלין, און ווי דער יידיש־פראַנצויזישער פילאָזאָף אַנרי בערגסאָן. און, ער איז אפשר געווען צופרידן אין זיין טיפער עלטער, וואָס דער מלאך המות באַפרייט אים פון אַ שרעקלעכן באַוואוסטזיין... אָבער דאָס געהערט שוין נישט צו דער ליניע פון אונדזער אָנגעצייכנטער אַרבעט...

אין שכנות פון זיין גרונעוואַלדער סטודיאָ און בשכנות פון דר. לודוויג בערס הויז, האָבן געוואוינט די פאַמיליע ראַטענוי, וועלכע גליצענשטיין האָט אָפּט געטראָפן אויף וויכטיקע אויפנאַמעס אין יידיש־דייטשע פאַמיליען־קרייזן. ער האָט זיך אויך עטלעכע מאָל באַגעגנט מיטן יינגן וואָלטער ראַטענוי, די גלענצנדיקע פּערזענלעכקייט און שפּעטערדיקן מאַרטירער וועמען די ערשטע נאַציס אין דייטשלאַנד האָבן אומגעבראַכט אויף אַזאַ אכזריותדיקן אופן.

וואָלטער ראַטענוי האָט אויסגעזען ווי אַ פּרינץ אין אַ פאַנטאַסטישער אָפּערע. דער גורל האָט אים באַשאָנקען מיט אומגעווייינלעכן פיזישן חן און גייסטיקע אייגנשאַפטן וואָס האָבן אַלעמען איבערראַשט און באַאיינדרוקט. ער איז געווען אַ שלימותדיק קונסטווערק פון דער נאַטור. ער האָט פאַרמאָגט אַ ריזיקן באַגאַזש פון וועלט־וויסן און אוניווערסאַלער קולטור. ער האָט פאַרמאָגט אַ גלענצנדיקן געהירנסיסטעם; אַ ראַפינירטע און געשליפענע צונג; אַ שלאָגפאַרטיקן הומאָר; אַ פענאָמענאַלן זכרון; אַ קלוגן קאָפּ; אַ מייסטער פון לשון און אַ קינד פון שיינקייט און גראַציע. ער האָט געקענט ביי די פאַסיקע געלעגנהייטן, אין אַ פרייער מלוכה, אין אַנדערע צייטן און באַדינגונגען, אויסוואַקסן צו זיין אַ קעניג פון אַ גרויס פאָלק, פון אַ שטאָלצער מלוכה. ער האָט אין יעדער סאָרט געזעלשאַפט אויסגענומען מיט זיין גייסט, קולטור, חכמה און חן. ער האָט דערמאָנט סיי אין היינריך היינען, סיי אין פערדינאַנד לאַסאַל, סיי אין קאַרל מאַרקס, סיי אין געטען און סיי אין לעסינג. זיין צויבערהאַפטע פּערזענלעכקייט איז געשטאַנען אין צייכן פון אַ פּרינץ, דניאל פון תנ״ך, און ער איז אויך געווען באַהויכט פון אונדזערע פאַרצייטישע נביאים, וועמענס פלאַמיקע גייסטער באַווירקן נאָך די מענטשהייט אַפילו אין די איצטיקע צייטן און דורות. עס איז געווען אַ גרויסע פּריווילעגיע פאַר גליצענשטיינען זיך צו באַקענען פּערזענלעך מיט אַזאַ ממש לעגענדאַרער פּערזענלעכקייט ווי עס איז געווען דער אומגעוויינלעכער וואַלטער ראַטענוי...

# צוויי קעניגינס און איין הענקער

## (סטעפאַן צווייג: „מערי, קעניגין פון סקאָטלאַנד״)

דאָס בוך „מערי, די קעניגין פון סקאָטלאַנד, און די אינדזלען״, פון דעם יידיש־דייטשן שריפטשטעלער סטעפאַן צווייג, אַ ווערק פון אַרום 366 זייטן, געדרוקט מיט געדיכטע און קליינטשיקע אותיות אויף גרויסע און ברייטע בלעטער, איבערגעזעצט פון דייטש אין דעם ענגלישן לשון, איז ביי מיר געלעגן היפשע יאָרן נישט געלייענטערהייט. מיר לייענען זייער אַ סך ביכער אין אונדזער לעבן, סיי ווען מיר זיינען געזונט און נאָך מער ווען מיר ווערן קראַנק. אייזאַמקייט טרייבט אונדז אָפט צו לייענען ווערק פון פאַרשידענע באַליבטע שרייבער. אָבער מען מוז שטענדיק טראַכטן: וויפיל טויזנטער און אפשר מיליאָנען ביכער ממש לייענען מיר קיינמאָל נישט. בלויז איין און איינציקער אַריינגאַנג אין אַ גרעסערער ביבליאָטעק וועט אונדז איבערצייגן וויפיל ווערטפולע און מאַסיווע בענדער פון דער וועלט־ליטעראַטור מיר האָבן נאָך נישט געלייענט. די קריינקונג איז צוליב דעם וואָס מיר זיינען שוין ווייט נישט קיין יינגע מענטשן. עס איז שוין נישט איבערגעבליבן קיין סך צייט ווען עס איז אין אונדזער לעבן זיי צו לייענען. און דער גייסטיקער הונגער און דורשט איז אַ סך גרעסער פון אונדזערע מעגלעכקייטן...

אָבער אַנומלט, בשעת אַן אומעטיקן אָוונט פון שניי געמישט מיט רעגן, און נאָך דערצו מיט אַ קאַלטן און שניידנדיקן ווינט, ווען מען זעט אַפילו נישט קיין הונט אויף דער גאַס, ווי עס גייט דער זאָג, ווען מיר האָט זיך, ווי אָפט, פאַרבענקט צו לייענען אַ בוך פון אַ דראַמאַטישן, אָריגינעלן און פילפאַרביקן כאַראַקטער, האָב איך גענומען אין דער האַנט אַריין דאָס אויבנדערמאָנטע און שווערטאָמיקע ווערק און, אין משך פון אַ גאַנצן חודש, דורך די מערסטע שפּעטע דרייסיק נעכט, האָב איך שוין דאָס דאָזיקע מערקווירדיקע היסטאָריש־ביאָגראַפישע בוך וועגן אַ זעלטענער פּערזענלעכקייט פון אַ פרוי אין דעם אַלטן אייראָפּע נישט מער אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט...

מיך האָט קודם כל פאַראינטריגירט די רייכע און ראַפינירטע פעדער פון סטעפאַן צווייג. דער שלל אייראָפּייאישע און אוניווערסאַלע קולטור פון דעם דאָזיקן עסטרייכישן ייד וואָס טראָגט זיין נאַטירלעכער אַסימילירטקייט און זיין לעבן אין אַ פרעמדער מיליע, איז ער אין תוך געבליבן אַן עטישער מענטש, אַ געבוירענער פּאַציפיסט, באַווירקט פון די נביאים; אַ היסטאָריש־באַוואוסטזיניקער ייד. און ווי אַזוי אַ ייד, הגם ווי שוין געזאָגט, אַן אַסימילירטער, האָט זיך דאָך געקענט אַזוי שטאַרק פאַרטיפן אין די פּסיכאָלאָגישע איבערלעבענישן פון געבוירענע און טיפּישע נישט־יידן, באַזונדערס וועגן אַזאַ קריסטלעך געשטאַלט ווי די סקאָטישע קייסערינע מערי, אין דער עפּאָכע ווען דער פּראָטעסטאַנטיזם

האָט דערקלערט אַזאַ פאַנאַטישע מלחמה אַנטקעגן דעם פּויפּסטלעכן קאַטוליציזם. מיך האָט אינטריגירט ווי אַזוי סטעפאַן צווייג האָט זיך געקענט פאַרטיפן, קאָנצענטרירן, פאַרשטיין און שעפעריש באַהאַנדלען די דראַמאַטישע לעבנס פון קעניגינס, טראַכטנדיק נישט בלויז וועגן דער קעניגין מערי פון סקאָטלאַנד און וועגן דער מלכה עליזאַבעט טודאָר פון ענגלאַנד; נייערט אויך אין אַ באַזונדערן ווערק, וועגן דעם טראַגישן לעבן פון דער ראָמאַנטישער קעניגין מאַריע אַנטואַנעט פון פראַנקרייך, די טאָכטער פון דער עסטרייכישער אַנטיסעמיטישער הערשערין מאַריאַ טערעזאַ, די שותפטע צו דער צעטיילונג פון פוילן צוזאַמען מיט פרידריך דעם גרויסן און דער צאַריצע יעקאַטערינאַ. מיך האָט איבערראַשט ווי אַזוי סטעפאַן צווייג, ווי ממש מיטן געניאַלן פּענדזל פון אַ טיציאַן, אַ רובענס אָדער אַ רעמבראַנדט, האָט געצייכנט מיט געוואַלדיקער מאַכט, פילפאַרביקייט און פאַרנעם די גרויס־פּאָרטרעטור פון היסטאָרישע וועלט־פּערזענלעכקייטן, און דערצו נאָך מיט אַזוי פיל גראַציע, עלעגאַנץ און עסטייאיסטישער פינעזיע, אויסשעפנדיק אינגאַנצן אַ מוראדיק־קאָמפּליצירטע און פאַרקנוילטע טעמע...

סטעפאַן צווייג וועבט אויס אין זיין לענגערער ביאָגראַפישער נאָוועלע „די קעניגין פון סקאָטלאַנד” אַ מולטיקאָלירטן און רייך־אָריענטאַלישן טעפּעך פון פייער, גאָלד און בלוט... פון קעניגלעכע הויף־אינטריגעס און פון בריענדיקע ליידנשאַפטן; פון מאָרבידע פּאַסיעס נאָך מאַכט, טראָנען און עראָטיק; פון אַמביציעס נאָך לענדער, אוצרות און רייכטימערס; נאָך רייצנדיקע פרויען און נאָך „וויין, ווייב און געזאַנג”, ווי עס גייט דער אוראַלטער זאָג. סטעפאַן צווייג, דער באַרימטער און מייסטערהאַפטער לעבנס־באַשרייבער פון אַזעלכע בונטע און פּולבלוטיקע פּערזענלעכקייטן ווי באַלזאַק, מאַגעלאַן, עראַזמוס פון ראָטערדאַם, טאָלסטאָי, קאַזאַנאָוואַ, באַנוצט זיך ביים שילדערן די טראַגישע קעניגין מערי סטיואַרט, וואָס איז אויך די העלדינע פון איינער פון פרידריך שיללערס בעסטע דראַמעס, און פון אַלע אירע פיינד און שונאים; פון אַלע די גראַנדיעזע כאַראַקטערן וואָס שטייען זיך אויס אין דער געשיכטע און אין דער געשאַפענער ליטעראַטור וועגן זיי ווי גראַניטענע מאָנומענטן, מיט אייגנטלעך צוויי גלייך־טאַלאַנטפולע פּעדערס: די פּען פון דער מיט קולטור אָנגעזאַפּטער עסיי און אויך די פּעדער פון דעם שפּאַנענדיקן און פּראָזאַ־רייכן דערציילער און נאָוועליסט...

די דאָזיקעביידע אומגעוויינלעכע פּעדערס אין איין און דערזעלביקער האַנט טאָן אויף ממש גאָטס וואונדער ווען עס קומט אויס דעם יידיש־עסטרייכישן מחבר צו באַשרייבן שטיקער געשיכטעלעכע עפּאָכע און גלייכצייטיק אַקטועל און דינאַמיש לעבן. סטעפאַן צווייג פאַרוואַנדלט ממש געשיכטע אין רויט־פייערדיקער און אין בלוטיק־ברוטאַלער אַקטואַליטעט, מיט אַלע פאַרבן, אימפּעטן און גליענדיקע לוסטן פון דעם לעבעדיקן, ברויזנדיקן און דינאַמישן לעבן

פונעם ממש היינטצייטיקן טאָג און נאַכט. (איבערהויפּט פון דער געהיימענישפולער, אינטריגע אוןפּאַסיע־אָנגעצונדענער נאַכט...) ער פאַרמאָגט גלייכצייטיק דעם זעלטענעם כישוף דאָס לעבן צו פאַרוואַנדלען אין שטורמישער געשיכטע, ווי אויך עס צו שענקען דעם תיקון פון ממש פאַרפרוירענער און פעלדזיקער אייביקייט. די געשעענישן און די כראָניק פון דער קעגנוואָרט צו באַטראַכטן פון דעם שטאַנדפּונקט פונעם היסטאָריקער. סטעפאַן צווייג שעפּט, פאַרשטייט זיך, פון דער קולטור פון זיין צייט און אויך פון די פריערדיקע געשיכטלעכע עפּאָכעס, ווי דאָס טוט אייגנטלעך שעקספּיר אין זיינע דראַמעס. ער איז אַ מייסטערהאַפטער פּראָזאַ־קינסטלער וואָס האָט, ווי שוין פריער באַמערקט, איינגעזאַפּט אין זיך די סאַמע בעסטע טראַדיציעס פון דער גרויסער אייראָפּייאישער קולטור, און ער באַאַרבעט זיינע טעמעס און האַנדלונגען מיט אַ סך געדולד און אויסדויער. ער באַהאַנדלט ממש גאַנצע בערג מיט שטויביקע און אַרכיוואַלע מאַטעריאַלן און דאָקומענטן מיט אַ מכלומרשטער גלאַטקייט, פּאָלירטקייט און גראַציעזקייט. אים קומט נישט אָן צו־שווער, אַזוי ווייניקסטנס דאַכט זיך אויס דעם לייענער, צו באַאַרבעטן דאָקומענטאַלע אוצרות אין די אַרכיוון; שווערע טאָמען אין ריזיקע ביבליאָטעקן, און שוין כמעט פאַרגעסענע היסטאָרישע פיגורן; זיי אַריינצוגלידערן אויף אַ העכסט־האַרמאָנישן שטייגער אין אַ נאָוועלע מיט אומפאַרגלייכלעכן דראַמאַטישן אינהאַלט און שפּאַנונג. מיט אַן אומגעוויינלעכער רייכקייט, קילקייט און געלאַסנקייט פון שפּראַך רונדיקט ער בעלעטריסטיש אויס אַ קינסטלעריש ווערק. עס ווערט פאַרוואַנדלט ווי מיטן כישוף פון זיין טאָפּלטן טאַלאַנט — עסייאיסט און דערציילער — אין אַ שפּאַנענדיקן ראָמאַן און אין אַ רייצנדיקן ראָמאַנס פון דער וועלט־געשיכטע. עס פאַרמאָגט די גראַנדיעזע פּראַכט פון אַ מוראדיקער און פינצטערער באַלאַדע. עס ווערט צו אַ גליענדיקן אויל־פּאָרטרעט וואָס שילדערט אַ ברויזנדיקן צייט־אָפּשניט. ער לעבט אויף פולבלוטיק, וואַרם און היינטצייטיק־פּולסירנדיק דעם בונטן הינטערגרונט ווי אין אַ פרעסק־מאָלעריי פונעם רענעסאַנס־פּעריאָד, וואָס באַגנוגנט זיך נישט בלויז מיטן הויפּט־פּערסאָנאַזש אינעם פאָדערגרונט פונעם קאַנוועז; נייערט ער מאָלט און שטעלט אויף די פּאַנאָראַמע פונעם הינטערגרונט, מיטן הימל, וועטער, פּייזאַזש און אַרכיטעקטור. ער דעקט אָפּ די הויפּט־ראָליסטן, די אָנטיילנעמער פון מענער און פרויען אין זייערע פייערדיקע אַמביציעס און ליידנשאַפטן. דאָס גאַנצע פאַרענדיקטע ווערק זיינס קריגט צום סוף פון דער אויספירונג און אויפפירונג די פּערפעקציע, די גליקלעכע פאַרענדיקונג און צויבערהאַפטע שלימות פון איין און איינציקער קאָלאָסאַלער פּערל...

סטעפאַן צווייג ווידמעט זיין פילפאַרביקע און גרויס־קולטורעלע פעדער, צוזאַמען מיט זיין אומגעוויינלעכן בעלעטריסטישן טאַלאַנט, זיין מולטירייכן לשון און זיין שוין דערמאָנטן קלאַסישן קולטור־באַגאַזש צו

באַשאַפן אַ פּאָרטרעט פון דער קעניגין מערי פון סקאָטלאַנד, אויפן שטייגער און מיטן פאַרנעם פון אַ וואַן דייק אָדער האַנס האָלביין וואָס האָבן געמאָלן די רייכע פּאָרטרעטן פון דער אַריסטאָקראַטיע אין ענגלאַנד און אין אַנדערע לענדער. די דאָזיקע קעניגין באַשרייבט ער פונעם וויגעלע אָן, ווען זי איז ממש געבוירן געוואָרן אין צייכן פון אַ זעלטענעם און מיסטעריעזן שטערן צו זיין רייצנדיק־שיין, קלוג, קולטור־רייך, וועלט־באַרימט, פיל געליבט און אַ סך געליבט ווי אַמאָל די קעניגין קלעאָפּאַטראַ פון מצרים וואָס צעזאַרס האָבן זיך פאַר איר ליבע געשלאָגן און געפירט בלוטיקע מלחמות; און דערצו נאָך צו טראָגן אויף מעריס פרויאיש־פאַרפירערישן קאָפּ עטלעכע מעכטיקע קרוינען, פון די צו יענער צייט באַדייטנדיקע מדינות אין צענטראַל־אייראָפּע. די קייסערינע מערי איז אַ מערקווירדיקע דאַמע, אַ רייכער כאַראַקטער פול מיט רעטענישן און קאָנטראַסטן, וואָס איז גלייכצייטיק, ווי נישט איין גרויס־פיגור אין דער וועלט־געשיכטע, געבענטשט און פאַרשאָלטן. געבענטשט, ווי געזאָגט, מיט יינג־פרוילעכער שיינקייט, מיט אומגעוויינלעכן רייץ און גראַציעס אַלס פערזענלעכקייט; מיט טאַלאַנט צו שרייבן פּאָעזיע; מיט גייסטרייכע געדאַנקען; מיט אַ פרומען און ריינעם רעליגיעזן האַרצן; מיט אַ ראָמאַנטישן כאַראַקטער; מיט אַן אוצר פון קולטור; מיט אויסגעצייכנטער קלוגשאַפט, אינטואיציע און מיט גרויס חכמה בכלל. אָבער מיט איין קענטיקן און ערנסטן דעפעקט: מיט קנאַפּער פּראַקטישקייט און מיט ווייניק פאַרשטענדעניש פאַר פּאָליטישע פּראָבלעמען און שטאַטסמענישע ענינים. די קעניגין מערי ווערט שוין יינגערהייט קאָנסאָרט צו אַ הערשנדיקן קייסער אין פראַנקרייך, וואָס איז צו יענער צייט אַ וועלט־פאַרנעמיקע מלוכה אין צענטראַל־אייראָפּע. זי טראָגט מיט שטאָלץ אויף איר שיינעם און געלאָקטן פרויענקאָפּ די פראַנצויזישע קרוין. שפּעטער טראָגט זי שוין אויך די קרוין פון סקאָטלאַנד. זי האָט געהאַט דאָס גליק און דאָס אומגליק געבוירן צו ווערן אין דער גרויסער קעניגלעכער סטיואַרט־פאַמיליע אין ענגלאַנד, וואָס האָט איר אויך געגעבן דאָס רעכט אויפן בריטישן טראָן. קעניגין מערי פון סקאָטלאַנד איז כמעט שטענדיק גייסטיק שיכור: שיכור מיט מאַכט און מיט ליבע. (בעסער וואָלט זיין געשריבן: שיכור נאָך מאַכט און נאָך ליבע...) זי איז צו יעדער צייט פון איר לעבן העלדיש און פלאַמיק פאַרליבט. און ליבע ביי אַ פרוי וואָס איז אַ קעניגין, און נאָך דערצו אין אַזאַ קאָמפּליצירטער צייט פון אינטריגעס און מלחמות; מיט אַמביציעזע קייסאָרים אין אייראָפּע און געשיקטע דיפּלאָמאַטן און שפּיאָנען, איז גאַנץ געפערלעך אויב זי פאַרלירט דעם פרעכטיקן קאָפּ אירן אין אַזאַ קריטישער צייט און בלוטיקער עפּאָכע פון רעליגיעזע, פּאָליטישע און סאָציאַל־שטורמדיקע באַוועגונגען און טענדענצן וואָס שמעקן מערסטנס מיט שרויט און פייער. אין דעם פאַל פון דער קעניגין מערי האָט זי נישט בלויז, מליצהדיק גערעדט, פאַרלוירן דעם קאָפּ אירן דורך ליבע, נייערט טאַקע זיך אויסצודריקן גאַנץ ליטעראַל: זי

האָט פאַרלוירן איר רייצנדיקן און קאַרבירטן קאָפּ אויפן גראָבן און מאַסיוון קלאָץ אונטערן תליונס האַק ווייל זי איז נישט געווען גענוג דיפּלאָמאַטיש און אינטריגאַנטיש ווי איר קאָנקורענטקע, די טיפּישע כיטרע נקבה עליזאַבעט די גרויסע...

די קעניגין מערי איז געווען אַ טיף־רעליגיעזע און קאַטויליש־פרומע פרוי וואָס האָט נאָך דערצו היפּש געזינדיקט פאַר אַ צולאָג, און זי האָט נישט געלעבט בשלום מיט דער מאָראַל, ווייל דאָס לעצטע איז ממש געווען אַן אונמעגלעכע זאַך אין איר סביבה, אין איר צייט, אין איר אינטריגע־רייכער און בלוטיקער עפּאָכע. זי איז געבוירן געוואָרן מיט אַ צוויבערהאַפטער נשמה וואָס האָט פאַרמאָגט גרויסע אויגן מיטן אָפּגלאַנץ פון אַלעליידנשאַפטן אין זיי. זי האָט געבריט מיט די ברענענדיקע לוסטן און די געפערלעכע אַמביציעס צו שיינקייט, גלאָריע, איינפלוס, הערשאַפט איבער פירשטן, לענדער און מאַכט איבער פעלקערשאַפטן. זי האָט פאַרמאָגט די באַגערן און די גרויס־קולטור פון אַ פולבלוטיקער רענעסאַנס־דאַמע אין ווענענס אָדערן עס האָט געריזלט דאָס בלוט, די אַפּעטיטן און ליידנשאַפטן פון איר פעטער, דעם קעניג פון די בריטן, הענרי דעם אַכטן, וואָס האָט געלאָזט קעפּן איר מוטער אַנאַ באָלעין. פאַר איר האָבן זיך פאַקטיש געבויגן די געקרוינטע קעפּ פון מאַכטפולע מאָנאַרכן און זייערע קעניגינס־ווייבער; אויך די קעפּ פון מיניסטאָרן און שטאַטסמענער. אַמבאַסאַדאָרן און דיפּלאָמאַטן פון אַלטע און רומרייכע מלוכות האָבן צו איר געשמייכלט און זיך געבוקט מיט הכנעה. זי האָט פאַרמאָגט דעם חן, דעם טאַקט און טאַלאַנט אַלעמען צו געפעלן, איבערהויפּט די מענער פון קולטור, די מאַנצלייט פון חכמה און טאַלאַנט, וועלכע האַלטן קלוגע און פלינקע פעדערס אין זייערע בלייכע הענט וועלכע פאַרנעמען זיך נישט גערן מיט איבעריקס שווערער האָרעוואַניע. זי האָט אויך און אַוודאי געוואונען חן מיט איר פיזישער שיינקייט וואָס זי האָט געירשנט פון שיינע און חנעוודיקע באָבעס און מומעס וואָס האָבן געהערט צו דינאַסטיעס. זי איז געפעלן די מענטשן אין אירע קרייזן פון גלאַנץ און גלאָריע, פון גאָלד און לוסט מיט איר ראַפינירטקייט אין מאָדע און מאַניערן; מיט איר אופן פון רעדן און קליידן זיך; מיט איר צירונג און מיט איר שטעלן דעם טראָט אין גאַנג און אין טאַנץ. אַפילו ביי די באַדינערס פונעם שלאָס וואו זי האָט געוואוינט און געהערשט, האָט זי אַרויסגערופן אַכטונג און ליבשאַפט. ביי די וועכטער פון די געפענגענישן וואו זי האָט יאָרנלאַנג ביטער און טרויעריק געשמאַכט אונטערן פאַלשן און פאַרעטערישן אויג פון דער כיטרער קעניגין עליזאַבעט די „גרויסע" און אירע גרויזאַמע שפּיאָנען און הענקערס, האָט זי געוואונען און געפונען סימפּאַטיע בשעת די פילע יאָרן ווען זי איז פאַרעלטערט און פאַרזשאַווערט געוואָרן אין די קערקערס דורך קריינקונג און קראַנקהייטן. זי איז אָבער דווקא געווען באַליבט ביי די בירגערס פון איר מלוכה; ביי די פירערס פונעם לאַנד און ביי דער העכערער אינטעליגענץ פונעם פאָלק. די קעניגין

איז געבוירן געוואָרן כדי צו לעבן פול מיט כבוד, ווירדע, גלאַנץ, פּאָמפּ, פּראַכט און שיינקייט פון דעם העכסטן גראַד און פאַרנעם...

אָבער, ווי שוין פריער געזאָגט, זי איז אויך געווען אַ פאַרשאָלטענע פון גאָט: איר ראָמאַנטישע נאַטור, איר פּאָעטישער כאַראַקטער, איר טרוימערישע נשמה, איר סענטימענטאַליש האַרץ האָט אַטראָפּירט די פּראַקטישקייט אין איר. וואָרים אַלס די קעניגין פון סקאָטלאַנד און זייענדיק אַ שטענדיקער ריוואַל פון דער אַמביציעזער ענגלישער מלכה עליזאַבעט טודאָר, די פאַנאַטישע און פּוריטאַנישע „בתולה" וואָס האָט היפּש געזינדיקט און איז אויך געווען אַ טאָכטער פון הענרי דעם אַכטן וואָס האָט געעגט און געטויט זיינע פילע ווייבער, האָט די קעניגין מערי געמוזט זיין וואַך צו די כסדרדיקע געפאַרן פון איר קאָמפּליצירטער פּאָזיציע און איר געפערלעכער צייט און סביבה וואָס האָט ממש געברענט אונטער די טריט מיט שנאה, קנאה, גיפט און פאַראַט...

עס איז דעמאָלט געווען, ווי שוין געזאָגט, אַ זייער שטורעמדיקע צייט אין דעם דעמאָלטיקן אייראָפּע. קודם כל דער צוזאַמענשטויס און די פּערמאַנענטע קאָנפליקטן צווישן די צוויי הויפּט־רעליגיעס, דעם קאַטוילציזם און פּראָטעסטאַנטיזם. עס איז אַ מוראדיק געפעכט צווישן די מענער פון העפטיקע ליידנשאַפטן און אַמביציעס. פון אומעטום דראָט אונטערגאַנג, גרויזאַמקייט, תפיסה, פאַראַט און טויט. די קעניגין מערי איז פון דער נאַטור אַ שטאָלצע און ווירדיקע פרוי. פאַלשקייט און דיפּלאָמאַטיש־געמיינע שטיק זיינען צו איר אינגאַנצן פרעמד, כאָטש זי ווערט אין די דאָזיקע נאָבעלע ענינים אומפאַרמיידלעך אַריינגעצויגן, און קעגן איר ווילן, ווענדיק בלייבן קעניגין און אויך נישט חשק האָבנדיק אויפצוגעבן אירע נאַטירלעכע רעכט, לויט איר געבורט און בלוט, אויפן ענגלישן טראָן, וואָס איז געווען באַזעצט דורך אַן אַנדערער, מער דורכגעטריבענער, פאַלשער, פאַנאַטישער, אַמביציעזער און פאַרברעכערישער נקבה פון אַ קעניגין. אַזוי דערפירט דער קעניגין מעריס שטאָלץ און אומבויגזאַמקייט סוף כל סוף צו מוזן לעגן אין איינעם אַ פריען באַגינען איר שיינעם קאָפּ אויפן עשאַפאָט. אירע ליבעס און ראָמאַנסן פירן איר צו מאָרד און אומגליק. איר פרייער כאַראַקטער, איר אומאָפּהענגיקע נאַטור, אירע בריענדיקע געפילן און ליידנשאַפטן, איר ראָמאַנטיש האַרץ, איר פּאָעטישער נשמה פירן איר פונעם סקאָטישן טראָן צו דער תפיסה; פון דעם געפענקעניש צו דעם שוין דערמאָנטן קלאָץ און שרעקלעכן אומקום דורך דער האַק פון דעם געדונגענעם הענקער און קאָלעגע פונעם מלאך המות. די קעניגין גלויבט באמונה שלימה אַז דער טראָן איז פאַר איר באַשטימט געוואָרן דורך דער השגחה. און קיינער נישט, קיין שום מענטשלעך און קיין שום שטערבלעך באַשעפעניש פאַרמאָגט נישט דעם כוח צוצורויבן ביי איר די געזעצלעכע קרוין אַזוי לאַנג ווי זי לעבט און זי הערשט. עס איז נישט אין דער מאַכט פון שטערבלעכע מענטשן צו באַשטימען דאָס וואָס דער רבונו של עולם האָט

פאַר איר מכלומרשט אין פאָרויס באַשטימט. איידער צו פאַרטראָגן חרפה, צער, דערנידערונג און באַליידיקונג, איז די ווירדיקע קעניגין בעסער גרייט צו שטאַרבן. זי לעבט פאַקטיש אין אַ פערמאַנענטן חלום און עקסטאַז. זייענדיק אַ פרומע פרוי, אַן עקסטאַטישע נאַטור, אַ פּאָעטעסע וואָס שרייבט שפּעט ביינאַכט אירע לידער אין איינזאַמקייט, געטרויענדיק צום פּאַפּיר און טינט אירע אמתדיקע געפילן פון האַרצן, ווען אַרום איר הערשן רויבערישע ראָבן און די לופט איז אָנגעזאַפּט מיט פאַלשקייט און אינטריגע, מיט גיפט און גאַל; בשעת זי אַליין איז אַ הערלעך־שיינע פרוי, וואָס איז אָנגעטאָן לויט איר גרויסאַרטיקן געשמאַק אין דעם שענסטן סאַמעט, זייד און אַטלעס; אויסגעצירט אין קעניגלעכן גאָלד, צירונג און בריליאַנטן וואָס פאַרשענערט נאָך פילפאַכיק די שיינקייט און דעם חן מיט וואָס דער אויבערשטער האָט איר באַשאָנקען אין זיין גרויס גענאָד — פאַרמאָגט זי גלייכצייטיק אַ געוואַלדיקן איינפלוס און כישוף אויף מענטשן פון מלוכה, מאַכט און משפּט. די מאַסן מיט שונאים אירע פרוּוון איר צו פאַרניכטן און צו פאַרלענדן ווי בערגער מיט גיפטיקע ווערם. דאַקעגן אירע געשוואוירענע פריינד וואָס זיינען גרייט פאַר איר צו גיין אין פייער און אין וואַסער ביזן האַלדז, קומען אַלע אום ווי געטרייע און פאַנאַטישע ריטער פאַר איר כבוד און רום. זי פאַרכישופט מאַנצלייט אויף אַזוי ווייט אַז זיי זיינען אַפילו גרייט צו באַגיין די בלוטיקסטע פאַרברעכנס פאַר איר מאַכט און קרוין וואָס איז נישט ריין פון בלוט־פלעקן. זי שטעלט זיך אַפילו נישט אָפּ פאַר גאָרנישט אין איר משוגענער שטרעבונג צו הערשאַפט און גלאָריע. אַ פעסטער און אַ מעכטיקער כאַראַקטער, אַ לעגיטים קינד, ווי שוין פריער געזאָגט, פון איר אונמאָראַלישער און פאַרברעכערישער עפּאָכע, געבוירן אין דער סביבה און גיפטיקער לופט פון אַבסאָלוטער מאָראַלאָזיקייט, האַנדלט זי אָבער גיכער לויט אירע ריין־פּרויאישע, סענטימענטאַלע אינסטינקטן און אימפּולסן, ווי לויט דער קעניגלעכער, דיפּלאָמאַטישער נויטווענדיקייט און דער פּאָליטישער טאַקט און חכמה. זי פאַרוואַנדלט אויך סוף כל סוף איר אייגענעם מאַרטירערישן טויט אין אַ גראַנדיעזער מאַניפעסטאַציע, וואָס גייט אַריין מיט טריאומף אין דער היסטאָרישער כראָניק און פון דער כראָניק אין דער ברייטער וועלט־ליטעראַטור. זי איז אידעאַלער און דאַנקבאַרער שטאָף פאַר די ביאָגראַפן פון פאַרב, כאַראַקטער און דראַמע. זי איז אַ העכסט־דראַמאַטישע העלדין פאַר די שריפטשטעלערס וועמענס פעדערס פאַרמאָגן פאַנטאַזיע און זיי טונקען די שפּיצן פון זייערע פענעס אין פייער און אין גאָלד פון זון־אונטערגאַנג. ווי אַ געבוירענע אַקטריסע מיט אַ סך טאַלאַנט טוט זי זיך אָן און זי סטרויעט זיך אויס אין די שענסטע קליידער און אין דער פאַבלהאַפטיקסטער ביזשוטעריע; אין די ליכטיקסטע און בליענדיקסטע צירונג און בריליאַנטנשטיקער, כדי צו שטאַרבן טעאַטראַליש, העלדיש, אַלס אַ קריסטלעכע מאַרטירערין, אַלס אומשולדיקער קרבן פון אירע מכלומרשטיקע איבערצייגונגען. זי שפּילט

פאַקטיש אין איר גראַציעזן און גראַנדיעזן קעניגין־שפּיל ביז צו דער לעצטער סעקונדע פון איר גרויסן לעבן דעם טראַגישן סוף אירן: איר גרויסאַרטיקן שטאַרבן, איר מיטלאַלטערלעך־גרויזאַמע עקזעקוציע, וואָס פּאַרטונקלט פינצטער און פאַרברעכעריש די אימפּעריאַלע מעשים און נצחונות פון דער היפּאָקריטישער אימפּעראַטאָרשע עליזאַבעט די ערשטע, ווי גרויס און גראַנד־היסטאָריש זיי זאָלן נישט זיין, און וויפיל באַדייטנדיק פאַר דער בריטישער אימפּעריע, וואָס דערגרייכט אין איר צייט, דורך איר הערשאַפט, צו דער העכסטער גלאָריע. „אין מיין סוף איז מיין אָנהויב!" — זאָגט די קעניגין מערי ריכטיק און גאַנץ באַוואוסטזיניק אין די סאַמע לעצטע טעג פון איר לעבן. איר עקזעקוציע איז פאַקטיש איר גלאַנצפולע, כאָטש שרעקלעך־בלוטיקע „קאָראָנאַציע..." און ווי געזאָגט, זינט איר טראַגישן סוף האָבן שוין הונדערטער קינסטלער פון נעמען און טאַלאַנט געשאַרפט און אויסגעפרוווט דעם גלאַנץ און די פּראַכט פון זייערע פעדערס אויף איר אומגליקלעכער און גרויס־ראָמאַנטישער לעבנס־געשיכטע...

דאָס הויפּט־אומגליק פון דער קעניגין מערי פון סקאָטלאַנד איז דאָס וואָס דער רבונו של עולם האָט איר צוגעשיקט אַ קאָנקורענטקע, אַ פרוי, וואָס איז פאַר איר געוועזן אַזוי געפערלעך ווי דער מלאך המות: דאָס איז די שוין פיל מאָל דערמאָנטע ענגלישע הערשערין עליזאַבעט די גרויסע. זי איז אַ מערקווירדיק געשטאַלט און אַ פולבלוטיקער כאַראַקטער פון אַן ענגהאַרציקער, אַמביציעזער און פאַנאַטישער פיגור אין דער וועלט־געשיכטע. סטעפאַן צווייג שילדערט זי מיט די בונטע פאַרבן פון אַ רובענס ממש: אַן עלטערע „בתולה" וואָס איז פון דער נאַטור פאַרקריפּלט אַלס פרוי. זי איז כמעט שטענדיק היסטעריש, טאָפּלפּנימדיק, אומדעצידירט, פּאָזעריש, דיפּלאָמאַטיש־פאַלש, אייפערזוכטיק און גרויזאַם ביז אכזריות און בלוטדורשטיקייט. אַ געבוירענע בעל־נקמה וואָס געטרויט זיך נישט צו קיין שום מענטשן אויף דער ערד. בפרט צו יענע וועמען זי איז חושד אַז מען וויל איר שלעכטס טאָן, ווי צוצורויבן איר קרוין, וואָס איז נאַטירלעך ביי איר דאָס ערגסטע שלעכטס. בשעת זי שרייבט ממש זיסע און צאַרטע בריוו וואָס זיינען פול מיט פאַלשע ליבשאַפטס־דעקלאַראַציעס און דעקלאַמאַציעס צו איר מכלומרשטער „שוועסטער", די קעניגין מערי, גראָבט זי גלייכצייטיק פאַר איר אַ קבר מיט אַן אייזערנער לאָפּעטע אין דער ליימיקער ערד און זי הייסט דעם הענקער פריער שאַרפן די האַק פאַר איר „שוועסטערס" דעליקאַטן האַלדז...

גאַנצע צוואַנציק יאָר צייט האַלט די דאָזיקע גוטהאַרציקע קעניגין עליזאַבעט אין תפיסה געפאַנגען איר נאַטירלעכע קאָנקורענטקע, די קייסערינע מערי. אַזוי לאַנג ווי עס לעבט און אָטעמט די דאָזיקע אַמביציעזע פרוי, איר קאָנקורענטקע אויפן בריטישן טראָן, איז עליזאַבעט אומרואיק און אומזיכער. (ווי שרייבט שעקספּיר: אומרואיק ליגט ביינאַכט

דעם קייסערס קאָפּ. איך ציטיר פון זכרון). ענדלעך דערלויבט זי אירע געטרייע קנעכט און תלינים צו משפּטן די סקאָטלענדישע קעניגין. זיי פאַראורטיילן איר צום טויט, פאַרשטייט זיך, אויף עליזאַבעטס כיטרען וואונק און פרומער אויגנגלאָצעניש. אָבער זי „מישט זיך מכלומרשט נישט פערזענלעך״ אינעם גאַנג פון דעם פּראָצעס. אירע ריכטער און הענקער ווייסן אָבער וואויל איר אמתדיקע כוונה, איר הינטישע, נאָכמער: איר טיגערישע שנאה צו דער סקאָטישער „שוועסטער״ אירער און זיי טאָן צוליב, פאַרשטייט זיך, זייער גענעדיקער מלכה, אַז ברענען מעגן אירע ביינער אין גהינום ביזן היינטיקן טאָג פאַר די לעבנס־לאַנגע פּייניקונגען וואָס זי האָט אָנגעטאָן צו דער קעניגין פון סקאָטלאַנד, איר כסדר שרייבנדיק מכלומרשטער ליבע־בריוו אין דער טורמע, וואו זי זיצט צוויי צענדליק יאָר צייט אַ געפאַנגענע אין איר מלוכה און אויף איר דירעקטן באַפעל, פאַרשטייט זיך...

יאָ, זיי האַקן איר אָפּ אין אַ באַגינען דעם פּרעכטיקן ווייבלעכן קאָפּ. נאָכדעם איז די בריטישע קעניגין שוין געזיכערט מיט איר טראָן. די דאַרע און מיאוסע נקבה עליזאַבעט לעבט דערנאָך, נאָכן שענדלעכן טויט פון איר „שוועסטער״, נאָך אַ גענוג לאַנגען לעבן פון גלאָריע און כבוד, ביז איר זיבעציק־יאָריקן עלטער. זי האָט נעבעך נישט קיין חשק אַרויסצולאָזן די ריזיקע ענגלישע קרוין פון אירע אַלטע און ציטערנדיקע הענט וואָס זשאַווערן געלע און מיאוסע. איר שאַרבן טוט איר ממש וויי פון דער קרוינס ריזיקער וואָג. זי וואָלט גערן געקעפּט מיט דער האַק אין איר האַנט דעם קאָפּ פון איר אייגענעם הענקער — דעם מלאך המות אַליין, ווען זי וואָלט נאָר אומשטאַנד געווען. אָבער אירעזשאַווער־רויטע הענט, ווי שוין געזאָגט, ציטערן. די קראַנקהאַפטע קייסערינע עליזאַבעט, מיט בולטע אינסטינקטן פון אכזריות און גרויזאַמקייט; מיט גאָר די פעלערן פון אַ כיטרער און אינטריגאַנטישער נקבה, שטייט ביים סאַמע אויפגאַנג און אויפשטראַל פון דער ענגלישער אימפּעריע וואָס וועט ווערן איינגעשרומפּן ערשט אַרום דריי הונדערט יאָר שפּעטער, אין דער עפּאָכע פון קעניג דזשאָרזש דעם זעקסטן, בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, און אַוודאי אונטער דער הערשאַפט פון דער, ווי מיר דאַכט זיך, לעצטער בריטישער קעניגין עליזאַבעט די צווייטע. אין דער צייט פון עליזאַבעטס דער גרויסער הערשאַפט ווערט אויף אייביק געבראָכן די מאַכט און דער גאָלדענער סצעפּטער פון דער אימפּעריאַלער גרויס־הישפּאַניע, מיט אַלע אירע דעראָבערטע קאָלאָניעס אויף דער אַנדערער זייט פונעם אַטלאַנטיק. די שפּאַנישע אַרמאַדע פונעם קעניג פיליפּ דעם צווייטן ווערט צעקלאַפּט פון דער נאַטורס בייזע ווינטן וואָס דינען אין דעם היסטאָרישן מאָמענט אַזוי קנעכטיש־געטריי צו דער קעניגין עליזאַבעט. דער זיגרייכער ענגלישער פלאָט האָט אויך, נאַטירלעך, אַ היפּשן חלק אין איר נצחון איבער דער דעמאָלטיקער גרויס־שפּאַניע. און, ווי אַלע ווייסן שוין פון די בערגער מיט ביכער וועגן וועלט־היסטאָריע וואָס די סטודענטן לערנען

אין די שולעס זינט יאָרהונדערטער לאַנג, גייט די געקרוינטע בתולה אַריין אין דער געשיכטע אַלס די קייסערינע עליזאַבעט די גרויסע. אַפילו אַ יידישער שטאַטסמאַן און טאַלאַנטפולער ראָמאַניסט פון יידישן משיחיזם, בנימין דיזראַעלי, וועט מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער אויך דינען אומדירעקט איר צוועק: די פאַרגרעסערונג פון אַן אימפּעריע אין וועמענס פיזישע גרענעצן די זון גייט מכלומרשט קיינמאָל נישט אונטער...

אָבער די קעניגין עליזאַבעט, אין וועמענס צייט די בריטישע אימפּעריע דערגייט צו איר העכסטער גלאָריע סיי אַלס וועלט־מאַכט און סיי אַלס קולטור־צענטער, און וואו עס שאַפן אַזעלכע גייסטיקע גיבורים ווי שעקספּיר, זשאַנסאָן און מאַרלאָו, איז די הויפּט־צרה פון דער קעניגין מערי פון סקאָטלאַנד. עס שטייען איינע אַנטקעגן דער אַנדערער אין אַ טויטלעכן קאַמף צוויי קייסערינעס צוליב איין קרוין; איינע, די סקאָטלענדישע פרוי, איז געבוירן געוואָרן פאַר ליבע, פאַר ראָמאַנס, פאַר דער שיינער ליטעראַטור און געשליפענער פּאָעזיע; פאַרן רעליגיעזן עקסטאַז אין איר אַבסאָלוטן גלויבן אַז די גאָלדענע קרוין באַזעצט מיט די קאָסטבאַרסטע איידלשטיינער קומט איר פון גאָט אַליין, וועמענס דערבאַרעמדיקע האַנט האָט אָנגעטאָן אין דעם מאָמענט פון איר געבורט אויף איר געבענטשטן קאָפּ. די צווייטע פרוי, די קייסערינע עליזאַבעט, מיט דערזעלביקער איבערצייגונג אַז כאָטש די קעניגלעכע קרוין ווערט געגעבן דירעקט פון גאָט צו די אויסדערוויילטע הערשער, מוז מען זי אָבער טאָג און נאַכט פאַרטיידיקן מיט דער שווערד, אָפּהיטן מיט אַרמייען, און שטענדיק זי דעראָבערן אויפדאָסניי מיט דער הילף פון ראַפינירטע דיפּלאָמאַטן, שפּיאָנען, אינטריגאַנטן, אויסוואורפן און אַפילו הענקער מיט אָנגעשאַרפטע העק און קינזשאַלן. יאָ, ווען עס איז נויטיק אָנצוהאַלטן פעסט אויפן קאָפּ די בריטישע קרוין כדי זי זאָל זיך חלילה נישט אַ וואַקל טאָן אַפילו אינמיטן נאַכט, ווען די מלכה דרימלט איין אַזאַ נערוועזע און אומרואיקע, איז עס נויטיק צו טאָן אַפילו דורך גראָבער חניפה, פאַלשקייט, פּאָזע, אינטריגע, אָנשטעל, זיסע רייד, נישט געמיינטע ליבע־בריוו, דיפּלאָמאַטיע, מערדעריי און בוטשעריי...

דערצו זאָרגט זי זיך אויך צו בלייבן שטיין פאַר דער געשיכטע אַלס מכלומרשט ריינע, מאָראַלישע און תמיד־גערעכטע פּערזענלעכקייט, מישטיינס געזאָגט. זי זאָרגט שטענדיק אויף אַ קונציקן שטייגער אַז אין אירע פאַרברעכנס זאָל די געשיכטע באַשולדיקן דווקא אירע מיניסטאָרן און עצה־געבערס, אירע געליבטע און פאַוואָריטן. זי האַלט זיך נעבעך אין איין זאָרגן פאַרן משפט פון דער געשיכטע, ווי עס טאָן דאָס געוויינלעך אַלע הערשער אין די פאַרגאַנגענע יאָרטויזנטער וואָס אָדער זיי שרייבן אַליין געשיכטע ווי יוליוס צעזאַר, אָדער זיי לאָזן שרייבן די געשיכטע פון זייערע מלחמות און נצחונות דורך אַנדערע היסטאָריקער, וואָס קריגן פון זיי באַצאָלט מיט טיטולן, גיטער, כבוד, גאָלד און פרויען וואָס אינטריגירן און שפּיאָנירן אויך אונטער אין זייערע פרייע צייטן...

פאַרשטייט זיך אַז די קעניגין מערי מוז פון פּאָרויס פאַרלירן איר קאַמף פאַר מאַכט און דעם בריטישן טראָן דורך אומגלייכן קאַמף פון אַזאַ אינטריגירנדיקער דאַמע ווי עס איז די ענגלישע הערשערין וואָס איז וויניקער ראָמאַנטיש און מער פּראַקטיש און אכזריותדיק ווי איר געליבטע „שוועסטער״. אַנטקעגן דער קעניגין מערי שטייט אויך פול מיט שנאה און פאַראַכטונג איר אייגענע סקאָטישע אַריסטאָקראַטיע. אירע לאַנדס־אַדעליקע זיינען פּאַקטיש אַ באַנדע ציניש קאַריערים און פּשוטע רויבער. זיי צייכענען זיך טאָג און נאַכט בלויז אויס אין אומענדלעכע יאַגד־עקספּעדיציעס, אין פּוסטע געמבלערייען און אין פאַרעטערישע אינטריגעס. די מערסטע אינטריגאַנטן פון זיי קריגן רעגולער אויסגעצאָלט שפּיאָנאַזש־געלד דירעקט פון דער קאַסע פון דער ענגלישער קייסערינע. אַפילו דער קעניגין מעריס אייגענער שטיף־ברודער, אַזוי ווי איר צווייטער מאַן, לאָרד דאַרנלי, קריגן כאַבאַר פון דער קעניגין עליזאַבעט. וואָס שייך די ענגלישע דיפּלאָמאַטן, זיינען זיי אַלע אָן אויסנאַם געמיינע ברואים וואָס קומען קיין סקאָטלאַנד כדי צו שפּיאָנירן פאַר דער בריטישער הערשערין. לאָרד סעסיל, עליזאַבעטס הויפּט בעל־יועץ, איז אַ צוויי פּנימדיקער דיפּלאָמאַט, ענלעך צו די חניפהדיקע דיפּלאָמאַטן פון אונדזערע צייטן. די גאָר געציילטע פריינד וואָס די קעניגן מערי פאַרמאָגט נאָך, ווערן איינציקווייז אומגעבראַכט אויף אַ גרויזאַמען אופן. דערצו פּרעדיקט נאָך אין דער סקאָטישער קירכע דער באַרימטער גלח דזשאַן נאָקס, אַ פאַנצטערער פּראָטעסטאַנטישער פאַנאַטיקער, אַ סאָרט טאָרקוועמאַדאַ. ער איז אַ דעספּאָט און אַ שוידערלעכער שונא פון דער סקאָטישער קעניגין, וועלכער רופט אָפענערהייט צו איר פאַרניכטונג, מכלומרשט צוליב אירע מאָראַלישע זינד — אָבער אין דער אמתן האָט ער זי פיינט אַלס אַ פאָרשטייערין פונעם קאַטוילציזם אין סקאָטלאַנד. די נייע רעליגיע, דער פּראָטעסטאַנטיזם, איז פונקט אַזוי פינצטער, פאַנאַטיש און רציחהדיק צו די מכלומרשטיקע הערעטיקער ווי די קאַטוילישע אינקוויזיציע. זייער שנאה איז בלוטיק און גאָטלאָז. אין נאָמען פונעם אַלמעכטיקן אין הימל רויבט מען, שעכט מען, שענדעט מען, גזלט מען און מען פּלאַנעוועט כסדר מערדעריי און רויבעריי. די רעליגיעזע קאַמפן זיינען אכזריותדיקע. אין דעם סיניסטערישן געשטאַלט פון דזשאַן נאָקס מאָלט סטעפאַן צווייג אַ קלאַסישן מאָדעל פון אַ טיפּישן אינקוויזיטאָר וואָס איז אימשטאַנד צו פאַרגיסן דאָס בלוט פון גאַנצע פעלקער פאַר זיין דאָגמע און דאָקטרין. די דאָזיקע רעליגיעזע אויסוואורפן רעדן כסדר בלויז אין נאָמען פון דעם רבונו של עולם...

אגב איז די געשיכטע פון די קאַטוילישע און פּראָטעסטאַנטישע מערדערייען אַ געשיכטע נישט בלויז פאַר איין מאַסיוון און געשוואָלענעם באַנד, נייערט מען באַדאַרף וועגן זייערע פאַרברעכנס אָנשרייבן אַ ריזיקע ביבליאָטעק מיט שווערע טאָמען. עס איז אַ גרויזאַמע געשיכטע וואָס חזרט

זיך געניי איבער אין אונדזערע טרויעריקע טעג מיט די מאָנסטערישע און מאַנספאַרברעכנס פון די היינטיקע צעזאַרס: די היטלערס, סטאַלינס, מוסאָלינים און די אַראַבישע קעניגן, סאַטראַפּן און שייכן. מען מעג אויך פריי צוגעבן: די פאַרברעכנס און די פאַרעטערישע פּאָליטיק פון די קאָלאָניאַלע פעלקער, איינגעשלאָסן ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. אַ פּאָליטיק, וואָס פירט תמיד צו נייע נידעריקע פאַרברעכנס און מערדערייען פון גאַנצע מדינות, וואָס אויב זיי קריגן נאָר די פרייהייט און אָפּהענגיקייט, ווערן זיי אכזריותדיק און בלוטדורשטיקער ווי זייערע נעכטיקע אימפּעריאַליסטישע הערשער. אין אונדזערע טעג זען מיר דאָס ווי אַזוי די ריזיקע סאָוויעטישע אימפּעריע באַגייט זיך מיט אירע סאַטעליטן, פּונקט ווי די פאַרצייטישע רוימישע אימפּעריע האָט געהאַנדלט בנוגע אירע פאַרשקלאַפטע קאָלאָניעס און שקלאַפן...

סטעפאַן צווייגס מייסטערווערק „מערי, די קעניגין פון סקאָטלאַנד", דעקט אָפּ און דעמאַסקירט דאָס אַלט־נייע פּראָבלעם: דאָס אייביקע שלעכטס און אכזריותדיקייט פונעם מענטש; די געמיינקייט פונעם מענטשלעכן כאַראַקטער; זיין מוראדיקער טאַלאַנט צו מאָרד און פאַרברעכן; זיין בלוטיקע נטיה צו אינטריגע, פאַלשקייט און פאַראַט, וועלכע שוין דער פּאָעט דאַנטע האָט געשילדערט אין אַ רייכער שפּראַך מיט אַרום 700 יאָר צוריק אין זיין „געטלעכע קאָמעדיע"; און וועמען שעקספּיר האָט געשאָנקען די קראַפט פון זיין געניוש אַרויסצוברענגען די היפּאָקריטישע פּרצופים פון די רישאַרדס און אַנדערע בריטישע קעניגן. לייענענדיק סטעפאַן צווייגס בריליאַנטענע פּראָזע גייט אויף דאָס דראַכנהאַפטע געשטאַלט פונעם מין מענטש אויף דער פּאָן פון די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער — אַ מאָנסטערדיקע חיה. און עס ווערט אויך קלאָר פאַרן לייענער ווי אַזוי דער מענטש פון פאַרצייטישער געשיכטע איז געניי אַ קאָפּיע און אַ ברודער פונעם היינטיקן פאַרדאָרבענעם און אימפאַרשעמטן מענטש. עס ווערט קלאָר ווי אַזוי די פאַרברעכנס פון אונזער צייט זיינען פּונקט אַזוי געניי פאָרגעקומען אין דעם אַלטערטום, אינעם מיטלאַלטער און אין דער נייער צייט. און ווי אַזוי דער צביעקישער מין מענטש צווינגט אַריין אויך גאָט צו ווערן אַ מכלומרשטער שותף אין זיינע, דעם מענטשנס, זינד און שענדונגען. ווי אַזוי דער מענטש איז אימשטאַנד מיט זיין וואַנזיניקן טיראַניזם און סאַדיזם צו פאַרניכטן גאָר דאָס געטלעכע וועלט־באַשאַף, אויסצולעשן אין הימל די שטערן, צו פאַרלעשן דאָס ליכט פונעם קאָסמאָס און ממש אויפצורייסן דעם גאָרן אוניווערס, אויב דאָס איז איבערהויפּט מעגלעך...

אויפן הינטערגרונד פון אַ געוואַלדיקער דראַמאַטישער עפּאָכע אין דער וועלט־געשיכטע שילדערט דער יידישער מחבר סטעפאַן צווייג, דער פריינט פון דר. טעאָדאָר הערצל און דער מחבר פון דער דראַמע וועגן דעם נביא ירמיהו; דער פּאַציפיסט און פאַרערער פון דעם נאָבעלן גייסט און הומאַניסט ראָמאַן ראָלאַן; אין אַ גראַנדיעזן פרעסק, מיט גרויס־מאָלערישן

פאַרנעם, און אין גרויסאַרטיקער פּען־פּאָרטרעטור, די כאַראַקטערן און געשטאַלטן; די עקשנותדיקע ריוואַלן אין היסטאָרישע דועלן, אין הויף־אינטריגעס, אין הענקערישע מעשים פון די קייסאָרים; אין מכלומרשטער ליבשאַפט און אין אמתדיקער שנאה; אין שלאַכטן, פעסטיוואַלן, קאַרנאַוואַל־פייערונגען און פיעסטאַס; אין אויסגעלאַסענע אָרגיעס, סעודות און פאַרברעכנס. דורך דער קינסטלערישער קראַפט פון זיין העכסט־ראַפינירטער עסייאיסטיק און מייסטערהאַפטער בעלעטריסטיק; פלוס זיין ריזיקן באַגאַזש פון גרויס־קולטור פון דער וועלט, און פון אייראָפּע בפרט, גלענצנדיק קאָנצענטרירט בלויז אין געציילטע פּאָרשטייער פון עטלעכע אינטעלעקטועלע, קינסטלערישע און פּאָליטישע העלדן — ברענגט סטעפאַן צווייג אַרויס אַ גראַנדיעזע באַשרייבונג פון אַן עפּאָכע וואָס אַמוזירט אונדז עסטעטיש בשעתן לייענען, אָבער וואָס מאַכט אונדז אויפציטערן ווען ער שילדערט איר גרויזאַמקייט און פאַלשקייט. דורך אַ שלל עלעמענטן פון קאָנפליקטן, קאָנטראַסטן, צוזאַמענשטויסן און קאַטאַסטראָפעס פון ריזיקע געשטאַלטן פון מאַכט, אַמביציע, פאַרנעם און אַטמאָספערע, ווערט געבוירן אַן אומפאַרגלייכלעך מייסטערווערק פון שלימותדיקער שרייבערישער קונסט, פון פולקאָמענער האַרמאָניע און איינהייטלעכקייט פון דער ביאָגראַפיע פון אַ קעניגין, וועמענס לעבן און דראַמע לייכט אויף ווי אַ בליץ אין דער פינצטערער נאַכט פון דעם זעכצנטן יאָרהונדערט; עפּעס ווי אַ בליציקער און בלוטיקער ברילִיאַנט; אַ שעדעווער פון אַ ווערק ווי אויסגעגאָסן פון איין בראָנדזענעם גאָס. אַ ריזיקער טראָפּן פון פייער, בלוט און גאָלד...

יעדעס יאָר ווערט געוויינלעך די קולטור פון דער וועלט באַשאָנקען און געבענטשט מיט אַלץ נייע ביאָגראַפיעס וועגן דער סקאָטישער קעניגין. פונדעסטוועגן דענק איך אַז סטעפאַן צווייגס ביאָגראַפיש ווערק וועט, דאַכט זיך מיר, לעבן אַזוי לאַנג און קאָנקורירן דערפאָלגרייך מיט די סאַמע נייעסטע לעבנס־געשיכטעס, אַזוי לאַנג ווי דער לייענער וועט נישט מיד ווערן צו זיין פאַסצינירט פון איר מערקווירדיקער פערזענלעכקייט וואָס האָט זיך מעטעאָריש דורכגעטראָגן אויפן הימל פון אַ שטורעמדיקער עפּאָכע, וואָס האָט אויך מעגלעך געמאַכט די דערשיינונג פון אַזאַ געניאַלן פאַרפאַסער ווי וויליאַם שעקספּיר, אין וועמענס דראַמעס די קייסאָרים פון דער געשיכטע שטייען זיך אויס ווי בלוטיק־באַלויכטענע זיילן פון דער ערד ביזן הימל. זיי שטייען נאַקעטערהייט אויסגעטאָן פון זייער זינדיקן פלייש און אָנגעשטאָכן מיט פיילן און קינזשאַלן פון מאָרד אויף די ביינער פון זייערע צעבראָכענע סקעלעטן...

## מאָפּאַסאַנס דאָקטאָר

### וועגן דעם סענסאַציאָנעלן בוך זכרונות פון אַקסעל מונטע

ווער נאָך איז אַזוי נאָענט צו מענטשלעכע ליידן, צו די זומפּן פון

לעבן, צום טרויעריקן אָפּפאַל פון דער געזעלשאַפט, צו דער טיפסטער אָרעמקייט און צום לעבעדיקן פלייש וואָס פוילט אין די תפיסות, שפּיטעלער און זקנים־הייזער ווי עס איז אַ דאָקטאָר? דר. אַקסעל מונטע, אין זיין אייגענער איינזאַמקייט, זייענדיק אַליין אַ לעגענדאַרער דאָקטאָר, שרייבט אַ בוך „די געשיכטע פון סאַן מישעל". מען לייענט דורך דאָס בוך און מען ווייסט נישט צי זיינען עס אויסגעטראַכטע מעשיות און פאַנטאַזיעס אָדער פאַקטישע מעמוארן פון דעם לאַנגן לעבן אין דער גרויסער פּראַקטיק פון אַ וועלט־געריכטן דאָקטאָר וואָס האָט געלעבט און געווירקט אין די רייכע קוואַרטאַלן פון פּאָפּולערע שטעט אין צענטראַל־אייראָפּייאישע לענדער. מען ווייסט אויך נישט צי דאָס דאָזיקע אומגעוויינלעכע בוך איז געשריבן געוואָרן מיטן צוועק צו דעמאַסקירן די שוואַכקייט, די קאַרגשאַפט, די נישטיקייט און די גרויזאַמקייט פון די מענטשן, אָדער איז עס אַזוי גלענצנדיק געשאַפן געוואָרן אין אַ רייכער שפּראַך און געשליפענעם סטיל, מיט וועלט־חכמה און עספּרי, כדי צו דערוועקן אין די פאַרשטיינערטע הערצער פון די מענטשן רחמנות צו די אומגליקלעכע און פאַרשטויסענע פּאַריאַס און האָבאָס אין די זייטיקע געגנטן וואו די ברודיקע קאַנאַלן שטייען אייביק אומבאַוועגלעכע און פאַרשטונקענע, און די משוגענע שוואָמען וואַקסן אויף די ווענט אין די אָרעמע קעלערן און בוידעם־שטיבלעך, און מגפות פון דער כאָלערע פאַנעווען יעדן זומער בשעת די הייסע חדשים? צי לאַכט אָפּ און חוזקט דער געהיימענישפולער מחבר פון זיינע אומבאַהאָלפענע פּאַציענטן וואָס פאַרגעטערן אים ממש, אָדער ווערט ער דורכגענומען פון אַ טיפן באַדויער און אמתדיקן מיטלייד צו גאָר די ברואים, און ער איז באַוועלטיקט פון אַן אויפריכטיקן פאַרלאַנג אין זיין מענטשלעכן האַרצן זיי צו העלפן מיט זיין טייסטער פול מיט באַנקנאָטן, מיט דעם גאָלד פון דער ירושה וואָס זיינע זיידעס און באָבעס, די לעגענדאַרע אייגנטימער פון גאָלד־גרובנס אין אַפריקע און פון גלענצנדיקע האָטעלן און קאַסינאָס אין די הויפּט־שטעט פון דער וועלט? וועלכע נאָבעלע נאַטור און אַריסטאָקראַטישע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן פאַרמאָגט דער שוועדישער מחבר? צי איז ער דעם הימלס אַ פאַרבלאָנדזשעטער מלאך וואָס פאַרברענגט בײנאַכט אין די פאַרדעכטיקע קרעטשמעס און רייך־באַלויכטענע וויינקעלערן פון רוים, פּאַריז, וויען און בערלין, אָדער איז ער אַזאַ מעפיסטאָפעלעס וואָס פאַרקלייבט זיך אין שפּעטן האַרבסט אויף אַן אינדזל וואָס הייסט קאַפּרי, אין דער אַלטער ווילאַ אויפן באַרג וואו גאָרקי האָט געוואוינט, און ער באַשרייבט זיינע געסט, זיינע פּאַציענטן, זיינע פריינד, זיינע געליבטע און זיינע קרבנות? צי איז ער אַ גלגול פון דעם קריסטלעכן טעאָלאָג פראַנציסקוס פון אַסיז, וועלכער גלעט די קרעציקע און היילט זיי מיט זיינע וואַרעמע הענט און ער שפּייזט אין לויטערע טעג זיינע ברידער־ראָבן און זיינע שוועסטער־טויבן; אָדער איז ער אַ ליידנשאַפטלעכער קאַזאַנאָוואַ פון ווענעציע וואָס געמבלט דורך די נעכט

מיט רוסישע פירשטן און מיט איטאַליענישע פּרינצן פון רומרייכע קעניגלעכע פאַמיליעס? וואָס איז אַ שווינדלער און באַטריגער; אַ דאָן זשואַן וואָס פאַרפירט די בתולות פון גוטע פאַמיליעס; וואָס באַרגט און באַרויבט די אַריסטאָקראַטישע טוריסטן אין ניצע און ספּאַ, און ער איז אַ פאַרברענטער ליבהאָבער פון דעם רייצנדיקן ווייבלעכן פאָלק? האָט אַקסעל מונטע ביים סוף פון זיינע טעג געקענט זאָגן צום מלאך המות: קלאַפּ אָן אין דער טיר פון מיין פּאַלאַץ, ווענענס אייגנטימער, דעם אַלטן אַריסטאָקראַט, איך האָב מיט דער באַגלייטונג פון פּאַגאַניניס און פערגאַלעזעס מוזיק איידעלערהייט און פריינדלעך פאַרסמט — כ׳זי איך זאָל דיר קענען זאָגן: נעם צו מיין נשמה ווייל איך האָב גליקלעך געלעבט און בין זאַט מיט פאַרגעניגנס — אָדער האָט ער זיך אַ שטאַרבנדיקער יאָרנלאַנג אויף זיין בעט געבאָדן אין טרערן פון טרויער, באַדויער און זעלבסט־מיטלייד?!...

צענדליקער שאלות און נאָך מער שטעלן זיך בשעתן לייענען דאָס זעלטענע בוך. און אויף אַלע רעטענישן וועגן זיין פאַנטאַסטישן לעבן פּרוּוון אייגנטלעך צו געבן אַן ענטפער די בלעטער פונעם בוך: „די געשיכטע פון סאַן מישעל“. אָבער צום לייענער איז דאָך איבערהויפּט נישט קלאָר ווער דער אַקסעל מונטע איז אַליין? איז עס נישט אַמאָל דער פּסעוודאָנים פון אַ שריפטשטעלער וואָס האָט אַלע זיינע העלדן פון די שפּאַנענדיקע קאַפּיטלעך אַליין אויסגעטראַכט פּונקט ווי גאָט טראַכט אויס זיינע מלאָכים? קען עס דען מעגלעך זיין אַז דאָס דאָזיקע בוך וואָס איז אָנגעשטאָפּט מיט סענסאַציעס און שטוינענדיקע עפּיזאָדן, זאָל גאָר זיין איין גרויסער ליגן? ווער עס איז באמת געווען אַקסעל מונטע פּערזענלעך, איז זייער שווער צו זאָגן אָדער צו באַשטעטיקן שוין אַפילו נאָכן האָבן געלייענט דאָס בוך. ווער עס האָט באַנוצט אַזאַ צויבערהאַפטע און מולטיקאָלירטע פעדער כדי אָנצושרייבן דאָס דאָזיקע לירישע און מעלאָדיעזע בוך וואָס איז פול מיט טרויער און הומאָר, מיט חכמה און אפשר אויך מיט שאַרלאַטאַנסטוואָ און ציניזם, האָט געשאַפן אויב נישט אַן אַבסאָלוט קינסטלערישן שעדעווער, איז אָבער איינס פון די מערקווירדיקסטע קוריאָזיטעטן אין דער וועלט־ליטעראַטור. עס איז דאָך סוף כל סוף נישט קיין וואַזשנער חילוק צי אַן אַקטיאָר מיטן נאָמען וויליאַם שעקספּיר, אָדער דער פּאָטער פון דער מאָדערנער פילאָזאָפיע לאָרד בייקאָן, האָט געשאַפן „האַמלעט“, „מאַקבעט“ און „דער סוחר פון ווענעדיק“. איינער אַ מאַן מיט געניאַליטעט האָט זיכער געשאַפן די שעקספּירישע מייסטערווערק און וואולקאַנישע טראַגעדיעס און קאָמעדיעס וועמענס כאַראַקטערן זיינען איינגעטונקען אין טיפע אומגליקן, און זיי לאַכן און וויינען מיט אויסבראָכן פון פייער און פאַרפלייצונגען...

אָבער דער נייגיריקער לייענער קען פּאָרט דערגיין וואָס פאַר אַ כאַראַקטער אַקסעל מונטע איז אויפן סמך פון זיין בוך. עס לאָזט זיך וואויל גלויבן אַז ער איז לויט זיין אייגנטלעכער פּראָפעסיע טאַקע אַ דאָקטאָר.

וואָרים, ווי שוין געזאָגט אומגעפּער: פֿאַר קיין שום מענטש אין דער וועלט אַנטפּלעקן זיך נישט אַזוי נאַקעט די שוואַכקייטן פֿונעם מענטש, באַזונדערס פֿון דעם הילפֿלאָזן, קראַנקן און אומגליקלעכן מענטש, ווי פֿאַרן סימפּאַטיזירנדיקן מעדיצינער וואָס פֿאַרמאַגט פֿאַרט א האַרץ און אַן אויג וואָס קוקט אויף זיין וועלט־איינזאַמען פּאַציענט דורך דעם לענס פֿון זיין רחמנותדיקן אויג... ווער פֿון אונדז האָט נישט באַמערקט ווען מיר גייען פֿאַרביי ביינאַכט אויף אַ גאַס און מיר קוקן אַריין בגנבה אין דעם פֿאַרהאָנגענעם פֿענצטער פֿון אַ דאָקטאָרס וואַרטע־צימער, ווי אומגעדולדיק און מיט וויפֿל פּחד אַדורכגענומען און באַהערשט פֿון אַן אומבאַוואוסטער מורא, די נערוועזע פּאַציענטן זען אויס. יעדער איינער פֿון די וואַרטנדיקע, באַזונדערס און טאַקע מערסטנס די פּאַציענטינס, וואָלטן וועלן זיין וואָס פֿריער ביים דאָקטאָר אין אונטערזוכונגס־חדר. ווי נאָר די טיר עפֿנט זיך, טאָן אַלע אינסטינקטיוו אַ ציטער אין זייערע לייבער און נאָך מער אין זייערע נשמות... דער דאָקטאָר טוט אַ מעסט אָפּ מיטן שאַרפֿן בליק זיין פּאַציענט. ער קען זיי' גוט. ער קען זיי אַלע אויסגעצייכנט ווי גאָט קען זיינע באַשעפֿענישן אין הימל און אויף דער ערד. זיי זיינען פֿאַר אים ווי קינדער, ווי ציטערנדיקע שאָף בשעתן גרויסן רעגנדיקן טאָג. זיי זיינען אַלע הילפֿלאָז און אַליין... זיי דערציילן אַלע ווי שולדיקע און אומשולדיקע קינדער צו זייערע נאָענטסטע און פֿאַרטרויליעכסטע. זיי פֿאַרטרויען צום דאָקטאָר די סודות פֿון זייערע גופֿים און נאָך מער די וואונדן און ווייטיקן פֿון זייערע נשמות. גאָר די ליידן, די קראַנקהייטן פֿון זינד און די זינד אַליין ווערן אָפּגעדעקט נאַקעט און בלוטיק צום דאָקטאָרס אויג...

דר. אַקסעל מונטע האָט געמוזט זיין אין פֿאַרלויף פֿון זיין לעבן און זיין מעדיצינישער קאַריערע אַזאַ מין דאָקטאָר. ווייל אַנדערש איז כמעט אונמעגלעך זיך פֿאָרצושטעלן דעם ריזיקן סכום מאַטעריאַל וואָס איז קאָנצענטרירט אין דעם איינציקן און מערקווירדיקן בוך „די געשיכטע פֿון סאַן מישעל״...

יעדער קאַפּיטל פֿון דעם בוך איז אַ ברילּיאַנטענע טעמע פֿאַר אַ גאַנצן ראָמאַן; אַ רייצנדיקער סיוזשעט פֿאַר אַ נאָוועלע. עס זיינען פֿאַראַנען אינעם גאַנצן בוך אַ סך אַזעלכע קאַפּיטלעך. פֿאַר אַ פּראָפֿעסיאָנעלן ראָמאַניסט איז פֿאַראַן אין דעם בוך גענוג מאַטעריאַל צו שרייבן ראָמאַנען און נאָוועלן אויף די רעשטע יאָרן פֿון זיין שעפֿערישן לעבן. איבעריקנס: אַקסעל מונטע איראָניזירט טאַקע וועגן דעם. זאָל דער שרייבער אַליין זוכן זיין מאַטעריאַל אין דעם גהינום פֿון לעבן, זאָגט ער אין דעם אַריינפֿיר צו זיין בוך. און ער איראָניזירט אויך אויפֿן חשבון פֿון דעם שרייבער וואָס שרייבט וועגן מלחמה, וועגן די פּעסט, וועגן די זומפּן פֿון די גרויסע שטעט, וועגן די כאָלערע, וועגן די וואונדן און ווייטיקן פֿון דער מענטשהייט — און זיי מיידן דאָס אַלץ פֿערזענלעך אויס. עס לעגט זיך אויפֿן שכל אז מונטע איז גערעכט. מונטע ברענגט גענוג ביישפּילן פֿון

לעאָנאַרדאָ, מאָנטעין און שאָפּענהויער וועלכע האָבן כסדר מעדיטירט און פילאָזאָפירט וועגן טויט. אָבער ווען די פעסט פלעגט טאַקע אויסברעכן, פלעגן זיי גיך אַנטלויפן פון זייערע היימען, אָנשטאָט צו בלייבן מיט דער באַפעלקערונג אין איר אומגליק, און זיך ערנסט באַמיען זיי צו העלפן, צו ראַטעווען די אומגליקלעכע. דאָס איז אַ גאַנץ ערנסטע באַשולדיקונג. און מענטשן וואָלטן זיך וועגן דעם געמעגט פאַרטראַכטן, כאָטש דער דאָזיקער ענין, וועגן דעם אַזוי־גערופענעם צווייפלהאַפטן אידעאַליזם פון די הייליקע לייט און חשובע פּרעדיקערס, איז נישט קיין נייעס. עס איז שוין אַזוי אַלט ווי די גאָרע מענטשהייט...

אויף דער עלטער, מער נישט פּראַקטיצירנדיק, באַזעצט זיך אַקסעל מונטע אין אַ ווילאַ אין איטאַליע, אויפן אינדזל סאַן מישעל. ער הערט זיך איין בשעת די שפּעטע נעכט אין דעם קאָסמישן ריטם פון די שטערן. ער פילט אַפילו די אָנוועזנקייט פון דעם גייסט פון דער רוימישן טיראַן צעזאַר טיבעריוס וואָס האָט אַמאָל געוואוינט אויפן אינדזל. ער שפּאַצירט אין דעם אַלטן גאָרטן וואו עס וואַלגערן זיך אַרום פראַגמענטן פון אַנטיקע צעבראָכענע קונסטווערק און מאָנומענטן. די לבנה, די אייביקע ראָמאַנטישע לבנה, די „פריינדין" פון די איינזאַמע און משוגענע הערשער, די געליבטע פון די לירישע דיכטער, לויכט מיט אַזאַ זילבערנעם אָפּשיין אין די נעכט, רייצנדיק די פאַנטאַזיע פון דר. מונטע. וואָס מער ער קוקט זיך איין אין דעם לבנהדיקן פּנים, אַלץ אומרואיקער ווערט ער. ער קען נישט מער שלאָפן אויף דער עלטער, הגם אין די אַמאָליקע יאָרן, ווען ער איז געווען יינג, האָט ער מסתמא אָפּגעלאַכט פון יענעם אָדער יענע וואָס האָט זיך באַקלאָגט אויף שלאָפלאָזיקייט. זכרונות דערוואַכן אין זיין מוח מיט זייער פלאַסטישער שאַרפקייט און קלאָרקייט. זיי ווערן איצט אין זיין זכרון אַ סך רעאַלער ווי דעמאָלט ווען זיי האָבן מיט אים און פאַר זיינע אויגן פּאַסירט. און זייענדיק טאַקע באַזאָרגט מחמת זיין שלאָפלאָזיקייט, באַשליסט ער זיך צו נעמען שרייבן בשעת די שעהן פון די דאָזיקע שלאָפלאָזע נעכט דאָס געהיימענישפולע בוך פון זכרונות וואָס מאַכט אים מיד, גיט אים צוריק דעם שלאָף, שענקט אים ווידער די מעגלעכקייט צו זיין אַקטיוו און, אויף אַזאַ אופן, אויך נוצלעך...

ווי קאַזאַנאָוואַ, דער דאָן זשואַן פאַר עקסעלאַנץ, וואָס שרייבט אויף דער עלטער פערצן יאָר צייט אין אַ שלאָס ביי אַ דייטשן גראַף זיינע מעמואַרן וועגן די „טויזנט" פרויען וועמענס ליבשאַפט ער האָט געוואונען ווי פאַרצייטנס אונדזער גרויסער קייסער און מחבר פון תהלים, דוד המלך, און דער ווענעציאַנישער מעמואַריסט לעבט אויפדאָסניי איבער זיין פאַרגאַנגען לעבן. דאָס לעבן אגב וואָס איז אומגלייך צו קאַזאַנאָוואַס, נישט פאַרשווענדעט געוואָרן אין צאָלרייכע נעכט פון געמבלערייען מיט רוסישע גענעראַלן אין יעקאַטערינאַס הויף; מיט פּיראַטן, אויסוואורפן, אַוואַנטוריסטן און שווינדלערס — נייערט דורגעוועבט מיט וואונדערלעכע מעשים, מיט הילף און רחמנות צו ליידנדיקע מענטשן.

וואָרים מונטע איז נישט בלויז דער טיפּ דאָקטאָר וועגן וועלכן עס ווערט געזאָגט אין אונדזערע ספרים „טוב שברופאים הרוג", נייערט ער איז ווירקלעך באַלאָדן מיט אַ דראַנג צו העלפן די ליידנדיקע. ער איז אומגליקלעך צוליב די אומגליקן פון די מענטשן. זיין האַרץ איז פול מיט סימפּאַטיע צו זיי. מונטע העלפט נישט בלויז מיט די רפואות אין וועלכע ער גלויבט אגב ווייניק, נייערט מיט זיין האַרץ, מיט זיין טרייסט, מיטן גוטן וואָרט, מיט זיין גאָלד, מיט זיין זאָרג און סימפּאַטיע. אין דעם זין איז מונטע דער אידעאַלער דאָקטאָר, דער דאָקטאָר פון דער צוקונפט, וועלכער באַדאַרף ערשט צו קומען און וועמענס איינצלנע פּאַרגייער און פאָרשטייער געפינען זיך, צום באַדויערן, אין אַ קאַרגער צאָל אויף אונדזער אָרעמען פּלאַנעט...

אַקסעל מונטעס בוך איז געשריבן געוואָרן פון אַ פּאָעט, מיט אַ לירישער און ראָמאַנטישער פעדער. די עפּיזאָדן גייען גיך ווי אויף אַ דינאַמישער פילם־לענטע. ערטערווייז לייכטן אַרויס עכט־מייסטערהאַפטע פערל פון פּאָעטישער פּראָזע, מחמת מונטע איז אַ מעלאַנכאָלישער גייסט, אַן איינזאַמער מענטש, אַ טיפּישער ראַפינירטער אייראָפּייער וואָס בענקט נאָך רואיקייט און שטילקייט. אים ציט צום אינדזל פון מעדיטאַציע. און ווען ער איז איינזאַם, בענקט ער נאָך דער געזעלשאַפט פון מענטשן, נאָך פילאָזאָפישע נשמות. זיין פּראָפעסיע, ווי שוין געזאָגט, איז כסדר באַהערשט פון דער באַמיונג צו באַזוכן און צו ברענגען טרייסט צו די עלנטע פון דער ערד. ער קען דעם ווערט פון טרייסט און ער ווייסט ווי אַזוי צו טרייסטן יענע וועלכע נויטיקן זיך דערינען. דאָס בוך לייענט זיך ווי אַ פּאָעמע. אַזוי צאַרט און מוזיקאַליש. עס איז פול מיט אַן אָריענטאַלישער חכמה און פּשטות; פול מיט לייטישע עצות. דער צויבער פון דעם בוך איז דאָס געהיימענישפולע פון זיין מחבר וועלכער ברענגט אונדז אַראָפּ אויף זיין כישוף־טעפּעך אין די מאָרבידע לאַבירינטן פונעם מענטשלעכן לעבן. איר דערקענט אַליין די ברוטאַליטעט פון די ליידן. איר זעט די פנימער פון די צעבראָכענע, באַזייטיקטע און באַליידיקטע מענטשן. און דאָך האָט מען דעם איינדרוק ווי אַלץ איז איינגעהילט אין אַ שלייער פון געהיימעניש און ליריזם. דער ליריזם, די ראָמאַנטיק איז ענלעך צו קנוט האַמסונס אַמאָליקע ווערק פון ליבע און ליידן, די שוואַנענלידער פון זיין ראָמאַנטישער מוזע...

און גלייכצייטיק גייט אַדורך דורכן גאַנצן בוך אַ שאַרפע איראָניע וואָס דערגייט ביז צו אַן עקסטרעמען און דעמאָנישן ציניזם. דער ציניזם פון אַ מענטש וואָס האָט אַריינגעקוקט אין די טיפסטע אָפּגרונטן פון שוידער און געפאַלנקייט, און וואָס פאַר אים איז קיין איינציקע דערשיינונג פון דעם מין מענטשן נישט פרעמד. ער קען די גאָרע ערד. ער איז באַקאַנט מיט אַלערליי קלאַסן מענטשן. ער קען שוידער און שרעק. ער קען די האָפענונגען און אילוזיעס פון די קראַנקע, פון דער גאַנצער מענטשהייט. ער פאַרמאָגט טיילמאָל די שאַרפקייט און די ברוטאַליטעט פון

אַ מאַן וואָס רייסט אַרונטער אַ צוגעקלעפּטן באַנדאַזש פון אַ רויער וואונד ביי אַ שוואַכן און היסטערישן מענטש. זיין הומאָר באַזיצט די שאַרפקייט פון זיין דאָקטאָרישן לאַנצעט וועלכער צעשניידט דאָס פלייש און צעטיילט מיט דעמאָנישן געדולד די אָדערן און די נערוון. ער דעקט אָפּ מיט אַ בליצאַרטיקן עלעקטרישן פּראָזשעקטאָר אַלע וואונדן, אַלע ווייטיקן, אַלע שאָטנס, אַלע געהיימענישן פון מענטש. ווי פאַר גאָט איז אָפּגעדעקט גאָר די וועלט, איז אויך פאַר אים גאָרנישט אומבאַקאַנט און סודותדיק. ער קען דורך און דורך ווי דער שטן, דעם גוף און די נשמה פון דעם מענטש. ער איראָניזירט איבער זיינע קאָלעגן, די דאָקטוירים, וועלכע ווייסן גאָרנישט וועגן זייער אייגענער פּראָפעסיע. ער איראָניזירט איבער דעם טויט אַליין. אַלע זיינע כאַראַקטערן, אָדער די מערסטע פון זיי, שטאַרבן אָפּ. ער האָט זיי ליב. ער באַדויערט זיי. ער איז אומענדלעך פאַראינטערעסירט אין זייערע לעבנס. אָבער ער מאַכט צו די דעק פון דער טרומנע מיט אַ שמייכל. אין האַרצן טוט אים וויי. אָבער ער ווייסטאון דערוואַרט דעם סוף, דעם אמת פונעם טויט וואָס איזדער באַרבאַרישסטער תליון. אַזוי לאַנג ווי דער פּאַציענט לעבט, האָט ער טיפע סימפּאַטיע מיט אים. ווען ער פאַרמאַכט זיינע אויגן, ווערט ער טיילמאָל אַן אָביעקט פאַר זיין איראָניע. ער קען די לוסטן און די קאַרנאַוואַלן פונעם לעבן; אָבער ער קען אויך גלענצנדיק די גרויזאַמקייט פונעם מלאך המות. ווען ער קען אַרויסרייסן אַ פּאַציענט פון די לאַפּעס פונעם טויט, טוט ער עס מיט אַלע זיינע מעדיצינישע און מענטשלעכע כוחות. אויב נישט, גיט ער אים אויף צום אומקום. ער העלפט צו פאַרטונקלען ערב זיין אַגאָניע דעם קרבנס פאַרשטאַנד, ווי עס ווערט געבראַכט אין ספר קהלת, פון דעם קלוגסטן פון אַלע קעניגן: גיב אַ שטאַרקן געטראַנק צו דעם וואָס גייט אויסגיין. ער העלפט דעם קראַנקן אַז ער זאָל נישט פאַרשטיין דעם אָנקום פון זיין סוף. דר. מונטע איז אומגליקלעך ווען אין מלחמה־צייט מוז ער צוזען ווי מאַסן סאָלדאַטן גייען אויס פאַר זיינע אויגן מיט דער פינצטערער מורא פאַרן טויט אין זייערע פאַרשוואַרצטע פּנימער. ער קען זיי נישט העלפן מיט מאָרפיום, כלאָראָפאָרם אָדער אַנעסטעטיק. ער מוז זיי טרייסטן מיטן בלויזן, לאַנגזאַם־איבערחזרנדיקן וואָרט פון טרייסט און האָפענונג, האַלטנדיק זיין האַנט מיט ליבשאַפט און וואַרמקייט אויף זייערע אַנגסטיקע און מיט קאַלטן שווייס פאַרשוויצטע שטערנס...

דר. מונטע קען גרינטלעך די וועלט נישט בלויז דורך זיין פּראַקטיק, זיין פּראָפעסיע, זיין קלוגשאַפט און חכמה; ער קען זי נאָך טיפער דורך אַ מין ספּיריטועלער קראַפט. ער איז צו אַלע זיינע מעלות אויך אַ היפּנאָטיקער. ער היילט זיינע פּאַציענטן דורך היפּנאָטיזם. ער דרינגט אַדורך דעם מענטשנס גייסט און פּסיכע. ווי פאַרן הימלישן מייסטער פון די וועלטן, זונען און שטערן, עקזיסטירן מכלומרשט אויך נישט פאַר דר. אַקסעל מונטע קיין סך סודות...

עס איז נאַטירלעך אַז אַזאַ אויסערגעוויינלעכער מאַן איז באַרימט אַלס

אויסגעצייכנטער דאָקטאָר ווייל ער העלפט זיינע פּאַציענטן פּסיכיש, דורך זיין אָנווענדן נישט בלויז מעדיצינישע מעטאָדן. ער האָט בכלל דערפּאָלג אין לעבן, און נישט בלויז אַלס וואונדערדאָקטאָר. ער קען באַזיצן, אויב ער וויל, די גרעאָטנסטע פרויען. ער פאַרקערט אין די אַריסטאָקראַטישע קרייזן. אַלע קלאַסן מענטשן זיינען פאַר אים צוגענגלעך. ער טוט שטענדיק דאָס וואָס זיין געוויסן הייסט און אַפּעלירט אים צו טאָן. ער איז קיינמאָל נישט אַ סוביעקט פאַרן פרעמדן איינפלוס. ער האָט אַ שטאַרק אַנטוויקלטע אינדיווידואַליטעט. ער איז זיין אייגן מייסטערווערק. ער טוט אַלץ ווי זיין פאַרשטאַנד דיקטירט אים צו טאָן, און אין הסכם מיט זיין הויכן עטישן געפיל...

אָט דאָס אַלץ זיינען די איינדרוקן פון לייענען דעם בוך און פון דערקענען זיין מחבר. כדי צו באַקומען אַזעלכע אָדער אַנדערע איינדרוקן, רעקאָמענדיר איך דעם לייענער דירעקט צום בוך וואָס וועט אים פאַרשאַפן אַ סך פאַרגעניגן און חכמה...

רייך איז דאָס לעבן פון אַקסעל מונטע. בשעת די שלאָפלאָזע נעכט גייען פאַר אים אויפדאָסניי אויף די געשטאַלטן פון דער פאַרגאַנגענהייט. שרייבנדיק זיינע מעמואַרן, מאָנט פון אים זיין פעדער זיך צו דערמאָנען זיין לעבן און גאָר די זכרונות. רירנדיק, האַרציק און טיף־מענטשלעך איז דאָס קאַפּיטל „דזשאַן" אין וועלכן ער דערציילט ווי ער האָט אָפּגענומען אַ קינד פון אַ פרוי, דזשאַן, מיט בלויע און שטילע אויגן. און ווי אַזוי ער אַנטדעקט אים מיט עטלעכע יאָר שפּעטער ביי אַ פאַמיליע. ער נעמט אים צו זיך און דערציט אים. ער באַקאַנט זיך מיט אַ וואונדערשיינער דאַמע וואָס איז קראַנק ווייל זי קען נישט אויסלאָדן איר מוטערלעכע צערטלעכקייט. ער לאַדט זיי איין צו זיך. זי פאַרליבט זיך אינעם קליינעם יינגל. זי וואַכט איבער אים, צערטלט און קושט אים. דאָס קינד וואָס האָט נאָך אין זיין יינגן לעבן נישט געוואוסט פון אַ שמייכל צו טאָן, הויבט פּלוצלינג אָן צום ערשטן מאָל צו שמייכלען. די ליבשאַפט פון דער פרעמדער פרוי צום דאָזיקן קינד איז אַזוי שטאַרק אַז עס נעמט אַפילו אָן אירע סימפּאַטישע געזיכטס־שטריכן. עס הויבט אָבער אָן צו שמייכלען שוין ביים טרויעריקן פינאַל, מחמת אין אַ טאָג גייט עס אויס פון שווינדזוכט. דר. מונטע פּרוווט עס צו ראַטעווען מיט אַלע מעגלעכע כוחות. אָבער ער מוז עס צוריק אָפּגעבן אין די הענט פון דער אומגליקלעכער פרוי, וועלכע איז עס מיט ליבשאַפט מקבר אין איר אייגענעם גאָרטן. אויפן קליינעם קבר־בערגל לייגט די פרוי מיט טרערן אין אירע אויגן פרישע בלומען...

טראַגיש איז אַקסעל מיינטעס באַגעגעניש מיטן פראַנצויזישן שריפטשטעלער גי דע מאָפּאַסאַן, וועלכער פרעגט אויס דעם דאָקטאָר וועגן אַלערליי פּסיכישע קראַנקהייטן. דר . מונטע שילדערט ווי ער פאַרברענגט מיטן שוין קראַנקן גאון פון דער קורצער דערציילונג אויף זיין יאַכט. ווי אַזוי דער שפּעטער רעדט, שרייבט. טראַגט זיך שוין ארום מיט

שרעקלעכע אידעען און ווי אַזוי ער טרינקט און זינקט אין זיין טראַגעדיע.
דר. מונטע דערציילט אויך ווי עס שטאַרבט פון שווינדזוכט מאָפּאַסאַנס געליבטע, איוואָן, אַ טענצערין, אַ בלום וועלכע איז שטערבלעך פאַרליבט אין דעם מחבר. זי שענקט אים איר האַרץ און גוף און האָט אַ באַגער צו שטאַרבן אין זיינע אָרעמס... איוואָן ווערט יעדן טאָג אַלץ דינער און שלאַבעריקער. אָבער מאָפּאַסאַן האָט דווקא פיינט ווייבלעך־דינע פיגורן. זי שטאַרבט אין שפּיטאָל. בשעת איר לעצטן טאָג פון לעבן דערוואַרט זי מיט שרעקלעכן אומגעדולד איר פריינד מאָפּאַסאָן, וועלכער קומט אָבער נישט... זי פּוצט זיך אויס אין זייד און סאַמעט, מיט זעלטענער צירונג אויף איר כמעט־סקעלעטיש אויסגעדאַרטן גוף. איר קאַלך־בלייך פּנים קריגט וואַרעמע קאָלירן אַדאַנק דער איבערגעטריבענער שמינקע. און זי שטאַרבט אין דער דאָזיקן טאָג מיט אַ גליקזעלישן שמייכל, טרוימענדיק אַז איר געליבטער מאָפּאַסאַן קומט און קושט איר מיט די איידלסטע קישן.
צום סוף טרעפט מונטע דעם שריפטשטעלער אין אַ משוגעים־הויז. ער זייעט די זוימען פון בלומען אויפן גרונט פונעם שפּיטאָל־גאָרטן, דערוואַרטנדיק אין דעם קומענדיקן פרילינג נייע בלומען. אָבער ווען דער פרילינג וועט קומען און די בלומען וועלן רייך אַרויסשפּראָצן פון דער ווייכער ערד, וועט פראַנקרייכס גרויסער מייסטער פון קורצע דערציילונגען שוין מער נישט זיין צווישן די לעבעדיקע מענטשן און ער וועט גאָרנישט זען...
אָפטמאָל דאַכט זיך אַז דר. מונטע האָט אומישנע אויסגעמידן נאָרמאַלע מענטשן; אַז ער האָט אַ באַזונדערע נייגונג צום אָפּפאַל פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. אין אַ געוויסן זין איז עס ריכטיק אויך. ווען עס קומט אויס דעם באַרימטן דאָקטאָר צו פאַרברענגען צווישן אַריסטאָקראַטן; אין דער געזעלשאַפט פון רייכע פרויען, פון איינגעבילדעטע און היפּאָכאָנדרישע דאַמעס, איראָניזירט ער שאַרף אויף זייער חשבון. אַנדערש איז עס אָבער ווען ער טרעפט זיך אָן פּנים אל פּנים מיט די אָרעמע און נויטליידנדיקע. דאָ העלפט ער פעררזענלעך. דר. מונטע האָט אויך שטאַרק ליב חיות. הינט פאַרנעמען אַ גרויס אָרט אין זיין לעבן. הגם ער איז באַשאָנקען מיט דערפאָלג און ער געפעלט מענטשן, איבערהויפּט דעם שיינעם מין, און ער איז אַ באַרימטע פערזענלעכקייט, איז ער דאָך אַ טיף־איינזאַמער מאַן, און שטענדיק באַגלייט אים אויף די שטילע און זייטיקע וועגן אין זיין געגנט, דער הונט צו וועלכן ער רעדט און פאַרטרויט זיך...
דאָס קאַפּיטל וועגן „מאַדעמאָזעל פלאָפּעט" איז רירנדיק אָן אַ גרענעץ. אַ מיידל שטאַרבט אין שפּיטאָל. וואָכנלאַנג וואַרט פאַרן שפּיטאָל אין די אָוונטן אַ יינגע פרוי וועלכע וואַגט נישט צוצוגיין צום דאָקטאָר. ענדלעך דערלויבט זי זיך פאָרט איינמאָל אים צו פרעגן וועגן איר קינד, דאָס שטאַרבנדיקע מיידל מיט וועלכער זי האָט קיינמאָל נישט גערעדט. זי אָבסערווירט זי בלויז אין גאָרטן זיך שפּילנדיק מיט די אַנדערע מיידלעך.

זי אַליין איז אַ גאַסנפּרוי. מונטע דערלויבט איר צו זיין ביי דער אַגאַניע פון איר טאָכטער. ער טוט זי איבער פּאַר אַ קראַנקנשוועסטער און די גאַסנפּרוי קען קישן צום ערשטן און צום לעצטן מאָל איר שטאַרבנדיק מיידל...

אַזעלכע קאַפּיטלעך ווי „אַ רייזע קיין שוועדן"; „די קליינע שוועסטערס פון די אָרעמע"; „דער אָנהויב פון סוף" אָדער „אין דעם אַלטן טורעם" און אַ סך אַנדערע פאַנטאַסטישע עפּיזאָדן זיינען וואונדערשיינע, מערסטנס טראַגישע און טיף־מענטשלעכע באַשרייבונגען...

ערגעץ אויפן אינדזל סאַן מישעל זיצט נאָך אין זיין ווילאַ דער אַלטער מאַן דר. אַקסעל מונטע. ער שעפּט זיין לעצטן פאַרגעניגן פון שובערטס לידער וועלכע ער זינגט אויס אין זיין איינזאַמקייט, און וועלכע ער האָט אַזוי שטאַרק ליב פונקט ווי ער האָט ליב די געזאַנגען פון די נאַכטיגאַלן, וואָס דערפרייען אים בשעת די שלאָפלאָזע נעכט מיט זייער געזאַנג. דר. מונטע ענדיקט זיין מערקווירדיק בוך מיט אַ סאָרט מעדיטאַציע וועגן דעם טויט. נאָכדעם ווי ער האָט געזען דעם טויט, דעם גרויסן מייסטער־סקולפּטאָר אַזוי פיל מאָל פאַרשטיינערן די פּנימער און די גופים פון זיינע פּאַציענטן, הויבט ער ענדלעך אָן צו דענקען אויך וועגן זיין אייגענעם טויט...

און נישט אָן אומרואיקייט נעמט ער אויף דאָס דאָזיקע געפיל. פאַר אים איז שרעקלעך דער געדאַנק אַז ער וועט אין אַ טאָג אָדער נאַכט אויפהערן אינגאַנצן צו עקזיסטירן. און ווי אַלע עלטערע לייט, פאַלט ער אַריין אין אַ מין עקזאַלטאַציע, אין אַ דערהויבענעם געפיל און ער זעט אַ וואונדערלעכע וויזיע אין הימל. מען משפּט זיינע מעשים. סיי שלעכטע און סיי גוטע. און ווידער לעבט ער איבער זיין אייגן לעבן אין דעם פאַרהעלטעגישמעסיק קורצן דויער פון זיין אַגאַניע. אַלע סצענעס פון זיין לעבן גייען ווידער פאַרביי פאַר די אויגן פון זיין נשמה. און דאָס געזאַנג פון די פויגל פאַרלאָזט אים נישט אויך אין הימל. און די ליבע צו דער נאַטור טראָגט ער איבער אויך אין די הימלישע פּאַלאַצן...

אָן דער געזעלשאַפט פון מענטשן האָט ער לייכט געקענט אויסקומען אין זיין לעבן. אָבער נישט אָן פייגל, אָן בלומען, אָן דער היילנדיקער זון צו וועלכער דער גרויסער פּרעה אַכנאַטאָן האָט שוין מיט גאַנצע פינף הונדערט יאָר פריער פאַרן אומשטערבלעכן פּאָעט האָמער געזונגען זיין גרויסע זון־הימנע...

יאָ, אַ וואונדערלעך ווערק האָבן מיר געלייענט. עס איז געשריבן געוואָרן אין אַ רייך־פּאָעטישער שפּראַך. אַ בוך וואָס איז געוואָרן אַ לעגענדע. ווען מען ענדיקט עס צו לייענען, פילט מען ווי מען וואָלט ערגעץ־וואו אין אַ פאַנטאַסטישן לאַנד געמאַכט אַ צויבערהאַפטע רייזע. עפּעס אַזאַ הערלעכע, אַ הימלישע מוזיק האָט אויסגעקלונגען אונטער אַ ריזיקן קופּאָל און דער עכאָ שטאַרבט אָפּ אין דיר ווי אַ גראַנדיעזער זון־אונטערגאַנג אין אומגעהויערן רוים...

דעם דאָזיקן מאַמר װעגן אַקסעל מונטעס בוך האָב איך געהאַט אָנגעשריבן אין דענװער סאַנאַטאָריום, אין דעם חודש אַפּריל פֿון יאָר 1938, דאָס הייסט מיט גאַנצע זעקס און פֿערציק יאָר צוריק. װי אַזוי בין איך אײַנגנטלעך געקומען צום דאָזיקן בוך?

עס האָט שוין געשמעקט מיט פֿרילינג, מיט ערב־פּסח, מיט דער גוטער זון װאָס האָט דערװאַרעמט און געלאַשטשעט די פּאַציענטן װאָס פֿלעגן זיצן צװישן די שוין צעגרינטע בוימער נאָכן לאַנגען און שטרענגן װינטער אין קאָלאָראַדאָ. נאָך די מיטאָג־מאָלצײַטן, אײדער די ײנגע מענטשן פֿלעגן זיך צוריק אומקערן אין זײערע חדרים צום טעגלעכן אָפּרו, פֿלעגן זיך טרעפֿן די פֿאָרלעך װאָס זײַנען געװען טרויעריק פֿאַרליבטע, מחמת די שװינדזוכט־קראַנקהייט האָט סײ אָפּגעשװאַכט פֿיזיש די ײנגע מענטשן און סײ זײ באַגײסטערט צו ליבע, צו שײנקייט, צו ליטעראַטור, און האָט אין זײ געװעקט די האָפֿענונגען צו װערן געזונט און צוריק אַהײמצופֿאָרן אין די שטעט פֿונװאַנען זײ זײַנען געקומען כדי װידער צו זען די פֿרײַנד פֿון יענע ײנגע טעג און נעכט װען מען האָט צוזאַמען פֿאַרבראַכט אין קינאָס, טעאַטערן, מוזעאומס, קונסט־גאַלעריעס און פֿאַרזאַמלונגען. די פּאַציענטן־געזעלשאַפֿט האָט צו די ײנגע מענטשן געבראַכט נײַע פֿרײַנד, נײַע אימפּרעסיעס, נײַע טרוימען און פֿאַנטאַזיעס. די פֿאַרשידענע פֿייגל אין קאָלאָראַדאָ האָבן אויך אויפֿגעװעקט די געמיטער פֿון די דאָזיקע מענטשן װאָס האָבן מערסטנס געהאַט אײן אוניװערסאַלע האָפֿענונג און צװעק: צו װערן געזונט, אָנצוהאַלטן די פֿרײַנדשאַפֿט מיט די נײַ־געװאונענע פֿרײַנד, אַהײמצופֿאָרן, חתונה צו האָבן אַלס מאַן — מיט אַ געליבטע, אָדער אַלס פֿרוי מיט אַ געליבטן װאָס מען האָט געלאָזן אין דער הײם, אין דער שטאָט װאו מען איז געגאַנגען שפּאַצירן אין צענטראַל־פּאַרק מיט אַ יוגנט־פֿרײַנדין אָדער פֿרײַנד; מען האָט געחלומט אויפֿצושטעלן אַ הײם...

אויף דער טעריטאָריע פֿונעם דענװער־סאַנאַטאָריום איז געװען אַ קלײנע שוהל, אַ סינאַגאָגע פֿאַר די עלטערע און פֿרומע ײדן װאָס פֿלעגן דאַװענען יעדן שבת און זיך טרעפֿן בשעת די אומעטיקע פֿאַרנאַכטן. עס איז אויך געװען אַ שײנע ביבליאָטעק מיט מערסטנס ענגלישע און ײדישע ביכער. פֿרײַנד בערמאַן איז געװען דער ביבליאָטעקאַר װאָס פֿלעגט אויסבאָרגן ביכער צו די פּאַציענטן װאָס פֿלעגן זײַן אומשטאַנד סײ זומער און סײ װינטער אַרויסצוגײן אין דרויסן, באַזוכן די ביבליאָטעק און טוישן זײערע אויסגעלײענטע ביכער אויף נײַע, װאָס האָבן צוגעזאָגט פֿאַרװײלונג, שטודיום און חכמה. צו די פּאַציענטן װאָס האָבן געמוזט רוען אָפּטמאָל חדשים און גאַנצע יאָרן אויף זײערע װײסע בעטן, האָט פֿרײַנד בערמאַן געבראַכט אויף אַ װעגעלע פֿרישע בענדער צום לײענען און פֿאַרברענגען די לאַנגע און טיפּיש־מאָנאָטאָנע טעג און נעכט אין אַזעלכע באַדינגונגען װי אַ סאַנאַטאָריום אין קאָלאָראַדאָ, נישט װײַט פֿון דער שטאָט דענװער... נעבן די ריזיקע ראָקי־בערג...

איינמאָל אין אַ זוניקן נאָכמיטאָג, טאַקע נאָכן מאָלצייט, פּאַרפיר איך אַ שמועס מיטן פריינדלעכן ביבליאָטעקאַר וואָס האָט פריער געוואוינט אין ניו־יאָרק, געהאַט אַ פּרוּוי און ער פלעגט אַ סך אָוונטן פאַרברענגען אין דער ליטעראַרישער קיבעצאַרניע וואָס האָט געטראָגן דעם פּאָפּולערן נאָמען „קאַפע ראָיאַל". בערמאַן האָט גוט געקענט אַ צאָל שרייבער און דיכטער פון דער יידישער קולטור־וועלט, פון וועמענס נעמען איך האָב בלויז געהערט און וועמענס שאַפונגען איך האָב נאָך געהאַט געלייענט אין בעלגיע, וואו איך האָב פאַרבראַכט איידער איך האָב עמיגרירט קיין אַמעריקע. זייענדיק אַן אינטעליגענטער מענטש, האָבן מיך פריינד בערמאַנס זכרונות פאַראינטערעסירט. איבערהויפּט האָט ער אויסגעצייכנט געקענט די דיכטער פון דער גרופּע „יינגע", וואָס זיינען שוין צו יענער צייט געווען אין זייערע מיטעלע יאָרן...

צווישן אַנדערעס דערציילט מיר דער ביבליאָטעקאַר מיט וועמען עס איז נישט געווען גאָר גרינג צו רעדן מחמת זיין עקסטרעמער טויבקייט, אַז איינער אַ פּאַציענט האָט איינמאָל ביינאַכט געקראָגן אַ בלוטשטורץ פון די לונגען. דער יינגער מענטש, אינגאַנצן אַלט זייענדיק אַ יאָר אַכצן, איז געווען זייער דערשלאָגן און איבערגעשראָקן ווי מען קען זיך פאָרשטעלן. דער ביבליאָטעקאַר איז געשטאַנען נעבן זיין בעט. ער האָט געזען ווי דער פּאַציענט איז געווען דורכגענומען מיט פּחד. האָט ער אים געוואָלט העלפן אין זיין טרויעריקער לאַגע. אָבער זיינע מעגלעכקייטן און מעדיצינען כדי צו פאַרלייכטערן די יסורים פון די קראַנקע מענטשן, זיינען באַשטאַנען בלויז אין ביכער... איז ער פּלוצלינג געפאַלן אויף אַ המצאה: אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער פאַרלאָזן דעם פּאַציענטס צימער און ער איז ערשט צוריקגעקומען אַרום פאַרנאַכט, ווען זי זון האָט שוין געהאַלטן ביים אונטערגיין. ער האָט דעם אָרעמען און הילפלאָזן מענטש געגעבן צו לייענען דאָס בוך „די געשיכטע פון סאַן מישעל". דער פּאַציענט איז אין ווינציקע טעג געזונט געוואָרן און ער האָט האַרציק געדאַנקט פריינד בערמאַן, אים זאָגנדיק אַז דאָס בוך, מיט זיין ראַפינירטן הומאָר, וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט דער אויטאָריטעט און חכמה פון אַ קלוגן דאָקטאָר, אַ דענקער און פּאָעט, האָט אים אומגעווײַנלעך פיל געהאָלפן קומען צו זיך. אין אַ קורצער צייט אַרום איז דער אויסגעהיילטער פּאַציענט צוריק אַהיימגעפאָרן אין זיין שטאָט, צו זיינע עלטערן...

דער פריינדלעכער ביבליאָטעקאַר האָט באַמערקט מיין אומעטיק פּנים, דעם טרויער אין מיינע אויגן, די זאָרג צוליב מיין אייגענער קראַנקהייט. ער האָט אויך מיר רעקאָמענדירט צו לייענען דאָס פּאָפּולערע בוך, וואָס האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך פאַרגעניגן. נאָכן האָבן געלייענט דאָס בוך, האָב איך אָנגעשריבן דעם אויבנדערמאָנטן מאמר. איך האָב כסדר געהאַט אַ פאַרלאַנג צו וויסן מער פּרטים וועגן דעם מחבר אַקסעל מונטע. אָבער אין ערגעץ האָב איך וועגן אים נישט געקענט געפינען קיין שום ביאָגראַפישן מאַטעריאַל. איך האָב געוואוסט אַז עס איז פאַראַן זיינס אַן

אַנדער בוך: ווענן זיין מערקווירדיקן פּאַציענט, דעם באַרימטן פראַנצויזישן נאָוועליסט גי דע מאָפּאַסאַן. איך האָב שוין אָנגעהויבן צו טראַכטן אַז אַ שרייבער מיטן נאָמען אַקסעל מונטע האָט קיינמאָל נישט עקזיסטירט, מחמת זיין בוך איז צו־פאַנטאַסטיש און לעגענדאַריש... אָבער אומגעריכטערהייט בין איך פון אַ נאָטיץ אין אַ צייטונג געוואויר געוואָרן טעלעכע פּרטים וועגן דעם לעבן פון אַקסעל מונטע. אָבער דיזעלביקע נאָטיץ איז אויך געווען זיין... נעקראָלאָג. און אָט זיינע די פאַקטן וועגן אַ לעגענדאַרישן מחבר וואָס האָט, צו מיין שטוינונג, באמת געלעבט:

„אין עלטער פון 91 יאָר איז געשטאָרבן אין פּאַלאַץ פון שוועדישן קעניג דער באַרימטער שוועדישער שרייבער אַקסעל מונטע. הגם אַ שוועד, האָט אַקסעל מונטע געשריבן אין דער ענגלישער שפּראַך, און דאָס אין אַ גרויסער מאָס דערפאַר ווייל צוליב זיין שלעכטער ראיה האָט ער געמוזט שרייבן אויף אַ ספּעציעל פאַר אים פאַבריצירטע אין ענגלאַנד שרייב־מאַשינקע, אין וועלכער עס האָבן געפעלט געוויסע אותיות וואָס ווערן באַנוצט אין דער שוועדישער שפּראַך.

באַרימט איז ער געוואָרן צוליב זיין בוך „סאַן מישעל”, וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן אין כמעט אַלע שפּראַכן.

אַקסעל מונטע איז זיין לעבן לאַנג געווען אונטער דער מורא פון צוויי פּינצטערנישן: בלינדקייט און טויט. דער מענטש וואָס איז געשטאָרבן אין טיפן עלטער, האָט זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון אַ פּאָראורטייל צוליב דער טובערקולאָז־קראַנקהייט און צוליב דעם וואָס זייענדיק נאָך זייער יינג, האָט ער פאַרלוירן אַן אויג. ער האָט מורא געהאַט אַז ער וועט ווערן פולקאָם בלינד...

אין יאָר 1890 האָט ער זיך געקויפט אַ הייזל אויף דעם אינדזל קאַפּרי (צו יענער צייט האָט מען נישט געדאַרפט זיין קיין מיליאָנער דערצו). דאָרטן, אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, האָט ער געלעבט ווי אַ נזיר צווישן זינג־פייגל, ליטעראַטור און אַ וואונדערבאַרער קונסט־קאָלעקציע, וואָס אַ צאָל מוזעאומס האָבן זיך באַמיט ביי אים צו קויפן... ווען די נאַציס זיינען אַריינגעדרונגען אין איטאַליע, האָט ער פאַרלאָזט זיין באַליבטע, שטילע היים. זיינע לעצטע יאָרן האָט ער פאַרבראַכט ביי זיין פריינד, דעם שוועדישן קעניג גוסטאַוו. בעת מונטע האָט געפייערט זיין ניינציק יאָריקן געבורטסטאָג, האָט ער געזאָגט צום קעניג:

— עס איז נישט קיין טראַגעדיע אַז מען שטאַרבט נאָכדעם ווי מען האָט לאַנג געלעבט”.

## די צייט פון די קאַפּיסטו

### מאַקס עריק: „די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור”

פון די עלטסטע צייטן ביז דער השכלה־תקופה. — מיט אַן אַריינפיר פון דעם ליטעראַטור־היסטאָריקער דר. אליהו שולמאַן. — אויפדאַסניי אַרויסגעגעבן פון דעם אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס. ניו־יאָרק, תשל״ט־1979. — 450 זייטן.

לייענענדיק מאַקס עריקס קאָלאָסאַלע געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין דעם מיטלאַלטערלעכן דייטשלאַנד און אין אַנדערע אייראָפּייאישע לענדער, קריגן מיר אינגאַנצן נייע אַספּעקטן פון דעם גאַנג און אַנטוויקלונג פון דער בראשיתדיקער יידישער שאַפונג אין דייטשלאַנד און איטאַליע, און צום סוף אין פוילן אין משך פון גאַנצע פיר הונדערט יאָר, צווישן דעם פערצנטן און אַכצנטן יאָרהונדערט, וואו די אַלט־יידישע ליטעראַרישע און קולטור־שאַפונג בכלל האָט זיך צעבליט און צעוואַקסן מיט אַזאַ רייכקייט און רייפקייט וואָס קען צוגעגליכן ווערן צו אַ געדיכטן וואַלד וועמענס דעמבעס ציען זייער יניקה פון די טיפענישן פון דער ערד דורך זייערע עקשנותדיקע וואָרצלען, און וועמענס צווייגן ציען זייערע זויערשטאָף־טראָפּנס פון די הויכקייטן פון די הימלען דורך אַלע פיר סעזאָנען פונעם יאָר. דער פאַרכישופטער לייענער וואָס וואַגט זיך בלויז צוצורירן צו די ערשטע קאַפּיטלעך פונעם דאָזיקן מערקווירדיקן ספר אין וועלכן אַ ייִנגער גאונישער ליטעראַטור־היסטאָריקער און קריטיקער באַקאַנט אונדז ממש מיט אַ שלל פון יידישער, כאָטש פרימיטיווער און נישט־דערבאַקענער שאַפונג ווי מיר פאַרשטייען דאָס ליד, פּראָזע און דערציילונג לויט אונדזערע היינטיקע עסטעטישע באַגריפן — פון איר סאַמע אָנפאַנג אָן, ווי די שפּילמאַן־תקופה פון דער יידישער ליטעראַטור; די ליטעראַטור פון דער פאַטראָנעסע; יידישע מיטלאַלטערלעכע לעגענדעס; אַלט־יידישע ליריק; דער לעצטער שפּילמאַן: די לידער און ראָמאַנען פון אליהו בחור — און אַזוי עפענענדיק אַ רייכע פּאַנאָראַמע פון יידישער קרעאַציע וואָס איז אָפּהענגיק פון באַשטימטע לענדער, פעלקער, סביבה און קולטור־שאַפונגען; און נאָכמער אָפּהענגיק פון די אַלט־העברייאישע מקורות: פונעם תנ״ך איבערהויפּט און פון די סאַמע ערשטע רעליגיעזע, היסטאָרישע, כראָניקאַלע און ליטעראַרישע מוסטערן פון דעם יידישן ליד, מעשה, לעגענדע, ראָמאַנס, פּאָלקלאָר, כראָניק, שפּריכוואָרט און אַנדערע שאַפונגס־זשאַנרן וואָס זיינען אַנטשטאַנען, ווי שוין אויבן געזאָגט, אין דער סביבה און נאָענטשאַפט פון די פעלקער צווישן וועלכע די יידן און זייערע פּיאָנערישע דיכטער, מעשיות־פאַרפאַסער, לעגענדעס־פאַרשרייבער און כראָניק־פאַרצייכענער, ווי אויך די קאָפּיסטן, די איבערשרייבער פון עלטערע שאַפונגען האָבן געלעבט, אימיטירנדיק מערסטנס פון פרעמדע מוסטערן, און ווי אַזוי זיי זיינען מיטן גאַנג פון די יאָרהונדערטער סוף כל סוף דערגאַנגען צו מער אייגענע אייגנאַרטיקע אויסדרוקן און פאָרמען פון שאַפונגען וואָס זיינען אינעם גאַנג פון די צייטן, טראָץ היסטאָרישע שטערונגען פון שרעקלעכן פאַרנעם ווי די קרייצצוגן אין אַלטערטום און כסדרדיקע פאַרפאָלגונגען פון די שוין דעמאָלט אַנטיסעמיטישע דייטשן, אויפגעהעצטע דורך זייערע גלחים און רעליגיעזע פרעדיקערס אין די קירכעס, מיט יאָרן שפּעטער געוואָרן אַלץ מער יידיש, יידישלעכע, מיט יידישן האַרץ, כוונה און געפיל; און די פאַרצייטישע מחברים און נאָך מערסטנס אומבאַהאָלפענע שעפער

האָבן אָנגעהויבן צו קומען צו זיך; צו די אייגענע קוואַלן פון יידישן פאָלקלאָר און חכמה; צום תנ״ך און צו די אַנטיקע וואָרצלען וואָס האָבן שוין געשמעקט מיט די העלדן, געשטאַלטן און כאַראַקטערן פון דער יידישער געשיכטע, דערגייענדיק ביסלעכווייז צו אייגנאַרטיקע פאָרמען און שטרעמונגען. פון נאַכט און נעפל הויבט אָן דער פרימיטיווער שאַפונגס־פּיאָנער אַרויסצושטעקן זיין קאָפּ; זיין פנים הויבט אָן צו שיינען מיטן יידישלעכן פּקחותדיקן וואָרטשפּיל, גלייכוואָרט, וויץ, סאַטירע, חתונה און יום־טוב־געזאַנג; מיטן ליד פון שמחה, פרייד און עצבות. דער שפּילמאַן־זינגער, אימיטירנדיק דעם דייטשן מינעזינגער און טרובאַדור, טרעט שוין אַרויס אין דער יידישער סביבה און געטאָ־אָפּגעצוימטקייט מיט זיין אייגן ליריק, מיט זיין געזאַנג און דעקלאַמאַציע, מיט זיין טרייסט צום פאָלק, זיין חן, זיין כישוף, זיין שמייכל און זיין קרעכץ. אין זיין בדחנישן ליד אויף דער יידישער חתונה, ווען די אין דעם ווייסן זיידענעם שלייער פאַרהילטע כלה ווייַנט צוזאַמען מיט די טאַטע־מאַמעס פון ביידע צדדים; ווען דער בדחן היט אָפּ די היסטאָריש־יידישע מידה צו פאָרן טרויער און פרייד; צו טרייסטן די כלה און גלייכצייטיק איר צו וואָרענען ווי אַזוי זי באַדאַרף זיין גרייט אויפצונעמען דאָס שווערע יידישע לעבן און עול מיט זיינע דאגות און שטרויכלונגען. אַזוי דערגייען די ערשטע פּיאָנערן־דיכטער ביז צו אליהו בחור און גליקעל פון האַמעלן; דער ערשטער עפּענענדיק דעם יידישן ראָמאַנס, וואָס כאָטש באַוויירקט פון די איטאַליענישע ראַפינירטע און געפּוצטע ראָמאַנסן און ליבע־פאַרפּאַסונגען, פאַרפּאַסט ער אַן איבערראַשנדיק ווערק מיט אויסערגעוויינלעכן חן, גראַציע, עלעגאַנץ; מיט פּאָלירטן און גלענצנדיקן אַרכיטעקטאַנישן געבוי, וויץ, מעשה און פאַבולע, אין וועלכן די יידישע לעבנס־דראַמע שיינט אויף מיט רייצנדיקע ריטמען, קאָלירן און קינסטלעריש־פּאָעטישער רייפקייט. בלויז די שפּראַך, דער „אור־יידיש״ און אַפילו די אותיות באַדאַרפן נאָך דורכצוגיין אַ פאָרמאַליסטישע עוואָלוציע ביז צום מאָדערנעם ליד פון, לאָמיר זאָגן, פון די דיכטער פון דער גרופּע „יינגע״, ביז צום מאַכטיקן ליד ווי פון אַ צערייצטן און געשלאָגענעם טיגער פון דעם פאַרנעם פון אַ משה לייב האַלפּערן און ביז צום סאַמעטענעם, ציטערנדיקן און צאַרטן ליד פון אַזאַ פאַגאַניני ממש אין דער יידישער פּאָעזיע ווי מאַני לייב. אָבער די פיבערן און די פּאָטענצן גליען שוין מיט גאָלדענע פייער־פונקען אין אליהו־בחורס בבא־מעשה. און די ערשטע, גליקל פון האַמעלן, שרייבט שוין אָן מיט אַ קילקייט און געזונטער שילדערונג פון קינסטלערישע פּראָזע איר עפּישע משפחה־שאַפונג, איר קרעפטיק זכרונות־ספר וואָס איז אַ בריליאַנטענער טעפּעך, רייך אויסגעוועבט מיט אַלע פּראָזע־פעדעמער פון סביבה־שילדערונג, כאַראַקטערן־געשטאַלטיקונג, היסטאָרישע פאַרשרייבונג פונעם יידישן לעבן אין דעם מיטלאַלטערלעכן דייטשלאַנד. גליקל פון האַמעלן קען פאַרגליכן ווערן, אויב מען וויל, צו מאַדאַם דע סעוויניעס פּראָזע־בריוו, פאַרברענגענדיק אינעם הויף פון לואי דעם

פערצנטן, דעם „זון־געץ״ ווי זיי האָבן אים גערופן, און באַשרייבנדיק אין אירע טעגלעכע בריוו צו דער טאָכטער, די סביבה פון די אַריסטאָקראַטן און פּריצים; די הויף־באַפעלקערונג וואָס בויגט און בוקט זיך יעדן פרימאָרגן צו דעם פראַנצויזישן קעניג וואָס באַהערשט אין זיין צייט די פּאָליטישע פעדים פון גאַנץ אייראָפּע; ווענעמס איידעמס און שלוחים ווערן די קעניגן און הערשער פון די שכנותדיקע לענדער. און ווען ער גייט ענדלעך אין טיפן עלטער זיך לעגן אין זיין קבר, איז ער שוין היפשלעך זאַט מיט אַ לאַנגער קעניגלעכער הערשאַפט פון אַריבער פערציק יאָר; פון האָבן אויסגעטרונקען ממש אַ טייך מיט וויין פון אַ סך פלעשער און פון די וויינטרויבן פון ברייטע פראַנצויזישע פעלדער. ער איז אויך פאַרזאָרגט אין זיינע רייף־מאַנצבילישע טעג און נעכט מיט כמעט אַ גאַנצן האַרעם מיט דערפאַרענע ווייבער, מיט קלוגע מעטרעסעס וואָס פאַרמאָגן חן, צירונג און פיינע געהירן אין זייערע שיינע און רייצנדיק־געלאָקטע קעפּ וואָס קענען אינטריגירן און שפּרייטן פּיקאַנטע מעשיות און פּלאָטקעס וועגן דעם וואָס עס טוט זיך אָפּ אינעם קייסערלעכן הויף. וואָס־וואָס, אָבער מאַדאַם דע סעווינייע איז אַריינגעגאַנגען מיט אירע ביידע פיס אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור מיט די דאָזיקע בריוו וואָס זיינען אָנגעפּאַקט און אָנגעפּיקעוועט מיט אַ שלל פון דעטאַלן און כראָניקעס, מיט מייסטערהאַפטע שילדערונגען פון די בירגער, די איינוואוינער, די פּריצים און אַריסטאָקראַטקעס וואָס גייען אָן מיט די הויף־אינטריגעס אַזוי לאַנג ווי זיי פאַרמאָגן לוסט און כוחות דאָס צו טאָן...

דער געבוירענער יידישער בעלעטריסט וועמען עס ציט מיט זיין אייגענער פעדער צו זען און אַליין אויך צו שילדערן מיט זיין יידיש־וואָרט וואַרעמע און פולבלוטיקע געשטאַלטן און טיפן פונעם יידישן פאָלקס־לעבן אין די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער, און וואָס ווערט פראָוואָצירט מיט זיין בונטער פעדער און וואָס איז שוין באַלאָדן מיט אַ קרעפטיקער לערנונג פון דער רייפער און מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, באַזונדערס פון אונדזערע קלאַסיקער פּרץ, מענדעלע און שלום עליכם, און וואָס ווערט ממש פּראָוואָצירט מיט זיין אייגענעם דראַנג, אימפּולס און אימפּעט צו געדיכטער שרייבעריי כדי אָנצוצינדן אין זיין פּראָזע גאַנצע עפּאָכעס מיט יידיש לעבן — מיר האָבן דערמיט אינזינען די דערשיינונג פון אַ שלום אַש און פון ענלעכע שריפטשטעלער — צו שילדערן אייגנאַרטיקע מענטשן אין זייערע רייכע אופנים האַנדל, פאַרוויילונג און זייערע לאָקאַלע טראַכטן; אין זייער בונטן פאָלקלאָר, הומאָר, וויץ און פאָלקסווערטער; אין זייערע מעשים, מנהגים, שטייגער־לעבן, ימים־טובים, נאַציאָנאַלע מאַניפעסטאַציעס און סאָציאַלע באַציונגען; אין זייערע ערשטע, פּיאָנערישע „טעאַטער־פאָרשטעלונגען״, אויב מען קען זיי אַזוי רופן; אין זייערע שמחת־תורה־טענץ און געזאַנגען; פּורים־מאַסקאַראַדן, מכירת־יוסף, אסתר און מרדכי־שפּילן און פאַרפאַסונגען; אין זייערע

כלערליי מינים מאכלים, געטרענק אויף סעודות; אויף משפחה־שמחות און כלערליי אויסדריקן פון אינדיווידועלן און נאַציאָנאַלן לעבן — קען זיך דערלויבן רייך צו פאַנטאַזירן וועגן דעם אופן ווי אַזוי די ערשטע ליטעראַטור־שאַפונגען פון אונדזערע פיאָנערן האָבן געווירקט, אינספּירירט, מאָדעלירט און געזעטיקט דעם פּערמאַנענטן הונגער אינעם יידישן מאַסנמענטש ווי אויך אין דעם מער־ראַפינירטן, אייגנאַרטיקן און דענקענדיקן ייד — צו גייסט, צו לעבן, צו ליבע, צו געזעלשאַפט, צו עסטעטישע ווערטן, צו זיין אייגענער לעבנס־געשיכטע; ווי אויך צו זעטיקן זיין שטרעבן צו לייענען ליטעראַטור, הנאה צו האָבן פון די פּיאָנערישע, נאַאיווע און פּרימיטיווע שאַפונגען פון די נאָך דעמאָלט גאַנץ רויע און אַומבאַהאָלפענע טאַלאַנטן, וואָס שייך עסטעטיק, באַנוצנדיק פאַר זייער טאָגטעגלעכער לעקטור מערסטנס דעם פאָלקלאָר פון זייער צייט און די קולטור־שאַפונגען, ווי שוין געזאָגט, לויט די מוסטערן פון די ליטעראַטורן אין די שכנותדיקע לענדער. אָט זעט מען און מען קען טאַקע ממש מיט אַביסל פאַנטאַזיע און פאָרשטעלונג אָנטאַפן די צייט, אָנרירן די עפּאָכע פון די אָרעמע יידישע קאָפּיסטן וואָס האָבן נאָך ערב דער אַנטדעקונג פונעם גוטענבערג־דרוק, וואָס איז געווען פון געוואַלדיקער וויסנשאַפטלעכער און קולטור־באַדייטונג פאַר דער וועלט און פאַר דער נייער צייט אין אייראָפּע — פּשוט איבערגעשריבן מיט טינט און אפשר נאָך מיט געגנדזענע פעדערס, פון עלטערע מאַנוסקריפּטן און פון פאַרצייטישע געשריבענע ספרים מיט פילקאָלירטע אילומינאַציעס פון טאַלאַנטפולע קינסטלער, און וואָס האָבן אין די שפּעטע שעהן פון דער נאַכט קאָפּירט געשיכטעס, און טאַקע אַליין אילומינירט מיט ממש פינקלענדיקע פאַרבן די מעשיות, כראָניקעס, עפּישע פּאָעמען, פאַרשייטע אָדער אויסגעלאַסענע לידער, חתונה און יום־טוב־פּערזון, און דער עיקר די היסטאָרישע און תנכישע סצענעס פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט. די אָפּט הונגעריקע און אָרעם־געקליידעטע קאָפּיסטן וואָס האָבן, ווייזט אויס, נישט געהאַט קיין שום אַנדערע קוואַלן פון פּרנסה, האָבן געליפערט צו די יידישע פרויען, צו די מער פאַרמעגלעכע באַלעבאָסטעס, צו די ווייבער וואָס האָבן געשמאַכט און געהונגערט צו לייענען מעשיות וועגן ליבעס און ראָמאַנצן; כראָניקעס וועגן מאָדנע און ביזאַרע פאַרלויפענישן און ממש גאַנצע ליטעראַטורן אין מאַנוסקריפּט. די דאָזיקע לעגענדאַרע איבערשרייבערס פונעם פערצנטן און פונפצנטן יאָרהונדערט האָבן די מאַטעריאַלן סיי איבערגעשריבן אין זייערע קבצנישע ביידעמער אָדער פינצטערע קעלער־שטיבער, און דערנאָך אַליין געבראַכט די קאָפּיעס אין די באַשיידענע, אָבער סאָלידע היימען פון די בעל־הבתישע באַלעבאָסטעס, ווי אויך אין די רייכערע היימען און סאַלאָנען פון חשובע יידישע סוחרים און איבערהויפּט צו זייערע ווייבער, צו זייערע עלעגאַנטע און רייצנדיקע טעכטער; זיי האָבן אויך געבראַכט די אַלערליי מאַנוסקריפּטן, איבערגעזעצטע, ווי שוין געזאָגט, פון פרעמדע קוואַלן;

אויך פאַרשידענע וואָרע כראָניק־געשעענישן, פּאָרקומענישן, מעשיות וועגן דיבוקים, שדים, נישט־גוטע און אַנדערע „אמתע געשיכטעס״: ווי אויך האָבן די מער־געלערנטע קאָפּיסטן, די וואָס האָבן שוין געקענט אַביסל לערנען, געלייענט לשון קודשדיקע ספרים, אָפּטמאָל אַפילו אַליין אויך געווען תלמידי חכמים, איבערגעזעצט פון אַנדערע לשונות און טאַקע דער עיקר אין העברייאיש, און הויפּטזעכלעך האָבן זיי זיך באַנוצט מיט די תנכישע כראָניקעס פון עראָטישן כאַראַקטער אין די ספרים וועגן די מלכים (אלף און בית); פון ספר שמואל און פון ספר דניאל; פון דברי הימים און פון מגילת אסתר; און בכלל פון דעם תנ״ך, ווי שוין געזאָגט, וואָס איז אָנגעפּיקעוועט מיט פאַרציילונגען און איבערלעבענישן וואָס די כראָניקלער האָבן פאַרשריבן ממש וואָרט פאַר וואָרט פון די ליפּן פון יענע וואָס האָבן אַלץ אַליין געזען, געהערט, געלייענט און פאַרצייכנט פון דעם לעבן פון די פאַרצייטישע דורות און אויך פון זייערע אייגענע צייטן, וואָס זיינען אָפּטמאָל געווען גענוג שפּאַנענדיק, פּיקאַנט און אַפילו „סעקס־אַפּיליש״, לויט אונדזערע היינטיקע באַגריפן וואָס זיינען אַזוי אַלט ווי די וועלט...

די יידישע קאָפּיסטן וואָס האָבן שוין געהאַט גרעסערע אַמביציעס ווי בלויז איבערצושרייבן אויף אַ געוויינלעך מאָנאָטאָנעם שטייגער פון די פאַרטיקע טעקסטן, און וואָס האָבן שוין אויך געהאַט אַ נייגונג צוצוגעבן מער איינצלקייטן און איבערהויפּט אָנצוטאָן די כראָניקעס אין רעאַליסטישער און אמתער פּראָזע־שילדערונג; צו פאַרגרעסערן דעם סכום ווערטער, פּראָזן און „לייענשטאָף״; שוין מיט קענטיקע דראַנגען און באַדערפענישן צו „אייגענער שאַפונג און פאַרפאַסונג״, האָבן אָפּטמאָל פאַרוואַנדלט ביבלישע עפּיקס, געשיכטעלעכע כראָניקעס און דערציילונגען און לענגערע פּאָעמען, אין מוסר־ליטעראַטור, אין מיניאַטורנע דראַמעס און קאָמעדיעס; אין די שוין דערמאָנטע און פּאָפּולערע „מכירת־יוסף און זיינע ברידער־שפּילן״; אין פרומער, רעליגיעזער און אויך וועלטלעכער ליטעראַטור, געשיכטע, נאָוועלעטן, דראַמען, ראָמאַנען, מעדיצין־ביכער, שדים־מעשיות און אין וואָס דען נישט?... די קאָפּיסטן מיט אַביסל מער נייגונג צו שאַפונג, צו שפּראַך־דעקאָראַציע און אָרנאַמענטאַציע, האָבן נישט איינמאָל צוגעשריבן ביים סוף פון אַזאַ מאַנוסקריפּט זייערע אייגענע וואַזשנע שרייבעכצן אויך, פּרווונדיק צו אימיטירן די אָריגינאַלן און מכלומרשט צו באַרייכערן דעם אָריגינעלן טעקסט...

איך מוז זיך מודה זיין פאַרן לייענער, אַז דאָס קאַפּיטל אין וועלכעס דער מחבר מאַקס עריק באַשרייבט די דאָזיקע קאָפּיסטן און זייערע מייסטערינס (ער רופט זיי „פּאַטראָנעסעס״) האָט מיך אינגאַנצן איבערראַשט און פאַרכישופט. ערשטנס איז עס איבערהויפּט געווען פאַר מיר עפּעס אַ נייעס געוואויר צו ווערן פון אַלטפּרענקישע יידישע קאָפּיסטן וואָס האָבן נאָך ערב גוטענבערגס שוין דערמאָנטער היסטאָרישער דערפינדונג פון דרוקעריי־קונסט, געליפערט צו יידישע הייזער און

היימען ממש גאַנצע ביבליאָטעקן, אָן שום גוזמא, טראַכטנדיק און אינזינען האָבנדיק אין וואָס פאַר אַ לאַנגער צייט־שטרעקע זיי האָבן דאָס געטאָן און אויסגעפירט אַזאַ געוואַלדיקע פונקציע אינעם מיטלאַלטערלעכן יידישן לעבן, שטילנדיק און זעטיקנדיק דעם באַגער און הונגער ביי די יידישע פרויען פונעם פאָלק צו לייענען ליטעראַטור אין אַ צייט ווען ליטעראַטור אין פולן זינען פונעם וואָרט, ווי מיר פאַרשטייען עס היינט, אַלס פאַרוויילונגס־שטאָף און באַלערנונג פונעם לייענער, האָט נאָך בכלל נישט עקזיסטירט, מיינענדיק דאָ ריין־יידישע ליטעראַטור. (אגב דערמאָנט מאַקס עריק, אַז לייענמאַטעריאַל צו יענער צייט איז געווען אַ נויטווענדיקע זאַך און לעקטור סיי פאַר פרויען און סיי פאַר מאַנצלייט צוגלייך. דערמיט ווערט אָפּגעלייקנט די שוין זינט לאַנג פאַרשפּרייטע און אָנגענומענע טעזע אַז בלויז דאָס ווייבערישע מין, די אַזוי־גערופענע נאַאיווע ווייבער, האָבן געלייענט די קאָפּירטע מעשה־ביכער און אַנדערע סאָרטן שאַפונג. אַפילו די פּאָפּולערע „צאינה וראינה”, אַ מכלומרשט טיפּיש־ווייבעריש בוך, וועמענס מעשות זיינען גענומען געוואָרן מערסטנס פון תנ״ך, פון תלמוד און פון אַנדערע מקורות, איז געוואָרן פונקט אַזוי שטאַרק געלייענט צווישן מאַנצלייט ווי צווישן פרויען...

דער שרייבער אין מיר אַליין וואָס איז נישט געוואוינט צו דענקען בלויז אין אַבסטראַקט אָדער אין טעאָריע און אין שפּעקולאַציע, נייערט דורך ממשותדיקע בילדער פון מענטשן, גאַסן, שטעט און געשעענישן, זעט ממש אויף אַ גאַנץ רעאַליסטישן שטייגער די צניעותדיקע יידישע מיידלעך, די באַלעבאַטישע ווייבלעך, די ווירדיקע באַלעבאָסטעס (אָדער מאַדאַמען), און זייערע היפּשע דינסטן (וואָס האָבן אויך קיינמאָל נישט איבעריקס ליב געהאַט זייערע אויבערהאַרענטעס, ווי איך פלעג דאָס אָפט צוזען אין די הייזער און אין די שטעטלעך וואו מיר האָבן געוואוינט אין פוילן), און גאָר דאָס „געמיינע” פאָלק, מיינענדיק די ברייטע מאַסן, פאַרשטייט זיך, אָבער טאַקע באַזונדערס די ווייבער און ספּעציעל די מער־פאַרמעגלעכע קלאַסן און שיכטן, וואַרטנדיק אומגעדולדיק אויף די שוין אַ סך מאָל דערמאָנטע קאָפּיסטן, כדי זיי זאָלן שוין וואָס גיכער ברענגען די איבערגעשריבענע פראַגמענטן, אָפּטמאָל אַפילו עטלעכע טיילן אָדער קאַפּיטלעך פון אַ פּאָפּולערן ליבע־ראָמאַן מיטאַמאָל, איינגעבונדענע אויף אַ פּרימיטיוון אופן אין אַ מין קאָלעקטיווע זאַמלונגען אָדער בענדער, ווי מיר פלעגן נאָך בשעת אונדזערע יוגנט־יאָרן אָנטרעפן אין די יידישע ביבליאָטעקן פון דער אַלטער היים: אַ דיקער באַנד וואָס האָט פאַרמאָגט אפשר צוואַנציק צי אַפילו מער דינינקע בראָשורקעס מיט מעשה־ביכלעך, בענטשערלעך מיט דער מעשה אינמיטן אַריינגעפלאָכטן וועגן דעם צדיק חוני המעגל וואָס איז געשלאָפן זיבעציק יאָר צייט אונטער אַ פעלדז אין אַ הייל און דערנאָך, ווען ער האָט דערוואַכט און ער איז ענדלעך אַרויסגעגאַנגען פון אונטערן פעלדזיקן געלעגער, האָט ער קיינעם נישט דערקענט און קיינער האָט אים נישט געוואָלט דערקענען און

ער האָט גיכער חשק געהאַט צו שטאַרבן איידער צו ליידן איינזאַמקייט אין אַ גאַנץ פרעמדער וועלט און סביבה. אגב האָב איך אַזעלכע קאָלעקטיווע איינבאַנדן פון צען אָדער אַפילו צוואַנציק דינע ביכלעך נאָך אָנגעטראָפן אין הויז פון יוסף אָפּאַטאָשו וואָס האָט זיי אַזוי איינגעבונדן, לויט מיין השערה, לויט די מוסטערן פון די עלטערע צייטן פונעם יידישן לייענשטאָף.

יאָ, די נייגעריקע ווייבער זיינען פשוט גליקלעך שוין ענדלעך צו דערזען דעם פּאָלקס־קאָפּיסט וואָס ברענגט צו זיי די לאַנג געגאַרטע סחורה. די קאָפּיסטן נעמען געוויינלעך אָן מתנות פון די געטרייע און דאַנקבאַרע לייענערינס, פון די נאָבעלע ווירטינס, פון די גליקלעכע באַלעבאָסטעס וואָס וועלן זיך מסתמא שבת נאָכן עסן דאָס הייסע טשאָלנט, ערשט געבראַכט דורך אַן אָרעם ייִנגעל פונעם באַק־אויוון, און נאָכן טרינקען מיט דער גאַנצער פאַמיליע און אַמאָל מיט אַ פּאָר פאַרבעטענע אורחים אויך, די הייסע און געשמאַקע טיי מיטן שטאַרקן סענץ, אָנטאָן אין זייערע שענסטע סאַמעטענע קליידער און זיך באַדעקן די געלע טונקעלע אָדער שאַטינענע שייטלעך אויף זייערע קעפּ מיט זיידענע טיכלעך, און זיי וועלן אָנטאָן זייערע קלאָר־געוואַשענע פיס אין זיידענע זאָקן און אין ווייך־זעמשענע פאַנטאָפלעך מיט קאָלירטע שלייפלעך. זיי וועלן פּאַוואָליעדיק גיין אין גאָרטן, צום היימישן טייך וואָס איז באַדעקט מיט שימל און מיט ברייטע לאַטאָס־בלומען ווי בעכערס געפאַרבטע מיט עטלעכע פרישע קאָלירן ווי ערשט־אויפגעבליטע בלומען אין אַ רייכן גאָרטן; זיי וועלן אויך שפּאַצירן מיט זייערע דינסטמיידלעך וואָס וועלן גיין הינטער די מאַדאַמען, צו די געדיכטע שבתדיקער סעדער וואָס שמעקן מיט כלערליי זיסע און פאַרפיומיקע דופטן און מיט אַנדערע מינים אָנגענעמע טעמען פון די צייטיקע פירות; אָדער זיי וועלן באַזוכן די היימען און הייזער פון זייערע נאָענטע פריינדינעס; די רחבותדיקע פראָנטאָווע ווערענדעס וואָס זיינען רייך באַצירט מיט געפאַרבטע און ערדענע בלומענטעפּ, מיט וואַזאָנעס און מיט איידעלע רויזנקרענצלעך, און זיי וועלן שפּעטער, צום אָוונט צו, וואַרטנדיק אויף די ערשטע דריי שטערן וואָס זאָלן זיך באַווייזן ציטערנדיקע אויפן הימל־טעפּעך, אָנזאָגנדיק דעם סוף פונעם הייליקן שבת קודש און דעם אָנקום פון דער גרויער וואָך. די גליקלעכע ווייבער און ווירטינס וועלן זאָגן מיט אַן איידעלן ניגון „גאָט פון אברהם". אָבער זיי וועלן זיך איילן תיכף נאָכן מאַנס מאַכן די הבדלה זיך אַוועקצוזעצן אינעם אַלקער וועמענס אַריינגאַנג איז פאַרדעקט מיט אַ פּלושענער פירהאַנג און זיי וועלן שפּעטער אַליין לייענען אין דער אָנגענעמער שטילקייט פונעם זיסן שבת־צונאַכטס פון די הערלעכע ראָמאַנען וואָס שילדערן אויף אַ שעמעוודיק־צניעותדיקן שטייגער, אָבער אין אַ רייכן לשון און מיט געוויינלעך אַ סך מליצה און פּאָעטישע רייד, די ראָמאַנצן צווישן די שטאַרק־פאַרליבטע פּאָרלעך, צווישן די

פאַסצינירנדיקע פרינצן און פרינצעסינס, לויט די מעשה־ביכלעך, פאַרשטייט זיך...

איך זע באַשיימפּערלעך די רייכע באַלעבאַטים, די פיינגעקליידעטע סוחרים וואָס פאַרקויפן דאַמענקליידער און אַלט־צירונג צום רייכערן קלאַס קריסטלעכע בורגערס, צו די פּריצים און זייערע גאַנץ־פליישיקע פרויען וועמענס בריסטן פילן אָן די בוזעמס פון די בלוזקעס; אויך די סוחרים פון אונטערוועש, שפּיצנוואַרג, גאָרסעטן און רוזשנע דאַמענמאַנטלען און אַפילו פעלצן; אויך וויינהענדלער פון גוטע געטרענקען און פון פאַרשיכורנדיקע בשמים. אויך די פאַרקויפערס פון לאָקירטע שיך, לאַטשן, פאַנטאָפלעך און פון געשטרייפטע זאָקן און פערלמוטערנע קנעפּ; פון פוטערנע מאַנטלען און זשאַקעטן; פון פירשטלעכע סאַקן און שוואַרצע מופטעס צו באַהאַלטן אין זייער וואַרעמקייט די איידעלע הענט פון די פרויען; די הענדלערס פון ברייטראַנדיקע היטן מיט לאַנגע שפּילקעס מיט גלאַנציקע קאַרשן ווי ערשט־אַרויסגעשפּראָצטע פון די נידעריקע, דינע און איידעלע בוימער אין די סעדער וואָס זיינען אין קאָנטראַסט דווקא פול מיט הויכע און קרעפטיקע בוימער פון אַנדערע פּירות. יאָ, די היטן זיינען דעקאָרירט מיט פאַלשע וויינטרויבן און וויינפּערלעך פאַרשטאָכענע ביז צו די שייטלעך און אַמאָל אויך ביז צו די אַרומגעשוירענע שאַרבנס פון די פרומע ווייבער. יאָ, זיי אַלע, די פּרעכטיקע יידישע פרויען פון סוחרים, שפּיליטערס, ביזשוטעריע־הענדלערס, ספּעקולאַנטן און גאָלד־אויסבאָרגערס אויף פּראָצענטער; אויך וואַלד־סוחרים, יידישע אָנגעשטעלטע ביי די הערשערס, צאַרן, קייסאָרים, פּריצים און פירשטן; ווי אויך פאַרוואַלטערס און עקאָנאָמען פון די פאַנטאַסטישע גיטער און ווירטשאַפטן ביי די קריסטלעכע און אַראַבישע פּעאָדאַלן, פינאַנציסטן און באַנקירן. זייערע פרויען און טעכטער; זייערע שנורן און אַנדערע קרובים זיינען זיך פּשוט מחיה מיט די זעלטנשפּאַנענדיקע מאַנוסקריפּטן, מיט די מערקווירדיקע באַשרייבונגען און היפּנאָטריזירנדיקע שילדערונגען פון ווייטע רייזעס אין פרעמדע לענדער און פאַנטאַסטישע נסיעות קיין אינדיע און כינע, דערגרייכנדיק אַזש ביז צו די הרי חושך און צו די לענדער מיט וואונדערלעכע אינדזלען און מיט לעגענדאַרע שטעט און זעלטענע גערטנער און פאַרקן. זיי חזרן איבער אין בית המדרש, אין שוהל, אין דער מקווה, אין שטאָטישן באָד, אין די הייזער און שטיבלעך וואו זיי פאַרזאַמלען זיך, וועגן די פּראָבלעמען און עסקים פון זייערע חברהס פונעם צעך. יאָ, די קאָפּיסטן זיינען דאָס רוב היפּשע ציניקער: זיי שרייבן אָפטמאָל איבער די פרעכע וויצן, די פאַרשייטע אַנעקדאָטן, די עראָטישע אָנצוגעהערענישן, די שאַרפע עפּיגראַמען, די ראַפינירטע דיאַלאָגן; דעם פעטן און געדיכטן פּאָלקלאָר פון דעם טאָגטעגלעכן לעבן; פון די גאַסנגייעסן און געזעלשאַפטלעכע פּאַסירונגען וואָס די נייעס־און־כראָניקעס־אויסשרייערס שרייען אויס יעדן פרייטיק, דאַכט

זיך, אין די גאַסן, געמאַרקן און אויף די פרייע פלעצער פון די שטעט און ישובים וועגן חתונות, לוויהס, געבורטן און יאָרצייטן ביי יידן; פונעם לעבן פון די יידיש־דייטשע געטאָס וואו עס הערשט נישט־זעלטן חושך, מיזערע און אָרעמקייט; אויך שלאַפקייטן און פאַרגיפטונגען; עפּידעמיעס און קריגערייען; רויב־אָנפאַלן און שענדונגען, ווען די דייטשע היצלעס און כוליגאַנעס, די אורזיידעס פון די שפּעטערדיקע נאַציס און אַנטיסעמיטן, כאַפּן זיך אַריין אין דעם יידישן געטאָ איידער מען באַווייזט אין די אָוונט־שעהן צו פאַרמאַכן די אייזערנע טירן און טויערן, און זיי טאָן אָפּ אַלערליי רציחות און געמיינקייטן, צעשטערנדיק יידיש אייגנטום, רויבנדיק יידיש האָב און גוטס...

דער קאָפּיסט און די נייגיריקע, מען קען אויך זאָגן הונגעריקע ווייבער נאָך לייענשטאָף, האָבן זיך מסתמא אָפּט געטראָפן און זיי האָבן געשמועסט און אפשר געפירט וויכוחים וועגן די איבערגעלייענטע ווערק, וועגן וועלכע די שענערע און ייִנגערע פרויען האָבן שוין פריער געהאַט געשמאַקפול געלייענט און שטאַרק הנאה געהאַט פון די אמתדיקע און אויסגעטראַכטע סצענעס, סיטואַציעס און האַנדלונגען. (אויב לייטיש אָנגעשריבן, זיינען זיי שוין במילא געווען אמתדיק אויך.) די דאַמעס האָבן אָפּטמאָל פאַר אַ צולאָג צום סכום וויפל עס איז געקומען צו די קאָפּיסטן פאַרן איבערשרייבן פון די אַלטע און אָפּטמאָל אויך שטויביקע און שפּינוועבסטיקע בענדער און בלעטער, פאַרבונדענע מיט שטריקלעך און מיט זיידענע בענדלעך, אויך מיטגעשיקט פּאָרציעס שפּייז צו די קבצנישע קאָפּיסטן און געוויינלעך איינזאַמע בחורים, וואָס זיינען מערסטנס נישט קיין חתונה געהאַטע, פון זייערע אייגענע גבירישע מאָלצייטן. אַ שטייגער: שבתדיקן לאָקשנקוגעל, אַ שטיקל פעטע קישקע, אַ הייסע פּאָרציע טשאָלנט אָדער אַנדערע פליישוואַרגן; אויך מערנצימעס, קיכלעך, היימיש־געבאַקענע, חלה מיט האָניק און אייער פאַרשמאָלצן; פאַרפעל, אַרבעס, הירש, קאַשע, קליסקעלעך מיט יויך, פיינעם און לויטערן וויין מיט האָניקדיקן לעקעך. די קאָפּיסטן האָבן מסתמא אויך הנאה געהאַט טיילמאָל פון דעם צוגעשיקטן טשאָלנט אין אייזערנע אָדער ערדענע טעפּלעך מיט צוגעדעקטע שטערצלעך, ווי אויך מיט לייטיש אָפּגעצוקערטע טיי אין אַ טשייניקל פון מעש אָדער פון קופּער. זייערע שבתדיקע טעג וועלן איצט זיין וואַרעמער און היימלעכער אַדאַנק די דאָזיקע געשאָנקענע מאכלים און געטרענקן פון די דאַנקבאַרע און געטרייע באַלעבאָסטעס וואָס האָבן מסתמא אויך געהאַט רחמנות אויף די אָרעמע יונגעלייט און אַפילו עלטערע יידן וואָס זיינען געקומען פון אָרעמע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, אָבער זיי זיינען חלילה נישט געווען קיין פאַרגרעבטע מענטשן. עלנטע מענטשן זיינען געווען אין אַלע צייטן פון דער יידישער געשיכטע. (אַזעלכע באַרימטע גאונים־דיכטער ווי ר׳ שלמה בן גבירול אין פאַרצייטישן שפּאַניע מיט קנאַפּע טויזנט יאָר צוריק, און עמנואל הרומי, אַ צייט־קאָלעגע פונעם

גרויסן איטאַליענישן דיכטער דאַנטע אַליגיערי, (געשטאָרבן אין יאָר 1320), זיינען געווען מוראדיק־איינזאַמע מענטשן אין אַלע צייטן).

דער לייענער־בעלעטריסט קען זיך קוים פאָרשטעלן די אַטמאָספערע פון דער ידיישער גאַס, פון יידישע הייזער אין די מיטלאַלטערלעכע דייטשע שטעט וואו די יידישע באַפעלקערונג האָט געלעבט און האָט זיך טאַקע געזוכט אויסצולעבן יידישלעך, אין אַ היימישער סביבה און גייסט. דער זעלביקער לייענער־בעלעטריסט טראַכט אויך, ווי שוין אויבן דערמאָנט, פון די פאַרשידענע סיטואַציעס וואָס האָבן געקענט אַנטשטיין און געבוירן ווערן פון די באַציונגען צווישן יינגערע און אַפילו מיטליאָריקע פרויען אין שייכות צו די שוין אַ סך מאָל פריער דערמאָנטע קאָפּיסטן וואָס האָבן מסתמא געשמאַכט נאָך דער סביבה פון פאַמיליענלעבן און וואָס זיינען געווען אויסגעהונגערט צו פאַרברענגען אין אַ נגידישער יידישער שטוב; און וואָס האָבן וואויל געדאַנקט דעם אויבערשטן וואָס זיי קענען הנאה האָבן געניסנדיק פון אַ יידיש מאָלצייט אין ריינע און ווייסע טעלערס פון פאָרצעליי און צו טרינקען כשרע און קאָסטבאַרע געטראַנקען אין פסחדיקע קידוש־בעכערלעך, אין גאָלדענע וויינכוסות. עס האָבן מסתמא געמוזט געבוירן ווערן ליבעס און פריינדשאַפטן אין די באַציאונגען צווישן די יינגערע פרויען און די בחורים־קאָפּיסטן וואָס האָבן זיך אַוודאי באַנוצט אין זייערע שמועסן מיט זייערע פאַטראָנעסעס און פריינדינס, מיט אַ מער געשליפענער און ליטעראַרישער שפּראַך וואָס זיי האָבן אַגב אויסגעבאָרגט פון די איבערגעשריבענע שאַפונגען. אין אַ סך פאַלן זיינען די קאָפּיסטן אַליין געווען פּאָעטיש באַגאַבט און זיי האָבן ווייזט אויס אָנגעשריבן פאַר די אָפּנעמערס און באַשטעלערס פון זייער מין ליטעראַטור אייגענע ראָמאַנטישע פאַרפאַסונגען. אימיטאַציע און פּלאַגיאַט איז וואַרשיינלעך נישט געווען קיין זעלטענע זאַך. מיר האָבן וועגן דעם שוין אַגב אויבן באַמערקט...

די אַלע באַשרייבונגען אין קאַרגע שטריכן וואָס מאַקס עריק, געוויינלעך נישט קיין וואַזשנער בעלעטריסטישער שילדערער און ווי אַ וויסנשאַפטלעכער פאָרשער פון דער אַלט־טייטשער יידיש־ליטעראַטור, גיכער אַ היסטאָריקער ווי אַ נאָוועליסט פאַרשטייט זיך, וואָס בראָדזשיעט טאָג און נאַכט אין אַלטע זאַמלונגען פון שטויביקע ביכער וואָס זיינען געל פון דעם גאַנג פון יאָרהונדערטער; אַן אַרכיוויסט וואָס „פּטרט" זיין צייט אויף צו פאָרשן ממש חמרים מיט מאַטעריאַלן ביז ער שרייבט אָן אַ ריינע שורה פון אַן אָביעקטיוון היסטאָריש־קריטישן ווערט וואָס שייך דער יידיש־דייטשער ליטעראַטור אין מיטלאַלטערלעכן דייטשלאַנד, און וואָס ער „עסט" זיך אָן מיט גאַנצע בערגער שטויב און שפּינגעוועבס ביז ער מאַכט פאַרטיק אַ קאַפּיטל וועגן אַ תקופה פון יידיש־פּיאָנערישער אָדער פּרימיטיווער און אויך קינסטלערישער שאַפונג און קרעאַציע ווי די פּאָעמען, ראָמאַנצן און אַזאַ העברייאישע גראַמאַטיק, צום ביישפּיל, פון

דעם גרויסן געלערנטן, תלמיד־חכם און פּאָעט אליהו בחור — האָט אסור די צייט צו שלייפן זיין לשון. זיין שפּראַך איז אַביסל קאַרגלעך און אַנעמיש ווי דאָס יידישע לעבן פון פּאַרצייטנס מערסטנס אין די ענגע געטאָס פון אַלטע גערמאַנישע שטעט וואו עס „וואוינען" אין די הייזער־מויערן, אונטער די טרעפּ פון די שטאָקן און גאַנעקעס מאַסן מייז, ראַצן, פּרייסן און אינזעקטן...

די אַלע באַשרייבונגען, ווי שוין ערשט געזאָגט, אין מוראדיק־קאַרגע שטריכן, מיט אַן עקאָנאָמיק פון וואָרט וואָס איז ענלעך צו סקעלעטישע ביינער פון מענטשן נאָכן האָבן אָפּגעלעגן אין די קברים ממש הונדערטער יאָרן און ווערן אויפגעגעסן פון אַלערליי ווערם און באַצילן, ווערן איבערגעגעבן מיט דער סאַמע קאַרגסטער שפּראַך, אָנווינק און בקיצורדיקייט, כדי צו האָבן צייט און כוחות אַרויסצוברענגען אין דער גאַנצער ממש סאַדיסטישער קורצקייט דעם אַבסאָלוט־נויטיקן עיקר: עס מיינט אַ ריזיקן פּרעסק פון דער בונטער־יידיש טייטשער שאַפונג אין עפּישע פּאָעמען, ליריק, וויין, חתונה און ליבע־לידער וועמענס מעלאָדיעס וויברירן ממש אין דער לופט ווי אַ הערלעכע פּאַנאָראַמע פון אַ שקיעה, פון אַ גאָלדענעם זון־אונטערגאַנג וואָס פאַרגיסט מיט פאַרבן און פּאַטאַמאָרגאַנאַס אַ גייסטיקע ריזנטעריטאָריע. מאַקס עריקס געשיכטע־ספר איז איין גרויסער עיקר און קיצור, און דאָך קוים אַן אָנווינק אָדער אָנדייט, פון די רייכע בונטע און דראַמאַטישע באַציונגען וואָס האָבן געהערשט דורך די גאַנצע פיר הונדערט יאָר פון דעם יידיש־מיטלאַלטערלעכן און פרימיטיוון לעבן און שאַפן ביי יידן. אין דער דאָזיקער עפּאָכע זיינען אויך אַרויסגעבראַכט געוואָרן, ווי שוין עטלעכע מאָל אַקצענטירט, שטאַרקע און צויבערהאַפטע שאַפונגען, ווי גליקל פון האַמעלנס רייכע און פילפאַרביקע אויטאָביאָגראַפיע, וואָס ווערט אַדאַנק דעם שלל מיט פּרטים, עפּיזאָדן, באַשרייבונגען און שילדערונגען צו אַן עפּיק פון גאָר דעם יידישן לעבן אין דייטשלאַנד, אין דער פרומער, סוחרישער, לומדישער און קולטורעלער סביבה ביי יידן. די פּאָעטישע ווערק פון דעם פריער דערמאָנטן אליהו בחור זיינען רייך, עלעגאַנט, גראַציעז און אויך פול מיט עכט־נאָוועליסטישער שילדערונג פון לעבנס־מנהגים און קענטעניש פון די מענטשן; פון די כאַראַקטערן וואָס ווערן געבראַכט אין זיין ראָמאַנטישער פּאָעמע. דאָס בבא־בוך, וואָס איז דעם מחברס „מאַגנום אָפּוס" (הויפּט־ווערק), איז באַווירקט פון די איטאַליענישע און דייטשע ריטער־ראָמאַנצן פון יענער צייט. אָבער עס איז גלייכצייטיק אַן אייגענע שעפערישע בלום פון אַ הויך־טאַלאַנטירטן פּאָעט, ווי שוין אָנגעמערקט... עס איז אַריין אין דער אַלגעמיינער יידישער ליטעראַטור ווי אַן אוניקאַליש ווערק, ווי אַן אוצר...

אגב האָט דאָס דאָזיקע קינסטלערישע ווערק פון אַ הויכער פּאָעטישער מדרגה אויסערגעווויינלעך טאַלאַנטפול איבערגעזעצט אויף אַ קרעפטיקן יידיש דער פּאָעט משה קנאַפּהייס פון בוענאָס איירעס. עס איז

אויך דערשינען אין אַ רייכער אויסגאַבע מיט פיינע וויניעטן פון זיין פרוי, די מאָלערין רות קרוין...

ווען אַ נאָוועליסט מיט שעפערישער ענערגיע, מיט ברייט־פאַרנעמיקע וויסטאַס, מיט נישט קיין באַשיידענע מעגלעכקייטן פאַר פאַנטאַזיע און פאָרשטעלונגען, וואָלט קענען לייענען צווישן די קאָנצענטרירטע און מיט אַ שלל פון וויסן, געלערזאַמקייט און אָנגעשטאָפּטע מאַטעריאַלן אין מאַקס עריקס גרויסן ליטעראַטור־געשיכטלעכן ווערק, וואָלט ער געקענט פון דעם דאָזיקן איינציקן בוך זיינעם פאַרפאַסן עטלעכע צענדליק בענדער מיט ראָמאַנען, נאָוועלן און נאָוועלאַס וויפיל דער ריזנמייסטער אָנאָרע דע באַלזאַק האָט אָנגעשריבן בשעת זיין גאַנצן שעפערישן לעבן פון אַ האַלבן יאָרהונדערט — ממש מאַסיווע בענדער מיט לעבן און שאַפונג, מיט געשיכטע און ראָמאַנס, מיט עראָטיק און פרומקייט פון גאָר דעם יידישן לעבן אין דעם אַמאָליקן דייטשלאַנד וואָס האָט כסדר דורך די יאָרהונדערטער, זינט די צייטן פון די שיכורע און רוצחישע קרייצציגלער אָן, פאַרפאָלגט, געטרודפּט און געפייניקט די יידישע באַפעלקערונג. ביי מאַקס עריק זיינען פאַראַן ממש הונדערטער טיפּן, כאַראַקטערן, פיגורן און געשטאַלטן וואָס ווערן בלויז, אין זיין אויבנדערמאָנטער עקאָנאָמיק פון וואָרט, דערמאָנט מיט זייערע אַלטמאָדישע נעמען, ווי עס איז געווען די געוואוינטשאַפט פון יענער צייט. אָבער זעלטן ווערן מיר געוואויר עפּעס מער וועגן זייערע לעבנס פון אינטימען כאַראַקטער. דער „טרוקענער" און שטרענגער היסטאָריקער פאַרמאָגט מערסטנס בלויז באַגרענעצטער צייט פאַר די נעמען פון מענטשן, מחברים און טיטולן פון זייערע פאַרצייטישע ביכער און ספרים־אויסגאַבעס, ווי אויך אַ שלל מיט פּרטים פון דעם אַלגעמיינעם קולטור־כאַראַקטער. ער האָט ווייזט אויס געוואוסט און געפילט דעם אָנקום פונעם סוף פון זיינע טעג. אגב האָט ער געזוכט צו דערפילן זיין אייגנטלעכע אויפגאַבע, וואָס איז געווען אַ ריין היסטאָריש־קריטישע, און בשום אופן נישט קיין בעלעטריסטישע...

אָבער אַ מחבר מיט דער אַמביציע פון אַ דיקענס, באַלזאַק, טאָלסטאָי צי דאָסטאָיעווסקי, אָדער ביי אונדז אַזעלכע שעפער ווי די קלאַסיקער מענדעלע, פּרץ און שלום עליכם, צי גאָר אַ יוסף אָפּאַטאָשו אָדער יהושע פּערלע, צי שלום אַש און י. מ. ווייסנבערג, יצחק באַשעוויס־זינגער, צי גאָר אַן עוזר וואַרשאַווסקי אָדער אַפילו אַ מרדכי ספּעקטאָר, וואָלטן געקענט פון די דאָזיקע עקאָנאָמיש־קאַרגע און קוים אָנדייטנדיקע פּרטים און פאַקטן באַשאַפן און אויפשטעלן אַ גאַנצע ביבליאָטעק מיט ראָמאַנען וועגן אַ פאַרגאַנגענעם לעבנס און שאַפונגס־פּעריאָד וועגן וועמענס עקזיסטענץ מיר ווייסן אַזוי פיל אָדער אַזוי ווייניק ווי די געאָגראַפן און היסטאָריקער ווייסן פון דעם לעבן אויף אַ קאָנטינענט וואָס האָט אַמאָל, לויט פּלאַטאָ, עקזיסטירט און האָט געהייסן אַטלאַנטיס. אויב יידיש און יידישער ליטעראַטור וועט לעבן, און יידן פון אַלע שיכטן און לענדער

וועלן פאַרמאָגן די נויטיקע באַציונג צו יידיש און באַגרייפן דעם ווערט פון איר ליטעראַטור, סיי די היינטצייטיקע און סיי די אַמאָליקע, די היסטאָרישע, וועט נאָך אַמאָל קומען אַזאַ יידישער ליטעראַרישער מייסטער און גייסטיקער גיבור, און אָנשרייבן די דאָזיקע ריזנביבליאָטעק, געבויט אויפן סמך פון מאַקס עריקס גרויסע געשיכטע פון דער אַלט־יידישער שאַפונג. נאַטירלעך וועט ער זיך נאָך קענען באַנוצן מיט דער הערלעכער געשיכטע פון די אַלט־יידישע און העברייאישע ליטעראַטורן פון פאַרצייטנס. אָבער די דאָזיקע גיגאַנטישע אַרבעט וועט אים אסור אָנקומען גרינג... (ביז איצט האָט בלויז איין און איינציקער שרייבער באַוויזן דאָס נס צו לערנען גרינטלעך דאָס יידיש־טייטש פון יענעם פעריאָד, און נאָך אומגעווייניעלעכער פאָרשונג און שטודיום אָנצושרייבן זיין קינסטלעריש ווערק וועגן דער דאָזיקער עפּאָכע: מיר האָבן אינזינען יוסף אָפּאַטאָשוס מייסטערהאַפטע נאָוועלע „אַ טאָג אין רעגענסבורג”. אָבער אין אַלגעמיין איז מיין פּלאַן פון אַזאַ אונטערנעמונג בלויז אַן אויטאָפּיע. מיר זיינען שוין צו ווייט אַוועק פון יענער סביבה, פון יענער צייט און פסיכאָלאָגיע... מיר האָבן בלויז אויסגעדריקט אונזערע פאַנטאַסטישע און אומרעאַליסטישע וואונטשן... מיר האָבן זיך בלויז געשפּילט מיט פּלענער און אידעאַלן...

יאָ, און וואָס שייך די פּערזאָן מאַקס עריק, דעם ממש געניאַלן ליטעראַטור־היסטאָריקער, האָבן אים די סאָוויעטישע רוצחים יינגערהייט אומגעבראַכט אין אַ סיבירישן קאָנצענטראַציע־לאַגער, אין דעם בליענדיקן עלטער פון בלויז אַכט און דרייסיק יאָר. דאָס דאָזיקע פאַרברעכן פון אויסלעשן דאָס לעבן פון אַזאַ אומגעוויינלעך שעפערישן גאון שרייט ממש מיט אַ מוראדיק געשריי צו די הימלען ווי דאָס אומשולדיק פאַרגאָסענע בלוט פון זכריה הנביא דורכן רוצח נבוזראַדן...

## די לאַנגע רויבעריי

עס איז געווען ביים ים אין קוני איילאַנד בשעת אַ זומערדיקן פאַרנאַכט. אַ מאַן איז געזעסן אויף דער באַנק און ער האָט קענטיק געהאַט אַ באַדערפענריש צו רעדן. ער האָט אָנגעהויבן:

— מען ווייסט קיינמאָל נישט פריער וואו אַן אומגליק וועט אייך אָנטקעגנקומען. איך בין געזעסן פאַראַיאָרן זומערצייט טאַקע אַליין אויף אַזאַ באַנק וואו מיר זיצן איצט און מיר שמועסן. פּלוצלינג דערנענטערט זיך צו מיר אַ פּאָרפאָלק: ער איז געווען אַ הויכער טונקעלער מאַן מיט קליינע וואָנסעס, מיט גאָלדענע רינגלעך אויף זיינע ווי מיט טינט איינגעריסטע הענט און מיט אַ פיינעם שוואַרץ־דעמבאָוון שטעקן וועמענס האָלץ ליגט געוויינלעך אין ים אפשר צוויי הונדערט יאָר איידער עס ווערט שוואַרץ און פאַרהאַרטעוועט ווי שטאָל. דער שטעקן האָט געהאַט אַ הענטל פון ווייסן העלפאַנטביין. ער און זיין באַגלייטערין, אַ יינגע און עלעגאַנטע פרוי מיט אַ קליינעם מויל פון וועלכן עס גלאַנצן אַרויס אירע

דינע ציין, און וואָס איז געווען אַביסל נידעריקער פון איר באַגלייטער. זיי שטעלן זיך ביידע אָפּ אין פראָנט, ווי פאַרשטעלנדיק פאַר מיר די לאַנדשאַפט פונעם אָקעאַן וואָס האָט געשליידערט מיט אומרו זיינע ווייסע שוימיקע כוואַליעס בשעת איך בין געווען פאַרזונקען אין זכרונות וועגן מיין קליינער פאַמיליע מיט וועלכער איך בין אַמאָל געווען אַזוי גליקלעך, איידער די נאַציס האָבן באַהערשט דאָס שיינע און שטילע לאַנד בעלגיע. זיי וואַרטן עפּעס גאַנץ פאַרדעכטיק אַ קורצע ווײַלע, מיך שאַרף אָנקוקנדיק און ווי פאָרשנדיק וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש איך בין. איך בין, ווי שוין געזאָגט, געווען פאַרטראַכט און טרויעריק זיך דערמאָנענדיק די גליקלעכע טעג און נעכט מיט מיין פאַמיליע אין בריסל. דערזעענדיק דאָס פּאָרפאָלק שטיין נעבן מיר, און עפּעס האָבן זיי אויסגעזען ווי צו זיין באַלאָדענע מיט פינצטערע געדאַנקען, בין איך געוואָרן אַביסל אומרואיק און צעטומלט, נישט דערוואַרטנדיק קיין סך גוטס. אָבער עס האָט נישט לאַנג געדויערט ווען דער הויכער מאַנצפאַרשוין, זעענדיק אַז קיין סך מענטשן באַווייזן זיך נישט אויף דער שפּאַציר־פּלאַטפאָרם לענגאויס דעם ברעג פון ים, נעמט גיך אַרויס אַ לאַנגן קינזשאַל מיט אַ גלאַנציקן שאַרף ווי אַ בריטווע אָדער גיכער ווי אַ שוחטס חלף וואָס איז ערשט געפּוצט געוואָרן מיט אַ ווייך און פלושן טיכעלע, און ער דערקלערט מיר מיט אַזאַ שטילן און טרוקענעם קול, ווי דערציילנדיק אַ מעשה מיט אַביסל הומאָר אויך, אויב מען וויל עס אָננעמען פאַר הומאָר:

— מיר ביידע זיינען נישט, ווי דו זעסט אַליין, קיין איבעריקס רייכע מענטשן. די מערסטע ווייסע מענטשן אין ניו־יאָרק זיינען נישט קיין אָרעמעלייט. אָבער נישט די שוואַרצע באַפעלקערונג וואָס זיינען נאָך אַלץ שקלאַפן ווי אונדזערע זיידעס און באָבעס וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן אַהער ווי בהמות אויף אַלטע און צעבראָכענע שיפן, זיך שלעפנדיק חדשים לאַנג איבער די ימים. מיין פריינדין האָט זיך אַריינגענומען אַ משוגעת אין איר שיינעם קעפל חתונה צו האָבן מיט מיר. זי האָט נישט קיין „נדן״ פאַר איר עלעגאַנטן חתן, ווי דו קוקסט מיך אָן. איז וויפיל אַן ערך, קענסטו מיר אפשר זאָגן, איז פונקט אין דעם איצטיקן מאָמענט פאַראַן מזומן־געלט אין דיין נישט־צעריסענער הויזנקעשענע? צי קענסטו אונדז דערלאַנגען אַ לייטישע סומע געלט און אונדז פריינדלעך אַרויסהעלפן כדי מיר זאָלן קענען חתונה האָבן און זיין גליקלעך אויך? ערשטנס טו גלייך אויס דיין גאָלדן האַנט־זייגערל וואָס געפעלט מיר. אַ שוואַרצנס טונקעלע האַנט קען אויך פאַרטראָגן ראַפינירטע שטיקלעך צירונג. איך קוק גראָד איצט אויף דיין גאָלדענעם „פּאַרקער״־פילפעדער וואָס שטעקט אַרויס אַזוי עלעגאַנט פון דיין וועסטל־קעשענע ווי דו וואָלסט פּרעטענדירט צו זיין אַ נאָוועליסט. זי געפעלט מיר דווקא. איך באַדאַרף טאַקע היינט אין אָוונט שרייבן אַ לענגערן בריוו צו מאַמאַ אין אַלאַבאַמאַ. דער רינג אויפן מיטלסטן פינגער פון דיין רעכטער האַנט מיט די בלויע אָדערן דיינע פאַרמאָגט אַזאַ שטילן שימער ווי ער וואָלט זיין אַ קאָסטבאַרער

סאַפּיר־שטיין. ער זעט אויס אַזוי אומשולדיק און בלוי ווי דער זומערדיקער הימל אין אַ יוליקן פאַרנאַכט. ער וואָלט וואויל געפּאַסט, איך קען שווערן, אויף מיין אייגענעם פינגער. טו אים גיך אויס ווייל דו קענסט אים נאָך פאַרלירן אין פיונעראַל־פּאַרלאָר וואו די קברנים און די פּאָליציי וועלן דיך אונטערזוכן נאָך דיין „פלוצלינגדיקן״ טויט. מיין פריינדין, די חנעוודיקע כלה מיינע ווערא, ווי דו זעסט זי, הייסט מיך אונטערזוכן דיינע קעשענעס. וויפיל קעשענעס האָסטו דען אייגנטלעך, און אין וועלכע טראָגסטו אַרום דיינע באַנקנאָטן ווי אויך דאָס גאָלד? און וואו האָסטו אַריינגעגנייט דיין אויסלענדישע וואַליוטע: די דייטשע מאַרקן, די בריטישע שטערלינגס; די איטאַליענעישע לירעס און די עסטרייכישע קראָנען? אויב נויטיק, וועל איך דיך אויף דער גאַנצער היינטיקער נאַכט איינלאַדן צו מיר אַהיים קיין האַרלעם. דו וועסט קענען באַקוועם שלאָפן אונטערן בעט אויף אַ גוטן מאַטראַץ, אויב דו האָסט מורא... איך און מיין כלה ווערא וועלן דיך אונטערהאַלטן און אָפּהיטן דורך דער גאַנצער נאַכט ביז מאָרגן אין דערפרי. צומאָרגנס וועסטו מיט אונדז צוזאַמען גיין אין דיינע בענק אַריין און „אויסבאָרגן״ ביים קאַסירער דיינע אָפּשפּאָרונגען. וויפיל טויזנט טאָלער פאַרמאָגסטו אַגב אינגאַנצן אין די עטלעכע בענק? יאָ, מיר וועלן גאַנץ רואיק מיט דיר באַזוכן דיינע בענק אויף בראָדוויי און מיר וועלן שוין דעמאָלט אויסגעפינען די גענויע איינצלקייטן וועגן דיין פאַרמעגן. עס איז באמת וויכטיק פאַר אונדזער ביידנס צוקונפט און וואוילזיין. דו בלייב נאָר רואיק שטיין ביים פענצטערל פונעם באַנק־באַאַמטן. אויב עס איז גראָד אַ שיינע מיידל, זאָלסטו שמייכלען צו איר גאַנץ גאַלאַנט און פריינדלעך. טו נישט קיין איבעריקן נערוועזן פינטל מיטן אויג. און מירביידע, איך און ווערא, מיט רעוואָלווערן אין די קעשענעס, וועלן דיך גאַנץ לייטיש אָפּהיטן. דיין לעבן איז פאַר אונדז וויכטיק. די מתים זיינען מערסטנס אָרעמעלייט און זייערע תכריכים האָבן נישט קיין קעשענעס...

אָט אַזוי ציניש און געלאַסן האָט ער זיך גערעדט, דער עלעגאַנטער רויבער, מיט דער שוואַרצער גלאַנציקער הויט איבערן פנים ווי ער וואָלט רעציטירט אַ פּאָעמע פון דער נעגערישער פּאָעזיע. יעדעס באַזונדערע וואָרט זיינס מיט אַ פאַרבאָרגענעם חוזק אויפן אַדרעס פון מיין פחד און אונמעכטיקייט האָט מיך געשניטן ווי מיט אַ מעסער אין האַרצן און מיך טיף באַליידיקט...

טשאַרלי, אַזוי האָט ער זיך פריינדלעך טיטולירט, האָט צוריק אַריינגעלעגט דאָס גלאַנציקע מעסער אין בוזעם־טאַש. ער נעמט מיך העפלעך אונטערן אָרעם מעשה באַשיצער, און זיין געליבטע וואַקסט אויס גנעדיק ביי דער אַנדערער זייט מיינער ווי זי וואָלט געווען מיין שוועסטער אָדער אַ יינגע מומע.ביידע פירן זיי מיך אַוועק פונעם ים־ברעג. יידן, פאַרבייגייערס, קוקן מיר אָן און מיינע נאָבעלע שותפים. זיי וואונדערן זיך אַביסל. אָבער בלויז אויף אַ קורצער ווײַלע, און זיי ציען

ווייטער. ווענמען זאָל דען קענען איינפאַלן, אַפילו אַ יידן אַ חכם, אַז דאָ קומט אייגנטלעך פּאָר אַ רויבעריי?

און ווער, איך בעט אייך, איז טאַקע גרייט איינצושטעלן זיין אייגן וואַרם לעבן פאר מיר, פאַרן אָרעמען צבי לעמלען? מיר גייען אַלע דריי, הייסט עס, צו דער סאָבוויי כדי צו פאָרן צו ווענסט ענד עווענױ וואו איך וואוין אין אַ מעבלירטן צימער מיט אַ קרומען סופיט. צו וואָס, פרעגט זיך, האָב איך דעם טונקעלן פאַרשוין געדאַרפט אויסזאָגן אַז איך וואוין אַזש אַזוי ווייט ווי אויף ווענסט ענד עווענױ, ביים האָדסאָן־טייך? דער ענטפער איז אַז שרעק קען אַלץ אָפּטאָן מיט אַ מענטש. אין פּחד קען פון אַ וואַזשנעם חכם אין איין רגע ווערן אַ פאָלנער נאַר. אַפילו אַ טיפּישער העלד קען פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שעפּסל און שיער אויסגיין פון שרעק. אויסערדעם האָב איך פאָרט געהאַט אַ פאַרבאָרגן שפּריצל פון אַ געדאַנק אַז ווען איך וועל דעם אויסוואורף זאָגן אַז איך וואוין אַזוי ווייט, אַזש ביים האָדסאָן־טייך אין מאַנהעטן, וועט ער בלויז צונעמען פון מיר וואָס איך פאַרמאָג אין די קעשענעס, אַרום עטלעכע און צוואַנציק טאָלער, און איך וועל תיכף פּטור ווערן פון אים. ער וועט דאָך סוף כל סוף נישט גיין באמת איינשטעלן זיין אייגן ברודיק לעבן, און נאָך דערצו אויך זיין כלהס נפש... פאַרנדיק מיט זיי ביידע אין דער סאָבוויי אַרום צוויי שעה צייט, קען דאָך אַלץ פּאַסירן. זיך געפינענדיק צווישן אַ סך מענטשן קען איך דאָך פּלוצלינג אַרויסלאָזן אַזאַ אימהדיק געשריי אַז די מאַסן קענען „חלילה" די ביידע באַשעפענישן לינטשן אין אַ רגע. אָבער זיי קענען דאָך אויך חושד זיין אַז איך בין דער באַנדיט או זיי זיינען גאָר מיינע קרבנות? אין אַ בהלה קען אַלץ געשען...

דאָס פאָרפאָלק האָט אפשר „דערהערט" מיינע מחשבות און זיי שטעלן זיך אָפּ אויף אַ ווײַלע. זיי גייען אַוועק פון מיר אויף עטלעכע מינוט. זיי האַלטן קענטיק אָפּ אַ וויכטיקע קאָנפערענץ. זיי באַרעכענען זיך מסתמא וואָס זיי זאָלן פאָרט טאָן מיט מיר, מיט זייער געפאַנגענעם גאַזשעל. (חבר בחור הזעצער: זעצט נישט גזלן, נייערט טאַקע גאַזעל). ענדלעך קומען זיי צוריק ווייזט אויס מיט אַ פעסטן באַשלוס, און טשאַרלי זאָגט צו מיר:

— איצט זיינען מיר ביידע שטאַרק הונגעריק. מיין ווערא האָט שוין נישט געגעסן פון נעכטן ביינאַכט אָן. דעריבער וויל זי אַז מיר זאָלן גיין אין אַ רעסטאָראַן צוזאַמען מיט דיר, נאַטירלעך. יאָ, דו וועסט האָבן דעם כבוד צו זיין אונדזער איידעלער גאַסט. אָבער אויך אונדזער מעצענאַט וואָס וועט אונדז מוזן פונדעווען די מאָלצייטן. מחמת מיר פאַרמאָגן ביידע צוזאַמען בלויז איין שטאַרק־אָפּגעריבענעם קוואָדער וואָס מיר ווילן אגב נישט אויסגעבן, ווייל אין אַ צוואַנציק יאָר אַרום וועט ער פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַנטיק און אַוודאי ווערט זיין אַ גאַנצן טאָלער...

און אַזוי רעדנדיק מיט מיר אויף אַזאַ העכסט־פריינדלעכן שטייגער, ווייזן זיי מיר אָן אויף דעם שילד פון אַ כינעזישן רעסטאָראַן...

— מיינע געשעצטע און געערטע פריינד, זאָג איך, איך האָב אין מיין גאַנץ לעבן נאָך קיינמאָל נישט געגעסן קיין טרייפענע מאכלים. אַפילו אין די דערפער, וואו איך האָב זיך פאַר גוט געלט אויפגעהאַלטן ביי די פלעמישע פויערים, זיך באַהאַלטנדיק בשעת די יאָרן פון דער נאַצישער אָקופּאַציע אין בעלגיע, האָב איך חלילה קיין טריפות נישט פאַרזוכט. איך האָב זיך מיט די פויערים געקריגט, זיך געאַמפּערט מכוח אַ שטיקל פּוטער, אַן איבעריק איי, אַ שטיקל עוף, אַביסל מאָנטשקע (צוקער) צו דער טיי. אָבער אַלץ האָט געמוזט זיין כשר. עס האָט גאָרנישט געהאָלפן: איך האָב בשום אופן נישט געקענט זינדיקן קעגן גאָט...

און דאָ זאָל איך גיין עסן מיט מיינע צוויי רוּיבערישע ברואים אין אַ טרייפענעם כינעזישן רעסטאָראַן? און ווער, איך בעט אייך, האָט איבערהויפּט געקענט עסן אין אַזאַ אומהיימלעכער לאַגע?! אַפילו ווען די געראָטענע מלכה שבאָ אַליין זאָל פאַר מיר קאָכן און סערווירן געשמאַקע מאכלים, וואָלט איך בשום אופן נישט געקענט אַראָפּשלינגען אַפילו קיין איינציקן טראָפּן גריץ. — די לעצטע ווערטער האָט איך שוין, פאַרשטייט זיך, גערעדט צו זיך אַליין מיט היפשער זעלבסט־רחמנות...

דער שוואַרצער מאַכט זיך גאָרנישט הערנדיק וואָס אַזוינס איך רעד צו אים און צו מיר אַליין אויך מיט אַ וויינענדיקער שטימע. ער פירט מיך צו צו אַן אַנדערן קריסטלעכן רעסטאָראַן. אָבער איך בלייב שטיין עקשנותדיק ביי דער טיר ווי אַ בלינד פערד וואָס פאַרטראָגט נישט דאָס קלאַפּן פון דעם קאָוואַלס טשוועקעס אין דער פּאָדקאָווע איבער זיין פוס. פשוט, איך גיי נישט קיין איינציקן שריט ווייטער... אַפילו ווען מען זאָל מיך הענגען אָדער שיסן. אַ טומל אויף דער גאַס האָט טשאַרלי פּאָרט מורא געהאַט צו מאַכן. ער האָט געוואוסט אַז אויב איך וועל נאָכגעבן מיינע געשפּאַנטע נערוון און איך וועל מאַכן אַ געוואַלט, איז ער חלילה אַ פאַרלוירענער אויף לאַנגע יאָרן תפיסה — שוין מיט זיין ווערדאַן אַריינגערעכנט. אָבער איך, פון מיין זייט, האָב נישט געהאַט דעם מוט עפּעס צו טאָן און אויסצושרייען הויך אויפן קול: „מענטשן, ראַטעוועט מיך! אַ האָלדאַפּ!"

איך בין געווען אַבסאָלוט היפּנאָטיזירט. איך בין אַפילו געווען אומבאַהאָלפענער פון אַ ניי־געבוירענעם לעמעלע וואָס איז נאָך פאַרשוויצט פון זיין מוטערס הייסער טראַכט. איך האָב זיך געפונען אינגאַנצן, מיט מיין לייב און לעבן, אין זייער מאַכט. אָבער איך האָב פּאָרט געפונען אַן אויסוועג צו דער לאַגע: עס איז מיר אַצינד איינגעפאַלן אַ מחשבה, אַז טאָמער וועלן זיי ווערן שטאַרק הונגעריק, קענען זיי מיר נאָך אָפּטאָן אַ מעשה. איך קען חלילה נישט דערלעבן מיט זיי אַפילו אַהיימצוקומען אין מיין אייגענער שטוב. עס איז מיר דעריבער איינגעפאַלן אַ געדאַנק: צום ערשטן מאָל אין אייערע לעבנס, — זאָג איך צו די רויבערס, — וועט איר היינט מוזן עסן צוזאַמען מיט מיר כשרע מאכלים. איר וועט בלויז איינמאָל עסן כשרע שפּייזן און עס וועט אייך

שוין פאַרשמעקן אָדער פּאָליובן אויף שטענדיק צו עסן רק כשרס. דאָס וועט אייך ביידע פאַרמיידן צו ווערן קראַנק אויף דער לעבער; צו קריגן דאָס פאַרשטאָפּעניש; צו ווערן פאַרגיפטעט מיט חזיר־ווערם; צו קריגן חלילה אַ כראָניש־קראַנקן מאָגן וואָס וועט אייך פאַרביטערן דאָס לעבן. איבערהויפּט וועסטו דאָך נישט גיין פאַרסמען דיין כלה: זי וועט נאָך קריגן שלשול אויך, און ווערא וועט אויס פאַרדראָס מער נישט וועלן חתונה האָבן מיט דיר...

— אָקעי, דו ביסט גערעכט, יידעלע! דו האָסט אַ וואַשנע קעפּל אויף דיינע פּלייצעס...

— איז לאָמיר אַריינגיין אין אַ יידישן רעסטאָראַן וואו מען עסט שבתדיקע מאכלים: ווייסע חלה אויף צו מאַכן אַ מוציא, באַשמירט מיט געלן האָניק און מיט זיסע פיש. אויך מערנצימעס ווי גאָלדענע רענדלעך צום סוף פונעם מאָלצייט...

— און טשאָלנט אויך? — האָט דער נעגער־רויבער געפרעגט שוין מיט אַ טראָפּעלע סאַרקאַזם און נערוועזקייט...

— יעס, טשאָלנט אויך! — האָב איך זיך געשטאַרקט די נערוון און געפּרוווט צו נוצן אַ קאַפּעטשקע הומאָר אין מיין ביטערער לאַגע — מיט טשאָלנט אויך. טשאָלנט שמעקט אויסגעצייכנט ווי אין גן־עדן. און ווען דיינע נאָבעלע געשעפטן קענסטו באַצייטנס לאַנדן אין גן־עדן אַריין מיט דיין צאַרטער ווערען — פּרווו איך ווייטער זיך צו וויצלען מכלומרשט מיט יאַשטשערקעס...

ער שווייגט שוין איצט... איך פיל אַז מען טאָר זיך פונדעסטוועגן מיט אים נישט צופיל שפּילן. ער איז פּאַרט באַוואָפנט מיטן קרומען קינזשאַל ווי אַ טערקישע לבנה. און נאָך מער געפערלעכער ווי דאָס מעסער איז זיין פּחד, זיין שרעק, זיין שפּאַנונג, זיין מוראדיקע אויפרעגונג און משוגעת. בכלל טאָר מען נישט זיין קיין חכם און זיך שפּילן מיט אַ רוצח וואָס האָט נאָך חשק צו באַווייזן העלדישקייט אויף מיין חשבון פאַר די טונקל־ברוינע אויגן פון זיין כלה...

פונדעסטוועגן טראַכט איך שטילערהייט כדי ער זאָל חלילה נישט הערן מיינע מחשבות, אַז דער גענגסטער מוז היינט אפשר צום ערשטן מאָל געניסן פון אַ כשרן יידישלעכן מאָלצייט אין דער געזעלשאַפט פון היימישע יידן. מיר הויבן איצט אָן צו זוכן אַ פּאַסיקן רעסטאָראַן און גאָט העלפט אונדז אפשר אין זכות פון ווערען, זיין כלה, און מיר געפינען אין דער געגנט אַן אימפּאָזאַנטן רעסטאָראַן מיט אַ שילד אין פּראָנט פונעם איינגאַנג אויף וועלכן דער שילדנמאָלער (אָדער מאַלאַרזש) אַזאַ ווי דער פּאָעט חיים לייב פוקס, האָט אויסגעמאָלן אַ לאַכנדיקן קאָפּ פון אַ גליקלעכער קו וואָס האָט שוין צו איר גליק אויך אַדורכגעמאַכט די שחיטה... דער קאָפּ איז נאַטירלעך געווען אָפּגעשניטן פון דער בהמה׳ס גוף. אָבער דאָס האָט נישט אָפּגעהאַלטן די גוטע קו צו ווייזן אַ צעפרידענעם שמייכל אויפן בהמהשן פּנים, כאָטש די אויגן האָבן אַזעלכע

גרויסע און גוטמוטיקע געוויינט מיט פּאַרטערערטע שוואַרצאַפּלען. מיר גייען אַרונטער עטלעכע שטיינערנע טרעפּלעך. אינעווייניק אינעם קעלער־זאַל הערשט אַזאַ וואַרעמע אַטמאָספּערע. חסידישע יידן זיצן מיט זייערע האַרציקע פאַמיליעס: מיט אַ סך קינדערלעך. די שיינע און צניעותדיקע פרויען טראָגן שייטלעך און אַלטפרענקיש־יידיש צירונג וואָס זיי האָבן געירשנט פון זייערע באָבעס: גרויסע אויערינג מיט דיאַמאַנטלעך אין זיי ווי פּיצלעך גלאַנציקע צוקער אָדער זאַלץ; מיט גילדערנע חתונה־רינגלעך אויף זייערע הענט און פינגער מיט קורץ־געשניטענע נעגל. די יינגלעך טראָגן געקרייזלטע זיידענע פּיאותלעך און די קליינע מיידלעך האָבן מערסטנס ערשט־געצוואָגענע צעפּלעך. אַלעמענס אויגן זיינען געווענדעט אויפן הויכן און טינט־שוואַרצן נעגער מיטן רויען גויאישן פּנים. זיי וואונדערן זיך: וואָס פאַר אַ מחותן איז ער צו מיר, דעם קליינגעוואוקסיקן לעמל וואָס איך בין? ווי אַזוי קומט ער איבערהויפּט אַהער? און ווי אַזוי קום איך צו אים און צו וועראַן, זיין כּלה? ווען איך זאָל דאָ איצט באַשליסן אַרויסצולאָזן פּלוצלינג אַ לייטיש געשריי, און טאַקע מיטן גאַנצן כּוח, וואָלט איך דאָך אים געקענט מאַכן אַ שוואַרצן סוף. אָבער מיר דאַכט זיך בלויז אויס אַזוי ביים ערשטן געדאַנק; ביים צווייטן געדאַנק הויבן שוין מיינע הענט און פיס אָן צו ציטערן באַצייטנס. ווער ווייסט: עס קען זיך חלילה אויסלאָזן שלעכט אויך. די הענט ווערן ביי מיר אַביסל אָפּגענומען. עס שווינדלט מיר פאַר די אויגן אויך. פּשוט: איך וועל טאַקע פּרוּוון אַרויסצולאָזן אַ שטיקל לייטיש געשריי. אָבער דער באַנדיט קען אין זיין משוגענעם צאָרן מיך דערשטעכן אַפילו ווען ער וועט וויסן אַז ער וועט תּיכּף געכאַפּט און געלינטשט ווערן. איך באַשליס דעריבער צו שווייגן. אַלע אָנוועזנדיקע געסט אין זאַל קוקן אויף אונדז און מיך באַפאַלט עפּעס אַ פּחד טאָמער קריכט טאַקע אַרויס די נאָדל פונעם זאַק. די היימישע יידן אין דעם כּשרן רעסטאָראַן קענען חלילה דערקענען וואָס דאָ קומט פאָר. זיי וועלן מסתּמא מיך תּיכּף וועלן ראַטעווען פונעם גזלנס רוצחישע הענט. אָבער איידער וואָס און ווען קען איך אין דער סומאַטאָכע ווערן אַ קרבן און שוין אַוועקחלשן אויף אייביק. צו מיין אומגליק האָב איך שוין זינט יאָרן טאַקע אַזאַ אומהיימלעכע נייגונג צו חלשן... איינמאָל, און דווקא אין אַ שבתדיקן נאָכמיטאָג, האָט עס מיך שיער געקאָסט דאָס לעבן. איך בין שוין געווען ממש האַלב טויט. די אַנדערע העלפט אין מיר האָט זיך אויך נישט איבעריקס גוט געפילט...

ווען די חסידים אין זאַל פרעגן מיך אויפן שוואַרצן ערל, זאָג איך צו זיי אַז ער איז אַ שמש אין מיין שול אויף וועסט ענד עוועניו וואו איך דאַוון טעגלעך און וואו איך בין אַ שטענדיקער „מעמבער" זינט איך געפין זיך אין אַמעריקע. דער יינגער ראַבאַי וואָס איז אַגב אַ היפּשער סנאָב, לאַדט איין בלויז יחסנים און גרויסע לייט צו זיינע שבת צו נאַכטסטיקע „סערמאָנס", און ווען מענס פּאָטער, אַ באַשיידענעם יידישן שרייבער, איך האָב גוט געקענט. ער איז געווען אַ טיף־יידישלעכער און היימישער

מענטש צו ווען עס איז געווען טייער די יידישע ירושה פון דורות. אָבער זיין זון, דער „ראַבאַי״, האָט מיר שוין אַגב צוריקגעשיקט עטלעכע יידישע ביכער מיינע, מחמת, ווי ער שרייבט מיר, איז ער שוין „אָפּגעוואוינט פון יידיש...״ ער לייענט בלויז אין דעם הייליקן לשון פון די נביאים אין וועלכן משה רבינו מיט דער הילף פון געלערנטע מלאכים האָט געקריצט די תורה אויף גראַניטענע שטיינער אין די בערג. יאָ, זינט דעמאָלט זיינען זיינע לוחות געוואָרן „בעסט־סעלערס״. כמעט די מערסטע „ציוויליזירטע״ פעלקער מישטיינס געזאָגט לייענען און שטודירן זיי. אָבער טראָץ די צען געבאָטן וואָס זיינען איינגעקריצט אין די לוחות, פירן די פעלקער בלוטיקע מלחמות און מחלוקתן, און זיי שעכטן זיך ויס איינס דאָס אַנדערע. זיי האָבן פיינט די צען געבאָטן און אויך גאָטס אויסדערוויילט פאָלק...

קיין גרויסן און לייטישן אַפּעטיט ווי געוויינלעך האָב איך דווקא נישט געהאַט. אָבער אויב איך זאָל ווייזן דעם עולם אַז מיר גלוסט זיך נישט צו עסן, קען עס אויסזען פאַרדעכטיק. איך האָב אין מיין האַלדז ממש געשטויסן די מאַכלים און זיי קוים אַראָפּגעשלונגען, רעכט נישט צעקייענדיק די טייערע שפּייזן...

אָבער דער ראַבאַי מיט זיין באַסאָווער שטימע, — איך קום אַלץ צוריק צו אים — ווי ער וואָלט פערזענלעך אַנטפאַנגען די תורה אויפן באַרג סיני און נישט משה רבינו — שאָקירט מיך מיט זיין פאַלשן פאַטאָס ווי אַ שלעכטער זינגער אין דער אָפּעראַ... אָן שום געשמאַק און האַרץ אין זיין קול. אָבער ער איז פול אָנגעשטאָפּט און ממש געשוואָלן מיט גאווה... אַזוי טראַכטנדיק וועגן דעם ראַבאַי, אַלץ ווינציקער אַפּעטיט קריג איך צום עסן...

ווען נאָך איינער אַ ייד פרעגט מיך אויף מיינע נאָבעלע באַגלייטערס, ענטפער איך אים אַז זיי זיינען מיינע פריינט זינט יאָרן לאַנג. זיי זיינען נעמלעך האַרלעמער יידישע נעגערס וואָס שטאַמען אָפּ פון עטיאָפּיע. דערצו זיינען זיי אַקטיאָרן וואָס שפּילן אין פּיעסן אויף תנכישע טעמעס. זיי זיינען אַגב אויך אָנהענגערס פון דעם פאַלשן משיח פון סמירנאַ, שבתי צבי, צו וועמען איך האָב אַגב אַ שוואַכקייט פון יוגנט אָן. אין מיין טאַטנס ביבליאָטעק האָב איך אַלס קליינטשיק ייִנגעל, נישטערנדיק צווישן זיינע ספרים און ביכער, געפונען אַ ביכל אין וועלכן עס איז געווען באַשריבן דאָס לעבן און די מעשים פון דעם „פאַלשן משיח״. איך האָב מיט אַנטציקונג געלייענט וועגן זיין לעבן און טעטיקייט. יאָ, וואָס האָט נעבעך דער „משיח״ געקענט טאָן ווען מען האָט אים אָנגעבאָטן דעם טורבאַן פון אַ מוסולמאַן — אָדער דעם טויט?!... דער טורבאַן אויף זיין קאָפּ איז געווען אַ סך גרינגער ווי דער מעגלעכער תליה־גאַלגן אויפן אָפענעם מאַרק אין סמירנאַ...

ווען מיר עסן ענדלעך אָפּ, שטעלן זיך מיינע באַגלייטערס פּלוצלינג אויף און זיי הויבן אָן אַרויסצוגיין. איך מאַך זיך פאַרגעסן אַז איך באַדאַרף

מיט זיין מיטגיין, און אַז איך בין איבערהויפּט זייערס אַ געפאַנגענער. אָבער זיי שטעלן זיך אָפּ ביי דער טיר און זיי וואַרטן אויף מיר...

— יאָ, מיין גורל רופט מיך אָדער צום לעבן אָדער חלילה... — טראַכט איך. ווער קען דען באמת וויסן וואָס עס קען חלילה ווייטער מיט מיר געשען? אין אַ וועלט פון גאַגאָל, טשעכאָוו, שלום עליכם און קאַפקאַ קען חלילה אַלץ געשען. פונדעסטוועגן וואָלט איך געווען גליקלעך ווען איך וואָלט פאַרט געקענט מאַכן אַ ויברח...

איך הויב זיך אויף פונעם בענקל און איך גיי מיט זיי אַרויס אויף דער גאַס. איך געזעגן זיך פריער מיט די פריינדלעכע יידן, מיט די חנעוודיקע ייגנלעך און מיידלעך פון די חסידישע מאַמעס און טאַטעס. איך וויל לאַכן און ווייזן אַ פריינדלעך פנים. אָבער איך בין אַ טאַלאַנטלאָזער אַקטיאָר: מיין קול קלינגט עפּעס וויינענדיק. מיינע אויגן זיינען רויטע און אָנגעפּילט מיט טרערן. איך דערווייטער זיך פון מיינע געסט אויף עטלעכע שריט בלויז. איך פּרוּוו עפּעס אינסטינקטיוו אויס די מעגלעכקייט צו אַנטלויפן פון דיביידע מחבלים. שוין אויפן וועג, נאָך אין דער סאָבוויי, באַפאַלן מיך מאָדנע געדאַנקען און קאָשמאַרן: מיין שטרענגער מלאך איז אַ נעגער מיט אַ סמאָלע־שוואַרצער הויט. און אים, דעם מלאך, באַדאַרף איך עס צו פירן אין וויינשענק און אין רעסטאָראַנען. איך באַדאַרף אים צו געבן צו פרעסן ווייך שעפּסנפלייש; צו זשליאָקן בראָנפן, און זיין מעטרעסע באַדאַרף צו טרינקען זיסן, ווייבערישן וויין. איך באַדאַרף אים צו קויפן אַ שאַכטל מיט דיקע ציגאַרן כדי צו פאַרסמען די אַטמאָספערע אין זאַל און אין אוניווערס. באַלד וועל איך אים אויך מוזן קויפן אין אַ צירונג־געשעפט אַ גאָלדענעם רינג מיט אַ באַגינענדיקן ליכט פון דער זון און די זיך־אויסלעשנדיקע שטערן. און פאַר זיין געליבטער באַדאַרף איך צו קויפן אַ שיין קלייד מיט דורכזיכטיקע שוואַרצע זאָקן. אויך אַ פוטער פון אַ געטויטעטער חיה אין וואַלד און די שטערן פון הימל פאַר וועראַן... צירונג באַדאַרף איר צו מאַכן שיין, כאָטש זי איז נישט דווקא קיין וואַזשנע שיינקייט...

איך באַצאָל ביים קאַסירער דעם רעכענונג. דער קאַסירער איז צו מיר פריינדלעך און ער ווינטשט מיר דאָ אָפּט צו קומען צוזאַמען מיט מיינע גענעדיקע פריינט... אָבער אין מיין געדאַנק איז פאַראַן אַזאַ מין טרויעריקע מחשבה: ווער ווייסט צי איך וועל נאָך בלייבן צווישן די לעבעדיקע מענטשן נאָך אָט דער אַוואַנטורע? ווען איך קום אַרויס פון רעסטאָראַן און די ביידע „פּאַסאַזשירן" וואַרטן אויף מיר אין דרויסן, זאָג איך צו זיי גאַנץ תמ׳עוואַטע:

— נאַט איך מיין טעלעפאָן־נומער. אויב איר וועט זיין וויליק מיך צו וועלן באַזוכן אַמאָל, רופט מיך אָפּ און איך וועל אייך וואַרם אויפנעמען. היינט ביינאַכט בין איך שוין גענוג אויסגעשעפּט. לאָזט מיך אָפּ פריי, איך בעט אייך. איך דאַנק אייך אגב פאַר אייער אָנגענעמער קאָמפּאַניע...

אָבער זיי הערן מיך אַפילו רעכט נישט אויס. זיי נעמען מיך ביידע אונטער די אָרעמס, און זיי פירן מיך צום סאָבוויי, זאָגנדיק:

— עס מאַכט נישט אויס. מיר וועלן איצט באַקוועמערהייט זיך אָפּרוען אין סאָבוויי נאָך דעם אויסגעצייכנטן מאָלצייט און דער אָנגענעמער אַטמאָספּערע פון אייערע חסידים אין זאַל. מיר וועלן דיר אָנטאָן כבוד און פאַרגעניגן, און ווידער טרינקען וויין אין דיין פּריוואַטער היים...

אַ ברירה האָב איך געהאַט? דער סאָבוויי־וואַגאָן האָט מיך איינגעשלונגען ווי דער לוויתן יונה הנביאן, צוזאַמען מיט מיינע ביידע געהויבענע פריינט...

אין דער אונטערגרונט־באַן איז געווען הייס און שטיקנדיק. אַ סך פּאָרלעך זיינען אַהיימגעפאָרן פון ים. זיי האָבן אין דעם אָקעאַן איבערגעלאָזן זייערע שווייסן און פאַרפיומען; זייערע פּיזישע וואַרמקייטן; זייערע געשרייען און געלעכטערס. דער ים האָט אין יענעם זומערדיקן טאָג איינגעשלונגען און איינגעזויגן אין זיין אָפּגרונט אַלע פאַרגעניגנס און קליינע פריידן פון דער ניו־יאָרקישער מענטשהייט ווי די אייביקייט שלינגט אין און פאַרצערט די צייטן פון די מענטשן און פון גאָר די באַשעפענישן. די מידע מאַסן, דאָס אָרעמע פאָלק, דאָס גאַנצע ערב־רב פון אַלערליי פעלקער זיינען אַהיימגעפאָרן צו זייערע היימען, צו די טרעפּ כדי אַרויפצוגיין צו זייערע בוידעמער און אַראָפּצוגיין אין די טיפע קעלערן און קאַטאַקאָמבעס; צום עסן זייערע מאָלצייטן שפּעט אין אָוונט און צום רויכערן דערנאָך זאַטע און פאַרמוטשעטע זייערע פּאַפּיראָסן און ציגאַרן. איך בין געזעסן צווישן ביידע פרעמדע מענטשן מיט וועמען דער גורל האָט אָן שום וואָרנונג מיך היינט צוזאַמענגעפירט. מיינע האַרן און הערשער זיינען איצט געווען אַ מאַן פון אַפריקע וועמענס זיידעס זיינען געווען קאַניבאַלן און זיי האָבן געגעסן די געבראָטענע לעבערס און לונגען פון די געפאַנגענע זעלנער פונעם שכנותדיקן שבט מיט וועמען זיי האָבן אָן שום ערנסטער סיבה מלחמה געהאַלטן אין די בערג, און אַ פרוי פונעם לאַנד אַבעסיניע, ווערא, וועמענס אור־באָבע, די מלכה פון שבאָ, איז אפשר געשלאָפן מיט דוד המלך, דינענדיק אין זיין האַרעם. איך וואָלט איצט פאָרט געקענט מאַכן אַ געוואַלט, אַ טומל און פּרווון צו אַנטלויפן. אָבער איך האָב שוין איצט באמת נישט פאַרמאָגט די מינדעסטע כוחות כדי אויפצושטיין פון מיין געזעס. די ביידע רויבערס וואָלטן מיך אַגב סיי ווי אומעטום געפונען און מיך נאָך מסתמא דערוואָרגן אויך אין זייער וואַנזיניקן צאָרן. לויפנדיק וואָלט איך פאַרלוירן דעם אָטעם און איך וואָלט אַוודאי צוזאַמענגעבראָכן פון אויסשעפּונג. איך האָב וואָס אַן אמת זיך נישט געקענט קאָנצענטרירן און באַשליסן וואָס ווייטער צו טאָן. צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן בין איך געווען אין דער מאַכט פון פרעמדע מענטשן, פון אמתע דזשאָנגל־לייט. אַ געוויין האָט פאַר זיך אַליין שטילערהייט געוויינט אינעווייניק אין מיר. אָבער איך האָב מורא געהאַט

הויך צו וויינען. איך האָב אויך מורא געהאַט פאַר אַ מאַסנסצענע, אַ סקאַנדאַל, אַ לינטשערייַ אין וואַגאָן...

ווען מיר זיינען ענדלעך אַרויס פון וואַגאָן, איז פאַר אונדז געשטאַנען די טיפּישע ניו־יאָרקישע נאַכט אויף בראָדוויי. ביידע האָבן מיך ווייטער געפירט אין דער ריכטונג פונעם האָדסאָן־טייך וואָס האָט איצט גערוט און אַרויסגעגעבן אַ שלעכטן גערוך פון זיינע טיפענישן. איך האָב סיי ווי געוואָלט גיין צום האָדסאָן אָן שום סיבה און חשבון. דאָרטן מוז דאָך זיין נאָך פינצטערער ווי אויף בראָדוויי. איך האָב אין דער אמתן נישט געקענט קלאָר מאַכן פאַר זיך אַליין וואָס צו טאָן. עס זיינען געווען אויך מאָמענטן ווען איך האָב פּשוט געהאַט פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין. איך בין געווען ווי פאַרטשאַדעט נאָכן גאַנצן אומרואיקן און הייסן טאָג. אַזוי קומט אַמאָל צוריק אַ מת נאָך זיין לוויה פונעם בית עולם אין דעם פריערן באַגינען, און ער זוכט זיין היים, זיין חדר, זיין בעט און זיין שטול. ער טאַפּט מיט זיינע קאַלטע הענט די שטיגן אין דער פינצטערניש פון קאָרידאָר, און ער זוכט נאָך פריער דעם נומער פון זיין הויז אויפן וואַנט, אויף דער צו אים פרעמדער און אומהיימלעכער מויער. ער טרעפט אַפילו באַקאַנטע מענטשן אין קאָרידאָר. אָבער ער איז נישט זיכער צי ער קען זיי באמת, און צי זיי דערקענען אים. צי זיי זען אים איבערהויפּט. ביידע רויבערס האָבן איצט נישט אויסגערעדט קיין איינציק וואָרט. זיי זיינען געווען מאַט און פאַרמוטשעט...

דער מאַן אין עלעווייטאָר, אַ שוואַרצער, האָט מיך דערקענט. אָבער ער האָט זיך שטאַרק געוואונדערט: איך בין עפּעס געוואָרן מוראדיק קליין און ממש קלענער פון אַ הונט אָדער אַ קאַץ. מיין קאָפּ איז געוואָרן איינגעקוועטשט. מיינע ברילן זיינען אָבער געווען אומגעווייינלעך גרויס ווי פאַר די גרויסע אויגן פון מענטשן וואָס קומען פונעם פּלאַנעט מאַרס. מיינע אויערן זיינען אויך געווען לאַנגע. איך האָב מעכאַניש אויפגעשלאָסן די טיר פון מיין חדרל. און ביידע פּאַסאַזשירן האָבן געשפּאַנט נאָך מיר אָן באַזונדערן חשק. ענדלעך האָט דער רויבער מיך געפרעגט אָן שום צאָרן און וואוילייגערישקייט:

— וואו האָסטו דאָ באַהאַלטן דיין געלט?

— איך האָב בלויז עטלעכע טאָלער ביי זיך אין קעשענע...

— ליגנער וואָס דו ביסט! עפן אויף דיין קאַסע. מיר מוזן איצט גיך צוריקפאָרן צום ים. די נאַכט האָט זיך שוין פאַר אונדז כמעט געענדיקט. מיר האָבן מיט דיר אומזיסט באַלעמוטשעט אַ סך נאַרישע שעהן. גיב אונדז אַצינד אַלץ וואָס דו פאַרמאָגסט און מיר וועלן דיר נישט טאָן קיין שלעכטס. דו קענסט אַצינד קויפן דיין לעבן...

זיינע רייד האָבן מיך עפּעס ווי באַרואיקט אַ קאַפּעטשקע און אויך אָפּגעשראָקן. איך האָב געפילט אַז ער קען אין זיין אויפרעגונג און אַנטוישונג מיך טויטן אין אַן איינציקער רגע. ער איז שוין מיד פון מיר. איך האָב מיט אַ מעסער אויפגעטרענט דעם שעניק און איך האָב אים

דערלאַנגט גאַנצע ניין הונדערט טאָלער מיט עטלעכע הונדערט מטבעות און אויך מיין ווייבס אַ גאָלדן פינגערל מיט אַן אַלט און מאַט בריליאַנטל וואָס האָט אַפילו נישט מער געהאַט קיין פיצל כוח צו גלאַנצן. עס איז שוין געווען אויסגעריבן ווי מיט ווינטן פון מדברישן זאַמד. פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּן פון מענטשן אין דער טיר פון מיין חדר. מיר האָבן דערהערט משונהדיקע געשרייען און די שכנים אינעם הויז זיינען אַרומגעלאָפן ווי די משוגעים. אין אַ ווײַלע אַרום פרעגן זיך אָן די פּאָליציי־לייט פון דער אַנדערער זייט טיר צי עפּעס אַ באַנדיט געפינט זיך נישט אין מיין צימער? צי מען האָט מיך נישט באַרויבט, געשלאָגן, פאַרוואונדעט, מחמת עס איז ערשט געשען אַ „האָלד־אַפּ" (רויבעריי) אינעם האָטעל. צי בין איך שיכור? צי באַדאַרף איך הילף פון אַ דאָקטאָר? פון אַ שפּיטאָל? פון קראַנקנשוועסטערן? מחמת מען זוכט אַ פאַרברעכער וואָס איז ערשט געהאַט אַרויסגעשפּרונגען פון אַ פענצטער פונעם ערשטן שטאָק, פון אַ צימער וואו מען האָט געפונען אַ פרוי מיט אַן אָפּגעהאַקטן קאָפּ. דער קאָפּ פון דער יינגער פרוי שיינט צו זיין כינעזיש... אָדער...

די פּאָליציי־לייט גייען אַוועק פון מיין טיר. זיי זאָגן מיר אָן אַז ווען מען וועט ווידער אָנקלאַפּן אין טיר, זאָל איך זיך נישט אָפּרופן. אָבער מיינע אייגענע רויבערס זיינען פון דער געשעעניש, פון דער אָנוועזנקייט פון דער פּאָליציי אין הויז, שטאַרק איבערגעשראָקן. זיי שליידערן מיך אַוועק אונטער שעניק אויפן בעט, און זיי זעצן זיך אַוועק אויף מיר מיט דער שווערקייט פון צוויי העלפאַנטן וואָס האָבן ערשט אויפגעגעסן אַ האַלבן וואַלד מיט גרינס פון די צווייגן. אפשר אַ שעה צייט רירן זיי זיך נישט פון אָרט און איך ווער שיער נישט דערשטיקט פון זייער שרעקלעכער וואָג. דער פּחד אין זיי ביידע איז שווערער פון אַ באַרג מיט אַלטע אויטאָמאָבילן. די פּאָליציי קומט יעדעס מאָל צוריק און זיי פרעגן מיך צי איך לעב נאָך און צי האָט דער באַנדיט זיך נישט באַהאַלטן אין מיין חדר? לויט מיין מכלומרשטן רואיקן ענטפער, גלויבן זיי מיר אויפן וואָרט אָן צו אונטערזוכן מיין שטוב. אָבער אָט פאַרלירן זיי דאָס געדולד און זיי זיינען שוין כמעט גרייט אויפצוברעכן די טיר און אַריינצופאַלן צו מיר. די צוויי רויבערס פאַרקוועטשן שטאַרקער מיין פּנים אונטערן שעניק. איך קען דעריבער מער נישט רעדן און נישט ענטפערן אויף די פּאָליצייאישע שאלות. וואָס שייך די געסט מיינע, זיינען זיי שוין איצט מוראדיק איבערגעשראָקן. זיי ציטערן ביידע פון שרעק ווי אַ ווינט וואָלט זיי געוואָרפן און געשליידערט איבער דעכער און קוימענעס. אָבער זיי דערלויבן מיר אַראָפּצוגיין פון בעט און אויפצוזוכן דאָס פלעשל מיט פּסחדיקן ווישניאַק. זיי ברעכן אויף דאָס העלדזל פון דער פלאַש און זיי שלינגען ביידע, איינער נאָכן אַנדערן, די זיסע און דערפרישנדיקע טראָפּנס. איצט טרינקען מיר שוין אַלע דריי פון דעם געשמאַקן ווישניאַק ביז דאָס פלעשל ווערט אינגאַנצן ליידיק. דער נעגער טוט נאָך אַ לעצטן און לאַנגן צי פון דער פלאַש, און ער גיט זי איבער צו זיין געליבטע, צו

ווערן. אָבער זי איז שוין טויטלעך־שיכור און זי נעמט אין היסטעריע וויינען און שלוכצן אויף אַ שרעקלעכן שטייגער. ענדלעך פאַלן זיי ביידע אַוועק פאַרשמאַכטע אויפן שעניק און זיי שלאָפן ביידע איין. אָבער איך, אָרעמער און פאַרמוטשעטער לעמל וואָס איך בין, האָב נאָך אַלץ שטאַרק מורא טאָמער כאַפּן זיי זיך אויף און זיי נעמען מיך פייניקן און שלאָגן אין זייער ווילדקייט און משוגעת. אָבער זיי שנאָרכן שוין איצט ביידע ווי צוויי שיכורע פויערים אויפן פאַרנאַכטישן פעלד, פאַרמאַטערטע פון אַ שווערן טאָג מיט האָרעוואַניע... איצט עפן איך שטילערהייט די טיר און איך גיי מיר פּאַמעלכדיק אַרויס כדי צו זוכן די פּאָליציי־לייט. איך געפין זיי אין דער לאַבי נאָך אַלץ שטאַרק צעטומלטע. איך שיק זיי אַרויף צו מיין חדר און זיי גייען אַריין מיט רעוואָלווערן אין די הענט, דערבײַ צאַפּלען זיי און ציטערן פון פּחד. איך קער זיך אום אין אַ ווײַלע שפּעטער און איך הער, שטייענדיק אונטן, געשרייען און אַ טומל מיט אַ געראַנגל צווישן מענטשן. אין אַ ווײַלע אַרום פירן די פּאָליציי־לייט אַרויס דאָס פּאָרפאָלק פון מיין צימער. זיי טאָן אָן אייזערנע קייטעלעך אויף זייערע הענט. פאַקטיש שלאָפן זיי נאָך... זיי ווייסן אפילו נישט אַז די פּאָליציי פירט זיי אין תפיסה אַריין... דער פּסחדיקער זיסער ווישניאַק האָט זיי פיין איינגעשלעפערט... נו, זעט מען דאָך באַשיימפּערלעך אַז די השגחה פאַרלאָזט אונדז נישט...

איצט פאַרשליס איך די טיר ווי אַ קייסער דאָס טויער פון זיין פּאַלאַץ ווען דער סטרוזש איז איינגעשלאָפן נישט פון פּאָסטן, און איך פאַל אַוועק אויף מיין אייגענעם טייערן בעט. איך שלאָף איין מיט אַ שווערן שלאָף. ווען איך האָב ביינאַכט צוריק געעפנט מיינע אויגן, נאָכדעם ווי אַ גוטער מלאך האָט מיך דורך דער גאַנצער צייט געטריי אָפּגעהיטן און געוואַכט איבער מיר, איז די פּאָליציי ווידער געשטאַנען נעבן מיר צוזאַמען מיטן נעגערישן פּאָרפאָלק. זיי פרעגן מיך צי איך וועל דערקענען די רויבערס וואָס האָבן מיך באַרויבט ווען מען וועט זיי אויסשטעלן אין אַ רייע מיט אַנדערע אויסוואורפן אין דער פּאָליציי־סטאַנציע...

— אַוודאי! — זאָג איך. — זיי האָבן מיך נישט בלויז געפּרוּווט צו באַרויבן. זיי האָבן מיך אויך געפּייניקט און געמוטשעט: זיי האָבן אויסגעטרונקען דעם פּסחדיקן ווישניאַק וואָס איך האָב זיך איינגעקויפט אויף יום־טוב...

אין דער רייע צוזאַמען מיט אַנדערע „אָרנטלעכע לייט" זיינען זיי טאַקע נאָך געווען לוט־שיכור. זיי האָבן קוים געקענט שטיין אויף זייערע ליימיקע פיס... וועראַ האָט די גאַנצע צייט געציטערט ווי אַ פיש אין וואַסער. איך האָב תיכף מיט דער רעכטער האַנט אָנגעוויזן אויף די שולדיקע...

די פּאָליציי־לייט פרעגן מיך דערנאָך אויס וויפיל געלט זיי האָבן פון מיר צוגערויבט.

— ניין הונדערט טאָלער מיט אַן אַנטיטשנעם ניקל! — ענטפער איך.

זיי דערלאַנגען מיר די גאַנצע סומע געלט. אָבער דער ניקל איז ערגעץ־וואו אויסגערונען...

— נו, מילא, — זאָג איך. זאָל שוין מיינס איבערגיין. זאָל דער אָרעמער ניקל מיטן אָקסענעם קאָפּ זיין די כפרה פאַר אונדז אַלעמען, אַבי מיר זיינען מיט אונדזערע בעבעכעס ניצול געוואָרן פון די צוויי שלימזלדיקע גנבים...

## דער פאַרשטשיק און דער פּרינץ

די פאָלגנדיקע טעמע האָט מיר געגעבן דער דיכטער יאָסל קאָהן. ווען איך האָב זי צום ערשטן מאָל געהערט פון זיינע דיקע ליפּן, בשעת ער האָט זי דערציילט פאַר אַ גרופּע שרייבער, בעת אַ חנוכה־פייערונג מיט געשמאַקע לאַטקעס און מיט וויין ביי אים אין דער היים, בין איך געוואָרן אָנגעצונדן. איך האָב געטראַכט: עס איז נישקשה פון אַ טעמע פאַר אַ גרויסן דראַמאַטורג. אָבער, איך בין אויך געוואָרן אַביסל טרויעריק: ווי אַזוי ספּראַוועט מען זיך מיט אַזאַ טעמע וואָס איז פּאַסיק פאַר אַ שעקספּירישער דראַמע אָדער פאַר אַ מאָליערישער קאָמעדיע? פונדעסטוועגן האָב איך אין אַ צייט אַרום געבעטן יאָסל קאָהן מיר נאַכאַמאָל צו דערציילן די מעשה. לאָמיר זי כאָטש איבערגעבן בקיצור. אפשר וועלן אַנדערע שרייבער דראַמאַטיזירן די דערציילונג און די כאַראַקטערן וועלן אַרויפגיין אויף דער בינע...

עס איז געווען אין דער צייט פון פּראָהיביציע אין לאַנד. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ גרופּע לעבע־יינגען וואָס האָבן שוין יינגערהייט באַשלאָסן נישט צו לעבן פון קיין ערלעכן טאָלער. ווען די פּראָהיביציע־צייט הויבט זיך אָן, גייען זיי אַריין אין די שנאַפּס־ביזנעס. זיי ווערן בוטלעגערס. די דאָזיקע גרופּע בוטלעגערס האָבן געהאַט אַ טראַדיציע זיך צונויפצוקומען אין אַ טערקישער שוויצבאָד און צו הוליען ביז טאָג. איינגעוויקלטע אין די ווייסע האַנטעכער, האָט מען געררויכערט, געפרעסן, געטרונקען און גערעדט נבול פּה. מען האָט ברייט באַרעדט גאָטס געזעלשאַפט; בראָנפן און נײַנציקער ספּירט האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער...

אין שוויצבאָד איז געווען איינער אַ טיפּ וועלכן מען האָט גערופן סך־הכול. מסתמא האָט ער היימישלעך געמאַכט ביי יעדער געלעגנהייט אַ וואַזשנעם סך־הכול פון דער וועלט עלעהיי קייסער קהלת אויף דער עלטער. ער פלעגט באַדינען די געהויבענע העכט, די בוטלעגערס, גענגסטערס און בלאַטע לייט. ער איז אין סך־הכול געווען אַ שמייסער, אַ „פאַרשטשיק" וואָס פלעגט דערלאַנגען הייסע פאַרע. ער פלעגט וואַשן און רייבן די לייבער מיטן בעזעמל. מען פלעגט אים אויך שיקן פאַר אַ גאַנג. דערנעבן איז געווען די רומענישע רעסטאָראַציע וואו מען פלעגט מאַכן די בעסטע סטייקס. סך־הכול האָט געבראַכט פאַר דער חברה שנאַפּס,

לעמאָנאַדעס, וואורשטן און ציגאַרעטן מיט ציגאַרן געוויקלטע אין גאָלד־פּאַפּיר...

סך־הכּול איז געווען אַ ברייטער און נידעריקער פּאַרשוין מיט קורצע, געשוואָלענע פיס. ער האָט גערעדט רוסיש. ער האָט ליב געהאַט צו דערציילן מעשׂיות פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין וועלכער ער האָט געדינט ביים ביעלאַווסקי פּולק און ער איז געווען אַ דענשטשיק ביים גענעראַל. ער האָט יעדן באַגינען געפּוצט דעם גענעראַלס שטיוול, גערייניקט זיין ביקס און געהאָלפן דעם גענעראַלס ווייב, אַ שיינע כינעזערין פון כאַרבין, צו קאָכן. סך־הכּול האָט טאָג און נאַכט געלעבט, אָדער ממש געוואוינט, אין טערקישן שוויץ־באָד. ער האָט נישט געהאַט קיין ווייב און קיין אייגענע היים אויך נישט. הייסע פּאַרע וואָס האָט געבריט ווי דאָס פייער פון דער יוליקער זון איז געווען זיין נאַטירלעכע לופט. עס איז געווען שווער צו גלויבן אַז צוויי געליבטע, אַ מאַן און אַ פרוי, האָבן אים אין איינער אַ מיטנגאַכט, ווען אין דרויסן האָט געמבולט אַ רעגן און אַ בייזער ווינט האָט ווילדערהייט געיאָגט פונעם ים, אים פאַרפלאַנצט אין ליבע, און אַז אַ מאַמע האָט אים געשאָנקען דאָס געבורט. גיכער האָט זיך געדאַכט אַז עמעץ האָט אים אויסגעשניטן פון אַ געהאַרטעוועטן שטיק ליים ערגעץ אויף אַן אַלט בית עולם וואו די קברים פאַלן איין און די מצבות זינקען אין דר׳ערד און ער האָט אים אַזוי לאַנג געשלאָגן מיט ריטער און אַריינגעאָטעמט אין זיין גראָבער מאַטעריע אַ בריענדיקן פונק מיט לעבן, און ער האָט תּיכף גענומען וואַקסן און זיך שטעלן אויף די דיקע פיס ווי אַ יינגער טיגער אָדער אַ לייב...

חברה חוזקמאַכערס און ציניקערס האָבן אים געקיבעצט, אים געבעטן צו האַלטן רעדעס אויף רוסיש. אין איינעם אַ טאָג האָבן זיי געהאַט עפּעס אַ סאָרט פאַרוויילונג אין מרחץ. דער שווייס רינט שווער פון זייערע גלאַנציקע לייבער ווי פון נאַקעטע יאַפּאַנישע באָקסערס, און זיי באַשליסן אָפּצוטאָן אַ קאַטאָוועס מיט סך־הכּולן. „לאָמיר זיך אַביסל אַמוזירן!“ — האָבן זיי באַשלאָסן.

מען האָט סך־הכּולן גענומען אין שטאָט אַריין, אין אַ מאַגאַזין פון קליידער. מען האָט אים אויסגעקליידעט אין בגדי מלכות. פאַרוואָרפן אויפן קאָפּ אַ גלאַנציקן צילינדער ווי ביים עלטסטן פון דער חברה קדישא, אייזיק דעם קברות־מאַן וואָס טראָגט אַוועק פון יידישע היימען געשטאָרבענע קינדער בשעת אַ מגפה אונטערן אָרעם צום בית עולם. מען האָט אים אָנגעטאָן אַ שניי־ווייסן העמד מיט מאַנזשעטן און בריליאַנטענע ספּינקעס. אין דעם זיידענעם קראַוואַט האָט מען אַריינגעשטאָכן אַן עכטע ריזיקע פּערל. מען האָט אים אויסגעסטרויעט אין אַ נייעם און שטייפן סמאָקינג מיט פאַרביקע לאַמפּאַסן. אויף די שטייפע און גראָבע פינגער ווי פון האָלץ האָט מען אים אַרויפגעצויגן ווייכע און ווייסע הענטשקעס אָדער „האַנטשו“ ווי מען האָט זיי גערופן אויף אינטעליגענטיש. אויף זיינע אויסגעקרימטע פיס פון דער ענגלישער קריינק יינגערהייט, ווען ער איז

נאָך געווען אַ קליין יינגעל, האָט מען אויפסכות אַרויפגעזעצט אַ פּאָר לאָקירטע שיך. מען האָט פאַר אים אויך געקויפט אַ לעדערנע טעקע מיט עפּעס אַ גרויסן מאָנאָגראַם פון זילבער און זי אָנגעשטאָפּט מיט אַלטע און פאַרגעלטע רוסישע צייטונגען נאָך פון דעם צאַרס צייטן ערב דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אין דער האַנט האָט מען אים אַריינגעשטעקט אַ שטעקן פון שוואַרצן און דעמבאָוון האָלץ וואָס האָט זיך געווייקט אין אַ זומפּ אפשר צוויי הונדערט יאָר, און געפּוילט אַזוי לאַנג ביז דאָס וואַסער איז אויסגערונען און פאַרברענט געוואָרן פון דער זומערדיקער זון ביזן לעצטן טראָפּן. די זילבערנע האַנטאַבע (הענטל) פונעם שטעקן איז אויסגעפּוצט געוואָרן מיט אַ גרויסן צאַריסטישן אָדלער וואָס האָט פאַרמאָגט צוויי קעפּ מיט לאַנגע אַרויסשטאַרטשנדיקע צונגען. אַז ער האָט קוים באַוויזן, אַזאַ פאַרשוויצטער, אויסצוטאָן די הענטשקעס פון זיינע ביידע שווערע הענט ווי שטיקער אייזן, אָדער צוויי פאַרברענטע מנורות נאָך דער שרפה פון אַ פּריציש הויז, האָבן איצט געלויכטן אויף זיינע אומגעלומפּערטע פינגער גאָלדענע סיגנעטן מיט געשוואָלענע איידלשטיינער וואָס האָבן געשפּריצט מיט פייער און גאָלד. אין איין אויג האָט ביי סך־הכולן שוין איצט געשטעקט אַן אַריסטאָקראַטיש מאָנאָקל ווי ביי אַן אַלט־גערמאַנישן אַריסטאָקראַט־גענעראַל. אַ דענטיסט האָט אים מיט געוואַלד אַרויסגעבראָכן מיט אַ צוואַנג און אויסגעהאַקט די געלע און צעפּוילטע ציין מיט גרויסע לעכער און האָט אַריינגעשטעלט אין זיין פּוסטן און ליידיקן מויל ווי אין אַ חורבה מיט מצבות אַ שפּאָגל־נייעם „סעט” מיט גאָלדענע ציין אין סאַמע פראָנט פון זיין ברייטן מויל. מען האָט אים צום סוף אָפּגעשוירן דעם ווילדן קענדזשער מיט לייזיקע האָר און אים פאַרלאָזט אַ קליינטשיק דיפּלאָמאַטיש בערדל. דער שניפּס האָט שיער דערוואָרגן זיין גאָרגל. סך־הכול איז געווען געהאָרכזאַם ווי אַ קליינטשיק קינד וואָס זויגט פון דער מאַמקע אָדער ווי אַ פּיצל שעפּסל וואָס פאַלט אַרויס אַ פאַרשוויצטס אויפן גאַנצן לייב פון דער מאַמעס געדערים, פון איר מוטער־לייב אַרויס. סך־הכול האָט אַלץ געטאָן וואָס חברה בלאַטע לייט האָבן אים באַפּוילן. ער איז געווען דאָס געהאָרכזאַמע ליים אין די געניטע הענט פונעם טעפּער. גאָט האָט אים אַביסל צו־איילנדיק געהאַט געמאַכט. אָבער עס איז נאָך איצט צייט געווען צו פורעמען זיין לעבן, זיין גורל, זיין כאַראַקטער...

אויף צומאָרגנס איז דערשינען אין די לאָקאַלע צייטונגען און טאַבלאָיד־זשורנאַלן, אויף די ערשטע פראָנטאָווע זייטן, עפּעס אַ מאָדנע און ביזאַרע מעלדונג אַז דער רוסישער פּרינץ מיכאַיל יורעוויטש ראָמאַנאָף, פון דעם צאַרס משפּחה, איז געקומען צוגאַסט פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל מיט אַ וויכטיק שליחות פון דעם צענטער פון דער ווייסער עמיגראַציע. ער שטייט איין אין דעם האָטעל „פּרעזידענט וואַשינגטאָן” אויף מעדיסאָן עוועניו און די זעכציקער גאַסן, וואָס איז דעמאָלט געווען דער אימפּאָזאַנטסטער האָטעל אין שטאָט, אין וועמענס

ריזיקע חדרים און זאַלן עס זיינען איינגעשטאַנען הויכע פּאָליטישע געסט פון אויסלאַנד. די צייטונגען האָבן געשיקט זייערע פעיקסטע און גאַלאַנטסטע רעפּאָרטערס כדי אים צו אינטערוויואירן. מען פאָטאָגראַפירט אים מיטן מאָנאָקאָל אין אויג. ער שמעקט נאָך ווי אין די אַלטע צייטן די קרוינפּרינצן פון אַזיאַטישע, אָריענטאַלישע און באַלקאַנישע מלוכות און לענדער מיט די עטיקעטן, ראָסקאָשן און טראַדיציעס פון ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה. עס דרייען זיך אַרום אין די געהויבענע האָטעל־סוויטעס און קולואַרן אַלערליי מאָנאַרכן, פּרינצן, באַראָנען, ליידאַקעס, שאַרלאַטאַנען, פּאַראַזיטן, גלחים, מעקלערס, געלט־פעלשערס און קורטעזאַנעס. ממש אַן אַלטע און שוין לאַנג ליקווידירטע פעאָדאַלע וועלט איז געגאַנגען שלאָפן אונטער אָפּקלאַנג פון די שווערע גיליאָטינישע מעסערס וואָס האָבן פלינק און גיך אָפּגעטיילט געקרוינטע און הויך־טיטולירטע אַריסטאָקראַטן און שפּיאָנען, גלחים און דיפּלאָמאַטן מיט טייוולישע צונגען, פון זייערע אַקסלען און פּלייצעס. די גאַלאַנטע מאַנצלייט קושן געגעדיק די שוין עטוואָס פאַרוויאַנעטע הויט פון די באַגילדעטע פינגער פון די גרויסאַרטיקע פירשטינס און גרעפינס, פון די אלמנות וועמענס מאַנצלייט, די קייסאָרים און די פּרעזידענטן, זיינען אומגעקומען אין די אַטענטאַטן, וואָס זיינען צעשמעטערט געוואָרן אויף די הויפּטגאַסן פון די קאַפּיטאַלע שטעט דורך די באָמבעס פון די טעראָריסטן און יאַקאָבינער, פון די אַנאַרכיסטן און פאַנאַטישע טעראָריסטן פון בלוטיקן טעראָר און נקמה פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט פון זייערע פעלקער...

פּרינץ ראָמאַנאָף איז ווי איבערנאַכט געוואָרן אַ פאַרענדערטער מענטש. ער האָט וואויל איינגעשטודירט די פּאָליטישע און מאָנאַרכיסטישע ראָלע אַלס קרוינפּרינץ פונעם צאַר. פון וועלכן צאַר? פון וואָסערער דינאַסטיע? פון וועלכער קעניגלעכער פאַמיליע? פון וועמענס אַנטיקוואַרן פּאַלאַץ איז ער אַרויסגעגאַנגען? וועלכער פּאָפּ האָט אים געבענטשט? פונוואַנען ציט ער זיינע פינאַנצן כדי צו דעקן די אומגעהויערע הוצאות פון בעלער, באַנקעטן, אויפטריטן אין פּאַלאַצן, אוניווערסיטעטן, סאַלאָנען, קונסט־אויסשטעלונגען און פאַנטאַסטישע בעלער און קאָנצערטן?

פּרינץ ראָמאַנאָף איז גיך אַריינגעגאַנגען אין זיין ראָלע ווי אַ געבוירענער פּרינץ. ער לאָזט זיך באַגריסן און באַשענקען מיט מתנות. רייכע בענק זיינען גרייט צו פינאַנצירן זיינע עקסטראַוואַגאַנטע הוצאות. ער רעדט שטיל ווי אַ געבוירענער מלוכה־מאַן. ער פאַרמאָגט שוין די געירשנטע מאַניערן פון דורות אַריסטאָקראַטן. ער איז גרייט פאַר באַנקעטן, אויפנאַמעס, סעודות, פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען, דעמאָנסטראַציעס און דעקלאַראַציעס. ער גיט אַרויס באַפעלן, דעקרעטן און פּראָקלאַמאַציעס צו זיינע לייט, צו די פּאַראַזיטן און פוסטע ברואים וואָס נויטיקן זיך אין אַ נייער באַוועגונג כדי צו ווערן באַלוינט, געקרוינט, באַרופן און באַשאַפן

צו ווערן די פירער און העראָלדן פון אַלטע און נייע באַוועגונגען, פּאָליטישע תחית המתימס פון אַלטע דאָקטרינען, פון אונטערגעגאַנגענע סעקטעס און קעניגלעכע הייף. דער אַפּעטיט צו כבוד, געלט, גאָלד, שנאַפּס, קאַוויאַר, „סטייקס״ און פרויען איז ביי אים אַן אויסגעצייכנטער. ער דריקט זיך אגב קיינמאָל נישט אויס קלאָר, פּרעציז און באַשטימט. מען טייטשט אויס אין דער פּרעסע, אין פּאָליטישע עקספּאָזעס פון הויכגעשטעלטע און געוועזענע לייט, פון אָפּגעריבענע טיטולירטע, אָפּגעוואַשענע און פאַרגעסענע מיניסטאָרן, פּראָפּעסאָרן, דיפּלאָמאַטן און מאַיעסטעטן פון זייערע הויכקייטן און עקצעלענצן וועגן זיינע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען און טיפע קרעדאָס. ער דריקט זיך קיינמאָל נישט אויס קלאָר און באַשטימט. מען דערקלערט אַז ער איז סיי פּראָ און קאָנטראַ. פּראָ — פאַר וועמען אייגנטלעך? קאָנטראַ — קעגן וואָס און ווער? מען ווייסט קיינמאָל נישט גאַנץ גענוי וואָס ער זאָגט, וואָס ער מיינט, וואָס ער רעדט און וועמען ער האָט אין זינען. דאָס וואָס ער אַליין דערזאָגט נישט קליפּ און קלאָר, פאַרענדיקן שוין זיינע פּאָמאָצניקעס און טשינאָווניקעס מיט עפּאָלעטן אויף די אַקסלען פון זייערע מונדירן. מען דערלאַנגט אים געדאַנקען אין מוח אַריין, ווערטער אויף די גערוזשטע ליפּן ווי ביי פרימאַדאָנעס. מען בויט אים אויף ווי אַ ליימענעם גולם. מען פּאָמפּעט אַריין אין אים מוט, קוראַזש און מער פון אַלץ — חוצפה, חוצפה, חוצפה... אויך שנאה, מכלומרשטן צאָרן, שטרעבונג נאָך רעוואַנזש און נקמה. דעם ערשט־נעכטיקן סך־הכול פון טערקישן שוויצבאָד איז שוין היינט אונמעגלעך צו דערקענען אַלס דעם קרוינפּרינץ ראָמאַנאָף וואָס איז שוין ממש איבערנאַכט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַנטיסעמיט אויך. ער פלירטעוועט שוין איצט מיטן פּויפּסט אין וואַטיקאַן; מיט דער קייסערינע ציטאַ, די עקס־קעניגין פון וויענער קעניגלעכן הויף און דאָס ווייב פון קייזער קאַרל וואָס האָט געירשנט דעם טראָן פון דעם אימפּעראַטאָר פראַנץ יאָזעף דעם צווייטן. ער וועט אויך צוריק אויפשטעלן די עסטרייכיש־אונגאַרישע מאָנאַרכיע מיט דער מלכה ציטאַ אין וויען און בודאַפּעשט...

מען האָט פאַר אים איינגעאָרדנט אַ קבלת־פּנים אין טעאַטער „קופּאָל״, וואָס איז געווען אַן אמתע ברולעסק־פאָרשטעלונג. פּרינץ ראָמאַנאָף איז צוגעפאָרן צום האָטעל מיט אַ לימוזין. עס לויפן צו צו אים דינערס, פּאַזשן, שמשים, משוגעים, בעטלערס, פּאַראַזיטן, פּאַטריאָטן פונעם צאַר און כלערליי שווינדלערס, געלט־פעלשערס און קאַריקאַטור פאַרשוינען פאַלן אים צו די פיס, און וויינען און שרייען און קוויטשן. גרעפינס קישן אים די הענט און גנבענען ביי אים אַראָפּ די סיגנעטן פון די פינגער. די פּאָליציי פרוווט צעטרייבן דעם היסטערישן עולם, דעם ווילדן מאַב, די טראָמבלניקעס. מען באַווייזט קוים צו עפענען די טיר פונעם אויטאָמאָביל. פּרינץ ראָמאַנאָף גייט אַרויס מיטן אמתן ראָזמאַך. דער עולם גאַפּט: ממש טאַקע אַ בלוי־בלוטיקער ראָמאַנאָף! ער האַלט אין דער

רעכטער האַנט אַ פּאַרזשאַוועטע רוימישע שווערד. אויף זיינע ברייטע זייטן ברוסט־קאַסטן איז ביי אים באַהאָנגען מיט אַן אויסשטעלונג פון אייזערנע קרייצן, מעדאַלן, אויסצייכענונגען פאַר ווער ווייסט וויפיל העלדישקייטן אין ווילדע שלאַכטן און דועלן. מען פירט אים צו צו אַ קעניגלעכער לאָזשע. דער אָרקעסטער שפּילט אויף „באָזשע צאַראַ כראַני" (גאָט באַשיצט דעם צאַר). דער גאַנצער עולם שטעלט זיך אויף. פירשטינס וויינען. פּרויען ווישן זיך די פייכטע אויגן מיט זיידענע נאָז־טיכלעך. דער פּרינץ פאַרנויגט זיך צום פּובליקום העכסט גאַלאַנט. משמעות אַן אמתער, אַ געבוירענער פּרינץ פון אַ קעניגינס טראַכט!!!...

דער קבלת פּנים האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק. אין אָנהויב האָט מען געמיינט אַז עס איז עפּעס אַ וויץ, אַ בופאָנעריע, אַ קאָמעדיע, אַ „חלום פון אַ זומער־נאַכט". אָבער שוין ענדערט זיך דער קלימאַט. שוין איז נישט דערלויבט זיך עפּנטלעך צו ווויצלען אויפן אַדרעס פונעם קרוינפּרינץ. עס איז שוין פאַראַן אַ ווינק פון „אויבן" צו שווייגן, צו נעמען ערנסט „די זאַך". ווער ווייסט וואָס עס קענען חלילה זיין די קאָנסעקווענצן. שוין הייסט צי מאָרגן קען ער ווערן דער אַלמעכטיקער צאַר פון אַלע רוסן אין דער גרויסער סלאַווישער אימפּעריע. ער האָט שוין ערגעץ־וואו גרייט אַ מעכטיקע אַרמיי. וואו געגנוי און ווען די אַרמיי וועט חלילה נעמען מאַרשירן און וועמען זי וועט שלאָגן און ווער עס וועט מנצח זיין וועמען? דאָס אַלץ ווייסט מען נישט אַזוי פּינקטלעך און פּרעציז... ער קען נאָך דערקלערן מלחמה צו אַמעריקע אויך. אין יעדן פאַל איז קלוגער צו זיין פאָרזיכטיק מיט אַ נאָך נישט קלאָר־דעפינירטער באַוועגונג וואָס קען אין יעדן מאָמענט אָננעמען אַן אומגעריכטע און געפערלעכע ריכטונג און פּראָפּאָרציע. הייסט נאָך איז עס אַ בופאָנאַדע; אַ גראָטעסט־שפּיל; אַ מאַרש פון קאַריקאַטורן און טרעמפּס. מאָרגן קען אויפציטערן דער פּלאַנעט. מאַרסיאַנער קענען חלילה אַראָפּשטייגן פון די וואָלקנס און מיט אַ נייעם סאָרט געווער אַטאַקירן שטעט און לענדער. אָקעאַנען קענען פאַרגיסן וועלדער און ווויסטעניישן; טויזנט יאָריקע ציוויליזאַציעס און קולטורן... מענטשן קענען ווערן מאַכטלאָז ווי מוראַשקעס און שמעטערלינגען...

אין אַ קורצער צייט אַרום קומט פאָר אַן אָפיציעלער באַנקעט לכבוד דעם פּרינץ ראָמאַנאָף, וואָס איז גלענצנדיק אָרגאַניזירט. עס איז נישט קיין באַנקעט, נייערט ממש אַ פאַרזאַמלונג אויף אַ גראַנדיעזן שטייגער. די בוטלעגערס און גענגסטערס אויך האָבן ברייטע פאַרבינדונגען מיט די טאַטעס פון דער שטאָט, מיטן מעיאָר, מיט דער פּאָליציי; מיט פּאָליטישנס, קינאָ־סטאַרס און מיליאָנערן וואָס קענען מיט גאָלד און פּראָטעקציע אָפּקויפן אַ לאַנד, אַ פּאַרלאַמענט, אַן אינדזל, אַ דזשאָנגל, אַ וואַלד, אַ מדבר, אַ טעריטאָריע פאַר זייער טעטיקייט. זייער איינפלוס גרייכט אַזש ביז צו די שפּיצן פון מאַכט, מלוכה, סענאַט, קאָנגרעס און אַפילו צו די

שוואַרצע, געלע, און רויטע הערשער אין סודאַן, קאַשמיר, קאַיראָ, יאָהאַנעסבורג, מאָסקווע און מאָנטרעאָל...

דער באַנקעט קומט פאָר אין איינעם פון די אָנגעזעענסטע רעסטאָראַציעס און אין דעם אימפּאָזאַנטסטן האָטעל פון שטאָט וואו עס שלאָפן קייסאָרים און קורטעזאַנעס; וואו עס קומען פאָר קאָנפערענצן פון אייראָפּייאישע, אַזיאַטישע, אָריענטאַלישע, אַמעריקאַנישע און באַלקאַנישע פּרעזידענטן, מיניסטאָרן, דיפּלאָמאַטן, און וואו שפּיאָנען זיצן אין אַלע ווינקלען, ביי אַלע טישן, און רעדן מיט די הויפּט־פירער פון די פעלקער מכלומרשט וועגן ליטעראַטור און קונסט, וועגן קינסטלער ווי פּיקאַסאָ און שאַגאַל. דורך דער גאַנצער צייט טרינקט מען שאַמפּאַניער און וואָדקאַ. עס באַגריסן די סאַמע גרעסטע און חשובסטע לייט און פאָרשטייער פון דער פּאָליטישער וועלט. זיי זיינען צופרידן וואָס זיי האָבן דעם כבוד צו האָבן אַזאַ אָנגעזעענעם גאַסט אין שטאָט. ביזנעס ווערט שטייגן: דער טאָלער וואָס אַלע וואַליוטעס אין אייראָפּע האָבן אים ערשט געהאַט געשלאָגן נידעריק ביז צו דער ערד, שטייגט יעדער נאַכט און אין די באַגינענס אַלץ העכער אויף די בערזעס פון דער וועלט. עס פאַרבעסערט זיך אין אַמעריקע די טוריסטיק פון אויסלאַנד טראָץ דעם פאַנטאַסטישן שטייגן פונעם טאָלער. עס שטראָמען איצט אַהער פון דער שווייץ, פון גריכנלאַנד, פון די סקאַנדינאַווישע לענדער די צאַרישע אַריסטאָקראַטיע, די לעצטע מאָהיקאַנער פון דער ראָמאַנאָווסקער דינאַסטיע. די מאַנצלייט צירן זיך אין זייערע אַלטע גענעראַלסקע מונדירן און מעדאַלן. די פרויען, נאָענטע און ווייטע קרובים פונעם צאַר, טראָגן אַלטמאָדישע קליידער און פוטערס; די קרינאָלינעס שמעקן מיט נאַפטאַלין. זייערע לייבער זיינען פאַרגעלט. די פּנימער — מידע, אַלטע און ווי פון נערוועזע מאַלפּעס. זיי בוקן זיך, בויגן זיך און קניען מיט די זשעסטן פון דער פאַרצייטישער אַריסטאָקראַטיע נאָך ערב דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. בלויז דאָס אַמאָליקע צירונג האָט זיך נישט דערשראָקן פאַרן טעראָר פון די נייע צייטן: דאָס גאָלד גלאַנצט און בריט ממש מיט דער אימפּעריאַלער פרישקייט פון דער זון. דאָ וואו עס הערשט נאַכט און חושך מצרים, באַלויכט די בוזשוטעריע גאָר די פינצטערנישן און דעם טרויער פון מענטש, פון אונטערגעגאַנגענע דינאַסטיעס, פון קעניגלעכע טראָנען, פון פירשטלעכע פּאַלאַצן וואָס זיינען פונאַנדערגעפאַלן ווי וויסטע חורבות וואָס ערדציטערנישן און מלחמות האָבן אומגעוואָרפן און חרוב געמאַכט מיט אַ קאָסמישער רוגזה. יאָ, די קאָסטבאַרע איידלשטיינער זיינען ממש פריש אין זייער אָפּשיין מיט דעם גלאַנץ פון די שטערן ביינאַכט. דאָס גאָלד האָט זיך אָפּגערוט דורך אַלע בירגער־קריגן, רעוואָלוציעס אין די היילן פון בערג און פעלזן; אין שטאָלענע קאַסעס פון אייראָפּייאישע מעכטיקע בענק; אין די טיפענישן פון טייכן, קאַנאַלן און ברונעמס. די באַראָנען זיינען טאַקע אַלט, גרייז־גרוי און קראַנק געוואָרן. אָבער זייערע

אוצרות זיינען געבליבן יינג און שטראַלנדיק ווי בתולות אויף זייערע חתונות מיט פרינצן...

אויף די פּאַראַדנע גאַסן זעט מען גענעראַלן און פּולקאָווניקעס אויסגעצירטע אין פוטערס, מונדירן און מיליטערישע קליידונג וואָס זיינען הונדערטער יאָרן לאַנג געלעגן איינגעפּרעסטע מיט נאַפטאַלין אין אייזערנע קופערטס. עס באַגלייטן זיי ווייבער און קעפּס־ווייבער, דענשטשיקעס און דינסטן. די כאַראַקטערן פון גאָגאָלס, טשעכאָווס, קופּרינס, גאָרקיס און אָסטראָווסקיס דראַמעס, קאָמעדיעס, קורצע דערציילונגען און לענגערע ראָמאַנען שפּאַצירן אַרום אין זייערע היסטאָרישע אוניפאָרמס, גייענדיק און מאַרשירנדיק מיט זייערע אַרמייען פון מפּלה צו מפּלה בשעת די שלאַכטן אין אייראָפּע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה... די קלאַסישע כאַראַקטערן פון דער גרויסער רוסישער ליטעראַטור זיינען אויפגעשטאַנען תחיית המתים...

עס טרעטן אויף בשעת דעם אימפּאָזאַנטן באַנקעט לכבוד דעם פּרינץ ראָמאַנאָף און זיין סוויטע דער דורכגעפאַלענער פּרעזידענט־קאַנדידאַט וואָס האָט געצויגן מיליאָנען שטימען. עס רעדט הייזעריקערהייט דער מעיאָר פון דער שטאָט, וואָס איז פּאַני בראַט מיט די גענגסטערס און קאַריערריסטן, ווי אויך מיט די פּאָליטישנס פון „טעמעני האָל". צווישן די הויכגעשעצטע געסט זעט מען דעם שוואַרצן פּרייז־פייטער זשאָזעף מיט דעם זילבערנעם רערל אין גאָרגל, און מיט זיין ווייסער פרוי וואָס היט אים אָפּ ער זאָל זיך נישט צוכאַפּן מיט צופיל בענקשאַפּט און אַפּעטיט צו די וואַזשנע און רייצנדיקע ליקערן און שאַמפּאַניערס וואָס טריפן ווי וואַסער פון די מיט שטיקער גלאַנציקע אייז אַרומגעשטעלטע פלעשער מיט גאָלדענע באַנדעראַלן. פאַרוואָס טראָגט זשאָזעף אַ רערל אין גאָרגל? דער ענטפער איז פאָלגנדיקער: מחמת חברה האָבן אים געהאַט אויפגעהאָנגען אויף קאַטאָוועס בשעת זיין געבורטסטאָג־פייערונג און זיי האָבן אים שיער נישט איבערגעבראָכן דעם רוקנביין. מען זעט דאָ אויך דעם גענגסטער סמידי וואָס טראָגט אויפן קאָפּ אַ שטיק גאָלדענעם שאַרבן מחמת מען האָט אים באַשאָסן איינמאָל בשעת אַ ניי־יאָר נאַכט מיט מאַשינגעווער. ער איז אויסגעקאָכט מיט די טעאַטראַלישע שטערנס און מיט יינגע שוינקייטן און אַקטריסעס. צו אַלעם גוטס האָט ער אויך אַ גלעזערן אויג און אַ הילצערנעם פּיראַטנפוס. עס באַגריסט אויך דעם פּרינץ ראָמאַנאָף דער פּרעזידענט פון די „אָנדערטייקערס", הער האַנס דיטריך ציגלער. ער איז אָנגעטאָן אין אַ שטייפן טינט־שוואַרצן פראַק און צילינדער. ער איז אַן אָנפּרעסענער דייטשער קערל וואָס טרינקט רהיינישעס ביר, פרעסט שינקען און זיינע ליפּן גלאַנצן רויט. ער איז אַן אָנהענגער פונעם קייזער ווילהעלם און ער דריקט אָפן אויס זיינע אַמביציעס צוריקצוברענגען דעם קייזער פון דאָרן (האָלאַנד) וואו ער האַקט האָלץ יעדן פרימאָרגן, בשעתן אויפגאַנג פון דער זון, צום גערמאַנישן טראָן. מען זעט אויך ביים ברייטן און ראָסקאָשנעם טיש פון

ווײַן, ווײַב און געזאַנג די פּאָפּולערע „מאַדאַם סאַבאַ״ וואָס האָט אַ „שפּיגל־האָטעל״ אין קוני־אײַלאַנד, האַרט בײַם ים וואו די מעוון שטייען אָפּ שעהנלאַנג מיט אַ סך געדולד אויפן זאַמד און זוכן שלימאַקעס און כלערליי אַנדערע געשמאַקע ראַקעס און ווערם וואָס פאַרמאָגן אַ סך וויטאַמינען. מאַדאַם סאַבאַס געסט זײַנען די באַרימטע פּאָליטישנס, שטאַטסמענער, דיפּלאָמאַטן און שפּיאָנען... אַ טייל מענטשן רופן איר „קווין סאַבאַ״ און אַנדערע: „קעניגין זשאַבע״. יידן זאָגן געוויינלעך ווען זי שפּאַצירט זיי אַנטקעגן אויפן שפּאַציר־וועג בײַם ים: „די מלכה שבאָ רוקט זיך״. זי איז אויסגעסטראָיעט אין צירונג פון קאָפּ ביז צו די פיס. זי זיצט גאַנץ נאָענט צום פּרינץ ראָמאַנאָף און זי גיט שוין באַצייטנס עצהס און באַפעלן פונקט ווי זי זאָל זײַן די קינפּטוקע צאַריצע... מען שמועסט אין קרייזן וואָס זײַנען מער באַקאַנט מיט די גאָר אינטימע פאַרהעלטענישן פון דער נייער באַוועגונג, אַז זי פירט אָן מיט די נויטיקע פינאַנצן פון דער אָרגאַניזאַציע... קיין איבעריקע ווייבלעכע שיינקייט פאַרמאָגט זי נישט. אָבער זי צייכנט זיך אויס אין חכמה און כיטרעקייט... מען שמועסט אַז דער פּרינץ וואָס איז דאָך, דער לייענער באַדאַרף דאָס דאָך נישט פאַרגעסן, נישט מער ווי אונדזער אַלטער באַקאַנטער פאַרשטשיק פון באָד וואָס דערלאַנגט הייסע פאַרע, געהערט נישט דווקא צו די וואַזשנע חכמים. אין אוניווערסיטעט איז ער אויך נישט אויסגעגאַנגען אַלע אַכט קלאַסן און נישט געהאַט קיין איבעריקן געדולד צו די לעקציעס מכוח הויכע ענינים מצד די קלוגע פּראָפעסאָרן און חכמים...

די הויכע לייט רעדן, טומלען, ווינטשן און באַגריסן דעם פּרינץ ראָמאַנאָף אַז ער זאָל בקרוב באַשטייגן דעם טראָן פון דער רוסישער אימפּעריע. ער פּאַסט פאַרן טראָן מיט זײַן הויכן וואוקס, אימפּאָזאַנטן געשטאַלט און ברייטן זשעסט. ער איז שוין באַצייטנס אַ געבוירענער צאַר ממש. נאָך אַ גאַנצן טוצנד מוסטערהאַפטע און מייסטערהאַפטע רעדעס פול מיט חכמה, מיט אָראַטאָרישע רייד, מיט דראָאונגען צו די מעגלעכע שונאים און נישט־פאַרגינערס, און מיט צוזאָגן פאַר פרידן, שלום, זאַטקייט און שפע פון רוסלאַנדס פעלדער, וועלדער, גערטנער און טייכן וואָס ווען וואויל דערנערן די רוסישע, מאָנגאָלישע, מחמדנישע, פּוילישע און אוקריינישע פעלקער, מיט די קירגיזן, קאָזאַקן, טשערקעסן, און טאָטערן, קריגט ענדלעך דער טראָנפאָלגער אַליין דאָס וואָרט. זײַנע נאָענטסטע מענטשן, די בעלי־יועצים און שוין באַצייטישע קנעכט, דיפּלאָמאַטן, באַנקירן, שנאָרערס, דעפּוטאַטן און געוועזענע לייט פון דער צאַרישער דומע; די רעכטע און לינקע פאַרלאַמענטאַריער וואָס האָבן זעלטן די מעגלעכקייט און די פרייהייט צו זאָגן אַן אָפּן וואָרט און אויסצודריקן זייערע געדאַנקען מכוח פרייהייט פאַר די אונטערדריקטע פעלקער — זיי אַלע שטעלן זיך אויף און ענדלעך קריגט דער קינפּטיקער צאַר דאָס וואָרט. פּרינץ ראָמאַנאָף שטעלט זיך אויף אין זײַן גאַנצער הויכקייט. ער בוקט זיך גנעדיק אין אַלע זייטן פונעם ריזיקן זאַל מיט לויטער

הויכגעשטעלטע לייט. ער דאַנקט קודם כל פאַרן כבוד. ער זאָגט עפּעס אַן ערך, אין אַ געבראָכענעם ענגליש, געמישט מיט אַ כאַכלאַצקע רוסיש און ער פאַרענדיקט אויף יידיש מיט דייטש־גאַליציאַנישע ווערטער אויך:

— דער אמתער סך־הכול זיינען בערג מיט סקעלעטן. סטאַלין איז דער לייבלעכער זון פון איוואַן דעם גרויזאַמען. זיין פעטער ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט אים קליינערהייט געהאַלטן אויף דער האַנט. עס איז נויטיק נקמה צו נעמען פאַרן אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט פון צאַר ניקאָלאַי, פון דער הייליקער דינאַסטיע ראָמאַנאָווס. דאָס סלאַווישע פּאָטערלאַנד וואַרט אומגעדולדיק אויף זיין דערלייזער. עס וועלן זיך נאָך גיסן טייכן מיט בלוט פונעם מלחמה־מידן רוסישן פאָלק. די דייטשע גענעראַלן אין דער צאַרישער אַרמיי האָבן געטריבן די רוסישע אַרמייען אין די טייכן, אין די זומפּן, אין די אָפּגרונטן פון טויט און אומקום. אָבער דער הייליקער פּראַוואָסלאַוונער אמת וועט ענדלעך זיגן. ער אַליין, פּרינץ ראָמאַנאָף, וועט געבן אַ נייע ריכטונג צו דער רוסישער געשיכטע. זאָל דאָס פאָלק דערוואַרטן גרויסע טעג, בלוטיקע שלאַכטן מיטן אַלטן שונא פון די סלאַוון. דער גייסט פון דער רוסישער געשיכטע לעבט און איז וואַך און היט אָפּ דאָס גרויסע פּאָטערלאַנד און פירט עס צום נצחון איבערן רהיין... „באָזשע צאַרא כראַני!" (גאָט ראַטעוועט דעם צאַר!).

דער פּרינץ האָט פאַרענדיקט זיין קלוגע און געוואַלדיקע דרשה מיטן פייערלעכן צוזאָג צו זיינע פּאַטריאָטן און הוראַ־שרייערס און טומלערס, אָנגעטוענע אין צאַרישע מונדירן און אין מוזעאַלע ווייבערישע קאָסטיומען, אַז מען זאָל נאָך דערווייל האָבן געדולד... ער זאַמלט צוזאַמען פון אַלע עקן פון דער וועלט זיינע באַגייסטערטע מחנות און קעמפּערס פאַרן גרויסן טאָג פון חשבון. איבערן מעכטיקן קופּאָל פונעם קרעמעל־שלאָס שיינט אויף אַ נייע זון פון פרייהייט און נצחון...

די רעדע פון פּרינץ ראָמאַנאָף האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק. די פּרעסע האָט אָפּגעגעבן אַ סך פּלאַץ דעם באַנקעט און צו דעם טריאומף־עקספּאָזע. זשורנאַליסטן האָבן זייער טיפּזיניק אויסגעטייטשט יעדעס וואָרט און זאַץ פון זיין רעדע. ער מיינט עס טאַקע ערנסט, דער תם, דער סך־הכול. ער איז שוין ריכטיק אַריין מיטביידע פיס אין זיין ראָלע. עס געדויערט נישט לאַנג און די בוטלעגערס וואָס האָבן אים איבערגעמאַכט, געמאַכט, ווערן געוואויר אַז ער בונטעוועט זיך שוין קעגן זיי אויך. ער געהאָרכט זיי נישט מער. דאָס צעיושעטע פערד איז אַרויס פון די האָלאַבלעס. ער באַטראַכט זיך טאַקע פאַרן אמתן פּרינץ, געשיקט פון גאָט כדי אויסצולייזן זיין ליידנדיק פאָלק. ער וואַגט זיך שוין אַפילו נישט צו חברן מיט זיינע אייגענע בוטלעגערס, גענגסטערס און באָסעס. ער מיידט אַפילו אויס זיינע אינטימע חברים פונעם טערקישן שוויץ־באָד. דער נעכטיקער גולם און אידיאָטישער פאַרשטשיק נעמט שוין היינט ערנסט זיין ראָלע. ער פאַרבינדט זיך אַפילו מיט פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס. מען לאַדט אים איין צו ווייס־גוואַרדייאישע מיטינגען. ער דערהאַלט גרויסע

סומעס געלט פון אויסלאַנד. ער קריגט אויך געפערלעך לשון. זיין צונג ווערט גיפטיק, גאווהדיק און געשוואָלן. די לינקע עלעמענטן לויבן אים אין זייערע פאַמפלעטן און פרעסע. טייל צדדים רופן אים טראָצקי און אַנדערע — ראַספּוטין. עס ווערט נישט דויערן לאַנג און פרינץ ראָמאַנאָף וועט זיינע נעכטיקע חברים אַריינשליידערן אין די תפיסות. ער ווערט אַ געפערלעכער כוח. ער קריגט מאַכט. עס שטייען צו צו אים די בויער, די שיכורים, די אונטערוועלט, די מאַפיאַ, די גענגסטערס פון סיציליע קריגן וויזעס אין איטאַליע און גרייטן זיך צו קומען קיין ניו־יאָרק כדי צו אָרגאַניזירן אַ נייע אַרמיי פון „סאַנקיולאָטן", (מאַנצלייט און אַוואַנטוריסטן אָן העמדער און אָן הויזן), וואָס וועלן פּראָקלאַמירן זיין מאַכט, זיין גלאָריע און זיין זיג. ער איז שוין באַלד אַ סכנה פאַר דער זיכערקייט פונעם לאַנד אַמעריקע...

חברה בוטלעגערס אין שוויצבאָד האָבן זיך איצט פאַר אים אויף אַן אמת דערשראָקן. זיי האַלטן אָפּ אַ קאָנפערענץ שפּעט ביינאַכט. מען האַלט שוין איצט פייערדיקע רעדעס קעגן דעם נייעם דיקטאַטאָר וואָס ווערט אַ ווילדע סכנה אַפילו פאַר יידן. די ווייזערס פונעם אַלטן טורעם ביים ברעג פון אַטלאַנטיק רוקן זיך נערוועזערהייט און ווייזן די שפּעטע שעהן פון דער נאַכט מיט עפּעס אַ מיסטישן פּחד. חברה בוטלעגערס קריגן זיך און זיינען שטאַרק צעהיצט. זיי ווייסן איין זאַך: אַז זיי האָבן אַליין בידים אויפגעשטעלט אַ גולם, אַ מאָנסטער. אָבער ענדלעך באַשליסן זיי נאָך לאַנגע און היציקע וויכוחים אים צוריקצופירן אין באָד אַריין. זאָל ער רייבן און שפּריצן מיט די הייסע בעזעמלעך מיט וואַסער די פּלייצעס און די בייכער פון די שטאָט־טאַטעס אין מרחץ. איינער, פינטע פענטאַק די גאָרילע שלאָגט זיך אַדורך דורך זיינע באַוואָפנטע וואַכלייט אין האָטעל „מאַזשעסטיק" אויף דער בויערי... ער פּאַקט דעם פרינץ אַגיטירנדיק פאַר זיינע מחנות משוגעים און ווייס־גוואַרדייאישע היצקעפּ, געוועזענע אַדעסער אונטערוועלט־מענטשן און מישקע יאַפּאָנטשיקס פאַרשוינען, און ער שלעפּט אים צוריק אַריין אין דער מקווה. מען טוט אים אויס מוטערנאַקעט ווי די מאַמע, די זונה וואַנדאַ, האָט אים געהאַט. מען פאַרעוועט אים לייטיש אויס, מען שמייסט אים מיט אַ לעדערנעם קאַנטשיק וואָס האָט אַ שווערן בלייערנעם קנאָב, אַזוי לאַנג ביז ער ווערט צוריק פאַרוואַנדלט אין דעם פריערדיקן סך־הכול דער באָד־יינג, דער פאַרשטשיק...

וואָס אַן אמת: עס איז געווען אַ רחמנות צו זען ווי זיינע נעכטיקע חברים האָבן אים געשלאָגן און געמאַכט אים צו שפּאָט און צו שאַנד. סך־הכול האָט געחלשט פון ווייטיקן, חרפּה און קריינקונג. ער האָט דאָך געזען דורך טרערן ווי חברה גראָבע יינגען צעברעכן זיין קרוין און טונקען זיין סצעפּטער אין בלאָטע און זיי פישן אויף זיין מונדיר אָדער פלאַשטש מיט די גאָלדענע קנעפּ און בערשטלעך אויף די עפּאַגאַנעס. ווען ער האָט זיך ענדלעך אויפגעכאַפּט און ער האָט אָנגעקוקט די

אָפּגעטראָגענע מלבושים וואָס מען האָט פֿאַר אים אָנגעגרייט בשעת זײַן גאַנץ יידיש לייב נעבעך האָט געבלוטיקט פֿון די קלעפּ, האָט ער פֿאַרשטאַנען אַז אַלץ וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט איז געווען אַ חלום. ער איז קיינמאָל נישט געווען קיין אמתער פּרינץ. ער האָט זיך ביטער פֿונאַנדערגעוויינט אויף זײַן אייגענעם חורבן...

עס האָט זיך געדאַכט דער חברה לצים און לאָבוזעס אַז סך־הכול וועט צוריק אַריין אין די פּעדערן. אַז ער וועט זיך אונטערוואַרפֿן צו דער גרויער רוטין פֿונעם שוויצבאָד. ער וועט ווידער דערלאַנגען פּאַרע ווי צעריסענע שטיקלעך וואַטע איבער די לייבער פֿון די געסט אין באָד, די באַלעגאָלעס, די שמייסערס, די קאָרטנשפּילערס און אייגנטימערס פֿון הייזלעך, באָרדעלן און וויינשענק און ער וועט שמייסן די נאַקעטע און פֿאַרשוויצטע לייבער מיט די שאַרפֿע בעזעמלעך וועמענס העלצלעך צעברעכן זיך און ווערן לויז און צעפֿאַלן זיך. אָבער דער קרוינפּרינץ ראָמאַנאָף האָט מער איצט נישט געקענט לעבן אַלס דער פּראָסטער שמייסער. סך־הכול, ווען ער האָט שוין געהאַט פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון רום, כבוד, געלט, ווייבער, באַדינער און כלערליי שיכורים און אונטערלעקערס. ער איז שוין געהאַט אָנגערירט געוואָרן מיטן ליכט פֿון אַן אַנדערן שטערן אין הימל. און עס איז געשען אַז איינמאָל אינמיטן נאַכט ווען אַזאַ גרויסע און געשוואָלענע האָט די לבנה געשפּאַצירט אין הימל און געזילבערט, געמאַניעט, געגאָסן בראָנפֿן און שנאַפּס איבערן קאָפּ און פּנים פֿון סך־הכולן, האָט ער זיך אַזאַ וויסטער און עלנטער אויפֿגעהאָנגען אין באָד...

מען האָט אים באַגראָבן אין ברוקלין, אין אַ ליימיקן קבר, ביים אַלטן און שוין צעפֿוילטן פּלויט וואו עס ליגן עטלעכע אָפּגעבראָטענע יידישע גענגסטערס וואָס משפּחה האָבן אויסגעלייזט פֿון סינג־סינג און אַהיימגעבראַכט פֿונעם שטעכעדיקן „עלעקטריק־טשעיר" אויף ווענלכן מען זעצט זיך צו צום לעצטן מאָל כדי זיך אָפּצורוען אַ „ווײַלע" פֿון דער לעבנס־קאָמעדיע און די לעצטע טראָפּנס זרע באַשטימטע פֿונעם רבונו של עולם פֿאַר געזונטע און שטאַרקע זין און פֿאַר שיינע און רייצנדיקע טעכטער, רינען אָפּ צופֿוסנס פֿון דער אייזערנער שטול...

חברה בוטלעגערס האָבן אים באַגלייט צוזאַמען מיט זייערע ווייבער. טרערן האָבן געפֿינקלט אין זייערע אויגן ביים אָפֿענעם קבר. אַ ייד מיט אַ ברייטער און רויטער באָרד האָט געפֿרעגט די משפּחה ווי אַזוי ער הייסט כדי צו מאַכן דעם אל מלא רחמים. קיינער האָט רעכט נישט געוואוסט זײַן ריכטיקן נאָמען. איינער פֿון די אָנוועזנדיקע בלאַטע לייט האָט עפּעס געפּרוּווט זיך דערמאָנען אַז מען האָט אים גערופֿן „טשאַרלי סאָלדאַט". הכלל, מען האָט זײַן נשמה איבערגעגעבן אין די הענט פֿון גאַנץ פֿריינדלעכע יידישע מלאכים, וואָס האָבן דווקא צווישן זיך גערעדט אַ היימישן און באַלעגאָלישן יידיש, און זיי האָבן זיך וואויל דערמאָנט אַז מען

האָט אים אין שוויצבאָד דווקא גערופן מיטן צונאָמען „סך־הכול״... אָבער די גוטע מלאכים האָבן שוין דווקא יאָ געוואוסט זיין אמתן נאָמען...

אויפן פרישן קבר מיט דער אויפגעגראָבענער רויער און רויטער ערד פון ליים איז געבליבן ליגן אַ גרויסער קראַנץ מיט וואַרעמע און ווייכע בלומען אויף וועלכע די גאָלדיקע בינען האָבן יעדן זוניקן פרימאָרגן זיך אָוועקגעשטעלט און ווי פאַרחלשטע שעהנלאַנג געזויגן דעם זיסן נעקטאַר. מיט אַ פאַרזשאַווערטער שפּילקע איז געווען צוגעשטשעפּעט אַ צעטעלע אויף איינער פון די רויזן מיט דער אויפשריפט: „פון דיינע גוטע חברים. זיי אונדז מוחל...״

## ליבשאַפט צום לעבן און רחמנות צו ליידנדיקע

געוויסע זייטלעך פון עטיס טאָג־בוך זיינען הויך־פּאָעטישע סימפאָניעס פון שיינקייט. זי איז זייער סענסיטיוו צו דער נאַטור. זי לעבט איבער לאַנדשאַפטן מיט אַן עקסטאַז ממש ווי אָרגאַזמס. אויך מענטשן זיינען פאַר איר ווי לאַנדשאַפטן. אַ פריש ווינטל אין דרויסן, בלאָזנדיק איבער די אַמסטערדאַמער קאַנאַלן, מאַכט איר צו ווערן פאַרליבט און זיך צו פאַרלירן דערינען. זי לעבט כסדר אין אַ מין עקסטאַז און אין פאַרליבטקייט אין מענטשן, אין דער גרינער ערד, אינעם בלויען הימל, אין די גרויע האָלענדישע וואָלקנס, אין גאָט פון אינדערפרי אָן ווען זי דערוואַכט פון שלאָף ביז צום אַנדערן אינדערפרי, און אַזוי כסדר. זי איז זייער קלוג. אויך אַנאַליטיש ביז נביאיש־פּאָעטישער אַנטפלעקונג. זעלטן־ווען האָט אַ יינגע פרוי אַזוי שטאַרק ליב דאָס לעבן. איר גאַנץ טאָג־בוך איז איין סימפאָנישע באַשרייבונג פון די עקסטאַזן פון פובערטעט. שוין אַ געפאַנגענע פון דעם דייטשן געשטאַפּאָ־רעזשים לאַכט זי, ליבט זי, שפּאַצירט זי, אָטעמט זי מיט דער שמעקעדיקער לופט; דאַנקט זי דעם אויבערשטן פאַר יעדער טראָפּן לעבן; ליבט זי זיך מיט מאַנצלייט; פאַרמאָגט זי פאַר אַלעמען גוטע ווערטער; זי איז אין פערמאַנענטן עקסטאַז, צויבער, ענטוזיאַזם און מוזיק. די מלאכים זיינען נישט אַזוי רייך און גליקלעך אין הימל ווי זי אויף דער ערד. זי איז לויטער סענסיטיווקייט, נערוון און וויבראַציע; ווינטיש, אומרואיק, גליקלעך, טרויעריק, באַדויערנדיק, וועלט־אַרומנעמענדיק, מענטשן און לעבן ליבנדיק, און גלייכצייטיק אַזוי נאָענט צום אומקום, צום ווערן פאַרניכטעט דורך די נאַציס. אָבער זי זעט דעם טויט און דאָס לעבן ווי איין פּראָצעס פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ...

עטי איז אַ לערערין. דערביי לערנט זי אַליין און לייענט דאָסטאָיעווסקיס „דער אידיאָט״ כדי גרינטלעך צו דערקענען די נשמה פון דעם סלאַווישן גאון. זי לייענט אים אין אָריגינאַל, אין דער רוסישער שפּראַך. זי איז אויך אַ לערערין פון רוסיש. עטי לייענט דעם דייטשן

גרויסן דיכטער רײַנער מאַריאַ רילקעס פּאָעזיע. פאַר איר איז לײענען, לערנען און לעבן מיט גײַסט אפשר אַ מין תּפֿילה טאָן צום אויבערשטן. זי שרײַבט אַז אין אוישוויץ, וואוהין די דײַטשן שיקן כּסדר טראַנספּאָרטן מיט האָלענדישע ייִדן צום אומקום, און ווען זי אַלײן וועט אויך ווערן פֿאַרשיקט דורך די קרעציקע דײַטשן, וועט זי לײענען דעם פּאָעט כאָטש אַ האַלבע שעה יעדן טאָג. עס איז נישט ווי אונדזער לײענען אַ בוך. עס איז בײַ איר אַ מין לערנען ליטעראַטור ווי אַ פֿרומער ייִד לערנט תּורה, גמרא, תּלמוד, קבלה. עס איז אַ ריטואַל. עס איז אַ מצווה אויך. זי לײַטערט זיך דערינען. עס איז איר קאַטאַרזיס...

עטי וואַקסט יעדן באַזונדערן טאָג מיט יאָרן שײנקײט; מיט הימל און ערד, און מיט מײדלעך־קאָלעזשאַנקעס, און זי פֿאַרערט עטלעכע געליבטע מאַנצלײַט. די שענסטע זאַך, זאָגט זי, איז כּסדר צו וואַקסן. זי עפֿנט אויף צום קאָסמישן און אַלמענטשלעכן לעבן איר פּרויאיש לעבן, איר גאַנצע עקזיסטענץ ווי אַ גרויסע און ריזיקע בלום וואָס בענקט נאָך זון, נאָך רעגן, נאָך בליץ, נאָך אַ שטראָם ווײַן פֿון הימל. זי איז ווי אַ מיטשפּילערין אויף אַ ריזיקער האַרף אין אַ געטלעכן אָרקעסטער. איר לשון איז ווי פֿון אַ מלאך: ווײך און וואַרעם, מיט טוי, מיט זאַפֿט און סאָק אין יעדן אײנציקן וואָרט. רײַך אין אויסדרוק און כּסדר שעפֿעריש. זי עפֿנט זיך אויף נשמהדיק און זי אַנטוויקלט זיך מיט יעדער מינוט און שעה און נאַכט און באַגינען. נאָך יעדער נאַכט מיט געזונטן שלאָף איז זי אַ נײַ־געבוירענער מענטש. זי וואָלט זיך פֿילן נאַטירלעך און פֿרײַ אין דער געזעלשאַפֿט פֿון מלאכים. זי איז אַ מענטשלעכער מלאך... אויב נישט נאָך העכער...

אין וועסטערבאָרג, די קאַזאַרמע פֿאַר די אומגליקלעכע ייִדן וואָס ווערן געפֿאַנגען און אַרויסגעשיקט קײן אוישוויץ צום אומקום; די סטאַנציע פּונוואַנען אַ באַן פֿאָרט אָפּ מיט די געפֿאַנגענע ייִדן קײן פּוילן צום טויט, צום גרויזאַמען נאַצישן שוחט פֿון מיליאָנען קרבנות, וואַקסט עטי ערשט אויס צו אַ גרויסער און גײַסטיק־רײַכער פּערזענלעכקײט. ווען איך זאָל נישט האָבן געלײענט דאָס דאָזיקע טאָג־בוך, וואָלט איך געווען אַזוי פֿיל, אַזוי פּילפּאַך אָרעמער אין גײַסט און איך וואָלט נישט געהאַט באַנומען די גאַנצע גרויזאַמקײט פֿון די דײַטשע חיות, פֿון די גערמאַנישע סקאָרפּיאָנען און ווערעם. איך וואָלט געווען גליקלעך אומצוקומען אַבי די ווערמדיקע דײַטשן זאָלן אויך פֿאַרזונקען ווערן אין אַ ריזיקן אָפּגרונט פֿון דער ערד; זיי זאָלן פֿאַרשרפֿהט ווערן אין אַ שרעקלעך־טיפֿן פֿײַער־קראַטער פֿון אַ וואולקאַן, אָדער זינקען נאָך אַן אַטאָמישער באָמבע־אויפֿרײַס אין אַ טיפֿעניש פֿון ים ווי דער לעגענדאַרער קאָנטינענט אַטלאַנטידע וועמענס מכלומרשטע זינד און פֿאַרברעכנס זײַנען מסתּמא אַרײַנגעשלײַדערט געוואָרן אין תּהום פֿון ים. די דײַטשן פֿאַרדינען, קלײן און גרויס, יונג און אַלט, אויסגעריסן, אויסגעפּליקט און אויפֿגעריסן צו ווערן פֿון דעם פּלאַנעט ערד. אַלע קומענדיקע דורות וועלן אומגעדולדיק וואַרטן אויף זײער מיליאָנענפֿאַך פֿאַרדינטער שטראָף, לײענענדיק עטיס

טאָג־בוך, אַנאַ פראַנקס טאָג־בוך, יצחק קאַצענעלסאָנס פּאָעמע וועגן דעם אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק און די גאַנצע חורבן־ליטעראַטור...

עטי הילעסאָן פאַרמאָגט בלעטלעך אין איר געניאַלן טאָג־בוך וואו יעדער באַזונדער שורה איז אַן אַנטפּלעקונג פון שיינקייט, פון טיפער קענטעניש פון דער מענטשלעכער נשמה און אין וועמענס פּראָזע זי אַנטפּלעקט אַן אומגעהויערן וויסן פון דעם מענטשלעכן גייסט און פון דעם פּרויאישן גוף און נשמה. זי פאַרמאָגט אַזאַ רייכן אוצר פון אַ נשמה אַז זי קען מיט איר פּסיכאָלאָגיע און מחשבה רייך מאַכן הונדערטער מוחות און גייסטער פון מענטשן. שוין זייענדיק אין וועסטערבאָרג עפנט זיך אויף איר גרויסאַרטיק האַרץ מיט ליבשאַפט צו מענטשן. זי זעט פאַר זיך אַ שרעקלעך גהינום פון אומגליק און יסורים. אָבער זי פאַרצווייפלט נישט אין פּחד פאַרן אייגענעם אונטערגאַנג. זי רעדט קיינמאָל נישט אויס קיין איינציק וואָרט וועגן טויט פון איר אייגענער פּערזאָן. זי איז פריי פון דעם נישטיקן זעלבסט־מיטלייד און רחמנות אויף איר גוף וואָס גייט שטאַרבן און פאַרוואַנדלט ווערן צו אַש. טויזנטער מענטשן אַרום איר פאַלן אַריין אין דעם אומפאַרמיידלעכן און האָפענונגסלאָזן געפיל און תהום פון זעלבסט־רחמנות... אָבער נישט עטי...

עטי איז די געטלעכקייט אַליין. אָבער אַ פיל העכערע ווי די הימלישע געטלעכקייט וואָס שענקט צו די מענטשן און צו די אַלע אַנדערע באַשעפענישן געבורט און טויט, (אויב זי טוט עס טאַקע?!) אָבער נישט אונדזער עטי. זי זעט צו ווי אירע אַלטע טאַטע־מאַמע שטאַרבן אין גאַז־קאַמער. אָבער זי היט זיך אויס אַפילו אויף זיי רחמנות צו האָבן, ווייל זי מוז דאָך אויף אַלע אַנדערע ליידנדיקע מענטשן רחמנות האָבן. זי קען זיך פּשוט נישט דערלויבן אַוועקצוגעבן איר גאַנץ האַרץ און מיטלייד צו בלויז אירע אַלטע און שטאַרבנדיקע טאַטע־מאַמע. וויכטיק פאַר דער דאָזיקער גרויסער פרוי איז אויף אַלעמען רחמנות צו האָבן. אָבער זי דערלויבט זיך יאָ דעם שרעקלעכן און אומגעוויינלעכן לוקסוס דווקא יאָ רחמנות צו האָבן אויף יינגע דייטשע סאָלדאַטן וואָס זי זעט אויף די גאַסן פון אַמסטערדאַם...

זי זעט ווי אַ גאַנצע וועלט ממש זינקט צום אָפּגרונט פון מוראדיקע ליידן און אומקום. מענטשן גייען אויס פון אַלערליי קראַנקהייטן. זיי גייען אויס פון הונגער, אויסשעפּונג און שמוציקייט. זי טראָגט אין איר ריזיקן האַרצן רחמנות פאַר אַלעמען. זי דערלויבט זיך נישט פאַר זיך אַליין דעם מינדעסטן לוקסוס: אַפילו אַ קרעכץ צו טאָן אויף איר אייגענעם זיך פאַנאַנדער־ברעכנדיקן לעבן. אַזאַ לוקסוס ווי צו ליידן צוליב איר אייגענעם אונטערגאַנג קען זיך דאָך די גרויסמוטיקע עטי נישט דערלויבן. זי דערגייט אַזוי אַרום צו דער מדרגה פון אַ הייליקער פרוי. זי איז שווער באַלאָדן מיט אַזוי פיל ליבשאַפט צו צעבראָכענע און אומבאַהאָלפענע מענטשן אַז גאָט באַדאַרף זיך פּשוט צו שעמען מיט זיין האַרצלאָזיקייט. עטי וואָס שטאַרבט אַלס יידיש קינד מיט טויזנט טויטן דורכן מעת לעת,

איז הייליק און געטלעך. עס איז זי, עטי, וואָס באַדאַרף זיצן אין הימל אויף אַ ריזיקן טראָן פון דער אמתער געטלעכקייט וואָס מיינט ליבשאַפט צום גאָרן לעבן. לכבוד איר וואָלט די גאַנצע מענטשהייט געדאַרפט אויפשטעלן אַ טעמפּל הויך ביז צו די שטערן און באַזינגען אין הימנען איר גרויסקייט.

עטיס ליבשאַפט צו בוימער איז העכסט פּאָעטיש. זי איז עפּעס אַ סאָרט מוטער צו דער נאַטור און גלייכצייטיק אַן ערשט־ראַנגיקע פּאָעטעסע וואָס איז סענסיטיוו צו די מינדעסטע ניואַנסן פון דער נאַטור, פון וועטער, פון ווינטער, פון פרילינג, פון די וואָלקנס, פון די בלומען און פון גרויסע גערטנער...

עטי, וואָס אַן אמת, איז אַ קנאַפּע יידין. זי איז קריסטלעך באַווירקט און געשטימט, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון איר קריסטלעכער סביבה, פון איר נישט־יידישער דערציונג. זי קניט כסדר, בעטנדיק צו גאָט. אָבער איר מין פון בעטן צו גאָט איז עפּעס אַן אַריינגעמען די געטלעכקייט אין זיך. זי פילט גאָט אין אַלע אירע פיזישע פאָרן. זי רעדט צו גאָט אָן אויסנאַם אויף יעדן בלעטל פון איר טאָג־בוך. זי איז ממש די פרומסטע פרוי. אָבער עס איז נישטאָ אין איר, ביי איר, אויסער מיטלייד קיין שום סימן פון יידישקייט. זי האָט די דאָזיקע אָפּגעפרעמדקייט פון יידן און יידישקייט מיטגעבראַכט פון אירע עלטערן. אַפילו אירע יידישע פריינדינס קניען אויך פאַרן אויבערשטן און זיי בעטן און טאָן תפילה צו אים. איר געליבטער איז אַריינגעטאָן אין פּאַלם־לייענען; אין באַשטימען דעם כאַראַקטער פון אַ מענטש לויט די צייכנס אויף דער האַנט־פלאַך. ער אַליין שטאַמט אָפּ פון דייטשלאַנד, ווייזט אויס אויך פון אַסימילירטע יידישע ספערן. עטי איז עפּעס אינגאַנצן אַזאַ הערלעכע דערשיינונג מיט איר אומגעוויינלעכער ליבשאַפט צום מין מענטש פון וועלכער ראַסע, רעליגיע און קלאַס ער זאָל נישט שטאַמען. עטי איז אָבער פאָרט, טראָץ איר שטאַרקער אַסימילירטקייט, ווי אַ גרויסע יידישע מאַמע — פאַרליבט ביזן טויט אינעם קליינעם, שטילן, פּשוטן און ריינעם לעבן פונעם מענטש. ווי שוין געזאָגט: זי איז אינגאַנצן גלייכגילטיק צו די פערזענלעכע יסורים, צו אומגליק און צום טויט אַפילו, הגם זי איז פיזיש גאָר אַ שוואַך מענטש. אמת, זי ליידט כסדר פון מאָגנווייטיקן. זי האָט קאָפּ־ווייטיקן אויך. זי ווערט גיך מיד און אויסגעשעפּט. אָבער יעדעס מאָל דערוואַכט זי צו נייע האָפענונגען, צום טיפן גלויבן, צו מעכטיקע אַמביציעס און אויפטואונגען אַדאַנק איר ליבשאַפט צו מענטשן. (גאָט אַליין האָט נישט אַזוי שטאַרק ליב זיין אייגענע שאַפונג: דעם מין מענטש!). עטי ווערט פון אַלעמען געליבט. אויב זי קומט נאָר אין קאָנטאַקט מיט מענטשן, ווערט זי דורך זיי תיכף דערקענט. זי איז ממש אַ ריזנקינד פון דער מענטשהייט. זי וויל נישט אַנטלויפן פון וועסטערבאָרג פונוואַנען מען שיקט אָפּ די יידן קיין אוישוויץ. פריינד עצהן איר צו אַנטלויפן פון דער סכנה חלילה אומצוקומען ביי די נאַציס. זי הערט זיך אַפילו נישט צו צו זייערע עצהס. ווי דער פילאָזאָף סאָקראַטעס וויל זי אויסטרינקען ביזן דנאָ דעם בעכער

מיטן טויטלעכן גיפט. זי וויל נישט אַנטלויפן פון איר גורל, פון איר יידישן אומקום. יאָ, זייענדיק אַזוי שטאַרק אַסימילירט, איז זי דאָך די גרויסע יידין, פאַרבונדן מיט גאָר די יידישע דורות וואָס זיינען אויסגעגאַנגען על קידוש השם. צו דעם גאָט צו וועלכן זי בעט, און כאָטש זי קניט פאַר אים פונקט ווי אַ קריסטלעכע פרוי, דערשיינט זי און זי פילט אַלס יידין, אין סאָלידאַריטעט מיטן יידישן פאָלק. אָבער זי קען אַפילו, ווי שוין פריער אַקצענטירט, אויך רחמנות האָבן אויף דייטשן. יעדן טאָג צו לייענען אַ ליד אָדער צוויי פון רילקע איז פאַר איר ווי זאָגן תהלים פאַר אַ גאָטפאָרכטיקן ייד. זי מאַכט און פאַרוואַנדלט גאָט פאַר אַ ייד מיט איר גרויסער ליבשאַפט און מענטשלעכער באַציונג צו גאָר דעם לעבן וועלכן זי ליבט און הייליקט. זי וויל איבערלעבן ווי פאַאוסט אַלע ליידן און אַלעמענס יסורים וויל זי פילן אין אירע גלידער, אין קעגנזאַץ צום באַגער פון פאַאוסט דעם גערמאַנער איבערצולעבן אַלע פריידן פון דער וועלט און כסדר צו זינדיקן... צו לעבן די געפילן פון דער גאָרער מענטשהייט...

ביז אַרום הונדערט אָדער מער זייטלעך פון איר טאָג־בוך איז עטי הילעסום פאַרנומען מיט זאַכן און דערשיינונגען וואָס מאַכן אויפציטערן דאָס האַרץ פון אַ ראָמאַנטישער פרוי, אַ פרוי מיט אַ טיפן זין פאַר דער שיינקייט פון דער וועלט. זי איז אַ קאָסמיש־באַוואוסטזיניק וועזן וואָס אָטעמט נישט בלויז מיט דער ריינער לופט פון גאָטס דרויסן, נייערט מיט הימל, מיט זון, מיט די שטערן; מיט דער נאַכט, מיט די חלומות פון שלאָף, מיט בוימער, מיט פלאַנצן און מיט וועלדער; מיט ליטעראַטור, מיט קונסט, מיטן רוסישן לשון; מיט דאָסטאָיעווסקיס ווערק, מיט טאָלסטאָי, מיט שעקספּיר און מיטן תנ״ך; מיט אַלץ וואָס איז אוניווערסאַל און אומענדלעך אין פאַרנעם, אין עפישער קראַפט, אין מענטשלעכער העלדישקייט און גרויסקייט. און דאָס איז טאַקע דער סאַמע אינהאַלט פון איר טאָג־בוך, וואָס ווערט ווייזט אויס מיט איר פולן באַוואוסטזיין און פאָרגעפיל, פאַרוואַנדלט אין איר אייביקער עקזיסטענץ, בשעת זי אַליין גרייט זיך צו זעלבסט־אויפלייזונג. זי נעמט אַריין אין זיך די גאַנצע וועלט, גאָר דעם קאָסמאָס און גאָר די מענטשלעכע געפילן, זי ווערט די גאַנצע וועלט. און דאָס אַלץ נעמט זי איילנדיק זיך און מיט האַסט אַריין אין די שורות, אין דעם סאַמע מיטן האַרץ און נשמה פון איר בוך, פון איר מייסטערווערק. זי ווייסט אַז דאָס דאָזיקע טאָג־בוך וועט איר ירשענען. ווען זי ווערט גערופן קיין וועסטערבאָרג צום לעצטן מאָל, וואו זי האָט אַגב מיטגעאַרבעט אַ געוויסע צייט אַלס „טייפּיסטקע״ אין דער יידישער סעקציע (אַ מין אַמסטערדאַמער יודענראַט) גיט זי איבער דעם ריזיקן מאַנוסקריפּט צו אַ יינגער דייטשער פריינדין כדי עס אָפּצוהיטן (פאַר דער אייביקייט...) און מען קען זיין גאַנץ זיכער אַז די אייביקייט וועט עס געטריי טראָגן אין איר בוזעם פאַרבאָרגן ביז די מענטשהייט וועט ווערן באַפרייט פון דער נאַצי־דייטשער בעסטיע, פון דער גערמאַנישער קלאַפּער־שלאַנג און פון

דער סאָוויעטישער זעלבסטמערדערישער און וואַנזיניקער דראַכע וואָס קען חלילה אומברענגען די מענטשהייט...

זי דערוואַרט זיך טאַקע גראַדנווייז צו דער פאַרערגערונג פון די דייטשע באַשרענקונגען קעגן די יידן. די „געלע לאַטע" ווי אַ שטיק בריענדיק פייער אויף איר ברוסט גיט איר צו פילן דעם ברוטאַלן צושטאַנד פון דער באַציונג צו יידן מצד דער „געשטאַפּאָ". אַלע טאָג קומען אויף איבער די קעפּ פון די יידן נייע גזירות. די נאַציס טאָן גראַדנווייז איינצוימען און איינקלעמען דאָס ביסל רוימלעכקייט צום אָטעמען, צו שעפּן זויערשטאָף פאַר די לונגען פון די יידן אין האָלאַנד. אין פוילן האָבן די דייטשע ווערם געקענט האָבן אַן אויסרייד אַז די יידישע מאַסן אין די שטעטלעך זיינען אָרעם, ברודיק, פּאַרוואָרלאָזט, פּרימיטיוו און פרום, געטריי צום יידישן גאָט. אַז די יידן זעען אויס ווי געשפּענסטער, ווי מאַלפּעס, געהילט אין שמאַטעס און אין לאַכעס. אָבער אין האָלאַנד איז דאָך דאָס יידנטום געוועזן אַסימילירט. זיי גייען דאָך פּונקט אַזוי מאָדערן און אייראָפּייאיש געקליידט ווי די האָלענדער. עטי זעט צו יעדן טאָג אַלץ בולטער ווי די פּעטליע ווערט פאַרצויגן דורכן נאַצישן הענקער אויפן האַלדז און גאָרגל פון דעם אומגליקלעכן יידנטום וואָס האָט מיט זיין טיפּישער ענערגיע און פעיקייט באַרייכערט די האָלענדישע קולטור, אינדוסטרי, האַנדל, קונסט און ליטעראַטור, און אויף אַלע געביטן פונעם מענטשלעכן לעבן...

עטי האָט ליב, ווי שוין דערציילט, איר באַשיידענע וואוינונג וואו זי לייענט, שלאָפט, קאָכט, אַרבעט, רייניקט, לערנט זיך, טעלעפאָנירט צו פריינד, טרינקט מיט אַזוי פיל פאַרגעניגן איר טאַס מיט קאַווע אין דער פרי, שענקט איר ליבשאַפט ווי אַ יינגע, עראָטיש־באַהויכטע פרוי צו איר געליבטן. אַפילו איר שענקען ליבע און ליבשאַפט איז איר אינסטינקטיווע מצווה צום לעבן. זי איז איצט בלויז אַלט זיבן און צוואַנציק יאָר. זי איז אין זעניט פון איר פרוויאישן, אינטעלעקטועלן און ראָמאַנטישן לעבן. זי האָט אַ סך חברטעס. זי האָט ליב מאַנצלייט אַלס פריינד צו געזעלשאַפטלעכקייט, צו היימלעכקייט, צו שפּאַצירן אין די פּאַרקן, צו יוגנטלעכע שמועסן, צו וויכוחים און אַמפּערנישן וועגן קולטור, קונסט און ליטעראַטור. אָבער זי זאָגט זיך אָפּ פון חתונה האָבן, אַפילו נישט מיט איר איינציקן און לעצטן געליבטן, דעם אַביסל מיסטעריעזן ייד פון דייטשלאַנד, שפּייער. זי וויל זיין פריי און נישט געבונדן מיט קיינעם. זי וויל זיין אַקטיוו און שעפעריש פאַרן לאַנד און פאַר דער מענטשהייט. דער געדאַנק אַז עס וועט בקרוב און פּלוצלינג אַראָפּפאַלן ווי פון אַ פינצטערן פּלאַנעט אַ שרעקלעכער טאָג וועט זי וועט זיך מוזן יסורימדיק שיידן מיט איר קליינער היים, מיט איר אינטימער וואוינונג אין אַמסטערדאַם, מיט איר פרייער און יוגנטלעכער וועלט, מאַכט איר אומגליקלעך. די מורא אַז זי וועט פאַרלירן איר אינדיווידועלע פרייהייט, איר באַקוועמען מיניאַטור־אוניווערס,

פאַרוואַנדלט איר אין אַ צעבראָכענער נשמה, אָן שום מעגלעכער טרייסט...

עטי איז אַפּילו פעסט אַנטשלאָסן מיטצוגיין מיט איר געליבטן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. זי האָט נאָך אילוזיעס אַז אַפּילו דאָרט, אין סאַמע מיטן פונעם גהינום, וועט זי זיין מיט אים פאַרבונדן אין אינטעלעקטועלע שמועסן, אין זייער אינערלעכער פרייהייט. זי האָט אויף אים שטאַרק רחמנות ווייל ער איז אומבאַהאָלפן ווי געוויינלעך אַ מאַן, אַן איינזאַמער בחור, און שוין נישט קיין יונגערמאַן. אַפּילו אירס אַן אַנדערער און ווינציקער אינטימער געליבטער, הער האַן, גייט איר מוראדיק אָן, כאָטש ער איז נישט דווקא קיין ייד. זי ווערט פאַרצערט אין זאָרגן פון ליבשאַפט צו אירעביידע פריינד. איר אייגן לעבן גייט איר ווייניקער אָן ווי דאָס לעבן און וואוילזיין פון די דאָזיקע ביידע אינטימע פריינד. זי איז גענוג נאַאיוו צו דענקען אַז ווען זי וועט מיטגיין אין לאַגער מיט איינעם פון זיי, מיט שפּייערן, וועט זי טאַקע קענען טיילן איר אינטימען לעבן מיט אים. די ראַציִשע דייטשע אָקופּאַנטן אין האָלאַנד האָבן נאָך נישט אַנטפּלעקט דאָס שוידערלעכע וואָס זיי זיינען אימשטאַנד אָפּצוטאָן צו מענטשן, איבערהויפּט צו אונדזער פאָלק. און ווי זיי, די היפּאָקריטן, פירן אַזוי ביסלעכווייז איין, איך חזר איבער, אַלע גרויזאַמקייטן קעגן די יידן גראַדנווייז, מיט יעדן טאָג אַלץ שטאַרקער ווערגנדיק און שטיקנדיק דאָס געטאָ־לעבן פון די יידן, אין זיין סאַמע צעווייטיקן האַלדז און גאָרגל, ווי אַ מאָנסטרועזער תליון...

עטי, אַדאַנק איר ברייטער מאָס און רעזערוואואַר פון יוגנטלעכער קראַפט און לעבנס־לוסט, קען אימאַזשינעריש, מיט פאָרשטעלונג, מיטנעמען מיט זיך איר שטיבל, איר קליינע קיך, איר בעטל, איר מעבל, איר ביבליאָטעק מיט אויסגעוויילטע ביכער, איר פאָרצעלייענעם טעפּעלע פאַר דער קאַווע, איר גאַנצע חלום־וועלט. זי איז נאָך גענוג נאַאיוו צו טראַכטן אַז זי וועט לעבן פריי מיט איר גייסט, מיט איר וועלט פון געפיל און פאַנטאַזיע, ווען אַפּילו אַ געבונדענע אין קייטן, אין אַ נאַצישן לאַגער אין פוילן. מענטשן זיינען דאָך פאָרט מענטשן. זי האָט פאַקטיש נישט קיין שום באַגריף ווי טויזנט מאָל גרויזאַמער ווי ווילדע, הונגעריקע און משוגענע חיות די דייטשן קענען זיין, און זיי זיינען עס טאַקע, זינט די רוימישע צעזאַרס און צייטן. זי איז ממש, ביי איר גאַנצער ריזיקער אינטעליגענץ און וויסן, בלינד און אומוויסנדיק פון דערווירקלעכער חיהשקייט פון די נאַציס, פון די עסלעכע דייטשן, וועמענס בלוט באַדאַרף פאַרוואַנדלט ווערן צו וואַסער, ביז צו זייער גענצלעכער פאַרשווינדונג פונעם פנים פון דעם דאָזיקן פּלאַנעט... זייערע טריפהנע גופים באַדאַרפן פאַרוואַנדלט ווערן צו ליים און בלאָטע...

שוין אין וועסטערבאָרג פונוואַנען די געכאַפּטע יידן ווערן אָפּגעשיקט קיין פוילן, ווייזט דאָס נאַצישע גהינום זיין גרויזאַם און שרעקלעך פנים. אַזוי אַז אַפּילו די מעכטיקע און די מוטיקע עטי, וואָס איז פיזיש שוין

באַצייטנס אַזוי שוואַך און אויסגעשעפּט נאָך איידער זי פֿאַרזוכט דאָס סאַמע ערגסטע אין די נאַצישע צוואַנגען, ווערט פּלוצלינג צעבראָכן פֿון דעם מוראדיקן זעץ וואָס די פֿינצטערע ווירקלעכקייט טוט מיט איר אייזערנעם האַמער אַ קלאַפּ איבער איר איידעלן מוח און שאַרבן, אין איר רחמנותדיקן האַרצן פֿאַר גאָר די ליידנדיקע יידן און פֿאַר אַלע מענטשן פֿון דער וועלט, און די דייטשע קלאַפּערשלאַנג בייסט טאַקע איין ווי אַ גיפֿטיקע שלאַנג אָדער ווי אַ קראָקאָדיל איר ריינע נשמה...

וואָס מער מען לייענט אין עטיס טאָג־בוך, אַלץ שטאַרקער ווערט מען באַוועלטיקט מיט אירע ליידן און מיט איר פּחד פֿאַר די ליידן. זי איז הויך אינטעליגענט און געניוג סענסיטיוו צו יעדער נייעס און שלעכטער בשורה. אָט הערט זי אַז אין שכנות איז געוועזן אַ דירה מיט אַכט מענטשן דערינען. אַזאַ אינטעליגענטע און שטאַרק סענסיטיווע פֿרוי ווי עטי איז, שווידערט ממש אויף פֿונעם געדאַנק צו מוזן זיין מיט אַנדערע מענטשן צוזאַמען אין איין שטוב. וואָס אַ טאָג לענגער ווערט ערגער און קריטישער דאָס לעבן פֿאַר די יידן אין אַמסטערדאַם. אַלץ פֿאַרציט זיך ענגער פֿאַר די יידן ווי אַ פּעטליע אַרום דעם האַלדז: דו קענסט זיך באַוועגן אין אָוונט בלויז ביז אַכט אַזייגער. דו טאָרסט נישט זומערצייט, בשעת די היצן, פֿאַרברענגען אין דאָרף אויף דאַטשע. דו קענסט נישט מער איינקויפֿן קיין גרינצייג. פֿון די יידן ווערט ממש צוגענומען אַלץ וואָס עס איז נויטיק זיך צו דערנערן. פֿון לוקסוס איז שוין אָפּגערעדט. די ליבע צו איר פֿריינט שפּייער ווערט שטאַרקער דורכן פּחד אים חלילה צו פֿאַרלירן צוליב די נאַצישע פֿאַרפֿאָלגונגען, און ער איז דאָך אַ שוואַכער מענטש. וואָס גרעסער עס איז די סכנה אים נישט צו קענען זען ווי געוויינלעך, און נישט צו קענען זיין אין זיין אָנוועזנקייט, אַלץ ווייטיקלעכער ווערט די ליבשאַפֿט צווישן זיי. בלויז הויך, אין דער הויכקייט פֿון גאָטס הימלען, דערהויבט זיך איין פֿרייע שטיק טעריטאָריע וואו עטי האָט אַ מעגלעכקייט צו אָטעמען מיט די לונגען פֿון איר נשמה: דער שמאָלער פּאַס מיטן הימל־בלוי איבער די דעכער אַרום דעם הויז אירן. איבערן דאָזיקן פּאַס הימל האָבן די דייטשן נישט קיין שליטה. אָבער אויך דאָס דאָזיקע פּענעץ הימל וועט זיך דאָך באַלד פֿאַרמאַכן. זי וועט דערמיט פֿאַרלירן גאָט און די האָפֿענונג. מיר דערמאָנען זיך אונדזער לייענען דורך די נעכט אַנאַ פֿראַנקס טאָג־בוך. אויך אַנאַ פֿראַנק קוקט אַרויס ביינאַכט דורכן פֿענצטערל פֿון איר דאַך־שטיבל און זי אָטעמט אַריין אין זיך די ריינע לופֿט פֿון גאָטס פֿרייען הימל. זי שפּרייט אויס אירע ברייטע קינדערישע פֿליגל צום אומענדלעכן קאָסמאָס. אַנאַ פֿראַנק מעג און קען בלויז קוקן, באַטראַכטן און אָבסערווירן אינמיטן נאַכט אַ באַגרענעצטן שטח, ווי ווייט איר אויג דערגרייכט, איבער די דעכער פֿון אַמסטערדאַם. ווייטער אַביסל קען דאָך איר בליק נישט גרייכן. אָבער אויך דאָס שטיקל רוימלעכקייט גיט איר קאָסמיש גליק, שענקט איר וויזיע, דערלויבט איר צו האָפֿן אויף פֿרייהייט און באַפֿרייאונג. יאָ, אויך עטי איז נישט די איינציקע געפֿאַנגענע שוואַלב אין אַמסטערדאַם. אין אַלע צייטן,

אונטער די רעזשימען פון פֿאַרשידענע דיקטאַטאָרס, האָבן די געשמידטע אין קייטן, די אַרעסטירטע אין די געפֿענגענישן, די איינזאַמע אין די באַסטיליעס, די פֿאַרשמאַכטע הינטער דיקע מויערן, געהאַט בלויז איין און איינציק פֿענצטערל צום הימל, צו די שטערן ביינאַכט, צו דער סטראַטאָספֿערע, צום קאָסמאָס מיט זיינע אינדזלען־אוניווערסן, דאָרטן וואו די הענקער און אינקוויזיטאָרן וואָס האָבן געפּייניקט און געברענט די דזשיאָרדאַנאָ בּרונאָס, די גאַליליייס, די דאַקאָסטאַס און דעם מהר״ם פֿון ראָטענבורג, געהאַט בלויז איין אויסבליק צו דער פֿרייהייט — אין דער הויך, צו די שטערן, דאָרטן וואו גאָט שלאָפֿט און ער איז טויב צו די קרעכצן פֿון אונטערדריקטע דורות...

אין די מעכטיקע מאָלערישע ווערק, געשאַפֿענע מיט די פּייערן פֿון זיין אַנגסטיקן האַרץ און בלוט, האָט וואַן גאָג אַן אומשטערבלעכע שאַפֿונג ווי אַזוי די געפֿאַנגענע אין אַ קאַזע גייען אויף זייער טעגלעכן שפּאַציר אין דעם ענגן שטח פֿון אַ תּפֿיסה־הויף, אונטער פּאָליצייאישער אָדער וועכטערישער אויפֿזיכט. די מויערן אַרום די אַרעסטאַנטן זיינען מוראדיק־דיקע און מאַסיווע וואָס דערשטיקן געוויינלעך יעדעס פּיצל געפֿיל און האָפֿענונג אויף מעגלעכער פֿרייהייט. פֿון די דאָזיקע מעכטיקע און סאַזשע־שוואַרצע מויערן גייט נישט קיין שום האָפֿענונג אַרויסצוגיין אַמאָל צו דער פֿרייהייט, ווי שוין ערשט געזאָגט. אָבער די אַרעסטאַנטן האָבן דאָך די מעגלעכקייט אויפֿצוהויבן זייערע אויגן אין דער הויך. און אויבן שפּילט אויס דער הימל זיין אייביקע באַוועגונג מיט די וואָלקנס, מיט די ווינטן, מיט די לופֿט־כוואַליעס, וואָס אויך זיי, ווי די געפֿאַנגענע מענטשן, נויטיקן זיך אין צעשטרייאונג, אין לופֿט און אין פֿרישע שפּאַצירן. וואַן גאָג אַליין געפֿינט זיך אויך אין דער דאָזיקער פּראָצעסיע פֿון די טרויעריקע געפֿאַנגענע מאַרטירער פֿון לעבן...

אויך אָסקאַר ווײַלד, אין זיין „באַלאַדע פֿון רעדינג־תּפֿיסה״, וואָס ער האָט אָנגעשריבן נאָכדעם ווי ער איז באַפֿרייט געוואָרן פֿון געפֿענגעניש וואו ער איז געזעסן עטלעכע יאָר צייט און האָט דערקענט די טיפֿסטע מענטשלעכע לייד און ביטערע חרפּה, רעדט וועגן דער דאָזיקער הימלישער הויכקייט צו וועלכער די געפֿאַנגענע אין דער מויער קוקן דורך זייערע אייזערנע קראַטן מיט זיפֿצן אין זייערע הערצער און מיט האָפֿענונג און קישן צו דער פֿרייהייט פֿונעם הימל...

„דורך ליידן, שרייבט עטי, בין איך געקומען צום געדאַנק אַז מיר מוזן זיך טיילן מיט אונדזער ליבשאַפֿט צו גאָר דער באַשאַפֿונג...״

איך בין שוין געשטאָרבן טויזנט טויטן אין אַ טויזנט קאָנצענטראַציע־לאַגערן, שרייבט אומגעפֿער עטי. עטי ווייסט שוין פֿון אַלע גרויזאַמקייטן. אירע עלטערן, ווי שוין דערציילט, זיינען שוין זינט לאַנג פֿאַרשיקט געוואָרן קיין פּוילן. דאָס גאַנצע האָלענדישע יידנטום איז פֿאַרמשפּט פֿאַרשיקט צו ווערן קיין אוישוויץ צום אומקום, נאַטירלעך. זי ווייסט שוין פֿון גאַנצע זיבן הונדערט טויזנט אומגעקומענע יידן פֿון גאַנץ

אייראָפּע. איר פריינדין זאָגט איר אַז מען מוז שוין זיין גרייט צו לעבן אָן קאַווע און אָן פּאַפּיראָסן. עטי רעזאָנירט: אָבער אָן דער נאַטור קען מען באַשטימט נישט לעבן. פֿאַר איר איז דאָך דאָס אויפגיין פון אַ רויז אין דעם זוניקן פרימאָרגן אַ געשעעניש. עטי טראַכט אַז אויב עס וועט אַפילו אויסקומען צו לעבן מיט אַנדערע מענטשן צוזאַמען, מוז מען כאָטש זיין פיזיש ריין און האָבן אַ ריינעם גוף מיט אַ ריינער נשמה. זי באַשולדיקט נישט גאָט אין איר אומגליק. פאַרקערט, נישט גאָט איז שולדיק אין אונדזער מיזערע, נייערט מיר אַליין זיינען שולדיק צו גאָט. מיטן ציטירן אירע ווערטער וויל איך שטרעבן צו זאָגן אַז אזאַ ווען ווי עטי איז דאָך גאָרנישט קיין מענטשלעך וועזן: איר גוטסקייט, איר רחמנות און ליבשאַפט צו די יידנדיקע איז הימליש. איז זיכער איבערמענטשלעך. זי איז עפּעס אַזאַ אומבאַקאַנטער ריזנמלאך. איר בוך, איר ספר, איז צו־גרויס כדי מען זאָל מעגן שרייבן דערוועגן מיט געוויינלעכע ווערטער. אָבער דווקא דאָס אַלטע און ליידנדיקע יידיש איז פּאַסיק צו שרייבן וועגן יידישע ליידן און אַפילו וועגן דער הייליקער עטיס ליידן, טראָץ איר אָפּגעפרעמדקייט פון יידישקייט, וואָס דאָס לעצטע איז ווייט נישט איר אייגענע שולד... דאָס יידישע לשון וואָס פיל יידן פאַרשעמען און פאַרפייניקן עס אויך מיט זייער בייזוויליקייט, האָט ליידער דעם זעלביקן גורל ווי דאָס יידישע פאָלק ביי די נאַציסן, קריסטלעכע און סלאַווישע פעלקער און עקלהאַפטע רעזשימען...

איך האָב אין מיין לעבן, זייענדיק יאָרנלאַנג אין היילונג־אנשטאַלטן און וואוינענדיק דורך מיין גאַנץ לעבן אין קליינע דאַך־שטיבלעך מיט גרויסע און הויכע הימלען איבער מיין פענצטערל און מיין בעט, געלייענט ממש טויזנטער ביכער, אפשר גאַנצע ביבליאָטעקן. איך באַרים זיך נישט דערמיט. איך שווער דאָס צו גאָט און צו מענטש. אָבער איך זאָג דאָס צוליב עפּעס אַנדערש: לייענענדיק עטיס בוך, קען איך שווערן אַז איך האָב נאָך אַזאַ גרויס, הערלעך און ערלעך בוך ניט געלייענט. זי זאָגט אַז זי לעבט איבער טויזנט לעבנס אין איין און אייציקן טאָג. און איך זאָג אַז איך לייען בלויז אין איין און איינציקן זייטל פון איר פּראַכטפולער און הייליקער פּראָזע טויזנט ביכער און טויזנט איינזאַמע לעבנס טריפן אָפּ זייערע בלוטיקע טרערן אויף מיין פעדער. אין איין און איינציקן טאָג טוישן זיך אירע געפילן פון פינצטערניש און פאַרצווייפלונג צו עקסטאַז און צו אויסברוכן פון פרייד און דערהויבנקייט. מען קען איר סאָרט פון נשמהדיקן שרייבן פאַרגלייכן צו מאָצאַרטס זיס־מעלאָדישער מוזיק און צו בעעטאָוונס קאָסמיש־שטורמישע סימפאָניעס. עס איז זי, עטי, און נישט דאַנטע. אפשר ירמיהו הנביא שוין דווקא יאָ וואָס האָט געזען אַזוי פיל טרויער און אומגליק פון זיין פאָלק אונטער דער הערשאַפט פון בבל און אַ צעבראָכענער צוליב נבוכדנאצרס אכזריות. זי אומהאַלדזט אַפילו דעם מלאך המות. זי מאכט שלום אין דערוואַרטונג אַפילו מיטן גהינום פון אוישוויץ. זי שרעקט זיך טאַקע שטאַרק פאַרן גרויזאַמען עונש וואָס גייט

אויף איר נפש. דאָס אָרעמע שעפּעלע גייט ממש אויס אין פּחד פאַר דער קלאַפּערשלאַנג. אָבער באַלד איז זי גרייט זיך ממש צו באָדן אין אַ ים פון טרערן. עטי איז די שענסטע און רירנדיקסטע געשטאַלט פון אַ יידישער פרוי אין לעבן, אין שרייבן, אין פילן, אין מיטלייד צו אַנדערע ליידנדיקע מענטשן, אין דערזען די גרויסקייט פון מענטש, פון פרוי, מאַן, קינד, נאַטור, ליבע און לאַנדשאַפט. זי איז דאָס העכסטע מייסטערווערק פון לעבן. זי איז גרויס און געדאַנקענרייך אין שרייבן. אָבער נאָך גרעסער אין לעבן. איר לעבן איז עפּעס אַזאַ אומגעהויער, אַזאַ גראַנדיעזע דערשיינונג...

איך קום נאָענטער צום לייענען די לעצטע בלעטלעך פונעם טאָג־בוך. זי איז פול מיט פּחד פאַרן טויט ווייל מיט איר לעבן, זי ווייסט עס גענוי, גייט אומקומען ממש אַ וואַלד מיט לעבנס. און דאָך ווייס איך נישט פון קיין אַנדערן באַגעגנטן אָדער געלייענטן לעבן וואָס זאָל פאַרמאָגן אַזוי פיל מוט. שוין זייער גיך לויפן איצט אירע מחשבות. זי פּרוּווט מיט אַלערליי געדאַנקען זיך גרינגלעכער מאַכן דאָס פאַטאַלע און באַשיימפּערלעכע אַנטקעגנגיין דעם טויט. זי שרעקט זיך מוראדיק פאַרן טויט. (עס איז אמת און איך חזר דאָס אַ סך מאָל איבער). מחמת זי איז דאָך אַזאַ יינגע פרוי און נאָך דערצו פול מיט אַזוי פיל לעבנס־לוסט. אַ לאַנג לעבן שטייט דאָך אָפן און גרויס פאַר אירע ברייט־פונאַנדערגעפּראַלטע אויגן ווי ריזיקע טויערן, אָפענע צום אוניווערס. אָבער איצט שוין נישט אַזוי אָפן און פריי ווי בשעת די פריערדיקע צייטן. יעדער טריט אירער פירט איר אַלץ נאָענטער צום אומפאַרמיידלעכן. דערצו טראָגט זי, ווי שוין דערמאָנט, אַזאַ גרויס געפיל פון רחמנות צו די אומגליקלעכע יידן. אין וועסטערבאָרג האָט זי דאָך איבערגעלעבט אַ גהינום. זי באָדט זיך טאַקע אין בלוט און אין טרערן פון אַ פאָלק. יאָ, דאָס צאַרטע שוועלבעלע עטי ווערט געהאַלטן אין אַ שטיינערנער נאַצי־דייטשער לאַפּע. וואָס אַמאָל פאַרשליסט זיך די אייזערנע לאַפּע אַלס ענגער ווי אַ שלאָס אַרום איר יינגען האַלדז און גאָרגל. און דערביי כסדר דאָס מיטליידן און דאָס מיטפילן וואָס זי פילט צו איר געליבטן שפּייער. די דייטשן מאַכן מיט יעדן טאָג שווערער דאָס לעבן פון די יידן. זיי זיינען אַכזריותדיק־געניאַלע פּסיכאָלאָגן אין דער טייוולישער מלאכה פון פייניקן די יידן. און קיין שום גואל איז נישטאָ. אַמסטערדאַם איז אַ שיינע, זוניקע שטאָט. די הייזער זיינען פּרעכטיקע. עס איז דאָ אין לאַנד געגוג שפּייז און מעגלעכקייטן צום לעבן. עטי איז דאָך דאָ געבוירן געוואָרן. אָבער מיט יעדן בלעטל וואָס דו לייענסט, קומסטו אַלץ נאָענטער צו עטיס אומקום. דאָס איז אַ מוראדיק בוך. און דאָך קריינקט מיך, עס פאַרדריסט מיך פאַרוואָס מען האָט דעם הייליקן מאַנוסקריפּט פון עטין געקירצט ביים אַרויסגעבן אים אין בוך־פאָרם. זאָל דאָס דאָזיקע בוך ווידער דערשיינען גאַנצערהייט, מיט דער גאַנצער מעכטיקער מגילה ווי עטי האָט עס ביזן לעצטן טאָג פון איר פרייהייט ביי זיך אין דעם קליינעם און שיינעם חדרל וואָס איז פול מיט בלומען,

געשריבן. דאָס דאָזיקע בוך, איך וואָלט דאָס געזאָגט אַפילו צו גאָט אַליין, איז געגנוי אַזוי הייליק ווי זיין תורה פאַר ווענעמס מאָראַל און געזעצן ער האָט נישט אַריינגעטאָן זיינע הענט אין קאַלטן וואַסער כדי זיי צו פאַרטיידיקן. שוין אָפּגערעדט פון שלאָגן זיך פאַר זיין תורה. רויבערישע פעלקער וואָס האָבן פאַרגאָסן טייכן מיט בלוט, ווי די דייטשן, לעבן נאָך אַלץ און פרעסן, זויפן, הורן, מערן זיך און טרינקען אויס פעסער און טייכן מיט ביר...

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז קומט דער מאָמענט ווען עס דעקט זיך אָפּ פאַר עטיס אויגן און באַוואוסטזיין די גאַנצע פירכטערלעכע ווירקלעכקייט אין האָלאַנד. די וואונדערלעכע שטאָט אַמסטערדאַם וואו עס האָט געלעבט און געמאָלן דער קייסער פון די מאָלערס, רעמבראַנדט, וואָס האָט די איינזאַמע און די אָרעמע מענטשן דערהויבן צו קייסאָרים, האָט זיי אָנגעטאָן אין זיינע קעניגלעכע מלבושים, האָט אַרויפגעשטעלט קרוינען פון בריענדיקן גאָלד אויף זייערע קעפּ און האָט זיי געבונדן אין גאָלדענע קייטן — און וואו עטי האָט ליב צו שפּאַצירן בשעת יעדן מין וועטער פון טאָג און נאַכט איבער אירע גאַסן, פּאַרקן, אַרום די גרויע קאַנאַלן און פרייע פלעצער פון אירע ערשטע יוגנט־יאָרן אָן, הויבט זיך אָן צו פאַרמאַכן ווי אַן אייזערנע קלאַטקע פאַר די יידן. ווי אַ קלאַטקע פאַר ראַצן. אין די רעסטאָראַציעס, קאַבאַרעטן און קאַפעען טאָר קיין שום ייד נישט אַריינטרעטן; נישט עסן, טרינקען, טאַנצן און פאַרברענגען. מען טאָר נישט גיין, שפּאַצירן און אַריינעמען אין זיך דאָס ליכט פון דער זון ווי ווין. מען טאָר נישט וואוינען און אָטעמען אין באַשטימטע טיילן פון דער שטאָט. מען טאָר נישט שעפּן ריינע לופט און זיך באָדן אין די טייכן און אין געוויסע געגנטן. די ערד אונטער די אייגענע פיס איז פאַרבאָטן צו באַטרעטן און זי בריט מיטן נאַצישן פייער און גיפטיקע פּאָקשיווע. אין קיין שטאָטישע טראַמווייען טאָר מען נישט פאָרן. מען מוז גיין צופוס ווייטע שטרעקעס און עטי קריגט בלאָטערן אויף אירע צאַרטע מיידלשע פיס. די איינציקע טרייסט, ווי שוין פריער געזאָגט, איז בלויז דער הימל אויבן וועלכן מען מעג נאָך אָנקוקן פון אַ פענצטערל אויס ביינאַכט. איך האָב שוין געשריבן וועגן אָסקאַר ווײַלדס טראַגישע „באַלאַדע פון רעדינג־טורמע” אין וועלכער ער דערציילט וועגן דעם פענעץ בלויען הימל וואָס אַן אַרעסטאַנט איז דערלויבט אָנצוקוקן אין זיין טיפער געפאַנגענשאַפט און צו טרינקען ווי שאַמפּאַניער זיין לופטיקע און הייליקע בלויקייט. אָבער צו וואָס טויג אַ פוסטער הימל ווען גאָט האָט זיך באַהאַלטן אין בערלין ביי די נאַציס, ערגעץ טיף אין די שיינע טיראָלער בערג וואו היטלער וואוינט מיט זיינע עקלהאַפטע סקאָרפּיאָנען אין די ווילאַס און אונטערערדישע פּאַלאַצן אין די צייטן ווען די בריטישע און אַמעריקאַנישע באָמבעס פליען כדי צו מאַכן ציטערן די ראַציטשע הערצער פון די ווערמדיקע דייטשן. זיי ציטערן פאַר זייער ברודיקן אומקום וואָס קומט זיי דאָך לויט יעדער מין לאָגיק פאַר זייערע רציחות. פאַר די יידן איז

דער הימל טויט. די אַלטע און היסטאָרישע טרייסט פון הימל, פון גאָט, פון משיח, פון גלויבן מיט וועלכן די יידן האָבן געלעבט, געגלויבט, געהאָפט און תפילה געטאָן טויזנטער יאָרן לאַנג, איז שוין פון לאַנג אָן געשטאָרבן. גאָט איז נישט געווען גרייט צו שענקען זיין חסד און איינזעעניש צו די יינגלעך און מיידלעך אין דער ריזיקער צאָל פון אַנדערטהאַלבן מיליאָן וואָס זיינען געצוואונגען געוואָרן צו שטאַרבן אין כבוד פון דעם עסטרייכישן צעזאַר שיקלגרובער. דער פּלאַנעט שטעלט איצט פאָר אַ נעסט פון דייטשע גאַז־קאַמערן. דער הימל זאָגט איצט נישט צו קיין שום האָפענונג אויף העכערע כוחות וואָס זאָלן זיך אָננעמען מיט נקמה קעגן די דייטשן, ליטווינער, פּאָלאַקן, אוקראַינער און אַנדערע סלאַווישע מערדער וואָס האָבן געשאָכטן יידן. די יינגע עטי וואָס איז שוין איצט מוראדיק פאַרמוטשעט פון דעם בלויזן הערן פון נאָענטע מענטשן און פון דעם ראַדיאָ־הילכער וועגן די כסדרדיקע געשטאַפּאָ־גזירות אויף יידן, האָט שוין איצט פאַרלוירן סיי די ערד און סיי דעם הימל. זי פּרוווט אַדאַנק איר אויסערגעוויינלעכער גייסטיקער קראַפט און גראַנדיעזער נשמה נאָך צו שפּעקולירן מיט אָפּטימיסטישע מחשבות און מיט יעדער פּיצל טרייסט און לאָגיק, און אַפילו דעם טויט זעלבסט בטל צו מאַכן און מבטל צו זיין. אָבער די ברוטאַליטעט פון די גרויליקע ידיעות וואָס ברייטערן זיך יעדן טאָג אויס וועגן די נאַצישע באַגרענעצונגען קעגן די יידן: דאָס כסדרדיקע ווערן געכאַפּט אין די גאַסן און זייער אָפּגעשיקט ווערן קיין וועסטערבאָרג און פון דאָרט קיין אוישוויץ צום פאַרגאַזט ווערן — דאָס אַלץ קען שוין איצט אַפילו אַן עטי, אַזאַ מין גייסטיקע און אינטעלעקטועלע גיבורטע פון אַ יידישער פרוי, נישט אויסהאַלטן. דאָס טאָג־בוך וואַקסט מיט אַלערליי באַשלוסן פון זיך האַלטן מוטיק, פון זען אַפילו דאָס לעבן, די גרויסקייט און באַדייטונג אין דעם סאַמע טויט אַליין. צוזאַמען מיט די דאָזיקע הויכע געדאַנקען און דערהויבונגען, גייט אויף דער פינצטערער און גרויזאַמער גרויל...

יעדער איינער ייד וויל זיין צוזאַמען מיט די זייניקע. מען וויל זיין צוזאַמען מיט די זעלביקע חברים און פריינד, צוגעוואוינטע מענטשן דורך די יאָרן און מיט די גייסטיק־נאָענטע. מען וויל זיך ביזן לעצטן מאָמענט נישט צעשיידן מיט די טייערסטע מיט וועמען מען טיילט די קליינע פריידן פון לעבן, די שטראַלן פון דער זון, דעם בלאַסן אויפגאַנג פון דער לבנה אינמיטן נאַכט וואָס מאַכט דעם אָנשטעל ווי זי וואָלט זיין די זון אַליין. עטי האָפט נאָך אַזוי נאַאיווערהייט צו זיין צוזאַמען מיט אירע פריינד אַפילו אין אוישוויץ, אַפילו ביים גיין צוזאַמען אין גאַז־קאַמער, אַפילו בשעתן אויסגיין און אומקומען צוזאַמען מיטן יידישן טויט וואָס נישט בלויז היטלער, הימלער און גערינג, נייערט דער גרויסער יידישער רבונו של עולם האָט באַשטימט פאַר זיין געליבטן און אויסדערוויילטן פאָלק. די נאַציס זאָגן אָן אויף אַזאַ העסלעך־ציינישן און אָפּנאַרערישן שטייגער ממש אַלע טרייסטונגען און האָפענונגען פאַר די יידן. נעמט מיט, יידן, צוויי פאָר

וואָלענע זאָקן. (עס איז דאָך דאָרטן אייזיק און נאָרדפּאָליש קאַלט אויפֿן פעלד פון שטאַרבן). נעמטץ אויך מיט גוטע אַרבעטס־שיך. פאַרגעסט נישט מיטצונעמען אַ לעפל, אום גאָטס ווילן. מעג זיין אַ הילצערנעם אָדער אַ זילבערנעם לעפל. אַבי מען זאָל רואיק קענען אַנשעפּן אַ היימיש־פעטן און קרעפטיקנדיקן לעפל מיט געדיכטער גרויפּנגריץ כדי צו האָבן כוח צו פראַצעווען פאַרן הער היטלער ערגעץ אין די פינצטערע קאָפּאַלניעס. אָבער נעמט חלילה נישט מיט, געדענקט עס גוט, קיין שום גאָלד, קיין זילבער, קיין פלאַטיניום. נעמט מיט בלויז אַזוי פיל גאָלד, זאָגט זיך דייטלעך אינעם נאָבעלן נאַצישן באַפעל, וויפיל עס איז נויטיק פאַר אַ חתונה־רינג. איר וועט דאָך דאָרטן אינעם קעניגרייך פון מלאך המות מכלומרשט פראַווען חתונות און שטעלן חופּות אויך. אייערע פרויען וועלן דאָך שוין שוואַנגער ווערן מיט אייערע אַלטע יידן ביי גאָט אין גן־עדן פונוואַנען אייערע מלאכים וועלן זיי פאַרטרייבן ווי נאָר זיי וועלן אויסוואַקסן, רייף ווערן צו פאַרזוכן פונעם עץ הדעת ווי אדם און חוה... אָט אַזעלכע ווערמדיקע סאַדיסטן און ציניקער זיינען עס די קולטורעלע דייטשן, די טייטאָנישע אָפּשטאַמלינגען פון געטע, קאַנט, שיללער, בעעטאָוון, שאָפּנהויער און העלדערלין. זיי מאַכן חוזק, די ברודיקע דייטשע הענקער, פון אונדזערע שעפערישע יידן. אָבער די אָרעמע עטי איז גרייט אויף אַלץ. ביז איר סאַמע לעצטער מינוט פון לעבן איז איר איינציקע זאָרג רק צו העלפן אַנדערע און צו זיין צוזאַמען מיט איר געליבטן שפּייער. עס איז פשוט אונמעגלעך צו לייענען דאָס גרויסע נאָבעלע בוך אירס. אַזאַ טיפן הומאַניזם איז זעלטן־ווען אָנצוזען. אַפילו דער פוסטער און לעכערלעכער פאַרגלייך פון עטין צו אַ מלאך איז נישטיק. זי איז אַ גרויסע מענטשלעכע העלדין. די גאַנצע ערד מעג זיין שטאָלץ אַז אַזאַ גרויסע און ווירדיקע פרוי האָט מיט אירע הייליקע און פאַרוואונדעטע פיס דאָ געטראָטן אויף גאָטס זינדיקער ערד. אַ יידישע טאָכטער פאַרגינט זיך רעכט נישט רחמנות צו האָבן, ווי שוין דערציילט, אויף אירע אַלטע טאַטע־מאַמע וועלכע מען שלעפּט פון וועסטערבאָרג קיין אוישוויץ. אָבער זי פאַרגינט זיך שוין דווקא יאָ צו באַדויערן די יינגע נאַצישע סאָלדאַטן די ערד זאָל אַרויסשליידערן זייערע ביינער אויף די שטאָטישע מיסטקאַסטנס. און די גאַנצע דייטשע לאַנד־טעריטאָריע זאָל אויסגעגראָבן ווערן פון איר גרונט דורך אַן ערד־ציטערניש און דער ראָמאַנטישער רהיין וועלכן היינריך היינע האָט אַזוי רייך באַזונגען, זאָל פאַרגיסן די דייטשע שטעט...

דאָס סאַמע טראַגישסטע איז דאָס צוגרייטן זיך פון עטין צו דער אָפּרייזע. ווי שוין געזאָגט: דאָס אָרעמע קינד שפּעקולירט אויף אַלערליי אופנים ווי אַזוי פאַר זיך גרינגער צו מאַכן דאָס אויפהאַלטן זיך אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. זי וויל וואָס גיכער ענדיקן צו לייענען „דאָס שטונדנבוך" פון ריינער מאַריאַ רילקע. זי וויל אויך ענדיקן צו לייענען „דער אידיאָט" פון דאָסטאָיעווסקי. זי טראַכט שוין באַצייטנס ווי אַזוי זיך

נוצלעך צו מאַכן צו די זעכצניאָריקע מיידלעך וואָס ווערן פאַרשיקט דורך די הינטישע דייטשן און זיי וועלן זיך נויטיקן אין איר, דער עלטערער און מוטיקער שוועסטערס הילף. זי וויל דינען צו גאָט דורכן העלפן אַנדערע, די מער אומגליקלעכע און טרייסטלאָזע ווי זי אַליין איז. אָבער זי מוז סוף כל סוף אַנערקענען אַז דאָס אַלץ זיינען בלויז אילוזיעס. אַז עס קען נישט געשען אַפילו קיין איינע פון די דאָזיקע גוטע זאַכן. עס וואָלט פשוט געווען צו־גוט און צו־שיין. זי ווייסט אַז מיטן מאָמענט ווען זי טרעט אַריין אינעם קעניגרייך פון דעם היטלער־אַשמדאַי, וועט דאָס לעבן אירס און פון אַלע יידן זיין שוואַרץ און גרוילהאַפט. און דאָך, נישט קוקנדיק אויף אַלע מאָרבידע דערוואַרטונגען, דערוואַרט זי פאָרט נישט דאָס סאַמע ערגסטע. אָבער זי גרייט זיך שוין דווקא יאָ צום אומפאַרמיידלעכן אומקום...

עטיס געליבטער שטאַרבט און די „וואָרט־סימפאָניע" פון ליבע און שבחים צו אים געהערט צו די טראַגישסטע קאַפּיטלעך אין דער וועלט־ליטעראַטור. יאָ, איר טאָג־בוך וועט אַריינגיין אין דער וועלט־ליטעראַטור. איר ליבשאַפט צו דעם דאָזיקן, צו אונדז אייגנטלעך מיסטעריעזן מאַן איז איינע פון די שענסטע און רירנדיקסטע ליבעס אין דער וועלט. ער איז אָבער אויף אַזוי פיל נישט אונדזערס קיין יידישער מענטש אַז ער פילט שוין בשעת זיינע לעצטע טעג פון געראַנגל מיטן מלאך המות אַז דער קריסטלעכער „פרינץ" פון הימל אַליין קומט צו אים כדי אים צו הייליקן. אויף אַזוי פיל איז ער געווען ווייט און אָפּגעשיידט פון אמתער יידישקייט. אָבער עס איז אונמעגלעך צו באַשרייבן אירע ליבע־איבערלעבענישן, איר טרויער־רעאַקציע צו זיין טויט. אירע עמאָציעס זיינען נישט קיין קלאָרע. שפּראַך איז צו־אָרעם פאַר אירע רייכע געפילן. עפּעס אַזאַ געוואַלדיקע זון פון ליבשאַפט צו אַ מאַן שטראַלט אויף אין אַ צעבראָכענער און וועלט־איינזאַמער נשמה. עטי שטייגט פאַקטיש איבער אין איר כוח פון גייסטיקער קאָנצענטראַציע, אין איר דערהויבונג צו גאָט, אין איר רעליגיעזער עקזאַלטאַציע, אין איר פאַרשטיין די ליידנדיקע מענטשן, אין אירע קאָסמישע און וועלט און מענטש־אומפאַסנדיקע געפילן, שטייגט זי איבער מיט אַ סך קעפּ העכער פון אַלע מינים הייליקע און הערלעכע מענטשן וואָס דער דאָזיקער פלאַנעט האָט ווען עס איז געטראָגן אויף זיינע פּלייצעס. זי דערגרייט צו דער געטלעכקייט אויפן סאַמע נאָענטסטן שטייגער פון דערהויבנקייט. אַ סך נאָענטער ווי די מערסטע צדיקים. עטי איז געהייליקט אין אירע געפילן פון גוטסקייט און עקזאַלטירטער מוטערלעכקייט לעולם ועד...

צום סוף פון אונדזערע פאַרצייכענונגען ווילן מיר זאָגן: דו האָסט עפּעס אַ חשק צו קאָפּירן וואָס מער ווערטער און פסוקים פון דער דאָזיקער גרויסער וואָרט־מייסטערשע. אָבער עס איז אונמעגלעך דאָס צו טאָן. דאָס טאָג־בוך איז צו־גרויס מיט מענטשלעכקייט און גייסט און צו צאָלרייך מיט געוואַלדיקע רייד ענלעכע ווי ביי די נביאים. עס זיינען אין איר גאַנצן בוך צעוואָרפן אויסדרוקן, שורות, סענטענצן ווי ריזיקע שטיקער גאָלד אין אַ

פינצטערן וואַלד וואָס פינקלען, בלענדן און בלישטשען דיר אַנטקעגן ווי זונען בשעת דו גייסט אין דער נאַכט און דו טרעטסט אויף שטיקער פייער און גאָלד. פּשוט, עס איז אונמעגלעך פאַר אַ שטערבלעכן מענטש אַלץ צו ציטירן און וועגן אַלץ מיט לויב צו דערמאָנען. און מען טאָר אויך נישט אַלץ ציטירן. זאָל עס בלייבן שטיין אין עטי הילעסומס טאָג־בוך ווי אַן אוצר וואָס איז פאַרבאָרגן אין אַ טיפן און אוראַלטן דזשאָנגל וועמענס פּאָקשיווע עס לעקן די לייבן מיט זייערע לאַנגע צינגער. עס איז עטיס אייגן גאָלד און איר אייגן בלוט און פייער. ריר עס נישט אָן מיט דיינע פּסולע און אומריינע פינגער. זי איז אַ ספר תורה אַפילו אָן שום יידישער דערציונג, וואָס דאָס איז דאָך נישט איר אייגענע שולד. ניין, שענד נישט אַ הייליקע ספר תורה וואָס שמעקט און בריט מיט גאָטס לייב און לעבן. דו האָסט שוין גענוג געזינדיקט מיט דיין שרייבעריי וועגן איר אין דיין ווילדער אַנטציקונג און דאָ און דאָרט זי שלעכט אויסגעטייטשט פון אַן איבערזעצונג, אויפדאָסניי איבערזעצנדיק אויף אַן אָרעמען אופן איר צאַרטע שפּראַך אַזוי ווי מאָלערייען מיט וואַסער־קאָלירן געמאָלן, און כסדר דערציילנדיק און לויבנדיק אירע שטאַרקע געפילן, איר הויכע פאַנטאַזיע, איר ענטוזיאַזם פאַרן לעבן און איר ליטעראַרישער גרויסקייט און מייסטערשאַפט. זי איז אַ זון־אויפגאַנג וואָס איז יינגערהייט אונטערגעגאַנגען. ניין, אויפגעגאַנגען אין אַ הערלעך מייסטערווערק כדי צו לעבן אייביק מיט דער מענטשהייט...

## תלושס איינזאַמע יידישע שרייבערס

די מערסטע דערינערונגען און פאַרצייכענונגען וועגן יידישע שריפטשטעלער אין זיין בוך „יידישע שרייבער" האָט תלוש געהאַט פאַרעפנטלעכט אין משך פון די לעצטע יאָרן אין יצחק ליבמאַנס „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט". איך האָב די אַלע אַרבעטן, בשעת זייער דערשיינען אינעם זשורנאַל, געלייענט. און שפּעטער, ווען איך האָב דערהאַלטן זיין נייעם בוך, נאָכדעם ווי דער מחבר האָט גאַנצע צוואַנציק יאָר צייט קיין בוך נישט פאַרעפנטלעכט, האָב איך עס ווידער געלייענט. געלייענט, ווייל תלוש פאַרמאָגט אַ ראַיעלע, ערלעכע פעדער; ווייל ער זאָגט דעם ריינעם און פּשוטן אמת; ווייל ער פאַרמאָגט אויך שטילקייט פון געמיט; ווייל מען וויל תמיד פאַרברענגען אין תלושס געזעלשאַפט, אין דער געזעלשאַפט פון דעם מענטשן און שריפטשטעלער תלוש...

אין די שפּעטע נעכט, ווען עס ווילט זיך שטאַרק זיין צוזאַמען מיט יידישע שרייבער; ווען עס ווילט זיך פאַרברענגען אין זייער סביבה, האָב איך, ווי שוין געזאָגט, ווידער געלייענט אַ בוך וועגן יידישע שרייבער. תלוש באַשעפטיקט זיך נישט מיטן צייכענען אָדער מאָלן פּסיכאָלאָגישע כאַראַקטעריסטיק־פּאָרטרעטן פון דער יידישער ליטעראַטור. אים אינטריגירן די שרייבער זעלבסט, דער מין מענטש, די נשמה; ווי אַזוי דער מענטש האָט געלעבט און געליטן. אין אַ פּאָר געציילטע שטריכן געלינגט

תלושן צו שילדערן דעם פּאָרטרעט פון אַ שרייבער. ער אַליין, וואָס ער באַשרייבט כמעט תמיד אין דעם מענטשן דאָס ליידן; וואָס האָט ליב דעם איינזאַמען יחיד; וואָס בוקט זיך צו די מענטשן וואָס פאַרלירן און באַדויערן; וואָס האָט דרך־ארץ פאַרן געפּייניקטן, האָט אָנגעטראָפן אין די מערסטע יידישע שרייבער איינזאַמקייט און אומעט. און די דאָזיקע שרייבער זיינען געוואָרן זיינע העלדן. אַ טייל פּאָרטרעטן לייענען זיך ווי שטילע און ערלעכע פּראָזע, ווי דערציילונגען, טאַקע ווי די גוט־באַקאַנטע דערציילונגען פון תלוש, אין וועלכע עס דאָמינירט דער אומעטיקער מענטש וואָס פּאַסט זיך נישט אַריין אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. תלוש באַשרייבט דעם שאָטנדיקן און אַנטוישטן. ער שילדערט די ראָמאַנטישע העלדן. ער באַשרייבט יענע וואָס גליען אין ליבע און אין קריינקונג. די וואָס גייען אויס אין זון־אונטערגאַנג. אַזעלכע וואָס בריען זיך אָפּ אין לעבן און זייערע וואונדן קענען זיך שוין קיינמאָל נישט פאַרהיילן. תלושס כאַראַקטערן זיינען קראַנקע, פיבערנדיקע און טרוימענדיקע ברואים. אַלע זיינע מענטשן בענקען. עפּעס אַן אימה באַהערשט זיי אַלעמען. זיי קומען אום אין זייערע גרויסע חלומות, ווען די ברוטאַלעווירקלעכקייט פון לעבן באַהערשט און צעברעכט זיי. צו לייענען תלושס אַ דערציילונג מיינט צו האָבן אַ גייסטיקע, אַן עמאָציאָנעלע איבערלעבעניש. ער שרייבט נישט צערעבראַליש, אינטעלעקטועל. ער ווערט נישט פאַרכאַפּט פון מאָדערניזמען. זיין לשון איז פּראָסט און ערדיש ווי אַ צעאַקערט פעלד אין האַרבסט. אָבער זיין שטימונג איז אַ לעוויטאַנישע, אַפילו אַ טשעכאָוואַרטיקע. ביי תלושן הערשט ס׳רוב אַן אומעטיק וועטער. עס רעגנט און עס טריפט מיט דינע טראָפּנס פון איינזאַמע וואָלקנס וואָס ציען פּאַוואָליעדיק איבער די האָריזאָנטן. פון דעם גרויסן אומעט אין האַרצן מאַכט ער זיינע דערציילונגען. די קראַנקהייט פון זיין האַרצן שוין זינט אַ סך יאָרן מאַכט אים צו זען מענטשן אין טיפן און שווערן געמיט. אין די פלעצער וואו ער פאַרברענגט זיין לעבן, קומען אָן קראַנקע און מרה־שחורהדיקע מענטשן. אין די „ווהייט מאונטענס״, אין די „קעטסקיל־בערג״, אין קאַליפאָרניע און פלאָרידע, טרעפט ער זיך אָן מערסטנס מיט בענקענדיקע געשטאַלטן. זיינע כאַראַקטערן גייען אַנטקעגן דעם מחבר אומעטום. זיי בעטן זיך: „באַשרייב אונדז, מחבר!״ און די סביבה פון די יידישע שרייבער איז דאָך אויך אַ שטאַרק אומעטיקע. געננג אומעטיק פאַר דער רייִנער, ערלעכער און רעאַליסטישער פען פון דעם אַביסל בראָדיאַגיש־גאָרקיש־באַווירקטן שריפטשטעלער תלוש...

און נישט וועגן אַ סך יידישע שרייבער שרייבט תלוש. ער שרייבט בלויז וועגן די זייטיקע, די שטילע, די פּאַסיווע שרייבער, די וואָס גייען אומצעפרידענע, אָבער אויך באַרואיקטע און רעזיגנירטע אויפן שטילן וועג פון לעבן. עס זיינען פאַראַן אינעם נייעם בוך זיינעם בלויז צוויי דערפאָלגרייכע שרייבער וועגן וועמען תלוש שרייבט: שלום אַש און זלמן

שניאור. איז עס אויך ווען דער ערשטער, אַש, איז אין געפּאַלנקייט און אין צאָרן צוליב זיינע קריסטאָלאָגישע ראָמאַנען. און דער צווייטער, שניאור, איז דאָ נאָך יינג און מענטשלעך, נאָך פּרע זיין גרויסן רום און זיין שפּעטערדיקער גאווה און פאַרריסנקייט. געוויינלעך שטעלט זיך דער מעמואַריסט אָפּ אין זיין פּראָזע ביי די שטילע, באַשיידענע, ליידנדיקע מענטשן, אַזוי ווי ער אַליין איז געווען שטיל, באַשיידן און ליידנדיק די מערסטע יאָרן פון זיין לעבן...

ווער פון אונדזערע קריטיקער און דערציילער האָט ביי אונדז איינגעטונקען ביינאַכט זיין פּעדער כדי צו שרייבן וועגן עפּעס איינעם אַ דיכטער שלאָמאָוויטש? ווער וועט עס גיין איינטונקען זיין הויכגעשעצטע פּען און פאַרצייכענען אַ געמיטפּול וואָרט וועגן איינעם אַ קליינטשיקן מענטשעלע וואָס האָט געהאַט אַ בלויען, טויטלעכן קאָליר אויפן פּנים, אַ קאָליר אין וועלכן תּלוש זעט דעם בולטן סימן פון יענעמס פּריצייטיקן טויט? אַ מענטשעלע אַזאַ קליינס וואָס פאַרמאָגט נאָענט צו דריי הונדערט גראַד הויכן בלוט־דרוק און ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ בריוו פון אַ דאָקטאָר וואָס שרייבט אים אַז ער מוז אַריינגיין אין אַ שפּיטאָל פאַר אומהיילבאַרע. פון דעם שטילן, פאַרשעמטן; פון גאָט, פון מענטשן און פון לעבן באַליידיקטן שלאָמאָוויטש גייט אַזאַ שטילער טרויער. ווי יינג ער איז, איז ער פונדעסטוועגן שוין אויך אַלט גענוג צו האַלטן זינט יאָרן ביים שטאַרבן. ער איז אפשר ווי יעדער מענטש געבוירן געוואָרן כדי צו שטאַרבן נאָך פריער און נאָך איינזאַמער. אָבער תּלוש פּרוווט זען אין אים דעם דיכטער און דעם מענטש. שלאָמאָוויטשעס העכסטער פאַרגעניגן איז זיין שטיין ביים טיר פון אַ ליטעראַרישער אונטערנעמונג בשעת אין דעם נאַכטישן דרויסן, ערב דעם ליטעראַרישן אָוונט פאַר עפּעס אַ פאַרטיקן גאון, אַ פּרעזידענט פון אַ צווייג צי אַ פאָרזיצער פון אַ חשובער געזעלשאַפט, „קומען אַריין אַזוי פיל יינגע און אַפילו שיינע פרויען, און זיי דערלאַנגען אים די בילעטן. ער רירט אָן מיט זיינע צעקנייטשטע פינגער זייערע צאַרטע הענט. פון אייניקע פילט זיך אַ דינער, געשמאַקער אַראָמאַט פון פאַרפיום אָדער אָדעקאָלאָן. און דאַן גיט אים אויף אַ רגע אַ שווינדל אין קאָפּ און דערנאָך, אַז דער גאַנצער עולם זיצט שוין אויף די פּלעצער און דער קאָנצערט אָדער די דיסקוסיע גייט אָן און ער איז שוין אַביסל פריי, גיט ער זיך שטילערהייט אַ שאַר צו אַ הויכער בלאָנדער פרוי וואָס שטייט כמעט שטענדיק אין אַ זייט. מיט דער דאָזיקער פרוי איז ער איינמאָל נאָך אַן אונטערנעמונג געגאַנגען אין אַ קאַפעטעריע און אויסגעגעבן זעכציק סענט פון די צוויי פאַרדינטע טאָלער. האָט ער שוין געהאַט אַ שטיקל חזקה אויף איר”.

יאָ, תּלוש באַשרייבט די קאַרגע און פּיצלעך אָרעמע פריידן און לעבנסלוסטיקע מינוטן, מישטיינס געזאָגט, פון אַזאַ אָרעמען און קראַנקן שלאָמאָוויטש וועמענס עקזיסטענץ און וועמענס לידער אַן אַנדערער יידישער שרייבער וועט געפינען אַז עס איז אונטער זיין נאָבעלן כבוד צו

באַשרייבן מחמת זיין אייגענע גרויסקייט קען נאָך חלילה פּאַרקלענערט און געמינערט ווערן... תלוש פאַרענדיקט טרוקן און אָפּגעהאַקט: „געשטאָרבן איז שלאָמאָוויטש אין זיין חדרל פלוצלינג, ביינאַכט". יאָ, אַ טיפער קרעכץ רייסט זיך אַרויס פונעם האַרצן אויפן גורל פון אַזאַ מין בידנע באַשעפעניש ווי אַ שלאָמאָוויטש...

תלוש האָט פיינט אַז מען רעדט שלעכטס אויף יידישע שרייבער. ווען ער קומט מיט יאָרן צוריק צוגאַסט איינמאָל אויף משה נאַדירס פאַרם, און ער הערט ווי יידישע שרייבער צערעדן זיך און זיי פאַרטיקן זיך ציניש אָפּ מיט זייערע קאָלעגן, וועלכע זיצן געוויינלעך נישט דערביי, פילט ער זיך דערשלאָגן. ער פּראָטעסטירט אינערלעך. ער שרייבט: „מען האָט אַלעמען קריטיקירט. עס איז אויסגעקומען אַזוי אַז די אמתע טאַלאַנטן זיינען נאָר די וואָס זיצן דאָ ביים טיש און די אַלע אַנדערע זיינען קריינקס און גראַפאָמאַנען. איך בין אַרויס פון עס־צימער אין אַ שלעכטער שטימונג. מיר האָט אַפילו אַביסל פאַרדראָסן פאַרוואָס איך בין געקומען אַהער. מיט פּשוטע מענטשן וואָלט איך זיך געפילט בעסער. אמת, אפשר נישט אַזוי אינטערעסאַנט, אָבער רואיקער. די מערסטע יידישע שרייבער זיינען עפּעס פאַרביטערט און צערייצט און זיי האָבן נישט קיין אויפריכטיקע האַרציקע ווערטער איינער פאַרן אַנדערן".

דערפאַר ווערט טאַקע אַרויסגעהויבן אברהם רייזען מיט זיין גרויסער ליבשאַפט צום פאָלק, צום קאָלעגע, צום שעפער פון דער יידישער ליטעראַטור. אָבער אַפילו רייזען דער צדיק וואָס טראָגט אַלעמען אַנטקעגן וואַרעמע ווערטער און שבחים, ווערט פונדעסטוועגן אויך באַרעדט אַלס אַ רשע. זיין פאָטערלעכע גוטסקייט ווערט בפירוש אויסגעטייטשט ווי רשעות און נישט פאַרגינעריי... עס איז אפשר אמת אַז רייזען פאַרמאָגט אַ טראָפּן ביטערניש אין האַרצן ווייל ש. ניגער אָדער אַנדערע שרייבער האָבן אים נישט אויפגענומען ווי עס באַדאַרף צו זיין... אָבער אַ טיפע ליבשאַפט הערשט צווישן אברהם רייזען און דעם ערלעכן פאָלק...

עס גייען דאָ אויף, אויף משה נאַדירס שטיקל גרינער און זאַפטיקער פאַרם, מ.ל. האַלפערן, אין זיין שווערער מרה־שחורה, אין זיין אויסדרוק פון קריינקונג און צאָרן; אויף דעם הינטערגרונט פון דער נאַטור דערזעט מען האַלפערן ווי אַ פאַרוואונדעטן לייב, מיט אַ טויטלעכער וואונד אין האַרצן. און משה נאַדיר דעם פרינץ, וואָס טוט זיך אַלע מאָל איבער, דער אומדערמידלעכער אומפּראָוויזאַטאָר פון זיין רייכן הומאָר און ברילּיאַנטענער חכמה. תלוש זעט די טעאַטער־דעקאָראַציעס פון יאָסל קאָטלער וואָס דעקאָרירן אַ היימישע פאָרשטעלונג אויפן פאַרם.

יאָ, מיר האָבן הנאה לייענענדיק תלושס באַשרייבונגען פון זיינע באַגעגענישן מיטן יינגן שניאור. וואָרים דאָ ווייעט ער דאָך מיטן ליריזם פון וועלט־יוגנט, מחמת די וועלט איז דאָך דעמאָלט נאָך גרין און פריש, און מען האָט דאָס געפיל ווי מען וואָלט געלייענט היינריך היינעס

„האַרצרייזע״ וואָס אָטעמט מיט אַזוי פיל פּאַרליבטקייט אין דער וועלט ווי זי וואָלט געווען אַ הערלעך מיידל... עס איז די צייט ווען ברוטאַלע און היפּאָקריטישע דיקטאַטורן באַהערשן נאָך נישט דעם פּלאַנעט, און זייַ פאַרשפּרייטן נאָך נישט ווי פינצטערע מעטעאָרן זייערע שוואַרצע פליגלען. עס איז נאָך יענע צייט וואָס זעט צו אונז איצט אויס ווי אַ ראָמאַנטישע אידיליע. עס איז נאָך די גרינע, יוגנטלעכע און ליבע צייט פון אַן אייראָפּע וועמענס יוגנט לערנט און איז געוואַלדיק נייגיריק צו דערקענען פעלקער, לענדער און קולטורן. די יוגנט שפּילט זיך נאָך אין רעוואָלוציעס און זי צעטראָגט מיט ענטוזיאַזם איבער די וועלט־וויסטאַס און וועלט־האָריזאָנטן דאָס פייער פון אידעאַליזם און דעם קאַמף פאַר פרייהייט און פעלקער־פריינדשאַפט אויפן שטייגער פון די אָנגעצונדענע נביאים און די גרויסע בייראָניסטישע דיכטער וואָס פאַראורטיילן טיראַנען און בלוטיקע הערשער...

אונדזער גוטער פריינד תלוש איז שוין דעמאָלט געווען אַן אָרעמאַן, אַ קבצן, וואָס אַרבעט אין רעסטאָראַציעס און ער איז נאָך יוגנטלעך גליקלעך ווען מען זאָגט אים אָפּ פון די שטעלעס כדי צו זיין פריי צו וואַנדערן אָן שום באַזונדערן קאָמפּאַס; כדי זיך צו קענען ווידמען צום גרויסן שפּיל פון לעבן, כדי נאָך אַלץ צו גיין איבער די ברייטע וועגן פון בערג און וועלדער; צו באַזוכן לענדער און צו פּראָפּאַגאַנדירן פאַר דער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ ישראל; כדי צו באַקערן זיינע פריינד און חנעוודיקע פריינדינס צום ציוניזם; ווי אויך צו דעקלאַמירן אויפן הויכן קול פּושקינס, לערמאָנטאָווס און ניעקראַסאָווס פּאָעזיע, און אויך צו שרייבן זיינע אייגענע ערשטע דערציילונגען...

תלוש איז אַ היפּש ביסל אַנטוישט ווען ער טרעפט זיך יאָרן שפּעטער מיט שניאורן אין אַמעריקע, אויף דער גוט־באַקאַנטער און ליטעראַרישער איסט בראָדוויי. עס איז גאָרנישט דער זעלביקער שניאור פון דער שווייץ... ער דערזעט פאַר זיך אַ פאַרביטערטן שניאור, וואָס איז אומצעפרידן פון די היגע קאָלעגן. ווי אַ צעאוס וואָס דונערט, בליצט ער און צאָרנט. דער וועלט־באַרימטער העברעיאיש־יידישער מייסטער פון ליד און פּראָזע גריזשעט זיך די לעבער צוליב נישטיקייטן. תלוש, וועלכער חלומט כל־ימיו פון אַן אידעאַלער און עטישער פערזענלעכקייט אַזאַ ווי פרץ אין וואַרשע; תלוש, וועלכער קוקט אַרויף צו שרייבער מיט באַוואונדערונג; תלוש, וואָס בלייבט שטענדיק דער גוטער חבר און געטרייער קאָלעגע צו שרייבערס, אָרעמע צי רייכע, אומבאַקאַנטע צי וועלט־אַנערקענטע; אים ווערט אומעטיק ווען זלמן שניאור דערקענט אים קוים, אים, זיין יוגנט־פאַרטרויטן חבר פון די בליענדיקע טעג אין דער שווייץ. ווען תלוש וואָלט געוואָרן וועלט־באַרימט און שטיינרייך, איך קען שווערן, וואָלט ער אַלץ פאַרבליבן דער זעלביקער ליבער, באַשיידענער, איידעלער פריינד. יאָ, דאָס קאַפּיטל פון זיינע באַגעגענישן מיט זלמן שניאור איז שפּאַנענדיק, דראַמאַטיש און עס איז זיכער נאָך אַ דיקער

שטריך צום פּאָרטרעט פון זלמן שניאור וועלכן עס האָבן געצייכנט און געמאָלן אַ סך צייט־קאָלעגן, וגם אני הקטן... תלושס פּאָרטרעט פון דעם צעזאַרישן זלמן שניאור מיט זיינע ברייטע זשעסטן און פאַרריסענעם שטאָלץ און צאָרן פון אַ מיטאָלאָגישן געץ, איז, פשוט, אינטים און גרויס־מענטשלעך געשריבן...

יידישע שרייבער זיינען אומצעפרידן. זיי שטאַרבן פאַר דער צייט. תלוש באַשרייבט מיט קריינקונג די דאָזיקע שרייבער. אין דעם קורצן אַרטיקל וועגן דוד קאַזאַנסקי, וואָס האָט געשריבן דערציילונגען און האָט געהערט צו דער גרופּע „יינגע״, ברעכט זיך אַדורך דער באַליידיקטער שרייבער אַפילו אין חלום. תלוש דערציילט אַז מיט דוד קאַזאַנסקין איז ער נישט דווקא געווען אינטים באַפריינדעט, און ער האָט דעריבער נאָך זיין טויט קיינמאָל אַפילו וועגן אים נישט געטראַכט. פונדעסטוועגן קומט אַ יידישער טויטער שרייבער צו חלום צו זיין לעבעדיקן קאָלעגע וואָס איז שוין אויך האַלב־טויט. עס איז רירנדיק די שטעלע וואָס דערציילט ווי דוד קאַזאַנסקי קומט מאָנען פון קבר:

— „איר ליגט נאָך אַלץ — האָט ער צו מיר געזאָגט און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ קליינעם, גרינעם שטול וואָס שטייט ביים אַריינגאַנג פון מיין שלאָף־חדרל, נעבן טישל...

— און וואָס מאַכט איר, קאַזאַנסקי? — האָב איך געפרעגט.

ער האָט געקוקט אויף די קאָלירטע בילדלעך וואָס זיינען אָנגעקלעפּט אויף די ווענט פון מיין חדרל און שטיל געענטפערט:

— מען ליגט אין אומעט און מען ווערט פאַרגעסן...

— פון וועמען? בין איך געוואָרן נייגיריק.

— פון אַלע גוטע חברים, אַזוי צו זאָגן. געשטאָרבן און אַראָפּ פון מאַרק. אַזוי ווי קיינמאָל פריער נישט געווען. נישטאָ מער...

— אַזוי איז עס שוין אַז מען שטאַרבט! — האָב איך טרויעריק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ״.

יאָ, אַזוי איז עס טאַקע. ווער דערמאָנט היינט אַ דערציילער וואָס האָט געהייסן דוד קאַזאַנסקי. פאַר וועמען עקזיסטירט ער אַלס שרייבער? תלוש געדענקט איינעם אַ דוד קאַזאַנסקי... און ווער וועט אַמאָל געדענקען תלושן און אויך דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות טראָץ זיינע פינף און צוואַנציק דיקע בענדער געזאַמלטע שריפטן וואָס ער האָט ממש ביז בלינדקייט אָנגעשריבן ביז אין די האַלבע נעכט און זיך אַוועקגעלעגט אָפּרוען זיך אַלס אַן אַלטער מאַן אין זיינע פערציקער און פופציקער יאָרן... אין דער זעלבער קורצער באַשרייבונג פון תלושן דערזעט מען זישע לאַנדוי אין זיין לעצטן טאָג. עס איז אַ גרויער ווינטערדיקער טאָג, שרייבט תלוש. זישע לאַנדוי „עסט עפּעס מיט גרויס אַפּעטיט און רעדט וועגן זיינס אַ נייעם בוך״ אין קאַפע ראָיאַל. ער גייט דערנאָך אין בידערמאַנס בוך־געשעפט. ער רעדט די לעצטע רייד. ער וויצלט זיך מיט די לעצטע וויצן. ער נעמט דעם לעצטן סאָבוויי אַהיימצוּוועגס, און ער איז

אין דעם זעלביקן טאָג, אַרויסגייענדיק פון סאָבוויי אויף אייביק געשטאָרבן... (וואָס דען: אויף צייטווייליק געשטאָרבן?!...)

עס איז פאַראַן אין תלוש׳ס בוך אַ קורצע אַרבעט וועגן רייזל לאַנדוי. ווי זי דערציילט וועגן איר ערשטער באַגעגעניש מיט זישע לאַנדוי. עס ווייעט מיט איידעלער פּאָעזיע פון אָט דער דערמאָנונג. עס ווייעט מיט דער טיפער שטילקייט פון דעם מענטשלעכן גורל. ווי אַזוי ער האָט זי נאָבל אָנגעקוקט (ווי מען קוקט אָן אַ קליינע און צאַרטע ליאַלקע וואָס שלאָפט אַ לאַנגע אייביקייט. ש. ט.) און זי באַדעקט מיט זיין ליבן שמייכל. און „ביז היינט פיל איך זיינע הענט אויף מיין קאָפּ״. און תלוש ברענגט אַ בריוו פון זישע לאַנדוי צו זיין פרוי — אַ וואונדערלעכער דאָקומענט פון דיכטערישן טרויער און פשטות און צוגעבונדנקייט צו אַ פרוי. דער בריוו, און רייזל לאַנדויס באַשרייבונג פון זייער ערשטער באַגעגעניש, בעט זיך ממש צו ציטירן וואָרט ביי וואָרט...

איך פלעג די קליינטשיקע רייזל באַגעגענען ביי די ליטעראַרישע אָוונטן אין שיינעם הויז פון בערטאַ און דר. יחיאל קלינג. רייזל לאַנדוי האָט מערסטנס געשוויגן און געלאָזט אַנדערע רעדן. אויף צו רעדן צווישן מענטשן זיינען תמיד פאַראַן היפּשע בעלנים. בפרט ווען די געזעלשאַפט איז אַן אָנגענעמע. רייזל האָט געטראָגן מלבושים מיט פיינעם געשמאַק, אין זאַכטע, געצוימטע פאַרבן. זי איז נישט געווען קיין באַזונדערס שיינע. אָבער דער פאַקט אַז זי איז געפעלן אַזאַ מין ראַפינירטן פּאָעט און נישט קיין נאַרישן מענטש ווי דעם עסטעט און הויך־טאַלאַנטפולן זישע לאַנדוי, האָט איר שיין געמאַכט. מען האָט פאַרקוקט איר נישט איבעריקס גראַציעזן פּנים. אויב זי איז געפעלן „אים״, האָט זי שוין יינגערהייט געמוזט אויסזען ווי אַ קליינע מלכה שבאָ. אויסערדעם, און דאָס איז דעצידירנדיק פאַר די מערסטע פרויען, איז זי דאָך געווען מיט אַזוי פיל יאָרן יינגער...

מיינע איינדרוקן וועגן תלושס בוך מיט זכרונות זיינען געשריבן געוואָרן אַרום דעם יאָר 1953, אין חודש דעצעמבער. איצט, אין יאָר 1985, אין חודש אויגוסט, לייען איך אַז אין אַריזאָנאַ איז געשטאָרבן אַ טאָכטער פון די לאַנדויס. איך פלעג זי אויך באַגעגענען אין דעם ציכטיקן און פיין־מעבלירטן הויז פון די קלינגס, וואו עס האָבן נאָך פאַרקערט בשעת די שבת צו נאַכטסטיקע אָוונטן די לעצטע מאָהיקאַנער פון דער יידישער ליטעראַטור; וואו איך האָב געבראַכט מיט דער סאָבוויי פאַרשידענע געסט, ווי יוסף לעפטוויטש פון לאָנדאָן און משה עובד, דער גאָלדשמידט, יוועליר־הענדלער אין וועמענס שאַרמאַנטן „קאַמעאָ־קאָרנער־ווינקל״, נישט ווייט פון דעם בריטישן מוזעאום, די ענגלישע מלכה פלעגט אָפט אַריינשפּאַצירן, זיך איינקויפן ביים קליינגעוואוקסיקן משה עובד, וואָס האָט געטראָגן יינגלעריש־מיניאַטורנע מלבושים און האָט אויסגעזען ווי אַ דערוואַקסענער מאַריאָנעט וואָס איז אַנטלאָפן אינמיטן פון דער חנעוודיקער פאָרשטעלונג פון יאָסל קאָטלערס מאַריאָנעטנשפּיל. ער האָט דערוויילט פאַרבלאָנדזשעט און ער זוכט נעבעך אַ

מוראדיק־איבערגעשראָקענער און פאַרבענקטער נאָך זיינע טאָוולנע ברידער און שוועסטער־מאַריאָנעטלעך...

יאָ, איך האָב געבראַכט צו די קלינגס ביי יעדן קבלת פּנים לכבוד אַזאַ אויסלענדישן גאַסט מיט דער סאָבוויי וואָס „גייט" פון ברוקלין ביז העט אַרויף צו די ווייטע בראָנקס, אַ גאַסט פון אויסלאַנד... אַזאַ טוריסט פון לאָנדאָן, פון פּאַריז צי פון יאָהאַנעסבורג פלעגט ווערן טרויעריק בשעתן לאַנגען און אומהיימלעכן וועג דורך די ניו־יאָרקער סאָבוויי־טונעלן. אָבער ביי די קלינגס אין דער באַלעבאַטיש־יידישלעכער וואוינונג מיטן טיפּיש־אַלטפּרענקישן לייכטער און אָנגעצונדענע חלבנע ליכטלעך פלעגט ווערן גרינגער אויף די הערצער און נשמות פון די אומעטיקע געסט... בפרט ווען זיי פלעגן זיך באַקאָנען מיט באַרימטקייטן פון דער ניו־יאָרקישער ליטעראַרישער וועלט, ווי מלך ראַוויטש, ה. לייוויק, י. י. שוואַרץ, יוסף ראָלניק און טאַקע לעצטנס דעם יידישן פראַנסואַ וויאָן — איר דערקענט אַוודאי ווען איך מיין: דעם פּרינץ און „כוליגאַן" איציק מאַנגער פון יאַסי וואָס פלעגט צוטראָגן זייער נאָענט צו זייערע אויגן אַ קליינטשיק יינגעלע, אַ גומענעם „פּישערל", און ציליע דראַפּקין די פּאָעטעסע פלעגט זיך היסטעריש דערשרעקן און זיך לוסטיק צעלאַכן... דאָס זיינען געווען מאַנגערס בעסערע מאָמענטן. ער פלעגט אָבער תיכּף אויסטרינקען אַ גלעזעלע וויין און אַוועקפאַלן אויף דער פלושענער קאַנאַפּע. קיין איינציק וואָרט פון די אַלע רעדעס וואָס קאָלעגן האָבן גערעדט טאַקע וועגן אים, מאַנגערן, האָט נישט דערגרייכט צו זיינע אויערן... אָבער זיין געטרייער פריינד מאַני לייב האָט שוין אַלץ אויסגעהערט און איך בין בטוח אַז ער האָט אויפצומאָרגנס ביים אָוונט־מאָלצייט אים איבערגעגעבן אַלע רעדעס פון די געהויבענע געסט וואָס מען האָט אויסגערעדט לכבוד דעם גאַסט פון לאָנדאָן, איציק מאַנגער, וואָס האָט תיכּף ביים אָנקומען אין דער הויפּטשטאָט פון דער דעמאָלט שוין צעפאַלענער בריטישער אימפּעריע, געפונען און זיך „פאַרליבט" אין דער קרובה פון דעם גרויסן ענגלישן פּאָעט שעלי...

טיף רירנדיק און פּאַטעטיש איז תּלוש דערציילונג וועגן אברהם משה דילאָן. דאָ איז געווען אַ באָהעמישער מענטש און ראָמאַנטיקער וואָס האָט נאָך געחלומט און געלעבט מיטן גרויסן חלום פון פרוי און דיכטונג. וואָס האָט אין זיינע פאַרצווייפלטע שעהן, אין אַ ווינקעל פון „קאַפע ראָיאַל", געטרונקען וואַסער מיט אַ שטיקל צוקער כדי צו שטאַרקן זיין אָפּגעשוואַכט און פאַרחלשט האַרץ, און וואָס האָט אין זיינע טרויעריקע נעכט אַזאַ עקסטאַטישער געקושט די הענט פון די „געטלעכע אַקטריסעס", און ער האָט זיך בשעת יעדער אַנדערער נאַכט פאַרליבט אין אַן אַנדערער קעניגין. דאָ האָט ער אויף די ניו־יאָרקישע גאַסן, אין די נאָך דעמאָלט עקזיסטירנדיקע ליטעראַרישע קיבעצאַרניעס, הויך געלייענט און בעסער געזאָגט: ענטוזיאַסטיש דעקלאַמירט זיינע לידער. חברים, קאָלעגן, מער אַרטיקולירטע און דערפאַרענע מיטן פּערז, האָבן אים דאָ און דאָרטן געענדערט אַ וואָרט, אַרויסגעוואָרפן אַ קאָמאַ צי

אַריינגעשטעלט אַ פּונקט אין זיינס אַ ליד. די לידער זיינען נאָך נישט געווען אינגאַנצן פאַרענדיקט. אָבער דאָס בלוט אין זיינע לידער האָט דער דיכטער אַליין אַריינגעגאָסן פון זיין האַרצן. אַריינגעטריפט פון אַלע זיינע אָדערן, פון דער אַאָרטאַ וואָס האָט אַזוי יינג, אַזוי פרי און אַזוי גיך געפּלאַצט. דאָס איז געווען אַן אומבאַהאָלפן און אומגליקלעך קינד וואָס האָט געהאַט ביי דער אַלטער מאַמען אינעם אַלקערל אַ געלעגער און האָט זיך באַקלאָגט אויף זיין קראַנקן אָדער ביים האַרצן, און האָט אויף זיין אָרעם־מענטשלעכער שפּראַך אין אַ פּאָר הונדערט לידער אויסגעזונגען בלויז אויף איין און איינציקער טעמע: דעם טויט, דעם אייביקן טויט. עס האָט איינער אַ פּאָעט הויך אינמיטן דער סאַמע לעבעדיקסטער שטאָט אויף דער וועלט געוויינט אויף זיין פריען טויט נעבעך. דורך זיין ערלעכן באַשרייבן דילאָנען האָט תלוש אויפגעשטעלט דעם באַהעמישן פּאָעט אויפן שטייגער פון פאָל ווערלען אַ קליינעם דענקמאָל פון ריינסטן און טונקל־טרויעריקסטן גאָלד...

„אָט דער שטענדיק ברויזנדיקער און אומרואיקער דיכטער האָט, דאַכט זיך, מורא געהאַט פאַר זיין אייגענעם שאָטן", שרייבט תלוש. יאָ, די אַמוזאַנטע און געלאַנטע ווייבער מאכן פון דילאָנען גוטמוטיק חוזק און זיי זאָגן צו אים:

— „אַך, דילאָן, דילאָן, ווען וועט איר שוין ווערן אַ מענטש?"

— „נאָך איין קוש, מיין געטלעכע, נאָך איין קוש", בעט זיך דער אָרעמער דילאָן. דעם לעצטן קוש האָט אים דער טויט געגעבן. „אומפאַרגעסלעך איז דאָס דילאָן־געשטאַלט..."

אינעם בוך גייען אַדורך אַ צאָל יידישע שרייבער וועלכע תלוש באַהאַנדלט ווירדיק און וועגן וועלכע עס איז זיך שווער אָפּצושטעלן אין אַ קורצן אַרטיקל אויף יעדן פּערסאָנאַזש באַזונדער. עס איז אויך אומפאַרגעסלעך דאָס טראַגישע געשטאַלט פון י. ח. ברענער. ער וואַקסט אויס גרויס אין זיינע טיפע ליידן. עס זיינען אויך פאַראַן פּאָרטרעטן פון שלום אַש, דר, אברהם קאָראָלניק, דר. א. מוקדוני, ה. רויזענבלאַט, ב. עפּעלבוים, ברוך ריבקין, שלמה יודסאָן, לעאָן קוסמאַן, אליעזר שערמאַן, משה דוד גיסער, יעקב שטיינבערג, צבי הירשקאַן, א. ליטווין, דוד קריוויצקי, מרים קאַרפּילאָוו, רייזל לאַנדוי, גדליה בובליק, חנן י. מיניקעס, דזשאָרדזש מישעל, ה. דרימער, י. קיסין, מלך ראַוויטש א. אַ.

זינט יאָרן וואוינט תלוש אין פלאָרידע. עס שיינט אַז די השגחה האָט אים דאָרט באַזעצט כדי וואַרם אויפצונעמען און האַרציק צו באַגריסן יידישע שריפטשטעלער. ווען ניו־יאָרק האָט נישט פאַרשוועגדט קיין צופיל כבוד צום דיכטער משה דוד גיסער, נעמט אים אונזער תלוש אויף אין פלאָרידע, אויף זיין לעצטער סטאַנציע אַהיים, וואו ער איז געשטאָרבן פריצייטיק. און עס איז רירנדיק די דאָזיקע באַשרייבונג. און ווען אַ פראַנצויזיש־יידישער שריפטשטעלער און מאָלער, מישעל דזשאָרזש מישעל, קומט קיין פלאָרידע אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווייזט אים תלוש אַרויס גרויס פריינדשאַפט, און דאָס לעבט

ממש אויף דאָס דערשלאָגענע און פאַרוואָגלטע געשטאַלט פון דעם איינזאַמען קינסטלער וואָס איז אגב אָפּגעפרעמדט פון יידן. רירנדיק איז דזשאָרזש מישעלס דאַנקבאַרקייט צו תלושן וואָס וואוינט אגב אין אַ פּוסטן גאַראַזש וואו עס איז קוים פאַראַן פּלאַץ פאַר זיין גרינגן און אייזערנעם בעטל און אַ טישל צום שרייבן... שלום אַש קומט צוגאַסט און בייזערט זיך אויף דער יידישער געזעלשאַפט וואָס האָט נישט באַזאָרגט אַ קראַנקן יידישן שרייבער מיט אַ לייטישער וואוינונג. אַש איז אַזוי פריינדלעך און ער שענקט תלושן... אַ לאָמפּ. (אין איינעם פון מיינע ביכער באַשרייב איך דעם דאָזיקן לאָמפּ וועלכן דער איינזאַמער תלוש צינדט אָן אין אָוונט און געפינט אַ טרייסט אין דעם וואַרעמען ליכט פון דעם לאָמפּ ווען זיין אייגן לעבן איז פינצטער, און די נאַכט און רציחה הערשט אין דער וועלט ווען מיליאָנען יידן ווערן אומגעבראַכט און ווען די שיפן מיט קוים געראַטעוועטע גרופּעס יידן ווערן געטראָגן חדשים לאַנג אויף די שטורמדיקע כוואַליעס פונעם ים און זיי ווערן אין קיין שום לאַנד נישט אַריינגעלאָזן... בלויז דער „פריינדלעכער" תהום פון ים נעמט זיי אויף...

פון אַלע פּאָרטרעטן וואַקסט אַרויס איין גרויסער אימפּרעסיווער פּאָרטרעט פון תלושן אַליין וואָס שטאַרקט זיין אָפּגעשוואַכט האַרץ מיט טראָפּנס וואָדקאַ און וואָס וואַרעמט זיך אין דער גרויסער וועלט־פינצטערניש מיטן ליכט פון שלום אַשס לאָמפּ... עס זיינען אין לעצטן סך הכל איינדרוקספול די באַשרייבונגען פון די אַלע איינזאַמע און טרויעריקע לעבנס פון די שרייבער, ווייל די גאַנצע יידישע ליטעראַרישע סביבה אָטעמט מיט אומעט און האָפענונגסלאָזיקייט. דאָס בוך וועט אָן ספק דינען דעם לעגענדאַרן און „קומענדיקן" היסטאָריקער פון דער יידישער ליטעראַטור, צו דער כאַראַקטעריסטיק פון יידישע שעפער. דער יידישער לייענער וועט שטאַרק הנאה האָבן דורך אַ צאָל נעכט לייענעדיק אָן ערלעך און מענטשלעך בוך. דאָס בוך פאַרמאָגט אויך צום סוף אַ פּאָר אידעלע דערציילונגען. תלוש, אין אַלגעמיין גערעדט, פאַרמאָגט נישט קיין צופיל פאַרבן. ער באַמיט זיך נישט אויסצומיידן די גרויקייט פון לעבן. ער איז סיי אַ רעאַליסט און טיילווייז אויך אַ ליריש־ראָמאַנטישער שרייבער. ער באַשרייבט דעם אמת פון מענטשן און פון זייער סביבה. זומערצייט, בשעת די גרויסע ניו־יאָרקישע היצן, ווען די גאַסן זיינען לײדיק, ווען די מויערן פון די היגע הייזער זיינען פּוסט, ווייל די איינוואוינער זיינען אַנטלאָפן צום גרינס און צו די פרייע שטחים פון די בערג און טאָלן, בלייבן אָפּטמאָל איבער די קינסטלער און שרייבער אַליין אויף זייערע בוידעם־שטיבלעך. אַ גוטן פּאָרטרעט שרייבט דעמאָלט תלוש וועגן דעם איינזאַמען פּאָעט, מיסטיקער און דענקער אהרן צייטלין פאַר וועמען ער גרייט צו אַ געשמאַקן מאָלצייט און אַ גלאָז מיט וויין. צייטלין לעבט טראַגיש איבער דעם טויט פון זיין משפּחה, פון זיין פרוי און קינדער; די פּטירה פון זיין גרויסן פאָטער הלל צייטלין און זיין ברודער, דעם שרייבער אלחנן... דער

דאָזיקער פּאָרטרעט פון אהרן צייטלין איז איינער פון די רירנדיקסטע און טראַגישסטע אינעם גאַנצן בוך „יידישע שרייבער"...

אַגב איז דאָס בוך כמעט פאַרזען געוואָרן מצד די יידישע ליטעראַטור־קריטיקער... ווען תלוש איז געקומען צוגאַסט קיין ניו־יאָרק, האָב איך שוין אין אים דערזען אַ זקן, אַן אַלטן מאַן, אַ „דזשיאַד"... מיר האָבן זיך געטראָפן אין די רעדאַקציע־חדרים פונעם „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט". קאָלעגן האָבן גערעדט וועגן אים און געטרונקען ווײַן. איך בין מיט אים דערנאָך געגאַנגען צום סאָבוויי. ער איז געגאַנגען איבער דער פּערצנטער גאַס צו דער סאָבוויי אויף דער אַכטער עוועניו מיט דער פאָרזיכטיקער פאַוואָליעדיקייט פון אַ טשעכעפאַכע... נעבן מיר, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, גייט אַ גומענער זקן. דאָס איז געווען תלושס לעצטער באַזוך אין דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק וואו ער האָט פאַרבראַכט אַ סך יאָרן. ער איז אַהערגעקומען צו זיין פרוי וואָס איז געווען אָפּגעפרעמדט פון אים... צו זיין טאָכטער וואָס האָט געחלומט צו ווערן אַן אַקטריסע... אָבער איר חלום איז מסתמא צערונען געוואָרן מיטן אויפשטראַל פון דער זון אין באַגינען... תלוש האָט מיר נאָך פון פלאָרידע געשיקט אַ קליינע פאָטאָגראַפיע פון זיין גאַראַזש־וואוינונג. אויפן קליינעם טישל איז געשטאַנען אַ „קאָדאַק"־בילדל פון זיין טאָכטער... שפּעטער איז תלוש ענדלעך אַריין אין אַ מושב־זקנים. ער האָט מיר נאָך געשריבן ווי דעסטרוקטיוו די „סביבה" פון די זקנים ווירקט אויף אים... ער האָט שוין דאָרטן לאַנג נישט געלעבט... עפּעס ווינציקער ווי אַ יאָר... „דאָס איז שוין דער סוף" — האָב איך געלייענט אין איינעם פון זיינע לעצטע בריוו, געשריבענע אינעם מושב זקנים...

## וואו זיינען די שיינע פרויען פונעם פּריצישן אַלבום?

עס זיינען שוין אַדורכגעגאַנגען אַ סך יאָרן זינט יענער צייט. פון אַ קליין יינגעל בין איך שוין איצט אַ גרייז־גרויער ייד. אָבער איך קען נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן יענעם פּריצישן אַלבאָם וואָס אַ רוסישע פאַמיליע וואָס האָט זיך אַרויסגעצויגן פון דער ציגל־רויטער קאַמעניצע וואו מיר האָבן געוואוינט, האָט איבערגעלאָזן. ווי שוין געזאָגט: איך בין דעמאָלט געווען אַ קליין יינגעל, אַרום פיר אָדער פינף יאָר אַלט. אָבער איך האָב ממש אָנגעררירט פיזיש מיט מיינע שוואַרצאַפּלען יעדעס בילד אינעם אַלבאָם מיט די רייצנדיקע פרויען און מיידלעך דערינען. איך האָב שוין דעמאָלט ווי אַ פאַרליבטער ריטער געגאַפט איבער די שוינקייטן פון די אַריסטאָקראַטישע פרויען אין די בילדער. זיי זיינען אַלע געשטאַנען ממש לעבעדיקע. מיך האָט געפּייניקט די שאלה ווער זיינען זיי אייגנטלעך? ווי אַזוי האָבן זיי געלעבט זייערע געהיימעניששפולע לעבנס? וועלכע זיינען געווען די גורלות פון יעדער באַזונדערער פרוי אין די קאָסטבאַרע פאָטאָגראַפיעס וואָס זיינען צו יענע צייטן געווען ממש קונסטווערק, טראָץ דער אַנטוויקלונג אין דער קונסט וואָס די פאָטאָגראַפיע האָט דערגרייכט

אין אונדזער צייט. ווען און וואו זיינען די שוינקייטן געבוירן געוואָרן? וועלכע דראַמעס האָבן זיי איבערגעלעבט אין זייערע רייכע און ראָמאַנטישע לעבנס? ווי אַזוי האָבן זיי אויסגעלעבט זייערע יאָרן און ווען זיינען זיי פאַרשוואונדן געוואָרן? מיט וועלכע אַגאָניעס זיינען זיי אויסגעגאַנגען אָדער אומגעקומען אין די אומרואיקע צייטן? האָט דער גורל זיי טאַקע געשאָנקען רייכקייט, גליק, ליבע און אַוואַנטורע אין זייערע פּרעכטיקע לעבנס, לויט די בילדער וואָס שפּיגלען בלויז אָפּ די קורצע מאָמענטן ווען דער פאָטאָגראַפיסט האָט זיי צוגעגרייט צום פּאָזירן פאַרן פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט ווי אַ רעזשיסאָר גיט אינסטרוקציעס צו די אַקטיאָרן און אַקטריסעס ווי אַזוי צו שפּילן און פאָרצושטעלן זיינע דראַמאַטישע פּערסאָנאַזשן, גרימירנדיק די פּנימער און זיי אָנטוענדיק אין די פּאַסיקע קאָסטיומען פאַר יעדער באַזונדערער ראָלע, געשטאַלט, טיפּאַזש און טעמפּעראַמענט, און זיי אַוועקשטעלנדיק אונטער די דעקאָראַטיווע הינטערגרונטן פון פּאַלאַצן, קאַמעניצעס, פּריצישע הייזער, ברייטע גערטנער, סעדער, באַלקאָנען און וועראַנדעס, לויט די בונטע שילדערונגען פון די באַרימטע ראָמאַניסטן, נאָוועליסטן, דערציילער און דראַמאַטורגן פון די פאַרגאַנגענע צייטן אָדער בלויז פונעם פּריערדיקן יאָרהונדערט; זיי אָנטוענדיק אויף די קעפּ ברייטראַנדיקע קאַפּעליושן, ווינטערדיקע פּאַפּאַכעס בשעת די טעג מיט געדיכטע שנייען און שטאַרקע ווינטן, אָדער בשעת די זומערדיקע און זוניקע צייטן ווען דער גרויסער און אָפענער דרויסן פאַרכישופט די מאַנצלייט און פרויען צו ווייטע רייזעס איבער די בלויע אָקעאַנען אויף שיפן מיט פיר קוימענס פון וואַנען עס ציען זיידענע רויך־זיילן ביז צו די וואָלקנס; צי גאָר האָט זיי דער גורל געשאָנקען בלויז אומגליקן און אַנטוישונגען בשעת זייערע לאַנגע לעבנס ביז צו די לעצטע טעג און נעכט? צי זיינען זיי אַוועק גליקלעכע אין דער אייביקייט, אָדער מיט צעבראָכענע הערצער און טריבע נשמות; און מיט אָפּגעשיילטע סקעלעטן ליגן זיי פאַרפוילטע אין די הילצערנע טרומנעס, אין פאַרשידענע קברים און אין פרעמדע לענדער בשעת די מילבן גריזשן דעם זייד און סאַמעט, דעם געפּאַרבטן פלוש פון זייערע לוקסוסדיקע קליידער און פאַנטאַסטישע קאָסטיומען; מיט קרוינען אויף זייערע שאַרבנס; אין זייערע פאַרלאָזטע היימען און סאַלאָנען און אין די הייזער פון פּריערדיקע יאָרהונדערטער... מיט וועלכע חתנים האָבן די פרויען חתונה געהאַט ווען זיי זיינען געווען אַזוי יינג און שיין, אין די צוואַנציקער יאָרן פון זייערע לעבנס, און וועלכע צויבערהאַפטע קאַריערעס, וועלכע גלענצנדיקע רייזעס און וואַנדערונגען אין אַזיאַטישע, אָריענטאַלישע אָדער אַפריקאַנישע לענדער האָבן זיך פאַר זיי געעפנט?!...

איך געדענק: די פאַמיליע איז אַוועקגעפאָרן אינמיטן נאַכט. זיי זיינען איינגעשטיגן אין עטלעכע טונקעלע קאַרעטעס וועמענס אייגנטימער, מסתמא זייערע אינטימע פריינד און קרובים, האָבן זיי צוגעפירט צום וואָקזאַל. איך האָב געהערט געוויינען און געלעכטערן בשעת זיי האָבן זיך

געזעגנט מיט די שכנים. די עלטערע פרויען האָבן מיט זיידענע טיכלעך פאַרשטעלט די טרערן אין זייערע אויגן. די אויסגעשלייערטע פריילינס האָבן געשמייכלט, געשטיפט און געלאַכט ווי יוגנטלעכע און קינדער פירן זיך אויף אין אַלע צייטן. מען האָט זיך געהאַלדזט און געקושט. עס איז געווען אַ גרויסער רעש און אויפרעגונג. הינט האָבן אין דער נאַכט ווילד און פריינדלעך געהאַווקעט זיך באַטייליקנדיק אינסטינקטיוו אינעם טומל. איך בין געווען וואַך צו יעדן מינדעסטן קלאַנג און שאָרך. פון אַן אָפענעם פענצטער אויף אַ הויכן גאָרן האָט מען געהערט אַ רוסיש ליד מיט אַן אומעטיקער מעלאָדיע, ווי געוויינלעך. איינע אַ פרוי האָט אין איר איינזאַמען חדר געזונגען לערמאָנטאָווס „וויכאַדזשיל אַדין יאַ נאַ דאַראָגע״. (איך בין איינמאָל אַרויסגעגאַנגען אויפן וועג). פון אַן אַנדערן פענצטער האָט מען געהערט איידעלע טענער פון אַ פּאָרטעפּיאַנאָ וואָס אַ יינגער מענטש האָט מסתמא פאַרבענקטערהייט געשפּילט אין אָפּשיין פון דער ווייסער לבנה. אָבער אַלץ האָט זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט. און איך האָב שוין דורך דער גאַנצער נאַכט אַזאַ אומרואיקער געחלומט וועגן דער קאָלירפולער פאַמיליע וואָס איז ביינאַכט אַוועקגעפאָרן ווייזט אויס ערגעץ זייער ווייט און אפשר שוין אויף תמיד. עס איז צווישן זיי אויך געווען אַן עלטערער זיידע וואָס פלעגט מערסטנס, בשעת די לינדע זומערדיקע טעג, זיצן אויפן באַלקאָן מיט אַ בוך אויף זיינע קינעס און זיין אַרומגערינגלט מיט וואַזאָנעס. ער איז געווען אָנגעטאָן אין גענעראַלסקע קליידער. ער איז שוין געווען זייער אַלט און מסתמא האָט ער געדענקט די קרימער מלחמה אָדער די שלאַכטן פון דער צאַרישער אַרמיי מיט די טערקן, צי מיט די טשערקעסן און טאַטאַרן אין די ווייטע געגנטן פון קאַווקאַז און טורקעסטאַן. עס זיינען אין די קאַרעטעס און עקיפּאַזשן איינגעשטיגן יינגע פרויען ווי פון געמאָלטע פּאָרטרעטן אַרויס. איך האָב שוין באַצייטנס גענומען בענקען נאָך זיי. איך האָב זיך ממש אַליין באַדויערט צוליב די בענקשאַפט־יסורים וואָס איך וועל מוזן לאַנג ליידן צוליב זייער אַוועקפאָרן אין דער נאַכט...

עס זיינען שוין אָפּגעשוואומען אַ סך כוואַליעס אין די טייכן און ימים זינט יענער צייט. געבליבן שטיין אין מיין זכרון זיינען בלויז די בילדער פון די גרעפינס און פירשטינס וואָס האָבן אַזוי אויסגעזען צו מיר לויט זייער דערשיינונג און אין מיין פאַנטאַזיע. שפּעטער האָב איך וועגן זיי געלייענט אין די ראָמאַנען פון גראַף טאָלסטאָי און טורגעניעוו. זיי זיינען, ווי שוין דערציילט, אַוועקגעפאָרן בשעת דער לבנהדיק־רייכער זומער־נאַכט. איך האָב זיי לאַנג, לאַנג נאָכגעקוקט ביז די לבנה האָט געענדיקט איר געלאַסענעם שפּאַציר איבער הימלישן אָבראַז און די זון האָט שוין גענומען אויפגיין איבער דער ווייסל, רויט פאַרבלוטיקנדיק די שטילע כוואַליעס...

בשעת לויטערע און לבנהדיקע נעכט הויב איך זיך אויף פון מיין געלעגער און איך גנבע זיך צו ווי אַ שאָטן צום פענצטער. די לבנה קוקט

אויף מיר מיט שטוינונג. צווישן די ביימער, דאַכט זיך, זע איך די נאָבעלע שאָטנס פון די פרויען. איינע פון זיי מיט אַזאַ בלייך פּנים און מיט רויזן פאַרשטעקט אין אירע האָר, איז געבליבן שטיין אויף אַ קורצער ווײַלע צווישן די בוימער און די אייזערנע נאַכט־לאַמטערנעס. ווען נאָר עס פאַרגלוסט זיך מיר, רעד איך צו איר און איך דערהער איר ליב קול ווי דאָס זינגען פון יענער איינזאַמער פרוי אין דער שפּעטער נאַכט אויפן הויכן גאָרן. ווען נאָר איך האָב חשק, עפן איך אַפילו אינמיטן נאַכט די טיר פון מיין דאַך־שטיבל און דאָס האַרץ ווערט פול מיט ליבשאַפט און מיטן נישט פאַרשטיין פון אַלע רעטענישן אין דער וועלט. ווייניקסטנס אַזוי דאַכט זיך מיר. און דאָס איז גענוג...

## עטלעכע ווערטער וועגן די שריפטן פון פּרץ אָפּאַטשינסקי

אין משך פון די לעצטע פּאָר יאָר בין איך געווען אַן עדות ווי אַזוי דאָס דאָזיקע בוך מיט די איבערגעבליבענע שריפטן פון פּרץ אָפּאַטשינסקי איז מיט גרויסע שוועריקייטן צושטאַנד געקומען. ווען נאָר איך פלעג קומען צו גאַסט אין דעם באַשיידענעם הויז פון רינהן און אליעזר אָפּאַטשינסקי אין זייער היים אין די בראָנקס, פלעגט מען תמיד רעדן וועגן דעם הייליקן חוב אַרויסצוגעבן אַ בוך פון פּרץ אָפּאַטשינסקי. איך האָב זעלטן געזען אַז אַ שוועסטער זאָל זיין אַזוי איבערגעגעבן צו איר ברודער, צו זיין הייליקן אָנדענק, צו זיינע שריפטן. די טרערן אויף רינה׳ס פּנים זיינען קיינמאָל נישט טרוקן געוואָרן, באַווײַנענדיק איר איינציקן און טאַלאַנטפולן ברודער. זי האָט נאָך געהאַט דאָס גליק אָדער דאָס אומגליק צו זען איר ברודער אַ קורצע צייט פאַרן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין וואַרשע. איר ברודער, אַ שטילער, ריינער און שטאָלצער מענטש, האָט קיינמאָל נישט געוואָלט אָננעמען קיין שום הילף. פּרץ אָפּאַטשינסקי וואָלט אויך קיינמאָל נישט פאַרלאָזט זיין באַליבטע שטאָט וואַרשע; ער וואָלט זיך קיינמאָל נישט דערלויבט צו שיידן מיט די געדיכטע מאַסן יידן אין פוילן וואָס האָבן כסדר געשטראָמט פון דער פּאַראָרעמטער און איבערגעשראָקענער פּראָווינץ צו דער הויפּט־שטאָט וואַרשע פּונקט ווי דאָרטן וואָלטן זיי זיך עפּעס געפילט זיכערער קעגן דעם פינצטערן אָניאָג פונעם טייוולישן שטורעם. די פּאָר טאָלער וואָס זיין שוועסטער האָט אים אָנגעבאָטן, אַגב אַליין נישט זייענדיק קיין גבירטע, און ערב איר אָפּפאָרן צוריק קיין אַמעריקע, האָט ער שטאָלצערהייט ממש צוריקגעוואָרפן. אין איר איצטיקן טיפן צער נאָכן חורבן פון דעם גרויסן פוילישן יידנטום אין אַ לאַנד וואו זיי האָבן געלעבט, געהאָפט, געחלומט, געשאַפן גייסטיקע אוצרות און יעדן טאָג געהאַלדזט און געקושט די הייליקע ספר תורה, אין דער רירנדיקער האָפענונג איבערצולעבן אויך דעם געראַמאַניש־נאַצישן שטורעם ווי זיי האָבן איבערגעלעבט די מערסטע קאַטאַסטראָפעס אין דער יידישער געשיכטע, איז די איינציקע טרייסט

פֿאַר איר געווען אַרויסצוגעבן די איבערגעבליבענע שריפֿטן פֿון איר ברודער...

שווער, זייער שווער איז רינהן אָנגעקומען צונויפֿצוזאַמלען דאָס וואָס עס איז דאָ פֿאַראַנען פֿון פּרץ אָפּאַטשינסקיס שפּעפֿרישער ירושה אין דעם איצטיקן בוך. אויסער די פּאָר דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן וואָס זיינען געווען זינט יאָרן אין איר באַזיץ, האָט זי זיך באַמיט צונויפֿצוזאַמלען נאָך זאַכן וואָס זיינען דאָ און דאָרטן דערשינען אין משך פֿון יאָרן, און וואָס האָבן דערגרייכט איר וויסן און אויפֿמערקזאַמקייט. אַמאָל איז רינה מיט געשוואָלענע פֿיס, אויף אירע עלטערע יאָרן, געלאָפֿן אין דעם היגן ייוואָ־אינסטיטוט, און אַמאָל אין דעם ייִדישן לערער־סעמינאַר. מען האָט זי געקענט זען אַמאָל אויף איסט בראָדוויי וואו עס האָבן זיך געפֿונען די רעדאַקציעס פֿון די לעצטע ייִדישע צייטונגען, און אַמאָל ביי אַ פֿריינד, אַ קאָלעגע פֿון אַפּאָטשינסקין, כדי געוואויר צו ווערן צי האָט זיך אַמאָל נישט פֿאַרוואַלגערט אַן אויסשניט פֿון איר ברודערס אַ דערציילונג, אַ צעקנייטשטע שיימע פֿון אַ רעפּאָרטאַזש וועגן דער וואַרשעווער אָרעמקייט וואָס מען האָט געקענט זען אויף די גאַסן ביי די ייִדישע קרעמערס און אָרעמעלייט, אין דער שוין לעצטער סטאַדיע פֿון דעם גרויסן פּוילישן ייִדנטום; אין דער פּאַטעטישער און טראַגישער סטאַדיע ערב די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און דעם לעצטן שלאָג פֿונעם ייִדישן פּולס איידער דאָס האַרץ פֿונעם פּוילישן ייִדנטום האָט זיך אָפּגעשטעלט אין דעם גאַז־קאַמער פֿון אוישוויץ, מאַידאַנעק, כעלמנאָ און פֿילע אַנדערע אומקום־לאַגערן. כדי אַרויסצוקריגן די מינדעסטע זאַך פֿון פּרצן האָט רינה געדאַרפֿט אָנווענדן אַ סך כוחות. די שטאָט ניו־יאָרק איז נישט דווקא דער געווינטשטער פּלאַץ וואו מען קען אויפֿזוכן און אָפּראַטעווען די ווערק פֿון אַן אומגעקומענעם ייִדישן מחבר. דערביי האָט זי געדאַרפֿט צו היטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ דאָס פּעקל מיט מאַנוסקריפּטן און צייטונגס־אויסשניטן וואָס איז ביי איר פֿאַרבליבן...

עטלעכע מיניאַטורן פֿון פּרץ אָפּאַטשינסקי וועלכע זיינען אַריין אין דאָזיקן בוך, האָב איך אַליין איבערגעשריבן פֿון דעם אַרכיוו וואָס האָט זיך געפֿונען ביים לאָדזשער פּאָעט י. ה. ראָדאָשיצקי. ראָדאָשיצקי האָט גוט געקענט פּרץ אָפּאַטשינסקין נאָך פֿון לאָדזש. זיי האָבן זיך דערנאָך יאָרנלאַנג איבערגעשריבן. איך האָב אויך קאָפּירט אָפּאַטשינסקיס אַ רעצענזיע וועגן חיים קרולס „אין דערלייטערונג" פֿונעם זעלביקן אַרכיוו. איך דריק דאָ אויס אַ דאַנק דעם טייערן קאָלעגע י. ה. ראָדאָשיצקי.

בשעת איך שרייב איצט איבער די שורות פֿונעם אָפּאַטשינסקי־בוך וואָס איז דערשינען אין ניו־יאָרק, אין יאָר 1951, איז שוין ראַדאָשיצקי זינט לאַנג אין גן־עדן, נעבן דער ריינער נשמה פֿון זיין חבר אָפּאַטשינסקי, וויינענדיק מסתמא ביים דערמאָנען זיך די פֿאַרגאַנגענע טעג פֿון זייערע ביידנס בעסערע צייטן בשעת די יאָרן פֿון זייער נאָענטער חברשאַפֿט...

ווי געזאָגט, בין איך געווען אַן עדות פֿון דער זאָרג, מיעניש, פּיין און

אָנשטרענגונג אַרום דעם אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך. רינה אָפּאַטשינסקי, אַליין אַ זייער סענסיטיווע פרוי וואָס האַלט אַגב אויך אַ יידישע פעדער אין דער האַנט, איז אָבער פון דער נאַטור אַן אומבאַהאָלפענער מענטש. און דאָס האָט איר געשטערט אין דער אַרבעט...

געוויסע קרייזן פון דער יידישער געזעלשאַפט אין אַמעריקע האָבן זיך געשטעלט די אויפגאַבע איבערצודרוקן, אויפדאָסניי אַרויסצוגעבן און פאַרשפּרייטן די ווערק פון אונדזערע אומגעקומענע שרייבער און קינסטלער אין אייראָפּע. דאָס איז ביי די בעסטע, ביי די סאַמע אידעאַלסטע באַדינגונגען, אַ גיגאַנטישע אונטערנעמונג, נעמענדיק אין באַטראַכט ווי אָרעם מיר זיינען דאָ אין מעגלעכקייטן דאָס אויסצופירן, און נישט נאָר צוליב פינאַנציעלע מעגלעכקייטן. עס איז דעריבער נישט קיין וואונדער אַז ביז איצט איז כמעט גאָרנישט געטאָן געוואָרן אויף דעם געביט. די גרעסטע פון אונדזערע קינסטלער־קדושים וואַרטן אויף זייער תיקון. בפרט האָבן אַ קנאַפּן שאַנס די דאָזיקע יידישע שריפטשטעלער וועלכע האָבן זיך געהאַלטן באַשיידן און האָבן נישט באַוויזן בשעת זייער לעבן צו מאַכן זיך אַ גרויסן נאָמען און אָנצוקניפּן באַציאונגען מיט וויכטיקע פּערזענלעכקייטן און אינסטיטוציעס. אַזעלכע באַשיידענע מחברים זיינען פאַרמשפּט צו אייביקער שטילקייט... אַזאַ שטילער און העכסט־באַשיידענער מענטש ווי פּרץ אָפּאַטשינסקי וואָלט קוים ווען עס איז „דערלעבט" צו אַ זאַמלונג פון זיינע ווערק. אויך נאָכן טויט באַדאַרף מען האָבן מזל אויף אונדזער אָרעמער וועלט. מען מוז דעריבער שטאַרק אָפּשאַצן, איך חזר איבער, די איניציאַטיוו פון רינה אָפּאַטשינסקי ביים אַרויסגעבן די שאַפונגען פון איר ברודער־קדוש...

אין איר אייגענעם אַריינפיר „מיין ברודער פּרץ אָפּאַטשינסקי", וועט דער לייענער זיך באַקאַנען מיט דעם הינטערגרונט פון פּרץ אָפּאַטשינסקיס פאַמיליע, סביבה, לאַנדשאַפט און זיינע ערשטע ליטעראַרישע פּרוּוון. אין אָפּאַטשינסקיס דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן וועט דער לייענער דערזען דאָס יידישע וואַרשע איידער עס איז אַרונטער צום אָפּגרונט אויף אייביק אין דעם טויזנטיאָריקן יידישן פּוילן, אין דער אַמאָל גרויסער יידישער קולטור און ציוויליזאַציע...

ווען מען לייענט די דאָזיקע פּרעכטיקע רעפּאָרטאַזשן, האָט מען דעם איינדרוק אַז דער איידעלער און סענסיטיווער אָפּאַטשינסקי האָט געפילט דאָס אָנקומען פונעם מוראדיקן שטורעם וואָס דערנענטערט זיך צו די מויערן פון די יידישע ישובים און צו די דעמאָלט נאָך לעבעדיקע און הייליקע יידן. מיט גרויס איידלקייט און אַ סך ליבשאַפט האָט ער באַשריבן דאָס לעצטע יידישע וואַרשע אין זיין פּעריאָד פון אונטערגאַנג און רירנדיקער געזעגענונג מיט זייערע לעבנס און זייערע גורלות. יעדעס וואָרט זיינס איז ממש אָנגעזאַפּט מיט ווייטיק און מיט צערטלעכקייט, פּונקט ווי ער וואָלט בפירוש געפילט דעם יידישן צער און דעם „זשאַל"... אין זיינע שטילע דערציילונגען זיינען בכלל נישטאָ קיין נעגאַטיווע טיפּן.

ער האָט אַרומגענומען דעם פּשוטן יידן פון אַ גאַנץ יאָר מיט דער גרויסער ליבשאַפט פון זיין האַרצן. ער האָט ליב געהאַט יידן, ווען יידן, ווען אַלע יידן, די גאַנצע זעקס מיליאָן יידן: די קליינע קינדער, די נאָבעלע יוגנט, די מיטליאָריקע יידן שווער קעמפנדיק פאַר דער עקזיסטענץ פון זייערע פאַמיליעס, ווי אויך די עלטערע יידן וואָס האָבן זיך אויסגעלעבט געטריי דינענדיק צום אויבערשטן אין די בתי מדרשים און שוהלן: דאַווענענדיק דריי מאָל דורכן לאַנגן טאָג; זאָגנדיק אַ קאַפּיטל תהלים אין די איבעריקע פרייע שעהן; בעטנדיק און דינענדיק צו דער הימלישער השגחה יעדער מינוט און רגע פון זייערע גרויסע, ערלעכע און הייליקע לעבנס — יאָ, ווען אַלע מינים יידן האָבן נאָך געלעבט און קיינמאָל נישט אָפּגענאַרט גאָט און דעריבער נישט געדאַרפט קיינמאָל גיין צום טייך און אויסליידיקן צו תשליך זייערע קעשענעס פון קיין שום זינד חלילה. דאָ האָט אַ יידישער שריפטשטעלער געצייכנט מיט אַזוי פיל איידלקייט און זשעדנעקייט די יידן, ווען זיי האָבן נאָך אין וואַרשע, און אין גאַנץ פּוילן געלעבט, געהאַנדלט און געוואַנדלט און קוים צייט געהאַט אָפּצואָטעמען און צו געניסן אַ קאַרגן מאָמענט פרייד...

איך האָב ביים צוזאַמענשטעלן דאָס בוך געמישט ממש מיט ציטערנדיקע הענט די פאַרגעלטע שטיקלעך צייטונגען, געדרוקט אין „דאָס וואָרט" אין וואַרשע; אין „וואַרשעווער עקספּרעס"; אין דער „אילוסטרירטער לאָדזשער וואָכנבלאַט", אונטער דער רעדאַקציע פון יהושע אוגער, און אין אַנדערע יידישע צייטונגען פון פּוילן וועלכע זיינען מיט אַ פאַרכאַפּנדיקן אָטעם געלייענט געוואָרן פון די יידישע מאַסן. דער לאָדזשער שריפטשטעלער, לעבנדיק די לעצטע יאָרן, ביזן וויסטן חורבן אין וואַרשע, האָט אין די דאָזיקע רעפּאָרטאַזשן זייער איידל, שטימונגספול און אימפּרעסיאָניסטיש, אָבער אויך מיט גרויס רעאַליזם, אין אַ פּרעציזער און קלאָרער שפּראַך, מיט אַ זייער סובטילער, ריינער און ציכטיקער פעדער — באַשריבן די יידן פון וואַרשע. ווען מען לייענט זיין רעפּאָרטאַזש „אין קראַשינסקיס גאָרטן", דערזעט מען ווידער די באַקאַנטע יידן וואָס פלעגן בשעת די זומער־אָוונטן קומען אין קראַשינסקיס גאָרטן; וואָס פלעגן זיך אַראָפּכאַפּן פון די נאַלעווקעס אַהער אויף אַ מינוט אָפּרו, אין שאָטן פון די גרינע, אַלטע בוימער. מען דערזעט דעם ייד וואָס גיט איבער די צייטונג פאַר צען גראָשן, פון האַנט צו האַנט; די יידענע וואָס נעמט אַרויס „צוויי דאַרע, געלע קיכלעך פון זאַפּראַן־קאָליר". מען זעט די טייערע יידישע יוגענט, די מיידלעך ווי די „יונגע קאָזעס"; די פאַרשמאַכטע פּנימער; דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק, זוכנדיק אָפּרו פון דער שווערער היץ. און דאָס אויפגיין פון די „שווערע קופּערנע לבנה", וואָס אויך זי, די לבנה, איז ממש שווער ווי דאָס גאַנצע יידישע לעבן. ווער עס איז אַמאָל געווען אין קראַשינסקיס גאָרטן, דערזעט אים ווידער דאָ מיט די נאָך לעבעדיקע, טייערע יידן. אָ, אונדזערע טייערע וואַרשעווער יידן... אָ, אונדזער גרויס יידיש פאָלק פון פּוילן וואָס קיין שום האַנט פון די

אייראָפּייאישע פעלקער; נישט קיינער פון די חניפהדיקע, זיס־שמייכלענדיקע, ווערמדיקע און היפּאָקריטישע דייטשע ביר־טרינקערס, בלוט־צאַפּערס און קינדער־מערדער האָבן זיך נישט פאַרטראַכט אַז מען באַדאַרף צו העלפן די יידישע קינדער אין דער גהינומדיקער שעה פון אוישוויץ־גאַז און פייער...

און ווען נאָך דער שרעקלעכסטער פון אַלע מלחמות און אַלע חורבנות זיינען די שיפן מיט צעבראָכענע און פאַרצווייפלטע יידן מיט זייערע פרויען און קינדער, קוים אָפּגעראַטעוועטע פון אוישוויץ, אַרומגעשוואומען אין די שטורמווינטן איבער די הפקרדיקע ימים, האָט קיין שום לאַנד נישט צוגעלעגט אַ פינגער זיי צו ראַטעווען און מען האָט זיי געלאָזט דערטרונקען ווערן אויף די שטורמדיקע ימים און ווערן „קאַנאָנענפלייש" פאַר די מאָנסטער־חיות...

ווען מען לייענט די רעפּאָרטאַזשן „סכך" און „פייגן", גייט אויף די פרייד פון אַ יידישן יום־טוב וואָס איז געווען דאָס אינדזל פון נחת אין דער גרויסער עפּיק פון אַרבעט. מיט וועלכער לעבעדיקייט און רעאַליזם עס ווערט דאָ געשילדערט דאָס אויפשטעלן די סוכה; ווי אַזוי פאָטער און זין, און אַפילו די פרויען העלפן צו און שטעלן אויף מיט אַנטציקונג די סוכה, און מיט וויפל קינסטלערישער שיינקייט דער מחבר שילדערט דאָ אַ ליבן יידישן יום־טוב, חמשה־עשר, ווען אין דער שטענדיקער גרויקייט פון אַ יידישער שטוב וואָס איז וואָכעדיק און אָרעם, דערשיינען ווי דורך מלאכים פון הימל געבראַכט, פייגן, באָקסער און טייטלען מיט וועלכע יידישע קינדער פרייען זיך...

אין דעם רעפּאָרטאַזש „דראָזשקאַזשעס" ווערט בונט געמאָלן אַן עלעמענט פון דעם פוילישן יידנטום וואָס האָט אינעם פאַרמלחמהדיקן פוילן פאַרנומען אַזאַ וואַרעמען פלאַץ. דאָס איז געווען אַ טיפּ ייד, אַזוי בולט ווי אַ סקולפּטור. אַ שטיק היימישן פאָלקלאָר האָט ער מיט זיך פאַרגעשטעלט. ז. סעגאַלאָוויטש האָט מיט אַזוי פיל סענטימענט און ראָמאַנטיק באַשריבן דעם אונטערגייענדיקן דראָזשקאַזשעס־קלאַס אין קוזמיר, אין די שטעטלעך פון פוילן. מיטן אויפקום פון די גרויסע אויטאָבוסן האָט דער דאָזיקער טיפּ ייד אָנגעהויבן פאַרשווינדן צו ווערן פון די קליינשטעטלדיקע שאָסייען, פירנדיק פּאַסאַזשירן בייטאָג און ביינאַכט פון די באַן־סטאַנציעס און קאָלייקעס. יידישע שרייבער האָבן אים, דעם היימישן דראָזשקאַזש וואָס זיצט הויך אויף דער קעלנע איינגעהילט אין זיין בורקע בשעת די ווינטערדיקע ווערערן פון שניי און ווינט, און אויך זומערצייט בשעת די היצן, באַשריבן מיט נאָסטאַלגיע. ווידער שטייט ער דאָ אויף אין זיין גאַנצער פאָלקסטימלעכער שיינקייט און גבורה, צוזאַמען מיטן וואַסערטרעגער, מיטן קברות־מאַן וואָס טראָגט פאַרשטעקט אין דער קעשענע דאָס פלעשעלע בראָנפן; מיטן פעלדזשער וואָס האַלט אין דער האַנט דאָס שוואַרצע סעטשעלע מיט באַנקעס און דאָס פלעשל מיט טערפּענטין, און אויב נויטיק, אויך אַן אַפּטייקערישע

קאַראַפּינקע מיט קאַרבאַל כדי אויסצושפּריצן אַן אָרעמע שטוב וואו עס ליגט אַ קימפּעטאָרין מיט איר פּיצל נפשל וואָס איז נאָך וואַרם פון דער מאַמעס הייסער טראַכט. יאָ, ווידער שטייען זיי דאָ אויף אין זייער דורותדיקער טראַכט און זאָרגזאַמער פּאַרטראַכטקייט. אין פּרץ אָפּאַטשינקיס רעליעפער באַשרייבונג, מיט זייער געשטאַלט, מלבוש און לשון, באַלויכטן פון דער יידישער זון וואָס פאַרגייט אין איר טאָג־טעגלעכן אונטערגאַנג מיט אומעט און בענקשאַפט...

אין אַזעלכע רעפּאָרטאַזשן ווי „אויף אַ זומער־וואוינונג”, „אויף דער ווייסל”, גייט אויף דעם יידנס ביסל קאַרגע פרייד ווען ער האָט זיך אַרויסגעריסן אויף אַ קורצן מהלך פונעם טומלענדיקן און פאַרקאַפּטשעטן שטעטל. איינגעהילט אינעם איידעלן גאָלד פון דער זון לייכט אויף דער פאַרהאָרעוועטער ייד אין אָפּרו. ער כאַפּט אָפּ דעם אָטעם פון דער שווערער האָרעוואַניע, פון די זאָרגן מכוח פּרנסה, פון די דאַגות פונעם הויז־געזינד. אין „שניט” גייט אויף אַ קרעפטיקער יידישער פּראָזאַאיקער וואָס טוט ווידער אַן אָטעם מיט פּוילנס וועלדער און פעלדער; מיט דער פולקייט און פילפאַרביקייט פון דער געזונטער נאַטור. דאָס פרישע לשון פון רייפע זאַנגען; די זאַטקייט און די מיסטעריע פון פּוילנס סלאַוויש־פעטער לאַנדשאַפט; דאָס צופאַלן פונעם אָוונט; די ריינקייט פון דער לופט וואָס פאַרשלעפּערט דאָס מידע געמיט פונעם דאָרפסגייער כדי צו דערגרייכן די ליבע שוועל פון דער היים; די לירישקייט פון אַ פּוילישן פאַרנאַכט און די פּולע גאָלדענע לבנה פון מיטנגאַכט. אַליין אַ פאַרהאָרעוועטער ייד, האָט אָפּאַטשינסקי געזען און געלויבט אין זיינע שריפטן די שיינקייט פון דעם פּוילישן פּייזאַזש. די דאָזיקע זאַכטע און זאַפטיקע נאַטור־שילדערונגען קענען צוגעגליכן ווערן צו די בעסטע שטעלן פון שלום אַשס אָדער ווייסענבערגס ווערק. אין די רעפּאָרטאַזשן „ליאָדעס”, „אויף די טרעפּלעך”, ווערן געשילדערט די טיפּישע יידישע זומער־פּרנסות; עס לויכטן אויף מיט באַשיידנקייט יידישע גאַסן פון וואַרשע, ווי די סטאַווקי, ניזקאַ, לובעצקאַ, וואָלינסקאַ...

געאיילט, קורץ און קאָנצענטרירט שרייבט פּרץ אָפּאַטשינסקי האַרט פאַרן חורבן זיין פּאָעטישע פּראָזע, נישט באַלאָדנדיק קיינמאָל מיט קיין איבעריקן דעטאַל. זיין דערציילונג „שמאַטעס” רירט ביז טרערן. מען מוז זיך גאַנץ שטאַרק באַהערשן כדי נישט אויסצוברעכן אין אַ שווער געוויין ווען מען לייענט מיט וועלכער איידלקייט ער באַשרייבט די יידישע שמאַטע־הענדלער. ווי אַזוי ער פאַרשרייבט דיליידן און פריידן פון אַ פּוילישן ייד, אַ הענדלער מיט אָרעמקייט...

און, מיטן דאָזיקן יידנטום איז פּרץ אָפּאַטשינסקי אַרונטער צום אָפּגרונט. ער איז ביז צו די לעצטע טעג געווען אין וואַרשע. ווען מען וועט קאָפּירן די מאַנוסקריפּטן זיינע וואָס מען האָט געפונען אינעם וואַרשעווער רינגעלבלום־אַרכיוו, וועט זיך באַקומען אַ רעאַליסטיש און טראַגיש בילד פון אָפּאַטשינסקיס לעצטע יאָרן, חדשים און וואָכן אין געטאָ. וואָס פאַר אַ

מוראדיקער אומקום דאָס האָט געמוזט זיין. און וואָס פאַר אַ קוראַזש און מסירת נפש האָט דער איידעלער יידישער מחבר געמוזט אַרויסווייזן צו טונקען זיין פען אין טרערן כדי צו באַשרייבן יידישע יסורים...

קוראַזש האָט פרץ אָפּאַטשינסקי אַרויסגעוויזן דורך זיין גאַנץ לעבן. מיר וויסן דאָס פון דעם דערציילן פון זיין שוועסטער רינה און פון גוטע קאָלעגן. אַלע שילדערן זיי אים ווי אַ הויך־מאָראַלישן, עטישן מענטש. קומענדיק פון אַ טראַדיציאָנעלן יידישן הויז, לערנענדיק יאָרנלאַנג אין ישיבה, זיך אָנזאַפּנדיק מיט תורה און חכמה, איז אָט דער יידישער שרייבער פאַרבליבן אַן אויסערגעוויינלעך איידעלער מענטש, וואָס האָט ליב געהאַט דאָס לעבן, האָט זיך באַצויגן צום מין מענטש ווי צו אַ הייליקטום. אָפּאַטשינסקי איז דורך זיין גאַנצן לעבן פאַרבליבן אַן אָרעמאַן. ער האָט אָבער ביי קיינעם, ווי שוין דערמאָנט, נישט געוואָלט נעמען. און אַזאַ איז ער פאַרבליבן ביז צו זיין אומקום צוזאַמען מיטן זעקס מיליאָניקן העלדן אומקום פון אַ פאָלק...

מיט גרויס פּיעטעט, מיט אַ געפיל פון הייליקייט, האָבן מיר געבלעטערט די פאַרגעלבטע שטיקלעך צייטונגען אין וועלכע עס איז פאַרבליבן בלויז אַ טייל פון זיין ליטעראַרישער ירושה. דאָס ווערק זיינס וואָלט געווען פיל באַדייטנדיקער אין קוואַנטיטעט, ווען עס זאָל געווען געלונגען צונויפצוזאַמלען אַלץ, אָדער כאָטש אַ גרויסן טייל, וואָס ער האָט געשריבן און געדרוקט. אַגב האָט אָפּאַטשינסקי מיטגעאַרבעט מיטן „עונג שבת" וואָס דער קדוש און היסטאָריקער עמנואל רינגעלבלום האָט אָנגעפירט מיט אַ טראַגישן שטאַב פון הונגעריקע, קראַנקע און אויסשטאַרבנדיקע יידישע מענטשן פון גייסט און קולטור, וואָס האָבן ביז צו די לעצטע מאָמענטן פון זייערע עקזיסטענצן, ביי די מוראדיקסטע באַדינגונגען וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן, מיטגעאַרבעט מיט זייער הויפּט־גענעראַל פון מענטשלעכן גייסט און העלדישקייט, דעם היסטאָריקער פון יידישן חורבן, עמנואל רינגעלבלום, אַליין אויך פאַרשרייבנדיק יעדן טאָג און יעדער נאַכט אַלץ וואָס עס איז נאָר דערגאַנגען צו אים... און וואָס עס טוט זיך אָפּ ביז צום לעצטן מאָמענט פון זיין לעבן אין דער חרוב־געוואָרענער און צעבראָכענער וואַרשע...

דערווייל וויל איך אויסדריקן אַ האַרציקן דאַנק צו רינהן און אויך צו איר מאַן, דעם איידעלן ייד און בן־תורה אליעזר אָפּאַטשינסקי, וועלכער האָט פיל מיטגעהאָלפן ביים רעאַליזירן דאָס דאָזיקע הייליקע ווערק. עס בלייבט איבער האַרציק צו דאַנקען אַלע יענע וואַרעמע פריינד, ליבהאָבער פון דער יידישער קולטור, וועלכע האָבן זיך פינאַנציעל וואַרם אָפּגערופן כדי צו דערמעגלעכן אַרויסצוגעבן די דאָזיקע כתבים פון אַ קדוש...

מען באַדאַרף אויך אויסדריקן אַ וואַרעמען דאַנק צו פרץ אָפּאַטשינסקיס בוך־קאָמיטעט, מיטן באַליבטן דיכטער, דעם קלאַסיקער אברהם רייזען בראש.

האָפנדיק אַז מיר האָבן מקיים געווען בלויז אַ קליינעם טייל פון אונדזער פליכט צו פּרץ אָפּאַטשינסקי, ווי צו אַ זעלטענעם מענטש און אַן ערלעכן שריפטשטעלער, שליסן מיר מיטן דאָזיקן באַוואוסטזיין די עטלעכע ווערטער וועגן זיין הייליקן ווערק...

## ער גייט דורך נאַכט און שטורם

עס איז געווען אין אַ נאַכט פון אימהדיקן רעגן, בליץ און געדונער. דער הימל מיט דער ערד זיינען שיער נישט פאַרברענט געוואָרן. איך בין געגאַנגען שוין שפּעט ביינאַכט אַהיים פאַרביי די טונקעלע שטיינערנע מויערן, די פּאַלאַצן פון די אביונים אין ברוקלין, וואָס איז צו יענער צייט ממש געווען אַ יידישע מלוכה מיט קרוב צו אַ מיליאָן יידן. פּלוצלינג דערזע איך ווי אויף אַ באַרג אַרויפצוצו, איבער פעלזיקע טרעפּ, שפּאַנט עפּעס אַן אומגעוויינלעך ריזיקער מאַנצפאַרשוין וואָס שלאָגט זיך ממש מיטן צאָרנדיקן געוויטער פון גאָט. די כוואַליעס פון ים, פול מיט נאַכט, ווינט און רעגן, און מיט פייערדיקע בליצן ווי שיכורע קאָסמישע ציניקער רייטנדיק אויף ווילדע פערד, האָבן חשק דעם פאַרשוין בפירוש אַראָפּפירן פון זיין באַשטימטן גאַנג איבער באַרג. זיי ווילן אים אומברענגען, איינבויגן און צעברעכן זיין פעסטע פיגור. אָבער דער מאַן טראָגט זיך פאָרט מיט עפּעס אַזאַ עקשנותדיקן טראָט, מיטן שטומען און גולמדיקן אימפּעט פון אַ מאַסטאָדאָן, אַ פאַרמבולדיקע חיה. ער איז שוין טאַקע אַלט. אָבער נאָך אַלץ שטאַרק און אומצעברעכלעך. די געטלעכע עלעמענטן זיינען נישט אימשטאַנד אים צו פאַרניכטן. ער איז אַליין אַן עלעמענט...

פון די נערוועזע און איבערגעשראָקענע בוימער רינט איבער זיין אַטלעטישן קאָפּ מיט שטיקער רויען רעגנגאָס ווי מיט צעשמאָלצענעם צין. זיין אָפּגעמאָגערט פּנים שרעקט אָפּ ווי דאָס געזיכט פון אַ סקעלעט וואָס איז אין זיינע ייִנגערע יאָרן געווען אַ טיטאַן, אַ נבוכדנאצר. די צוויי שניי־ווייסע אַריינגעמאַכטע רייען שטאַרקע ציין, אין אַ גרעסערער מאָס ווי געוויינלעכע מענטשלעכע ציין, סטאַרטשן אַרויס שטעכיק און עקשנותדיק פון זיינע פולע פליישיקע ליפּן, דערמאָנענדיק אין יענע פרעמדע און מערדערלעכע ציין פון סטיפענסאָנס פיקטיוון כאַראַקטער דר. דזשעקיל און מר. האַיד, נאָכדעם ווי ער נעמט איין ביינאַכט דעם כעמישן שטאָף. זיין פּנים פאַרמאָגט עפּעס אַן עלעמענט פון סיפיליטישקייט און פון שוין געשטאָרבנקייט. עס איז אויך קענטיק אַז ער איילט זיך שטאַרק ערגעץ־וואו אָנצוקומען. ער שלאָגט זיך ממש איינער אַליין מיט אַזאַ מבולדיקן רעגן, וואָס דערציילט פון אַ נאַטור־סטיכיע וואָס איז בשום אופן נישט פריינדלעך צום מענטש, און האָט בכלל גאָרנישט צו טאָן מיט גאָט, מיט מאָראַל און אויך נישט מיט יידישקייט. וויניקסטנס אין דעם איצטיקן מאָמענט פון נאַכט, ווינט און ברוטאַלע כוחות...

אָבער איך ווייס געזנוי וואוהין דער הויכער מאַן, דער חשובער שתדלן און מנהיג איילט זיך איצט אין דער נאַכט, וואָס דערמאָנט מיך אין

די דונערנדיקע שטורעמס פון שעקספירס „קייסער ליר". ער איילט זיך ווי אַ נאַטור־עלעמענט צו דער פרוי וואָס איז שוין בשעת איר גאַנצן קורטעזאַנישן לעבן אויסגעשלאָפן מיט אַלערליי מאַנצלייט פון איינפלוס, מאַכט און רום. אירע בעטן זיינען געשטאַנען אין די שענסטע און רייכסטע האָטעלן פון דער מעטראָפּאָליע. איזאַדאָראַ דאָנקאַן, דער ענגלישער קעניג עדוואַרד דער זיבנטער; דער דיוק פון ווינדזאָר מיט זיין ווייב וואַלי סימפּסאָן; די אַמאָליקע מיניסטאָרן פּואַנקאַרע, בריאַן און לאָיד דזשאָרדזש; פּימפּס און פּעדלערס מיט פּרויען און אָפּיום; פּראָסטיטוטקעס, קאָרטנשפּילערס און שאַרלאַטאַנעס האָבן זיך אַרומגעדרייט אין די לוקסוסדיקע „לאַביס", באַלויכטענע מיט בליציקע שאַנדעלירן. די ווענט זיינען געווען לויטער זילבערנע און זוניקע שפּיגלען אינמיטן נאַכט נאָך נאַכט, אין משך פון די לעצטע הונדערט און פופציק יאָר, איינשלינגענדיק טוריסטן, דיפּלאָמאַטן, אַמבאַסאַדאָרן, דאָן זשואַנען, געמבלערס, אַבדיקירטע קייסאָרים פון באַלקאָנישע, אַזיאַטישע און אָריענטאַלישע לענדער. דאָס שענסטע און ווייבערטום און ווייבלעכע שטערנס פון האָליוואוד האָבן דאָ פּאַראַדירט אין לאַנגע זיידענע קליידער, אין צירונג וואָס ווערט נישט אַלט אַפילו אויף די שלאַנקע גופים פון הונדערט אַקטריסעס און עס איז שטענדיק גרייט צו צירן און שיין צו מאַכן די פּנימער, די אַקסלען און אָרעמס פון אַלערליי ראָמאַנטישע אַוואַנטוריסטקעס און שוישפּילערינס וואָס שפּילן פאַנטאַסטישע ראָלעס אויף דער בינע און מיט נאָך מער רייץ, ראָמאַנס און טאַלאַנט אין לעבן... טאָמער טרייבט דער מחבר אַ קאַפּעטשקע אונטער אין וואָרט, ווי עס איז שוין די געוואוינטשאַפט פון די שרייבער און ליטעראַטן אין אַלע צייטן, אַפילו אין דעם פּאַרצייטישן גריכנלאַנד, רוים, אַטען און ירושלים, וועט מיר דער לייענער האָפנטלעך מוחל זיין...

צומאָרגנס ביינאַכט וועט דער עלעגאַנטער און דאָן זשואַנישער שתדלן שטיין אַזאַ אויסגעשטרעקטער אויף דער ליכטיק־באַלויכטענער טריבונע פון „אַסטאָריאַ"־האָטעל אין דער פּאָזע פון אַ טראַגישן נביא. זיינע ציין וועלן דעמאָניש אַרויסשטאַרצן פון זיין ברייטן מויל, פון די פּולבלוטיקע און געשוואָלענע ליפּן. זיין מאַסקע וועט דערמאָנען אין דער מאָרבידער מאַסקע פון דעם אַמאָל פּאָפּולערן פילם „פאַנטאָם פון דער אָפּעראַ". ער וועט דרשנען מיט התלהבות וועגן דער אייביק־אַלטער טעמע וואָס ער עקספּלואַטירט דורך זיין גאַנצן באַוואוסטזיניקן לעבן און טעטיקייט: נעמלעך וועגן דער צוקונפט און דעם גייסטיקן עסענץ פון די יידישע דורות אין אַמעריקע בשעת דעם קומענדיקן יאָרהונדערט. עס איז אַ געביט וואָס קיינער קען מיט אים נישט דיסקוטירן אָדער ווידערשפּעניקן מחמת עס שמעקט מער מיט נביאות ווי מיט סטאַטיסטיק. עס איז אַ סאָרט פּסיידאָ־וויסנשאַפט וואָס האָט צו טאָן מיט זשורנאַליסטישע שפּעקולאַציעס אָן שום מעגלעכער דעקונג, און עס איז גאָר אָפּטמאָל אָן שום וויסנשאַפטלעכער אויטאָריטעט, אָן גענויע טאַבעלן

און געוויינלעך באַזירט אויפן צושטאַנד פון חינוך, געמישטע חתונות און אויך דער אַלגעמיינער לאַגע פון די יידן אין דער וועלט, בפרט אין ישראל. אונדזער העלד וועט שרייבן דיסערטאַציעס, ביכער, דיקע ספרים און בראָשורן פון היסטאָרישן כאַראַקטער וואָס דערמעגלעכן שפּעקולאַציעס און פּאַראַלעלן וואָס קענען נישט באַוויזן ווערן סיידן די פּראָטאַגאַניסטן זאָלן אַריינלעבן אין די הונדערטער יאָרן. אונדזער העלד וועט דערווייל אָנהאַלטן אַ וויכטיקן אַמט אין אַ באַוואוסטער נאַציאָנאַלער אינסטיטוציע אַרום אַ גאַנצן האַלבן יאָרהונדערט, אויב נישט נאָך לענגער. ער וועט אין משך פון זיין לאַנגען און פּרוקטבאַרן לעבן מאַכן אַ סך נסיעות אין פאַרשידענע לענדער מיט יידישע קהילות. באַזונדערס וועט ער עטלעכע מאָל אין יאָר אָפּשטאַטן וויזיטן אין ירושלים און תל־אביב, זיך לאָזן פאָטאָגראַפירן ביי דער כותל מערבי, האָבן שמועסן, אוידיענצן און נעמען אינטערוויוס ביי וויכטיקע רעפּרעזענטאַטיווע מלוכה־פּערזענלעכקייטן און גענעראַלן. ער וועט גיין, ער וועט פאָרן און באַזוכן אומעטום און אַלץ נאָטירלעך אויפן חשבון פון די געלטער וועלכע ער אַליין זאַמלט אין אַ גרויסער מאָס לטובת דעם יידנטום אין אַלע טיילן פון דער וועלט וואו נאָר עס לעבן מאַסן יידן. ער וועט אויך זיין אַ שטענדיקער מיטרעדאַקטאָר פון אַלערליי ענציקלאָפּעדיעס און היסטאָרישע ווערק. ער וועט רייבן עלנבויגנס מיט די פּראָמינענטסטע עסקנים אויף אַלע וויכטיקע נאַציאָנאַלע קאָנגרעסן, קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן אין זשענעווע, אין בערן, אָסלאָ, וויען, בריסל, לאָנדאָן, קאָפּנהאַגן, שטאָקהאָלם, רוים און ניו־יאָרק. ער איז אין משך פון זיין לאַנגען און אַקטיוון לעבן געוועזן „פּער דו" מיט אַזעלכע ריזן־עסקנים ווי דר. נתן בירנבוים, פּרץ, די ראָטשילדס, וואָלפסאָן, דר. מאַקס נאָרדוי, טשלענאָוו, לעאָ מאָצקין, דר. חיים ווייצמאַן, וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי, אוסישקין, אַלבערט איינשטיין, און מיט גאָר די גיבורים־פּערזענלעכקייטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, נאָך פון די צייטן פונעם ערשטן באַזעלער קאָנגרעס, ווען עס איז דערשינען אויפן נאַציאָנאַלן יידישן האָריזאָנט דאָס קעניגלעך־אימפּאָזאַנטע און ערלעכע געשטאַלט פון דעם בודאַפּעשטער געבוירענעם און וויענער זשורנאַליסטישן דר. טעאָדאָר הערצל מיט זיינע יועצים. ער וועט אויך דינען אויף אַ לאָיאַלן שטייגער צו דער סעקולערער יידישער קולטור. קיין שום אַמט און ערנאַמט ביי קיין שום אָרגאַניזאַציע וועט נישט זיין גענוג קליין אָדער מינדערוויכטיק וואָס ער זאָל האָבן גענוג כוח אָפּצוואוואַרפן, אויב נאָר עס וועט אים שענקען אַ טראָפּן אָנזען, פּרעסטיזש, כבוד, ווען עס איז אַפילו פון אַ גאָר באַגרענעצטן כאַראַקטער. אַבי כבוד! אַבי ער זאָל זיין דער אייביקער פאָרזיצער, פּרעזידענט, טריביון, באַגריסער, אָראַטאָר, שליח, דעלעגאַט און פאָרשטייער כאָטש פון אַן אומבאַדייטנדיקן מנין יידן... אויב עס וועט נויטיק זיין נושא חן צו זיין ביי אַ געוויסער גרופּע יידן וואָס קענען דינען ווי אַ ציגל צו זיין שטאַטסמענישן מאָנומענט, וועט ער זיין גרייט און וועט זיך דערלויבן אַרויסצוזאָגן פּאָזיטיוו און אַפילו מיט

אָפּשאַצונג וועגן דער גרויסער היסטאָרישער ראָלע פון „בונד" אין זיין טעטיקייט לטובת דער יידישער קולטור און דעם אויפהויבן מיט שטאָלץ און חשיבות דעם רוקן פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין פוילן, רוסלאַנד און ליטע, ווי אויך די ראָלע פונעם „בונד" אין זיין אָפּוועד און קאַמף קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם סיי פון דער צאַרישער ביוראָקראַטיע און קעגן די פּאָגראָמען אויף יידן וואָס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן סיי פונעם צאַר, פון מיניסטער סטאָליפּין און פון דער גאַנצער צאַרישער הערשאַפט, און סיי פון די פוילישע מאַכט־אָרגאַנען און רעאַקציאָנערע פּאַרטייען און קליקעס קעגן דעם יידישן פאָלק אין פוילן...

און נאָך דעם אַלעם וועט פאָרט קומען דער לעצטער און אומפאַרמיידלעכער טאָג ווי עס קומען די לעצטע טעג פון גאָר דעם מענטשלעכן לעבן און פון דעם לעצטן פייערלעכן מאַסקנבאַל צו גאָר די מענטשן פון דער ערד. ער וועט פלוצלינג שטאַרבן אויף אַ שיף אינמיטן פונעם אַטלאַנטיק, זיך צוריקקערנדיק מיט איינער פון זיינע מעטרעסעס. ער וועט פאַלן אויפן דעק פון דער שיף „וועלינגטאָן" בשעת אַ שטאַרקן שלאַקס־רעגן און ווינט, שפּאַצירנדיק מיט זיין לעצטער געליבטע איוועט, וואָס איז געווען אַ בלוטלאָזע דראַמאַטורגין, אַ מיזעראַבעלע אַקטריסע, אַ שלעכטע מאָלערין, אַן אָרעמע קונסט־קריטיקערין, אַ שלימלזדיקע דערציילערין. זי איז מיט אַ סך יאָרן צוריק געקומען פון אַ קליין שטעטל אין גאַליציע, פון אַן אָרעמער היים, אָן שום בילדונג, בלויז באַווייזנדיק קוים צו שרייבן אַ פאַרגרייזטן יידיש. אָבער זי האָט מכלומרשט געמאַכט אַ „ליטעראַרישע קאַריערע" אַדאַנק די אַלערליי קאָלעגן, רעדאַקטאָרן, ליטעראַטור־מבינים און רעצענזענטן וואָס האָבן געדרוקט אירע מאמרים אין די ליטעראַרישע ביילאַגעס פון די טאָג־צייטונגען; און דערנאָך האָבן זיי פאַרן „בעט" אין פאַרשידענע האָטעלן פון דער גרויסער שטאָט, פאַר דעם געשלאָגענעם פלייש פון דער געבוירענער העטערע, הויך געלויבט אירע טאַנדייטנע און אומבאַהאָלפענע שאַפונגען. זי האָט פאַר יעדעס פיצל מישטיינסגעזאָגטער אַנערקענונג וועגן איר קונסט, פאַר יעדער געשפּילטער פּיעסע אירער, פאַר יעדן קריטישן קאָמפּלימענט אינעם טעגלעכן פלאָטקע־קאָלום, פאַר יעדעס מאָל דערמאָנען איר נאָמען, געצאָלט מיט ליבע, מיטן גאָלד פון איר לעבן וואָס איז שוין איצט נישט מער געווען קיין גאָלד, אַפילו נישט קיין „אַמעריקאַנער גאָלד", נייערט גרויער בליי, צינק און פאַרזשאַווערט אייזן. זי איז שוין אַצינד געווען אַ צעגריזשעטער סקעלעט פון וועלכער די פּראָפעסיאָנעלע בעלי־תאווהניקעס, די אויסוואורפן, הולטייעס און שאַרלאַטאַנען האָבן אָפּגעפרעסן יעדעס אבר, יעדעס פיצל ווייבלעך פלייש און רייצנדיק גליד אויפן האָליוואודער שטייגער...

איוועט קאַמינסקי האָט חשק געהאַט צו באַזיגן דעם טויט. זי האָט געוואָלט מיט לאַסקעס איבערקויפן דעם מלאך המות פון גהינום וואָס מאַכט אַלט דעם ווייבלעכן גוף. זי האָט ביז אין איר טיפער עלטער זיך

באַמיט צו האַלטן מכלומרשט יינג און לוסטיק כאָטש איר דערשראָקענע ווייבלעכקייט מיט די שוין גרוילעכע האָר און געלע קנייטשן אויפן פנים האָבן איר ציניש פאַרמסרט פאַר פריינד, קרובים, קאָלעגן און געליבטע. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט צו פאַרליגנערן און אָנצוטאָן אין פרעמדע קאָלירן דעם אמתן גרויען קאָליר פון אירע האַלב שוין אויסגעקראָכענע האָר דורך וועלכע מען האָט ווי דורך שיטערע בוימלעך פון אַ מאָגער וועלדל געקענט זען דעם נאַקעטן סקאַלפּ פון איר שאַרבן וואָס איז געווען בלייך ווי די איבערפלאַך פון אַ טייכל אין בין השמשות נאָך איידער די פולע זון איז פאַרגאַנגען. זי האָט זיך אַ פאַרצווייפלטע באַמיט צו פאַרמאַסקירן דורך שמינקע, פאַרפיומען און אויל־פלעשלעך די צאָל יאָרן פון איר אמתער אומפאַרמיידלעכער עלטער; אָפּצונאַרן דורכן עקסטרעמען רוזש די אָנקומענדיקע אכזריותדיקע נאַכט פון דער לעצטער איינזאַמקייט; צו פאַרשנייִקן מיט פודער און פאָמאַדעס די זשאַווערנדיקע פלעקן וואָס די שלאָפלאָזע און תאווהדיקע נעכט אין פרעמדע און מאַנצבילשע הייזער און היימען האָבן אויסגעפרעסן אין איר סקעלעטיש־אויסגעדאַרטן פנים מיט דער ביינערדיק־דינער נאָז. זי האָט מיט שטרענגע און הייסע מאַסאַזשן געוואָלט מלחמה האַלטן קעגן דעם ברוטאַלן מאַרש פון די יאָרן. זי פלעגט אָפּזיצן אירע האַרבסטיקע טעג און נעכט ביי די כלערליי שיינמאַכערינס אונטער די היציקע לאָמפּן און זי האָט געלאָזט אויסציפּן דורך אַלערליי ספּעציאַליסטקעס וואָס האָבן זיך אַנאָנסירט אין די ניו־יאָרקישע גרויסע טאָג־צייטונגען און פעמיניסטישע זשורנאַלן, אירע איבעריקע האָר וואָס האָבן איר דווקא געוואָלט פאַרוואַנדלען אין עפּעס אַ פרעמדן מאַן. אָבער די פאַרעטערישע האָר ווי אויך צו להכעיס פלעגן גיך צוריקוואַקסן אויף איר אומפריינדלעכן פנים. זי האָט פיינט געקראָגן די מערסטע „ביוטישנס" וואָס האָבן איר געטרייסט מיט שאַרלאַטאַנישע רייד, אַליין זייענדיק מערסטנס יינגע פרויען. זי האָט אַפילו פיינט געקראָגן זייערע ברייטע שפּיגלען, זייערע לוקסוסדיקע אַנשטאַלטן. דעם פרעכטיקן שפּיגל אין איר בודואַר האָט זי איינמאָל שפּעט ביינאַכט צעבראָכן אויף שטיקער אויס שנאה צו זיין ערלעכקייט, צו זיין אמת, צו זיין מאָראַל. דער דאָזיקער שפּיגל האָט יעדער נאַכט, איידער זי האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן בעט כדי גיך איינצושלאָפן נאָכן נעמען די נויטיקע שלאָף־פּילן און געטראַנקען, זי מיאוס אָפּגענאַרט און ממש באַשווינדלט און אַפילו ווי חוזק געמאַכט פון איר. זי האָט מיט דער צייט באַזייטיקט אַלע קאָסטבאַרע שפּיגלען פון איר הויז. די נוד־בילדער אויף די ווענט פון יינגע פרויען מיט רייצנדיקע גופים האָט זי פאַרברענט; זיי אָפּטמאָל אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער אויף די קעפּ פון די פאַרביישפּאַצירנדיקע יינגע פרויען וואָס האָבן הילכיק געלאַכט. זי האָט געוואוסט אַז דורך זייער איבערגעטריבענעם געלעכטער זאָגן זיי אָן צו די פאַרבייגייענדיקע מאַנצלייט אויף די גאַסן זייער ווייבלעכן מין, זייער קאָקעטישן רייץ וואָס האָט מנצח געווען די מאַסן שפּאַצירנדיקע קאַוואַליערן אין פרילינג איבער די ברייטע בולוואַרן און

עוועניוס. זי, איוועט קאַמינסקי האָט דאָס נישט געקענט פאַרטראָגן. זי האָט געלעבט אין פערמאַנענטער אויפרעגונג. אין שנאה צום יינגערן און שיינעם מין פּרויענטום...

איוועט פלעגט אין משך פון לאַנגע יאָרן יעדן ווינטער־סעזאָן פאָרן קיין פלאָרידע כדי צו פאַנגען די אַטאָמען פון דער זון מיט געוואַלד ליגנדיק אויפן ברעג פון ים, און זיי אַריינאָטעמען ווי מעדיצינען אונטער איר הויט; זי פלעגט באַשמירן מיט כלערליי זאַפטיקע אוילן דאָס טרויעריקע פלייש וואָס האָט שוין ביי איר זינט לאַנג געוויאַנעט און געוויינט. זי האָט דעם הער מלאך המות אַליין, איר סאַמע לעצטן געליבטן, איר טויטלעכן חתן מיטן שטאָלערנעם שטילעט אונטער דער פאַלערינע, געפּרוווט מכלומרשט צו האַלדזן און קושן מיט אירע ווי לעדער האַרטע און אויסגעטרוקנטע ליפּן; צו בעטן, צו ליבן, צו פאַרטויבן, צו קניען ממש קנעכטיש פאַרן קאָסמישן אכזר, וואָס נעמט סוף כל סוף צו דאָס לעבן אַפילו ביי די זונען און די שטערן אין דעם פינצטערן אוניווערס. זי האָט דעם טונקעלן מערדער־מלאך געפּרוווט אָפּצונאַרן, אים צו פאַרעדן די ציין מיט אַ ים מיט לינגס, מיט חניפה, מיט קאָמפּלימענטן און מיט פּערווערזע רייד...

איידער די מערסטע מענטשן שטאַרבן, דערפילן זיי דעם אָנקום פון טויט. זייערע לעבנס־וויכטיקע אָרגאַנען ווערן מיד און פלעגמאַטיש. זיי ווילן פאַרלאָזן זייער קעניג אָדער קעניגין וואָס האָט זיי שקלאַפיש אויסגענוצט און זעלטן זיי געדענקט אָדער געוועזן באַוואוסטזיניק פון זייער דינסט און עקזיסטענץ, און זיי באַדאַנקט פאַר דער טעטיקייט זייערע בשעת אַ לאַנגען לעבן פון אַלערליי אַקטיוויטעטן, ריזיקאַלישע אונטערנעמונגען, וואַנדערונגען, נסיעות, ראָמאַנסן, ליבעס, נצחונות, סאַטיספאַקציעס און אַנטוישונגען. איוועט איז נישט געוועזן קיין אויסנאַם. זי האָט איצט גענומען קריינקען. זי איז כמעט אַריינגעפאַלן אין היסטעריע. פאַר קראַנקהייטן איז זי אַבסאָלוט נישט געבוירן געוואָרן. דאָס איז שוין געוועזן צופיל פאַר דער צעבראָכענער איוועט. נאָך לאַנגע חדשים פון פחד און מיסטעריעזער דערוואַרטונג האָט זי באַשלאָסן צו גיין צו אַ דאָקטאָר פאַר אינערלעכע קראַנקהייטן. נאָך אַ רייע אונטערזוכונגען האָט דער דאָקטאָר אין איינעם אַ טרויעריקן טאָג פון איר לעבן צו איר אַנטפּלעקט אַ זאַך פאַר וועלכן זי האָט אפשר דורכן גאַנצן לעבן מורא געהאַט און געציטערט. ער האָט צו איר גערעדט מיט אַ שטרענגן קול:

— מאַדאַם, איר האָט אַ קאַנסער־טומאָר אויף דער לעבער. אפשר אויך אין די אַנדערע אָרגאַנען אַרום דער לעבער. איר האָט צו־לאַנג געוואַרט כדי זיך צו לאָזן אונטערזוכן און היילן. איצט זענט איר דורכגעפּרעסן מיט אַ שרעקלעכן, אַ סאַדיסטישן קאַנסער פון אייער קאָפּ ביז צו די קנעכלעך פון אייערע פיס... בלויז גאָט אַליין קען אייך ראַטעווען. אייער הילף און גענעזונג געפינט זיך איצט אין די הענט פון גאָט...

— אכזר וואָס איר זענט! — האָט איוועט אויסגעשריגן ווי מיט אַ פרעמדן קול, ווי אַ דיבוק וואָלט פון איר אַרויסגעשריגן מיט אַ גראָבער שטימע. — פאַרוואָס דערהרגעט איר מיך? איר זענט אַ געמיינער פאַרעטער. צען דאָקטוירים האָבן מיך אין דעם פאַרגאַנגענעם צענדליק יאָרן אונטערזוכט און זיי האָבן מיך געפונען אין אַ פערפעקטן געזונט־צושטאַנד...

— איך קען זיך נישט העלפן, מאַדאַם! נישט אַלע דאָקטוירים זאָגן דעם אמת וועגן דעם צושטאַנד פון זייערע פאַציענטן. מיר, דאָקטוירים, קענען נישט נעמען אויף זיך די שולד פון פאַרלייקענען דעם אמתן פיזישן און גייסטיקן צושטאַנד פון אַ שטערבלעכן מענטש. מיר מוזן אַפילו וואָרענען אונדזערע פאַציענטן פאַרן ערגסטן. מיר מוזן זיי וואָרענען און פאַרהיטן פונעם מלאך המות...

— אָבער איך קען דאָך נישט אָננעמען אייער טויט־אורטייל אַזוי גרינג. איך בין נישט קיין אָרעמע פרוי. איך פאַרמאָג אין מיין רייכער היים זעלטענע אויל־בילדער פון באַרימטע מאָלער. זיי זיינען אַלע געווען מיינע געטרייע און דאַנקבאַרע פריינד. איך פאַרמאָג לעגענדאַרע צירונג־אוצרות וואָס פרינצן האָבן פאַר מיר געקויפט ביי די בעסטע צירונג־פירמעס. איך פאַרמאָג גאַנצע דריי אויטאָמאָבילן מיט אַ שטענדיקן שאָפער וואָס שטייט אָפּטמאָל אויף אינמיטן פון דער נאַכט כדי מיך צו פירן אין די בערג אָדער צו אַנדערע שטאַטן. איך האָב אַ פאַנטאַסטישע היים אין פלאָרידע. אַן אַבדיקירטער קעניג וואָס האָט צוליב אַ רעוואָלוציע אין זיין לאַנד פאַרלוירן דעם טראָן, האָט מיר געשאָנקען זיין היים ביים פּאַסיפיק אין פלאָרידע און זיין פראַכטפולע ווילע אין ניצע, ביים ים. איך וועל פאָרן קיין פראַנקרייך און דער געזאַלצענער ים וועט אויפפרעסן אַלע ברודיקייטן אין מיר. אַפילו אייך אויך... מיר געפעלט נישט ווי גרינגערהייט איר זאָגט מיר אָפּ מיין לעבן. איך וועל נאָך גיין צו אייער לוויה. איך וועל אַריינוואַרפן אַ קיזלשטיין אין אייער קבר מיט אַ ציגאַרעט וואָס וועט מיט זיין קליינעם פייער פאַרברענען אייער ריזיקע טרומנע, איידער אייערע פריינד און שונאים וועלן אייך פּרווון צו פאַרשיטן מיט דער רויטער ערד. אָ, איר האָט מיך היסטעריש געמאַכט. איך האָלט עס נישט אויס. איר האָט מיטן כוח פון וואָרט, מיט אייער שרעקלעכער נבואה, אָפּגעשניטן די שנור פון מיין לעבן... איר זענט נישט קיין דאָקטאָר, נייערט אַ שאַרלאַטאַן, אַ פשוטער מערדער...

— מאַדאַם, איר רעגט זיך אויף אומזיסט און אומנישט. איך האָב נישט געמיינט אייך פערזענלעך חלילה שלעכטס צו טאָן. איך האָב אייך געוואָרנט כדי איר זאָלט „זאָפאָרט" אַריינטרעטן אין אַ שפּיטאָל. דאָקטוירים וועלן אייך פּרווון צו ראַטעווען... אָבער איך גלויב נישט אַז עס איז פאַראַן אַ רפואה פאַר אייך. עס וועט אייך גאָרנישט העלפן. איר זענט אַ פאַרמשפּטע. דער מלאך המות, מאַדאַם, איז דער מעכטיקסטער

גענעראַל. אין איין נאַכט האָט ער אַמאָל, אין די צייטן פון די יידישע מלכים אין ישראל, באַוויזן צו דערשלאָגן אַכציק טויזנט קריגערס פון סנחריבס אַרמיי וואָס האָבן באַלאַגערט דאָס יידישע לאַנד. זיי זיינען אַלע געווען אָנגעטאָן אין אייזן און אין קופּער. אין פריען באַגינען, ווען די זון האָט אויפגעשיינט איבערן לאַנד, זיינען זיי געלעגן אויסגעשפּרייט איבער די פעלדער אַרום די מויערן פון ירושלים און דאָס געשטאַנק פון זייערע באַצייטנס שוין פוילנדיקע גופים אין די פּאַנצער־קאָסטיומען האָט געבראַכט פון די ווייטסטע קאַנטן די פייגל פון גאַנצן לאַנד, כדי מיט זייערע שנאָבלען אויסצופּיקן זייערע טויטע אויגן...

ווען דער אויבנבאַשריבענער נאַציאָנאַלער עסקן איז געשטאָרבן, האָבן די פאַרשידענע פּאָרשטייער און באַאַמטע פון חשובע יידישע געזעלשאַפטן, אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס און יחידים דערוואַרט אַז ווען מען וועט ענדלעך עפענען זיין צוואה, זאָל מען סוף כל סוף געוואויר ווערן וויפיל ער האָט פאַר זיי איבערגעלאָזן ירושה פון זיין גרויסן און לעגענדאַרן פאַרמעגן. צו אַ טייל פון זיי, וואָס אַן אמת, האָט ער טאַקע איבערגעלאָזט באַשיידענע געלט־סומעס וואָס האָבן אַרויסגערופן גענוג ביטערניש און אַנטוישונג. אָבער זיין הויפּט־פאַרמעגן האָט ער אָפּגעשריבן צו גאַנצע פיר פרויען, צו וועמען ער פלעגט לויפן, ווי שוין אויבן געשילדערט, ווי אַ נישט־גוטער בשעת די פינצטערע און אומרואיקע נעכט, כדי צו פּרווון איינצושטילן זיין מענטשלעכע און גאַנץ נאָרמאַלע תאווה, אויב מען וויל דווקא אָפּעריִרן מיטן אמת. אָבער צו דער סאַמע לעצטער געליבטער זיינע, איוועט קאַמינסקי, האָט ער באמת איבערגעלאָזן אַ באַדייטנדיקע סומע געלט, ווי אויך אַ ווילאַ אויף דער פראַנצויזישער ריוויערע, וואָס איז געשטאַנען אין שכנות מיט דער ווילאַ פונעם רוסישן שרייבער איוואַן בונין, וואָס האָט פאַרלאָזן זיין פּאָטערלאַנד ווען די רוסישע רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן. ער האָט פאַר איוועטן אויך איבערגעלאָזן קאָסטבאַרע צירונג און עטלעכע ווערטפולע קונסט־מאָלערייען פון באַרימטע פראַנצויזישע קינסטלער. אָבער צו וואָס טויג עס?! נאָך פאַראַיאָרן איז זי מיט אירע לעצטע פיזישע כוחות געפאָרן קיין ניצע כדי זיך צו באַזעצן אויף די פּאָר זומערדיקע חדשים אינעם גרויסאַרטיקן שלאָס, ביים ברעג פונעם שוימיקן ים וואָס האָט דערמאָנט מיטן שטרענגן שטראָם פון די כוואַליעס וואָס ברעכן זייער זילבערנעם שוים אין די שאַרפע קאַנטן פון די פעלדזיקע שיפּועים אין פלאָרידע. אין דעם זעלביקן שלאָס האָט אַגב פריער געוואוינט די באַרימטע טענצערין איזאַדאָראַ דאָנקאַן, און דערנאָך עטלעכע אויסלענדישע פּרינצן פון באַלקאַנישע מלוכות מיט זייערע מעטרעסעס. אָבער זי האָט דאָרטן באַוויזן צו לעבן בלויז געציילטע חדשים. זי איז געוואָרן שרעקלעך קליין, ממש איינגעשרומפּן ווי אַ שוואָם און אויסגעדאַרט ווי אַ מיניאַטורנער פויגל אונטער וועמענס אָפּגעבלאַקירטע און אויסגעפּליקטע פליגל פון אירע פאַרצייטישע שיינע און פּילפאַרביקע פעדערן, דאָס לעצטע ביסל

איבערגעבליבענע פלייש אוןביינדלעך פון איר אַמאָליקן רייצנדיקן גוף איז פאַרוואַנדלט געוואָרן צו שטויב...

איינמאָל, בשעת אַ שטילן און זומערדיקן פאַרנאַכט האָבן די כוואַליעס זי אַראָפּגענומען פונעם ברעג און אַריינגעטראָגן אין ים אַריין. בלויז מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז פון דער פּרעכטיקער ווילאַ ביים ים צוריק אַרויסגעקומען אינגאַנצן אַן אַנדערע פרוי, ממש אַ גריכישע שוינקייט מיט פעך־טונקעלע האָר. זי איז תיכף אַריינגעגאַנגען אַהין, האַלטנדיק אין איר פּיטשינקע הענטל אַן אייזערנעם שליסל. זי האָט רואיק אויפגעשלאָסן די טיר און האָט זי צוריק הינטער זיך שוין אויף אייביק פאַרמאַכט. מען האָט זי מער נישט געזען גיין שפּאַצירן אויפן ברעג אונטער דער גאָלדענער זון פון דעם שיינעם ניצע. אויך די ווילאַ איז באַלד דערנאָך פאַרשוואונדן געוואָרן אויף אייביק...

## דער רעגן און רייזל זשיכלינסקי

„זע מיך,
קוק אויף מיר,
נעם מיך מיט —
בעט דער שטיין אויף פאַרטאָגיקע וועגן,
דאָס פעלד און דאָס גראָז,
די אָרעמע הייזלעך אין שלאָף,
די וואַסערן,
דער וואָלקן,
דער הימל,
די רויטע פּיס פון דעם פאַסטוך,
דער זשוראַוו איבערן טונקעלן ברונעם.
זע מיך,
קוק אויף מיר,
נעם מיך מיט —
בעט דער שטיין אויף פאַרטאָגיקע וועגן״.

דאָס זיינען דינע פערזן פון אַ ליד אין רייזל זשיכלינסקיס בוך „צו לויטערע ברעגן״. די דאָזיקע שורות קענען אויך דינען אַלס מאָטאָ צו פּאָעזיע בכלל; צו יעדער איינעם פּאָעטס עכטער און לירישער דיכטונג. וואָס איז דען אייגנטלעך פּאָעזיע אויב נישט דאָס איינלאַדן די גאַנצע וועלט אין דעם גראַציעזן און טרויעריקן פערז? וואָס איז דיכטונג אויב נישט דאָס שווייגנדיקע פאַרגעדענקען אַ טייער פּנים; אַ פאַרנאַכט אין אַ דאָרפישער קאָמפּאַניע מיט יאָרן צוריק; אַ זון־אונטערגאַנג אין יענע טעג ווען עס האָט פּלוצלינג אָנגעכאַפּט דאָס פּאָעטישע באַוואוסטזיין, דאָס שטילע געמיט פון אַ פריינט אין אָוונט? אויך דאָס ציטערדיקע זעגן פון אַן איינזאַמער גריל צווישן די ראָסע־פייכטע בלעטער אין אַ שפּעטן

זומער־פאַרנאַכט וואָס איז געוואָרן אַזוי טייער דורך אַן אָנגעצונדענער ליבשאַפט אין האַרצן? וואָס איז דיכטונג אויב נישט דאָס איינלאַדן אין דעם קליינעם ליד גאָר די וועלט וואָס פאַרגייט יעדער רגע און בעט זיך אַזוי ווי די חיות און די מענטשלעכע לעבנס האָבן זיך ווילד און צאַפּלענדיק געראַנגלט ביי די דראָטן און שפּיציקע טשוועקעס פון נחס תיבה, כדי צו ווערן אַריינגעלאָזט אין איר צום לעבן און צום ראַטעווען אויף אייביק דעם אייגענעם מין און די וואַרעמע שקורע פון די שרעקלעכע כוואַליעס פון פאַרניכטונג?! אָט אַזוי בעט זיך די שטאַרבנדיקע וועלט אַריינצוגיין אין די מרה־שחורהדיקע פּאַלאַצן פון פּאָעזיע. מיט אַ מיליאָן בעטנדיקע הענט ציט זיך די גוססדיקע וועלט צום פאַרגאָלדיקטן באַנד פונעם לירישן ליד; צו דער וועלט פון זעאונג און געשטאַלטיקונג, וואָס דער פּרינץ־מענטש ברעכט אָפּ פון זיין טרויער און פאַרגענגלעכקייט, און שטעלט אַוועק אַנטקעגן דעם רבונו של עולם מיט ווירדע און שטאָלץ, ווי זיין אייגנשאַפונג...

און די שאַפונג פון רייזל זשיכלינסקי, כאָטש אַזאַ זילבערן־איידעלע ווי אַ פּערסיש־ציטערנדיקע מיניאַטור; כאָטש אַזאַ סאַפּאַ־לירישע ווי אויף זייד דין און נאָדל געצייכנטע; הגם אַזאַ וואונדערלעך־ריינע, פול מיטן סלאַווישן אומעט פון אַן עכט־פּוילישן האַרבסט; די דאָזיקע דיכטונג נעמט אַריין זייער אַ סך זאַכן פון דער וועלט. אַזוי ווי דאָס מענטשלעכע אויג באַווייזט, ווי קליינטשיק עס איז, אַריינצונעמען אַ גאַנצע אומגעהויערע לאַנדשאַפט, און עס זאָל נאָך אַלץ בלייבן פּלאַץ פאַרן דמיון, אימאַזש, מחשבה, מרה־שחורה און נאָכטראַכטונג; ווי אויך פאַר איידעלער און סטאָישער רעפלעקציע — אַזוי נעמט איר ליד אַריין אַ וועלט מיט סענסיטיוון פּייזאַזש, מיט בליענדיקער און פאַרגייענדיקער לאַנדשאַפט; אַ וועלט מיט שפּרודלענדיק, כוואַליענדיק און טאַנצנדיק לעבן און שטאַרבן. רייזל איז געבוירן געוואָרן אונטערן טריבן פּוילישן הימל; נישט אין קיין וואַרעמער און באַקוועמער היים; נישט אונטער קיין פעסט־באַשיצנדיקן דאַך; נישט אין קיין אייגענעם בעט און וואַרעמען בעט־געוואַנד, מיט שיר המעלותן אַרומגעקלעפּטע ווענט. און קיין זיס־אָפּגעפּאַרבטע מלאכים האָבן איר נישט געוויגט אינעם אידילישן און הילצערנעם וויגעלע. זי האָט שוין דעמאָלט, אַלס ניי־געבוירן קינד, אַריינגעאָטעמט די געזאַלצענע לופט; די ביטערקייט פונעם רעגן, שניי און האָגל וואָס זיינען די שטיינדלעך וואָס יינגע מלאכימלעך וואַרפן אַרונטער צו דער ערד מיט חוזק, אויב נישט מיט שנאה חלילה. זי האָט שוין דעמאָלט, אַלס ניי־געבוירן קינד, אַריינגעאָטעמט די געזאַלצענע לופט; די איינזאַמקייט פונעם ווינט וואָס שאַרט בשעתן רעגן די פייכטע בלעטער ווי אַלט־גאָלד, דעם וויסטן און האַרבסטיקן טרויער. אין אירע אייגנאַרטיקע לידער, דין־געשניצטע, ווי קאַרגע גאָלד־באַצירונגען, האָט זי אַריינגענומען אַ וועלט מיט מענטשלעכן טרויער. דעם מענטשנס צער און אומגליק אָטעמט אין אירע מערסטע שטילע לידער. איך וואָלט צוגעגעבן אַז עפּעס אַ

גרויער רעאַליזם איז פֿאַראַן אין אָט די פֿאַרוואָגלטע און פֿאַרוואָלקנטע לידער. אין די דאָזיקע שאַפֿונגען פֿון וואָרט־אוצרות גייט מענטש פֿינצטער און איינזאַם דורך דער קאַלטער און פֿרעמדלעכער לאַנדשאַפֿט אַזאַ געשלאָגענער פֿון ווינט, רעגן, שניי און האָגל. מענטש, מיט זיין טראַגישן פּנים, אָפּגעבערענט און אָפּגעזעגנקט פֿון בליצן, פֿאַרטויבט פֿון די דונערן, וואָס רירט אָן די נאָענטקייט פֿון די וואָלקנס וואָס האָבן נישט פֿאַר זיך קיין שום פּערזענלעכן ציל, צוועק און וועג אויף זייערע בלינדע וואַנדערונגען; און זי ווײנט אַזאַ עלנטע און פֿאַרלאָזענע פֿון די יסורים, פֿון דער מידער און מענטשלעכער עלנטקייט אין האַרצן, אין בלוט...

„איך ווייס נישט וואָס עס טראַכטן
פֿערד אין אַ רעגן —
פֿערד איינגעשפּאַנטע
אין שווערע וועגן.
נאָר איך —
איך וואָלט ליגן אויף אָט די וועגן,
אויף אָט די וועגן ביינאַכט אין אַ רעגן.
און ווערן געשלעפּט פֿון נאַסע פֿערד
איבער דער גרויסער און שטילער ערד״.

אַ גרויסער און אומעטיקער רעגן גייט אַדורך דעם פּאַרק, דרינגט אַדורך די ערד, זיפּצט אַדורך אַלע אירע לידער. עס רעגנט טרויעריק איבער דער גאַנצער און אַלטער ערד. די גאַנצע נאַטור ווײנט און קרעכצט ווי אין טשייקאָווסקיס מוזיק. אויף די הילצערנע בענק אין פּאַרק, וואָס זי באַשרייבט אין איינעם פֿון אירע לידער, זיצן די בוימער און זיי קוקן „אויפֿן רעגן, און אויף די הינט, און אויף די טויבן מיט שווערע פֿליגלען ביי דער ערד״.

יאָ, די טויבן מיט שווערע פֿליגל, מערקט איך, ווי בליי. אַפֿילו די טויבן זיינען צוגעבונדענע, צוגעקרייציקטע צו דער ערד, צום טאָל פֿון מענטשלעכע און חיהשע ליידן. אין אַן אַנדערן ליד פֿרעגט רייזל:

„וואוהין טשלאַפּעט די פֿרוי
אין די גרויסע מענערישע שיך?
דער רעגן גייט איר נאָך
און איך נאָך זיי.
זי האָט אַוודאי שוין אַ מאַן באַגראָבן
אין דער ערד.״

און אַזוי כסדר גייט אויף אין איר שאַפֿונג דער מין מענטש אויפֿן הינטערגרונט פֿון דעם פּייכטן פּייזאַזש וואָס שמעקט מיט לעוויטאַנס טרויעריקן און סלאַווישן הימל, מיטן אומעט פֿון דער פּוילישער ליטעראַטור. עס איז תמיד געפּאָרט מענטשלעך אומגליק פֿון אלמנות און

יתומים מיט דער וואָלקנדיקער פּאַוואָליעדיקער לאַנדשאַפט. „דער הימל האָט זיך פאַרוואָלקנט. די מאַמע איז אַלט. און באַלד וועט זי דערזען די חרובע ווערבעביים וועג...״ עס איז שטענדיק דאָס שווערע מענטשלעכע מזל געבונדן מיטן טייך, מיטן פעלד, מיטן בוים און מיטן גרויען און קראַנקן נעפּל וואָס איז מיד און עפּעס ווי פאַרקילט. אַזוי ווי אין די אורצייטן, ווען דער מין מענטש האָט נישט פאַרמאָגט קיין היים, קיין הויז און קיין דאַך איבערן נאַקעטן און איינזאַמען קאָפּ זיינעם. ער איז געלעגן פינצטער און הויל אונטערן פעלדז — אונטערן רעגן, ווינט, שניי און שטורעם. עס איז דעם מענטשנס פאַרשטיקטער געשריי אַזוי פון די אורצייטן אָן. איצט איז געקומען דאָס גרויסע מענטשלעכע אומגליק און דער מענטש וואַיעט ווידער אין וואַלד ווי אַ הונגעריקער וואָלף וואָס וויינט פון הונגער. נאָך שווערע טויזנטער יאָרן פון קולטור און ציוויליזאַציע גייט מענטש צוריק אין וואַלד אַריין, אין דעם נאַסן און ווינטערדיק־קאַלטן וואַלד. מענטש און חיה באַגעגענען זיך און קוקן זיך עפּעס מאָדנע אָן. דעם מענטשנס ווייטיקדיק לייב באַרירט די שטעכיקע ערד, די פייכטע קאָרע פון אַלטע בוימער; די וויסטעניש פון דער נאַטור. מענטשלעכער סקעלעט מיט אַלע זיינע אַלטע און אומעטיקע ביינער טוליעט זיך צום אָפּגעשרפהטן בוים, צו די צעבויגענע און צעקרומטע צוויגן ווי אלמנות וואָס ברעכן זייערע הענט גייענדיק מיט געשוואָלענע פיס צו די לוויהס פון זייערע מאַנען —

„די וואָלקס זיינען גרויע מאַמעס:
די הענט צעשויבערט, די הענט פאַרבראָכן;
זיי בייגן זיך איין איבער דערהרגעטע זין —
זיינען די אויגן ביי די זין אויסגעשטאָכן.
ווען אויף שלאָפנדיקע שטעט פאַלן באָמבעס
און דערהרגענען הייזער און מענטשן,
גייט איבערן וועג אַ שוואַנגערע פרוי
און בעט דעם הימל ער זאָל מיט אַ זון זי בענטשן״.

אויף אַ מערקווירדיקן אופן, וואָס איז שווער ראַציאָנעל צו דעפינירן, קאָמבינירט רייזל זשיכלינסקי דאָס ביזאַרע און טראַגישע מיט עכטער ליריק, מיט דער איידלסטער פּאָעזיע. וויייניק פּאָעטן איז געלונגען צו מאַכן עכטע, לעבעדיקע און וואַרעמע לידער פון דער קאַלטער און גרויער אַקטואַליטעט. דאָרט וואו די יידישע דיכטער האָבן אָנגעריריט אונדזער פאָלקס־טראַגעדיע, דעם חורבן, האָבן זיי דווקא נישט געשאַפן קיין שטאַרקע דיכטונג, אויסער יצחק קאַצענעלסאָן. עפּעס אַזוי ווי דאָס ליד פאַרטראָגט גאָרנישט קיין מאָטיוון פון חורבן, צעשטערונג און בלוט־פאַרלוסט. רייזל זשיכלינסקי איז צווישן די ווייניקע דיכטערינס ביי וועמען, אויף אַ געהיימענישפולן און אַלכעמישן אופן, די ריינע וואָרט־שאַפונג פאַרטראָגט זיך מיטן מאָרבידן און טונקעלן פונעם לעבן,

אַפילו מיט פאַרניכטונג און טויט. אין קעגנזאַץ צו ביאַליקן, אין קאָנטראַסט צו יצחק קאַצענעלסאָן, דעם מעכטיקן מקונן און באַרד פון נאַציאָנאַלן טרויער, וועלכער אַקצענטירט אויף דער שטומקייט פון דער נאַטור, אויף דעם שווייגן פון די הימלען, אויף דעם לויכטן פון דער זון, אויף דער קאָסמישער פּאַסיווקייט און אויף דעם גלייכגילטיקן שווייגן פון דעם גאַנצן אוניווערס ווערזוס דעם מאַסנמאָרד פון די יידן — איז פאַראַן ביי רייזל זשיכלינסקי דאָס קעגנזייטיקע מיטגעפיל וויניקסטנס פונעם מענטש. זי פאַרמאָגט דעם פּאָעטישן כוח פון דעם פשוטן וואָרט וואָס מאַכט צום גלויבן אין דעם דאָזיקן מיטגעפיל. נאַטירלעך איז עס אַ ריינער פּאָעטישער אימאַזש, אַן אויסדאַכטעניש אַזאַ, אַ מענטשלעכער ווינטש, אַ לאָגישע נויטווענדיקייט. אָבער אין דער ראַם פון איר שאַפונג, וויניקסטנס, איז עס אמת. הויז־חיות זיינען נאָענט צום מין מענטש און זיי ווינען טיילמאָל, ווי הינט צוםביישפּיל, ביים סוף פונעם מענטש. און אַפילו די וועלט פון פלאַנצן שיינט אויך צו האָבן צו אונדז אַ באַציונג. און עפּעס איז פּאָרט פאַראַן אַ געוויסע שייכות צווישן אַלע זאַכן אויף דער גרויסער ערד. רייזל זשיכלינסקי טוט עס, דאַכט זיך, אויפן איינפאַכסטן שטייגער. און דאָך איז פאַראַן דערין איבערצייגונג. נאָכאַמאָל חזרן מיר איבער: וויניקסטנס אין דער ראַם פונעם ליד זעלבסט איז עס קינסטלעריש איבערצייגנדיק:

„אַ קינד איז קראַנק.
בויגן בלומען די קעפּ אַראָפּ
שולדיק.
די טאָפּאָליע האָט אַרומגענומען מיט די הענט
דעם שטרויענעם דאַך.
און קוקט זיך אויס די אַלטע אויגן
אויפן וועג.
ס'איז פאַרטאָג דאָ דורכגעגאַנגען
אַ בעטלער.
און דורכגעשניטן די נעפּלען מיט בלויע אויגן
און אפשר וואַרט זי אויף דעם ערשטן שטערן?
די קוואָקע האָט אַרונטערגענומען אונטער די פליגלען
די פּופּצן געלע הינדלעך
און פרי געמאַכט נאַכט.
די קאַץ ליגט איינגענורעט
אין אַ קנויל אין ווינקל
און מרוטשעט, מרוטשעט,
און דאָס בענקל אויף דריי פיס
האָרכט און חלומט".

אָט אַזאַ איז די אָריגינעלע און סור־רעאַליסטישע פּאָעזיע פון רייזל זשיכלינסקי. אין אַ דינטשיקן ביכעלע אַריינצוטאָן אַזוי פיל יסורימדיקע

וועלט! און דאָך זאָל דאָס בוך זיין דאָס רייִנסטע בוך פון דער סאַמע איידלסטער ליריק. אירע לידער מאַכן מיך צו טראַכטן וועגן אַ בוים מיט דינע און דעליקאַטע צווייגן. ווינטערצייט פאַלט דער שניי שווער אָן אויף זיינע צווייגן. עס דאַכט זיך דיר אַז דער בוים וועט זיך איינברעכן. אָבער די עלאַסטישע צווייגן ציטערן און זיי טרייסלען אַראָפּ דעם שניי פון זיך. אין פרילינג צינדן זיי זיך אָן מיטן לוסט פון דער זון. אַזוי זיינען שוין רייזלס פאַרטראַכטע און פאַרדמיונטע לידער. אַזוי פיל לאַסט פון יידישן אומעט, פון מענטשלעכן טרויער, איז שווער אָנגעלאָדן אויף זיי. אָבער די, דאַכט זיך, אַזוי צאַרטע לידער האַלטן פאָרט אויס די אומגעווייִנלעכע וואָג. זיי האַלטן אויס דעם מעכטיקן יאָמער פונעם מענטש. יאָ, ווען דו פאַרמאַכסט אין דער שפּעטער נאַכט דאָס דינע ביכל מיט די לידער וואָס די פּאָעטעסע האָט דורך מלחמה, חורבן און וואַנדערונג געטראָגן ממש מיט עקשנות אין אירע ציין, דורך וואָלקנבראָכן פון בלוט און טרערן, און ווען דו מאַכסט ענדלעך צו דאָס לעצטע בלעטל פונעם דאָזיקן סענסיטיוון בוך פּאָעזיע, דעמאָלט ברעכט זיך אַדורך דאָס געוויין פון יענער טרויעריקער און געהיימענישפולער פרוי...

שטילערהייט און פּאַסיוו וועט אַלץ בלייבן אויף אייביק איינגעשלאָסן אין רייזל זשיכלינסקיס ליד. נאָר די דערמאָנטע וויינענדיקע פרוי האָט אַפילו די דיכטערין נישט געקענט איינצוימען און אַרעסטירן אין איר רירנדיקן בוך. זי גייט אַרויס פון די בלעטער פון איר בוך. זי יאָמערט אַרויס פון דעם ווייבלעך־גראַציעזן באַנד פּאָעזיע... זי גייט ווייטער אין דער גרויסער וועלט כדי צו קייען אַ ים מיט טרויער... „וויינט אַ פרוי ביינאַכט אין דער פינצטער. אין דער שוואַרצער שטאָט אין אַפּריל. איך שטעל זיך אָפּ אינמיטן דער גאַס; ס'איז פינצטער אַרום און ס'איז שטיל. די פרוי פאַרגייט אויף דער צווייטער זייט גאַס, מען הערט שוין מער נישט קיין טריט. נאָר אין דער פינצטער הענגט נאָך איר געוויין — עס גייט נאָך אַרום אין מיין בלוט. פרוי, ווער ביסטו? כ'האָב נישט געזען דיין פּנים. כ'וועל קיינמאָל מער נישט אָנען דיין געזיכט. שטעל זיך אָפּ אַ רגע, בלייב שטיין אַ ווייִלע. הינטער אַלע שוואַרצע פענצטער איז ליכט".

ניין, די פרוי וועט זיך קיינמאָל נישט אָפּשטעלן. די פרוי גייט אַרויס פונעם ליד ווי פון אַ תּפיסה. אַזאַ מין וויינענדיקע און מעכטיקע שפּאַנט זי אַרויס פונעם בוך מיט לידער. זי באַטרעט די ערד מיט אירע געשוואָלענע פיס. אָבער עס איז נאָך אַלץ ביטער־זיס די גרויסע ערד. איינמאָל אַרויסגעבראָכן אין אַ וויסטן יאָמער, וועט נישט די דיכטערין און אַפילו נישט גאָט אַליין זי מער קענען איינשטילן און איינשטומען. די דאָזיקע סימבאָלישע פרוי איז נאַטירלעך די פּאָעטעסע אַליין. אין איר פּאָעטישער שאַפונג בלייבט זי שטיין אַלס יענע געצוימטע מייסטערין וואָס איז אין קיין איינציקן ליד אירס נישט דערגאַנגען צו קיין היסטעריע חלילה; וואָס איז אַפילו אין איר מינדעסטן ליד געבליבן שטיין אַלס די אויסערלעך־רואיקע און דיסציפּלינירטע פּאָעטעסע. אָבער אין איינער אַ

נאַכט פון דעם זוניקן און רעגנדיקן חודש אַפּריל האָט זי נישט געקענט מער אויסהאַלטן; האָט זי זיך באַפּרייט פון איר ליד און זי איז אַרויסגעגאַנגען איבער דער טויטער שטאָט און זי האָט אויסגעבראָכן אין אַזאַ מוראדיק געוויין אַזש די דיכטעריין האָט זיך שטאַרק דערשראָקן פאַר איר אייגענער קאָסמישער אימה...

צו אַ שטיק געזאַלצענעם גראַניט־זייל איז פאַרשטיינערט געוואָרן פון יסורים און בענקשאַפט דאָס ווייב פון לוט, ווען זי האָט געוואַגט זיך אומצוקוקן בשעת דעם פייערדיקן רעגן אויף סדום, צו איר פאַרגאַנגענער וועלט, וואו איר יוגענט האָט געבליט. צום איידעלן און לירישן ליד האָט זיך פאַרוואַנדלט די יידישע טאָכטער פונעם שטעטל גאָמבין ווען זי האָט מיט אירע גרויסע, טונקעלע און בענקענדיקע אויגן ווי די אויגן פון דער צאַרטער און תנכישער מוטער רחל זיך אומגעקוקט אויף די חרוב־געוואָרענע שטעטלעך, אויף די היימישע פעלדער און וועגן פון פּוילן וואָס טרינקען אויס די אָפּטע רעגנס פון הימל ווי וויין, און ווען זי האָט דערזען איר וועלט אַן איינגעהילטע אין גאָטס רויך און אין די שוואַרצע פלאַמען...

## אַ שרייבערס אילוזיעס און אַמביציעס

די שטאַרקסטע אימפּרעסיעס אין אַ שרייבערס מוח, האַרץ און נשמה בלייבן ביי אים ביז צו זיינע עלטערע יאָרן פון די איבערלעבענישן אין דער היים. מען זעט די גרויסע וועלט אין די שפּעטערע צייטן. מען באַקאַנט זיך מיט אַ וואַלד פון מענטשן. מען פאַרליבט זיך אין פאַרשידענע פרויען און מען זוכט אינסטינקטיוו די ענלעכקייט צום איינציקן אידעאַל און מאָדעל פון „יענער פרוי" וואָס עס טראָגט אַרום יעדער מאַנצביל פון זיין געבורט, און פון זיין קינדהייט אָן ביז צו די יאָרן פון זיין גרויער עלטער, און נאָך ווען ער בענקט און באַגערט און ער גייט ממש אויס די וועלט כדי זי ערגעץ־וואו צו געפינען פונקט ווי אויך זי וואָלט אויף אים געוואַרט אַן אומגעדולדיקע. יאָ, מען זוכט זי ממש אַ פאַרצווייפלטער ביז משוגעת אין אַלע קרעטשמעס, וויינקעלערן און אויף אַלע וואַנדערונגען און פאַרזאַמלונגען פון דעם גרויסן און פילפאַרביקן לעבן. מען לייענט טויזנטער ביכער; מען זעט אַ שלל מיט טעאַטער־פאָרשטעלונגען, אָפּעראַס און קינאָ־בילדער ווי מען וואָלט זי זוכן צווישן די טענצערינס, זינגערינס און אַקטריסעס. מען לעבט אַדורך מיט פּחד און האָפענונג אַלע ליידן, פריידן, אַנטוישונגען און קראַנקהייטן. מען טרינקט מיט פריינד און מיט שונאים וויין און גיפט. מען גייט אָפּט דורך נאַכט, ווינט און רעגן; דורך איינזאַמקייט, פינצטערניש און פּחד ביזן גאַרטל. מען זינקט און מען פאַלט אין זומפּן, בלאָטעס, שנייען און אָפּגרונטן ביז איבערן קאָפּ אַריבער. אָבער די טיפסטע איבערלעבענישן בלייבן שטיין פאָרט יענע וואָס מען זאַפּט איין קליינערהייט פון דער היים אָן וואָס מען הערט פון אַ טאַטנס שטרענגע ליפּן און פון דער מאַמעס שטילן געוויין אין אַ ווינקל פון דער זייטיקער שטוב ווען קיינער הערט נישט, און וואו זי פילט אַז גאָט איז

נאָענט און ער פאַרנעמט אירע יסורים. און די דאָזיקע מעכטיקע אימפּרעסיעס טרייבט ממש אַ דעמאָן צי אַ לויכטנדיקער מגיד אין דעם טיפן חשכות פון דער שפּעטער נאַכט צו געבן אויסדרוק אין די שפּעטערדיקע יאָרן, אויב די אייזערנע פעדער האָט מיט געגאָד, מיט כּוח און באַפעל אויסגעווויילט דווקא דיין קליינע און ציטערנדיקע האַנט, דיין האַרץ און דיין בלוט מיט איר בשותּפות צו שרייבן און צו שילדערן בלויז אַ שפּראָץ פון דיין לעבן...

אין דעם אייגענעם בראשית שרייבט מען אַ שלל מיט זאַכן אָן שום פּלאַן, אידעע, צוועק און סיסטעם. מען איז פּשוט פאַרכאַפּט און באַטרונקען פונעם בונטן לעבן סיי אין זיין נחת און סיי אין זיין עצבות. מען לייענט אַדורך גאַנצע ביבליאָטעקן מיט ביכער בשעת דיינע יוגנטלעכע יאָרן, ווען דו גייסט אויף אַלס מענטש און ווען דיין גורל טראָגט דיך אַריין אין דער וועלט; אין אַלערליי הייל־אַנשטאַלטן און שפּיטעלער. מערסטנס שלינגט מען ממש ביאָגראַפיעס, ווידויס און צוואהס פון באַרימטע מענטשן וואָס האָבן זיך געשלאָגן מיט פאַנטאָמען, געזוכט דעם אמת פון לעבן, זיך געראַנגלט מיטן שרעקלעכן מלאך; סוף כּל סוף מנצח געווען דעם שטן אָדער אַרויסגעגאַנגען פונעם געשלעג מיט צעבראָכענע ביינער. מען לייענט רעפּאָרטאַזשן פון נסיעות צו אַרקטישע פּאָלן און צו בריענדיקע מדבריות; וועגן רייזעס איבער אָקעאַנען וואָס שלינגען איין ריזיקע אָקרענטן ווי פּילן צוזאַמען מיט די צאַפּלענדיקע פּאַסאַזשירן וואָס גייען אויס פאַלנדיק צו די געזאַלצענע אָפּגרונטן; מען לייענט וועגן מענטשן, קאַפּיטאַנען פון עקספּעדיציעס וואָס זיינען געפרוירן געוואָרן צווישן אייז־בערג און אייביקע שניי־פעלדער; וואָס זיינען פאַרברענט געוואָרן פון דער היץ אין די סאַהאַרעס, טרינקענדיק דאָס בלוט פון זייערע קעמלען כּדי צו פּרוּוון לעשן זייער ווילדן דורשט. מען נעמט אַריין אין זיך באַשרייבונגען וועגן ליבע און שנאה וואָס גריזשעט אויף דאָס חיות פון די כאַראַקטערן, און וועגן אַלערליי אַנדערע מענטשלעכע געראַנגלען, דועלן און „סאַלטאָ מאָרטאַלעס" (טויטנ־שפּרונגען). אַ יינגער מענטש, כאָטש ער באַדאַרף זיין לעבנסלוסטיק לויט זיינע מיט תּאווה און פייער שפּראָצנדיקע יאָרן, איז מערסטנס דערשלאָגן און טרויעריק. ער איז באַלאָדן און אָנגעשיכורט מיטן בייראָניסטישן „וועלט־שמערץ" און מיט די „ליידן פון דעם יינגן ווערטער". ער פאַרליבט זיך ממש שטערבלעך אין יעדן איינציקן מיידל אין וועלכער ער זעט זיין לאַנג־געזוכטן אידעאַל פון אַ פרוי און די אידעאַלע פריינדין. אָבער טאַקע דיין ווילדער און אומגעניטער ליבע־ענטוזיאַזם דערשרעקט דאָס מיידל וואָס איז שוין ביי אירע קוים זעכצן־זיבעצן יאָר אַ פּראַקטישע ווייב, אַ פּאָטענציעלע מוטער און אַ באַלעבאָסטע אין דער צוקונפט. זי קוקט דיך אָן פון אויבן ביז אַרונטער; זי זעט די ביינער פון דיין סקעלעט; דעם בלוט־פּלוס אין דיינע אָדערן; און זי האָט שוין באַצייטנס פאַרטיק איר משפּט און באַשלוס וועגן דיין גאָרער גייסטיקער און פיזישער פיזיאָנאָמיע.

אָן שום מלבושים, ווייניקסטנס אין אַ צעלעכערטן העמד. זי האָט שוין פּאַרטיק איר פאָטאָגראַפּיע וועגן דיין צוקונפט און דיין כאַראַקטער פאַר איר אַלס מאַנצבילד אויף אַ נעגאַטיוו אָדער פּאָזיטיוון שטייגער. דערביי האָט זי שוין אויך פאַרטיק איר פּסק און משפּט מכּוח דיין טויגלעכקייט פון איר אייגענעם שטאַנדפּונקט, אָן אַ ניצוץ פון אַ טראַכטעניש וועגן דיר, וועגן דיינע פּערזענלעכע אינטערעסן, צוועקן, אַמביציעס און דיין ווערק אין דער צוקונפט...

יאָ, אין דיינע צוואַנציקער יאָרן ביסטו פּשוט שיכּור מיט וועלט, מיט ליבע, ליידנשאַפט, שיינקייט און לעבן. דו גלויבסט אויף אַ נאַאיוון שטייגער בשעת דיין ענטוזיאַזם, ווען דו געפינסט דיך אין די הענט פון ממש געטלעכע אָדער קאָסמישע כּוחות, אַז דיינע טעג, נעכט און יאָרן וועלן זיך קיינמאָל נישט ענדערן און נישט ענדיקן. דער זילבערנער שפּיגל וועט דיך תּמיד אָפּשפּיגלען מיט דער זעלביקער קראַפט, גלאַנץ און גלויבן. דאָס קוועק־זילבער וועט דיך נישט אָפּשרעקן מיט קיין איינציקער גרויער האָר און נישט מיט קיין קנייטש אין דיין גלאַטער הויט אויפן פּנים וואָס וועט נישט ווערן איינגערינצלט און פאַרענדערט אין דיינע זוניקע קאָלירן. און אַזוי ווי דיין פיזיאָנאָמיע וואָס איז בלויז יינג ווּעדליק דיינע יאָרן און דעם גאַנג פון דיינע לעבנס־געשעענישן און ציטווײַליקער אומפאַרענדערלעכקייט, אַזוי איז אויך דיין אויבערפלעכלעכע פּסיכיק. דו ביסט כּמעט נישט געצייגט צו זעלבסטפאַרטראַכטונג. דאָס וואָס דו שרייבסט און דו שאַפסט, איז טיילווייז אָן שום ציל און טענדענץ. דו ביסט אַ יינגע זון וואָס עפנט אויף אַ גראַנדיעזן און פירכטערלעכן אופן אַלע אירע ליכט־קוואַלן פאַרן גאָרן קאָסמאָס, נישט גלויבנדיק אַז דיינע ענערגיע־שטראָמען וועלן זיך אַמאָל אויסלאָזן אָדער ווערן מינדער, און דו וועסט זוכן אינמיטן נאַכט די וועגן און שטעגן אין די וועלדער און גערטנער פון דיינע ערשטע ווילדע יאָרן...

אָבער בשעת די רייפערע יאָרן וואָס באַפאַלן דיך מיט אַזאַ מין פּלוצלינגען אימפּעט, וואָס שרעקט דיך איבער און איבערראַשט דיך מחמת דו האָסט דעם דאָזיקן נעגאַטיוון אימפּעט גאָרנישט דערוואַרט, טראַכסטו שוין מיט אַ סך מער ערנסט וועגן אַ תּכלית אין דיין לעבן. דו פרעגסט דיך עפּעס אַזוי ווי פּלוצלינג אין אַ שפּעטער שעה פון דיין מיטנאַכט, דיך אַליין אָנקוקנדיק אין תּהום פון אַ שפּיגל אויף דער וואַנט פון דיין אויסגעקרומטן דאַך־שטיבעלע, וואוינענדיק ערגעץ ביים שעלדע־קאַנאַל וואו אַ סך אויסלענדישע שיפן הערן זיך בײַנאַכט מיט זייער אַריינקום און אַוועקשווימען צו ווייטע אינדזלען, אַרכיפּעלאַגן און קאָנטינענטן:

— וואָס אַזוינס האָסטו אייגנטלעך ביז צו דער היינטיקער מיטנאַכט אָנגעשריבן וואָס זאָל האָבן געהאַט אַ ווערט, אַ דויערנדיקן האַפט און האָט באמת פאַרדינט דיין אימפּעטיק מיעניש? מיט וואָס אַזוינס, טראַכטסטו ווידער אין דיין נאַאיוויטעט, קענסטו בלייבן שטיין אויף אַ רגע אין דער

אייביקייט און שמועסן מיט די צוקונפטיקע דורות אַלס שרייבער, ווי דו רעדסט זיך איין?

דיין ענטפער קומט צו דיר אַזוי ווי פּלוצלינג אין דער צייט ווען דיינע עלטערע קרובים פאַרלאָזן דיך און די קריגסט עפּעס אַזאַ מאָדנעם פאַרלאַנג זיי צו פאַראייביקן אין די היילן און טונעלן פון דיינע מער־ערנסטע שרייבערייען. דו ווילסט אָפּלערנען פון זייערע געלעבטע און אויסגעקעמפטע לעבנס דעם זין און דעם מיין פונעם לעבנס־גורל פון יעדן מענטש. באַשרייבנדיק זיי ווילסטו אינעם פּראָצעס פון שרייבן זיי אפשר בעסער פאַרשטיין און זיי גרינטלעך דערקענען אין אַלע זייערע וועגן און מעשים דורכן אַנאַליזירן זיי. שפּעטער מיט יאָרן טראַכטסטו וועגן די אַלע שרייבער, מאָלער און אַקטיאָרן וואָס דו האָסט פּערזענלעך געקענט בשעת די יאָרן פון דיין לעבן. דו האָסט אַ שטאַרקן חשק זיי צו באַשרייבן; אָנצוטאָן זייערע גופים און נשמות אין וואָרט; זיי צו פאַראייביקן אין דיינע מעמואַרן. דו מיינסט אין אָנהויב אַז אין איין און איינציקן באַנד וועסטו זיין אימשטאַנד אויסצושעפּן דעם גאַנצן „רוי־מאַטעריאַל" פון דיין לעבן און פון גאָר די געשעענישן, גילגולים און דראַמעס פון דיינע נאָענטע און ווייטע קרובים וועלכע דו קענסט גרינטלעכער, אַזוי דאַכט זיך דיר אַליין, ווי אַלע אַנדערע מענטשן אין דעם וואַלד און וועלט־דזשאָנגל. און אפשר, טראַכטסטו שוין שפּעטער אַריין, אַז אין נאָך אַ באַנד שריפטן וועסטו שוין אויך באַווייזן אויסצושעפּן די כראָניקעס פון די לעבנס און די פּאַסירונגען פון אַלע דיינע קאָלעגן וואָס האָבן געפּרוּווט צו גיין אויף דעם וועג פון דער אייביקייט. אָבער דו ביסט פּשוט נאַאיוו און אַפילו נאַריש אויך. וואָס מער דו שרייבסט אין די שפּעטע נאַכטישע שעהן, אַלץ טיפער זינקסטו אין אַ תהום פול מיט פאַרלוירענע און ווייַנענדיקע נשמות. אַלץ ברייטער עפנט זיך אויף פאַר דיין איבערראַשטן אויג ממש אַן אורוואַלד מיט מענטשן צווישן די בוימער און קרזשאַקעס (קוסטעס), ווי מען וואָלט בלאָנדזשען אין אַ געדיכטן וואַלד און מען מיינט ווי אַ נאַר אַז אויב מען וועט זיך אָנשטרענגען נאָך צו גיין בלויז עטלעכע שריט ווייטער, וועלן די בוימער אָנהויבן צו ווערן שיטערער און מען וועט ענדלעך דערזען דעם אָפענעם ברעג פונעם אורוואַלד. אָבער, דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אַ ריינע אילוזיע. נייע מחנות בוימער־מענטשן וואַקסן אויס פאַר דיינע דערשראָקענע אויגן. דער וואַלד פון מענטשן מיט גאָר זייערע מעשיות און געראַנגלען פאַרמאָגט גאָרנישט קיין סוף און קיין ברעג, בשעת דו אַליין ווערסט מיט דער צייט עלטער און שוואַכער. אויב פריער האָסטו זיך נאָך געקענט פאַרשפּילן מיט ראָמאַנטיק, ליבע, פּאָעזיע און חלומות, זעסטו איצט איין מיט פּחד אַז עס איז געווען אַ פּוסטער פאַטאַ־מאָרגאַנאַ, אַן אָאַזיס־מיראַזש אין מדבר... בשעת דו אַליין ווערסט, ווי שוין געזאָגט, עלטער און שוואַכער אין אַלע דיינע כוחות און לעבנס־פאַקולטעטן, שרעקט דיך איצט אָפּ דער אומענדלעכער מאַטעריאַל און רוי־שטאָף וואָס עפנט זיך אויף פאַר דיר ווי אַן אומהיימלעכע

לאַנדשאַפט וואָס האָט נישט קיין סוף און קיין ענד. דו זעסט איצט איין אַז כדי צו שאַפן ווייטער דיין ווערק אויף וועלכן דו האָסט זיך מיט פיל יאָרן צוריק פאַרמאָסטן, באַדאַרפסטו נאָך צו לעבן ביי דיינע פולע כוחות און פּאָטענצן מינדעסטנס נייע הונדערט, צוויי הונדערט און אפשר דריי הונדערט יאָר, כדי אויסצושעפּן די געדיכטקייט און דעם ים פון לעבן און פון דעם וואַלד מיט כאַראַקטערן און פאַרשוינען וועמענס פנימער־לאַנדשאַפטן און בריענדיקע נשמות דו האָסט איינגעזאַפּט דורך דער לאַנגער פאַרגאַנגענער צייט...

אָבער דו גייסט אָן מיט דער אַרבעט כאָטש דו קריגסט איצט ממש אַ ווילדן פּחד פאַרן שטרענגן מלאך... דו ביסט שוין פּיזיש שוואַך אויך. יעדער מין אָפּוועגדונג פון דיין ציל אין שרייבן קומט דיר פאָר ווי דו וואָלסט באַגאַנגען אַ פאַרברעכן און פאַראַט צו דיין פעדער צו וועלכער דו ביסט סאַדיסטיש פאַרשקלאַפט. דו פילסט אַז איצט מוזטו שוין שטרענגער שרייבן אין דער ראַם פון דיין צוועק און דיין ווערק. דו טאָרסט נישט פאַרלירן קיין איינציקע מינוט ווייל עס קען חלילה ווערן צו־שפּעט. דו פילסט אויך אַז נישט די דערציילונג, די עסיי, די נאָוועלע איז איצט פאַר דיר וויכטיק אָנצושרייבן — נייערט די פשוטע כראָניק, דעם נאַקעטן דאָקומענט, די קאָנצענטרירטע באַשרייבונג פון מענטשן, משפּחה, פריינד, שרייבער, אָרגאַניזאַציע, באַוועגונגען און באַדייטנדיקע היסטאָרישע געשעענישן וואָס גייען בלוטיק אָן דיין פאָלק. מיט איין וואָרט: דיין שרייבן מוז דינען צו דער געשיכטע, צו דיין פאָלק...

געשיכטע ווערט דער אידעאַל פון דיין איצטיקן שרייבן פונקט ווי געשיכטע איז מסתמא געווען דער באַוואוסטזיניקער אידעאַל פון טאָלסטאָי בשעת ער האָט געשריבן זיין גרויסן עפּישן ראָמאַן „מלחמה און שלום״. און דער אידעאַל צו שרייבן געשיכטע האָט אויך געפירט באַלזאַקס פעדערביים באַשאַפן גאַנצע צוויי טויזנט פיקטיווע פיגורן און געשטאַלטן בשעתן אויסהאַקן פונעם כאַאָס „די מענטשלעכע קאָמעדיע״. פונעם ליים און וואַפנע פון דער רוי־ערד קנעט ער אויס פון זיין דאָרף, פון זיין געבורט־שטאָט טורין, פון זיין געבורט און פון זיין לעבן נאָך דער עפּאָכע פון נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע; און ווי פאַר די שריפטשטעלער סטענדאַל און וויקטאָר הוגאָ ווערט פאַר אים אויך וויכטיק צו פאַראייביקן די געשיכטע פון דער נאַפּאָלעאָנישער עפּאָכע. דו ביסט זיכער ווייט פון צו שרייבן אמתדיקע און אַקאַדעמישע געשיכטע. אָבער דו וואָלסט וועלן דינען דעם יידישן לעבן און די יידישע ליטעראַטור אין דעם מוראדיקן פעריאָד פון פּיזישער אַניהילאַציע און צעשטערונג פון אירע גייסטיקע אוצרות, ווי אויך צוליב די שרעקלעכע וואונדן אין דער יידישער נשמה, מיט עפּעס אַזוינס וואָס איז אַ סך וויכטיקער ווי געוויינלעכע בעלעטריסטישע אָדער עסייאיסטישע שאַפונג...

אַגב, צו שרייבן וועגן יידן איז זייער שווער און קאָמפּליצירט. ווייל יידן האָבן געלעבט לאַנגע צייטן אין פאַרשידענע לענדער און אין פעריאָדן

פון וועלט־געשיכטלעכע קאַטאַקליזמען. די געשיכטע פון די יידן איז די עפּיק פון אַלע פעלקער צווישן וועמען זיי האָבן געלעבט און געשאַפן. זיי האָבן אומעטום, ביי אַלערליי באַדינגונגען, סיי דערהאַלטן זייער אייגנאַרטיקייט, זייער רעליגיע, זייער תורה, זייערע מנהגים, זייער שפּראַך, קולטור, ליטעראַטור, פאָלקלאָר, און בכלל דעם יידישן סטיל וואָס דריקט זיך אויס אין אַ סך קוואַליטעטן און אייגנשאַפטן. די יידישע געשיכטע איז פאַקטיש פאַרוועבט און פאַרקניפּט מיט אַ סך פעלקער, לענדער און ליטעראַטורן; מיט פילע שלאַכטן און מלחמות; מיט מאַסן פּרעמדע הערשער, קייסאָרים, שאַכן, סולטאַנען און דיקטאַטאָרס. די יידן האָבן פיל געלערנט בשעת זייער עפּישן מאַרש איבער דער ערד, אין צייטן, אין דורות, מיט געזעלשאַפטן, אַרמייען, רעליגיעס, פעלקער, קולטן און אימפּעריעס. זיי זיינען אין רעזולטאַט פון אַ שלל מיט טראַגישע איבערלעבענישן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין וואָרע חכמים, און זיי האָבן אָנגעזאַמלט אַ שלל מיט קענטענישן, לשונות, דערפאַרונגען, פּראַקטישע לעבנס־אופנים, קולטורן און ציוויליזאַציעס אַדאַנק דעם דאָזיקן פלאַנעטאַרן גאַנג דורך צייט און וועלט אין דעם געדיכטן און עפּישן מענטשנוואַלד פון שבטים, פעלקער, ראַסן און גאַנצע חמרים מיט מענטשן און נשמות...

## ער איז געווען גרייט פאַר מאַרטירערשאַפט

איך האָב תמיד געהאַט אַ געפיל אַז איך קען אים נישט גענוג כדי צו האָבן וועלכע עס איז באַשטימטע מיינונג וועגן אים. איך פלעג שטיין מיט אים ביים שריפטקאַסטן אין דער דרוקעריי יאַקובאָוויטש לאַנגע חדשים. אַמאָל אַפילו ביז שפּעט אין די נעכט, ווען מען האָט געמוזט פאַרענדיקן צונויפצושטעלן דאָס וואָכנבלאַט „די יידישע פּרעסע". אין דער נאַכט פון דאָנערשטיק אויף פרייטיק האָט מען געאַרבעט דורך דער גאַנצער נאַכט. איך פלעג מיט שווערקייט קוים שטיין אויף מיינע פיס. איך בין געוואָרן שטאַרק פאַרמאַטערט. אין דעם זעצקאַסטן וואו די אותיות זיינען געלעגן, האָט שוין אויסגעפעלט שריפט מיט וועלכע מען פלעגט אויסזעצן די לעצטע אַרטיקלען פון די מיטאַרבעטער, ווי אויך די לעצטע שטיקלעך כראָניק, אַנאָנסן און נאָטיצן. די באַלעבאַטים פון דער דרוקעריי האָבן נישט געהאַט קיין חשק אָדער געלד איינצוקויפן פון דער שריפט־פאָונדרי מער אותיות פון בליי. דאָס קלייבן די שריפט פון די כמעט אויסגעליידיקטע קעסטלעך האָט מיך נאָך מער פאַרמוטשעט און מיינע פינגער האָבן פשוט געבלוטיקט ביים פרווון פאָרט אַרויסגראַבלען מיט כוח און אָנשטרענגונג די ווינציקע אותיות, כדי אין דער לעצטער שעה פון דער נאַכט אויסצוזעצן אַ מאמר פון איינעם אַ שרייבער פאַרן וואָכנבלאַט. דער מחבר פונעם דאָזיקן לעצטן מאמר האָט עס ערשט געהאַט פאַרענדיקט צו שרייבן. דורך ווינט, קעלט און רעגן פלעגט ער עס ברענגען צו אונדז. ער אַליין איז געווען אַן אָרעמאַן. אין דרוקעריי האָט געהערשט אַ ביטערע

קעלט. דער בלעכענער אויוון האָט געגעבן ווייניק וואַרעמקייט ווייל עס איז נישט געווען קיין האָלץ אָדער קוילן אַריינצולעגן אינעם הונגעריקן פּיסק פונעם אויוון. דער שרייבער אַליין איז געשטאַנען אַזאַ איינזאַמער און געהאַלטן זיינע דאַרע און געפרוירענע הענט אויפן אייזן פונעם אויוון וואָס האָט נישט פאַרמאָגט קיין היץ. דער מחבר איז געווען אויסגעהונגערט. ער פלעגט יעדער ווייל אַרויספּליקן פון אַ קעשענע אין זיין מלבוש וואָס איז שוין געווען היפּש איינגעריסן און פאַרעלטערט, אַ שטיקל ראַזאָוואַנע ברויט און קייען מיט זיינע גלעלע און צעלעכערטע ציין. דאָך האָט זיין הומאָרעסקע וואָס ער האָט ערשט געהאַט פאַרענדיקט און עס געבראַכט אין דער לעצטער שעה פון דער נאַכט כדי עס זאָל דערשיינען אינעם נייעם נומער פונעם וואָכנבלאַט, פאַרמאָגט הומאָר. ער אַליין האָט שוין דערנאָך לאַנג נישט געלעבט. די מיקראָבן פון שווינדזוכט און זיין ברוטאַלע אָרעמקייט האָבן אים אומגעבראַכט. אויב עס געפעלט דעם לייענער, שרייב איך אַפילו דאָ אָן זיין נאָמען: זלמן מערקער...

איינער פון די זעצערס אין דער דרוקעריי האָט געהייסן אַנטעק. ער האָט קיינמאָל קיין איינציק וואָרט וועגן זיך אַליין נישט אַרויסגערעדט. עפּעס ווי אַ נזיר, אַן אַסקעט איז ער געווען און ער האָט ווי אַזאַ טאַקע אויסגעזען. מחמת איך פלעג אים זען אין „קולטור־פאַראיין" זעלטן עסן אַ לייטיש מאָלצייט, אויסער טיי מיט ברויט, האָב איך אים געעצהט צו קומען אין דרוקעריי און זיך אויסלערנען דאָס פאַך. אפשר וועט ער שוין בלייבן אין דער דרוקעריי אַלס איינער פון די זעצערס און ער וועט פאַרדינען אויף זיין אָרעמען ברויט...

דער וועלט־באַרימטער חזן און קאָנצערט־זינגער יאָסעלע ראָזענבלאַט האָט אַרום יענער צייט גאַסטראָלירט אין אַנטווערפּן צוזאַמען מיט זיין שמש, אַן אָרטאָדאָקסישער ייד, פאַרשטייט זיך, מיט אַ ברייטער באָרד וואָס איז געווען לייטיש געפלעגט. כאָטש עס איז שוין צו יענער צייט כמעט נישט געווען די מאָדע אַפילו צווישן פרומע יידן צו שמעקן טאַבאַק פון זייערע טאַבאַק־פּושקעס, איז נאָך ר׳ ברוך־יונה אייבעשיץ געווען דער אייגנטימער פון אַן אַנטיטשנער זילבערנער טאַבאַק־פּושקע, וועלכע ער האָט טאַקע גאַנץ אָפט גענוצט. ער האָט אויך פאַרמאָגט אַ ניי טאַשנזייגערל, אַן „אָמעגאַ", מיט אַ גאָלדענער דיוויסקע. דער חזן און קאָנצערט־זינגער איז גראָד דעמאָלט אויפגעטראָטן מיט אַ קאָנצערט אין דער פלעמישער אָפּעראַ וואו ער האָט שטאַרק אויסגענומען מיט זיין רייכן מוזיק־רעפּערטואַר און הערלעכער שטימע. איך האָב אויסגעזועצט די אַפישן פאַר יאָסעלע ראָזענבלאַטס אויפטריטן. דער שמש, אַ ייד אַ תלמיד־חכם, איז געווען אַ פריינדלעכער מענטש. און ווען ער האָט איינמאָל, קומענדיק אין דרוקעריי כדי צו קאָרעגירן דעם טעקסט פון די אַפישן פאַרן קאָנצערט פּלוצלינג דערזען אַנטעקן, האָט ער זיך עפּעס שטאַרק געוואונדערט און האָט אים אָנגעקוקט מיט שטוינונג. ער האָט מיך שפּעטער געפּרוווט אויסצופרעגן ווי אַזוי אַנטעק פירט זיך אויף אין

אַנטווערפּן און בכלל אין זיין לעבן. איך האָב אים, וואָס אַן אמת, געקענט געבן קנאַפּע אינפאָרמאַציע. אָבער ער אַליין, דער שמש, האָט מיר מגלה געווען אַז ער האָט אַנטעקן געטראָפן אין דער שטאָט בערלין נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַז עפּעס איז מיט אים דאָרט געשען אָדער פאָרגעקומען... מער ווי בלויז געצייילטע ווערטער צי רמזים האָט דער ווירדיקער שמש אָדער סעקרעטאַר פונעם וועלט־באַרימטן חזן נישט קיין חשק געהאַט פאַר מיר אויסצורעדן אָדער צו אַנטפּלעקן. איך בין אויך נישט געווען אַזוי שרעקלעך נייגיריק כדי צו זיין צודרינגלעך מיט שאלות צום דאָזיקן ווירדיקן שמש...

מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָט מיינס אַ פריינד וואָס האָט געקעמפט אין די רייען פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע" אין שפּאַניש'ן בירגער־קריג, מיר געגעבן אַ רמז אַז אַנטעק, ווען כן ער האָט אויך געהאַט געקענט פונעם קולטור־פאַריין אין אַנטווערפּן, איז געפאָרן קיין שפּאַניע כדי צו קעמפן אין די רייען פון די יידישע קעמפער קעגן פראַנציסקאָ פראַנקאָ צו וועמען היטלער און מוסאָליני האָבן געשיקט פאַשיסטישע רוצחים און אויך טאַנקען און מאַשינגעווער כדי אויסצוקעמפן אַ נצחון פאַר דער שפּאַנישער קירכע, פאַר די מערדערישע חיילות פון אַפריקע און פאַר די פריצים און רייכע לאַנד־באַזיצער פון שפּאַניע. אָבער איך בין נישט געווען זיכער צי אַנטעק ווען כן איך האָב געקענט ווי אַן אויסגעדאַרטן איד, אַ מענטש וואָס האָט געהונגערט, וואָס האָט שווער געהוסט מיט בלוט, און וואָס האָט נישט געהאַט קיין העמד אויף זיין נישט־געוואַשענעם לייב, האָט נאָך טאַקע געהאַט געגנוג מוט, קוראַזש און כוח צו פאָרן קיין שפּאַניע און דאָרטן צו קעמפן. צי האָט ער טאַקע דאָרטן געפונען זיין טויט אויף די פרעמדע פעלדער פון אַ פראַקטיק לאַנד וועמענס פאַנאַטישע און אכזריותדיקע קירכע צוזאַמען מיט דעם קעניג פערדינאַנד און דער קייסערינע איזאַבעלאַ האָבן פאַרברענט אַמאָל אונדזערע יידישע ברידער און שוועסטער אויף שייטערהויפנס און אויטאָדאַפעס? אַפילו דער גראַד פון זיין אינטעליגענץ איז פאַר מיר געבליבן אומקלאָר, ווייל ער האָט זייער זעלטן, ווי שוין פריער אָנגעמערקט, אויסגערעדט אַן איבעריק וואָרט. ער איז פאַרבליבן צו מיר אַ מיסטעריעזער פערזאָן. אָבער עפּעס ערלעכס און אַסקעטישס איז געווען אין דעם דאָזיקן באַשיידענעם און שווייגנדיקן מענטש. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון איינעם וואָס איז גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר אַ הויכן און עטישן אידעאַל. אָבער אויך דער פּרט איז צו מיר פאַרבליבן אַ רעטעניש. פון צייט צו צייט פלעגט ער אין קולטור־פאַריין וואו עס זיינען געווען פאַרטראָטן דריי יידישע גרופּירונגען אין אַנטווערפּן: נעמלעך די לינקע פּועלי־ציוניסטן, בונדיסטן און קאָמוניסטן, אָרגאַניזירן טעאַטראַלישע ספּעקטאַקלען לכבוד אַ יום־טובדיקער געלעגנהייט. ער פלעגט אויסוויילן אַ גרופּע יוגנטלעכע חברים מיט וועמען ער פלעגט אַ צייט לאַנג, בשעת די אָוונטן, רעפּעטירן צו זינגען, טאַנצן און אויסצושפּילן געוויסע האַנדלונגען און קורצע

דראַמאַטישע סצענעס. ער פלעגט שווער אַרבעטן כדי איינצואיבן און אַריינצופירן גאַנץ אומדערפאַרענע און פרימיטיווע יוגנטלעכע אין געוויסע סצענעס פונעם וועלט־רעפּערטואַר אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב, ווייל צו קיין גרעסערע אונטערנעמונגען, אַפילו ווען ער וואָלט פאַרמאָגט העכערע אַמביציעס פון אַ קינסטלערישן כאַראַקטער, האָט ער נישט געקענט דערגרייכן. די מעגלעכקייטן זיינע זיינען געווען נישטיקע און גאַנץ באַגרענעצטע. אָבער איך האָב פון זיינע באַשיידענע אויפפירונגען מיט גרופּעס יוגנטלעכע פּאָרט דערקענט אין אים אַ ניצוץ צי מער ווי צופעליקע און אונבאַדייטנדיקע טעאַטראַלישע אַמביציעס...

אַנטעק האָט זיך אויך אויסגעצייכנט צו מאָלן מיטן פּענדזל גאַנץ אָריגינעלע און מולטיפאַרביקע אַפּישן וועגן קולטורעלע, אָדער בעסער געזאָגט, רעוואָלוציאָנערע אונטערנעמונגען. ער האָט אַפילו טיילמאָל געמאָלן מיט שטאַרקע און עקסטרעמע קאָלירן. די דיקע אותיות אויפן ברייטן אַפּיש אָדער אַרויסרופערישן פּלאַקאַט האָבן עפּעס געוואַגט אויסצודריקן זיין אינערלעכן אומרו און אומצעפרידנקייט, זיין פיזישן הונגער און גייסטיקן פּראָטעסט, זיין פאַרבאָרגענעם טרויער און ביירָאָניסטישער מרה־שחורה. צי האָט ער אויך פאַרמאָגט אַ נייגונג צו שעפערישער מאָלעריי? נישט בלויז צו קאָפּירן פון פרעמדע שאַפונגען און איינפאַלן, נייערט אויך אויסצודריקן די טונקעלע טריבן פון זיין נשמה און עפּעס ווי אַ געשריי פון זיין איינזאַמקייט, אָרעמקייט און געפאַלנקייט?! שווער צו געבן מער באַשטימטע אויסדרוקן פון כאַראַקטער און פּערזענלעכקייט וועגן איינעם אַ פאַרשלאָסענעם מענטש וואָס היט אָפּ זיין פאַרבאָרגנקייט און איז דווקא פאָרזיכטיק גענוג זיך נישט צו אַנטפּלעקן צו פרעמדע אויגן און אויערן...

איך פלעג זייטיק כאַפּן אַ בליק אויף זיינע מכלומרשטע מאָלצייטן. זיי זיינען געווען מוראדיק־קאַרגע: בלויז אַ שטיקל ברויט מיט אַ שוין צוגעפוילטער ציבעלע. בשעתן סוף פון דער וואָך, ווען מיר האָבן געאַרבעט פון דאָנערשטיק אין דער פרי ביז פרייטיק שפּעט נאָכמיטאָג, ווען דאָס וואָכנבלאַט פון אַ נאַציאָנאַל־ציוניסטישן כאַראַקטער איז שוין ענדלעך פאַרטיק געוואָרן פונעם דרוק־מאַשין אַדאַנק דער ענערגיע פונעם פלעמישן זעצער טעאָ, וואָס האָט געאַרבעט זינט לאַנגע יאָרן אין דער דרוקעריי און ער האָט זיך אויף אַזוי פיל אויסגעלערנט רעדן און דער עיקר צו לייענען יידיש, אַז אין דער לעצטער מינוט, ווען מען האָט שוין געהאַט אַריינגעשיבט די פאַרענדיקטע זייטן מיטן טעקסט אין דער דרוק־מאַשין, פלעגט נאָך טעאָ, נאָכן לעצטן מאָל אַריינקוקן מיטן אויג פון אַ דעטעקטיוו, אויסשרייען:

— אַנטעק, זאָג ראָטמאַנען (דעם הויפּט־זעצער און „מעטראָנפּאָזש" פון דער דרוקעריי) אַז אין דער אויבערשטער שורה פון זייט פיר איז פאַראַן אַ טעות: אָנשטאָט אַ „טית" שטייט אַ „מעם"...

די דאָזיקע קליינטשיקע אָפּעראַציע פון אויסבעסערן דעם טעות

הזעצער (גרייז) האָט נאָך אַגב געדויערט אַ נייע און גאַנצע שטונדע צייט...

יאָ, די הויפּט־האָרעוואַניע איז שוין געווען פאַרענדיקט. די זעצערס זיינען געווען שוואַרץ פון מידקייט. די מאַשינען פלעגן שוין אונטער טעאָס קאָמאַנדע אָנפאַנגען צו דרוקן און צו שליידערן מיט שטרענגער אָרדענונג די ברייטע בויגנס אָפּגעדרוקטע פאַפּיר־קאָפּיעס פונעם בלייערנעם זאַץ מיט אַ פעטער און שוואַרצער פאַרב. דער זייגער מיט זיין ריזיקן ציפערבלאַט וואָס איז געהאָנגען אויף דעם באַלקאָן וואו מיר האָבן געאַרבעט, און וואָס איז געווען אין סך הכל אַ מין גאַלאָרקע, ווי אין אַ טעאַטער אָדער אַן אָפּעראַ, און וואָס איז מיט יאָרן צוריק געווען אַ ווייבערישע שול וואו די פרויען פון די אַנטווערפּענער חשובע באַלעבאַטים זיינען געזעסן און געהאַלטן אין די הענט דיקע מחזורים און די פרומע ווייבער האָבן נאָכגעפּאָלגט יעדעס וואָרט אינעם מחזור ווען מענס הייליקע תפילות דער חזן האָט אויסגעזונגען אויף אַ רירנדיקן שטייגער בשעת די ימים טובים — דער זייגער האָט שוין איצט אָנגעשטעלט זיינע מאַסיווע ווייזערס אויף דעם לאַטיינישן ציפער דריי אָדער פיר אַזייגער פון מיטננאַכט. ערשט דעמאָלט פלעג איך איינלאַדן דעם כמעט איינגעשלאָפענעם אַנטעק מיט מיר אַרויסצוגיין אין דער קילער פרישקייט פון דער נאַכט כדי אַריינצוגיין אין אַ יידישן רעסטאָראַן וואָס איז נאָך געווען אָפן און באַלויכטן. אויבן, איבער דעם אַריינגאַנג אין זאַל, איז געהאָנגען אַ ברייטער שילד און אויף דעם שילד האָט דער קאָפּ פון אַ פעטער קו געשמייכלט צום פובליקום וואָס גייט מכלומרשט הנאה האָבן פון איר פלייש: פון אירע גלידער וואָס זיינען שוין זינט לאַנג געוואָרן צוגעגרייט און כשר געמאַכט דורך געניטע קצבישע הענט... אָט אַזאַ אָפּטימיסטישע האָט דער קאָפּ פון דער קו אַראָפּגעלויכטן צו אירע געניסערס, און זי האָט טאַקע מיטן פריינדלעכן פּנים אירן דעמאָנסטרירט איר הנאה צו די באַזוכערס פון דער רעסטאָראַציע — אַפילו אינמיטן פון דער נאַכט, צו גאַנץ מידע און פאַרמוטשעטע אַרבעטער פון אַ יידיש וואָכנבלאַט...

איך האָב פאַרשטייט זיך איינגעלאַדן אַנטעקן צו זיין מיין גאַסט אין רעסטאָראַציע. מיר זיינען ביידע געווען מיד און אויסגעשעפּט. עס זיינען דאָרטן געזעסן פאַרשידענע טיפּן: מענטשן פון דער גרויער גאַס, היימלאָזע נשמות וואָס האָבן נישט פאַרמאָגט קיין אייגענעם אייזערנעם שליסל כדי אויפצושליסן אַ היימישע טיר צו אַ וואַרם בעט, צו אַ שפּיגל, אַ שאַנק פאַר קליידער, אַ שענקל פאַרן פאָרצעלייענעם געפעס, אַ טישל מיט אַ טינטער כדי צו שרייבן אַ בריוו צו אַן אינטימען פריינד אָדער פריינדין. עלטערע זונות האָבן געצײלט מיט נערוועזע פינגער וואָס זיינען געווען שווער באַלאָדן מיט גרויסע פאַלשע איידלשטיינער, איינגעפּאַסטע אין דיקע רינגען פון מכלומרשטן אַמעריקאַנער גאָלד. אין אָפּשיין פון דעם עלעקטרישן לאָמפּ אונטערן סופיט, האָט מען געקענט זען אויפן קאָפּ פון

אַזאַ פרוי עטלעכע גרויע האָר וואָס דער ווינט אין דער נאַכט, בשעת זי האָט שפּאַצירט לאַנגע שעהן אין געיעג נאָך ליבע־הונגעריקע און היימלאָזע מאַנצלייט, האָט מסתמא אַנטפּלעקט פון איר קאָפּ מיט געדיכטע האָר פון אירע יינגערע צייטן. עס איז אויך געזעסן אַן עלטערער קלעזמער וואָס שפּילט אויף זיין איינגעבראָכענער פידל אין וועלכן עס פעלן עטלעכע סטרונעס, און וואָס זיצט אָפּט ביי דער פלעמישער אָפּעראַ אונטער גאָטס שניי בשעת די שפּעטע אָוונטן און ער שפּילט אויס רוסישע מעלאָדיעס נאָך פון דער צייט פונעם צאַר ניקאָלאַי. די פאַרבייגייערס מיט סענטימענטאַלע הערצער וואַרפן אַריין מטבעות אינעם אָנגעזאַמלטן בערגעלע מיט קופּערנע סענטימען וואָס זיינען געלעגן אויסגעשאָטענע צו זיינע פיס אויף דער צעראַטע. דער קלעזמער הערט זיך איין אין זיינע אייגענע מעלאָדיעס און ער דערמאָנט זיך מסתמא די טעג און נעכט ווען ער איז נאָך געווען יינג און געחלומט פון אַ מוזיקאַלישער קאַריערע. אַן עלטערע פרוי, ווייזט אויס אויך אַ היימלאָזע, האָט באַהאַלטן אונטער איר מאַנטל אַ יינג קעצעלע וואָס איז דורך דער גאַנצער צייט געשלאָפן צווישן אירעביידע קניען. יעדער פּאָר מינוטן האָט די אָרעמע פרוי וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין אָפּגעטראָגענע מלבושים וואָס זיינען אַמאָל אויפגעניייט געוואָרן פון קאָסטבאַרן סאַמעט און זייד, געטאָן אַ דעליקאַטן גלעט אין דער ווייכער פעל פונעם שלאָפנדיקן קעצעלע, זייענדיק געגנוג פאָרזיכטיק עס נישט אויפצוּוועקן...

עס איז דאָ אויך געזעסן דער שטאַם־גאַסט פון דער רעסטאָראַציע: דער העברייאיש־פּראַנצויזישער פּאָעט וואָס פאַרברענגט געוויינלעך זיינע זומערדיקע טעג אין דעם שטאָטישן קיוויט־פּאַרק וואו די מערסטע בוימער זיינען שוין אַזוי אַלט אַז זייערע צווייגן פוילן שוין זינט יאָרן און די פייגל מיידן אויס צו פּאָרן זיך, צו בויען זייערע נעסטן און צו זינגען ווען דאָס קליינוואַרג פּישטשעט פון די שטאַרקערע נעסטן אַרויס און זיי עפענען זייערע מיילעכלעך, גרייטע איינצושלינגען די ווערמלעך און שלענגלעך וואָס זייערע עלטערן־פייגל ברענגען זיי צו טראָגן אין זייערע שנאָבלען. געוויינלעך קלייבן אויס די אָנפליענדיקע פייגל פון די וואַרעמע לענדער יינגערע בוימער מיט דינע און שטאַרקערע צווייגן וואָס שפּראָצן מיט זייערע קנאָספּן (פּאָנקעס) בשעת די ערשטע חדשים פון פרילינג...

אַרמאַן לעווי, אַ ספרדישער ייד וואָס זעט שוין אויס היפּש פאַרעלטערט און מיד פון לעבן, באַרימט זיך פונדעסטוועגן אַז זיין גזע שטאַמט אָפּ פון דעם גרויסן העברייאיש־היספּאַנישן דיכטער יהודה הלוי. ער זעצט טאַקע איבער אויף פראַנצויזיש און שפּאַניש די פּאָעטישע ירושה פון זיין פאַרצייטישן קרוב און ער דרוקט עס געוויינלעך אין פראַנצויזישע און שפּאַנישע זשורנאַלן וואָס זיינען סימפּאַטיש געשטימט צום ציוניזם. ער אַליין איז אַ ספרדישער ייד וואָס וואוינט ביי דער שעלדע־קאַנאַל אין אַ האַלב־חרובדיקן הויז און ער שפּייזט מיט קרישקעס חלה בשעת די שבתדיקע טעג די טויבן און אויך די קלענערע פייגל ביים גרויען

שעלדע־קאַנאַל וואו די שיפן פון ווייטע לענדער, ימים און אינדזלען פאַראַנקערן זיך. דער העברייאישער פּאָעט און ביטערער אָרעמאַן לעבט אַן איינזאַמען לעבן. זייער זעלטן רעדט עמעץ אויס אַ וואָרט צו אים. ווי אָרעם ער איז געקליידעט און ווי איינזאַם ער איז אין אַ פרעמדער וועלט, אין אַ פרעמדן דור, אין אַן אַנדערער קולטור־ספערע, לייכט דאָך אָפּ דאָס גאָלד און די זון פון יענע פאַרצייטישע יידיש־הישפּאַנישע דורות וואָס זיינען אויסגעגאַנגען על קידוש השם. אין מיין בענקשאַפט זיך פאָרצושטעלן דאָס לעבן און דאָס געשטאַלט פון דעם גרויסן דיכטער יהודה הלוי, פאַרוואַנדל איך אים אין דעם אויסזען פון אַרמאַן לעווי. אויך ער איז אויפגעגאַנגען אין אַ טראַגישן טאָג צוזאַמען מיט טויזנטער יידן צום גן־עדן אין אַ זייל פון אַש און קאָפּעטש, מיט גילדערנע פינקען דערינען, וואו די נשמות פון זיינע פאַרצייטישע קרובים אין שפּאַניע האָבן אים באַגעגנט. און רירנדיק איז געווען די באַגעגעניש צווישן דיביידע דיכטער: יהודה הלוי האָט דער ערשטער אויסגעשטרעקט זיינע הענט און אָרעמס צו זיין ווייטן קרוב און לאַנדסמאַן, און אַרומכאַפּנדיק זיך איינער דעם אַנדערן, האָבן זיי ביידע אויסגעבראָכן אין אַ שרעקלעכן געוויין... אַן אַלטער מלאך האָט אָפּגעווישט מיט אַ וואָלענעם שאַליק זייערע ביידנס גליענדיקע טרערן...

אָבער צו־לאַנג האָבן מיר דאָ פּאָרט נישט געקענט פאַרברענגען מחמת מיר האָבן געמוזט צוריקגיין אין דער דרוקעריי כדי צו פאַרענדיקן די אַרבעט אויף דעם יידישן וואָכנבלאַט. אַרום נאָכמיטאָג־צייט וועלן קומען די עטלעכע צייטונגס־פאַרקויפער: אַ פּאָר אָרעמע און עלטערע יידן וואָס פאַרשפּרייטן אויך פלוג־בלעטלעך פונעם יידישן טעאַטער אויף דער פעליקאַנסטראַטע ביי דער דיאַמאַנט־בערזע. אויך קומען דאָ עטלעכע עלטערע פרויען כדי צו נעמען פעקלעך זשורנאַלן און צו פּרוּוון זיי פאַרקויפן אין דער זעלביקער געגנט, אָדער אויך אין די זייטיקע גאַסן וואו יידן גייען אַהיים פון זייערע געשעפטן און זיי איילן זיך מקבל פנים צו זיין דעם שבת קודש, בשעת עס שמעקן זיס און וואַרם אין זייערע היימען די צוגעגרייטע און געשמאַקע מאַכלים פאַר דער ערב־שבתדיקער סעודה אין אָוונט, לכבוד שבת...

צוריקקומענדיק צום סוף פון אונדזער פאַרצייכענונג צו אַנטעקן: ווער ווייסט אויף וואָס פאַר אַן אופן ער איז אַוועק אין דער אייביקייט? צי איז ער אויסגעגאַנגען ערגעץ נעבן אַ וואַנט פון אַן אַלטער מויער אין אַ זייטיקער גאַס, איינשלאָפנדיק אויף אייביק מיט דער לבנה צוקאָפּנס? ער האָט זיך מסתמא געזעגנט מיט דער צו אים אומפריינדלעכער וועלט אַלס מאַרטירער; אפשר אין דער שפּאַנישער פרייהייטס־מלחמה צאָזאַמען מיט די העלדישע יידישע יינגעלייט, און אויך מיט די זין פון די אַנדערע פעלקער און לענדער, געטראָגענע ווי אויף די פליגל פונעם יוגנטלעכן אומרו און דראַנג צו הומאַניזם, צו מענטשלעכקייט... אָבער נאָכן גאַנצן שרייבן וועגן דעם דאָזיקן ציכטיקן און איינזאַמען מענטש, האָט טראָץ

זיינע אַלטע מלבושים און סאָלדאַטסקע קליידער נישט האָבנדיק קיין העמד ביים סקעלעטיש־אויסגעדאַרטן לייב, אַרויסגעלויכטן פון אים אַ זייער ליכטיקע נשמה וואָס איז געווען אָן שום ספק גרייט פאַר מאַרטירערשאַפט...

## קאָנצערט מיטן זינגער און טענצער סעם גאָלדבערג

נעכטן ביינאַכט בין איך געווען צו גאַסט ביי דער זינגערין רחל רעליס און איר מאַן בן־באַרדאַך. דער זינגער, טענצער און אַקטיאָר סעם גאָלדבערג פון לאָדזש, קומט קיין ניו־יאָרק יעדעס יאָר כדי איינצואָרדענען אַ קאָנצערט פאַר זיך, פאַר זיין פרוי העלען ווינאָגראַד און צוזאַמען מיט אַ צאָל אַנדערע אַקטיאָרן און זינגערס פון ניו־יאָרק. דורכן גאַנצן זומער וואָס ער פאַרברענגט אין שטאָט, פאַרקויפט ער פּערזענלעך פּלאַטן פון זיינע לידער ווי אויך בילעטן צום קאָנצערט וואָס וועט פאָרקומען אין דעם שפּעטן חודש אויגוסט. ער פאַרקויפט צו די דיאַמאַנט־סוחרים און יובעלירן פון דער זיבן און פופציקסטער גאַס זיין ווייב׳ס רעקאָרדס. בשעת סעם איז שוין געווען היפּש פאַרשניאָשקעט פונעם „וואָדקאַ״ אין דער ווייסער פלאַש מיטן צוויי־קעפּיקן צאַרישן אָדלער און אויך פון עטלעכע גלעזלעך בראָנפן פון דער פאַריזער ליקער־פירמע „נאַפּאָלעאָן״, וואָס בן־באַרדאַך גיט אים צו טרינקען פון אַ גראָבער און נידעריק־בייכיקער פלאַש, אויף וועמענס באַנדעראָל דער אימפּעראַטאָר אַליין שטייט ביים ברעג פון אַטלאַנטישן ים אויפן אינדזל סעינט העלען, האַלטנדיק פאַרשטעקט זיין האַנט אין דער ווייסער וועסט און קוקנדיק מיט אומעטיקע אויגן צו דער אַנדערער זייט פונעם אַטלאַנטיק, צו פאַריז, פונוואַנען אויס ער האָט מיט „טאַקט״, מיט דיפּלאָמאַטיע און מיט זיינע מעכטיקע אַרמייען געשאַפן זיין וועלט־אימפּעריע, האָט זיך סעם אָנגעהויבן צו באַרימען מיט זיינע גרויסע טעאַטראַלישע דערפאָלגן. פאַרשטייט זיך אַז ער איז אַ גוטמוטיקער און היפּשער באַרימער...

סעם האָט זיך טאַקע באַרימט ביז צו די שפּעט־ביינאַכטישע שעהן מיט זיינע גלענצנדיקע קאָנצערטן אין פאַריז, לאָנדאָן, וויען, בערלין, בריסל, אַנטווערפּן, ריאָ דע זשאַנייראָ, בוענאָס איירעס און מאָנטעקאַרלאָ. די קאַפּיטאַנען פון די שיפן מיט וועלכע ער פאָרט יעדן זומער צוזאַמען מיט די מאַסן טוריסטן, איבערהויפּט מיט אַמעריקאַנישע לאַנדסלייט, שענקען אים פלעשער מיט שאַמפּאַניער און קאָניאַק, נאָכדעם ווי ער זינגט זיינע געזאַנגען און קופּלעטן און ער טאַנצט אויך אין די קאַיוטעס פון די שיפן. (דערביי דערמאָנט זיך מיר אַ בריליאַנטענע שורה פון פּרץ מאַרקיש וואָס האָט זיך פאַרגעדענקט אין מיין מוח נאָך פון מיין שטעטל פילעוו ווען איך האָב אָנגעהויבן אַליין אויך צו שרייבן לידער און צו לייענען מיט אַ ווילדן הונגער יידישע פּאָעזיע: „כ׳האָב פאַרשיכורט און פאַרטאַנצט פון האַרץ־קאַיוט דעם שליסל״.) שיינע גראַפּיניעס קושן מיט זייערע וואַרעמע

ליפּן די פינגער פון סעם גאָלדבערגס הענט, אָנגעטוענע אין גילדערנע סיגנעטן מיט ריזיקע דיאַמאַנטן איינגעפּאַסטע אינעם דיקן גאָלד, אויס ענטוזיאַזם פאַר זיין נגינה און פאַרן אויסטאַנצן די פּאָפּולערע קופּלעטן און אויסזינגען די שלאַגערס פון יידישן טעאַטער. ווייבער פון אינדישע מאַהאַראַדזשאַס שענקען אים בגנבה צירונג־מתנות: פּלאַטינענע ספינקעס מיט סאַפּירן; בריליאַנטענע בראָשקעס פאַר זיין זיידענעם קראַוואַט און עלעגאַנטן זשאַקעט. אָבער דער אמת איז אַז ער איז געוואָרן שטאַרק פאַרעלטערט דורכן איינציקן יאָר וואָס מיר האָבן אים נישט געזען. פאַראַיאָרן, געדענק איך, האָט ער נאָך געהאַקט אַ געשמאַקע סעודה ביים טיש פון דער זינגערין. זיינע קליידער זיינען אויך געווען זויבערער, ווייל זיין ווייב, די מער־ראַפינירטע העלען האָט אים וואויל צוגעזען מיטן העמד, מיטן קראַוואַט, מיטן אָנצוג, מיטן הוט און מיטן בערשטל. אינמיטן פון זיין היציקן רעדן וועגן זיינע דאָן זשואַנישע נצחונות איבער די גרויסאַרטיקע פרויען פון טוריסטן־מיליאָנערן, און וועגן זיינע קאָנצערטן פאַר די ענטוזיאַסטישע פּובליקומס אין ניצע, שטראַסבורג, מעטץ, ביאַריטץ און תל־אביב, דרימלט ער דערווייל איין ביים טיש ווי אַ זקן און שנאָרכט גאַנץ געשמאַקפול; אין חלום שמייכלענדיק גאַלאַנט צו אַ שלאַנקער דאַמע אין אַ פּרעכטיקן זיידענעם קלייד, מיט בלישטשעדיקן צירונג „באַלייגט" ווי מיט קאָנפעטי, אויף אַ מאַסקנבאַל אין דעם זאַל פונעם קייסער. היינט ביינאַכט, ווי שוין געזאָגט, האָט ער דווקא אויסגעזען פאַרעלטערט און מידלעך, כאָטש די באַקן זיינען ביי אים געווען פיבעריש־רויטלעך. ער האָט קוים געקענט צעקייען מיט זיין פאַלשן „סעט" גלאַנציק־ווייסע ציין דאָס שטיקל פלייש ווי אַ ביין וואָלט אים געוואָרגן אין האַלדז. פונעם איינציקן כוס מיט וואָדקאַ איז ער היפּש שיכור געוואָרן...

מיר רעדן וועגן די אַמאָליקע אַקטיאָרן און אַקטריסעס וואָס האָבן ברייט גאַסטראָלירט אין די הויפּט־שטעט פון אייראָפּע בשעת די גוטע און אַלטע צייטן. איך געדענק די לידיאַ פּאָטאָצקאַיאַ פון רוסלאַנד וואָס האָט געשפּילט „ראָמאַנס" אין דעם אַנטווערפּענער פּרעכטיקן זאַל „סערקל אַרטיסטיק" ווען מענס ווענט זיינען געווען דעקאָרירט מיט די מאָלערייען פון פלעמישע מאָלער. זי איז געווען אַן אמתע קעניגין פון שיינקייט, טאַקע אַ פּראַכט פון אַ פרוי. הויך ביזן סופיט פון דער אָפּעראַ. שלאַנק ווי אַ גראַציעזע שלאַנג אָן גיפט, ווי אָסקאַר ווײַלד באַשרייבט די שמאַראַגדענע שלאַנגען אין זיין ראָמאַן „דער פּאָטרעט פון דאָריאַן גריי." זי האָט פאַרמאָגט איר אייגנס אַן אוצר וואָס זי וואָלט אפשר געקענט פאַרזעצן אין אַ לאָמבאַרד בשעת אַ נויט: אירע אויגן ווי סאַפּירן. נו, זאָגט אונדזער באַשיידענער סעם, אַז ער האָט מיט איר געשפּילט אין סאַנקט פּעטערסבורג, אינעם „צאַרסקאָיע סעלאָ" (אינעם צאַרס זומער־פּאַלאַץ), אין אַ רוסישער פּיעסע. דער צאַר אַליין האָט איר געקושט די האַנט, און די צאַריצע האָט אים געשאָנקען אַ גאָלדענעם ציגאַרעטנהאַלטער מיט איר

פּאָרטרעט אין פּלאַטין, וואָס איז געווען איינגעפּאַסט איבער דער קאָפּעטע. דאָס איז געווען אַן אַנטיק פון דעם באַרימטן רוסישן צירונג־מייסטער...

אַגב איז די ליידי פּאָטאָצקאַיאַ שפּעטער געוואָרן די פרוי פון דעם גרויסן אַקטיאָר מיכאָעלס...

מיר רעדן וועגן דעם אויסגעצייכנטן קאָמיקער פּאָסטעל, מיט וועמען סעם זאָל האָבן געשפּילט טעאַטער אין לעמבערג. איך געדענק ווי אַזוי דאָס פּובליקום אין אַנטווערפּן האָט זיך געקאַטשעט פון געלעכטער ווען פּאָסטעל האָט געשפּילט אין דעם אַנטווערפּענער יידישן טעאַטער אויף דער אָמעגאַנקסטראַטע. ער האָט געשאָטן מיט האַרציקע יידישלעכע וויצן ווי מיט גאָלדענע רענדלעך און דוקאַטן. פּאָסטעל איז שפּעטער אומגעקומען צוזאַמען מיט די מאַסן יידן אין דעם ברענענדיקן וואַרשע...

מיר רעדן וועגן דעם טעאַטער־דירעקטאָר פון אַנטווערפּן, ברוך באָטשאַן, און וועגן זיין יינג ווייב, די פרימאַדאָנע, מיט וועמען סעם באַרימט זיך ציניש אַז ער האָט מיט איר געוואָלט שלאָפן נאָך אין בוענאָס איירעס...

איך געדענק זי אַן אָנגעטוענע אין ראַשיקע קליידער פון זייד, סאַמעט און אַטלעס. איר פּנים האָט פריש געבליט ווי אַ רויז נאָך אַ געשמאַקפולן פּוילישן רעגן...

מיר רעדן וועגן אייזיק סאַמבערג, אַזאַ פּשוטער און אומעטיקער ייד וואָס האָט געמאַכט צום לאַכן אַ גרויס און היימיש יידיש פּובליקום, פאַרלייענענדיק יאָרנלאַנג פון שלום עליכמס שריפטן, בשעת ער אַליין איז תמיד געווען שטאַרק ערנסט און דערשלאָגן, ווי ער וואָלט ממש פאַרויסגעפילט עפּעס מוראדיקס און אומהיימלעכס וואָס גייט אויפן פּוילישן יידנטום... סעם זאָגט אַז סאַמבערג האָט זיך אַן איינגעהילטער אין אַ ברייטן טלית אַראָפּגעוואָרפן אין וואַרשעווער געטאָ פון אַ באַלקאָן אויף אַן אָנגעצונדענעם מויער. ער האָט ברענענדיקערהייט געוויינט און ער האָט געפלאַקערט ווי אַ שטורקאַץ...

סעם דערוואַכט און שלאָפט באַלד ווידער איין אין דער מלוכה פון חלומות און קאָשמאַרן פון אַ וועלט וואָס איז פאַרגאַנגען, פון אַ לעבן וואָס ער האָט פאַרשפּילט, פאַרגעמבלט, פאַרטאַנצט און פאַרטרונקען...

מיר רעדן וועגן דעם עלטערן אַקטיאָר עפּשטיין, דעם לאָנדאָנער שוישפּילער וואָס פלעגט יעדן טאָג קומען אין יאַקובאָוויטשעס דרוקעריי, בעטנדיק אַז מען זאָל זיין קלישע פון מיט פערציק יאָר צוריק אָפּדרוקן פראָמינענט אינעם פּלאַקאַט וועגן זיין אויפפירונג, דערביי נישט פאַרגעסנדיק זיך צו באַרימען אַז ער האָט געשפּילט אין ראָלעס פון „האַמלעט" און „שיילאָק" אין לאָנדאָן...

יאָ, מיר רעדן היינט ביינאַכט עפּעס אַזעלכע נאָסטאַלגיש־טרויעריקע און ווי פאַרשיכורטע וועגן אַ שלל מיט אַקטיאָרן; וועגן די געטלעך־שיינע אַקטריסעס; וועגן די רייצנדיקע פרימאַדאָנעס און גראַציעזע טענצערינס. וואו זיינען זיי אַלע היינט ביינאַכט, יאָ, שפּעטלעך אין דער מידער נאַכט,

ווען די לבנה שטייט ווי אַ ליימיקער זייגער אין גרויסן הימל און זי ווייזט ווי שפּעט עס איז שוין אין אונדזערע לעבנס?! דער מלאך המות האָט מיט זיי געטאַנצט און זיי אַלע פאַרטאַנצט אונטער דער זיסער מוזיק־באַגלייטונג צו פאַרשידענע קברים אויף די בית עולמינס פון דער גאַנצער יידישער וועלט...

אומעטום וואו סעם גאָלדבערג טרעט נאָר אויף, דרוקט ער אָפּ זיינע פלאַקאַטן און אַנאָנסן אין די יידישע צייטונגען ערב זיינס אַ קאָנצערט מיטן בילד פון זיין טויטן ווייב העלען, און אויך מיט אַ פאָטאָגראַפיע פון זיך אַליין, אָנגעטאָן אין אַ שטייפן סמאָקינג, אין אַ האַרטן גלאַנציקן צילינדער, האַלטנדיק אין דער רעכטער האַנט אַן עלעגאַנטן שטעקן מיט אַ פּערלמוטערנער האַנטאַבע וואָס איז געווײנלעך אַ פיינגעשניצטע פיגור פון אַ נאַקעטער פרוי...

איך האָב גערן מיין גוטן פריינד סעם גאָלדבערג. איך האָב אויך ליב געהאַט זיין ווייב העלענע וואָס איז געווען אַ פּרעכטיק־שיינע פרוי. עס איז טאַקע רירנדיק ווי אַזוי ער אַנאָנסירט זי אַ סך מאָל, שוין זינט יאָרן לאַנג נאָך איר טויט, אין אַלע זיינע פלוג־בלעטלעך, גאַסנאַפּישן, צייטונגס־אַנאָנסן און פלאַקאַטן אין די יידישע רעסטאָראַנען פון די שטעט וואוהין ער קומט אויף זיינע גאַסטראָלן. זי איז טאַקע געשטאָרבן. אָבער פאַר אים, פאַר איר געטרייען דאָן זשואַן לעבט זי נאָך אַלץ מיט זייער ריינער און ראָמאַנטישער ליבשאַפט. ער האָט זי דאָך פאָרט אַרויסגעפירט פון דער גאַס און אַריינגעפירט אין דעם יידישן טעאַטער. ער האָט זי ווי אַ ליאַלקע, פול מיט שיינקייט און „שאַרם", אַרויפגעשטעלט אויף דער יידישער בינע אַלס זינגערין, טענצערין און קאָנפעראַנסיע. נו, קומט אים דען נישט אַ גאָלדענע נאַגראָדע פאַר זיין עטיש־דזשענטלמענישער האַנדלונג?! זונטיק פאָרט ער צוריק קיין לאָנדאָן. מיר צעקושן זיך איידער ער גייט אַרונטער אין סאָבוויי מיט זיינע זיך וואַקלענדיקע און דינע פיס, אָנגעטאָן אין הויזן ווי אין זיידענע פּיזשאַמאַס, און ער וויינט ווי ער וואָלט אַראָפּגעגאַנגען אין האַדעס, אין דעם לאַנד פון די שאָטנס, כדי זיך צו טרעפן מיט העלען, זיין יוגנט־געליבטע און אייביקע כלה...

יעדער מין צעשיידונג איז גענוג פון אַן אומעטיקער סצענע. יעדער געזעגענונג מיט אַ ליבן מענטש צעברעכט דאָס האַרץ און צעפליקט אירע סטרונעס. און עס נאָגט דער צווייפל אין האַרצן אַזאַ אומעטיקער ווי אַ וואָרם: וועט סעם גאָלדבערג אין דעם קומענדיקן יאָר ווידער קומען פון לאָנדאָן אַזאַ באַפליגלטער מיט ענטוזיאַזם, מיט די פלוג־בלעטלעך, מיט די בילדער פון זיין באַליבטער העלען, ווען ער איך געדענק וואויל פון איר לעצטן קאָנצערט אין ניו־יאָרק, ווען זי איז געקומען שוין אַ קאַנסעריש־קראַנקע דירעקט פון אַ לאָנדאָנער שפּיטאָל. דאָס איצטיקע מאָל האָט זי נישט מער געטאַנצט, האָט נישט מער געזונגען, האָט נישט געשפּילט. נאָר זי איז געווען אַ בריליאַנטענע קאָנפעראַנסיע. זי האָט אויף אַזאַ האַרציקן און עלעגאַנטן שטייגער פאָרגעשטעלט די געסט אויף דער

בינע. דערנאָך זיינען מיר אַלע געגאַנגען אין „האָטעל גרעיסטאָן", אויף בראָדוויי, צום טראַדיציאָנעלן באַנקעט נאָך יעדן קאָנצערט זייערן, ווי עס איז געווען זייער שטענדיקע מאָדע, אַזוי שוין זינט יאָרן לאַנג. זי האָט באַדינט די געסט, די אַקטיאָרן וואָס זיינען דורך די אַלע יאָרן אויפגעטראָטן און זיי האָבן איצט שוין מידע געשמייכלט. זי איז געווען רייך אָנגעטאָן אין די שענסטע קליידער און אין צירונג. פאַרן אַוועקגיין פון איר האָב איך געזאָגט:

— העלען, איר זעט דאָך אויס געזונט, שיין און גרויסאַרטיק. וואָס עפּעס שפּילט איר זיך אַרום מיט אומעטיקע מחשבות וועגן קראַנקהייטן?...

— יאָ, מיין פריינד, איך בין שטערבלעך קראַנק. איך בין אינעווייניק אין מיינע געדערים אינגאַנצן פאַרברענט. די דאָקטוירים אין לאָנדאָן האָבן מיך אונטערגעצונדן. איך בין שוין איצט אַש, אַינגאַנצן אַ זייל פון אַש. איך בין נישט מער די תמיד־שמייכלענדיקע העלען. איך בין איצט, מיין טייערער פריינד, ווי דאָס ווייב פון לוט, אַ זייל מיט אַש. זייט געזונט. אַדיע!...

זיי זיינען אויפצומאָרגנס צוריקגעפאָרן קיין לאָנדאָן. אין וויניקע טעג איז די יידישע „קאַמעליענדאַמע" געווען טויט. אָבער סעם פּירט זי ווייטער אַרום אין גאָר דער וועלט אויף זיינע קאָנצערטן. זי שטראַלט ממש אין זיינע פלוג־בלעטלעך. זי שמייכלט אַזוי גאַלאַנט אויף די פּלאַקאַטן וואָס הענגען אין די יידישע רעסטאָראַציעס ווען די געסט טרינקען וויין און זיי זיינען זיך משמח. זי האָט נאָך אַלץ ליב פרייד, שמחה, לוסט, געזאַנג און טאַנץ... זי פרייט זיך טויטערהייט מיטן היימישן יידישן עולם. פון איר לאָנדאָנער ליימיקן קבר אויס קומט זי אַזאַ שיינע, בלייכע און אויסגעשליייערטע אין ציידנס און מיט פּערל כדי צו אַמוזירן דאָס יידישע פּובליקום אין די קאַבאַרעטן און ווײַנקעלערן... דער טויט אַליין פאַרוואַנדלט זי אין פרייד, אין געלעכטער, אין הומאָר, אין געזאַנג, אין טאַנץ און מוזיק... די וואונדערלעכע פּרימאַדאָנע העלען ווינאָגראַד זינגט דאָס האַרציקע יידישע וויג־ליד...

און סעם גאָלדבערג? ער האָט אויך אייביק נישט געלעבט. בשעת דעם לעצטן ווינטער פון זיין לעבן האָב איך פון אים דערהאַלטן אַ גרעסערע צאָל בריוו מיט פאָטאָגראַפיעס פון זיך, מיט זיין גלאַנציקן צילינדער, ווייסן וועסט און איינציקן אָנצוג וואָס ער האָט געטראָגן נאָך פון דער חתונה אָן מיט העלען ווינאָגראַד, נאָכדעם ווי ער האָט זי אַרויסגעפירט פונעם לאָדזשער זומפּ וואו זי האָט זיך אויפגעהאַלטן צווישן שדים און רוחות... ער קומט, ער קומט, ער קומט אָן ווי דער באָטשאַן פלעגט אָנקומען פרילינג־צייט אין די פּוילישע דערפער, צום הויכן ציפּרעס־בוים וואו אויף די שפּיצנצווייגן פלעגט אויף אים וואַרטן די אַלטע נעסט...

אָבער סעם גאָלדבערג איז היי יאָר נישט מער געקומען צו זיין היגן פּובליקום. ער איז פּלוצלינג געשטאָרבן. מען האָט פון לאָנדאָן אויס

טעלעגראַפירט צו די היגע פריינד און קרובים זיינע. סעם האָט געלעבט מיט זיין טייערער העלען אַן אָרעם לעבן, אין אַ חורבה ביים ברעג פון דער טעמזע. ער האָט קיין צוואה נישט איבערגעלאָזן. די רעגירונג איז געווען גרייט איבערצוגעבן זיין היפּשן אויסגעבלוטיקטן פאַרמעגן צו קרובים, צו פריינד, צו אָרעמע אַקטיאָרן... אָבער קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן כדי צו ירשענען דעם טרובאַדור פון לאָנדאָן, דעם לעצטן יידישן זינגער, טענצער און אַקטיאָר סעם גאָלדבערג פון לאָדזש וואָס האָט בשעת ווינט, רעגן, שטורעם, שניי און האָגל געוואוינט אין אַ חורבה ביים וואַסער. העלען האָט זיך ביי אים אַ סך יאָרן געבעטן אַז זי וויל „וואוינען ווי אַ מענטש", זיך איינקויפן מעבל, איינלאַדן פריינד און ענדלעך געניסן אַביסל פרייד אין לעבן... אָבער סעם גאָלדבערג האָט זיך נישט געאיילט צו שאַפן אַ לייטישע היים פאַר זיך און פאַר זיין געליבטן ווייב העלען. די גאַנצע יידישע וועלט איז דאָך געווען זיין היים...

— און ווער האָט אין לאָנדאָן טאַקע געירשנט זיין פאַרמעגן וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט פון אַזוי פיל רייזעס איבערן אַטלאַנטיק קיין ניו־יאָרק, קיין ישראל, קיין בעלגיע, קיין קאָפּנהאַגן? מען האָט בשעת די שפּעטער־דיקע נעכט געזען דעם מלאך המות הוליען און שיכורן אין אַ סך קרעטשמעס. ער האָט געוואָרפן מיט באַנקנאָטן און גאָלד־שטיקלעך ווי אַן אינדישער מאַהאַראַדזשיאַ... אַ סך גנבים, בלאַטע לייט און געפאַרבטע ווייבער זיינען געווען לוסטיק און שיכורלעך... דער מלאך המות האָט געירשנט די ביידע פאַרוויילערס העלען ווינאָגראַד און סעם גאָלדבערג...

## זיינען די מלאָכים געווען יידן?

די פרוי האָט מיר דערציילט אַן איבערלעבעניש פון וואַלד וואָס האָט שיער נישט פאַרגליווערט אָדער פאַרשטיינערט דאָס בלוט אין מיינע אָדערן. עס איז דווקא נישט געווען קיין דראַמאַטישע געשיכטע. אָבער עס איז מיר געוואָרן שווער צו אָטעמען הערנדיק איר שטילן און טרויעריקן קול...

— די מאַמע אונדזערע איז דורך לאַנגע וואָכן געלעגן אַזאַ שטומע און געשוואָלענע אויף עפּעס אַן אַלטן און געלן פוטער פון אַ צאַרישן גענעראַל וואָס זי האָט געהאַט געפונען אין וואַלד. דער פייכטער פעלץ האָט זיך קיינמאָל נישט געקענט אויסטרוקענען. ער האָט אַריינגענומען אין האַרבסט־צייט אַ סך נאַסקייט פון די פוילישע רעגנס, פון די פריע שנייען וואָס האָבן אָנגעהויבן צו פאַלן פון די אומהיימלעכע הימלען באַלד נאָך סוכות, און זיי האָבן כמעט נישט אויפגעהערט צו שנייען דורכן גאַנצן ווינטער. די מאַמע איז געלעגן אין אַ ווינקל פון דער „זשעמלאַנקע" חדשימלאַנג און זי האָט געפוילט לעבעדיקערהייט...

מיר האָבן נישט געהאַט וואָס איר צו געבן צו עסן און צו דערכאַפּן איר אָפּגעשוואַכט האַרץ מיט אַ גלעזל מילך. דריי ברידער און דריי שוועסטערן האָבן מיר געהאַט אין דער „זשעמלאַנקע" אויסער מיין

קראַנקן מאַן פון וועמענס פאַרוואונדעטן פוס עס איז כסדר גערונען מאַטעריע, מחמת אַ געשטאַפּאָ־מאַן האָט אים געהאַט אַדורכגעשאָסן די קני מיט זיין רעוואָלווער ווי אַ משוגענעם הונט בשעת ער איז אַנטלאָפן פון אַ גרופּע געכאַפּטע יידן אויף אַרבעט אין שטעטל. יעדער נאַכט האָב איך אים איבערגעבונדן די וואונד מיט אַנדערע טיכער־באַנדאַזשן. אָבער מען האָט אים נישט געקענט אויסהיילן דעם פוס וואָס האָט גענומען ברענען מיט גאַנגרענע. און דאָס איז געווען דער אָנפאַנג פונעם סוף...

איינציקווייז זענען די שוועסטערן און די ברידער אַרויסגעגאַנגען ביינאַכט פונעם גרוב כדי צו זוכן ביי די אַרומיקע פּויערים אין די דערפער אַביסל שפּייז פאַר אונדז און פאַר דער געשוואָלענער מאַמען וואָס האָט קוים־קוים געקרעכצט ווי אַ קליינטשיק קינד. יעדער נאַכט האָט זי אַלץ שטילער אויסגעוויינט איר ווייטיק. די מאַמע האָט געוואוסט אַז זי וועט דאָ אין דעם פינצטערן גרוב אויסגיין. מיינע ברידער און שוועסטערן זיינען יעדעס מאָל וואָס זיי זיינען איינציקווייז, יעדער נאַכט אַן אַנדערע, אַרויסגעגאַנגען כדי צו זוכן שפּייז אין די שכנותדיקע דערפער, מער נישט צוריקגעקומען, ביז איך בין געבליבן אַליין מיט מיין קראַנקן מאַן און אויסגייענדיקער מוטער, האָב איך געזען אַז מיר זיינען פאַרמשפּט געוואָרן דאָ אַלע אויסצושטאַרבן. די פייגל האָבן געוואוסט אַז די מאַמע צאַנקט און זיי האָבן זיך געשטעלט אַרום איר און זי באַוויינט כמעט אויף אַ מענטשלעכן שטייגער. זיי האָבן געפּישטשעט ווי קליינע קינדער. און ווען גאָטס זיסע באַשעפענישן האָבן אויפגעהערט צו קומען צו אונדז אויף באַזוך, האָבן מיר שוין געוואוסט אַז עס קומט דער סוף צו אונדזער אומגליקלעכער מאַמען...

ווען די מאַמע איז אין די טעג פון פרילינג אויסגעגאַנגען, האָבן מיר זי נישט געקענט קובר זיין אין דרויסן, אין גאָטס ערד, מחמת דער מינדעסטער „שליאַד״ (צייכן) פון אונדזערע טריט אויף דער נאָך טיילווייז פאַרשנייטער ערד וואָלט אָנגעוויזן די געשטאַפּאָ וואָס האָט טאָג און נאַכט מיט שפּיר־הינט געזוכט אונדזערע שפּורן, וואו מיר באַהאַלטן זיך אויס. מיר האָבן טראָץ אונדזער קריטישער לאַגע נאָך געהאָפט צו בלייבן לעבן און אַמאָל אַרויסצוגיין פונעם גרוב. מיר האָבן מיט מעסערס, לעפל און גאָפּלען אויסגעגראָבן אַ „פּליטקע״ (פלאַך) קבר אין דער ערד וואו מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, און מיר האָבן געבראַכט צו קבורה אונדזער גאָטזעליקע מוטער. דער שטורם האָט איינמאָל אינמיטן נאַכט אומגעשליידערט אַן אַלטן דעמב וועמענס וואָרצלען האָבן געריזלט טיף אין דער ערד אפשר הונדערט יאָר צייט. זיין אַלטקייט האָט געוועקט צום דאָזיקן אוראַלטן ריזנדעמב אַ סך וואַרעמע געפילן. דער דעמב איז געוואָרן מיין מוטערס מצבה. און צו זיינע טיילווייז נאָך פרישע און אַפילו גרינע צווייגן זיינען איצט געקומען די פייגל פון וואַלד און זיי האָבן טרויעריקערהייט באַוויינט אונדזער מאַמען...

גאַנצע צוויי יאָר צייט האָבן מיר אַזוי געוואוינט צוזאַמען מיט אונדזער געשטאָרבענער מאַמען אין דעם גרוב. מיר זיינען געווען געצוואונגען ביי דער מינדעסטער באַוועגונג צו טרעטן מיט אונדזערע געשוואָלענע פיס אויף איר הייליקן לייב. טייל פויערים האָבן זיך דערנענטערט צו אונדז און זיי האָבן געבראַכט אַביסל שפייז, ברויט און מילך. מיר האָבן אויך געגנבעט רויע קאַרטאָפל און בוראַקעס פון די פעלדער. מיר האָבן עס געמוזט טאָן בשעת פינצטערע נעכט, מחמת ווען די לבנה האָט העל געשיינט, האָט די געשטאַפּאָ וואָס האָט אונדז געזוכט, אונדז געקענט גרינג געפינען. די פויערים האָבן כסדר דערציילט אַז די געשטאַפּאָ ווייסט אַז ייִדן באַהאַלטן זיך אויס אין וואַלד, און אַז עס וועט שווער זיין פאַר אונדז צו קענען אַנטרינען פון זייער כסדרדיקן לויער אויף אונדזערע אָרעמע לעבנס...

לעבנדיק אין אַזאַ מוראדיקן פּחד געכאַפּט צו ווערן פון אונדזערע פאַרפאָלגער, האָבן מיר איבערגעלעבט אונדזערע פיינסטע מאָמענטן בשעת יענע נעכט ווען מיר זיינען געווען פאַרזונקען אין שלאָף פון דער טויטלעכער מידקייט, הונגער און קראַנקהייטן. ווען אין דעם וואַלדיקן דרויסן האָט געשנייט אָדער גערעגנט, און דער ווינט האָט געריסן די צווייגן פון די בוימער מיט אַ מין טיפּיש־פּויילישער רציחה, זיינען מיר געלעגן איבער דער מאַמעס ביינער, איינגענורעטע אין איר פוילנדיקן און רוסיש־גענעראַלסקן פעלץ, און מיר זיינען געווען גליקלעך, מחמת אין אונדזערע מיטנאַכטישע חלומות איז ממש די מאַמע אויפגעשטאַנען תחית המתים. אין גאָר איר אַמאָליקער און יוגנטלעכער שיינקייט האָט זי אויפגעלויכטן ווי זי פלעגט אויסזען ווען זי איז נאָך געווען אַ יינגע כלה. פון די דערציילונגען פון אירע יוגנט־יאָרן; פון דער שיינער צייט פון איר כלהשאַפט ווען זי האָט געבליט ווי אַ רויז; פון איר חתונה מיט אַ געראָטענעם חתן פון אַן אַנדערן נאָענטן שטעטל, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אונדזער באַשערטער פאָטער; פון די אַלע גליקלעכע איבערלעבענישן פון די פריערדיקע יאָרן, האָבן אונדזערע פאַנטאַזיעס כסדר אויסגעמאָלן די חלומות וואָס מיר האָבן געחלומט אין דער זשעמלאַנקע בשעת די טרויעריקע נעכט פון אונדזער אומגליק. מיר האָבן בפירוש געהערט אונדזער מוטערס האַרציקן קול. מיר האָבן פאַרנומען איר אַמאָליקן געזאַנג פון פרייד און גליק. אַלע רירנדיקע און זיסע פאָלקסלידער פונעם שטעטל האָבן אונדזערע שוועסטערן און ברידער וואָס זיינען מכלומרשט צוריקגעקומען פון זייערע שפּאַצירן, געזונגען נאָך האָזן און קוראָפּאַטוועס, און פון זייער קלייבן זומערצייט יאַגדעס, מאַלינעס און שוואָמען אין די וועלדער, געזונגען און אויסגעטאַנצט. אָבער דאָס האָבן זיי בלויז געקענט טאָן ביינאַכט בשעת אונדזערע חלומות, וואָס די געשטאַפּאָ האָט זיכער נישט געקענט הערן...

יאָ, עס האָבן אונדז פריינדלעך באַזוכט די מערסטע קרובים פון אונדזער אַמאָליקער גרויסער משפּחה. קיין איינציקער געשטאָרבענער

קרוב איז נישט געבליבן ליגן אין זייערע קברים אויף די צעשאָסענע בית עולמס. זיי זײַנען אַלע צוריקגעקומען צו אונדז כדי אונדז צו פֿאַרווײַלן און צו דערפֿרייען די הערצער. אָט אַזוי אַרום, אַדאַנק די דאָזיקע היימלעכע חלומות, האָבן מיר געהאַט די כּוחות איבערצולעבן דעם חורבן. די טויטע קלעזמאָרים פֿון אונדזערע שטעטלעך האָבן פֿאַר אונדז געשפּילט די האַרציקע מעלאָדיעס, די זיסע פֿאָלקס־ניגונים, די באַטעמטע געזאַנגען. מיר האָבן זשעדנע אָנגערירט מיט אונדזערע ציטערנדיקע פֿינגער זייערע וואַרעמע יידישע פּנימער. מיר האָבן זיך ווי די קליינע קינדער וואָס מיר זײַנען געווען אַמאָל, נאָך לאַנג פֿאַרן חורבן, ביינאַכט געשפּילט מיט די לאַנגע בערד פֿון אונדזערע זיידעס. מיר האָבן אַפֿילו נאָך איצט געגנוי געוואוסט ווען עס איז פּורים־צייט און ווען עס איז שׂמחת־תּורה. און בשעת די דאָזיקע לאַנגע נעכט איז געווען ליכטיק אין אונדזער פֿינצטערניש. די יידן פֿון די קברים זײַנען געקומען צו גאַסט צו אונדז. זיי האָבן ביי אונדז געטאַנצט און געזונגען. זיי האָבן געטראָגן די הייליקע תּורה אין זייערע וואַרעמע אָרעמס. זיי האָבן געקושט גאָטס תּורה ווי זיי האָבן געקושט זייערע זיסע אייניקלעך. זיי האָבן אויך פֿריינדלעך אויפֿגעוועקט אונדזער גוטהאַרציקע מאַמע. זי איז איצט נישט מער געווען געשוואָלן. אמת, זי האָט טאַקע לעצטנס פֿאַרלוירן אַ סך לייב פֿון איר גוף. אָבער זי איז געוואָרן אַזוי מין גרינג אַזש זי האָט לייכט מיטגעטאַנצט מיט אונדז. די מאַמע האָט געטראָגן די זעלביקע פּערלשנור אויף איר קלאָרן האַלדז און די גאַנצע פֿינקלדיקע צירונג פֿון איר חופּה־נאַכט. און זי האָט זיך שטאַרק געפֿרייט מיטן גאָלדענעם דרשה־געשאַנק וואָס די מאַמעס, טאַטעס, פֿעטערס און מומעס האָבן איר געשאָנקען צו דער חתונה, און דער בדחן האָט כּסדר אויסגערופֿן באַזונדער וואָס אַלץ די מחותּנים און גאָר די קרובֿים האָבן זיי געשאָנקען צו דער חתונה...

מיר האָבן אויך געזען די טויטע קלעזמאָרים פֿון די שכנותדיקע שטעטלעך און מיר האָבן געהערט זייער מחיהדיק שפּילן און זינגען ממש ביז טאָג ווען די היימישע פֿייגל האָבן אין דרויסן, צווישן די צווייגן פֿון די אַרומיקע ביימער אין די סעדער, איבערגעכאַפּט די מעלאָדיעס פֿון די קלעזמאָרים און זיי איבערגעחזרט מיט זייערע פֿייגלשע שטימעס...

איינמאָל האָט אַפֿילו געטראָפֿן אַז אַזאַ שיינער הירש מיט שטאַרקע הערנער האָט אַרײַנגעשטעקט זײַן קאָפּ אין אונדזער באַהעלטעניש און ער האָט אונדז לאַנג, זייער לאַנג אָנגעקוקט מיט אַזוי פֿיל סימפּאַטיע און רחמנות אין זײַנע וואַרעמע און מענטשלעכע אויגן. און טרערן זײַנען גערונען פֿון זײַנע קלאָרע שוואַרצאַפּלען. אין זײַן גאַנץ נפֿש איז געשטאַנען אַזאַ מין רחמנותדיק געוויין... יאָ, דער הירש האָט געוויינט ווי אַ יינגער ייד, ווי דער היימישער קלעזמער וואָס האָט אויך געהאַט אַ ראַזורע אין שטעטל און וואָס האָט געשפּילט אויף יידישע חתונות און אויף אַלערליי שׂמחות אין דעם לעבן פֿונעם שטעטל. ער איז אומגעקומען אין מאַידאַנעק מיט זײַן גאַנצער משפּחה...

— און ווען מיין מאַן איז אויסגעגאַנגען מיט אַ סך יסורים, נישט האָבנדיק מער קיין כוח בייצושטיין די קראַנקהייטן, האָב איך אים קובר געווען נעבן דער מאַמען. און ווי אַ געפאַנגענע חיה אין אַ קלאַטקע האָב איך אַזאַ איינזאַמע און נערוועזע געטראָטן איבער זייערעביידנס קברים... ווען דער פולער פרילינג איז געקומען און שיין געמאַכט דעם גאַנצן וואַלד, האָב איך ביינאַכט געוואָגט זיך אַרויסצודראַפּן פונעם קעלער און איך האָב זיך מיט מיינע ביידע טייערע געזעגנט. איך האָב ממש געקושט די קאָרע פון די געליבטע בוימער נאָך וועלכע איך האָב געבענקט און געשמאַכט זיי ממש אָנצורירן ווי מיינע אומגעבראַכטע שוועסטער און ברידער... יאָ, איך בין אַרויס פון גרוב, פון דעם וואַלד־געדיכטעניש צו ווען איך האָב געפילט אַזאַ שטאַרקע דאַנקבאַרקייט פאַרן באַשיצן מיך פון טויט, פון די שרעקלעכע דייטשע שלאַנגען...

איך בין געגאַנגען צום נאָענטסטן דאָרף וואו איך האָב געמאַכט קאָנטשאַפּט מיט אַ מילנער וואָס האָט געהאַט אַ מיל, אַ וויאַטראַק אויף אַ באַרג. בייטאָג ווען די פויערים פון די דערפער זיינען געקומען צום מילנער מיט גאַנצע וועגן תבואה כדי צו מאָלן און שפּעטער צו באַקן ברויט פונעם קאָרנמעל, האָט דער מילנער מיך דורכן טאָג באַהאַלטן צווישן די שמיגעס, און ביינאַכט האָט ער מיך אַרויסגעצויגן פון דעם באַהעלטעניש און איך האָב זיך אין זיין שטוב געקענט אָפּוואַשן דאָס פּנים און דאָס שוואַרץ־געוואָרענע אַלטע לייב מיינס ווי ביי אַ זיקנה, כאָטש איך בין נאָך געווען גאַנץ יינג. פון גאַנצע יאָרן נישט וואַשן זיך איז די הויט פון מיין לייב געוואָרן פאַרטרוקנט און האָט אָפּט געבלוטיקט. דער מילנער האָט מיר געגעבן אַ שטיקל זייף מיט אַ האַנטוך און אויך עפּעס צו עסן: אַ טאָפּ מיט קאַשע, מיט געלן הירש (פּראָסע) און מיט ראַזאָוואַנעם ברויט וואָס האָט צו מיר געשמעקט און געהאַט דעם טעם פון האָניק־לעקעך. איך האָב געפילט אַ שטאַרקע דאַנקבאַרקייט צום דאָזיקן פּוילישן מענטש וואָס האָט מיך אַזוי מענטשלעך באַהאַנדלט. מיר האָבן דערנאָך ביידע געלעבט ווי מאַן און ווייב. איך האָב נישט געהאַט צו ווען זיך צו ווענדן און וואוהין זיך צו קערן. מיין משפחה האָבן די נאַציס אומגעבראַכט און גאָט האָט זייערע נשמות גענומען אין גן־עדן אַריין, כאָטש זיי האָבן אַזוי מוראדיק בעסער געוואָלט לעבן און געניסן דאָס לעבן אויף דער ערד. איז צו ווען האָב איך זיך געזאָלט דערנענטערן נאָך אַזוי פיל יסורים, הונגער און פּחד פאַר די דייטשע חיות? מיט ווען האָב איך געזאָלט חתונה האָבן? אפשר מיט אַ מלאך? גאָט האָט זיינע געטרייע מלאָכים נישט אַראָפּגעשיקט אויף דער פאַרשאָלטענער ערד כדי צו ראַטעווען אומגליקלעכע יידישע קינדער וואָס זיינען געטריבן און אומגעבראַכט געוואָרן ווי די חיות אין די וועלדער דורך די נאַצישע רוצחים און פּוילישע יעגערס פון די יידן. גאָטס מלאָכים האָבן אויך נישט ליב געהאַט קיין יידן. זיי אַליין האָבן נישט פאַרמאָגט קיין יידיש באַרמהאַרציק בלוט אין זייערע אייז־קאַלטע אָדערן...

# באַגלויבטע לידער פון חיים לייב פוקס

חיים לייב פוקס עפנט זיין איצטיקן ביכל לידער מיט געזאַנגען צו די גראַנדיעזע לאַנדשאַפטן פון אַמעריקע. ער באַמיט זיך אַרויסצוברענגען די מעשה בראשיתדיקע קראַפט און די מאַכט פון דער נאַטור מיט גענוג פשוטע און ווירקנדיקע ווערטער. אַוודאי זיינען דאָס וואָגיקע לידער. אָבער ווען מען לייענט זיינע הימנען צו דער ישראלדיקער לאַנדשאַפט, גייט אויף דער ייד און זיין היסטאָרישע באַציונג צו דער אַלט־היימישער פּאַנאָראַמע וואָס איז איינגעקריצט אין דעם יידישן האַרצן מיטן הייליקן שטויב פון דער כותל מערבי, פון דער מערת המכפלה, פון די מויערן פון ירושלים, מיטן כנרת אויף וועמענס ברעג עס ליגן באַהאַלטן די הייליקע ביינער פון דער זעלטענער דיכטערין רחל, די באַזינגערין פון זיינע זיידענע כוואַליעס. יאָ, די לאַנדשאַפט פון ארץ ישראל איז אויסגעברענט אין דעם יידישן האַרצן מיטן אוראַלטן פייער וואָס האָט אַמאָל פאַרכאַפּט אונדזערע געטלעכע נביאים. אַגב איז גאָרנישט פאַראַן אין דער וועלט־ליטעראַטור קיין אַבסטראַקטע לאַנדשאַפט. דער קלימאַט דעצידירט נישט דעם כאַראַקטער פון דער לאַנדשאַפט, נייערט עס דעצידירט יאָ די מענטשלעכע פערזענלעכקייט, די נאַציאָנאַלע היסטאָריע. דער פּאָעט פּאָו האָט געלעבט אין אַמעריקע. אָבער זיין פּאָעטישער פּייזאַזש איז פאַרפרוירן ווי דאָס קאַלטע ליכט פון דער לבנה. דער שווינדזוכטיקער בחור יוליוש סלאָוואַצקי וואָס האָט „חתונה" געהאַט מיט די שווייצער אַלפּן ווי מיט אַ פּויליש־אויסגעטראַכטער כלה, אין זיין באַרימטער פּאָעמע „אין דער שווייץ", שילדערט אינגאַנצן אַנדערש די שווייצער בערג ווי עס שילדערט מיצקעוויטש, דער געזעצטער עפּישער באַרד, די ליטווישע וועלדער אין זיין מייסטערווערק „פּאַן טאַדעאוש". שעליס שטורמדיקע און רעוואָלוציאָנערע „אָדע צום מערב־ווינט" איז אַנדערש ווי דער קאַווקאַזער פּייזאַזש פון פּושקינס און לערמאָנטאָווס פּאָעמען. אַפילו אונדזער אייגענעם מאָריס ראָזענפעלדס קרעפטיקע שילדערונג „אויפן בוזעם פון ים" איז אַ יידיש־גלותדיקע לאַנדשאַפט פון איינזאַמע יידנוואַנדערער אין דער יידישער געשיכטע — אינגאַנצן אַנדערש ווי ווירגילס געזעטיקטע רוימישע אידיליעס און זיינע פּויערישע נאַטור־מאָלערייען. די נאַציאָנאַלע היסטאָריע, געזען דורך דער פּריזמע און דורכגעפילט דורך די געפילן פונעם פאָלק, דעצידירט דאָס האַרץ און די וויזיע פונעם דיכטער אין זיינע ווערק. ירושלים מאַכט שיכור דאָס יידישע דיכטער־געמיט...

נישט צו די מערסטע גויאישע דיכטער האָט די לאַנדשאַפט געמיינט גבורה, קראַפט און רויען חומר. פאַר לאָרד בייראָן איז די לאַנדשאַפט גאַנץ אָפט מיטאָלאָגיע און געשיכטע פון וועלכע ער שיילט אַרויס פּראָמעטייאישע כאַראַקטערן און יחידישן פאַרמעסט אַנטקעגן די בלינדע און ברוטאַלע געטער און קעגן דעם פאַטאַלן מענטשלעכן גורל. פאַר וואָלט וויטמאַן איז די לאַנדשאַפט די פיזיק פון דעם פּלאַנעט; אַ רעאַליסטישע

דעמאָנסטראַציע פון דער געטלעכקייט; פון יושר, מאָראַל, מענטשלעכער אַרבעט און קאָסמישער טעטיקייט. די לאַנדשאַפט פון די פּאַראייניקטע שטאַטן איז אַגב היפש אַריין אין דער יידישער פּאָעזיע, באַזונדערס אין די שאַפונגען פון די „יינגע" און די „אינזיכיסטן". אָבער מאָריס ראָזענפעלד און באַזונדערס יוסף באָוושאָווער פאַרמאָגן אַ סך מער פולבלוטיקע נאַטור־פּאָעמען, פול מיט אימפּעט, סטיכיע און פאַרנעם. אַגב איז אונדזער יוסף באָוושאָווער באַווירקט פון שעליס רעוואָלוציאָנערער נאַטור־דיכטונג, פון זיין ראָמאַנטישן גייסט און בענקשאַפט, פון זיין דראַנג צו פרייהייט און ליבע. יעדער דיכטער זעט און באַנעמט אייגנטלעך דעם לאַנד־פּייזאַזש דורך זיין אייגענעם האַרצנס פּריזם, דורך זיין פּערזענלעכקייט; דורך זיין אימפּעט, געמיט, געפיל און פילאָזאָפישער וועלט־אַנשויאונג. געשיכטע און טראַדיציע זיינען די הויפּט־אַטריבוטן פון

---

דער שוואַרצער רויך, דאָס פינצטערע פייער, די סאַזשעס און די אימהדיקע נאַכט איבערן הימל פון קרעמאַטאָריום און קאָנצענטראַציע־לאַגער פילט זיך אין כמעט אַלע לידער פון חיים לייב פוקס וואָס האָט פאַרבראַכט זיינע ערשטע שעפערישע יאָרן אין דער אינדוסטרי־שטאָט לאָדזש, ווענמענס הימל איז נישט תמיד געווען אידיליש־בלוי. אָבער די גאַזיקע נעבולאַ איבער די הימלען פון אוישוויץ האָבן פאַרחושכט און פאַראבלט די גאַנצע קאָסמישע פּאַנאָראַמע. פּונקט ווי זיין גאָט וואָס איז פעסט געשטאַנען אַמאָל איבער דעם ריינעם און אידילישן הימל פונעם שטעטל מיטן אומשולד פון אַ ריין־יידישן רבונו של עולם, איז עפּעס אויך פאַרפינצטערט און פאַרוויסט געוואָרן אינעם קאָפּעטש וואָס האָט איינגעהילט די קדושים ווי אַ פרעמדער און פינצטערער שטורעם פונעם טייוול אַליין...

„עס ציען זיך די מחנות שווייגנדיק; עס שווייגן אויך די הויכן;
בלויז מיין מאַמעס שטימע וואָס תחינהט, זיפצט און ברומט
הער איך צו מיר אַריבער פון די אַשוויענטשימער קוימענס־הויכן,
וויינט און וויל נישט ווערן איינגעשטילט און איינגעשטומט..."
(פונעם ליד: „געבעט פון אַ שיימע".)

עס איז בכלל פאַראַן אינעם ליד פון חיים לייב פוקס עפּעס אַ טיפע און פאַרמעטענע אַלטקייט; דער הייסער פיבער פון פאַרצייטנס; דער פּאַטאָס פון דער אַלטער יידישער געשיכטע; אַ העלדישקייט פון יענע דורות יידן וואָס האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן אַריינגעקוקט אין שייטערס, אויטאָדאַפעען, עקזעקוציעס, תליות און קרעמאַטאָריעס. יידן וואָס האָבן אַריינגעקוקט מיט שוידער אין די שטיינערנע פּנימער פון דער וועלטס צעזאַרס, פּרעהס, צאַרן, שאַכן, קייסאָרים, וויזירן און דעספּאָטן. מיר האָבן, ווי דער נביא, ווי דער פּרינץ דניאל, אַראָפּגעשלונגען אין אונדזערע געדערים אַלע שרפות און אַלע ברייענדיקע מגילות. פון אַלע קרעכצן און

אויסגעשרייען צו די טויבע הימלען, פון אַלע געוויינען און „שמע ישראלס״ זיינען מיר געוואָרן גרייז־און־גרוי ווי דער שניי אין די וויסטעניש, אוראַלט און פאַרשאָלטן. דאָס קליינע ליד גייט אַרויס פון אונדזער קעל ווי אַן איינציקע בלוטיק־רויטע רויז פון אַ ריזנפעלד מיט קברים. מיר זאָגן ווי דער נביא ישעיה צו די בייזע און קרעציקע פעלקער: „אייערע הענט זיינען פול מיט בלוט...״

די פאַרצייטישע יידן, לאָמיר זאָגן: אין די צייטן פון די קרייצצוגן; פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע; צי אין די צייטן פון גזרת ת״ח זיינען שוין דעמאָלט אויך געווען אַלט און שווער באַלאָדן מיט יידישקייט, מיט יידישער געשיכטע, מיט יידישע צרות. אָבער ווי אַלט איז באמת אַזאַ ייד ווי חיים לייב פוקס אין אונדזער צייט?! ער איז דאָך ממש אוראַלט ווי אַן אַלטער, מעכטיקער און מידער דעמב, מיט וואַנדערונגען אין דעם מדבר, אין מצרים, אין די פאַרשנייטע רוסישע סטעפּעס. ער איז אוראַלט מיט דער טיפער עלטער פון טויזנט יאָר יידיש לעבן אין פוילן; פון זיין געבורט־שטאָט לאָדזש און פון יעדן יידישן שטעטעלע באַזונדער. ער איז אַלט מיטן אייביקן אַנטלויפן פון אומגליקן און פון אַריינלויפן אין די פלאַמיקע וועלדער וואו יידן הענגען און ווערן פאַרשרפהט. ער ווייסט דעם טעם פון פייער, דעם שרעקלעכן ברי פון אוישוויצער און מאַידאַנעקס וויטריאָל...

דורכן לאַנגען טאָג, דורכן וואָכעדיקן לעבן, טומלט חיים לייב אויף זיין ענערגישן שטייגער; שרייט חיים לייב, פּיבערט און קאָכט זיך חיים לייב. ער כאַפּט זיך אַרום מיט שרייבער; ער האַלדזט זיך מיט קאָלעגן און מיט געפונענע אַלטע פריינד; ער קושט זיך מיט ווייבער; ער קען אינטים די יידן פון דער גאַנצער וועלט. ער איז אויסגעבונדן מיט גאָר דער יידישער ליטעראַטור פון אַלע צייטן. ער פאַראייביקט די שעפער פון לאָדזש של מעלה. ער שרייבט און פאַראייביקט אין מעכטיקע לעקסיקאָן־בענדער די קדושים־יידן פון פוילן, גאַליציע, רוסלאַנד און פון אַלע גלות־לענדער. פון זיינע ליפּן פאַלן אָפּטמאָל בריענדיקע ווערטער, ברכות וואָס ברענען, אַמאָל אויך מוסר־רייד און טראָציקע אויסדריקן. אָבער ווען עס קומט אָן גאָטס פאַרנאַכט אויף דער וועלט; דער שטילער לירישער אָוונט, ביים אָנשרייבן מיט טינט און מיט טרערן זיין תהילימדיק ליד, ווערט חיים לייב ממש פאַרוואַנדלט צו אַן אַלט־אַלטן עלטער־זיידן. ווי דער איינזאַמער קייסער אין יענעם כינעזישן ליד פון פאַרצייטנס באָדט ער זיך איצט אין דעם קרישטאָלענעם ליכט פון דער לבנה. אַ באַטאָגטער און ביינאַכטיקטער מיט יאָרן, שווער מיט געמיט, איינזאַם ווי דער זקן וואָס פאַרמאָגט נישט מער ווי זיין „האַרץ און העמד״, ווי עס שרייבט דער אָרעמער פּאָעט פונעם מיטלאַלטער, פראַנסואַ וויאָן, ערב דעם הענגען אים מסתמא נישט פאַר קיין וואַזשנע מעשים טובים; קומט צו אים אַצינד צוגיין די חרטה, דאָס נאָגנדיקע געוויסן, די בענקשאַפט און די פאָרשטעלונג פון זיין ערשטער פרוי; די ערשטע צאַרטע געליבטע מיט ווייסע און רויטע רויזן אין די זיידענע און גאָלדענע האָר, וואָס מאָנט ביי אים ליד און חשבון

הנפש. עס קומט צו אים אויך צוגיין דער ייד פון די ברייטע וועלט־וועגן, פון די לאַנגע יאָר־טויזנטער פולע מיט יסורים ווי קופּערנע קעסלען מיט פייער. חיים לייב וויינט אַריין זיין וואָרט, זיין געוויין און זיין ווידוי אינעם יידישן ליד זיינעם. דאָס אוראַלטע יידישע אות שטראַלט אויף ווי פייער, ווי גאָלד און ווי בלוט. ווי באַשטימט און באַשערט פון גאָט עס פּאַסן זיך אַריין אינעם יידישן אות די אַלטע שטיינער פון דער כותל מערבי און גאָר די דורות מיט פרומע יידן וואָס ציען זיך אַהין פאַרשמאַכטע און עקסטאַטישע. און ווי ציטערט אויף טיף אין האַרצן פונעם דיכטער און אין זיין יידיש־רירנדיקן ליד די הייליקע שטאָט ירושלים. דער לאָדזשער פּאָעט, דער שיכור־באַטרונקענער מיט אַלט־יידישקייט, נידערט איצט צו דער מערת המכפלה, און די אבות אַליין, און די גרויסע ליכטיקע קייסאָרים וועמענס אַלט־גאָלדענע קרוינען אויף די קעפּ לויכטן אָפּ אינעם אָפּשיין פון דער שקיעה, גייען פּערזענלעך אַנטקעגן חיים לייבן. זיי רעדן צו אים אויף יידיש פּונקט ווי זיי רעדן אַ געזונטן יידיש אין איציק מאַנגערס תנכיש־פאַרהיימישטע און יידיש־פאַרפּאָלקישטע חומש־לידער. דאָס אייגענע אָפּגעגאַנגענע לעבן; די אינטים און פּערזענלעכע שעה פון שטילקייט; דאָס צעבראָכענע געמיט פון אַ לאָדזשער פּאָעט, ווערט געבונדן מיטן היסטאָרישן לעבן פונעם בלאָנדזשנדיקן ייד. יאָ, מיר האָבן אַן אַלטע העלדישע געשיכטע. מיר זיינען דאָך ממש אַלע יידישע נשמות צוזאַמען געשטאַנען ביים באַרג סני. מיר קענען זיך אויסגעבונדענע פון אינקוויזיציעס און עקזעקוציעס. מיר האָבן זיך געהאַלדזט און געקושט מיטן מלאך המות. מיר גייען שוין זינט שיינע דורות און צייטן אַנטקעגן משיחן דורך געדונער און געבליץ, דורך קרעמאַטאָריעס און שרפהס פון טרעבלינקע און אוישוויץ, מאַידאַנעק און דאַכאַו. עס איז פאַקטיש אַ ליד פון דעם יידישן יחיד צו דער יידישער געשיכטע. חיים לייב פוקס איז אינטים פאַרקניפּט מיט אַלע יידישע דורות. ירושלים, לאָדזש, ווילנע און לובלין בריען אינטים אין זיין האַרצן. זיין ליד איז אַ פאָרזעצונג פון די ווערק פון אונדזערע קלאַסיקער מיט פרצן בראש...

לאָמיר ציטירן דאָס ליד „רקודה” ווי אַ מוסטער מיט וועלכע צאַרטע רייד, מיט וועלכע תשובהדיקע אויסדריקן און מיט וואָס פאַר אַן אויפריכטיקייט און ראָמאַנטישער עמאָציע חיים לייב פוקס איז אימשטאַנד אַרויסצוברענגען פון זיין האַרצן אַן עכט און אמתדיק ליד פון ליבשאַפט צו אַ פרוי, מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, שוין נאָכדעם ווי זי איז אַוועק אין דער אייביקייט:

„איך האָב דיך נישט פאַרטוישט פאַר קיינעם, רחלע־רקודה,
ווי יעקב אבינו, האָב איך בלויז רגעס, דיין שוועסטער לאה געגעבן.
דיין ליבשאַפט, און ווי פון רויזן־טויען, טראָג איך אין פקדון
צו דיר, די לידער מיינע, ווי מיין גאַנצן לעבן.
זיי קומען ווידער די ליבשאַפטן און שטעלן זיך ביי מיינע שוועלן,

זיי ציִען זיך צו דיר, אין רמב״ן־געסל, אין ירושלים.
און כאָטש דער טויט האָט ווי אַ מערדער געוואָרגן דיך
אויף דיינע שוועלן, איז פול די לופט מיט דיר,
מיין מלכה פון ירושלים...
איך אָטעם איין דעם נאָרציס־ציטער פון דיינע ליבע־בשמים
וואָס קושן דיינע אויגן אויס מיט בענקשאַפט פון אַ מאַמען.
זיי הייליקן און זאָגן קדיש צו דיין ליבן נאָמען,
און גרייכן צו די הימלען דיינע מיט קדושה יידיש־פלאַמען.
איך האָב ווי יעקב ביי לבנען מיט טרייהייט און מיט אמת
די יינגסטע יאָרן אָפּגעגעבן צו דיר אין יידיש־שירה.
גלויב איך איצט באמונה שלימה אַז מיין לעצטער וועג וועט פירן
מיך ווידער צו דיר. אָ, הער מיין ליד, צערטל עס און נעם עס״.

דאָס ליד רעדט מיט זיין אייגענעם פּאָעטישן לשון. עס נויטיקט זיך נישט אין קיין איינציקן קאָמענטאַרישן וואָרט. עס בליט אַרויס, שטראַלנדיק און מולטיפאַרביק, ווי אַ רעגנבויגן, פון אַ דיכטערישן האַרצן וואָס איז אָנגעלאָדן מיט צאַרט־געפילן ווי אַ וואָלקן מיט זיס וואַסער; מיט דער רייפקייט פון אַן אויסגעלעבט לעבן וואָס קוקט צוריק אַהיים מיט דער גרויסער בענקשאַפט, ווי לוטס ווייב אויף איר אין פייערנאָנגעצונדענער וועלט...

מיר האָבן שוין ציטירט איינעם פון די צוויי פּרעכטיקע לידער וואָס דער דיכטער ווידמעט צו זיין ערשטער פרוי, די איידעלע פּאָעטעסע רקודה פּאָטאַש. אָבער זאָל מיר דערלויבט זיין צו דערמאָנען אויך אַן אַנדער ליד, פון זיינס אַ פריערדיקן בוך „די שעה פון ליד״, צו זיין צווייטער פרוי לאה. אויף זי פאַרנעמט עפּעס אין זיין לעבן. דאָס ליד הייסט „מיין קינד״. דער פּאָעט שילדערט דערין ווי ער גייט מיט זיין שוואַנגערער פרוי אין שפּיטאָל אַריין. די פרוי איז ערב געלעגן צו ווערן מיט זייער בכור. עס איז אינגאַנצן אַ ניי ליד אין דער יידישער פּאָעזיע מיט זיין אייגנאַרטיקער טעמאַטיק. עפּעס אַזוי ווי צוויי פאַרפאָלגטע און געפּייניקטע חיות גייען זיי ביידע אין אַ פרעמדן לאַנד, אין אַן אומפריינדלעכער אַטמאָספערע, אין טיפער אומהיימלעכקייט, צום שפּיטאָל וואו זיין צאַרטע פרוי לאה דאַרף געלעגן צו ווערן. צוויי פאַרפאָלגטע יידישע אדם און חוה גייען אין גאָטס איינזאַמער וועלט כדי צו ברענגען אַ נייעם ייד אויף דער וועלט. מען וועט שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן די דאָזיקע אומהיימלעכע שטימונג:

„ווי ווילדע וועלף עס רייסן זיך פרימאָרגנדיקע ווינטן
פון די בערג אַראָפּ און שרייען.
מיין פרוי, אין לעצטער שעה, מיט קינד אין מוטער־לייב
אין חבלי־לידה ווייען...
מיט שטילן ציטער ווי צו דער עקידה,
אין שפּיטאָל אַריין מיר גייען.

עס שלאָפֿן נאָך און חלומען די הייזלעך פֿון קאַזאַקסטאַנער דאָרף
אַ זומערדיקן שלאָף אַ זיסלעך־מידן.
די כוואַליעס פֿונעם טייך אילי, זיי שפּרינגען אין דער הויך,
צעגליטע דושן רוישן, זידן.
מיט לעצטע טריט פֿון נאַכט, מיר שפּאַנען שטיל אַליין —
צוויי פֿאַרטריבענע, צוויי פֿרעמדע יידן.
עס וויקלען זיך די וואָלקנס פֿון די בערג אַרויס
ווי טרויעריקע, ווי גרויע פֿאָנען;
ווי פֿנימער וואָס קומען פֿון מיין ווייטער היים
און פֿאָדערן, מאָנען:
ברענג אונדז אויף, באַשאַף, גיב לעבן אונדז אויפֿסניי
— אַ נייער ייד, פֿאַר זעקס מיליאָנען.
די נאַכט גייט אויס; עס צינדן זיך די ברעגן פֿונעם טייך
און ס׳ברענט דער האָריזאָנט.
עס שרייען ווינטן ווי ווילדע, בייזע וועלף —
איך האָב אין זיי דערקאָנט
דאָס קול פֿון מיינע ברידער, דורך פֿייער און דורך אַש,
וואָס גייט צו מיר, ווערט נענטער, נאָענט.
וואָס גייט צו מיר מיט מיילנטריט און איז שוין דאָ
אין רוישן פֿונעם טייך, פֿון ווינט,
אין יעדן טראָפּן טאָג, אין יעדן זונענשטראַל
וואָס פֿון די הימלען רינט.
מיט נייעם טאָג, פֿאַר אונדזער אָרעם פֿאָלק קומסטו אויף דער וועלט,
מיין קינד״.

דאָס דאָזיקע ליד רירט אונדז ביזן טיפֿסטן געמיט. עס רעגט אַוודאי אויף יעדן יידישן לייענער. אַפֿילו די ווילדע חיה פֿאַרמאָגט איר רואיקן ווינקל אין דער טיפֿעניש פֿונעם דזשאָנגל וואו זי שענקט געבורט צום נייעם חיהשן לעבן. מיטן הייסן בלוט אירן גיט זי געבורט צו איר צוקונפֿט, אויב גאָט און די נאַטור שענקען איר אַ צוקונפֿט. אָבער אַ יידישע פֿרוי, מיט איר אדם־שותף, גייען דורך אַן אומפֿריינדלעכער און אומהיימלעכער וועלט כדי אָפּצוגעבן אַ זון דעם פֿאָלק וואָס האָט אַזוי מוראדיק אָפּגעבלוטיקט...

אינעם צווייטן טייל פֿונעם ליד רעדט דער דיכטער־פֿאָטער אַריין מיט אַ רירנדיקן לשון אין זיין פּיטשינקן בכור. ער רעדט אַריין אינעם קינדס לעפֿצן אונדזער גאַנצע שטיק געשיכטע פֿון קאַמף און גראַנגל פֿאַרן קיום. ער פֿליסטערט אַריין אינעם ניי־געבוירענעם אַ היפּשע פּאָרציע יידישע היסטאָריע. ער עפֿנט אויף פֿאַרן פּיצל יידישן ניי־געבוירנס די העלדישע דערציילונג פֿון אַ גאַנץ פֿאָלק. ער ברעכט אָפּ פֿאַר אים אַ פּענעץ מיט זעאונג פֿון משיחן. דאָס שטיקעלע יידעלע ליגט איינגעוויקלט אין

דעם פייער און רויך פון יידישע דורות וואָס האָבן זיך פאַרצווייפלטערהייט פאַרמאָסטן מיט די פיינטלעכע כוחות פון דער וועלט. אַ יידישער דיכטער־טאַטע רעדט אַריין בשעת דער וועלטס גרויען באַגינען אין זיין קליינטשיקן ערשטלינג־זון די גראַנדיעזע רייד וועגן זיין שליחות אַלס ייד. אינמיטן פון נאַציאָנאַלן חורבן און וועלט־וויסטעניש שטייט אַ יידישער פאָטער צוקאָפּנס פון זיין קינד און רעדט צו אים אַריין מיט דער שפּראַך פון אַ נביא. און דאָס יידעלע נעמט אַריין אין דעם סאַמע ערשטן טאָג פון זיין עקזיסטענץ מוראדיקע רייד פון רואינע און טויט צוזאַמען מיטן אָנזאָג אויפן אייביקן לעבן פונעם פאָלק; די נביאות פון דער צוקונפט וואָס שטייט לעבעדיק פאַרן יידנס אויג ווי די זעאונג פון די צאָלרייכע מאַסן שטערן פאַר די אָנגעצונדענע שוואַרצאַפּלען פון יעקב אבינו אין באר־שבע. דאָס דאָזיקע ליד דערמאָנט מיך עפּעס מאָדנע אין אַן אַנדערן באַרימטן ליד. אין ריכאַרד בער־האָפמאַנס „שלאָפליד צו מרים". דער דיכטער שטייט אַריבערגעבויגן איבערן וויגעלע פון זיין דרימלענדיקן טעכטערל מרימל און די אומפאַרגענגלעכקייט פון אַלע יידישע דורות גייט אויף אין אַ גראַנדיעזע זעאונג; אין אַ פייערלעכער פּראָצעסיע אַריבער צייט און צייטווייליקייט; אין אַ פּראָצעסיע אַריבער איצט און אייביקייט גייט אויף צו אַן עסטרייכישע־יידישן פּאָעט דו זעאונג פון דער יידישער צוקונפט צו להכעיס אַלע רוצחישע פעלקער. זיין ליד און זיין בטחון ווערט געבוירן ביים וויגעלע פונעם קינד... און חיים לייב פוקס טראָגט אַריין אַ ליד פון יידישן געבורט ביים אומקום פון אַ ריזיקן ברוך־טייל פון אונדזער פאָלק...

בכלל פאַרמאָגט פוקס נישט קיין גרינגע אָדער צופעליקע לידער. זיינע וואָרט־שאַפונגען זיינען שטיקער איבערלעבענישן פונעם לייב, פון דער נשמה. ער פאַלט צו צו אַ ליד מיטן בראַנדיקן הונגער אין די געדערים ווי אַ דורשטיקער אין מדבר צום אָאַזיס. ער לייגט זיינע ווערטער אויפן פּאַפּיר ווי שטיקער טונקל פייער אין אַ שווערער ווינטערדיקער זון־שקיעה, אָדער ווי אַ מאָלער לייגט אויפן קאַנוועז דיקע און רויטלעך־טונקעלע פענעצן פאַרב. עס איז אַ מין באַהעפטן זיך מיטן ליד. עס איז אַן עקסטאַז, אַ באַגער צו וועלן זיך געבן און זיך מקריב צו זיין, זיך פאַרבינדן, זיך פאַראייניקן, זיך אַריינחלשן אין יידישן וואָרט, זיך אָנטרינקען פון אַ ברונעם מיט וויין ביז צום אויסלעשן אין זיינע געדערים דעם הייסן דורשט. די שורה פונעם ליד קומט ביי אים תמיד צוזאַמען מיט אַ זעלישער איבערלעבעניש. עס שרפהט ביי אים אין דער נשמה. עפּעס חסידישס, מיסטישס און עראָטישס איז געמישט אין זיין שעפערישן פּראָצעס. קבלה פּיבערט אין אים. ער איז צוריקגעקומען צו ישראל, צום כנרת, צו דער כותל מערבי, צו דער מערת המכפלה, צו מוטער רחלס קבר, צו די אבות, צו דער געליבטער פון דער ערשטער פלאַמיקער ליבשאַפט; מיט האַרץ, מיט עקסטאַז, מיט געוויין, מיט השתפכות הנפש, מיטן גליענדיקן געמיט, ווי יענער גרויסער פּאָעט פון דעם פאַרצייטישן שפּאַניע

איז צוגעפאַלן צו דער אַלטער היסטאָרישער ערד מיט אַ פאַרחלשטער ליבשאַפט. עס איז פאַראַן אין פוקסעס ליד עפּעס אַלט־יידישס און פאַרצייטיש־תנכישס. עס שלאָגט עפּעס אַזאַ היץ פון זיינע ברייט־שורהדיקע לידער ווי פון די גרויסע אַרמייען פון די יידישע קייסאָרים אין תנך וואָס האָבן געשפּאַנט איבער די אומענדלעכע שטחים אין מדבר בעטנדיק אויף וואַסער און רעגן. זיינע שורות קילן זיך נישט אָפּ מיטן גאַנג פון צייט ווי שיכורים וואָס די בענקשאַפט נאָך געטראַנקען מאַכן הייס זייערע נערוון און זייער בלוט. מען האָט דאָס באַשטימטע געפיל נאָכן לייענען זיינע שטיקער לידער אַז נאָכן אָנשרייבן זיי לייגט זיך דער מחבר אַרויף אויפן ליד מיט זיין גאַנצער פיזישער שווערקייט און ער שלאָפט איבער דעם אַ גאַנצן לאַנגן מעת־לעת און ער וואַרמט עס אָן מיט עפּעס אַ יידנס אוראַלט און פאַרצייטיש־געשיכטלעכן געוויין ווי אַ ווילדער פויגל אין וואַלד זיצט אַן איינזאַמער מיט זיינע לויזע און צעשפּרייטע פליגלען אויף זיינע געלייגטע זוימען, און יאָרן גייען פאַרביי און ער ווייסט נישט אַז ער האָט שוין זינט לאַנג אויסגעבריט די זוימען און אַז ער האָט זיי, מיט זיין גרויסער ליבשאַפט און בענקשאַפט זיי צו זען לעבעדיקערהייט, באַפרייטע פון די שאָלן, דערשטיקט...

חיים לייב פוקס האָט פאַרהעלטענישמעסיק קיין סך לידער אין זיין לאַנגן און אַלטן לעבן נישט געשריבן. ערשט אויף דער עלטער האָט ער אויסגעבריט אין זיין האַרצן מיט עפּעס אַ פאַרשפּעטיקטער און מאַכטיקער רייפקייט זיינע שטיקער שווערע און הייסע לידער. יעדעס ליד — מיר חזרן איבער — איז אַ קאַפּיטל עפּישע איבערלעבעניש, אַ שווערער פּענעץ מיט לעבן און דערפאַרונג; מיט צייט און מיט ליבשאַפט; מיט פאַרחתמעט יידיש געמיט און געדיכט פאַרטיפט מיט בריענדיקע טרערן... ער וואָלט ממש אויפגעוועקט פון זייער אייביקן שלאָף די אבות און ער וואָלט זיך מיט זיי געהאַלדזט און געקושט און געלייגט שלאָפן צוזאַמען מיט זיי אין זייערע אַלטע הייליקע קברים. ער וואָלט אויפגעוועקט די מאַמע רחל פונעם קבר און מיט איר געשלאָפן אַ טויזנט־יאָריקן שלאָף...

בכלל קומען מיר אַלע צוריק אויף דער עלטער אַזעלכע דאַנקבאַרע און טרויעריקע צו די לענדער, שטעט, לעבנס און יוגענטפריינד מיט עפּעס אַזאַ טיפן טרויער, באַדויער און אָפּשאַצונג. צום הויף וואו מיר האָבן זיך געשפּילט מיט אונדזערע חברים, יינגע יינגלעך, וואָס זיינען שפּעטער מיט יאָרן געוואָרן די מאַרטירער, קומען מיר ווידער און מיר שפּילן זיך מיט זייערע נשמות. מיט זיינען איצט מכלומרשט פול באַלאָדן מיט קלוגשאַפט, מיט געמיינטער און אָפּגענאַרטער חכמה, מיטן געדאַכטן אַלץ־פאַרשטיין און באַגרייפן און מיטן שפּיציקן פילאָסאָפישן שטיין וואָס שטעכט אונדז אין האַרצן ווי אַן אייזערנע שפּיז... ווי דר. פאַאוסט הערן מיר עפּעס פּלוצלינג אין אָוונט די ווייטע מעלאָדיע פון אַ זיסן פרויענכאָר. מיר שטוינען חוני המעגלדיק איבער די ענדערונגען און דאָך די זעלביקייטן פון דער וועלט און פון די מענטשן וואָס וואוינען דאָ געטריי זינט פילע דורות

און זיי זיינען אַלט און גרוי געוואָרן צוזאַמען מיטן בוים, מיטן וואַלד, מיט די פייגל, מיט די קוקאַווקעס וועמענס זיסער און דאָך טרויעריקער קוקו־רוף דו דערוואַרטסט צו הערן יעדע פּאָר רגעס מיט אַ געטלעכער מאָנאָטאָניע. אַלט און גרוי געוואָרן מיט די שטערן ביינאַכט און מיט דער שטיל־לויכטנדיקער לבנה אין באַגינען וואָס זינקט אַרונטער צום ראַנד פון דער ערד ווי אַ כוס פון גאָלד וואָס וועט באַגיסן אַן אַנדערן קאָנטינענט מיט נאַכט און מיט וויין...

און חיים לייב פוקסעס צוריקקומען, ווי אַ ייד וואָס האָט זיך „יאָרנלאַנג געוואַלגערט אין דער פרעמד”, צו ציטירן די שורה פון אַן אַנדערן גרויסן דיכטער, צום הייליקן לאַנד; און זיינע סאַמע לעצטע לידער און הימנען ביים ווידערקומען צו ישראלדיק־תנכישע פלעצער און אייגן־יידישלעכע הייליקייטן, האָט עפּעס פון יענעם גרויסן שוין דערמאָנטן שפּאַניש־העברייאישן דיכטער ר׳ יהודה הלוי, ביים טראָגן זיך אויף אַ פרעמדער שיף דורך נאַכט און ים צום אויסגעחלומטן לאַנד. עס דערמאָנט אין דעם עקסטאַז פון די צפתער קבליסטן. עס איז ביי אים אַן אַטאַוויסטישער אויפציטער פון דער יידישער נשמה ביים פּאָרכטיקן באַטרעטן די הייליקע ערד. יאָ, די לידער זיינע זיינען טיף־באַגלייבטע. זיי זיינען אויך אַזוי אורהאַפּטיק־ברייטלעך ווי די רחבותדיקע לאַנדשאַפטן פון דעם תנכישן ארץ ישראל וואו דער רבונו של עולם האָט גערעדט אַזוי היימישלעך מיט די נביאים ווי אַ זיידע מיט זיינע באַליבטע אייניקלעך...

## הלל קעמפּינסקיס רייד פון אַ חכם

הלל קעמפּינסקי האָט יאָרנלאַנג אָנגעפירט מיטן בונדישן אַרכיוו אויפן נאָמען פון פראַנץ קורסקי אין ניו־יאָרק. די אַרבעט פאַרן דאָזיקן אַרכיוו איז געווען זיין לעבן. ער אַליין האָט נישט געשריבן און האָט אויך נישט געזוכט קיין כבוד. זיין חכמה און זיין שלל מיט היסטאָרישן וויסן וועגן „בונד” אין פוילן; וועגן דער יידישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און וועגן דער יידישער קולטור און יידישע שרייבער אין דעם פאַרמלחמהדיקן פוילן איז געווען אַ ברייטע און פילזייטיקע. כאָטש אַ סאָציאַליסט, איז זיין לעבנס־פילאָזאָפיע געווען אַ פעסימיסטישע און וועגן דער דאָזיקער זייט אין זיין כאַראַקטער וויל איך עפּעס זאָגן...

מיין גוטער פריינט הלל קעמפּינסקי האָט מיך אַ סך מאָל אָפּגערופן דורן טעלעפאָן, באַזונדערס אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן ווען ער איז שוין געווען אַ קראַנקער מענטש און איך פלעג מערסטנס פאַרברענגען אין דער היים. ער פלעגט רעדן אויף אַן אינטערעסאַנטן שטייגער. ער האָט יינגערהייט געלערנט אין אַ ישיבה. זיין שכל איז געווען שאַרף און קריטיש. זיין אויג האָט אַ סך געזען, באַזונדערס די קרומקייטן און לעכערלעכקייטן פון די מענטשן. זיין אויער איז אויך נישט אָפּגעשטאַנען: ער האָט געהערט און זיך צוגעהערט צו די מאָדנע רייד פון אַ סך מענטשן וואָס האָבן נאַקעט אָפּגעדעקט זייערע כאַראַקטערן. פון דער ישיבה און פון

קלוגע לערערס איז ביי אים געבליבן שטיין דער רויער און ברוטאַלער אמת ווי ער ווערט אויסגעדריקט אין פּאַרצייטישע ספרים. ער האָט איבערגעלעבט אַ סך צרות אין דעם סאָוויעטישן גולאַג. ער איז געווען פאַרשיקט אַזש אין דעם ווייטן און פאַרוואָרפענעם קאָלימאַ. ער פלעגט רעדן זייער גיך און נערוועזערהייט. אָפטמאָל האָב איך זיין אויסשפּראַך קוים פאַרשטאַנען, דאָך זיינען אין מיין זכרון געבליבן שטיין זיינע ווערטער און געדאַנקען וואָס האָבן געשמעקט מיט די עיקרים פון אונדזערע הייליקע ספרים וועמענס מחברים האָבן אַ סך בעסער געקענט דעם מין מענטש ווי געוויסע פּסיכאָלאָגן פון די שפּעטערדיקע דורות. יענע חכמים האָבן געזען דעם סאַמע עיקר פון אַ מענטשלעכער נשמה. זיי האָבן נישט בלויז געזען אַ מענטשנס פּנים אָן זיין מאַסקע, נייערט זיי האָבן מיט זייערע עלעקטראָנישע אויגן ממש געציילט די ביינער אין זיין סקעלעט. זיי האָבן אַדורכגעקוקט אַ לעבעדיקן מענטש פון זיין געבורט אָן ביזן טויט. און וואָס זיי האָבן געהאַט צו זאָגן, האָבן זיי געזאָגט קורץ, דירעקט און דעם סאַמע עסענץ וועגן זיין גאַנץ נפש...

עס איז אַ שאָד וואָס איך האָב דורך די אַלע יאָרן פון אונדזער באַקאַנטשאַפט נישט פאַרצייכנט מיין פריינדס מערסטע רייד און מחשבות. ערשט נאָך אַ צייט האָב איך געטראַכט אַז דער דאָזיקער מענטש איז אַ פאַרטיק ספר קהלת. אַז ער איז אַ פאַרלוירענער שריפטשטעלער פון אַ פּסיכאָלאָגישן כאַראַקטער. בלויז איינמאָל אין אַ שפּעטער שעה פון דער נאַכט, נאָכדעם ווי ער האָט צו מיר גערעדט ווי געוויינלעך אויף זיין גיכן און נערוועזן שטייגער, שטענדיק אין גרויס איילעניש צוליב אַ שלל מיט אַרבעט וואָס ער האָט באַדאַרפט אויסצופירן; צוליבן לייענען טאָג און נאַכט מאַסן און ממש בערגער אין וועלכע ער האָט תמיד געפונען וויכטיקע מאַטעריאַלן וועגן „בונד" פון היסטאָרישן און אַקטועלן כאַראַקטער, און אויך צוליב זיינע שווערע איבערלעבענישן אינעם גולאַג, האָב איך גיך געכאַפּט די פעדער און האָב געפּראַוווט צו פאַרצייכענען אַ בינטל מיט זיינע אייגנאַרטיקע ווערטער און מיינונגען וועגן מענטשן און געשעענישן. איך האָב זיך אויך געמוזט איילן כדי צו קענען נאָכפּאָלגן דאָס אַלץ וואָס עס האָט פון זיין מוח און נשמה געשפּראָצט און געקוועלט ווי פון אַ פאָנטאַן וואָס שפּרודלט צווישן די פעלזן אין די בערג נישט מיט קאַלט וואַסער, נייערט מיט קאָכעדיק פייער. אָט זיינען בלויז וויניקע ברילִיאַנטן פון זיינע ליפּן אַרונטער:

— שיע, דו זאָלסט וויסן אַז ווען מען שטאַרבט, ווערט מען אָפּגעמעקט פון דער וועלט פונקט ווי מען וואָלט גאָר קיינמאָל נישט עקזיסטירט. איך זע אָפּט אין מיין אַרכיוו אַלערליי מאַטעריאַלן און דאָקומענטן פון מענטשן וואָס אין זייערע צייטן האָט מיט זיי ממש געקלונגען און געדרודערט די וועלט. שפּעטער וואַרפט מען אַרויס אויפן „שמיעטניק" (מיסטקאַסטן) זייערע מאַנוסקריפּטן, די אויסשניטן פון אַלערליי מאַמרים פון און וועגן זיי; אויך די באַריכטן וועגן זייערע רעדעס

אויף פייערלעכע באַנקעטן, און גאָר די רחבותדיקע באַשרייבונגען וועגן זייערע רייכע מעשים און האַנדלונגען. קיינער ווייסט נישט מער פון זייערע פינאַנציעלע, קולטורעלע און ממשותדיקע ביישטייערונגען פאַר נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס און צוועקן. יאָ, שיע, ווי איך האָב דיר שוין נישט איינמאָל געזאָגט: זייערע שריפטן און כתב־ידן ווערן מיט דער בלאָטע צוגלייך. קיינער אינטערעסירט זיך נישט היינט אָדער מאָרגן צי איבערמאָרגן מיטן נעכטיקן באַרימטן, פאָפּולערן, גרויסן מאַן און הויכע פערזענלעכקייט. זייערע ביכער און ספרים ווערן שפּייז פאַר די אַלמעכטיקע מאָלן וואָס זעטיקן זייער הונגער מיט גאַנצע ביבליאָטעקן. ווען מען זאָל זיין גוף, פאַר ווענען מאַסן מענטשן האָבן זיך פריער געבוקט און געבויגן ביז צו דער ערד ווי פאַרן קייסער נבוכדנאצר אָדער פאַרן לעגענדאַרן באַזיגער פון אימפּעריעס, אַלעקסאַנדער דעם מאַקעדאָניער, אַפילו אַריינלייגן אין אַן אָרון פון גאָלד אָדער אין אַ טרומנע פון זילבער, צי גאָר אין אַן אימפּאָזאַנטן מאַרמאָרענעם סאַרקאָפאַג מיט קינסטלערישע באַרעליעפן פון דער געניאַלער האַנט פון אַן עטרוסקישן אָדער גריכישן סקולפּטאָר ווי פּראַקסיטעלעס, וואָלט ער אויך אויפגעגעסן געוואָרן אין דער ערד. אין בלויז געציילטע וואָכן און חדשים וועט דער פיל־געלויבטער און שטאַרק־גערימטער שטערן זיין אַ פּאַרטיקער סקעלעט מיט אָפּגעשאָבענע און גלאַטע ביינער. ער וועט אָפּגערייניקט ווערן מיט אַלע זיינע קנאָכנס פון גאָר דעם פאַרגענגלעכן פליישוואַרג: פון זיינע אָדערן, אַרטעריעס, געדערים, נערוון און אָרגאַנען. עס האָט אים קיינער מער נישט געהערט רעדן, רופן, שרייען, וויינען, זינגען, יאָמערן, לויבן, בעטן, בעטלען אָדער לאַכן. קיינער האָט אים נישט באַגעגנט אין קיין שום פּאַלאַצן, פּאַרלאַמענטן, בודואַרן, קולואַרן, טעאַטערן, אָפּעראַס און אין די הויפּט־שטעט פון דער וועלט; און קיין שום מענטשלעכער זכרון און קיין איינציק אויג פון אַ נאַר אָדער אַ חכם, פון אַן עושר צי אַ בעטלער געדענקט נישט מער ווי אַזוי ער האָט אַמאָל, ערשט גאָר נישט לאַנג צוריק, אויסגעזען; וואָס פאַר אַ סאָרט בגדים ער האָט געטראָגן בשעת די הילכיקע באַנקעטן אין די גרויסאַרטיקע זאַלן וואו אויסגעצייכנטע רעדנער און דעמאַגאָגן מיט געשליפענע צונגען און שטאַרקע שטימעס האָבן אים אין אַ רייכער און צויבערהאַפטער שפּראַך געלויבט און גערימט. מען געדענקט אויך מער נישט די גאָלדענע סיגנעטן מיט חוצפּהדיקע איידלשטיינער וואָס האָבן אַרויסרופעריש געצירט זיינע אַלטע פינגער און אויך נישט דעם שווייצאַרישן זייגער מיט דער פּלאַטינענער קאָפּערטע וואָס איז געווען באַשפּרענקלט מיט צעבראָכענע דיאַמאַנטלעך ווי מיט פּיצלעך צוקער, ווועלכן ער האָט אַן אומגעדולדיקער געעפנט אין סאַמע פּראָנט פונעם פּובליקום כדי צו זען ווי שפּעט עס איז אין דער שפּעטער נאַכט־שעה, און כדי צו וויסן וויפל צייט ער האָט נאָך צו כאַפּן די טאַקסי און צו פאָרן גיך כדי צו האַלטן דעם אַנדערן פאָרטראַג אויף דעם לעצטן באַנקעט אין דער היינטיקער נאַכט פון שמחה און וויין, פון ווייב און געזאַנג; און נאָך

שפעטער, ווען ער וועט שוין שטיין ביי דער טיר פון זיין וואוינונג וואו זיין ווייב איז איבערגעבליבן היינט אין אָוונט אין דער היים, אים נישט באַגלייטנדיק צום באַנקעט ווייל זי האָט זיך מכלומרשט עפּעס נישט געפילט „מיט אַלעמען”, וועט ער גאָר באַגעגענען ביי די טרעפּ צום אַרויפגאַנג איר נעגערישן געליבטן... ניין, מען געדענקט אויך נישט צי זיין אַנצוג איז געווען אַ פרישער און אַן ערשט־אויסגעפּרעסטער; צי דער שערער האָט אים לייטיש אָפּגעשוירן און צי איין פּיאה, די רעכטע, איז חלילה נישט געווען מיט אַ האָר לענגער פון דער אַנדערער פּיאה, די לינקע. אויך וועט מען נישט געדענקען צי זיינע קאַמאַשן גלאַנצן מיטן גלאַנץ פון שפּיגלען, און צי זיי זיינען אָפּגעפּרישט געוואָרן מיטן פּעטן און שוואַרצן שוואוואַקס אָדער מיטן געלן כאַמילין. זיין נאָבל פּנים צוזאַמען מיט זיין קלינגנדיקן נאָמען אָדער זיין טרויעריק באַרימטן שם פון אַ הולטאַי, טיראַן, באַרימער, רשע, סנאָב, דעמאַגאָג און גאוודיקן אידיאָט וועט ווערן גיך אָפּגעמעקט פונעם פּנים פון דער ערד, פון דער געזאַלצענער לופט און פון דער גאַנצער דרויסנדיקער אַטמאָספערע. די אויגן פון יענע פאַרערער וואָס האָבן אים ערשט נעכטן נאָך אָנגעקוקט ווי אַזוי ער רויכערט אַ גליקלעכער זיין האַוואַנאַ־ציגאַר, זיינען שוין היינט אין אָוונט אויסגערונען געוואָרן ווי דער זאַפטיקער וויין פון די פּולע און צייטיקע וויינטרויבן וואָס זיינען באַצייטנס נישט אָפּגעפּליקט געוואָרן פונעם דינעם צווייג פונעם פּרוכטבוים צי פונעם וויינשטאָק. חוני המעגל איז געווען צופרידן אַז ער גייט שוין ענדלעך אַוועק פון זיין דור און ער קערט זיך אום צוריק צו זיינע עלטערן און זיידעס. און וואוהין מיר אַלע גייען, דאָס ווייסט שוין קיינער נישט. שיע, פאַרגעדענק מיינע ווערטער...

איך האָב אַוודאי די ווערטער פון מיין פריינט און חכם הלל קעמפּינסקי, ווי מיין ליבער לייענער קען מסתמא עדות זאָגן, גוט פאַרגעדענקט און כדי קיינמאָל נישט צו פאַרגעסן, האָב איך זיי באַלד פאַרשריבן. איך האָב פּשוט נישט געוואַרט קיין איבעריקע מינוט טאָמער וועל איך זיי טאַקע גיך פאַרגעסן ווי עס איז געוויינלעך די טבע פונעם לייכטזיניקן מין מענטש. און ווי מען קען וואויל איינזען פון די פאַרשריבענע רייד, האָט מיין פריינד געהאַט אַ טיפע נשמה, אפשר דעם גייסט פון אַן אַלטן און פאַרצייטישן חכם...

אַגב, איז פאַרן געלערנטן פּראָפעסאָר אָפּענהיימער דאָס סאַמע באַדייטנדיקסטע ווערק אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור, ווי איך האָב געלייענט אָדער געהערט, געווען דאָס ספר קהלת, וואָס ער האָט געלייענט, ווי ער האָט דערציילט, יעדן אָוונט איידער ער האָט צוגעמאַכט זיינע אויגן און זיך איבערגעגעבן צום מלאך פון אייביקן שלאָף...

## דייוויד בורליוק, מאַרושיאַ און וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי

איך געדענק ווי אַזוי דער דיכטער דוד אָפּאַלאָוו האָט מיך דאָס ערשטע מאָל געפירט אין אַ זוניקן זונטיקדיקן פרימאָרגן פון מיטן חודש

יולי אין יאָר 1939, דאַכט זיך, צום רוסישן מאָלער דייוויד בורליוק וואָס איז געווען וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקיס אַ יוגענט־פֿריינד בשעת די רעוואָלוציאָנערע יאָרן אין סאָוויעט־רוסלאַנד. בורליוק האָט געוואוינט אין דער געגנט פֿון דער ערשטער עוועניו און צענטער גאַס, אין אַ טיפּיש־סלאַווישער אָרטשאַפּט וואו עס האָבן געוואוינט מערסטנס רוסישע מענטשן: אוקראַינער, פּאָלאַקן, ליטווינער, לעטן, ווייס־רוסן און טשעכאָסלאָוואַקן. זיי האָבן פֿאַרפּלייצט די אַלייען און שטעגן פֿון אַ קליינעם גאַסנפּאַרק, זיצנדיק אָנגעשטאָפּטע אויף די צעבראָכענע הילצערנע בענק און לייענענדיק אַלטע רוסישע און אוקראַאינישע זשורנאַלן און צייטונגען וואָס זיי האָבן אַרויסגענומען פֿון די אייזערנע מיסט־קאַנען. דער מעשענער גלאָק פֿון אַן אַלטער צערקווע, אַ באַדעקטער מיט סאַזשעס און מיטן פּאַטין פֿון קאָפּעטש, צייט און עלטער, האָט טיפּיש זונטיק־מעסיק און מאָנאָטאָניש־פֿרום געקלונגען אין ברייטע און טיפֿע טענער ווי ערגעץ־וואו אין אַ ווייטן סלאַווישן דאָרף, אין דער צייט פֿון דער נאָך הערשנדיקער צאַרישער דינאַסטיע, אויסקלינגנדיק מיט אַזאַ שווערן און וואָגיקן טאָן ווי פֿון קופּער און מעש די פּראַוואָסלאַווער תּפֿילות. ביידע, דער מעכטיקער פֿאַרשוין פֿון אַ טיפּישן אוקראַינער קאָזאַק מיטן רעכטן גלעזערנעם אויג זיינעם, פֿון וועמענס לינקן אויער עס האָט אַראָפּגעלויכטן אַן עקזאָטיש אויערינג, דייוויד בורליוק, און זיין קריינקלעך אויסזעענדיק ווייב מאַרושיאַ, מיטן אויסגעבלייכטן פּנים פֿון אַן אַלט סלאַווישער איקאָנע, וואָס הוסט אָפּ מיט בלוט פֿון אירע שווינדזוכטיק־קראַנקע לונגען, זיינען נאָך דעמאָלט געווען פֿול מיט ענערגיע און באַלאָדן מיט קינסטלערישע און ליטעראַרישע פּלענער. זיי זיינען געווען שרעקלעך אָרעם ווי די קלויסטער־מייז, זיך באַנוצנדיק מיט אַ גויאישן אויסדריק. דאָס מישטיינסגעזאָגטע הויז זייערס אין דער נידער אין וועמענס נישט־געפּאַרבטע שטיבער דער גרילצנדיקער טומל פֿון דער גאַס האָט זיך אַריינגעבראָכן, איז געווען שטאַרק פֿאַרנאַכלעסיקט און האָט אויסגעזען ווי דער הינטערגרונט אין דער אָפּעראַ „לאַ באָהעם". מאַרושיאַ, אַ הויכע און דאַרע פּרוי פֿון אַ דאָרף אין דער אוקראַאינע, איז געווען אַ האַרצליידנדיקע, מסמתא אין די דרייסיקער יאָרן. זי איז געווען אַ שריפֿט־שטעלערין. פּאַקטיש האָט זי בלויז געשריבן פּראָפּאַגאַנדע־אַרטיקלען און פּריוואַטע בריוו מיט אַדרעסן צו זייערע פֿריינט און פּאַרערער, מערסטנס די לעצטע סלאַוון אין אַמעריקע, וועגן איר מאַנס פּילפּאַרביקער קונסט וואָס האָט געלויכטן, און זיך אויסצודריקן פּראָסטער און אמתדיקער: האָט געגלאַנצט מיט זייערע מערסטע נאָך נאַסע און ערשט געמאָלטע פֿאַרבן, וואָס האָבן געשיינט זיך קיינמאָל נישט אויסצוטרוקענען אין דער שטויביקער טונקלקייט פֿון דער באָהעמישער וואוינונג מיט שטיקער אָנגעצונדענע זון און פֿייער וואָס האָבן אַריינגעדרונגען דורך די נישט־געוואַשענע שויבנפֿענצטער. זיי ביידע האָבן אויך אַרויסגעגעבן פּרעכטיקע קונסט־זשורנאַלן אין

אַלבאָם־פֿאָרמאַט מיט אויסגעצייכנטע רעפּראָדוקציעס פֿון בורליוקס מאָלערישע ווערק, וואָס האָבן ממש געשמעקט מיטן פרישן היי; מיט די געטרייע און ערלעכע בוימער, נאָך פייכטע פון דעם פרימאָרגנדיקן טוי (אָדער ראַסע) פון די דאָרפישע אוקראַאינישע פעלדער און וועלדער. מאַרושיאַ האָט אין אַ קלאַסישן רוסיש, דערמאָנענדיק, דאַכט זיך, אין דער ריינער און ציכטיקער פראָזע פון איוואַן בונין, געשריבן לענגערע שילדערונגען וועגן איר מאַנס קונסט וואָס האָט געאָטעמט סיי מיטן טיפּיש־רוסישן און אַרכייאישן סטיל פון די פרומע צערקווע־מאָלערייען, און סיי מיטן אולטראַ־מאָדערניזם בשעת דעם אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. זי האָט אין אירע זאַכלעך־געניטע זכרונות באַשריבן איר אייגענע היים אין דער צייט פון דער הערשאַפט פונעם צאַר ניקאָלאַי, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם רוסישן דאָרף וואָס געדענקט נאָך די ליימיקע כאַטקעס מיט אָפּגעבלאַקירטע שטרויענע דעכער; די רויטע קי מיט געשוואָלענע אייטערס וואָס האָבן געשאָנקען צו דער אָרעמער פויערישער באַפעלקערונג זייער פעטע מילך, וועלכע די פויערטעס האָבן פליסיק פאַרוואַנדלט אין האַרטן קעז, אין געדיכטער סמעטענע און פוטער. מאַרושיאַ האָט אויך מולטיפאַרביק, אָבער מיט גענוג צוים און קאָנטראָל, געשילדערט זייערע געמיינזאַמע נסיעות אין די איטאַליענישע שטעט, דערפער און ים־ברעגעס. דאָס זיינען געווען רייזעס פון וועלכע דייוויד בורליוק האָט דורך זיין גאַנצן לעבן געחלומט אין קוים געוואַגט צו פלאַנירן צוזאַמען מיט זיין געטרייער פרוי. זי האָט אין פּאָעטישע רעפּאָרטאַזשן באַשריבן די גוט־באַקאַנטע און מאָלעריש־רייכע שטעט פון לאַנד, ווי רוים, פלאָרענץ, ווענעציע, נעאַפּאָל און מילאַן; ווי אויך די פאַנטאַסטישע קור־ערטער קאַפּרי און סאָרענטאָ, די כישופדיק־שיינע ווינקלען פאַר דער פאַרמלחמהדיקער רוסישער אינטעליגענץ, און וואו עס האָט מיט יאָרן צוריק געוואוינט דער באַרימטער רוסישער שריפטשטעלער מאַקסים גאָרקי, הוסטנדיק שווער און היילנדיק זיינע שווינדזוכטיקע לונגען אין דעם מעשענעם אָפּשיין פון דער זון, ווי אויך שרייבנדיק בריוו צו לענינען, דעם רוסישן משיח וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ מאָנגאָלישער מענטש און האָט געצויגן זיין רעוואָלוציאָנערע יניקה פון זיין ברודער אוליאַנאָווס מאַרטירערטום, ווען די צאַרישע דעספּאָטיע האָט אויפגעהאָנגען אין איינעם אַ שיינעם פרימאָרגן ווען די רוסישע זון האָט העל געשיינט און געגילדערט דאָס האָלץ פון דער תליה אַזוי ווי אַלע אַנדערע בוימער אין וואַלד, וואו עס איז פאָרגעקומען די עקזעקוציע. בשעת די דאָזיקע נסיעות האָט בורליוק נישט אַרויסגעלאָזט דעם פאַרבנפייכטן פענדזל פון זיין גרויסער קאָזאַקישער האַנט. ער פלעג׳ט צו מיר צושיקן די דאָזיקע קונסט־זשורנאַלן זיינע מיט אייגנהענטיקע דעדיקאַציעס, לויבנדיק אין אַ צעבראָכענעם ענגלישן לשון מיינע ליטעראַרישע קוואַליטעטן...

דייוויד בורליוק איז דורך די מערסטע יאָרן פון זיין לעבן אין די

פּאַראײַניקטע שטאַטן באַטראַכט געוואָרן ווי אַ „טשודאַק", אַ גראָטעסקע און ביזאַרע פיגור וועמענס מאָלערײַען מען האָט נישט גענומען ערנסט. ער פלעגט זײַנע שמעקעדיקע וואַסער־קאָלירן, זײַנע קלײנע אויל־קאַנוועזעס — קלײנע ווײַל ער האָט נישט געהאַט קיין געלט אויף אײַנצוקויפן מער־קאָסטבאַרע קאַנוועזעס און מאַטעריאַלן — פאַרקויפן פאַר גראָשנס נאָך נאַסערהייט ממש. דאָס אָרעמע פאָלק האָט זיך אײַנגעקויפט זײַנע בילדער בלויז צוליב זײער פרײַנטשאַפט און נאָך מער אויס רחמנות צו בײדע אָרעמע און הונגעריקע קינסטלער. מען האָט זײ אָבער קײנמאָל נישט אײַנגערעמט. בלויז אין די לעצטע יאָרן פון זײערע לעבנס האָבן די בורליוקס געלעבט אין בעסערע לעבנס־באַדינגונגען, מחמת עפּעס אַ זעלטענער און לעגענדאַרער פרײַנד, נישט קײן אָרעמאַן, אָבער אַן אײנזאַמער בחור, דאַכט זיך, האָט אויף דער עלטער פאַר זײ אָפּגעשריבן אַלס ירושה זײַן הויז אין לאָנג אײַלאַנד און אויך אַ גרעסערע סומע מזומן געלט. דאָס האָט דעם מאָלער מיט זײַן ליבער פרוי געגעבן די אידעאַלע געלעגנהייט צו קענען לעבן מער פאַרמעגלעך; זיך צו קלײדן לײַטיש; זיך אײַנצוקויפן בילדער און סקולפּטורן פון אַנדערע אָרעמע קינסטלער פאַר זײַן פּריוואַטן מוזעאום. ער האָט זיך אויך געקויפט אַ שײנעם פּעלץ אין וועלכן ער האָט פּאַראַדירט בשעת די ווינטערדיקע שניי־טעג ווען ער פלעגט פאָרן מיט מאַרושיאַן אין שטאָט אַרײַן כדי צו זען נײַע קונסט־אויסשטעלונגען אויף דער זיבן און פופציקער גאַס און מעדיסאָן עוועניו, וואָס איז נאָך צו יענער צײַט נישט געווען דער צענטער פון קונסט אין ניו־יאָרק...

ווען זײער פרײַנט, דער באַרימטער רוסישער רעוואָלוציאָנערער פּאָעט וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי האָט באַזוכט ניו־יאָרק, האָט ער פאַרשטײט זיך געוואוינט בײַ די בורליוקס. זײ האָבן צוזאַמען געטרונקען וואָדקאַ און ווײַן און געגעסן רוסישע מאָלצײַטן מיט געשמאַקן קרויט און רויטן באָרשט מיט עכט־ראַזאָוואַנעם ברויט וואָס די גוטע מאַרושיאַ האָט צוגעגרײט מיט אַ סך ליבשאַפט. זײ זײַנען אַלע דרײַ, און מיט נאָך הײמישע פרײַנט פון סאָוטהאַמפּטאָן, געזעסן אויף דער וועראַנדע. מען האָט מערסטנס געשמועסט פון יענע יאָרן תיכף נאָך דער רעוואָלוציע אין יאָר 1917, ווען די ווײַסע באַנדעס און פּאָגראָמשטשיקעס פון די באַנדיטישע גענעראַלן און אַטאַמאַנען קאָלטשאַק, דעניקין, וורַאנגעל, פּעטלוראַ און בולאַק־באַלאַכאָוויטש האָבן געפּאַנעוועט איבער דער רוסישער ערד. און ווען די זעלביקע ערד האָט יאָרנלאַנג דורך די פּעריאָדן פון דער רעוואָלוציע און בירגער־קריגן אײַנגעזאַפּט אין אירע אינגעווײדן דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון די רויט־אַרמײיִשע העלדן און פון די ווײַסע־גוואַרדײיִשע גענעראַלן און זײערע הונגעריקע און טיפוס־קראַנקע מחנות קאָזאַקן, טשערקעסן, קירגיזן און אוקרײַנער... נישט אויסמײַדנדיק אויך אײַנצוזאַפּן דאָס אומשולדיק־פאַרגאָסענע ייִדישע בלוט בשעת די פּאָגראָמען, שחיטות און שענדונגען אין די שטעטלעך און

דערפֿלעך פֿון אוקראַינע און גרויס־רוסלאַנד, אַזש ביזן ווייטן אוראַל און ביז צו די קרימער פֿעלדער און זוניקע לאַנדשאַפֿטן ביים שוואַרצן ים... ביז שפּעט אין דער נאַכט, ווען די לבנה און מאַרושיאַ זיינען שוין געווען היפּש פֿאַרמאַטערט, האָט מען גערעדט וועגן יענע צייטן, ווען מאַיאַקאָווסקי, יעסענין און בורליוק אויך האָבן דעקלאַמירט אין דעם רויך און קאָפּעטש פֿון די מאָסקווער טשייניעס און אויף די שטאָלענע רוקנס פֿון קאַמיאָנען פֿאַר דער רוסישער יוגענט און פֿאַר די פֿאַרוואונדעטע רוסישע סאָלדאַטן, צוריקקומענדיק פֿון די פֿראָנטן, זייערע רעוואָלוציאָנערע הימנען און פֿלאַקאַטנלידער, פּראָקלאַמירנדיק די נייע צייט אין דער קונסט, אין דעם פּעריאָד פֿון פֿוטוריזם, דאַדאַאיזם און „ניטשעוואָאיזם״ (גאָרנישקייט...).

די בורליוקס האָבן אונדז אויפֿגענומען פֿריינדלעך, מכבד זייענדיק מיט גלעזער רויטן ווייַן אויפֿן פֿאַריזער שטייגער, וואָס זיי האָבן געטראָפֿנט פֿון אַ ריזיקן גלעזערנעם גאָנשער. זיי האָבן אויך געשטעלט טאַצן מיט פֿרישע פֿענעצן שוואַרצן און פּירקאַנטיקן ברויט ווי מען פֿלעגט באַקן ביי אונדז אין דעם דערפֿל סאָסנאָוו, צווישן די פֿרייסישע קאָלאָניסטן, מיט שטיקלעך האַרטן שווייצאַרישן קעז, ווי אויך אַנדערע געווירצטע דעליקאַטעסן. בורליוק האָט מיך אויך געצייכנט. אין זיין צייכענונג בין איך גיכער ענלעך געווען צו מאָליערן ווי צו מיר אַליין לויט מיין אָפּשפּיגלונג אינעם פֿאַרזשאַווערטן שפּיגל. איך בין אַוועק פֿון זייער הויז פֿול באַלאַדן מיט איינדרוקן פֿון זייער ביידנס פֿריינדשאַפֿט; פֿון דער סביבה פֿון אַן אָרעמען, אָבער אמתדיקן רייכן קינסטלער, וואָס האָט מיטגעבראַכט פֿון זיין לאַנד אין זיין שעפֿערישן דמיון אַ קוואַל מיט פֿרישע פֿאַרבן און בלומען ווי גאָטס אייביקע און לויטערע שטערן. עס האָט פֿון די דאָזיקעביידע רוסן געקוועלט און געקוואַלט מיט קינסטלערישער ענערגיע, מיטן פֿלאַמיקן יום־טוב פֿון אמתער שעפֿערישקייט, און פֿאַר ווען די אָרעמקייט איז קיינמאָל נישט געווען קיין ערנסטע שטערונג און האָט נישט געקענט פֿאַרטונקלען די געטלעכע פֿרייד פֿון שעפֿערישער פּאָטענץ און קינסטלעריש־פֿייערלעכן יום־טוב...

איך געדענק אויך אַז דאָס סאַמע לעצטע מאָל האָב איך געזען בורליוקן פֿאָרנדיק צופֿעליק אויף אַן אָנגעשטאָפּטן אויטאָבוס איבער דער זיבן און פֿונפֿציקסטער גאַס, פֿאַרביי די ברייטע פֿענצטער פֿון די גאַלעריעס מיט אויסגעשטעלטע נוד־פֿיגורן פֿון פֿרויען און אַנדערע מאָלערייען פֿון לאַנדשאַפֿטן, אויף וועלכע די זון האָט באַזונדערס געשיינט מיט איר שוין שפּעטער האַרבסטיקער גאָלד־ביזשוטעריע. דער סלאַווישער מייסטער בורליוק, שוין אַ שרעקלעך־איינגעבויגענער צו מיין גרויסער איבערראַשונג וואָס ער איז אַזוי ווי פֿלוצלינג און מוראדיק אַלט געוואָרן; מיט אַ נאַקעט־אָפּגעדעקטן שאַרבן אונטער דער בריענדיקער און לעצטער זון פֿונעם גרויסן זומער, האָט אויסגעזען ווי גאָגאָלס קאָזאַקישער העלד טאַראַס בולבאַ, אָן דער מינדעסטער האָר אויפֿן אייזיק־ווייסן שאַרבן

וואָס איז געווען ווי אויסגעהאַקט פון אַ שטיק שטאָל. ער איז אַראָפּגעגאַנגען פּאַוואָליע פונעם אויטאָבוס און געאָרעמט מיט זיין שווער־הוסטנדיקער פרוי בשעת דעם גרויסאַרטיקן טאָג, ווען ווינט האָט געשאַרט איבער די טראָטואַרן די לעצטע טויטע בלעטער וואָס די צווייגן פון די בוימער האָבן טרויעריקע אַראָפּגעוואָרפן פון זיך און שטילערהייט האָבן זיי געוויינט אויף זייער פאַרלוסט... ביידע זקנים האָבן זיך צוגעהאַלטן מיט זייערע הענט איינער אינעם אַנדערנס שוואַכע און אַלטע גופים וואָס האָבן זיך שווער געוואַקלט ווי ביי צוויי שיכורים, זוכנדיק קעגנזייטיקן שוץ און אָנשפּאַר. די בורליוקס, כאָטש ביידע פון קאָזאַקישער אָפּשטאַמונג אין אוקריינע, האָבן אויסגעזען צו זיין צוויי שרעקלעך עלטערע מענטשן וואָס גייען שוין צו זייערע אָפענע קברים, וואָס דער באַגרעבער האָט אין דעם נאָך גרויען באַגינען אויפגעגראָבן מיט זיין ברייטן אייזערנעם שפּאַדעל אין דער רויט־ליימיקער ערד, כדי זיך אַליין באַרואיקט און שוין אפשר זיך פרייוויליק אַוועקצולייגן אין גאָטס געטרייער טיפעניש אַריין, וואָס נעמט אויף פריער צי שפּעטער אַלע אירע קינדער וואָס קערן זיך אום צו איר אויף זייערע שפּעטע און עלטערע יאָרן מיט אירע אייביק־הונגעריקע ווערם צו ווען דאָס פוילנדיקע פלייש פון אַ פירשט אָדער אַ בעטלער האָט געטנוי דעם זעלביקן טעם...

דייוויק בורליוק האָט געטראָגן טיף אין זיינע אַקסלען אַריינגעזונקען זיין ריזיקן קאָזאַקישן קאָפּ וואָס איז געווען איינגעבויגן אין אַ זייט, ווי זיין קאָפּ וואָלט זיין אַ מיניאַטור־גלאָבוס פון דער וועלט. ער איז געווען איינגעבוקט ממש אין דרייען און ביז צו דער ערד. איך האָב זיך דעמאָלט אַליין געפרעגט: איז דאָס טאַקע דער הויכער אוקראַינישער קאָזאַק וואָס האָט מיט זיין אַמאָליקער סטעפּישער גבורה, מיט זיין מעכטיקן וואוקס, מיט זיינע ברייטע פלייצעס, מיט זיין שטרענגן סלאַוויש־רויטן פנים ווי אָפּגעפאַרבט מיט דער רויטער פאַרב פון זיין אייגענער פּאָלעטע, טאַקע ווי אַן עכטער זאַפּאָראָזשער קאָזאַק וואָס דערמאָנט צו אַ יידן דעם בלוטיקן רוצח באָגדאַן כמיעלניצקי און דעם אַנדערן מערדער גאָנטע; מיט זיינע בליציק־פינקלענדיקע אויגן ווי טאַראַס בולבאַ וואָס טאַנצט ווילדערהייט, פאָכענדיק אין דער לופטן מיט זיין נאַקעטער סאַבלע ווי ער וואָלט זיך געגרייט אָפּצוהאַקן די קעפּ פון דעם שונא?!...

און דווקא די מאַרושיאַ וואָס איז תמיד געווען אַ גאַנץ קריינקלעכע פרוי, אַן אָפּגעשוואַכטע אינטעליגענטע רוסין ווי אַ שווינדזוכטיקע מאַדאָנע אָדער ווי אין אַ פאַרקאָפּטשעט־רעליגיעזער מאָלעריי, געמאָלן מיטן סאַמע ריינסטן און לויטערסטן גאָלד, און באַלויכטן דורכן קאַרגן אָפּשיין פון אַן אָרעמען דרייער־לעמפּל ווען גלעזל איז אויך געווען באַדעקט מיט קאָפּעטש און סאַזשעס, ערגעץ אין אַן אַלטער און קליינשטעטלדיקער צערקווע, ווי די וואָס דער דעמאָלט נאָך יינגער שרייבער מאַקסים גאָרקי פלעגט באַשרייבן אין זיינע שוין דערמאָנטע ראָמאַנען וועגן דעם פאָלקס־לעבן אינעם צאַריסטישן רוסנלאַנד פון זיין

יוגענט־צייט, זייענדיק אַליין אַ לערניינגל, אַ מין געזעל, ביי אַזאַ איקאָנע־מייסטער, אין אַ טיפּיש־רוסישן ווערקשטאַט וואו מען האָט די בלייכע הימלישע מלאָכים מיט ריזיקע און שפּיציק־הויכע פליגל און פיבערישע פּנימער; און די אויסגעדאַרטע סלאַווישע הייליקע איין נזירים, געמאָלן ממש מאַסנווייז, מיט דער מיטאַרבעט פון אָרעמע לערניינגלעך, טאַקע אַזעלכע ווי דער יינגער, טרויעריקער און דערשלאָגענער פעשקאָוו (גאָרקיס אמתער פאַמיליענאָמען). אויך מאַרושיאַ האָט איצט אויסגעזען אַזוי מאָדנע אַלט, מיד און פאַרקריפּלט ווי עפּעס אַזאַ איינזאַמער און דערשלאָגענער פויגל ביים ברודיקן ברעג פונעם ים אונטער אַ שטאַרקן שלאַקס־רעגן. און, ווי שרייבט צו מיר מיין פריינט דוד אָפּאַלאָוו: „ער איז דאָך געווען אַמאָל אַ קאָזאַק, ממש אַ גיבור פון אַ מאַנצביל״. אָט וואָס עס ווערט בשעת דער אומעטיקער עלטער פון די מערסטע איינזאַמע מענטשן, אויב נאָר מען דערלעבט זי, די פאַרשאָלטענע און אויך געבענטשטע עלטער, מישטיינס געזאָגט, וואָס דער וואָס לעבט אייביק, און וועלכער שעמט זיך טאַקע נישט איבערצולעבן אַלע זיינע קינדער און אייניקלעך, איז אַזוי גענעדיק צו שענקען צו זיינע אויסדערוויילטע מענטשנקינדער...

## בלויז אַ רמז וועגן צוויי ברידער באָמזע

וואַרשע, 15 סעפּטעמבער, 1936

ליבער אומבאַקאַנטער־באַקאַנטער ש. טענענבוים!

איך האָב מיט אייניקע טעג צוריק איבערגעלייענט אייער שיינעם רעפּאָרטאַזש וועגן דער דענווער־סאַנאַטאָריע. דער רעפּאָרטאַזש איז געדרוקט אין די „ליטעראַרישע בלעטער״ מיט אייער פּאָרטרעט. זינט איך האָב איבערגעלייענט אָט דעם רעפּאָרטאַזש, קען איך זיך קיין אָרט נישט געפינען. יאָ, דענווער איז אַ נאָמען וואָס האָט זיך טיף איינגעקריצט אין מיין גאַנצן אינגעווייד. הגם איך בין דאָרט נישט געווען, האָב איך אָבער מיטגעלעבט מיט אַלע די וואָס זיינען דאָרט געווען צוזאַמען מיט מיין פאַרשטאָרבענעם ברודער. לייענענדיק טאָמאַס מאַנס „צויבערבאַרג״ האָב איך פאַר די אויגן געזען דענווער...

איר, חבר טענענבוים, האָט דערמאָנט מיין ברודער, און דאָס איז גענוג אַז איך זאָל אייך שרייבן אָט דעם בריוו. שוין מער ווי צוויי און אַ האַלב יאָר ווי מיין ברודער איז טויט, און איך לעב נאָך אַלץ איבער די טראַגעדיע. לייענענדיק לייוויקס וואונדערלעכע „באַלאַדע פון דענווער־סאַנאַטאָריום״ האָב איך פּשוט געוויינט ווי אַ קינד, (איך שעם זיך נישט צו דערציילן.) אין נתן ניומאַן האָב איך געזען אויך מיין ברודער, מיט וועלכן איך לעב נאָך אַפילו היינט. איך בעט אייך דערפאַר זייער, ליבער פריינט טענענבוים, מיר צו שרייבן וועגן דעם לעבן פון מיין ברודער. איך ווייס אַזוי ווייניק וועגן זיין ווײלן אין דענווער. הגם מיר זיינען די לעצטע יאָרן געשטאַנען אין אַ בריוולעכן קאָנטאַקט. פלעגט ער

אָבער קיינמאָל נישט דערציילן וועגן זיין פריוואַטן לעבן. איר האָט דערמאָנט אַז ער האָט געהאַט אַ געליבטע — וואו איז זי היינט, און וואו זיינען זיינע נאָענטע פריינט? איך וואָלט געוואָלט אַלץ וויסן וועגן מיין טויטן ברודער. מיין חלום איז צו זיין נאָך ווען עס איז אין דענווער אויפן קבר פון מיין ברודער...

ליבער טענענבוים, שוין זינט יאָרן אַז איך לייען אייערע זאַכן אין דער היגער פּרעסע און זיי זיינען מיר זייער געפעלן געוואָרן. איך געדענק אַז מיט יאָרן צוריק האָט אייערס אַ דערציילונג „בעק״ (אויב איך האָב קיין טעות נישט) געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן איינדרוק. איך האָב נאָכגעפרעגט אויף אייך און ביי קיינעם זיך נישט געקענט דערפרעגן עפּעס. ערשט משה גראָסמאַן האָט מיר וועגן אייך דערציילט. איצט זענט איר מיר נאָענטער געוואָרן. (אגב וועט אין די „ליטעראַרישע בלעטער״ דערשיינען בקרוב אייערס אַ בוך.)

איך האָב געהערט פון אייערע איבערלעבענישן. אייער שרייבן איז מיר נאָענט, ווייל עס איז אוממיטלבאַר. איך שיק אייך מיין בוך, וואָס איז מיט אַ צייט צוריק דערשינען. איך בין אין וואַרשע שוין אַן ערך פון ניין חדשים. פריער בין איך געווען אין גאַליציע. אָבער מען איז דאָך אַ שרייבער און דער צענטער (אין וואַרשע. — ש.ט.) ציט... בידעוועט מען צוזאַמען מיט אַלע חברים־שרייבערס. די שטימונג ביי אונדז איז אַ דערדריקנדיקע. מען לעבט אין שוידערלעכע באַדינגונגען. אָבער דאָס איז דאָך די טראַגיק פון אונדזער גאַנצער ליטעראַרישער משפּחה אין פּוילן. (און אפשר אויך אין אַמעריקע?) לאָמיר האָפן! פּער אַספּעראַ אַד אַסטראַ! (דורך האָפענונג צו די שטערן... — ש.ט.) וואָס טוט איר אין געזונט? איך האָף אַז איר וועט מיר באַלד ענטפערן. איך בעט אייך זייער. ענטפערט מיר אויפן אָנגעוויזענעם אַדרעס אין מיין שטעטל, פונוואַנען איך באַקום אַלץ צוגעשיקט אַהער קיין וואַרשע. מחמת דאָ האָב איך נישט קיין סטאַבילן אַדרעס. איך בעט אייך נאָכאַמאָל מיר באַלד צו ענטפערן, אויב ס׳איז אייך נישט שווער, לייגט אַ בונט (בוקעט? — ש.ט.) בלומען אויפן קבר פון מיין ברודער. איך ווינטש אייך אַ באַלדיק געזונט ווערן. פאַרבלייבט האַרציק און חבריש געגריסט פון אייער נחום באָמזע.

נעבן דעם קבר פון נתן ניומאַן, דעם פּראָטאָטיפּ פון ה. לייוויקס פּאָעמע „די באַלאַדע פון דענווער סאַנאַטאָריע״, ליגט אויך איינגעגראָבן אין דער ליימיק־רויטער ערד פון קאָלאָראַדאָ, וועמענס נאָמען פונעם שטאַט אַסאָציאירט זיך אין מיין דמיון מיט עדגאַר אַלען פּאָס פּאָפּולערן ליד „עלדאָראַדאָ״, וועמענס העלד, דער לעגענדאַרער ריטער טראָגט זיך דורך שטורם, שניי, נאַכט און בליץ ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן, זוכנדיק דאָס לאַנד פון גאָלד, דעם ערדישן גן־עדן — דאָס ביסל גרוילער־טונקל אַש פון נתן ניומאַנס נאָענטסטן פריינט באָמזע, וואָס איז געווען אַ ברודער פון דעם איידעלן ליריקער פון סאַסאָוו, נחום באָמזע. דער דאָזיקער ברודער, ווי זיינע פריינט, די פּאַציענטן, פלעגן בשעת די אָוונטן נאָך דער

וויעטשערע מיר דערציילן אויפן הויף אָדער אין שפּיל־זאַל פונעם סאַנאַטאָריום, האָט פאַרמאָגט ממש אַ געניאַלן קאָפּ פון אַ געניטן און פאַנטאַסטישן סוחר. ער זאָל אין משך פון אַ פאַרהעלטנישמעסיק־קורצער צייט האָבן אָנגעזאַמלט אַ גרויס פאַרמעגן, און פאַרן טויט האָט ער באַוויזן איבערצושיקן מאַיאָנטקעס און קאָסטבאַרע מתנות צו זיין אָרעמער משפחה אין פּוילן. דער פריינט ברוך גאָלאָמב אין דענווער, צו וועמען לייוויק פלעגט אָפט קומען צוגאַסט, און וואָס איז פריער אַליין אויך געווען אַ פּאַציענט אין סאַנאַטאָריום, און ער איז טאַקע פאַרבליבן אַרבעטן אַלס הויפּט פון דעם ווערקשטאַט פאַר די פּאַציענטן וועמען דער הויפּט־דאָקטאָר הערמאַן שוואַט האָט דערלויבט צו ווערן אַקטיוו, האָט מיר דערציילט אַז די פאַמיליע באַמזוע אין סאַסאָוו, גאַליציע האָט אָבער נישט באַוויזן צו שיקן קיין באַשיידענע סומע געלט כדי מען זאָל אויפשטעלן אַ מצבה אויף זייער יינג־פאַרשטאָרבענעם זונס קבר אין דעם ווייטן קאָלאָראַדאָ.

איינמאָל, אַרום דער צייט ווען איך האָב זיך שוין געפונען אין סאַנאַטאָריום, האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו פון דעם ברודער, דעם שוין דערמאָנטן סובטעלן לירישן דיכטער, געשריבן פון וואַרשע. ער האָט מיך געבעטן צו גיין קויפן אַ קראַנץ בלומען און אים צו לייגן איבערן קבר פון זיין ברודערס קרעמירטן אַש אויפן קליינטשיקן בית עולם פון די יינגע מאַרטירער פון שווינדזוכט, וואָס אַ טייל פון זיי זיינען געשטאָרבן יינגערהייט נאָך די עקספּערימענטאַלע אָפּעראַציעס וואָס מען האָט אַדורכגעפירט איבער זיי, אין פאַרשידענע שפּיטעלער, גלויבנדיק אַז מען ראַטעוועט זייערע לעבנס אָדער אַז זיי וועלן מיט זייערע גופים דינען צו דער מעדיצינישער וויסנשאַפט ביים געפינען אַ היילונג־מיטל פאַר די צו יענער צייט פאַרמשפּטע...

איך האָב מיט אַ דערהויבענעם געפיל אויסגעפילט נחום באַמזעס רירנדיקע בקשה: איך בין געפאָרן אין שטאָט אין איינעם פון די וואונדערלעכע טעג פון חודש אָקטאָבער, ווען די בלעטער אויף די ביימער לייכטן ווי געהיימענישפולע לאַמטערנעס אין גרינע פאַרקן ביינאַכט. איך האָב אייגעקויפט אין אַ בלומענגעשעפט, נעבן אַ שפּיטאָל, אַ קראַנץ מיט בלומען ווי רויטע שטיקלעך פייער וואָס ווילן בשום אופן זיך נישט פאַרלעשן אַפילו אינמיטן פון דער נאַכט, און וועמענס טונקל־רויטע רויזן האָבן טאַקע געעאָטעמט מיט נאַכט און פלאַם, און בכלל מיט אַ שיינקייט וואָס איז נישט מעגלעך צו באַשרייבן אין מענטשלעכן וואָרט, סיידן זיי צו מאָלן מיט דזשיאָרדזשיאָנעס אָדער מיט חיים סוטינס פלאַמיקע פאַרבנפּענדזלען. שוין זייענדיק אין שטאָט, האָב איך איינגעאָטעמט דעם רויש פון די גאַסן, דעם טומל פון דער שטאָט דענווער, די שיינקייט פון אַלערליי פרויען וועמען איך האָב חשק געהאַט צו קושן און צו זאָגן צו יעדער איינציקער קראַסאַוויצע באַזונדער: „איר זענט היינט וואונדערשיין! איר זענט איינגעהילט אין דעם גאָלדענעם צירונג פון דער זון. איך טראָג אין זיך אַ שרעקלעכן הונגער נאָך אייך, איר מענטשלעכע

בלומען פון דער ערד וואָס מאַכן שיין מיט אייער ליכטיקער דערשיינונג דעם פּלאַנעט זינט דעם טאָג ווען חוה איז אויפגעגאַנגען אין גאָר איר רייצנדיקער שיינקייט פון אדמס ריפּ״.

יאָ, איך בין געווען הונגעריק נאָך לעבן, לוסט און שיינקייט, זייענדיק „אַרעסטירט״ יאָרנלאַנג אין ספּיוואַק. איך האָב דערנאָך געדונגען אַ טאַקסי, און לייגנדיק דעם בלומענקראַנץ אויפן קבר וואָס האָט, ווי שוין געזאָגט, אַנטהאַלטן דאָס ביסל נישטיקע אַש און שטויב פון אַ יידישן אינטעליגענט, האָב איך נאַטירלעך נישט איין טרער פאַרגאָסן. איך האָב שטילערהייט געמורמלט, זיך איינבויגנדיק צו דעם בערגל ערד פונעם קבר פון וועלכן די שנייען און רעגנס האָבן דורך די יאָרן כסדר געגנבעט זעמדעלעך, ווי וועלנדיק אינסטינקטיוו אָפּמעקן דאָס בערגעלע און דעם צייכן פון איינעם אַ מענטש, ווי עס איז געוויינלעך די טענדענץ פון דער נאַטור וואָס גריזשעט אויף אירע מענטשלעכע דורות צוזאַמען מיט זייערע געביינען, דענקמעלער, מצבות און אויך זייערע מעשים, גוטע אָדער שלעכטע:

— גוטער פריינט באָמזע, זייט מיר מוחל וואָס איך וואַג צו שטערן אייער רו. דאָס האָט אייך אייער ברודער נחום, דער שטילער און צאַרטער דיכטער, דער דעליקאַטער איבערזעצער אויף יידיש פון לי־טאַי־פּאָס פּאָעזיע, מיך געבעטן צו טאָן פאַר אייך, פאַר אייער פּרעכטיקער נשמה וואָס איז צו מיר אגב שוין אַזוי נאָענט און וואויל באַקאַנט אַדאַנק די דערציילונגען פון אייערע פריינט, די ענטוזיאַסטישע פּאַציענטן, וואָס קענען אייך נישט פאַרגעסן שוין ביז צו די לעצטע טעג פון זייערע אומעטיקע לעבנס. איר לעבט אין זייערע מוחות מיטן גאַנצן שיינעם לעבן און מיט דער גאָרער חכמה אייערער, און איר טוט זיי שטאַרק ווייַ מיט אייער פריצייטיקן טויט...

די גרויסע און רונדע זון וואָס האָט זיך שוין געהאַלטן אין זעצן צווישן די קאָלאָראַדער בערג און טאָלן, האָט באַקרוינט און געלייטזעליקט באָמזעס קבר צוזאַמען מיט די פרישע רויזן, זיי איינהילנדיק אין אַ דורכזיכטיקן וואואַל פון איר טונקל־פלאַמיקן גאָלד. איך האָב אָנגעהויבן שפּאַצירן און בלאָנדזשען צווישן די קברים ווי עס איז שוין די אַלטע געוואוינטשאַפט פון מענטשן וואָס ווען זיי קומען „צוגאַסט״ אויף אַ בית עולם, ווערן זיי הונגעריק און פאַרבענקט צו פאַרטיפן זיך אין דעם גייסט און אין דער סביבה פון די קברים וועמענס מצבות דעמאָנען דורך נעמען און דאַטעס די געשיכטעס און לעגענדעס פון מענטשלעכע לעבנס און זייערע אַמביציעס. די שטיינערנע מצבות זעען אויס אין מיינע אויגן ווי גראַנדיעזע און גראַניטענע בלעטער פון דעם ערשטן געטלעכן ספר — פון די לוחות וואָס משה האָט אַראָפּגעבראַכט פון הימל. אָבער די דאָזיקע לוחות הייסן חלילה נישט אומברענגען קיין מענטשן... גאָט אָדער די נאַטור גיט כסדר געבורט צו די מענטשלעכע דורות און צו גאָר דעם לעבן

אויף דער ערד, און זי נעמט צוריק נאָך אַ צייט דאָס לעבן אויף אַ ברוטאַלן אופן...

איך האָב טאַקע אין די נעמען און אין די קורצע לעבנס־יאָרן פון די פּאַציענטן וועלכע איך האָב כסדר ווי אַ פאַרכישופטער געציילט, דערקענט אַ סך פון מיינע פריינד: זיך דערמאָנט אין יענע פּרעכטיקע יינגע פרויען וואָס פלעגן שפּאַצירן אין גאָרטן נאָכן מאָלצייט בשעת די שיינע זומערדיקע טעג און אַפילו אויך בשעת די ווינטערדיקע זוניקע וועטערן ווען דער גן־עדנדיקער פלירט צווישן מאַן און פרוי איז אָנגעגאַנגען אַפילו אין שאָטן פון טויט. די ליבע צווישן ראָמאַנטישע מענטשן ווייסט אַפילו נישט פון קיין שום שטערונגען און קראַנקהייטן. פאַרקערט גאָר: דער מלאך המות פירט צוזאַמען די יינגעלייט און די צאַרטע פריילינס ווי אין אַ חתונה־זאַל שפּעט ביינאַכט, ווען די קלעזמאָרים שפּילן די ניגונים, ווען דער זינגער זינגט פאַרבענקטע ראָמאַנסן און די טאַנגאָ־טענץ גייען אָן מיט אַזאַ צויבערהאַפטער שיינקייט און עראָטיש־ראָמאַנטישן עקסטאַז אין אָפּשיין פון די זשיראַנדאָלן וואָס הענגען אונטערן סופיט און זיי וואַרפן אויף די קעפּ פון די טאַנצנדיקע פּאָרלעך בלומען פון גאָלד און צירונג פאַר זייער דרשה־געשאַנק... — — —

זיצנדיק ביים טישל אין דעם קעלער־רעסטאָראַן פון דעם היגן אַטראַן קולטור־הויז צוזאַמען מיט נתן ניומאַנס עלטערער שוועסטער, וועמענס אויגן זיינען געוועזן פייכט פון טרערן, איז מיר דאָס אַלץ ווידער אויפגעגאַנגען אין זכרון. חיים בעז, דער עסייאיסט וואָס האָט געשריבן וועגן ה. לייוויקס ווערק, האָט זיך אַגב ריכטיק אויסגעדריקט אַז ביי אַנדערע פעלקער שרייבט מען אַ סך וועגן די אינטים־ביאָגראַפישע איינצלקייטן פון זייערע באַדייטנדיקע פערזענלעכקייטן. איך האָב צוגעגעבן:

— יאָ, וויפיל וואָלטן מיר איצט געגעבן צו קענען וויסן עפּעס פון פערזענלעכן כאַראַקטער וועגן די נביאישע געשטאַלטן; וועגן דעם לעבן פון אונדזערע פּאַרצייטישע העלדן און שעפער וואָס ווערן ווי צופעליק און מיט קאַרגע שטריכן אַמאָל קוים באַשריבן; און וועגן וועמענס פיזישע עקזיסטענצן עס ווערט אַזוי ווייניק דערציילט אין תנ״ך. בלויז דאָ און דאָרטן האָבן זיך דורך די שטורמווינטן פון די פאַרגאַנגענע צייטן קוים אַדורכגעריסן אַ שלאַבעריקער זאָג, אַ קורצער עפּיזאָד, אַ מאָגער שטיקל כראָניק וועגן דעם גרויסן לעבן פון אַ דיכטער. וועגן אַ קעניג און וועגן זיינע גענעראַלן האָט מען ווי געוויינלעך מער געשריבן ווי וועגן זיינס אַ נביא וועמענס פערזענלעכע פריינד עס זיינען געוועזן די מלאָכים... לייענט מען קוים אַ וואָרט וועגן אַ תנכיש געשטאַלט. אָבער איבערהויפּט נישט קיין שום שורה וועגן די סופרים, די מחברים פון די תנכישע שריפטן. און אפשר דערפאַר האָבן זיך שפּעטער די לעגענדעס וועגן זיי אַזוי צעבליט. דער הונגער צו וויסן פּרטים וועגן זייערע לעבנס האָט דווקא געעפנט די הויכע קוואַלן פון פאַנטאַזיע, פון דער פאָרשטעלונג און פונעם ליד...

און ווען די פאַרצייטישע תנ״ך־מחברים האָבן שוין יאָ באַדייטנדיקס געשריבן וועגן די דריי קעניגן שאול, דוד און שלמה המלך, איז די וועלט־ליטעראַטור באַרייכערט געוואָרן מיט אַ שלל אימפּאָזאַנטע ווערק. זיי זיינען אַריינגעגאַנגען אין דעם נאַכט און גאָלד פון רעמבראַנדטס מאָלערייען און צייכענונגען. מען האָט זיי פאַראייביקט אין אָפּעראַס און אויף די ברייטע בינעס פון טעאַטערן. גרויסע דיכטער זיינען שיכור געוואָרן פון זייערע געשטאַלטן. כראָניקעס און מעשהלעך זיינען געוועבט געוואָרן וועגן זיי אַפילו אין די פאָלקלאָרן פון אינדיע, אַזיע און אין דעם גאַנצן אָריענט. די פרויען הערן קיינמאָל נישט אויף צו זיין שיין אין דעם האַרעם פון דוד המלך. דאָס שענסטע ליבע־ליד איז נאָך אַלץ שיר־השירים. און די קרוין פון דעם קעניג שאול ווײַנט אַ פאַרבלוטיקטע אויפן באַרג גלבוע וואו דער קייסער איז געפאַלן איבער דעם שאַרף פון זיין אייגענער שווערד, בשעת זיין דינער וואָס האָט דעם קעניג נישט געוואָלט דערשטעכן, האָט שרעקלעך געוויינט...

## ער האָט געירשנט זיין חברס ווייב און רייכטום

...נאָכדעם האָב איך אַנטשל קייזער געזען זיצן ביינאַכט מיט יעקב פינסקער און מיט זיין רויטהאָריקע שוינקייט פון אַ פרוי וואָס איז געווען אָנגעטאָן ווי אַ פראַנצויזישע גרעפין ערב דער רעוואָלוציע אין פראַנק־רייך. זי האָט פאַרמאָגט אַ רייכע גאַרדעראָבע פון קאָסטבאַרע מלבושים. יעדן נאַכט, ווען זי האָט זיך געגרייט צו גיין צו גאַסט צו גוטע פריינד אָדער אין „קאַפע ראָיאַל״, צי גאָר אין דער אָפּעראַ צי אין איינעם פון די יידישע טעאַטערן וואָס זיינען אין יענע צייטן געווען לרוב אויף דער צווי־יטער עווענין, פלעגט זי לאַנג בלייבן שטיין ביי דער קליידער־שאַנק און קלערן וועלכעס קלייד וועט איר היינט ביינאַכט בעסער פאַסן אָנצוטאָן און אין וועלכן זי וועט בעסער געפעלן צו די פאַרשידענע פריינד פון זייער גרופּע. זי האָט זיך לאַנג פאַרזוימט ביים אויסקלייבן איר צירונג וואָס זאָל האַרמאָנירן מיטן סטיל, קאָליר און מאָדע פון אירע מלבושים. זי האָט געשטאַמט פון אָרעמע טאַטע־מאַמע און זי איז געווען זייער איינציק קינד. ווען זי איז געקומען אין דער אָפּעראַ אָדער אין אַ רייכער רעסטאָראַציע, האָבן געניטע ווייבער פון באַנקירן און דירעקטאָרן פון וויכטיקע אונטערנעמונגען איר נאָכגעקוקט און באַוואונדערט איר ראַפינירטן געשמאַק. יאָ, זי האָט ליב געהאַט צו טראָגן רייכע און פאַבלהאַפטע ביזשוטעריע וואָס האָט רייך געצירט, געצערטלט און געפּאַסט צו איר פיגור און צו אירע מאַניערן. דאָס גאָלד און צירונג האָט געצונדן מיט לוסט און תאוה די מאַנצלייט וואָס האָבן, כאָטש זיצנדיק ווי געפאַנגענע נעבן זייערע אייגענע רייצנדיקע און זאַטע ווייבער, זיך נישט געקענט העלפן פון צו ווענדן זייערע גיריקע אויגן אויף איר רייצנדיק לייב וואָס האָט דערמאָנט אין רחב הזונה אָדער אין דער שוועסטער פון דעם פירשט צעזאַראָ באָרזשיאַ, וואָס האָט געהייסן לוקרעציאַ און וואָס פלעגט אינמיטן פון דער נאַכט, אַפילו ווען עס האָט אין דרויסן

געמעגט שנייען, האָגלען, רעגענען און גיסן מיט צעבערס, אויסגיין אין די בתי זונות ביים אוראַלטן טייך טיבער, נישט חלילה כדי אַהין אַריינצוואַרפן די קרישקעס פון אירע קעשענעס ווי יידן טאָן עס צו תשליך כדי זיך צו באַפרייען פון זייערע מישטיינסגעזאָגטע זינד — נייערט טאַקע איינצולאַדן זינד און כדי זיך אַזאַ היציקע איבערצוגעבן צו די ווייב־הונגעריקע מאַטראָזן, סאָלדאַטן, אינוואַלידן פון די פילע רוימישע מלחמות און אַפילו צו דעגענע־רירטע פרינצן. רחלס לייב איז געוואָרן שיין דורך דעם לוסטפולן גלאַנץ פון איר רייכן גאָלדוואַרג, און דאָס צירונג אַליין אין שכנות פון אירע פולע און זאַטע בריסטן האָט אויך אויסגעזען צו זיין לוסטפול און צו רייצן ביז וואַנזין און סקאַנדאַל דאָס אייביק הונגעריקע מאַנצוואַרג צו תאווה און פאַרגעניגן. און די איידלשטיינער אין די גאָלדענע איינפאַסונגען דורך געניטע גאָלדשמידן וואָס האָבן געלערנט זייער קונסט און מלאָכה אין די סודותדיקע און געצנדינערישע לענדער פונעם אָריענט, האָבן געלויכטן ווי די אויגן פון קורטעזאַנעס וואָס זיינען טאָג און נאַכט שיכור פון זינלעכע מחשבות. די לעבעדיקע איידלשטיינער זיינען געווען ווי הונגעריקע אויגן פון פרויען וואָס זיצן אומגעדולדיקע אין דעם סודותדיקן טונקל פון זייערע אָפּעראַ־לאָזשעס בשעת די פאָרשטעלונג פון אָסקאַר ווילדס „סאַלאָמע" עפנט זיך אין איר פאַבלהאַפט־רייכער אויסשטאַטונג און מיט דער פאַנטאַסטישער סאַלאָ־מע וואָס קען אָנצינדן מיט הונגער דעם אַסקעטיש־אויסגעדאַרטן יוחנן, און אויפלעבן אַ גאַנצן בית עולם מיט אַלטע „מתים" צום רייכן און לוסטפולן גענוס פון וויין, ווייב און געזאַנג, און בשעת די פאָרשטעלונג עפנט זיך אין איר זעלטענער און פאַרבלענדנדיקער אויסשטאַטונג מיט אַ פובליקום וואָס באַשטייט פון לויטער שיכורע פריצים, פרינצן און פרימאַדאָנעס וואָס זיינען נאָכן ראַסקאָשנעם מאָלצייט מיט געווירצטע מאַכלים, מיט פלעשער וויין, שאַמפּאַניער און ליקערן באַצירטע מיט גאָלדענע באַנדעראָלן, געקומען אין דער אָפּעראַ כדי צו זען די פאַרכאַפּנדיק־רייצנדיקע ווייבער אין זאַל; צו ווערן געפאַנגען פון די נאָך ליבע־בענקענדיקע פרויען; און דערנאָך, ווען די פאָרשטעלונג הויבט זיך שוין ענדלעך אָן, זיצן זיי אין די לאָזשעס, פאַרשי־כורטע פון די פאַרפיומען פון די יינגע דאַמעס, און אָנגעצונדענע מיט דער עראָטיק פון דער קינסטלערישער און אַקטיאָרישער סביבה; פאַרכאַפּטע פון דער היסטאָרישער פאָרשטעלונג און וואַרטנדיק אומגעדולדיק אַז דער ערש־טער אָדער צווייטער אַקט זאָל זיך שוין ענדלעך ענדיקן און זיי זאָלן בשעת דעם אַנטראַקט מאַכן באַקאַנטשאַפט מיט דער הויכער אַריסטאָקראַטישער געזעלשאַפט און מיט די צויבערהאַפטע גראַציעס...

יעקב פינסקער, רחלס מאַן, האָט געאַרבעט בשעת די בעסערע צייטן פון דער יידישער פרעסע אין אַמעריקע אין דעם היגן „מאָרגנשטערן", אַ צייטונג וואָס האָט געדינט צו די ברייטע מאַסן יידישע אימיגראַנטן וואָס האָבן פאַרלאָזן דאָס חרוב־געוואָרענע אייראָפּע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און זיי האָבן זיך געקרן באַזעצט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס איז ווייט נישט געווען קיין אַסימילירטער קלאַס יידן, נייערט אַ פאָלקסטימלעך־

באַוואוסטסטזיניקער און נאַציאָנאַל־געשטימטער שיכט וואָס האָט געלערנט אין די חדרים און ישיבות פון די קליינע שטעטלעך אין פוילן, רוסלאַנד, גאַליציע, אונגאַרן און טשעכאָסלאָוואַקיי. זיי האָבן געבענקט נאָך יידישקייט. יידיש איז געווען דאָס געזונטע און זאַפטיקע לשון פון די דאָזיקע מאַסן היימישע יידן. זיי האָבן געשיקט זייערע קינדער אין די בראָנקסער און ברוקלינער חדרים צו לייטישע מלמדים וואָס זיינען געווען סיי ציוניסטן און סיי פרומע יידן. די יידישע פרעסע אין ניו־יאָרק, ווי אויך אין אַנדערע שטעט אין אַמעריקע, האָט צו יענער צייט געבליט אויף איסט בראָדוויי און אויף דער שכנותדיקער בויערי. די אימיגראַנטישע מאַסן יידן פון אייראָפּע האָבן זיך דאָ אויסגעלעבט יידישלעך און נאַציאָנאַל ווי אין זייערע אַלט־היימישע סבי־בהס...

יעקב פּינסקער האָט גלענצנדיק פאַרדינט. אַליין האָט ער נישט פאַרמאָ־גט קיין שום באַדייטנדיקן טאַלאַנט אין זיין שרייבעריי. די איינציקע לויב אויף זיין אַדרעס וואָס איך האָב אין דער סביבה פון דער „קאַפע ראָיאַל" געהערט וועגן אים, איז געווען אַז ער האָט אַזש דריי מאָל אַדורכגעלייענט דאָס ריזנווערק פון דעם פראַנצויזישן גרויסן שרייבער מאַרסעל פּרוסט: „זוכנדיק די פאַרלוירענע צייט". פּינסקער האָט געליטן אויף אַ הויכן בלוט־דרוק, כאָטש ער האָט דווקא אויסגעזען צו זיין דער רואיקסטער מענטש אין דער געזעלשאַפט פון די יידישע שרייבער. אַנטשל קייזער האָט געהאַט אַ ווייטן קוק: ער האָט אויסגעקוקט אויף דער שעה אַז זיין שטילער און באַשיידענער קאָלעגע זאָל שוין ענדלעך צומאַכן זיינע ביידע אויגן, בשעת זיין אייגן ווייב ליזאַ איז לעצטנס אַריינגעפאַלן אין אַ טיפער מרה־שחורה. ליזאַ איז געווען אַ שטילע און דערשלאָגענע פרוי. זי האָט לאַנגע יאָרן געאַרבעט אין אַ פאַבריק פון שניידעריי, בכבודיק אויסהאַלטנדיק איר קיינ־מאָל נישט גייסטיק באַלאַנסירטן מאַן, הגם אויסערלעך האָט ער דווקא אויסגעזען צו זיין אַ רואיקער און געזעצטער מענטש. ליזאַ אַליין פלעגט אָבער יעדן זומער אַרום תמוז־צייט בשעת די היצן אין ניו־יאָרק טרייבן אַרויס די אָרעמע מאַסן פון די ענגע שטיבלעך אויף די דעכער כדי אָפּצואָ־טעמען מיטן פרישן ווינטל וואָס בלאָזט אַזש פונעם ים אין ברוקלין, אַריינפאַ־לן אין עצבהס און זי איז פשוט פאַרשוואונדן געוואָרן פונעם עפנטלעכן לעבן, פון דער „קאַפע ראָיאַל", פון דער ליטעראַרישער קיבעצאָרניע. מען האָט געשמועסט וועגן איר אַז זי פאַרברענגט אין אַ היים־אַנשטאַלט פאַר גייסטיק־קראַנקע...

רחל, פּינסקערס ווייב, איז געווען אַ בלאַסע און צאַרטע פרוי, ווי אויך אַ יינגע און נאָבעלע שיינקייט וואָס איז ענלעך געווען, ווי מען האָט זיך געקענט פאַרשטעלן אין דער פאַנטאַזיע צו שעקספּירס העלדינע אָפעליאַ אין „האַמ־לעט". אָפעליאַ האָט אַ סך מער גערעדט און, פאַרשטייט זיך, נאָך שענער און פּאָעטישער ווי רחל, וואָס האָט מערסטנס געשוויגן. און צוליב איר פעלזיקן שווייגן האָט זיך ווינציק אַנטפּלעקט איר כאַראַקטער אַלס פרוי און אַלס מענטש בכלל, ווי אויך אַלס טיפּישע ווייב פון יעקב פּינסקער. יאָ, אַ שווערע

געמעגט שנייען, האָגלען, רעגענען און גיסן מיט צעבערס, אויסגיין אין די בתי זונות ביים אוראַלטן טייך טיבער, נישט חלילה כדי אַהין אַריינצוואַרפן די קרישקעס פון אירע קעשענעס ווי יידן טאָן עס צו תשליך כדי זיך צו באַפרייען פון זייערע מישטיינסגעזאָגטע זינד — נייערט טאַקע איינצולאַדן זינד און כדי זיך אַזאַ היציקע איבערצוגעבן צו די ווייב־הונגעריקע מאַטראָזן, סאָלדאַטן, אינוואַלידן פון די פילע רוימישע מלחמות און אַפילו צו דעגענע־רירטע פרינצן. רחלס לייב איז געוואָרן שיין דורך דעם לוסטפולן גלאַנץ פון איר רייכן גאָלדוואַרג, און דאָס צירונג אַליין אין שכנות פון אירע פולע און זאַטע בריסטן האָט אויך אויסגעזען צו זיין לוסטפול און צו רייצן ביז וואַנזין און סקאַנדאַל דאָס אייביק הונגעריקע מאַנצוואַרג צו תאווה און פאַרגעניגן. און די איידלשטיינער אין די גאָלדענע איינפאַסונגען דורך געניטע גאָלדשמידן וואָס האָבן געלערנט זייער קונסט און מלאָכה אין די סודותדיקע און געצנדינערישע לענדער פונעם אָריענט, האָבן געלויכטן ווי די אויגן פון קורטעזאַנעס וואָס זיינען טאָג און נאַכט שיכור פון זינלעכע מחשבות. די לעבעדיקע איידלשטיינער זיינען געווען ווי הונגעריקע אויגן פון פרויען וואָס זיצן אומגעדולדיקע אין דעם סודותדיקן טונקל פון זייערע אָפּעראַ־לאָזשעס בשעת די פאָרשטעלונג פון אָסקאַר ווײַלדס „סאַלאָמע" עפנט זיך אין איר פאַבלהאַפט־רייכער אויסשטאַטונג און מיט דער פאַנטאַסטישער סאַלאָ־מע וואָס קען אָנצינדן מיט הונגער דעם אַסקעטיש־אויסגעדאַרטן יוחנן, און אויפלעבן אַ גאַנצן בית עולם מיט אַלטע „מתים" צום רייכן און לוסטפולן געניוס פון ווײַן, ווייב און געזאַנג, און בשעת די פאָרשטעלונג עפנט זיך אין איר זעלטענער און פאַרבלענדנדיקער אויסשטאַטונג מיט אַ פּובליקום וואָס באַשטייט פון לויטער שיכורע פריצים, פרינצן און פרימאַדאָנעס וואָס זיינען נאָכן ראַסקאָשנעם מאָלצייט מיט געווירצטע מאַכלים, מיט פלעשער ווײַן, שאַמפּאַניער און ליקערן באַצירטע מיט גאָלדענע באַנדעראָלן, געקומען אין דער אָפּעראַ כדי צו זען די פאַרכאַפנדיק־רייצנדיקע ווייבער אין זאַל; צו ווערן געפאַנגען פון די נאָך ליבע־בענקענדיקע פרויען; און דערנאָך, ווען די פאָרשטעלונג הייבט זיך שוין ענדלעך אָן, זיצן זיי אין די לאָזשעס, פאַרשי־כורטע פון די פאַרפיומען פון די יינגע דאַמעס, און אָנגעצונדענע מיט דער עראָטיק פון דער קינסטלערישער און אַקטיאָרישער סביבה; פאַרכאַפּטע פון דער היסטאָרישער פאָרשטעלונג און וואַרטנדיק אומגעדולדיק אַז דער ערש־טער אָדער צווייטער אַקט זאָל זיך שוין ענדלעך ענדיקן און זיי זאָלן בשעת דעם אַנטראַקט מאַכן באַקאַנטשאַפט מיט דער הויכער אַריסטאָקראַטישער געזעלשאַפט און מיט די צויבערהאַפטע גראַציעס...

יעקב פינסקער, רחלס מאַן, האָט געאַרבעט בשעת די בעסערע צייטן פון דער יידישער פרעסע אין אַמעריקע אין דעם היגן „מאָרגנשטערן", אַ צייטונג וואָס האָט געדינט צו די ברייטע מאַסן יידישע אימיגראַנטן וואָס האָבן פאַרלאָזן דאָס חרוב־געוואָרענע אייראָפּע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און זיי האָבן זיך געגרען באַזעצט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס איז ווייט נישט געווען קיין אַסימילירטער קלאַס יידן, נייערט אַ פאָלקסטימלעך־

באַוואוסטזיניקער און נאַציאָנאַל־געשטימטער שיכט וואָס האָט געלערנט אין די חדרים און ישיבות פון די קליינע שטעטלעך אין פוילן, רוסלאַנד, גאַליציע, אונגאַרן און טשעכאָסלאָוואַקיי. זיי האָבן געבענקט נאָך יידישקייט. יידיש איז געווען דאָס געזונטע און זאַפטיקע לשון פון די דאָזיקע מאַסן היימישע יידן. זיי האָבן געשיקט זייערע קינדער אין די בראָנקסער און ברוקלינער חדרים צו לייטישע מלמדים וואָס זיינען געווען סיי ציוניסטן און סיי פרומע יידן. די יידישע פרעסע אין ניו־יאָרק, ווי אויך אין אַנדערע שטעט אין אַמעריקע, האָט צו יענער צייט געבליט אויף איסט בראָדוויי און אויף דער שכנותדיקער בויערי. די אימיגראַנטישע מאַסן יידן פון אייראָפּע האָבן זיך דאָ אויסגעלעבט יידישלעך און נאַציאָנאַל ווי אין זייערע אַלט־היימישע סבי־בהס...

יעקב פינסקער האָט גלענצנדיק פאַרדינט. אַליין האָט ער נישט פאַרמאָ־גט קיין שום באַדייטנדיקן טאַלאַנט אין זיין שרייבעריי. די איינציקע לויב אויף זיין אַדרעס וואָס איך האָב אין דער סביבה פון דער „קאַפע ראָיאַל״ געהערט וועגן אים, איז געווען אַז ער האָט אַזש דריי מאָל אַדורכגעלייענט דאָס ריזנווערק פון דעם פראַנצויזישן גרויסן שרייבער מאַרסעל פּרוסט: „זוכנדיק די פאַרלוירענע צייט״. פינסקער האָט געליטן אויף אַ הויכן בלוט־דרוק, כאָטש ער האָט דווקא אויסגעזען צו זיין דער רואיקסטער מענטש אין דער געזעלשאַפט פון די יידישע שרייבער. אַנטשל קייזער האָט געהאַט אַ ווייטן קוק: ער האָט אויסגעקוקט אויף דער שעה אַז זיין שטילער און באַשיידענער קאָלעגע זאָל שוין ענדלעך צומאַכן זיינע ביידע אויגן, בשעת זיין אייגן ווייב ליזאַ איז לעצטנס אַריינגעפאַלן אין אַ טיפער מרה־שחורה. ליזאַ איז געווען אַ שטילע און דערשלאָגענע פרוי. זי האָט לאַנגע יאָרן געאַרבעט אין אַ פאַבריק פון שניידעריי, בכבודיק אויסהאַלטנדיק איר קיינ־מאָל נישט גייסטיק באַלאָנסירטן מאַן, הגם אויסערלעך האָט ער דווקא אויסגעזען צו זיין אַ רואיקער און געזעצטער מענטש. ליזאַ אַליין פלעגט אָבער יעדן זומער אַרום תמוז־צייט בשעת די היצן אין ניו־יאָרק טרייבן אַרויס די אָרעמע מאַסן פון די ענגע שטיבלעך אויף די דעכער כדי אָפּצואָ־טעמען מיטן פרישן ווינטל וואָס בלאָזט אַזש פונעם ים אין ברוקלין, אַריינפאַ־לן אין עצבהס און זי איז פשוט פאַרשוואונדן געוואָרן פונעם עפנטלעכן לעבן, פון דער „קאַפע ראָיאַל״, פון דער ליטעראַרישער קיבעצאָרניע. מען האָט געשמועסט וועגן איר אַז זי פאַרברענגט אין אַ היים־אַנשטאַלט פאַר גייסטיק־קראַנקע...

רחל, פינסקערס ווייב, איז געווען אַ בלאַסע און צאַרטע פרוי, ווי אויך אַ יינגע און נאָבעלע שיינקייט וואָס איז ענלעך געווען, ווי מען האָט זיך געקענט פאַרשטעלן אין דער פאַנטאַזיע צו שעקספּירס העלדינע אָפעליאַ אין „האַמ־לעט״. אָפעליאַ האָט אַ סך מער גערעדט און, פאַרשטייט זיך, נאָך שענער און פּאָעטישער ווי רחל, וואָס האָט מערסטנס געשוויגן. און צוליב איר פעלזיקן שוויגן האָט זיך ווינציק אַנטפּלעקט איר כאַראַקטער אַלס פרוי און אַלס מענטש בכלל, ווי אויך אַלס טיפּישע ווייב פון יעקב פינסקער. יאָ, אַ שווערע

נען, פּאַראַזיטן, הויך־טיטולירטע טרעמפּס, שאַרלאַטאַנעס, הויכשטאַפּלערס און געלט־פּעלשערס...

פּרעטענדענטן און אינטריגאַנטן פון אַלערליי סאָרטן און מינים האָבן איצט געפּרוווט זיך צו דערנענטערן צו אונדזער רייכער און לוסטיקער אַלמנה כדי צו געווינען, אויב עס איז נאָר באמת פּאַראַן דער מינדעסטער שאַנס צווישן אַזוי פּיל פּאָזעאורס און אַמאַטאָרן, די גונסט און דאָס האַרץ פון דער פּראַקטיקער און פּאַרכאַפּנדיק־שיינער רחל; צו ציען די אויפמערקזאַמ־קייט אויף זיך און אויף זייער הויגעוואַקסנקייט און שיינגעוואוקסיקייט; אויף זייער היפּשן יחוס און געשליפענע מאַניערן, פון דער איצט מסתמא שטאַרק דערשלאָגענער רחל צוליב דער פּטירה פון איר ערלעכן מאַן וועמע־נס באַגרענעצטע עראָטיק זי האָט שוין מסתמא לאַנג צוריק פאַרגעסן. זי האָט געמוזט שפּילן טיפן באַדויער, טרויער און טראַגעדיע און טאַקע דערשיינען אין אַ טונקל־זשאַלאָבנעם פּאַסאָן. אָבער דער מין דערפאַרענער דאָן זשואַן ווייסט געווני און איז איבערצייגט אַז די פּרוי אין איר איז וואַך און אַז דורך אירע אויגנלענסעס און ראַפינירטע ווייבלעכע אינסטינקטן זעט זי געווני ווער איז ווער אין איר סביבה, און זי קוקט מיט אַ גענוג־דערפאַרענעם און גענ

יטן אויג אויף דער צוקונפט...

אָבער דאָך איז די איבערראַשונג אויף דער ליטעראַרישער עוועניו געווען גרויס ווען רחל האָט פּאָרט נישט געלאָזט לאַנג וואַרטן די קאַנדידאַטן אויף איר ווייבלעכער אויפמערקזאַמקייט. און די אַנטוישונג זייערע איז געווען אַ שרעקלעכע ווען עס איז ווי דאָס פייער פון אַ בליץ ערב אַ מוראדיקן שטורעם אין דער נאַכט באַקאַנט געוואָרן די נייעס אַז אַנטשל קייזער האַלט שוין ביים פעסטן ירשנען די רויטהאָריקע קראַסאַוויצע וואָס האָט נאָך אַפילו נישט אויסגעטאָן דעם שוואַרצן וואואַל פון טרויער נאָך איר פאַרשטאָר־בענעם מאַן צו וועמען זי האָט געפילט פון דער חופּה־נאַכט אָן ביז צו זיין אָפּגעבן צום אויבערשטן זיין באַשיידענע נשמה מער רחמנות ווי ליבשאַפט, און מער דאַנקבאַרקייט פאַר זיין אויסצירן זי אין גאָלד און בריליאַנטן ווי, פאַרשטייט זיך, פאַר זיינע עראַטישע געפילן...

אַנטשל קייזער האָט פון זיין חבר יעקב פינסקער געירשנט דאָס נאַקעטע ווייב אַזוי ווי אַ סטאַטוע פון אָנגעגליטן בראָנדז, און דאָס ברייטע רחבותדיקע הימל־בעט וואָס האָט זיך געקענט באַרימען מיטן רייכן בעטגעוואַנד אין רויטע איינשיטן; מיט אַ פערענע וואָס האָט געוואַרמט דאָס מענטשלעכע לייב אין די קאַלטע ווינטערטעג ווען עס איז נישט געווען קיין שום באַהייצונג אין הויז. דאָס אַלץ איז געשטאַנען אין דעם גערוימען שלאָפצימער פון אַ רייכן און ניי־אויפגעבויטן האָטעל וואָס האָט פאַרמאָגט ריזיקע פענצטער מיט ברייטע פאָרהאַנגען אין דער געגנט פון גרעניטש ווילעדזש. ווען מען האָט אַראָפּגעקוקט צום אַלטן פּאַרק, האָט מען געקענט זען די אָרעמע באַפעלקערונג פון דער געגנט וואָס האָט פאַרמאָגט אין מיניאַטור כמעט אַלע פעלקער פונעם פּלאַנעט. עס האָבן זיך דאָ אָנגעזען די ניו־יאָרקער באָהעמע פון שרייבער, זינגער, מאָלערס און

טוריסטן פון אויסלאַנד. די אַקטיאָרן האָבן אויף די פרייע פלעצער פונעם שטויביקן פּאַרק אויסגעשפּילט די ראָלן פונעם וועלט־רעפּערטואַר מיט אַלערליי מינעס, מימיק און קאָסטיומען. טייל האָבן געשריגן מיט הויכע קולות ווי אין די פּאַרצייטישע טעאַטערן פון שעקספּירס צייטן ווען די אַקטיאָרישע שטימע האָט געדאַרפט קלינגען ווי אַ גלאָק און איבערשרייען דעם טומל פונעם המון אין דעם אַלטן זאַל אין וועלכן אַפילו די זיילן האָבן שוין נישט געהאַט קיין כוח צו שטיין אונטער די סופיטן און זיי האָבן זיך גענומען ברעכן און איינבויגן אונטער דער לאַסט פון די באַלקאָנען אויף וועלכע דער המון האָט געגעסן, געקנאַקט באַניקערן, זיך געקריגט און זיך אָפטמאָל צעשלאָגן אין זייערע קריגערייען אָדער לויבנדיק די אָנטיילנעמער אין דער היסטאָרישער טראַגעדיע אָדער טראַגישער קאָמעדיע. זינגערס האָבן געלאָזט הערן זייערע שטימעס, הייזעריקע און קוויטשיקע, יעדער לויט זיין אייגענעם טעמפּעראַמענט און זיינע שטים־בענדער. זייערע עלטערע פּנימער זיינען געווען ווי פּאַרטיק־גרימירטע פון דעם אַלמעכטיקן רעזשיסאָר־מייסטער „צייט" מיט די פאַרבן פון זייערע יאָרן, שטימונגען, געמיטער און כאַראַקטערן. מען האָט אָפטמאָל געהערט ווי אַזוי קליינגעוואוקסיקע פרויען מיט מעכטיקע שטימעס האָבן אויסגעזונגען אַריעס אין די אָפּעראַס פון ראָסיני, פּוטשיני, ווערדי, און זיי האָבן ממש איבערראַשט דאָס פּובליקום וואָס איז געשטאַנען צווישן די שוין פוילנדיקע ביימער פון אַלטקייט, פון שטורעמס, שנייען, רעגנס און האָגלען; פון מלחמות, געשלאָגענע, געפּייניקטע און באַליידיקטע. דאָס פּובליקום האָט באַוואונדערט די זינגערס אָדער פּרימאַדאָנעס וואָס שטייען דאָ הפקרדיקע און פאַרשעמטע אויף די פרייע פלעצער אין דעם אַלטן פּאַרק וואו מיט צענדליקער יאָרן צוריק האָבן שפּאַצירט אָן געמיטלעכקייט אַזאַ געניאַלער און מרה שחורהדיקער דיכטער ווי עדגאַר אַללאַן פּאָו און אַזאַ גיבור פון אַ נאַטור־מענטש ווי וואָלט וויטמאַן וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ נביא פון תנ"ך מיט זיין ברייטער און ווייסער באָרד...

אַנטשל קייזער איז אַהיימגעקומען צו זיין נייעם ווייב רחל און צו דער אומפּאָזאַנטער סאַליע פון זיין ערשטן ווייבס לוויה וואָס איז אויסגעגאַנגען אַלס גייסטיק־קראַנקע. ליזאַ האָט וואויל געוואוסט אַפילו בשעת איר שגעון אַז איר מאַן שמאַכט נאָך דעם לייב פון זיין חברס אימפּעראַטאָריש ווייב וואָס איז געבוירן געוואָרן פאַר וויין, מאַן און געזאַנג. אַנטשל און רחל זיינען איצט ביידע געווען שטאַרק הונגעריק נאָך ליבע, האָבנדיק ביידע פאַרברענט אין די קרעמאַטאָריעס זייערע פריערדיקע זיווגים. דער ציניקער אַנטשל קייזער האָט פונדעסטוועגן געטראַכט פאַרוואָס האָבן ליזאַ און יעקב פינסקער זיך פריער נישט געטראָפן, זיך פאַרליבט איינער אינעם אַנדערן און חתונה געהאַט? זיי וואָלטן אָן שום צווייפל נאָך ביידע געלעבט היפּשע יאָרן און זיי וואָלטן רואיק גענאָסן זייערע לעבנס. אָבער נאָך איידער זיי האָבן געעפנט די

פלעשער ווײַן און וויסקי כדי צו פראַוון זייער ליבע און דעם טויט פון זייערע פריערדיקע לעבנס־שותפים, איז אַנטשל געווען פאַרנומען צו באַטראַכטן „זייער" ראָסקאָש און עשירות. ער האָט אויף זיינע גראָבע און אומריינע הענט אָנגעמאָסטן זיין פריינד יעקב פינסקערס גאָלדענע סיגנעטן וואָס האָבן איצט אַזוי ציניש און אַרויסרופעריש געצירט זיינע אייגענע פעטע און ברודיק־באַנעגלטע פינגער, צו באָרגן אַן אויסדרוק פון דעם געניאַלן יידיש־רוסישן מאַרטירער־פּאָעט, אָסיפּ מאַנדעלשטאַמס פּאָפּולערן ליד, צוליב וועלכן ער האָט באַצאָלט מיט יאָרנלאַנגע סאָוויעטישע תפיסות און מיטן סאַמע לעבן זיינעם אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. (זיין גאַסטרייכע פרוי האָט מיט יאָרן שפּעטער נאָך איר באַפרייאונג, שוין זייענדיק אַ צעבראָכענע און איינזאַמע אַלמנה נאָך אַ מאַן אַ גייסטיקן קעניג און אַ גאון, אָנגעשריבן צוויי מאַסיווע בענדער מיט זכרונות וועגן די סטאַליניסטישע לאַגערן, וועגן אַלע יענע נאָבעלע נשמות וואָס דער טיגערישער טיראַן סטאַלין האָט געטרונקען זייער בלוט בשעת די לעצטע יאָרן פון זייערע לעבנס...)

אַנטשל קייזער האָט אויך געירשנט פינסקערס זיידענע העמדער מיט אָפּגעפּוצטע גאָלדענע ספּינקעס פון וועלכע עס האָבן ווי בגנבה אַרויסגעקוקט אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט ממש איידלשטיינער ווי מענטשלעכע אויגן וואָס קוקן עפּעס אַזוי פאַרדעכטיק ווי זיי וואָלטן זיין די אומהיימלעכע עדות פון געוויסן, קוקנדיק אויף דעם נחת און די פאַרגעניגנס וואָס עס געניסן די אַנדערע גליקלעכע מענטשן, בשעת זיי אַליין ווערן געגריזשעט פון אָרעמקייט און לאַנגווייליקייט. ווען מאַן און ווייב זיינען געשלאָפן באַטרונקענע מיט ליקערן און זיי האָבן שווער געכראָפּעט נאָך די ביינאַכטישע הוליאַנקעס, נאָך די וויזיטן ביי נאָענטע פריינד און נאָך די טעאַטערן, נאָך די בורלעסקישע קינאָ־הייזער אויף טיימס־סקווער און אין די ווײַנקעלערן אין „גרעניטש ווילעדזש", און אויך אין די קאַבאַרעטן פון זייער אייגענער געגנט וואָס זיינען געווען לרוב אין די שמאָלע און אַלטפרענקישע געסלעך מיט אַנטיטשנע הייזער פונעם זיבעצנטן און דעם אַכצנטן יאָרהונדערט — האָבן מענטשן אויף די נאַסע גאַסן, בשעת די רעגנס און די קאַלטע ווינטן, געוויינט פון הונגער, פון איינזאַמקייט, פון קעלט און יסורים ביז צום אויסגיין אינמיטן נאַכט...

אַנטשל קייזער האָט אויך געירשנט זיין טויטן קאָלעגעס האַנט־געפּאַרבטע קראַוואַטן ווי אָפּגעשניטענע דורך מלאָכים־שניידערס פון דורכזיכטיקע רעגנבויגנס נאָך די גרינגע זומערדיקע רעגנדלעך וואָס לאָזן זיך אַרונטער פון די וואָלקנס ווי אויף קאַטאָוועס. זיי מאַכן נאַס די וועגן און שאָסייען; זיי פילן אָן מיט הימלישן וואַסער די גריבלעך און צעבראָכענע שפּליטערס אין די טראַטואַרן אין וועלכע עס שפּיגלען זיך שיינע און גראַציעזע פרויען שפּאַצירנדיק מיט זייערע געפּוצטע און געשווירענע הינט און פּוכקע יאַפּאַנישע קעץ. נאָך אַזעלכע גרינג־שפּילעוודיקע רעגנס האָבן נאַקעטע מלאָכימלעך זיך אָפּגעצוואָגן

זייערע ווייכע און צאַרטע גופימלעך. די זון אַזאַ פריש־געוואַשענע איז אויפגעגאַנגען איבערן האָריזאָנט מיט אַזאַ ריינעם און פרישן גאָלד־גלאַנץ, און אויף דער אַנדערער זייט פונעם הימל איז געבליבן שטיין אַ זיבנפאַרביקער רעגנבויגן דורך וועלכן אדם און חוה זיינען אַמאָל גלייך אַריינגעגאַנגען אין דעם גערוימען רחבות פונעם גן־עדן, און זיי זיינען שפּעטער פון דאָרטן פאַרטריבן געוואָרן דורך אַ שטרענגן מלאך מיט אַ שאַרפער שווערד אין זיין האַנט, בשעת די הימלישע נאַכט איז געווען פינצטערער ווי תמיד און גרינע שוואַלבן זיינען אַרומגעפלויגן איבער די קעפּ פון דעם פאַרטריבענעם פּאָרפאָלק מיט וויינענדיקע פּנימער...

אַנטשל קייזער איז איצט באמת אַריינגעפאַלן אין אַ שמאַלצגרוב. אָנמעסטנדיק די שוואַרצלאַקירטע שיך אין וועלכע דער ציניקער פלעגט זיך ממש שפּיגלען, האָט ער זיך אויך געוואונדערט בשעת די מאָמענטן פון אַנטציקונג מיט דער ירושה צו וואָס דער יעקב פינסקער האָט דאָס אַלץ אָנגעקויפט תיכף אין די ערשטע יאָרן נאָך זיין חתונה מיט דער יינגער קראַסאַוויצע וואָס איז פון גאָט אַליין געבוירן געוואָרן צו געניסן אין משך פון איר גאַנץ לעבן הימלישע פאַרגעניגנס. צי האָט דער פינסקער טאַקע געטראַכט אַז ער וועט לעבן אַזאַ לאַנג לעבן און ער וועט טראָגנדיק די קאָסטבאַרע מלבושים, די העמדער, די קראַוואַטן, די לאַקירטע שיך, די פלושענע קאַפּעליושן אויף זיין פאַרריסענעם און געשוואָלענעם קאָפּ, און די גאָלדענע סיגנעטן אויף זיינע פינגער, זיין געזונט און גליקלעך מיט זיין נייער פרוי און דאָס גליק וועט זיך פאַר זיי קיינמאָל נישט ענדיקן? צי באַשאַפט דען דער רבונו של עולם אייביקן גליק פאַר די קליינע, נישטיקע און קורצלעבנדיקע מענטשלעכע בּרואים? צי דויערן דען מענטשלעכע לעבנס און זייערע לוסטיקע יאָרן — אייביקייטן? האָט פינסקער דען נישט געוואוסט אַז די אויסגעטראַכטע שילדערונגען פון נחת און פאַרגעניגנס מוזן זיך סוף כל סוף ענדיקן אַזוי ווי די ראָמאַנען, די ראָמאַנסן, די באַשרייבונגען וועגן מזלדיקע חתונהס, פּייערלעכקייטן און מאַסקאַראַדן אין לויטערע זומערנעכט, בשעת די מאַסן שטערן וואָס פאַרפלייצן די הימלען ווי גרודעס מיט רויג, מוזן זיך אויך ענדיקן?! מען קען דאָך נישט אייביק לעבן מיט פרייד און גלאַנץ, מיט וויין און שאַמפּאַניער, מיט פלודנס און לעקער, מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען, מיט פייגן און טייטלען וואָס זיינען געלרייף און זיי טריפן מיט האָניק און מיט הימלישע זאַפטן... ביי יעדער פרוי, אויב זי ליגט צולאַנג אומפאַרצערטערהייט דורך אַ קינד, דורך אַ לעבע־יינג אָדער דורך אַ יינגער און באַגערנדיקער פרוי, יאַוועט זיך באַלד אַ וואָרם און ער עסט זי אויף גאַנצערהייט מיט גאָר איר האָניק־גאָלדענעם טריף... אין די זאַמדן פון די הייסע מדבריות ליגן די טרוקענע שאַרבנס פון יענע וואָס האָבן געזויפט מיט בראָנפן און שאַמפּאַניער און זיי זיינען שפּעטער געפּראַוווט געוואָרן מיט אַ ווילדן דורשט וואָס האָט אויסגעזויגן דעם מאַרך פון זייערע ביינער...

אַנטשל קייזער האָט זיך איצט אויך צוגעכאַפּט אַזאַ הונגעריקער, אַזאַ

מין גליקלעך שמייכלענדיקער און אַן אויסגעפּאַשעטער ממש ביז צום פּלאַצן ווי טיטוס הרשע נאָכן חורבן־פייער וואָס האָט אַרומגעכאַפּט פון אַלע פיר זייטן דאָס בית המקדש, צו זיין בעסטן פריינדס קאָסטבאַרע אָנצונגען, געניייטע ספּעציעל פאַר אים, פאַר פינסקערן, מיט די געניטע הענט פון די פיינסטע שניידערס. ווי אויך די פּערל־גרויע פּילצענע קאַפּעליושן מיט די זיידענע פּעדערלעך פון לעגענדאַרע גן־עדן־פייגל אין די טיראָלער בערג וואו היטלער האָט זיך אָפּגערוט בשעת יידיש בלוט האָט ווי ברייטע כוואַליעס פון אַן אויפגעברויזטן ים, אָדער ווי ניאַגאַרישע וואַסערפאַלן, געשטראָמט אין זיינע פּריוואַטע קאָנצענטראַציע־לאַגערן און קרעמאַטאָריעס. אַנטשל קייזער האָט אויך פּרעכערהייט געירשנט פינסקערס זילבערנע פּושקעס מיט געשוואָלענע האַוואַנאַ־ציגאַרן, ווי אויך זיינע קופּער־קאָלירטע ליולקעס; און איך האָב שיער פאַרגעסן צו דערמאָנען אויך פינסקערס רעגנמאַנטלען און פּאַראַסאָלן; ווי אויך זיינע גומענע קאַלאָשן און אַפילו זיינע ווייכע און באַקוועמע שטעק־שיך ווי באַקוועם און פלושיק אָנגענעם עס זיינען איצט געווען זיינע טעג און נאָך רעשיקער מיט פרייד, טריאומף און גליק זיינען געווען זיינע תאוההדיקע נעכט מיט דעם הייסן ווייב וואָס איז נעבעך דורך די יאָרן פון איר מאַנס קראַנקהייטן, גענוג אויסגעהונגערט און אויסגעשמאַכט געוואָרן צוליב איר מאַנס אימפּאָטענצן, אָפּעראַציעס און חולאַתן. ער האָט אויך נישט געשווינט אָדער פאַרגעסן די פּילע פּאָר דיקע וואָלענע זאָקן און זיידענע שקאַרפּעטן; און ערשט די ברייטע און רחבותדיקע שלאָפראָקן אין וועלכע די וואַרעמקייט פון זיין פעטן גוף האָט זיך באַהאַלטן אין די דיקע שטאָפן און זיינען געבליבן שטיין וואַרטנדיקע אויף די ווינטערדיקע נעכט וואָס ציען זיך אַגב גענוג לאַנג ביזן האַלבן טאָג אַריין...

יאָ, אַנטשל קייזער האָט גאַנץ גיך פאַרגעסן די יאָרן פון זיין אָרעמקייט און איינזאַמקייט, ווען זיי האָבן זיך געמוטשעט אין די שעפּער: ער אַלס אַ שניידער און זיין ווייב ליזאַ אַלס העמדער־נייטאָרין, ביידע צוזאַמען אַרבעטנדיק אַרום צוואַנציק שעהן יעדן טאָג. איצט איז ער אויפגעריכט געוואָרן אַריינפאַלנדיק אין אַ טיפן און ברייטן שמאַלצגרובן אַריין, זיך באָדנדיק נאַקערהייט אין וויין און אין האָניק, ווי עס גייט דער אוראַלטער זאָג זינט די וועלט שטייט. זיין חבר יעקב פינסקער האָט אים שטאַרבנדיקערהייט אָפּגעגעבן די וועלט מיט אַלץ וואָס ער האָט געהאַט צוגעגרייט צו לעבן אַ לאַנג לעבן פאַר זיך צוזאַמען מיט זיין גרויסאַרטיקן ווייב. ער האָט שפּעטער געירשנט זיין חברס נייע פּריוואַטע וואוינונג אין די זעכציקער גאַסן צווישן דעם בלייערנעם האָדסאָן־טייך און דעם געדיכטן און וואַלדישן צענטראַל־פּאַרק מיט אַלטע, אָבער געדיכטע און געזונטע ביימער וואָס פלעגן טאָג און נאַכט געפּלעגט ווערן דורך די געניטע אָגראָדניקעס כדי די מיליאָנערן פון פּאַרק עוועניו זאָלן אין זייערע פרייע שעהן קענען רואיק שפּאַצירן און געניסן די פרישע לופט און די

געזאַנגען פון די זאָרגלאָזע פייגל פון וועמען דער באַטריבטער מין מענטש קען זיך וואויל אויסלערנען אָפּטימיזם און זאָרגלאָזיקייט...

יאָ, איך חזר איבער: ער איז דאָ באמת אַריינגעפאַלן ממש אין אַ טיפן און זייער ברייטן שמאַלצגרובן, זיך באָדנדיק דעם פעטן און שמאַלציקן גוף זיינעם אין ווייַן און אין האָניק, ווי עס גייט דער אוראַלטער זאָג. ער האָט געירשנט זיין חברס פריוואַטע וואוינונג אין אַ גרויסאַרטיקער היים צווישן דעם האָדסאָן־טייך וואָס טראָגט מיט אימפּעט זיינע כוואַליעס צו די הויכע בערג, און דעם וואַלדישן צענטראַל־פּאַרק וואו עס שפּאַצירן מיט זייערע געליבטע פּרויען די יינגע קאַוואַליערן ביזן אויפגאַנג פונעם פרימאָרגן און וואו עס גייען פּאַוואָליעדיק מיט געמאָסטענע טריט די רואיקע און עלטערע צוריקגעצויגענע בירגער וואָס האָבן גענוג צייט געהאַט צו דעראָבערן פּאַרמעגנס, און איצט רוען זיי זיך אָפּ בשעת די שטילע פאַרנאַכטן און זיי לייענען אין דעם אָפּשיין פון די לאַמטערנשע לאָמפּן די זיידענע בלעטער פונעם ספר קהלת וואָס האָט געזאָגט דאָס טיפסטע און דאָס לעצטע וואָרט וועגן דער נישטיקייט פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ...

אָבער אַפילו מיט די סאַמע גליקלעכסטע מענטשן געשען גאַנץ אָפט מאָדנע און ביזאַרע זאַכן: אין אַ צייט אַרום קומען צוגיין פון גהינום אַנדערע אויסוואורפן און דאָן זשואַנען, און זיי ירשנען אויפדאָסניי, דאָס רייכע און רייצנדיקע ווייב, און איר פאַבלהאַפט צירונג, אויב זי לעבט נאָך... און אַנטשל קייזער וואָס האָט געירשנט זיין חבר פּינסקערס פּריצישע ווייבספאַרשוינטע מיט גאָר איר פאַבלהאַפט רייכטום ווערט עפּעס מיט יעדער נאַכט אַלץ מער מרה שחורהדיק געשטימט. יאָ, אפילו די גליענדיקסטע תאווה פונעם גוף געדויערט נישט אייביק. ער ווייסט קוים אַז די פאַרשאָלטענע זיקנה האָט זיך צו אים אויך שוין דערנענטערט און זי האָט מיט אירע שאַרפע און קופּערנע ציין זיך איינגעביסן אין די ביינער און גלידער פון זיין גוף. אימפּאָטענץ און פּשוטע מענטשלעכע מידקייט אויף די עלטערע יאָרן האָט געזעטיקט און ענדלעך געצוימט אַלע זיינע רויבערישע פּלענער און תאווהשע פאַרלאַנגען. ביינאַכט ווען ער שלאָפט קוים איין שוין אַלס אַן אַלטער און צעבראָכענער ייד, מעג ער זיין ווי שטאַרק און פאַבלהאַפטיק רייך, קומט צוריק צוגיין צו אים דער גייסט פון זיין ערשטער און בלייכער פּרוי ליזאַ. זי שטייט ביים בעט און זי רעדט אַריין אַ ים מיט רייד אין זיינע טויבע אויערן. אין דער פרי שטייט ער קוים אויף מיט זיין פעטן און שווערן גוף, אַ באַלאָדענער מיט שטיקער געדענקענישן פון די אָפּגעריסענע קאָשמאַרן. זיין ווייב האָט אים באַצייטנס באַזאָרגט אין אַ זקנים־הויז. אָבער זי אַליין איז אויך געוואָרן אומגעווײנלעך פעט, אַלט און מיאוס. זי האָט שווער געזשאַוועט און געקראַכט. די יורשים אירע האָבן פאַרמאָגט אייזערנע ציין און זיי האָבן געריסן שטיקער פון אירע אָנגעזאַמלטע אוצרות. זיי האָבן געגריזשעט אירע אוצרות ווי אַ הונגעריקער לייב קייט און צעקנאַקט מיט זיינע

שפּיציקע פּאָדערשטע ציין די ביינער פון אַ צעקלאַפּטן אָקס וואָס לעבט נאָך אַלץ צוליב זיינע אומגעוויינלעכע אַטלעטישע כוחות און ער קוקט זיך צו מיט זיינע פאַרטרערטע און שטאַרבנדיקע אויגן ווי אַזוי דער הונגעריקער לייב פליקט פון אים די בלוטיקהייסע גלידער און ער האָט הנאה אים גריזשנדיק לעבעדיקערהייט מיט זיינע אייזערנע פאָדערשטע ציין און הינטערשטע באַקציינער....

## בעריש וויינשטיין, פּאָעט פון ריישע

בעריש וויינשטיינס בוך „ברוכוואַרג" איז פאַר מיר געוועזן אַן איבערראַשונג. איך האָב עס גענומען לייענען מיט לייכטזיניקייט; אָבער באַלד פון די ערשטע שורות בין איך דערשטוינט געוואָרן. איך האָב פאַר זיך דערזען אַ מענטש וואָס האָט טיף אַריינגעקוקט אין לעבן און ער האָט פון דאָרט אַרויסגעבראַכט אַ בוך וואָס מען קען אַוועקשטעלן, לויט זיין פאַרמעסט, אין איין רייע מיט די באַלאַדן און טעסטאַמענטן פון דעם פראַנצויזישן פּאָעט פון מיטלאַלטער פראַנסואַ וויאָן, און מיט שאַרל באָדלערס געניאַלער לידער־זאַמלונג „בלומען פון שלעכטס"...

אַזוי ווי באָדלער וואָס האָט זיך צוגערירט צו די קראַנקע אוןליידנדיקע, צו די בלינדע און שטומע, צו די וועמען דאָס לעבן בראַקירט אויס און וואַרפט אַרויס צו די שטאָטישע שפּיטעלער, טורמעס און אַזילן, און וואָס האָט די גאַנצע וועלט געזען ווי אַ ריזיק שפּיטאָל, אַזוי האָט בעריש וויינשטיין אפשר צום ערשטן מאָל מיט אַזאַ קראַפט און אימפעט אין יידיש זיך צוגערירט צו די יסורים פון די איינזאַמע מענטשן. זיינע ברוכוואַרג־לידער באַהאַנדלען דאָס ברוכוואַרג פון לעבן: מאַטראָזן, גנבים, זונות, נעגערס, נאָנעס, קצבים־יינגען, חולאים, טרוימערס און העלדן. דאָס זיינען די פּאַסאַזשירן און פערסאָנאַזשן פון בעריש וויינשטיינס בלומען פון שלעכטס אין דער וועלט. דאָס זיינען די משוגענע שוואָמען וואָס בליען אויס מיט פיבער פון דער ערד. און זיי האָט בעריש וויינשטיין מיט אַזאַ פייער, מיט אַזאַ דאָסטאָיעווסקישן אַריינבליק געווידמעט זיין פעדער — אַ פען וואָס איז שאַרף ווי אַ ראַזיר־מעסער — און ווי אַ זעער־כירורג דעקט ער אָפּ און טוט אויס נאַקעט ביז בלוט פון די וואונדן די פינצטערע פּאַנאָראַמע פון דעם מענטשלעכן לעבן. זיינע לידער — דאָס זיינען אַ בוקעט מיט בלומען, געווייקטע און אויסגעוואַקסענע אין בלוטיקע זומפּן און טאָלן פון איינזאַמקייט און קריינקונג. מענטשלעכע בלומען, פּאַטעטישע, וואַנזיניקע, פרומע, זינדיקע און הייליקע; בלומען וואָס וואַקסן דווקא אין די שאָטנדיקע פלעצער פון דער ערד און געוואַשענע אין טרערן...

ווי פראַנסואַ וויאָן, אין זין וואָס בעריש וויינשטיין דעקט אָפּ אַלע קרעפּטיקע, הייליקע, זינדיקע, פאַרשייטע און טייוולישע געפילן פון די מענטשן; אַזוי ווי יענער טראַגישער פּאָעט פון מיטלאַלטער וואָס

אַנטפּלעקט מיט אַזאַ סאַטאַנישער קראַפט גאָר די קרבנות און דעם מאַסקאַראַד פון מיטלאַלטער; וואָס פליקט אַראָפּ די מאַסקעס פון פּרינצן און קעניגן און וואַרפט דאָס ליכט און דעם רויט־בלוטיקן אָפּשיין פונעם לאָמפּ אויפן רויבערס געזיכט אינמיטן נאַכט ביי דער פרעמדער טיר און ביים בעט פון דער גרעפין, און ער עפנט אויף אַלע אַפּעטיטן פון צעהוליעטע מענטשן — אַזוי דעקט בעריש ווײַנשטיין אָפּ זיין גאַלעריע פון מאַנצלייט און ווייבער וואָס קיינער האָט נאָך ביי אונדז, אויף ייִדיש, נישט באַרירט מיטן ליכט פון לאַמטערנעס אויף ווערענס אייזן דער רעגן רעגנט ביינאַכט מיט צאָרן, אָדער ווי דער משוגענער בליץ וואָס בייסט איין די פינצטערניש פון מיטנאַכט מיט זיינע רויטע ציין. ווי פּלאַסטישע, ווי מאָנומענטאַלע געשטאַלטן ווערן זיי אַרויסגעבראַכט, אין אַלע דריי פיזישע דימענסיעס. און אויף אייביק אַוועקגעשטעלט צווישן די מאָנומענטאַלע גראַניט־געשטאַלטן פון הינטער די צענטערן פון דער גרויסער שטאָט, ביי די קאַנאַלן וואו אימפּאָטענטע שיפן זשאַווערן און זיי פּרואוון זיך דערמאָנען די ווייטע נסיעות ווען זיי האָבן געשניטן די צאָרנדיקע כוואַליעס פון די אָקעאַנען; און מאַטראָזן מיט עקזאָטישע כלות; און טוריסטן פון די רייכע לענדער האָבן געטאַנצט און געהוליעט אויפן דעק ביז פאַרטאָגס ווען די לבנה האָט שוין קוים געבלייכט און זיך איינגעלאָשן ווי די מאַסקע פון אַ ריזנדעמאָן...

די מענטשן פון „ברוכוואַרג" — די זינדיקע און די הייליקע; די מאַרטירער און די רויבער; זיינען מערסטנס חיהשע, ערדיקע, געוואַלדיקע נאַטורן אַזוי ווי אורמענטשן, אַזוי ווי מאַסטאָדאָנען פון דער מענטשלעכער ראַסע וואָס האָט מיט שווערע מיליאָנען יאָרן צוריק אויף דער הייסער, רויער און נישט פאַרענדיקטער לאַנדשאַפט פון דער מעשה בראשיתדיקער ערד געעפנט אַ קאַמף, אַ דועל צו דער גאָרילאַ, צום אוראַנג־אוטאַנג און צו די מאָנסטערישע פאַרמבולדיקע חיות. די דאָזיקע מענטשן, ברוטאַל אָפּגעדעקטע דורכן אַנאַליטיש־פּסיכאָלאָגישן טאַלאַנט פון בעריש ווײַנשטיין, טוליען זיך צו דער ערד, קילן אויף דעם בויך פון דער ערד זייערע ליידנשאַפטן; קילן זייערע הייסע און בריענדיקע לייבער. די דאָזיקע מענטשן ברעכן זיך אָפּ פון דער ערד ווי שטיקער קלאָמבעס מיט ערד און ליים און בלאָטע און וואַפּנע; מיט זייערע ווילדער מיט ליידנשאַפטן, מיט פינצטערע נאַטור־אינסטינקטן; מיט געוואַלדיקע געפילן פון עלנט; מיט אַ לאַסט פון טרויער וואָס וועגט איבער זייערע קעפּ און אַקסלען און עס ציט זיי אייביק צו דער ערד — צוריק צו דער ערד, צו דער אורצייט און אורוואַלד — צוריק צו דער קאָסמישער אומשולדיקייט — צוריק צום אורזיין. עס ציט זיי אַרויס פון זייער געשפּאַנטן, קאָמפּליצירטן און פאַרשאָלטענעם לעבן — עס ווילט זיך זיי אינסטינקטיוו צוריק אויפצולייזן זיך אינעם אורדזשאָנגל... פרויד וואָלט אין זיי געפונען זיינע פּאַציענטן און פּאַסאַזשירן פון דעם אורפּלאַנעט...

דאָס גאַנצע בוך „ברוכוואַרג", וואָס איז אַ מין עפּאָפּייע פון אַלע

פּרימיטיוון פון דער ערד, פון אַלע שטיקער צעבראָכענע מענטשן און זייערע גאַרונגען און אינסטינקטן, פון די נידעריקע טיילן פון דעם גוף פון דער מענטשהייט וועלכע שטעלן צוזאַמען אַ פּאַלק אין זיין גאַנצקייט — דאָס דאָזיקע בוך שמעקט מיט מעשה בראשיתדיקער פרישקייט. עס שמעקט מחיהדיק מיטן אור־ריח פון דער ערד; מיט רוי־בערג און רוי־טאָלן וואָס זיינען ווי אָפּגעשונדן געוואָרן דורך אַ פייער־שטורעם וואָס האָט דורכגעריטן אין איינעם אַ טאָג ווי דער טונגוסער שטורעם און האָט אָפּגעראַזירט ריזיקע וועלדער פון סיבירער טעריטאָריעס, זיי פאַרוואַנדלענדיק אין נאַקעטע מדבריות...

יעדעס ליד איז אַ געדיכט־געמאָלטער פּרעסק פון אַ מענטש — אין זיין גרויסן מענטשלעכן הונגער — הונגער נאָך געשלעכט, נאָך לייב; הונגער צו שטילן און צו זעטיקן דאָס געשריי נאָך דערפילונג פון אַלע חושים אין זיין בלוט, אין זיין הייסן און וואולקאַנישן גוף. אַ שטומער, אייביקער און בייזער הונגער וואָס האָט נישט קיין שום גרענעץ, קיין ברעג און קיין זעטיקונג אין זינד...

יעדעס ליד — אַ מאַכטיקער פרעסק פון געשטאַלטן: צי זיינען עס די נאָנעס וואָס גייען אַדורך די גאַסן מיט קוים־באַוועגלעכע טריט, וועלכע צינדן אָן ליכט נאָך איינזאַם־געשטאָרבענע: זיי, וואָס קיין מאַנס לאַפּע האָט זיי נישט באַרירט און זיי זאַלבן זיך אין גאָטס טרויער. צי זיינען עס די לידער וועגן די מאַטראָזן וואָס ווערן געשילדערט אַזוי געדיכט־רעאַליסטיש, בשעת זיי ציען דורך מחנותווייז און שיכורערהייט, זוכנדיק די פרוי אין זייערע אינסטינקטן און אין זייער אורמענטשלעכקייט, אין זייער פיזישקייט און סטיכיע. צי זיינען עס די קרבנות פון די נאַצי־הענקערס אין דייטשלאַנד. דער פּאָעט וואַגט צו באַשרייבן בילדער פון עקזעקוציעס וואָס זיינען דראַסטיש אין זייער רעאַליסטישער שילדערונג און געוואַגטקייט. ער זעט דעם דריגנדיקן קרבן. די שאַרפע האַק וואָס שלאָגט זיך אַ פאַרבלענדטע מיט די זון־שטראַלן און וואָס דאָס בלוט פונעם געהענקטן גיסט זיך דאַרויף אָפּ, און ער שילדערט דעם בלוטנדיקן קאָפּ וואָס דער דיכטער לאָזט באַרירן די ערד כדי צו שטילן איר אייגענעם בלוט־פלוס. יאָ, דער לייענער פון בעריש וויינשטיינס לידער באַקענט זיך דירעקט, אויג אויף אויג, מיט די תליונים. איר דערזעט אויך די בהמות אין שעכטהויז וועלכע וויינען ווי מענטשן ערב דער שחיטה. און ביי אָט דער שורה, ווי די בהמות, אין שוידערלעכער פאַרצווייפלונג, וויינען ווי מענטשן, ווערט איר אַזוי גערירט אַז טרערן באַפאַלן אייערע אויגן און איר ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן ערד־ציטערניש. און אייער האַרץ איז אַ דונער אין אייער ברוסט־קאַסטן. איר קוקט אַריין אין דער בלוטיקער אויסשטעלונג פון יאַטקעס, וואו אַן אויג וואַלגערט זיך פאַרגליווערטערהייט אין אַ ווינקל. איר האָט דעם איינדרוק אַז בעריש וויינשטיין האָט אייך אומישנע געוויזן דאָס אַרויסגעהאַקטע אויג וואָס זעט דאָס מענטשלעכע, דאָס פלאַנעטאַרע

שעכטהויז ווי דער נביא פון תנ״ך האָט עס געזען; ווי דער נביא יחזקאל האָט עס אַליין געשילדערט. איר האָט דעם איינדרוק אַז בעריש וויינשטיין איז אויך געווען אַ נביא. און ער האָט אייך אָנגעזאָגט די מוראדיקע טעג און יאָרן פון אוישוויץ און מאַידאַנעק און טרעבלינקע...

בעריש וויינשטיין האָט אין דעם דאָזיקן בונטן ספר פון פּאָעמען געגעבן די עפּיק פון דעם נעגער־פאָלק, פון זיין געבורט ביזן טויט, ביז צו זיין קרייציקונג אויף אַ גרינעם, זומערדיק־צערוישטן בוים. דער ריטם, די מאָנאָטאָניע פון דעם דאָזיקן ציקל לידער, ווי פון די אַנדערע ציקלען פונעם הייליקן בוך ממש, איז דער ריטם און די מאָנאָטאָניע פון דעם לעבן פון די נעגערס, אין זייער עלנט, אָרעמקייט, אומגעשטילטע נקמה־געפילן און אור־אינסטינקטן. אין זייער פאַראַכטלעכן און דזשאָנגלדיקן וואַנדלען פאַרביי די רייך־אָנגעצונדענע מויערן פון דער מעטראָפּאָליע וואו עס וואוינען די אייניקלעך פון די זיידעס וואָס האָבן צעבראָכן זייערע פאַמיליעס, אָפּגעריסן זייערע ווייבער און קינדער, ברידער און שוועסטערן און טאַטע־מאַמעס פון זייערע לייבער און נשמות און זיי אויף צעפוילטע שלעפּ־שיפן דורך ים און שטורם פאַרשלעפּט פון זייערע היימען צו יאָרנלאַנגער שקלאַפער״י...

עס שמעקט מיט בלוט, מיט אכזריות, מיט אורמענטשלעכקייט פון די וואָליער־יינגען — די דאָזיקע גיבורים וואָס דער פּאָעט שילדערט אַזוי אינטים ווי ער וואָלט געווען גרינטלעך אויסגעבונדן מיט זייערע לעבנס. ער שרייבט און באַשרייבט רייך אין דעטייל, שפּעדיק אין געדיכטער און קרעפּטיקער שילדערונג אַזוי ווי דער מחבר וואָלט עלימינירט אַלץ איבעריקע און בלויז געבראַכט פּרט נאָך פּרט, איינע אויף די אַנדערע, געלייגט ווי קרעפּטיק־געמאָלטע לאַטעס וועלכע ברענגען בונטערהייט אַרויס די פּאָרטרעטן פון ערדישע אורמענטשן, אין זייער עראָטיק, אין גאָר זייערע אינסטינקטיווע מעשים...

עס ווערן אויך געשילדערט יענע וואָס טרעמפּעוון און וואַנדערן אַרום איבער די שטעט און לענדער, איבער מדבריות און פּרעריעס. מענטשן וואָס דער הפקרדיקער ווינט פון לעבן האָט אַרויסגעטריבן אין דער וועלט ווי שפּענער — מענטשן קרומע, פאַרשאָלטענע, פאַרמשפּטע, קראַנקע, וויסטע און צעבראָכענע. די קללה פונעם מויל פון אַ שד, פון אַ דעמאָן האָט זיי אָנגעטאָן אין שלעכטס...

מענטשן מיט אָפּגעמעקטע געזיכטער און פול מיט וואונדן און מכות, וועלכע פליגן האָבן ליב צו פּייניקן און צו זויגן זייער טרויעריק בלוט, מיינענדיק אַז זיי זיינען שוין געהרגעטע. אויך מענטשן וואָס זיינען צו־מיד כדי צו קענען אָפּיאָגן די פליגן און וואָס זוכן אַ טראָפּן היימלעכקייט ביי ליכטיקע שויב־פענצטער; וואָס קוקן אַריין זשעדנע דורך שפּאַרונעס פון ווענט צו דעם מכלומרשטן גליק פון זייערע לוסטיקע שכנים — און וואָס ווערן סוף כל סוף פאַרלוירן און פאַרטריבן פון דער ערד ווי בלעטער וואָס

ווערן צעבראָכן אין חודש אָקטאָבער אונטער די טריט פון נערוועזע מענטשן און פון באַטרונקענע סאָלדאַטן...

עס איז פאַראַן אין בוך אַ ליד „דער טויט פון גרשון קאָס״, וואָס שילדערט דעם טויט פון דעם אומבאַקאַנטן מענטש פון דער ערד וואָס לייגט זיך אַוועק נעבן דעם אָנגעצונדענעם ליכט. און ווי אַזוי אַ געדונגענער ייד זאָגט נאָך אים קדיש. דאָס איז דער טויט פון גאָר די שטומע, די איינזאַמע, די פון לעבן אַוועקגעוואָרפענע און באַליידיקטע מענטשן, וואָס גייען צו דער ערד, איינגעהילטע אין זייערע לעצטע יסורים, אין טרערן פאַרפלייצטע. זיי לייגן זיך אַליין אַוועק נעבן די אָנגעצונדענע ליכט — אין זייער גרויסן און לעצטן פאַרנאַכט...

איר האָט אויך אין ווײַנשטיינס לידער־בוך אַ ליד וועגן שליחים — איז עס אַ שילדערונג פון גאָר די נביאים, די וואָס ווערן געפּייניקט פון גאָט, פאַרשאָלטן פון דער געטלעכקייט, די וואָס בלאָנדזשען און ברענען מיט אַן אינערלעכן אומרו, מיט אַ פאַרצערנדיקן פייער, מיט אַ ברענענדיקן דורשט אין זייערע נשמות. די אָנזאָגערס גייען אויף — שטיקער בריענדיקע זיילן, אין זייער בענקשאַפט צו דערלייזונג, אין זייער מאַרטירערשאַפט פאַר גאָט און גערעכטיקייט...

דאָס בוך „ברוכוואַרג״ דערמאָנט אין די בעסטע פּאָעמען פון וואָלט וויטמאַן, לויט דער שילדערנדיקער קראַפט און לויט זיין רעאַליזם. בעריש ווײַנשטיין איז נישט קיין מאָראַליזאַטאָר ווי וויטמאַן. דאָס מאָראַליזירן לאָזט ער איבער צו אַנדערע, מער „קלוגערע״ פאַר אים וואָס שטייען מכלומרשט נאָענטער צום אויבערשטן. אָבער די פאַראורטיילונג פונעם מענטשלעכן שלעכטס, דאָס אומסאָציאַלע, ברענגט ער אַרויס מיט אַן אומגעווײַנלעכער קראַפט. ער וואַרפט עס בונט און געדיכט אָן. ער צייכנט עס שאַרף און קאָנטיק. ער באַלויכט די וואונדן פון דער מענטשהייט. ער עפנט זיי ברוטאַל אויף, און דער וואָס דערזעט די גרויליקע פּאַנאָראַמע פון שלעכטס אויף דער ערד; דער וואָס רירט אָן די אומהיימלעכע לאַנדשאַפט, מילד גערעדט, פון די בלומען פון שלעכטס, אַזוי ברוטאַל־נאַטוראַליסטיש אָפּגעדעקט דורך אַ הויך־טאַלאַנטפולן פּאָעט, האָט פאַרטיק זיין קללה אויף דער ביטערער צונג זיינער, וואָס ווערט פאַרוואַנדלט צו אַ גראַניט־שטיין וואָס ער האָט חשק צו שליידערן אַנטקעגן די הימלען...

דאָס בוך איז אומהיימלעך און טרויעריק. אָבער דער צוועק הייליקט די מיטלען. דאָס אַרויסברענגען קלאָר אַזוי פיל רשעות האָט אַ באַשטימטן צוועק: זע, מענטש און משפט! מיר האָבן אין דער וועלט־ליטעראַטור אַ געוויסע ריכטונג וואָס ציט זיך פון מאַרקיז דע סאַד אָן; וואָס זוכט אַרויסצוברענגען אויף דער אויבערפלאַך אַלע מוטנעקייטן פון דער ערד, זיי ברוטאַל אָפּצודעקן מיטן ליכט פון אַ פּראָזשעקטאָר, און זאָל דער כירורג זיי דערזען אין דער גאַנצער שוידערלעכקייט און פּרובירן היילן דעם פּלאַנעט פון זיינע וואונדן און צורעתן מיט זיין כירורגישן סקאַלפּעל...

עס איז פֿאַראַן אינעם בוך, אין זיין כוח פון אָפּדעקן דאָס בייזע און דאָס זינדיקע פון דער ערד און פון די מענטשן יענץ פייער פון די נביאים, וואָס האָט זיי געטריבן מיט אַ הייליקן וואַנזין צו דעמאַסקירן נאַקעטערהייט די בייזע מעשים און די זינד פון די מענטשן, און צו עפענען אויף אייביק דאָס געריכט פון די פעלקער...

בשעת די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט בעריש וויינשטיין געוואוינט אין שיפסהעד־ביי, ביים ברעג פון אַטלאַנטיק. און זיין „ברוכווארג" פֿאַרמאָגט די שאַרפע געזאַלצנקייט, די רויקייט, די גרויקייט און די וואָלקנדיקייט פונעם ים־ברעג. אין קאַלטע און שפעטע שעהן פון די נעכט פלעגט דער פּאָעט אַן איינזאַמער אַרויסגיין פון זיין הויז, פון זיין ווייב און די שלאָפנדיקע קינדער און זיך אַרומדרייען פאַרביי די מויערז, געלעקטע, געקושטע און געפּאַטשטע פון ווינט, פון רעגן, פון וואָלקן און אַרומגענומען פון דעם חושך פון דער נאַכט. ער פלעגט אַריינקוקן אין די סאַלאָנען און טרינק־הייזער און אָבסערווירן דאָס געשלעג און די דראַמע פון מאַן און ווייב, פון די אויף אייביק געבענטשטע און פֿאַרשאָלטענע אדם און חוה. צום ים קומען ווידער און ווידער נישט נאָר די מענטשן וואָס האָבן זיך נאָך נעכטן, אייערנעכטן און מיט יאָרן צוריק געבאָדן אין זיינע שוואַרצע כוואַליעס ווי אויסגעגאָסענער טינט פון ריזיקע טינט־קעסלען, נייערט אויך די יעניקע וואָס זיינען ווייזט אויס מיט מיליאָנען יאָרן צוריק דאָ געוועזן און געשלאָגן געוואָרן פון זיינע שטורעמס און אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט די שטראָמען גאָלד פון דער זון. עס רופט זיי צוריק דאָס שרייענדיקע געפלייץ פון ים. עס רופט זיי אינסטינקטיוו זייער אור־היים, מחמת נאָך פריער ווי אויף דער בריענדיקער און וואולקאַנישער ערד האָט גאָר דאָס לעבן צוגויפגעקייטלט זיינע גלידער און זיך געבאָדן און געמערט אין די פינצטערנישן און תהומיקע אָפּגרונטן פונעם אָקעאַן; אינעם זומפּיקן, קלעפּיקן, מיט רויג און מיט זרע־שטורעמדיקן תהום פונעם אָפּגרונט. און דאָרט, בשעת די אורנעכט, האָט דער פּאָעט דערשנאַפּט, דערשמעקט און דערשפּירט דעם אור־ריח פון דעם קומענדיקן מענטש: דעם זינדיקן, דעם פאַרברעכער, דעם מיט תשובה און חרטה־פאַרטרערטן, דעם אין קאַלטן ווינט ציטערנדיקן, שווידערנדיקן און אויפגייענדיקן האָמאָ־סאַפּיענס, דעם רויבער און דעם געשלאָגענעם און פאַרפּייניקטן. דער ים ציט זיי אַלע צוריק אַריין אין זיך. דער ים — דאָס קרעמאַטאָריום פון וואַסער וואָס טרינקט אויס דאָס בלוט פון גאָר די באַשעפענישן אין זיינע אייביקע אָפּגרונטן....

## דאָס פערד האָט שווער געסאָפּעט
### (פון מיין טאַטנס אומהיימלעכע זכרונות אין פוילן)

דער טאַטע פלעגט שטיין אין די ווינטערדיקע אָוונטן ביים וואַרעמען קאַפּלאַנאָוון אויוון מיט זיינע גרויסע טרויעריקע הענט אונטער דער

פלייצע. ער פלעגט דעמאָלט אויסזען אַ סך העכער ווי עס איז געווען זיין געוויינלעכער וואוקס. ער איז געווען אפשר מיט אַ גאַנצן קאָפּ העכער פון זיין נאַטירלעכער הויך. זיין קול איז דעמאָלט אויך געווען עפּעס מאָדנע פאַרענדערט. מיר פלעגט אויסדאַכטן אַז ער זעט אויס ענלעך צו שאול המלך. עפּעס אַזאַ אומהיימלעכע מרה־שחורה הויערט שטיל אין זיינע איינזאַמע ביינער. דער טאַטע דערציילט אונדז אַגב די מעשה שוין נישט צום ערשטן מאָל. אָבער ווי נאָר ער הויבט אָן צו רעדן, ווער איך מאָדנע פאַסצינירט. עס באַפאַלט מיך אַ פּחד אויך...

— עס איז שוין געווען פאַרנאַכטלעך אין דרויסן. איך בין געווען דער איינציקער ייד צווישן דער גרופּע פּוילישע פּויערים וואָס האָבן זיך אומגעקערט פונעם יאַריד אין געניוואַשאָף, וואו עס האָבן געוואוינט די עלטערן פון ענקער מאַמען. איר פאָטער האָט געפירט דעם סטאַטעק איבער דער ווייסל פון געניוואַשאָף קיין וואַרשע. איך בין דעמאָלט געהאַט געפאָרן מיטן זיידנס פערד און וועגעלע אין עפּעס אַ שליחות. פּלוצלונג פאַלט איין די שיכורלעכע פּויערים, נאָכן האָבן פאַרקויפט זייערע פּראָדוקטן צו די יידן אויפן מאַרק, אז מען זאָל צופאָרן צום נאָענטן טייך אָדער דזשיקע (שטייענדיק וואַסער) אויפן וועג אַהיים, כדי אָנצופּויען זייערע פאַרמוטשעטע פערד. אויך דעם זיידנס פערד איז געווען דורשטיק, וואָרים דער טאָג איז געהאַט געווען אַ הייסער און אין פאַרנאַכט איז די לופט געווען פאַרנע...

דער טאַטע דערציילט ווייטער אַז ער און די פּויערים מיט זייערע פערד און וועגענער האָבן זיך פאַרקירעוועט צום טייך און זיי האָבן אָנגעפּויעט די פערד. דער טאַטע איז דאָך אָבער געווען אַ היימישער ייד. האָט ער געלאָזט שטיין דאָס איינזאַמע פערדל ביים מאַרמאָרשוואַרצן טייך, נאָך אַלץ זשליאָקנדיק דאָס קילע וואַסער נאָכן ממש בריענדיק־הייסן טאָג. די זון איז ערשט געהאַט אונטערגעגאַנגען אַזאַ פלאַם־רויטע, אָנזאָגנדיק אויפן מאָרגנדיקן טאָג אַ שווערע היץ. אַ לעצט געפינקל פונעם פאַרנאַכטנגאָלד האָט צאַרט געציטערט אין דער קוים־וויברירנדיקער לופט וואָס האָט געהאַט פאַרגילדערט די דאָרפישע לאַנדשאַפט און האָט זיך שטיל געטונקען אינעם וואַסער פונעם טייך מיט זיינע געלע בלעטער און פוילנדיקע פלאַנצן אפשר נאָך פון פאַראַיאָרן. דער טאַטע, ווי געוויינלעך אַן איינזאַמער ייד אויף די גוייש־אומהיימלעכע וועגן, האָט זיך אַביסל פילאָסאָפיש פאַרטראַכט. אַ ייד האָט דאָך געוויינלעך פון וואָס צו טראַכטן: ער איז אייגנטלעך נאָך אַ יינגער מענטש, קוים אין זיינע צוואָנציקער יאָרן. ער איז אַ סך יינגער, לויט מיין חשבון, ווי זיין יינגסטער זון וואָס פאַרפלעקט איצט, אין דעם פריען פרימאָרגן, דאָס ווייסע פּאַפּיר מיט יידישע אותיות. ער האָט ערשט חתונה געהאַט און ער איז אָנגעשטעלט אין דעם זיידנס וואַסער־מיל. זיין יינגערער ברודער משהל איז דער שרייבער אין דער ווירטשאַפט; ער פירט די חשבונות (בוכהאַלטעריע), און ער האָט בכלל אַ גרעסערע דעה אין דער היימישער ווירטשאַפט ווי

ער, דער טאַטע, וואָס איז דער בכור אין דער פֿאַמיליע. אין דעם גרויסן הויז דרייען זיך אַרום אין ווערן צייטיק (ראוי לחופּה) זיינע זעקס שוועסטערן, איינס ביי איינס גערעטענע קראַסאַוויצעס, אָבער קיין חתנים יאַווען זיך דערווייל נישט אין דעם קליינעם יידישן ישוב פֿון יעוואַנגעראָד (מאָדזשיץ). אַגב האָבן זיך לעצטנס, זינט ער האָט חתונה געהאַט מיט דער זעכצניאָריקע טאָכטער פֿון אַ דאָרפֿסגייער, אַ פֿרומען און גאָטפֿאָרכטיקן ייִד, ר׳ משהלע־יונהס (גראָסמאַן) פֿון דעם שטעטל קאָריוו, וואָס ציט זיין פּרנסה פֿון די פֿריינדלעכע פּויערים אין דעם גרויסן דאָרף גאַרבאָוו, צו ווּעמען ער פֿאַרקויפֿט צעלניק, אַריינגעכאַפּט שדים אין דעם זיידנס מיל. שפּעט ביינאַכט הערט מען ווי זיי מאָלן גאַנצע זעק מיט ווייץ, קאָרן און גערשטן. ווען אַלע שלאָפֿן שוין אין דער מיל, נעמען די שדים איבער די גאַנצע ווירטשאַפֿט ממש. מען זעט אין דרויסן ווי דאָס גרויסע ראָד דרייט זיך ווי די לבֿנה בשעת די נעכט אויפֿן הימל. אין דער פֿרי, ווען מען גייט אַהין אַריין, זעט מען ווי די גראָבע לייוונטענע זעק מיט תּבֿואה ליגן צעוואָרפֿענע איבער דער פּאָדלאָגע; אַלץ איז אומישנע איבערגעדרייט: טישן, בענק, טאַבורעטקעס און לייטערס. עס איז געשען אַז איינמאָל, שוין שפּעט אין דער נאַכט און נאָענט צו חצות, איז דער טאַטע געזעסן אין זיין חדר מיוחד און האָט געהאַלטן אין שרייבן אַ בריוו קיין אַמעריקע. פּלוצלינג זעט ער ווי איבערן פּולאַפּ דראַפּעט זיך עפּעס אַ ריזיקע קאַץ מיט בלישטשעדיקע אויגן ווי פֿייער. נאָך איידער ער האָט רעכט צייט געהאַט אָנצוקוקן די פּרעכטיקע קאַץ, וואָס האָט געהאַט אַ שמאַראַגדענע פֿעל ווי פֿון אַ פּיטאָן־שלאַנג אין אַפֿריקאַנישן דזשאָנגל, איז זי, דווקא אַזאַ שווערע און פֿעטע, פֿאַרשוואונדן געוואָרן ווי אַ פֿליג דורך אַ דינער שפּאַרונע אויפֿן אָפּגעקאַלכטן סופֿיט. אירע גרויסע, פּאָספּאָריש־לויכטנדיקע אויגן האָט ער שוין קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געקענט פֿאַרגעסן...

דער טאַטע שטייט אַזוי אין דער נאַכטישער שטילקייט און מרה־שחורה ביים איינזאַמען טייך וואָס טראָגט זיינע קליינע כוואַליעס מיטן שטראָם, כאָטש עס דאַכט זיך אַז ער שלאָפֿט. ער טראַכט און קלערט וועגן זיין צוקונפֿט, וועגן זיין אייגנטלעכן צוועק און גאַנג אין לעבן. אין דער היים וואַרט אויף אים אַזאַ אומרואיקע זיין יונג ווייב רחל־לאה, מיין קומענדיקע מוטער. זי איז שוין אַגב באַצייטנס שוואַנגער מיטן ערשטן קינד. צי וועט עס זיין אַ ייִנגעל אָדער אַ מיידל? וועט עס האָבן אַ לייטיש מזל אין אַזאַ אומפֿריינדלעכער וועלט? און וואָס אַזוינס איז אייגנטלעך זיין תּכלית, זיין גורל אין דער וועלט? ווער אייגנטלעך איז ער דאָס, דער טאַטע? פֿונוואַנען קומט ער אין דער דאָזיקער וועלט אַריין אַזוי „פּלוצלונג״ און וואוהין גייט ער דען? ווער האָט עס אים ארויסגעכישופֿט מיט אַזאַ מעכטיקן ווילן און שטרענגן באַפֿעל פֿון הימל? וועלכער גרייז־גרויער מלאך, מיט געוואַלדיקע פֿליגלען ווי די זעגלען פֿון אַ גרויסער שיף, אָדער וועלכער אַנדערער מעכטיקער גייסט האָט אים אויפֿגעהויבן מיט גרויס קראַפֿט פֿון דעם ים מיט נאַקעטע מענטשלעכע

נשמות, און האָט אים ממש טיראַניש געצוואונגען צום זיין און צו טראָגן דעם עול פון פרנסה, און איצט צו ווערן אַ טאַטע פון קומענדיקע זין און טעכטער? פאַרוואָס באַהערשט אים אַזאַ אומעט און פחד ווען ער טראַכט וועגן זיין לעבן און זיין צוקונפט? און פאַרוואָס וויינט עפּעס אַזאַ רירנדיק געוויין אין זיין גאַנצער יסורימדיקער עקזיסטענץ?!...

דער טאַטע דרימלט איין ווי אַ מידער פויגל ביים נאַכטישן טייך וואָס איז טונקל ווי סמאָלע. פּלוצלינג דערהערט ער ווי דאָס פערד הויבט אָן אומגעוויינלעך צו הירזשען ווי עס וואָלט עפּעס פּלוצלינג באַפאַלן געוואָרן פון אַ פחד. ער כאַפּט זיך אויף און ער דערזעט מיט שרעק אַז ער איז געבליבן שטיין איינער אַליין אין אַ פרעמדער געגנט נעבן אַ פעך־שוואַרצן טייך אין וועלכן די רויטע לבנה שטייט ווי אַ שטיק פייער און זי בלוטיקט. ער זעט ערשט איצט איין אַז די אומפריינדלעכע פויערים האָבן אים אָפּגעטאָן אַ קונץ און זיי זיינען אַלע אַוועקגעפאָרן אין דער נאַכט צוזאַמען מיט זייערע פערד און וועגענער. בלויז ער אַליין מיטן זיידנס געלן פערד שטייען איצט ביים ברעג פונעם טייך איינגעהילטע אין עפּעס אַזאַ הוילער איינזאַמקייט. גיך פירט ער צו דאָס פערד צום וואָגן און ער שפּאַנט עס צוריק איין אין די האָלאָבלעס. ער טוט אָן דאַרויף די לעדערנע זאַפּזשענגעס. ער טוט נערוועזערהייט און מיט שרעק אויך אַ שמיץ מיט דער בייטש אין דער לופט, האַלטנדיק די לייצעס אין זיינעביידע הענט, און ער נעמט שוין איצט גיכער פאָרן ווי פריער אין דער אומבאַשרייבלעכער איינזאַמקייט פון דער פּוילישער נאַכט אויף די וויסטע וועגן. ער באַמיט זיך אָנצויאָגן אויפן „פּוילישן" וועג (אַ נישט ברוקירטער) די אַנדערע פויערים מיט זייערע וועגענער פאַר היימלעכקייט וועגן. אָבער פון די פויערישע וועגן איז זינט שוין לאַנג נישטאָ קיין שום שפּור. זיי האָבן אין זייער כיטרעקייט וואויל געוואוסט אין וואָס פאַר אַ מעמד זיי לאָזן איבער דעם ייד אינגאַנצן אַליין, אויף די אומהיימלעכע נאַכטישע וועגן און פוסטע פעלדער. דאָס פערד לויפט אַזוי אין דער נאַכט אַריין ממש ווי אַ מענטש, ווי עפּעס אַ געפּייניקטע נשמה, ווי אַן איינזאַמער ייד אָדער טאַקע ווי מיין גאָטזעליקער טאַטע, איבער די טויאיק־פייכטע און טונקעלע לאַנדשאַפטן. פייער־פליגלעך, דינע זשוקלעך, פינקלען אויף אין דער נאַכט, פונקט ווי פאַרבאָרגענע מענטשן וואָלטן דאָ זיצן אין דער פינצטערניש און זיי וואָלטן רויכערן פּאַפּיראָסן. פון מאָל צו מאָל טוט זיך עפּעס אַזאַ איבערגעשראָקענע וואָרנע אַ הויב אויף אין דער לופט, פאַרביי זיין קאָפּ. מיט אַ שאַרפן שניט פון זיין פליגל רירט ער פּלוצלונג אָן דעם איבערגעשראָקענעם טאַטן...

ראַפּטום הערט דער טאַטע ווי עמעץ רופט מיט עפּעס אַזאַ פרעמדלעך גוייש קול: „פּאַניע מאָטעק, פּאַניע מאָטעק!" ער קוקט זיך אַרום און ער זעט ווי אַ גרופּע מענטשן זיצן אופן פעלד אין זיי זיינען פאַרנומען מיט עפּעס אַן עסק. באַלד טאַקע דערנענטערט ער זיך מיט זיין פערד און וועגעלע צום פּלאַץ פון דער סצענע. ער זעט ווי דער דאָקטאָר פונעם

שטעטל יעוואַנגעראָד (מאָדזשיץ), דער פֿאַן גאָראָדעצקי וואָס דינט אין דער צאַרישער פעסטונג, וואו דער זיידע ר׳ לייבוש יואלקעס איז באַשעפטיקט אַלס „פּאָדריאַטשיק״ (צושטעלער פון סחורות און פּראָוויאַנט פאַרן צאַרישן מיליטער), און נאָך עטלעכע אומבאַקאַנטע מענטשן מיט פאַרשאַרצטע אַרבל און ווייסע האַנטוכער זיינען זיך מתעסק אַרום אַ הורג; פשוט, זיי פּאַלמעסן אַ מענטש אויפן אָפענעם פעלד. דער הורג ליגט אין גראָז אויף אַ ברעזענטענעם שטיק טוך און אויך איבער אַ שטיק צעראַטע, און זיין פאַרבלוטיקטער בויך איז אויפגעעפנט. דער דאָקטאָר און זיינע אַזוי גערופענע אַסיסטענטן האַלטן אין זייערע הענט די גלידער און מענטשלעכע קערפער־טיילן פון עפּעס אַ אומבאַקאַנטן מענטש: פון איינער אַ פרוי, און לויטן אויסזען פון איר פנים, קענטיק אַ יינגע פרוי, קוים אין אירע צוואַנציקער יאָרן...

דער טאַטע ציטערט אויף פון דער דאָזיקער שוידערלעכער סצענע. דער דאָקטאָר קען אים נאָך פון די צייטן ווען ער איז געווען אַ קליינטשיק יינגעלע. די באָבע רייזל, דעם טאַטנס מוטער, זי זאָל זיך מיען פאַר אונדז אין דעם ליכטיקן גן־עדן, פלעגט דערציילן ווי אַזוי ער איז איינמאָל געווען מסוכן קראַנק: ער האָט געהאַט אַ לונגען־אָנצינדונג. דר. גאָראָדעצקי האָט אים געהיילט מיט רוזשנע קרייטעכצער. דער דאָקטאָר, האָט מען דערציילט אין שטעטל, איז אַ שטיקל טשודאַק אויך: ער שיכורט זיך אָן גאַנץ אָפט אין קנייפּעס, אין דאָרפישע טרינק־הייזער. ער זינגט אויסגעלאַסענע לידער און ער מאַכט סקאַנדאַלן. ווען ער איז שטאַרק שיכור, פאַלט ער אַריין אין צאָרן און ער שלאָגט אַפילו יידן; דאָס מאָדנע פּאַלמעסן דעם גוף פון אַ יינגער פרוי אויף אַן איינזאַמען פעלד, און נאָך דערצו שפּעט ביינאַכט, אויף אַ פרימיטיוון אופן און מיט נישט־פּאַסיקע אינסטרומענטן, געהערט אויך צו די סודות און אומגעווינלעכע שטותים פון זיין כאַראַקטער און טונקעלער פּערזענלעכקייט. צי האָט דר. גאָראָדעצקי געהאַט די פּאַסיקע אַסיסטענטן דורכצופירן די דאָזיקע מאָרבידע אָפּעראַציע? ווער האָט אים געגעבן די דערלויבעניש דורכצופירן די פּאַלמעסונג? צי איז די פרוי געווען די זעלביקע יידישע פרוי וועגן וועמען מען האָט צו יענער צייט גערעדט אין די דערפער טרויעריקע מעשיות?... די דאָזיקע יינגע פרוי איז וואַרשיינלעך אומגעקומען אין גאַנץ געהיימעניש־פולע אומשטענדן... זי איז געווען אַ יידיש קינד. איר רוצח זאָל האָבן געווען זיין אַ מאַסנמערדער וואָס האָט געוואוינט אין פּאַריז און ער האָט אָפּגעשטאַמט פון אַריסטאָקראַטן וואָס האָבן גיכער געדאַרפט שטרענג געמשפט ווערן און באַצאָלן פאַר זייערע שוידערלעכע פאַרברעכנס אויף דער גיליאָטינע...

אָבער דאָס שטעטל מיט יידן האָט פאָרט פאַרן דר. גאָראָדעצקין געהאַט גרויס דרך־ארץ, מחמת ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער דאָקטאָר, אַפילו אַ בעל־מופת, אַ וואונדער־מעדיצינער. און ער האָט געהיילט די יידן פונקט אַזוי ווי גויים, כאָטש ער איז פאָרט געווען

פאַרבונדן מיטן טייוול, ווי מען האָט דערציילט וועגן אים אין שטעטל. אַגב האָט מען לעצטנס שטאַרק גערעדט פאַרדעכטיקע מעשים וועגן דעם מאָרד איבער אַ יינגער פרוי וואָס איז געווען דר. גאַראָדעצקיס אַ פּאַציענטקע. אָבער באַשולדיקט אין איר טויט האָט די צאַרישע זשאַנדאַמעריע איינעם אַן אויסגעלאַסענעם פריץ וואָס קומט בלויז איינמאָל אין יאָר אויף אַ וואַקאַציע אין יעוואַנגעראָד כדי צו דערליידיקן מיטן עקאָנאָם די חשבונות וועגן זיינע פעלדער און וועלדער; וועגן זיינע שטאַלן מיט רייט־פערד און אויך אָקסן און בהמות וועמענס פלייש מען פלעגט עקספּאָרטירן קיין צענטראַל־אייראָפּע; ווי אויך וועגן זיינע פרוכטבאַרע סעדער, עופות־צוכט און אַלערליי אַנדערע פּראָדוקציעס און ריווחים. דערנאָך קערט ער זיך אום קיין פּאַריז וואו ער וואוינט ערגעץ אין אַן אַלטן פריצישן שלאָס וואָס האָט אַ מאָל געהערט צו זיינע אור־זיידעס און באָבעס וועמענס פאַמיליענמיטגלידער זיינען מערסטנס געקעפּט געוואָרן אויף דער גיליאָטינע בשעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. מען האָט אויך דערציילט אַז ער, דער צעלאָזענער פריץ, וואָס איז נאָך אַ בחור, איז דער סאַמע לעצטער איבערבלייב פון דער דאָזיקער פריצישער משפחה. ער אַליין הייסט גראַף פראַנסואַ דע ראָנסיניאַק. און ווען ער קומט צוגאַסט אין שטעטל בשעת די קריסטלעכע חגאות אַרום מיטנווינטערצייט, פאַרברענגט ער דווקא אַ סך צייט מיט דר. גאַראָדעצקי, און ביידע טרינקען אין די היימישע קרעטשמעס. גראַף דע ראָנסיניאַק האָט אינמיטן וואַלד אַרום דעם שטעטעלע מאָדזשיץ אַ קליינעם מאַיאָנטעק וואו עטלעכע מיטגלידער פון די שוין דערמאָנטע אַריסטאָקראַטן, די ראָנסיניאַקס, האָבן מיט איבער הונדערט יאָר צוריק זיך געראַטעוועט פונעם רעוואָלוציאָנערן מלאך המות אין פּאַריז...

איצט איז שוין דער דאָקטאָר גאָראָדעצקי אַן אַלטער מאַן, ווי דער לייענער ווייסט שוין פון מיין באַשרייבונג. ער איז שוין אַזוי פאַרעלטערט אַז זיין געביין איז געוואָרן אויסגעקרימט און זיין גאַנץ געשטאַלט האָט זיך שוין געבויגן נויגן צו דער ערד. זיינע גרויע הענט מיט היפשע זשאַווערפלעקן אויף דער אַלטער הויט ציטערן ווי זיי וואָלטן באַוואויגן געוואָרן דורך אַ שטאַרקן ווינט וואָס ווייעט אינעווייניק אין זיינע אָדערן, און זיין איינזייטיק־געבויגענער קאָפּ מיט עטלעכע קנאַפּע בינטלעך האָר אויפן נאַקעטן שאַרבן, איז שוין גרוי ווי אַ טויב. אַצינד, ווען ער פּאַלמעסט ביים שאַרפן אָפּשיין פון דער לבנה און ביים ליכט פון עטלעכע אייזערנע לאַמטערנדלעך אין די הענט פון זיינע געהאָרכזאַמע אַסיסטענטן די יינגע פרוי, וועלכע מען האָט מיט אייניקע טעג צוריק אַרויסגעצויגן פונעם טייך שוין אַ דערוואָרגענע דורך אַ שרעקלעכן פאַרברעכערס בייזער האַנט, ציטערן עפּעס דעם דאָקטאָר גאַראָדעצקיס אַלטע הענט נאָך מער ווי תמיד. איך חזר איבער דעם זאָג פון געוויסע מענטשן וואָס דערציילן אין שטעטל מאָדזשיץ אַז דר. גאַראָדעצקי האָט אויסגעפונען עפּעס אַזאַ סאָרט קרייטעכץ וואָס ווען מען קייט דאָס אַ לענגערע ווילע יעדן אַנדערן טאָג,

האָט מען די מעגלעכקייט צו לעבן אייביק. פאַרוואָס קייט ער איצט אַליין נישט דאָס דאָזיקע מאָדנע און געהיימענישפולע קרייטעכץ, ווען ער איז שוין אַליין אַזוי מוראדיק אַלט און מען זעט באַשיימפּערלעך ווי ער נייגט זיך מיט אַנגסט צו דער ערד ווי ער וואָלט זיך שוין בוקן צו זיין קבר?!...

דערווייל אָבער זעט דער טאַטע אַז די פרוי וועמענס אינערלעכע אברים מען האַלט אין פאַלמעסן, איז אומגעוויינלעך שיין אויפן פנים מיט אַ שיינקייט וואָס איז זעלטן, אַפילו צווישן די סאַמע שענסטע ווייבספאַרשוינטעס. און מיין טאַטע האָט דווקא אַ מיסטעריעזע נייגונג צו שיינע פרויען. וועלכער רוצח האָט איר אַזוי ברוטאַל געשלאָגן איבער די אויגן וואָס עס דאַכט זיך אַז זיי וועלן זיך באַלד עפענען ווי צוויי גרויסע שטערן אויפן נאַכטישן הימל? עס דאַכט זיך דעם טאַטן אַז זי האָט בלויז איינגעדרימלט אויף אַ ווײַלע. באַלד וועט זי עפענען אַ פּאָר הערלעכע יידישע אויגן ווי צוויי גאָלדענע שטערן אין גאָטס שטילן און גרויסן הימל. זי וועט עפענען אירע תפילהדיק־בעטנדיקע אויגן, און זי וועט דאָ אַלעמען אָנקוקן אין דער שטילער און טרויעריקער נאַכט מיט איבערראַשונג און פאַרדראָס וואָס מען טרייבערט אירע געדערים, איר לעבער און איר מילץ, און ווער ווייסט וואָס עס קען דאָ געשען: אפשר וועט זי דאָ אַלעמען פאַרשעלטן און אַלע מענטשן וועלן בלייבן שטיין פאַרגליווערטערהייט ווי די מאַרמאָרנע מאָנומענטן פון פרינצעסינס אין אַ גרויסאַרטיקן מוזעאום... ווען די פרוי וואָס האָט מיט ווייניקע טעג צוריק אַזוי גרויסאַרטיק־שיין געלעבט, וועט געוואויר ווערן אַז זי איז טויט און אַז אַ משוגענער רוצח האָט זי אומגעבראַכט, וועט זי זיך שרעקלעך צעוויינען אויס זעלבסט־רחמנות אויף איר אייגענעם אומגליקלעכן גורל. אָנשטאָט אַ רירנדיקע תפילה וואָס וועט אַלעמען רירן מיט בריענדיקע טרערן אויס רחמנות, וועט זי גאָר אַרויסברעכן אין אַ סצענע פון צאָרן און כעס. זי וועט אַלעמען פאַרשעלטן מיטן גרויזאַמען כוח און כישוף פון אירע קללות און פאָדערונגען צו נקמה, און די גאַנצע סצענע וועט ווערן פאַרוואַנדלט צום געפרוירענעם מאַרמאָר אָדער צו אַ זעאונג וואָס וועט געגאָסן ווערן אין אייז... און אויך ער, מיין טאַטע, וועט ווערן פאַרשטיינערט פון ווייטיק, גרויל און פון רחמנות און סימפּאַטיע צו דער דאָזיקער שיינקייט וועמען גאָט אַליין האָט אין באַוואונדערונג פאַר זיין אייגענער באַשאַפונג, אַזוי שטאַרק ליב געהאַט. און צוזאַמען מיטן טאַטן וועלן אויך פאַרשטיינערט ווערן די אַלע מענטשן וואָס פאָרען זיך אַרום דער אומגעבראַכטער „געצין", ווי אויך די פויערים וואָס זיינען אַנטלאָפן פונעם טייך אין פאַרנאַכט, איבערלאָזנדיק דעם טאַטן אַליין אין זיין יידישער איינזאַמקייט, וועלן געפינען ווערן געשעדיקטע און פאַרגליווערטע אויף די וועגן צוזאַמען מיט זייערע פערד... אָבער, ווי שוין פיל מאָל געזאָגט און איבערגעחזרט: די יינגע פרוי איז געטלעך־שיין און נישט קיין שום סימן פון קללה רוט אויף אירע איידעלע ליפּן, נייערט אַ שטילע, אומעטיקע און טיף־הכנעהדיקע תפילה...

דעם טאַטן האָט זיך אויסגעדאַכט אַז דער גאַנצער האָריזאָנט בלוטיקט אָפּ מיט די רויטע פלעקן פונעם געפּאַלמעסטן הורג. וואָלקנס אויפן הימל האָבן זיך געעפנט ווי פּאַרמעטענע בלעטער פון פּאַרצייטישע ספרים וואָס האָבן, דאַכט זיך, דערציילט די געשיכטע פון דער צעשניטענער פרוי און פון איר גורל. דער טאַטע האָט געזען די איינזאַמע לאַנדשאַפט פון אַ טויטן און צעבראָכענעם מענטש. ער האָט געזען אַרום דער נאָך אַלץ שטראַלנדיקער פרוי די שטרענגע מאַנצבילן מיט פאַרשאַרצטע הענט. אים האָט זיך אויסגעדאַכט אַז אויך ער אַליין איז איינגעשמירט געוואָרן מיט דער פרויס אומשולדיק־פאַרגאָסענעם בלוט. ער האָט געהאַט אַ באַדערפעניש אַריינצושפּרינגען אין טייך, זיך אָפּצואוואַשן, זיך צו רייניקן און אַראָפּצושווענקן דאָס הייליקע בלוט פון זיין טמאדיקן פלייש, פון זיין געביין, פון זיינע מחשבות אויך. ער האָט געזען ווי איבער דער שלאָפנדיקער פרויס צאַרטן גוף שוועבט אזאַ נאָבעלער מלאך מיט זייער איידעלע פליגל און ער זאָגט קדיש. עמעץ האָט אין דעם מאָמענט עפּעס געערעדט צום טאַטן. אָבער ער האָט רעכט נישט באַגריפן ווער און וואָס מען רעדט צו אים. אפשר האָט צו אים שטיל און טרויעריק געמורמלט די נשמה פון דער אומגעבראַכטער יידישער פרוי אַזוי ווי זי וואָלט דערציילט פון איר אומגליקלעכן אומקום. איבער איר האַרצן, צווישן די איידעלע בריסטן, האָט שטיל געציטערט אַ גאָלדענער מגן דוד...

אַ שטאַרקער פּחד האָט דעם טאַטן באַהערשט און ער האָט איצט גענומען האַסטיק טרייבן דאָס פערד איבערן אומהיימלעכן וועג. מען האָט נאָך אים עפּעס נאָכגעשריגן, אים געדראָט און גלייכצייטיק געוואָרנט. ער האָט געהערט מאָדנע קולות, געשרייען פון יידישע העלדזער און הערצער. אָבער ער האָט שוין איצט מער נישט געטריבן דאָס פערד, נייערט דאָס פערד האָט אים געטריבן. אָט איז דער טאַטע אַליין, דאַכט זיך, דאָס אָרעמע פערד און ער לויפט הענדום־פענדום איבערן נאַכטישן פעלד. ער איז ממש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין זיין אייגענעם פערד פון פּחד און רחמנות אויף דעם יידישן קרבן, און ער יאָגט אָן אַן אָטעם. אויפן וואָגן, פילט ער, זיצט עמעץ, אַזאַ פירכטערלעכער מאַן, איינער אַ שיכורער מלאך מיט אַ פלאַש מיט בראָנפן אין זיינע הענט, און ער שמייסט דאָס פערד מיט דער בייטש איבער דער פלייצע, און ער שלאָגט אים, פאַרמוטשעט אים, און טרייבט אים פאָרויס אין דעם פינצטערן וואַלד פון זיין לעבן...

דער טאַטע איז אַזוי אָפּגעפאָרן אַ היפּשן מהלך דורך דער אימהדיקער נאַכט און שטאַרקן ווינט. און ווען ער איז ענדלעך אַביסל געקומען צו זיך, זעט ער אַז ער פאָרט איצט פאַרביי אַן אומענדלעך לאַנגן בית עולם. ער האָט פריער גאָרנישט געהאַט געוואוסט און געדענקט אַז דאָ אין דער געגנט אויפן וועג אַהיים צום זיידנס מיל געפינט זיך אַזאַ ריזיקער צמענטאַזש. עס ציען זיך פאַרביי זיינע אויגן גאַנצע פעלדער מיט קברים, ממש אָן אַ סוף, אַזוי ווי עס וואָלטן דאָ געלעגן באַגראָבענע אַלע מענטשלעכע דורות משֵשת ימי בראשית, אפשר אַזש פון אדם אָן: פּונקט

ווי די גאַנצע אַלטע מענטשהייט, פון די פאַרגאַנגענע צייטן, וואָלט דאָ געפּוילט מיט אירע סקעלעטן. דער טאַטע טרייבט איצט נאָך האַסטיקער דאָס איבערגעשראָקענע פערד, וואָס שוועבט ממש דורכן געדיכטן וואַלד ווי אַ גייסט, פאַרביי די מאַסן מצבות און מאָנומענטן מיט אַלערליי אויפשריפטן און נעמען. ער רירט ממש אַן טויזנטער יאָרן מיטן שטאַרבן פון די מענטשן...

און אַזוי ווי דאָס פערד לויפט און עס שוועבט ממש דורך אייביקער נאַכט און וואַלד, פאַרביי די אומצייליקע קברים, זעט ער ווי עס שפּאַצירט אַרויס פון צווישן די דענקמעלער אַ שלאַנק און הויך געשטאַלט פון אַ מאַנצפּאַרשוין. עס דערנעענטערט זיך תיכף צו אים, צום טאַטן. עס זעט אויס צו זיין עפּעס אַזאַ טונקל און אָפּגעפּוצט מענטשל מיט אַ האַרטן און שוואַרצן קאַפּעלירושל אופן שפּיציקן קעפּל. עס טראָגט גאָלדענע פּאַנסנע איבערן רויטן נעזל פון אַ שיכורן גוי. דאָס טונקעלע שנירל פון די פּאַנסנע פאַלט אַרונטער איבער זיין ווייס־זיידענעם וועסטל. אין דער רעכטער האַנט האַלט ער אַ דין גלאַנציק און שוואַרץ שטעקעלע מיט אַ פּערלמוטערנער האַנטהאַבע (הענטל). דער פריץ גייט צו נאָענט צום טאַטנס פערד, נעמט עס אָן ביים ציימל און פירט עס ריטמיש דורכן גאַנצן לאַנגן פוילישן וועג פונעם וואַלד...— — —

דער טאַטע דערציילט און מיר, די מאַמע מיט די קינדער, שוידערן אויף. מיר הערן זיך צו צו דער מעשה שוין דעם וויפלטן מאָל. אָבער יעדער מאָל ווען מיר הערן דעם טאַטן דערציילן פאַר די געסט וועגן דעם פוילישן „אַריסטאָקראַט", ווי ער רופט אים אָן, שוידערט אונדז אויפדאָסניי אין די ביינער. און עס שוידערט מיך אַפילו איצט, ביים אָנשרייבן די געשיכטע אין דעם פריען באַגינען...

און, דער טאַטע זיצט אַזוי אויפן וואָגן אַזאַ מוראדיק פאַרגליווערטער. די צייט ציט זיך עפּעס אויס פאַר אים מיט אַן אומהיימלעכער דויערהאַפטיקייט. אויפן הימל שטייען גרויסע און אומהדיקע שטערן. דער וואַלד איז איין שטיק אור־נאַכט און טינט־חושך. און דאָס הויכע „ריסטאָקראַטל" שווייגט און פירט אַזוי שטומערהייט דעם טאַטנס פערד פאַרן ציימל. עס פירט ממש דעם טאַטנס לייב און לעבן דורך וועלדער און צייטן מיט פּחד און נסיונות. עס פירט אים פאַרביי דורך אַלע קומענדיקע מלחמות, פּאָגראָמען, מערדערייען און אומגליקן אויף יידן און אויף זיין אייגענער משפּחה.

ערשט ביים ברעג פונעם וואַלד האָט דער אַריסטאָקראַט פון פּאַריז וואָס קומט יעדער יאָר כדי צו שיכורן און צו מאָרדן אומשולדיקע מענטשן אין די דערפער, זיך העפלעך פאַרנייגט צום טאַטן און ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן. דאָס דערשראָקענער פערד איז שוין איצט אַליין געלאָפן אָן אַן אָפּשטעל און ווי אָן אָטעם אויף. עס האָט, ווייזט אויס, געגוי געוואוסט דעם וועג צום זיידנס וואַסער־מיל. און ווען עס האָט זיך גיך דערנעענטערט צום זיידנס הויף, האָט דאָס פערד אַפילו נישט געוואַרט אַז מען זאָל עפענען

דאָס טויער, נייערט עס האָט פלוצלינג געטאָן אַ שפרונג אַריבער דעם היוכן שטאַכעט צוזאַמען מיטן טאַטן זיצנדיק אויפן וואָגן, און עס איז געבליבן שטיין פונקט ביי דער טיר פונעם זיידנס הויז...

דער זיידע ר׳ לייבוש יואלקעס איז דער ערשטער אַרויסגעלאָפן פון שטוב. דער טאַטע, דערזעענדיק זיין אייגענעם פאָטער, האָט איצט געגנומען חלשן. אַ סך וואַסער האָבן די באָבע רייזל מיט אירע טעכטער פאַרגאָסן ביז מען האָט דעם טאַטן קוים מיט צרות אָפּגעמינטערט. אָבער די באָבע האָט אויסגעשריגן צו אירע טעכטער מיט אַ געוויין אָנקוקנדיק דעם טאַטן:

— זעטץ נאָר, קינדער, וואָס עס איז געשען מיט ענקער ברודער מאָטל: די האָר אויף זיין קאָפּ זיינען דאָך ביי אים איבער נאַכט געוואָרן גרוי ווי ביי אַ טויב...

און דורך אַלע יאָרן פון זיין גאַנצן לעבן האָט דער טאַטע געדענקט די סצענע פונעם מאָדנעם פּאַלמעסן אין פעלד פון דער יינגער יידישער פרוי און פונעם דערשיינען אין וואַלד פון דעם פּוילישן אַריסטאָקראַט ווען מען האָט אין אַ טאָג אַרום געפונען אין דעם זעלביקן וואַלד, אַן אופגעהאָנגענעם אויפן צווייג פון אַ בוים, און וואָס האָט מיט אַ נאַכט פריער שפּאַצירט טויטערהייט ביי דער זייט פונעם טאַטנס וואָגן און האָט געפירט דאָס איינזאַמע פערד ביים ציימל...

דער טאַטע האָט בשעת די שפּעטערדיקע יאָרן, וואַנדערנדיק מיט דער משפּחה איבער די חרובדיקע שטעטלעך און דערפלעך פון וועמענס היימען און הייזער מען האָט אַרויסגעטריבן די יידן בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, דערציילט און אַריינגעטייטשט אין דעם געשעעניש אַלערליי טייטשונגען און סודות. די מערסטע שפּעטערדיקע געשעענישן אין זיין לעבן, האָט ער געהאַלטן, זיינען פאָרויסגעזאָגט געוואָרן אין די פּאַסירונגען פון דער דאָזיקער שוידערלעכער מעשה. אין יענער טונקעלער נאַכט איז, לויט אים, געשריבן געוואָרן אין הימל מיט די אותיות פונעם גורל זיין גאַנץ קומענדיק לעבן און אפשר אויך די לעבנס און געשעענישן פון זיין ווייב און זיינע קינדער, שוין מיט מיר אַריינגערעכנט...

עס איז כדאַי עפּעס צוצוגעבן וואָס באַשטעטיקט, אַזוי צו זאָגן, דעם טאַטנס געשיכטע ווי אַן „אמתדיקע״ געשעעניש. דער טאַטע האָט בשעת יעדעס מאָל פאַר נייע געסט און אויך ביי פרישע געלעגנהייטן געשילדערט די אויפפירונג פון דער בידנער חיה, דאָס געטרייע פערד, וואָס האָט בשעת מעשה שווער געסאָפּעט און איז געגאַנגען דורכן וואַלד מיט האַסטיקע שריט און אין הוילער שרעק, ווי שוין עטלעכע מאָל דערמאָנט, בשעת דער וואַרשיינלעכער מערדער פון דער יידישער פרוי האָט עס געפירט. צו יענער צייט, ווען איך בין נאָך געווען אַזוי יינג, האָב איך פאַרשטייט זיך נישט געשאָנקען קיין באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט צו דעם אַזוי־גערופענעם גייסטיקן אָדער פּסיכאָלאָגישן צושטאַנד פונעם פערד.

ערשט מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך בין געוואָרן אַ פלייסיקער לייענער פון ליטעראַטור, האָב איך געליינט צו מיין גרויסער איבערראַשונג ווי אַזוי חיות זיינען באַזונדערס סענסיטיוו צו ענלעכע דערשיינונגען פון אָקולטיסטישן כאַראַקטער; ווי אַזוי זיי רעאַגירן אויף זייער שטייגער און זיי ווייזן קלאָר אַרויס זייערע רעאַקציעס, זייער וויסן און באַוואוסטזיין אַז עפּעס קומט פאָר אַרום זיי פון אַן אומגעוויינלעכער נאַטור. דעמאָלט האָב איך זיך דערמאָנט אַז מיין טאַטנס שילדערונג פון דעם אויפגערעגטן צושטאַנד, פון דער שרעקעוודיקער אויפפירונג פונעם פערד, לויפנדיק דורכן וואַלד און שווער סאָפּענדיק פון אומגעוויינלעכן שרעק, איז ווייט נישט געווען קיין צופעליקע און אַוודאי נישט קיין אויסגעטראַכטע...

ביי מיר אַליין איז נישט פאַראַן קיין שום ספק אַז די פאַרשאָלטענע נשמה פון דעם אַריסטאָקראַטישן רוצח וואָס האָט אומגעבראַכט די יידישע שוינקייט, האָט געפירט דאָס איבערגעשראָקענע פערד מיט מיין טאַטן וואָס איז שיער אויסגעגאַנגען פון פחד, און דער פריץ האָט עס געהאַלטן דורך דער גאַנצער צייט ביים לעדערנעם ציימל. ווי שוין געזאָגט: מיין פאָטער האָט אַ סך מאָל פאַר געסט אָדער פאַר משפחה־מענטשן דערציילט די דאָזיקע מעשה, שטענדיק מיט גענוי די זעלביקע ווערטער, ווי זיי וואָלטן געווען אויסגעקריצט אויף איינער פון די אַלטע מצבות פונעם צמענטאַזש, קיינמאָל מער נישט אָפּצומעקן אָדער צו פאַרענדערן אַ וואָרט דורך קיין שום רעגן, שטורעמווינט אַדער מבול...

## דר. לודוויג בּער

### (פון הענעך גליצענשטיינס זכרונות)

אין פלאָרענץ טרעפט זיך הענעך גליצענשטיין מיטן בילדהויער בייערער. אַ סך יאָרן זיינען אַדורך זינט יענעם אינצידענט אין מינכען ווען עס איז פאָרגעקומען די פאַרזאַמלונג פון דער אַקאַדעמישער יוגנט. בייערער, דעמאָלט נאָך אַ ייִנגער סטודענט אין וועמענס אָדערן דאָס הייסע בלוט האָט געקאָכט, רופט אַרויס אַ געשלעג, אַ סקאַנדאַל. ער האָט געהאַט אַראָפּגעשלעפּט פון דער בינע אַ צווייטן מאָלער־קאָלעגע, אַ געוויסן קעניגסבערגער, וואָס זאָל מכלומרשט האָבן באַליידיקט זיין יידישע פריינדין מיט וועמען ער האָט שפּעטער חתונה געהאַט. בייערער האָט זיך אויף דעם אַנדערן סטודענט געוואָרפן מיט רוגזה, האָט אים ביטער געשלאָגן און אים געביסן אין אויער אויך. ער איז דערנאָך פאַרמשפּט געוואָרן דורכן פרייסישן געריכט צום אָפּזיצן אין פעסטונג זעקס חדשים. זיין שיינע פריינדין האָט יעדן טאָג צו אים געטראָגן אין תפיסה־קאַמערל געשמאַקע שפּייזן, פירות און בוקעטן בלומען. אויך ביכער פון גרויסע לירישע דיכטער וואָס האָבן געשריבן וועגן ליבע. אָבער ווען בייערער ווערט באַפרייט פון דער תפיסה־פעסטונג, ווערט ער שטאַרק אַנטוישט: זיין כלה וואָס האָט צו אים יעדן טאָג געטראָגן מתנות, פיזישע און גייסטיקע שפּייז, האָט דווקא חתונה מיט דעם סטודענט וואָס האָט

געשלאָגן איר חתן... די סענסאַציע איז גרויס אין דער סביבה פון דער אַקאַדעמישער יוגנט. אין אַ קורצער צייט אַרום שטאַרבט איר מאַן וואָס האָט געשלאָגן און באַליידיקט אין געליבטן, פון אַ בלוטשטורץ...

אין פלאָרענץ טרעפן זיי זיך ווידער — גליצענשטיין און בייערער וואָס טרויערט אויף זיין פאַרלוירענע געליבטע. אָבער די גאַנצע געשעעניש איז שוין איצט אָפּגערוקט אויף אַ גרויסער דיסטאַנץ פון צייט. ביידע יינגע מענער דערמאָנען זיך יענע געשעענישן ווען זיי זענען נאָך געווען אַזוי יינג. בייערער ברענגט שפּעטער צוגאַסט אין דער רוימישער סטודיאָ פון גליצענשטיין דעם דר. לודוויג בער...

דר. לודוויג בער האָט שטודירט מיט אַלע יינגע געלערנטע אין דער ריזיקער ביבליאָטעק פון וואַטיקאַן. דר. בערס שוועסטער שטודירט אויך אויס ליבשאַפט צו קונסט, צו מאָדולירן. אין מינכען לאָזט זי אירע זאַכן קאָרעגירן ביי דעם בייערער. זי האָט שפּעטער קיינמאָל נישט חתונה געהאַט, טראָצדעם וואָס זי איז געווען אַ זעלטענע שיינקייט. זי האָט געטראָגן קאָסטבאַרע קליידער. זי האָט פּאַקטיש נישט געגעסן און נישט געטרונקען, זאַמלענדיק פאַר זיך דאָס געלט וואָס אירע עלטערן האָבן איר געשיקט, כדי זיך צו קויפן צירונג ביי די רוימישע צירונג־הענדלער. זי פלעגט קומען צו די סטודענטישע בעלער געקליידט ווי אַ קעניגין אין גרויסאַרטיקע קליידער, אין הערלעכער אַנטיטשנער צירונג פון פאַרצייטישן עגיפּטן. מען האָט זי גערופן קלעאָפּאַטראַ. ביי זיך אין הויז האָט זי געהאַלטן אַ שלאַנג, אַ קאָבראַ וואָס איז געווען גיפטיק. אָבער האָט חלילה קיינמאָל נישט געביסן נאַטאַשאַן, ווי זי האָט זיך גערופן. די שלאַנג האָט געהאַט געערן צו זיצן אויף איר שויס בשעת געסט זיינען צו איר געקומען צו גאַסט און געטרונקען וויין. ווען די געסט זיינען אַוועק שוין אָנגעשיכורטע, איז נאַטאַשאַ געבליבן זיצן אַליין אַזאַ טרויעריקע. שפּעט ביינאַכט פלעגט זי זיך לייגן שלאָפן, און ווען זי איז שוין געהאַט איינגעשלאָפן, האָט זיך צוגעשאַרט די שלאַנג צו איר בעט און זיך אונטערטעניק אַוועקגעלייגט ביי אירע שמעקעדיקע און וואַרעמע פיס. אַזוי האָט נאַטאַשאַ אירע מערסטע יאָרן אָפּגעלעבט אין איינזאַמקייט. אין איינער אַ נאַכט איז די שלאַנג איינגעשלאָפן אויף אייביק נעבן אירע שיינע פיס. קלעאָפּאַטראַ האָט באַוויינט דעם טויט פון דער שלאַנג און האָט פאַר איר געקויפט אַ קליינעם קבר אויף אַ בית עולם פאַר חיות אין רוים. דערנאָך האָט זי געלעבט אין אַבסאָלוטער איינזאַמקייט ביז איר לעצטן טאָג, אָנצינדנדיק יעדעס יאָר אַ יאָרצייט־ליכטל נאָך דער קאָבראַ...

שפּעטער מיט יאָרן קומט גליצענשטיין קיין בערלין. אין דעם הויז פון דר. לודוויג בער איז געווען אַ צענטער פון קינסטלער, מוזיקער און ליטעראַטן. דר. בער האָט זיך באַמיט אַריינצופירן אין זיין הויז די שענסטע פערזענלעכקייטן פון בערלין. ער האָט געקויפט פאַרשידענע מאָלערייען, ראַדירונגען און פּלאַסטישע אַרבעטן, באַזונדערס פון נויטבאַדערפטיקע קינסטלער וואָס האָבן נאָך שטודירט אין קונסט־שולעס,

אַקאַדעמיעס און ביי באַרימטע קינסטלער. ער האָט פאַרמאָגט אַן אויסגעצייכנטע זאַמלונג פון דייטשע גראַפּיקער וואָס איז געווען אַ ירושה פון זיינס אַ פעטער. דר. בער פלעגט אַרומפאָרן איבער דער וועלט. ער האָט באַזוכט שפּאַניע, פראַנקרייך, איטאַליע, ענגלאַנד און פּאָרטוגאַל. אומעטום, וואו נאָר ער האָט באַגעגנט באַגאַבטע, אָבער אָרעמע מענטשן, האָט ער זיי געשטיצט מיט געלט. וויפיל ער האָט זיי געגעבן, האָט ער שטענדיק געגלויבט אַז ער האָט זיי געגעבן צו־ווייניק...

דר. לודוויג בער האָט אויך געשריבן פאַמיליענדראַמעס. ער האָט זיך תמיד באַמיט צו פאַרטיפן זיך אין די געהיימענישן פון דעם איינזאַמען און ליידנדיקן מענטש. ער האָט זיך געפילט סאָלידאַריש פאַרבונדן מיט זייער לעבן און גורל. ער האָט זיך געהאַלטן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייער וואויל זיין... ער האָט זיך כסדר באַמיט צו געפינען די איינזאַמע, אָרעמע און ליידנדיקע מענטשן, כדי זיי צו העלפן מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט. ער איז געווען און איז פאַרבליבן זייער אייביקער פריינד...

איינמאָל האָט גליצענשטיין געבראַכט אין דר. בערס הויז אַ רוסיש מיידל, אַ סטודענטקע, וואָס האָט שטודירט מוזיק און האָט אָפּגעשטאַמט פון דעם גרויסן רוסישן קאָמפּאָזיטאָר טשייקאָווסקי. אָבער זי איז געווען זייער אָרעם טראָץ איר וואַזשנעם ייחוס. דר. בער האָט איר געגעבן געלט אויף צו לעבן און שטודירן אין קאָנסערוואַטאָריע. ער האָט זי לייטיש אויסגעקליידט און האָט איר געשאָנקען זיין איינזאַמער שוועסטערס קליידער, צירונג און אויך זיין געטרייע באַגלייטונג און פריינדשאַפט. ער האָט זיך שטאַרק באַשעפטיקט מיט איר אויסזען און וואוילזיין. זי איז שפּעטער אויפגעטראָטן אויף קאָנצערטן און האָט אים געהאַט אַ סך צו פאַרדאַנקען פאַר איר מוזיקאַלישער קאַריערע. מענטשן האָבן דערוואַרט אַז דר. בער זאָל סוף כל סוף חתונה האָבן מיט איינע פון די פרויען וועלכע ער האָט געשטיצט און אינטים באַפריינדעט. אָבער עס איז פאָרט נישט דערגאַנגען צווישן זיי ווייטער ווי צו פּלאַטאָנישער פריינדשאַפט, אויף וויפיל פריינד האָבן געוואוסט וועגן די אינטימע באַציונגען פון זייערע לעבנס...

דר. בערס מוטער איז געווען אַ האַלב־בלינדע פרוי. זי האָט ליב געהאַט צו לייענען וועלט־ליטעראַטור, און נאַטאַשאַ פלעגט פאַר איר פאָרלייענען פון דער גרויסער רוסישער ליטעראַטור אין אָריגינאַל. זי פלעגט פאַר איר אויך שפּילן אויפן פּאָרטעפּיאַן. אויף אַזאַ איידעלן אופן האָט דר. בער איר געגעבן צו פאַרדינען אויף איר אויסקומעניש...

פון אָנפאַנג אָן איז דר. לודוויג בער געווען אַן אינטימער פריינד צום הויז. גליצענשטיין האָט לייכט צוטרוי צו מענטשן. ער האַלט געוויינלעך יעדן נאָענטן מענטש, וואָס שייך פּראַקטישע ענינים, העכער ווי ער אַליין איז. און אַזוי האָט ער אין דר. לודוויג בער געזען אַן ערלעכן און געטרייען פריינד, ער איז אַפילו געוואָרן זיין עצה־געבער, זיין סעקרעטאַר, דער בריוו־שרייבער וואָס שייך זיין גרויסער קאָרעספּאָנדענץ מיט פאַרשידענע

פריינד אין דער וועלט מיט וועלכע גליצענשטיין איז געקומען אין קאָנטאַקט, און זיין פּאַרטרויאונגס־מאַן בכלל. באַזונדערס איז ער געוואָרן אַ פריינד אין הויז נאָכדעם ווי גליצענשטיין איז געקומען קיין רוים נאָך אַ יאָר אָפּוועזנקייט פון דער שטאָט מיט דער יינגער פרוי פון לאָדזש, העלענע הישענבערג, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט. העלענע איז געווען אַ שיינקייט פון אַ פרוי און דערצו האָט זי פאַרמאָגט חכמה, מאַניערן און אינטעליגענץ. זי איז געווען די שוועסטער פון שמואל הירשענבערג, דעם פּיאָנער פון דער יידישער מאָלעריי אין פּוילן, ווי אויך איז איר פאַמיליע געווען נאָענט פאַרקרובהט מיט דער משפחה פרישמאַן, וועמענס זון, דוד פרישמאַן, איז באַרימט געוואָרן אַלס עסייאוסט און מייסטער פון דעם מאָדערנעם העברייאישן שאַפן; אַלס פּיאָנער פון דער העברייאישער ליטעראַטור מיט ביאַליק, שניאור און אחד־העם אין זייער צייט... אין דעם נאַציאָנאַלן העברייאישן רענעסאַנס צו וועלכן אויך גליצענשטיין אַלס סקולפּטאָר מיט זיין באַרימטער סקולפּטור־שאַפונג „משיח” האָט געהערט, און וואָס ער האָט אויסגעשטעלט אויף דער ערשטער ציוניסטישער וועלט־קאָנפערענץ אין באַזעל, מיט דר. הערצל בראש...

דר. בער האָט געבראַכט אין גליצענשטיינס סטודיאָ־היים אין רוים זיין קאָלעגע, דר. קויפמאַן, וועלכער האָט אויך שטודירט אין דער ביבליאָטעק פון וואַטיקאַן, אין די דאָרטיקע אַרכיוון. דר. קויפמאַן איז געווען אַ יינגער מענטש, אָבער שוין פאַרהייראַט צו אַ פרוי וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס די שענסטע פרוי אין דער דייטש־רוימישער קאָלאָניע. גליצענשטיין האָט שפּעטער די פרוי פּאָרטרעטירט...

דר. לודוויג בער פירט גליצענשטיינען אַריין אין בערלין צו דר. פּאול נאַטאַן, דעם שעפער פון דער יידישער געזעלשאַפט „אַליאַנס איזראַעליט”. אויך ברענגט ער אים אין דעם הויז פון הער ניימאַן, סאַניטעטס־ראַט. דאָרטן האָבן פאַרקערט פּאָל זינגער, סעקרעטאַר פונעם רייכסטאַג און סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פירער; דער באַרימטער דענקער הערמאַן קאָהען, נעאָ־קאַנטיאַנער. אויך דר. מינדינס און גוסטאַוו קאַרפּעלעס וואָס האָט אַנגעשריבן אַ געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור. ווי אויך רודאָלף מאָסע, אייגנטימער פונעם „בערלינער טאַגעבלאַט”, און די באַרימטע פאַרלעגערס אולשטיינס, ראַטענויס און מענדעלסאָנס...

און אַזוי איז גליצענשטיין באַקאַנט געוואָרן דורך דר. לודוויג בער מיט דער קולטור־וועלט פון בערלין, מיט דער סמעטענע פון דער גייסטיק־יידישער געזעלשאַפט אין דער דייטשער הויפּטשטאָט. גליצענשטיין איז פאָרגעשטעלט געוואָרן צו דער פאַמיליע מעשענזאָן, פון דעם „ווערטהיים”־הויז, דאָס ערשטע קויף־הויז אין בערלין וואָס איז געווען גרעסער ווי מייסיס אין ניו־יאָרק. דאָס געשעפטס־הויז איז געשאַפן געוואָרן אַלס מוסטער פון שיינקייט אין דער גאַנצער וועלט. אויך אַלס

מוסטער פון קונסט. עס איז דעמאָלט געווען די גאָלדענע צייט אין אייראָפּע. די אַרכיטעקטור פונעם „ווערטהיים"־הויז איז געווען אַ מוסטער פאַר די אַלע שפּעטערדיקע קויפהייזער־סטילן. עס איז געשאַפן געוואָרן דורך דעם אַרכיטעקט מעסעל. די אַרכיטעקטור, די אָרגינעלע שאַפונג פון מעסעלס ווערק איז דאָ, אין אַמעריקע, אימיטירט געוואָרן. אָבער בלויז אין דעם אויסערלעכן סטיל. דאַקעגן איז דער קינסטלערישער שטאָלץ פון שיינקייט, עסטעטיק, קולטור און פאַרנעם גאָר ווייניק אימיטירט געוואָרן...

ווי געזאָגט, האָט דר. לודוויג בער אַריינגעפּירט דעם דעמאָלט נאָך פאַרהעלטנישמעסיק יינגן און יידיש־פּוילישן סקולפּטאָר אין די בכבודיקסטע הייזער אין בערלין. דר. בער איז געווען דער גרויסער אידעאַליסט ווי דאָס איז שוין קלאָר צום לייענער אויפן גרונד פון זיינע מעשים טובים און פון זיין הומאַניזם אין אַלגעמיין. וואָס ער האָט נאָר געטאָן, איז געווען מיטן גאַנצן ערלעכן האַרץ זיינעם; מיט ליבשאַפט, מיט גלויבן, מיט אידעאַליזם. עס איז דעמאָלט אויך געווען די גאָלדענע צייט פון די ראָמאַנטיקער. דר. בער האָט זיך געהאַלטן שטאַרק באַשיידן, אַזוי ערלעך אין אויסדרוק אַז דערנאָך, ווען גליצענשטיין האָט געלאָזט אָפּגיסן אין בראָנדז זיין פּאָרטרעטביוסט פון דר. בער, און האָט אים אויסגעשטעלט אין דעם בערלינער „סעסעסיאָן"־הויז, מיט גרויס דערפּאָלג אַגב, האָט ער אים פּאָרגעשטעלט אין דעם עקסטאַז פון אַ הייליקן, אין לויזע קליידער, מיט אַ פרייען האַלדז, די הענט צוזאַמענגעשלאָסן אין אַ פּויסט צו אַ תפילה אָדער צו אַ שבועה כדי צו דינען גאָט, און אפשר געטרייער צום מין געפאַלענעם און געליטענעם מענטש...

טראָצדעם וואָס דר. לודוויג בער האָט אַזוי גלענצנדיק געקענט די וועלט, איז ער דאָך דורכגעפאַלן אין זיין אייגענעם לעבן, וואָס איז פאַר אים געווען א טרויעריקע דראַמע. אַזוי איז אויך געווען דאָס לעבן פון זיין פאַמיליע. מען האָט אָבער קיינמאָל נישט געהערט אַ וואָרט פון באַדויערן אָדער חרטה פון אים אַליין. בלויז איינמאָל געפינט מען צופעליק עפּעס אַן עלעגיע וועגן זיין פאַרלאָבטער. דער פאָטער פון דעם מיידל וועלכע דר. בער זאָל האָבן געליבט, האָט אים געשטערט זיך צו פאַרבינדן מיט איר...

אין גליצענשטיינס זכרון, אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, בלייבן שטיין די שטיקלעך צעבראָכענע פערזן פון בערס ליד. זיינע הענט, שרייבט ער: פאַרבלוטיקןביים ראַנגלען זיך כדי צו דערגרייכן דעם שפּיץ פונעם באַרג. און קיינמאָל קען ער אים שוין נישט דערגרייכן בשעת זיינע כוחות גייען אויס און זיין ווילן צום לעבן פאַרלעשט זיך. מיר ווילן געניסן דאָס ברויט פון לעבן. אָבער מיר דערנערן זיך מיט גיפט. ביי דער טיר פון דעם מענטשנס געבורט שטייען צוויי מלאכים. וואָס איינער האָט חשק צו שענקען, נעמט דער אַנדערער צו...

שטענדיק האָט לודוויג בער אין קורצע פערזון אויסגעדריקט דעם שיקזאַל פון זיין לעבן.

אין זיין הויז זיינען געווען פאַרזאַמלט אַ סך פון גליצענשטיינס ווערק. אין דעם יאָר 1916 קומט גליצענשטיין צו אים צוגאַסט. ער האָט נאָך דעמאָלט פאַרמאָגט דאָס אַלטע און שיינע הויז אין וועלכן פריצים האָבן געוואוינט בשעת די פריערדיקע יאָרן און זיי האָבן איבערגעלאָזט אין די ליידיקע שטיבער און קעלערן שפורן פון זייער עקזיסטענץ, בשעת זיי אַליין זיינען אויסגעשטאָרבן. די מוטער זיינע, ווי אויך זיין שוועסטער, לעבן נאָך דעמאָלט. איינמאָל דערציילט דר. בער אַז רייכע מענטשן האָבן אים אַנגעבאָטן אַ סך געלט פאר זיין אייגנטום. ער פאַרקויפט דעמאָלט דאָס הויז. אבער דאס געלט ווערט באַלד ווערטלאָז דורך דער אינפלאַציע. זיין אייגציקע שוועסטער שטאַרבט אַלס אַן עלטערע בתולה, קיינמאָל נישט האָבנדיק די געלעגנהייט צו געפינען אַ פּאַסיקן מאַן. אויך זיין מוטער פאַרענדיקט איר לעבן אינעם אלטן הויז אלס אַן עלטערע פרוי. דערנאָך, שוין אַ טויטלעך־אָרעמער מאַן, ווערט דר. לודוויג בער אַ שרייבער אין אַ געוויסער אַגענטור. אָבער דאָס האַלט אויך לאַנג נישט אָן...

דר. בער, ווי שוין דערציילט, איז געווען אַן אמתער אידעאַליסט און אַן אומפּראַקטישער ראָמאַנטיקער. זיין פאָטער לאָזט אים איבער אַ געוויסן פאַרמעגן. אָבער ער אַליין איז געווען עפּעס אַן אומרייף קינד. ער איז געווען אַ פריינד פון העלענען און פון איר מאַן, פון דעם מייסטער, און פון זייערע ביידע קינדער עמנואל און בעאַטריטשע. ער פלעגט בעטן די קינדער אַז זיי זאָלן אים רופן „אָנקל״, ווי כדי צו זעטיקן זיין הונגער נאָך אייגענע... ער האָט זיך אָבער נישט באַמיט צו בלייבן אַלס אַ טייל פון דער פאַמיליע. איך פאַרשרייב גענויער די ווערטער ווי גליצענשטיין אַליין דריקט זיך אויס: „צו בלייבן אומשטערבלעך אין דער פאַמיליע...״

עס איז פאַר דעם שרייבער פון די שורות נישט אינגאַנצן קלאָר צי מיינט גליצענשטיין אַז דר. בער האָט געדאַרפט ווערן זיין איידעם... אָבער די מערסטע מענטשן וואָס זיינען אין משך פון די יאָרן געקומען אין קאָנטאַקט מיט די גליצענשטיינס, זיינען נישט געבליבן זייערע פריינד. זיי האָבן אַלע אָן אויסנאַם באַוואונדערט דעם מייסטערס קינסטלערישע שאַפונגען; אויך זייער גרויסע קולטור און ראַפינירטע מאַניערן. אָבער עס איז געווען אַ שטריך אין די גליצענשטיינס וואָס האָט געמאַכט אוממעגלעך פאַר די מענטשן אַרום דער פאַמיליע צו פאַרבלייבן זייערע נאָענטע פריינד אויף אַ לענגערער צייט. די סיבה איז געווען דערינען וואָס זיי האָבן פאַרשקלאַפט זייערע פריינד. דאָס אינדיווידועלע לעבן זייערס האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן מיט מאָמענט וואָס זיי האָבן זיך דערנענטערט און באַפריינדעט מיט דער דאָזיקער רוימיש־יידישער פאַמיליע. די פערזענלעכע עקזיסטענץ, אַמביציעס, אידעאַלן און שטרעבונגען פון זייערע פריינד האָבן געמוזט ליקווידירט ווערן, זיך אויסצודריקן ברוטאַל. די גליצענשטיינס האָבן אינסטינקטיוו געהאַלטן אַז די מערסטע פריינד

זייערע באַדאַרפן זיך אויפלייזן מיט זייערע אינדיווידואַליטעטן און פּערזענלעכע אַמביציעס אין דער קאַריערע פון די גליצענשטיינס. זיי מוזן ווערן אַבסאָלוטע קנעכט. דער שרייבער פון די שורות וואָס האָט זיי יאָרנלאַנג פאַרגעטערט, האָט זיי געמוזט לאָזן שטיין אין אַ געוויסן מאָמענט פון זיין לעבן און ברוטאַל אָפּברעכן אַלע זיינע באַציונגען מיט דער דאָזיקער פאַמיליע. אויב ער האָט דאָס נישט געטאָן, האָט ער אַליין אַלס מענטש און קינסטלער געמוזט אונטערגיין, זיך אַליין אויפגעבן, פּשוט באַגיין גייסטיקן און אַפילו פיזישן זעלבסטמאָרד...

איך געדענק אומהיימלעכע מאָמענטן: גייענדיק אויף טיימס סקווער, צי געפינענדיק זיך אין באַנק, אין טעאַטער, אָדער אויף אַן אויסשטעלונג אין אַ קונסט־גאַלעריע, האָט ביאַטריס דערזען פּלוצלונג אַלטע פריינד פון רוים. זי איז צוגעפאַלן צו זיי מיט אַ הונגער זיי צו קושן, צו אומאַרמען, ווידער צו פאַרבינדן אַ פריינדשאַפט. אָבער די אַמאָליקע פריינד האָבן שוין געהאַט זייער טרויעריקע דערפאַרונג. זיי האָבן פּלוצלונג געלאָזן שטיין ביאַטריסשען אינמיטן גאַס און זיי זיינען שנעל אַוועקגעגאַנגען, זיך פּשוט דערווייטערט פון איר אויף אייביק, זיך קעגנזייטיק אויסמיידנדיק צו טרעפן זיך נאָכאַמאָל אויפן צופעליקן וועג פון לעבן... עס איז געווען עפּעס טראַגישס אין אַזעלכע סצענעס און העכסט־אומהיימלעכע באַגעגענישן פון אַלטע און אַמאָליקע גוטע פריינד...

און אַזוי איז די פיינע און סענסיטיווע פּערזענלעכקייט פון דעם פריערדיקן יאָרהונדערט, דר. לודוויג בער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ליבשאַפט צו קונסט, צו ראַפינירטע מענטשן, און ער איז געווען זאָרגלאָז, ראָמאַנטיש געשטימט און אַ פריי־דענקענדיקער מענטש, אויך אונטערגעגאַנגען ווי איינער וואָס ווערט פּלוצלונג אַרומגערינגלט בשעת אַ גרויסן און קאַלטן טאָג פון די כוואַליעס בשעת ער שפּאַצירט אויפן ברעג פונעם שטורעמדיקן ים און ער זינקט אַריין אין דעם אָפּגרונט אויף אייביק... און די פאַמיליע גליצענשטיין האָבן אין אים פאַרלוירן אַ זאָרגלאָזן פריינד, אַ געטרייען מענטש, אַ ריינע נשמה...

דר. לודוויג בער, וואָס אַן אמת, איז געווען אַן אינטימער פריינד פון העלענס עלטערער שוועסטער. אָבער אויך פון דער דאָזיקער פריינדשאַפט איז גאָרנישט געוואָרן. מיט זיינע אייגענע געשריבענע ווערק האָט ער נישט געהאַט קיין גרויס גליק. דאָס זיינען געווען שוואַכע דראַמעס, כאָטש רייך אין גייסט, אָבער אָרעם אין אַקציע. זיי זיינען גיכער געווען אידעען, געדאַנקען, וויזיעס, ווי לעבעדיקע מענטשן וואָס קענען האַנדלען, טאָן, באַשאַפן, קעמפן און באַקעמפן. דר. בער האָט געהערט צו יענע מענטשן וואָס צייכענען זיך נישט אויס, ווי שוין אַרויסגעבראַכט, מיט קיין פּראַקטישן חוש, מיט קיין פּאָזיטיוון צוגאַנג צום לעבן. זיי זיינען געבוירן געוואָרן כדי צו חלומען, צו שוועבן אין דער הויך, צו ליבן און צו ענדיקן ווי דער יינגער ווערטער...

עס איז מיט אַ רירנדיקן געפיל וואָס גליצענשטיין האָט מיר

איבערגעגעבן די זכרונות וועגן זיין פריינד דר. לודוויג בער. אַ בלייכע און קוים אָטעמדיקע איז העלענע געלעגן אין דעם זייטיקן צימער. הגם עס איז געשטאַנען דער חודש יולי, איז דאָך די זון פאַרגאַנגען ווינטערדיק־רויט ווי אין אַ דעצעמבערדיקן נאָכמיטאָג. גליצענשטיין, אין זיינע ברייטע לייוונטענע הויזן, אין אַ רויטן לייבל, די זילבערנע האָר זיינע צעשויבערט, מיט אַרויפגעשאַרצטע אַרבל איבער די קורצע הענט, האָט מיט אַן עמאָציאָנעלער שטימע גערעדט וועגן זייער ראָמאַנטישן פריינד. ער האָט גערעדט פון דער סאַמע טיפעניש פון זיין האַרצן. יעדעס מאָל איז מען פאָרזיכטיק אַריינגעגאַנגען אין דעם אַנדערן חדר, כדי צו זען צי העלענע אָטעמט נאָך. אַן עלטערע פרוי איז געלעגן אויפן בעט, נאָך אַ האַרצאַטאַקע, און האָט ביטער געקעמפט מיטן מלאך המות. יעדעס מאָל זיינען מיר צוריקגעגאַנגען און ווידער האָט גליצענשטיין דערציילט פון זיין לעבן, און איך האָב ווידער פאַרנאָטירט אין מיין העפט. און אַזוי איז פאַר מיר אויפנעגאַנגען דאָס געשטאַלט פונעם נאָבעלן מענטשן דר. לודוויג בער, איינער פון די שיינע גייסטער פון דעם דייטשן יידנטום. אַן אמתער דיכטער לויט זיין אומעטיקן לעבן...

די צווייגן פון די בוימער האָבן שטיל גערוישט און געמורמלט אין דער פאָעטישער זומער־נאַכט, האַרט ביי די פענצטער, אָנרירנדיק מיט זייערע גרינע שפיצנבלעטער די טונקל־פייערדיקע שויבן. און איינער, אַן אַלטער מאַן, האָט דערציילט וועגן אַ נאָך עלטערן מאַן וואָס איז אַמאָל געווען יינג. אָבער אַלע זיינען סוף כל סוף פאַרגאַנגען און אַוועק אין אַנדערע וועלטן מיט די לעצטע שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון. און אַ נאָקטורנע שטימונג האָט אונדז אַלעמען איינגעהילט...

## אויפן באַלקאָן הענגט דער ווייטער פעלץ

ער האָט געהייסן פלטיאל. אָבער מען האָט אים גערופן פעלטע. כאָטש ער איז געווען אַ רייך זונדל און זיין טאַטע, ר׳ איטשע פאָדריאַטשיק איז טאַקע ווייט נישט געווען קיין אָרעמאַן, מחמת ער האָט צוגעשטעלט פראָוויאַנט, סחורות, תבואה, שינעלן, סאָלדאַטסקע אובראַניעס, שטיוול און וואָס נישט צו דער צאַרישער פעסטונג אין איוואַנגאָראָד (דעמבלין), איז פעלטע אָבער נישט געווען קיין וואַזשנער לייט. ער האָט זינט זיינע יינגע יאָרן זיך געחברט מיט בלאַטע יינגען און פשוטע גנבים. עס זיינען אין שטעטל געווען צוויי באָרדעלן אויך פאַר די צאַרישע אָפיצירן און פראָסטע סאָלדאַטן. פעלטע האָט זיך בשעת די שפעטע נעכט אַרומגעפירט מיט די מוידן פוןביידע זינדיקע הייזלעך. איין פרוי פון בערלין געדענק איך ביזן היינטיקן טאָג. זי איז נישט געווען קיין יידישע. זי האָט געהאַט אַ קאָפּ מיט שווארצזיידענע האָר. זי האָט בשעת די זומערדיקע טעג געטראָגן אַ שוואַרץ קלייד דורך וועמענס דינעם און דורכזיכטיקן שטאָף מען האָט אַדורכגעזען איר לייב וואָס איז געווען ווייס ווי אַלאַבאַסטער. די גלידער אירע האָבן אָפּגעלויכטן מיט אַ ליכט וואָס איז געווען אויסטערליש העל. זי

איז נישט געגאַנגען מיט קיין געוויינלעכן גאַנג, נייערט געטאַנצט דורך די אַלטע געסלעך פון איוואַנגאָראָד, קוים באַרירנדיק די ערד מיט אירע גרינגע פאַנטאָפל. איך בין דעמאָלט נאָך געווען אַ ייִנגעל פון אַ יאָר פערצן אָדער פופצן. איך בין ממש אויסגעגאַנגען פאַרן חן, פאַר דער שיינקייט פון די ייִדישע טעכטער אין שטעטל וואָס זיינען ממש אַרויסגעגאַנגען פון זייערע מוטערס גופים ווי פאַרטיקע קראַסאַוויצעס וואָס האָבן געררייצט די מאַנצלייט, יינג און אַלט, פון די געסלעך. פעלטע האָט האַלב אין וויץ און האַלב ערנסט מיר פאָרגעשלאָגן די בערלינער קראַסאַוויצע, זאָגנדיק: „דו שרייבסט שוין, דערציילט מען, לידער וועגן ליבע. אָבער וואָס ווייסטו וואָס ליבע איז? אָט די נקבה איז דאָס גן־עדן אַליין. זי הייסט חוה. איין קוש פון אירע אָפּגעפּאַרבטע ליפּן, און דו וועסט ווערן שיכור ווי דו וואָלסט אויסגעטרונקען אַ פלאַש מיט וויין. פאָלג מיך, מחמת איך בין דיר אַ גוטער פריינד: גנבע ביים טאַטן דיינעם, דעם פּאָדריאַטשיק פאַרן צאַר ניקאָלאַי, עטלעכע רובלעס פונעם טייסטערל וואָס ער לאָזט איבער אין זיין וואָכעדיקער קאַפּאָטע בשעת ער גייט שבת אין דער פרי צום דאַווענען אין שול אַריין, און קום צו מיר. גיב מיר אָפּ דאָס געלט און נעם זי דיר אַריין אין וואַלד צווישן די געדיכטע קזשאַקעס (קוסטעס). דו וועסט קיין חרטה נישט האָבן...״

איך האָב אים וואָס אַן אמת געזידלט פאַר אַזוינע רייד וואָס האָבן מיך אָנגערעדט צו זינד, און איך האָב אים באַליידיקט אויך. אָבער פעלטע האָט מיך ממש פאַרגיפטעט. ער האָט מיר אָנגעטאָן אַ כישוף. איך האָב שוין די בערלינער שיינקייט געזען אין מיינע ביינאַכטישע חלומות. אַזאַ פרישע און שמעקעדיקע מויד מיט גרויסע שוואַרצע אויגן האָט זי ווי די קופּערנע מוק אין טיטוסעס מוח זיך אַריינגעכאַפּט אין מיינע געהירן און האָט מיך געפּיקט שיער נישט ביז משוגעת...

עס איז איינמאָל פאָרגעקומען אַ באַל ביים צאַרישן „ביעלאַווסקי פּולק״ אין די מיליטערישע קאַזאַרמעס, האָט זיך גרעטאַ אָנגעטאָן ווי אַ פּרינצעסין. זי האָט זיך אויסגעמישט מיט די אָפיצירן און מיט זייערע ווייבער, כלות און געליבטע פון מאָסקווע און פעטערבורג. זי האָט דעמאָלט אין דעם גרויסן געטומל און אין דער היץ פון וויין, ווייב, געזאַנג און שטורמישע קאָזאַצקע טענץ גאַנץ שיין אויסגעטאָן ביי די אָפיצערסקע פרויען די גאָלדענע זייגערלעך מיט די ברילִיאַנטענע בראָשקעס און בראַסלעטן פון די גרינגע זיידענע בלוזקעס, און זי איז אין פריען באַגינען ווען די נאַכטישע לבנה איז שוין אַ פאַרמוטשעטע געשטאַנען אויפן הימל מיט איר קוים אָנזעעוודיקער בלייכקייט, צוריקגעקומען צו פעלטען אַזאַ שווער באַלאָדענע מיטן קאָסטבאַרן צירונג און עס אויסגעשאָטן פון איר בוזעם מיט אַ זיגערישן שמייכל. זי האָט אויך געהאַט געטרונקען בשעת גנבענען דאָס צירונג אין דעם געדראַנג פון טאַנץ, געזאַנג און אָרקעסטער־מוזיק, אַלערליי געטראַנקען מיט די אָפיצירן און סאָלדאַטן וואָס זיינען איינגעשטאַנען אינעם צאַרישן גאַרניזאָן כדי אָפּצוהיטן די

אויפגערייצטע פּאָלאַקן פון צו באַגיין שלעכטע מעשים קעגן דעם צאַרס רעזשים...

ווי געזאָגט: חוה איז שוין זינט לאַנג געווען צוגעוואוינט צו טרינקען אַלערליי געטראַנקען. דאָס האָבן איר שוין די צאַרישע קאַוואַליערן אויסגעלערנט. זיי זענען אַגב געווען תמיד שיכור, נישט דווקא בשעת די לוסטיקע בעלער אין די קאָשאַרן (קאַזאַרמעס). אָבער פעלטע איז אויך געווען צו אַלע זיינע מצווהס און מעשים טובים אַ פאַרברענטער קאָרטנשפּילער. איינמאָל, בשעת ער איז געווען לוט־שיכור, האָט ער געשפּילט מיטן צאַרס העלדן און מיט זיינע געטרייע אָפיצירן. דער סוף איז געווען אַז ער האָט פאַרשפּילט די שיינע מויד צו אַ רוסישן גענעראַל וואָס האָט פאַרלוירן טויזנטער רובעלס און צום סוף פון דער נאַכט געוואונען מיליאָנען צוזאַמען מיט דער בערלינער מויד. פעלטע האָט אַ גאַנצע נאַכט געוויינט און געקלאָגט שווערנדיק אַז ער וועט די מויד נישט אַרויסלאָזן פון זיינע הענט. אָבער עס האָט אים געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס: דער קאָזאַצקע גענעראַל האָט זי אין באַגינען אַוועקגעפירט מיט זיך פון דער פעסטונג אויף אַ דראָשקע, און פעלטע האָט זי מער אין יענער נאַכט נישט אָנגעזען. פונדעסטוועגן האָט מען געשמועסט אין שטעטל אַז ער איז נאָך אַ צייט, ווערנדיק דין און פאַרצערנט פון בענקשאַפט נאָך דער חוהן, קראַנקערהייט אַוועק קיין אַרכאַנגעלסק און האָט דאָרט אין אַ פאַרמעסט מיטן גענעראַל, שפּילנדיק אַ גאַנצע נאַכט אין קאָרטן, צוריקגעוואונען אַ סך געלט צוזאַמען מיט דער שיינער געליבטע וואָס איז געווען גליקלעך צוריק אַריינצופאַלן אין פעלטעס הייסע אָרעמס. אַ רב אין אַרכאַנגעלסק האָט מגייר געווען חוהן און האָט אויך אַדורכגעפירט די צערעמאָניע פון גיין אונטער דער חופה מיט פעלטען... חוה האָט אין אַ צייט אַרום געבוירן דאָס ערשטע קינד צו פעלטען, אַ מיידעלע וואָס איז געווען ווי צוויי טראָפּנס וואַסער ענלעך צום פאָטער. זי איז געוואַקסן אַזאַ קליינטשיקע שיינקייט וואָס האָט ממש פאַרכישופט אַזוי גיך ווי זי האָט געקראָגן פלייש אויף אירע יינגע ביינדלעך. באַלד האָט זי געטראָגן צירונג אויך, און האָט ממש פאַרשרפהט די הערצער און געבליטן פון די מאַנצלייט אויף די גאַסן... איבערהויפּט אין דער צייט פון פרילינג ווען דער שמעקעוודיקער בעז שפּראָצט אַרויס ווי איבער נאַכט פון די דינע צווייגן פון די נידעריקע און איידעלע בעז־בוימער...

פעלטע איז קיין וואַזשנער פאַרדינער נישט געווען. דער טאַטע זיינער האָט אים אויפגעהערט צוצוואַרפן יעדע וואָך די עטלעכע רובעלס אויף צו שפּילן אין קאַרטן און צו פונדעווען די מיידלעך און זיינע חברים אין די צוקערניעס מיט שאָקאָלאַדע און מיט טרינקוואַרג. פעלטע האָט איצט געטאַנצט, געזונגען און דעקלאַמירט הומאָריסטישע לידער. און קאַפּיטלעך פון דער יידישער ליטעראַטור צוזאַמען מיט אַ טרופּע אַקטיאָרן וואָס האָבן זיך געשלעפּט אין אַלערליי שטאַלן און סטאָדאָלעס. ער איז געווען אַ לייטיש געוואַקסענער מאַנצביל וואָס האָט געהאַט אַ קאָפּ מיט

געלאָקטע רויטע האָר; קליינע וואָנסעס: אַ מויל מיט ווייסע ציין ווי פּערל; אַ קלאָרע הויט אויפן פּנים. כאָטש זיין ראיה איז געווען אַן אויסגעצייכנטע, האָט ער זיך אָנגעטאָן אַ פּאָר ברילן מיט אַ טונקל שנירעלע כדי ער זאָל אויסזען ווי אַ דאָקטאָר אָדער אַן אַדוואָקאַט. אַז ער פֿלעגט אַריינפֿאַלן אין כּעס אָדער בייז ווערן אויף עמעצן, האָט ער אַרויסגעכאַפּט אַ שפּרונג־מעסער פֿון דער גלאַנציקער און געפּאַסטער כאָלעווע פֿון אַ שטיוול און געדראָט צו „פּאַרפּעצן" דעם קרבן צווישן די ריפּן. די סטראַזשניקעס (פּאָליציי) האָבן נישט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט אים. אמת, מען פֿלעגט אים אַ מאָל אַריינוואַרפֿן אויף עטלעכע טעג אין אַזאַ מין קאָזע וואָס האָט געהייסן „וואָלני אַרעשט" (ציווילע תּפֿיסה). ער פֿלעגט אַרויסקומען פֿון דאָרט מיט נאָך מער חוצפּה און שטאָלץ ווי ער וואָלט געהאַט באַגאַנגען אַ העלדישקייט. אָבער ער האָט דווקא שיין געזונגען יידישע מעלאָדיעס און שלאַגערס פֿון טעאַטער אַז קינד און קייט זיינען געוואָרן פֿאַרכישופֿט פֿון זיי באַטעמטער שטימע. זיין שם אַלס זינגער, טענצער און קאָמעדיאַנטשיק איז געוואָקסן אין די שכנותדיקע שטעטלעך אין פּוילן...

אין דרויסן האָט זיך געשטעלט אַ פֿרילינג ווי אַן אָפּעראַ־פֿאָרשטעלונג. דינע און דאַרע באָטשאַנעס האָבן געשוועבט אונטערן הימל אין קרייזן איבער די הייזער פֿון שטעטל. „די באָטשאַנעס האָבן חתונה", האָט מען געזאָגט חכמות, אָדער אפֿשר איז עס טאַקע געווען אמת. די שלאַנקע פֿייגל מיט הויכע און דינע פֿיס האָבן ווי אין עקסטאַז אַרומגעקרייזט איבער די קליינשטעטלדיקע דעכער פֿון שינדלען און שטרוי מיט זייערע צעשפּרייטע פֿליגלען ווי מיט גרינגע פּעכערס וואָס פֿרויען האַלטן זומערצייט אין די הענט. איין באָטשאַן, געדענק איך, האָט זיך פּלוצלינג אָפּגעטיילט פֿון אַ גאַנצער מחנה, און האָט זיך אַרונטערגעלאָזט ווי אַן עראָפּלאַן מיט צעשפּריי־טע פֿליגל. ער האָט פֿאַוואָליע געלאַנדעט אויפֿן ווייכן גרונט פֿונעם „גלחס גאָרטן" וועמענס גראָזלאָנקע איז באמת געווען אַ סך גרינער ווי אין די שכנותדיקע גערטנער, און אַ גאַנצע כאָפּטע יינגלעך זיינען אים נאָכגעגאַנגען צוזאַמען מיט מיר אינעם קרענצל. די יינגלעך האָבן אים דווקא געוואָלט כאַפּן. דער באָטשאַן האָט אָבער נישט געוואַרט אויף קיין כּבֿוד און ער טוט זיך פּלוצלינג אַ היוב אויף, און זיינע ברייטע פֿליגלען טוען זיך אַ צעשפּרייט מיט אַזאַ שוואונג און שווין — ער איז ווידער גאַנץ אויבן אונטערן הימל און פֿריי פֿון די נאַרישע מענטשן. די זון גייט יעדע ווײַלע אונטער, ווערנדיק פֿאַרשטעלט פֿון די וואָלקנס, און עס ווערט עפּעס מאָדנע טונקל ווי אין פֿאַרנאַכט. אין דעם פֿרילינגדיקן ווינט וויגן זיך אַזוי לופֿטיק ווי די זעגלען פֿון די שיפֿלעך אויפֿן טייך די ווייסע איינשיטן פֿון די קישנס און פּערענעס; די וועש פֿון די ווייבער; מיט די געפּאַרבטע קאָלדרעס וואָס מען הענגט אויס ערבֿ פּסח איבער די הילצערנע פּלויטן. בײַם באַלעבאַטישן און צוויי־גאָרנדיקן הויז וואו דער רבי ר' צדוקל וואוינט, און פֿון וועמענס אָפֿענע פֿענצטער עס בלאָזן לופֿטיק די גאַרדינען אין דעם לינדן ווינט, ווי זיי וואָלטן חשק האָבן זיך

צו באַפרייען פון די שטיבער און נעמען שוועבן צום הימל צוזאַמען מיט די ווייסע באָטשאַנעס, הענגען אויך דעם רבינס העמדער, און אַפילו אַן ערשט אויסגעוואַשענער טלית קטן מיט לאַנגע ציצית. די יינגע רביצין שטעקט אַרויס אַ האַנט דורכן פענצטער, אַזאַ ווייסע און איידעלע ווי אַ ליליע, וואָס באַלויכט ממש די לופט אין דרויסן. די זון, אַזאַ צעהיצטע און ממש תאווהדיקע, שיסט אַרויס אירע שטראַלן און זיי פאַרזילבערן דער רביצינס האַנט מיט אַ פענעץ נאַקעט אָפּגעדעקטער פּלייצע בשעת זי בויגט זיך אַרויס כדי אויפצוהענגען אַ פריש שטיקל וועש אויף אַ שטריקל. און אַזוי ביסלעכווייז דערזעט מען איר גאַנץ געשטאַלט און מען קוקט זי טאַקע אָן פון אַלע שכנותדיקע הייף; פון די בוידעמער און דעכער אין די שמאָלע געסלעך אין וועלכע עס הערן זיך די שטימעס פון די חנעוודיקע יידישע קינדערלעך וואָס לערנען אין די ענגע חדרים...

יאָ, מען זעט ערשט אין דעם ערב פּסחדיקן פרילינג ווי שיין די רביצין איז. זי איז ערשט זינט אַ קורצער צייט אין שטעטל, מחמת די עלטערע רביצין איז עפּעס אַזוי פּלוצלונג אָפּגעשטאָרבן פאַראַיאָרן אין דעם חודש תמוז. הערשל פיזיק, דער היימישער פעלדשער האָט געזאָגט אַז זי האָט געקראָגן אַן אַפּאָפּלעקציע. דר. אַנטאָש וואָלינסקי מיטן אויסגעקרומטן קאָפּ האָט דערציילט פון עפּעס אַנדערש. סיי ווי, איר לעבן איז געווען פאַרביי און דער רבי האָט לאַנג נישט געקענט פירן טיש מיט זיינע געטרייע חסידים אָן אַ רביצין. זיינע באַליבטע חסידים אַליין האָבן אים געבעטן און ממש געוויינט מיט ביטערע טרערן אַז ער זאָל זיין הויז און הויף נישט מאַכן פאַר אַ פלאַץ פון קלאָגעריי מחמת דער בעל שם טוב אַליין און די גאַנצע חסידישע טראַדיציע איז געווען געשטעלט קעגן עצבות און טרויער ביים יידישן, פאָלק וואָס ליידט שוין גענוג צרות זינט די צייטן פון גזרת ת״ח און נאָך פריער אויך. עס איז מסתמא אַן אָנזאָג פון הימל אויסצומיידן מרה־שחורה. דער רבי האָט באַין ברירה געפאָלגט זיינע חסידים און האָט פּשוט מיט געוואַלד אריינגעלאָזט אין זיין הויז אַריין אַ פיל יינגערע רביצין אין האָט דערביי גענוג געוויינט ביחידות און פאַרגאָסן הייסע טרערן. יאָ, זיינע אויגן זיינען תמיד געווען פייכט מחמת ער האָט די פריערדיקע רביצין, זיין ערשטע ווייב, אַן אמתע אשת חיל, אַ יידענע נשמה, נישט געקענט פאַרגעסן. זי איז פּשוט טאָג און נאַכט געשטאַנען אין זיין האַרץ און האָט געטרונקען זיין ביטערע בענקשאַפט ווי גאַל. אָבער זי האָט זיך פאָרט פון גן־עדן נישט געקענט אומקערן צו אים...

ווי שוין דערציילט, שיינט איז דרויסן דער פרילינג מיט גאָר זיין רחבות און בליאונג. פעלטע שפּאַצירט זיך געמיטלעך אַרום און ער דערמאָנט זיך עפּעס אַ זיסן ניגון פון אַן אַלט ליד וועגן ליבע. ער ברומט זיך אַזוי בנעימותדיק דעם שיינעם ניגון ווען פּלוצלונג דערזעט ער, בשעת ער דערנענטערט זיך צום רבינס הויז כמעט אָן שום ציל און צוועק, ווי אויפן באַלקאָן פונעם צווייטן גאָרן וויגט זיך אין דעם אָנגענעמען

פרילינג־ווינט אַ געלער אָדער אַ רויטלעכער פעלץ וואָס פאַרכאַפּט עפּעס זיין האַרץ און אויג. דער פעלץ איז ווערט אַ מאַיאָנטעק, פאַלט איין אַזאַ טרייפענער געדאַנק אין פעלטעס זינדיקן מוח. עס איז אַ פעלץ וואָס פּאַסט פאַר אַ כראַביע אָדער טאַקע פאַר אַ פּרינץ צי ווייניקסטנס גובערנאַטאָר. יעדער לייטישער שררה קען זיך אָנטאָן אַזאַ פעלץ און ממש אָנהויבן צו שפּילן די ראָלע פונעם צאַר אַליין אָדער פון זיין פעלדמאַרשאַל, און מען וועט אַפילו גאָרנישט וויסן ווער עס איז דער אמתער גענעראַל צי גובערנאַטאָר, אָדער ווער — דער אַלמעכטיקער צאַר פון אַלע רוסן אין דער גרויסער סלאַווישער אימפּעריע...

אָבער ווי אַזוי קען אַזאַ מין אָרעמער פעלטע, כאָטש ער איז יינג און רייך מיט לוסט און באַגערן, זיך דערקלייבן צום מאַגישן פעלץ? ער הענגט דאָך אויפן באַלקאָן און ער פאַרשיינט ממש די גאַנצע גאַס פונעם רבין... בייטאָג וועלן אים דערזען די לאָבוזעס מיט זייערע ווילדע הינט, און באַמערקנדיק אַז ער גנבעט דעם רבינס פעלץ, וועלן זיי אים פּשוט כאַפּן און דורס זיין פאַרן באַגיין אַזאַ שרעקלעכן פאַרברעכן: דאָס גנבענען אַ זעלטענעם פעלץ, און נאָך דערצו פונעם הייליקן רבין...

דער אמת מוז געזאָגט ווערן אַז אין זיין היציקייט, אַ באַהערשטער פון דעם באַגער אַליין אָנצוטאָן דעם פעלץ און אויך דורכצופירן די „אַקציע" וואָס גיכער, האָט פעלטע אסור געדענקט אַז דאָס איז דעם רבינס פעלץ. מיר זאָגן נישט אַז ער וואָלט טאַקע אויסגעהאַלטן יידישקייט און ער וואָלט צוליב אַזאַ געדאַנק זיך אָפּגעהאַלטן פון צוגנבענען דעם פעלץ. אָבער פאָרט מוז מען זאָגן דעם ריינעם אמת אַז ער האָט בפירוש נישט געוואוסט און נישט געהאַט דעם מינדעסטן רעיון אַז דער דאָזיקער וואונדערלעכער פעלץ איז נישט דווקא דאָס אייגנטום פון עפּעס אַן אַלטן גראַף פּאָטאָצקי אָדער פונעם פירשט טשאַרטאָריסקי...

פונדעסטוועגן האָט זיך פעלטע בשעת זיין גאַנצער היציקייט און עקסטאַז תיכף באַרעכנט אַז ער מוז אַלץ טאָן געלאַסן, מיט אַ פּלאַן, און זיך טאַקע אָפּקילן אַביסל פון זיין ענטוזיאַזם און גליק וואָס עס האָט אים געטראָפן. ער האָט דעריבער באַשלאָסן געדולדיק צוצוואַרטן ביזן צופאַלן פונעם אָוונט וואָס איז אַ געטרייער פריינד פון יעדן גנב און געוואַגטן מענטש וואָס גרייט זיך דורכצופירן פאַרדעכטיקע מעשים, און האָבן געדולד ביז די זון וועט זיך נעמען זעצן ביים ברעג פון דער ווייסל, וואָס טראָגט זיך מיט זיינע כוואַליעס אַזש ביז דער אַלטער און קעניגלעכער שטאָט קראָקע וואָס איז די „סטאָליצע" (הויפּטשטאָט) פון גאַנץ פּוילן. דער פעלץ לופטערט זיך דערווייל אויס אין דעם לינדן ווינטל וואָס בלאָזט פון די מרחקים. ער טרוקנט זיך אויס — אַ מחייה ממש! — פון אַלע פייכטע ריחות, נאַפטאַלינס און אַנדערע שאַרפקייטן וואָס שמעקן נישט איבעריקס די מאָלן און אַפילו נישט די אינסעקטן וואָס זוכן די באַהעלטענישן און טונקלקייטן פון אַלטע מלבושים און פון פינצטערע קעלערס. יעדעס הערעלע פונעם פעלץ גלאַנצט ממש אַזוי ווי לעבעדיק אין

דעם אָפּשיין פון דער זון וואָס זעצט זיך געמיטלעך און פּאַוואָליעדיק ווי אַ ריזיקע גאָלדענע גאַנדז וואָס באַשליסט אויפדערנאַכט צו גיין פרי שלאָפן און זי פאַרמאַכט פריער גרינגלעך איין אייגל און דערנאָך דאָס אַנדערע. יאָ, די זון האָט זיך שוין איצט טאַקע באַהאַלטן הינטער אַ קזשאַק (קוסט). באַלד שווימט זי אַרויס און זי רירט שוין ממש אָן ערגעץ אויף דער אַנדערער זייט פון דער ווייסל דעם ברעג פון אַמעריקע... פּעלטע זיצט אין אַ ווינקל פונעם גלחס גאָרטן, באַהאַלטן אונטער די שטיגן פון עפּעס אַ געביידע, און ער וואַרט אָפּ מיט גרויס געדולד, אָבער אויך מיט אַן אימפּעטיק הארץ, אויף דעם מאָמענט ענדלעך צו קענען אַדורכפירן זיין וואונדערלעכן פּלאַן. פּלוצלונג דערזעט ער דורך אַ פענצטער אַז דער רבי פאַרציט דאָס שוואַרצע זיידענע גאַרטל איבער זיין אַטלאַסענער קאַפּאָטע וואָס דער זיידע האָט אים געהאַט געשאָנקען דרשה־געשאַנק צו דער חתונה, און ער גייט אַרויס מיט אַ גרופּע חסידים אויפן שאָסיי אין רחבותדיקן גאַנג איבער דער גאַנצער ברייט פון דער גאַס ביז צום בית המדרש כדי מקבל צו זיין דעם ליבן שבת קודש וואָס פאַלט צו מיט אַזוי פיל וואַרעמקייט און ליבשאַפט צו יידן. זיי גייען אַזוי פאַמעלעך און מנוחהדיק. כאָטש יידן וואוינען שוין זינט הונדערטער יאָרן אין דער פוילישער מדינה וואָס איז פול מיט אומפריינדלעכע גוים, איז אָבער דער הימל אויבן פאָרט אַ יידישער הימל: און דאָרטן זיצט אַ גאָט וואָס האָט ליב יידן און ער וועט חלילה קיינמאָל נישט לאָזן שלעכטס טאָן אַ יידיש קינד און אַפילו נישט אויסקרומען זיין מינדעסטן נעגעלע... אויך די מלאָכים זיינען דאָך אַלע יידישע מלאָכים און זיי האָבן ליב יידן ווי דאָס לעבן... אמת, דער רבי טרויערט לעצטנס נאָך זיין געליבטער רביצין, ווי שוין דערציילט. אָבער עס איז פשוט אַ זינד ביי יידן צו טרויערן, מחמת די יינגע רביצין מאַכט ליכטיק זיין הויז און די חסידים זיינען אויך נישט אומגליקלעך ווען זיי כאַפּן אַמאָל זייטיק אַ בליק אויף איר דעליקאַט יינגווייבלעך לייב וואָס איז ווייס ווי די שטראַלן פון דער זון אין פרילינג און ווי דער צווייט אויף די צווייגן פון די פרוכטבוימער. די רביצין בליט ממש ווי די שכינה...

הכלל, פּעלטע האָט שוין אין דעם דאָזיקן טאָג גענוג געטראַכט וועגן העכערע ענינים. איצט איז די צייט פאַר אַקציע. ער איז דאָך אַ מאַן פון מעשים. גיך ווי אַ מאַלפּע וואָס דראַפּעט זיך מיט אירע שאַרפע נעגל פון אירע הענט און פיס אויף די העכסטע צווייגן פון די בוימער אין דזשאָנגל, שפּאַנט פּעלטע אויף די לייסטלעך פון עפּעס אַ לייטער וואָס נישט דווקא קיין היימישער גוי, נייערט ממש אַ וואָרער מלאך פון הימל האָט אים צוגעשטעלט צו דער וואַנט. גיך דערגרייכט ער אַדאַנק זיינע יוגנטלעכע כוחות צום אייזערנעם באַלקאָן וואָס איז דעקאָרירט מיט אַ טעפּעך און אויך מיט בלומענוואַזאָנען. ער גרייכט שנעל ווי מיט הונדערט גיריקע הענט דעם צויבערהאַפטן פּעלץ. ער טוט אים תיכף אָן אויף זיך און ער פילט עפּעס אַ מין וואַרעמקייט איבערן גאַנצן לייב. אַלע זיינע גלידער

טאַנצן ממש פאַר פרייד. דעם רבינס פעלץ וואָס ער האָט געקראָגן אַ מתנה פון אַ חשובן נגיד אין דעמבלין, פּאַסט זיך אַזוי מין וואויל צו זיין גוף ווי אַ געשאַנק פון הימל. פעלטע וואַרט נישט לאַנג און ער וויל שוין איצט נעמען אַראָפּשפּרייזן פונעם באַלקאָן איידער די סטראַזשניקעס (זשאַנדאַרן) כאַפּן אים ביים צוגנבענען דעם פעלץ. אָבער דערווייל זעט ער דורכן אָפענעם פענצטער פונעם רבינס וואוינונג ווי עפּעס אַ לויז־געקליידעטע אישה, און דווקא גאָרנישט קיין זקנה, קומט אַרויס פון אַ זייטיקן חדרל. אַ מין פּערלדיק־לויטערע פּאַרע איז בפירוש ווי אַראָפּגעגאַנגען פון איר ליכטיקן אין שטראַלנדיקן לייב אַזוי ווי אַ דינער וואָלקן וואָלט זיך פּאַרטראַכטערהייט געריוויכערט אַרום אַ קוואַל אין די בערג. דאָס בלויז האָט זיך אין פעלטען ממש אַנגעצונדן און אויפגעקאָכט...

דאָס פענצטער איז, ווי שוין געזאָגט, געשטאַנען אָפן. דער קילער אָוונט־ווינט וואָס האָט געיאָגט פון דער זייט פון דער ווייסל וואָס איז געווען איינגעהילט אין דער נאַכט, האָט ארויסגעבלאָזן די גאַרדינען פון אינעווייניק צו דער גאַס צו. פעלטע פילט אַז די יינגע און רייצנדיקע רביצין וועט באַלד נעמען שרייען און געוואַלדעווען דערזעענדיק אים, און דעמאָלט איז ער חלילה אַ פאַרפאַלענער, סיי מיטן פעלץ און סיי מיט זיין גאַנץ לייב און נפש, ווי אויך מיט זיין פרייהייט. ער שפּרינגט דעריבער גיך אַריין דורכן פענצטער צו דער רביצין אין שטוב. ער כאַפּט זי אַרום און מיט זיינע שטאַרקע הענט פאַרשטעלט ער איר דאָס מויל. ער שטיקט זי ממש אויך. אָבער איר אינסטינקט וואָרנט איר לייטיש נישט צו שרייען און אַוודאַי נישט צו אַלאַרמירן קיין עולם אויף דער גאַס כדי צו כאַפּן דעם גנב... און וואָס עס איז ווייטער געשען אין יענער זומערדיקער נאַכט צווישן אַ יינגער פרוי, מעג זי אַפילו זיין ווירדיקע רביצין, די פרומקייט אַליין, און אַ גאַלאַנטן יינגערמאַן וואָס פּאַלט פאַר יעדער פרוי וועמעס אויגן פאַרמאָגן אַ גאָלדענעם פינקל ווי נאָר זי דערזעט אַ שיינעם מאַנצפּאַרשוין, קען זיך שוין דער לייענער אַליין פאָרשטעלן. אָבער דער שרייבער פון דער מעשה וואַגט נישט צו עפענען די קאָרטן און צו דערציילן וועגן די מעשים פונעם יידישן גזלן, מיר מיינען דאָ דעם פריילעכן זינגער און טענצער מיטן וואוילבאַקאַנטן נאָמען פעלטע...

אַהיימגעקומען אַ מידער און צעיאַכמעטערט מיטן פעלץ, איז פעלטע צו געפאַלן צום בעט אַ טויטלעך־פאַרמוטשעטער, מחמת ער האָט ביי דער רייצנדיקער רביצין נישט בלויז פאַרבראַכט איבער אַ שעה צייט נישט דווקא מיט דערציילן זיינע מעשיות וועגן דעם לעבן פון אַקטיאָרן, אַקטריסעס, קלעזמאָרים און בכלל וועגן דעם רייכן טעאַטער־רעפּערטואַר און פאָלקס־לידער וואָס יינגע וועדעטקעס אַזוי ווי זי, די שיינע רביצין, זינגען און פאַרכישופן דעם יידישן עולם און אָנצינדנדיק מיט זיינע שיינע רייד אַ פונק פון פאַנטאַזיע און פאַרגעניגן אין דער יינגער שיינקייט פון אַ פרומער יידישער פרוי, איז די רביצין אים נישט געבליבן שולדיק קיין

אויסדרוק פון פריינדשאַפט און בענקשאַפט אין איר האַרצן... זי האָט אים אויך מכבד געווען מיט זיסן מעד אין אַ גילדערנער כוסה און מיט געשמאַקן פלאָדן, וואָס האָט געשמעקט מיט האָניק און האָט פשוט פאַרשיכורט און שיער נישט איינגעשלעפערט דעם גליקלעכן פעלטען...

אויפצומאָרגנס, אַרום פאַרנאַכט־צו, ווען ער האָט ווידער געזען דעם רבין אַרויסגיין בנעימותדיק פון זיין אַלקער מיט אַ דריי־פיר חסידים און גיין אין בית המדרש אַריין כדי צו דאַווענען מנחה־מערב, איז פעלטע אויפדאָסניי געקומען צו דער רביצין. ער האָט ווידער אויסגעטרונקען אַ כוסה מיט מעד און האָט אויפדאָסניי פאַרביסן מיט אַ שטיקל פונעם נעכטיקן פלאָדן וואָס האָט פאַרמאָגט טויזנט טעמען, און מיט אַביסל איינגעמאַכטס אויך... די רביצין איז, פאַרשטייט זיך, געווען הערלעך שיין געצוי ווי עס שטייט פאַרשריבן אין די קלוגע ראָמאַנען און שפּאַנענדיקע מעשה־ביכלעך...

די רביצין האָט אגב געטראָגן אַ סאַמעטן קלייד פון אַ זומערדיקן־גרינגעם קאָליר. זי האָט אויך נישט פאַרגעסן אָנצוטאָן אויף איר דינעם און בלייכן האַלדז דאָס שנירעלע מיט פערל. און יעדעס מאָל ווען זי האָט היציק געערעדט, האָבן זיך די ליכטיקע פערל באַוואויגן און האָבן אָנגערירט אירע ביידע מילך־קלאָרע בריסטן. פעלטע, עס איז שוין גענוג קלאָר פון מיין דערציילונג, איז פשוט פאַרכאַפט געוואָרן פון דער רביצינס שיינקייט, גוטסקייט און תאווה. ווען אַ פרוי איז גליקלעך און זי ווערט אַנטציקט פון אַ מאַנצביל וואָס געפינט חן אין אירע אויגן, איז זי גרייט אַוועקצושענקען צו דעם מאַן וואָס געפעלט איר סיי דעם הימל מיט אַלע זיינע מלאָכים אין גן־עדן און סיי די גאַנצע ערד אַפילו מיטן הייליקן רבין אויך...

פון איצט אָן איז עפּעס שיינס געשען: פעלטע ווען מען האָט אין שטעטל גערופן „דער מלך־פורים" מחמת , ווי דער לייענער ווייסט שוין, ער האָט ליב געהאַט צו זינגען, צו טאַנצן און אויפצוטרעטן פאַר אַן עולם מיט זיינע זיסע מעלאָדיעס פון דעם „מכירת יוסף־שפּיל" און פונעם באַטעמטן „אסתר המלכה פורים־שפּיל", האָט איצט אויך דער שיינער און פריינדלעכער רביצין אויסגעלערנט צו זינגען און צו טאַנצן פון זיין רעפּערטואַר, ביז זי איז ממש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָלנער טענצערין און זינגערין. דער קליינשטעטלדיקער עולם איז שיער משוגע געוואָרן פון אַנטציקונג פאַר איר שפּילן, און בכלל פאַר איר פרוויאישן חן. איר שטימע האָט געקלונגען ווי דאָס געניטע שפּילן פון אַ קלעזמער אויף אַ רויטן וויאָלאָנטשעל. איינמאָל איז אַפילו צווישן דעם היימישן פובליקום אינעם „טעאַטער", וואָס איז צום באַדויערן געווען אַ פשוטע סטאָדאָלע, אַ פויערישער שייער פאַר תבואה און היי, געזעסן דער רבי אַליין. קיין שום ייד פונעם שטעטל וואָס האָבן תמיד געהאַט גרויס דרך ארץ פאַרן רבין, האָט פשוט נישט געגלויבט זיינע אייגענע אויגן: די רביצין איז געווען

אַזוי רייצנדיק שיין גרימירט אַז דער רבי האָט חלילה שיער נישט אַוועקגעחלשט פון אַנטציקונג...

די מעשה מוז זיך דאָך אַמאָל פאַרענדיקן, כאָטש מען קען זי ציען אַ סך לענגער. נאָר אָט איז ממש דער געצוואונגענער סוף: פעלטע האָט חתונה געהאַט מיט דער רביצין נאָכדעם ווי דער רבי האָט מיט טרערן אין די אויגן און מיט אַ פאַרוויינט פנים צו איר געגעבן אַ גט. די רביצין האָט דערנאָך צוזאַמען מיט פעלטען געעפנט אַ שטענדיקן טעאַטער אינעם גרויסן זאַל פונעם שטעטלדיקן „אילוזיאָן" (קינאָ). און פון אַלע שכנותדיקע שטעטלעך איז די יידישע יוגנט געקומען כדי אָנצוקוקן סיי די שיינע רביצין־זינגערין און אַקטריסע, און סיי איר מאַן, דעם אַקטיאָר און זינגער־טענצער פעלטע...

עטלעכע יאָר צייט איז עס אַזוי אָנגעגאַנגען. אָבער ווייזט אויס אַז אין הימל, צי ערגעץ נאָך העכער, ווערן געננוי פאַרצייכנט אין אַ ריזיקן ספר מיט פייערדיקע אותיות די מעשים פון די מענטשן. אין איין פינצטערער נאַכט האָט פלוצלונג געגומען דונערן און בליצן אויף אַזאַ שטייגער אַז די וועלט איז חלילה שיער אינגאַנצן פאַרשרפהט געוואָרן. דאָס הויז וואו פעלטע און זיין ווייבל זיינען געשלאָפן, איז ווי אַרומגענומען געוואָרן מיט העלישע פלאַמען. זייער בעט האָט זיך ממש אָנגעצונדן ווי עס וואָלט זיין פון לויטער טרוקענע פעדערן. אַ גאָס רעגן האָט זיך אַרונטערגעלאָזט פון די וואָלקנס ווי דאָס פאַרצייטישע מבול וואָלט זיך ממש פאַרלייגט צו דערטרינקען פעלטען מיט דער געוועזענער רביצין... דאָס איז שוין איינמאָל געווען אַ מוראדיקע נאַכט אין וועלכער פעלטע האָט באַשיימפערלעך דערזען אַ פייערדיקן פינגער פון הימל וואָס האָט אים אָנגעוויזן אַז ער איז טאַקע זינדיק און אַז ער וועט פאָרט אין איינעם אַ טאָג מוזן צאָלן די פולע שטראָף פאַר זיינע זינדיקע מעשים...

אין באַגינען, נאָכדעם ווי דאָס מבול האָט זיך אַביסל געהאַט איינגעשטילט און די ערד האָט קוים אָפּגעאָטעמט פונעם שטורעם־אויסבראָך, און די ערשטע הינט, קעץ, האָזן, פייגל, גענדז און קוראָפּאַטוועס האָבן אַרויסגעשטעקט זייערע קילע קעפּ פון די באַהעלטענישן אין די היילן און אין די לעכער פון די בוימער און ברייטע דעמבעס, איז פעלטע אַ טויטלעך־בלאַסער און מיט ציטערנדיקע הענט און פיס דערשינען ביי דער טיר פונעם רבינס וואוינונג. ער האָט אַזאַ דערשראָקענער אָנגעקלאַפּט ביים אַריינגאַנג צום שמש ר׳ מענדעלע בעדער און האָט געבעטן מיט אַ הכנעדיקן קול אַן „אוידיענץ" ביים הייליקן רבין...

אַ קורצע ווײַלע האָט אים דער שמש אָנגעקוקט אַ שטאַרק פאַרוואונדערטער. אַ קאַלטער שווייס האָט פאַרגאָסן זיין איידעלן פנים. ער האָט תיכף דערקענט דעם וואַזשנעם תכשיט, און ער איז אַריינגעגאַנגען אָנמעלדן צום רבין וועגן זיין גאַסט...

— הייליקער רבי, איך האָב קעגן אייך שווער געזינדיקט! — האָט

פעלטע אַרויסגעבראָכן מיט אַ מוראדיק געוויין און ער איז צוגעפאַלן צום רבינס פיס. — רבי, האַרצעדיקער רבי, איך וויל נישט איבער מיינע הונדערט מיט צוואַנציק יאָר פאַרלירן מיין חלק עולם הבא. איך האָב געגנבעט דעם פעלץ און איך ברענג אים אייך איצט צוריק אַ גאַנצן, אָט אַזוי ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן. איך האָב אייער פעלץ אסור געוואַגט צו טראָגן אויף מיין זינדיקן לייב דורך דער גאַנצער צייט, האָט עס געמעגט רייסן און פליקן מיט ווינטן און שטורעמס איבער וועלדער און פעלדער. איך האָב נישט געוואָלט מיט מיינע קרעציקע הענט חלילה אָנרירן אייער פעלץ. — הייליקער רבי, לעבט זיך אויס געזונטערהייט אַלע אייערע יאָרן, ביז אין דער טיפער עלטער, דינענדיק קהל מיט אייער געטריישאַפט און ערלעכקייט. טראָגט דעם פעלץ ביז אייערע הונדערט און צוואַנציק יאָרן. און מיר אַליין שענקט בלויז אַ ברכה. זייט מכפּר אויף מיינע זינד!

דער רבי האָט אים אָנגעקוקט און וואויל פאַרשטאַנען מיט וועמען ער האָט דאָ צו טאָן... ער בענטשט פעלטען מיט דער ברכה, און פעלטע דערלאַנגט אים דעם רויטן פעלץ אין דער וואַרעמער האַנט אַריין. אָבער דער רבי וויל דעם פעלץ נישט אָננעמען. ער מיאוסט זיך פּשוט חלילה צו באַרירן מיט אַ פינגער דעם פעלץ. דער רבי זאָגט שטילערהייט:

— פלטיאל: טראָג ווייטער געזונטערהייט דעם פעלץ און ווער אַלט אין אים מיט אַ סך יאָרן. דו האָסט פאַרגעסן אַז דו האָסט ביי מיר צוגערויבט עפּעס וואָס איז אַ סך טייערער ווי דער פּראָסטער פעלץ... אָבער זי איז שוין געוואָרן טמא כדי דו זאָלסט גאָר וואַגן זי אומצוקערן צו מיר אַפילו ווען דאָס וואָלט זיין איר ווילן... דו האָסט דיך אריינגעבראָכן אין מיין לעבן ווי דער בליץ וואָס האָט היינטיקע נאַכט זיך אַריינגעשטאָכן מיט זיינע פייערן אין דעם האַרץ פונעם דעמב דאָ נעבן מיין הויז, און האָט אין מיר פאַרברענט די געדערים...

## שאול המלך אין אונדזער שטוב

עס איז געווען אַרום האַרבסט־צייט ווען איך בין צוריקגעקומען פון דענווער. אין ניו־יאָרק האָט אַ סך גערעגנט. דער קאָנטראַסט איז געווען גרויס און פאַר מיר אויך ווייטיקדיק: צווישן די שטיינערנע בערג און דעם הימל אין קאָלאָראַדאָ, און די אומהיימלעכע מויערן פון דער שטאָט ניו־יאָרק, איבערהויפּט נאָך פון די בראָנקס וואָס איז געווען אַלט און פאַרקאָפּטשעט. אין אַן אָוונט האָט אַן אומבאַקאַנטע האַנט פון איינעם אַ מענטש שטיל אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון אונדזער וואוינונג אויף ברוק עווענוי. די מאַמע האָט מורא געהאַט צו עפענען. איך בין אַראָפּגעגאַנגען פון בעט, איבערלאָזנדיק דאָס אָפענע בוך וואָס איך האָב געהאַלטן אין לייענען. ה. לייוויק איז געשטאַנען ביי דער טיר אַזאַ בלייכער און עפּעס ווי שולדיקער אָדער געפאַלענער. אָבער ווען ער איז אַריינגעקומען אין שטוב, איז ער אויסגעוואַקסן גרויס און הויך. איך האָב געהאַט דאָס געפיל

פונקט ווי דער קייסער שאול וואָלט אין גאָר זיין קעניגלעכער הויכגעוואוקסיקייט, כאָטש אָן אַ גאָלדענער קרוין אויף זיין קאָפּ, אַריינגעשפּאַצירט אין אונדזער נידעריקער שטוב. דער דיכטער האָט כמעט אָנגערירט דעם סופיט מיט זיין קאָפּ. איך האָט געזאָגט צו מיין טייערער מוטער וואָס האָט זיך אַזאַ קליינע און באַשיידענע ווי אַ שאָטן באַוויזן אין דער אָפענער רעם פון דער טיר, שאַפנדיק די אילוזיע אַז זי איז עפּעס אַ זייער צאַרטע פיגור אין אַ מאָלעריי, און זי איז טאַקע אין דעם מאָמענט געווען נאָך קלענער און הכנעהדיקער ווי געוויינלעך:

—מאַמע, צי ווייסטו כאָטש ווער עס האָט היינט ביינאַכט אָנגעטאָן דעם כבוד אונדז פּערזענלעך צו באַזוכן?

— ניין, שיעלע־קרוין, איך ווייס טאַקע נישט ווער „דאָס מענטש" איז...

— דאָס איז דאָך אַ קייסער. דו האָסט מסתמא געלייענט אין דיין אַלטן און געלן טייטש־חומש פון דעם אומגליקלעכן קייסער שאול וואָס איז אין דעם פריען און טויאיק־פייכטן באַגינען, נאָך ערב דעם גרויסן זון־אויפגאַנג, אַרויסגעגאַנגען פון זיין היים אַזאַ פאַרטראַכטער, ווייט איבער די ברייטע פעלדער כדי צו זוכן דאָס פאַרבלאָנדזשעטע שעפעלע פון דער סטאַדע מיט זיינע וואָלענע שעפסן, און ער האָט גאָר צווישן די גרינע גראָזן געפונען די פאַרשאָלטענע גאָלדענע קרוין וואָס האָט צו אים און צו זיין הויזגעזינד געבראַכט אַזוי פיל אומגליקן און טרויער...

— אַוודאי האָב איך געלייענט אין מיין פרומען טייטש־חומש, קינד מיינס, וועגן שאול המלך וואָס איז נעבעך נישט געפעלן געוואָרן דעם נביא שמואל, דעם פאָרכטיקן מאַן פון גאָט, באַשר ער האָט געהאַט אַ ווייך האַרץ און ער איז נישט דווקא גרייט געווען צו לאָזן טייטן זיין באַזיגטן שונא, דעם געפאַנגענעם קייסער. אָבער „דאָס מענטש" וואָס זיצט דאָ ביי אונדז אויף דעם אייזערנעם קופערט, וואָס איז פול אָנגעשטאָפּט מיט דיינע פּאַפּירן, קען דאָך נישט זיין שאול המלך. דאָס איז אפשר דוד המלך וואָס האָט אָנגעשריבן די געזאַנגען פונעם תהלים...

— טייערע מאַמע געזונט זאָלסטו מיר זיין, איצט האָסטו שוין גאָר ריכטיק געטראָפן. איך האָב דאָס תיכף געדאַרפט צוזאָגן. זיי מיר מוחל...

צו יענע טעג בין איך געווען אַזוי שטאַרק עקזאַלטירט אַז איך האָב באמת געגלויבט אַז לייוויק קען צוגעגליכן ווערן צו דוד המלך, אויב נישט נאָך העכער. דער מחבר באַשאַפט דאָך פון זיין גייסט און פון זיינע געדערים אַרויס העלדן מיט גרויסע נשמות און מיט מעכטיקע מעשים פאַר גאָט און פאַר לייט, פונקט ווי דער רבונו של עולם באַשאַפט זיינע מענטשן פון פלייש און בלוט און ער שענקט זיי אויך אָנגעצונדענע נשמות ווי די זונען. דעריבער איז פּראָמעטעאוס געווען אַזאַ צוציענדיקער כאַראַקטער אַלס ריזנגעשטאַלט פאַר די שעפער פון די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער, און באַזונדערס פאַר די דיכטער פונעם אַכצנטן יאָרהונדערט וואָס האָבן נישט נאָר געהאַלטן מעכטיקע פעדערס אין זייערע אָנגעגליטע הענט,

נייערט אויך שווערדן, קעמפנדיק פאַר פרייהייט ווי לאָרד בייראָן, צום ביישפּיל; און ווי שעלי, פּושקין, מיצקעוויטש, פּעטיעפי, געטע, שיללער, סלאָוואַצקי, היינע און אַ סך אַנדערע ראָמאַנטישע און קלאַסישע שריפטשטעלער. פּראָמעטעאוס האָט געגנבעט דאָס פייער פונעם גריכיש־מיטאָלאָגישן הויפּט־געץ צעאוס כדי ליכטיק צו מאַכן די מענטשלעכע נשמות. פּראָמעטעאוס האָט נישט געהאַט קיין שום שותפים, ווי גאָט האָט דווקא יאָ געהאַט: דעם שטן און דעם מלאך המות. פּראָמעטעאוס האָט נישט אויסגעפּרואווט דעם כאַראַקטער פון דעם מין מענטש, פון איובן צום ביישפּיל, דורך שווערע פּלאָגן און יסורים, זיך צוהערנדיק צו דער עצה פונעם שטן, ווי עס ווערט דערציילט אינעם פּראַלאָג צום „ספר איוב". אין געטעס פּאָעמע „פּראָמעטעאוס", זאָגט ער זיך אָפּ פון יעדער סאָרט הילף פון די עלעמענטן אין זיין קאַמף קעגן צעאוסן...

ה.לייוויק האָט אַריינגעבראַכט אין דער ליטעראַטור די מאַרטירער פון דער וועלט־גאולה. נתן ניומאַן איז איינער פון זיינע העלדן. אין זיין רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד, בשעת זיין יוגנט, ווען ער קעמפט קעגן דער צאַרישער הערשאַפט וואָס הערשט איבער די פאַרשקלאַפטע פעלקער, און צום סוף: אין דעם דעם אויפנעמען פון זיין העלדס גורל און פּריצייטיקן טויט אין דענווער־סאַנאַטאָריע ווי אַ הייליקער, האָט לייוויק געשריבן זיין אויטאָביאָגראַפישן „ממעמקים" אָדער „דע פּראָפונדיס". די פאַרגאַנגענהייט פון ביידע: סיי פון דעם דיכטער לייוויק און סיי פון זיין העלד נתן ניומאַן, וואָס איז נישט קיין פיקטיווער, קיין אויסגעטראַכטער, נייערט אַ פיזיש־רעאַליסטישער מענטש וואָס איז געווען אַ פּאַציענט אין דעם זעלביקן סאַנאַטאָריום וואו לייוויק האָט זיך געהיילט, איז געווען אַן אידענטישע. נתן ניומאַן איז געווען זיין שפּיגל. ער האָט געקענט שטיין נעבן אים און לייענען אין אַ גרויסאַרטיקער שפּראַך און שריפט זיין אייגן לעבן פון דער יוגנט אָן, ווען ער האָט זיך פאַרמאָסטן צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע יינגע אידעאַליסטן אויפצושטיין אין רעוואָלט קעגן דעם צאַר־שטן ניקאָלאַי...

כמעט יעדן טאָג האָט לייוויק שפּאַצירט מיט זיין העלד אויף די פרייע פעלדער אַרום דעם ספּיוואַק־סאַנאַטאָריום, און זיי האָבן גערעדט וועגן יענע צייטן ווען דער דיכטער האָט געשפּאַנט מיטן עטאַפּ אַ געשמידטער אין קייטן איבער די סיבירער שנייאיקע פעלדער. און ווען נתן ניומאַן האָט אויסגעהויכט אין ספּיוואַק זיין ריינע נשמה, איז ער געהייליקט געוואָרן אַלס פּראָטאָטיפּ פאַר לייוויקס אפשר סאַמע בעסטער פּאָעמע אין זיין גאָרן שאַפן: „די באַלאַדע פון דענווער־סאַנאַטאָריע".

דאָס דאָזיקע ווערק איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט אָפּגעשאַצט געוואָרן אין זיין פולער גרויסקייט און באַדייטונג אַלס קינסטלערישע ווערק פון גרויסן פאַרנעם, פון טיפן אמת, אין וועמענס שורות עס איז

נישט פֿאַראַן קיין איינציק איבעריק וואָרט און וואָס איז אינגאַנצן אויסגעגאָסן פֿון איין שטיק מאָנאָליטישן און בראָנדזענעם גאָס...

באַלזאַק האָט אין זיינע צוויי טויזנט פּיקטיווע כאַראַקטערן זיך באמת פֿאַרגליכן צו אַן עלעמענט. ביידע, דער דעמאָן און דער גאָט־געבענטשטער שריפֿטשטעלער, האָבן באַשאַפֿן פֿון זיך אַרויס אינמיטן נאַכט און שטורעם זייער מענטשלעכן אוניווערס. אינמיטן נאַכט, ווען ער איז אויפֿגעשטאַנען צו דער גרויסער אַרבעט פֿון שרייבן זיינע ראָמאַנען, זיינען געקומען צו באַלזאַקן צוויי טויזנט הוילע און נאַקעטע נשמות פֿונעם אור־כאַאָס, פֿונעם תוהו ובוהו, און זיי האָבן זיך פֿאַר אים נידעריק געשטעלט און הכנעהדיק געבעטן: שענק אונדז וואַרעמע גופֿים! טו אונדז אָן אין מאַגישע מאַנטלען פֿון קאָכעדיקן בלוט און פֿלייש. פֿיר אונדז אַדורך דורכן גרויסן לעבן אַזוי ווי געטע האָט געפֿירט זיין העלד דר. פֿאַאוסט — זיך אַליין אייגנטלעך דורך די אַוואַנטורעס פֿון ליידנשאַפֿט, ליבע און כלערליי נסיונות. פֿיר אונדז דורך די גיהנומס און גן־עדנס פֿון מענטשלעכע קאַמפֿן, רעוואָלוציעס, דורכפֿאַלן און נצחונות. פֿיר אונדז פֿאַרביי מיטלאַלטערלעכע קאַרנאַוואַלן, קאַזאַרמעס, תפֿיסות און ווייַנקעלערן; פֿיר אונדז דורך שטורעמס און אידיליעס. אַנטפּלעק אונדז אַלע אָפּגרונטן, היילן, טאָלן, טונעלן און תהומות פֿון דער ערד און פֿון די ימים. דעמאַסקיר פֿאַר אונדזערע אויגן די ערדישע לאַנדשאַפֿטן און די באַסטיליעס פֿון מענטשלעכער אונטערדריקונג; די אָפּגרונטן פֿון שוידער און יסורים...

באַלזאַק האָט זיך טאַקע פֿיזיש אַליין אומגעבראַכט לטובֿת זיין קאָסמאָס מיט קינסטלערישע געשטאַלטן אין וועלכע ער האָט אַריינגעטאָן זיין בלוט, זיין מאַרך, זיין פֿייערדיקע פֿאַנטאַזיע און זיין הייסע נשמה. אויך די מיעניש און די מאַכט פֿון זיין שאַפֿן וואָס האָט אים אויסגעשעפּט ביזן לעצטן טראָפּן מאַרך אין זיינעביינער און האָט אים סוף כל סוף אומגעבראַכט פֿיזיש. ער האָט געלעבט אין די גלגולים פֿון צוויי טויזנט העכסט־דראַמאַטישע לעבנס פֿון זיינע פֿאַרשוינען, און ער איז אויך ענדלעך אומגעקומען מיט זייערע טויט־ווייטיקן...

עס איז כסדר אַזוי: נאָך דראַמאַטישע פּעריאָדן אין דער וועלט־געשיכטע קומען גרויסע שרייבער און קינסטלער: נאָך די מלחמות פֿון דעם קאָרסיקאַנער גענעראַל נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע קומען די ריזנשריפֿטשטעלער באַלזאַק און סטענדאַל, טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי. נאָך סטאַלינס שחיטות און גולאַגס אין וועלכע ער ברענגט אום אויף אַ גרויזאַמען אופֿן רוסלאַנדס אינטעלעקטואַלן און פֿאָלקס־מענטשן; נאָך די עפּאָכעס פֿון אידעאַליזם און אונטערדריקונג, פֿון רעוואָלוציע און פֿאַראַט, עפֿענען זיך ברייטע און ברויזנדיקע וויסטאַס פֿאַר עפּישע שרייבער, פֿאַר גראַנדיעזע גאונים פֿון געדאַנק און געפֿיל; פֿאַר די פּעדערס וואָס ציטערן אויף פֿון דעם שוידער און דער פּראַכט פֿון דראַמעס און העלדישקייטן. דאַנטע און מילטאָן עפֿענען די וויזיעס פֿון הימל. די

נביאים באַשטראָפן פאַר זייערע זינד די פירשטן און פעלקער... דאָס וואָרט משפּט די זינדיקע נשמות...

און ווען לייוויק האָט זיך נאָך אַלע זיינע לעבנס־גלגולים און פאַרוואַנדלונגען אָוועקגעלייגט אין זיין שטוב אויפן „מאַטראַצנקבר" ווי היינריך היינע, האָט ער זיך געגרייט צו שטאַרבן מיט אַ פּאַוואָליעדיקן טויט פאַר אַלע זיינע איפּאָזאַנטע העלדן. ער האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרראַטן ווי דער פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר וואָס גייט ביינאַכט אַהיים פון דער בינע כדי אָפּצוּוואַשן פון זיין אָפּגעפאַרבטן און „פאַרבלוטיקטן" פּנים דעם גרימאַזש, די מאַסקע, די וואונדן, די שניטן און די צייכנס פון דעם געראַנגל און געפעכט מיטן מלאך... ער טוט אויס אַזוי גרינג זיין גורלדיקע און טראַגישע ראָלע וואָס ער האָט מיט אַ ווײַלע צוריק אַזוי פאַלש אָדער אמתדיק געשפּילט. די זייף־מידלענעס און דאָס ווייסע האַנטוך רייניקן אָפּ און באַפרייען אים פון די געשעעענישן, געראַנגלען, געשלעגן און דועלן מיט זיין גורל. ער גייט אַראָפּ פון דער בינע און ער קוקט זיך נישט אום אויף צוריק כדי צו זען, ווער עס גוססט נאָך און ווער עס ווערגט זיך מיט זיין אייגן פאַרגאָסענעם בלוט, און גייט אויס אין אַ לאַנגן און יסורמדיקן שטאַרבן. דער גליקלעכער אַקטיאָר וואָס האָט געטויט אויף דער בינע זיינע טייערסטע פריינד, גייט צום באַנקעט, צום יובל, צו דער פייערונג פון זיין אַקטיאָרישער טעטיקייט. מען וועט דאָרטן טרינקען גרויסע כוסות מיט וויין און הויכע גלעזערנע קופלעס מיט ברוינעם ביר. מען וועט עסן מיט אַ ווילדן אַפּעטיט דעם „סטייק" וואָס טריפט מיטן הייסן בלוט פונעם געשאָכטענעם אָקס און מען וועט פאַרענדיקן די ראָסקאָשנע בלשאַצר־סעודה מיטן זיסן קאָמפּאָט פון פּערסימאָנס, עפּל, באַרנעס, פלוימען און מיטן גאָלדיקן מערנצימעס; מען וועט פאַרבייסן מיט פעטע לעקעך־פּענעצן און מען וועט פאַרטרינקען שפּעט ביינאַכט די רייכע סעודה מיט די טאַסן שוואַרצע קאַווע. ווידער אַמאָל מיט קאָניאַק, מעד, טאָקאַיער און מיט פלאָדנס. דערנאָך וועט מען ביז האַלבער נאַכט האַלטן רעדעס, און לויבן דעם בעל־היובל און דערמאָנען זיינע שוישפּילערישע גילגולים און נצחונות...

די בלוטיקע שחיטה אויף דער בינע בשעתן שעקספּירישן שפּיל וועט אַפילו רעכט נישט דערמאָנט ווערן. ער האָט דאָך בלויז פאַרגאָסן וואַסערדיק בלוט פון אומשולדיקע מענטשן. אויך די מכלומרשט „געהרגעטע" אַליין האָבן זיך דערנאָך געזונטערהייט אויפגעהויבן, זיך אָפּגעוואַשן דאָס בלוט פון די וואונדן און באַלד אָנגעקומען צום זעלביקן באַנקעט כדי צו כאַפּן די לעצטע פעטע פּאָרציעס שיריים פון דעם גליענדיק־רויטן געבעקס און פון די פלעשער מיט געטראַנקען אין דער ווייַנקרעטשמע. זיי וועלן זיך נאָך הייס צעקושן מיט די אַקטריסעס אויך וואָס זיינען מיט זיי געהאַט ערשט „מיטגעשטאָרבן". דערנאָך וועט מען אַהיימגיין איבער די גאַסן; עס וועט סקריפּען אונטער זייערע פעסטע אָפּצאַסן און פּאָדעשוועס דער ווייַנענדיקער שניי און מען וועט אַריינפאַלן

אין די בעטן אַזעלכע גליקלעך־פאַרשיכורטע פון די לעבנס־ספּעקטאַקלען. אויך זאַטע מיט אַפּלאָדיסמענטשן...

יאָ, עפּעס האָט לייוויק דערינען אָנגערירט אַן ענין וואָס קיינער ביז אים האָט אפשר נישט געזען און נישט געהערט, אָדער מסתמאַ זיך נישט וויסנדיק געמאַכט אויס באַקוועמלעכקייט...

## דער מאָלער זילבערשטיין־כספּי — אָן אַ מצבה

עס איז געווען אַן אָקטאָבערדיק־פייכטע נאַכט. די בלעטער זיינען געפלויגן ווילדע אויף דער גאַס און זיי האָבן ווי פאַרבלוטיקטע פייגל אָנגעקלאַפּט מיט זייערע שנאָבלען און צעבראָכענע פליגל אין די שויבן. איך בין געזעסן אין דער וואוינונג נעבן צענטראַל־פּאַרק מיט דער אייגנטימערין, אַ יינגע פריינדין, וואָס איז אָבער שוין געווען גענוג אַלט צו זיין מיד און אַנטוישט פון לעבן, איבערהויפּט פונעם „פאַרשאָלטענעם מענערטום״, ווי זי האָט זיך מיט ביטערניש אויסגעדריקט. מיר האָבן גערעדט, ווי אָפט אין אַזעלכע האַרבסטיקע אָוונטן, וועגן פאַרגאַנגענע מענטשן און די געשעענישן פון אַמאָל. אויף דער וואַנט איז געהאָנגען אַ גרויס בילד פון אַ יידישן מאָלער, איינעם אַ זילבערשטיין־כספּי. אומדערוואַרט האָט פאַר מיר בעלאַ אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן דעם קינסטלער ווי וועגן איר אינטימען פריינד וואָס איז אויך געווען מיט יאָרן צוריק אַן אַריינגייער אין הויז פון די גליצענשטיינס ווען זיי האָבן געוואוינט אין ציריך, די שווייץ. באַדייטנדיקע קריטיקער האָבן דעמאָלט פאַרגליכן גליצענשטיינס ווערק צו פּידיאַסעס מאַסיווע פיגורן אין „פאַרטענאָן״, אין גריכנלאַנד. אָבער איינזאַם זיינען זיי סיי ווי געווען. און וואו זיי האָבן געלעבט, האָבן זיי גרופּירט אַרום זיך די פיינסטע יידישע קינסטלער און אינטעליגענץ. ביינאַכט, שוין נאָענט צום באַגינען, איז גליצענשטיין נאָך אַלץ געווען באַשעפטיקט ביים צייכענען די העלדן און סצענעס פונעם שמואל־בוך. קייסאָרים, הויכע ווי די זיילן אין בית המקדש, זיינען אויפגעגאַנגען אין זיין פיבערישן מוח. ווען אַלע געסט זיינען זיך שוין געהאַט צעגאַנגען, דעמאָלט איז אַריינגעקומען אין זיין קליינעם חדרל דער קעניג פונעם תהלים, פונעם שמואל־בוך, פונעם ספר מלכים, און האָט זיך געזעצט נעבן אים ווי אַ נאָענטער און האַרציקער פריינד...

בשעת איך האָב געקוקט אויף דער שפּעט־האַרבסטיקער לאַנדשאַפט פונעם אומבאַקאַנטן קינסטלער, האָב איך אין זכרון פאַרנאָטירט איינצלנע באַמערקונגען וועגן אים. עס איז געווען מאָדנע וואָס נעבן דעם אומעטיקן אויל־פּייזאַזש איז געהאָנגען אַ בילדל פון אַ יינגער פרוי וואָס איז געווען אינגאַנצן נאַקעט. אירע צעפלאַמטע האָר האָבן זיך געשפּרייט ווי פליגל אויף אירע רייצנדיקע שולטערן. מיט ביידע ווייסע הענט אירע האָט זי געהאַלטן איבער זיך אַ מענטשלעכן טויטנקאָפּ וואָס האָט בייז און ציניש אַריינגעקוקט אין איר פּנים וואָס איז געווען שיין ווי אַ פרישע בלום

בשעתן גרויסן זומערדיקן טאָג. דער טויטנקאָפּ האָט שטיל באַטראַכט איר בליענדיק לייב. די פּרוי האָט אויסגעדריקט לוסט, עקסטאַז, דערוואַרטונג און פּחד. איבער איר הענגט דער טויטנקאָפּ פון אַ מאַן וואָס איז דורכגעגאַנגען דאָס לעבן אין אַלע זיינע פאַזעס און דערשיינונגען: דורך וויינקעלערן און קאַבאַרעטן; דורך היימען, הייזער, קעלער־שטובן און פּאַלאַצן; דורך קרעטשמעס, קאַזאַרמעס און קעניגלעכע סאַלאָנען; דורך חתונהס און לוויהס; דורך יוגנט, רייפער בלי־צייט און טיפער עלטער. און איצט שמייכלט ער ביטער ווי לאַזאַרוס איבער גאָר דעם בונטן לעבן. און די ווירגינישע שוינקייט, ביים סאַמע אָנפאַנג פון איר לעבן, קוקט אַריין אַזאַ הונגעריקע אין די תהומיש־טיפע אויגן, אין דער מאַסקע פון דעם אַלטן דאָן זשואַן ווי אין אַ פינצטערן אָפּגרונט, כדי צו זוכן אַ באַשייד צו איר אייגן לעבן; אַריינצוקוקן דורך אַן ענגער שפּאַרע אין איר רייכער צוקונפט. אָבער, צום באַדויערן, קען זי נישט געפינען קיין סך טרייסט אין די אומהיימלעכע לעכער און היילן פון דעם צעקרימטן טויטנקאָפּ וואָס איז צעפרעסן און צעגריזשעט פון די זינד אין זיין לאַנגן און רייכן לעבן...

בשעת דער ווינט האָט אומעטיק געראַשט און האָט ווי אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, אין די פענצטער, מיט מאַסן טרוקענע בלעטער ווי דורכן ווינט אַרויסגעגנבעטע שאַרבנס פון די קברים אויף אַ בית עולם, און פון דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט איז געפלאָסן אַ שטילע און געצוימטע מעלאָדיע פון שאָפּען, האָט די פּרוי וואָס האָט לעצטנס זיך אַנגעהויבן צו עלטערן מיט אַזאַ טרויעריקער שנעלקייט, מיר אָנגעהויבן צו דערציילן ברעקלעך דערינערונגען פון איר צוזאַמענלעבן מיטן מאָלער פונעם אויל־בילד. די פאַרגאַנגענהייט, מיט אַלע אירע לוסטן און לייכטער, מיט אירע בעלער און מאַסקאַראַדן, האָט די אייגנשאַפט זיך צו פאַרשליסן ווי דער דעק פון אַ מעטאַלענער טרומנע וואָס באַהאַלט שוין איר איינזאַמען קרבן אויף אייביק. אָבער די נייגיריקע שרייבער און קינסטלער געלינגט טיילמאָל אַרויסצורייסן איינצלנע בלומען־זכרונות פון דעם פאַרגאַנגענהייטס־ארון. דאָס פּנים פון בעלאַ איז געווען פאַרהילט אין אַ שפּינוועבסטיקער טונקלקייט. זי האָט אויסגעזען ווי אַ שפּין וואָס גייט אויס אַזאַ איינזאַמע אין דעם נעץ פון איר קלוגן שפּינגעוועבס. אָבער זי האָט זיך פאָרט געפרייט צו דערמאָנען...

זילבערשטיין־כספּי איז געווען אַן אומגעוויינלעך־הויכער מאַנצביל מיט אַ שטרענגן פּנים וואָס האָט געלויכטן ווי בראָנדז. מיט פיבערישע און ווייטיקלעכע אויגן ווי אָפענע וואונדן. ער האָט געשטאַמט פון פוילן. אָבער ער איז דערצויגן געוואָרן אין דייטשלאַנד. קומענדיק קיין אַמעריקע, האָט ער זיך באַקאַנט מיט פריילין בעלאַ צוויר, וואָס האָט געגעבן פּיאַנאָ־לעקציעס. כספּי האָט געקענט אין דייטשלאַנד אירס אַן עלטערן ברודער וואָס האָט געהאַט אַ געוועלב מיט ליאַלקעס אין אַ זייטיקער גאַס, נעבן אַ פּאַרק וואו עס שפּאַצירן זומערצייט פרויען מיט זייערע קליינע

קינדער... און די קינדער רייסן זיך מיט אימפּעט צום שוי־פענצטער פונוואַנען עס קוקן אַרויס די זיסע ליאַלקעס...

בעלאַ איז געווען שטאַרק פאַרליבט אין דעם דאָזיקן מעכטיקן מאַן וואָס האָט געמאָלן, לויט איר מיינונג, אָן באַזונדערער אָריגינאַליטעט, הגם מיט אַ געוויסער לייכטער טעכניק אומעטיקע פּייזאַזשן און סצענעס פון דעם יידיש־רעליגיעזן לעבן, אַליין אָפּשטאַמענדיק פון אַ חשובער חסידישער משפּחה אין פראַנקפורט. אָבער בעלאַ, ווי יעדע יינגע און ענטוזיאַסטישע פרוי, האָט ממש פאַרגעטערט זיינע בילדער און האָט אין אים געזען אַ באַדייטנדיקן קינסטלער וואָס באַדאַרף נאָך אַ סך לערנען דאָס מאַגישע פאַך פון מאָלעריי כדי צו מעגן אָנגערופן ווערן אַן אמתער קינסטלער. בעלאַס ענטוזיאַזם האָט אַרויסגערופן אויף כספּיס ערנסטן פּנים אַן איראָנישן שמייכל, וויסנדיק אינערלעך, ווייזט אויס, פון זיין מינדערוויכטיקן ווערט און צווייפלענדיק אין זיינע קינסטלערישע פּאָטענצן...

לויט בעלאַס סאַראַקטעריזירונג איז ער געווען צו איר ציניש און ברוטאַל. זי איז דעמאָלט געווען אַן איינזאַם און אויסגעדאַרט מיידל מיט אַ בריענדיקער ליבשאַפט צו אים. זילבערשטיין פלעגט אָבער כסדר אָפּציען דעם טערמין פון זיין געפּלאַנטער חתונה מיט איר. ער פלעגט אַפילו פאַרבעטן צו איר ברודער אין הויז אַריין אַנדערע פרויען וואָס זיינען געווען אירע פריינדינס. דריי יאָר צייט האָט זי אים נישט דערלויבט איר צו קושן, כאָטש זי איז שיער נישט אויסגעגאַנגען פון ליבשאַפט צו אים. ער פלעגט אָפּט רעדן וועגן דער נויטיקייט זי זאָל צו אים שענקען דאָס געבורט פון אַ קינד. ער האָט געפאָדערט אַז זי זאָל קאָכן פאַר אים ספּעציעלע מאַכלים מחמת ער האָט געהאַט אַ קראַנקן מאָגן. וועלנדיק אים העלפן, פלעגט זי אַרומלויפן צו גוטע פריינד מיט זיינע מאָלערייען, פּרוּוונדיק צו פאַרשפּרייטן זיינע שאַפונגען, מחמת ער איז געווען אָרעם און האָט אָפּט געהונגערט. אויך האָט זי געגעבן פּיאַנאָ־לעקציעס אין אַלערליי הייזער כדי אים צו דערנערן. זי פלעגט שווער אַרבעטן, פאָרנדיק בשעת די ווינטערדיקע וועטערן פון ברוקלין צו די בראָנקס, ווי אויך צו אַנדערע טיילן שטאָט אין דעם זעלביקן טאָג, כדי צו פאַרדינען וואָס מער געלט לטובת זיינע באַדערפענישן. זי פלעגט דערדריקט ווערן, פיזיש קרענקען און זיך פּייניקן צוליב איר געליבטן, וואָס האָט איר פּאַקטיש פאַראַכט און נישט געפילט קיין שום דאַנקבאַרקייט צו איר. שפּעטער האָט זיך זילבערשטיין באַקאַנט מיט אַ יינגער פרוי, אַ קאָמוניסטקע, און זיי האָבן צוזאַמען געוואוינט אין אַ מאַנסאַרדע (דאַך־שטיבל) אין דעם האַרלעם־געגנט. אויך די טונקעלע פרוי איז געווען אַן ענטוזיאַסטישע אָנהענגערין פון איר געליבטן. זי האָט אים פּשוט פאַרגעטערט. זי האָט אים געליבט, געקאָכט פאַר אים און אים געגעבן אַלץ וואָס עס איז נאָר פאַראַן אין דער מעגלעכקייט פון אַ פרוי. אָבער זיי האָבן שוין נישט לאַנג געלעבט צוזאַמען, מחמת זילבערשטיין האָט אין איינעם אַן אָוונט געקראָגן אַ

האַרצאַטאַקע. זיין קערפּער איז דעפּאָרמירט געוואָרן. זיין געליבטע איז איינמאָל אין אַ שפּעטער נאַכטישער שעה געקומען צו לויפן צו בעלאַן און איר געבעטן צו קומען אים באַזוכן. בעלאַ האָט נישט געהאַט קיין חשק צו גיין צו אים, און אַזוי איז ער אויסגעגאַנגען אָן איר. ער איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין די קעטסקיל־בערג. זיין קבר פאַרמאָגט נישט קיין שום מצבה־שטיין ביזן היינטיקן טאָג. ער, וואָס האָט שטאַרק געוואָלט איבערלאָזן אַ קינד, אַ יורש אויף דער וועלט, האָט אַפילו קיין מצבה נישט געקראָגן נאָכן טויט...

— ער וואָלט דאָס בשום אופן נישט אויסגעהאַלטן ווען ער וואָלט דאָס געוואוסט! — זאָגט שטילערהייט די עלנטע בעלאַ...

זיין געליבטע האָט שפּעטער חתונה געהאַט. ביי איר אין הויז זיינען איבערגעבליבן גאַנצע פינף און זיבעציק אויל־מאָלערייען פון אים...

— וואָס איז געשען, בעלאַ, מיט זיינע מאָלערייען? האָט מען זיי ערגעץ־וואו אויסגעשטעלט? צי עקזיסטירן זיי נאָך?

— ווער קען וויסן. — זאָגט בעלאַ. — זיין לעצטע געליבטע האָט זיך אין די שפּעטערדיקע יאָרן באַפריינדעט מיט אַ ליטווישן גלח וואָס האָט געהאַט אַן אייגענעם קאָשטשאָל. צו אים אין דער קירכע האָט זי געבראַכט זיין אוצר מיט מאָלערייען. מערסטנס האָט ער געמאָלן די אַמעריקאַנער לאַנדשאַפט, די וועלדער און טייכן און די בערג. פון צייט צו צייט האָט ער זיך דערמאָנט אַ סצענע פון דער היים, פון דעם חסידישן לעבן פון זיינע עלטערן. דעמאָלט פלעגט ער אויפשטיין אינמיטן נאַכט ווען די לבנה האָט העל געלויכטן מיט אַזאַ שאַרפן בליאַסק אַז עס האָט זיך געדאַכט אַז די בוימער צינדן זיך אָן און זיי ווערן פאַרוואַנדלט אין אַש. ער פלעגט אָנצינדן דעם לאָמפּ און זיך אַוועקזעצן מאָלן דעם וואַלד אין געבערג. דער גלח מיט וועמען זיין געליבטע האָט געלעבט אין דער ליטווישער קירכע, האָט זילבערשטיינען באַטראַכט ווי אַ פאַרלייקענער פונעם „פרינץ״ און אַ דינער פונעם טייוול. ער האָט דעריבער איינמאָל אָנגעצונדן אַ פייער אויפן פעלד און אַריינגעוואָרפן אַהין אַלע בילדער וואָס זענען איבערגעבליבן פון זילבערשטיין־כּספּי...

עס איז שפּעט ביינאַכט. ווי אַ גאָלדענע קרוין שווימט די לבנה צווישן די טונקעלע וואָלקנס. איך בלעטער אַן אַלטן אַלבאָם מיט רעפּראָדוקציעס פון זילבערשטיינס ווערק: „הבדלה״... אַן אַלטער ייד מאַכט הבדלה און דאָס קליינע ייִנגעלע, זיין אייניקל, גיסט אָן עטלעכע טראָפּנס פונעם כוס מיט בראָנפן אויפן טיש, און דאָס בלויאינקע פייערל ציטערט און ברענט בלויערהייט. אָט איז אויך אַ בילד פון אַ חתונה. דער חתן איז ער אַליין, זילבערשטיין־כּספּי. מען דערקענט אים שטיין אונטער דער חופּה. די כלה איז בלייך ווי קאַלך. עס זיינען פאַראַן נאָך עטלעכע האַרבסטיקע פּייזאַזשן וואָס דערמאָנען אין די פראַנצויזישע אימפּרעסיאָניסטן. און דאָס איז כמעט אַלץ וואָס עס איז איבערגעבליבן פון א יידישן קינסטלער...

די גליצענשטיינס געדענקען אים גוט. לויט זיי איז ער געווען אַ

העכסט־איידעלער און באַשיידענער מאַן; אַן אמתער פריינד פון דער פאַמיליע. ווען זייער טאָכטער בעאַטריטשע איז אַלט געווען פופצן יאָר, איז זי געגאַנגען פּאָזירן אין זיין סטודיאָ פאַר אַן אויל־פּאָרטרעט. אירע עלטערן האָבן נישט קיין מורא געהאַט זי צו שיקן אַליין אין זיין סטודיאָ. זילבערשטיין פלעגט קומען יעדן פרייטיק צונאַכטס כדי צו עסן פיש. וואָרים דאָס גליצענשטיין־הויז איז געווען דאָס איינציקע כשרע הויז אין ציריך. זילבערשטיין איז געווען אַ העכסטע־רעליגיעזער ייד. צען יאָר צייט האָט ער פאַרבראַכט אין דער שווייץ. ער האָט אַ סך געלייענט און ער האָט געקענט קונסט. איינמאָל האָט ער ביי דער פריינדין בעלאַ געפונען אַ זשורנאַל מיט רעפּראָדוקציעס פון גליצענשטיינס ווערק. ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט. קוקנדיק אויף די בילדער, האָט ער געזאָגט:

— ענדלעך איז הענעך גליצענשטיין געקומען צו זיך. אַ גאַנץ לעבן האָט ער זיך געזוכט און האָט זיך נישט געקענט געפינען. איצט, שיינט עס, איז ער דערגאַנגען צו דער פשטות וואָס האָט אויסגעצייכנט די פאַרצייטישע עגיפּטישע דענקמעלער. איך בין גליקלעך וואָס ער האָט ענדלעך באַטראָטן דעם ריכטיקן וועג...

עס איז אגב געווען אַ סך אמת אויך, לויט מיין אייגענער איבערצייגונג, אין זיין מיינונג. גליצענשטיין איז געווען אַ צאָל יאָרן פון זיין לעבן באַווירקט פון דער מינכענער אַקאַדעמיע וואו ער האָט געלערנט די ערשטע יאָרן און ער האָט געשאַפן אין אַקאַדעמישן סטיל...

זילבערשטיין פלעגט שטענדיק ברענגען פרישע בלומען, קומענדיק צוגאַסט צו די גליצענשטיינס. ער פלעגט זיך האַרציק באַציען צו די קינדער. בעאַטריטשע און איר ברודער עמנואל געדענקען זייער פריינד מיט ליבשאַפט און אַכטונג. ער איז געווען איינער פון זייערע אינטימסטע הויז־פריינד אין דער שווייץ. בעלאַ דאַקעגן טראָגט אין איר פאַרזשאַוועטן האַרצן אַ שנאה צו אים. זי האָט איר אייגענעם ווייבלעכן חשבון מיט אים. זי האָט קיינמאָל וועגן קיינעם פון אירע מענלעכע פריינד זיך נישט אויסגעדריקט פריינדלעך. זי האָט אים באַשולדיקט אַז ער האָט איר געבראַכט צו קראַנקהייט און רואין. איר טרויער און פאַרדראָס איז געווען אומפאַרהיילבאַר. ווען אַ פרוי האָט פיינט אַ מאַן, איז איר שנאה אַ שרעקלעכע. זי רעדט וועגן אים אין דער נאַכט מיט עפּעס אַזאַ טונקעלן און אייזערנעם מויל:

— ער האָט וואָס אַן אמת פאַרמאָגט וואונדערשיינע און טיפע אויגן אין וועלכע אַ פרוי האָט געקענט אַריינקוקן הונדערט יאָר צייט און נישט מיד ווערן פון זייער באַצויבערנדיקער מאַכט. ער האָט אויך געקענט שיין זינגען, הגם זיין שטימע איז געווען אומקולטיווירט. ער פלעגט האָבן ממש הונדערטער פרויענפריינד. ער פלעגט אָפט זאָגן אַז ער פאַרשטייט נישט ווי אַזוי מען קען טאַנצן מיט אַ פרוי און בלייבן רויִק בנוגע איר פיזיק... לויט בעלאַס מיינונג איז ער געווען אַן עראָטאָמאַניאַק... — — —

די שאָטנס אויפן פנים פון דער איינזאַמער און פאַרביטערטער בעלאַ

פאַרטונקלען איר ווי די נאַכט. די ווירגינע האַלט דעם טויטנקאָפּ איבערן פּנים אירן, איבער אירע פולע בריסטן ווי צוויי לויטערע שטערן. דער טויטער דאָן זשואַן שמייכלט ציניש און זיינע אַלטע און געל־צעפּוילטע ציין קריצן און גריזשן די פינצטערניש. ווי ביטער און שפּאַנענדיק איז דער קאָנטראַסט צווישן אים און דער בליענדיקער בתולה. אויפן וואַנט שטראַלט טרויעריק די געל־האַרבסטיקע לאַנדשאַפט פון דעם מאָלער זילבערשטיין־כּספּי. די שאָפּענישע נאָקטורנמעלאָדיע הערט זיך פונעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט און די געלע בלעטער קראַצן און גריזשן דאָס גלאָז פון די שויבן ווי וועלנדיק אַריינקומען אינעווייניק אין דער וואַרעמקייט פון דער וואוינונג. בעלאַ הערט נאָך אַלץ נישט אויף צו רעדן מיט גאַל און ביטערניש וועגן איר אַמאָליקן געליבטן. אין אַזאַ קאַלטער און פאַרוואָלקנטער אָקטאָבער־נאַכט מוז ער איינזאַם און אומהיימליך דאָרטן ליגן צווישן די ריזיקע קעטסקיל־בערג, אָן אַ מצבה און אָן אַ קינד צו האָבן געלאָזן אויף דער וועלט. אָן זיין נאָמען צו האָבן פאַרצייכנט ערגעץ אין אַ בוך צוזאַמען מיט אַנדערע קינסטלער; אַפילו נישט אין אַ קונסט־זשורנאַל...

ווען איך פאַרלאָז בעלאַס וואוינונג שפּעט ביינאַכט, אַ שיכורער פון ווייִן און פון מענטשלעכן טרויער; אַ באַהערשטער פון דעם ביטערן זשאַוער פון אַ באַליידיקטער עלטערער פרוי, גיי איך לאַנגע שעהן שפּאַצירן פאַזע דער מויער אַרום דעם קוים באַלויכטענעם צענטראַל־פּאַרק און די נשמה פון זילבערשטיין־כּספּי שוועבט מיר נאָך, דאַכט זיך, ווי פאָר׳ס ראָב, און זי מאָנט פאַר איר גוף אַ מצבה צווישן די בערג. זי מאָנט דעם קאַלטן גראַניט־מאָנומענט איבערן בערגעלע מיט ליים וואָס ווערט באַשאָטן מיט געלע בלעטער און אונטער וועלכן עס רוט אַזאַ באַליידיקטער זיין הויכער סקעלעט...

איך טראַכט: די איינציקע געטרייע מצבות נאָך די געשטאָרבענע זיינען זייערע לעבנגעבליבענע פריינד וועלכע דערמאָנען זיי אַמאָל אין אַ נאַכט און רעדן. וועגן זיי אין דער טיפער שטילקייט מיט אַזוי פיל נאָסטאַלגיע. און ווען די דאָזיקע לעבעדיקע פריינד גייען אויך אויס מיט צייט און שטילקייט, פאַלן אום די לעצטע מצבות אין דעם גרויסן האַרבסט פון דער ערד. און בלויז די לבנה געדענקט אפשר אַלע געוועזענע לעבנס פון דער וועלט...

## דער פריינד פון פאָלק

— די וועלט איז אומעטום די זעלביקע! — זאָגט צו מיר איינמאָל ברוך שעפנער, דער גלענצנדיקער און קלוגער בונדישער זשורנאַליסט און פובליציסט, זיצנדיק מיט מיר אין דער רעסטאָראַציע „טריאַנאָן" אויף בראָדוויי און די אַכציקער גאַסן. — דו גרייטסט דיך נערוועזערהייט צו פליען מיטן עראָפּלאַן קיין אינדיע, קיין פּאַריז, קיין בעלגראַד, קיין בריסל אַ גאַנצע נאַכט איבערן אַטלאַנטישן אָדער אַן אַנדערן ים און טעריטאָריע.

דו האָסט אַ שטאַרקע באַדערפעניש צו זען פרעמדע לענדער, שטעט און מענטשן. אין פינצטערן הימל שטייען די שטערן ווי ריזיקע ברילייאַנטן וואָס גאָטס אייביקע קנעכט, די מלאָכים, צו וועמען ער צאָלט מסתמא נישט קיין גראָשן אין משך פון לאַנגע יאָרן פאַר זייער קנעכטישער האָרעוואַניע — ברילייאַנטן וואָס זיי האָבן מסתמא ביי די הימלישע ווערקשטאַטן געפוצט, געשליפן און אויסגערייניקט פון די פלעקן. דו ביסט שוין היפּשלעך מיד און עס טוט דיר שוין באַנג וואָס דו האָסט דיך מידערהייט אַרויסגעלאָזט איבער דער וועלט. אָבער ענדלעך קומסטו אָן אין דער פרי קיין רוים, קיין זשענעוו צי קיין קאַלקוטאַ. אין דרויסן רעגנט פונקט ווי אין וואַרשע, אין באַגדאַד צי אין בודאַפּעשט. וואוהין דו וועסט אַרויסגיין אויף דער גאַס און באַגינען, וועסטו זען ווי די יינגע מוטערס מיט אָפּגעפּאַרבטע ליפּן פירן זייערע קינדער אין שולע אַריין. איין קליינטשיק קינד וויינט גלאַט אַזוי ביי דער מוטערס פולער ברוסט מיט מילך. אַ שוואַרצע וווראָנע שוועבט מיט שטאַרקע פליגל איבער די קעפּ פון אַ גרופּע מענטשן וואָס באַגלייטן זייערס אַ פריינד וואָס ליגט אין אַ הילצערנעם אָרון וואָס זעט אויס ווי ברוינער קופער, צום בית עולם. די וווראָנע טראַכט זיכער נישט וועגן טויט. זי האָט בילכערע זאַכן וועגן וואָס צו טראַכטן. זי האָט חשק זיך דווקא אָפּצושטעלן אויפן דעק פון דער טרומנע אין וועלכער עס ליגט עפּעס אַ קאָלעגע וואָס האָט געשפּילט דורך דער גאַנצער נאַכט אין קאָרטן און געוואונען אַ פאַרמעגן. טויטערהייט דאַכט זיך אים אַז ער האַלט די סאַמע ערגסטע קאָרט אין דער האַנט. ער וויל זי פּשוט אַוועקוואַרפן אויפן טיש וואָס איז פול מיט אַש פון ציגאַרעטן און ציגאַרן. אָבער ער דערמאָנט זיך אַז ער איז מיט צוויי נעכט צוריק פּלוצלינג אויסגעגאַנגען, פאַרלירנדיק מיט אַ נאַכט פריער זיין לעצטן באַנקנאָט און מיט צוויי נעכט שפּעטער האָט ער געוואונען אַ פאַרמעגן שפּילנדיק מיט אַ מאַהאַראַדזשיאַ. אויטאָמאָבילן מיט פריינד פונעם מת פאָרן נאָך זייער פאָרזיכטיק און פּאַוואָליעדיק, און די בלומענקראַנצן אינעווייניק וויאַנען שוין באַצייטנס...

מיט ברוך שעפּנערן איז שטענדיק געווען אָנגענעם צו רעדן. ער איז געווען אַ ייד אַ חכם. ער האָט כאָטש אַ בונדישער פּאַרטיי־מענטש, נישט דווקא געוואָלט געוואונען אין אַ שמועס מיט אַ קעגנער פון אַן אַנדערער פּאַרטיי. ער האָט פאַרמאָגט זייער אַן איידעלע באַציאונג צו מענטשן. ער האָט פאַרמאָגט אַן אוצר מיט חכמה און הומאָר פון דעם פריינדלעכן, פּעסימיסטישן און טשעכאָוואַרטיקן זשאַנר, וואָס האָט גיכער באַדויערט ווי ציניש אָפּגעלאַכט פון מענטשלעכע קליינלעכקייטן און קליינינקייטן. איך חזר בכיוון איבער: דער הומאָר זיינער איז נישט געווען, ווייניקסטנס אין פּריוואַטן שמועס, קיין ביטערער, קיין חוזקדיקער, קיין סאַדיסטישער. פאַרקערט: עס איז געווען אַזאַ מין גלעטנדיקער הומאָר, אַ טרייסטנדיקער, אַ מיטפילנדיקער.

ער האָט פאַרשטאַנען ליידנדיקע מענטשן. ער האָט אין פאַרשידענע

לענדער געזען ווי אַזוי מענטשן ליידן און זיי באַגיסן זיך מיט טרערן ווען די נאַכט איז פינצטער אַרום זיי און קיין לאַמטערנס אַנטפּלעקן נישט קיין טרערן אויף מענטשלעכע פּנימער וואָס קיינער זעט אגב סיי ווי נישט. איך האָב קיינמאָל די צייט וואָס איך האָב מיט אים פאַרבראַכט אין דער רעסטאָראַציע וואָס איז אגב געווען געבויט אין דער פאָרם פון אַ דאָרפישער קרעטשמע, נישט געהאַלטן חלילה פאַר קיין פאַרלוירענע. ברוך שעפנער, איך חזר איבער, האָט געהאַט ברייטע טאָלעראַנץ און איינזעעניש מיט מענטשן. מינדלעך האָב איך אים נישט געזען קיינמאָל דיסקוטירן מיט קיינעם ווייל ער האָט וואויל געוואוסט אַז אין לעצטן סך הכל פאַרשפּילן אַלע...

— יאָ, מיין גוטער פריינד ר׳ ברוך שעפנער, אַזוי איז שוין דער מין מענטש זינט דעם אָנפאַנג פון דער וועלט. אין דעם טאָג ווען איך בין אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק פון אַנטווערפּן, האָב איך דערזען אויף עליס איילאַנד מיין אַלטן פאָטער. אין די צען יאָר וואָס איך האָב אים נישט געהאַט געזען, איז ער געוואָרן פאַרעלטערט. די מאַמע האָט אים געגעבן צו עסן שעפּסנפלייש ווייל עס איז געווען וואָלוול איינצוקויפן ביים קצב. אָבער ער האָט ליב געהאַט עס צו עסן. דאָס אָפּגעקאָכטע שעפּסנפלייש האָט פאַרמאָגט דעם טעם, די גוטסקייט און צאַרטקייט פון לעבעדיקע שעפּסן און דער שוחט האָט ביים שעכטן זיי נישט באַוויזן צו ענדערן דעם כאַראַקטער פון דעם איידעלן בעל־חי. אָבער דער טאַטע איז פונעם שעפּנספלייש געוואָרן היפּשלעך פעט. מיין עלטסטער ברודער וואָליע האָט געטריבן זיין אויטאָמאָביל פאַזע דעם זילבערנעם טייך האָדסאָן אויפן וועג צו די בראָנקס, אַרום דער דריטער עוועניו וואו מיינע עלטערן האָבן געוואוינט אויפן פערטן שטאָק אין דריי חדרים. איך האָב מיין ברודער פערזענלעך נישט געקענט, מחמת ווען איך בין געבוירן געוואָרן ערגעץ אין דעם קליינטשיקן שטעטעלע באַבריניק, ביים טייך וויעפּזש, נישט ווייט פון איוואַנגאָראָד (דעמבלין), איז וואָליע שוין געווען אין קראָקע און ער האָט זיך געלערנט שניידעריי, וויגנדיק לאַנגע צייטן די קינדער פון דער באַלעבאָסטע, ווי עס איז דעמאָלט געווען דער מנהג און גורל פון אַ לערניינגל. איצט רעדט מיין ברודער אַ שטאַרק־פאַרגרייזטן יידיש געמישט מיט ענגלישע ווערטער. ער הערט נישט אויף צו רעדן דורך דער גאַנצער צייט וואָס דער אויטאָמאָביל טראָגט זיך פאַזע דעם זילבערנעם האָדסאָן וואָס איז נישט דווקא אַזוי ווייס, אַזוי ריין און ציכטיק ווי זילבער, בשעת איך קוק נאָך די שוועבנדיקע אַמעריקאַנער פייגל מיט אַ סך דאַנקבאַרקייט, מחמת אין מיין טיפן אומעט פרייט מיך דאָך אַז עס זיינען פאַראַן פייגל אין אַמעריקע. אויב איך וועל דאָ נישט באַגעגענען קיין מענטשלעכע פריינד, טראַכט איך, וועל איך גיין צו די פייגל און פּרוּוון צו געווינען זייער פריינדשאַפט. פייגל קענען דאָך אויך זיין אייראָפּייאישע היימישע און אַפילו פון די פוילישע וועלדער נעבן וועלכע מיר האָבן געוואוינט בשעת מיין קינדהייט אין פוילן. עס איז שוין אגב סוף

זומער פונעם יאָר 1934. איך דערקען אויף די מענטשן אין די גאַסן ווי הייס עס איז געווען אין ניו־יאָרק בשעתן היינטיקן זומער. די מערסטע מאַנצפּאַרשוינען האָבן אָפּגעברענטע פּנימער פון דער בריענדיקער זון אין ניו־יאָרק. זיי זעען אויס מוראדיק פאַרמוטשעט. דאָס לעבן אין אַמעריקע איז שווער פאַר די אַרבעטנדיקע מענטשן! — האָב איך געטראַכט...

אַזוי פאָרנדיק מיט מיין ברודער וואָליע און מיטן שווייגנדיקן טאַטן זע איך אין מיין דמיון כמעט האַלב דרימלענדיק פון מידקייט, די שטאָט בריסל וואו איך האָב לעצטנס געוואוינט אין אַ געגנט ביים גאַר די מידי, אויף רי דע מעראָד. אין קאָנטראַסט צו ניו־יאָרק זע איך ווי ביים „זשאַרדען באָטאַניק" (באָטאַנישער גאָרטן) אין בריסל שיינט די זון אַזאַ העלע און פרישע ווי אין היינריך היינעס ליד וועגן דעם באַליבטן חודש מאַי. שטיקער שניי און פאַרברודיקטע קופּעס אייז ווי צעבראָכענע בריליאַנטנשטיקער, שמעלצן גיך אונטער די הייסע פרילינג־שטראַלן. פון אַזאַ שטיק ערב־צעשמאָלצענעם שניי עפּנט זיך אויף אַ טייל גוף פון אַ פאַרפרווירענעם הונט. מיר דאַכט זיך אַז ער וועט פלוצלינג אויפשטיין האַלבערהייט תחית המתים, אָן שום געדערים, און ער וועט נעמען האַווקען, בילן ווי ער וואָלט זיך בייזערן אויף דער וועלט און ווי ער וואָלט זיין נאָך לעבעדיק און אַפילו שטאַרק הונגעריק, כאָטש עס פעלט אים דער מאָגן. אויף די צווייגן פון די בריסעלער בוימער וואַקסן שוין די פּאָנקעס (קנאָספּן). אַן ערשט־געבוירענער שמעטערלינג אין דעם היי־יאָריקן פרילינג האָט צו מיר פערזענלעך בפירוש געוויזן זיינע גרויסע זיידענע פליגלען ווי אויסגעשמירטע מיט רוזש אַזוי ווי אַ פרוי וואָס פאַרבט אירע שמאָלע ליפּן און זי קוקט בשעת מעשה אַריין אין אַ קליינטשיקן און פירקאַנטיקן שפּיגעלע, וואָס שפּיגלט קוים אָפּ אַ קליינעם פּענעץ פון איר פרישן בלומיקן פּנים. לויט מיין ווינציקייט איז זי ענלעך צו דער קייסערינע מאַריע אַנטואַנעטע. אָבער יענע פאַרמאָגט שוין לאַנג נישט איר אייגענעם געקרוינטן קאָפּ... אַן אַנדערע פרוי קומט אַרויס פון אַ נאָענטן אַפּטייק און זי פּירט אויך איר קליינטשיק שפּיגעלע עטלעכע מאָל איבער איר בלייכן פּנים וואָס איז רונד און צאַרט און זי דערמאָנט מיך עפּעס אַזוי מאָדנע אין רעמבראַנדס יינגער פרוי סאַסקאַ וועלכע זיצט ביי אים אויף דער קני בשעת אין זיין רעכטער האַנט האַלט דער יינגער און גליקלעכער רעמבראַנדט אַ בעכער פון גאָלד מיט גאָלדיקן וויין. די זון אויפן הימל און סאַסקאַ אויף דער ערד אין אַמסטערדאַם באַשיינען ביידע די וועלט...

איך זע אויך ווי אַזוי אַן אָרעם הינטעלע וואָס עס פירט אַן עלטערע און איינגעהויקערטע פרוי קוקט אָן מיט קנאה אַן אַנדער הינטעלע וועמען אַ יינגערע פרוי מיט אַ בלויען שאַליק אויפן דינעם און ווייסן האַלדז האָט אָנגעטאָן אַ סאָרט סטאַניקל (אַ לייבעלע) פון צונטער־רויטן פלוש. אָסור אויב דאָס הינטעלע האָט זיך געפרייט און איבערהויפּט געוואוסט אַז עס טראָגט אַ מין וועסטל פון פלוש אָדער פון דיקן סאַמעט. די זון האָט

באַנדאַזשירט דאָס הינטישע קערפּערל מיט ברייטע פּאַסן פריש און פרילינגדיק גאָלד. אַ קינד האָט געוויינט אין די ווייכע און וואַרעמע אָרעמס פון זיין מוטער. דאָס אַלץ האָב איך געזען בשעת אַ רגע פון חלום אין מיין פאַרנעפּלטן דמיון. ברוך שעפנער אין רעסטאָראַן „טריאַנאָן״ זיצט מיט מיר ביים טישל און ער רעדט פון זיינע אומעטיקע דערפאַרונגען אין וואַרשע און אין סאָוויעט־רוסלאַנד בשעתן יידישן חורבן. אָבער אָן טרערן און אָן זעלבסט־באַדויער. נייערט מיט רחמנות אויף די אָרעמע און צעבראָכענע מענטשן וואָס ליידן ביטער איידער זיי פאַרמאַכן אויף אייביק זייערע אויגן, כדי זיי צו עפענען אין גן־עדן, אין גאָטס שיינעם הימל... וואו עס וואוינען מסתמא אין היימלעכע ווילאַס די מלאָכים, און די זון שיינט אינמיטן ווינטער אַזוי ווי אין חודש יולי אויף דער ערד...

איך דערצייל ברוך שעפנערן עפּעס וואָס האָט אויף מיר און מסתמא אויך אויף אים געמאַכט אַן איינדרוק:

איך האָב נעכטן אויסגעבאָרגט אַ בוך אין דער ביבליאָטעק מיט זכרונות וועגן דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע פון מענטשן וואָס האָבן געלעבט אין יענער צייט און האָבן זיך צוגעקוקט צו די ביזאַרע און טראַגישע סצענעס וואָס די רעוואָלוציע האָט געבראַכט צו מענטשן, אָפּטמאָל חרוב מאַכנדיק זייערע לעבנס, אָנשטאָט צו ברענגען, ווי זיי האָבן פייערלעך פּראָקלאַמירט, פרייהייט, גליק און טאָלעראַנץ צו דער אונטערדריקטער מענטשהייט. געדענק איך אַ סצענע פון דעם בוך וואָס האָט מיך היפּש טרויעריק געמאַכט. עס ווערט אומגעפער געשילדערט אַן אַלטמאָדישע און באַשיידענע וואוינונג, היימיש און באַקוועם אויסמעבלירט אין דעם אָנפאַנג פונעם אַכצנטן יאָרהונדערט. אַ גרויסער לאָמפּ מיט אַ פּיל־קאָלירטן אַבאַזשור שטייט אויפן טיש און זיין אַנגעצונדענע קנויט באַלויכט די פּנימער פון עטלעכע יינגערע און מיטליאָריקע פרויען. די מערסטע פרויען האָבן געהאַט פייכטע און פאַרוויינטע אויגן. אויפצומאָרגנס האָבן עטלעכע מענער פון אַ טייל פרויען געדאַרפט געפירט ווערן צו דער גיליאָטינע אינעם ענגן וועגעלע אַזוי ווי אין אַ הילצערנעם קעסטל — מען האָט עס גערופן, אויב איך מאַך נישט קיין טעות: „טאָמברעל״ אין פראַנצויזיש. דערינען זיינען געזעסן, אַרומגערינגלטע מיט רעוואָלוציאָנערע סטראַזשניקעס, ענגלעך איינגעקוועטשטע עטלעכע ריזן פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע: דאַנטאָן מיט זיין מאַכטיקן קאָפּ טיטאַניש פאַרריסן ווי אַ גלאָבוס וואָס שטעלט פאָר דעם פּלאַנעט. ניין, ווי די זון מיט שווערע שטיקער שטראַלן־לאָקן באַהאָנגען. דאַנטאָנס אויגן זיינען רויטע פון נישט־דערשלאָפענע נעכט. ערשט נישט לאַנג צוריק איז ער זיך צוזאַמענגעגאַנגען מיט אַן אָנגענעמער פרוי וואָס האָט געמאַכט גליקלעך זיינע טעג און נאָך מער זיינע נעכט נאָך לאַנגע יאָרן פון רעוואָלוציאָנערן שטורעם און דראַנג. פּלוצלינג האָט מען אים אַרעסטירט אין זיין היים, אַ פּראַכטיקע אימעניע דאַכט זיך, פון אַ נאָבעלער אריסטאָקראַטקע, וואו ער

האָט, ווי שוין געזאָגט, געגאָסן אָפּרו, ליבע, וויין, פּרוי, מוזיק און ליטעראַטור. עס איז שוין צייט געווען פאַרן שטאָלצן ריז דאַנטאָן צו געניסן אַ ביסל אָפּרו און שטילקייט נאָך דעם ווולקאַנישן אויסבראָך פון דער גרויסער רעוואָלוציע. דער קצב ראָבעספּיער האָט נישט געקענט שלאָפן ביינאַכט אויב דאַנטאָן וואָלט ווייטער געלעבט חלילה... דאַנטאָן האָט פּשוט געוואָלט אָפּשטעלן אין פראַנקרייך דעם ניאַגאַראַ־גאָס פון בלוט־פאַרגיסונג צו וועלכן ראָבעספּיער איז געווען דורשטיק. בלוט, און נישט קיין שום אַנדער געטראַנק, האָט געשיינט צו שטילן אויף אַ קורצע ווײַלע זיין טייוולישן דורשט. אַ לעבעדיקער דאַנטאָן איז אים מכלומרשט געשטאַנען אין וועג...

עס זיצט דאָ אויך אין דעם וועגעלע סט. זשוסט, דער ייִנגסטער יאַקאָבינער פון דער גרופּע וואָס איז אינגאַנצן אַלט 28 יאָר. ער איז אויך דער צום מערסטנס פאַנאַטישער פירער פון דער רעוואָלוציע צווישן די ענטוזיאַסטישע און הייס־בלוטיקע בונטאַרן, די יאַקאָבינער. ער האָט נאָך מסתמא רעכט מיט קיין געליבטער פרוי נישט פאַרבראַכט און אויך קיין ליידנשאַפטלעכע ליבע נישט געגאָסן. זיין גאַנץ קורץ לעבן איז איין גרויס שטיק פייער און פלאַקער פאַר דער רעוואָלוציע, פאַר דער פרייהייט, פאַרן פאָלק. צווישן דער גרופּע פאַרמשפּטע פירער וואָס ראָבעספּיער, דער קאַלטבלוטיקער און טאַקע אַסקעטיש־בלוטיקער קצב פון דער רעוואָלוציע, שיקט צום טויט, געפינט זיך אויך דער שטילער און איידעלער רעוואָלוציאָנער קאַמיל דע מולען וואָס האָט שטאַרק באַדויערט, אַזוי ווי דאַנטאָן, דאָס צעשיידן זיך מיט זיין ייִנגער פרוי נאָכדעם ווי ער האָט צו איר געשריבן איידעלע בריוו פון טורמע, אין אַ צאַרטער, לירישער און פּאָעטישער שפּראַך און געמיט. עס זיצן אין דעם „קעסטל״ פונעם מלאך המות וואָס טויטעט זיינע קרבנות דורכן בלויען מעסער פון דער גיליאָטינע, עטלעכע אידעאַליסטיש־שיינע פּערסאָנאַזשן פון דער רעוואָלוציע: פאַרמשפּטע פרויען, קרובים, קוים־דערוואַקסענע ייִנגלעך־סטודענטן, מיידלעך מיט פאַרטרוימטע אויגן און מיט לאַנגע האָר. זיי האַלטן אין זייערע שניי־ווייסע און דינע הענט וועמענס בלויע אָדערן מען קען ציילן דורך דער ריינער און ווייסער הויט וואָס איז דורכזיכטיק, ביכלעך מיט לירישע לידער וואָס זיי האָבן כסדר געלייענט אין דער תפיסה דורך דער גאַנצער שלאָפלאָזער נאַכט... און זיי אַלע וועלן עס מאָרגן באַלד אין באַגינען מוזן שטאַרבן כדי די רעדער פון דער רעוואָלוציע זאָלן האָבן גענוג כוחות זיך צו דרייען. פאַרוואָס? פאַר וועמענס שולד און פאַר וועמענס נוצן?!...

אויף די פאַריזער גאַסן און אין די שמאָלערע געסלעך מיט אַלטע הייזער נאָך פונעם מיטלאַלטער אָן, צעשאָסענע פון מלחמות און צעשטערטע דורך בונטן און בונטאַרן, קיינמאָל נישט קיין פאַראָכטענע דורך די איינוואוינער, וואָס ליאַרעמען, שרייען, שלאָגן זיך, שיסן איבער די הפקרדיקע גאַסן, טומלט זיך, שרייט היסטעריש און מיט נידעריקע

באַליידיקונגען און זידלערייען דער אייביקער המון, דאָס משוגענע פעבל, די טיפּישע „סאַנקיולאָטן״ (אָן הויזנדיקע): די הונגעריקע און בלוט־דורשטיקע מאַסן פון פּאַריז וואָס פאַרוואַרפן מיט בלאָטע די גרויסע אידעאַליסטישע קעמפּער און פירער פון דער רעוואָלוציע... יענע מענטשן צווישן דעם אויפגערעגטן המון וואָס האָבן נאָך אַ ביסל רחמנות אויף די פאַרמשפּטע העלדן, טאָרן חלילה נישט אַראָפּלאָזן קיין טרער פון זייערע רויטע און וויינענדיקע אויגן. די רעוואָלוציע איז גרויס און הייליק. אַ טרער אינעם אויג פון איינעם וואָס ווייזט אַרויס סימפּאַטיע פאַר די מאַרטירער און הייליקע, מיינט פאַר אַזאַ נאַר און נאַאיוון מענטש זעלבסט־פאַרראַט און דער טויט אונטערן שאַרפן מעסער. פאַרן געץ און גולם פון די גראָבע מאַסן באַדאַרפן צו שטאַרבן די שענסטע זין און טעכטער פונעם פאָלק..

אין דער היים פון איינע פון די טרויערנדיקע פרויען איז גאַנץ טונקל. די פרויען האָבן געוויינט. זייערע מוטיקע מאַנצלייט וואָס זיינען העלדיש אויפגעשטאַנען כדי צו באַפרייען די געפּייניקטע דורך דעם טעראָר פון די טיראַנען און דעספּאָטן, זיינען געווען ווי געבונדענע שעפּסן אויפן הויף אָדער אין דער קאַמער פונעם שוחט וואו עס שטינקט דאָס פאַרטרוקנטע בלוט פון מאַסן אומגעקומענע. קאַמיל דע מולען האָט מקנא געווען מאַראַטן אויף ווענען די נקמה־דורשטיקע נקבה פון אַריסטאָקראַטישער אָפּשטאַמונג, נאָך אַזאַ שפּראָצנדיק־יינגע, מיט פולע אויפבליענדיקע בריסטן ווי זיי וואָלטן ווענן אַרויסאַנטלויפן און זיך באַפרייען פון איר ענגער בלוזקע און זיך פּשוט ראַטעווען פון טויט, האָט דורכן גאַנצן טאָג געטשאַטעוועט ווי אַזוי אַריינצוקומען אין דעם פּריוואַטן הויז און זיך ענדלעך אַריינקריגן אים דעם וואַנע־חדרל וואו מאַראַט זיצט און ווייקט זיך אַ נאַקעטער אין דעם וואַרעמען וואַסער, זיך היילנדיק זיין קרעציק לייב, וואו זי וועט אים ענדלעך דערשטעכן מיט אַ שאַרפן קצבים־מעסער וואָס זי האָט איינגעקויפט אין אַן אייזנגעשעפט באַלד אין דער פרי, תיכף ווי זי איז אָנגעקומען קיין פאַריז כדי אויסצופירן דעם געפּלאַנטן אַטענטאַט אויפן רעדאַקטאָר פון דער צייטונג וואָס טיטולירט זיך „ל׳אַמי די פּעפּלע״ (דער פריינד פון פאָלק), אין וועלכן מאַראַט פאָדערט צוויי הונדערט טויזנט נייע לעבעדיקע קעפּ פון פאַריזער בירגער כדי מקריב צו זיין אויף דער גיליאָטינע לטובת דער „הייליקער רעוואָלוציע״. זי האָט, ווי שוין געזאָגט, דאָס שאַרפע מעסער געקויפט באַלד אין דער פרי אין אַן אייזנגעשעפט פאַר דעם צוועק צו טויטן מאַראַטן דורכ׳ן טאָג אָדער אין אָוונט, ווען נאָר מען וועט זי אַריינלאָזן צו אים. זי האָט עטלעכע מאָל אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון הויז און פריינדלעך געבעטן אַריינגעלאָזט צו ווערן פּריוואַט צו דר. מאַראַטן... ענדלעך, אַזאַ געשפּאַנטע, האָט זי געקראָגן די דערלויבעניש אין אָוונט כדי צו האָבן מכלומרשט אַ קורצע קאָנפערענץ מיטן רעוואָלוציאָנערן פירער, מחמת זי האָט „וויכטיקע סעקרעטן״ צו אַנטפּלעקן: אַז די רעוואָלוציע, די הייליקע רעוואָלוציע וואָס

איז טאָג און נאַכט ברענענדיק־דורשטיק נאָך מענטשלעך בלוט! — איז באַדראָט דורך אירע שונאים און פאַררעטער. זי מוז דעריבער פּערזענלעך האָבן אַ קאָנפערענץ מיטן אידעאַליסטישן און הייליקן הענקער. אָבער ווי נאָר מען האָט איר ענדלעך דערלויבט אַריינצוקומען אין דעם באָד־חדרל, האָט זי אַרויסגעכאַפּט פון אונטער איר פאַרטוך דאָס קצבישע מעסער, און דאָס וואַסער אין דער וואַנע אין וועלכן עס האָט געבאָדן זיין קרעציקן גוף דער גרויסער פריינד פון פאָלק — אַלע בלוטדורשטיקע דיקטאַטאָרס זיינען דאָך פון אייביק אָן די פריינד און טאַטעס פון די פעלקער — איז געוואָרן רויט פון זיין בלוט ווי אַ פייער...

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען די שיינע מערדערין געפירט אין אַ וועגעלע צו דער עקזעקוציע אויף פּלאַס דע לאַ קאָנקאָרד. די ווילדע און צעיושעטע מאַסן, דאָס ערב־רב פון פּאַריז, די כוליגאַנעס, די בלוטדורשטיקע טרעמפּס, די הונגעריקע קברנים און קבצנים, די הענקערס און מעסער־שטעכערס, זיינען דאָך אומגעדולדיק: עס איז דאָך פּשוט אַ מחיה צו זען ווי אַ יינגע פרוי פון דאַכט זיך ניינצן צי צוואַנציק יאָר גייט אַרונטערלאָזן איר שיינעם קאָפּ מיט בלאָנדע גאָלד־לאָקן אין קויש אַריין וואו עס ליגן נאָך אַנדערע קעפּ, וועמענס נשמות געפינען זיך שוין אין גאָטס גן־עדן, כדי צו שטאַרבן פאַר דער פרייהייט פון די ציניקער און גאָרגל שניידערס. איך געדענק זייער גוט איר נאָמען: שאַרלאָט דע קאָרדיי. זי האָט דאָך נויטיק געדאַרפט האָבן דאָס גאַנצע ספּעקטאַקל, אַנשטאָט צו לעבן אין פרידן מיט איר פאַמיליע; חתונה צו האָבן מיט אַ גאַלאַנטן קאַוואַליר; צו געבן געבורט צו לעבעדיקע ליאַלקעס אויף דער וועלט; צו גיין שפּעטער שפּאַצירן בשעת אַ זוניקן טאָג פון פרילינג אין דער נאַטור און פרילינג אין איר לעבן מיט אירע קינפּטיקע קינדערלעך אין „לוקסעמבורגער גאָרטן", און נאָך שפּעטער, בשעת דעם חודש נאָוועמבער אָדער דעצעמבער, צו באַטראַכטן ווי אַזוי די בוימער ברענען און שרפהן קאַלטערהייט מיט זייערע צווייגן און בלעטער וואָס זיינען באַלאָדן מיט די שפּעט־האַרבסטיקע פייער־פאַרבן... דערנאָך, שוין מיט יאָרן שפּעטער, צו פירן אירע שוין דערוואָקסענע קינדער צו דער חופּה. דערנאָך זאָל זי דערלעבן צו זען אירע אייניקלעך, און אויב גאָט וועט איר אין זיין גרויס גענאָד שענקען יאָרן מיט געזונט, וועט זי אפשר אויך דערלעבן צו האַלדזן און צו קושן אירע אוראייניקלעך. און גלאַט אַזוי: ווי אַזוי קען מען דאָס פאַרמאָגן דעם רוח און די געוואַגטקייט צו אַטאַקירן אַ קראַנקן און פולבלוטיקן אידעאַליסט, זיכער אַליין אויך אַ געפערלעכן טעראָריסט און פאַנאַטיקער וואָס איז איבערצייגט אַז צוויי הונדערט טויזנט מענער און פרויען באַדאַרפן צו לייגן זייערע אומשולדיקע קעפּ אונטערן מעסער כדי צו ראַטעווען די רעוואָלוציע?! איז נאָכאַמאָל דאָס אייגענע: ווי אַזוי קען אַ יינגע פרוי עטלעכע מאָל שטעכן מיט אַ שאַרפן קצבים־מעסער דעם נאַקעטן מאַראַטן ווען ער היילט זיך כלומרשט פון זיין שווערן און קרעציקן אויסשיט אויפן צעבראָכענעם לייב זיינעם?!...

יאָ, ערגעץ אין אַ הויז אין פּאַריז האָבן ווייבער וואָס האָבן געלעבט אין דעם סוף פונעם אַכצנטן יאָרהונדערט געוויינט אויף די מעשים פון דער מערדערין פון מאַראַטן. זי האָט דאָך אויסגעזען צו זיין אַזאַ אומשולדיקע יינגע פרוי, ממש גאָט די נשמה שולדיק: מסתמא האָט זי זיך אויך פאַרשטעלט פאַר אַ פּראָסט פויעריש מיידל. האָט עס איר דען געלוינט די גאַנצע אַוואַנטורעז קיין פרייהייט פאַרן פאָלק האָט זי דאָך זיכער נישט געבראַכט מיט איר מאָרבידן אַטענטאַט אויף אַ היסטאָרישער פיגור. אַן אַנדערער דעספּאָט וועט אים שוין מסתמא פאַרטרעטן. זי האָט בלויז געבראַכט דעם הענקער פון פּאַריז, דעם טרויעריק־באַרימטן תליין סאַנסאָן וואָס טראָגט ווייסע האַנטשן (הענטשקעס) ביים עקזעקוציע־פּלאַץ, כדי ער זאָל פריער אויסטרינקען אין אַ ווײַנשענק אַ פלאַש מיט בראָנפן ערב דעם קעפּן דאָס שיינע און העלדישע מיידל, און תיכף נאָכדעם זאָל ער אויפהויבן איר קאָפּ אין דער הויך פאַרן משוגענעם און היסטעריש־שרייענדיקן פעבל. פון שאַרלאָט דע קאָרדייס קאָפּ רינט געדיכט דאָס רויטע בלוט און עס מאַכט פייכט די שטיינער פונעם פּאַריזער ברוק. קיין רויטע רויזן וועלן שוין אויפן דאָזיקן שטיינערנעם פּלאַץ פון איר בלוט נישט שפּראָצן בשעת דעם קומענדיקן פרילינג. און אויב יאָ, וועט זיי דער המון ברוטאַל צעטרעטן. אָבער דער תליון מאָנסיער סאַנסאָן באַגענוגנט זיך נישט מיט דער בלויזער אויספירונג פון דער אַכזריותדיקער עקזעקוציע: ער שטרעקט אויס אין דער הויך, פאַר די אויגן פון דער ריזיקער מאַסע מענטשן וואָס אַמוזירן זיך גלענצנדיק און אָן געצאָלטס פאַר אַריינגאַנג־בילעטן צום גרויזאַמען וועלט־צירקוס, זיין רעכטע און שטאַרקע האַנט, און ער לאָזט אַראָפּ אַן עקלהאַפטן פּאַטש אויף דעם קרבנס מיידלש־צאַרטן פנים. די סצענע איז געלונגען. דער גראַטעסקער המון אַפּלאַדירט, מיט שטורעם דעם אַקטיאָר פון דער רעוואָלוציע און די היסטאָרישע פאָרשטעלונג וואָס וועט שפּעטער זיין אַ ביישפּיל און אַ לעקציע פאַר אַנדערע הענקערישע דיקטאַטאָרס אין דער געשיכטע, אין דער מכלומרשט ליכטיקער צוקונפט. מאָנסיער סאַנסאָן איז אַן אויסגעפּראַוועטער קלאַון אויז תליון. ער ווייסט גלענצנדיק ווי אַזוי צו „אַמוזירן" און אַפּלאָדירן דאָס נאָבעלע פּאַריזער פעבל און פובליקום...

און דערנאָך, פאַרן איינשלאָפן שוין אַ היפשלעך־מידער פון אַזאַ גרויס־היסטאָרישן טאָג, וועט דער בלוט־הונט סאַנסאָן ווידער אויסטרינקען אַ פלאַש מיט ספּירט און נאָך פעסט פאַרקייען מיט זיינע אייזערנע ציין אַ דיקן פענעץ חזיר־פליישׁ. (אַז מען שמועסט אַז ער דינט צו דער זאַך פון דער הייליקער רעוואָלוציע...)

ווי שוין פרי־ער געזאָגט, האָט זיך דאָס גאַנצע שוידערלעכע קאַפּיטל וואָס רופט זיך „די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע" אָפּגעשפּילט מיט קנאַפּע צוויי הונדערט יאָר צוריק. אָבער מיט גאַנצע צוויי טויזנט יאָר צוריק, אומגעפער, זיינען אויך אין איינער אַ שטוב געזעסן אַ גרופּע פרויען און זיי האָבן באַוויינט זייער „ביטערע דאַליע", ווי מען איז

געוואוינט צו זאָגן. דאָס איז פאָרגעקומען אין דעם פּאַרצייטישן רוים פון די געוואַלדיקע חכמים און עטישע לייט, די צעזאַרס וואָס זיינען באַרימט מיט זייערע דעספּאָטישע מעשים, גרויסע מלחמות אין ווייטע לענדער, חרוב מאַכנדיק פעלקער און זייערע אַלטע קולטורן און פירנדיק בשותפותדיקע ליבעס מיט באַזיגטע קעניגינס. די צעזאַרס האָבן צווישן אַנדערע נאָבעלע מעשים אויך געהאַט אַ טבע אַז אויב זיי האָבן געוואָרפן אַן אומחן אויף אַ פּאָפּולערן מענטש אין זייער אימפּעריע, למשל אַ באַרימטן פּאָעט, האָבן זיי אים דורך אַ „פריינדלעכן שליח״ געמאָלדן אַז דער אַלמאַכטיקער דיקטאַטאָר וואָס הערשט מיט גאָר זיין מאַכט און מיטלייד מישטיינס געזאָגט איבער די גופים און די נשמות פון זיינע אונטערטאַנערס, באַפעלט דעם פּאַרזינדיקטן בירגער זיך אויפצושניידן מיט אַ שאַרפן מעסער די אָדערן פון זיינעביידע הענט, אָדער, אויב צעזאַר איז געווען גאָר באַרמהאַרציק צום פאַרמשפּטן, באַדאַרף ער בלויז טאָן און פאָלגן אַ קליינע שטראָף: זיך געזעגענען מיט זיין געליבטן ווייב און קינדער, אויב ער האָט אַזעלכע פּאַסאַזשירן; אויך צו פאַרלאָזן די שטאָט רוים און לאַנדן אויף עטלעכע יאָר צייט אין אַן אַנדערן לאַנד אָדער וויסטע געגנט, וואו ער וועט מיט דער צייט ווערן אַ סך ווינציקער געפערלעך פאַר דער גרעסטער אימפּעריע אין יענער צייט. ער וועט צום ביישפּיל נישט פלוידערן קיין איבעריקע רייד מכוח דער מאָראַל פונעם צעזאַר און בכלל וועט ער זיך נישט אויסדריקן אומסימפּאַטיש וועגן דעם צעזאַרס אַלגעמיינע מעשים... אויסערדעם וועט די פרישע לופט פון אַ ווייטן און וויסטן לאַנד היילן זיינע נערוון און אויסלייטערן אַביסל זיינע געהירן. דאָס וועט פאַרמיידן נישט קיין תמיד פּאַסיקע מעשים וואָס אַזאַ בירגער קען באַגיין קעגן דער אָרדענונג פון דער לאַנד וואו ער האָט דעם כבוד צו זיין אַ נאָבעלער און ווייזער בירגער, וואָס ווערט געשעצט סיי מצד די טאַטעס פון דער שטאָט און סיי מצד די ריכטער, די אַדוואָקאַטן, די עדות, די שומרים פונעם געריכט און צום סאָמע סוף אויך מצד צעזאַרן אַליין...

איינע פון די פרויען אין דער פאַרטרויערטער גרופּע איז געווען דאָס איידעלע ווייב פון דעם גרויסן רוימישן פּאָעט אָווידיוש (אָדער אָוויד); וואָס איז באַרימט געוואָרן פאַר דער געשיכטע מיט זיין פּאָעטישן ווערק „די מעטאַמאָרפאָזן״ (פאַרוואַנדלונגען אָדער גילגולים). אָווידיוש האָט טאַקע געדאַרפט, וועדליק צעזאַרס באַפעל, צו פאַרלאָזן אין דעם קומענדיקן פרימאָרגן זיין היים, זיין פאַמיליע, זיין ווייב און זיינע קינדער, ווי אויך זיינע פריינד און גאַנץ רוים. זיין נייע היים האָט געדאַרפט זיין אַזש אין דעם ווייטן רומעניע וואָס איז צו יענער צייט געווען אַ קאָלאָניע פון דער רוימישער אימפּעריע. דורך דער גאַנצער נאַכט האָבן די געטרייע פרויען פון אָווידיושעס משפחה געוויינט אויפן גורל פונעם פּאָעט... אָבער אָוויד האָט געהאַט אַ בעסער מזל ווי אַנדערע שולדיקע און פאַרמשפטע בירגער וואָס האָבן פאַרלוירן די סימפּאַטיע פונעם קאָפּ פון דער אימפּעריע. אויב איך מאַך נישט קיין גרויסן טעות, האָט ער באַוויזן

צוריקצוקומען קיין רוים מיטן זעלביקן קאָפּ אויף זיינע פּלייצעס אַזש פונעם ווייטן רומעניע, וואָס האָט געקענט פאַרגליכן ווערן צום אופן ווי די צאַרן האָבן פאַרשיקט זייערע שולדיקע אַזש קיין סיביר... ווען אָווידיוש איז ענדלעך צוריקגעקומען אַ גאַנצער און לעבעדיקער, האָט ער בלויז געמוזט אויסזען אַביסל גרויער ווי פריער, איידער ער איז פאַרשיקט געוואָרן...

איך שרייב די דאָזיקע שורות דעם 7טן נאָוועמבער פון דעם יאָר 1985, ווען אין גאָטס דרויסן שיינט פרילינגדיק די גוטע און האַרציקע זון וואָס וואַרעמט אַלע פעלקער אָן שום דיסקרימינאַציע. יעדעס באַזונדערע בלעטל פון די בוימער איז געגאָסן אין ריינעם בראָנדז. ווען איך בין געקומען פון בעלגיע קיין אַמעריקע, האָב איך געוויינט. איך האָב געהאַט אַ געפיל און געהיימען פאַרלאַנג אין מיין האַרצן תיכף צוריקצופאָרן קיין אַנטווערפּן. אָבער איך האָב זיך געטראַכט: אויב די שטאָט, די ערד, די היגע גאַסן זיינען טאַקע אַמעריקאַנישע, וועלכע איך האָב נאָך נישט געהאַט אָנגעוואַרעמט — איז אָבער דער הימל אויבן דער זעלביקער אומעטום. איך וועל זיך דעריבער באַמיען אַ לענגערע צייט, ווי לאַנג איך בין באַהערשט פון אַ געפיל פון בענקשאַפט צו אייראָפּע, נישט אָנצוקוקן די ערד, די שטעט, די גאַסן און די מענטשן. איך וועל קוקן כסדר צום הימל, צו די וואָלקנס, צו די שוועבנדיקע פייגל מיט זייערע זיסע פליגל. אויבן, הויך וואו די פייגל שוועבן אַרום מיט זייערע צעשפּרייטע פליגלען, איז די וועלט נאָך נישט באַגרענעצט צו קיין שום באַשטימטער טעריטאָריע נאָך וועלכער איך לייד פון בענקשאַפט. אויבן איז די וועלט, ווי שוין געזאָגט, פאַריזעריש, אַנטווערפּעניש, ברוסעליש, רוימיש, אַטעניש, קאָפּענהאַגעניש, בודאַפּעסטיש. בלויז אונטן, אויף דער ערד, זיינען אַנדערע שטעט, קוואַרטאַלן און גאַסן, ווי אויך אַנדערע פעלקער, מענטשן, אַטמאָספערעס און לאַנדשאַפטן. אויבן שיינט די זון. ביינאַכט קען מען זיך באָדן אין דעם וויינליכט פון די שטערן.

אויבן איז אומעטום לויטער הימל, שטערן און קאָסמאָס. און איך וועל זיך תמיד געפינען אין דעם לאַנד פון מיין געבורט און יוגנט... די ווייטיקדיקע בענקשאפט איז מיין האַרצן צו אַ לאַנד צו וועלכן איך האָב זיך צוגעוואוינט צו וואוינען אין משך פון לאַנגע יאָרן, וועט זיך מיט צייט האָבן אָפּגעטאָן פון מיר... עס וועט זיך אין עסענץ גאָרנישט האָבן געענדערט פאַר מיר. קוק אַרויף צום הימל — און דו געפינסט זיך אומעטום...

## מיינע ביידע זיידעס טרינקען וויין אין גאַרבאָוו

פון דער שטאָט איוואַנגאָראָד שטאַמט מיין פאָטער און זיין גאַנצע משפחה. פון דער שטאָט קוראוו און פון דעם שכנותדיקן שטעטל מארקושאָף שטאַמען מייז מוטער און איר גאַנצע משפחה. צו יענער צייט פלעגן זיך צוזאַמענקומען מיין טאַטנס פאָטער ר׳ לייבוש יואלקעס

טענענבוים, דער גרויסער סוחר, היפּשער גביר און בעל־צדקה פונעם שטעטל דעמבלין (וואָס מען האָט בשעת דער צאַרישער הערשאַפט איבער דער מדינה פוילן, גערופן איוואַנגאָראָד און ביי די יידן מאָדזשיץ), ווי אויך דער אָפיציעלער פּאָדריאַטשיק צו דער צאַרישער פעסטונג מיט מיין מאַמעס טאַטע ר׳ משהלע (יונהס) גראָסמאַן. געוויינלעך פלעגן זיי רעדן מכוח זייערע מסחרישע עסקים. די באַגעגעניש האָט מסתמא געמוזט פאָרקומען אין מיין זיידנס, ר׳ משהלע יונהס קרעטשמע אין דערפל גאַרבאָוו וואָס איז געווען נישט ווייט פון קוראָוו. זאָגט איינמאָל ר׳ משהלע יונהס צום זיידן ר׳ לייבוש יואלקעס:

— ר׳ לייבוש־לעבן, איך האָב אַ לייטישע טאָכטער פאַר אייער עלטסטן זון מאָטל...

עטלעכע מאָל, דערציילט די משפּחה־כראָניק, זיינען זיךביידע צדדים צוזאַמענגעקומען אין דער קרעטשמע, נעבן אַ באַרגיקן וועג, ביז זיי האָבן ענדלעך באַשלאָסן זיך משדך צו זיין. זיי האָבן באַשטימט אַז חתן־כלה זאָלן אין איינעם אַ שיינעם טאָג האָבן אַ זעעכץ און זיך טאַקע פּערזענלעך באַגעגענען אויג אויף אויג...

די דאָזיקע קינפטיקע טאַטע־מאַמע־ראַנדעוואו איז אַוודאי פאָרגעקומען אין דער קרעטשמע וואו זיי האָבן זיך שוין פריער געהאַט געטראָפן. דער געדיכטער רויך פון מאַכאָרקע וואָס די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן געגרויכערט מיט זייערע ליולקעס, פלעגט תמיד הענגען אונטער דער סטעליע אין דער קרעטשמע ווי אַ געדיכטער גרויער וואָלקן. די פאַנטאַזיע מאָלט פאַר מיינע אויגן אַ סצענע פון די קרעפטיקע פּויערים אין זייערע דיקע און געלע קאָזשוכעס (פעלצן). פּויעריש־שטאַרקע הענט מיט מאָזאָליעס טראָגן צו צו זייערע דיקע ליפּן די היכע קופלעס אָנגעפּילטע מיטן פעטן, ברוינעם און דורכזיכטיקן ביר וואָס שוימט זיך זילבערנדיק ווי שניי אין אָפּשיין פון דער זון אַריבער די פעסטע און גלעזערנע ראַנדן פון די קופלעס. זייערע וואָנסעס זיינען פאַרשוימט מיטן פעטן שוים פונעם ביר און פאַרפרוירן פונעם פראָסטיקן שניי. אין דער ווינשענק הערט מען רעדן היציקע און האַסטיקע רייד וועגן פּאָליטיק, וועגן דעם שטרענגגן צאַר און זיינע רעאַקציאָנערע מיניסטאָרן וואָס ווילן דערשטיקן דעם נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערן גייסט פונעם פוילישן פאָלק; וועגן די עקשנותדיקע רעוואָלוציאָנערן וואָס שליידערן באָמבעס אויף דעם צאַרס געטרייע שליחים אין די גאַסן פון די גרויסע רוסישע שטעט; וועגן דעם שלעכטן געוועטעניש בשעת דעם פאַראַיאָריקן זומער וואָס האָט פאַרשטאַרקט דעם הונגער פון דער אָרעמער באַפעלקערונג אין פוילנס שטעט און דערפער, און אַז נאָך די אַלע אומגליקן איז פונדעסטוועגן „פוילן נאָך נישט פאַרלוירן״. אַפילו אין די קלענסטע שקאָלעס (שולעס) פון די פאַרוואָרפענע דערפער און ישובים וואו עס לעבן די פּאָלאַקן, לערנען די געהיימע לערער פונעם פאָלק מיט די קינדער און דער יוגנט די העלדישע פאַרגאַנגענהייט פון דעם פוילישן

פּאָלק; פּולישע שרייבער אין זייערע פּאַטריאָטישע ווערק. דער גייסט פון אַדאַם מיצקעוויטש, יוליוש סלאָוואַצקי און ציפּריאַן נאָרוויד וועט אייביק גליען אונטער דער הערשאַפט פון אַלע טיראַנען און דעספּאָטן ביים העלדישן פּוילישן פּאָלק...

אינמיטן פון דער ווײַנשענק, אונטערן ווייסאויסגעקאַלכטן פּולאָפּ (סופּיט), וואו די צניעותדיקע שוואַלבן בויען זייערע נעסטן מיט דינינקע פּעדימלעך אוז צאַרטע זײַדענע פּעדערן, הענגט דער גרויסער בליצלאָמפּ אויף אַן אײַזערנער קייט, וועמענס אָפּשײַן דעקט אָפּ די מינדעסטע קנײטשלעך אויף די רויטע און פאַרשוויצטע פּנימער פון די שיכורים. אין אַ ווינקל פון דער געווימער קרעטשמע הענגט אַ גרויסער הילצערנער זייגער וועמענס אומרו שלאָגט אויס רעגולער די רגעס און מינוטן פון צייט ווי אַ האַמער אין דער פעסטער האַנט פון אַ מלאך. די טונקעלע ווײַזערס אויפן רונדן ציפערבלאַט מיט רוימישע ליטערעס דרייען זיך פּאַוואָליע און גאַלאַנט ווי אַ פּאָרפּאָלק אין אַן אייביקן טאַנגאָ־טאַנץ. עס איז אָבער נאָך נישט אָנוועזנדיק מײַן קליינע ווינציקייט וואָס באַדאַרף יעדער נאַכט אָנציען די שווערע בראָנדזענע וואַגעס פונעם הילצערנעם זייגער ווען זיי רירן שוין כמעט אָן די פּאָדלאָגע. וואָרום איך אַליין בין נאָך דעמאָלט גאָר אויף דער וועלט נישטאָ, הגם דאָס איז פאַר מיר איצט אַביסל שווערלעך זיך פאָרצושטעלן. מײַנע קינפּטיקע טאַטע־מאַמע גייען זיך ערשט צוזאַמענקומען. זיי וועלן זיך מסתמא קעגנזײַטיק אַרײַנקוקן אין די אויגן; אפשר אויך אין זייערע ביידנס נשמות. די גאַנצע וועלט איז נאָך אומגעהייער־גרויס און ליידיק פון מײַן פּערזענלעכער עקזיסטענץ. דער הימל וואָס שפּרייט זיך אויס אויבן מיט זײַנע אייביקע שטערנאוצרות איבער אַלע שטערבלעכע קעפּ פון די מענטשן; איבער די שטרויענע דעכער פון די פּויערישע הײַזער; איבער די צלמים פון די אַנטיסעמיטישע קאָשטשאַלן און די שטאָלצע טורעמס פון די פּריצישע פּאַלאַצן, איז נאָך בלוי און דורכזיכטיק אַפילו אָן דעם בליק פון מײַן שוואַרצאַפּל און אָן מײַן אַרײַנקוקן אין זײַן טיפקייט מיט פּחד און שטוינונג. די ביימער גרינען נאָך אין פרילינג אָן מײַן פּאָעטיש אויג און באַוואונדערונג פאַר זייער פּשוטער פּראַכט. בײַנאַכט שטייען אין דעם חשכות פון אַן אומפּרײַנדלעכן הימל וואָס שײַנט נישט צו האָבן קיין שום שייכות צו די מענטשן וואָס באַוועגן זיך ווי די נישטיקע היישעריקן אויף דער ערד, די מאַסן שוין דערמאַנטע שטערן אָן מײַן רעטעניששפולן אָנקוקן זיי; אָן מײַן בענקשאַפט און בריענדיקן הונגער צו פאַרשטיין זייער געהיימענישפולע שפּראַך און צו פּרוּוון אַנטציפערן און צו לייענען ווי מען לייענט אַ מיסטישן ספר. איז דאָס מעגלעך? קען טאַקע די גאַנצע אומגעהויערע וועלט־עקזיסטענץ, מיט איר געוואַלדיקן שווייגן און מיט איר פּלאַן און גאַנג אין אַן אומענדלעכן וועג פון דער צוקונפט, עקזיסטירן אָן מײַן נישטיקן פּיצל שטערבלעכן „איך"? איז דען אַפילו די דאָזיקע וועלט אַמאָל געווען אויף אַ אײנציקער רגע אַן מײַן פיזישער אָנוועזנקייט, אָן מײַן „זײַן", אָן מײַן לעבעדיקן און

דינאַמישן אָנטייל אין איר קאָסמישער דראַמע? צי קענסטו דאָס גאָר באַגרייפֿן און אַפֿילו צולאָזן אַזאַ געדאַנק וועגן דיין בפֿירושער נישט־עקזיסטענץ צו דיין מוראדיקן עגאָ?

צי ביסטו זיך דען אומשטאַנד פֿאָרצושטעלן די עקזיסטענץ פֿון דעם גאָרן אוניווערס אָן דיין פֿערזענלעכן זיין, אָן דיין טראַכטן, אָן דיין גייסטיקן הונגער, אָן דיין פֿרייד מיט די וועלטן, אָן דיין ענטוזיאַזם פֿאַר דער נאַטור; פֿאַר די וועלדער, פֿעלדער, סעדער און גערטנער; פֿאַר גאָר די באַשעפֿענישן פֿון דער ערד, אין אַלע זייערע מולטיפֿאָרמען און פֿאַנטאַסטישע מאָדעלן; אַן דיין סענטימענט פֿארן גראַנדיעזן מענטשלעכן לעבן אין זיינע גאָרע געשלעגן און אַמביציעס צו דערגרייכן גליק און צו באַטרעטן ווייטע פּלאַנעטן און אָנצורירן די קאָמעטן מיט דיינע הענט און אַרומצונעמען מיטן אויג די אומענדלעכע דיסטאַנצן פֿון גאָטס קעניגרייכן; און אָן דיין אייגענער ליבשאַפֿט פֿונעם תּמיד־פֿאַרוואונדעטן האַרצן; אָן דיין ראָמאַנטישער בענקשאַפֿט צו דער אומשטאַרביקער פֿרויז יאָ, מיר חזרן איבער: אָן דיין פּאָעטישן באַוואונדערן דעם הימל, די ערד, דעם ים מיט זיינע אייביקע כוואַליעס, דעם שטורעמווינט, די פֿיר סעזאָנען פֿונעם ערדישן יאָר מיט זיינע בייזע און מעכטיקע מאַניפֿעסטאַציעס פֿון ווינטן, שנייען, רעגנס און האָגלען, אין וועלכע די פּרימיטיווע מענטשן האָבן געזען גאָט און זיי האָבן אים ממש פֿיזיש אָנגעריירט מיט זייערע הענט, חושים און נשמות? און ווידעראַמאָל די פֿרוי וואָס וועט מיט יאָרן שפּעטער אָנצינדן אין דיר אַזוי פֿיל טיפֿע מחשבות און מעכטיקע געפֿילן; אַזאַ שלל מיט פֿאַרשטעלונגען און האָפֿענונגען; צי קענסטו גאָר משיג זיין גאָטס גאַנג אויף די ברילִיאַנטענע שטערנטרעפּ פֿון איין הימל צום אַנדערן אָן דיין עקסטאַז פֿאַר זיין פֿאַרנעם? צי קענסטו באַנעמען דאָס וואַקסן פֿון אַזוי פֿיל פֿאַנטאַסטישע פּירות, גרינצייגן, פֿליישוואַרגן; דזשאָנגלען, וועלדער און וויסטענישן מיט חיות? מיט אַזאַ שפּע מיט שפּייזוואַרגן, עליקסירן, נאַשוואַרגן, זאַפֿטן, סאָקן, זיסקייטן און גן־עדן טעמען אָן זיי צו פֿאַרזוכן מיט דיין זיידענער און סענסיטיווער צונג, מיט דיינע פֿעסטע ציין וואָס גאָט האָט מיט זיין גרויסן גענאָד אַריינגעשרויפֿט אין דיינע יאַסלעס, גומען און ליפּן? כדי זיי צו צעקייען מיט אַפּעטיט און זיי איינצוזאַפּן אין דיינע אינגעווייַדן; זיי צו פֿאַרדייען מיט דיין מאָגן, מיט דיינע געדערים וואָס זיינען אימשטאַנד צו פֿאַרצערן אין משך פֿון דיין לאַנגן לעבן. אויב דער אויבערשטער באַווילִיקט דיר, גאַנצע פֿאַשע־פֿעלדער מיט הונגעריקע חיות, עופֿות, געפֿליגל; מיט פֿיש פֿון די טיפֿסטע תּהומות און טיפֿענישן פֿון די ימים? צי ביסטו אימשטאַנד זיך גאָר פֿאָרצושטעלן אין דיין אָנגעהיצטן דמיון דאָסאַלץ צו זיין, צו עקזיסטירן אָן דיין געבורט אין איינער אַזאַ מין רעגנדיקער אָדער אין אַ פֿאַנטאַסטיש־רייך אויסגעשטערנטער נאַכט; אָן דיין פֿריער קינדהייט און יוגנט; אָן דיין גאַנצן שפּעטערדיקן טראַכטן, קלערן, פֿרעגן, וועגן, מעסטן, אָפּשאַצן, אַנאַליזירן, באַרעכענען און צו פּרוּוון ווי ווייט

מעגלעך אויסצוטייטשן מיט דיין אָרעמען מוח, וואָס שטרענגט זיך אָן אַריינצוקוקן אין דעם חושך פון דיין נשמה, אין דיין מיקראָ און מאַקראָקאָסמאָס; און הויך אויפצוהויבן דיינע שוואַרצאַפּלען צום שטורם, צום געבורט און צום אונטערגאַנג און טויט פון גאַנצע שטערן־גאַלאַקסיעס אין דעם מאַקראָקאָסמאָס? און אָן דיין שטענדיקן פּחד און כסדרדיקן אַנגסט פאַרן טויט? אָן דיין שרעק פאַר חולאַתן, עפּידעמיעס און יסורים; פאַר דעספּאָטן און טיראַנען; פאַר אַלערליי הענקערס, אויסוואורפן און שונאים? פאַר ביוראָקראַטן, דאָקטוירים, הינט־שלעגערס, שווינדלערס, בלוט־זייגערס, און פאַרן גרויזאַמען מאַסנמערדער — דעם מלאך המות אַליין, פון וועמענס גאַנצע פינף און זיבעציק טויזנט אויגן דו וועסט קיינמאָל נישט קענען אַנטרינען און זיך אויסבאַהאַלטן אין קיין שום הייל; דו וועסט זיך נישט קענען פאַרבאָרגן אין קיין שום אָפּגרונט, אין קיין אונטערערד,אין קיין תפיסה, אויף קיין שום אינדזלען און אין קיין טיפענישן פון טראָפּישע לענדער, און אויך נישט אונטערן קלייד פון דער מאַמען ווען דו ביסט געווען קליינטשיק, און נישט אין קיין שום תהום פון ים און אויך נישט אין קיין הויז פון זקנים אָדער אין אַן אַזיל פון מענטשן־חיות מיט פאַרענדערטע פנימער און מיט פאַרגעסענע נעמען און מיט אייזערנע מאַסקעס איבער די פנימער, פון וועמענס אויגנלעכער עס קוקן דיך אָן גראָטעסקע שוואַרצאַפּלען?! ניין, דו קענסט דיך אַליין נישט פאָרשטעלן דיינע כסדרדיקע ציטערנישן, פאַרדרוסן און בענקענישן, אָן דיין צער פון ווערן באַליידיקט, באַלעסטיקט, אָפּגענאַרט און באַעוולט און פאַרזען מיט גאָר דיין לעבנס־ווערק? און אויך אָן די געפילן פון חרטה, פון קנאה, פון אייפערזוכט און אויך פון דאַנקבאַרקייט. און אַפילו ווען דו וואָלסט ציילן שפּעט ביינאַכט, אַהיימקומענדיק פון גאַסן, סקאַנדאַלן, חתונות, באַנקעטן, לוויות, אַוואַנטורעס און פונעם שפּיל אין קאָרטן, און ווען דו זעצט דיך שוין אַוועק ביים פאַרקאָפּטשעטן לאָמפּ כדי אין דעם שוואַכן אָפּשיין פון זיין אַנגעצונדענער קנויט צו ציילן דיינע גאָלדענע מטבעות; דיין חלילה אָנגערויבטן פאַרמעגן, וועט דער שד אָדער שאָטן פונעם טייוול, צי דאָס גרויזאַמע אויג פונעם מלאך המות בלישטשען אויף דיר מיט זיין חלף־שאַרפער שטרענגקייט און קאַלטקייט, און ער וועט דיך משפּטן און געפינען שולדיק און דיך פאַרמשפּטן צום אומקום און צו באַצאָלן די מוראדיקע שטראָף פאַר דיינע אַמביציעס, פאַר די זינד און באַגערן פון דער נשמה וואָס האָט די אַפּעטיטן פון דער זון און דאָס פייער פון די שטערן...

נאָך דעם אַלעם ווילט זיך איצט מאָלן די פיזיאָנאָמיע פונעם זיידן ר׳ לייבוש יואלקעס: ער זעט אויס אויף דער איינציקער פאָטאָגראַפיע וואָס ער האָט ענדלעך נאָך אַ סך אַריינרעדעניש אין אים געלאָזט נעמען ווי אַ ייד אַ שלאַכטשיץ אָדער אַ דזשעדזשיץ, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער אַטלאַסענער קאַפּאָטע מיט אַ זיידענעם גאַרטל אַרומגעצויגן אַרום זיין טאַליע. ער טראָגט אויפן קאָפּ אַ שטריימל. פונעם גן־עדן, ערגעץ־וואו

ערב אונדזוער פיזישן געבורט, שטרעקט זיך אויס צו אים מיין בלייך, קינדיש און אומזיכער הענטל כדי זיך צו שפּילן מיט זיין דיקער גאָלדענער דיוויסקע וואָס ציטערט איבערן ברייטן וועסטל זיינעם און וויל אָנרירן מיט אַנגסט די פּעדים פון זיין טונקל־זיידענער באָרד. דער זיידע, מיט זיין ווייסער און ווי מאַרמאָרנער האַנט ווי פון אַ גענעראַל וואָס האַלט פעסט אין זיין האַנט דאָס ציימל פונעם העלדישן פערד, נעמט אַרויס פון דער וועסטל־קעשענע דעם מאַסיוון ראָסקאָפּ־זייגער. ער עפנט פאַרזיכטיק אויף די זילבערנע קאָפּערטע און ער קוקט רואיק אויפן העלן ציפערבלאַט אויף וועלכן עס באַוועגן זיך פאַוואָליעדיק די צוויי גלאַנציקע שוואַרצע וויזערס וואָס דזשיאָבען אָפּ ווי מיט פייגלשע שנעבלעך די רגעס און מינוטן פון צייט ווי שטיקלעך זאַלץ... אין גאַנצן גענומען מאַכט ער דעם אַלגעמיינעם איינדרוק פון אַ פירשט וואָס האָט אויפן שלאַכטפעלד זיגרייך געקעמפט און תמיד דעם שונא געשלאָגן...

דער זיידע ר׳ משהלע יונהס דאָקעגן זעט אויס צו זיין אַ נידעריק־געוואַקסן און חנעוודיק יידל וואָס איז שטאַרק באַוועגלעך און זשוואַווע. ער איז גוטמוטיק און היימלעך ממש ווי די מאַמע מיינע. איך האָב שוין באַצייטנס אַ געפיל אַז נאָך איידער איך, זיין קינפּטיק אייניקל, ווער רעכט געבוירן, אים האַרציק ארומצונעמען, אים צו האַלדזן און צו קושן ווי אַ לייטישן זיידן וועלכן מען האָט טאַקע שטאַרק ליב. ער איז די פּשטות און די פאָלקסטימלעכקייט אַליין. זיין יידיש לשון איז געגילדערט און געקופּערט מיטן קרעפטיקן פאָלקלאָר, מיט געזונטער פאָלקס־חכמה און באַפּעפּערט מיט אַלטפּרענקישע שפּריכווערטלעך און גלייכווערטלעך ווי גרודעס מיט טונקל גאָלד און פאַרצייטישע אוצרות...

יאָ, דער צוזאַמענטרעף פון מיינע ביידע זיידעס איז צו שטאַנד געקומען אין אַ קרעטשמע, טאַקע אין דער גאַרבאָווער שענק, צווישן די אָנגעפּעלצטע פויערים, און אונטער אַ כמאַרע פון מאַכאָרקע־רויך. דער דאָזיקער פּרט רייצט אַביסל מיין ליטעראַרישע פאַנטאַזיע. עס איז הייסט עס שוין באַצייטנס געוועזן וויין, ליד און דאָס פּשוטע פאָלק ביים סאַמע ערשטן רעיון פון זייער גורלדיקן צוזאַמענטרעף. די ביידע זיידעס, דעמאָלט נאָך אַליין פאַרהעלטעניש־מעסיק יינגע יידן, אַוודאי אין זייערע פריע מיטעלע יאָרן, זיינען זיך דאָ צוזאַמענגעקומען אין דער ווינשענק כדי צוצוגרייטן דעם באָדן, היינטצייטיק זיך אויסצודריקן, פאַר מיר אַליין ווי אויך פאַר מיינע אַנדערע עלף ברידער און שוועסטער, וועמענס נשמות האָבן דערווייל אַראָפּגעלויכטן ווי די שטערן פון אַ רחבותדיקן הימל מיט אַ סך גאָלד...

ווען מיין מאַמע רחל־לאה, ווי דער טאַטע אירער האָט זי דורכן גאַנצן לעבן גערופן, איז שוין איצט אַן עלטערע, מידע און שלאַפע פרוי, און ווען איך קום איינמאָל אַהיים שפּעט ביינאַכט פון די פרעמדע ניו־יאָרקישע גאַסן אַן אַדורכגעווייקטער ביז צו די ביינער פונעם רעגן, אָדער אַן אַדורכגעפרוירענער פונעם שניי און פונעם פראָסטיקן ווינט, בעט איך זיך

ביי איר אַז זי זאָל מיר עפּעס דערציילן וואָס זי געדענקט וועגן איר משפּחה, איבערהויפּט וועגן אירע זיידעס און באָבעס. דער שרייבערישער אינסטינקט און דאָס געפיל פונעם שפּעטערדיקן ביאָגראַף פון מיין פאַמיליע זאָגט מיר שוין באַצייטנס אונטער אַז די מאַמע וועט שוין חלילה לאַנג נישט לעבן און וועדליק דעם טרויעריקן מעמד פון איר געזונט־צושטאַנד און איר אומעטיקן אויסזען. און וועלכע קאַרגע ידיעות וועגן די אייגענע מען קען פון איר געוואויר ווערן, וועט זיין אַ גרויס געפינס און געווינס. די מאַמע שמייכלט אַזאַ גליקזעלישע, פּרוואוונדיק צוריקצוקוקן מיט אירע נשמהדיקע אויגן צום סאַמע אָנהויב פון איר עקזיסטענץ. זי צעוויינט זיך באַלד אויך. זי נעמט אין דער האַנט אַריין דאָס ווייסע טיכעלע, און זי ווישט זיך אויס די טרערן פון אירע אַלטע אויגן. דערנאָך זאָגט זי מיט אַ זייער שטילן קול, אַזאַ מין אויסגעלייטערטע ווי אַ פריער אויפשטראַל פון פרימאָרגן:

— קינד מיינס, דער טאַטע דיינער איז דעמאָלט אינגאַנצן אַלט געווען אַ יאָר זעכצן. און איך, דיין מאַמע, בלויז אַרום פערצן יאָר. איך האָב זיך נאָך דעמאָלט געשפּילט אין שטראָלקעס מיט מיינע חברטעס אויף דער גאַס. עס איז געווען, געדענק איך אַזוי ווי היינט, זומערצייט, און די זון איז כסדר אונטערגעגאַנגען ווי זיך וועלנדיק שוין געזעגענען אויף אייביק מיט דער וועלט. אָבער זי האָט באַלד ווידער אויפגעלויכטן, שפּאַנענדיק גרינגערהייט ווי אַ קעניגין אין אַ פּאַלאַץ אויף די וואָלקנדיקע טרעפּ. עס איז דעמאָלט געווען פרילינג אויף דער וועלט און אויך פרילינג אין אונדזערע לעבנס. דער טאַטע, געדענק איך איצט ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געשען, איז געשטאַנען אַזאַ דינער, שלאַנקער און אַביסל אַן אומזיכערער, אין אַ לאַנגען צייגענעם קאַפּאָטקעלע מיט אַ שמאָל יידיש היטעלע אויפן קאָפּ. ער האָט מיך אָנגעקוקט עפּעס ווי אַזאַ פרעמדער, שטרענגער און אַפילו אַן אימפּריינדלעכער אַז עס איז מיר פּשוט אַדורך אַ מין סקרוך, אַ שוידער איבער גאַנצן לייב. איך האָב אַפילו באמערקט און געפּרואווט צו לייענען זיין מחשבה אויפן שטערן זיינעם: ער זאָל האָבן קענטיק געצווייפלט צי ער זאָל מיך טאַקע נעמען פאַר אַ ווייב. איך האָב געפילט זיין שטאָל־קאַלטן בליק אויף מיין גאַנצן לייב און לעבן. אָבער איך האָב נישט פאַרמאָגט דעם מוט און די געוואַגטקייט אים צולאַנג צו באַטראַכטן. איך האָב זיך דאר שטאַרק געשעמט אויך; זיך פּשוט מיידליש געשראָקן און אַוודאי נישט געוואַגט רעכט אָנצוקוקן מיין קומענדיקן באַשערטן, דעם קינפטיקן פאָטער פון אונדזערע בשותפותדיקע צוועלף קינדער, וועמענס נשמות האָבן שוין אין הימל געוואַרט אויף אונדז. אַלץ איז סיי ווי צו מיר געווען אַזוי מין מאָדנע, אומקלאָר, איבעראַשנדיק און פאַרשיכורנדיק. איך בין נישט געווען גייסטיק און עמאָציאָנעל צוגעגרייט צו אַזאַ מין פערזענלעך באַגעגעניש מיט מיין גורל, מיט מיין צוקונפט, מיט מיין גאַנצן לעבן וואָס איז איצט געווען פאַרקערפּערט אין דעם איינעם אומפאַרשטענדלעכן געשטאַלט פון אַ מאַנצביל מיט אַ נישט

צופיל סימפּאַטישן אָדער אַפילו ווייניק אָנגענעמען פּרצוף און מיט זיין קאַלטער און רעזערווירטער האַלטונג. מען האָט מיך דערנאָך אויך נישט געפרעגט צי דער חתן געפעלט מיר. ער איז מיר, וואָס אַן אמת, טאַקע אינגאַנצן נישט געפעלן. ער האָט צו מיר אַפילו רעכט נישט געשמייכלט; נישט אַרויסגערעדט קיין איינציק פריינדלעך וואָרט אין מיין זייט; מיך אַפילו נישט באַגריסט, שוין אָפּגערעדט פון אויסצושטרעקן צו מיר אַ וואַרעמע האַנט, אָנצורירן ציטערנדיק מיינע פאַרשמאַכטע פינגער. ער האָט אויך נישט געגעבן דעם מינדסטן אָנדייט פון וועלכן עס איז איידלקייט און צערטלעכקייט שוין אַפילו בשעת אונדזערע ווייטערדיקע טרעפעניש אין די שפּעטערדיקע צייטן, און אַפילו אויך נישט נאָך אונדזער חתונה. אָט אַזוי, מיין ליב קינד, איז פאָרגעקומען אונדזער ערשטע מישטיינסגעזאָגטע באַגעגעניש וואָס האָט מיר בפירוש נישט אָנגעזאָגט קיין גוטס. איך געדענק עס אגב, איך חזר איבער, אַזוי ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געשען. און דאָס איז געשען דריי יאָר שפּעטער נאָך דעם ערשטן צוזאַמענטרעף פון דיינעביידע זיידעס אין מיין טאַטנס שענק, איז דעם גרויסן דאָרף גאַרבאָוו...

דאָס מיינט פשוט, באַרעכן איך, אַז דער טאַטע האָט גאַנצע דריי יאָר צייט נישט געקענט דער מאַמען, כאָטש אָפיציעל איז זי שוין געווען פאַרקנסט צו אים, דאָס הייסט זיין כלה. און אַפילו די ערשטע באַגעגעניש צווישן זיי, אָדער זייער זעעכץ, איז דאָך אויך געווען אַזאַ קאַלטע און אומגעלומפּערטע...

די מאַמע פלעגט דורך דער צייט צוהעלפן ביים באַדינען די פּויערים אין דער ווײַנשענק. אין די טעג ווען עס פלעגן פאָרקומען שטאָטישע יאַרידים, ווי אויך בשעת די מאַרק־טעג אין מאַרקושאָף, פלעגן אָפט קומען אין דער קרעטשמע אין גאַרבאָוו ברייטע יידענעס פון איוואַנגאָראָד, פון איר צוקונפטיקן שווערס שטאָט, מיט גרויסע וואָלענע פאַטשיילעס אויף זייערע פעסטע פּלייצעס ווי אינדיאַנערקעס מיט דיוואַנען אויף די קעפּ און אָרעמס. זיי זיינען געווען באַהאָנגען מיט אַלטמאָדיש צירונג, מיט פּויעריש־געפאַרבטע פּוילישע טיכלעך איבער זייערע שוין גרוילעכע קעפּ. זיי פלעגן אַזעלכע ברייטע און מיט אַ טומל אַריינשפּאַנען אין דער פאַררויכערטער שענק, און זיך פרעגן ביים זיידן וואָס האָט שוין פון פאָרויס אָן געוואוסט ווער זיי זיינען און וואָס זיי וועלן פרעגן:

— ר׳ משהלע יונהס, וואו איז דאָ ערגעץ די כלה פון אונדזער איוואַנגאָראַדער חתן, ר׳ לייבוש יואלקעס זון מאָטל? מיר האָבן אַ פאַרלאַנג צו „באַשויען" (אָנצוקוקן) די כלה...

אָבער דער גוטער זיידע ר׳ משהלע יונהס האָט שוין פריער געהאַט געזאָרגט אַז דווקא בשעת די דאָזיקע טומלדיקע יאַרידים־טעג זאָל זיין דעליקאַטע טאָכטער רחל־לאה זיך טאַקע נישט געפינען אין דער קרעטשמע, כדי די אידענעס זאָלן נישט האָבן קיין אויסרייד, זיך

אומקערנדיק אַהיים, צו באַרעדן די כלה; צו האָבן חלילה עפּעס געזען אין איר אַזיינס וואָס זאָל זיי דווקא נישט האָבן געפעלן...

און וואָס שייך דעם חתן, דערציילט מיר די מאַמע אַז איינער, אַ געוויסער ר׳ אבאלע ראַפּאָפּאָרט, אַ חשובער בעל הבית אין שטעטל, איז „אייגנס״ (דער מאַמעס אַן אויסדרוק), געפאָרן קיין איוואַנגאָראָד כדי צו „פאַרהערן״ און צו זאָגן „מבינות״ וועגן מיין צוקונפטיקן טאַטן. ווען ר׳ אבאלע איז צוריקגעקומען קיין מאַרקושאָף, זאָל ער האָבן געזאָגט צו ר׳ משהלע יונהס, מיין מאַמעס פאָטער, אַז וואָס שייך תורה לערנען איז דער טאַטע נישט קיין איבעריקס וואַזשנער למדן. אָבער ער איז קלוג און טיכטיק. אָנשטאָט צו זאָגן תורה פון אויסנווייניק, האָט ער גאָר ליב צו דערציילן וועגן זאַכן וואָס זיינען גאַנץ אָפט נישט געשטויגן און נישט געפלויגן, און אַז בכלל צייכנט ער זיך נישט אויס מיט קיין איבעריקער גוטסקייט און פריינטלעכקייט צו מענטשן. ער פאַרמאָגט אַביסל גאווה אויך, און ער האַלט פון זיך גאָר אַ סך...

מאָדנע שטייט פאַר מיר איצט דאָס געשטאַלט פון ר׳ אבאלע ראַפּאָפּאָרט אין דעם רעגנדיקן באַגינען ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות. עס ווילט זיך מיר עפּעס דורך דעם ר׳ אבאלעס קלוגע און דערפאַרענע אויגן אָנקוקן מיין יוגענטלעכן טאַטן, ווען ער איז נאָך געווען אַ בחור; אים צו פאָרשן און דערשפירן ממש פיזיש זיין כאַראַקטער און געשטאַלט. דער דאָזיקער צו מיר ממש לעגענדאַרער ייד וואָס זאָל האָבן פאַרהערט מיין טאַטן, ווי די מאַמע דערציילט מיר אין אַ שפּעטער נאַכט־שעה, שוין בשעת דעם לעצטן יאָר פון איר לעבן, האָט געמוזט זיין אַ גאַנץ קלוגער און דערפאַרענער מענטש, מחמת זיין קאַרגע מיינונג וועגן אים, מיין טאַטן, פון בלויז איין און איינציקן צוזאַמענטרעף, שיינט צו זיין אַן אויסגעצייכנטע. זיין מיינונג שטימט גענוי מיט די מיינונגען און זכרונות פון נאָך אַנדערע יידן וועלכע האָבן מיט יאָרן שפּעטער מיר דערציילט פון זייערע אָבסערוואַציעס און קורצע דערפאַרונגען פון מיין פאָטער, בשעת די גאָר ערשטע צייטן נאָך זיין חתונה מיט דער מאַמען. זיי האָבן כמעט אַלע איינגעשטימט וועגן זיינע הויפּט־אייגנשאַפטן: האַרטקייט און שטרענגקייט פון האַרץ און כאַראַקטער; אַ פאַבלהפטיקע רייכקייט פון לשון, אויסדרוק און פאַנטאַזיע; ווי אויך אַ שפּרודלענדיקער הומאָר וואָס האָט ווי אינסטינקטיוו געפּרוּווט אָפּצושוואַכן דעם איינדרוק פון זיין אומפריינדלעכקייט צו מענטשן און זיין אומבויגזאַמקייט פון ווילן. עטלעכע פון די יידן וואָס האָבן אים געקענט פון די יינגע יאָרן, האָבן אַפילו אין זיין הומאָר דערשנאַפּט אַ גאַנץ ציניש פערזענלעכקייט, ווי שוין פריער אָנגעמערקט...

ווען דאָס פאָרפאָלק האָבן שוין מיט מזל חתונה געהאַט, איז מיין מוטער רחל־לאה אינגאַנצן אַלט געווען אַרום זעכצן יאָר (לויט אַן אַנדערער ווערסיע בלויז פערצן יאָר), און מיין פאָטער מאָטל אָדער אברהם־מרדכי, ווי מען האָט אים טיילמאָל גערופן, גאַנצע אַכצן יאָר. קיין

וואַזשנער זיווג איז עס ווייט נישט געווען, זיך אויסצודריקן מילד, וואָס דאָס וועט זיך בולט אַרויסווייזן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך פון דעם קומענדיקן בוך, וואָס איך האָף מיט גאָטס הילף אָנצושרייבן, צו פאַרענדיקן און אויך אַרויסצוגעבן נאָך איידער איך פאַרענדיק מיינע לעצטע טעג און יאָרן...

אין אונדזער שטוב האָט כל־ימיו געהערשט ביטערע נויט און אָרעמקייט; ממש פּיזישער הונגער, איבערהויפּט בשעת די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווי אויך כסדרדיקע קריגערייען און מחלוקתן וואָס האָבן מיך קליינערהייט זייער שטאַרק דערשלאָגן און טרויעריק געמאַכט ווי עס וועט שפּעטער בלי־נדר אַרויסגעבראַכט ווערן. מיין פאָטער האָט אָפּגעשטאַמט פון אַ הויז פון גבירים, פּאַרוועניוס און בעל־גאווהניקעס. צום אומגליק איז ער נישט אַריינגעראָטן אינעם זיידנס גוטסקייט און מענטשלעכקייט, נייערט ער האָט גאָר געירשנט זיין מוטערס אַראָגאַנץ און אָפענע רשעות מיט איר פּוסטער גאווה געפּאָרט. דער טאַטע, וואָס אַן אמת, איז טאַקע געווען אַ מענטש מיט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן און טאַלענטן. ער האָט פאַרמאָגט, אויסער זיינע ממש גאָלדענע הענט וואָס שייך כלערליי אַרבעטן אינעם הויז, אויך אַרטיזאַניש־קינסטלערישע באַגאַבונג, ווי אויך פּאָעטישע און מאָלערישע אייגנשאַפטן. אַ סך פאָרשטעלונגס־קראַפט, אַמביציעס, פּלענער און חלומות; ווי אויך גאַנץ קרומע און שלימזלדיקע געננג אין לעבן וואָס זיינען פון פאָרויס געווען פאַרמשפּט צו פאַרטיקע דורכפאַלן און וואָס יעדער מער־ווייניקער מיושבדיקער מענטש האָט געקענט באַשיימפּערלעך זען, אויסער איין מענטש: מיין טאַטע אַליין. די פּשוטע און פּראַקטישע אייגנשאַפטן צו קענען פאַרדינען אויף פּרנסה כדי בכבודיק מפרנס צו זיין אַ משפּחה מיט ווייב און קינדער, און צו גיין צו זיין ציל און צוועק אין לעבן אויף אַ נאָרמאַלן און גראָדליניקן שטייגער, האָט ער אינגאַנצן נישט פאַרמאָגט...

דער טאַטע האָט דורך זיין גאַנצן לעבן געזוכט; זיך ביטער געראַנגלט מיט דער דראַכע און דראַמע פון זיין לעבן, זיך אויסצודריקן אַביסל מליצהדיק. ער האָט זיך יעדעס מאָל גענומען צו אַנדערע געוואַגטע מסחרים און אונטערנעמונגען. ער האָט פאַרמאָגט אַ שלל מיט אויסגעצייכנטע פּלענער וואָס זיינען טעאָרעטיש, ווי אינעם פאַל מיט גרויסן פראַנצויזישן שריפטשטעלער באַלזאַק, געווען ממש בריליאַנטענע און זיי האָבן צוגעזאָגט פאַנטאַסטישע גליקן און דערפּאָלגן פאַר דער גאַנצער משפּחה. אָבער אין דעם פּראַקטישן לעבן האָט ער קיינמאָל מיט זיי נישט מצליח געווען. ער איז תמיד געווען אַ פאַרטראַכטער און מרה־שחורהדיקער מענטש, און ער האָט דאָס רוב געליטן, און קענטיק שטאַרק באַדויערט זיינע כסדרדיקע דורכפאַלן און אומגליקן. פון אַלץ וואָס ער האָט פאַרטראַכט און אונטערגענומען, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם, ווי דאָס פאָלק זאָגט...

ווען איך קוק אויף זיין פאָטאָגראַפיע, זע איך אַן אַסקעטיש פּנים מיט שאַרפע וועלפּישע קינבאַקן; מיט גרויס אומעט און אויך עפּעס נישט־גוטס אין זיינע ביסטרע אויגן; מיט אַ שאַרפער נאָז און מיטן אַלגעמיינעם איינדרוק פון עפּעס אַ הונגעריקן וואָלף אין די נאַכטישע וועלדער ווען אַלע קוואַלן פון שפּייז; ווען די מערסטע גראָזן און פלאַנצן; און ווען יעדעס פליישיק בעל־חיים ליגט פאַרגראָבן אונטער טיפע שיכטן פון שניי, ערד, בלעטער און ליים מיט שוואַכע האָפענונגען פאַר דער הונגעריקער חיה עס צו דערגרייכן און צו פאַרצוקן, און דערמיט צו שטילן זיין ווילדן הונגער. וועגן אים קען וואויל אָנגעווענדט ווערן דאָס פּאָפּולערע שפּריכוואָרט: „אַ סך מלאָכות און ווייניק ברכות...״

מיין גאָטזעליקע מוטער רחל־לאה האָט אָפּגעשטאַמט דאַקעגן פון אַ משפּחה פון שטילע, איידעלע און האַרציקע יידן. אין איר משפּחה האָט וואויל געהערשט קעגנזייטיקע ליבשאַפט און אַרבעטסזאַמקייט. די הייליקע תורה; דאָס נאָבעלע און אַלט־דורותדיקע יידישע ספר; אויך דאָס אַלט־היימישע יידיש־טייטשע מעשה־ביכל וועגן צדיקים און הייליקע לייט וואָס האָבן ליב געהאַט דעם אָרעמען און ערלעכן מענטש; דאָס דינע בענטשערל מיט דער וואונדערלעכער מעשה וועגן דעם ווי חוני המעגל איז געשלאָפן זיבעציק יאָר צייט אונטער אַ פעלדז און ווי אַזוי, ווען ער איז ענדלעך אויפגעשטאַנען, איז ער געקומען שוין אַ גרייז־גרויער מאַן אין זיין שטאָט וואו עס זיינען שוין געווען נייע דורות און די פריערדיקע זיינען געהאַט אויסגעשטאָרבן, און קיינער האָט אים מער נישט דערקענט. זיין לעבן איז איצט געווען איינזאַם און איבעריק און בלויז דער טויט האָט אים באַפרייט פון זיינע יסורים מחמת זיין דור, זיין סביבה, זיין וועלט האָט נישט מער עקזיסטירט...

דאָס אַלץ האָט תמיד שטיל געלויכטן אין זייער באַשיידענעם הויז. אָרעמקייט, צניעותדיקייט און פאָרכטיקייט פאַרן רבונו של עולם האָט כל־ימיו געהערשט אין דער היים פון מיין מוטערס באַשיידענע עלטערן, כאָטש זיי זענען, ווי שוין געזאָגט, מערסטנס געווען אָרעמעלייט און אביונים, גראָשנדיקע הענדלערס, ביי וועמען דאָס קוים פאַרדינטע שטיקל ברויט איז געווען דער גרעסטער אוצר אין דער היים, פלעגט פונדעסטוועגן די מאַמע כסדר איבערחזרן דאָס בריליאַנטענע פאָלקס־וואָרט וואָס איז אגב געווען דער מאָטאָ פון איר גאַנצן לעבן: „תורה איז די בעסטע סחורה...״

## האָט אים דער רבי פאַרשאָלטן?

שפּעט ביינאַכט ווען איך קום אַהיים פון די ווינטיקע און רעגנדיקע גאַסן אין ניו־יאָרק, קוק איך אויף דער קליינער און אויסגעדאַרטער מאַמען וועמענס איינגעשרומפן פּנים דערציילט פון אומענדלעכע ליידן און פון דעם אָנקומענדיקן סוף פון איר לעבן צו וועלכן זי דערנענטערט זיך. נישט דער געניאַלער מאָלער רעמבראַנדט, נייערט דאָס גרויסע לעבן, די

זאָרגן און די ביטערע אָרעמקייט האָבן געמאָלן איר פּנים אַזוי טונקל ווי די נאַכט, ווען עמענס טרערן זיינען אויסגערונען ווי די טרערן פון גאָטס פּנים. די קנייטשן אין איר הויט דערציילן פון די ווייטיקן אין דעם לעבן פון אַ דערשלאָגענער פּרוי. די מאַמע רעדט עפּעס היינט ביינאַכט וועגן אַ פּאַסירונג וואָס האָט געטראָפן מיטן טאַטן ביים סאַמע אָנהייב פון זייער צוזאַמענלעבן, ווען דער טאַטע איז אַלט געווען אַכצן יאָר און זי בלויז זעכצן. קוים וואָס זי געדענקט דאָס. אָבער יעדעס איינציקע וואָרט וואָס פאַלט פון אירע פאַרוועלקטע ליפּן אין דער אומהיימלעכער נאַכט, ווען אין דרויסן גיסט ווי מיט צעבערס איבער די פינצטערע גאַסן, קריגט זין און באַדייטונג אין מיין דמיון...

תיכף נאָך זייער חתונה איז דער טאַטע געפאָרן צום רבין. עס איז געווען אין די טעג פון ערב ראש השנה ווען די חסידים פאָרן מאַסנווייז צו זייערע פאַרערטע רביים אין ווען עמענס געטלעכער אויטאָריטעט זיי גלויבן. אין דעם רבינס הויף זיינען שוין געווען פאַרזאַמלט הונדערטער חסידים, וואָס זיינען זיך אָנגעפאָרן פון גאַנץ קרוינפּוילן און אַפילו פון גאַליציע, אונגאַרן און פון טשעכאָסלאָוואַקיי. דער טומל פון מאַסן ענטוזיאַסטישע און פיבערנדיקע יידן; דער געדראַנג פון די עקסטאַטישע נשמות; דאָס שטופּעניש צום רבין אַליין מצד מאַסן יידן פון אַלע קאַנטן פון דער מדינה איז ממש געווען נישט איבערצוטראָגן. עס איז אוממעגלעך געווען זיך צו דערשלאָגן צום רבין זאָל לעבן. אַזאַ מין גראַטשקע האָט צו מיין יינגן טאַטן וואָס איז אין גרונט פון זיין כאַראַקטער געווען אַ היפּשער אַפּיקורס און סקעפּטיקער, אויסגעזען ווילד. מסתמא האָט ער תיכף פאַרלוירן זיינע פיזישע כוחות אויך. ווייל, אויף וויפל איך געדענק פון די שפּעטערדיקע יאָרן, איז ער תמיד אַהיימגעקומען פון יעדער יאַזדע זיינער ערגעץ־וואו: איבערהויפּט קיין וואַרשע, אַ ממש טויטלעך־קראַנקער ייד, און ער האָט זיך תיכף אַוועקגעלייגט אין בעט אַריין אויף וואָכנלאַנג ביז ער איז אַביסל צו זיך געקומען. ער האָט דעריבער אויך איצט נישט געהאַט קיין איבעריקן חשק צו כאַפּן שיריים און צו וואַרטן ביז ער וועט ענדלעך אויפגענומען ווערן פונעם הייליקן רבין. ווייזט אויס אַז אין האַרצן, ווי שוין פריער אָנגעדייט, האָט ער אויך נישט געלייגט קיין גרויס אַכט אָדער האָפענונג אויף דעם ווערט פונעם רבינס וואָרט און ווינטשעוואַניע. עס האָט אים פּשוט געפעלט די אמונה אינעם רבינס כוח און ברכה. ער איז געווען אַן עגאָצענטריקער. ער האָט דעריבער נישט געקענט ווערן איבער נאַכט קיין משרת פונעם רבין. עס האָט אים געפעלט דאָס וואָס די איבעריקע מאַסן חסידים האָבן יאָ פאַרמאָגט: אמונה, גלויבן...

אָבער איניקע חסידים, באַקאַנטע ידידים פונעם טאַטן, האָבן זיך ממש מיט פּחד און זאָרג דערוואוסט אַז ער גייט אוועקפאָרן פונעם רבין אָן פריער צו קריגן זיין ברכה, בפרט ווען ער האָט ערשט חתונה געהאַט און ער האָט זיך טאַקע מאָראַליש גענויטיקט אויפגענומען צו ווערן פונעם רבין, אין דעם רבינס אָנווינטשן אים און זיין יינגן ווייב אויף מזל־ברכה.

האָבן עטלעכע חסידים, ווייזט אויס, זיך באַמיט אַז ער זאָל פּאַרט מצד דעם רבין אויפגענומען ווערן...

דער רבי פון זיין זייט איז אויך, ווי מען קען זיך וואויל פּאַרשטעלן, געווען אַ שטערבלעכער און סענסיטיווער מענטש פון בלוט און פלייש; אַ קרבן פון אַלערליי שטימונגען, אַוודאי אויך פון כעס און פאַרדראָס. אין דעם יינגן טאַטנס היציקייט און אומגעדולדיקייט האָט ער מסתמא דערשנאַפּט סכנה און אַפילו דראָאונג פאַר זיין גייסטיקער מאַכט און מלוכה. דעם טאַטנס אומגעווײנלעכער צווייפל און סקעפּטיציזם אין דעם רבינס געטלעכע כוחות, און בכלל אין אַ וואַלד פון לויטער יידישלעכן גלויבן, ברען און האָפענונג אויף גאולה, וואָס ער האָט גאַנץ בולט אויסגעדריקט אין זיין אומגעדולדיקייט צו וואַרטן אויפן רבינס אויפנעמען אים און צו קריגן זיין הייליקע ברכה, וואָס קען אים אַוודאי סיי ווי נישט צופיל העלפן אין זיינע דאגות פרנסה און אין די פּראָבלעמען פון זיין לעבן בכלל; דער דאָזיקער מאָדנער סקעפּסיס אָדער אַפּיקורסות פונעם גאַנץ אויסגעדאַרטן און ערשט חתונה־געהאַטן יינגנמאַן פון מאָדזשיץ, אויף וועמענס פּנים עס שפּראָצט קוים אַן אָנזעעוודיקע באָרד, האָט דעם רבין אָן שום ספק באַאומרואיקט און אַפילו באַליידיקט, און מסתמא אויך ווײ געטאָן. האָבנדיק שטענדיק אַרום זיך לויטער יינגע, ענטוזיאַסטישע און אויך עלטערע יידן, אמתע מאַמינים און פאַרערערס, וואָס האָבן פעסט געגלויבט אין דעם רבינס געטלעכן כוח און אויטאָריטעט, איז ער גאָרנישט געוואוינט געווען צו אַזאַ מין לייכטזינקייט, וואָס האָט אומפאַרמיידלעך, לויט יענער צייט און לויטן ענטוזיאַזם מצד די אָנגעפאָרענע חסידים פון אַ סך שטעטלעך און ישובים אין דער פּוילישער מדינה, כמעט געשמעקט מיט מרידה קעגן זיין, דעם הייליקן רבינס, שליחות צו דערהאַלטן דעם גלויבן, צו שענקען בטחון און גייסטיקע כוחות צו די יידן וואָס האָבן אינדיווידועל און סיי קאָלעקטיוו געליטן אין אַ פּיינטלעכער קריסטלעכער וועלט וואָס האָט זיי פשוט געוואָלט אַראָפּשווענקען פון דעם איבערפלאַך פונעם פּלאַנעט. די גויאישע וועלט האָט זינט יאָרהונדערטער סיי ווי זיך געשראָקן פאַר דער קאָנקורענץ פון די יידן אויף אַלע געביטן פונעם אַלגעמיינעם לעבן אין פּוילן: סיי געזעלשאַפטלעך, רעליגיעז, עקאָנאָמיש און אויך קינסטלעריש. איז הערנדיק פון זיינע מקורבים, צי אפשר פערזענלעך פונעם טאַטנס אומפאַרזיכטיקע ליפּן, אַז ער איילט זיך פשוט צוריק אַהיימצופאָרן, און אַז ער האָט נישט קיין איבעריקן חשק דאָ אַרומצושטופּן זיך גאַנצע טעג, צי אפשר אַפילו וואָכנלאַנג אין אַזאַ מוראדיקן געדראַנג כדי צו וואַרטן אויפן הייליקן רבינס, ווי שוין געזאָגט, גאַנץ צווייפלהאַפטער ברכה, האָט ער אים שוין דווקא גאַנץ קאַלט אויפגענומען און אים מכלומרשט אָנגעווינטשן מיט אַזוינע ווערטער און אויסדרוקן וואָס האָבן ממש געמוזט קלינגען ווי אַ קללה צום טאַטנס אויערן:

— אויב, ר׳ מאָטל, דו האָסט נישט קיין צייט, ווי דו זאָגסט אַליין, צו

וואַרטן אויף מיין ברכה, דערצו נאָך תיכף נאָך דער חתונה מיט דיין גערעאָטענעם ווייב און זיווג, זאָלסטו מיך טאַקע תיכף פאַרלאָזן און אָנהויבן צו לויפן...

דער טאַטע איז, וואָס אַן אמת, — אַזוי האָט מיר דערציילט די מאַמע — אַרויסגעלאָפן פונעם רבינס חדר אַ שטאַרק־צערודערטער און אַ באַליידיקטער אויך. קיין נאַר איז ער געוויינלעך נישט געווען. אין זיין איבערגעטריבענער סענסיטיווקייט האָט ער עפּעס אינסטינקטיוו דערפילט די סכנה אין דעם רבינס מכלומרשטער און גאַנץ מאָדנער ברכה, וואָס איז אין דער אמתן געווען אַ קללה אויף זיין גאַנצן לעבן. עס איז שוין געווען אין די שפּעטע שעהן פונעם טאָג. דער טאַטע איז גיך געלאָפן צום מאַרק כדי נאָך צו כאַפּן אַ פויער מיט אַ פורל וואָס זאָל אים אָפּפירן אַהיים קיין באָברינעק, וואו די מאַמע איז שוין אגב געווען שוואַנגער מיט איר ערשטן קינד, דעם בכור וואָס מען האָט שפּעטער, נאָך זיין געבורט, גערופן וואָליע, לזכר אַן עלטער־זיידן פונעם טאַטנס צד...

אָבער ווי נאָר ער האָט זיך אין גרויס איילעניש אַריינגעזעצט אינעם פרעמדן פורל, וואָס עס האָט אָנגעטריבן עפּעס אַן אומהיימלעך פויערל, וואָס איז מסתמא געווען אַ שד, אַ נישט־גוטס, און וועמענס פּנים איז געוואָרן האַרט, שפּיציק און רוי ווי אַ קיזלשטיין, וואָס האָט בשום אופן נישט אָנגעזאָגט קיין גוטס צום טאַטן, האָט ער תיכף דערפילט אַז ער געפינט זיך אין דער שליטה פון אומהיימלעכע כוחות. בשעת דעם סאַמע ערשטן מאָמענט, ווען דער פאַרנאַכטישער דרויסן האָט שוין געהאַט אָפּגעגליט מיטן זון־אונטערגאַנג און מיטן אומהיימלעכן אָוונט־צופאַלעניש, איז דער טאַטע ווי אויפגעהויבן געוואָרן דורך אַ זייער שטאַרקן ווינט אין דער הויך וואו עס האָבן געהויערט די פאַרבאָרגענע און טונקעלע עלעמענטן פון נאַכט און שטערן. ער איז איצט, ווייזט אויס, גאָרנישט געפאָרן איבערן פיזישן באָדן פון דער ערד, איבער די דאָרפישע פעלדער און וועלדער, נייערט ער האָט ווי געשוועבט אין דער לופטן, צווישן די וואָלקנס, אין אַ מין תוהו ובוהו־אַטמאָספערע, וואָס איז נאָך געבליבן שטיין פון די טעג פון מעשה בראשית. טונקעלע נאַכטישע פליגל, שוואַרצע ווי קלעפּיקער פּעך, האָבן אים געטראָגן אין דער הויך איבער אומבאַקאַנטע שטחים פון טייכן און טרוקענע וויסטענישן. דאָס פויערל וואָס האָט געדאַרפט זיצן אויפן פורל און טרייבן די פערדלעך, איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן פון דעם טאַטנס אויגן צוזאַמען מיט די סוסים. און פון די מכלומרשטיקע געלע און געשפּענסטישע פערדלעך איז ממש געוואָרן רויך, שטויב, שפּינגעוועבס און קאָפּעטש, וואָס איז זיך צעגאַנגען ווי סמאָלע אין דעם אומענדלעכן חשכות פון אַ מוראדיקער נאַכט...

אַן אַנדערש מאָל האָט דער טאַטע דערציילט אַ געענדערטע ווערסיע פון דערזעלביקער מעשה: אַז אין דעם מאָמענט ווען ער איז אַרויסגעלאָפן אַ באַליידיקטער און פאַרשאָלטענער פונעם רבין, האָט אים גאָר

אויפגעכאַפּט עפּעס אַ מיסטעריעזע קאַרעטע מיט אַכט טינט־שוואַרצע פערד נאַשפּיץ. אינעווייניק פון דער מאָדנער קאַרעטע אָדער קאָטש איז געזעסן אַ הערלעכע פּריצה וועמענס פּנים האָט געהאַט אַ ווייסע הויט ווי שניי. און זי האָט דורכן גאַנצן וועג אים געגעבן צו טרינקען בעכערס מיט שטאַרקן וויין און זי האָט מיט אים געשפּילט אין קאָרטן. נאָכדעם ווי זי האָט אים מכבד געווען מיטן אַלטן וויין, און זי האָט אים טאַקע לייטיש אָנגעשיכורט אויך, און דערביי געזאָגט עפּעס מאָדנע צוגיינערישע שפּרוכן, איז ער געוואָרן אינגאַנצן צעטומלט און ער האָט בשום אופן נישט געוואוסט וואו אייגנטלעך ער געפינט זיך און אין וועמענס מאַכט ער איז געפאַנגען געוואָרן. ער האָט אָבער יאָ געהערט ווי מלאָכים האָבן איבער אים שטאַרק געוויינט. ווייזט אויס אַז דער הימל האָט דווקא געהאַט גרויס מיטלייד מיט אים. ווען ער האָט זיך ענדלעך' אויפגעכאַפּט פון דעם טשאַד, פון זיין שיכרות, פון די „געוועדיקייטן" פון דער פּריצה וואָס איז מסתמא געווען לילית די קייסערינע פון די שדים, האָט ער זיך שוין געפונען אינגאַנצן אַליין אויף אַ וויסטן פעלד, נעבן אַ גרויסן און געדיכטן וואַלד, ווי שלמה המלך אין דער וויסטעניש נאָכדעם ווי דעראַשמדאַי האָט אים געהאַט געפאַנגען און האָט אים דערנאָך אויסגעשפּיגן אויף גאַנצע פיר הונדערט מיילן ווייט פון זיין הויפּטשטאָט ירושלים, פון זיין פּאַלאַץ און פון זיין טראָן און מלוכה...

סיי ווי, פון דעם דאָזיקן מאָמענט אָן, זאָגט עדות די מאַמע, האָט דער טאַטע קיינמאָל מער אין זיין גאַנצן לעבן נישט געקענט רואיק איינשטיין אין קיין שום אָרט און פּלאַץ. ער איז שטענדיק רק געלאָפן, זיך ווילד געיאָגט, געפּלאָנעוועט אָן אַ סדר, געבויט אָן אַ פּלאַן, און ער האָט קיינמאָל גאָרנישט פאַרענדיקט צו בויען. ער איז כסדר דורכגעפאַלן אין זיינע מערסטע מסחרים און אונטערנעמונגען. ער האָט קיין שום מקום אין ערגעץ נישט אָנגערוואַרעמט. ער האָט גיך געשאַפן און ער האָט תיכף אַליין צעשטערט זיין ווערק. עס איז קיינמאָל נישט געווען קיין טראָפן רו אין זיינע הענט, קיין ביסל שטילקייט אין זיין געמיט. ער איז תמיד געווען אומזיכער מיט זיך און אומרואיק ווי דער ווינט אין דעם קאַלטן פעלד און וואַלד. דער הייליקער רבי האָט אים טאַקע, ווי עס ווייזט אויס, אויף אַן אמת געהאַט פאַרשאָלטן אויפן גאַנצן לעבן זיינעם צו ווערן געפייניקט, געפּלאָגט און געטריבן אין אַלע פיר זייטן פון דער וועלט...

— אָבער, טייערע מאַמע, איך בין עפּעס דווקא נישט גענייגט צו גלויבן אַזוי גרינג אין דעם כוח פונעם מענטשלעכן מזל, אין דער צעשטערערישער ווירקונג פון בייזע קללות אויף אַמביציעזע מענטשן, צי בכלל אין דעם ווערט און ווירקונג פון גוטס אָדער שלעכטס; אין די ברכות און בענטשענישן פון דעם שטאַרבנדיקן מין מענטש און אין זיינע ווי שטויב און שפּינגעוועבס פאַרגייענדיקע מענטשלעכע ליפּן, מעגן עס זיין און קומען אַפילו פון דער מאַכטפולער צונג פון אַ הייליקן רבין, וואָס צעפאַלט אויף שטויב נאָכן טויט אינעם ווינט פון צייט און ווערעם. די

מערסטע מענטשן גלויבן אַפילו נישט אין דער מאַכט פון קללות, פון בייזע שפּרוכן און אָפּשפּרעכעניש, אָדער אַפילו אין די גוטע ברכות און בענטשונגען פון אַ רבין, מעג ער אַפילו זיין ווי גרויס און הייליק און זיין נשמה זאָל אָפּשטראַלן מיט ליכט פון דעם רבונו של עולם...

אָט אַזוי פּרואוו איך זיך אויסטענהן מיט מיין איינזאַמער און שטאַרק געעלטערטער מאַמען אין דער שפּעטער נאַכט, אין דעם נידעריקן שטיבל, ווען אויפן שינדל־דאַך קלאַפּן האַסטיק די שווערע טראָפּנס פונעם בלייערנעם רעגן, כאָטש איך בין זיך גלייכצייטיק מודה אַז איך בין עפּעס גאָרנישט איבערצייגט אין מיינע אייגענע רייד וואָס קלינגען אָפּ צו מיר אַליין ווי פרעמדע און ווי זיי וואָלטן אַרויסגערעדט געוואָרן פון אַנדערע מיילער און פון די צונגען פון אומבאַקאַנטע באַשעפעניש אָדער נישט־גוטע. ווייל פון דער נאַטור בין איך אַליין דווקא אַ גלויבנדיקער, אַפילו אַן אַבערגלויביקער, און הגם איך האָב געירשנט עפּעס פון דעם טאַטנס סקעפּטיציזם און אַפּיקורסות, הויערן אָבער אויך אין מיין געביין און אין מיין בלוט די גלויבענישן און די מיסטישע געפילן פון מיין מאַמען, וואָס זיינען אויך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מיינע קינסטלערישע און ליטעראַרישע נייגונגען. אַ באַווייז איז אַז פון מיין טאַטנס משפחה זיינען קיין קינסטלער, קיין שרייבער, קיין חסידים און קיין עקסטאַטיקער נישט אַרויסגעוואָקסן. די מיטגלידער פון מיין טאַטנס משפחה זיינען געווען צופיל פאַרטאָן אין די תאוות און וועלטלעכע פאַרגעניגנס פונעם עולם הזה, בשעת מיין קוזין משה גראָסמאַן, דער בריליאַנטינער דערציילער און בכלל רייכע, גייסטיקע און טיף־יידישלעכע פערזענלעכקייט, איז אַ קינד פון מיין מאַמעס משפּחה, וואו עס האָט געהערשט מדור דורות פרומקייט, ריינקייט, ציכטיקייט פון האַרץ, כאַראַקטער און נשמה, און וועמענס שענסטע רעליגיעזע בלום איז געווען מיין גאָטזעליקע מאַמע. איך גלייב אויך אין דעם כוח פונעם מענטשלעכן וואָרט, וואָס איז פון ייִנגערהייט אָן מיין וויינשענק און מיין שיכרות, מיין עקסטאַז און מיין פיבער ביז צום הייליקן וואַנזין. דאָס וואָרט וואָס טראָגט אין זיך אַ ניצוץ פון דעם רבונו של עולמס „יהי אור״, און צו וועמען איינער פון די העכסטע שעפער אין דער יידישער געשיכטע איז דער אָנגעצונדענער רבי און ליטעראַרישער גאון ר׳ נחמן בראַצלאַווער...

— שיעלע מיין ליב קינד, — זאָגט די מאַמע מיט אַ סך האַרץ און געמיט, — איך גלויב דווקא באמונה שלימה אין דער מאַכט פונעם מענטשלעכן מזל וואָס הויבט אויף אַ טייל מענטשן ממש הויך ביז צו די שטערן, ביז צום סאַמעראָדנעם כסא הכבוד; בשעת אַנדערע מענטשן צעברעכט עס די ביינער און דערנידעריקט זיי טיף ביז צו דער ערד, וואו זיי עסן ביטערע קרייטעכצער און אומריינע גראָז ווי דער שרעקלעכער קייסער נבוכדנאַצר. איך האָב אין משך פון מיין גאַנצן לאַנגן לעבן, פאַר ווענענס יעדן באַזונדערן מעת־לעת איך דאַנק דעם אויבערשטן מיט אַלע מיינע רמ״ח־איברים, געזען די לעבנס און די מזלות פון אַ גאַנצן געדיכטן

וואַלד מיט לעבעדיקע מענטשן. איך האָב אַריינגעקוקט מיט מיינע אייגענע אויגן אין די תהומות אין טיפענישן פון אַ סך מענטשלעכע גורלות. איך האָב גאַנץ אָפט בשעת די שפּעטע נעכט, ווען די שטורעמס און די רעגנס אין דרויסן האָבן מיך אויפגעוועקט פון מיין שלאָף און רו, נאָכגעטראַכט וועגן דעם זין און די פאַרשידענע מינים געשעענישן אין אונדזערע אייגענע לעבנס. איך האָב דאָך פון יינגערהייט אָן געזען דאָס ערשטע באַוועגן און דראַפּען זיך אויף דער ערד פון מיינע אייגענע קליינע קינדער, ביז זיי זיינען, צו דאַנקען דעם וואָס לעבט אייביק, און וואָס נעמט אַריין אין זיין אייביקייט די פאַרגענגלעכע צייטן פון גאָר די מענטשלעכע לעבנס, אויסגעוואָקסן צו ווערן דערוואַקסענע און מיט דער צייט אויך אָנגעזעענע און בכבודיקע לייט: מיינע זין זיינען געוואָרן שיינע און געשעצטע מאַנצלייט; און די טעכטער מיינע — כשרע און גוטהאַציקע בתולות אויף וועמענס לויטערע קעפּ עס וואָלטן זיך וואויל געפּאַסט גאָלדענע קרוינען. איך בין דאָך שוין איצט אַן עלטערע פרוי, מען קען וואויל זאָגן מיטן פולן מויל: אַ זקנה. ווייס איך וואויל, מיין ליב קינד, וואָס עס מיינט אַזוינס די באַדייטונג פון מזל. אַלץ אין דעם מענטשלעכן לעבן האָט צו טאָן מיט מזל. אויב איינער אַ מענטש האָט געהאַט דאָס אומגליק פאַרשאָלטן צו ווערן פונעם רבונו של עולם, וועט אים שוין קיין שום מעכטיקע האַנט און קיין שום מענטשלעך האַרץ נישט זיין אימשטאַנד צו העלפן, אים אַרויסצוציען מיט אַלע זיינע כוחות פונעם פינצטערן תהום פון אומגליק און נישט צו ענדערן דעם גאַנג פון זיין לעבן. ער וועט תמיד זייען ווינט און שניידן טרויער. און, אויב עס איז חלילה פאַרקערט: ווען איינער אַ מענטש איז געבענטשט אויף אַ מזלדיקן שטייגער פון זיין ליבן נאָמען, איז פונקט ווי ער וואָלט געבוירן געוואָרן, ווי מען זאָגט, אין אַ זיידענעם העמדל ווי יוסף הצדיק. אַלע מלאָכים וועלן אים שוין אין משך פון זיין לעבן גנעדיק דינען צו זיין גליקלעך און הצלחהדיק אין אַלע זיינע גענג און מעשים...

איך הער אויס אין דער רעגנדיקער נאַכט וואָס ברעכט זיך אַריין פון גאָטס דרויסן מיטן הימלס דונערן און בליצן, דער מאַמעס שיער נישט ליטעראַרישע דיסערטאַציע וועגן דער באַדייטונג פון מזל־ברכה. איך בין דווקא נייגעריק צו וויסן:

— זאָג מיר, מאַמע, צי האָט דער טאַטע ווען אַמאָל אין זיין לעבן נאָכגעטראַכט וועגן דעם רבינס „קללה"?

— קינד מיינס, איך האָב מיט אים קיינמאָל וועגן דעם נישט גערעדט. ווייזט אויס אַז עס זיינען געווען מאָמענטן ווען ער פלעגט זיך שוין דווקא יאָ פאַרטראַכטן וועגן די דאָזיקע ענינים. וואָרים עס פלעגט טרעפן אַז אינמיטן אַ שלאָפלאָזער נאַכט, פונקט ווי דער קייסער נבוכאַדנצר פלעגט נישט קענען שלאָפן, און די געדענקענישן פון זיינע רציחות און פאַרברעכנס פלעגן פייניקן זיין ווערעמדיק געוויסן, פלעג איך הערן ווי דער טאַטע מורמלט פון שלאָף דעם רבינס הייליקן נאָמען, און ער פלעגט

דערנאָך וויינען און ביטער קרעכצן. ער פלעגט זיך טיילמאָל איבערוועקן אינמיטן פון דער נאַכט, ווען די לבנה פלעגט שטיין אונטערן הימל רויט ווי פייער איבערן פענצטער פון זיין שלאָף־חדר, און ער פלעגט דערנאָך אויפשטיין פונעם געלעגער אַ באַגאָסענער מיט שווייס, פונקט ווי ער וואָלט זיך מיט עמעצן געהאַט שווער געראַנגלט אין אַ פינצטערן און פירכטערלעכן געשלעג ווי יעקב אבינו מיטן מוראדיקן מלאַך וואָס איז געווען אפשר צען מאָל העכער פון אים. דער טאַטע דיינער, דאָס ווייסטו דאָך, איז געווען אַן אומרואיקער מענטש וואָס האָט ביטער געליטן פון זיין אייגענעם אומהיימלעכן כאַראַקטער. עס האָט פון אים געוויעט מיט נאַכט און נעפל, מיט ווינט און ווייטיק. עס האָט אים אייביק געטריבן, געיאָגט און געשליידערט פון איין אָרט אין דער וועלט צום אַנדערן אָרט. ער האָט שטענדיק און אומעטום געזוכט רואיקייט און שטילקייט. אָבער דווקא אַ דיבוק פון חרטה און אומרואיקייט איז געזעסן טיף אין זיין טונקעלן געביין ווי יענע עקשנותדיקע מוק אין די טרייפענע געהירן פון טיטוס הרשע...

— דו ווייסט, מאַמע־קרוין, אַז דער רבי האָט פאָרט געהאַנדלט אוממענטשלעך צום טאַטן. ער האָט אים נישט געטאָרט טאָן קיין שלעכטס. וואָס פאַר אַ סאָרט הייליקער און פאָרכטיקער רבי איז דאָס געווען וואָס האָט געוואַגט צו נוצן זיין מאַכט און זיין משפט כדי צו פאַרשעלטן אַ יינגן און אָרעמען ייד, וואָס האָט נאָך דערצו ערשט חתונה געהאַט און ער איז געשטאַנען אויף דער שוועל פון אויפבויען זיין לעבן, זיין היים און זיין פאַמיליע?! עס איז אפשר אין יענעם מאָמענט גיכער געזעסן אין דעם רבינס הויף אַ בייזער שד און נישט קיין פאָרכטיקער רבי וואָס גייט ממש אויס אין זיין ליבשאַפט צו יידן, פונקט ווי אויפן טראָן פון שלמה המלך איז געזעסן דער ווילדער אשמדאַי, דער קייסער פון די שדים, און ער האָט געהערשט, געמשפט מיט פאַלשקייט און מיט רשעות, און ער האָט געפּרוווט צו פירן די מלוכה אין אָפּגרונט אַריין. און די מכלומרשטע חסידים וואָס האָבן דעמאָלט שווער געמאַכט מיט זייער רעש און שטורעם דעם טאַטנס לעבן, זיינען אין דער אמתן געווען שדים, נישט־גוטע און פאַרשטעלטע חסידים...

— עס איז טאַקע געווען, ווייזט אויס, עפּעס אַן אימהדיקע רגע אין דעם רבינס טונקעלן געמיט. אפשר איז אין הימל דער אמתער כאַראַקטער און גאַנג פונעם טאַטנס גורל נאָך נישט געווען אינגאַנצן באַשטימט און זיין צוקונפט איז נאָך נישט געהאַט אויסגעפורעמט געוואָרן דורך זיין שר. זיין מזל איז, ווי מען זאָגט, נאָך אַוודאי געהאָנגען אין דער לופטן. טאַקע אין דעם סאַמע קריטישסטן מאָמענט איז געפאַלן דעם רבינס „קללה" אויפן טאַטנס קאָפּ, און עס האָט אים אומגליקלעך געמאַכט ביזן סוף פון זיינע טעג. און אונדז אַלעמען, זיין ווייב און אונדזערע קינדער אויך... — — —

די מאַמע צעוויינט זיך. איך האָב נאָך קיינמאָל פריער נישט געהערט דער מאַמען רעדן מיט אַזאַ קלאָרן, אויסגעשפּראָכענעם און ממש מאָדערנעם לשון. איך האָב ווי פאַרנומען פון אירע ליפּן די שפּראַך פון

מיינע אייגענע צוקונפטיקע ליטעראַרישע כאַראַקטערן. אין דעם דאָזיקן מאָמענט איז מיר עפּעס פּלוצלינג קלאָר געוואָרן אַז דער שרייבער אין מיר, אַז דאָס פיבערישע וואָרט אין מיינע ביינער, געהערט נישט בלויז צו מיין טאַטן און צו זיין מיחוסדיקער, איך וואָלט זיך אויסגעדריקט, אַריסטאָקראַטישער משפּחה, וועמענס מיטגלידער ווי איך באַשרייב עס גאַנץ אויספירלעך אויף די ווייטערדיקע בלעטער פונעם דאָזיקן בוך, זיינען געווען גרויסע געניסערס פון די תאוהדיקע לוסטן און ליידנשאַפטן פונעם לעבן; נייערט עס געהערט אויך, און נאָך אפשר אין אַ טיפערן זין און באַדייטונג ווי איך בין אגב געווען גענייגט תמיד צו דענקען, צום שטאַם און צו דער משפּחה פון מיין גאָטזעליקער מוטער וועמענס מיטגלידער עס האָט געצויגן צו פרומקייט, צו באַשיידנקייט, צו מנוחה, צו די סודות פון גאָט, צו די רעטענישן פון דער נשמה, צו די וועגן פון פאַאוסט, און וועמענס שטאַם, איבערצוחזרן אַ וואָרט, ציט זיך אפשר, ווי יעדן איינציקן יידנס אָפּשטאַם און יחוס, ביז צו די טיפסטע און ווייטסטע דורות אין דער יידישער געשיכטע...

## צווישן טאַדל און לויב

### (וועגן זעליק העללער און אברהם טאַבאַטשניק)

איך געדענק אַ ווינטערדיקן אָוונט אין דער וואַרעמער היים פון דעם דיכטער און באַהעם יאָסל קאָהן. עס איז גראָד געווען אַ חנוכה־פייערונג. פון די אָפּגעפּוצטע פענצטער־שויבן זיינען ברייט אָפּגערונען די טראָפּנס פונעם געדיכטן שניי־פאַל וואָס האָבן נעבעך נישט געקענט פאַרטראָגן די היץ פון די אויפגערעגטע שרייבער וואָס האָבן זיך געהאַט פאַרזאַמלט, זייענדיק מער אָדער ווייניקער צוגעגרייט צו פאַרטראָגן לענגערע רעדעס פון די שוין שיכורלעכע דיכטער, דערציילער און זשורנאַליסטן. יעדער איינער פון די אָנטיילנעמער איז געווען אומגעדולדיק און אָנגעלאָדן מיט אַ רעדע אין די געדערים פון וועלכער מען האָט זיך געוואָלט באַפרייען וואָס גיכער. די שפּאַנונג האָט דערציילט פון גאַנצע לעבנס פון לידער־שרייבער וועמענס אָנגעהיצטע נשמות האָבן ממש געפילט אַז אין דעם היינטיקן אָוונט ווערט מיט דער רעדע פון אַ קאָלעגע דעצידירט זיין אייגענער ליטעראַרישער גורל, זיין פּלאַץ אין גן־עדן, בפרט ווען צווישן דעם עולם האָט זיך געפונען דער זייער שטרענגער, אָבער אויך באַדייטנדיקער ליטעראַטור־קריטיקער אברהם טאַבאַטשניק, פאַר וועמען עס האָבן פּאַקטיש בלויז עקזיסטירט אין דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע די דיכטער פון דער גרופּע „יינגע" וואָס זיינען מיטן גאַנג פון די יאָרן כמעט אַלע אַלט און קראַנק געוואָרן, און בלויז געציילטע פון זיי האָבן נאָך געלעבט פון זייער גלאָררייכער גרופּע וואָס האָבן באמת געשאַפן מייסטערווערק פון פּאָעזיע; וועמענס לידער עס האָבן אויפגעבליט און אויפגעלויכטן ווי בשעת אַ רייכן זון־אויפגאַנג אין אַ זומערדיקן באַגינען. דאָס זיינען געווען די פאַרכישופטע דיכטער וואָס

האָבן געלעבט מיט דיכטונג פון אין דער פרי ביז שפּעט ביינאַכט, און אַפילו אין זייער שלאָף האָבן זיי געגליט און געפיבערט מיט פּאָעזיע, כאָטש זיי זיינען געווען אָרעם ווי די נאַכט און אַזעלכע דיכטער ווי ה. לייוויק און משה לייב האַלפּערן האָבן געוואוינט צו צוויי אין אַ מאַנסאַרדע (שטיבל ביים דאַך) און נעבן דער מיט גאָלד־שטויב אָפּגעפּאַרבטער לבנה, אין וועלכע די שרייבער האָבן זייער מוזע, זייער שוועסטער, זייער פריינדין און זייער געליבטע. אברהם טאַבאַטשניק האָט זיך דערהויבן צו ווערן דער קעניגלעכער קריטיקער פון דער דאָזיקער פאַנאַטישער גרופּע וואַגאַבונדן און ציגיינער וואָס האָבן אָפּטמאָל נישט געהאַט קיין גאַנצע העמדער אויף זייערע לייבער, אָבער זייערע אָדערן האָבן געשלאָגן מיטן פייער פונעם שטילן, ראַפינירטן, געהיימנישפולן און ניואַנסנרייכן ליד וואָס האָט געשיינט אויף זייער פּערזענלעכן הימל ווי שיכורע שטערן. אַ פּאַרדאַרט שטיקל ברויט האָט אין זיי געשטילט דעם פיזישן הונגער אין אָוונט נאָך אַ גאַנצן טאָג וואַנדערן איבער די גאַסן און פּאַרקן, און הונגערן נאָך ברויט און אַ שטיקל הערינג מיט אַ רעפטל ציבעלע. אָבער דער שטאַרקערער הונגער צו גוטער לירישער און געהיימעניספול־פּאַרבאָרגענער פּאָעזיע האָט זיי אָן קאָניאַק און שאַמפּאַניער, אָבער פּאָרט שיכורערהייט געטראָגן ווי אויף פליגל פון זייד און אַטלעס צו די שטערן...

אברהם טאַבאַטשניק וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ ציגיינער און געהאַט קליינטשיקע מאָנגאָלישע אויגן וואָס האָבן שאַרף געפינקלט מיט עפּעס אַ שטרענגן ליכט וואָס קען פאַרברענען אַ טאַלאַנטלאָזן דיכטער, איז ממש געווען באַרופן פון דער השגחה אָפּצושאַצן זייערע ווערק פאַר דער ליטעראַרישער אייביקייט, כאָטש נישטיקע און פלאַכע זשורנאַליסטלעך וואָס זיינען נישט דערוואַקסן צו די קנעכלעך פון אונדזערע יידישע מייסטער פון וואָרט דערלויבן זיך אָנצורופן יידיש: „די געפּגרטע שפּראַך”. יענע וואָס האָבן געפונען חן אין טאַבאַטשניקס אויגן, האָבן שוין די געטער, אַזוי צו זאָגן, זיי אויך ליב געקראָגן. און טראָצעם וואָס זיי זיינען געווען אָרעמעלייט און שלימזלן אין לעבן, זיינען זיי געווען אָנגעקליידט און אויסגעפּוצט אין דער פאַרכאַפּנדיקער שיינקייט פונעם שוין דערמאָנטן באַשיידענעם, געצוימטן און לירישן ליד וואָס איז געווען אין שאַרפן קאָנטראַסט צו די געשריי און פּראָטעסט־דעקלאַמאַציעס פון די דעמאָלטיקע סאָציאַלע דיכטער וואָס האָבן געוואַלדעוועט וועגן פרייהייט און רעוואָלוציע און זיי האָבן געשריבן אויף אַ יידיש וואָס איז געווען סיי דייטשמעריש און סיי בדחניש. זיי האָבן זיך ממש געשעמט צו שרייבן אין דעם היימישן, פּשוטן, פּאָלקלאָריש־רייכן יידיש פון זייערע נאָענטע און ליבע היימען, פון זייערע עלטערן. טראָץ דער אָרעמקייט און איינזאַמקייט אין דער היגער גרויער געזעלשאַפט מיט זייער עסטעטיציזם, מיט די שטילסטע טענער און איידלסטע מאָטיוון; מיט זייער חוש פאַר שיינקייט, מוזיק און נאַטור־לאַנדשאַפט, דערמאָנענדיק אין וואַטאָס אומענדלעכע

פריצישע גערטנער און געפּאַרבטע וואָלקנס; אָפּשאַצנדיק די מער־ווערטפולע קוואַליפיקאַציעס פונעם בונטן לעבן, זיינען די דאָזיקע גרופּע דיכטער געווען רייך אינעם גאָלד פון אַ זון־פּאַרגאַנג; אין די גאָלדענע רענדלעך וואָס דער ווינט פון דעם אָרעמען און שטייניקן קראָטאָנאַ־פּאַרק האָט זיי צוגעשאַרט מיט די מחנות היימלאָזע און האַרבסטיקע בלעטער, ווען זיי פלעגן זיך באַגעגענען שבת נאָכמיטאָג אָדער בשעת די זומערדיקע פאַרנאַכטן ווען די זון שטייט נאָך גאַנץ און גרויס אויפן הימל, און זיי האָבן זיך קעגנזייטיק פאָרגעלייענט איינער פאַרן אַנדערן זייערע נייע שאַפונגען, ווי בלומען אויסגעוואַקסענע אויף זייערע שרייב־טישלעך אינמיטן פון דער נאַכט וואָס די לבנה האָט געמאָלן. די סאָציאַלע דיכטער פון יענער צייט, בשעת דעם אָנהויב פון דער מאָדערנער קינסטלערישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, האָבן געפילט אַז זייער עפּאָכע האָט זיך געשלאָסן. יעדער איינציקער מיטגליד פון זייער גרופּע האָט פאַרענדיקט זיינע לעצטע חדשים און יאָרן אין דעם שוידער פון די דעמאָלטיקע ניו־יאָרקישע לעבנס־באַדינגונגען. שטילערהייט, ביי די טישלעך אין די פאַררויכערטע קאַפעטעריעס אין רעסטאָראַציעס, האָבן נאָך די אַלטע דיכטער זיך קעגנזייטיק פאָרגעלייענט זייערע לעצטע הייסע דעקלאַמאַציעס און זיי האָבן זיך געזעגנט מיט דער געשיכטע...

פונדעסטוועגן וואָלט ניטש געווען רעכט צו דערמאָנען, ווען מען שרייבט אַ וואָרט פון קריטיק וועגן די סאָציאַלע דיכטער, אַז זיי האָבן געשריגן פון ווייטיק ווי גלאַדיאַטאָרן וואָס ראַנגלען זיך אויף דער צירקוס־אַרענאַ מיט בלוטדורשטיקע און הונגעריקע חיות. דוד עדעלשטאַדט איז געווען אַ סאָרט מאַרטירער און אידעאַליסט פון אַ הויכן גראַד. ער איז געווען ממש פאַרליבט אין דער רעוואָלוציע ווי אין אַ געליבטער... מאָריס ראָזענפעלדס לידער זיינען געווען מעכטיקע געזאַנגען פון אַן אונטערדריקטן קלאַס וואָס האָט געשקלאַפט אין די שוויץ־שעפּער ביי אוממענטשלעכע באַדינגונגען. ער איז געווען סיי אַ סאָציאַלער און סיי אַ יידיש־נאַציאָנאַלער דיכטער. יוסף באָוושאָווער האָט געעפנט אין זיינע לידער און ברייט־פּערזיקע פּאָעמען עלעמענטאַרע נאַטור־לאַנדשאַפטן. זיין שפּראַך איז שוין נאָענט צום פּאָעטיש־ריינעם, יידישלעך־וואַרעמען פאָלקס־לשון פון די שפּעטערדיקע דיכטער ווי יהואש, אברהם ליעסין און ה. רויזענבלאַט. זיין פּאָעטישער פּערז פאַרמאָגט קראַפט און סטיכיע. יענע סאָציאַלע פּאָעטן זיינען נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט. זייער אמת איז געווען אַ ריינער, אַ רויטער ווי בלוט. ער האָט געשטראָמט פונעם האַרצן. זיי האָבן אויסגעדריקט די ווייטיקן פון אַן אונטערדריקטן קלאַס...

אָבער ווי וואויל אברהם טאַבאַטשניק האָט אָפּגעשאַצט די דיכטער פון דער גרופּע „יינגע״, איז ער אָבער פאָרט געווען ממש פאַרליבט בלויז אין איין און איינציקן פּאָעט פון די נייע סאָרט דיכטער: אין דעם שלאַנקן, טונקעלן, און גרין־אויגיקן פּרינץ פון די פּאָעטן, אין מאַני לייבן דעם

„געגריוועטן שוסטער־יינג“, וואָס האָט אָבער פאַרמאָגט די עלעגאַנץ פון אַ געבוירענעם פרינץ...

פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ קלונג אין דער טיר פון יאָסל קאָהנס וואוינונג: און ווען דער שוין היפש־אָנגעשיכורטער און פעטלעכער פּאָעט האָט זיך צוגעוואַקלט מיט זיינע מידע און געשוואָלענע פיס כדי אַריינצולאָזן דעם אַביסל פאַרשפּעטיקטן גאַסט אין זיין „פריוואַטער ווײַנשענק“ אויף וועמענס טישלעך עס זיינען געווען אָנגעשטעלט שווערע פלעשער מיט בראָנפן, מיט ווייגעטראַנקען, מיט לעקעכוואַרגן און טאַצן מיט געבאַקענע ווי אויך געשמאַקע לאַטקעס, אַרבעס און אַנדערע דעליקאַטעסן, האָט זיך באַוויזן אַזאַ פאַרשוויצטער און דערשלאָגענער אונדזער גאַסט פון שיקאַגע, דער פּאָעט זעליק העללער, אַזאַ מין אומגליקלעכער און בייזלעכער פּאַסאַזשיר. ער האָט איצט אַריינגעבראַכט אין דער אָנגעהיצטער אַטמאָספערע פון ליטעראַטור, לשון הרע, נישט־פאַרגינערייַ און אומצופרידנקייט, וואָס איז אַזוי טיפּיש פאַרן דיכטער־פאָלק בכלל און בפרט פאַר די אומגעזעטיקטע יידישע דיכטער, שטיקער הפקרדיקן ווינט פון דער קאַלטער חנוכה־נאַכט אין דעם חודש דעצעמבער אויף זיינע ברייטע פּלייצעס. פון זיין קאַפּעליוש זיינען געפאַלן שטיקלעך פייכטער שניי וואָס האָט ממש געוויינט מיט קליינטשיקע געוויינדלעך אין יעדן טראָפּן ערב דעם צעשמאָלצן ווערן אין דער געדיכטער היץ פונעם שאַפּאַזש, פון די ציגאַרן, ציגאַרעטן; פון דעם מענטשלעכן שווייס, בראָנפן, וויין און ליטעראַרישע אַמביציעס, געמישט מיטן אייביקן וויכוח ווער עס גייט אין דער אמתן מיט זיכערע טריט וו אַ פעלדמאַרשאַל צו דער אייביקייט פון רום און דיכטונג. זעליק העללער כאָטש שוין אַזאַ מידער פונעם גאַנצענעם טאָג אַרומבלאָנדזשען און נישטערן אין די ניו־יאָרקער בוך־געשעפטן אויף דער פערטער עוועניו, זוכנדיק זעלטענע מציאות ווי שיללערס דראַמאַטישע ווערק, קלאָפּשטאָקס משיח־פּאָעמע, געטעס שריפטן, ווי אויך לעסינגס און הערדערס מאַסיווע בענדער קולטור און פילאָזאָפישע פאַרפאַסונגען, האָט אויסגעזען צו זיין מיד, אומצופרידן און אויפגערעגט אין דער געזעלשאַפט פון דיכטער צווישן וועלכע יעדער נישט אַנערקענטער און נישט גענוג אָפּגעשאַצטער שרייבער האָט פיינט די אַנדערע גאונים און ער באַטראַכט זיי ווי שונאים. ער האָט איצט עפּעס ווי אומגעלומפּעטערהייט געפּרואווט אויסטאָן פון זיינע רויטע און געשוואָלענע פיס די פאַראַיאָריקע קאַלאָשן. יאָסל קאָהן, ווי שוין פריער געזאָגט, אַ שוין שווער־באַטרונקענער מיט ניינציקער ספּירט און אָנגעפילט מיט איבעריקן פעטס אין זיין שווערן גוף ווי דער אוקראַינישער אַטאַמאַן פון גאָגאָלס דערציילונג, טאַראַס בולבאַ, און מיט היפּשע עוולהס באַלאָדן וואָס שייך ליטעראַטור אויף זיין אייגענעם חשבון; מיט דערשטיקטע חשבונות מיט זיינע אייגענע ליטעראַרישע קריטיקער; מיט אַ פּנים וואָס איז געווען באַקלעפּט מיט שטיקלעך קיט ווי דאָס געזיכט פון אַ קלאָון וואָס צעוויינט און צעלאַכט זיך פלוצלינג אינמיטן

דעם שטורעמדיקן געלעכטער און ענטוזיאַסטישן געשריי פונעם פובליקום אין צירקוס, מערסטנס קינדער, האָט מכלומרשט געפּרואווט צוצוהעלפן דעם אומבאַהאָלפענעם פּאָעט זעליק העללער אויסצוטאָן זיינע אומגליקלעכע קאַלאָשן און אַראָפּצונעמען פון זיין פאַרשוויצטן קאָפּ מיטן ווייסן און טויטלעך־אויסזעענדיקן שאַרבן דעם קאַפּעליוש. אינמיטן פון דער גאַנצער קאַרנאַוואַלישער חנוכה־אַטמאָספערע האָט זעליק העללער, אַ באַפרייטער פון די איבעריקע מלבושים פול אָנגעזאַפּטע מיט שניי, רעגן, שווייס און היץ פונעם ווײַן טרינקען, מיט כעס צוגעוואָרפן צום שטרענגן קריטיקער טאַבאַטשניק מיט ווענען ער האָט שוין מסתמא געהאַט פריערדיקע אומהיימלעכע חשבונות:

— וואָס טוט איר דאָ אייגנטלעך צווישן לויטער „גראַפאָמאַנען”? איר זענט דאָך דער געשוואוירענער „קריטיקער־אימפּעראַטאָר” פון די „יינגע”. פאַר אייך עקזיסטירט דאָך פּאָעטיש בלויז איין און איינציקער פּאָעט: מאַני לייב! די אַנדערע יידישע דיכטער זיינען דאָך פאַר אייך בלויז שמעלץ... (אַלט, צעבראָכן און פאַרזשאַווערט אייזנוואַרג.) און זיי מעגן אַלע גיין קראַפּירן מיט זייערע משוגענע קעפּ אין „דר'ערד” אַריין...

— פריינד זעליק העללער! — האָט טאַבאַטשניק דווקא רואיק און „געשייט” אָנגעהויבן צו רעדן, אָפּדעקנדיק מיט זיין יעדן וואָרט אַלץ מער פון זיין חכמה און זיין מישטיינסגעזאָגטן טאַקט — איר מאַכט אַ גראָבן טעות, זייט מיר מוחל פאַר מיין באַמערקונג. איך לייען אייך שוין דווקא זייער אויפמערקזאַם זינט לאַנגע יאָרן. איך האָב אַפילו לעצטנס געקויפט ביי בידערמאַנען אין בוך־געשעפט אייערע ביידע ערשט־דערשינענע פּאָעטישע בענדער מיט סאָנעטן אין וועלכע איר באַשרייבט, באַלוינט און באַקרוינט, באַזינגענדיק מיט די סאַמע העכסטע לויב־רייד די גרויסע שרייבער פון דער געשיכטע, און אויך אַ שלל מיט יידישע דיכטער, אין וועלכע איר האָט אַריינגעטאָן אַ ים מיט כוחות פון אייער וואולקאַניש הייסן האַרצן, כאָטש לויב, ליבשאַפט און באַוואונדערונג, ווי איר ווייסט וואויל, איז נאָך נישט קיין ליטעראַרישע קריטיק. אייערע סאָנעטן זיינען ווי אומענדלעכע טרעפּ אין אַ גרויסאַרטיקן פּאַלאַץ וואָס פירן צו די העכסטע הויכן פון די הימלען, אפשר אַזש ביז צום סאַמעראָדנעם טראָן פון דער געטלעכקייט אַליין. אָבער גאָט איז פון דאָרטן אַנטלאָפן ווייל ער פאַרטראָגט נישט אייערע הויכע רייד און אומענדלעכע שבחים. איר זוכט כסדר איבערצושטייגן אייערע אייגענע שבחים מיט נאָך העכערע און נאָך שטאַרקערע שבחים. איר פאַרמאָגט טאַקע אַן אַרסענאַל פון שבחים אויף שבחים וואָס שטייגן זיך איבער איינע די אַנדערע, אַזוי אָן אַ סוף. אָבער מען קען אייערע בערג מיט לויב־רייד בשום אופן נישט פאַרטראָגן. זיי לייגן זיך שווער אויפן געמיט. זיי זיינען מאָנאָטאָנע שטיקער גראַניטענע אַרכיטעקטור. לויב איז אַ געפערלעכע זאַך. אַנאַליז און קריטיק פון אַ קאָנסטרוקטיוון כאַראַקטער איז דער עיקר...

אברהם טאַבאַטשניק, עס איז געווען געגנוג בולט צו זען, האָט זיך אָנגעגורט די לענדן און האָט זיך געגרייט ווייטער צו שטייגן אויף דעם לייטער פון שטרענגער קריטיק קעגן זעליק העללערס ביידע מאַסיווע בענדער מיט מאָנאָטאָנער פּאָעזיע ווי שווערע בלאָקן מיט לאַנגווייליקייט. אַזוי האָבן געווינלעך געטראַכט די געסט וואָס האָבן נישט געהאַט געלייענט זעליק העללערס ביידע ביכער און במילא נישט געוואוסט וואָס טאַבאַטשניק האָט ווייטער צוגעגרייט פאַר זיין אָרעמען קרבן... אָבער אין דעם מאָמענט איז דעם שיקאַגער דיכטערס פּנים געוואָרן רויט ווי פייער. ער האָט איצט געמוזט מיט עפּעס אַרויסברעכן כדי זיך צו באַפרייען פון דער וואולקאַנישער לאַווע וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין זיין געמיט, זיך צוהערנדיק צו די וואָרט־קלעפּ וואָס טאַבאַטשניק האָט אויף אים געשליידערט אין זיין גענעראַל־אַטאַקע, נישט האָבנדיק קיין שום חשק אָפּצולאָזן זיין קרבן. העללער האָט דעריבער ענדלעך אויסגעשריגן:

— הערט שוין אויף, טאַבאַטשניק! טרינקט נישט מער מיין בלוט אַזוי קאַניבאַליש־ווילד ווי אַ צערייצטער טיגער אויף אַ יידישער פאַרזאַמלונג, אין דער עפנטלעכקייט פאַר אַזוי פיל שרייבער. איר פאַרשעמט מיך ממש אויף דור־דורות. נאָך היינט ביינאַכט און ביזן באַגינען וועל איך אויסגיין פון חרפּה. איר פירט מיך צו דער תליה אין דער אָנוועזנקייט פון מיינע פריינד און קאָלעגן, אַלע יידישע שרייבער. איר זענט אַ ווילדער גזלן, אַ לויז־געלאָזטער טיגער אין דזשאָנגל וואָס איז הונגעריק נאָך פלייש פון לעבעדיק־צעריסענע גופים און דורשטיק נאָך בלוט וואָס רינט נאָך הייס פון צעפּליקטע אָדערן. יאָ, עס איז צו אייך וואָס קומט טויט־שטראָף פאַרן טרינקען מיין בלוט אויף אַזאַ הפקרדיקן שטייגער ווי אַ צעווילדעוועטער פּריץ אין אַ דאָרפישער קרעטשמע זופנדיק קופּליעס מיט שוימיקן ביר. איר זענט אַ רוצח!

— האָט אַ טראָפּעלע געדולד, מיין חבר און גרויסער דיכטער זעליק העללער! — האָט טאַבאַטשניק מיט אַ רואיקער שטימע איצט אָנגעהויבן צו רעדן אין אַ גאַנץ נייעם טאָן און נוסח ווי וועלנדיק פּראָסט און פשוט אָפּמינטערן זיינס אַ קאָלעגע, אַ גאַסט פון שיקאַגאָ וועמענס פּרוי איז די גאַנצע צייט פון דער דאָזיקער דראַמאַטישער סצענע געזעסן דערביי ווי אַ פאַרחלשטע — איך זאָג אייך דורך דער גאַנצער צייט דעם ערלעכן אמת, אַזוי העלף מיר גאָט, פון מיין גאַנצן האַרצן. איך בין אַ געטרייער פריינד פון יעדן יידישן דיכטער וואָס שרייבט דיכטונג און בלוטיקט אויף יידיש... איך וויל אייך אָבער אָפּראַטעווען מיט איין באַדייטנדיקן שבח: אייער „שבת־"פּאָעמע איז אַ פּערל. דאָס איז עפּעס אַזאַ אַלטפרענקיש שטיקל גאָלד וואָס וועט בלייבן שטיין אויף דורות אין דער ביבליאָטעק פון דער יידישער ליטעראַטור. איר זענט אין דעם דאָזיקן ווערק וואַרעם, פשוט, האַרציק, פאָלקסטימלעך, אַלטמאָדיש־זיס און פריש ווי אַן אָפּגעבאַקענע און וואַרעמע חלה אויף שבת; ווי די פיש וואָס אַ יידישע באַלעבאָסטע קאָכט אָפּ זיסערהייט לכבוד דער יום־טובדיקער סעודה. אין דעם דאָזיקן

ווערק האָט איר שוין דווקא קיינעם נישט געלויבט. אָבער איר האָט שוין דווקא יאָ געלויבט גאָט און זיין פּראָסטן, האַרציקן און האָרעפּאַשנעם יידישן פאָלק. איר האָט ערלעך באַשריבן דאָס באַשיידענע יידישע לעבן אינעם שטעטל, אין אַלע יידישע שטעטלעך. דער גאַנצער זיסער און גאָלדענער פאָלקלאָר איז אַריין אין אייער פּאָעמע „שבת". דאָס איז שוין דווקא אַ ווערק וואָס קען שטיין אין איין רייע מיט היינריך היינעס מייסטערווערק „די פּרינצעסין שבת". אייער „שבת" איז נאָך שענער און קרעפּטיקער. היינעס פּאָעמע איז אַ שטערן וואָס שיינט אויף יעדן שבת אויפן יידישן הימל־פּרוכת. אָבער אייער „שבת", איך זאָג דאָס מיטן גאַנצן האַרצן, איז גאָטס מתנה צום יידישן פאָלק. זעליק העללער, איך זאָג אייך: דאָס איז דאָס ווערק פון אייער גאַנצן לעבן. איך בין זיכער אַז ווען ביאַליק וואָלט געלעבט, וואָלט ער אייגנס געקומען פון ירושלים כדי אייך צו געבן אַ קוש אין שטערן פאַר דעם דאָזיקן הערלעכן קונסט־אוצר פון דיכטונג — פאַר אייער הויפּטווערק „שבת"!

דער שוין מידער עולם איז ממש געהאַט איינגעשלאָפן פון דעם פלוצלינגן מתיקות פון טאַבאַטשניקס רייד. עס איז דאָ ערשט פאָרגעקומען אַ טעאַטראַלישע פאָרשטעלונג פון אַ הויכן דראַמאַטישן פאַרנעם, אַזוי האָבן די מערסטע אָנוועזנדיקע מענטשן געפילט. גאָר די רייד פון אַן עולם וואָס איז שוין געווען שטאַרק אויסגעשעפּט, זיינען שוין איצט געווען איבעריק. דער צעלויכטענער זעליק העללער מיטן צייכן פון טויט אין זיינע ביידע פינצטערע און עפּעס ווי צעלעכערטע אויגן אין וועלכע דער מלאך המות האָט זיך געהאַט איינגעביסן מיט זיינע אייזערנע ציין, און וואָס האָבן קלאָר אָנגעזאָגט זיין נאָענטן סוף, איז אויפגעשטאַנען, ארומגעהאַלדזט טאַבאַטשניקן דעם „אכזר", און ביידע שעפּער האָבן זיך צעקושט ווי צוויי מלאָכים וואָס טרעפן זיך בשעת אַ שטורעמווינט ערגעץ־וואו אין אַ ווילדן געשוועב צווישן צעפליקטע שטיקער וואָלקנס און שניי־פלאַכטעס, האָבנדיק אַנטלאָפן פון אַ דייטשן קאָנצענטראַציע־לאַגער...

אין דער דאָזיקע נאַכט האָט טאַבאַטשניק מיט דער אַטאַקע אויף העללערס עטלעכע הונדערט סאָנעטן אין דעם ערשטן מאַסיוון באַנד שיער געהאַט דערהרגעט דעם שיקאַגער דיכטער, ווי עס איז געווען קלאָר פאַר אַלעמען. אָבער מיט דער לויב־סימפאָניע פאַר זיין „שבת"־פּאָעמע אינעם אַנדערן באַנד, האָט ער אים אָפּגעראַטעוועט און מחיה מתים געווען פיזיש אויף בלויז אַ קורצער צייט, און ער האָט ממש פאַר זיך אַליין דערוואָרבן אַ גאָלדענע שטול אין גן־עדן צווישן די אבות און מלאָכים מיט ריזנקרוינען אויף זייערע אַלטע און גרייז־גרויע קעפּ...

## דאָס קורצע ליד לעבט איבער דורות

אין חודש אַפּריל בין איך געזעסן ביים שרייב־טישל, מיינע הענט פאַרפלעקטע מיט טינט. די זון פון דעם גרויסן דרויסן איז אַריינגעקומען

אינעם טינטער און האָט אָנגעצונדן דעם טינט. מיין האַרץ איז געווען אַזוי טרויעריק און פריילעך. שטענדיק ווערן מיר אומעטיק אין פרילינג: וואָרים יעדער איינציקער מענטש האָט דאָך וואָס צו באַדויערן: מיר דערמאָנען זיך די פעלערן וואָס מיר זיינען באַגאַנגען; מיר פרייען זיך מיט דער שיינקייט פונעם פרילינג; די אייביקע שטילע פּאָעזיע פון דער נאַטור נעמט אונדז אַדורך, און דאָס וואָס איז געווען פאַרגעסן, דערמאָנט אונדז... און אָט אַזוי זיצנדיק ביי מיין טאַטנס שרייב־טישל וואָס ער האָט געלאָזט שטיין אין שטוב און ער איז אַוועק אָפּקומען זיין טויט אין אַ ברוקלינער קבר צווישן אומבאַקאַנטע יידן, עפן איך צופעליק דאָס בוך פון לידער. דאָס מאָל איז עס געווען י. י. שוואַרצס יידישע אַנטאָלאָגיע פון דער העברייאישער דיכטונג. און ווי נאָר איך מיש די בלעטלעך, גייט מיר אַנטקעגן דער גרויסער העברייאישער באַרד ר׳ יהודה הלוי מיט אַ גרויסאַרטיק ליד ווי עס איז געווען זיין „טבע״ און טאַלאַנט. דאָס ליד האָט געענוי און פּרעציז אויסגעדריקט מיין שטימונג, מיין לייד און מיין לוסט. מיינע עמאָציעס האָבן אויפגעשטראַלט מיט די פערזן. ווען איך האָב אין אָוונט געטראָפן די דיכטערין רייזל זשיכלינסקי, האָב איך איר דערציילט פון דעם דאָזיקן נס: ווי איבערראַשט איך בין געבליבן פון אַ גרויס ליד. זי האָט מיר צוגעזאָגט עס ביינאַכט צו לייענען, פאַרן שלאָפן גיין, ווי אַ תפילה...

„די ערד האָט נעכטן נאָך געזויגן ווי אַ קינד
די שטראָמען פון דעם ווינטערדיקן רעגן —
צי ווי אַ כלה שמאַכטנדיק נאָך איר באַגערטן,
פאַרבענקט נאָך זומער שווייגנדיק געלעגן.
ביז ס׳האָט דער זומער זי געקושט, געוואַרעמט,
באַלעבט איר האַרץ וואָס האָט געקלעמט צום שטאַרבן;
ווי אַ צעפּיעשטשעט מיידל בייט זי אירע קליידער,
געהאָפטן און געשטריקט מיט פרישע פאַרבן.
זי קליידט זיך יעדן טאָג אין נייע זאַכן,
און טוט אויף דאָס אַרומיקע קאָלירן ציען;
טאָג־טעגלעך בייט זי איר חן און צירונג:
שמאַראַגדן גרינע און רובינען גליען.
אָט איז זי וויס, אָט גרין, און אָט פאַררויטלט
ווי אין איר קוש אַ מיידל רויט נעמט ווערן;
די בלומען זיינען זייער שיין, און ס׳דוכט מיר,
זיי האָבן פון קאָליר באַרויבט די שטערן.
דעם וויינגאָרטן וואָס ליגט צעשטראַלט אין זונשיין,
האָט זי געקושט מיט פייערדיקע צונגען;
די הענגלעך טרויבן זיינען קיל ווי שנייען,
נאָר אין זיי גליען פלאַמענדיקע פונקען.
דער וויין וועט פון דעם קרוג ווי זון פאַרלויכטן,

און וועט אין דעם קרישטאָל ווי פלאַם זיך וועקן —
איך וואַנדער אום אין שאָטנס פון דיביימער,
עס לאַכט די ערד צו דעם געוויין פון רעגן.
זי לאַכט — און ס׳שטייען טרערן אויף איר פנים,
ווי פערלדיקע שפּריצן פון פאָנטאַנען;
זי פרייט זיך מיטן זינגפויגל וואָס טרילערט
מיט טויבנבררום און סודות פון קאַשטאַנען.
זי זינגט פון אונטער בלעטער, ווי אַ מיידל,
וואָס טאַנצט אַהינטער פאָרהאַנגען פאַרבאָרגן.
פאַרשוימט מיך און פאַרנעמט מיט צאַרטע דופטן,
און וועקט און רעגט מיין גייסט מיטן פרימאָרגן.
אַ ווינטל שפּילט זיך און צעפּאָכט די מירטן,
און טראָגט צו פריינט צו ווייטע זיסע דופטן.
די שלאַנקע פּאַלמענצווייגן פּאַטשן־צו
צום כאָר פון פייגל אין דער לופטן״.

איך האָב איבערגעליינט דאָס ליד פון ר׳ יהודה הלוי און איך בין געבליבן זיצן אַן איבערראַשטער: ווי אַזוי פּאָעזיע קען זיין לעבעדיק און פריש! אין יעדן באַזונדערן פערז רירסטו אָן דעם מענטש. קיין איינציקע שורה איז נישט געזויגן פון פינגער און נישט קלוגער פונעם מחבר. און נישטאָ קיין סימן פון אָנשטרענגען זיך צו שרייבן „גרעסערע״ פּאָעזיע ווי עס דערלויבט דער אייגענער באַגרענעצטער טאַלאַנט, ווי דאָס טוען די היינטצייטיקע מכלומרשט קלוגע, סאָפיסטישע און אינטעליגענטע פּאָעטן. יהודה הלויס ליד איז העכסטער ראָמאַנטישער רעאַליזם, ממש די פשטות אַליין. אַלץ עקזיסטירט דאָ אין דער ווירקלעכקייט. מען זעט עס קלאָר פאַר די אויגן ווי מען וואָלט אַריינגיין בשעתן פריען באַגינען אין אַ וואַלד און אַלץ שיינט צו זיין זאַט, אויסגעשלאָפן און אויסגערוט דורך דער זאַכטער נאַכט און עס איז אַזוי שיין און רואיק. מיט קנאַפּע טויזנט יאָר צוריק האָט אַ פּאָעט דינערהייט ווי קוים מיטן פעדערשפּיץ פון אַ פויגל געצייכנט אַ ליד פון פרילינג — אַ גאָלדענע מאָלעריי. עס זיינען דורך דער לאַנגער צייט־שטרעקע געקומען און געגאַנגען טויזנטער פרילינגען און האַרבסטן, און דאָס ליד איז געבליבן שטיין מיט זיין וואונדערלעכער פרישקייט. און דער פרילינג פון יאָר 1955 ווען איך האָב דאָס ליד קאָפּירט פון י. י. שוואַרקס העברייאישער אַנטאָלאָגיע אויף יידיש איבערגעזעצט, האַלט עס נאָך אַלץ אָן מיט זיין אייביקער אַקטואַליטעט אַזוי לאַנג ווי די מענטשלעכע דורות וועלן אָטעמען אויף אונדזער פּלאַנעט. און דאָס ליד וועט בלייבן פריש. פאַרוואָס? ווייל עס איז עכט און לעבעדיק. עס איז לויטער בילד. עס איז געשריבן געוואָרן מיט אָפענע אויגן, מיט האַרץ און נשמה פון אַ גרויסן דיכטער. ווייל אין יעדער שורה פילט זיך די פּערזענלעכקייט פונעם פּאָעט אַליין. ר׳ יהודה הלוי אָטעמט אין יעדן פערז. דאָס ליד איז עכט ווייל עס אָטעמט מיט דער פרייד און מיטן טרויער פון אַ

מענטש. ווייל אַ לעבעדיקער און ליבנדיקער מענטש איז געבליבן שטיין אינעם ליד. ווייל עס איז נישט אַבסטראַקט, נישט פילאָזאָפיש, נישט טעאָלאָגיש, נישט טעאָרעטיש, נישט פּאַרטייאיש. דו רירסט אָן אין יעדער שורה פונעם ליד אַ גרויסן דיכטער.

און עפּעס איז מיר לייכטער און גרינגער געוואָרן אין דעם פריען אַפּרילישן פרימאָרגן. איך האָב ממש פיזיש־נאָענט אָנגערירט און גרויסזעליש דערפילט אַ גרויסן, אַ געניאַלן קאָלעגע, אַ גרויסאַרטיקן פריינד, אַן אומשטערבלעכן ייִד וואָס שטייט פּאָטערלעך אריבערגעבויגן איבער מיר און ער טרייסט מיך סיי מיט זיין גרויסער דיכטונג און סיי מיט דער אייביקייט פון דער שיינער וועלט...

אַנומלט קוק איך אַריין אין אַן אַלבאָם פון דעם פלעמישן מאָלער אַנטואַן וואַטאָ וואָס איז באַרימט ווי דער מייסטער פונעם ראָקאָקאָ־פּעריאָד אין דער פראַנצויזישער קונסט און געשיכטע. ביי איין רעפּראָדוקציע פון זיינס אַ קונסטווערק בלייב איך שטיין: עס שטעלט פאָר אַ שלאָפנדיקע פרוי. די רעכטע האַנט דעקט צו אַ האַלבס פון איר דין־געשניצטן און אויסערגעוויינלעך־איידלען פּנים. מיט דער אַנדערער צאַרטער האַנט האַלט זי זיך צו דאָס ייידענע העמד אַז עס זאָל נישט אַרונטערפאַלן און אָפּדעקן צופיל פון איר סענסיטיוון לייב, בשעת די נאָבעלע פאָרם פון אירע בריסטן זעען זיך קוים אָן אויפן בוזעם מיט אַלע פיינע שאָטנזייטן און ווינקלען פון אַ ליבן און סימפּאַטישן פרויענגוף, וואָס איז לייכט און פול מיט דעליקאַטע שטריכן אָנגעדייט. דאָס איז מסתמא אַן עטיוד פון אַ פּאַרערטער און דורכן קינסטלער געליבטער פרוי... ווארים מען קען גרינג זען אַז זי איז צאַרט און געצערטלט אין יעדן שטריך מיט וואַטאָס לירישן פּענדזל. אין דעם דאָזיקן דינעם קונסטווערק איז פאַראַן גרויסע ליבשאַפט און באַוואונדערונג צו דער פרוי. דאָ האָט אַ פיבערישער און יינגערהייט־אָפּשטאַרבנדיקער קינסטלער געצייכנט זיין אינטימע פאַרהערלעכונג פון אַ שלאָפנדיקער שוינקייט... די פרוי שלאָפט. נאָר דער מאָלער האָט זי געזען און געמאָלן אַלס אַ צויבערהאַפט וועזן. פון דער פולקאָמענקייט פון זיין מייסטערווערק זעט מען אַז ער האָט די נאָבעלע פרוי ליב געהאַט. וואָרים נאָר מיטן שעפערישן פייער פון ליבע קען מען באַשאַפן אַזעלכע איידעלע קונסטווערק. מיט שנאה און פאַראַכטונג קען מען בלויז שאַפן חורבן און צעשטערונג...

און בשעת איך האָב אַזוי באַטראַכט וואַטאָס דרימלענדיקע פרוי וואָס האָט מיך דערמאָנט אין טשייקאָווסקיס „שלאָפנדיקער שיינקייט", נעם איך אין דער האַנט אריין ל. פיינבערגס יידישע אַנטאָלאָגיע פון דער רוסישער פּאָעזיע, און עס גייט מיר אַנטקעגן דער רוסישער פּאָעט פאַנאַסי אַפאַנאַסיעוויטש פעט (שענשין) (1820־1892), און זיין ליד דריקט געטוי אויס מיין אויבנבאַשריבענע שטימונג און מעדיטאַציע איבער וואַטאָס אידעאַלער דאַמע:

„אָ נישט וועק!
אָ, נישט וועק זי, נישט וועק אין באַגין
ווען זי שלאָפט אַזוי זיס און געשמאַק;
ס'אָטעמט מאָרגן ביי איר אויף דער ברוסט,
פלאַקערט העל אין די גריבלעך פון באַק...

און דאָס קישן אירס הייס איז און פייכט,
און דער שלאָף אירער מיד איז און הייס.
און אויף שולטערן לויפן אַראָפּ
שוואַרצע צעפּ ווי די לענטעס געקרויזט...

נעכטן אָוונט ביים פענצטער איז זי
לאַנג געזעסן, פאַרזונקען אין טרוים,
און געהיט ווי די לבנה פאַרשייט
האָט מיט וואָלקנס געשפּילט זיך אין רוים...

און וואָס העלער לבנה'קער שפּיל,
און וואָס העכער דעם נאַכטיגאַלס טרעל,
בלאַסער, בלאַסער געוואָרן איז זי,
טיפער, טיפער די פּיין פון איר זעל...

אָט דערפאַר פלאַמט דער מאָרגן אַזוי
אויף איר באַק און אויף מיידלישער בריסט.
איז נישט וועק זי, נישט וועק און באַגין,
אין באַגינען זי שלאָפט אַזוי זיס..."

איבערגעלייענט דאָס ליד פון אַן עכט־סלאַווישן פּאָעט אין דער יידישער איבערזעצונג פון לאַמעד פיינבערג, האָב איך זיך ווידער געפילט איבעראַשט. ווי אַזוי דאָס דאָזיקע ליד האָט האַרמאָנירט מיט וואַטאָס שלאָפנדיקער פראַנצויזישער פרוי... און ווי אַזוי עס האָט אויסגעדריקט מיינע געפילן און מחשבות. אויך דאָס דאָזיקע ליד איז נישט נאָר אַן אמת לירישע דיכטונג — נאָר אויך באַזירט אויף אַ רעאַלער איבערלעבעניש. עס טרעפט אַז אין דער נאַכט, פאַרבייגייענדיק גאַסן, הייזער און אָפענע פענצטער, זעט מען אָפט ווי אַזוי אַ פרוי זיצט אונטערן פלושענעם פאָרהאַנג און וואָס מער זי טראַכט און זי זויגט אַריין אין די פאָרן פון איר צאַרטן גוף די ווייסע לבנה'שע שטראַלן, אַלץ בלאַסער ווערט זי... נישט וועק איר אויף אין דעם פריען אין דער פרי, פאַרבייגייער, מיט אַ גראָבן קול... וואָרים זי שלאָפט מסתמא אַ מידע, אַן אויסגעמוטשעטע פון שפּעט־נאַכטישע יסורים. ל. פיינבערג האָט דאָס ליד איידל איבערגעטראָגן אין יידישן פאַרנאַסישן גאָרטן אַריין... איך צווייפל צי מען האָט אים ביי אונדז אויסגעדריקט דאַנקבאַרקייט... גיכער נישט...

ווייל איך געדענק אַ שבתדיקן אָוונט אין „ראָיאַל קאַפע”. יעקב גלאַטשטיין, לייזער גרינבערג און נאָך איינער אַ חכם, (איך געדענק שוין נישט זיין נאָמען), האָבן פון זיבן אין אָוונט ביז עלף אַזייגער ביינאַכט אָפּגעלאַכט פון אים אויף אַ באַליידיקנדיקן אופן... און ער אַליין האָט זיך געמאַכט נישט פאַרשטייענדיק דעם חוזק...

הענעך קאָן, דער באַרימטער יידישער קאָמפּאָזיטאָר וואָס ווייסט שוין אַליין נישט וויפיל הונדערטער קאָמפּאָזיציעס ער האָט פאַרפאַסט, און וואָס איז ממש אויסגעוואַקסן מיט דער יידישער ליטעראַטור, מיטן יידישן טעאַטער, מיט דער קליינקונסט־בינע פון משה בראָדערזאָן אין לאָדזש; מיט דער גאַנצער רייכער יידישער קולטור אין פוילן — הענעך קאָן איז געווען מיינס אַן אינטימער פריינד זינט די יאָרן ווען ער איז בשעתן חורבן אָנגעקומען קיין אַמעריקע, און איך באַרים זיך מיט זיין פריינדשאַפט. ער איז אַ לעבעדיקער סימבאָל פון דעם שעפערישן פוילישן יידנטום: רייך אין תורה, חכמה, גייסט און הומאָר; רייך אין בטחון און שטענדיק שאַפנדיק, אימפּראָוויזירנדיק, אַמוזירנדיק — אַזוי ביז צום אַריינמאַרש פון היטלערס האָרדעס און חרוב מאכנדיק דאָס היסטאָריש־גרויסע פוילישע יידנטום...

די גאַנצע וועלט איז אַ גראַנדיעזע פאָרטעפּיאַנאָ. און שטענדיק זיצט דער קליינגעוואוקסיקער און גרויסער הענעך קאָן ביי דער פאָרטערפּיאַנאָ פון דער וועלט און ער ברענגט ניגון און נחת צו יידן. אין זיין געביין איז אַריין דער גייסט פון הערשעלע אָסטראָפּאָלער וואָס האָט קיינמאָל נישט פאַרצווייפלט. אָט דער אויסגעדאַרטער ייד, לויטער הויט און ביינער, וואָלט שוין זינט לאַנג פיזיש צוזאַמענגעפאַלן, ווען אים וואָלט נישט אויפגעהאַלטן ביים לעבן דאָס פייער פון זיין גייסט; דער ניגון פון דורות פוילישע יידן...

הענעך קאָן, ווי שוין געזאָגט, איז געווען מיין האַרציקער פריינד. איך הער זיך תמיד צו צו אים מיטן טיפסטן אינטערעס. ער קען אויסגעצייכנט די יידישע מאָלעריי אין פוילן. וואָרים דאָס וואָס עס איז געהערט געוואָרן ביי די טישלעך אין די אייראָפּייאישע קאַפעען; די פייער־קרישקעס פון ליטעראַטור און קונסט וואָס זיינען געפאַלן אין די סטודיאָס פון באַרימטע מאָלערס — פון הענעך קאָנס אינטימע פריינד; די אוניווערזיטעטן פון וואַרשעווער לאָדזשער און פּאַריזער קינסטלער־מאַנסאַרדעס און היימישע סאַלאָנען וואָס ער האָט פון זיין פריער יוגנט אָן באַזוכט; זיין שטאַמען פון דער שטאָט לאָדזש וואָס האָט געשוויבלט און געגריבלט מיט יידישער קונסט: סקולפּטור, מאָלעריי, מוזיק און משה בראָדערדאָנס קליינקונסט־טעאַטער; זיין הויפּט־אַקאַדעמיע: פּרצס הויז וואו הענעך קאָן איז געווען אָפטער און באַליבטער גאַסט, אָנטרעפנדיק די שפּעטער באַרימט געוואָרענע שרייבער וואָס זיינען נאָך דעמאָלט כמעט אַלע געווען יינגע אָדלערס וואָס האָבן זיך געגרייט צו עפענען זייערע בריליאַנטענע פליגל און אַ שוועב צו טאָן מיט

שוואונג איבערן יידיש־פוילישן הימל: שלום אַש, יעקב דינעזאָן, ה. ד. נאָמבערג, אברהם רייזען, דר. נתן בירנבוים, יהושע פערלע, פּרץ הירשביין, אַלטער קאַציזנע, יעקב פרעגער, מנחם, ביאַליק, דר. חיים זשיטלאָווסקי און מאַסן אַנדערע יידישע שרייבער און דיכטער — דאָס אַלץ האָט העדער קאָנען אויסגעשטעלט ווי אַ גרויסן קענער פון דער יידישער וועלט־ליטעראַטור און קונסט. מיין ווינציקייט הערט זיך תמיד צו צו זיינע קאָנווערסאַציעס, אַנעקדאָטן און רייכער כראָניק פון געדענקענישן וועגן יידישע שעפער. העדער קאָנס הויפּט־ליבשאַפט אין דער וועלט פון מאָלעריי גייט צו זיין באַרימטן פריינד, דעם פריצייטיק־פאַרשטאָרבענעם מאָלער־גאון יאַנקל אַדלער. ער קען רעדן וועגן יאַנקל אַדלערן גאַנצע נעכט. העדער קאָן איז אַליין אויך עוסק אין מאָלעריי. פון זיינע דינע הענט און סענסיטיווע פינגער גייען אַרויס זייער איידעלע וואַסער־קאָלירן (אַקוואַרעלן) וואָס אָטעמען מיטן יידישן פּאָלקלאָר אין פאָלקס טימלעכקייט. אַ בלייך, צאַרט און צויבערהאַפט פנים פון אַ יידישער כלה קוקט תמיד פאַרבענקטערהייט אַרויס פון זיינס אַן אָפּגעפאַרבט שטיקל בלייכן פאַפּיר...

אַנומלט שענקט מיר העדער קאָן פאַר מיין באַשיידענער בילדער־קאָלעקציע אַן איידעלע צייכענונג פון אַ יינגן פאַריזער יידישן קינסטלער. ער הייסט יוסף פרעסמאַן. אגב פריצייטיק אַוועק פון דער פאַריזער סביבה. איך טראָג גערן אַהיים די צייכענונג. מיין חבר הערשל דאַניעלס דער קינסטלער ראַמט זי מיר איין. עס איז אַ דין און צאַרט פנים פון אַ מיידל. די דינע שטריכן פון אַ דינעם פענשפּיל באַשאַפן אַן אויסערגעוויינלעך־איידעלן פנים פון אַ מיידל. צי איז עס אפשר דעם קינסטלערס קליינטשיק שוועסטערל? איז עס די קליינע און דאַרע שולמית פון שיר השירים וואָס לויפט אַרום ביינאַכט אַזאַ טרערנפאַרטריפטע איבער די ליידיקע געסלעך פון ירושלים זוכנדיק איר געליבטן, איר קעניג־פאַסטוך? צי איז עס אַ פאַרברענטע קליינע כלה וואָס איז מיטן רויך און מיט פייער־פונקען אַרויפגעגאַנגען פונעם קוימען פון אוישוויצער קרעמאַטאָריום צו גאָט? צי איז עס אַזאַ „ערשטע געליבטע” וואָס איז אויף אייביק געבליבן שטיין אינעם קינסטלערס האַרצן און זכרון?...

יוסף פרעסמאַן פאַרצירט די איידעלע צייכענונג זיינע מיט יידישע אותיות. די אותיות שטעלן צונויף אַ זייער וואַרעם ליד. און ווען איך האָב אַדורכגעלייענט דאָס ליד, זיינען מיינע אויגן געוועזן פייכט. איך ציטיר עס דאָ אין מיין שריפט ווי דאָס דריטע ליד פון דער דאָזיקער פאַרצייכענונג וועגן פיר לידער...

„דעם פריינד העדער קאָן צום אָנדענקען.
איך געדענק דעם טאַטנס ווייכע שטימע
אין שיין פון שבת קודש ליכט;
די מאַמע ווי אַ טויב אַ פרומע.

איך געדענק דעם טאַטנס ווייכע שטימע.
איך געדענק די שוועסטער ביי דעם פענסטער.
דער אָוונט רויטלט בלום אויף ליינוואַנד.
פון זכרונות ס'איז ביי מיר דער שענסטער.

איך געדענק די שוועסטער ביי דעם פענסטער.
איך געדענק מיך לויפן ביי די מילן,
דאָס העמדל קורץ און נאַקעט פיסלעך.
ווי פיסלעך צאַפּלען די געפילן.
איך געדענק מיך לויפן ביי די מילן...״
יוסף פּרעסמאַן, פּאַריז 1952.״

יוסף פּרעסמאַן, מיר שיינט, האָט מער דערפאַרונג מיטן שרייבפּענדל ווי מיט דער פּען פון ליד. די צייכענונג פון דעם פּרויענקעפּל וואָס איז מסתמא פון זיין שוועסטערל, איז פּרעציזער און שלימותדיקער ווי דאָס נאָך אומדערפאַרענע ליד. עס הינקט נאָך אַביסל אונטער מיטן לשון און מיט דער פּאָעטישער טעכניק. אָבער דין און איידל איז די עמאָציע. צאַרט דאָס געפיל. מיט עטלעכע קליינע אויסבעסערונגען קומט דאָס ליד אַרויס איינס פון די נאָסטאַלגישסטע לידער...

יוסף פּרעסמאַן, ווי הענעך קאָן דערציילט מיר, איז נאָך גאָר אַ יינגער מענטש. אין דאַנקבאַרקייט פאַר דער דאָזיקער מתנה צו מיר, האָב איך געשריבן צו הענעך קאָן פּאָלגנדיקן בריוו: מיין טייערער פריינד הענעך קאָן: איך בין געווען שטאַרק גערירט פון אייער שיינער מתנה: איך מיין די צייכענונג און דאָס ליד פון יוסף פּרעסמאַן. איך בעט צו גאָט אַז דער דאָזיקער איידעלער קינסטלער זאָל לעבן. די צייכענונג איז געצייכנט מיט דער דינקייט, סובטעלקייט און ריינקייט פון דער ליניע וואָס געהערט בלויז צו דער זיכערער האַנט פון אַ געניטן קינסטלער. עס איז אַוודאי אין מעמאָריאַם (לזכרון) פון אַן ערשטער געליבטער, צי פון אַ קליינער און צאַרטער שוועסטער. עס איז אַ רעמיניסענס פון אַ דינעם און אויסערגעוויינלעך־סענסיטיוון מיידל וואָס דאָס אויג פון אַ קינסטלער האָט אויפגעכאַפּט ערגעץ אין אַ שפּעט־ביינאַכטישער קרעטשמע און אַריינגעפּלאַמט אין זיין זכרון אויף אייביק...

אויך דאָס ליד האָט מיך טיף גערירט. עס איז דערינען אָפּגעבראָכן געוואָרן אין דער דינסטער, לירישער און נאָסטאַלגישער שטימונג — אַ וואונדערלעכער און געלייטערטער צייט־טראָפּן, אַ מאָמענט פון אַן אמתדיקן דיכטערס לעבן. די ווייך־לירישע שורות דערגענצן די צייכענונג. און אויך פאַרקערט: די צייכענונג קרוינט דאָס ליד...

ווי אויבן געזאָגט: מיין פריינד הערשל דאַנילעוויטש האָט עס באַלד איינגעראַמט אין אַ הילצערנעם רעמל. נאָר ביי מיר איז עס אויף תמיד איינגעראַמט אין מיין האַרצן, ווייל עס קומט פון דעם שיינעם מענטש און

גרויסן קינסטלער העגעך קאָן. מיטן גאַנצן האַרצן פון אייער פריינד שיע טענענבוים,

ניו־יאָרק, 23 אָקטאָבער, 1954. —

* * *

און איצט, וועגן דעם פערטן ליד: אַנומלט נאָכן פאַרברענגען כמעט דעם גאַנצן טאָג אין דער טומלדיקער גאַס, „די אויערן פול מיט טומל", ווי אַדאַם מיצקעוויטש האָט געשריבן אַהיימקומענדיק אין אָוונט פון די פאַריזער גאַסן, און נאָכן באַזוכן קונסט־געשעפטן און מאָלעריי־גאַלעריעס, בין איך צוגעגאַנגען צום צענטראַל־פּאַרק. עס איז געווען אַ שטילער, לירישער פאַרנאַכט. די טונקלייט פון בין־השמשות האָט אָנגעהויבן פאַוואָליעדיק צוצופאַלן ווי עס וואָלטן זיך אויסגעגאָסן קרישטאָלענע טינטערס מיטן נאַכטישן טינט. אַרום יעדן בוים און יינגן קונסט האָבן זיך פאַרצויגן שטיקער וייכע וואַטע און שפּינגעוועבס פון זייד. איך האָב שוין זינט לאַנג נישט געהאַט צוגעזען ווי עס פאַלט צו אַזאַ פאַרבענקטער צו דער רואיקייט פון דער ערד דער שטילער און איינזאַמער פאַרנאַכט. האָב איך דעריבער געהאַלטן די אויגן אָפן צום דאָזיקן פּאָעטישן פּראָצעס פון ווערן אָוונט. אַזוי ווי טונקעלע רויזנבלומען וואָלטן געפאַלן איבער דער לאַנדשאַפט און זיי האָבן אַלץ פאַרהילט מיט זייערע טיולענע בלעטער...

איך האָב זיך דערמאָנט אַז דאָס לעצטע מאָל וואָס איך בין דאָ געזעסן, בין איך געווען צוזאַמען מיט מיין טייערער פריינדין... עס איז מיר איצט געוואָרן טייער און נאָענט דאָס האָלץ פון דער גרינער הילצערנער באַנק. אויך דאָס בערגל וואָס איז פאַרהילט מיטן באַשיידענעם גראָז, האָט מיך נאָבל דערמאָנט אין איר. אַ בוים האָט נאָך געבריט און ווי געבליט מיט די לעצטע זון־שטראַלן... און אין דאָזיקן דערהויבענעם מאָמענט פון ליבע, נאָסטאַלגיע און פּאָעטיש־רעליגיעזן געפיל, איז ביסלעכווייז אויף מיר געפאַלן אַ טיפע רואיקייט, צו וועלכער איך בין געווען דאַנקבאַר. איך בין עפּעס ווי איינגעשלונגען געוואָרן אין דער שטימונג פון אייביקייט. איך בין ווי אַרויסגעוואָקסן און אַרויסגעגאַנגען פונעם ריין־ערדישן. עס איז מיר געווען אַזוי גוט צו זיצן צווישן הימל און ערד און צו דערפילן דעם אָטעם פון אייביקער צייט וואָס האָט נישט קיין פריער און קיין שפּעטער. איך האָב געוואָלט אַזוי שטאַרק אַריינגעמען אין זיך וואָס מער פונעם דאָזיקן עטערישן און מיסטישן געפיל. יעדער טראָפּן אייביקייט וואָס אַ מענטשלעכער מלאך האָט איבער מיר געגאָסן פון אַן ערדענעם טאָפּ אָדער פאַרפיום־פלאַקאָן איז געווען זיס און זאַפטיק ווי באַלזאַם פון הימל אָדער מן פאַר דער נשמה...

איך האָב מיט זיך געהאַט אַ זאַמלונג לידער „אָפּקלייב" וואָס דער טאַלאַנטפולער פּאָעט בעריש וויינשטיין האָט פעריאָדיש אַרויסגעגעבן. איך האָב געמישט די בלעטער און איך האָב אַזאַ באַרואיקטער געלייענט די לידער פון יידישע דיכטער. נאָר ביי איין ליד בין איך געבליבן שטיין,

מחמת דאָס ליד האָט אויסגעדריקט פּרעציז און קלאָר די שטימונג אין וועלכער איך האָב זיך אין דעם דאָזיקן פאַרנאַכט געפונען. עס איז געווען אַ ליד פון דעם דיכטער לייזער אייכנראַנד. עס הייסט „אין טאָג פון דיין געבוירן".

„אין דיינע שטילע אויגן
הייבן זיך אָן די בלויע וועגן פון די שטערן.
פון דיינע ריינע טרערן
גייט אויף דער טוי פון פּאַר פרילינגדיקע קאַיאָרן.
פון דיינע ווייסע פינגער
צעהעלט זיך תמיד דער הימל פון אַיעדער מיינער פרייד.
דו ביסט גאָטס שענסטע רגע;
דיך האָט ער פון זיינס אַ בלויען שבת־שמייכל באַשאַפן..."

דאָס ליד נויטיקט זיך נישט אין מיינע קאָמענטאַרן. קיין שום קריטיקער קען דאָ גאָרנישט מער צוגעבן און נישט באַלויכטן. ער קען עס בלויז קאַליע מאַכן אָדער ווי טאָן די שורות. וואָרים דאָס ליד לויכט מיט זיין אייגענעם ליכט און שיינקייט. ווער עס לייענט עס, ווערט באַלויכטן און באַלוינט מיטן גלי פון ליבע און פּאָעזיע. איך האָב שוין זינט לאַנג נישט געלייענט אַזאַ עכט ליבע־ליד. פון יעדער שורה טריפט מיט טראָפּנס צאַרטקייט, מיט יענע נאָבעלע געפילן וואָס זיינען באַקאַנט צו אַ יינגן מענטש. עס איז ווי אַ תפילה. עס האָט נאָך די נאַאיוויטעט, די תמימות פון יענעם גרויסן ליד פון ליבע — מיר מיינען שיר השירים. דער דיכטער לייזער אייכנראַנד איז אַ קינד פון קוראָוו, אַ שטעטעלע אין לובלינער גובערניע, וואָס איז מיר שטאַרק נאָענט, ווייל מיין מאַמעס משפחה שטאַמט אָפּ פון יענע קאַנטן...

איך האָב אַז דאָס ציטירטע ליד פון לייזער אייכנראַנד, ווי אויך מיין גרינגע לייב איז דערגאַנגען צום פּאָעט איידער די אייביקייט האָט אים שטרענג גערופן אין גן־עדן אַריין, וואוהין עס גייען אַלע דיכטער און אַלע גוטע מענטשן...

איך בין לאַנג געזעסן אין צענטראַל־פּאַרק מיטן ליד און מיט מיין שטימונג אין האַרצן...

די פיר ציטירטע לידער האָבן מיך נישט געלאָזט רוען. איך האָב זיי געמוזט פאַרצייכענען און אַריינגעמען אין מיין אייגענעם וואָרט־פּאַרמעגן. איך האָב זיי געמוזט פאַראייגענען. און איצט, נאָכדעם ווי איך האָב דאָס מקיים געווען, דאַנק איך און לויב דעם אויבערשטן, און איך שטעל אַ פּונקט אויפן פּאַפּיר...

## אַנטשל קראַשניק וויל זיך איינקויפן אייביקייט

אַנטשל קראַשניק, שוין אַן עלטערער ייד, פלעגט צו מיר רעדן אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן ווען ער האָט געטראָגן צום דרוקער פון

שעדלעך וואָס האָט אין זיין שטעטל אַרויסגעגעבן און אַליין אויסגעזעצט אַ יידישע טאָג־צייטונג, אַ פּעקל מיט מאַנוסקריפּטן וואָס ער האָט ביינאַכט אויסגעקלאַפּט מיט אַן איינציקן פינגער אויפן שרייב־מאַשין, כדי ענדלעך אַרויסצוגעבן זיין לאַנגען ראָמאַן אין פינף דיקע בענדער:

— שיע, קום אַריין מיט מיר אין קאַזשאַס רעסטאָראַנדל אויף דער אַכצנטער גאַס. דו וועסט טרינקען אַ קאַוועלע און דו וועסט צובייסן אַ מאָן־פּלעצל וואָס אַזוינס האָסטו אסור פאַרזוכט אין דיין בידנע שטעטל פּילעוו וואו דו האָסט שוין קליינערהייט געזוכט די שפּורן פונעם פירשט טשאַרטאָריסקי און פון זיין האָלענדישן ווייב איזאַבעלאַ, וואָס איז געווען אַ שיינקייט און מען דערציילט אַז זי האָט גערעדט יידיש ווי אַ וואַסער מחמת די שכנים פון איר היים אין אַמסטערדאַם זיינען געווען פּוילישע יידן. אַזוי גיך ווי איך וועל פּטור ווערן פון די בערגער מיט ביכער וואָס הערשל רויטוואַנד און אַלטער גזשיוואַטש האָבן, ווי דו ווייסט, געשריבן וועגן מיר אויסגעצייכנטע מאָנאָגראַפיעס וואָס ליגן ביי מיר ווי די שטיינער אויף וועלכע יעקב אבינו איז געשלאָפן אין באר שבע — אגב יענע שטיינער זיינען צו אים געווען ווייכער און וואַרעמער ווי אונדזערע יידישע ביכער — וועל איך זיך אַ נעם טאָן צו דיר. איך וועל דיך פּשוט אַוועקזעצן אויף קעסט ווי אַן איידעם ביים שווער, דעם רייכן אַרענדאַר, וואָס וואַרט אַז זיין טאָכטער זאָל זיך צעבליען און צעוואַקסן און אָנגעמען פליייש אויף אירע יינגע ביינדלעך. אָבער דו וועסט נישט באַדאַרפן וואַרטן אַז דיין כלה זאָל ווערן ראוי לחופה און צייטיק ווי אַ מילגרוים. ביי מיר אויפן אויבערשטן חדרל וואו איך שלאָף איבער אין איילעניש די פּאָר שעהן אין דער נאַכט און וואו קיינער וואַגט נישט אַריינצושטעקן דעם קאָפּ, אַפילו נישט מיין ווייב שרה־רויזעלעס, וועסטו זיצן ווי אַ געקאָוועטער אין קופּערנע קייטן, ווי יענער קייסער, ווי אַזוי האָט ער דאָרט געהייסן, צדקיהו, וועמען די רוצחים פון דעם מלך נבוכדנצאַר האָבן פאַרן טאַטנס אויגן געשטאָכן זיינע קינדער און דערנאָך האָבן זיי אים אויסגעשטאָכן די שוואַרצאַפּלען און אַריינגעוואָרפן אין תפיסה ביזן טויט. מיין ווייב וועט דיר ברענגען צו עסן טעפּ מיט פליייש ווי די יידן פון מצרים האָבן געגעסן; מיט פּעטער קישקע, מיט זיסע מערן ווי רענדלעך גאָלד און כלערליי גרינצייג וואָס וואַקסן אין מיין אייגענעם גאָרטן וואָס איז אַמאָל, מיט עטלעכע הונדערט יאָר צוריק, נאָך אין דעם גובערנאַטאָר סטייוועזאַנטס צייטן, די ערד זאָל אים אַרויסטליקען, געווען אַ האָלענדיש בית עולם. די ערד איז פעט און ביינדלעך זיך נאָך דאָרט אַרום. וואו דען מיינסטו ליגן עס נישט באַגראָבן קיין מענטשן? די גאַנצע ערד איז איין ריזיקער קבר פאַר די דורות וואָס האָבן געלעבט, געחלומט, געהאָפט, שפּעקולירט, און האָבן געטראַכט חתונה צו האָבן, צו ווערן גבירים אדירים, אויסצוגעבן זייערע קינדער, פאַרריכטן די פוילנדיקע ווענט פון בתי מדרשים, שענקען אַ פלושענעם פּרוכת פאַר אַ ספר תורה אין דער אַלטער שול, געבן נישקשהדיקע נדבות פאַר אָרעמע לייט, פאַר הכנסת

אורחים, פאַר די חברה קדישא, און אויף דער עלטער, אויב דער וואָס לעבט אייביק און לעבט טאָקע איבער אַלע זיינע באַשעפענישן, ווי פערד, קי און בהמות, וועט שענקען לעבן און געזונט, זיך צו קענען אָפּרוען און זאָגן תהלים. אָבער ווען מיינסטו האָבן די אַלע סוחרים ענדלעך דערלעבט די געגאַרטע עלטער? עס זיינען שטענדיק געווען אַמביציעזע גענעראַלן און פעלדמאַרשאַלן, מיט רויבערס און משוגעים וואָס האָבן געמוזט האָבן גלאָריע און מעדאַלן אויף זייערע בריסט־קאַסטנס וואָס האָבן נאָך פריער געפוילט ווי די מעדאַלן האָבן געזשאַווערט, און זיי האָבן נישט געלאָזט רואיק לעבן די באַפעלקערונג וואָס האָט געגאַרט צו באַאַרבעטן געטריי די ערד, און צו בויען שטעט און ישובים. יאָ, ברודערקע, דער גאַנצער פּלאַנעט דיינער איז פאַרפעצט און פאַרפלאַנצט מיט מענטשלעכע שאַרבנס פון קעפּ מיט קלוגע געהירנס וואָס האָבן געטראַכט נאָבעלע געדאַנקען. אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון? אַנדערע מענטשן האָבן תמיד געררויבט, געשאָכטן און געהאָנגען אומשולדיקע לייט. איבערהויפּט אונדזערע געפּלאָגטע יידן...

— יאָ, אַנטשל־ברודער! דו ביסט גערעכט און דו ווייסט גענוי וואָס דו רעדסט. דו פאַרמאָגסט אַ פּויערישן שכל. דו קענסט דאָס פאָלק. דו האָסט געפּאָקט און געמאָזלט צוזאַמען מיטן פאָלק...

— איז קום־זשע אַריין צו דער פּולברוסטיקער קאַזשאַן וואָס האַלט כסדר אין רעדן וועגן דעם מחבר פון „התקוה", נפתלי הערץ אימבער. ער פלעגט דאָ־אַהער קומען יעדן טאָג. ניין, שפּעט ביינאַכט, ווען אין דרויסן האָט ווילד געפּאַנעוועט אַ שניי־שטורעם, אַ קורזשאַווע ווי אין פּוילן, פלעגט ער זיך פּלוצלונג אַריינשיטן ווי אַ באַרג מיט שניי. נו, האָב איך פאַר אים געמוזט אָנגיסן אַ גלאָז מיט בראָנפן עס זאָלן זיך אין אים ווידער אָנצינדן די געבליטן. ער איז געווען ווייס ווי קאַלך. אָבער ווי נאָר ער האָט אויסגעטרונקען דאָס ערשטע גלעזל אָקאָוויט, האָבן זיך ביי אים צעלויכטן די אויגן ווי גלי־ווערעם ביינאַכט. ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן שיין, אַזוי שיין אַז די שיכורים אין שענק האָבן ממש געשטוינט און שיער נישט געקראָגן די ניכפּא פאַר זיינע רייד. ער האָט גערעדט מיט „פּיעשניעס", מיט לידער. טיילמאָל פלעגט ער מיך אויפוועקן אינמיטן פון דער נאַכט ווען די לבנה איז געשטאַנען אַ רויטע אויפן הימל ווי עמעץ וואָלט איר איינגעביסן דעם פּנים. אַזוינס, פלעגט ער זאָגן, קען ער נישט פאַרטראָגן רואיקערהייט. ווען די לבנה צינדט זיך אָן ווי די זון — דאָס זיינען בפירוש געווען זיינע מאָדנע רייד — פאַרלאָזט ער זיין קליינטשיק חדרל אויפן דאַך, און עס יאָגט אים ווי אַ שטורעם איבער די הפקרדיקע גאַסן. עס טרוקנט אים אין האַלדז און ער מוז איבערדרייען דאָס גלעזל... לאַכט נישט, פּאַניע קראַשניק! ער קומט דאָ גאַנץ אָפט צו מיר אין ווינשענק. ער איז שוין מסתמא הונדערט יאָר אַלט. אָבער זיינע ביינער האָבן נישט קיין רו אינעם קבר ערגעץ דאָ אין ברוקלין. ווען מען שלאָגט און מען הרגעט פון „אייערע", ווערט ער ממש משוגע פון קרענקונג און

ער קומט צו מיר און טרינקט. פֿאַניע קראַשניק, איך גיב אים אַלץ אַוועק. איך דערלויב אים צו טרינקען וויפֿיל ער וויל. איך ווייס אַז ער איז אייערס אַ סאָרט אַדאַם מיצקעוויטש. ער מוז שרייבן זיינע „פּיעשניעס" און ער מוז טרינקען. איך האָב מורא פֿאַר אים, איך ציטער פֿאַר זיין ווילדן אימפּעט, פֿאַר זיין פּאָעטישן וואַנזין. אָבער וויפֿיל וויין, שנאַפּס, מעד, קאָניאַק, און אַפֿילו שאַמפּאַניער איך פֿאַרמאָג, שטעל איך פֿאַר אים אַוועק אויפֿן טיש. איך שטעל אויך אָן דעם שפּיל־קאַסטן. ער הערט זיך איין אין די מעלאָדיעס, ער טרינקט און שרייבט, שרייבט און מעקט כסדר. ער מעקט מער וויפֿיל ער שרייבט... פּלוצלינג רינט ער אויס ווי טינט פֿונעם טינטער. ער פֿאַרשווינדט ווי אַ רויך. איך רוף צו אים: פֿאַניע אימבער! פֿאַניע אימבער! אָבער ער איז פֿאַרשוואונדן געוואָרן ווי אַ וויכער. כאָטש גיי זוך אים צווישן די גרויע וואָלקנס... צווישן די אַלטע און נאַסע מויערן...

איך זע ווי אַנטשל קראַשניקס אויגן ווערן זוניק ווי פֿאָספֿאָר. ער איז רויט אויפֿן פּנים. ער איז אַריין אין אימפּראָוויזאַציע. אָבער איך זאָג צו אים:

— אַנטשל, באַרויִק דיך און רעד צו דער זאַך, אויב דאָס וואָס דו זאָגסט האָט טאַקע מער ממשות ווי דיין קאַזשאַס מעשיות וועגן נפֿתּלי הערץ אימבער דעם „פּיאַק" וועמענס „התקוה" ווערט געזונגען נישט נאָר פֿון אַלע לעבעדיקע יידן וואָס בענקען נאָך ירושלים, נייערט פֿון די נשמות פֿון די מיליאָנען פֿאַרברענטע יידן אין די קרעמאַטאָריעס פֿון אוישוויץ און מאַידאַנעק...

— דו ביסט גערעכט, שיע. אָבער דו וועסט ביי מיר טרינקען גאַנצע פֿלעשער מיט זיסן וויין ווי די יידן טרינקען אויף אַ ברית אָדער אַ שלום זכר, און דו וועסט אָנשרייבן מיין ביאָגראַפֿיע וועגן די סאַמע ערשטע יאָרן פֿון מיין לעבן אין בעכעווע, מיין געבורט־שטעטל. איך וועל דיר אַלץ דערציילן פֿון אָנהויב ביזן סוף וואָס עס האָט מיט מיר געטראָפֿן. איך האָב אין מיינע יינגע יאָרן געקענט, מוזטו וויסן, אַלע יידישע שרייבער אין פּוילן, פֿון קליין ביז גרויס, פֿון אַ גאון ביז אַ גראַפֿאָמאַן. איך האָב געניי און גרינטלעך שטודירט זייערע נשמות און אויך לויט די מעשים פֿון זייערע גופֿים, פֿון זייערע טעמפּעראַמענטן, און גאָר זייערע מחשבות און פּלענער. אַלע זייערע אַפּעטיטן, לוסטן, באַדערפֿענישן און חלומות בייטאָג און ביינאַכט און גאָר זייערע טועכצן זיינען צו מיר געוועזן וואויל באַקאָנט ווי צום אויבערשטן אין הימל וואָס קען יעדן מענטש נאַקעטערהייט אַזוי ווי די מאַמע האָט אים געהאַט און געוואונען פֿון גאָט. דו וועסט אָנשרייבן אַ געשיכטע ווי אַזוי מיינע ראָמאַנען, דערציילונגען און לידער זיינען געבוירן געוואָרן; ווי אַזוי זיי זיינען צושטאַנדגעקומען אין מיינע געהירן בשעת די שפּעטע נאַכטישע שעהן ווען די לבנה ווי אַ פֿאַרשאָלטענע מכשפֿה רייסט ביי מיר דעם מוח, בייסט מיר דעם שאַרבן מיט אירע ציין אין זי לאָזט מיך נישט צומאַכן קיין אויג, כאָטש קריך אַרונטער פֿון

געלעגער און שרייב אָן אין איין און איינציקער נאַכט אַ גאַנצן ראָמאַן. אויך וועל איך דיר ריכטיק איבערגעבן מיט אַלע פּרטים און פּיטשעווקעס וועגן די „פּראָטאָטיפּן”, ווי די פּראָפעסיאָנעלע ליטעראַטן רופן עס אויף זייער לשון: דאָס הייסט ווער עס זיינען אייגנטלעך געווען די אמתדיקע פאַרשוינען, די מאָדעלן פאַר מיינע כאַראַקטערן. וואָרים דו מוזט פאַרשטיין אַז איך האָב מיינע פאַרשוינען נישט אויסגעטראַכט און נישט אַרויסגעצויגן אינמיטן נאַכט ווי די פיש פון די שטייענדיקע סטאַוון און לויפנדיקע וואַסערן. איך וועל דיך פערזענלעך באַקאָנען מיט די אַלע שוישפּילערס, אַקטריסעס, זינגערינס, קאָרטנשפּילערס, כלערליי פאַרדעכטיקע פאַרשוינען און טונקעלע ברואים וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אין מיין שווערס הויז.

מיין שווער איז געווען אַ ביטערער אָרעמאַן ווען ער האָט חתונה געהאַט מיט מיין ווייבס צוקונפטיקער מאַמען, אַן אָרעמע יתומה, די טאָכטער פון אַ בדחן וואָס איז אויך געווען אַ קברן. אָבער שפּעטער מיט יאָרן איז ער שוין געגאַנגען אין גאָלד. ביינאַכט, יאָ, אינמיטן נאַכט, ווען די גאַנצע שטאָט מיטן רב, מיטן שמש, מיטן בעדער, מיטן דאָזאָר אין וועמענס אייזערנעם קופערט אלמנות און כלה־מיידלעך האָבן באַהאַלטן זייער צירונג; מיט די לייט פון דער געמינע, מיטן שטאָטס־משוגענעם ברוך קרופּניק וואָס האָט געשלונגען פליגן און געוואָרן פעט און ממש אויסגעפּאַשעט פון זייער פלייש; מיט דער גאַנצער עסטרייכישער זשאַנדאַמעריע; מיטן בורמיסטש און מיט נאַטשאַלסטוואָ זיינען פעסט געפּאָפן און האָבן שווער געשנאָרכט ווי די מידע מלאָכים אין הימל וועמען אגב גאָט צאָלט מסתמא נישט אַפילו קיין קופּערנעם גראָשן פאַר זייער גאַנצער מיעניש, מחמת זיי זיינען דאָך אָרעמע שמשים וואָס פעכניען נעבעך פאַר אַ גלעזל משקה, אָדער זיי גייען אויס פאַר אַ פעטן קאָטלעט מיט אַ טעלער שבתדיקער יויך מיט לאָקשן, און וועמען מען וואָלט אייגנטלעך געדאַרפט אָרגאַניזירן אין אַ „יוניע” כדי דער אויבערשטער זאָל זיי נישט קענען אַזוי מוראדיק עקספּלואַטירן. איז אינמיטן דער נאַכט פלעגן זיי אָנקלאַפּן אין מיין שווערס הויז. זיי האָבן מיט די פעסטע פויסטן זייערע שיער צעזעצט די ווענט און צעבראָכן די לאָדנס מיט די שויבן צוזאַמען. זיי פלעגן אויסרייסן די טירן, אָפּדרייען די מעשענע שלעסער מיט די קופּערנע קלאַמקעס, אויפברעכן די ריגלען מיט די אייזערנע פרענטן און אָנטראָגן ווי שליחים פון די שדים ממש בערג מיט אָנגעגנבעטע אוצרות פון רייכע היימען; מיט צירונג, מיט פאַנטאַסטיש גאָלדוואַרג פון דעם מלך סאָביעסקיס צייטן, און מיט שטיקער בריליאַנטן גרויסע ווי די פלוימען. האָב נישט קיין מורא, שיע, פאַר מיינע מכלומרשטע איבערטרייבונגען. וועמען אַרט עס דען?! גרויסע שרייבער און קינסטלער זיינען געווען דווקא יענע וואָס זיינען גרייט צו שילדערן דעם ווילדן יאַריד רויערהייט, מיט גראָבע און רעאַליסטישע פאַרבן אַזוי ווי דאָס לעבן איז באמת געווען, און ווי אונדזערע געבענטשטע קלאַסיקער

מענדעלע, פרץ און שלום עליכם, ווי אויך אַזעלכע קרעפּטיקע שרייבער ווי מרדכי ספּעקטאָר, יצחק יואל לינעצקי, און ביי זיי, ביי די גויאים, אַזעלכע גרויסמייסטער פון דער פּעדער ווי ראַבליי, דיקענס און באַלזאַק האָבן באַשריבן דאָס לעבן פון די פּאַנעס און די פּויערים, פון די פירשטן און די גראַפן, פון די פריצים און די אויסוואורפן, פון די זונות און זייערע מעקלערס; און פון די יינגע מאָלערס וואָס ווערן געשוואָלן פון הונגער און זיי מאָלן ממש מיט זייער אייגן בלוט און טרערן די מאַדאָנעס און מאָנאַשקעס, ווי זיי הייסן דאָרטן, צוזאַמען מיט די הייליקע לייט, די ערשטע קריסטן וואָס זיינען אַזוי געווען קריסטן ווי מירביידע זיינען געווען טערקן. זיי זיינען דאָך אַלע געווען, מוזטו וואויל וויסן, אונדזערע היימישע יידן. נאָר מען האָט זיי איינגערעדט פּוסטע מעשיות. דער שאול פון תרשיש, דער היסטעריקער און חולא נופלדיקער מבשר פון זייער „קרוינפּרינץ", איז דאָך געווען אַ וואָרער משוגענער, אַן איינגעטונקענער אין אַ וויסטער מרה־שחורה. דער מוח ביי אים געבריט ווי די אייזערנע פּליטע פונעם אויוון און ער האָט דאָס פּאַנאַנדערגעבלאָזן אַזאַ ווילדע שרפה איבער דער גאַנצער וועלט אַז עס ברענט נאָך ביזן היינטיקן טאָג...
יאָ, די דאָזיקע פּולבלוטיקע יידן און גויאים, איך מיין די שרייבער, האָבן באַשריבן דאָס לעבן פון מענטשן אין אַ געדיכטער שפּראַך מיט זייערע אייזערנע פּעדערס, און אפשר אויך מיט זייער כוח גברא. האָב נישט קיין מורא, שיע, פּאַר אַ וואולגאַרן אויסדרוק. הער שוין אויף צו זיין אַ צעבראָכענער ראָמאַנטיקער. שוין צייט כ׳לעבן אַז דו זאָלסט זיך רעכט אויסמענטשלען. נעם, צום ביישפּיל, דעם שלום אַש. ער האָט דאָך געשריבן זיינע ווערק מיטן כוח פון זיין פליייש ממש, מיטן זאַפט פון זיינע ביינער. ביים אָנשרייבן יעדן ראָמאַן זיינעם האָט ער גענוצט אַ שלל מיט מענטשן פון זיין געבורט־שטעטל קוטנע. ער האָט אַריינגעשטעלט קוטנער טיפּן און פּאַרשוינען אין זיין ראָמאַן „מאָטקע גנב". ער האָט גענוצט אַלערליי פרויען פּאַר די ווייבערישע פיגורן אין זיינע קריסטלעכע ראָמאַנען. ער האָט אויסגעבאָרגט פּולבלוטיקע ווייבספּאַרשוינטעס פון וואַרשע, פון לובלין, פון כעלעם פּאַר זיינע „דריי שטעט" און די אַנדערע ווערק זיינע וואָס בריען ממש מיט קראַפט און לעבן, מיט עפּישע באַשרייבונגען. איך בין דאָך געווען מיט אים „פּאַן־בראַט" אין די יאָרן ווען ער האָט געוואוינט אין ניו־יאָרק בשעת ביידע וועלט־מלחמות. איינמאָל קלאַפּט ער אָן ביי מיר אין טיר. אין דרויסן גייט אַ שניי און שיט זיך געדיכט אין גאַנצע חמרים. דער רבונו של עולם האָט אין יענער נאַכט אַרויסגעוואָרפן פון זיינע שניי־שפּייכלערס ממש בערג מיט אַלטע שנייען נאָך פון מתושלחס צייטן. איך גיי צו צום פענצטער און איך זע דורך דער פּאַרשנייטער שויב ווי עפּעס אַ ווייסער בולוואַן, שטעקט צו זיין רויטע ניאָניע צו דער שויב און איך ווייס אַפילו רעכט נישט ווער דער פּאַרשוין איז. ענדלעך פּאַלט מיר איין, נאָכדעם ווי איך טו אָן די טאָפּעלע ברילן, אַז ער האָט עפּעס אַן ענלעכקייט צו אים, טאַקע צו שלומען. איך עפן די טיר

און ער טוט אַ פּאַל אַריין צוזאַמען מיט אַ באַרג מיט שנײַ אויף דער פּלייצע. עס איז גאָרנישט קיין מענטש, טראַכט איך, נייערט טאַקע אַ בולוואַן, אַזאַ ווי הייסט עס דאָרט, אַ געץ וואָס די קינדער קנעטן אויס מיט זייערע הענטלעך אינעם ווייכן שנײַ. ער שרייט און קרעכצט אויס מיט עפּעס אַזאַ ווילד געוויין:

— אַנטשל, איך בין שוין אויס „שרייבאָר״ אויך. נעכטן בײַנאַכט האָב איך געהאַלטן אינמיטן שרייבן אַ קאַפּיטל וועגן משה רבינו פּאַר מײַנס אַ צוקונפטיקן ראָמאַן וועגן די יידן וואָס זײַנען געוועזן קנעכט אין מצרים. אָבער איך פיל עפּעס אַז די פעדער מײַנע וואָס האָט תמיד געשפּראָצט מיט פײַער און שוועבל און האָט שוין צייטנווייז ממש געשריבן מיט איר אייג־ענעם כוח, אָן שלום אַשן, און זי האָט אַרויסגעבראַכט די היסטאָרישע געשטאַלטן מיט אַן עפּישן אימפּעט, שוין ממש אָן מײַן באַוואוסטזײַן און וויסן, פיל איך אַז די פעדער מײַנע מאַכט עפּעס „רבנישע שטיק״ און זי רוקט זיך נישט פון אָרט אויפן בויגן פּאַפּיר. פּשוט, איך בין מאַכטלאָז. אַזעלכע מאָמענטן דערשרעקן מיך ממש פּונקט ווי אַ יינגן לאָשעק וואָס מען לאָזט אים אַרויס אין באַגינען ווען דער דרויסן שײַנט מיט גאָטס וואַרעמקייט און פרישקייט אין אַלע רוימען, און ווען עס לאָזט זיך לויפן אין גאַלאָפּ, געשעט עפּעס אַן אומגליק, און עס פּאַלט אום אויפן רוקן, מיט די פיס אַרויף, און עס איז קאַפּוט!...

— אַנטשל קראַשניק, זײַ אַזוי פרײַנדלעך און רעד מיט מיר צום פּונ־קט. וואָס אייגענטלעך ווילסטו זאָגן אַזוינס וואָס איז וויכטיק?

— אַלץ וואָס איך רעד און דערצייל דיר, איז צום פּונקט. אינמיטן פון דײַנס אַ דערציילונג צי אַ מעשה לאָזטו אַלץ איבער אויף הפקר און דו הויבסט גאָר אָן צו שילדערן די גרויסקייט פון רובענס אָדער פון רעמבר־אַנדט. וועמער זײַנען זיי עס, די דאָזיקע גויים? איין מעשה פון אפרים קאַגאַנאָווסקי אָדער אַ קאַפּיטל פון יהושע פּערלעס ראָמאַן „יידן פון אַ גאַנץ יאָר״, צו אַפילו שלמה גילבערטס אַ קורצע דערציילונג איז פּאַר אונדז טײַערער פון אַלע זייערע „מאַזשגערייען״. לאָז די גויים קריגן די ניכפּה. זיי האָבן זייערע אייגענע גרויסע פעלקער, איך מײַן גרויס אין צאָל, נישט חלילה אין רחמים. דו באַשרײַבסט בעסער אונדזערע יידן, אונדזערע אָרעמע שרײַבער, ווי אַזוי מיר האָבן בשעת די ערשטע יאָרן געפּראָוווט צו שרײַבן אין ווי אַזוי מיר האָבן זיך שווער געמוטשעט אין די שטעטלעך, און שוין שפּעטער אין וואַרשע מיט הונגער און קעלט בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיך האָט מײַן קינפּטיקער שווער געוואָלט פּאַרוואַנדלען אין אַ פּראָסטן גנב; מיך שיקן אינמיטן נאַכט מיט חברה גנ־בים כדי דורכצופירן אין אַ סקלאַד מיט סחורה אַ געוואַגט שטיקל אַרבעט, אָדער גיין צו אַ רײַכן פּויער וואָס האָט פײַנט געהאַט יידן, און אַרויספירן פון שטאַל זײַנס אַ ווייסגעפּלעקט לאָשיקל, אָדער אַ יאַלאָווקע וואָס גיט מער מילך ווי פינף עלטערע בהמות. איך האָב געדאַרפט שווער קעמפן אַז איך זאָל נישט אַרײַנפאַלן אין קאָזע, אין קוטשמענט. חברה

אויסגעפּרואוּווטע גנבים האָבן פון מיר חוזק געמאַכט. זיי האָבן געהאַלטן אַז איך בין אַ טויגעניכטס, אַ שלימזל. יאָ, אַנשטאָט צו גנבענען צירונג אין דעם הויז פון אַ צירונג־הענדלער ביינאַכט, בין איך גאָר צוגעפאַלן אין מיין שטיבל צו אַ שטיק געלן פּאַק־פּאַפּיר כדי אָנצושרייבן אַ דערציילונג אָדער צו פאַרענדיקן אַ קאַפּיטל פון אַ ראָמאַן. מיין קינעטיקער שווער האָט אָנגעהויבן צו צווייפלען אין מיין „טאַלאַנט״. ער האָט אַפילו אָפּגערעדט מיין כלה פון מיר. ער האָט מיך געוואָלט מאַכן פאַר אויס חתן־בחור. אָבער איך האָב מיין שיינע כלה שטערבלעך ליב געהאַט. איך בין שיער נישט פאַר איר אויסגעאַנגען. דו מוזט וויסן אַז מיין ווייב איז דעמאָלט געווען אַ שיינקייט וואָס מען זעט נישט אַזוינס אין גאַנץ וואַרשע. צירונג האָט זי דווקא פאַרמאָגט אַ סך. אָבער צו וואָס האָט זי געדאַרפט האָבן אַזוי פיל צירונג אַז גאָט אַליין האָט איר געשאָנקען דאָס שענסטע צירונג: יוגנט, שיינקייט, אַ קלאָר לייב. זי האָט מיט אירע אויגן ווי מיט צוויי סאַפּירן געקענט פאַרכישופן נישט נאָר חסידישע ייִנגעלייט. נייערט אויך פּוילישע און רוסישע גענערעלער. פּירשטן זיינען געגאַנגען אויף דער גאַס און איר דערזעענדיק האָבן זיי שיער אַוועקגעחלשט אָדער געגאַנגען פאַר איר די כפּרה. איר קאָפּ מיט שוואַרצע זיידענע האָר האָבן אַפילו די שענסטע ציגאַנקעס אין וואַרשע וואָס זיינען אַרומגעגאַנגען אין די הייזער כדי צו לייגן קאָרטן און פאָרויסצוזאָגן די צוקונפט פון אַלערליי ברואים, נישט פאַרמאָגט. צוויי מילך־קלאָרע בריסטן זיינען ביי איר געשטאַנען ווי צוויי טורעמס פון אַלאַבאַסטער, ווי שולמית ווערט געשילדערט אין שיר השי־רים. און דערצו האָט זי געקענט אַזוי שיין זינגען אַז מען האָט פּשוט געקע־נט פאַרשטיינערט ווערן פון מתיקות און אַ טויטער האָט געקענט אויפש־טיין פון דער פאַדלאָגע וואוהין מען האָט אים אָפּגעלייגט פאַר דער חברא קדישא אַ פאַרטיקן צום באַגראָבן, און ער זאָל צוריק עפענען די אויגן און זיך דערקוויקן מיט איר געזאַנג. היינט איז זי, פאַרשטייט זיך, שוין מער נישט די זעלביקע קראַסאַוויצע ווי זי איז געווען אין יענע צייטן פון אונד־זער גרינעם פרילינג. דיין באַליבטער מאָלער רובענס מיט אַלע זיינע פעטע פלעמישע נקבות מיט בלאָנדע האָר האָט זיך געמעגט באַהאַלטן פאַר איר פאַרכאַפּנדיקער שיינקייט. דו האָסט זי באַדאַרפט דעמאָלט צו באַגעג־ענען און אָנצוקוקן פון דער נאָענט. מען האָט פּשוט געקענט קריגן די ניכפּה פאַר איר פאַרפּירערישן רייץ. זי האָט אויסגעזען ווי לילית אַליין, די קעניגין פון די שדים, מיט אירע שוואַרץ־געפלאָכטענע צעפּ ווי אין פּרצעס „מאָניש״. איז, ברודערקע, ווערסטו זיך אַזוי אַוועקזעצן אינגאַנצן אַן אָפּגעשלאָסענער ווי אין תפיסה. איך וועל דיר אָנטאָן ממש קופּערנע קייטן אויפן גוף, פונעם קאָפּ ביז צו די שפּיצפינגער פון די פיס. בלויז דיין רעכ־טע האַנט וועט זיין פריי צו שרייבן וועגן מיר אַ געשוואָלן בוך אין צוויי אָדער גאָר אין דריי טאָמען, דיקע ווי די ביכער פון טאָלסטאָי. איך וועל דיך נישקשהדיק באַלוינען. דו וועסט ביי מיר האָבן אַ בעסער מזל ווי יענער פּערסישער פּאָעט, ווי אַזוי האָט ער דאָרט געהייסן, פירדוסי, ווע־

מען דער שאַך האָט צוגעזאָגט אַ סך גאָלד פֿאַרן אָנשרייבן זיין „שאַך־נאַמע" („די געשיכטע פֿון די פּערסישע קייסאָרים") און ווען דער פּאָעט האָט דורך שלאָפּלאָזע נעכט געדאַרט פֿון הונגער און געציטערט פֿון קעלט, און ער האָט ענדלעך שוין געהאַט אָנגעשריבן דאָס מייסטערווערק אין וועלכן ער האָט מסתמא געשילדערט די לייטישע מעשים פֿון די קעניגלעכע פֿאָדלעצעס, האָט ערשט דער שאַך נישט קיין חשק געהאַט אים צו באַצאָלן פֿאַר זיין טירחה. אָבער איך וועל האַלטן וואָרט. יאָ, ביי מיר אינעם דאַך־שטיבעלע וועסטו זיצן ווי אַן אַרעסטאַנט, און דורך דער גאַנצער צייט וועט דיין מויל קייען לעקעך אַזש די ציין וועלן ביי דיר געל ווערן, און דיין נשמה וועט זיך מחיה זיין מיט אַלטן מעד כדי אַרויסצוברענגען מיטן פֿולן גאָב די גהינומדיקע ליבע־שׂרפֿות פֿון מיין לעבן; גאָר די אינסטינקטן און פֿאַרפֿאָלגונגען; די ווילדע דיבוקים און די געוואָגטע מחשבֿות פֿון די כאַראַקטערן וואָס באַפֿעלקערן מיין שפּעריש וואַלד. אַפֿילו די טויטע יידן, מיינע פֿעטערס און מומעס וואָס איך שלעפּ אַרויס פֿון זייערע קבֿרים אין די שטעטלעך און איך פֿיר זיי ווידער אַריין אין די דאָרפֿישע קרעטשמעס און איך ברענג זיי אַזוי ווי זיי שטייען און גייען אויף די יאָרמערק און יאַרידים, וועסטו מוזן באַשרייבן. נו, צי ביסטו מסכים צו דעם? זאָג, רעד, שריי געוואַלד און ברענג אַרויס דיבורים, לאָמיך הערן אַ לייטיש וואָרט פֿון דיינע לעפֿצן...

ווען אַנטשל קראַשניק האָט ממש מיט אַזאַ אימפּעט אויסגעשריגן זיין מאָנאָלאָג ווי אַזוי ער וועט מיך אין זיין הונגער נאָך רום, כבֿוד און אייביקייט פֿאַנגען, אַרעסטירן און אַריינפּאַקן אין זיין קליינטשיקן שטיבל אויפֿן העכסטן שטאָק פֿון זיין אייגענער קאַמעניצע אין ברוקלין, און ער וועט מיך אָנשיכורן, און דערלאַנגען די טייערע מאַכלים, לעקעכוואַרגן און טאָרטן, האָב איך זיך ממש אויף אַן אמת דערשראָקן פֿאַר זיין דעמאָניזם און פּרימיטיוון כוח. זיין אימפּעט האָט שלעכט געווירקט אויף מיר. אַזאַ פֿינצטערער מלאך — ער האָט טאַקע געהאַט אַ מין נעגעריש פּנים מיט טונקל־געקרויזלטע פֿאַרקרומטע האָר ווי די שטרענג־קאַרבירטע לאָקן פֿון שמשון הגיבור; מיט צוויי בריענדיקע שוואַרצאַפּלען וואָס האָבן ממש געקענט פֿאַרשרפֿהן מיט זייער שפּעריש כוח און פֿאַטענץ, און דיך באמת אָנשטעקן מיט שאַפֿונגס־דראַנג — האָט ער מיך אַריינגעטריבן אין אַ פּחד. צו זיצן אין זיין הויז אַ געפֿאַנגענער פֿון זיין סטיכיע און צו ווערן דיקטירט און באַצוואונגען פֿון אַזאַ באַלעגאָלישן רוח אָדער שד, האָט אויף מיר אָנגעוואָרפֿן אַ שרעק. איך האָב צו אים געזאָגט:

— אַנטשל־ברודער, דו ביסט מיר טאַקע זייער טייער. דו ווייסט עס אַליין גאַנץ גוט. אָבער איך בין נישט קיינעמס געקויפֿטער קנעכט. איך בין נישט גרייט צו פֿאַרהאַנדלען מיינע שעפֿערישע כוחות צו קיין שום מענטש אָדער שד אַפֿילו נישט פֿאַר קיין גראָבע גרודעס מיט גאָלד. איך בין בלויז אימשטאַנד צו שרייבן דאָס וואָס מיין אייגן געמיט און מיין גייסט דיקטירט מיר. איך קען בשום אופֿן נישט שרייבן אויף קיין באַשטעלונג. יעדער

באַזונדערע שורה וואָס איך שרייב אָן, טאָר נישט ווערן באַלוינט מיט קיין איינציקן לויט גאָלד אָדער זילבער, און אַפילו נישט מיטן דינסטן גלעזועלע ווישניאַק. איך שרייב תמיד אַלע מיינע שרייבעכצער אין „באַקוועמער" אָרעמקייט. אָבער אויך אין אַבסאָלוטער פרייקייט פון מיין האַרץ און מוח. איך קען נישט שאַפן זייענדיק אָנגעטאָן אין גילדערנע קייטן און שווימענ־דיק אין אַ טייך פון די פיינסטע געטראַנקען. קיין שום ניגונים פון די סאַמע בעסטע קלעזמאָרים קען נישט און טאָר נישט פריילעך מאַכן מיין נשמה, און קיין שום ווייבלעכע שיינקייטן קענען נישט אויפהייטערן מיין געמיט ווי יענע קלעזמאָרים וואָס דער מידער און שוין נישט ייִנגער לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי האָט געדונגען כדי זיי זאָלן שפּילן מחיהדיקע מעלאָדיעס בשעת ער האָט געהאַלטן אין מאָלן אין זיין סטודיאָ ביים אַלטן טיבער־טייך אָדער אין איר אייגענעם שלאָס דעם פּאָרטרעט פון דער מאָנאַ ליזאַ, יענע מיסטעריעזע גרעפין אָדער ציגאַנקע וואָס האָט געהאַט אַזאַ אומעטיק פּנים, און וואָס דער מייסטער האָט געגלויבט אַז די מוזיקאַנטן זיינען טאַקע אימשטאַנד אַרויסצוכישופן מיט דער הילף פון זייערע מעלאָדיעס אַ ליכטיקן שמייכל אויף איר ציטריניש־זויערן פּנים. בלויז גאָט, און נישט קיין שום שטערבלעכער מענטש, האָט מיר אין זיין גרויס גענאָד געשאָ־נקען די פעדער כדי צו שרייבן דאָס וואָס בלויז מיר אַליין געפעלט. און קיין שום לעבעדיקער מענטש קען ביי מיר נישט אָפּקויפן גאָטס שטרענגע פעדער וואָס ער האָט מיר אָנגעטרויט אין מיינע פינגער און צום האַרצן...

דאָס זיינען געווען ווערטער וואָס אַנטשל קראַשניק האָט בשום אופן נישט געקענט באַנעמען. דאָס איז צו אים נישט געווען קיין פּשוט ייִדיש לשון, נייערט אַזוי ווי גריכיש אָדער לאַטייניש. ער האָט אַפילו עטלעכע מחברים פון אַזעלכע מאָנאָגראַפיעס געהאַט זיצן ביי זיך אויפן בוידעם חדשימלאַנג אויף קעסט. אָבער וואָס האָט עס אים דען געקענט העלפן? ער אַליין ליגט אין דער ערד און ער באַקט בייגל. זיינע דיקע ביכער פוילן ערגעץ־וואו אין אַ נאַסן קעלער אונטער די שטיבער וואו עס וואוינען שוואַרצע און שפּאַנישע לאָקאַטאָרן, געוויינלעך גרויסע אָרעמעלייט וואָס לעבן אויף די געלטער פון דער שטאָט, און די הונגעריקע ראַצן און מייז גריזשען די געלע בלעטער צוזאַמען מיט די קרעפּטיק־באַשריבענע פּערסאָנאַזשן און פאַרשוינען וואָס אַנטשל קראַשניק האָט אין די שפּעטע נעכט, ווען ער האָט זיך צוגעכאַפּט מיט אַזאַ ווילדן הונגער צו דער טינט־נאַסער פעדער, צום שטיק געלן פּאַפּיר און צום פינצטערן טינטער מיט טינט וואו אויפן סאַמע אָפּגרונט, ווי אויף תהום פּונעם אָקעאַן, זיינען געלעגן די עמבריאָנען וואָס ער האָט געלאָזט אויסוואַקסן אין זיין שעפערישן מוח און מאָגן, און ער האָט באַשריבן אין אַ געזונטער און פּאָלקסטימלעכער פּראָזע די טיפן פון זיין סביבה און פון זיינע געדענקענישן: פון זיין היימישער משפּחה, מיט גאָר די ייִדן פון זיין שטעטל בעכעווע, און ממש אַ שלל מיט מענטשן, פיגורן און געשטאַלטן וואָס ער האָט באַגעגנט אויף די גאַסן און וועגן פון זיין לאַנגן לעבן. מען קען

זאָגן אַז זיינע נאָוועלן און דערציילונגען זיינען געווען אַ מאַסיווער צושט־ייער צו דער מייסטערהאַפטער און יאָדערדיקער יידישער ליטעראַטור אין פוילן...

## אַ יוגנט־פריינד פון בערלין

עס איז שפעט ביינאַכט. איך זיץ אַליין אין דער קיך פון דער גליצענשטיין־היים. ווען איך בין מיט אַ ווײַלע פריער אַדורכגעגאַנגען דעם הויפּט־זאַל, האָב איך געזען ווי גליצענשטיין ליגט אויף דער קושעטקע און שפּאַרט אָן זיין קאָפּ אויף דער שטול הגם עס איז פאַראַן פאַר אים גענוג פּלאַץ אויף דער קושעטקע. דער קליינגעוואוקסיקער גליצענשטיין זעט איצט אויס אַזאַ חיהש־צונויפגעטוליעטער, נאָך קלענער ווי געוויינלעך. עס דערמאָנט מיך אין דעם פילאָזאָף דיאָגענעס. עס דערמאָנט מיך אויך אין די אַמאָליקע ישיבה־בחורים וואָס האָבן זיך נישט געפילט גענוג דרייסט שלאָפנדיק אין פרעמדע הייזער אויף די האַרטע בענק. איבעריקנס: דאָס איז אים אפשר איבערגעבליבן טאַקע פון דער ישיבה אין קאַליש, מסתמא אַ געוואוינשאַפט אַזאַ. די שטול אויף וועלכער ער שפּאַרט אָן זיין קאָפּ מיט נאַקעטן שאַרבן איז פון לואי קענזס פּעריאָד. דאָס איז אפשר סימבאָליש. זיין גוף שטעקט נאָך אין זיין געבורט־שטעטל טורעק. נאָר זיין קאָפּ איז שוין געווענדט צו צענטראַל־אייראָפּע: צו רוים, בערלין, לאָנדאָן, וויען און פּאַריז. עס זיינען די דאָזיקע שטעט וואָס האָבן אים געגעבן כבוד און אָנערקענונג ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה...

און איצט, ביי זיין צוויי און זיבעציק יאָריקן עלטער, הערט ער זיך צו צום ראַדיאָ־אַפּאַראַט. עס זיינען כמעט דיזעלביקע שטעט פונוואַנען עס קומען די מערסטע נייעסן וועגן דער וועלט־קאַטאַסטראָפע: פּאַריז, רוים, בערלין, לאָנדאָן און מאָסקווע. עס גייען אויף אין זיין זכרון גאַסן און סקווערן וואו דעם קינסטלערס סקולפּטורן און סטאַטועס זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן. אויך פּאָפּולערע פּאַלאַצן און גרויסאַרטיקע זאַלן וואו זיינע ווערק זיינען באַוואונדערט געוואָרן דורך דער אינטעליגענץ און די לעצטע מאָהיקאַנער פון דעם אַריסטאָקראַטישן קלאַס. סטודיאָס און קעלער־שטובן וואו ער האָט געלאָזן שטיין זיינע אָנגעהויבענע אַרבעטן וואָס ער האָט שוין מערסטנס קיינמאָל נישט פאַרענדיקט. און אויך זאַמלונגען מיט פאַרענדיקטע מייסטערווערק אין מאַרמאָר און גראַניט, אין האָלץ און אין בראָנדז. וואָס קומט איצט פאָר מיט זיי? איז דאָס גליענדיקע מעטאַל פון זיינע בראָנדזענע קונסטווערק פאַרוואַנדלט געוואָרן דורך די הינטישע דייטשן אין אַמוניציע וועלכע צעשמעטערט דיזעלביקע געביידעס וואו אַמאָל האָבן שטאָלץ דעקאָרירט די אַריינגאַנג זיינע סקולפּטורן „נאַרציז" און „מעלאַנכאָליאַ"? דאָס זיינען געווען זיינע ערשטע שאַפונגען ווען ער האָט נאָך געבראַויזט מיט די שעפערישע כוחות פון דער יוגנט און דאָס נאַאיווו־ראָמאַנטישע האָט אים נאָך דעמאָלט געהאַט באַהערשט. ווען ער האָט זיך אויפגעוועקט פון שלאָף אינמיטן פון דער

נאַכט און איז איינער אַליין געלאָפן דורך שניי און רעגן צו אַ ווייטן קעלער אָדער אַ בוידעם, און ער האָט מיט גרויס אימפּעט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך זיין כאַלאַט און ער האָט אויפדאָסניי געשניצט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט די איידעלע פיגור פון אַ פרוי מיט וועמען ער וואָלט געגאַנגען שפּאַצירן אויף אַ פעלד מיט פייכטע גראָזן און נאָך שלאָפנדיק־נאַסע בלומען; ער וואָלט נאָך געשניצט די אברים פון אַ שטאַרקן מאַן וועמען די ווערעם אין קבר האָבן שוין לאַנג פאַרוואַנדלט צו אַ סקעלעט, אָבער דער סקולפּטאָר אַליין שטייט נאָך אַלץ מיטן האַמער און דלאָט ביים מעכטיקן פלייש פון דעם אורבוים וואָס האָט הויך געררוישט און געשאַלט מיט זיינע בלעטער איבער די פאַרמבולדיקע חיות: די דינאָזאַאורס; ער וואָלט ביזן פריען באַגינען וועגן די אויפגייענדיקע זון פאַרבט שוין מיט איר פרימאָרגנדיקן פייער די שפּיצן פון די הויכע בוימער געשניצט, געטעסעט און פּאָלירט זיינע ריזנשאַפונגען כדי זיי זאָלן זיין פולקאָם, געשלאָסן און פאַרענדיקט פאַר דער אייביקייט...

נאָך אַ סך פריינד זיינע געפינען זיך איצט דאָרטן, אין די שטעט פון אייראָפּע. עמעץ האָט פאַרגעסן אין דער שפּעטער שעה פון מיטננאַכט אַריינצודרייען דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט. דער אַלטער מאַן רוט אַזאַ אומרואיקער, מיטן גרויען קאָפּ אָנגעלענט אין לואי קענזס אימפּאָזאַנטער שטול. די שטול וואָס געדענקט דעם קעניג און זיינע הויפטלייט, די אינטריגאַנטן און די געטרייע פריינד; אויך די שיינע פרויען פונעם קעניגלעכן הויף וואָס אַ סך פון זיי האָבן געלייגט זייערע געפּודערטע קעפּ מיט געקרויזלטע האָר אויפן קלאָץ פון דער גיליאָטינע; די שטול וואָס געדענקט די פילאָסאָפן פון וואָלטער, רוסאָ, דידעראָ, מאָנטעסקיו, העלוועציוס; און וואָס געדענקט די עלעגאַנטע מאַדאַם דע פּאָמפּאַדור און לואי דעם פערצנטן, און דעם געניאַלן מאָלער פונעם ראָקאָקאָ־פּעריאָד אין דער פראַנצויזישער קונסט, דעם פרעכטיקן פלעמער אַנטואַן וואַטאָ וואָס האָט געמאָלן די אַריסטאָקראַטישע פרויען ווי פאַרטראַכטע, פאַרליבטע און פאַרטרוימטע מלאָכים. די שטול וואָס געדענקט מיראַבאָ, דאַנטאָן, ראָבעספּיער, דעם פייערדיקן יאַקאָבינער סט. זשוסט; דעם פאַנאַטישן און בלוט־דורשטיקן מאַראַט; דעם רואיקן און איידעלן קאַמיל דע מולען וואָס האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט זיין געטרייע פרוי און זייערע קינדער; און וואָס געדענקט גוט די גאַנצע בלוטיקע דראַמע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און פון אירע פּאָליטישע אַקטיאָרן; אויך די בלייכע און שטאַרק־געפּודערטע דאַמען וואָס זיינען געקעפּט געוואָרן מיט זייערע צאַרטע שוואַנענהעלדזער; מיט דער קייסערינע מאַריע אַנטואַנעטע בראָש, און מיט די אַלע פעאָדאַלן, פריצים און פריסטער מיט שווערע פאַרוקן אויף די שאַרבנס מיט זייערע אייגענע שיינע האָר. אויך די שטול וואָס געדענקט גוט די פּאַריזער קאָמונע; דעם אויפשטאַנד פון יאָר 1871; די מלחמות פון קעניג קאַרל דעם פינפטן, פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן מיט גאַנץ אייראָפּע און פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטן מיט פרייסן — און וואָס

הערט זיך אויך איצט איין אין דער שפּעטער נאַכט שעה צום ראַדיאָ וואָס דערציילט פון דעם צעפּאַלן ווערן פון דער פראַנצויזישער אימפּעריע; פון די נייע קאָרופּטירטע אַקטיאָרן: פּעטען, לאַוואַל, דאַרלאַן, מאַרסעל דיע און דאָריאָ. די אַלטע שטול קרעכצט אויף און יעדעס מאָל וואָס דער מידער קינסטלער באַוועגט נערוועז זיין גרייז־גרויען קאָפּ, הערט זיך אַ שווער זיפצן פון דער שטול ווי פון אַן אַלטן פראַנצויזישן פּאַטריאָטס האַרץ...

גליצענשטיינס וויינקע פריינד איז געלונגען זיך אַרויסצוראַטעווען פון דעם אייראָפּייאישן גהינום. בלויז אַמאָל אין אַ יובל קלינגט פּלוצלינג דער טעלעפאָן־אַפּאַראַט און עפּעס אַ שטימע דערהערט זיך וואָס איז וואויל באַקאַנט: אַ קול וואָס איז הייזעריק און אָפּגעבלאַקירט געוואָרן דורך די יאָרן. עס ווילט זיך טרעפן ווער דאָס איז און מען רופט אָן נעמען פון פאַרשידענע פריינד אין וועמענס עקזיסטענץ מען צווייפלט שוין זינט לאַנג. פּלוצלינג, ביי איין נאָמען בלייבט מען גליקלעך און נייגיריק שטיין: אַ פריינד פון די אַמאָליקע צייטן האָט זיך דאַנקען גאָט קוים געראַטעוועט מיט זיין לייב און לעבן...

אַמאָל קומט צו גיין אַפילו אָן אַ פריערדיקן טעלעפאָן־אָפּרוף אַ פריינד אַזאַ ווי דער בערלינער קאַנטאָר פסחאָוויטש. עס איז אַן אָוונט אין דעם שפּעטן האַרבסט וואָס שמעקט מיט די שוין צעבראָכענע און צעטראָטענע בלעטער פונעם חודש אָקטאָבער. מחנות רויטע בלעטער ווי אָפּגעבראָכענע שטיקער פראַכטפול צירונג פון געקעפּטע דאַמעס אויף דער גיליאָטינע טאַנצן אויף די גאַסן זייער לעצטן טויטנטאַנץ ווי דיריגירטע דורך געהיימענישפולע און טויטע רעזשיסאָרן און משוגענע דיריגענטן. יעדער בלאַט, דאַכט זיך מיר, איז אַ פּאָרטרעט אין מיניאַטור פון אַ מענטש, פון אַ מאַן אָדער אַ פרוי וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען פון זייערע מוטערס טראַכטן מיט אילוזיעס צו דעראָבערן די וועלט. יעדעס בלאַט איז ווי אַ גאָלדענער אין דין־ציזעלירטער מעדאַליאָן וואָס פינקלט מיטן עכטן און אַלטן גאָלד און איז דאָך טונקל מיטן שטויב פון צייט. יעדעס בלאַט איז ווי אַ זייער צאַרטע האַנט וואָס בענקט אינמיטן נאַכט עמעצן אָנצורירן און צו אומאַרמען. דער גורל האָט אויף איר אָנגעשריבן אין דינע צייכנס די שטריכן פון דעם מענטשנס פּאַלם־פּלאַך און אויך זיין אָדער איר ביאָגראַפיע...

אָט אין אַזאַ האַרבסטיקן אָוונט באַווייזט זיך אין הויז פון די איינזאַמע גליצענשטיינס דער קאַנטאָר פסחאָוויטש. די סינאַגאָגע אין בערלין וואו ער האָט אויסגעזונגען די תפילות בשעת די פייערלעכע ימים־טובים; וואו ער האָט אויסגעשאָלט צוזאַמען מיטן פראַכטיקן כאָר הערלעכע קאַפּיטלעך תהלים, זיינען שוין זינט לאַנג פאַרשרפהט געוואָרן דורך די הונישע דייטשן. די אימפּאָזאַנטע סינאַגאָגע מיט איר גלאַנץ און ספּלענדאָר; מיט גאָר איר אַרכיטעקטאָנישער גלאָריע, גייט אים כסדר נאָך אין די קאָשמאַרן בשעת די שלאָפלאָזע נעכט. קאַנטאָר פסחאָוויטש געדענקט נאָך וואויל גליצענשטיינס פאָטער, דעם היימישן מלמד און מצבה־קריצער.

ווען ער איז נאָך געווען אַ קליינטשיק ייִנגל, האָט ער געלערנט ביי זיין שטילן און באַשיידענעם פאָטער אין דעם שטעטל טורעק, אויפן ברעג פון דעם טייך וואַרטע. ער געדענקט זיין קליינע און מאָגערע באָרד אָט ווי דאָס בערדל פון זיין גרויסן זון העגעך גליצענשטיין. און די פיבערנדיקע אויגן זיינע ווי פול מיט גליענדיקע טרערן. און דאָס דינע און אָפּגעצויגענע פנים ווי ביי אָן אַסקעט. קאַנטאָר פסחאָוויטש געדענקט דעם גרויסן הויף פון דעם מלמד און מצבה־קריצער אין וועלכן עס זיינען געלעגן אָנגעוואָרפענע שטיקער שטיין, גראַניט, גרויע און רויע פעלדזיקע ריפּן וועמען דער גורל האָט באַשטימט צו ווערן באַלוינט צי פאַרשאָלטן פאַר וועלכע מצווהס אָדער זינד מיט הייליקע נעמען אויף לשון קודש פון רבנים און רביים, צי מיט פּראָסטע און פשוטע נעמען פון היימישע יידן, פון וואַסער־טרעגערס, קאָוואַלעס, שמידן און טאָקע מצבה־קריצערס אויך. אַ צאָל פון די ערב־מצבות ווי די לוחות וואָס משה רבינו האָט אַראָפּגעשליידערט מיט צאָרן האָבן שוין געהאַט אויסגעקריצטע לשון קודשדיקע נעמען פון געשטאָרבענע יידן אין טורעק און פון די אַרומיקע שטעטלעך פונוואַנען יידן פון דער חברה קדישא פלעגן קומען און באַשטעלן מצבות; אויך קרובים פון די טויטע יידן וואָס האָבן געוואַרט אין די קברים אויף זייערע מצבות, פלעגן אָנקלאַפּן אין טיר פון דעם נידעריקן הייזל ביים מלמד וואָס האָט סיי געקריצט מצבות פאַר די אַלטע מתים וואָס ליגן שוין לאַנג אין דער ליימיקער ערד און האָט סיי געלערנט מיט יידישע קינדער חומש, תנ״ך, דעם סידור מיט זיינע הייליקע תפילות און דאָס לשון קודש אויף וועלכן פאַרצייטישע קייסאָרים, נביאים, צדיקים און דאָס געמיינע (פּראָסטע) פאָלק האָבן גערעדט אין די צייטן ווען דער תנ״ך איז גערעדט, געשריבן און צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אַלס אַן אייביק ספר פאַר אַ סך קומענדיקע דורות אַזוי לאַנג ווי די פעלקער וועלן לעבן און אָטעמען אויף דער ערד...

שפּעטער מיט יאָרן האָט קאַנטאָר פסחאָוויטש געטראָפן גליצענשטיינען אין בערלין ווען ער איז שוין געווען וועלט־באַרימט און נאָך שפּעטער קומט ער קיין ניו־יאָרק און ער באַזוכט דעם קינסטלער פון טורעק אין זיין היגער היים אין קווינס. קאַנטאָר פסחאָוויטש, אַ געוואַלדיקער ייד, שווער באַלאָדן מיט זיין פיזישער קראַפט און וואָג, זעט אויס ווי אַ באַראָן. די נאַציס האָבן נישט געקענט איינברעכן זיין מאַכטיקן רוקנביין. און נעבן אים — אַ שלאַנקע און גאַלאַנטע פרוי מיט גלאַנציק־זיידענע און נאַכט־שוואַרצע האָר; מיט אויליק־פינקלענדיקע אויגן ווי זי וואָלט קענטיק זיין פון ספרדישער אָפּשטאַמונג; מיט אַזאַ איידעלער געזיכטס־הויט ווי פון דינסטן זייד. און איר צייט־עלטער? זי איז קוים אַלט אַ העלפט די יאָרן פון איר מאַן, דעם שטאַרקן זקן פסחאָוויטש וואָס איז אָבער פעסט געמויערט; וועמענס סקעלעט מיט ברייטע און שטאַרקע ביינער טראָגט אויף זיך אַ מאַסיווע מאַסע פלייש מיט בלוט, אָדערן און נערוון פון אַ ריזנמאַנצפּאַרשוין, אַ חזן, אַ שליח ציבור וואָס

האָטביים שטענדער אין דער בערלינער סינאַגאָגע, צוזאַמען מיט אַ גרויסאַרטיקן כאָר וואָס רינגלט אים אַרום ווי אַ מחנה מלאָכים, געשיקט די אַלטע און פּאַרכטיקע תפילות צום רבונו של עולם. אָבער גאָט האָט פאַרשלאָפן דעם גורל פונעם יידישן פאָלק...

אויפצומאָרגנס פרעג איך בעאַטריטשען, גליצענשטיינס טאָכטער:

— מיט וואָס דערקלערט זיך אַזאַ מין ראָמאַנס צווישן אַן אַלטן חזן פון אַ צעשמעטערטן קהל מיט אַזאַ מין קראַסאַוויצע? קען אַזאַ גראַפּיניע פון אַ ספרדיש־אויסזעענדיקער פרוי וואָס מוז מסתמא אָפּשטאַמען פונעם רייכן שפּאַנישן אָדער פּאָרטוגעזישן יידנטום, זיין ווילק חתונה צו האָבן מיט אַן אַלטן ייד, כאָטש ער שטעלט פאַר אַן אימפּאָזאַנט געשטאַלט פון אַ בערלינער קאַנטאָר אין אַ סינאַגאָגע וואָס פאַרמאָגט אַלע אַטריבוטן פון אַ פּריצישן שלאָס ?!...

און בעאַטריטשע ענטפערט מיר:

— אַן איינזאַמע פרוי, מעג זי זיין ווי שיין, וועט שטענדיק גרייט זיין צו טיילן איר עלנט לעבן אַפילו מיט אַ הונדערט יאָריקן מאַן אויב ער האַלט זי נאָר אויס בכבודיק; אויב ער קויפט איר קאָסטבאַרע קליידער; און ער האָט נאָך גענוג כוח כדי צו גיין מיט איר אין טעאַטער, אין דער אָפּעראַ, צווישן דער פיינער מענטשלעכער געזעלשאַפט און איינצולאַדן נאָענטע פריינד אין זייער הויז און צו פאַרטרייבן איר איינזאַמקייט און מאָנאָטאָניע, און אויך צו טיילן אין רעגנדיקע און שנייענדיקע נעכט איר נאַכטיש געלעגער שוין אַפילו בלויז מיט דער היץ וואָס שלאָגט פון זיין גוף... זי וועט אים אַפילו ליב האָבן און באַהאַנדלען אויף אַן איידעלן אופן, אויב זי פאַרמאָגט טאַקט, שכל און געפילן פון דאַנקבאַרקייט צו אים פאַר די קאָרעקטע מעשים טובים וואָס ער טיילט איר צו...

— בעאַטריטשע טייערע, איר האָט מיט אַ סך אמת און פאַרשטענדעניש פאַר מיר אויסגעטייטשט דאָס רעטעניש. איך דאַנק אייך...

אָבער די פריינד וואָס ראַטעווען זיך קוים מיט זייערע לעבנס פונעם נאַצישן גהינום, זיי איז באַשערט שוין נישט לאַנג צו לעבן. אין דעם הערלעכן זאַל פון דער בערלינער סינאַגאָגע, וואָס איז געשטאַנען אָן אָנגעפילטער מיט אַן אימפּאַזאַנטן יידנטום פון די גוטע און גרויסע צייטן וואָס האָט געמיינט אַז זיי זיינען אַ נאַטירלעכער טייל פונעם דייטשן פאָלק, פון דער דייטשער קולטור, פון דער דייטשער וויסנשאַפט, שפּראַך, דערציאונג און צוקונפט, און אַז אין די הויכגעשטעלטע אוניווערסיטעטן, אַקאַדעמיעס, קונסט־זאַלן, גאַלעריעס און מוזעאומס וועלן זיי בלייבן שטיין מיט גאָר זייערע נאַציאָנאַלע יידיש־דייטשע דערגרייכונגען און ווערן אָפּגעשאַצט מצד דער דייטשער מאַכט, מלוכה, איז נישטאָ דער פינצטערער כוח וואָס זאָל פּרואוון און קענען דערנידעריקן די גרויסקייט, די דערגרייכונגען און דעם טייל פון שטאָלץ, מאַכט און ממשותדיקע

גאָלדענע ווערטן וואָס דאָס יידנטום האָט צוגעטראָגן צו דעם דייטשן רייך זינט דורות און פאַר די קומענדיקע צייטן...

אין אַ געוויסן פרימאָרגן ווען גליצענשטיין רופט אָפּ זיין פריינד פסחאָוויטש, ענטפערט מען אים אַז ער איז מער נישטאָ אויף דער וועלט...

וואו איז אַהינגעקומען דער דאָזיקער ריזנקאַנטאָר וואָס האָט מיט זיין שאַלנדיקער שטימע ווי מיט אַ בראַנדזענעם גלאָק ממש איינגעריסן די שערי רחמים לטובת דעם וואוילזיין פון די דייטשע יידן אין משך פון לאַנגע יאָרן? וואוהין איז געגאַנגען דער מאַן מיט דער ריזיקער מאַסע פלייש און בלוט אויף זיינע שטאַרקע ביינער ווי ביי אַ לייב? די ווערעם אין זיינע געדערים און די ווערעם אין דער ערד וואו ער ווערט אווּעקגעלייגט ווי אַ שטיין, זיי געניסן שוין זיינע זאַפטן. אגב נאָך זיין קומען קיין ניו־יאָרק פון דייטשלאַנד האָט ער שוין אויך פאַרלוירן אַ זון...

גליצענשטיין איז אַהיימגעקומען ביינאַכט נאָך זיין פריינדס לוויה ווי אַ געשלאָגענער פון גאָט אָדער פון זיינס אַ שטאַרקן מלאַך וואָס האָט אים דערלאַנגט מיט אַן אייזערנעם פרענט איבערן שאַרבן. ער האָט קיינעם פון זיין פאַמיליע אין דער שטוב נישט געלאָזט אויסרעדן קיין איינציק וואָרט און נישט דערלויבט לאָזן הערן דעם מינדסטן זיפץ. „גאָט און זיין משפט איז גערעכט". אַלע מענטשלעכע ווערטער און אַלע מחשבות וואָס ווערן אַרויסגעבראַכט מיט דער הילף פון ווערטער אין אַלע לשונות, וואָס זיינען זיי דען מישטיינס געזאָגט אין פאַרגלייך צו די מעשים פון דער געטלעכקייט? אַש און שטויב; דער הויך פון אַ מענטשלעך מויל בשעת אַ פראָסטיקער קעלט אין דעם אומענדלעכן און פוסטן דרויסן. דאָס מענטשלעכע שוייגן פאַרמאָגט מער ווירדע ווי געוויין און טרערן. הענעך גליצענשטיין איז אין דער שפּעטער נאַכט געגאַנגען פריער שלאָפן ווי געוויינלעך אין זיין קליינעם חדר אָן אַרויסצורעדן אַפילו אַן איינציק וואָרט צו זיין קראַנקן ווייב און מידע קינדער. אונטערן הימל דעם פינצטערן האָבן אויך שווייגנדיקע גערעדט די שטערן מיט דער שפּראַך פון דער אייביקייט...

אין קעלער אַרבעט דער מייסטער איבער זיין סקולפּטור „די סיביליע" וואָס ער האָט געהאַט פאַרענדיקט נאָך מיט פערציק יאָר צוריק אין זיין רוימישער סטודיאָ. אין די דאָזיקע פיר צענדליק יאָרן — וואָס עס איז אַלץ געשען אין דער וועלט! אָבער דער סקולפּטור קומט איצט צוריק צו דער סקולפּטאָר וואָס ער האָט אויסגעהאַקט פון אַ שנייווייסן שטיק ריזנפעלז וואָס איז געלעגן מיליאָנען יאָרן לאַנג אין די בערג פון קאַראַראַ, פון וועמענס פעלזיקע מאַסיוון אויך מיקל־אַנדזשעלאָ האָט געלאָזט אויסברעכן זיינע שטיינער פאַר מאָנומענטן, סקולפּטורן און מצבות. די פּאָרויסזאָגערין פון די מענטשלעכע שיקזאַלן, די סיביליע מיט דער סאָווע, זי איז מערקווירדיק ענלעך צו בעאַטריטשען, זיין טאָכטער; צו בעאַטריטשען בשעת איר יוגנטלעכער שיינקייט און רייץ...

יעדעס מאָל ווען ער קומט אַרונטער אין דעם קעלער וואו עס קוקן

אויף זייער באַשעפער די מאַרמאָרענע און גראַניטענע פיגורן, די געשאַפענע קינדער פון זיינע פריערדיקע יאָרן ווען דאָס שעפערישע פייער האָט געשאָסן פון זיין האַרץ און זיינע אָדערן, באַטראַכט גליצענשטיין מיט צערטלעכקייט און טרערן דעם ביוסט פון דער סיביליע און ער שניידט זיך אויפדאָסניי טיף איין מיט זיין אייזערנעם דלאָט און האַמער אין דער נאָבעלער טיפקייט פון איר מילך־קלאָרן און פאַרשטיינערטן לייב. ער אַרבעט איבער דעם ביוסט מיט אַ באַזונדערער געטריישאַפט און קענטיקער באַטאָנונג צו דערגרייכן פערפעקציע. מסתמא פאַרשאַפט ער איר געגוג יסורים. זי וואָס איז געווען אַן עדות צום געבורט פון פעלקער און שטאַמען; וואָס האָט געזען דעם אויפגאַנג און אונטערגאַנג פון רוים, פון דער וועלט־אימפעריע וואָס האָט חרוב געמאַכט אַ סך פעלקער און לענדער, און באַזונדערס די פאַרצייטישע ירושלים און די יידישע מלוכה און דאָס הייליקע בית המקדש, איז געבליבן שטיין יינג און בלייך ווי אַ ווירגינע, און זי האָט דערגרייכט צו זען דעם יידישן קינסטלער וואָס האָט אויף דער ערשטער ציוניסטישער קאָנפערענץ אין באַזעל וועמענס פרעזידענט עס איז געווען דר. הערצל, אַוועקגעשטעלט זיין מעכטיקע זיצנדיקע פיגור פון „משיח", וועמענס הויפט־אויסדרוק אויף זיין רואיקן שטיינערנעם פנים איז: געדולד. און אפשר איז דער מייסטער אינערלעך צופרידן וואָס נאָך פיר צענדליק יאָר, שוין אַ גרוי־געוואָרענער ייד, אַ וועטעראַן־ציוניסט, שטייט ער ווידער נעבן זיין יוגנט־ווערק און ער אַרבעט איבער איר פאָרם. אַרבעט איבער איר ווידער אַ באַלאָדענער מיט אַרום פערציק יאָר קינסטלערישער דערפאַרונג. מיט פערציק יאָר פון ליידן און געראַנגל אין אַ טויבער, שטומער, אייז־קאַלטער און גלייכגילטיקער וועלט צו די יסורים פון אונדזער פאָלק און צו ליידן בכלל; אין קאַמף מיט די אומגליקן פון לעבן; אין פירכטערלעכן געראַנגל מיט זיין פינצטערן מאַיעסטעט, דעם טויט זעלבסט. אין קאַמף מיט אָרעמקייט, קראַנקהייט און דערנידעריקונג...

דער מאַרמאָר פון דער סיביליע איז נישט געוואָרן טונקעלער. דאָס לייב פון דער פרוי וואָס באַדאַרף זען דעם גורל פון לענדער און פעלקער איז נישט געוואָרן פאַרעלטערט. פאַרקערט: עס איז אייביק יינג און פריש. דער כוח פונעם הימלישן גורל ענדערט זיך נישט. און די דאָזיקע פרוי העלענע, וואָס האָט פאָזירט פאַר דער סיביליע, פאָרעט זיך איצט קוים אַרום אין שטוב ווי אַ שאָטן. עס איז זיין אייגענע פרוי העלענע, די שוועסטער פון דעם קינסטלער־פּיאָנער שמואל הירשענבערג וואָס האָט שטודירט אין קראָקע ביים לעגענדאַרן פוילישן סקולפּטאָר יאַן מאַטייקאָ. העלען איז מערסטנס אומצופרידן, בייז, צאָרנדיק, אַלט און קראַנק. דאָס איז זיין פרוי און זיין אייגענע סיביליע, זיין שיקזאַל. און די דאָזיקע וואָס איז בלויז ענלעך צום דאָזיקן ווערק, זיין טאָכטער בעאַטריטשע, זי איז ערשט צוריקגעקומען פון הר סני שפּיטאָל, האָבנדיק אַדורכגעגאַנגען אַן ערנסטע אָפּעראַציע. ווען זיין פרוי איז געווען יינג, האָט זי טאַקע

אויסגעזען ווי איר טאָכטער בעאַטריטשע בשעת זי האָט אַרויסגעבליט שענער פון אַלע יידישע טעכטער אין רוים. און ווען בעאַטריטשע וועט שוין זיין אַלט, וועט נאָך אַלץ אויסזען יינג און שיין די סיבילִיע, מיט דער קלוגער און סודותדיק־טונקעלער סאָווע אין אירע צאַרטע און מאַרמאָרנע אָרעמס...

הענעך גליצענשטיין שניידט זיך יעדעס מאָל איין מיטן דלאָט און האַמער אין דעם קאַלטן לייב פון דער סיבילִיע און גלייכצייטיק לייגט ער יעדע ווײלע צו פרישע קוילן צום טיפן פיסק פונעם ריזיקן אייזערנעם אויוון. ער טוט דאָס מיט גרויס ערנסטקייט און אימפעט. וואַרעמקייט בשעת די ווינטערדיק־שנייאיקע און ווינטישע קעלטן ערגעץ אין אַן איינזאַמער קעלער־סטודיאָ — איז עס נישט די פרייד פון אַ הויז, פון אַ ליבער היים, אין אַ שפעטער ווינטערדיקער נאַכט ווען אין דרויסן בושעוועט און פאַלט אומענדלעך פון דעם גרויען הימל אָדער פון גאָט אַליין דער מאָנאָטאָנער שניי? און מער ווי שטענדיק נויטיקן זיך אין אַביסל וואַרעמקייט זיין פרוי און זיינע קינדער. ערשט האָט דער קעניג האַרבסט צוגעוואָרפן בערג מיט רויטע בלעטער צו דער טיר פון אָט דער סטודיאָ, צום קעלער. איצט זיינען די פאַרטויטע שויבן פון די פענצטער אָנגעפילט ביז אין דער העלפט מיטן שניי. און ווען דער סקולפּטאָר עפנט אויף דאָס טירל פון דעם ריזיקן אויוון, טוט אַ שלאָג אַרויס פון אינעווייניק ווי פון דעם האַרץ פונעם אויוון אַן אָנגעגנעם און גלעטנדיק פייער... פייער! וויפיל זעלטענע דערמאָנונגען גייען אויף. זכרונות פון דער קינדהייט: דער טאַטע הייצט איין ערב שבת דעם קאַפּלאַנאָוון אויוון. די נאַסע צווייגן וואָס זיינען מיט ווינציקע טעג געבראַכט געוואָרן פון וואַלד, קרעכצן און וויינען אין זייער בענקשאַפט צו די בוימער און צום גאַנצן וואַלד. זיי קעמפן אַ קורצע ווײלע פונקט ווי זיי וואָלטן זיך אַנטקעגנשטעלן דעם וואַלד. אָבער זיי גיבן זיך סוף כל סוף אונטער צום הונגעריקן פייער. זיי ווערן פאַרצערט און זיי בויגן זיך פיינלעך איין ווי פאַרוואונדעטע און צעריסענע שלאַנגען; ווי די גופים פון מענטשן וואָס ווערן ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט צום אַש...

עס גייען אויף אין מיין דמיון נאָך ווייטערע און טיפערע רעמיניסענסן. זיי וועקן זיך אויף אינעם מוח און אין האַרצן פון גליצענשטיינען פון דער צייט ווען דער מין אורמענטש האָט זיין גאַנצע ענערגיע אַריינגעלייגט אינעם אַרויסברענגען פייער פון די שטומע שטיינער. פייער וואָס זאָל אָפּשרעקן די ווילדע חיות און שלאַנגען בשעת די נעכט און די וועלדער אין וויסטעניש. פייער וואָס זאָל דערוואַרעמען אין דער לאַנגער, קאַלטער און פינצטערער נאַכט דאָס אייגענע הונגעריקע לייב און נפש נאָך וואַרעמקייט. פייער וואָס זאָל שענקען היץ און קוראַזש צו דער אורפרוי מיט אירע ווילדע האָר, מיט אירע טרערנפאַרגאָסענע אויגן; פייער וואָס וואַרעמט דאָס לייב און דאָס בלוט פון דער אורמוטער

פון דער מענטשהייט, פון אַלטע פעלקער פון דער ערד; די מאַמע פון גאָר די מענטשלעכע דורות...

און בשעת גליצענשטיין וואַרפט איינציקווייז אַריין די שוואַרצע קוילן טיף אין דעם רויט־ליפּנדיקן פּיסק פונעם אויוון, דאַכט זיך מיר אַז עס קוקט פון דאָרטן אַרויס דאָס היציקע פּנים פונעם אורמענטש וואָס האָט געשאָנקען פייער צו זיין פאַמיליע, וואָס האָט אָנגעוואַרעמט זייערע גלידער און האָט פאַרטריבן די בייזע און הונגעריקע חיות פונעם דזשאָנגל. און דאָס דאָזיקע פייער איז ענלעך צום מייסטער וואָס טוט די אַרבעט פון אָנהייצן דעם אייזערנעם אויוון מיט אַזאַ מין ערנסט און הייליקער עבודה...

איך געפין אַ שטיק פּאַפּיר וואָס איז באַשריבן מיט פּערזון, מיט די אוראַלטע יידישע אותיות, אַזוי טיפּיש פאַר גליצענשטיינס שווערער האַנטשריפט. אותיות וואָס זעען אויס ווי געבויגענע און געהויקערטע יידן אונטער דער לאַסט פון זייער היסטאָרישן גורל. מיט אַ צייכענונג פון אַ מאַן וואָס שפּילט אויף אַ האַרף, און מיט אַ גאָלדענער קרוין אויפן קאָפּ...

— ווער איז דאָס? — פרעג איך ביים מייסטער.

— צי ווייסט איר דען נישט? דערקענט איר אים נישט? דאָס איז דאָך געווידמעט צו אונדזער פריינד...

—וועלכן פריינד? — פרעג איך. איך פרעג זיך דאָס ווייל ביי גליצענשטיינען זיינען אַלע מענטשן וועלכע ער באַגעגנט אין לעבן, פריינד. דאָס איז אַ קינדיש געפיל. און אויך אַ געפיל פון די פּרימיטיווע פעלקער אין די אורוועלדער וואָס וויסן נאָך נישט פון דער מענטשלעכער רציחה, פון דעם שונא און סאַדיסט אינעם מין מענטש...

און איך לייען די דערהויבענע ווערטער וואָס זיינען געווידמעט צו איינעם אַ מענטש. איך קוק זיך איין אין דער צייכענונג: עס איז דאָס געשטאַלט פון דוד המלך, שפּילנדיק אַ קאַפּיטל תהלים אויף זיין האַרף...

איך האָב נאָך פריער געהאַט געהערט אַז קאַנטאָר פּסחאָוויטש האָט באַשטעלט ביי העגעך גליצענשטיין אַ צייכענונג פון אַ פיינער אויסגאַבע צו זיינס אַ קאָמפּאָזיציע פון אַ קאַפּיטל תהלים, וועלכע ער האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן און צושיקן עס אַלס מתנה וואָס איז געווידמעט צום פּרעזידענט רוזוועלט, אויס דאַנקבאַרקייט פאַרן גאַסט־פריינדלעכן לאַנד אַמעריקע...

פון דעם חשובן קאַנטאָרס פּלאַן איז בלויז געבליבן די צייכענונג... בלויז די צייכענונג, אויף אַ שטיקל צעקנייטשטן פּאַפּיר וואָס ליגט אין אַ ווינקל פון דער טונקעלער קעלער־סטודיאָ...

גליצענשטיין שטייט צערטלעך אַריבערגעבויגן איבער דער סקולפּטור פון דער סיביליע. שטיקלעך אָפּגעבראָכענער מאַרמאָר ליגן פאַרשפּרייט אַרום ווי שפּליטערס פון דעם פרישן און פאַרפרוירענעם שניי. די זון פאַרגייט און אירע שטראַלן קושן דער סיביליעס בלייכן און צאַרטן פּנים וואָס ווייסט נישט פון קיין קאָסמישער צייט און מענטשלעכן

עלטער; זיי באַרירן ווי מיט אַן אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט דעם קינסטלערס דינע, אָבער קרעפטיקע און פאַרשאַרצטע הענט. פון ערגעץ־וואו אין דרויסן, פון דעם אָפענעם פענצטער פון אַ חדרל אונטער אַ הויכן דאַך הערט זיך אַ מעלאָדיע פול מיט זיסקייט: דער קעניג דוד שפּילט אויס אויף דער האַרף אַ קאַפּיטל תהלים. טיפזיניק לויכטן די מיסטעריעזע אויגן פון דער מאַרמאָרענער סאָווע אין דעם אָרעם פון דער בלייכער סיביליע וואָס חלומט, ווי לוטס ווייב, פון אירע פאַרגאַנגענע נעכט אין דער אַלטער שטאָט רוים...

ניו־יאָרק, 12 סעפּטעמבער, 1942.

## דער קוכאַזש פון דער קעניגין

הער איטשע זשאַבאָ, אַזוי האָט ער זיך גערופן, איז געווען לויט זיין אויסזען אַ קנאַפּער העלד און בכלל ווינציק פון אַ מאַנצפּאַרשוין. דערפאַר האָט מען אים גערופן איטשע דער דאָן זשואַן. אָבער אָנשטאָט אַלס פּרוויעניעגער האָט מען אים געקענט אין דער סביבה פון סאַנאַטאָריום אַלס דער „משוגענער קוכאַזש״ וואָס האָט זיך באַרימט מיט זיינע הויכע גורמע־קענטעניש, ווי אויך אַז ער האָט געקאָכט, און ער איז טאַקע געווען, ווי עדות דערציילן וואָס האָבן אים געקענט נאָך פון וויען, דער הויפּט־קוכאַזש אינעם פּאַלאַץ פון דער אַלטער עסטרייכישער האַבסבורג־דינאַסטיע וואָס האָט צווישן אירע טראַגישע קייסאָרים אַדורכגעלעבט פאַמליענאומגליקן אין טראַגעדיעס. איטשע זשאַבאָ איז פיזיש געווען קליינטשיק און אויסגעדאַרט ווי אַ שפּאָן. מען האָט געהאַט דעם איינדרוק אָנקוקנדיק אים אַז עס איז אים נישט מער איבערגעבליבן אין זיין לעגענדאַרישן לעבן ווי דער סקעלעט פון וועמענס ביינער די ערד און די עלעמענטן האָבן געהאַט אַראָפּגעגריזשעט דאָס גאַנצע שטערבלעכע פליש וואָס ווערט צעשמאָלצן אין דער צייט פון פרילינג ווי שניי אין דער זון. ער האָט געהאַט אָנגעשריבן אין דייטש, אַזוי האָט ער פאַרזיכערט, אַ בוך פון צוועלף הונדערט זייטן וועגן דעם ראָמאַנס פון דעם פּרינץ רודאָלף און זיין געליבטע, די פּרינצעסין וועטצעראַ. ער האָט געגלויבט און אַלעמען דערציילט אַז ער ווייסט אַ סך מער סודות פון אַלע אַנדערע פּערסאָנאַזשן אינעם קעניגלעכן הויף וועגן דעם טראַגישן ראָמאַנס. זיין זיידע זאָל האָבן פאַרקערט אין דער זעלביקער סביבה ווי ער, איטשע זשאַבאָ, זיין גאַנץ לעבן. ער פלעגט דערציילן מעשיות צו זיין יינגן אייניקל איטשעלע וועגן דעם פריינדלעכן פּאָרפּאָלק, ווי אַזוי זיי פלעגן ביידע גיין שפּאַצירן, זיך האַלדזן און קושן באַהאַלטענערהייט צווישן די קזשאַקעס און אין געהיימע געביידעס אין די פּאַרבאָרגענישן פונעם פּאַרק. דער פּרינץ איז געווען אַ הויכער און שלאַנקער יינגערמאַן וואָס פלעגט זיך דווקא ליב האָבן צו חברן מיט די יידישע סטודענטן און סטודענטקעס אין אוניווערסיטעט. זיין געליבטע פלעגט אָנרייסן בלומען אויף די בייטן, צווישן די הויכע און גרינע בוימער, און זיי קייען

שעהנלאַנג. זי האָט פּשוט ליב געהאַט צו עסן בלומען. זי האָט זיך געזעטיקט דעם הונגער מיט רויטע רויזן, כאָטש זיי האָבן געקענט זיין גיפטיק. זי האָט אויך מכבד געווען איר געליבטן מיט לאָטאָסן פון אינדיע וואָס זיינען געוואַקסן אויפן טייך אַזוי ווי גאָלדענע בעכערס מיט פּייכטע און גלאַנציקע עמאַליעס וואָס די שטערן האָבן ביינאַכט אויסגעמאָלן אויף זייערע ברייטע בלעטער. די לאָטאָס־בלומען זיינען געווען גיפטיקער ווי די רויזן און זיי האָבן, אַזוי האָט מען גערעדט אין דער סביבה פון די סטודענטן, משוגע געמאַכט דעם פּרינץ מיט ליבע...

אַ קוקאַזש אין קעניגלעכן הויף האָט אינטימע פאַרבינדונגען סיי מיט דער פּאַלאַץ־דינערשאַפט ווי אויך מיט די הויכע אַריסטאָקראַטן אַדאַנק אַכילה און אַלערליי זעלטענע געטרענק, און סיי מיט די הויכגעשטעלטע געסט פון אויסלאַנד. מיט דיפּלאָמאַטן און אַמבאַסאַדאָרן פון ווייטע לענדער, פון זעלטענע מדינות און אינדזלען. איטשע זשאַבאָ איז געווען פּערזענלעך באַקאַנט מיט דער נאָבעלער קייסערינע עליזאַבעט וואָס האָט ווי באַקאַנט ליב געהאַט צו לייענען היינריך היינעס פּאָעזיע. זי איז געווען אַ ראָמאַנטישע פרוי און זי האָט אין היינעס „בוך דער לידער" געפונען איר פּאָעטיש קעניגרייך, בשעת אין איר עסטרייכיש־אונגאַרישער אימפּעריע איז זי דווקא נישט געווען אַזוי שטאַרק פאַרקאָכט. הער זשאַבאָ פאַרזיכערט אַז אין געהיים האָט זי געשריבן עראָטישע לידער, אימיטירנדיק היינעס ליבע־לידער. אָבער די דינערשאַפט אין פּאַלאַץ האָט געהאַט אַ באַפעל אַז פון איר פּאָעזיע זאָלן נישט בלייבן קיין סימן פאַר די קומענדיקע דורות... סוף כל סוף איז דאָך היינע געווען אַ ייד און עס האָט בכלל נישט געפּאַסט אַז די קעניגין זאָל דווקא זיין פאַרליבט אין דער פּאָעזיע פון אַ פּאָעט וואָס שטאַמט אָפּ פון יידן און איז אַפילו נאַציאָנאַל געשטימט צום יידישן פאָלק טראָץ זיין שמד יינגערהייט, אויף וואָס ער האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן חרטה געהאַט. אגב האָט די צייט, די השכלה אין דייטשלאַנד און די אַלגעמיינע אַטמאָספערע און טענדענצן פון געוויסע אַסימילירטע יידן, געהאַט אַ היפּשן חלק אין זיין שמד. ווען היינריך היינע איז געוואָרן עלטער און געקומען צו זיך, האָט ער געשריבן הערלעכע שורות וועגן דעם „יידישן גאָט". זיין גרויסע פּאָעמע וואָס איז געווען געווידמעט די דריי גרויסע יידישע דיכטער אין מיטל־אַלטערלעכן שפּאַניע ר' יהודה הלוי, ר' שלמה בן גבירול און ר' משה איבן עזראַ, וואָס ער האָט אָנגערופן „דאָס דריי געשטערן", געהערט דאָך צו זיינע שענסטע פּאָעטישע שאַפונגען וואָס איז געווען געווידמעט דעם יידישן פאָלק און דעם יידישן גייסט...

דער מאַן פון דער קייסערינע עליזאַבעט, דער אימפּעראַטאָר פראַנץ־יאָזעף, איז געווען שוין אַלט אין יאָרן, אַלט אין בלוט און נאָך עלטער אין דער נשמה. ער איז געווען אַ מידער אין מרה־שחורהדיקער מענטש פון דער קינדהייט אָן. די גאָלדענע קרוין זיינע וואָס ער פלעגט אָנמעסטן בלויז בשעת זעלטענע פעסטלעכקייטן, איז געווען פאַר אים

אַביסל שווערלעך צו טראָגן אויף זיין ליסענעם שאַרבן ווען עס פלעגן פּאָרקומען אין וויען אָפיציעלע רעגירונגס־צערעמאָניעס. דאָך האָט ער דווקא אָנגעטאָן די קרוין ביינאַכט אויף זיין קילן און נאַקעטן שאַרבן ווען די לבנה האָט אַריינגעלויכטן דורך די שויבן פון די אומגעהויער־גרויסע פענצטער אינעם אימפּאָזאַנטן פּאַלאַץ. און ער האָט טאַקע מורא געהאַט זי אויסצוטאָן אַפילו אינמיטן פון דער נאַכט, ווען ער האָט זיך קוים צוגעלייגט שלאָפן אַזאַ שטרענג־באַוואַכטער מצד זיינע וועכטער און זשאַנדאַרן וואָס פלעגן דרימלען שטייענדיקערהייט ביי יעדער טיר און טויער פון זיין אימפּאָזאַנטן פּאַלאַץ אין וועלכן זיינע קעניגלעכע אבות האָבן געוואוינט און געוואַכט איבער דער אימפּעריע אַזעלכע נערוועזע פון שלעכטע חלומות זינט די פאַרגאַנגענע זעקס הונדערט יאָר און אפשר נאָך לענגערע צייטן און דורות. די וועכטער האָבן געמוזט שטיין שטייפערהייט ווי פאַרצייטישע ריצעזשעס אין קופּערנע און אין אייזערנע קאָסטיומען. זיי האָבן זיך נישט געקענט איינבויגן און צוריק אויסבויגן מחמת די מעטאַלענע זאַוויאַסעס זיינען געוואָרן פאַרזשאַווערט און רויט אַזוי ווי בלוט פון פאַרוואונדעטע פרינצן וואָלטן זיי געהאַט פאַרגאָסן בשעת די אַטענטאַטן פון אַלערליי רעוואָלוציאָנערן און בונטאַרן וואָס האָבן געוואָלט פאַריאָגן און אומברענגען דאָס שטייפע קעניגטום פונעם שיינעם לאַנד...

אין דעם דאָזיקן פּאַלאַץ, אין די הערלעכע זאַלן און אין די ליידיקע און אומהיימלעכע קאָרידאָרן וואו די שלעכטע גייסטער און נישט־גוטע האָבן כסדר צעבראָכן דאָס זעלטענע פּאַיאַנס, דאָס אויסלענדישע גלאָזוואַרג; די אַבאַזשורן איבער די לאָמפּן און דאָס דעליקאַטע צירונג, האָבן זיך אַרומגעדרייט פוילע און קראַנקע פעלדמאַרשאַלן; גרייז־גרויע גענעראַלן וועמענס פּרעכטיק־געקליידטע אַרמייען האָבן שוין זינט לאַנג געפוילט אין די זיי און וועלדער און זיי האָבן פעט געמאַכט מיט זייער מאַרך און פעטס די גערטנער און גרונטן. די בלומען אַרום דעם קעניגס פּאַלאַץ האָבן וואונדערלעך אָפּגעשיינט מיט די כוחות און דעם פאַרשניטענעם לעבן פון די עלעגאַנטע אָפיצירן און שלאַנקע דראַגונערס וואָס רייטן אויף אויסגעפּאַשעטע פערד מיט אויסגעשטאָפּטע הינטנס און שיינענדיקע פלייצעס ווי גאָלד. יאָ, הויכגעוואוקסיקע קאַרדינאַלן, בישאָפן מיט לאַנגע בערד ווי יידישע שמשים אין די שוהלן; גלחים אין פלושענע מאַנטלען און אין לאַנגע סוטאַנעס מיט זיידענע גאַרטלען און כלערליי פּאַראַזיטישע געשפּענסטער און שאָטנס פון אַמאָליקע באַרימטקייטן און מכלומרשטע וויכטיקייטן און הויכגעשטעלטע לייט, האָבן בשום אופן נישט געוואָלט איינרוען אין זייערע טיפע קברים מיט כלערליי מאָנומענטן, מצבות און פּאָמניקעס איבער זייערע טרומנעס...

דער פּאָפּולערער אַנאַרכיסט האָט אין גאַנץ אייראָפּע נישט געקענט געפינען קיין מער געפערלעכע פּערזאָן אויף אומצוברענגען און זיך צו מאַכן באַרימט אין אייראָפּע, ווי די ראָמאַנטישע קייזערין וואָס האָט, ווי שוין געזאָגט, פלייסיק געלייענט פּאָעזיע, איבערהויפּט פון דעם

חוזק־מאַכער פונעם אָפּגעלעבטן קעניגטום, היינריך היינע. נאָכדעם ווי מאַראַט און ראָבעספּיער האָבן אַ תל געמאַכט פון דער פראַנצויזישער אַריסטאָקראַטיע, פון די נאָבעלע פּריצים און גלחים מיט דער הילף פונעם שווערן מעסער פון דער גיליאָטינע, וואָס האָט געוואויגן עטלעכע פונט, האָט די קייזערין נישט געקענט אַנדערש קוקן אויף איר מאַן, דעם אימפּעראַטאָר פראַנץ־יאָזעף, ווי אויף אַן איבערבלייבעכץ פון די אַלטע צייטן, אַ מין לעכערלעכע קאַריקאַטור. אַגב האָט מען אַ סך געשמועסט אין די קאַפעען און קאַבאַרעטן, ווי אויך אין די באָרדעלן פון וויען, פּאַריז, בערלין און רוים, אַז דער אַסאַסען וואָס האָט מיט זיין פּיסטאָלעט געצילט אין דעם גרויסן און איידעלן האַרץ פון דער קעניגין, איז פּאַקטיש געווען אירס אַן אינטימער אַמאַנט און פאַרמאַסקירטער געליבטער. אַזוי האָט אַגב אויך מיט אַ הונדערט יאָר שפּעטער אָדער ווינציקער יאָרן פאַרזיכערט איטשע זשאַבאָ וואָס האָט זיך באַרימט אַז ער האָט אַליין בשעת די שפּעטע שעהן פון די נעכט געטראָגן צו אַ געהיימען חדר אָדער קאַבינעט פונעם שלאָס קוישן מיט פלעשער שנאַפּס און שאַמפּאַניער צום לוסטיקן פּאָרפּאָלק וואָס האָבן אויך געזונגען שיכורערהייט היינריך היינעס ראָמאַנסן, איבערהויפּט די באַלאַדע וועגן דער גרויזאַמער לאָרעליי וואָס פאַרנאַרט מיט איר זיסן געזאַנג די פישער און מאַטראָזן אין די טיפענישן פונעם רהיין צו ליבע און טויט. הער איטשע זשאַבאָ האָט מיטן חוש פון אַ צוקונפטיקן מעמואַריסט וואָס וועט סוף כל סוף אויסזאָגן פון חדר און אַמאָל באַשרייבן גאָר די סודות וואָס ער האָט געוואוסט וועגן די געקרוינטע און אויך געקעפּטע לייט און זייערע מעטרעסעס, געפאָרשט און נאָכגעשפּירט יעדן פאַרדעכטיקן שאָטן וואָס האָט זיך אין געהיים באַוואויגן אין די ווינקלען און קאָרידאָרן פון דעם ריזנגעמאַך לויטן מוסטער פון די היסטאָרישע שונד־ראָמאַנען, וועמענס מחברים זיינען ממש געווען אַבסאָלוטע מייסטערס אינעם באַשרייבן און שילדערן די אַוואַנטורעס און פּאַסירונגען אין דער סביבה פון די פאַרצייטישע קעניגלעכע דינאַסטיעס וואָס סוף כל סוף איז זייער גורל געווען איינער און דער זעלביקער: פון שטויב צוריק צו גיין צום שטויב...

ווערדליק די מינדלעכע מעשיות פון איטשע זשאַבאָ מיט זיין רייכער שפּראַך און פינקלענדיקע ווערטער, ווי אויך זיין ברילייאַנטענעם זכרון און גאָר די פּאָליטישע, היסטאָרישע, עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעך־סאָציאַלע פאַרהעלטענישן פון זיין צייט מיט אַ יאָר זיבעציק־אַכציק צוריק, האָט ער טאַקע אַליין געדאַרפט זיין אַ מחבר פון אַזעלכע שפּאַנענדיקע זכרונות און אַפילו קינסטלעריש־געשריבענע ראָמאַנען און פילפאַרביקע ראָמאַנסן וואָס שילדערן די געהיימענישן אין די קייזערלעכע פּאַלאַצן, איבערהויפּט אינמיטן די שפּעטע נעכט, ווען אין דרויסן ווייעט אַ מוראדיקער שניי־שטורעם אַזש די לאַמטערנעס אין די אַלטע גאַסן און געסלעך לעשן זיך אויס, און אַ שפּעט־ביינאַכטישער שיכור אָדער גלאַט אַזוי אַן אָפּגעלעבטער דאָן זשואַן צעברעכט זיך גיכער

די ביינער ביים געפינען דעם ריכטיקן וועג אַהיים צו זיין לעגיטימען ווייב, איידער אַ געוויינלעכער עסטרייכישער קוכאַזש וועמענס זיידעס זיינען געווען פּאָלאַקן און זיי האָבן אָנגעצונדן די אויוונס אין די יידישע הייזער בשעת די שבתדיקע טעג, און די יידן האָבן זיי טאַקע מיט אַ ביסל גוטמוטיקער איראָניע גערופן „שבת־גויים" און זיי מכבד געווען מיט סלאָיען זיסע פיש און גלאַנציקע חלות וואָס האָבן, אַרויסנעמענדיק זיי פון די הייסע אויוונס, אויסגעזען צו זיין ווי געגאָסענע פון גאָלד...

דער חולאוואַטער קוכאַזש וועלכער האָט בשעת זיין לאַנגן לעבן אָפּגעשפּאָרט אָלסערס אין מאָגן און האָט נעבעך נישט געקענט עסן און נאָך וויניקער פאַרדייען און הנאה האָבן פון זיין אייגענעם געקעכטס, האָט שפּעטער אויך אָנגעפירט מיט דער קוך אין דעם בריסעלער פּאַלאַץ פאַר דער שיינער קריסטלעכער קייזערין און אלמנה דיטאַ וואָס האָט געוואוינט מיט איר עלטסטן זון, דעם קרוינפּרינץ אָטאָ, וועלכער האָט פּרעטענדירט אויפן אַלטן עסטרייכישן טראָן פון די האַבסבורגס וועמענס שטול איז געווען היפּש צעפּוילט און אויף וועלכן זיין פאָטער, דער קעניג קאַרל האָט בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, שוין כמעט ביים סוף פון דער וואַקלאַנאַליע פון פעלקער וואָס זיינען שווער אָפּגעגאַנגען מיט בלוט, געהערשט אויף אַ שלימזלדיקן שטייגער. איטשע דער קוכאַזש איז אויך מיט דער קייסערינע צוזאַמען און מיט איר גאַנץ הויזגעזינד מיטגעפאָרן קיין ניו־יאָרק צום שלאָס וואו זיי האָבן זיך באַזעצט און וואָס האָט געהערט צו אַן עלטערן גראַף פון פלעמישער אָפּשטאַמונג. איטשע זשאַבאָ, געטריי צו זיין לעבנס־מלאכה, האָט פאַרשטייט זיך באַדינט און געקאָכט פאַר דער גאַנצער קעניגלעכער פאַמיליע, שוין אַגב אויך באַדינענדיק דעם חשובן און גאַסטפריינדלעכן פלעמישן גראַף, צו וועמען דאָס הערלעכע גוט האָט געהערט און וועמענס זיידעס און באָבעס האָבן אַהער איינגעוואַנדערט בשעת די שטורמדיקע יאָרן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, ווען דער שרעקלעכער טעראָר פון די יאַקאָבינער האָט געדראָט אומצוברענגען און האָט טאַקע אַוועקגעהרגעט די אייראָפּייאישע אַריסטאָקראַטיע...

אַגב האָט איטשע זשאַבאָ נישט געקענט וואויל שלאָפן ביינאַכט, און ער איז אַרומגעגאַנגען אַ וואַכער מיט ממש בלינדע אויגן בשעת די העלע לבנה האָט אַריינגעזילבערט מיט אַ מרה־שחורהדיקן אָפּשיין דורך די בלאַנקנדיקע שויבן פון די אומגעוויינלעך ריזיקע פענצטער. דאָס דאָזיקע ווייסע ליכט פון דער לבנה האָט שיער נישט געטריבן דעם הער זשאַבאָ צו פאַרצווייפלונג און משוגעת. ער איז טאַקע מיט דער צייט געוואָרן אַ פראָפעסיאָנעלער סאָמנאַמבוליסט וואָס איז ממש אין זיין בלויזן העמד געקראָכן איבער די דעכער פונעם אַלטן שלאָס אין לאָנג איילאַנד, צווישן די קעניגלעכע אימעניעס פון די באַרימטע אַמעריקאַנער אינדוסטריעלע פּיאָנערן וואָס האָבן אַמאָל געהאַט אָפּגעקויפט די לעגענדאַרע גיטער וואָס האָבן מיט אַרום צוויי הונדערט יאָר צוריק געהערט צו פראַנצויזישע

אַריסטאָקראַטן וואָס האָבן, ווי שוין געזאָגט, בשעת דער רעוואָלוציע געהאַט געראַטעוועט זייערע פּודירטע און פֿאַרוקירטע קעפּ פֿון דער גיליאָטינע, אַנטלופֿנדיק מיט זייערע פֿרויען און קינדער קיין אַמעריקע און דאָ, אין שאָטן פֿון די אַלטע און מעכטיק־איינגעוואָרצלטע ליפּעס אויף דער קרעפּטיקער ערד פֿון לאָנג־אײַלאַנד, גייענדיק שפּאַצירן בשעת די זון־שקיעהס איבער די געהיימע וועגן און שטעגן פֿון זייערע פּעאָדאַליש־פֿאַנטאַסטישע צויבערגערטנער אויפֿן שטייגער פֿון ווערסײַ ערב דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, אין די צײַטן פֿון דעם „זון־קייסער" לואי דעם פֿערצנטן, האָבן זיי זיך רואיק אויסגעלעבט זייערע יאָרן מיט דער האָפֿענונג זיך נאָך אַמאָל אומצוקערן אין דעם באַפֿרייטן פֿראַנקרייך פֿון דער קאַפּע־דינאַסטיע, וואו זייערע וויגעלעך זײַנען געשטאַנען. אָבער בשעת די דאָזיקע פּריצים זײַנען מיטן גאַנג פֿון די יאָרן געוואָרן פֿאַרעלטערט און זייערע ביינער זײַנען איינגעזאַמלט געוואָרן אויף די פֿאַרשידענע צמענטאַזשעס פֿון לאָנג אײַלאַנד, זיך אויסמישנדיק טויטערהייט מיטן „טשאָרני נאַראָד" (פּראָסטן פֿאָלק), מיט די בירגער פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן וואָס זײַנען געוואָרן זייערע שכנים אין דער ליבעראַלער אַמעריקאַנער ערד, זײַנען געבליבן שטיין פֿאַר די קומענדיקע צײַטן די דאָזיקע גראַנדיעזע געביידעס אין די גרויסאַרטיקע גערטנער און פֿאַרקן וואָס געוויינלעכע מענטשן באַזוכן בשעת די זומערדיקע זונטיק־טעג, און זיי קענען זיך נישט געזעטיקן און זאַט אָפּלויבן פֿון זייער פֿאַרכאַפּנדיקער שיינקייט...

איז אַזוי קריכנדיק ווי שוין פֿריער געזאָגט, איבער די דעכער און באַלקאָנען פֿונעם שלאָס אין לאָנג אײַלאַנד און אויסזעענדיק ווי אַ פֿאַרצײַטישע מאַלפּע וואָס טראָגט שוין דאָס משוגעת פֿונעם קומענדיקן מענטש מיט זײַן הונגער, דורשט, פּחד, איינזאַמקייט און אומעט, האָט דער קוכאַזש ממש געטראָגן אין זײַן מוח געוואַגטע חלומות: ער האָט חשק געהאַט אַזוי שווינדיקערהייט און מיט פֿאַרשלאָפֿענע אויגן צו דערגיין אַזש ביז צו דער לבנה...

איטשע זשאַבאָ, ווי מען קען זיך וואויל פֿאָרשטעלן, איז געווען אַ שטאַרק־נערוועזער מאַן. איך ווייס נישט גענוי מיט ווען ער איז דאָ געקומען אין דעם פֿרײַנדלעכן הויז, ווײַל געוויינלעך האָט מען אים קיינמאָל נישט געזען שפּאַצירן מיט קיין שום פֿרײַנד. ער איז פֿאַקטיש געווען דער עלנטסטער מענטש אין דער סביבה. בשעת דער גאַנצער צײַט וואָס עס זײַנען אָנגעגאַנגען לעבהאַפֿטיקע וויכוחים צווישן די מענטשן וואָס האָבן זיך אָפֿט פֿאַרוואַנדלט אין אָפֿענע קריגערייען און אַמאָל אין געשלעגן אויך, איז ער געזעסן אין זײַן חדר אַזאַ שטרענג אָפּגעזונדערטער פֿון אַלעמען ווי אַ חיה אין אַן אײַזערנער שטײַג פֿון זאָאָלאָגישן גאָרטן וואָס זוכט מיט אומגעדולד פֿון אין דער פֿרי ביז שפּעט בײַנאַכט אַן אַנטרינונג פֿון איר געפֿאַנגענשאַפֿט, ביז עס קומט אַ מאָמענט אין דער טונקלקייט ווען זי זעט ענדלעך איין אַז קיין שום אַנטרינונג איז נישט

מעגלעך. דעמאָלט זעצט זי זיך אַוועק אין אַ ווינקל אויף אַ שטיק פעלדז און וויינט, און זי שלאָפט טאַקע איין וויינענדיקערהייט. איטשע זשאַבאָס אויגן זיינען מערסטנס געווען פאַרמאַכטע. פונדעסטוועגן האָט מען געהאַט דעם איינדרוק אַז ער זעט, אָבסערווירט און ער באַטראַכט די שאָטנס פון מענטשן ווי מיט עלעקטרישע אויגן. די מינע אויף זיין אָפּגעמאָגערט פנים איז געווען אַ זויערע און פאַרביטערטע. נאָר ווען ער האָט פון צייט צו צייט געעפנט בלויז איין און איינציק אויג, און דווקא דאָס רעכטע שוואַרצאַפּל, איז זיין בליק אָפּטמאָל געווען אָנגעשטעלט אויפן סאַרקאַסטישן פּאַציענט דר. טעאָדאָר פּעפּער. אין וואוקס זיינען זיי ביידע געווען כמעט ענלעך איינער צום אַנדערן ווי צוויי צווילינג־ברידער. איטשע זשאַבאָ האָט שאַרף אָנגעקוקט דעם היפּנאָטיסט ווי מיט פאַראַכטונג און אָפענער שנאה. מען האָט געהאַט דעם איינדרוק אַז ווען דער קליינגעוואוקסיקער דר. פּעפּער וואָלט געוואַגט צו פּרואוון היפּנאָטיזירן דעם קוכאַזש, ווי ער האָט דאָס געטאָן מיט אַנדערע פּאַציענטן אין דעם הייל־אַנשטאַלט, וואָלט אים דער הער זשאַבאָ אויסגעדראַפּעט די אויגן מיט זיינע קרומע, אַלטע און שפּיציקע נעגל, שוואַרצע ווי טינט, וואָס זיינען געוואָקסן אויף די שפּיצן פון זיינע געל־געפּלעקטע פינגער, און ער וואָלט אים אָפּגעקאָכט אין אַ קופּערנעם קעסל מיט קאָכעדיק וואַסער אויף אַ שטאַרקן פייער ווי אין גהינום. דערנאָך וואָלט ער אים צעשניטן אויף קליינע חלקים און אויסגעשטעלט אויף די מערסטע טישן אין דעם גרויסן זאַל כדי די פּאַציענטן זאָלן הנאה האָבן פון אַ רעכט שטיקל טרייפענעם פלייש, כאָטש דר. פּעפּער איז דווקא געווען אַ ייד אַ תּלמיד חכם. ער אַליין וואָלט אים געפּרואווט, שוין אַן אָפּגעקילטן, איינצובייסן מיט זיינע צעפוילטע ציין, ביז די ביינער פון דר. פּעפּערס צעפאַלנדיקן סקעלעט וואָלטן שוין אָנגעהויבן פון אים אַרויסצושטאַרטשן און אונטערצופוילן אויך. אָבער, ווי שוין דאַכט זיך פריער געזאָגט, דר. פּעפּער איז געווען אַ מענטש אַ חכם. ער האָט אויסגעצייכנט געקענט לייענען די נשמות פון זיינע קרבנות בשעת זיי האָבן נאָך געוואוינט אין זייערע צעבראָכענע מענטשלעכע גופים. נאָכן טויט פון די גופים האָט ער מיט די נשמות געהאַט, ווי ער האָט שוין אַליין פאַרזיכערט, קנאַפּע עסקים. אָבער ער האָט געענוי געוואוסט אַז ער טאָר דעם הער זשאַבאָ נישט פּראָוואָצירן אויפן מינדעסטן, מחמת זיינע נערוון האָבן בוכשטעבלעך געבריט און געברענט...

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, זייענדיק אינעם הייל־אַנשטאַלט כמעט דער עלטסטער פּאַציענט, האָט דר. הערמאַן שוואַט, דער הויפּט־דאָקטאָר און דירעקטאָר, געוואַגט אויסצושרייבן הער איטשע זשאַבאָ פונעם סאַנאַטאָריום אַלס פּאַציענט. הער זשאַבאָ איז געווען געצוואונגען צו דינגען אַ קליינטשיק חדרל אין אַ זייטיקן האָטעל אין דענווער, וואו עס האָבן זיך צווישן אַנדערע עלטערע איינוואוינער, קראַנקע זקנים, איינזאַמע אלמנות, ווי אויך אַ פּאָר ווייס גוואַרדייאישע אימיגראַנטן וואָס

האָבן נאָך געדינט בשעת זייערע ייִנגערע יאָרן אין דעם צאַרס אַרמייען און זיי האָבן געקעמפּט קעגן טערקיי און יאַפּאַן, אויך אויפגעהאַלטן עטלעכע שטאַרק געשמינקטע פרויען צו וועמען עס פלעגן בשעת די שפּעטע שעהן פון די נעכט גיין אויף די הילצערנע טרעפּ אומרואיקע געסט וואָס האָבן מיט אַ היציקן ריטם פון זייערע טריט אויסגעדריקט זייער אימפּעט, אומגעדולד און זייערע נערוועזע און לוסטפולע באַגערן נאָך דעם מין פרויען. אָבער איטשע זשאַבאָ האָט די אַטמאָספערע אין דעם דאָזיקן האָטעל און באָרדעל וועלכן ער האָט אָנגערופן „דאָס קליינע גהינום" נישט געקענט פאַרטראָגן. האָט ער זיך אַריינגעצויגן אין אַן אַנדערן איינזאַמען האָטעל פאַר אויסגעדינטע סאָלדאַטן, שלאַפּע וועטעראַנען אַזש פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווען ער איז אין איינער אַן אומהיימלעכער נאַכט אויסגעגאַנגען אַ שיכורער, ווערט ער באַגראָבן אויפן בערגל צווישן די פרישע קברים פון אַ פּאָר ייִנגע מיידלעך וואָס זיינען אומגעקומען נאָך עטלעכע ריפּנאָפּעראַציעס וואָס דר. צ., אַ דייטשער דאָקטאָר, האָט איבער זיי געהאַט אַדורכגעפירט, אַרויסברעכנדיק פון זייערע ברוסט־קאַסטנס די ביינער פון די ריפּן. אָבער די פּראָגנאָזן פון זייערע מעגלעכקייטן אויסגעהיילט צו ווערן אַדאַנק די דאָזיקע ברוטאַלע אָפּעראַציע־סעריעס אין משך פון עטלעכע יאָר צייט זיינען געווען נול, לויט די מיינונגען פון אַנדערע דאָקטוירים־קאָלעגן פונעם שפּיטאָל־סטעף. אָבער די מלחמה קעגן די שווינדזוכט־קראַנקהייט וואָס איז אייגנטלעך געוועזן אַ טויזנטיאָריקע עפּידעמיע קעגן דער מערסטנס אָרעמער באַפעלקערונג, האָט געדאַרפט ווייטער אָנצוגיין... דאָס כירורגישע מעסער פון דעם דר. צ. האָט נישט געטאָרט רוען, מחמת ער איז דאָך געווען אַ שטרענגער דייטשער כירורג און זיין באַרבאַרישע פּראַפּעסיע האָט אים געבראַכט היפּשע ריווחים; אויך כבוד אין די הויכע פענצטער פון דער געהויבענער געזעלשאַפט, אויך אַ סך פאַרגעניגן ביים צעשניידן די אברים פון ייִנגע און דווקא לעבעדיקע מענטשן... ווען ער האָט געדאַרפט צו פאַלמעסן אַ מת, האָט ער זיך העפלעך און דיפּלאָמאַטיש אָפּגעזאָגט. פונדעסטוועגן האָט ער אין משך פון לאַנגע יאָרן פאַרקריפּלט אַ שלל מיט ייִנגעלייט אין געראָטענע מיידלעך וואָס האָבן זיך שפּעטער געשעמט מיט זייערע איינגעפאַלענע אַקסלען און פאַרקריפּלטע פּלייצעס פון וועמען די רוקנביינער זיינען אַרויסגעבראָכן געוואָרן כדי די לונג וואָס די שווינדזוכט־מיקראָבן האָבן אַטאַקירט, זאָל זיך אַרונטערלאָזן און דערמעגלעכן די לעכער און וואונדן, איינגעביסענע און הוילע, זאָלן ווערן פאַסיוו און מיט דער צייט זיך פאַרשליסן און נעמען אין געפּאַנגענשאַפט אינעווייניק די שעדלעכע קאָך־באַצילן...

בשעת איינעם פון מיינע אָפטע באַזוכן אויפן קליינעם בית עולם מיט די קברים פון די פּאַציענטן, מערסטנס קרבנות פון דעם דייטשן כירורגס עקספּערימענטאַלע אָפּעראַציעס, האָט ווייזט אויס פון די ריזיקע ראַקי־בערג פאַרבלאָנדזשעט עפּעס אַ געלע און שוין עלטערע זשאַבע מיטן פּנים פון אַ מידן מענטש, אַ גאַנץ באַקאַנטן פּאַסאַזשיר, צום באַרגיקן

בית עולם. זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אירע גרויסע און געלע אויגן ווי ביי אַ זקן בן זקן. אַ שוידער איז מיר אַדורך איבערן לייב: איך האָב פּלוצלינג אין דער איינזאַמער זשאַבע דערקענט דאָס פּנים פון מיין פריינד, הער איטשע זשאַבאָ... זיינע טרויעריקע שוואַרצאַפּלען האָבן אַרויסגעקוקט פון דער זשאַבעס אויגן. איך האָב צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן געזען ווי אַזוי אַ זשאַבע וויינט צווישן די גראָזן און פּלאַנצן פון די פריערדיקע יאָרן מיט קראָקאָדילישע טרערן. איך האָב פּלוצלינג דערפילט אַן אינטענסיוון פאַרלאַנג צו רעדן צו דער אומגליקלעכער זשאַבע מיט איידעלע און טרייסטנדיקע רייד. אָבער גיי טרייסט אַן אַלטע קלאָגע אַזאַ פון אַ זשאַבע מיט אַ פרעמדן לשון וואָס זי פאַרשטייט נישט מער אין איר איצטיקן גלגול?! סיידן מיר וועלן זיך ווידער באַגעגענען מיט אַ יאָרטויזנט שפּעטער, אויב דער פּלאַנעט אונדזערער וועט נאָך דעמאָלט עקזיסטירן און שפּאַצירן אויף זיין עליפּטישן וועג אין דער אָרביטע פון דער שיינער זון, אונדזער אַלעמענס וואַרעמע פריינדין, וואָס האָט טאָקע געוואַרעמט דורך ביליאָנען לאַנגע טעג די מענטשלעכע אָרעמעלייט ווי אויך די מערסטע באַשעפענישן פון דער ערד...

## דער שעפּס אויף דער עקדה
### זכרונות וועגן א. אַלמי

פון יוני, 1963. ניין אַזייגער אין דער פרי. איך בין היינט צוגעפאָרן צום שריפטשטעלער א. אַלמי אינעם פּסיכיאַטרישן אָפּטיילונג פונעם הר סני שפּיטאָל וואוהין מען האָט צוגענומען דעם שרייבער א. אַלמי צוליב זיין פאַרזוך צו באַגיין זעלבסטמאָרד. נעכטן ביינאַכט האָט מיך אָפּגערופן דער מחבר פון היסטאָרישע ראָמאַנען וואָס דרוקן זיך אין היגן טעגלעכן „טאָג־מאָרגנזשורנאַל״, שלמה ראָזענבערג, מיר דערציילנדיק אַז אַלמי האָט זיך איבערגעשניטן די אָדערן פון זיינע ביידע הענט־דלאָניעס. איך בין גראָד אַהין אָנגעקומען ווען אַלמי האָט אַביסל געהאַט איינגעדרימלט. צי לעבט ער נאָך? — האָב איך זיך געפרעגט, נישט טראַכטנדיק הויך... עס האָט זיך מיר געדאַכט אַז ער אָטעמט נישט מער. זיין קאָפּ איז געווען פאַרוואָרפן אויף אַהינטער. די הענט זיינען געווען פאַרבאַנדאַזשירטע. אָבער דאָס בלוט האָט אַדורכגעבלוטיקט ווי אַ שטאַרק־רויטע פאַרב דורך די באַנדאַזשן. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט אַז ער טראָגט אויף די דלאָניעס גאָלדענע בראַסלעטן. מאָנטיק ביינאַכט האָט ער זיך אויפגעשניטן די אָדערן פון זיינע ביידע הענט מיט אַ ראַזיר־מעסער (אַזוי דאַכט זיך מיר). מען באַדאַרף זיין אַ ברוטאַלער מענטש צו קענען זיך איינשניידן די אייגענע וואַרעמע הענט וואָס גאָט אָדער מיליאָנען יאָרן עוואָלוציע פונעם מענטש האָבן דיר געשאָנקען כדי צו טאָן אַלע דיינע באַדערפענישן אין דיין קינדהייט ביז דו פאַרוואַנדלסט דיך אין אַ זקן, אויב דער וואָס לעבט אייביק שענקט דיר אין זיין גענאָד לאַנגע יאָרן ביז אין דער טיפער עלטער. אגב שרייבסטו דאָך מיט די דאָזיקע הענט דורך אַ גאַנץ לעבן אויף

דיין וואַרעמען יידיש וועגן יידישע שרייבער, יידישע פּראָבלעמען, יידיש לעבן אין וועגן יידישן טויט און יידישע ווייטיקן...

איך האָב אָנגעקוקט אַלמין און זיך געמאַכט אַז איך ווייס אַבסאָלוט גאָרנישט וועגן זיין מאָרבידן שריט; וועגן דעם אַז איינער אַ יידישער שרייבער האָט געוואָלט און געוואַגט צוריק צו געבן זיין לייב און לעבן צו גאָט און צו דער ערד... אַלמי שפּירט מסתמא עמעצנס אָנוועזנקייט נעבן זיין ווייסן שפּיטאָל־בעט. ער כאַפּט זיך אויף און ער קוקט מיך לאַנג אָן ווי ער וואָלט זיך וועלן דערמאָנען ווער אייגנטלעך איך בין... איך שווייג. ענדלעך זאָגט ער צו מיר:

— איר ווייסט גאָרנישט?

— ניין. גאָרנישט...

—איר ווייסט טאַקע נישט אַז אַלמי האָט געוואָלט באַגיין זעלבסטמאָרד? קוקט אָן מיינע פאַרבלוטיקטע הענט. זיי זיינען מיינע עדות. מיט בלוט אויף די הענט איינגעשמירטע עדות...

איך שווייג. ער חזרט איבער:

— איז עס טאַקע מעגלעך אַז איר זאָלט נישט וויסן אַז אַלמי האָט געוואָלט באַגיין זעלבסטמאָרד?

— ניין, אַלמי טייערער. ווער האָט אייך טאַקע געצוואונגען צו באַגיין אַזאַ מין פאַרצווייפלטן שריט? ווער האָט אייך געטריבן צו דעם אַז איר זאָלט פרייוויליק וועלן אויפגעבן אייער לעבן וואָס גאָט האָט אייך אין זיין גרויס גענאָד געשאָנקען כדי צו שרייבן באַדייטנדיקע ווערק? אפשר כדי עמעצן צו טרייסטן אין גהינום? האָט איר טאַקע דאָס איינציקע לעגאַלע רעכט איבער אייער נשמה? פילט איר זיך גענוג פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אייערע מעשים? צי האָט אפשר דער רבונו של עולם נאָך ווייניק טויטע יידן אין זיין האַדעס־קעניגרייך?

— דאָס לעבן האָט מיך געטריבן צום טויט. — זאָגט ער מיר שטילערהייט. איך זע אַז ער איז צעטומלט. ער איז טאַקע וואַך. אָבער ער רעדט נאָך מיט ברעקלעך שלאָף אין זיין מוח. עס פאַלט מיר אויך איין אַ מחשבה וואָס איך האָב מורא אין זיין אָנוועזנקייט צו טראַכטן הויך: אַז ער רעדט עפּעס היינט פאַר מיר מיט שענערע שורות אָדער פּראַזן ווי ער שרייבט געוויינלעך אין זיינע פעליעטאָנען...

אין אַלמיס שפּיטאָל־ווייסן חדרל פליען אַרום שוואַרצע פליגן ווי לעבעדיקע פלעקן; גלאַנציקע, געזונטע פליגן, פולע מיט לעבנס־קראַפט. זיי טראָגן שוין אין זיך די חוצפה און דעם ראַזמאַך (אימפּעט) פונעם זומער. דער נערוועזער אַלמי קען זיי נישט פאַרטראָגן. אָבער די פליגן זיינען געבוירענע ציניקער. זיי רייצן זיך דווקא מיט אַ היפלאָזן מענטש. און פאַרוואָס בייסן זיי דווקא אין זיין יידישער נאָז? משוגענע און אַנטיסעמיטישע פליגן זיינען דאָס, טראַכט איך. וואָרים וואָס דען טוען פליגן אין אַ הויז פאַר צערודערטע יידן, פאַר גייסטיק־קראַנקע?!

איך וויל טראָץ מיינע רעזערווירטע ווערטער און קאַלטער באַציאונג

צו אים, דאָך אויסדריקן מיין וואַרעמקייט און באַדויער צו אַן איינזאַמער נשמה. איך וויל אָנרירן זיין רעכטע האַנט, אָבער נישט די פייכטע מיט בלוט, נייערט די טרוקענע האַנט וואָס טראָגט מכלומרשט אַ בראַסלעט פון גאָלד. אָבער דאָס בלוט איז מער פאַרטרוקנט ווי די רעכטע האַנט. דערביי טראַכט איך: זיי נישט קיין כוליגאַן און מאַך נישט קיין דיכטונג פון יידיש בלוט און פון אַ געפאַלענעם מענטש...

ער כאַפּט אַוועק די האַנט פון מיינער. איך האָב אים געוואָלט זאָגן:

— פריינד אַלמי, איר האָט דאָך געהאַט גענוג צרות אָן „דעם" אויך. איצט האָט איר צוויי פאַרבלוטיקטע הענט, כמעט טויטע הענט, בשעת איר אַליין זענט דאַנקען גאָט געבליבן לעבן. איר וועט זיך איצט נאָך לאַנג באַדאַרפן צו מאַטערן אין דעם דאָזיקן הויז פאַר גייסטיק־קראַנקע. צו וואָס האָט אייך דאָס געטויגט? צו וואָס האָט איר נאָך אַליין, פרייוויליקערהייט, פאַרערגערט אייער מעמד?

איך האָב אָבער גאָרנישט געזאָגט. קען ער דען באַנעמען אויף אַ ראַציאָנעלן שטייגער ניכטערע און לאָגישע רייד? אין זיינע ביידע אויגן, זע איך בפירוש, שטייט אַ מין פינצטערניש פון עפּעס אַזאַ ווייטער, פרעמדער און אומהיימלעכער נאַכט, ווי נישט פון דער דאָזיקער וועלט. די נאַכט פון טויט שטייט, זע איך, אין זיינע ביידע אויגן. איך האָב אָבער גאָרנישט געזאָגט. צו וועמען זאָל איך רעדן? איך זע ווי ער שטעלט זיך קוים אויף כּדי אַרויסצוגיין אין באָד־צימער. פּלוצלינג פאַלט ער אום און ער זינקט אַרונטער ווי אַ שווערער פעלדז אין דער טיפקייט פון אַ טייך. איך ווייס אַז מיט מיינע באַגרענעצטע כוחות וועל איך אים נישט קענען אויפהויבן. איך רוף אַריין אַ קראַנקנשוועסטער. זי שרייט אויף אים מיט עפּעס אַ הייזעריקן קול. זי שטעלט אים קוים אויף ווי אַ אומגעפאַלענעם דענקמאָל פון אַ פאַרצייטישן קייסער אין מוזעאום און זי פירט אים אַרויס אָן אויסצורעדן אַן איינציק וואָרט...

באַלד קומט ער צוריק אַליין: אַן אַלטער, גרייז־גרויער מאַן וואָס וואַקסט אַראָפּ־צוצו, צו דער ערד, צו זיין קבר. איך בין אָבער נישט איבערגעצייגט אַז ער האָט דווקא ליבער דעם טויט ווי דאָס לעבן. ער זאָגט:

— די קאָלעגן מיינע וועלן זיך מוזן צוזאַמענקומען און מיר שאַפן אַ לייטישע דירה נעבן זייערע אייגענע היימען און הייזער, כדי איך זאָל תמיד האָבן דאָס געפיל אַז איך בין נישט אינגאַנצן אַליין. איך קען נישט מער זיין אַזוי מוראדיק איינזאַם. איך קען בשום אופן נישט. יהושע פערלע אין וואַרשע האָט מיך קיינמאָל נישט איבערגעלאָזן אַליין. אָבער זינט ער האָט זיך איינגערעדט אַז זיין ווייב פאַרראַט אים, אַז זי שלאָפט מיט מיר, האָט ער מיך אָנגעהויבן אויסצומיידן...

נו, טראַכט איך, דאָס שמעקט שוין מיט זיין פּאָפּולערער באַרימעריי... אַ שווייס באַשלאָגט איצט זיין קאַלך־בלייכן שטערן. וועלכע קאָלעגן אין ניו־יאָרק וועלן גרייט זיין אים צו שאַפן אַ וואוינונג

נעבן זייערן? ווער וועט דען האָבן געדולד צו אים, אויסצוהערן זיינע מעשיות וויפיל שיינע פרויען האָבן אים ליב געהאַט? וויפיל טענצערינס האָבן זיך אויפגעהאָנגען צוליב אים? וועלכע מיידלעך האָבן זיך פאַרסמט צוליב זיין אָפּגעזאָגטער ליבע צו זיי? עס איז פאַראַן בלויז איין אמת און טרויעריקער פאַקט: אַז זיין לעגאַלע פרוי האָט זיך אומגעבראַכט צוליב זיין אימפּאָטענץ... זי איז געבליבן הענגען עטלעכע טעג אין איר חדר ווען ער האָט זיך געפונען אין פּאַריז...

אַזוי דערציילן קאָלעגן. מיינס אַ פריינדין האָט גוט געקענט זיין פאַרצווייפלטע פרוי. זי האָט מיר דערציילט אַז ווען דער געליבטער פון אַלמיס ווייב האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערער געליבטער זיינער, האָט זי דעמאָלט באַשלאָסן צו ענדיקן איר לעבן...

אַלמי האָט נישט אינגאַנצן פאַרלוירן זיין שכל. ער קוקט מיך אָן און איך דערקען אַז ער טראַכט: צו וואָס טויג אָט דאָס גאַנצע רעדן? ער ווייסט אַלץ. די קאָלעגן אין „קאַפּע ראָיאַל" האָבן אים שוין גוט באַאַרבעט וועגן מיין לעבן, מיינע ראָמאַנסן מיט ווייבער, מיינע ראָמאַנטישע אַוואַנטורעס... ער ווייסט מער וועגן מיין לעבן ווי איך אַליין ווייס...

אַלמי לייגט זיך צוריק אַוועק אויפן בעט און ער טרייבט אַוועק פון זיך מיט אַ האַנטוך די הונגעריקע פליגן וואָס טשעפּן און פייניקן אים אויף אַן עקשנותדיקן שטייגער ווי זיי וואָלטן זיין די טונקעלע נשמות פון די צינישע קאָלגען אין „קאַפּע ראָיאַל"...

און איך טראַכט כמעט די אייגענע מחשבות. וועלכע קאָלעגן וועלן דען אים שאַפן אַ באַקוועמע וואוינונג אין די היינטיקע צייטן? ווער האָט עס דען ליב אַן עלטערן מאַן ביי זיך אין דער היים, בשעת ער רעדט כסדר אַז ער וועט סוף כל סוף אין איינער אַ נאַכט זיך נעמען דאָס לעבן, און קיינער וועט מער נישט זיין אימשטאַנד אים אָפּצוראַטעווען... און אַז אויב ער וועט אַזוי יעדעס מאָל בלייבן לעבן נאָך אַ נייעם זעלבסטמאָרד־פּרואוו, וועלן די ווייבער פון די קאָלעגן אים פאַרטרייבן פון זייערע היימען. צי ווייסט ער דען נישט אַז די וועלט איז אַ גהינום צום איינזאַמען מענטש אין דער גרויסער שטאָט?!...

איך גיי צו נאָענט צו זיין בעט און דריק אַ ווייל זיין רעכטע פאַרבלוטיקטע האַנט. ער קוקט מיך אָן מיט אַ סך וואַרעמקייט און דאַנקבאַרקייט. איך דערמאָן זיך אַז זיין נאָמען אַלמי איז בלויז אַ ליטעראַרישער פּסעוודאָנים. זיין אמתדיקער נאָמען איז אליהו שעפּס. און בשעת ער ליגט אַזוי אויפן בעט אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג זיינער, ווערן זיינע אויגן פייכט. ער וויינט מיט אַ שטילן געוויין וואָס רופט אַרויס אַ סך מיטלייד צו אים אין מיין האַרצן. אַ טיף רחמנות באַהערשט מיך. איך וואָלט אים וועלן העלפן, גוטס טאָן, רעדן צו אים טרייסטנדיקע רייד. איך זע אַז אויפן בעט זיינעם ליגט אין סך הכל אַ הילפלאָזער זקן, טאַקע אַ לעבנס־מידער שעפּס אויף דער עקדה. אין זיין סאַמע לעצטן בוך „חשבונות און סך־הכלן" האָט ער נאָך אַריינגעשטעלט אַ

צאָל גלאַנציקע פאָטאָגראַפיעס פון עטלעכע שיינע פרויען וואָס זיינען מכלומרשט געווען שטערבלעך פאַרליבט אין אים. זינט זיין ווייבס זעלבסטמאָרד איז ער יאָרנלאַנג אַרומגעגאַנגען אין די קאַפעטעריעס און רעסטאָראַציעס און ער האָט דערציילט מעשיות פון זיינע ראָמאַנטישע אַוואַנטורעס און עסקאַפּאַדעס. אָבער דער ריינער אמת איז געווען אַז ער איז אין דער מיליאָניקער יידישער ניו־יאָרק געווען דער איינזאַמסטער מענטש אין דער גאָרער וועלט...

ווען דער פריינד ברברש, זיין אָפיציעלער צוואה־אויספירער, האָט מיך איינגעלאַדן נאָך אַלמיס פטירה צו קומען אין זיין הויז, האָבן זיך די ביכער מיט די ווידמונגען פון זיינע קאָלעגן אַרומגעוואַלגערט אויף דער נישט־גערייניקטער פּאָדלאָגע. פריינד ברברש האָט מיך געבעטן דורכצוקוקן אַ וואַליזע מיט אַלטע בריוו, כדי אויסצוברעקירן פאַרן מיסטקוישל די אומוויכטיקע בריוו, און ער האָט מיר דערביי דערלאַנגט אַ גאַנצן פּאַק מיט שוין אויסבראַקירטע בריוו כדי זיי טאַקע אַרויסצוּוואַרפן... איך האָב איינגעזען אַז די מערסטע בריוו זיינען געווען פון באַדייטנדיקע יידישע מחברים, דיכטער, דענקער, לערער און קאָלעגן וואָס געפינען זיך שוין זינט יאָרן אין גן־עדן. איך האָב נישט געהאַט קיין האַרץ די דאָזיקע זעלטענע בריוו־אוצרות אַרויסצוּוואַרפן. איך האָב זיי צוריק אַריינגעלייגט אין דער וואַליזקע, האָפנדיק אַז מען וועט אויף די דאָזיקע ממש אַנטיקוואַרישע בריוו רחמנות האָבן און זיי נישט פאַרניכטן. איך האָב אָבער אויפגעהויבן פונעם מיסט־קוישל אַ היפשן פּעקל מיט אַרויסגעוואָרפענע און צעריסענע בריוו. איך בין געווען נייגיריק און גאַנץ פאַרדעכטיק צו וויסן וואָס אַזוינס מען האָט אַרויסגעוואָרפן „למות", צום פאַרניכטן זיי. איך בין געווען איבערראַשט אַז מיין פריערדיקער שופט וואָס האָט פאַרמשפּט די בריוו צום אומקום און זיי טאַקע אַריינגעוואָרפן אין מיסט־קוישל, איז, מילד גערעדט, געווען שטאַרק אומגערעכט צו די בריוו: מחמת אָנגעזעענע שרייבער, קריטיקער, דיכטער און עסייאיסטן האָבן די דאָזיקע צום אומקום פאַרמשפּטע בריוו געשריבן. איך האָב דעריבער דעם גאַנצן פּאַק מיט בריוו אַרויסגענומען פונעם קויש און זיי אַריינגעלייגט צוריק אין דער וואַליזע. אָבער ביזן היינטיקן טאָג ווייס איך נישט וואָס עס איז געווען זייער גורל. צי האָב איך זיי טאַקע געראַטעוועט פון „אומקום"? איך צווייפל. יענער „שופט" וואָס איז געקומען נאָך מיר האָט מסתמא די דאָזיקע בריוו־אוצרות פון פערזענלעכקייטן ווי דר. קאָראַלניק, יהואש, דר. זשיטלאָווסקי, ראובן ברייינין און אַנדערע גדולים פון גייסט און קולטור, אומגעבראַכט... און יענע בריוו וואָס איך אַליין האָב דורכגעקוקט אין איילעניש און זיי אַריינגעוואָרפן צו די נאָך נישט דורכגעלייענטע בריוו אין דער וואַליזע, האָבן מסתמא געהאַט אַן ענלעכן טרויעריקן גורל...

אָבער איך האָב בלויז באַוויזן אויפצוהויבן פון דער פּאָדלאָזע צוויי ביכער וואָס איך האָב בשום אופן נישט געהאַט קיין האַרץ זיי

איבערצולאָזן אויף הפקר זיך דאָ צו וואַלגערן אין שטויב. איך האָב זיי אַהיימגעטראָגן און ביינאַכט, כאָטש שוין אַ שטאַרק מידער און אויסגעשעפּטער, האָב איך זיי מיט אַ סך פאַרגעניגן און מחיהדיקער סאַטיספּאַקציע פון מיין האַנדלונג געלייענט: איין בוך איז געווען אברהם גאָלדפאַדענס אַ דראַמאַטיש ווערק וואָס ער האָט מיט זיין ווידמונג געהאַט געשאָנקען צו אַ נאָענטן פריינד, זיינס אַ לאַנדסמאַן. דאָס צווייטע בוך איז געווען „סערקעלע״, אַ קאָמעדיע וואָס האָט געבראַכט אַ סך נחת רוח צו עטלעכע יידישע דורות טעאַטער־גייערס, און עס איז געווען געשריבן פון דעם באַרימטן בן־עיר פון פּרצן — דר. שלמה עטינגער. איך האָב דערנאָך די ביידע ביכער אָוועקגעשיקט צו אַ יידישער אינסטיטוציע; פּינקטלעכער געזאָגט: צו דער פּאָפּולערער „יודאַאיקאַ־זאַמלונג״ אין דער קעניגלעכער ביבליאָטעק אין קאָפּנהאַגען וואָס באַשטייט פון גאַנצע זיבעציק טויזנט בענדער...

אין אַלמי׳ס וואוינונג איז געשטאַנען אַ היפּשע ביבליאָטעק מיט מערסטנס געשאָנקענע ביכער פון זיינע פריינד, די יידישע שרייבער: איך ווייס נישט וואָס עס איז שפּעטער געווען דער גורל פון די דאָזיקע זעלטענע ביכער פון באַרימטע יידישע שריפטשטעלער...

דער סטרוזש פונעם הויז וואו אַלמי האָט געוואוינט איז געווען אַ יידישער מענטש. איך בין צוגעגאַנגען צו אים און אים פריינדלעך געבעטן מיר צו ווייזן פון וועלכן פענצטער אַלי האָט זיך ביינאַכט אַראָפּגעוואָרפן צום טויט. ער האָט מיך צוגעפירט צו איינעם פון די זייטיקע פענצטער וואָס גייען אַרויס אין הינטערגרונט פונעם הויז. דער שטח צווישן די ווענט איז געווען זייער נאָענט איינע צו די אַנדערע. די מאַסיווע און שפּיציקע שטיינער האָבן זיך כמעט קעגנזייטיק באַרירט. און אַראָפּפאַלנדיק אונטן, אויפן ברוק, האָט זיך אַלמי שטאַרק צעשלאָגן דעם גוף זיינעם. ער איז ממש צעשמעטערט געוואָרן ווען ער האָט ענדלעך געלאַנדעט אויפן נאַקעטן שטיינערנעם באָדן. די מענטשן וואָס האָבן אָנגעקוקט אַלמין אין אָרון בשעת דער לוויה, האָבן אים נישט דערקענט. ער איז געווען מוראדיק צעניזוקט. „עס איז גאָרנישט אַלמי!״ — האָב איך געהערט זייערע רייד. זיי מאַכן אַ גרויסן טעות. אַלמי איז גאָרנישט געווען אַזוי אַלט. און ווער האָט דאָס אים אַזוי שרעקלעך צעממיתטו? האָבן אים אפשר שיכורע מלאָכים צעשלאָגן אין שענק? איך האָב געטראַכט אַז אויב אַלמי הערט אין אָרון זייערע רייד, וועט ער זיי טאַקע גלויבן אַז דער טויטער איז נישט ער. ער וועט זיך פּשוט אַרויסגנבענען פונעם אָרון און אַריינגיין אין אַ באַלויכטענער קרעטשמע כדי צו טרינקען גוטן ווייַן. איך האָב זיך אַגב דערמאָנט אַז ביי אים אין שענקל איז תמיד געשטאַנען אַ פולע און בייכיקע פלאַש מיט רויטן וויין. ווען נאָר איך האָב אים באַזוכט, איז די פלאַש געווען פול מיטן זעלביקן גאַלאָן וויין... ער האָט, הייסט עס, אָפּגענאַרט זיינע געסט אַז ער טרינקט ביז שיכרות. אַז ער פאַרמאָגט אויך אַ גאַנצן האַרעם מיט ווייבער; אַז ער באַזוכט יעדע נאַכט די אָפּעראַ מיט אַ

טייל פון זיי... אַז זיין אייגן ווייב קומט אָן די קומענדיקע וואָך מיט אַן עראָפּלאַן פון אויסטראַליע... אין דער אמתן איז זי שוין געווען אַ באַגראָבענע זינט לאַנגע חדשים...

א. אַלמי האָט זינט לאַנגע יאָרן געהאַט אַ וויכטיקן פּאָסטן אין אַ חשובער יידישער אינסטיטוציע. ער האָט פאַרשטייט זיך געקראָגן אַ פיינעם געהאַלט און ער האָט אין משך פון די יאָרן אָנגעזאַמלט אַ היפּשע סומע געלט. דאָך ווען ער האָט אַרויסגעגעבן אין בוענאָס איירעס זיין בוך „חשבונות און סך־הכלן", האָט ער זיך געוואָנדן צו זיין נאָענטן פריינד אברהם זאַק, דעם פּאָעט און מעמואַריסט, וועמען ער האָט געקענט נאָך פון וואַרשע און וואָס איז אויך געווען דער אינטימער פריינד פון דעם לירישן פּאָעט לייב ניידוס. אַלמי האָט געבעטן זאַקן אַז ער זאָל צונויפזאַמלען געלט כדי צו דערמעגלעכן דאָס דרוקן פון זיינע מעמואַרן אין אַרגענטינע: פּשוטער גערעדט: אַז אברהם זאַק זאָל דעקן די הוצאות כדי צו קענען פאַרעפנטלעכן זיינע מעמואַרן...

„חשבונות און סך־הכלן" איז נישט געווען קיין באַדייטנדיק ווערק. קודם כל האָט ער דערינען, ווי שוין דערציילט, אַריינגעשטעלט פּאָטאָגראַפיעס און באַשרייבונגען וועגן אַ צאָל נישט־יידישע פרויען, אַקטריסעס און טענצערינס. אַלץ כדי זיך לעכערלעך צו מאַכן און זיך צו באַרימען מיט זיין ראָמאַנטישן און באָהעמישן אופן פון לעבן און אַזוי אַרום מסתמא אָפּצולייקענען בלבולים וועגן זיין אינטימען לעבן. עס זיינען פאַראַן אין דעם בוך אויך עטלעכע ווערטפולע אויטאָביאָגראַפישע שאַפונגען פון אַ בעסערן ניוואָ ווי זיינע אַנדערע און מער אינטימע באַרימערייען... אָבער די ווירקונג אויפן לייענער איז דווקא געווען אַ פאַרקערטע, אַ נעגאַטיווע...

עטלעכע פון מיינע פריינדינס, די זינגערין עסטעלאַ גלאַזער און איר שוועסטער, האָבן צייטווייליק, בשעת זייער גאַסטראָלירן אין ניו־יאָרק מיט קאָנצערטן, געוואוינט אין אַ לייטישער וואוינונג צווישן דעם האָדסאָן טייך און צענטראַל פּאַרק וועסט. איין טאָג האָבן זיי מיך געבעטן איינצולאַדן אַלמין אויף אַ סוּאַרע צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע פריינד אין זייער שיינער היים. אַלמי האָט איינגעשטימט צו קומען, כאָטש ער איז געווען, ווי געוויינלעך, אין אַ געדריקטער שטימונג, אַזוי ווי תמיד. עפּעס האָט ער מורא געהאַט פאַר מענטשן. ער האָט פאַרמאָגט פעלערן און פּאָביעס. אָבער ביידע יינגע און פריינדלעכע שוועסטערן האָבן צוגעגרייט אַ גרויסאַרטיקע אויפנאַמע פאַרן פּאָפּולערן שריפטשטעלער און פאַר די אַנדערע געסט. אָבער ער האָט זייער גיך באַוויזן צו צעשטערן דעם גוטן איינדרוק וואָס ער וואָלט געמאַכט ביי ביידע ראַפינירטע שוועסטערן און ביי די איבעריקע איינגעלאַדענע געסט ווען ער וואָלט זיך געהאַלטן אין דער מעלה; ווען ער וואָלט זיך אויפגעפירט קאָרעקט און מיט ווירדע. אַנשטאָט אָבער איבערצולאָזן אַ גוטן איינדרוק אין אַ פריינדלעך הויז, האָט ער באַלד אין די ערשטע מינוטן אָנגעהויבן צו רעדן וועגן זיינע

ראָמאַנטישע איבערלעבענישן און ראָמאַנסן מיט אַלערליי אָריענטאַלישע, אַזיאַטישע און אַפּילו אַראַבישע פּרויען. אַלמי האָט פּשוט דערהרגעט אַן אָוונט און אַן איינדרוק וואָס האָט געקענט זיין שיין, גערעאָטן, אין לייטישן געשמאַק, מיט ווירדע און כבוד פֿאַר אים און פֿאַר די געסט...

אַלמי האָט געשריבן וועגן פֿאַרשידענע רעליגיעזע פֿיגורן, מיסטיקער, פּרעדיקערס פֿון קולטן און מיסיעס. ער האָט געשריבן ביכער וועגן בודאַ און בודיזם; וועגן קרישנאַמורטי, גאָרדייעף און וועגן אַסטראָלאָגיע. אָבער ער האָט וועגן זיי געשריבן נישט מיט קיין פּעדער וועמענס טינט איז ווי ווייַן וואָס מאַכט שיכור דעם מחבר בשעתן פּראָצעס פֿון שרייבן, נייערט ער האָט געשריבן מיט אַ שרייב־מאַשין פֿון אַ טרוקענעם רעפּאָרטער אָדער אַ געוויינלעכן זשורנאַליסט. עס האָט אים געפֿעלט דער פֿונק וואָס מאַכט שיכור די נשמה. ער האָט באַנוצט אין זיין שרייבעריי פֿלאַכן הומאָר און זייער אָפֿט אויך מחלוקת. ער האָט באַרירט טיפֿע ענינים און באַדייטנדיקע פּראָבלעמען מיט דער פּעדער פֿון אַ זשורנאַליסט. וועגן אַלץ האָט ער געשריבן צו־גרינג און צו־לייכט, צו־זשורנאַליסטיש און אויבערפֿלעכלעך, אָן שום מכלומרשטן גלויבן און אַנטייל. מיט וויצן און הומאָר טאָר מען נישט שרייבן וועגן ערסטע פֿילאָזאָפֿישע פּראָבלעמען. זיין פֿלוצלינגע אַנטדעקונג און מכלומרשטע סענסאַציע וועגן דעם אַז ברוך שפּינאָזאַ איז נישט געשטאָרבן מיט קיין נאַטירלעכן טויט, נייערט ער איז פֿאַרסמט געוואָרן, איז געווען אַ פֿלאַכע סענסאַציע און האָט געשמעקט מיט שונד. זיין ביכל מיט פּערזן „אין עליאַשס קעניגרייך" האָט פֿאַרמאָגט הומאָריסטישע לידער וואָס זיינען ווייט געווען פֿון שעפֿערישער דיכטונג. ער האָט צום באַדויערן קיין פֿליגל נישט פֿאַרמאָגט און דער מלאך פֿון פּאָעזיע האָט נישט געשוועבט איבער זיין קאָפּ בשעתן זיצן אַזאַ איינזאַמער שפּעט ביינאַכט און שאַפֿן זיינע שאַפֿונגען. אַ געבענטשטער שעפּער מוז באַצאָלן בשעת די שעפֿערישע שעהן מיט עפּעס אַזוינס וואָס איז שטאַרקער פֿון קאָקאַ־קאָלאַ און רויטן קוואַס. עס מוז דעם מחבר קאָסטן בלוט און טרערן...

בלויז היינריך היינע האָט געוואוסט פֿונעם סוד צו שרייבן גרויסע דיכטונג זייענדיק גלייכצייטיק אַ הומאָריסט. קיין סך דיכטער וואָס האָבן אויף אַ גליקלעכן שטייגער געמישט דיכטונג מיט הומאָר זיינען נישט געווען. דאָס איז ווי ווייַן מיט וואַסער. עס מיינט דאָס פֿאַרוואַסערן רויט בלוט פֿונעם מענטשלעכן האַרצן...

דאָס איינציקע אמתדיקע אין אַלמיס לעבן האָט נישט געהאַט צו טאָן מיט ליטעראַטור — נייערט מיט זיין טרויעריקן לעבן צוליב אַ גאַנצער רייע סיבות. מיט אַ נאַכט פֿריער איידער ער האָט זיך אַרונטערגעשליידערט פֿונעם אַכטן גאָרן צום אָפּגרונט, האָט ער מיך אָפּגערופֿן אויפֿן טעלעפֿאָן און מיר געזאָגט אַז ער שטייט ביים אָפֿענעם פֿענצטער פֿון זיין וואוינונג און ער פֿירט אַ וויכוח מיט זיך אַליין צי זאָל ער ווייטער אַזוי אָנגיין מיט זיין איינזאַמען לעבן ווי ביז איצט, אָדער ער זאָל

עס פֿאַרענדיקן אין דער הײנטיקער נאַכט מיט אַ „סאַלטאָ מאָרטאַלע״, אַ שפּרונג צום טויט אויף די שטײנער פֿונעם הויף. פֿאַרשטײט זיך אַז איך האָב אויף אים געפּרואווט ווירקן אויף וויפֿל עס איז מעגלעך צו זײַן עלאָקווענט און צו געפֿינען די ריכטיקע רייד און איבערצײַגונגס־קראַפֿט כדי ספּאָנטאַנערהייט צו קענען ענדערן אַ פֿאַטאַלן באַשלוס פֿון אַן עלנטן יידישן מענטש. אָבער עס איז קלאָר אַז נישט ער האָט פֿאַרלוירן דעם וואָרט־דועל מיט מיר. עס איז מיר נישט געלונגען אים איבערצוצײַגן אַז ער באַגייט אַ פֿאַרברעכן קעגן זײַן אייגן נפֿש. אַז איצט, ווען ער האָט זיך ענדלעך דערשלאָגן ביז צו אַ רײַפֿן צײַט־עלטער אין זײַן לעבן נאָך אַ סך ביטערע געראַנגלען מיטן גורל, וואָלט עס געווען אַ שענדלעכע געשיכטע צו גיין זיך אַראָפּוואַרפֿן פֿון דעם אָפֿענעם פֿענצטער צום אייביקן טויט און צוליב טאָן דעם מלאך המות וואָס זוכט זײַן קרבנס אונטערגאַנג צוליב וועער ווייסט וועלכע אכזריותדיקע צוועקן...

— פֿרײַנד אַלמי, טרינקט בעסער אויס אַ גלאָז ווײַן פֿונעם רויטן גאַלאָן „גאַלאָ״־ווײַן און זײַט מוטיק און בגילופֿין. נישט איר, נײַערט לאָזט דעם מלאך פֿון טויט פֿאַרלירן דעם געוועט אין דער הײנטיקער נאַכט...

אַלמי האָט פּלוצלינג איבערגעריסן זײַן וויכּוח מיט מיר. עס איז באַלד געוואָרן שטיל. אין דער פֿרי האָב איך געהערט וועגן זײַן טויטנשפּרונג...

## איוועט

יעדע נאַכט, נאָכדעם ווי איך שלאָף אײַן, האָב איך ליב ווידער צו באַזוכן די גאַסן, די הײף און די גערטנער פֿון אַנטווערפּן, די שטאָט אין וועמענס דאַך־שטיבלעך איך האָב פֿאַרבראַכט צען יאָר פֿון מײַן לעבן. עס איז אַ טרויאיזם, אַן אמת אין מײַן לעבן וואָס נישט יעדער מענטש וועט גרייט זײַן מיר צו גלויבן, אַפֿילו נישט די מיסטיש־געשטימטע מענטשן וועלן זיך גערן צוהערן צו מײַנע רייד און עפּיזאָדן וועלכע איך גיי איצט דערציילן...

פֿאַרן אײַנשלאָפֿן בײַנאַכט אָדער נאָכאַמאָל איבערחזרנדיק די פֿראַזע: נאָכן אײַנשלאָפֿן וואַנדער איך ווידער אַזאַ שיכורער אָדער באַזעסענער צי גאָר אַ פֿאַרכישופֿטער אין די צו מיר גוט באַקאַנטע גאַסן וואו איך האָב געוואוינט און געחלומט און געמאַכט אויף מײַנע ערשטע פּרוואוון אין שרײַבערײַ וועגן די מענטשן, די הײַזער, די גערטנער, די סעדער און די וועגן פֿון מײַן שטעטל פּילעוו; וועגן דעם גרויסן היסטאָרישן פּאַרק וואָס האָט געהערט צום פֿירשט אַדאַם טשאַרטאָריסקי וועמענס פֿרוי, איזאַבעלאַ, איז געווען אַ האָלענדישע, און איר פֿאַמיליענאָמען איז געווען פֿלעמינג. זי האָט געלאָזן שטײן אירע מעשים און חלומות אין דעם גרויסן גאָרטן בשעת אירע שפּאַצירן אין די פֿאַרנאַכטן. אין יאָר 1908 האָט דער צאַר אַלעקסאַנדער דער ערשטער באַזוכט אין פּילעוו זײַן פֿרײַנד, דעם פֿירשט טשאַרטאָריסקי און זײַן פֿרוי איזאַבעלאַ. די טשאַרטאָריסקיס האָבן אַרויסגעגעבן דרײַ פּוילישע קייסאָרים וואָס האָבן געהערשט אין פּוילן.

דער לעצטער איז געווען דער ליבלינג פון יעקאַטערינאַ די גרויסע. זי האָט אים אַרויפגעזעצט אויפן פוילישן טראָן. ער האָט געהייסן וולאַדיסלאַוו סטאַניסלאַוו פּאָניאַטאָווסקי. ער איז נישט לאַנג געזעסן אויפן פוילישן טראָן ווייל פוילנס שכנים, רוסלאַנד, דייטשלאַנד און עסטרייך האָבן צעטיילט די פּוילישע מלוכה אין דריי חלקים... אָבער איך פלעג אַזאַ פאַרטראַכטער נאָכפּאָלגן אין די פאַרנאַכטן די טריט פון דער האָלענדישער פירשטין אין פּאַרק, וואָס האָט געבענקט צו איר לאַנד האָלאַנד, צו די גרויע קאַנאַלן אין אַמסטערדאַם...

אַמאָל פלעגט שטיין אַן אַלטער פלושענער פאָטעל אין פּאַרק. פלעג איך זיך אַוועקזעצן אין זיין באַקוועמער טיפעניש און אַזוי אָפּזיצן אַ האַלבע נאַכט ביז עס פלעגט אָנהויבן צו רעגענען און אַ שיכורער פלעמער פלעגט אָנהויבן צו שעלטן זיינס אַן אַמאָליקע געליבטע. מיך האָט עס שטאַרק געאַרט און איך פלעג פאַרלאָזן דעם באַקוועמען פאָטעל און צוגיין צו דער בריק איבערן קליינעם טייכל וועמענס שטילע כוואַליעס האָבן געבליטשעט אין דעם אָפּשיין פון דער ווייסער לבנה וואָס האָט אויסגעזען ווי צין. אויף דער בריק פלעגן שפּאַצירן פאַרשידענע מענטשן פון דער געגנט. עס איז געווען אָנגענעם צו באַקעגענען איוועטן וואָס איז געווען מיין שכנה. עס איז אָנגענעם פאַר אַן איינזאַמען מאַן וואָס שרייבט נאָך אומבאַהאָלפענע לידער וועגן ליבע און נאַטור, זיך צו דערנענטערן מיט איינער אַ פרוי וואָס איז אומגעפער יינג, מסתמא אין דיינע יאָרן און זי האָט כמעט דיזעלביקע ליבשאַפטן און נייגונגען ווי דו: צו באַזוכן מוזעאומס וואו עס הענגען אין די זאַלן מוסטערן פון די קליידער אין פלוש, זייד און סאַמעט וואָס די פרויען פון יענער צייט האָבן געטראָגן; צו גיין אין טעאַטערן וואו מען שפּילט די דראַמעס פון היימישע דראַמאַטורגן, אָפּשפּיגלענדיק דאָס פלעמישע לעבן פון פאָלק; צו זען די פּאָפּולערע אָפּעראַס פון די גרויסע קאָמפּאָזיטאָרס וואָס שטעלן פאָר גריכישע מיטאָלאָגיע, אייראָפּעישע געשיכטע פונעם אַלטערטום, מיטלאַלטער און דער נייער צייט — דעם רענעסאַנס־פּעריאָד...

איוועט האָט פאַרמאָגט גרויסע און שוואַרצע אויגן ווי שטיינקוילן וואָס מען גראָבט אויס אין די קאָפּאַלניעס (קוילנגרובנס), און וואָס האָבן אין משך פון מיליאָנען יאָרן איינגעזאַפּט די פינצטערניש פון דער ערד־טיפעניש. ווען זי האָט געקוקט אויף דיר, האָבן דיך אָנגעקוקט אירע שוואַרצע שטיינקוילן מיט גאָלדענע פונקען אין זייערע טיפענישן. אַ קאָפּ מיט לאַנגע שוואַרצע האָר האָט זי פאַרמאָגט וואָס דער ווינט אין דרויסן האָט צעפלאָשעט בשעת מיר האָבן אָפּט שפּאַצירט און זי האָט תמיד געטראָגן דאָס זעלביקע בוך אין דער האַנט. יאָ, דאָס זעלביקע בוך פּאָעזיע פון דעם פוילישן פּאָעט אויעיסקי, אַ דיכטער וועמענס נאָמען איך האָב קיינמאָל פריער נישט געהערט אָבער איוועט האָט אים געלייענט און רעציטירט אויף אויסווייניק זיינע לידער, בשעת דער ווינט אין פּאַרק האָט געשפּילט מיט אירע האָר טראָצדעם וואָס ער, דער ווינט, האָט וואויל

געוואוסט אַז איך בין אייפּערזיכטיק וואָס ער דערלויבט זיך אָנצורירן און צו מישן אירע האָר... פּשוט זיך צו שפּילן מיט זיי. איוועט איז געווען איינע פון די דריי שוועסטערן, דריי גראַציעס, יידישע קינדער פון חסידישע עלטערן אין טורנע. אָבער שוין אין טורנע האָט זיי פאַרכאַפּט דער קאָמוניזם ווי אַ היפּשע צאָל יידישע יוגנט. איוועט האָט אין טורנע געענדיקט אַ פּוילישע גימנאַזיע. מיר פלעגן גיין אין קיוויט פּאַרק שפּאַצירן, ווי שוין דערציילט, און איך האָב געמיינט אַז איך וועל געווינען מיט דער צייט איר האַרץ, איר סימפּאַטיע צו מיר. אָבער זי האָט נאָך פון טורנע געהאַט אַ געליבטן פון וועלכן איך בין געוואויר געוואָרן ווען ער האָט זיך פלוצלינג באַוויזן ביי איר זייט... ער איז געווען אַן אינזשעניער. ער האָט קיינמאָל נישט געלייענט קיין ליטעראַטור, אויסער ביכער וועגן וויסנשאַפט און טעכנישע פּראָבלעמען. ער איז געווען אַ פלעגמאַטישער מענטש. דאָך האָבן זיי זיך פאַרבונדן. אין אַ צייט אַרום האָב איך געזען אַז איוועט שוואַנגערט. אָבער וואו איז אַהינגעקומען איר מאַן? אַ גרויס גליק האָט אים געטראָפן: נאָכן קריגן פון דער בעלגישער פּאָליציי דעם ערשטן אויסוויז צוליב זיין קאָמוניזם אין בעלגיע, איז ער געשיקט געוואָרן קיין לוקסעמבורג. ער האָט טאָג און נאַכט געווינט פון בענקשאַפט צו זיין נאָענט צו זיין יינגער פרוי איוועט. ער האָט באַוויזן צוריקצוקומען אין געהיים פון לוקסעמבורג, ביז ער איז אין אַ טאָג אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז און מיט אַ רוסישער איינקויף־שיף אַוועק פון לע האַווורע קיין כאַרקאָוו. איוועט איז לאַנג אַרומגעגאַנגען מיט פאַרווייטע אויגן. אָבער נאָך איידער ער האָט רעכט איינגעאָטעמט די סלאַווישע לופט פון אַלעקסאַנדער פּושקינס לאַנד, איז ער אַריסטירט און פאַרשיקט געוואָרן אין אַ לאַגער אין וויטן קאָלימאַ; ער האָט נאָך געשריבן עטלעכע בריוו צו איוועטן אַז זי מוז האָבן געדולד: „עס איז בלויז אַ פראַגע פון צייט״ און באַלד דערנאָך האָט זי אויפגעהערט צו הערן פון איר מאַן...

אין יענעם יאָר האָט זיך פרי געשטעלט דער קילער האַרבסט. גיך זיינען אַראָפּגעפאַלן די קופּער־רויטע בלעטער פון די אַלטע בוימער אין פּאַרק, וואָס האָבן פּשוט געפּוילט פון זייער טיפער עלטער. אין קיוויט פּאַרק האָב איך אָפט שפּאַצירט ווען נאָר די זון האָט פריינדלעך באַוויליקט צו שיינען. אָבער די צווייגן פון די בוימער זיינען געווען ווייס ווי זקנים וואָס ווערן גרוי אויף דער עלטער מיט זייערע אַלטע בערד. איך פלעג כמעט יעדן טאָג אָנטרעפן איוועטן מיט אַ קינדער־וועגעלע. אינעווייניק איז געלעגן אַ שוואַלב: דאָס קליינע טעכטערל — אַ געשאַנק פון אַלבערטן, איר מאַן... זשאַנעט, די קליינטשיקע גראַציע, האָט געהאַט איר פּאָטערס פּנים, זיינע אויגן, זיינע מערסטע געזיכטס־ציגן. נאָר זי איז געווען אַזאַ פּיטשינק מיידעלע וואָס אָנקוקנדיק עס האָט מען געמוזט קריגן פייכטע אויגן... און נעבן וועגעלע איז געשטאַנען די יינגע מוטער אין איר צעבליטער און רייפער שיינקייט פון אַ פרוי. די רירנדיקע מוטער איוועט האָט געוויגט איר קינד בשעת אירע שוואַרצע אויגן האָבן געוויינט

פֿאַר מיר, פֿאַרן הימל, פֿאַר גאָט אַליין כאָטש זי איז נישט געווען קיין פֿרומע... אין וויגעלע איז נעבן דעם קינדס פּלעשל מיט זיסע מילך אויך געלעגן אויעיסקיס באַנד מיט פּאָעזיע...

טײַערע איוועט, קום אַרויף מיט מיר אויף דער בריק. דאָרט שײַנט די זון נאָך ליכטיקער ווי דאָ, צווישן די בוימער וואָס פֿאַרשטעלן דעם קאַלטן, אָבער גאָלדענעם אָפּשײַן. דאָרטן זעט מען אויף אַ דיסטאַנץ די ריזיקע קאַטעדראַלע בײַ דעם גרויען שעלדע־קאַנאַל. פֿון דער בריק אויס פֿלעגט מען אויך זען די אַלטע פּאַלאַצן, די קאַמעניצעס און די ברייטע גערטנער מיט מאָנומענטן וואָס האָבן פֿאַראייביקט דעם אָנדענק פֿון בעלגישע שטאַטסמענער, גענעראַלן, מייסטער פֿונעם פּענדזל און פֿון דער פּעדער. מיר פֿלעגן זיך צוגעוווינען צו דער בריק כאָטש עס איז דאָרטן נישט געווען וואו צו זיצן. איוועט האָט מערסטנס געוויינט און געקושט מיט הייסע ליפּן און מיט פֿייכטע אויגן איר ליב טעכטערל וואָס איז ווי געבוירן געוואָרן מיט דער יינגער מוטערס טרויער און געפּאַלנקייט אויף איר קינדיש־צאַרטן פּנימל... איוועט האָט דאָך וואויל געוואוסט אַז איר קינד וועט קיינמאָל אין איר לעבן נישט אָנרירן די וואַרעמע און פּאָטערלעכע האַנט פֿון דעם מאַן וואָס האָט איר געשאָנקען די פֿייער־פֿונקען, די זוימען פֿון לעבן אין איר מוטערס געבער־מוטער... דײַן פֿאָטער, קינד מײַן ליבס, איז אומשולדיקערהייט פֿאַרזונקען געוואָרן אין דעם תהום פֿון שלעכטס, ערגעץ אין דער געגנט נעבן כינע און יאַפּאָניע... אַפֿילו ווען דײַן פֿאָטער זאָל נאָך היינט בײַנאַכט צוריקקומען צו דיר, קליינטשיק מיידעלע, וועסטו אים נישט מער דערקענען. נישט ווייל דו האָסט אים קיינמאָל נישט געזען, נייערט ווייל ער האָט זיך אין דער קורצער צייט פֿון זײַן פֿאַרשוואונדן ווערן געעלטערט מיט אפשר גאַנצע הונדערט יאָר... זײַן באָרד איז ווײַס ווי ווייס עס זײַנען די צווײַגן פֿון די בוימער אין קיוויט פּאַרק ווען דער שניי הויבט אָן צו פֿאַלן פֿון הימל אין דער צייט פֿון האַרבסט...

יאָ, אין אָנהויב, בשעת די ערשטע צײַטן, האָט איוועט דערהאַלטן זייער זעלטן זײַנע הייסע בריוו פֿון בענקשאַפֿט און ליבע. אָבער זיי האָבן גיך אויפֿגעהערט אָנצוקומען...

מיט איוועטן בין איך געווען צוזאַמען אויף דער בריק לאַנגע צײַטן. איך פֿלעג זיך אײַלן צו קומען זי זען צוזאַמען מיטן קינד דאָרטן וויגנדיק דאָס וועגעלע אויס רחמנות און סימפּאַטיע... דאָס קינד איז טאַקע מיט דער צייט געוואַקסן. עס האָט שוין גערעדט אויך די ערשטע קינדערישע רייד. אָבער עס איז נישט געוואָרן פֿריילעכער, לוסטיקער אַזוי ווי די אַנדערע קינדער פֿון דער געגנט. און די מוטער איז דאָרט אויך געשטאַנען אַ פּאַרטרויערטע...

ווען איך בין געפֿאָרן קיין ניו־יאָרק, בין איך אין אַ נעפּלדיקן טאָג וואָס איז טיפּיש פֿאַרן אַנטוערפּענער קלימאַט, צוגעגאַנגען אין קיוויט־פּאַרק צו דער בריק. מײַן האַרץ האָט אין מיר געצאַפּלט און

געוויינט. עס וועט זיין שווער, זייער שווער צו זאָגן דעם לעצטן „גוטן טאָג דיר, איוועט! זייט ביידע געזונט און שטאַרק...״

זינט דעמאָלט, אַרום קנאַפּע זעכציק יאָר שפּעטער, ווען איך קען נישט גרינגערהייט איינשלאָפן, שוועב איך ווי אַ שיכורער מלאך צו דער בריק מיט מיינע טרויעריקע און פאַרבענקטע פליגל. די נאַכט איז שטאַרק פינצטער ווי אַ טיפער תהום אויפן גרונט פון ים. אָבער ווען איך קום אין דער געגנט פונעם פּאַרק און נאָענט צו דער בריק, זע איך ווי איוועט שטייט דאָרט ביים וועגעלע פון איר קינד, ווי ביידע וואָלטן אויף מיר געוואַרט. וואָס אַן אמת: איך ווייס זייער גוט אַז דאָס קינד איז שוין היפּש אויסגעוואַקסן. זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּרעכטיקער שיינקייט פון אַ פרוי. זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ יינגן סטודענט און זיי האָבן שוין אַפילו דערוואַקסענע קינדער. אָבער איוועט קוקט מיך דורך דער גאַנצער צייט אָן אַזאַ שטומע און ממש ווי אַ פאַרשטיינערטע. מיר דאַכט זיך אַז זי דערקענט מיך נישט מער. זי רעדט אויך נישט אויס צו מיר קיין איינציק וואָרט. זי וויגט דאָס קינד ווי אַ שטיין וואָלט געלעגן אינעווייניק, כאָטש זי ווייסט אַז דאָס קינד איז שוין זינט לאַנג אַוועק אין דער וועלט מיט איר אייגענעם מאַן און קינדער...

זי אַליין, איוועט, איז אויך פאַרשטיינערט געוואָרן פון ווייטיק. זי ווייסט אַפילו נישט אַז זי איז שוין אַ באָבע. און זי קוקט זיך אויך נישט אום אויף קיין שום מענטש און אויף קיין שום זייט פון דער וועלט. אויף איר לאַנד און פאָלק האָבן זיך אַרונטערגעלאָזן די פייערן פון הימל. איר לייב איז אַש. נאָר זי צעפאַלט נישט. זי איז שטאַרקער פון אַלע ווינטן און ווייטיקן. זי איז אַ שוועסטער פון לוטס ווייב...

איך האָב עפּעס אַזאַ מאָדנע געפיל אַז אין איינעם אַ טאָג וועל איך פאָרן צום לאַנד פון די פלעמער. איך וועל אינמיטן פון דער נאַכט פּאַוואָליעדיק, מיט שטילע טריט, צושפּאַצירן צום פּאַרק. איך וועל צוגיין מיט ציטערנדיקע פיס צו דער בריק. דאָרטן וואַרט די איינזאַמע איוועט כדי זיך קרעפטיק אויסצואוויינען פאַר מיר מיט אַזאַ מעכטיק געוויין פון איר באַליידיקטן האַרצן. זי וועט אַריינפאַלן אין מיינע אָרעמס מיט אַ געפיל פון אַלטער פריינדשאַפט...

— איוועט, — וועל איך זאָגן — פאַרלאָז די דאָזיקע בריק. דיין מזל וואַרט אויף דיר, טייערע איוועט... גיי צוריק אַריין אין דער וועלט, גיי אַריין אין דיין לעבן... עפן אויף מיט דיין צאַרטער האַנט די גאָלדענע טיר צו דער וועלט... דיין וועלט וועט ווידער אויפגיין מיט דער זון איבער דיר צוקאָפּנס...

אָבער איך ווייס גענוי וואָס די פאַרטרויערטע איוועט וועט מיר ענטפערן, מיך אָנקוקנדיק מיט פאַרשלאָסענע, מיט בלינדע אויגן, ווי זי וואָלט שוין זינט לאַנג נישט געוועזן צווישן די לעבעדיקע.

— עס איז שוין צו־שפּעט, מיין אַלטער פריינד, זיך ערגעץ־וואו צוריקצוקערן... קיינער פון אונדז איז מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע

אויף דער וועלט... איך וועל שוין דאָ בלייבן שטיין אייביק אויף דער בריק, אויף דער איינזאַמער בריק, ווי מיין שוועסטער, דאָס ווייב פון לוט ... ווען אויף דער וועלט איז אויך אונטערגעגאַנגען ... און איך וועל וויגן מיין קינד דורך אַלע טעג און נעכט פון דער אייביקייט...

## דער פאַרסמטער עפּל

שלום פינטע האָט דורך זיינע מערסטע יאָרן געבענקט נאָך אַ פרוי וואָס זאָל מיט אים טיילן זיין לעבן, זיין איינזאַמקייט און זיינע טעג און נעכט פון נחת און אַרבעט. אָבער ער ווייסט אַז קיין נאָרמאַלע יידישע פרוי וועט נישט גיין וואוינען מיט אים און טיילן איר בעט און אירע חלומות. זיין אויסזען, זיין פיגור, זיין קאָפּ מיט די זעלבסט־צוגעשוירענע האָר ווי ביי אַ פויער, אַריינקוקנדיק אין אַ צעבראָכענעם שפּיגל בשעת דער „אָפּעראַציע״ פון שערן די דיקע האָר; זיין פרימיטיווער אופן פון רעדן; זיין פאַרגרייזט לשון ווען עס קומט צו אַן אינטעליגענט וואָרט אַרויסצורעדן עס קאָרעקטערהייט; זיין צעקאַליעטשען באַזונדערס אינטערנאַציאָנאַלע אויסדרוקן; זיין פאַרטוישן נעמען פון פריינד און אַפילו קרובים; זיין ריזיקער אַפּעטיט צום פרעס און טרונק; זיין הונגער צו רעדן בייטאָג און ביינאַכט אַפילו פון שלאָף אויס: צו שרייען מיט באַנומענע קולות אינמיטן פון זיינע נאַכטישע קאָשמאַרן און זעאונגען; דאָס אַלץ אינאיינעם וועט בשום אופן נישט צוציען קיין נאָרמאַלע לעבעדיקע פרוי, סיידן ער זאָל אויסשניצן פון אַ בוים־שטאַם אַ נאַטירליכע פרוי; סיידן ער זאָל אויסהאַקן אַ סקולפּטור פון גראַניט מיט אַ האַמער און דלאָטע אָדער ער זאָל אויסברעכן פון אַ באַרג אַ געשטאַלט, אַ ווילדע און גרויזאַם־אויסזעענדיקע פרוי פון ערד און לייב, און ער זאָל אַריינבלאָזן, אין איר מויל מיט זיין בריענדיקן אָטעם אַ כוח חיים. אָבער דאָס דאָזיקע נס געהערט צו די אוראַלטע צייטן פון דער גריכישער מיטאָלאָגיע אָדער אַפילו בלויז מיט אַרום צוויי הונדערט יאָר צוריק צום פּראָגער רבין און זיין גולם יאָסעלע וואָס ער האָט איינמאָל אין אַן אימהדיקער נאַכט ווען די יידן פון געטאָ זיינען געוועזן באַדראָט פון פינצטערע כוחות, אויסגעקנאָטן פון ליים מיט זיינע אייגענע גרויסע און צעווייטיקטע יידישע הענט, ווי די לעגענדע דערציילט. שלום פינטע רעדט אָפּט צו מיר מכלומרשט מיט שפּאַס בלויז אויסערלעך, אָבער קענטיק אויך מיט אַ טיפן און טרויעריקן ערנסט אין זיין האַרצן וועגן פאָרן ערגעץ אין אַ פרימיטיוו לאַנד קיין אַפריקע, קיין אַזיע, אָדער קיין אויסטראַליע וואו עס זיינען לויט זיין קנאַפּן וויסן פאַראַן אַ סך חיות אין די דזשאָנגלס און ווילדע ווייבער ביי די מענטשן אין די וועלדער. ער דערמאָנט אַדיס אַבעבאַ אין עטיאָפּיע כדי זיך פשוט דאָרט צו קויפן אַ פרוי און זי ברענגען מיט דער צייט קיין ניו־יאָרק. עס זיינען מסתמא נאָך פאַראַן אור־אור־אייניקלעך אין די דערפער פון דעם אוראַלטן לאַנד וואָס שטאַמען אָפּ פון דער שיינער קעניגין שבאָ. ער וועט איר אויסלערנען צו רעדן זיין פאַרגרייזט יידיש לשון וואָס מען רעדט נאָך

אין גן־עדן צווישן די אומגעבראַכטע קוילער יידן, און אַפילו זיין דאָרפישן פּויליש פון די פּוילישע דערפער, ווי די שיקסעס מיט רויטע סטענגעס אַרום זייערע קעפּ און ביוסטן פלעגן רעדן אויף די מערק, ברענגענדיק צו פירן אויף די היימישע יאַרידים מיט זייערע פּויערישע טאַטעס תבואה, פּירות, יאַגדעס און מאַלינעס; אויך אייער, פּיעטרושקע און קליינע קעלבלעך מיט קאָזעס, קלאָר־ווייסע ווי מילך, און זיי אַליין האָבן געשמעקט ווי פריש־אָפּגעשניטענע היי פאַר די פערד. פינטע וועט טאַקע אַזאַ נקבה רופן אויפן נאָמען פון דער מלכה פון שבאָ. ער וועט זי אויסטרויען אין זיין באָבע צערטלס צירונג וואָס זי האָט געירשנט און אויך געקראָגן אַלס דרשה־געשאַנק בשעת איר חתונה פון אַ פאַרצייטישער באָבען אַזש פון הישפּאַניען. אָבער אַזוי ווי ער רעדט וועגן דער אַבעסינישער קעניגין שבאָ וואָס האָט דווקא חשק געהאַט חתונה צו האָבן מיטן קלוגן מלך שלמה, גייען זיך דערווייל די יאָרן זיינע און זיי שלעפּן זיך ווי אַ שווערער פּויערישער דראַבינאַסטע וואָגן אויף אַ שלעכטן און בלאָטיקן פּוילישן וועג. פינטע קוקט אַריין אין זיין זיידנס שפּיגל וואָס זשאַווערט פון דער לינקער זייט ווי מיט טראָפּנס בלוט און ער זעט מיט שרעק אַז ער ווערט שוין גרוי אויך. ער איז דאָך נישט מיט קיין סך יאָרן יינגער ווי די עטיאָפּישע קייסערינע... (אָט אַזוי חוזקט שוין גוטמוטיק פון זיך אַליין פינטע ווען ער שטייט פּנים אל פּנים פאַרן אַלטן זיידנס שפּיגל). אָבער דאָך אַרט אים אַ סך וואָס ער זעט אַז אַפילו זיינע גרויע האָר פאַלן שוין אויך אויס. זיין אויסגעקרומטער שאַרבן ווערט נאַקעט און נעמט זיך גלאַנצן ווי אַ שטיק בלעך פון אַ טאָפּ וואָס לאַכט אַמאָל אינמיטן נאַכט פון דעם לבנהשן אָפּשיין. ביים געבורט זיינעם און ביים שלעכטן „האָבן" פון זיין געטרייער מוטער מיט אים, דעם וואַזשנעם תכשיט „דעם וויסקראָבעק", אָדער דאָס אויסקראַצעכץ, דאָס לעצטע קינד אירס וואָס ער איז געקומען שוין ביים סוף פון אירע דרייצן קינדער, איז זיין שאַרבן ווייכערהייט נעבעך פאַרקרומט און פאַרקריפּלט געוואָרן. פינטע האָט זיך טאַקע אין איינעם אַ באַגינען ווען די זון איז עפּעס אַרויסגעגאַנגען פונעם הימל מאָדנע גרויס, טאַקע ריזיק, און מיט אַ מוראדיקן בליאַסק איז זי אויפגעגאַנגען איבערן היימישן טייך וואָס האָט ליב געהאַט יידן און האָט ממש אָנגעריירט מיט זיינע כוואַליעס ווי מיט וואַרעמע ליפּן צום קושן די שוועלן פון די היימישע יידישע הייזלעך און כאַלופּעס וואו יידן וואוינען זינט הונדערטער יאָרן אין דער געגנט נעבן טייך, און זיי זענען טאַקע די ערשטע וואָס כאַפּן יעדן פרייטיק גראָבע פיש אין דעם שטראָם פון די כוואַליעס כדי זיי אָפּצופרעגלען אויף שבת קודש. די מאַמע זיינע האָט זיך איינמאָל שטאַרק דערשראָקן זעענדיק אַזאַ מין ריזיקן זון־אויפגאַנג און גלייכצייטיק האָט זי דערשמעקט דעם אויסבראָך פון אַ שטורעם ווי ער וואָלט אַרויסגעפאַלן פונעם הימל ווי אַ שטיק טינט־שוואַרצע נאַכט...

פינטע האָט זיך טאַקע אין יענעם באַגינען דערשראָקן פאַרן מוראדיקן זון־פלאַם פון איין זייט און פאַרן אויסבראָך פונעם שטורעם ווי אַ ברייטע

נאַכט פון דער אַנדערער זייט. ער האָט אַריינקוקנדיק אין זיין אַלטן און צעשלאָגענעם שפיגל וואָס הענגט אויף דער וואַנט אין קאָרידאָר, און דערזען עפּעס איינעם אַן אַלטן מאַן, אַן עלטערן ייד ווי פון די פּאַרצייטישע גוטע־יידן וואָס האָבן געקעמפט אין די מחנות פון דוד המלך קעגן די אַנדערע יידישע קייסאָרים. יאָ, אויב נישט דווקא מיט זיינע האָר וואָס עקזיסטירן שוין פון לאַנג נישט, האָט ער צו זיין גרויל באַמערקט אַז דער קרומער שאַרבן זיינער ווערט שוין גרוי אַפילו אָן די האָר. אין דעם מאָמענט פון גרויס פּחד אַז ער קומט שוין חלילה צו אַ לאַגע ווען ער ווערט שוין אינגאַנצן אַלט ווי יענער לעגענדאַרער פויגל פעניקס ביים סוף פון זיינע טויזנט יאָר, און ער זאָל אויך ווערן אוממעכטיק און אימפּאָטענט, נאָכדעם ווי ער האָט נעבעך אַ גאַנץ שטורעמדיק לעבן געשמאַכט נאָך אַ פרוי און ער האָט דערוויַיל זיין זרע אומזיסט און אומנישט פאַרגאָסן אין בתי־זונות, ביי אַלערליי ווייבער פון פאַרשידענע פעלקער און ראַסן, האָט ער באַשלאָסן איינצושטעלן אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט נאָך, אַפילו זיין אַלט געוואָרן לעבן, און צו פאָרן קיין פוילן צו זיין אייגן און געליבטן פאָלק כדי צו פאַרשאַפן זיך, אָדער זיך פּשוט איינצוקויפן אויפן יידישן קליינשטעטלדיקן מאַרק, דורך אַ שדכן פאַרשטייט זיך, אַ כלה, אַ ווייב, אַ קינפּטיקע מאַמע וואָס זאָל וואַכן איבער אים אין זיין איינזאַמקייט ווי זיין אייגענע מאַמע האָט אַמאָל ביינאַכט געוואַכט ווען די שטערן שטייען גרויס אויפן אַלטן הימל איבער איר יינגסטן קינד, און האָט אים געוויגט ביי דעם צעבראָכענעם וויגל מיט אַ יידיש ליד אין איר מוטערלעכן האַרצן...

און בשעת אַ הייסן זומערדיקן מיטנטאָג וואַקסט פּינטע אויס טאַקע נאָכן האָבן אַדורכגעוואַנדערט איבער זיבן בערג און זיבן ימים און אויך זיבן אורוועלדער אין זיין היימישן געבורט־שטעטל קויל פון וועמענס געלע, זאַמדיקע בערגלעך ער האָט אַמאָל געריסן און געפּליקט שטיקלעך גאָלדנגעלן זאַמד כדי יעדן ערב שבת פאַרנאַכט ווען די זון זעצט זיך איבער דער אַנדערער זייט פונעם טייך וואַרטע, אויסצושיטן דאָס זאַמד איבער דער היימישער פּאָדלאָגע אַזוי ווי ער וואָלט אויסשפּרייטן אַ רויטן טעפּיך. אַוועקגעפאָרן פון דער היים איז ער כמעט נאָך אַ יינגל. די מאַמע האָט אים געהאַט מיטגעגעבן אויפן לאַנגן וועג איבערן בלויען אָקיונוס אַ מענאַשקע וואָס איז געווען אַריינגעטאָן אין אויסגעריבענעם געלן סאַמעט (אַזאַ מעטאַלענע סאָלדאַטסקע פלאַש פון דער רוסישער אַרמיי — אַ מתנה פונעם צאַר אַליין צו יעדן סאָלדאַט) וואָס איז אויך אָנגעפּילט מיט גאָלדענעם האָניק. די צידה לדרך האָט אים געוואַרעמט און גענערט טאָג און נאַכט. יעדע באַזונדערע רגע פון דער לאַנגער יאַזדע איבערן גרויסן בלויען ים פון דעם פּיטשינקן שטעטל קויל ביז קיין נעוויאָרק האָט ער זיך דערכאַפּט דאָס פאַרחלשטע האַרץ און אויך זיין דערשלאָגענעם געמיט מיט אַ טראָפּן האָניק ווי מיט אַ טראָפּן געדיכטער ליבשאַפט פון דער מאַמעס הייסער ברוסט ווען ער איז נאָך געווען אַ קליינער ייד. און איצט, ווי נאָר ער גייט אַרונטער פון דער פור וואָס האָט אים, כמעט אַן עלטערן ייד שוין,

צוריקגעבראַכט אין זיין שטעטל קאָלאָ וואָס ביי די ברעגעס פון דעם וואַרטע־טייך וואו ער האָט זיך קליינערהייט געבאָדן און האָט אָנגעקוקט בשעת די פאַרנאַכטן ווי אַזוי די יידישע זון פאַרגייט גרויס און טרויעריק אויף דער אַנדערער זייט פונעם גוטן טייך מיט זיינע געטרייע פיש צו די אָרעמע מענטשן, און וואו ער האָט בשעת די לאַנגע ווינטערדיקע נעכט פונעם הילצערנעם וויגל אויס געזען דורך די נישט־צו־שטאַרק געריייניקטע שויבן פונעם פענצטער די גרויסע, בליציקע און בלייע שטערן אויף גאָטס געוואַלדיקן הימל, זעט ער פלוצלינג גיין אינעם געסל וואָס פירט צו דער אַלטער היימישער שול, צום בית המדרש און צום חדר וואו ער האָט געלערנט מיטן טייטל דעם אלף בית און ער האָט מיט זיינע קאַסאָקע אויגן אָנגעקוקט אַן אָרעם, איינגעהויקערט און יידיש אות, זעט ער גיין רייצעלן. כינקע דער שמש פונעם רב ר׳ בענטשע ליכטזאָן אין שטעטל, וואָס איז אויך געווען אַ וואַסערטרעגער אין זיינע פרייע צייטן, האָט פאַרמאָגט אַן איינציקע טאָכטער וואָס איז שוין איצט געווען כמעט אַ פאַרזעסן מיידל. זי האָט שוין אַצינד אויסגעזען אַזאַ פאַרגרינטע און פאַרוועלקטע מיט אויסגעטרוקנטע בריסטן, מחמת זי האָט קיינמאָל נישט חתונה געהאַט און די מילך איז קיינמאָל אין אירע בריסטן נישט אַריינגעקומען פון גאָט. זי האָט איצט שוין אויך געהאַט גאַנץ קורצע פיס און דווקא דיקע ווי די קלעצלעך. אירע טרויעריקע אויגן זיינען תמיד געווען ווי פאַרטרערט און פאַרקלערט וועגן איר צוקונפט. די דאָזיקעביידע אויגן אירע זיינען געווען טרויעריק און שיין און האָבן געוועקט מיטלייד אויפן גורל פון דעם דאָזיקן מיידלס איינזאַמקייט אין שטעטל...

שלום פינטע פלעגט מיט איר קיינמאָל נישט גיין אָדער שפּאַצירן ווי בחורים גייען געוויינלעך מיט זייערע מיידלעך און צוקונפטיקע כלות, נייערט ער פלעגט זי טראָגן ווי אַ טאַטע טראָגט זיין אייגן קינד צום טייך, צו דער זומפּיקער וואַרטע, וואָס האָט פונדעסטוועגן ברייט געראָיעט מיט יידישע קאַרפּנפיש, טאַקע מיט היימישע קאַרפּן וואָס האָבן נעבעך געוואַרט אויפן נס געכאַפּט צו ווערן אויף דער ווענדקע און אָפּצוגעבן זייער פלייש און זייער חיות ביזן לעצטן שיינעם און פינקלענדיקן שופ לכבוד שבת און יום־טוב פאַר דער משפחהדיקער סעודה. די דאָזיקע ממש הייליקע מאַרטירער־פיש האָבן זיך אַפילו אויסגעלערנט פון די קוילער פרומע יידן צו רעדן אַן אַלטפרענקיש יידיש אַזוי ווי אַ וואַסער... און אַביסל לשון קודש אויך...

אָט אַזוי פלעגט פינטע מיט אַ סך יאָרן צוריק רייצעלן צוטראָגן צום וואַסער און זי אַריינשליידערן אינעוויניק מכלומרשט אויס קאַטאָוועס אינעם טייך ווען די כוואַליעס ווערן געטריבן דורכן גרינגן שטראָם, און דערנאָך פלעגט ער זי אויך אַרויסשלעפּן אַזאַ פיטש־נאַסע (פיש־נאַסע), אַ נאַקעט דורכגעווייקטע אינעם קאַלטן שטראָם, זייענדיק איינגעוויקלט מיט איר לייב און מיטן גאַנצן גוף אין אירע קליידער און אונטערוועש ממש ווי זי וואָלט פון קליינערהייט אָן געבוירן געוואָרן צוזאַמען מיטן

קליידערוואַרג אירן, מיט די מלבושים און מיטן העמדל אַפילו פון דער מאַמעס הייסן מוטערלייב אַרויס. ווייל קיין יידישע טאָכטער וועט דאָך נישט גיין חלילה זיך אויסטאָן אינגאַנצן אַ נאַקעטע דאָרטן וואו די פאַרשייטע מאַנצלייט באָדן זיך פריי אָן זייערע העמדער, אָדער זיי שפּאַצירן פּאַזע דעם זאַמדיקן ברעג פון דער וואַרטע צו תשליך כדי אויסצושאָקלען פון זייערע צעריסענע קעשענעס די מכלומרשטע זינד־קרישקעס...

די עלטערן פון רייצעלן, אָרעמע און שוין עלטערע לייט, האָבן געוויינט ווי אַזוי זייער צוקונפטיקער איידעם, ווי עס האָט שוין אויסגעזען צו זיין זייער איינציקער טאָכטערס גורל, זעט נעבעך אויס... אָבער די נויט און די עלטער פון זייער איינציקער טאָכטער האָט זיי געצוואונגען איינצוגיין אויפן שידוך. אַ ברירה האָבן זיי געהאַט? זיי ווילן זיך אַפילו רעכט נישט דערמאָנען ווען געננוי רייצעלע איז געבוירן געוואָרן. אַגב געדענקען זיי נישט אויך. גיך ווערט צוגעגרייט די חופה עפּעס ווי אויס פּחד אַז דער חתן זאָל חלילה קיין חרטה נישט קריגן אויפן שידוך און איידער די כלה זאָל נישט אַוועקגיין פון דער וועלט גלייך אין הימל אַריין צו די גוטע מלאָכים, צוליב איר אויפרעגונג און איבערראַשונג, מחמת צייט האָט אויך איר קיין שום שליטה און זי ווייסט רעכט נישט וואָס דאָ געשעט אייגנטלעך. דעם אמת געזאָגט דערקענט זי איבערהויפּט נישט איר אַזוי־גרופּנעם חתן. זי ווייסט ווען זי האָט אים גאָר אין איר לעבן באַגעגנט. וואו, ביי וועלכער געלעגנהייט, אין וועלכן הויז און ביי וועמענס שוועל אָדער אייזערנעם פּלומפּ זי האָט זיך גאָר אָפּגעשטעלט כדי מיט אים אַפילו אויסצורעדן אַן איינציק וואָרט. און אַלץ וואָס איר מכלומרשטער חתן פון אַמעריקע רעדט איצט אויס, פּלוידערט און דערציילט איר פון זיינע אייגענע גליקן, פון די וואָלקנקראַצערס אין אַמעריקע, און אַז די באַנען גייען אין דער שטאָט ניו־יאָרק אויף די דעכער פון די הייזער וואו מענטשן וואוינען; דאָס אַלץ איז צו איר פרעמד און אומפאַרשטענדלעך אָבער זי גלויבט עס מכלומרשט כדי נישט צו דערצערנען איר חתן פון אַמעריקע...

עס זיינען פאָרגעקומען שבע ברכות, אָרעמע סעודות און היימישע פייערונגען אין קויל צו וועלכע עס זיינען געקומען נאָענטע און ווייטע משפּחות ווי אויך אַלערליי בעטלערס פון די וועגן. אָבער די כלה האָט מען אויף קיין איינציקער רגע אַפילו נישט אָנגעזען. אַ גאַנצע וואָך, בייטאָג און ביינאַכט, איז שלום פּינטע געלעגן מיט זיין געפּאַנגענעם ווייבל אין בעט. ער האָט זי פּשוט געצונצט אָן שום אָפּרו... זיין אכזריותדיקער הונגער צום ווייבלעכן לייב אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט האָט גאָרנישט געקענט געזעטיקט און געמינערט ווערן. רייצעלע האָט רעכט נישט געוואוסט וואָס אייגנטלעך עס געשעט מיט איר. זי איז געווען ווי אַ געפּאַנגענע אין די אייזערנע אָרעמס פון אַ מאָנסטער. זי האָט נעבעך נישט געהאַט קיין כוחות צו אַזאַ מין ווילדער און משוגענער תאווה פון אַ מאַן

וואָס איז געווען ענלעך צו אַ חיה רעה אין וואַלד. ער איז וועדליק זיינע אוממענטשלעכע מאַניערן גאָרנישט געווען קיין ייד, נייערט עפּעס אַן אורמענטש ווי אדם איז ערשט געהאַט פאַרטריבן געוואָרן פון גן־עדן צוזאַמען מיט לילית... ווען רייצעלע איז איינמאָל אינמיטן נאַכט בשעת ער האָט ענדלעך איינגעדרימלט אויף אַ רגע, אַרויסאַנטלאָפן פונעם בעט זייערן צו אירע טאַטע־מאַמע אַהיים ממש אַ מוטערנאַקעטע, אַ פאַרהונגערטע און פאַרחלשטע, בשעת עס איז געשטאַנען אין שטעטל אַ מעשה בראשיתדיקער מיטננאַכט ווי עפּעס אַ תוהו ובוהו. זי האָט רעכט דאָס קליידל אירס נישט געפונען אין דעם פינצטערניש פונעם אַלקערל כדי ווי עס איז צו פאַרהילן און צו פאַרהוילן אירע געפּייניקטע גלידער. דער רב האָט גיך בטל געמאַכט די חתונה. אמת, פינטע האָט זיין פרישן ווייבל בשום אופן נישט געוואָלט דערלאַנגען קיין גט. ער פלעגט קלאַפּן ביינאַכט אין אירע טירן און פענצטער. ער פלעגט צעברעכן די לאָדנס. ער פלעגט מיט זיינע פעסטע ידים רייסן די פרענטן און ברעכן די ריגלען. דאָס גאַנצע שטעטל איז ממש געגאַנגען כאָדאָראָם. די באַפעלקערונג האָט געטומלט, געליאַרמעט און זיך אָנדערציילט טערקישע מעשות וועגן דעם משוגענעם אַמעריקאַניעץ וואָס האָט זיין ערשט חתונה געהאַטן ווייבל נישט אַרויסגעלאָזט פונעם בעט אין משך פון לאַנגע וואָכן. פינטע פון זיין זייט האָט אויך זיין איבערלעבעניש שווער פאַרטראָגן מחמת עס איז געשען אַזוינס אַז ער האָט זיך טאַקע אויף אַ מוראדיקן שטייגער פאַרליבט אין דער געפּייניקטער פרוי. ער האָט געליטן די ווייטיקן פון אמתער ליבשאַפט. אָבער ער איז געווען ווי אַ חיה. זי האָט דאָך חלילה געקענט אויסגיין אין זיינע אָרעמס און פשוט שטאַרבן פון זיין אוממענטשלעכן הונגער נאָך ליבע...

און איצט האָט פינטע זיך געמוזט געזעגענען מיטן שטעטל וואו זיין וויגעלע איז געשטאַנען ביים טייך וואו יעדן פרילינג האָט דאָס וואַסער בשעת די שטאַרקע רעגנס זיך אויסגעגאָסן ביי די ברעגעס און פאַרפלייצט די הייזער פון די אָרעמע יידן, ווי אויך דעם רבינס הויף און דאָס בית המדרש מיט דער שול. ער האָט זיך באַזעצט אין קוטנע וואו שלום אַש איז געבוירן געוואָרן און וואו זיין פּאָפּולערער העלד מאָטקע גנב, אָבער אונטער אַן אַנדערן נאָמען, האָט זיך נאָך אַרומגעדרייט אין די קוטנער געסלעך אַלס אַן אַלטער ייד, און וואו ער האָט פון קליינערהייט אָן געלערנט און דערקענט די נשמות פון די יידן און ער האָט זיי שפּעטער מיט יאָרן באַשריבן און האָט זיי אַריינגעפירט אין די ראָמאַנטישע גערטנער פון זיינע מעכטיקע ראָמאַנען וואָס קיין שום יידישער שרייבער האָט נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט איבערגעשטיגן אין זייער קראַפט, שיינקייט און ראָמאַנטיק... פינטע האָט איצט אַזאַ אַיינזאַמער און בענקענדיקער נאָך זיין יינגען ווייב געוואוינט אַ צייט אין דעם שטעטל קוטנע וואו עס האָבן נאָך אויך געלעבט סיי די עלטערן און סיי די גאַנצע משפּחה פון שלום אַשן און אויך, ווי ערשט דערמאָנט, גאָר די העלדן וואָס

זיינען מיטן פייער פונעם קאָכעדיקן לעבן אַריינגעגאַנגען כדי צו וואוינען אויף אייביק אין זיינע פּראָזאַאישע ווערק, אין זיינע נאָוועלן און וואַרעמע דערציילונגען. איצט, אין אַן אַטאַקע פון שעפערישקייט, האָט פינטע געמאָלן די פּאָרטרעטן פון די קוטנער יידן; פון שלום אַשס כאַראַקטערן; טאַקע פון „מאָטקע גנב", וואָס האָט אין קוטנע געהייסן „מאָצני וואויטעק". אַ צאָל פון די קוילער יידן זיינען אַריינגעגאַנגען אין זיינע ווערק וועגן שפּאַניע און אוקראַינע בשעת די שחיטות אויף די יידן פון די זאַפּאָראָזשער קאָזאַקן מיטן אַטאַמאַן באָגדאַן כמיעלניצקי בראש, ווי אויך אינעם גרויסן ווערק זיינעם „דער תהלים־ייד".

שלום פינטע האָט זיך דערנאָך אומגעקערט קיין קויל. ער האָט זיך געשעמט צו קוקן אין די אויגן אַריין פון די קוילער היימישע יידן. אָבער ער האָט זיי פּאָרט געמאָלן מיט גרויס אייפער, פילנדיק עפּעס אַז ער פאַראייביקט די יידן וואָס וועלן אין אַ קורצער צייט אַרום אומגעבראַכט ווערן דורך שווידערלעכע מחנות היידעמאַקעס. ער מאָלט אויך זיין אייגן ווייב וואָס איז פון אים קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן. ער טוט איר אָן אין שיינע קליידער; ער שטעקט אַריין רויטע רויזן אין אירע האָר; ער געפינט אין איר פנים געזונט פּרוואַישע שיינקייט. רייצעלע שיינט איצט ווי די לבנה פון גאָלד בשעתן מולד אין אַלע זיינע פּאָרטרעטן פון איר. ער האָט חשק דווקא אָפּצווווישן די טרערן פון איר פנים צוליבן צער וואָס ער האָט איר פאַרשאַפט. אָבער זיי שטייען, די טרערן, אין אירע גאָלדענע און צאַרטע אויגן. איר דין פנימל איז אַביסל פאַרקרומט פון געוויין און טרויער. און די טרערן אינעם קאַנוועז קענען זיך גאָרנישט אויסטרוקענען ווי זיי וואָלטן געווען געגאָסן פון גלאָז וואָס צעברעכט זיך. אָבער ער האָט נישט מער קיין שום מעגלעכקייט צו קומען אין פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט זיין געוועזן ווייבל וואָס וויל אים בשום אופן נישט דערקענען. פאַר איר איז ער גלייך ווי אַ ווילדע חיה אין וואַלד וואָס איז משוגענערהייט אויסגעהונגערט נאָך תאווה...

די יידן פון שטעטל זעען אים אָפּט און זיי מיידן אים אויס. די ווייבער פאַרשטעלן זיך זייערע פנימער פאַר חרפה מיט ווייסע טיכלעך און טייל יידענעס שעלטן אים אַפילו מיט ביטערע קללות ווען ער קומט זיי אַנטקעגן. טייל טרעגערס שלאָגן אים און זיי ווילן אים פאַרשטייניקן מיט קיזלשטיינער אין זייער רציחה. דער בעקער פון שטעטל וויל אים נישט פאַרקויפן קיין ראַזאָוואַנע ברויט. דער סאַדאָווניק ברענגט צו פירן אין באַגינען אויפן מאַרק אַ וואָגן מיט הערלעכע פירות פון די געשמאַקע סעדער אַזוי ווי שטערן וואָס וואַקסן אויפן הימל, וואָס עס דינגען אָפּ די יידישע סאַדאָווניקעס פון די פּויערן אין די דערפער. אָבער מען וויל פינטען קיין פירות נישט פאַרקויפן אַפילו פאַר קיין אַמעריקאַנישע טאָלערס. און וואו אייגנטלעך געפינט זיך טאַקע איצט די צעבראָכענע רייצעלעז קיינער ווייסט נישט באמת פון איר עקזיסטענץ אָדער חלילה פון איר געביין. עס איז אַפילו פאַראַן אַ חשד אין שטעטל אַז זי לעבט שוין

נעבעך נישט. אין איין טאָג, בשעת אַ שטאַרקןווינט, זעט מען פּינטען אַרומגיין צווישן די קברים אויפן בית עולם אין קויל. ער זוכט דאָס קבר פון זיין געליבטער און פאַרפּייניקטער רייצעלע. ער האָט חשק צוצופאַלן צו דער רויטער און ליימיקער ערד. ער וויל בעטן מחילה ביי רייצעלן פאַרוואָס ער האָט זי אַזוי שרעקלעך געפּייניקט און פאַרשעמט אויך... אין אַלץ, זאָגט ער צו די יידן וואָס זיינען ווילּיק אים אויסצוהערן מיט דער נייגיריקייט וואָס מען האָט צו אַ שטאָט־משוגענעם, אין אַלץ איז שולדיק די גרויזאַמע מענטשלעכע נאַטור, די וואַנזיניקע תאווה, דער שרעקלעכער שטן וואָס רייצט די פּייערדיקע ליידנשאַפטן פונעם הילפלאָזן אדם צו חוהן ווען די פאַרערטערישע שלאַנג האָט צוגערעדט צו פאַרזוכן דעם גיפטיקן זאַפט פונעם פאַרשאָלטענעם עפּל...

ווען דעם אָרעמען רבס טאָכטער רייצעלע איז אַנטלאָפן פון פּינטען, פון דעם אורמענטש וואָס איז צוגעפאַלן צו איר מיט אַזאַ ווילדן הונגער נאָך דעם אומשולדיקן לייב פון אַ יינגער פרוי וואָס האָט נעבעך געוואַרט אויף איר זיווג מן השמים, איז ער געוועזן מוראדיק איינזאַם אין זיין געבורטס־שטעטל קויל. ער פלעגט זיצן דורך די נעכט אונטער רייצעלעס פענצטער אַזוי ווי אַ פאַרצייטישער הישפאַנישער ריטער און אויסשפּילן אויף זיין קליינער אָרגאַנקע פון אַ פאַסטוך אַ סך יידישלעכע לידער און חסידישע ניגונים וואָס ער האָט געדענקט פון די יינגע יאָרן. רייצעלע איז פאַרשטייט זיך נישט צוגעקומען אַפילו צום פענצטער כדי אַ קוק צו טאָן אויף איר טרובאַדור און צו זען ווי די טרערן גיסן זיך פון זיינע רויטע אויגן פונקט ווי די מעלאָדיעס וואָלטן אַרויסגערונען פון זיין צעלעכערטן האַרצן. אָבער אַ קליינטשיק שעפּסל וואָס האָט טאָג און נאַכט געהונגערט און איז נעבעך אַרומגעלאָפן ווי אַ פאַרשאָלטענע נשמה איבער די אומעטיקע געסלעך און פאַרביי די אַלטע מויערן אויף וועלכע עס זיינען געוואַקסן משוגענע שוואָמען, קריך־פּלאַנצן און פּאָקשיוועס, ווי אויך אַלערליי אַנדערע ווילדע געוויקסן, האָט זיך דערנענטערט צו פּינטען. פּינטע, אין זיין גרויס רחמנות אויף אָרעמע און ליידנדיקע באַשעפענישן, האָט דאָס שעפּסל אַריינגעטראָגן צו זיך אין שטוב וואָס איז פּאַקטיש געווען אַ פּייכטער און פינצטערער קעלער. ער האָט פאַר איר אויסגעבעט אַ געלעגער ווי פאַר אַ פּרינצעסין. ער האָט איר אָפּגעגעבן זיין אייגן אייזערן בעטל, בשעת ער אַליין האָט זיך ביינאַכט אייגעהילט אין אַ סאָלדאַטסקן שינעל פון אַ געפאַלענעם עסטרייכישן פעלדפעבל, און ער איז אַזוי געשלאָפן אַן איינגעקאָרטשעטער אין דרייען בשעת דער ביטערער פּוילישער קעלט אין דעם חודש דעצעמבער. ער האָט דעם אויסגעדאַרטן און אויסגעקוואַרטן שעפּסל געגעבן צו עסן גענוי די זעלביקע שפּייזן וואָס ער אַליין האָט געגעסן: ער האָט אָפּגעקאָכט אין אַ ריזיקן אייזערנעם טאָפּ וואָס זיין מאַמע האָט אים אייגנס מיטגעגעבן קיין אַמעריקע אויף צו קאָכן קרויט און אָנגעברענטע גריצן, ווי אויך אַ סך קרייטעכצער וואָס ער האָט אָנגעריסן ביים טייך וואַרטע און ביים היימישן בית המדרש. ער האָט

אַריינגעשניטן אינעם טאָפּ קאַרטאָפּלעס, מערן, קילעריבן און פּיעטרישקע, און מיט אַלץ וואָס עס האָט זיך געפונען אין דרויסן וואָס שכנים האָבן אַרויסגעוואָרפן פון זייערע איבערגעבליבענע מאָלצייטן. פינטעס האָט קיינמאָל נישט געאַרט אַז די שאר־ירקות זיינען אַ קאַפּעטשקע צוגעפוילטע, און די מוראַשקעס מיט אַנדערע מינים אינזעקטן און ווערעם האָבן הנאה פון זיי, שטילנדיק זייער אייביקן הונגער און לייטישן אַפּעטיט מיט וועלכן דער אויבערשטער האָט זיי באַשאַנקען. פינטעס מאָגן ווי פון אייזן אָדער קופּער געהעמערט האָט געקענט וואויל פאַרדייען אַפילו קיזלשטיינער פון די בערג אָדער וואָס ליגן שוין מששת ימי בראשית אויפן ברעג פון טייכן און ימים. דורך די ווינטערדיקע חדשים האָט די שעפּסעכע געהאַט אַ וואַרעמע היים און מיט גענוג זאַטקייט און שפע אין הויז. ווען עמעץ וואָס האָט געזען ביי פינטען דאָס שעפּסל בשעת ער האָט עס אַריינגענומען צו זיך אין דער היים וואָלט עס איצט אָנגעקוקט, וואָלט ער נישט געוועזן אימשטאַנד עס צו דערקענען. דאָס שעפּסל האָט זיך ממש געטאָפּלט אין איר וואָג און האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט געשוואַנגערט מיט עטלעכע פּיטשינקע שעפּסעלעך אין איר בויך...

אָבער אין פרילינג ווען די ערב פּסחדיקע זון האָט שוין וואַרעם געשיינט אונטערן גרויסן און אייביקן יידישן הימל און די פייגל פון די ווייטע קאַנטן האָבן זיך צוריקגעקערט אין די שטעטלעך וואו זייערע אַלטע נעסטן האָבן אויף זיי געטריי געוואַרט, און די געדיכטע גראָזן האָבן פאַר זיי שוין געהאַט גענוג אינסעקטנשפּייז בשפע, האָט זיך צו דער שעפּסענער בתולה צוגעטשעפּעט אַ מין דאָן זשואַן, דער פּאָפּולערער באַראַן אין שטעטל מיט זיינע גרויסע הערנער און מיט זיינע ליכטיקע ציידענע אויגן וואָס האָבן געלויכטן מיט ליבשאַפט. ער איז געווען צאַרט און נאָבל צו פינטעס שטילער און איידעלער שעפּסעכע. ער האָט געלעקט מיט זיין וואַרעמער צונג און ווי געקושט איר דינע און שניי־קלאָרע וואָל. זי איז אין אַ צייט אַרום געוואָרן שוואַנגער פון דעם טאַקע היימישן באַראַן אין שטעטל וואָס האָט אָפּגעגעסן און אָפּגעגריזשעט גיך די „משוגענע שוואָמען״, ווי מען האָט זיי גערופן אין שטעטל, וואָס זיינען געוואַקסן אויף די ווענט פון דעם אַלטן בית המדרש און אויף אַנדערע אָרעמע הייזלעך און כאַלופּעס פון שוסטערס, שניידערס, בעדנערס, קאָוואַלעס, שמידן, וואַסער־טרעגערס, סטראָלאַזשעס, קוימענקערערס, פישערס און חברה־קדישא־לייט. פינטעס האָט איידל, און טאַקע מיט אַ סך ליבשאַפט געגלעט און געצערטלט די ניי־געבוירענע שעפּסלעך וואָס זיינען אין אָנהויב פון זייערע געבורטן געווען כמעט נאַקעטע נשמות, אומבאַהאָלפענע זעלן אַזוי ווי די מערסטע ברואימלעך אַפילו ביי אַלערליי פייגל ווי בלויע שוואַלבן און ווי גרויע ווראָבלעס, און אַפילו ביי נאַכטיגאַלן וואָס איך האָב באמת קיינמאָל פערזענלעך נישט געזען און נישט געהערט זינגען זייערע פיל־געלויבטע ליבע־לידער וועגן וועלכע די פּאָעטן שרייבן אין זייערע ראָמאַנטישע פּאָעזיעס. פינטעס האָט די

קליינטשיקע באַשפּעפּענישן געגעבן צו טרינקען אין די פּריע באַגינענס ווען גאָטס הערלעכע נאַטור דערוואַכט און זינגט שירה צום אויבערשטן, ערשט־אויסגעמאָלקענע און נאָך וואַרעמע מילך פון אַ שקאָפּעק, און כּדי צו שטילן זייער הונגער האָט ער זיי געגעבן צו עסן זיסע שבתדיקע חלה. ער האָט אויך געוועלגערט טייג און האָט אויפגעקאָכט קליסקעלעך און אַפילו רייז אָדער קאַשע מיט מילך, צי גאָר פּראָסע (הירזש) מיט האָניק. ער האָט געקליבן שוואָמען אין וואַלד אַרום קויל און ער האָט דערנאָך אָפּגעקאָכט קרעפּלעך מיט קעז און יאַגדעס פאַר זיך אַליין און פאַר די קליינטשיקע און סימפּאַטישע באַשעפענישן. די מענטשן אין קויל האָבן געערדט מיט אַ צייט שפּעטער אַז די שעפּסעכע צעוואַקסט זיך אין דער לענג און ברייט און זי ווערט ממש געשוואָלן פון איר פעטס וואָס בעט אויס באַקוועם און וואַרעם אַלע אירע גלידער. אויך די נאַקעטע שעפּסעלעך האָבן גיך געקראָגן פלייש אויף זייערע ביינדלעך און עס איז ביי זיי שוין געוואַקסן אַזאַ דינינקע וואָל איבער די איידעלע הייטלעך, און סוף כּל סוף האָבן זיי אויך ברודיק געמאַכט די גאַנצע וואוינונג. זיי האָבן אַפילו זיך נישט געהיטן פון צו פאַרברודיקן פינטעס מאָלערייען מיט די פיגורן פון די קוילער שווייגנדיקע יידן מיט די לאַנגע טרויעריקע בערד ווי פון אָריענטאַלישע דערווישן. אָבער פינטע האָט די שעפּסעכע מיט אירע יינגע קינדער נישט געהאַט קיין האַרץ חלילה צו פאַרטרייבן פון זיין שטוב, מחמת ער האָט שטאַרק ליב געהאַט דאָס ערלעכע און הייליקע לעבן פון מענטשן; פון שטילע און אומשולדיקע חיות וואָס זיינען גאָט די נשמה נישט שולדיק, און אויך פון כּלערליי פייגל און גרויסע שמעטערלינגען מיט זייערע געלע און געפלעקטע פליגלען ווי זיי וואָלטן געווען אָפּגעטונקענע אין טעפּ מיט נאַסע פאַרבן. ער האָט אַרום זומערצייט, אין די טעג ווען עס איז געווען אַ סך ליכט פון דער זון, געמאָלן די שעפּסעכע מיט אירע קינדער, די ווייכע און זיידענע שעפּסעלעך, אין אַ סך וואַריאַנטן. ער האָט שפּעטער פאַרקויפט די מאָלערייען פון די יידן פון זיין שטעטל, ווי אויך פון די היימישע קוילער באַשעפענישן, צו די גלחים און קאַרדינאַלן אין רוים און צו די סטודענטן אויף די פּאַריזער גאַסן און סקווערן, באַזונדערס אין די אַלייען פון דעם לוקסענבורגער גאָרטן. און דאָס האָט ער געטאָן כּדי זיך צו קענען פאַרשאַפן שפּייז פאַר די איידעלע לעבנס אומעטום וואו ער האָט נאָר געוואוינט און געשפּייזט די היימישע חיות, די פייגל און זיך אַליין פאַרשטייט זיך אויך. פינטע האָט קיינמאָל נישט געוואַגט צו פאַרקויפן צום קצב אין שטעטל גאָטס באַשעפענישן כּדי זיי חלילה צו שעכטן און די גנבים, רוצחים און גראָבע יינגען זאָלן שפּעטער געניסן פון זייער זיסן פלייש. זיי זיינען געווען ווי פון זיין אייגן בלוט און פלייש. צי קען דעריבער אַ מענטש מיט האַרץ און געפיל פאַרקויפן זיינע אייגענע לעבעדיקע גלידער צום שוחט?!...

# ה. לייוויקס קוש

אברהם מיטלמאַן, מיינער אַ געטרייער לייענער, פרעגט מיר אין שייכות מיט מיין לייוויק־מאמר אין מיין בוך „פון אַש און פייער איז דיין קרוין": פאַר וואָס — פרעגט ער — האָט דער קראַנקער ה. לייוויק געקושט אייער האַנט ביים אַוועקגיין, נאָך דעם ווי איר האָט אים מבקר־חולה געווען בשעת זיין קראַנקהייט?

אויב איר ווילט דווקא אַן ענטפער, אָדער אַ סאָרט באַשייד וועגן דעם, וועל איך זיך באַמיען אייך צו ענטפערן, כאָטש וואָס אַן אמת, האָב איך דורך דער גאַנצער צייט וועגן דעם נישט געטראַכט. אַגב וויל איך אייך באַמערקן, אַז דאָס איז נישט געווען דער איינציקער קוש בלויז פאַר מיר אַליין. מ'האָט דערציילט אַז ער האָט געקושט די האַנט פון איטלעכן גאַסט וואָס האָט געפונען פאַר וויכטיק צו קומען צו אים מבקר־חולה זיין, אין זיין איינזאַמקייט, בשעת זיינע לעצטע חדשים, ווען די זון האָט באַלויכטן דעם באַלקאָן, די וואַזאָנען און די מויער ביים איסט־ריווער, וואו ער איז געלעגן יאָרן־לאַנג אַן אָנמאַכטיקער, אַ פּאַראַליזירטער, און אויך זיין צונג איז געווען ווי אַ שטיין אין זיין מויל. פאַרן שיידן זיך מיט אים, האָט איטלעכער פריינד, וואָס איז געשטאַנען אָפּהענטיק פאַרן חורבן פון אַ מענטש, ווי אַ באַלוין, געקראָגן פון לייוויקן אַזאַ קוש אין דער האַנט, ווי ער האָט אויך מיך באַשאָנקען.

איך דערמאָן זיך, ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען פון לייוויקס צימער, בין איך געווען שטאַרק צעטומלט. זיין פרוי, שרה, האָט מיך באַגלייט ביז צו די טרעפּ. זי האָט אויך עפּעס גערעדט, אָבער איך האָב נישט געוואוסט וואָס זי זאָגט און וואָס זי מיינט.

פאַר די בליצן וואָס האָבן אָנגעצונדן הימל און ערד האָב איך קיין מורא נישט געהאַט — זיי זענען גאָטס פּערזענלעכע בליצן, און זיי וועלן מיר קיין שלעכטס נישט טאָן, פאַר דעם וואָס איך בין געווען מבקר־חולה זיין אַ קראַנקן פּאָעט. אויך פאַר די דונערן וואָס האָבן יעדער ווײַלע אויסגעבראָכן אין אַ מוראדיקן קראַך, האָב איך קיין פּחד נישט געפילט, ווייל זיי זענען דאָך גאָטס לייבלעכע דונערן און זיי קענען מיר נישט טאָן קיין שלעכטס, חלילה. אָבער מיך האָט געפּייניקט אַ געפיל און אַ מחשבה, הלמאַי איך האָב זיך פון לייוויקס קוש געוואָלט באַפרייען. עס איז פאַר מיר, פּשוטער גערעדט, געווען אַ צו גרויסער כבוד, אַ ברכה, אַ זכיה, לייוויק זאָל קושן מיין האַנט אין אַ לעצטער געזעגעניש. איך האָב זיך געפילט מענטשלעך קליין, איך זאָל ווערט זיין אַז אַזאַ געפּייניקטער גייסט ווי לייוויק, ליגנדיק אויף דער עקידה, אַזאַ יידישער פּראָמעטעוס זאָל קושן מיין רעכטע האַנט. האָב איך זיך געפילט שולדיק וואָס לייוויק, אין זיינע טיפסטע ליידן און יסורים, האָט מיר אָנגעטאָן אַזאַ כבוד, מיר אָנצורירן די האַנט מיט זיינע פייער־בריענדיקע ליפּן, כאָטש ער אַליין האָט

אויסגעזען אַזוי קיל און פאַרשטיינערט ווי אַ פעלדזביים ברעג פון ים וואָס ווערט געשלאָגן ביי טאָג און ביי נאַכט פון די מאַכטיקע כוואַליעס.

איך בין דערנאָך געגאַנגען ווי אַ משוגענער גאַס־אויס און גאַס־איין און איך האָב זיך ממש געבעטן ביים רעגנגאָס און ביים ווינט, וואָס האָבן שטרענג באַרירט מיין לייב:

— גיסט אָפּ מיין האַנט מיט וויטריאָל, מאַכט צונישט דעם קוש אויף מיינע פינגער, וואָס טראָגן איצט די שווערע משא פון לייוויקס יסורים!

ער האָט אומבאַוווסטזיניקערהייט באַקריינט און באַלאָדן מיין האַנט מיט זיין גנאָד. איך האָב געהאַט דעם געפיל, אַז מיין האַנט הייבט אָן צו לויכטן און צו ברענען ווי אַ שטורקאַץ.

— ווינטן — האָב איך זיך געבעטן — לעשט אויס דאָס פייער, דאָס צו גרויסע און דערהויבענע, פון זיין גנאָד אויף מיין האַנט. אַנטקושט פון מיר לייוויקס קוש. איך וויל צוריק זיין מענטשלעך אָנגעטאָן אין מיין אייגענער האַנט.

— אָבער פאָרט — פרעגט ביי מיר דער טייערער לייענער אברהם מיטלמאַן — פאַרוואָס האָט ער געקושט אייער האַנט?

איך פּרואוו צום ערשטן מאָל זוכן אַ באַשייד, און עפּעס פיל איך אַז איך האָב אים געפונען, כאָטש בשעת־מעשה האָב איך איבערהויפּט נישט געטראַכט וועגן דעם:

דער קוש איז מסתמא געווען אין האַרמאָניע מיט לייוויקס פילאָסאָפיע פון תשובה. ער האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר מיר, ווייל ער האָט זיך געפילט מענטשלעך שולדיק פאַר אַלע, איבערהויפּט פאַר די מענטשן פון זיין קרייז. יעדער מענטש — דאָס איז דאַכט זיך געווען דער רוקנביין פון לייוויקס פילאָסאָפיע — איז שולדיק דעם מיטמענטש פאַר זיינע יסורים, פאַר זיין פאַרשעמונג, פאַר זיין בלוט־צאַפּעניש, פאַר דער דערנידעריקונג און געפאַלנקייט פון זיין ברודער. קושנדיק מיר די האַנט, האָט לייוויק געבעטן מיין פאַרגעבונג. ער האָט זיך הכנעהדיק איינגעבויגן פאַר מיר, כדי זיך אַליין, ווייזט אויס, צו רעכטפאַרטיקן. ער האָט זיך פּשוט געגרייט צו קומען אויף יענער־וועלט אַ פולקום־גערייניקטער. די משא פון זינד וואָס ער האָט געפילט אַז איין מענטש באַגייט קעגן אַנדערן, האָט אויף אים שטאַרק און שווער געוואויגן און געדריקט. לייוויק האָט געקושט מיין האַנט נישט ווייל ער האָט מיך באַזונדערס מער ליב געהאַט ווי אַנדערע פון זיינע מקורבים און פריינד, נייערט ווייל ער האָט בכלל שווער געפילט זיין שולדיקייט צום מין מענטש פאַר זיינע ליידן. ער האָט זיך געפילט שולדיק פאַר איטלעכן מענטש, איטלעכן ייִד, איטלעכן געפּייניקט נפש.

גאָט אַנטלויפט פון זיין שולדיקייט פאַר דעם מין מענטש. ער פאַרלייקנט זיינע זינד קעגן בן־אדם. לייוויק איז געווען מער ווי אַ פּאָעט וואָס איז פאַרנומען מיט זיין אייגענער טראַגעדיע. לייוויק וויל ביז דער לעצטער רגע זיך אַנטשולדיקן און בעטן מחילה פאַר גאָטס אכזריות לגבי דעם מענטש.

איך בין שפּעט ביי נאַכט אַהיימגעקומען מיט אַ געהייליקטער, געלייוויקטער און געריייניקטער האַנט, אַן אָנגעטאָענער אין דעם גאָלדענעם טרערנגאָס פון לייוויקס תשובה. די האַנט מיינע איז געבליבן הענגען אויף מיין עלנבויגן, אויף מיין אַקסל, ווי אַ בראָנדזענע האַנט, ווי אַ קונסטווערק — נישט פון קיין גאָלד, נישט אויסגעגאָסן אין פייער וואָס שמעלצט אייזן און פּלאַטין — נאָר געהעמערט פון אַ נשמהדיקן מאַטעריאַל פון שולדיקייט, וואָס איז מאַכטיקער פון גראַניט, און וואָס די וואָלקנבראָכן האָבן נישט געקענט רייניקן פון לייוויקס ליפּן. מיין האַנט איז געווען באַלאָדן מיט אַ מאָראַל, וואָס דער שולדיקער מענטש, אין זיין טיפסטער געפּאַלנקייט, פילט צום יסורימדיקן מיטמענטש.

## „דער שאַך פּערסקי"

דאָס פּלושנס, טיולנס און סאַמעט האָט זיך געמערט אינעם גאָלדענעם דעמער וואָס האָט איינגעזאַפּט די שקיעה פון דער זון דאָרטן ווייט איבערן טייך. פון דער אַנדערער זייט האָט שוין געגענט די נאַכט און האָט געוואונען טעריטאָריע אויפן שטיק פּלאַנעט אָן אַ מלחמה, אָן אָפיצירן און גענעראַלן, אַפילו אָן שום אַרמייען וואָס גייען שטאַרבן פאַרן קראַנקן שאַך...

פּלוצלינג, זוכנדיק פּרייטיק פּאַרנאַכט וואו צו קויפן אַ נאָך וואַרעמען קוילעטש וואָס איז ערשט אָפּגעבאַקן געוואָרן ווערדליק מיין פאַרשטעלונג אין אַ קליינשטעטלדיקן באַקאויוון דורך אַ פּאַרמעליקטן פעטערס קרייד־בלייכע הענט, בין איך שטיין געבליבן נעבן דעם אויסשטעל־פענצטער פון אַ געוועלב וואו מען פאַרקויפט קראָליקלעך, קאַנאַריקלעך און קעצלעך. זיבן פּלושענע קעצלעך זיינען געשלאָפן איינס נעבן דעם אַנדערן איינגעטוליעטע און איינגעליולעטע ווי די זיבן מייזלעך אין איציק מאַנגערס פּאָפּולערן ליד ווען דער שפּעטער נאַכט ווען ער האָט נישט געהאַט וואוהין אַריינצוגיין כדי צו שפּילן אין קאָרטן מיט זיין אייגענעם לאַנגן שאָטן. אין גאָטס דרויסן האָט געיאָגט אַן אַרקטיש־קאַלטער ווינט און איך האָב טאַקע מקנא געווען די קעצלעך וואָס טוליען זיך קעגנזייטיק אין דער קעצישער וואַרעמקייט. די פּיטשינקע פייגעלעך ווי בלומען אין פרילינג, שטייענדיק אויף די דרעטלעך אין זייערע קליינע שטייגלעך, זיינען זיכער געווען זיס צום אויג מיט זייערע צאַרטע לעבנס ווי פּיצלעך פישלעך אין אַן אַקוואַריום...

אָבער מיך האָט אינטריגירט אַ זייער שוואַרצער פּאַפּוגיי מיט אַ גרינעם טשיפּעק אָדער קרוינדל. עס האָט זיך מיר תיכף געוואָלט איינטונקען די פעדער אין זיינע זיידענע פעדערן ווי אין אַ טינטער מיט פינצטערן טושאָוון טינט כדי אָנצושרייבן אַ ליד פון אַ באַלאַדישן כאַראַקטער אויפן שטייגער פון איציק מאַנגערס אָדער אלחנן וואָגלערס באַלאַדעס, צי גאָר זישע לאַנדויס פּרעכטיק־איבערגעזעצטע אַלט־ענגלישע ראָמאַנסן. אָבער די סאַמע יידישסטע באַלאַדן זיינען פּאָרט

געוועז איציק מאַנגערס וואָס האָט אַריינגעפירט אין דעם יידישן ליד די גאָלדענע פּאַווע מיט אַזאַ באַשיידנקייט, שטילקייט און בכיוונדיקער קאַרגשאַפט פון טאָן און קאָליר, פון שטימונג און מעלאָדיע, ווי אַן אמתער מייסטער וואָס איז וואויל באַקאַנט מיט דער ריכטיקער מאָס און טאַקט...

און בשעת דער שוואַרצער קאַוואַליער, דער טינט־פאַרגאָסענער פּאַפּוגייער מיטן קרומען שנאָבל האָט זיך געאיילט צו באַפרייען זיך פאַר ממש יעדן פּרייז פון דער דראָטענער שטייג און ער האָט נעבעך געזוכט אַלערליי נאַאיווע המצאות ווי אַזוי זיך טאַקע אַ לעבעדיקער אַרויסצודראַפּן זיך פון זיין פאַרמאַגנעטער געפאַנגענשאַפט, בייסנדיק די פאַרזשאַווערטע דראָטן מיט זיין שוין דערמאָנטן אויסגעקרומטן שנאָבל און אויסמעסטנדיק דעם חלל פון דער שטייג אין אַלע זייטן און ווינקלען, האָב איך דערזען מיין אמתדיקן אידעאַל: אַן אַנדערן גראָז־גרינעם פּאָפּוגייער וואָס איז דורך דער גאַנצער צייט שווייגנדיק געשטאַנען אויף אַ דינעם דרעטל. ער איז אַזוי רעזיגנירנדיק געשטאַנען אויף זיינעביידע פאַרבאָרגענע פּיסלעך אונטער די אייגענע פוכקע פעדערן, אַזאַ אומבאַוועגלעכער און שטילטשיקער ווי מיין גוטע און אָרעמע מאַמע... עפּעס אַזאַ אַלטע מרה שחורה האָט געוויעט פון דעם גאַנצן טונקל־גרינעם און פלושענעם פויגל. אַ שווערער אומעט האָט אים באַזעלט, צו רעדן איידל ווען אים מחמת ער וואָלט קיין אַנדערע ווערטער נישט פאַרנומען. ער האָט אויף מיר געקוקט מיט זיינע צוויי שוואַרצע פלושענע אויגן מיט אַ מין קהלתדיקן הבל הבלים־טאָן, און מיר איז טאַקע איינגעפאַלן אַז זיין אויסזען שמעקט מיטן מרה־שחורהדיקן קייסער קהלת וועמענס קרוין ליגט אינמיטן נאַכט ווי אַ געפאַנגענער שטערנפּיש אויף זיין מאַהאַגאָניש־געשניצטן טישל ביים בעט און זי וויינט צוזאַמען מיט אַבישג השונמית. און בשעת מעשה איז אין מיר אויפגעגאַנגען עפּעס אַזאַ מין ווייט געדענקעניש פון מיין שטעטל פילעוו. מיין הויקערדיק חברל שמחהלע זאַיאָנץ פלעגט אָפט צו מיר רעדן וועגן עפּעס אַ דיקן באַנד וואָס איז איינגעבונדן מיט גאַנצע צען אָדער עלף מעשה־ביכלעך וואָס הויזן צוזאַמען בשלום. איך בין פאַרשטייט זיך שיער אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט און נייגעריקייט ביי אים צו באָרגן דעם זעלטענעם באַנד מיט די איינגעבונדענע ביכלעך. אַגב באַזוכנדיק אין איינעם אַ שוין ווייט־פאַרגאַנגענעם טאָג דעם שרייבער יוסף אָפּאַטאָשו, ווי איך באַשרייב עס אין איינעם פון מיינע זאַכן, האָט ער מיר געוויזן אַזאַ מין איינגעבונדענעם באַנד מיט אפשר אַרום צוועלף אָדער פופצן בראָשורן, וועמענס כאַראַקטערן און היימישע פּערסאָנאַזשן, די פאַרשוינען וואָס די פאַרשידענע מחברים האָבן מסתמא אויסגעקלערט אָדער גענומען פון דער קליינשטעטלדיקער כראָניק, האָבן ביינאַכט זיך גאַנץ וואַזשנע אויסגעטוישט מיט זייערע ראָלעס. זיי זיינען זיך אַזוי פריי אַריין און אַרויסגעגאַנגען פון איין ביכעלע צום אַנדערן... זיי האָבן זיך כסדר באַטייליקט אין די מעשיות פון די אַלערליי מעשה־ביכלעך, אין די

פאַנטאַסטישע סיטואַציעס ווי פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן וואָס שפּילן די ראָלן פון בעטלערס און פּרינצן און וואָס טוען אָן יעדע נאַכט צו די ביזאַרע פאָרשטעלונגען אַנדערע קאָסטיומען און דעקאָראַציעס, זיך פאַרוואַנדלענדיק אין פאַרשידענע גלגולים און געשטאַלטן ווינציקסטנס צו דער איינציקער נאַכט פונעם טעאַטראַלישן שפּיל. וואָס איז דען דער חילוק? די פאַרשוינען מיט פאַנטאַזיע און טאַלאַנט פאַסן זיך אַריין אין אַלע ענלעכע מעשיות און פאַרציילונגען. און דער סוף איז כמעט תמיד דערזעלביקער און די מערסטע ביכלעך וואָס די פאַרכישופטע לייענערס לייענען מיט אַזאַ מתיקות וועגן שדים, דיבוקים, נישט־גוטע, לאַפּיטוטן און בלייכע פּרינצעסינס מיט גאָלדענע האָר וואָס באַרירן זייערע פאָרצעליי־ווייסע טאַליעס און גאָלדענע בריסטן...

ווען מיין גוטער חבר שמחהלע האָז האָט ענדלעך באַוויליקט מיר אויסצובאָרגן דעם אוצר מיט איינגעזאַמלטע מעשה־ביכלעך וואָס זיינען געווען איינגעבונדן צוזאַמען אין אַן אַלטן און אָפּגעריבענעם לעדערנעם באַנד, בין איך גיך אַהיימגעלאָפן אין דער אייז־קאַלטער שניי־נאַכט אַ שיכורער, כאָטש נישט דווקא פון טרינקען וויין און פון עסן לעקעך מיט האָניק געבאַקן. איך בין פאַרשטייט זיך צוגעפאַלן צו דעם באַנד ווי צו אַן אבן־טוב. דאָס ערשטע דינטשיקע ביכעלע האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט שמר״ס אַ קורצן ראָמאַנס וואָס איז געווען אַזוי מין פאַנטאַסטיש־שיין אַז איך הויב שוין ממש נישט אָן צו געדענקען וואָס אַזוינס דאָרטן האָט זיך אַלץ אָפּגעטאָן. עפּעס איז דערינען דערציילט געוואָרן וועגן אַ יידיש מיידל וואָס פאַרמאָגט אַ זיסע שטימע, און איר חתן, דער אַדעסער מאַלאָדיעץ, דער עלעגאַנטער פּראַנט און פאַצעט (איך ווייס באמת נישט דעם חילוק צווישן דיביידע פאַסאַזשירן), מיט אַ צולאָג פון אַ דאָן זשואַן און אַ שטיקל גנב אויך, האָט זיין כלה, פייגעלע די זינגערין, פאַרשפּילט צו אַ ציגיינער. דער ציגיינער, אויף וויפיל איך געדענק די פאַרפּלאָנטערטע מעשה, פירט זי אַוועק אויף אַ בויד אַזש קיין סטאַמבול וואו זי זינגט יידישע לידער אויפן אַראַבישן באַזאַר...

די אַנדערע מעשה איז געווען וועגן דעם פּערסישן שאַך. אויפן געלן שערבלעטל האָט מען געקענט לייענען גאַנץ וויראַזשנע דעם טיטול פון דער מעשה: „דער שאַך פּערסקי״. די דאָזיקע מעשה איז באמת געווען אין מיין שוין דעמאָלדיקן גוסט און גייסט, און אַזוי איז זי שוין אויך פאַרבליבן אין מיר ביזן היינטיקן טאָג ווען פון מיין טינט און פעדער טריפן אַראָפּ די ווערטער און שורות פון דעם דאָזיקן געשעעניש. עפּעס אַרום פאַרנאַכט־צייט, מיטן גאָלדענעם טריף פון דער זון איבער די טורעמס, דעכער, מינאַרעטן און פאַגאָדעס פון דער פאַרצייטישער הויפּשטאָט פון פּערסיע, האָט פאַרבלאָנדזשעט אַן אָפּגעריסענער און אָפּגעשליסענער בעטלער, אפשר אַן אָרעמער אַראַבישער הענדלער אין דער פאַרצייטישער שטאָט טעהעראַן וואו עס זיצט אויף זיין צויבערהאַפטן טראָן דער שאַך פון פּערסיע און ער געוועלטיקט איבערן גאַנצן לאַנד מיט גרויס חכמה און

גערעכטיקייט. דער דאָזיקער הענדלער האָט, דאַכט זיך מיר, פאַרקויפט עפּעס אַ געהימענישפולע פרי צום גרויסן און אַלמעכטיקן הערשער וואָס הויבט אָן, נאָכן אויפעסן די פרי, צו ווערן קליינטשיק ווי אַ פויגל. אויף זיין איינגעשרומפּענעם לייב הויבן אים תיכף אָן צו וואַקסן פעדערן. דער ערשט געוועזענער און מעכטיקער שאַך, ווערנדיק פאַרוואַנדלט, צו דער שרעקלעכער איבערראַשונג פון זיינע מיניסטאָרן, וויזירן, שטערנזעערס און די לייט וואָס זיינען דעם הערשער פּותר חלום אַלע זיינע מאָדנע חלומות, אין אַ נישטיקן און מאַכטלאָזן פויגל, פאַרלירט נאַטירלעך זיין טראָן, זיין פּאַלאַץ, זיין מאַכט, זיין האַרעם מיט שיינע ווייבער און זיין גאַנצע גרויסע אימפּעריע וואָס הערשט איבער אַ סך פעלקער און לענדער. בשעת די פינצטערע נעכט ווען עס בלאָזן ווילדערהייט די קאַלטע ווינטן פונעם ים, שוועבט ער איבער וויסטע פעלדער און וועלדער, און ער שלאָפט אַן איינזאַמער אין חרובדיקע הייזער און חורבות, אין דער געזעלשאַפט פון בלוטדורשטיקע פלעדערמייז וואָס זייגן זיין בלוט בשעת ער פרואווט כאָטש איינשלאָפן אויף אַ רגע, און זיי פאַרפאָלגן אים. בייזע אָדלערס פייניקן און פּיקן אים שיער אויס די אויגן. זיי פּליקן אויס זיינע פעדערן. און בשעת דער שאַך איז פאַראיאָגט געוואָרן אַלס אַן אָרעמער פויגל פון זיין קעניגרייך און ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עלנטן פויגל, הערשט דערוויילע דער טייוול אָדער אשמדאַי, אַ פאַלשער און פאַרשטעלטער שאַך וואָס מאַכט צום ליידן דאָס גאַנצע פאָלק. גנבה, קאָרופּציע און פאַרברעכן הערשט איצט אינעם גאַנצן פערסישן לאַנד. שלעכטע און פאַרקויפטע שופטים פאַרמשפּטן ערלעכע מענטשן צו האַרבע שטראָפן אַדאַנק די פאַלשע עדות וואָס באַשולדיקן די קרבנות אין האָבן גערויבט, געגזלט און אָפּגענאַרט די מלוכה־קאַסע. זנות ווערט פאַרשפּרייט דורך אויסגעלאַסענע נקבות און זייערע מעקלערס, די אויסוואורפן. אין שטאָט קומען פאָר עקזעקוציעס פון אומשולדיקע פאַרמשפּטע מענטשן. עס ברעכט אויך אויס אַ מגפה אין לאַנד. מאַסן מענטשן פאַלן ווי די פליגן. רציחה, פאַרברעכן און פאַלשקייט האָט באַהערשט די גאַנצע פערסישע מלוכה. ביז עס געשעט אַ נס אין איינעם אַ טאָג, און דער שאַך פערסקי ווערט געהאָלפן דורך העכערע כוחות. ער ווערט מיט דער צייט צוריק פאַרוואַנדלט אין אַ מענטש פון בלוט און פלייש און ער גייט אַרויס פון די וועלדער און וויסטענישן מיט נייע דערפאַרונגען, מיט אַ מעכטיקער מאָראַל אין זיין האַרצן, און ער קומט צוריק אָן אין דעם קעניגלעכן שלאָס. זיינע דינער און יועצים דערקענען אים קוים מחמת ער האָט זיך דורך דער טרויעריקער צייט געענדערט און געעלטערט. ער איז אויך געוואָרן אָפּגעמאָגערט און אויסגעדאַרט ווי אַ שפּאָן. זיין באָרד איז געוואָרן ווייס ווי שניי. אָבער די מענטשן האָבן אים פאָרט דערקענט און יענע וואָס זיינען צו אים געבליבן געטריי, פירן אים צוריק אַריין מיט פּאַראַד אין זיין פּאַלאַץ און זיי זעצן אים צוריק אַוועק אויף זיין טראָן מיט כבוד און ליבשאַפט. און דער שאַך הערשט ווידער

איבער דער פּערסישער אימפּעריע מיט ווירדע, גלאַנץ און חכמה. זיין קרוין און זיין סצעפּטער לויכטן אויף מיט אַ נייעם ליכט און זיי פינקלען ווי די זון אין פרימאָרגן...

שוין מסתמא אַרום זיבעציק יאָר זינט יענער צייט ווען איך בין געווען אַ קליינטשיק יינגל און איך האָב געלייענט דאָס טיפזיניקע מעשהלע וועגן דעם שאַך פּערסקי. און ווען דער אומגליקלעכער פּערסישער שאַך האָט לעצטנס פאַרלוירן זיין מאַכט, זיין אַרמיי, זיין מלוכה ווי אויך זיין טראָן, האָב איך געטראַכט אַז יענער געהיימענישפולער מחבר וואָס האָט אָנגעשריבן דאָס פאַנטאַסטישע ביכעלע מיט דער מעשה וועגן דעם גרויסן הערשער וואָס איז דורך עפּעס אַ קללה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ היימלאָזן און וואַנדערנדיקן פויגל, האָט ממש נביאיש אָדער העלזעעריש פאָרויסגעזען די טראַגעדיע פון דעם פּערסישן שאַך וואָס איז אויסגעגאַנגען מיט יסורים אין מצרים. און דער גרינער פּאַפּוגייער אין דער אייזערנער שטייג וואָס שטייט אינעווייניק אַזאַ שווייגנדיקער און רעזיגנירטער, איז אפשר אַ לייבלעכער גלגול פונעם לעצטן „שאַך פּערסקי" וואָס איז געקומען קיין ניו־יאָרק, און איז שפּעטער געגאַנגען צו זיין קבר אינעם פאַרצייטישן לאַנד פון די לעגענדאַרע פּרעהס און פון די פּיראַמידן וואו עס ליגן באַגראָבן די מצרישע הערשער...

עס איז שוין אַן אַלטע און טרויעריקע געשיכטע פון די קייסאָרים: סיי דוד המלך וועמען דער אשמדאַי, דער קייסער פון די שדים, האָט אויסגעשפּיגן פון זיין פּיסק אַזש פיר הונדערט מיילן ווייט אין דעם מדבר, און דער פאַרוואָגלטער מלך האָט אין זיין באַטריבטקייט געבעטן הילף און רחמנות, איבערחזרנדיק זיין אומעטיקן זאָג „אני שלמה!", און קיינער האָט זיך נישט צוגעהערט צו אים און מען האָט אים נישט געגלויבט אויך, און סיי דער רוצחישער מלך נבוכדנאַצר וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אויף גאַנצע זיבן יאָר צייט אין אַ חיה וואָס האָט געגריזשעט די ערד אין די וועלדער און האָט געגעסן גראָז און רויע קרייטעכצער, און סיי אַלע אַנדערע ענלעכע הערשער, דיקטאַטאָרס און טיראַנען וואָס האָבן פאַלש און רציחהדיק געהערשט און האָבן ברוטאַל אונטערדריקט זייערע פעלקער. זיי אַלע האָבן סוף כל סוף געמוזט איינגעמען די זעלביקע מעדיצין און זיי זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין חיות, פייגל און אין עקדישן אויך — אויף אַ צייט ווייניקסטנס. עס איז פשוט נישטאָ דער מין מענטש וואָס זאָל מעגן און ראוי זיין צו הערשן איבער מיליאָנען מענטשן. עס איז אומנאַטירלעך און אומגערעכטיק. וואָס שייך אַ קאָלעקטיוו פון אַ צאָל הערשער, האַלט עס אויך לאַנג נישט אויס. איינער פון דעם טריאומוויראַט, אַן ענערגישער און פעיקער שווינדלער, באַהערשט די לאַגע, פאַרכאַפּט דעם טראָן און די מאַכט אין דער גאַנצער אימפּעריע. ער שעכט דערנאָך אויס זיינע שותפים, און דאָס לאַנד ווערט ווידער באַוועלטיקט דורך אַ ברוטאַלן הערשער. עס איז אַזוי געשען אין דעם

אַנטיקן רוים, אין דער צייט פון יוליוש צעזאַר; אין פראַנקרייך, אין דער צייט פון דעם הענקער ראָבעספיער; אין סאָוויעט־רוסלאַנד, אין דער צייט פון דעם בלוטיקן דיקטאַטאָר סטאַלין; אין פּערסיע, אין דער איצטיקער צייט פון דעם מאַסנמערדער אַיאַטאָלאַ כאָמעיני. עס וועט ווייטער אַזוי געשען אין דעם גאַנג פון דער וועלט־געשיכטע...

אָבער וואָס איז פּאָרט דער אויסוועג: בלויז אַ דעמאָקראַטישע רעגירונג־סיסטעם, אַזאַ ווי עס הערשט און עקזיסטירט זינט עטלעכע הונדערט יאָר אין די פאַראייניקטע שטאַטן, קען טיילווייז לייזן דאָס פּראָבלעם...

## דאָס וואָרט פון אַן איינזאַמען זקן

אין אָוונט קלינגט פּלוצלינג דער טעלעפאָן־אַפּאַראַט אין מיין שטוב. איך הער די שטימע פון דעם שרייבער, פּעדאַגאָג און בונדישן עסקן חיים שלמה קאַזדאַן:

— איך בין זייער אומגליקלעך. מיין צעבראָכענער פוס, נאָך אַ גאַנץ יאָר זינט איך בין געהאַט געפאַלן אין דרויסן, אוגטערן שווערן שניי און שטאַרקן ווינט, שפּאַצירנדיק אַביסל מיט מיין אומגליקלעכן זון רפאל פאַרן הויז, האָט זיך נאָך אַלץ נישט פאַרהיילט (ביי אַ זקן היילן זיך נישט מער אַזוי גיך זיינע צעבראָכענע גלידער). איך בין אויך שרעקלעך איינזאַם. איך בין פאַרקלאַפּט ווי מיט אייזערנע טשוועקעס אין מיין הויז. פּשוט, איך פויל ממש לעבעדיקערהייט אין אַ געפענקעניש אָדער אין אַ קבר. מיין זון רפאל פוילט צוזאַמען מיט זיין אַלטן טאַטן. זינט מיין געליבטע פרוי איז מיר אָפּגעשטאָרבן, איז מיר נאָך ביטערער ווי איובן וואָס האָט כאָטש געהאַט זיינע דריי געטרייע פריינד, וואָס האָבן מיט אים געפירט וויכוחים, און זיי האָבן אים געפּרוּווט צו טרייסטן מיט דער מכלומרשטער גערעכטיקייט פון גאָטס דרכים. וואָס זאָל איך אייך זאָגן? קומט מיך ווען עס איז זען אין מיין הויז. וועט שוין אוודאי דעמאָלט מיין פנים, און מיין אויסזען בכלל, אייך אַלץ דערציילן. קומט וואָס פריער, מחמת איר ווייסט דאָך גאַנץ גוט ווי אַלט איך בין. מאָרגן, צי אַ טאָג שפּעטער, קען שוין זיין צו־שפּעט...

— טייערער ברודער קאַזדאַן, איך וועל זיך אוודאי אָננעמען מיט מוט, כאָטש איך אַליין בין אויך לעצטנס שטאַרק איינזאַם און קראַנק אויך. אָבער איך וועל זיך באַמיען צו קומען אייך זען...

מיט אַ קורצער ווײַלע פריער האָב איך גראָד געהאַלטן אין לייענען פראַנסואַ קאָפּעס בוך „די בריוו צו אַן אומבאַקאַנטער". איך האָב דאָס בוך געקויפט מיט אַרום פערציק יאָר צוריק, פאָרנדיק צו דעם פריינד דוד אָפּאַלאָוו אין די בראָנקס. אָבער אַזוי ווי זיין טיר איז געווען פאַרמאַכט און איך האָב אים דערוואַרט מסתמא אָנצוקומען מיט עטלעכע מינוט שפּעטער, בין איך דערווייל צוגעצויגן געוואָרן צו אַן אויסשטעל־פענצטער פון אַ באַשיידענער בוכהאַנדלונג, אין וועלכער עס זיינען געווען אויסגעשטעלט

פאַרעלטערטע ביכער. און צווישן זיי האָט מיך אינטריגירט דאָס בוך פון דעם פראַנצויזישן שרייבער, אינטעלעקטואַל, איינגייער אין דעם פראַנצויזישן קעניגלעכן הויף און וואָס האָט געשריבן פּיקאַנטע מעשיות פאַר דער קייסערינע, וועלכע ער האָט אַליין פאַר איר פאָרגעלייענט. עס איז אַוודאי אָנגענעם צו לייענען די ראַפינירטע פּראָזע פון אַזאַ קלוגן, אַריסטאָקראַטישן פריינד פון קעניגן און קעניגינס, אַ פראַנצויזישן חכם און גרויס־אינטעלעקטועלן גייסט. איך לייען שוין אגם דאָס בוך זינט דעם טאָג ווען איך האָב עס מיר איינגעקויפט פאַר אַ קנאַפּן טאָלער און ווי שוין געזאָגט: מיט אַרום פערציק יאָר צוריק... עס ליגט תמיד אויף אַ שטול נעבן מיין בעט צוזאַמען מיט די היסטאָרישע ווערק פון פּלוטאַרק, הערָאדאָט, ליווי, טאַציטוס, פלאַוויוס, גרעץ און ש. דובנאָוו...

אינעם טאָג פון דעם פערטן פעברואַר פון דעם יאָר 1860, שרייבט פראַנסואַ קאָפּע אין איינעם פון זיינע שאַרמאַנטע בריוו צו דער אומבאַקאַנטער דאַמע, וואָס איז געווען זיין גאַלאַנטע און געהיימישפּולע פריינדין, וועמענס נאָמען און קיין שום איינצלקייט וועגן איר לעבן און טויט ווערן אין דעם בוך נישט געבראַכט: „איך בין קראַנק, מרה־שחורהדיק און געלאַנגווייליקט. איך האַלט אין פאַרלירן די קראַפט פון מיינע אויגן. און איך בין אויך נישט אימשטאַנד צו צייכענען אַפילו ווען מיין געזונט־צושטאַנד זאָל מיר דאָס דערלויבן. ווי טרויעריק עס איז צו ווערן אַלט. אַ גוטן טאָג...״

פראַנסואַ קאָפּע, דער מחבר פון דער נאָוועלע „קאַרמען״, וועלכע דער קאָמפּאָזיטאָר ביזע האָט דערנאָך פאַרוואַנדלט אין אַזאַ דערפאָלגרייכער אָפּערע וואָס פאַרלירט קיינמאָל נישט פון איר פייערלעכער פרישקייט, וועמענס גאָלדענע מוזיק־טענער און דאָס רייצנדיקע פרויענגעשטאַלט פון דער לוסטיקער און לעבנס־פייערדיקער קאַרמען האַלט געשפּאַנט שוין איבער הונדערט יאָר דאָס פּובליקום אין אַלע אָפּעראַס פון דער וועלטס מעטראָפּאָליעס, האָט נאָך געלעבט, נאָכדעם ווי ער האָט געשריבן די אויבן ציטירטע שורות צו זיין ראַפינירטער און פרעכטיקער לעבנס־פריינדין, גאַנצע צען יאָר...

און איצט, אין פריען באַגינען פון דעם 15 טן יאַנואַר, 1976, בשעת איך שרייב די שורות ביי מיין טאַטנס עלעגאַנטן שרייב־טישל וועמענס פריערדיקער אייגנטימער, מסתמא אַ פריץ, אַ שרייבער, אַ היסטאָריקער, איז אפשר אויך געזעסן אין די פריע באַגינענס אָדער בשעת די שפּעט־ביינאַכטישע שטונדן און געשריבן זיינע מעמואַרן אויף דער עלטער, קוק איך אויף אַ מאָלעריי־רעפּראָדוקציע פון דעם געטלעכן מאָלער רעמבראַנדט וואַן רהיין, וואָס שטייט פאַר מיינע אויגן שוין אויך זינט די פאַרגאַנגענע דרייסיק יאָר, אייגנטלעך זינט איך האָב זיך אַריינגעצויגן אין דעם דאָזיקן פיינעם חדר, און וועלכן איך וועל קיינמאָל קיין לעבעדיקער און מיט מיין אייגענעם ווילן פרייוויליק נישט פאַרלאָזן...

רעמבראַנדט, שוין אַ זקן, זיצט אויף זיין פאָטעל פון רויטן פלוש ווי אַן אַלטער קייסער אויף זיין אַנטיקן טראָן. זיין רעכטע האַנט האַלט ער איבער זיין שטערן. זיין בלייך פנים איז טיף פאַרזאָרגט. זיינע אויגן זיינען פאַרשלאָסענע. אָבער מען קען זיך גאַנץ קלאָר פאָרשטעלן וואָס אַזוינס דער זקן זעט: אַן אומענדלעך פעלד מיט מצבות, צווישן וועלכע ער קען קלאָר לייענען די נעמען און דאַטעס פון זיינע אויסגעפּרואווטע פריינד; געטרייע פאַרערער; נעמען פון פרויען וואָס זיינען אים געבליבן געטריי ביז צו די סאַמע לעצטע נעכט פון זייערע לעבנס, ווען די שפּעטע שעה אויפן ציפערבלאַט־פנים פונעם וואַנט־זייגער, אויסקלינגענדיק די מעלאַנכאָלישע שעהן, האָט זיי באַפוילן ענדלעך אויפצוהערן זיך צו דערמאָנען די זכרונות וועגן אַוועקגעגאַנגענע פריינד און זיך צו לייגן אין די גרויסאַרטיקע בעטן מיט די הויכע קישנס, און ענדלעך איינצושלאָפן מיט די זכרונות פון גליקלעכע ליבע־שעהן פון מער פריילעכע טעג און נעכט מיט ליבע, וויין און מוזיק...

דער זקן איז אָנגעטאָן ווי די מערסטע רעמבראַנדטישע פיגורן אין אַ גאָלדיק־פּורפּורנעם מאַנטל ווי אַן אַלטער קייסער. זיין גאַנצע עקזיסטענץ, דאַכט זיך, פרעגט זיך מיט די אויגן וואָס קוקן טיף אַריין אין דעם אָקעאַן פון צייט און רוימלעכקייט:

— צו וואָס די אַלע יסורים און קראַנקהייטן? האָט דאָס אַלץ דען געלוינט איבערצולעבן? צי האָט עס געלוינט צו ראַנגלען זיך מיט אַזוי פיל בלוטיקע שונאים? העלדיש צו קעמפן אין די פאַרביסענע געפעכטן מיט די פיינט? צו זיין פאַרקריגט מיט אַ גאַנצער וועלט ממש? צו שלאָגן זיך מיט די פאַנטאָמען; מיט די שאָטנס און מחנות מיט טיראַנען? צי האָט עס דען געלוינט אַזוי שווער צו פאַרמעסטן זיך מיט די עלעמענטן פאַרן ביסל צייטוויייליקע עקזיסטענץ, ווען דער סוף שטייט שטענדיק אַזוי נאָענט פאַר די אויגן און ווען דאָס העפטיקע געשלעג איז פון פאָרויס געווען פאַרשפּילט? און ענדלעך, די סאַמע לעצטע שאַלה: האָט זיך דען געלוינט אינגאַנצן געבוירן צו ווערן?!...

רעמבראַנדט, דער קייסער פון די וועלט־מאָלערס, האָט דאַכט זיך, מער ווי אַלע אַנדערע קינסטלער און חכמים, געמאָלן דעם זקן, די זיקנה, די אַלטע לייט מיט ערנסטע, פאַרטראַכטע און פאַרטרויערטע פּנימער. ער האָט אין לעצטן סך־הכל געמאָלן די טראַגעדיע פונעם מענטשלעכן לעבן וועגן וועלכן עס האָט צווישן אַלע מיליאָנען ביכער וואָס זיינען זינט די עלטסטע צייטן אָן געשריבן געוואָרן, געשאַפן דאָס טיפסטע און אמתדיקסטע בוך פון אַלע מינים ביכער: מיר מיינען דאָס הערלעכע ספר קהלת פון דעם פאַרצייטישן יידישן קעניג...

...און ווען איך מאַך שוין ברוך השם די קאָרעקטור פונעם דאָזיקן בוך, לייען איך אַ קורצע שורה אין אַ בוך וועגן נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע וואָס האָט ממש שיער איינגענומען דעם פּלאַנעט. אָבער זייענדיק אַ געפאַנגענער פון דער בריטישער אימפּעריע אויפן אינדזל סאַנקט העלענאַ,

(איופן אַטלאַנטישן ים), זאָגנדיק צום דאָקטאָר וואָס היילט אים מכלומרשט בשעת די לעצטע חדשים פון דעם אומפּעראַטאָרס לעבן, ווען ער איז שוין געווען מסוכן קראַנק:

— דאָקטאָר, דאָס בעט איז מיר ליבער ווי אַ הונדערט קעניגלעכע טראָנען...

טאָ פאַרוואָס־זשע, פרעגט זיך, האָט ער זיך מיט אַזאַ מוראדיקן אימפּעט געיאָגט נאָך מאַכט, פאַרכאַפּנדיק אַזוי פיל לענדער און פירנדיק אַן אַרמיי מיט פינף הונדערט טויזנט סאָלדאַטן צו זייער פאַרניכטונג אין די רוסישע וועלדער?...

— אָבער ווער יאָגט זיך נישט נאָך מאַכט, כבוד, געלד און מאַיאָנטקעס?!...

## אין דאַנקבאַרקייט צום אַרבעטער־רינג און צום: JWB - Jewish Book Council

עס איז אַ גרויסער מאָמענט פאַר אַ יידישן שרייבער ווען ער קריגט אַן אויסצייכענונג פאַר זיינס אַ נייעם בוך („פון אַש און פייער איז דיין קרוין") וואָס דער היגער אַרבעטער־רינג האָט צוגעטיילט דעם שרייבער פון די שורות דורכן יידישן ביכער־ראַט פון אַמעריקע, און פאַר וועמענס בוך עס האָבן געשטימט פרעמירט צו ווערן פאָלגנדיקע חשובע יידישע שרייבער: יוסף מלאָטעק, שמואל לייב שניידערמאַן און פּראָפעסאָר י. גאָלדשמידט. די דאָזיקע פרעמ״ע וואָס איז אַ כבוד און טיילט אויך צו דעם מחבר אַ באַשיידענע סומע געלט, איז אגב געקומען אין אַ שפּעטער צייט פון מיין לעבן און שאַפן, פון אַ פּרעסטיזשפולער יידישער אינסטיטוציע. אָבער אַ שרייבער, ווי די מערסטע מענטשן ווייסן, שרייבט אַ גאַנץ און לאַנג לעבן, אויב דער וואָס לעבט אייביק שענקט אים צייט און יאָרן, אָן צו טראַכטן אַפילו איין און איינציקע מינוט וועגן קריגן צוגעטיילט ווען עס איז אין זיין לעבן אַ ליטעראַרישע פרעמיע. ער שרייבט ווייל ער מוז שרייבן און שאַפן און אַרויסברענגען מיט פייער און מיט ליבשאַפט פון זיין האַרצן די וואַרעמע פנימער, די העלדישע נשמות, די באַדייטנדיקע פערזענלעכקייטן פון גרויסע געדאַנקען, פון גרונטיקע מעשים טובים, פון אַנטפּלעקנדיקע ווערק וואָס זאָלן באַלויכטן דאָס לעבן פון דער געזעלשאַפט און מוטיקן דעם גאַנג פון זיין פאָלק און פון דעם גוטן טייל פון דער מענטשהייט. אַ יידישער שרייבער שרייבט אין צייכן פון דער יידישער געשיכטע. ער איז איינער פון אַ גאַנצער אַרמיי פון גייסטיקע יידישע שעפער, און אויב ער ווייסט דאָס, וואַרט ער נישט אויף קיין שום באַלוינונג פון איינצלנע מענטשן און אויף קיין שום מעדאַלן און אויסצייכענונגען פון חשובע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. ער איז איינער פון אַ ריזיקער מחנה פון נאַציאָנאַלע שעפער פון און פאַר זיין פאָלק. ער באַטייליקט זיך אין אַן אומגעהויערער פּראָצעסיע פון ברידער־דיכטער און קאָלעגן וואָס שאַפן און זיי האָבן זיך באַטייליקט אין

דער גייסטיקער טעטיקייט לטובת דעם פאָלק. ער שעפט זיין אינספּיראַציע פון דורות. ער טרינקט זיין כוס מיט פייער און וויין וואָס מלאָכים טראָגן אים אונטער צו די ליפּן אויף אַ גאָלדענעם טאַץ אין דעם נאָמען פון העכערע, פון נאַציאָנאַלע און הומאַניסטישע כוחות און עלעמענטן. זיין נאָענטסטער קאָלעגע קען זיין אַ פּאָעט פון דעם שפּאַנישן גאָלדענעם צייטאַלטער אין דער יידישער געשיכטע, אַזאַ ווי ר׳ משה איבן עזראַ וואָס איז ביזן טויט געווען פאַרליבט אין זיין איידעלער פּלימעניצע און זיין עלטערער ברודער האָט מיט איר חתונה געהאַט און עס איז דורכדעם שטיין געבליבן אַ טיפע וואונד אין זיין האַרצן, וואַנדערנדיק אַ טרויעריקער איבער הישפּאַניען און שרייבנדיק זיינע לירישע לידער. זיין נאָענטסטער פריינד קען זיין אַזאַ ווי ר׳ שלמה בן גבירול וואָס האָט אַ סך געהונגערט אין זיין יינגערן לעבן, אָבער ער האָט אין זיין „כתר מלכות״ — די מאַיעסטעטישע פּאָעמע אין כבוד צו גאָטס שטערנאוצרות צו וועלכע ער האָט דערגרייכט דורך נאַכט און עלנט און זיי אָנגערירט ממש מיט די פליגל פון זיין נשמה. און זיין חבר קען זיין אַ שרייבער וואָס האָט געשריבן אין שפּעטערע יאָרהונדערטער דעם זיסן צאינה וראינה־ספר מיט רוזשנע מעשיות כדי צו פאַרווילן די גייסט־הונגעריקע ווייבער און מאַנצלייט בשעתן מיטלאַלטער אין דייטשלאַנד און איטאַליע, שרייבנדיק אויף יידיש־טייטש. זיין אומבאַקאַנטער מיטגייער אין דער פּראָצעסיע קען אויך זיין אַ פאַרצייטישער נביא וועמענס אָנגעגליט וואָרט האָט געבריט מיט זעאונג, מיט האָפענונג, מיט טרייסט און גאולה פאַר זיין פאָלק אין אַ פינצטערער שעה און נאַכט ווען זיינע ברידער און שוועסטער האָבן זיך געוויטיקט אין טרייסט...

זייענדיק געבוירן אין פּוילישן לאַנד, מעג איך ליב האָבן אויסצודריקן מיין בענקשאַפט אין מיינע דערציילונגען און זכרונות צום פּוילישן וואַלד וואו איך האָב געקליבן יאַגדעס און שוואָמען ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינטשיק יינגל? מעג איך באַשרייבן די ווייסל אין וועלכער איך האָב זיך קליינערהייט געבאָדן צוזאַמען מיט די אַנדערע יינגלעך מיט וועמען איך בין געגאַנגען אין חדר? צי קען איך אויך פּרואוון צו שילדערן אַ מאָמענט בשעת מיין פריער יוגנט ווען איך בין פלוצלינג געבליבן שטיין אַזאַ מין דערשטוינטער קוקנדיק צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן אויף אַ פּוילישן זון־אונטערגאַנג אין די פּוילישע דערפער און ביי די ברעגעס פון טיפע וועלדער וואו מיר האָבן געוואוינט, און טרינקען די שקיעה־שטראַלן ווי שאַמפּאַניער (אָן פלעשער), אָדער אַנדערע מינים וויין אָן נעמען און באַנדעראָלן, און אָן כוסות...

אָבער מיין האַרץ ציט פאָרט זיין הויפּט־יניקה פון פאָלק, פון די מענטשן, פון די ברידער און שוועסטער יידן. די גרויסע אוניווערסאַלע יידישע געשיכטע כמעט איבערן גאַנצן פּלאַנעט און שוין זינט לאַנגע יאָרטויזנטער, איז דער קוואַל פונוואַנען איך צי און שעפּ מיט אַ בלעכענער און פּראָסטער קוואָרט מיין גייסטיקע און גאָלדענע יניקה. איידער איך

פֿאַל אַריין אין דער שפּעטער שעה פֿון דער נאַכט אין דעם פּלושענעם טאָל פֿון שלאָף, גיי איך ערב דעם איינשלאָף שפּאַצירן איבער די באַקאַנטע און אַלט־היימישע פּוילישע וועגן; איבער די מיט היימישע גראָז און קאָנשיניע שמעקעדיקע וועלדער און פֿעלדער אין שכנות פֿון אונדזער דאָרף און היים. איך בויג זיך איין צו דער פֿייכטער ערד און איך קלייב גאַלענזשעס (צווייגן) נאָך אַ טאָג פֿון רעגן ווען דער ווינט האָט זיי איינגעזײַנעצט מיטן פּאַרפֿיומיקן טריף פֿון די נאַסע טראָפּנס און זיי אָפּגעבראָכן פֿון די ביימער ווי דער גרויסער איטאַליענישער פּאָעט דאַנטע אַליגיערי האָט געשילדערט ווי די אָרעמס פֿון די געשטראָפֿטע ווערן אָפּגעבראָכן דורך די ווינטן פֿון פֿייער אין גהינום. איך און די מאַמע טראָגן מיר ביידע אויף אונדזערע איינגעבויגענע פּלייצעס די בינטן מיטן אָנגעקליבענעם האָלץ כּדי צו שפּייזן דאָס געבענטשטע פֿייער אינעם קאַמין צו וואַרעמען אונדזערע גופֿים און אונדזערע פֿאַרפֿרוירענע הענט, און כּדי די מאַמע זאָל איבער דער אייזערנער פּליטע ענדלעך קענען אויפֿקאָכן דאָס טעפּל מיט גרויפּן און גריץ פֿאַר דער גאַנצער פֿאַמיליע וואָס טראָגן אַרום זייער הונגער אין די געדערים נישט קיין טעג און נישט קיין נעכט, נייערט מיר זײַנען הונגעריק גאַנצע יאָרן...

מיר דאַכט זיך אָפּט אין באַגינען, נאָך דער שלאָפֿלאָזער נאַכט וואָס איז פֿול מיט חלומות און קאָשמאַרן, אַז איך צי מיין גייסטיקע יניקה פֿונעם פֿינצטערן טינטער וואו עס שטייען אַלע אונדזערע פֿאַרגאַנגענע דורות. איך טונק איין די פֿעדער אין דעם טינטער וועמענס טינט זעט מיר אויס צו זיין טיף ווי דער ים און איך צי אַרויס פֿון דעם שוואַרצן תּהום די טיפֿן, די געשטאַלטן און כאַראַקטערן וואָס איך צינד אָן מיט מיין אינספּיראַציע, און איך וואַרעם זיי אָן אין דער היץ מיט מיין פֿאַנטאַזיע אויפֿן פּאַפּיר אין אונדזער אַלטן לשון.

אין די פֿריִע באַגינענס פֿונעם מולד שיינט העל די לבֿנה מיט איר צינענעם ליכט אויף מיינע פֿינגער וואָס זיינען פֿאַרפֿלעקט מיט טינט. איך האָב שטאַרק ליב צו שרייבן אין אָפּשיין פֿון דעם דאָזיקן לבֿנהדיקן ליכט. אין איר גאָלדיקן שימער, ווי די גאָלד־פֿאַרב פֿון די פֿליגעלעך פֿון אַ שמעטערלינג אין דעם זומערס שענסטן חודש סעפּטעמבער אָדער אָקטאָבער, וואָס בלייבט שטיין אויף דער האַנט ווען מען רירט אָן דעם שמעטערלינג, דאַכט זיך מיר אַז שרייבנדיק שוועב איך אין הימל און איך קוק אַראָפּ אונטן צום פּלאַנעט וואו מיין וויגעלע איז אַמאָל געשטאַנען. איך קוק ווידער אָן מיין היים און מיין קינדהייט; די פּנימער פֿון מיינע טאַטע־מאַמע, וואָס ווערן גרוי און איינגעבויגן מחמת זייערע שווערע לעבנס. איך קוק אויף אָן מיינע חבֿרים מיט וועמען איך קלייב שוואָמען און יאַגדעס אין די וועלדער. איך דערקען אויף די קאָזעס און שעפּסן אַזעלכע וואַרעם באַוואַקסענע מיט זיידענער וואָל וועלכע איך פֿלעג בייטאָג, בשעת די זומערדיקע היצן, פּאַשען אויפֿן געשמאַקן פֿעלד און גרינער לאָנקע מיטן גראָז וואָס האָט געשמעקט ווי דער מאַמעס וואַרעם פֿאַרבריטע טיי

מיט שטאַרקן סענץ לכבוד אַ פעטער אָדער אַ זיידע וואָס האָט אַמאָל פאַרבלאָנדזשעט צו אונדז פון מרחקים. ווען די לבנה ווערט פאַרבלייכט, באַדויער איך איר אַוועקגיין אָדער אַוועקשווימען פון מיר, פון מיין טאַטנס אָפּגעפּוצטן שרייב־טישל וואָס איז באַצירט מיט פּערלמוטערנע עמאַליעס און אויף וועלכן איך שרייב זינט די טעג פון זיין פּטירה; און פון איר דערוווייטערן זיך פון מיינע טינט־פאַרפלעקטע הענט און פון מיין פעדער וואָס ווייסט ווי ליב איך האָב זי און וואָס ווייסט אויך פון מיין געהיימען הונגער — דעם הונגער און דורשט צום טינט און צום באַשרייבן די עפּיזאָדן פון מיין לעבן, פון די מענטשן, פון די דערפער, פון די שטעטלעך און פון גאָר די פאַרלויפענישן, געשעענישן און כראָניק וואָס איך האָב געזען און האָב איינגעזאַפּט אין מיין לעבן. איך שרייב שוין אַזוי אַ סך יאָרן, צו דאַנקען דעם אויבערשטן, מערסטנס וועגן די יידן פון די פּוילישע געגנטן און מקומות וואו מיר האָבן געוואוינט. דער רויער מאַטעריאַל וועגן דעם גרויען און אָרעמען לעבן שעפּט זיך ביי מיר קיינמאָל נישט אויס. איך האָף צו דעם וואָס לעבט אייביק נאָך אַזוי צו שרייבן געזונטערהייט און דורך לאַנגע יאָרן ביזן לעצטן טאָג פון מיין לעבן...

יידיש איז אַ רייכע און וואַרעמע שפּראַך. דאָס ווייסן אַגב אַלע די וואָס קענען יידיש. יעדעס באַזונדערע וואָרט פאַרמאָגט קלאַנג און מעלאָדיע. יידיש איז דאָס לירישסטע און איידלסטע לשון. די יידן האָבן יאָרהונדערטער לאַנג געלעבט, געחלומט, געאַרבעט און געליטן צווישן אַ סך פעלקער. מיר האָבן אויסגעבאָרגט און זיך פאַראייגנט אויף אונדזערע וואַנדערונגען אַ שלל מיט ווערטער פון אַלערליי פעלקער און זיי אויסגעגאָסן אויף אונדזער וואַרעמען גאָלד און געמינצט אויף אונדזער אייגן זילבער. ווען נאָר איך פּרואוו אויס מיין פעדער צו שרייבן וועגן דעם יידישן לעבן, ווער איך שיכור ווי לוט. גוטע מלאָכים טראָגן מיר אונטער, ווי שוין דאַכט זיך געזאָגט, גאַנצע גאָנשערס מיט געטראַנקען. די יידישע מלאָכים וואָס רעדן מסתמא אַ געזונטן יידיש ווערן קיינמאָל נישט מיד פאַר מיר צוצוטראָגן כוסות מיט מעד און טאַצן מיט האָניק־לעקעך. איך ווער אויך קיינמאָל נישט מיד צו פאַרוואַנדלען מיט מיין פעדער די פינצטערע טראָפּנס טינט פון דעם טיפן טינטער אין מעשה, דערציילונג און אין היימישע זכרונות. דאָס שרייבן איז מיין גן־עדן ביים לעבן. איך וואַרט קיינמאָל נישט כדי צו געניסן די פאַרגעניגנס פון „יענער וועלט", מחמת איך געניס די פאַרגעניגנס און תענוגים פון יידיש אויף דער וועלט...

## מיין קוזין, דער שריפטשטעלער משה גראָסמאַן, דערציילט

מיין טייערער שיע טענענבוים — געזונט זאָלסטו זיין! — באותו רגע באַקומען דיין בוך „דער אמת זאָל זיין דיין שטערן" — איך גראַטוליר דיר

האַרציק. איך וויל דיר נישט ווינטשן קיין ספּעציעלע מזל ווייל דאָס איז דאָס מזל דיינס, אונדזערס: דאָס אויסגעפּייניקטע, אויסגעווייטיקטע, אויסגעלייטערטע, קינסטלערישע וואָרט — דאָס ביסל טאַלאַנט וואָס מיר האָבן — דאָס איז אונדזער מזל. און עס פּאַסט זיך אַז מען זאָל נישט האָבן קיין מזל, ווייל דו זיצסט דאָך נישט אין די גאַזעטן, ביסט דאָך אַ שטיק באַיקאָטירטער, ווי אַ סך עקזאַלטירטע, אמתע, שלימזלדיקע אין לעבן, קינסטלער. איז זאָל דיר און אונדז זיין מיט מזל. עס איז ערשט געווען ביי מיר דער מאָלער ש. לם מיט זיין פרוי און מיר איבערגעגעבן אַז זיי האָבן געגעבן צו לייענען דיין בוך „דיכטער און דורות" צו אַ קריב — איז ער געווען זייער באַגייסטערט פון דיין בוך. האָסטו אַזעלכע גרויסע נעמען אין דער העברייאישער ליטעראַטור ווי אליעזר שטיינמאַן און א. קריב וואָס האָבן אַזעלכע געהויבענע מיינונגען וועגן דיין שאַפן. און אין דעם סדומיקן ניו־יאָרק ביסטו כמעט פאַרשטויסן...

...איך בעט דיך נאָך איינמאָל איבער און איך וויל דיר ווידער איבערגעבן אַן עפּיזאָד פון מיין „אַמאָל". אויף אונדזער הויף אין וואַרשע, דזשיקע 8, האָט געוואוינט אַ צינקאָגראַף. איינמאָל איז ער אַריינגעקומען צו אונדז אין געוועלבל (אין טויער) און מיך געבעטן מיט אים מיטצוגיין. ער וויל מיך פאָטאָגראַפירן. די פרייד ביי מיר איז געווען אין לשער. איין קלייניקייט: זיך פאָטאָגראַפירן דאָס ערשטע מאָל אין לעבן. איך האָב זיך אָפּגעוואַשן. פאַרקעמט די האָר נאַסערהייט און די מאַמע האָט מיר אַרויפגעוואָרפן אויפן האַלדז אַ פראַגמענט פון אַן אַמאָליקן זיידענעם שאַליק וואָס זי האָט אַמאָל אָנגעטאָן ביים גיין אין שול אַריין און, איך בין שוין פאַרטיק. דער צינקאָגראַף זאָגט נאָך צו צו פאָרן מיט אַ טראַמוויי איבער די שטורמדיקע און צויבערהאַפטע וואַרשעווער גאַסן וואָס זיינען פול מיט יידן...

מיר זיינען אַריינגעפאָרן אויף מאַרשאַלקאָווסקע גאַס און אַריינגעגאַנגען מיט ציטערנדיקע טריט אין אַ גרויסן זאַל: ער הויבט מיך אָן איינצושטעלן פאַרן אַפּאַראַט און נאָכהער פירט ער פּלוצלינג צו אַן אַלטן ייד מיט אַ גרויער באָרד, בלויע ברילן, אַ שטעקן אין האַנט און ער הייסט מיך אָננעמען דעם ייד פאַרן אָרעם. דער ייד איז געווען אַ בעטלער וועלכער איז געקומען צו אונדז יעדן דאָנערשטיק נאָך אַ קופּערנעם גראָשן. איך בין דאַן אַלט געווען אַרום אַכט־ניין יאָר. אָבער איך האָב באַלד דערפילט אַז מען גייט מיר דאָ עפּעס אָפּטאָן אַן עוולה. דעם בעטלער אויך פאָטאָגראַפירן צוזאַמען מיט מיר?! און איך זאָל אים נאָך האַלטן אונטערן אָרעם? ניין, דער פאַן גאָלדבערג האָט נישט געמיינט מיין גוטס און מיר גאָרנישט געוואָלט טאָן קיין טובה מיטן פאָטאָגראַפירן מיך. איך האָב געוואָלט אויסברעכן אין אַ געוויין. איך האָב זיך אָבער שטאַרק געשעמט און מורא געהאַט אויך... איך האָב זיך ערשט רעכט אויסגעוויינט אין דער היים. די מאַמע איז געווען אויסער זיך: איר קינד זאָל מען אַזוי שטאַרק פאַרשעמען און אים אַוועקצושטעלן צוזאַמען מיט אַ בעטלער! —

זי מוז אים דווקא איינגעבן אין „סאָנד״ אַריין...

אָבער עס האָט לאַנג נישט געדויערט און דער צינקאָגראַף האָט פּלוצלינג גענומען איינקויפן ביי אונדז אין געוועלב עטלעכע לויט פּוטער; געגעבן מסתמא אַ „גוטן פּרייז״... און די מאַמע האָט תיכף רעזיגנירט פונעם פּלאַן אים איינצוגעבן אין סאָנד אַריין. איך האָב אָבער געמאָנט „גערעכטיקייט״; דערמאָנט דעם „בעטלערס״ אָפּנאַרן מיך; געבעטן רק צו גיין אין סאָנד אַריין כדי צו מאָנען גערעכטיקייט פונעם צאַרישן שופט. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן... נאָך איידער די „ספּראַווע״ (געריכט) האָט זיך אָנגעהויבן, בין איך שוין געווען אין פּאָרויס אַ פאַרשפּילטער אָדער אַ פאַרמשפּטער...

אין אַ צייט אַרום, ביים לערנען זיך אין חדר־שולע העברייאיש, האָב איך אין דעם ביכל „הלשון״ געפונען אַ דערציילונג א.נ. „העור והיתום״ („דער בלינדער און דער יתום״), און דערנעבן אַן אילוסטראַציע: אַ פאָטאָגראַפיע פון אַן אַלטן ייד מיט אַ קליינטשיק פאַרוויינט יינגעל — דאָס איז געווען יענער בעטלער און אַני הקטן. ווי דו זעסט, שיע, בין איך שוין „געדרוקט״ געווען ביי ניין יאָר. די מאַמע האָט מיר ווידער צוגעזאָגט אַ פּראָצעס: קודם כל געמאַכט איר קינד פאַר אַ יתום, און יעצט אַזאַ לייטיש געלעכטער: „דעם קינדס חברים וועלן אים דערקענען״ און עס האָט זיך ווידער געענדיקט מיט אַ פּדיון פון אַ הייפּטל קרויט און מיט אַ געבייטלט ברייטל פאַר די קינדער...

איך האָב דאָס ביכל אויסגעזוכט און האָב עס נאָך עד־היום, מיט דעם גאָלדבערגן וואָס איז מיט מיר היינט אַ שטיקל „פּזשיאַטשעל״ (פריינד) רעד איך נאָך אַלץ נישט גלייכגילטיק...

ווי דו זעסט, בין איך אַ היפּשער מוטלער און פּלוידערער — דאָס האָב איך ווידער געירשנט פון מיין מאַמען. זי איז אַ נישט־דערפאָרענע פּאָעטין. זי קען דערציילן מעשיות אַ גאַנצע נאַכט, האַלטן כסדר אין איין פאַרפּוצן די פאַרשוינען. צופּוצן און ערשט דאָס צוגעפּוצטע אויפסניי פאַרפּוצן ביז אין דער אומענדלעכקייט. ווען זי גיט זיך אַמאָל אַזאַ ברייטן צעלאָז, דערמאָנט זי דער יינגסטער ברודער:

— געדענק נאָר, מאַמעשי, וואו דו האַלטסט!...

מיין מאַמע איז געווען די רייכסטע און שענסטע פרוי אין שטעטל. זי האָט געראַטעוועט אַ פּאָר צענדליק יינגעלייט פון פּאָניע גנבס הענט; פון מיליטער־דינסט; אַקייגן גערעדט נאַטשאַלניקעס; אויסגערופן איינמאָל צו אַזאַ היצקאָפּ ווען ער האָט אָנגעשטעלט אין איר האַרצן דעם נאַגאַן: „שיס, סוואָלאָטש!״ זי האָט נאָכגעלאָזט דעם פּילעווער באַן־נאַטשאַלניק אַ פּראַסק אין פּיסק אַריין און געשריגן צו אים: „טי זדעכלאָק״ איינער! דו וועסט דאָך באַלד פּגרן... דער „ניינציקער״ (בראָנפן) האָט דאָך פאַרשרפהט דיינע קישקעס! מאָרגן צי איבערמאָרגן וועסטו זיין אַ פּאַרטיקער און קיינער וועט נישט טאָן קיין פּישטש נאָך דיר, בהמה! (דאָס האָט זי אים אַזוי דערלאַנגט און אויסגעפּוצט מיט פיינע טיטולן ווייל ער האָט זיך נישט

געאײַלט גיך אַרויסצוגעבן דעם פּראַכט פון טרייפענער סחורה...) צו אירע טעכטער האָבן זיך געשדכנט אינזשעניערן און אַדוואָקאַטן וועלכע זיינען נאָכהער געשפּרונגען פון די פּערטע שטאָקן און באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.. א.א.וו. דאָס האָסטו דיר אַ שטיקל מוסטער פון מיין מאַמעס „פּאָעזיע"..." איך בין אירס אַ טרייער יורש!!

ליבער און טייערער שיע, דו פרעגסט מיך צי איך קען דיר שרייבן עפּעס וועגן קוראָוו, וועגן אונדזער פאַמיליע; אויך לעגענדעס, דערינערונגען, און איך בין דעמאָלט אין אַ פאַרלעגנהייט. איך ווייס כמעט וועגן גאָרנישט. מיין ליבער, האַרציקער און סימפּאַטישער טאַטע איז געשטאָרבן ביי ניין און דרייסיק יאָר. איך בין דעמאָלט אַלט געווען קוים פערצן יאָר. אַזוי אַז איך האָב גאָר ווייניק באַוויזן זיך צו דערוויסן פונעם טיפערן קוואַל וועגן אונדזער משפחה. איך האָב אָפט געהערט וועגן אונדזערס אַן עלטער־באָבע ביילע שויוועער, וועלכע האָט געלאָזט בויען די קוראָווער שול, געטיילט אויף חתונות זילבער־מטבעות פון אַ פאַרטוך, געווען עפּעס אַ היפשער למדן, בעל־צנועה און גרויסע וואויל־טעטערין. פאַראַן געווען ווידער אין דער משפחה אַ מאַטל (ראַפּאָפּאָרט?) דיין מאַמעס און מיין טאַטנס אַ מומע, האָט זי געשטאַמט פון לובלינער ש"ך. דער זיידע אונדזערער ר' משה'לע יונהס האָט געהאַט אַ קרעטשמע און פאַר דעם אַ ציגעלניע און פּראָפּינאַציע. ער זאָל האָבן געווען א וואוילער און שטילער ייד. מען קען דאָס אויך זען לויט זיינע קינדער. מילא, וועגן דיין מאַמען ווייסטו דאָך בעסער, אָבער אויך מיין טאַטע איז געווען פון אַ זייער איידעלער נאַטור, א סענטימענטאַלער און געפילפולער. ער האָט קיינמאָל נישט געלעבט בשלום מיט מיין מאַמען (ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר). ער האָט נישט פאַרטראָגן איר קרעמערישן הוהאַ, גוזמאס, ליגנט־זאָגן און אשת־חילדיקייט. אַ פאַרבענקטער געווען און טרוימערישער...

איך געדענק למשל בלהס אַ טאָכטער (יאַנקל פלאַקסערס) רבקה. זי איז אַלט געווען דעמאָלט אַרום דרייצן־פערצן יאָר; אין אַ לייכט קליידל אום ווינטער, געערודפט פון דער גראָבער שטיף־מאַמען, איז זי געזעסן אין דער פינצטערער קיך מיט אַ פענצטערל אויף די שטיגן אַרויס און געזונגען. זי איז אינעם זעלביקן יאָר געשטאָרבן. דער רבקהן קען מען אויך פאַררעכענען פאַר איינע פון דער משפּחה...

...עס איז געווען אין קוראָוו אין יאָר 1917. דער טאַטע איז געלעגן שוין אויפן טויטנבעט אַרום עטלעכע חדשים פאַר דער פּטירה. קיין דאָקטאָר איז נישט געווען. עפּעס איינמאָל איז אַראָפּגעקומען פון לובלין אַ דאָקטאָר אָרנשטיין, געקומען צו א גביר... און די מאַמע האָט שוין באַוויזן אים אַריינצוכאַפּן. האָט ער געקלאַפּט איבערן טאַטנס פּלייצע מיט אַ הילצערן העמערל, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און פאַרשריבן אַ רעצעפּט. די מעדיצין האָט באַדאַרפט צו קאָסטן אַ גאַנצן רובעל. פונקט געניי אַזוי פיל איז געווען ביי אונדז אין שטוב. די מאַמע האָט זיך נישט געקענט דעצידירן — צי קויפן דערפאַר אַ ראַזאָווע ברויט פאַר די קינדער, צי

באַשטעלן אין אַפּטייק די רעצעפּט. די קינדער און איך בתוכם האָבן מיט די אויגן געבעטן אויף ברויט; די מאַמע האָט דאָס דערקענט און דעצידירט — אַ ברויט!

פון דעמאָלט אָן האָט שוין דער טאַטע רעזיגנירט פון קעמפן מיטן טויט. ער האָט פאַרפּייניקט אונדזער געוויסן: „נאָר די מעדיצין האָט מיך נאָך געקענט ראַטעוון. איצט בין איך שוין אַ פאַרשפּילטער...״

איך האָב עס אויפן געוויסן נאָך עד היום...

מיר האָבן דעמאָלט געוואוינט ביי אברהם מאירן אין שטוב. אַן אומהיימלעכער ייד געווען. פאַררוקט דעם קאַשקעט ביז איבער די אויגן און שטענדיק געוואָרטשעט און געברומט. באַשע, זיין ווייב, האָט אייביק געפּינטלט מיט די אויגן און גערעדט סאַמע גוטע און פרומע רייד. אָבער זיי האָבן געגעסן פרישע פּאָפּוניקעס און קאַרטאָפל מיט באָרשט. מיר האָבן זיך באַגענוגנט מיטן בלויזן קוקן. אפשר דערפאַר איז ביי אונדז דער אַפּעטיט נאָך ברויט געווען נאָך מער צערייצט און מיר האָבן צוגעהאָלפן זיך צו פאַסן אַזאַ פאַטאַלן באַשלוס...

אין יאָר 1922 ווען איך בין צוריקגעקומען קיין קוראָוו אויף עטלעכע טעג, (זען אַן אַלטע „ליבע״), האָט מיך מענדל, אברהם מאירס זונדל, דו געדענקסט אים אַוודאי, אַרויפגעבעטן אויפן בוידעם:

— „היות איך האָב געהערט, ביסטו אַ גאַנצער דעלעגאַט אין וואַרשע, אַ רעדער, טאָ גיב־זשע נאָר משה אַ האַלט־אָפּ דאָ אַ רעדע! נאָר שטילערהייט, דער טאַטע זאָל חלילה נישט הערן״. נישט שלעכט, האַ? ער האָט חתונה געהאַט ערגעץ אויף די קרעסן. גענומען היפּשן נדן. און די ברידער און שוועסטער זיינען אויף אים בייז: ווייל ער איז „רייך״ (האַנדלט מיט תבואה), טראָגט אַ קאַפּעלוש און רעדט „ליטוויש״. נו, איך רייס שוין ענדלעך איבער מיט די נאַרישקייטן. כאָטש איך וואָלט, וואָס אַן אמת, געוואָלט הערן פון דיר אַזעלכע ענלעכע זכרונות און עפּיזאָדן. וועסטו מיר נאָר ווייזן אַ וועג, וועל איך שוין אָנהויבן שיטן און שיטן. איך מיין פשוט דערציילונגען פון דיינע קינדער און יוגנט־יאָרן, טשעקאַווע פּאַסירונגען און איבערלעבענישן...

צי האָב איך דיר שוין אַמאָל געשריבן אַז איך האַלט דיין „מלחמה־דערציילונג״ פאַר אַ שעדעווער. דאַכט זיך אַז ווען מען זאָל אונדז נאָר לאָזן דערציילן וועגן אונדזערע קינדער און יוגנט־יאָרן, וואָלט אַ סך טשעקאַוועס אַרויסגעבערענגט געוואָרן... פּאָרט דער אוצר פון דעם מענטשלעכן לעבן. איך גלייב אַז ביים שטאַרבן זעט מען דאָך גאַנצע סצענעס פון דעם וואָס בלייבט ביי אונדז שטענדיק ווי אַ נר תמיד...

---

מיין טייערער, דיין בוך האָב איך נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו לייענען אויפן שיף. די וואַליזע האָט מען צוגענומען אין באַגאַזש. אָבער דאָ נעם איך עס דאָס ערשטע מאָל לייענען. די הקדמה האָב איך שוין געלעזן אין „אונזער שטימע״. וואונדערבאַר! שיע! דו ביסט אַ גרויסער

שרייבער, אַ ליידנדיקער, שיינער און טיפֿער. אוי, וויפֿל לויב עס וועט נאָך זאַלבן דיין קאָפּ. נאָך נישט אַצינד. דו טאָרסט גאָרנישט מיטאַמאָל „מפֿורסם" ווערן ווייל אַזוי געוויינלעך איז דער וועג פֿון די שרייבער, וועלכע האָבן אין זיך דעם פֿונק פֿון געניאַליטעט — בפֿירוש! און לאָמיר פּייפֿן אויף אַלע וועלכע באַנעמען דיך נאָך נישט. אָבער צוליב אַ קליין „צירעלע" דערזען זיי נישט דאָס גרויסאַרטיקע, זיידענע קלייד! און וועגן די „צירעלעך" רעדסטו אַליין אַזוי גרויסאַרטיק אין דיין הקדמה. זיי, אונזער סביבה, האָט אַ חוש פֿאַר דזשאַז־ליטעראַטור, אָבער נישט פֿאַר די ראָמאַנטישע און קלאַסישע שאַפֿונגען וועלכע אָטעמען מיט יאָרהונדערטער און אייביקייט. די „צירעלעך" און קליינע חסרונותלעך וועלן לייכט אַראָפּפֿאַלן פֿון דיינע שיינע, וואונדערבאַרע שאַפֿונגען. דערווייל דיינו... מיין ראָזאַ גריסט דיך האַרציק און איך גריס דיך און קוש דיך — דיין משה גראָסמאַן. — וואַרשע, 16 אָקטאָבער, 1937.

---

מיין טייערער קוזין משה גראָסמאַן האָט געשמאַכט אין סאָוויעטישע תּפֿיסהס גאַנצע זיבן יאָר — פֿאַרשטייט זיך אומשולדיקערהייט. ער איז קוים אַרויס מיט די ביינער פֿון געפֿאַנגענשאַפֿט ביי די „באַפֿרייערס פֿון אַלע פֿעלקער". נאָך יאָרן פֿון וואַנדערונגען איבער אייראָפּייאישע לענדער האָט ער זיך קוים דערשלאָגן קיין תּל־אָביב וואו ער האָט געקושט די שטיינער פֿון די גאַסן. ביי דער כּותל מערבֿי אין ירושלים איז ער פֿון עמאָציאָנעלער געוועלטיקייט שיער אַריינגעוואַקסן אין די אוראַלטע יידישע שטיינער וואָס פֿאַרשטייען אַלע לשונות וואָס יידן האָבן געקענט און גערעדט דריי טויזנט יאָר צייט. אויסער יידיש — לויט געוויסע העברייאישע פֿאַנאַטיקער. אין תּל־אָביב האָט משה גראָסמאַן, מיין האַרציקער קוזין און גרויסער שריפֿטשטעלער, מיט זיינע לעצטע כּוחות אָנגעשריבן זיין מאָנומענטאַלן ווערק: „אין דעם פֿאַרכישופֿטן לאַנד פֿון דעם לעגענדאַרן דזשוגאַשווילי". דאָס דאָזיקע אומשטערבלעכע ווערק וועט בלייבן שטיין ווי אַ מצבֿה נאָך מאַסן יידישע העלדן און מאַרטירער וואָס זיינען קיינמאָל נישט מער צוריקגעקומען צו זייערע היימען, צו זייערע משפּחות אין פּוילן, אין גאַנץ אייראָפּע...

## ישראל ראַבאָן לייענט דאָסטאָיעווסקיס „שדים"

משה דלוזשנאָווסקי דערציילט מיר: איינמאָל שוין שפּעט אין דער נאַכט איז ער אָנגעקומען פֿון פּאַריז קיין לאָדזש. אויפֿן זיבנטן גאָרן פֿון אַ זייער אַלטן, האַלב־חרובֿדיקן און פֿון רויטע ציגל געמויערטן הויז האָט געוואוינט דער שרייבער ישראל ראַבאָן. אין אַן אייזערנעם בעטל מיט פֿאַרברודיקטע רויטע איינשיטן ווי פֿאַרגליווערטע אין פֿינצטערן בלוט נאָך אַ געשלעג מיט פֿאָגראָמשטשיקעס אָדער נאָך אַ רויב־אָנפֿאַל; מיט אַ פֿאַרפֿעצטן קישן און אונטער אַ צעריסענער פּערענע פֿון וועלכער עס

האָבן זיך שוין געשאָטן די שוין עלטערע פעדערן ווי שטויב, איז געלעגן אזא אויסגעדאַרטער ווי אַ פּראַוואָסלאַוונער הייליקער פון געלן גיפּס, אָדער אויף אַן געלבלעך־רויטן איקאָנישן בילד אין אַן אַלטער צערקווע, דער וואַקס־געלער שרייבער ישראל ראַבאָן, און ער האָט געלייענט ביים קאַרגן גאָלדיקן אָפּשיין פון אַ קליינטשיקן דרייער־לעמפּל מיט אַ טונקל־פאַרקאַפּטשעטן גלעזל, דעם ראָמאַן „שדים" פון דאָסטאָיעווסקי. ווען דער שרייבער דלוזשנאָווסקי האָט מיט אים געוואָלט רעדן, שמועסן און זיך אויספרעגן וועגן היימישע קאָלעגן, האָט ראַבאָן צוגעלעגט אַ האַנט צו זיין מויל און שטילערהייט געשעפּטשעט:

— רעדט נישט אַזוי הויך און הילכיק, און טומלט נישט. איך בין איצט עוסק אין אַ ספר. איך וועל לייענען אַ גאַנצע נאַכט די „שדים", מחמת דער דאָזיקער פאַרשאָלטענער רוס האָט מיך פאַרשיכורט און פאַרכישופט. איך מוז דאָס בוך אומקערן מאָרגן אין דער פרי צו אַ פריינד. און היינט ביינאַכט וויל איך טרינקען דערינען ווי אין אַ מאָסקווער וויינקרעטשמע דעם גיפט און שטאַרקן ווייַן. איך בין איצט סיי ווי נישט ביים קלאָרן זינען. דער חולא נופלדיקער סלאָוו האָט מיך פאַרוואַנדלט אין זיין גייסטיקן קנעכט. נאָכן לייענען די „שדים" וועל איך זיך מוזן רייניקן די נשמה. איך וועל באַדאַרפן נעמען אַ באָד פון פייער...

ישראל ראַבאָן האָט זיך איינגעגראָבן אינעם צעפליקטן שעניק וועמענס שטרוי איז שוין געווען צוגעפוילט און ער האָט זיך ווידער גענומען לייענען דאָס פאַנטאַסטישע בוך „די שדים", פון דאָסטאָיעווסקי...

משה דלוזשנאָווסקי האָט געטראַכט אין יענער נאַכט, ממש זייענדיק אַ טויטלעך־מידער פון דער נסיעה, צו נעכטיקן ביי ראַבאָן אין זיין אָרעמען שטיבל. אָבער ווען ער האָט איינגעזען אַז ער איז פראָסט און פשוט שיכור חלילה נישט פון ניינציקער בראָנפן, נייערט פון דאָסטאָיעווסקיס אומגעוויינלעכער פּראָזע, איז ער אַזאַ טרויעריקער אַראָפּגעגאַנגען אָדער שיער נישט פון מידקייט אַראָפּגעפאַלן פון די צעבראָכענע הילצערנע טרעפּ. אויף דער גאַס איז געפאַלן אַ דין רעגנדל ווי דירעקט פונעם ברייט־אויפגעריסענעם וואָלקן. אַן איינזאַמע פּרוי מיט רויטע קרעלן אויפן דינעם און צעקנייטשטן האַלדז ווי זי וואָלט ערשט געהאַט אַראָפּגעפאַלן פון אַ תליה־גאַלגן, איז אַרויסגעשטיגן פון דער טיפעניש פון אַ קעלער־שטוב. זי האָט געזאָגט אַזאַ האַלב־פאַרשלאָפענע:

— איך זע באַשיימפערלעך אַז איר האָט נישט וואו צו נעכטיקן היינט ביינאַכט. איך גיי אַרבעטן אין אַ בעקעריי. נאַט אייך דעם שליסל פון מיין מעבלירטן חדרל און גייט שלאָפן אין מיין בעט. שרעקט זיך נישט פאַרן הונט. אויב ער וועט אויף אייך שטאַרק האַווקן, עפנט אויף מיין שענקל און גיט אים אַ שטיקל פלייש וואָס איך האָב זיך צוגעגרייט פאַרן אָוונט־מאָלצייט. וואַרט דאָרט ביז איך וועל צוריקקומען אין דער פרי. וועל איך אויפקאָכן וואַסער פאַר פרישער טיי מיט סענס און געלן צוקער. קוקט נישט אויף מיר מיט די פינקלענדיקע אויגן פון אַ הונגעריקן מאַן נאָך

אַ פרוי. איך מיין גאָרנישט דערביי. מיין מאַן איז ערשט געשטאָרבן און מיין טרויער איז נאָך פריש אין מיר. אויב איינער אַ מאַן וועט מיך ווען שענדן, וועל איך אים מיט אַ קיך־מעסער שלעכטס טאָן... פּשוט, איך זע אַז איר זענט אַ היימלאָזער מאַן און איר האָט נישט וואו אַוועקצולייגן אייער מידן קאָפּ...

מיין פריינד האָט גענומען דעם שליסל פון איר איידעלער האַנט. ער איז געווען זיכער אַז זי איז נישט געווען קיין זינדיקע פרוי, נייערט אַ הייליקע, אַ מלאך וואָס מעג טראָגן אַ קרוין...

## וואַן גאָגס וואונד פון חרטה האָט נאָך אַלץ געבלוטיקט

אין דעם קליינעם דאַך־שטיבל אין אַנטווערפּן וואו איך האָב געוואוינט מיט אַרום זעכציק יאָר צוריק האָט עמעץ, מסתמא אַ פריערדיקער לאָקאַטאָר, געלאָזן שטיין אויפן וואַנט אַויסגעקלעפּטערהייט אַ בילדל פון דעם מאָלער וואַן גאָג. יעדער נאַכט, איידער איך בין איינגעשלאָפן, האָב איך לאַנג געקוקט אויף זיין שרעקלעך איינזאַמען פּנים. פון זיין אויער וואָס ער האָט זיך אָפּגעשניטן אין אַ שפּעטער נאַכט־שעה כדי אויסצודריקן זיין חרטה נאָך אַ קריגעריי מיט אַ פריינד, איז נאָך אַלץ גערונען דאָס רובינרויטע בלוט, וואָס איז אַריינגערונען אין מיין בעט. (אַזאַ געפיל האָב איך געהאַט). פון די רויטע טראָפּנס איז אויפגעגאַנגען עפּעס אַן אָנגעצונדענע לאַנדשאַפט אין מיין דמיון, וואָס האָט געשטערט מיין שלאָף. דורכן פענצטערל פון דער מאַנסאַרדע (דאַך־שטיבל) האָט בלייך ווי צין אויפגעלויכטן די פּערלדיקע לבנה ווי אַ ליליע אויפן וואַסער...

תמיד ווען איך פלעג אַמאָל קומען צוגאַסט צו דער פלעמישער אַלמנה צו ווען דאָס הויז האָט געהערט, האָט זי פאַר מיר געשטעלט אַ גלעזל מיט רויטן וויין. איך בין געזעסן אין דער אַלמנהס וואוינונג און אויסגעהערט די זעלביקע מעשה וועגן איר גוטן מאַן וואָס האָט אָבער אַ סך געשיכורט, ביז איינמאָל אין אַ נאַכט, בשעת אַ שניי־שטורעם, איז ער געבליבן ליגן אויפן וועג אַהיים אין אַ טיפן גרוב מיט שניי...

און די אַלטע פרוי האָט שטילערהייט געוויינט...

## דאָס געוויין פון אַ רוימישער פרוי

איך שפּאַציר צווישן די סטאַטועס פון צעזאַרס, גענעראַלן, שטאַטס־מענער און דיכטער אין דעם מעטראָפּאָליטאַן מוזעאום. אָבער לענגער בלייב איך שטיין ביים דענקמאָל פון דער מיטליאָריקער רוימישער פרוי וואָס וויינט ביים קבר פון איר מאַן. מענטשן זאָגן אַז ער איז געווען געגוג פון אַן אַכזר, אַ טיראַן. אָבער כאָטש זי איז אויסגעהאַקט פון האַרטן שטיין, קען זי נאָך אַלץ ביז איצט, נאָך גאַנצע צוויי טויזנט יאָר, נישט איינהאַלטן איר געהאַליש געוויין. נו, גיי און באַמי זיך צו פאַרשטיין די נשמה פון אַ פרוי...

## בלויז באַלזאַק האָט אַזוי געמעגט זאָגן

ווען איך שרייב מיינע ווערק, טריפן אָפּ מיינע פינגער מיט טראָפּנס פייער איבערן קאַלטן בויגן פּאַפּיר ווי די זון וואָס שטראַלט איבערן שניי אין חודש יאַנואַר. פונעם פינצטערן טינט גייען אויף מיט אַן אימפּעט און שוואונג לעבעדיקע כאַראַקטערן און געשטאַלטן וואָס גייען אַרויס איבער דער וועלט און זיי פירן דראַמעס און ראָמאַנסן און זיי שלאָגן און ראַנגלען זיך מיט מלאָכים, משוגעים און שיכורים, און זיי לאָזן מיך איבער אַליין אין דער שפּעטער נאַכט מיט די שטערן אין הימל און מיט מיין איינזאַמקייט אויף דער ערד. זייערע מעכטיקע גופים זיינען געגאָסן פון נאַכט, בראָנדז, טינט און פינצטער פייער...

## מען רעדט אין אַ יידיש הויז

איך בין היינט ביינאַכט געווען ביי מיינע שכנים. מען רעדט אין אַ יידיש הויז מער פון אַלץ וועגן דער שטאָט טורנע, וואָס איז אין גאַליציע. עס גייען אויף אין זכרון ברייטע יידישע הייזער, וואַרעמע היימען, מיט גרויסע פענצטער און רחבותדיקע ווערענדעס; מיט קרעפטיקע משפחות, מיט היימישע געקעכטסן, געריכטסן, איינגעמאַכטסן; מיט געטריידן, גערייסעכץ, געמיזן, געזידעכץ און געקאָכטס. עס גייען אויף אַלערליי וואָכעדיקע, שבתדיקע און יום־טובדיקע מאָלצייטן, טשאָלנטער, מאַכלים, סעודות און וועטשערעס; מיט געשמאַקע עסנוואַרגן, שפּייזן, באָרשטן, קרויטן, קוואַסן, זופּן און גריצן; מיט געבעקסן, מיט חלה, מיט געבייטלט און ראַזאָוואַנע ברויט; מיט סאָלדאַטסקע ברויטן, מיט זעמל, מיט קייזערקעס, מיט שטריצלעך, מיט בייגל, מיט סוכאַרעס, מיט קוכנס, מיט פלאָדנס, מיט לעקעכוואַרג, מיט טאָרטן, מיט האָניק־לעקעכצן. איך זע פאַר מיינע אויגן פאַרשידענע געבעקסן, געבאַקעכצן, געפּרעגלטס, געטשאָלנטער און געזויערטס; אָנגעברענטע זופּן, געדיכטע זופּן, גריצן און יויכן מיט פעטע גילדענע אויגן. די שטוב ווערט פאַרשמעקט מיט כלערליי זיסע און געזויערטע ריחות, מיט געשמאַקן, אַראָמאַטן און געווירצן. מען רעכנט אויס רוזשנע נעמען פון געמיזעס, קאָמפּאָטן, צימעסן, פּאָווידלעס, סאָקן, וויינען, שנאַפּסן, בראָנפנס, ליקערן, ווישניאַקן, מעדן, מושקאַטעלן און טאָקאַיערס. די ווערטער, די נעמען און די פאַרשידענע טיטולן, רייד און אויסדרוקן וואַרעמען ממש אויף די שטוב, היצן און הייצן אויף די געמיטער, רייצן די אַפּעטיטן, וועקן אויף זיסע און פאַרשלעפּערנדיקע זכרונות פון וועלדער און סעדער: פון שבת־אויבסטן, פון באַרנעס, עפּל, פלוימען, קאַרשן, ווייַנטרויבן, אַפּריקאָסן, באָקסער, טייטלען, פייגן און ראָזשינקעס מיט מאַנדלען; פון כלערליי פליישן, לעבערס, וואָמפּן, מאָגנס, קישקעס און געבראָטנס; פון

בריתן, חתונות, פדיון הבנס און שבע ברכות; פון ראָסקאָשנע סעודות, שלש סעודותן; פון באַנקעטן, פייערלעכקייטן, סדרים, שבת צונאַכטסן; פון אַ געדיכטן ים פון געזונטן, לוסטיקן יידישן לעבן...

## דאָמיעס ליטאָגראַפיע פון דער אַלטער פרוי

היינט האָב איך ווידעראַמאָל געזען אין דער היגער שטאָטס־ביבליאָטעק דאָמיעס אַ ליטאָגראַפיע. דאָס וואָס איך האָב אַנומלט וועגן דעם קונסטווערק געשריבן אַ מיניאַטור, איז שוין היינט ביי מיר אין די אויגן געווען בלייך און אָרעם. אָבער די עלטערע פרוי וואָס שמעקט צו אַ בינטל מיט האַרבסטיק־רויטע בלעטער מיט איר ריזיקער ניאָנע (נאָז), איז געווען פּאַטעטיש און גראַנדיעז. די אַלטע פרוי זעט אויס צו זיין אַזוי מוראדיק־אָרעם ווי אַ קלויסטער־מויז. די זאַך האָט איצט אויפגעלויכטן צו מיר אין אַ גאַנץ נייעם ליכט און אַספּעקט. איצט וואָלט איך שוין געקענט אפשר אָנשרייבן אַ גרעסערע עסיי וועגן דעם איינעם גרויסאַרטיקן מייסטערווערק...

מיין פאַנטאַזיע האָט געאַרבעט מעשים: ווען אָנשטאָט איר ריזיקער הויקער אונטער וועמענס לאַסט זי איז געשטאַנען איינגעבויגן ביז צו דער ערד וואָלטן דורך שדים און רוחות אָנגעשטאָפּט געוואָרן מיט שווערע פודן גאָלד און בריליאַנטן, וואָלט זי נישט געווען פאַר מיר רייכער און דראַמאַטישער. עס איז געווען דוקא די מוראדיקע אָרעמקייט וואָס האָט איר געמאַכט אויסצוזען אַזוי גראַנדיעז. דאָמיע האָט די מוזעראַבעלע בעטלערין פאַרוואַנדלט אין אַ מעכטיקער קעניגין. ער האָט איבער איר איינזאַמען קאָפּ געשטעלט די לבנה ווי אַ קרוין פון לויכטנדיקן גאָלד...

## ליד אין אָוונט

אונטער דיינע ווייכע וויעס שטראַלן
אַ שטילן מלאַכס גרין־פּאַרטערטע אויגן...
מיר דאַכט: פון הימל ביסט אַרויסגעפאַלן —
ווען צו מיר דו האָסט זיך איינגעבויגן...
האָסט געניטערט גרינגערהייט ווי פלוש
און ווי אַ רעגנבויגן מיך אַרומגענומען...
אויף אייביק איז געבליבן שטיין דיין קוש
ווי איינגעברענט מיט פייער אויף מיין גומען...
און ווי אַ בין אַרום די צאַרטע בלומען
וואָס זויגט דעם נעקטאַר ביז ער ווערט שוין אַלט
קען איך שוין נישט אַוועק פון דיין געשטאַלט
וואָס ווי די זון אין אויגוסט מיך באַשטראַלט...

# "BELOVED, HOW HONOR YOUR DEATH"

*(Comments on a book of Poetry of the Ghetto)*

You read these unforgettable lines and you ask, together with the Polish-Jewish poet Joseph Witlin who brought the poems together, where are the poets who created these verses? Were they destroyed in the giant crematoriums together with their million brother Jewish corpses, and are they now ashes among the mountains of ashes? The hands that wrote these poems — are they now bones in the mountains of bones, the new Ararat and Sinai peaks built up of human skeletons?

This is a new kind of anonymous writing. The prophets are little known to you, though later romanticists put together some sort of biographies from the scanty records. Meteorically they shone and disappeared. You know nothing about the anonymous folk-writers who, by the fire of the blacksmithy, by the shoemaker's bench, by the sewing machine, in the half-night mystery of the city twilight, in alleys that dripped with dew and with moonlight, created their verses, presented to the folk their folksongs, and became lost together with their generation, leaving after them a mournful melody, words of a song about the sadness of life, about struggle, love and death.

But these poets — you are ashamed to be alive and reading their poems. You have here poets who possibly never before dreamed of writing poetry, who were little interested in that strange art — poetry, who were busy with the poetry and the prose of living. But suddenly expression surged from them.

When the smoke of their burned brothers and sisters poured from the crematorium ovens, when the odor of blood and roasted flesh filled the air, the cursed air, when Poland's green meadows were drenched with blood and spread with torn human bodies, when the mother, the sister, the holy bride, the old grandfather, were dragged to the hell of Travniki, of Maidanek, of Treblinka, when the fire raged and demanded constantly new victims, stretching out red arms to him, to the prophet, to the seer of the abyss, to the

new Dante of hell-flames, to the Jeremiah who will soon burn like a torch — then, in the last moments of life, opens in the Jew the great urge for expression. In his heart a fire rages, an agony wakes. Everything around him is frozen into cold granite. The silent stony masks of these holy Jews, those men and women lost to history and to the world whom no one will look at again in life — writer, look at them, take them into your flaming memory, leave them to history in a sonnet. You are the only one who sees them; it is for you to bear the wound of mankind. God appoints you to be writer-witness, God commands you to translate a million living men into a poem . . .

Every ship voyage has its log. Great expeditions have their newsmen. Every battle has its correspondent who escapes death to write about the event. The Deluge had its unknown recorder. Vesuvius had its Plinius, Troy its Homer, Jerusalem had its Jeremiah, Hell had its Dante. Every people has its historians, and every hero his documentation, Socrates had his Plato. Every epoch has its Ariosto and its Virgil — and every crematorium, its writer. Nature is reluctant to do her work, build or ruin, construct or destroy, without a record.

No crime, no matter how stealthily, how deep in the forest committed, goes unobserved. It is seen and engraved by an angel with terrible eyes. The universe has its reporter. God has his staff of journalists. And so, also, the mountain of ashes of human lives had its writers, the poets who became writers in one hour of their lives, often with only one poem. And they went to sleep the sleep of fire, sending out the poem like a red-burned autumn leaf to future generations, in the speech of the land, in Polish, and with a rhythm which has not its like in world poetry, with the rhythm of flames which drink rivers of blood and flesh.

But without rebellion. You would wish them to be less tranquil, less literary, less artistically written, less correct metrically, less in accordance with the esthetic form and tradition of poetic beauty. You are ashamed. You cannot bear this unearthy clarity, this terrible peace which pervades them. You would want these documents from the crematoriums to be wild and tempestuous. You are lost

before the masterwork of these lines born from millions of screams and made into great, tranquil, epic writing.

It is a new sort of writing, sung in a new atmosphere. Not in the romantic night-rays of the moon, when you clasp to your heart the slender and gracious maiden, pale as a snowdrift; not in the springtime sunlight, when the pastoral landscape spreads before you like a great art work created by human hands. It is a writing inscribed in blood by the fire of your brothers and sisters, among the horrors of indescribable agonies. How honor your death, Beloved? How live after your funeral? Your body a small mound of ash between the earth and the heavens. How lay a green wreath on your grave dug in the cosmos? Your sarcophagus reaches to the four corners of the earth. And there rules over the world an overwhelming silence. A frightful silence covers the earth.

The poet found a new metaphor, a new rhythm for his song. He must present this to his beloved, whose golden hair is transformed into flames, whose pale, finely molded face, which he has caressed in times gone-by with a thousand kisses of love, he now sees shining out again from the crematorium smoke. Beloved! How can I lay a green wreath on your grave, dug out of the depths of space, hollowed out of the heart of God? . . . This is a new kind of ode to the beloved, to the thousand bethrotheds whose ashes mingle with the ashes of his betrothed.

They are all killed — the anonymous poet of the ghetto begins his poem — men, women, old folks and little children. In the cold sky burns the stars. Only they remain. They ask, "What if no God exists? What if he never existed? No, he did not exist when praying heads were cremated. He did not exist in the red fumes of burned bodies. Your name, God, is night! Your name is smoke! Fire is your name!"

Thus a Jewish boy sings his song. He is afraid of his own hand, of his own footstep which can betray him. His own shadow digs a grave for him; he has no power over it. He is afraid of himself, of his existence, a new sort of fear which never was before since the world began.

"A Night in the Barracks" is a tragic poem, a romance. The shadow of the beloved comes with the night, with the

fragrance of perfume. You look at the stones smeared with blood. You look at it all with terror. No, don't think, beloved. The moon laughs from the sky as if in a grotesque theater. It used to shine — but don't think about it, dearest. Don't let the remembrance hurt you.

The poem, a recollection of a person, an adored person who no longer exists, is touching. She exists only in the memory of the poet, and he leads her out again from the barracks into the dark night. The wind ruffles tenderly through her golden hair. As in the old days the boy cheers her. Go and see for yourself that in Cracow, Paris, everywhere, our brothers fight back and plant in the streets the dynamite of freedom. Go, see for yourself . . . Except that you are already not here, and I will soon not be here . . .

This is the romance of the ghetto. This is the new Dante, the new Heine of the concentration camp, the Novalis who wakes his beloved from the grave to walk with her through the barracks, when the night is, as always, beautiful, full of perfume. It is a song reminiscent of the best lyricism of world-poetry. But it is something more than poetry.

And with his gentle lady in his heart, like in a gold locket, arm in arm with her shadow, with the cherished shadow of her with whom is bound up the whole reality of the universe, every fragrant night, every golden day, every tender and springlike caress of the wind, every delicate expression of nature, the Poet goes into the fire, in the corridors of the crematorium meeting his beloved.

And while you read these poems by poets without names whom the winds of history have obliterated forever, you think: Maybe your brother wrote this poem? Maybe your sister inscribed it in blood on the wall of the death-wagon? Maybe it was the lovable friend with whom you used to walk on the banks of the Veichsell when the ice was breaking into mountains of diamonds, who created these lines? They are so near to you. The words cut wounds in your heart.

In solitude, humbly, you read these burning verses. Humbly, because how can you find artistic enjoyment in the sheaf of songs thrown by one condemned to death on the graves of a million martyrs? How can you have esthetic pleasure from poems whose author gave them to the wind to

carry to a friendly eye and find an echo in a human soul while he himself was ashes? Your own existence shames you when you read these Jeremiah songs, torn from the flames of hell. You stand before these poets in reverence for their belief in the future. There, in the midst of the bloody chaos, dawns for them a vision of the future, of a great sunrise when the light of God will shine with the sun. Worthy descendents they are of those prophets who, amidst winds of grief, amidst storms of groans, raised high the flag of hope, who transmitted the vision of freedom and people's peace. Transcending a bitter hate for their oppressors, they dare to dream about a universal future. In the face of their own passing, to be able to think of the happiness of coming generations — that is a great moral strength, incomprehensible, unimaginable in the conditions under which these poems were written.

And while the earth burns, the pastures of quiet green appear again to the martyred poets. A flower lifts out of the depths and illuminates the air. The smoke vanishes, the ashes disperse, and the night grows pale. The dew rises and the river and the buds blossom; the nightingale sings among the branches, and the delicate grass wipes away the tears of the bloody earth. A moment before death, and life is still resplendent.

And when you close the tiny book of poems, a composition of Jewish spirit in the Polish language, the figures of the poets appear before you through the darkness of the night. Crushed skulls, masks like melted glass, you look at the grotesque remains with unbelief, as you would look at granite objects, ages old, dug out of the depths of earth. You close the book — red is the moon, like the burning face of a poet. You fall asleep and a vision of hell opens. And in the midst of the chaos, a skeleton hand is writing a poem on the horizon. It writes and the the earth shudders. God is ashamed of himself. The sky reddens with shame. The whole universe is ashamed.

June 28, 1945

*Translated By Rachel Revel Turner*

# אינהאַלט